M, SAMBATYON : A. ZEKSTER WELT-TEYL-ROMAN
UN SIXIÈME CONTINENT — A SIXTH CONTINENT
AVEC LE PORTRAIT DE L'AUTEUR

X

*

נאָכדרוק אפילו טיילווייז פאַרווערט

*

הילע און שער־בלאַט געצייכנט פון א. קאָלניק

*

50 עקזעמפּלאַרן זענען געדרוקט געוואָרן
אויף פּאַפּיר HÉLIO, געבונדן אין לייוונט
און געחתמעט פונעם מחבר

---

PRINTED IN FRANCE

---

IMPRIMERIE ABÉCÉ, 11, RUE LOUIS-BLANC, PARIS - X^e

איינעם פון די איבערגעגעבנסטע מאַטראָסן, וואָס פאַרלייגן טאָג-טעגלעך די שפּאַלטן און שפּאַרונעס אין דעם לעכערדיקן יידישן שיפל,

דעם איבעראַל באַקאַנטן און געשעצטן גזבר —

ה׳ מאָזעס אַ. לעווויט

ווידמע איך מיט אמתער פריינדשאַפט דעם לעצטן באַנד פון דעם דאָזיקן ראָמאַן.

נ. סאָמיון

# קאפיטל I

ויהי אחרי המבול —

די קאַנאָנען האָבן אָפּגעדונערט; די פייער־שפּייערס האָבן אָנגעהויבן טאָג־טעגלעך צו ביסעלעך צונויפצושנורעווען זייערע שטאָלענע מיילער; די הונדערטער־טויזנטער־ווערסטיקע אייזנבאַן־ליניעס האָבן אויפגעהערט צו קרעכצן אונטער דער לאַסט פון די אָנגעשטאָפּטע עשאַלאָנען מיט „פאָלקס־שונאים"; ביסלעכווייז האָט ביי די הונדערטער מיליאָנען איינוווינער פונעם לאַנד אָנגעהויבן אויסגעוועפּט צו ווערן די חיהשע שרעק, וואָס האָט אין זייערע הערצער קונה־שביתה געווען אין משך פון די לעצטע יאָרן; עס האָט אויפגעהערט צו וואַרפן מיט זיי פאַר פחד „העכער הייזער"; די כמארעס — נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין זייערס אָפּגעטון — האָבן זיך אָנגעהויבן צו צעקריכן; די פעסער סמאָלע, שוועבל און פעך, וועלכע האָבן כמעט דריי יאָר כסדר געצונדן דאָס לאַנד פון אַלע פיר עקן — נאָך דעם ווי מען האָט פון זיי אויסגעלאָדן און אויסגעליידיקט זייער „גפרית ואש" — זענען זייערע בייכער, זייערע העלדזער, פאַרשלייפט געוואָרן מיט גראָבע קאַנאַטן, אָנגעלאָדן געוואָרן מיט שטיינער, און זיי זענען אַראָפּגעלאָזט געוואָרן צום אָפּגרונט — ילכו לטמיון! * די פאַררויכערטע הימלען — נאָך דעם ווי זיי האָבן עטלעכע יאָר נאָך אַנאַנד צוגעקוקט, וואָס עס הייסט אַזוינס: „דמי מלחמה בשלום", — האָבן זיך אָנגעהויבן צו לייטערן, און עס איז געוואָרן כמו ווי שטיל...

...ותהי הרוחה —

*

נאָך דעם ווי שלמה האָט זיך אַ ביסל אויסגערוט די אויסגעמוטשעטע ביינער, זיך אַ ביסל אָנגעפרייט מיטן ווייב און קינד, איז ער אַוועקגעגאַנגען אין אַרטעל „אוטיל־פּראָם־קאָמבינאַט", ווו ער האָט געאַרבעט פאַר דער איבערקערעניש, און איז דורכגעגאַנגען גלייך צום פאַרזיצער אין קאַבינעט אַריין. איוואַן איוואַנאָוויטש בולאַטאָוו האָט דאַמאָלסט פונקט געהאַלטן אין אַרויסגעבן פאַראָרדענונגען און באַפעלן לויפנדיקן אַרבעטסטאָג. עס איז דערביי געשטאַנען דער הויפּט־בוכהאַלטער מיט אַ פּאַק סוואָדקעס ** אין די הענט, מיט טשעקן אויף צו באַקומען געלט אין באַנק, און האָט געוואַרט אויפן פאַרזיצערס אונטערשריפט; עס איז געזעסן אַ רוסישער אָפּעראַטיוועער אַרבעטער און האָט בולאַטאָוון אויסגענודעט די נשמה מיט זיינע פזמונות, וועגן אַלץ נייע, שלימזלדיקע עקספּערימענטן

---

* דאָס זעלבע, וואָס: גייען זיי אין כף־הקלע.

** פעריאָדישע, צייטווייליקע באַריכטן פון פינאַנסיעלן, אָדער אינדוסטריעלן כאַראַקטער.

אין דער אַרבעט; עס זענען אויך באותה־שעה געשטאַנען עטלעכע פאַר־וואַלטערס פון די איינקויף־פּונקטן נאָך אָנווייזונגען אויף די זאַוואָדן, אויף די פאַבריקן.

דערזעענדיק אויף דער שוועל שלמהן, האָט זיך ביי זיי אַלע אַרויסגע־ריסן אַ פריידנס־געשריי:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, וויפל זומערס, וויפל ווינטערס...

שלמה, מיט אַ תמימותדיק־פאַרוואונדערט געלעכטערל:

— כאַ־כאַ־כאַ... אין גאַנצן איין זומער און איין ווינטער, פריינד מיינע.

אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך אַ וואָרף געטון אים דריקן די האַנט. אי־וואַן איוואַנאָוויטש איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן טיש און האָט מיט זיינע פליישיקע, האַריקע הענט געדריקט שלמהן די האַנט:

— איר זענט ביי מיר אַזאַ גאַסט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש! אַזאַ גאַסט, זאָג איך אייך, ווי נאָך קיין מאָל קיינער נישט. ווען איר, זענט נישט „איר", וואָלטן מיר אויף אייך געוועזן אָנגעגעבן אין געריכט פאַר: „אוועקוואַרפן די אַרבעט אָן דער הסכמה פון דער דירעקציע", וואָלט איר שוין דווקא געוווּסט... איר זענט פאַרשוואונדן געוואָרן אָן אַ „זיי געזונט" אויף אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר... זאָגט אַליין: ווער טוט עס אַזוי?

אַ קליינטניק, אַ כיטרע יידל, גיט גנביש אַ זשמורע מיטן אייגל:

— חבר בולאַטאָוו, ווען סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש זאָל חלילה יאָ גע־וועט זאָגן דעם „זיי־געזונט", וואָלט ער נאָך אַצינד דאָ נישט געווען... יע־נער צוג איז נאָך נישט אָנגעקומען —

אַלע שיסן אויס מיט אַ געלעכטער. יעדער איינער האָט צעקייעט דעם יאָדער פון דעם קלוגיטשקן, נישט צווייטייטיקן רמז, נאָר קיינער מאַכט דער־פון נישט קיין דיבורים. דער פּאָרזיצער נעמט שלמהן אונטערן אָרעם און פירט אים צו צו אַ שטול:

— זיצט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש! אָט וועל איך נאָר פאַרטיק ווערן מיט מיין „פרימאָרגנדיקן ספּאָרט", וועלן מיר מיט אייך אַ ביסל אַ שמועס טון. איך דאַרף אייך טאַקע גראָד זייער נייטיק האָבן.

אָפּגעלאָזט זיין קליענטור, האָט בולאַטאָוו איבערגעדרייט דעם שליסל אין בלאַטשלאָס און האָט אָנגעוויזן שלמהן אויף אַ שטול לעבן זיך:

— דערציילט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, ווו זענט איר עס געווען אַזאַ לאַנגע צייט?

— אין פאַרשידענע ערטער... געוואָגלט, געוואַנדערט, אויסגעקוקט אַ וועלט... מיט איין וואָרט, איך האָב זיך פאַרנומען מיט טוריזם.

— איז אַ יאָר צייט? אויף אַ גאַנץ יאָר וואַרפט מען אוועק די היים מיט דער אַרבעט? און נאָך אַזוי פּלוצלינג? נאָר מילא, „ווער עס דערמאַנט דאָס פאַרגאַנגענע, דעם זאָלן די אויגן אַרויסקריכן!" וואָס ס'איז געווען איז פאַרפאַלן. איצט וויל איך, אַז איר זאָלט צוריק פאַרנעמען אייער פּאָסטן —

— אַט טאַקע וועגן דעם בין איך היינט צו אייך געקומען. אייך פרעגן, צי איר האָט נאָך פּלאַץ פאַר מיר.

— סאַלאָמאָן אַראָנאָוויטש, וואָס פרעגט איר פאַר אַ נאַרישקייטן? דער קאָמבינאַט ווייִנט נאָך אייך, זאָגט איר גאָר... איר קענט אפילו שוין פאַרנעמען אייער קאַבינעט.

— וואָס זשע, איר האָט געאַרבעט אַ יאָר צייט אָן אַן „אָפּעראַטיוון אַרבעטער"?

— כמעט גלייך ווי אָן אַזעלכן. אָט דער טשודאַק, וואָס איז אָט דאָ אויף אייער אָרט פריער אַ ביסל געזעסן ביים טיש, ער איז עס היינט דער אַזוי גערופענער אָפּעראַטיווער אַרבעטער. ער קען אַ קאַץ דעם עק נישט צובינדן. ער האָט מיר שוין באַלד איבערגעפירט דאָס גאַנצע געשעפט מיט זיינע משוגענע איינפאַלן און מיט זיינע לאַ־יצלחדיקע אונטערנעמונגען...

— פון דעסט וועגן, איוואַן איוואַנאָוויטש, איז מיר נישט אָנגענעם די מעשה, אַז איך זאָל אים משיג־גבול זיין; מיר שטייט נישט אָן, אַז איך זאָל אים אַראָפּשליידערן פון זיין אָרט —

— וואָס הייסט איר? איר גאָר שליידערט אים אַראָפּ? און ווו בין איך?

— ס'איז אַלץ איינס. מיר איז דאָס נישט אָנגענעם. אויב איר ווילט, אַז איך זאָל גלייך צוטריטן צו דער אַרבעט, שטעל איך אַרויס אַ באַדינג: אַז איר זאָלט אים איבערלאָזן אַרבעטן אַלס אַגענט. אַזוי וועט זיין באַקווע־מער. זאָל עס נישט הייסן, אַז איך האָב אים דורכגעטריבן.

— גוט, זאָל זיין אַזוי. קומט איר מאָרגן איבערנעמען די פּאַפּירן?

— זאָל שוין זיין פונעם פּופּצנטן. איך וועל דערווייל אַ שמעק טון אין שטאָט, וואָס מען קען עפּעס אויפטון. פאַר אַזאַ היפּשן זמן בין איך שוין אַ ביסל אָפּגעריסן —

— איך האָב פאַר אייך אַ קליינע דאגה...

*

דאָס זומערדיקע לעבן איז געפלאָסן נאָרמאַל און אָן מכשולים. שלמה האָט געאַרבעט און האָט גאַנץ שיין פאַרדינט. ער האָט שוין אפילו אָנגע־הויבן אויסצאָלן נח'ן דעם חוב. זעענדיק ווי דאָס קינד איז אָפּגעצערט, און ווי יוכבד איז פאַר דער לעצטער צייט מאָגער געוואָרן, איז שלמה צו־געשטאַנען צו איר, אַז זי זאָל צופאָרן מיטן קינד אויף אַ נאָענטער דאַ־טשע: קיין סוויאַטאָשין אָדער קיין פּושטשע־וואָדיצע, אויף אַ חודש אָדער אויף צוויי. זי אָבער האָט דערפון אפילו נישט געוואָלט הערן:

— נאָך אַזאַ יאָר עלנט און פּיין וועל איך זיך ערשט פאַרקלייבן אויף אַ דאַטשע, און דו זאָלסט ווידער נישט האָבן קיין היים, וווהין אַריינצוקו־מען נאָך דעם שווערן אַרבעטסטאָג? איך בין דיר מוחל די טובה —

אין די זומער־חדשים איז אפרים־אהרונען געוואָרן פיל גרינגער: די

אסטמע האָט אים כמעט אין גאַנצן אָפּגעלאָזט, אויך דאָס אַנגעשוואָלנקייט פון דער לעבער איז געוואָרן אַ סך לייכטער.

ס'איז שוין געגאַנגען צו ענדע דאָס צווייטע יאָר פון זיין אַרעסט — דאָס יונגע פאָרפאָלק האָט זיך ווי די הונגעריקע וועלף צוגעכאַפּט צו דער אַזוי לאַנג געגאַרטער פרייהייט. ווידער פלעגט דאָס אייניקל איבער־געלאָזט ווערן ביי דער באָבען, אָדער ביי דער צווייטער, און שלמה מיט יוכבדן פלעגן — אַזוי ווי באַלד נאָך דער חתונה — כמעט נישט פאַר־פעלן צו זען קיין איין נייעם פילם און נישט דורכלאָזן קיין איין טעאַטער־שטיק; זיי פלעגן זייער אָפט גיין אויף קאָנצערטן, פוטבאָל־מעטשן און שאַך־טורנירן; און כמעט יעדן צווייטן טאָג פלעגן זיי גיין מבקר־חולה זיין דעם אַלטן סטאַדיאָן —

אויף פּראָזאָראָווסקע־גאַס, הינטער דער אַמאָליקער קופּיעטשעסקע שול, האָט זיך וויט געשפּרייט אַן אַלטער, פאַרלאָזטער סטאַדיאָן, אין וועלכן מען האָט שוין פון לאַנגע יאָרן נישט געשפּילט קיין מעטש, און נישט איינגעאָרדנט קיין מאַסן־שפּאַציר. אין 1934, מיטן איבערפירן די רעזי־דענץ פון כאַרקאָוו קיין קיעוו, האָט פּאָסטעשעוו * אַליין אַריינגעטראָגן אין קיעווער אויספיר־קאָמיטעט דעם פּראָיעקט פון רעסטאַווירן דעם אַלטן סטאַדיאָן לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער טעכניק און אים אין אַזאַ מאָס צעברייטערן, ביז ער זאָל האָבן צענדליקער און צענדליקער טויזנטער פּלע־צער. ווען דעם פאַרנעם האָט דער פּראָיעקטירטער סטאַדיאָן, — נאָך מאָסקווער סטאַדיאָן דינאַמאָ — געדאַרפט זיין דער גרעסטער אין לאַנד. דער סטאַדיאָן — איז געווען אָנגעזאָגט אין אַלע ציַיטונגען און אויף אַלע פאַרזאַמלונגען — וועט טראָגן דעם נאָמען פונעם בעסטן זון פון פאָלק, פונעם אוקראַיִנישן סטאַלין — קאָסיאָר. ** די מלוכה האָט גלייך אַסיג־נירט צו דעם צוועק עטלעכע מיליאָן רובל און די אַרבעטן האָבן זיך אָנ־געהויבן.

דער צענטראַלער אַריינגאַנג אין סטאַדיאָן אַריין איז געווען פון טראָ־איצקי־פּלאַץ, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די סאַמע צענ־טראַלע פּלעצער אין קיעוו. הונדערטער און טויזנטער דורכגייער פלעגן זיך אָפּשטעלן קוקן אויף די צענדליקער עסקאַוואַטאָרס און ריזיקע קראַנען, וואָס גרייטן צו אַ „גן־עדן התחתון" פאַר „אַ האַלבער שטאָט". דער אַמפי־טעאַטער פון דעם רעסטאַווירטן סטאַדיאָן איז אין אַזאַ מאָס צעברייטערט און פאַרטיפערט געוואָרן, אַז די קעגנאיבערדיקע בענק איז ממש מיטן אויג נישט געווען צו כאַפּן. די מלוכה האָט צוגעזאָגט, אַז אין אַ יאָר אַרום, אָדער העכסטנס אין צוויי, וועט זי איבערגעבן דער נייער רעזידענץ דעם דאָזיקן גראַנדיעזן סטאַדיאָן אַן אויסגעפּוצטן און אויסגעצירטן ווי אַ כלה צו דער חופּה. דערווייל אָבער איז קאָסיאָר אויף אַ מיאוסן אופן נעלם

* דער צווייטער סעקרעטאַר פונעם צ. ק. פאַרטיי פון אוקראַיִנע.

** דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי.

געוואָרן; פּאָסטעשעווס שטולעכל האָט זיך אויך אַ וואַקל געטון און אָנגע־הויבן איינגעזונקען צו ווערן; דער נאַרקאָמפּין * פון דער אוקראַינע האָט אויפגעהערט צו פינאַנסירן די ריזיקע אויסגאַבן פון דער בוי־קאָנטאָר פון דעם סטאַדיאָן, איבער אַ חשש עין־הרע. ער האָט מורא געהאַט מיט אַזאַ עובדא ארויסצורופן אַ חשד אויף זיך, אַז ער איז פון פּאָסטעשעווס חסידים. דער פועל־יוצא פון אָט דער נייער סיטואַציע איז געווען, אַז די דאָזיקע קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג איז שטיין געבליבן אין דער מיט; די עסקאַוואַטאָרס זענען זיך צעקראָכן איבער די רעמאָנטנע־בריגאַדעס; די קראַנען האָט מען ערגעץ אָפּגעפירט אויף אָפּרו; די בוי־קאָנטאָר איז פאַר־קלאַפּט געוואָרן מיט ברעטער; אויף די טויערן זענען אויפגעהאַנגען גע־וואָרן שווערע, פאַרזשאַווערטע שלעסער; און דער סטאַדיאָן איז געבליבן שטיין ווי אַ ליימענער גולם. ער האָט איצט אויסגעזען נאָך מער חרוב, ווי ער איז געווען פריער. אָט אַזוי, אַ צעגראָבענער, אַ צעקאַליעטשעטער, איז ער שוין איבערגעשטאַנען ביז יעזשאָווס ממשלה און אויך איבער יעזשאָווס בלוטיקער עפּאָכע. ווען בעריאַ איז געקומען צו דער מאַכט, האָט כרוש־טשאָוו ** פון דאָס ניי באַשטעטיקט און געלאָזט אין גאַנג דעם אַלטן פּלאַן פון דעם ווידער־אויפבוי פונעם סטאַדיאָן, און די אַרבעטן האָבן זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן מיט אַ פאַרדרייפאַכטן טעמפּאָ ווי פריער.

זיך דורכצושפּאַצירן אין דעם הויכן גראָז הינטער דעם האַלב־צעגנו־מענעם פּלויט און זיך צוקוקן צו דער גיגאַנטישער אַרבעט, וואָס ווערט דאָרט אויסגעפירט ביי טאָג און ביי נאַכט — דאָס איז ביי שלמהן מיט יוכבדן געווען דער גרעסטער פאַרגעניגן. די ראַדיעצקיס, די פיינגבוימס, אָדער די ביעלסקיס, האָבן שוין געוווסט פון דעם כּלל: טאָמער זענען די יונגע פּיאַטיגאָרסקים פאַר נאַכט נישטאָ אין דער היים, קערן זיי אודאי זיין ביים נייעם סטאַדיאָן.

דאָס פּאָרפאָלק האָט געלעבט אַ גוטן טאָג. מען האָט גוט געגעסן, זיך שיין געקליידעט, אָפּט און לאַנג שפּאַצירט, צוזאַמען געלייענט ביכער, זשור־נאַלן. זיי האָבן זיך נאָך אַלץ ווי נישט געגלייבט, אַז זיי זענען טאַקע באמת צוזאַמען. עס פלעגט טרעפן גאַנץ אָפט: פרייטיק־צו־נאַכטס. מען האָט מקבל־שבת געווען אין סאָלאָמינקער מנין, וואָס האָט זיך פון דאָס ניי געשאַפן. אַהין צו פלעגן שוין אָנקומען די צוויי אָרעמעלייט, וואָס האָבן ביי שלמהן געגעסן אין משך פונעם שבתדיקן מעת־לעת. שלמה לאָזט איבער די יידן אויף אַ רגע וואַרטן ביים גאַניק, לויפט אַרויף זאָגן דער מוטער מיט די קינדער אַ „גוט־שבת", און גייט מיט די אורחים אהיים. אויף דער שוועל באַגעגנט זיי יוכבד מיט אַ שיינענדיק פּנים, די אויגן אירע זאָגן אויס פון איר אומבאַגרענעצטן גליק. דאָס שענסטע קלייד, וואָס זי פאַרמאָגט, טראָגט

* פאָלקסקאָמיסאַר פאַר פינאַנסן.

** דער נייער גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם צ. ק. פון דער פּאַרטיי אויף דער אוקראַינע.

זי פרייטיק־צו־נאַכטס. דאָס גאַנצע ביסל צירונג, וואָס איז איר נאָך פאַר־בליבן פון נאָך די ביטערע צייטן — אַלץ איז אויף איר צו ליכט־בענטשן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, חוץ דער קאווקאזער בראָשקע! יענץ איז ארץ־ישראל. צו יענעם חפץ טאָר מען זיך נישט צורירן, אין לנו רשות להשתמש בהם... און אפילו לראותם בלבד — אויך נישט! נחומל קריכט ארויף צום פאָטער אויף די קניעס, פאַרפלעכט זיינע פוכקע הענטעלעך אַרום זיין האַלדז און העלפט אים זינגען „שלום עליכם”. שלמה נעמט דעם דער־לאַנגטן כוס אין דער האַנט, אין איין אויגנבליק באַמערקט ער: די פינק־לענדיקע לייכטער; די צוויי עלטערע יידן ביים טיש; נחומלען, ווי ער שטייט אויפן בענקל אָנגעשפּאַרט אין דער מוטערס אַקסל, גרייט צו הערן קידוש; ער זעט, אַז דער פידל האָט זיך שוין צוריק אָנגעטון אין גאַנצע סטרונעס; אַז זייערע בילדער זענען שוין צוריק אָנגעגלאָזט... נישט ווילנדיק מאַכן זיך די אויגן ביי אים צו און ער דערזעט דעם לעבעדיגער רב אַ גוססדיקן; ער זעט גאָרדאָנען אַן אַנטלויפנדיקן פון דער אָוטשאַרקע; ער זעט דאָס קינד זיינס איינגעטונקען אין געל־גרינעם אייטער; ער זעט דעם פאָטער זיינעם ליגן אַן איינגעקאָרטשעטן אויפן קאַזיאָנע בעטל... מחמת דער קבר־שטילקייט, וואָס הערשט אַרום אים, עפנט ער אויף די אויגן, מיט אַ פרעמדן, ווייטן בליק באַקוקט ער פון דאָס ניי דאָס צימער מיט די מענטשן, וואָס היטן אים די ליפּן, און הייבט אָן מיט אַ צעבראָכן קול, ווי צו קינות:

— יום הששי...

ער זאָגט, און פילט אַליין נישט, ווי פון זיינע אויגן טריפן ביטערע, פאַרסמטע טרערן גלייך אין בעכער אַריין.

...כי בנו בחרת, ואותנו קדשת מכל העמים...

...און די אויגן טוען זייערס. דער כוס גייט איבער אויף די פינגער, אויפן טישטעך, אָבער קיינער וואַגט נישט קיין ריר צו טון מיט קיין אבר. דער פאָטער לאָזט אויס מיט אַ ביי־קול „מקדש השבת” און דערלאַנגט צו פאַרזוכן פונעם קידוש דעם ווייב און דעם קינד. שלמה גיסט אָן די בע־כערס פאַר די אורחים און נחומל פרעגט די מוטער שטילערהייט:

— מאַמע, פאַר וואָס וויינט דער טאַטע?

נאָר די מוטער קען אים נישט ענטפערן. אויך זי וויינט.

די אורחים מאַכן קידוש, די מוטער פאַרעט זיך אין קיך, און דאָס יינגעלע פאַרקלייבט זיך דערווייל צום פאָטער אויף די קניעס:

— טאַטע, פאַר וואָס האָסטו פריער געוויינט?

— כ'וויים? גלאַט אַזוי... טאַקע אַ נאַרישקייט...

— אָט איז נאָך ביי דיר איצט אויך פייכט אונטער די אויגן... איי, זאָג: פאַר וואָס —

— ע, גאָרנישט... ס'איז שוין איבערגעגאַנגען —

— האָסט דאָך מיר מיט דער מאַמען אַליין געזאָגט, אַז שבת טאָר מען נישט וויינען...

— אוי־וואַ, דו ביסט טאַקע גערעכט... איך האָב גאָר פאַרגעסן...

— ניין, דו האָסט נישט פאַרגעסן! א טאַטע פאַרגעסט קיין מאָל נישט! זאָג, טאַטע, פאַר וואָס האָסטו געוויינט?

— איך האָב געוויינט זונעניו, דערפאַר, וואָס דער זיידע אפרים־אהרון האָט נישט קיין שבתדיקן טיש אַזוי ווי מיר; דערפאַר וואָס ערגעץ ווייט־ווייט פון דאַנען ליגן איצט אַ סך חברים מיינע אויף זייערע בעטלעך מיט אָפענע אויגן אין דער סטעליע אַריין... זיי וויינען און בענקען נאָך אַ שבת־דיקן טיש, דערפאַר האָב איך אויך געוויינט. און נאָך איבער עפּעס, יינגע־לע מיינס, האָב איך געוויינט. איך האָב עפּעס אַלץ מורא, טאָמער איז דאָס, וואָס איך בין מיט דיר און מיט דער מאַמען, און נישט אין קאָנצלאַגער נאָר אַ טעות —

— איך פאַרשטיי נישט! מיט אונדז איז דאָך בעסער, פאַר וואָס זשע איז דאָס אַ טעות?

— דאָס ביסטו געדעכט... דו ביסט אַ קלוג יינגעלע. קום, ווען מיר זיך וואַשן.

— וואַרט — און פאַר וואָס האָט די מאַמע געוויינט?

— די מאַמע? מסתמא איז איר פאַרגאַנגען דער כריין אין די אויגן... אַן עק, קום שוין! די פּעטערס זענען הונגעריק. אַבי דו האָסט זיך פאַר נאַכט אָנגעגעסן ווי אַ גוי, טראַכסטו שוין נישט פון קיינעם. רבותי, קומט זיך וואַשן —

אין קיך באַגעגענען זיך שלמה מיט יוכבדן מיט די אויגן און גלייבן זיך נאָך אַלץ נישט, אַז זיי זענען טאַקע אויף אַן אמת אַריבערגעשפּרונגען בשלום איבער יענעם שרעקלעכן אָפּגרונט, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ האַלבע וועלט.

נאָכן עסן גייען זיי צו צו דער מוטער אויף עטלעכע שעה און גלייבן זיך נאָך אַלץ נישט, אַז זיי קענען זיך טאַקע פריי באַוועגן. אויף צו מאָרגנס נאָכן עסן גייט מען אין געסט צו מנשה דעם רב, אָדער צום זיידן שלומען אָדער צו די פייגנבוימס. שבת צו נאַכטס זענען זיי צוזאַמען מיט אַלע קינ־דער ביי יוכבדס עלטערן אויף לוואָווסקע. זיי גייען אומעטום און פאַר־ברענגען אומעטום און קענען ביי זיך נאָך אַלץ נישט פועלן, אַז אָט דאָס איז דאָס שוין און אַזוי בלייבט עס: אַלע „פאַנטאָפּלצעס" האָט מען פאַר־טריבן אין שאול־תחתית אַריין און גראָד שלמהן האָט מען איבערגעלאָזט. מיט וואָס איז ער דען בעסער פון אַן אַנדערן? פון זיין פאָטער? פון אברהם שאַרפשטיין? פון גאַרדאָנען? פון טאַגין? פון די איבעריקע חברים?

# קאפיטל II

אין דרויסן האָט געפּלייצט און געציבערט ווי פון א פאס, פון וועל־
כער ס'איז ארויסגעשפּרונגען דער צאפּן.

שלמה מיט יוכבדן זענען געזעסן אין דעם אָפּערע־טעאטער, — זייע־
רע פּלעצער זענען געווען אין איינער פון די ערשטע רייען, ביים סאמע
דורכגאנג, — און האָבן מיט אנטציקונג זיך איינגעהערט אין דער זיסער
מוזיק. מען האָט אין יענעם אָוונט געגעבן דעם „שערער פון סעווילִיע״
און זיי האָבן די דאָזיקע אָפּערע געהערט צום ערשטן מאָל. ווען דער פאָר־
האנג — פון פורפור־רויטן פּליוש — האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער
אוואנס־סצענע און דאָס בלענדנדיקע ליכט האָט ווידער פארגאָסן דעם זאָל,
האָבן זיך הונדערטער מענטשן א וואָרף געטון אין די פאָיעען, צו די בור־
פעטן, און אין די רויכער־צימערן. דער אנטראקט האָט געדארפט געדויערן
גאנצע פופצן מינוט. יעדן איינעם האָט זיך געוואָלט אויסגלייכן דיביינער
נאָך א לאנגן אקט. אין זאָל האָט זיך אויפגעהויבן א טומל פון אויפ־
שפּרינגענדיקע זיצפּלעצער, פון קלינגענדיקע גלעזער, מענטשן פון די
אייבערשטע יארוסן * האָבן גערופן זייערע באקאנטע פונעם פארטער, אז
זיי זאָלן א ביסל ארויפגיין צו זיי, דעסט גלייכן האָבן די פונעם פארטער
גערופן זיי זאָלן בעסער א ביסל אראָפּגיין צו זיי. דער סוף איז געווען, אז
ביידע צדדים האָבן אויסגעפירט: אונטערשטע זענען געגאנגען ארויף, איי־
בערשטע זענען געגאנגען אראָפּ, עולים ויורדים, יורדים ועולים, און דער
הארמידער מיטן גערעדעריי איז געווען ווי אויף א גרויסן יאריד.

שלמה מיט יוכבדן זענען געבליבן זיצן אויף זייערע ערטער. די ביעל־
סקים, וועלכע האָבן געוווסט וווּ זיי זיצן, האָבן נאָך געקענט אראָפּגיין פון
זייער לאָזשע־בעניואר און זיי דאָ זוכן, דערפאר האָבן זיי נישט געוואָלט
פארלאָזן זייערע ערטער. פון אַלע זייטן: פון די באלקאָנען, פון די בוידעם־
גאניקלעך, פון די גאלערייען — פון אומעטום האָבן אראָפּגעקוקט שוואר־
צע בינאָקלען־אויגן אין פּארטער אריין, ווו עס זיצן די ניי־מאָדנע „בור־
זשויען״ און די כל־יכולדיקע „קאָמיסארטשיקלעך״. די פינגערדיקע, קריש־
טאָלענע פּאַרהענגלעך אויף די אומגעהייער־גרויסע קאנדעלאבערס, האָבן
געשמיסן מיט קאָלירטע פּיילן אויף אַלע זייטן. דאָס פובליקום האָט זיך
ביסלעכווייז אָנגעהויבן אומצוקערן אויף די ערטער. דאָס גערעדעריי אין
זאָל איז געוואָרן אַלץ הילכיקער און לוסטיקער.

אומקערנדיק זיך פונעם בופעט, איז פארביי די פּיאטיגאָרסקים דורכ־
געגאנגען א בכבודיקער עלטערער מאן. ער האָט געפירט אונטערן אָרעם
אַן עלעגאנטע יונגע דאמע. ווען זיי זענען שוין פאַרבייגעגאנגען, האָט
ערשט שלמה באמערקט, אַז דער אַלטער, ארויסנעמענדיק זיין טיכעלע פון

---

* גאַלערייען, באַלקאָנען.

דער טאַש, האָט אַרויסגעוואָרפן אויפן דורכגאַנג זיין טייסטער. שלמה האָט זיך אויפגעהויבן, ער האָט מיט די אויגן אַ זיפּ איבער געטון די פּילדערנ־דיקע מענגע מענטשן און האָט אָן שוועריקייטן געפונען צווישן דעם ים פון קעפּ דעם זקן, דעם בעל־האבידה, וואָס ער האָט געזוכט, און איז גלייך צוגעגאַנגען צו אים:

— אַנטשולדיקט, חבר, איר האָט דאָ ערשט פאַרלוירן אייער טייסטער, נעמט אים אייך אויף צוריק.

— אָ! איך דאַנק אייך זייער, יונגערמאַן. דאָס איז זייער גרויסמוטיק פון אייער זייט.

ער האָט וואַרעם געדריקט שלמהס האַנט און האָט אַלץ געהאַלטן אין איין דאַנקען. שלמהן האָט זיך מיט אַ מאָל געגומען דאַכטן, אַז ער האָט זיך שוין אַ מאָל באַגעגנט מיט דעם דאָזיקן מענטשן, אָבער — ווו? ווען? ביי וועלכע אומשטענדן? ער האָט אים דורכגענומען מיט די אויגן און שטאַרק צווייפלענדיק אין דער ריכטיקייט פון זיין סברא, געענטפערט:

— קיין גרויסמוטיקייט פון מיין זייט, זע איך דאָ נישט. נאָר איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? מיר דאַכט זיך, אַז איך קען אייך אַ ביסל. אייער פאַמיליע־נאָמען איז נישט טשערנישאָוו?

— דווקא יאָ טשערנישאָוו.

— סערגיי איוואַנאָוויטש?

— טאַק טאַטשנאָ, סערגיי איוואַנאָוויטש.

— אַזוי? און מיין פאַמיליע־נאָמען איז פּיאַטיגאָרסקי. דער דאָזיקער נאָמען זאָגט אייך גאָרנישט?

— לחלוטין גאָרנישט. איך הער אַזאַ נאָמען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן.

— למשל, לאָמיר זאָגן, אַז איר האָט אַ טעות. איר האָט געוווּסט, נאָר איר האָט פאַרגעסן. זאָגט מיר ביטע, אין די יאָרן 1932—1933 זענט איר צופעליק נישט געווען נאַטשאַלניק פון דער אָפּעראַטיווער אָפּטיילונג אין דער לוקיאַנאָווקער טורמע?

— יאָ, איך בין געווען, און נישט צופעליק —

— נו, אָט זעט איר, אַז איך האָב שוין נישט קיין טעות. אַצינד, חבר טשערנישאָוו, דערמאָנט זיך ביטע אין אַזאַ פאַל, ווען דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט אייך מיטגענומען מיט זיך אין ספּעץ־קאָרפּוס אַריין, כלומרשט אויף צו אינספּעקטירן די קאַמערן. און דאָרט... אויפן צווייטן קאָרידאָר, אין דער צווייטער קאַמער... דאָס איז געווען אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1933 —

— שטייט! שטייט!! שטייט!!! ווי אַזוי, האָט איר געזאָגט, איז אייער פאַמיליע־נאָמען, פּיאַטניצקי?

— פּיאַטיגאָרסקי —

— ריכטיק, פּיאַטיגאָרסקי! איצט האָב איך זיך שוין דערמאָנט. איר האָט דאַמאָלסט, געדענק איך, זייער שיין גערעדט וועגן ליטעראַטור, אמת?

— איך געדענק שוין נישט, צי שיין —

— אָבער דערפאַר געדענק איך! שיין, זייער שיין, פּאַכמעניש! און דערנאָך האָט דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג אייך מיט־גענומען מיט זיך אין דער ביבליאָטעק, כדי אייך איבערצוגעבן אַ גרוס פון די עלטערן?

— אָך, גאָט מיינער, אַפילו דאָס ווייסט איר אויך?

— מיר ווייסן שטענדיק איינער ביים צווייטן אַלץ... יאָ, איצט האָב איך אייך שוין אויף אַקוראַט דערקענט, דאָס זענט איר דער יידישער שריי־בער, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט שפּאַלטן —

— איר אַרבעט נאָך היינט אויך דאָרטן?

— שוין פון לאַנג נישט! האָט זיך דערמאָנט אַ מעשה... איך האָב שוין באַלד פאַרגעסן, ווו די טורמע געפינט זיך...

— ווו זשע דען אַרבעט איר איצט?

— איצט בין איך פאָרזיצער פון דעם מלוכה־קאָנטראָל איבער קיעוו.

די לאָמפּן האָבן צוויי מאָל אַ פינטל געטון מיט די אויגן. די באַלעגערער פונעם בופעט און פון די רויכער־צימערן האָבן זיך צוריקגעצויגן צו די טירן און האָבן זיך פון אַלע אַריינגאַנגען אַ שאָט געטון אין זאַל אַריין. איבער דעם רעש האָט מען נישט געקענט הערן קיין איין וואָרט. שלמה האָט זיך אַ ביסל נענטער צוגערוקט צום געוועזענעם נאַטשאַלניק:

— חבר טשערנישאָוו, איר האָט מיר פריער אַ ביסל געזאָגט, אַז איר זענט מיר דאַנקבאַר פאַרן אומקערן אייך דעם טייסטער —

— זייער און זייער, חבר פּיאַטניצקי! כ'מיין פּיאַט... איך האָב גאָר קיין ווערטער נישט...

שלמהס געזיכט איז געוועזן בלאַס, ווי ביי אַ מת. די קניען האָבן ביי אים געציטערט. אין האַלדז איז ביי אים געוועזן איבערגעטרוקנט ווי אין אַ מדבר נאָך אַ שטורעמווינט. ער האָט זיך אָבער אָנגעטון אַ כּח און האָט געזאָגט:

— אויב אַזוי, האָט איר איצט אַ געלעגנהייט מיר דאָס צו דערוויזן. זאָגט מיר ביטע אַזאַ מין זאַך: צוזאַמען מיט מיר איז דאַמאָלסט געזעסן איינער לאַבאָוו, אַ געוויסער יעפּיסקאָפּ, אָדער אַן אַרכיערעיי, איך געדענק שוין נישט אויף אַקוראַט זיין רעליגיעזן סאַן — *

— איר מיינט דעם פאָטער וואַסילי? דעם געזאַלבטן „כהן־גדול" פון די פּעטשערסקע לאַווראַס?

— יאָ, יאָ, יאָ! טאַקע אָט דעם זעלבן מיין איך! זאָגט מיר ביטע, וואָס איז מיט אים געוואָרן?

— ווייס איך, צו וואָס נוצט אייך איצט אויפמישן אַזעלכע אומהיימ־לעכע זכרונות? לאָמיר בעסער רעדן פון לעבעדיקע זאַכן... איך מיין, פון אַנדערע... פריילעכערע זאַכן... זאָגט מיר, און — איר ווו אַרבעט היינט?

---

* טשין, ראַנג, מדרגה.

אין זאַל איז שוין געווען פינצטער. דער פאַרהאַנג איז בקומה זקופה געקראַכן אין דער סטעליע אריין. שלמה האָט קוים אָנגעטאַפּט דעם וועג אויף צוריק. ווי אַן אונטערגעזעגעטער בוים איז ער אומגעפאַלן אויף זיין פלאַץ און האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט. הונדערטער גלאָקן האָבן אים געקלונגען אין מח, אין הארצן און אין אַלע אברים: „לאָמיר בעסער רעדן פון לעבעדיקע זאַכן"... הייסט עס, אַז לאַבאַוו איז טויט... געשאָסן לאַבאָוון... אומגעבראַכט אַזאַ מענטשן אומזיסט און אומנישט, אַזוי ווי דעם לעבעדינער רב... יוכבד רעדט צו אים עפּעס; ערגעץ גאָר נאָענט שפּילט זיסע מוזיק; כמעט איבער דעם סאַמע אויער זינגט אַ מעלאַדישער טענאָר אַ סאָלאָ, אָבער אין שלמהס אויערן קלינגען פון ערגעץ ווייט לאַ־באָווס לעצטע ווערטער:

„דו רעדסט נאַרישקייטן, זון מיינער... מיך וועלן זיי נישט אָפּלאָזן... איך קען זיי שוין גוט... אַזעלכע מענטשן ווי איך טאָרן ביי זיי נישט אַרומ־גיין אויף דער פריי..."

געהרגעט! גענומען און געשאָסן... פאַר וואָס? פאַר ווען? וועמען האָט ער שלעכטס געטון?

אין מיטן אַקט האָט זיך שלמה אויפגעהויבן פון זיין אָרט און האָט גענומען יוכבדן פאַר דער האַנט:

— קום, יוכבד! איך קען זיך דאָ מער נישט געפינען... עס שטיקט מיך פון זייער געזאַנג...

— ש־ש־ש־שאַ... רעד שטילער, דו שטערסט דאָך די אַרומיקע... וואָס טוט זיך עס מיט דיר?

— קום, יוכבד. איך מוז בייטן די לופט. איך ווער, דאַכט זיך, באַלד דערוואָרגן. דאָ וויל מען רעדן בלויז פון לעבעדיקע זאַכן, און איך פאַר־קערט, מוז איצט רעדן דווקא פון טויטע —

הונדערטער פּאָר אויגן האָבן פאַרוווּנדערט נאָכגעקוקט דעם מאָדנעם פּאָרל, וואָס פאַרלאָזט דעם זאַל אין מיטן אַזאַ אָנציִענדיקן מאָמענט.

אויף דער גאַס, ווו דער רעגן און דער ווינט האָבן זיך ערשט צעלאָזט גאָר־גאָר אויף אַן אַנדער אופן, האָט שלמה אין געציילטע ווערטער איבער־געגעבן יוכבדן דעם אינהאַלט פון זיין שמועס מיט טשערנישאָוון. טרויע־ריקע און שווייגנדיקע האָבן זיי זיך אין דער פינצטער און אין דעם אומ־קומעניש געשלעפּט צו פוס אַהיים. יוכבדן איז אפילו קיין מינדסטער חידוש נישט געווען, וואָס שלמה טרויערט אַזוי נאָך אַ גלח, און פאַר שלמהן איז געווען גאַנץ נאַטירלעך דאָס, וואָס יוכבד חידושט זיך נישט. לאַבאָווס פאַר־זאָן איז זיי ביידע געווען נאָענט ווי אַן אומשולדיק־אומגעקומענער; ווי איי־נער פון די מצוינים צווישן די חסידי־אומות־העולם פון זייער דור, וואָס איז אַ שטאָלצער מיט זיין גורל אומגעקומען פאַר זיין גלויבן.

ווי טויזנטער גלאָקן האָבן שלמהן געקלונגען אין די אויערן זיינע ווערטער ביים צעשיידן זיך:

— דערצייל דאָרט, קינד מיינס! דערצייל פאַר דער גרויסער וועלט

אַלץ, וואָס דו האָסט געזען מיט דײַנע אײגענע אויגן. זאָלן אַלע וויסן, וואָס אַזוינס דער אַזוי באַזונגענער אָקטאָבער האָט געשענקט דער וועלט. דער־צייל דאָרט יעדעם פּיצעלע, איך וויים, אַז דו וועסט די זאַך אָפּטון באמונה, אויף דיר קען מען זיך פאַרלאָזן...

*

גאַנץ אומגעריכט איז שלמה אין יענעם זומער געזעסן אַרעסטירט קיילעכדיקע דריי מעת־לעת.

דאָס איז געווען עפּעס אַ מין טראַגי־קאָמעדיע, אָדער אין גאַנצן אַ קאָמעדיע. און שולדיק אין אָט דער „מעשה־נורא" איז געווען — אַ קליין קינד. אָנגעהויבן האָט זיך דער „אומגליק" דערפון, וואָס צוויי מיליציאָ־נערן זענען על־פּי צופאַל אַרייננעגאַנגען אין אַן אײַנקויפס־פונקט פון דעם סיסטעם: „אוטיל־פּראָם־קאָמבינאַט" און האָבן געטראָפן דעם ווייסן בויגן פּאַפּיר, מיט וועלכן ס'איז געווען פאַרשפּרייט דער טיש, אָפּגעשיט מיט מגן־דודלעך. פינקטלעכע, זיך ציקלענדיק־אָנגעמאָלטע, זעקסקאַנטיקע מגן־דוד־לעך, אי גרעסערע, אי קלענערע. די מיליציאָנערן, פאַרשטייענדיק, אַז זיי האָט אָפּגעגליקט אויפצודעקן אַ נאָרע פון ציוניסטן, האָבן תיכף ומיד פאַר־חתמעט דעם פונקט און האָבן אויפן אָרט אַרעסטירט דעם פאַרוואַלטער פונעם פונקט מיט זיין פרוי. מען האָט גלייך געגעבן צו וויסן אויף יעלי־זאַוועטינסקע, אַז עס האָט זיך אײַנגעגעבן אויפצודעקן אַ פּראָפּאַגאַנדיס־טיש קעמערל פון ציוניסטן, און גלייך זענען אין דעם ראַיאָן פון דער מי־ליץ, וווהין מען האָט אָפּגעפירט די אַרעסטירטע, אָנגעקומען צוויי אויס־פאָרשערס און דער פאַרטרעטער אויף פּאָליטישע ענינים פונעם נאַטשאַל־ניק אַליין.

צום אַלעם ערשטן האָט מען געבראַכט פון דער קאַמער צום פאַרהער דעם פאַרוואַלטער פונעם אײַנקויפס־פונקט:

— אײַער נאָמען און פאַמיליע־נאָמען.

— קליינער, ברוך לייבאָוויטש.

— וויפל זענט איר אַלט?

— זעקס און פערציק יאָר.

— אײַער פּראָפעסיע?

— אַן אויפקויפער פון אוטיל.

— ווו אַרבעט איר?

— פונעם ערשטן טאָג, וואָס איך ווין אין קיעוו, אַרבעט איך אין אַרטעל „אוטיל־פּראָם־קאָמבינאַט".

— זאָג נאָר קליינער, ווען ביסטו זיך נוהג איבערצובייטן דעם בויגן פּאַפּיר אויפן טיש?

ביי קליינערן אין קאָפּ האָט מאָמענטאַל דורכגעבליצט אַ פריידיקער געדאַנק:

— אַנטי־היגיענע! מען האָט געטראָפן דעם פונקט אין אַ אַנטי־היגיע־

נישן צושטאַנד... איך וועל אם ירצה השם אַפּקומען די שרעק מיט אַ שטראָף.

און די אויספאָרשערס ענטפערט ער:

— ווען איך בייט? אַלע אינדערפרי ווי אַ זייגער, אַזוי ווי איך עסן נאָר אויף דעם פּונקט! בכלל איז ביי מיר שטענדיק זויבער און ריין ווי אין ערגעץ נישט, איר קענט זיך אפילו אָנפרעגן ביי דער סאַניטאַרנע קאָמיסיע פון —

— איז זאָגסטו, אַז שטענדיק טוסטו אַזוי?

— שטענ—דיק!!!

— היינט האָסטו אויך געטון אַזוי?

— ווי דען? אודאי היינט אויך אַזוי.

— איז, הייסט עס, דער בויגן פּאַפּיר, וועלכן מיר האָבן געטראָפן אויפן טיש, — אַ היינטיקער?

— יאָ, אַ היינטיקער.

דער נאַטשאַלניק פון דער מיליץ, מיט אַ פּחדימדיק אויסזען, צעשפּרייט אויפן טיש אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר און דער אויספאָרשער פרעגט מיט אַ שאַרפער שטימע, זשעסטיקולירנדיק דערביי מיט די הענט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געפונען אויף דער סצענע:

— אָט די מגן־דודס האָסט דו געמאָלט?

קליינערס אויגן קריכן ביי אים שיר נישט אַרויס אויפן שטערן. ער ווערט בלאַס ווי די וואַנט און צעפּאַכעט זיך מיט די הענט:

— נישט נאָר איך האָב זיי נישט געמאָלט, נאָר איך האָב זיי אפילו נישט געזען פאַר מיינע אויגן.

— דו זאָג בעסער דעם אמת, וועט פאַר דיר אַליין זיין געזונטער —

— וואָס הייסט געזונטער, אָדער נישט געזונטער, איך זאָג אייך קאַטעגאָריש, אַז איך זע איצט אָט די צאַצקעס צום ערשטן מאָל!

— געדענק זשע קליינער, מיר וועלן דאָך סיי ווי סיי געוווויר ווערן דעם אמת, אָבער פאַר דיר וועט דאַמאָלסט זיין פיל ערגער.

— איר קענט אייך געוווויר ווערן, וואָס איר ווילט און ביי וועמען איר ווילט, אָבער איך ווייס אפילו נישט פון וואָס צו זאָגן... פאַר מיר איז אָט די גאַנצע מעשה אַ בוידעם... איך ווייס נישט פון קיין פּותר און פון קיין חלום...

— ווער איז ביי דיר היינט געווען אויפן פּונקט?

— עס זענען געווען עטלעכע מענטשן.

— נאַ דיר אַ בייגעלע פּאַפּיר און שרייב אונדז אָן זייערע נעמען מיט די אַדרעסן.

קליינער האָט אָנגערופן אַכט מענטשן און צווישן זיי אויך שלמהס נאָמען.

— מער איז ביי דיר קיינער נישט געווען?

— פאַר מיין צייט איז מער קיינער נישט געווען.

— וואָס הייסט — פאַר דיין צייט?

— ווייל אויף עטלעכע שעה האָב איך איבערגעלאָזט די פּרוי אַליין אויפן פּונקט. אפשר איז פאַר איר זיין דאָרטן אויך עמעצער געווען — ווייס איך נישט! איך קען נאָר גאַראַנטירן פאַר דער צייט, וואָס איך בין אַליין געווען דאָרט... נו־נו, נאַ דיר אַזאַ בלבול אויף מיין קאָפּ... טאָמער פעלן מיר צרות...

מען האָט אַרויסגערופן די פרוי פון דער קאַמער, זי האָט אויך אָנגערופן פינף מענטשן, וואָס זייער שלימזל האָט זיי אין יענעם טאָג געבראַכט צו איר אין קלייטל אַריין. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן דרייצן מענטשן, און זענען איינער נאָכן צווייטן אין משך פון דריי טעג גרינטלעך אויסגעפּאָרשט געוואָרן, אָבער אָט די גאַנצע מלאָ־רעשדיקע אָפּעראַציע האָט גאָרנישט געגעבן: אַלע פאַרהאַלטענע, בפה אחד, האָבן זיך אַנטשלאָסן אָפּגעשאָקלט פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג. דאַן האָט מען ווידער אַרויסגערופן דאָס פּאָרפאָלק קליינער:

— נו, וואָס קלערט איר זיך? איר וועט זיך אַ מאָל מודה זיין, צי ניין?

— און וואָס זיך מודה זיין? און וואָס קענען מיר זיך מודה זיין, אַז מיר האָבן ביידע אָט די שטערנדלעך אפילו פאַר די אויגן נישט אָנגעקוקט.

— הער זשע אויס, קליינער: מיט דיין פרוי האָבן מיר כּלל נישט וואָס צו רעדן. זי איז אַ יידענע, און דערצו — נישט קיין ווייטע. אָבער דו ביסט דאָך עפּעס פאָרט אַ מאַנסביל, געדענק זשע, וואָס מיר זאָגן דיר: אויב דו ביסט זיך מודה אין אַלץ, אַזוי ווי אַן ערלעכער סאָוויעטישער בירגער דאַרף צו טון, באַקומסטו פאַר דעם קונץ דריי חדשים צוואַנגס־אַרבעט און — אַהיים! פאַר אַ יאָרן אין דער צייט וואָלסטו פאַר אַזאַ חנדעלע געגאַנגען „באַיו־באַיו", אָבער היינט איז פאָרט עפּעס אַנדערש! האָסט מזל, קליינער! אָבער טאָמער עקשנסטו זיך ווייטער איין, שיקן מיר אייך אַלע אָפּ אויף לוקיאַנאָווקע אין טורמע אַריין און דער ענין גייט אוועק אין דעם דרייילינג־טריבונאַל. דאָרט שמעקט שוין דאָס שטיקל אַרבעט מיט צען יאָר. איצט באַשליס אַליין, וואָס עס לוינט דיר בעסער —

— עס מעג שמעקן נישט נאָר מיט צען, נאָר אפילו מיט צען טויזנט יאָר, וועל איך אויך אויף זיך נישט נעמען קיין שולד פאַר אַ זאַך, וואָס איך האָב נישט געטון —

— ווער נאָך איז ביי דיר יענעם טאָג געווען אויפן פּונקט? פּרווו דערמאָן זיך!

עס זענען נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט געוואָרן די נעמען פון די פאַרהאַלטענע, און קליינער האָט ווידער אַ מאָל געמאָלדן:

— מער איז קיינער נישט געווען! חוץ מיין טעכטערל, וואָס האָט מיר געבראַכט פרישטיק — מער קיי—נער נישט...

— לאַנג האָט זיך דאָס טעכטערל געזאַמט ביי דיר אויפן פּונקט?

— פון אינדערפרי, זייגער צען — האַלב עלף, ביז זי האָט געדאַרפט גיין אין שול אויף דער צווייטער סמענע.

— וויפל איז זי אַלט, דיין טאָכטער?

— אין גאַנצן צוועלף יאָר —

— דו מיינסט נישט אָט די זעלבע, וואָס שטייט שוין הינטערן טויער אַ שעה צייט, און קליאַנטשעט, אַז מען זאָל ביי איר צונעמען פאַר אייערעט וועגן אַן אָנבייסן?

קליינער האָט זיך געוואָרגן מיט טרערן:

— טאַקע זי מוז דאָס זיין, ראַיעטשקע... ווער דען, חוץ איר?

דער אויספאָרשער האָט אַ ווונק געטון צו זיינע משרתים און מען האָט זי אַרויפגעפירט צו אים אין צימער. דאָס קינד האָט דערזען די עלטערן און האָט זיך אַ וואָרף געטון צו זיי מיט אַ געוויין. מען האָט איינציקווייז אַריינגעפירט אַלע דרייצן אַרעסטאַנטן און דער אויספאָרשער אין די רויט־גרינע פּעטליצעס האָט זיך גענומען צו דער עבודה:

— ראַיאָטשקאַ, זאָג מיר: אָט דער מענטש איז געווען אויפן פּונקט אין דעם טאָג פון דיין טאַטנס אַרעסט?

ראַיעטשקע, ווישנדיק די אויגן, שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— און אָט דער?

— דער אויך.

— און דער?

— אויך געווען.

— וואָס האָבן זיי געטון?

— גאָרנישט.

— ווי אַזוי טוט מען דאָס גאָרנישט?

— נו, גאָרנישט! ווער עס האָט געוואַרט אויפן טאַטן, און ווער ס'איז גלייך אַוועקגעגאַנגען.

— ווער פון זיי האָט עפּעס געשריבן?

— דאַכט זיך, אַז קיינער נישט —

— נו, און סתם ווער האָט געדראַקעט אויפן פּאַפּיר, וואָס אויפן טיש?

דאָס מיידעלע האָט מאָמענטאַל אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איז געוואָרן רויט ווי אַ צוויק.

— זאָג, ראַיאָטשקאַ, זאָג, שעם זיך נישט. האָב קיין מורא נישט, מיר וועלן דיר גאָרנישט טון. זאָג, ווער האָט אויפן פּאַפּיר געמאָלט „מגן־דודס"?

— וואָס געמאָלט?

— מגן־דודס.

— וואָס הייסט עס?

— נו, דו ווייסט נישט, וואָס ס'איז אַזוינס מגן־דודס? אַזוינע שפּיציקע קעסטעלעך, וואָס דיין טאַטע מאָלט אין דער היים אַלע מאָל און דערנאָך פאַרברענט ער עס גיך־גיך.

— כ'ווייס נישט, וואָס איר מיינט.

דער נאַטשאַלניק פון דער מיליץ שליסט אויף אַ שופלאָד, נעמט

ארוים דעם גורלדיקן בויגן פּאַפּיר, וואָס מען האָט דאַמאָלסט אין קליינטל געטראָפן אויפן טיש, ער צעוויקלט אים פאַר אירע אויגן און טײַטלט מיט די פינגער אויף די פיל־קאַנטיקע שטערנדלעך:

— נו, איצט ווייסטו שוין, וואָס מען מיינט „מגן־דודלעך”?

דאָס מיידעלע האָט זיך ראַש אָפּגעקערעוועט פונעם טיש און איז נאָך רויטער געוואָרן ווי פריער.

דער אויספאָרשער, אַן אויפגערעגטער, האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין בענקל:

— זאָג, זאָג, האָב קיין מורא נישט, אַז נישט וועלן מיר דיין טאַטע־מאַמע נישט אַרויסלאָזן.

ראַיעטשקע שיסט אויס מיט אַ געוויין:

— איך וועל שוין מער נישט רייסן דאָס בי—י—י—יכל —

— וועלכעס ביכל?

— מיין ביכל...

— וואָס פאַר אַ מעשה מיט אַ ביכל?

— כ'האָב אויפן פונקט נישט געהאַט וואָס צו טון... ס'איז קיין אַרבעט נישט געווען... נישט עפּעס אָפּצוווענן, נישט צעפּלאָנטערן קיין שפּאַגאַט —

— נו, נו, וואָס זשע איז געווען? וועסט דערנאָך וויינען —

דאָס מיידעלע דערשרעקט זיך פאַר זיין געשריי און הייבט ערשט אָן פון דאָס ניי צו וויינען:

— און... און איך האָב געהאַט מיט זיך די * «Естествоведение» פונעם פינפטן קלאַס, האָב... האָב... האָב איך, נישט האָבנדיק עפּעס אַנדערש וואָס צו טון... איבערגעפּירט ** שטערנדלעך...

— שטערנדלעך האָבן דען זעקס שפּיצן?

— נישט נאָר זעקס־קאַנטיקע! דאָרט אויפן פּאַפּיר זענען איבערגעקלאַפּט אויך פינפקאַנטיקע, און אויך אַכטקאַנטיקע, אָבער דאָס ביכל איז געבליבן שפּאָגל־ניי... איך נאָר נישט אָפּ... איר קענט פרעגן די לערערקע... איך וועל שוין מער נישט... איך האָב נישט געוווסט, אַז מען טאָר נישט —

דער אויספאָרשער, אַ בלאַסער פאַר שאַנדע, האָט אָפּגעשיקט אַ מיליציאָנער מיט ראַיעטשקען צו איר אַהיים, מיט אַ באַפעל צו ברענגען אים דאָס ביכל. ווען דאָס ביכל האָט זיך באַוויזן אויפן טיש, האָבן אַלע אַנוועזנדיקע דערזען, אַז אויף דעם זייטל וווּ עס זענען געווען אָנגעמאָלט שטערנדלעך, זענען דייטלעך געווען קענטיק פרישע שפּורן פון אַ בליישטיפט. דערשמעקט אַזאַ מיאוסע מפּלה, אַזאַ פּליאַסק אין פּנים, אַזאַ וויסטן סקאַנדאַל, איז דער אויספאָרשער אַרויסגעפלויגן פונעם צימער ווי

---

* נאַטור־וויסנשאַפט. געמיינט: דאָס לערנביכל פון דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד.

** איבערקלאַפּן, אָפּשלאָגן, קאָפּירן.

א באַמבע. דער נאַטשאַלניק פון דער מיליץ, אַ פאַרשעמטער און אַ צע־רייצטער, זאָגט צו דעם פאַרוואַלטער פון דעם פונקט קריצנדיק מיט די ציין:

— פון היינט אָן זאָלט איר שוין לערנען אייער טאָכטער נישט צו טון מיט די הענט כלערליי פּאַסקודסטוועס! קיין לערנביכער טאָר מען נישט פּאַטשקען, איר ווייסט, צי ניין?

און טרעפנדיק אויף זיך די שפּאָטישע בליקן פון די פּופּצן אַרעס־טאַנטן, גיט ער אַ ריטשע אויפן גאַנצן צימער:

— ווער האָט עס אייך דערלויבט אַזוי פרעך צו שמייכלען? פאַר אַזעלכע קאָנטער־רעוואָלוציאָנע קוקעלעך קען איך אייך גלאַט אַזוי אַריינ־האַקן צו צוויי חדשים צוואַנגסאַרבעט, סוואָלאָטשעס, וואָס איר זענט!

צעברעכנדיק איין פעדער נאָך דער צווייטער, האָט ער פאַר אַלע פאַר־האַלטענע אויסגעשריבן ספּראַווקעס וועגן דעם, ווו זיי האָבן זיך געפונען די לעצטע דריי טעג, און האָט זיי אַרויסגעיאָגט וואָן פון זיין קאַבינעט.

גייענדיק פונעם „אַרעסט” אַהיים, האָט שלמה שווער געטראַכט:

— דער פּסיכאָז פון דער ציוניזם־געפאַר וועט נאָך דאָ אַ פּנים לאַנג, לאַנג אָנהאַלטן... וואָרעם ס'איז דאָך לעכערלעך: אַזאַ מעכטיק לאַנד מיט אַזוי פיל צענדליקער מיליאָנען איינוווינער זאָל ציטערן און פלאַטערן פאַר אַן אָנגעמאָלט זעקסעקיק שטערנדל, הינטער וועלכן עס שטייט אַ הייפל מענטשן, וואָס מען האָט זיך אַליין איינגעבילדעט, אַז זיי זענען שונאים... דאָס איז דאָך אויסטערליש! דאָס איז דאָך אַן אמתער: „אימת מפגיע על הארי”... *

דער פאַל מיט אַט דעם קאָמישן „ציוניש” האָט אַרויסגערופן ביי אַלע אַרומיקע און ביי די פּיאַטיגאָרסקים אַליין, מער חוזק, ווי צאָרן. נאָך אַט דער אומגעריכטער „ישיבה של מטה” איז עפּעס פאַרבליבן אַ טעם, ווי מען וואָלט אַ מאָל האָבן ערגעץ געהערט אַ געפעפערטן אַנעקדאָט, און ביי יעדעס מאָל זיך דערמאָנען אין אים, האָט מען פיל געלאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווידער איז דער שיינער זומער געפלאָסן ביי שלמהן מיט יוכבדן אין רחבות און אין ווילטאָג. נאָך יעזשאָווס ממשלה האָט ער געהאַט פאַר זיי אַלע טעמים: רוישיק ווי דער טיעריעק בעידנא דריתחא, און זיס ווי די וואַסערן פון דעם ים־כנרת. פּרנסה איז געווען אַריבער און אַריבער; דעם חוב, וואָס זיי זענען שולדיק געווען די סוקאַלסקים, האָבן זיי פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אויסגעצאָלט; נחומל האָט שוין למזל אָנגעהויבן צו לערנען חומש; נחומל האָט שוין פריי געלייענט די „פּראַוודאַ” און האָט פאַרשטאַ־נען יעדעס וואָרט; נחומל האָט שוין געקענט אַלע זמירות אויף אויסנווייר־ניק, און האָט מיט זיין דין קולכל געזונגען ביים טיש גלייך מיטן פאָטער. זעליק פייגנבוים האָט זיך אָפּגעזוכט אַ גוטע שטעלע און האָט איינגע־

* ס'איז פאַראַן אַ פליגעלע מיטן נאָמען „מפגיע”, פאַר וועלכן עס ציטערט דער לייב. דאָס איז איינע פון די פינף פאַראַדאָקסאַלע „אימות”, וואָס די גמרא רעכנט אויס.

אָרדנט לעבן זיך אויך זיין ניסנען. בכלל איז ביי די פייגנבוימס געוואָרן א ביסעלע פריילעכער די לאַגע. אויך פון טאַנין פלעגן אָנקומען „שטילע" בריוו. די פרוי פייגנבוים האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו רירן מיט די הענט. עס האָט אויסגעזען, כמו ווי דער פּאַראַליטש הייבט אָן אָפּצוטרעטן. ביי די ראַדיעצקיס האָט זיך אָפּטלעך גע„מזל־טוב"ט: ביי הערשלען א קינד; ביי חיימען א קינד. שלעכט איז נאָר געווען די יעניקע, וואָס זענען אומ־געקומען אין שטורעם אָדער פּאַרטריבן געוואָרן פון זייער היים ערגעץ היג־טער די הרי־חושך, די אָבער, וואָס עס האָט זיי אָפּגעגליקט און זיי זענען איבערגעקומען די ערדציטערניש און גאַנץ געבליבן, די האָבן זיך אויף גאָרנישט נישט געקענט באַקלאָגן. עקאָנאָמיש איז געווען גאָר נישקשה און פּאָליטיש — ווערליק נאָך אַזאַ אומקומעניש — אויך פיל לינדערער. ווידער האָבן יידן יומם ולילה פאַרפלייצט די צוויי לעגאַלע שולן, אויף פּאָדאָל און אויף קראַסנאָאַרמייסקע 158. ווער שמועסט דעם שבתדיקן טאָג — דאַ־מאָלסט האָבן אין שטאָט געדאַווענט מער פון פופציק מנינים. די מיליץ האָט דאָס אַלץ צוגעזען און האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. אויף ימים־נוראים האָט די אַדמיניסטראַטיווע אָפּטיילונג פון דעם שטאָט־אויספּירקאָם געגעבן דערלויבענישן אויף צו דאַווענען אין די הייזער יעדן איינעם ווער עס האָט נאָר געבראַכט א ביטע מיט דרייסיק אונטערשריפטן. גאָר גרויסע אָפּטימיסטן האָבן פאַרזיכערט דעם עולם, אַז ווען מען שרייבט איצט פון דאָס ניי אָן צו סטאַלינען, וואָלט ער בלתי־ספק אומגעקערט אויך די קופּיע־טשעסקע־שול. אַנדערע היצקעפּ זענען אין זייער פאַנטאַזיע געגאַנגען נאָך ווייטער: זיי האָבן אַגיטירט די מתפללים, אַז מען דאַרף דרינגענדיק טעלע־גראַפירן קיין ארץ־ישראל נאָך אתרוגים, און דאָ, דאָס פועלן ביי דער מלוכה, אַז מען זאָל זיי דורכלאָזן, האָט די ווערט א שמעק טאַבאַק. די פאַנטאַזיע ביי יידן האָט קיין מאָל נישט געהינקען, ווער שמועסט נאָך אַזאַ עת־צרה, אַז עס שלאָגט זיך דורך א שטראַל, מען האָט שוין געמיינט, אַז משיח איז געקומען, אַז מען מעג שוין אַלץ! עס פאַרשטייט זיך, אַז די תלמוד־תורה האָט זיך אויך ווייטער געפירט בסוד־סודות. די מקווה איז פונקט ווי פריער געווען הינטער זיבן שלעסער. אָבער שוין די אַבסאָלוטע זיכערקייט, אַז עס יאָגט זיך איצט קיינער נישט געוויר צו ווערן אָט די סודות — האָט צערטלעך ווי א מאַמע געגלעט ביי דער נשמה, און גע־לאָזט העכער טראָגן דעם קאָפּ.

# קאַפּיטל III

שוין לאַנגע יאָרן, אַז די אײַנוווינער פונעם ראַטנפאַרבאַנד זענען אַזוי נישט אויפגעטרייסלט געוואָרן, ווי דעם 24טן אויגוסט 1939. און שולדיק אין דער דאָזיקער שרעקלעכער אויפטרייסלונג איז געווען — אַ פאַפּירן בילדל! אַ פּשוט בילד אין די צײַטונגען —

די קיאָסקן, וואָס פאַרקויפן די אָרטיקע צײַטונגען און די צענטראַלע צײַטונגען, וואָס ווערן אין קיעוו איבערגעדרוקט פון מאַטריצן, וועלכע ווערן פון מאָסקווע צוגעשטעלט מיטן אַעראָפּלאַן — זענען אָפן פון פינף אַ זייגער אָן, כדי די אַרבעטער פון דער ערשטער וואַכטע, זאָלן קענען מיטנעמען מיט זיך די צײַטונגען אויף דער פאַבריק אָדער אין זאַוואָד אַרײַן, און די אַרבעטער פון דער דריטער וואַכטע זאָלן זיי קענען מיטנעמען מיט זיך אַהיים.

ווען די ערשטע קונים האָבן אין יענעם טאָג צעעפנט די „פּראַוודאַ" אָדער די „איזוועסטיע" און האָבן דערזען, ווי סטאַלין שטייט אַ יומטובדיקער לעבן ריבענטראָפּן און אויפן טיש ליגט אַ געחתמעטער פרײַנדשאַפטסאַקט, האָט זיך פון זייערע מײַלער אַרויסגעריסן אײַנער און דער זעלבער אויסגעשריי:

— Что за навождение?! *

און אָן ענטפער האָבן זיי אויך באַקומען תיכף ומיד. געענטפערט האָבן זיי פון פריער כלל נישט באַמערקטע — העכסט־עלעגאַנט אָנגעטונענע פאַרשווינדלעך:

— Следите за мной! **

קיין סך מענטשן האָט מען אָבער אין יענעם טאָג נישט פאַרנומען. איבער דער גאַנצער שטאָט האָט מען נישט צונויפגענומען מער פון אַ פאָר הונדערט מאַן. דער עולם איז בליצשנעל געוווּיר געוואָרן, אַז מען טאָר אויף דעם גליקלעכן שידוך נישט רעאַגירן אפילו מיט קיין קרומער מינע, ווײַל ס'איז לעבנסגעפערלעך. דערהערט אַזאַ מעשה, האָט מען נישט רעאַגירט, נאָר מען האָט אָנשטאָט איין צײַטונג געקויפט צו צוויי, צו דרײַ:

— עס זאָל כאָטש זײַן וואָס צו ווײַזן די קומענדיקע דורות; זיי זאָלן כאָטש וועלן גלייבן, זיי זאָלן כאָטש האָבן אַ באַגריף אין די ווירוואַרן, אין די קאָפּשווינדלערישע זיגזאַגן, אין די אומגעמענטשלעכע לײַדנשאַפטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאַר אונדזער לעבן...

איז אָבער אפילו דאָס אויך נישט געפעלן געוואָרן די „שאַרפע אויגן". אָט די אומפאָרזיכטיקע הורט־קונים האָט מען גלייך פאַרנומען אויף אַ זײַט:

— וואָס פאַר אַ צײַטונגען האָסטו געקויפט?

— אַ „פּראַוודאַ" און אַ „איזוועסטיע".

---

* — וואָס פאַר אַ פאַרפירעניש? (אָדער: אויגן־פאַרבלענדעניש.)

** — גייט נאָך מיר!

— ביידע מיט א מאָל? צו וואָס טויגן דיר ביידע?

— איך קויף אַלע מאָל ביידע. דאָס וואָס ס'איז דאָ אין דער, איז נישטאָ אין יענער.

— מהם! און פאַר וואָס עפּעס האָסטו גענומען צו צוויי עקזעמפּלאַרן פון יעדער איינער?

— דאָס איז... דאָס איז פאַר מיין שכן...

— פאַר דעם שכן אויך ביידע?

— אויך ביידע... אַזוי האָט ער מיך אָנגעבעטן... אים נעמען ביידע מאָסקווער... ער ליגט קראַנק, האָט ער געגנוג צייט אויף צו לייענען —

— ווי אַזוי איז דער פאַמיליע־נאָמען פון דיין קראַנקן שכן? זיין אַדרעס? איצט וועלן מיר אויסקומען. מיר'ן די זאַך אויספאָרשן... פיר צייטונגען מיט א מאָל — דאָ מוז עפּעס שטעקן... קענסט גיין. אין א וואָך ארום קענסטו קומען נאָך דעם פּאַספּאָרט אין צענטראַלן ראַיאָן פון דער מיליץ. מאַרש!

עס האָט אָבער אָט די „געהיימע אויגן" ווייניק וואָס געהאָלפן. די מאָסקווער צייטונגען זענען צעבאָפּט געוואָרן ווי „מצה־וואַסער". ארום אַכט א זייגער איז שוין אין די קיאָסקן קיין מאָסקווער צייטונג נישט געווען צו קריגן, אפילו אויף קיין רפואה. און אַזוי ווי אין די רעפּובליקאַנער צייטונגען זענען אָט די בילדער נישט געוואָרן איבערגעדרוקט — נישט דעם ערשטן טאָג און נישט קיין מאָל — האָט שוין דער עולם געלייענט די מאָסקווער צייטונגען, וואָס ווערן צעקלעפּט אויף די ווענט, אויף די ספּעציעלע ביידלעך און אויף די בייכיקע רעקלאַמנע בודקעס. אין אָט די אָנגערופענע ערטער, איז אין יענעם פרימאָרגן א גוטע העלפט פון די לייענערס, געווען „אונטערהערערס", אָבער ווי אויף צו להכעיס איז דאָס מאָל נישט געווען וואָס צו הערן. דער עולם האָט געשטומט. קיינער האָט נישט קיין קרום געטון מיט דער נאָז; קיינער האָט נישט ארויסגעלאָזט קיין קרעכץ, קיינער האָט אפילו קיין זילב נישט ארויסגעלאָזט פונעם מויל. מען איז געשטאַנען, ביז ווייטיק זיך איינגעקוקט אין אָט דעם פּיינלעכן בילד, אָבער מען האָט געשוויגן. גערעדט האָט מען מיט אייגענע מענטשן, אין די היימען. און ס'איז געווען פון וואָס צו רעדן. נאָך דעם בילד פון סטאַלינען מיט ריבענטראָפּן און מאָלאָטאָווס רעדע בשעת דעם חתמענען דעם אָפּמאַך, איז געגאַנגען דאָס בילד, ווי אַזוי היטלער האַלט מאָלאָטאָוון ארומגענומען ארום דער טאַליע, און דערנאָך מאָלאָטאָווס צווייטע רעדע אין ניין וואָכן ארום... יאָ, דאָס פאָלק האָט גענוג געהאַט פון וואָס צו רעדן און מען האָט טאַקע גערעדט, אָבער ווער האָט זיך צוגעהערט צו אָט די אַלע רייד? מען האָט זיך געקנייפּט דאָס לייב פאַר בושה, אָבער וואָס האָט מען געקענט העלפן?

פון זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, איז ער אין ראַטנפאַרבאַנד געשטעמפּלט געוואָרן פאַר דעם ערגסטן שונא פון ד'ער מענטשהייט בכלל און פונעם סאָציאַליזם בפרט. א העלפט פונעם רעפּערטואַר אין די טעאַטרען און אין די קינאָס איז געווען אויף דער אַנטיפאַשיסטישער

טעמע. די פילמען: „משפחה אָפּענהיים", פון לעאָן פייכטוואַנגער; „דער נסיון", פון מאַקס ברעדעל; „די בלאָטיקע סאָלדאַטן"; „פּראָפעסאָר מאַמ־לאָק"; „עסקאַדריליע נומער 5", און אַנדערע פילמען און פּיעסעס פון דעם זעלבן כאַראַקטער זענען חדשים־לאַנג נישט אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם עקראַן און פון דער סצענע. ביכער אויף דער דאָזיקער טעמע זענען גע־ווען פון די סאַמע געלייענטסטע, מער איידער די קלאַסיקער. אַז פייכטוואַנ־גער איז געקומען קיין מאָסקווע, האָט ער גלייך באַקומען אַן אוידיענץ ביי סטאַלינען, וועלכע האָט געדויערט העכער אַ שעה צייט. דאָס בילד, ווו זיי זיצן ביידע פאָטאָגראַפירט, איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַלע צייטונ־גען פונעם לאַנד — וואָס איז? — ווייל ער איז אַן אַנטיפאַשיסטישער שרייבער! — זאָל די מלוכה איצט נעמען און אַנכראַקען דעם גאַנצן לאַנד אין פּנים אַריין און זיך אַרומנעמען מיטן פאַשיזם ווי די בעסטע גוטע ברידער?! זאָל מען איצט פאַר איין טאָג צייט אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד אַראָפּנעמען פון דער סצענע און פונעם עקראַן אַלע אַנטי־פאַשיסטישע פיל־מען און פּיעסעס?! זאָל מען מיט איין ווונק אויפרוימען פון אַלע ביבליאָ־טעקן די אַנטי־פאַשיסטישע ביכער?! איז אפשר וועט מען אָנהייבן איבער־געבן דעם דייטשן הימן דורך דעם ראַדיאָ? איז אפשר וועט מען נאָך אָנ־הייבן לערנען מיט די קינדער אין די שולן היטלערס „מיין קאַמף"? ביי לשון: חבר, קען דאָך שוין אַלץ געמאָלט זיין! ווי באַלד מען שטייט אַרומ־גענומען און מען באַגריסט זיך איינער דעם צווייטן צו די אימענינעס, קער מען זיך שוין קושן אין די פּיסקעלעך און צוזאַמען טאַנצן אַ האָפּאַק... ניין, ניין, אויף וואָס, אויף וואָס, אָבער דערויף האָט זיך קיינער בשום אופן ואופן נישט גערעכט...

ווען שלמה האָט אין יענעם טאָג צום ערשטן מאָל דערזען די צייטונג מיט דעם „חופּה־בילד" אויף דער רעקלאַמנע בודקע, איז ער שטיין גע־בליבן ווי געפּלעפּט. ער האָט לכתחילה געמיינט, אַז דאָס שווינדלט אים פאַר די אויגן און ער ווערט פאַרפּירט פון האַלוציגאַציעס. שפּעטער, איי־בערלייענענדיק מאָלאָטאָווס טעאַרעטישן „ריעטש",* איז ער אַ דערשלאָ־גענער אַוועקגעגאַנגען אַהיים און האָט צו זיך אַליין גערעדט:

— וואָס זשע טוט זיך דאָ עפּעס אַזוינס? מה לכהן בבית־הקברות? מה לתבן את הבר? עס שטייט דאָך: אין שלום אמר ד' לרשעים! עס שטייט דאָך: בהתחברך לרשע פרץ ד' את מעשיך! וואָס דען? קומט אויס, מוז מען לערנען דעם פּשט, אַז זיי מעגן יאָ! אַז ס'איז נישט בחינת כהן בבית־הקברות; אַז ס'איז דאָ נישטאָ קיין „בר", נאָר ס'איז בלויז „תבן"... תבן בתבן... יבש ביבש... און אויב יבש ביבש — איז דאָך מצא מין את מינו און עס קלעפּט נישט אַהער צו דער „בהתחברך".

און מיט אַ מאָל, מימינו מיכאל:

...חזות קשה הוגד לי: הבוגד — בוגד, והשודד — שודד! אמרות ד', אמרות טהורות... כסף צרוף...

* אַ רעדע.

און מיט אַ מאָל, משמאלו גבריאל:

...כה אמר ד': הנה עם בא מארץ צפון... אכזרי הוא ולא ירחמו...

*

עס זענען פאַריבער עטלעכע וואָכן. אויב נישט רעכענען די שרפה פון ן, און דעם צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די קעפּ פון די טיקע יידן, האָט די אָנגעשטרענגטקייט פון די ערשטע טעג אָנגעהויבן ין אויסצוועפן. דער ממזרישער סטאַלין—היטלער שלום האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ וואָכעדיקער גאַנג. ווייבער זאָגן: „מען זאָל בעסער נישט געפּרוווט ווערן, צו וואָס מען קען געוווינט ווערן". מען איז ביסלעכוויז געוווינט געוואָרן און דאָס לעבן פון די קיעווער רעליגיעזע יידן אין מחותנעשאַפט מיט היטלערן האָט אָנגעהויבן צוריק אַרויפגיין אויף די אויסגעטראָטענע שליאַכעס, נאָר פּלוצלינג האָט אַ שרעקלעכער לקוי־חמה פאַרטונקלט די יידישע הימלען, און טויזנטער פאַרסמטע פיילן האָבן דורכגעשטאָכן די יידישע הערצער:

דער גאון פון אוקראַינע, הרב משה ביאַליק איז דערהרגעט געוואָרן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די וואָך פון עשרת־ימי־תשובה איז הרב ביאַליק געגאַנגען מבקר־חולה זיין זיין איינציקע שוועסטער. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ נמושות־שטעקן,* און פאַר דער צווייטער — ווי לעצטנס איז איינגעפירט געוואָרן ביי זיי אין שטוב — האָט אים געפירט זיין עלטער מיידל. אַלע קינדער איז שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז ווען זיי פירן דעם טאַטן, טאָרן זיי נישט אָפּטריטן פון אים אויף קיין שריט, ווייל חוץ דעם, וואָס ער האָט כמעט אין גאַנצן פאַרלוירן די ראיה, האַלט ער זיך נישט פעסט אויף די פיס און עס דאַכט זיך אים כסדר, אַז עמעצער גרייט זיך אָנצופאַלן אויף אים. אויפן ראָג פון די גאַסן: רויט־אַרמייאישע און סאָווסקע, האָט זיך דער רב דערמאָנט, אַז די זאַלב, וואָס ער נוצט צו די אויגן, און דער פלאַש־טער און די טראָפּנס, אַלץ ענדיקט זיך שוין באַלד. ער האָט אַרויסגענומען די רעצעפּטורע פון דעם זשילעט־קעשענקעלע און האָט זי אויסגעשטרעקט דעם מיידל:

— נאַ, חנהלע. אָט דאָ, געדענק איך, דאַרף ערגעץ זיין אַן אַפּטייק. פיר מיך צו צו אַ סטויפּ, איך זאָל זיך האָבן אין וואָס אָנצוהאַלטן, און אַליין טו אַ שפּרונג אַריין אין אַפּטייק און קויף מיר דאָרט איין אָט די אַלע שמירעכטסן. גיי טאָכטער, גיי, נאָר מאַך עס איינס און צוויי, ווייל ס'איז מיר שווער צו שטיין אויף די פיס.

— טאַטע, אפשר זאָל זיין אויף שפּעטער... ווען דו וועסט זיין אין שטוב —

— איי, צו וואָס טויגן די אָפּלייגענישן? דערנאָך וועט מען זיך כאַפּן, ווען די אַפּטייק וועט שוין זיין צו... גיי, גיי, מאַך עס איינס און צוויי —

* אויף אָנצושטאָפּן דעם וועג. נמושות — טאַפּערס. פון דער גמרא.

ס׳איז געווען אַ נאָכמיטאָגדיקע שעה, ווען די באַלעבאָסטעס קענען זיך לייכטער אַרויסרייסן פון דער שטוב און צולויפן אין אַפּטייק אַריין. פאַר דעם פענצטערל פונעם אַפּטייקער האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ קליי־ נינקער עולם. דעם רבס מיידל האָט דווקא לכתחילה אַ קלער געטון אַוועק־ צוגיין, נאָר זעענדיק דורכן פענצטער, אַז דער פאָטער שטייט רואיק און האַלט זיך צו ביי דעם בוים, וואָס זי האָט אים איבערגעלאָזט, האָט זי באַשלאָסן אויסצוּוואַרטן אַ ביסל און איז ווייטער געשטאַנען אין דער ריי. און דער רב איז טאַקע געשטאַנען רואיק און האָט געוואַרט אויף זיין טאָכ־ טער, ביז... ביז עס האָט זיך אים אָנגעהויבן צו דאַכטן, אַז דער טראָטו־ אַר ציטערט אונטער זיינע פיס און דער בוים וואַקלט זיך. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס האָט אַן אויטאָ געמוזט אַרויפפאָרן אויפן טראָ־ טואַר. פאַר שרעק האָבן אים די קניען אָנגעהויבן צו קלאַפּן איינע אין דער אַנדערער. די „ערדציטערניש״ איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער... און דאָס קינד איז אַלץ נישטאָ... וואָס וועט זיין, אַז די מאַשין — וואָס האָט מן הסתם געבראַכט האָלץ, אָדער קוילן, אַלא נישט — וועלכע רעכט האָט זי אַרויפצופאָרן אויפן טראָטואַר? — וועט זיך דאַרפן אויסקערעווען? ווער וועט נותן־לב זיין, אַז דאָ שטייט אַ מענטש? און אויב אפילו יאָ — ווע־ מען וועט עס איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער מענטש איז אַ בלינדער און שטייט אין געהאַקטע ווונדן... כאבן שאין לו הופכין... און דאָס טעכטערל איז נאָך אַלץ נישטאָ... און דער טראָטואַר וויגט זיך שוין אונטער אים כאניה בלב ים... ס׳איז שלעכט! דאָס לעבן זיינס איז אין אַ סכנה! מען דאַרף אַנטלויפן כל זמן ס׳איז נישט שפּעט... און דאָס מיידעלע זיינס איז נאָך אַלץ נישטאָ... ווער ווייסט, וואָס מיט איר האָט געטראָפן? און די ערד פיבערט אַלץ שטאַרקער... ער פילט שוין דעם הייסן אָטעם פונעם מאָ־ טאָר אויף זיך... וויי־וויי, וואָס טוט מען?

לכתחילה האָט ער געוואָלט שרייען „גוואַלד״, אפשר וועט אים עמע־ צער איבערפירן אויף אַ זיכער אָרט, ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט דערויף, אַז ביי אַזאַ מסוכנער ערדציטערניש איז שוין מסתמא קיין לעבעדי־ קער נפש נישטאָ אויף דער גאַס, מען איז זיך זיכער צעלאָפן, ווער ווהין עס האָט געקענט. משמעות, אַז מען מוז זיך אַליין ראַטעווען... וואָס זאָל ער טון, אַז דאָס קינד איז נאָך אַלץ נישטאָ... במקום שאין איש...

אויפן שליאַך, הערט ער נישט קיין רעש. קיינער פאָרט נישט. וועל־ כער משוגענער וועט פאָרן אין אַזאַ שעת־סכנה? קען מען, הייסט עס, גיין. ער הייבט אָן טאַפּן מיטן שטעקן, כאשר ימשש העור באפלה... ער איז שוין ביים ראַנד פונעם טראָטואַר... ער איז שוין אויפן ברוק... ער האָט שוין אויסגעמיטן די טראַמוויי־ליניעס... נאָך אַ פּסיעה־גסה און ער וועט דערגרייכן דעם קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, נאָר פּלוצלינג איז אָנגעפאָרן אַ טראַמוויי פון איין זייט און אַן אויטאָ פון דער צווייטער. דער רב האָט זיך אין טויטשרעק אַ וואָרף געטון אויף צוריק, ער איז געשטרויכלט גע־ וואָרן אין זיין אייגענעם שטעקן, און האָט געטראָפן מיטן קאָפּ גלייך אונ־ טער די רעדער פונעם וואַגאָן —

מען האָט דעם חלל גלייך אָפּגעפּירט אין אַלעקסאַנדראָווסקע שפּיטאָל און גוטע מענטשן האָבן זיך שוין צוגעאײַלט צו ברענגען די בשורה־טובה אַהיים און צו צעטראָגן די ידיעה אין אַלע עקן פון דער שטאָט. גאַנץ קיעוו איז ממש אויפגעטרייסלט געוואָרן. ס'איז נישט געווען אין שטאָט קיין איין רעליגיעזער ייד, וועלכער זאָל נישט האָבן געקענט הרב ביאַליק; וועלכער זאָל אים נישט האָבן ליב געהאַט אהבת־נפש; וועלכער זאָל נישט געווען האָבן גרויס אָפּשיי און יראת־הכבוד פאַר זיין גוואַלדיקער גאונישקייט, און בכלל פאַר אָט דער אויסערגעוויינלעכער פערזענלעכקייט. אַלע זענען געווען דערשראָקן, דערשיטערט און עפּעס ווי אַנטוישט:

— וואָס זשע איז דאָ די חכמה? איבערלעבן דאָס יאָר 1932, דאָס יאָר 1937, דאָס יאָר 1938, נישט זיצן אין טורמע, נישט פאַרשיקט ווערן, און אַפילו קיין איין מאָל נישט זיין אַרעסטירט, און פּלוצלינג, פון דער העלער הויט, אומקומען דורך אַזאַ נאַרישן צופאַל?

עס האָט זיך גאָר עפּעס נישט געגלייבט. עס האָט זיך גאָר נישט געלייגט אויפן געדאַנק, אַז עס האָט טאַקע אויף אַן אמת אויפגעהערט צו לעבן אָט דער שיינער, הויכער, עטוואָס איינגעהויקערטער הרב ביאַליק; מיט זיין שטיל ענייוותדיק שמייכעלע, וועלכעס האָט באַלויכטן זיין קרענקלעך פּנים, ווי אַ צאַפּלדיקער מאָרגנשטערן דעם חושכדיקן הימל; מיט דער זיסער שטימע ווי אַ האַרפע, מיט זיינע אומבאַגרענעצטע קענטעניש... עס האָט זיך נישט געגלייבט! עס איז אוממעגלעך געווען אַזעלכעס צו גלייבן! טויזנטער און טויזנטער מענטשן האָבן אויסגעשיט צו דעם אַלעקסאַנדראָווסקע שפּיטאָל; אָנגעפילט דעם גאָרטן; די וואַרטזאַלן, די וועסטיביולן; די קאָרידאָרן. יעדער איינער האָט געוואָלט הערן: וואָס טוט ער? וואָס מאַכט ער? צי ס'איז נאָך דאָ אַ האָפענונג אים ראַטעווען דאָס לעבן? אפשר דאַרף מען אים מאַכן אַ טראַנספוזיע? יעדער איינער איז געווען מוכן ומזומן אָפּצוגעבן אַ טייל פון זיין בלוט פאַר דעם באַליבטן גאון. דער דאָזיקער זכות איז אָבער קיינעם נישט באַשערט געווען, ווייל באַלד האָט מען דערהערט די שוידערלעכע ידיעה, אַז הרב ביאַליק האָט שוין בקדושה ובטהרה אָפּגעגעבן דעם אייבערשטן זיין הייליקע נשמה! ער איז שוין אפילו דורכגעגאַנגען דעם אַנאַטאָמישן טיש. הונדערטער פאַר העגט האָבן אָפּגעטראָגן דעם טייערן בר־מינן צו אים אַהיים אויף מאַלאָוואַסילקאָווסקע 44, אָדער — ווי ער פלעגט שטענדיק ליב האָבן זאָגן — אין נומער „בבלי". די גאַנץ גרויסע גאַס און אַלע אירע שכנותדיקע געסלעך זענען געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. פריער האָט זיך גאָר קיינער נישט פאַרגעשטעלט, ווי ווייט מפורסם און באַרימט דער נאָמען ביאַליק איז געווען; ווי באַליבט, ווי איינגעבאַקן אין הארצן ער איז געווען ביי דער גאָרער וועלט. אויף זיך צום לעצטן מאָל צו געפינען אין הרב ביאַליקס ד' אמות זענען געגאַנגען: אַקאַדעמיקער; אַלטע קאָמוניסטן; הויכע מיליטערישע טשינען; און פיל צווישן זיי, זענען גאָר געווען קריסטן... און כמעט אַלע האָבן געזען די אויסגעשפּרייטע שטרוי אויפן פּאָל; דאָס פלאַכע בערגל

אונטער דער שווארצער קאַלדרע און די ברענענדיקע ליכט צו קאָפּנס פונעם נפטר, פון דעסט וועגן האָט די גאַנצע מעשה מיט זיין טויט ביי פיל מענטשן געקלונגען ווי א בייזער דמיון; ווי א קאָשמאַר וועלכער מוז סוף־כל־סוף פארשווינדן; עפּעס ווי א ביטערער שפּאַס, וואָס הרב ביאַליק האָט אָפּגעשפּילט דער קיעווער באַפעלקערונג. שלמה און ניסן פּייגנבוים — די צוויי „לעצטע פון די מוהיקאנער", — די איינציקע פּאָר יונגעלייט, וואָס זענען פארבליבן אויף זייער אָרט פון דעם כמעט הונדערטקעפּיקן קיעווער „תפארת־בחורים", זענען געשטאַנען אויף דער גאַס, נישט האָבנדיק קיין הארץ ארויפצוגיין אין שטוב אריין, פון וואַנען עס האָבן זיך געלאָזט הערן הימל־שפּאַלטנדיקע, הארצרייסנדיקע געוויינען און קוויטשערייען פון דעם נפטרס פרוי און קינדער און פון אַנדערע קרובים; פון שכנים און פון סתם יידן און יידענעס.

פארנאַכטלעך האָט די לויה זיך געלאָזט גיין איבער דער שטאָט. דער געוויינלעכער קאַטאַפּאַלק, * וועלכן דער שפּיטאָל שטעלט צו פאַר די מתים, וואָס האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה צווישן זיינע פיר ווענט, איז דאָ נישט געווען. די צוועלף קילאָמעטער, וואָס זענען דאָ פון זיין שטוב ביז דעם לוקיאַנאָווקער בית־עולם, האָט מען דעם גאון געטראָגן אויף די אַקסלען. ס'איז דאַמאָלסט גראָד געווען די צייט, ווען מענטשן פאָרן פון דער ארבעט. דערהערנדיק, ווער ס'איז דער אומגעקומענער איז מען ארויסגעשפּרונגען פון אַלע טראַמווייען און פון אַלע אויטאָבוסן און מען איז בקהל רב אויך צוגעשטאַנען צו דער טרויעריקער פּראָצעסיע. ווען די לויה איז ביי דער שיין פון דער לבנה אָנגעקומען אויפן אַלטן קיעווער בית־עולם, איז די גרויסע מאַסע באַגלייטערס באַשטאַנען פון צענדליקער טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן זיך ווי א פינצטערע כוואַליע צעגאָסן איבער אַלע אַלייען, גאַסן און געסלעך פון דער ריזיקער אור־אַלטער, טויטער שטאָט. וויפל שלמה האָט זיך נישט באַמיט זיך צו האַלטן אין שאָטן, — אַז די, וואָס ער האָט אַזוי געציטערט פאַר א באַגעגעניש מיט איר, זאָל אים חלילה נישט באַמערקן, — האָט אים פון דעסט וועגן נישט געהאָלפן. שטייענדיק ביים אָפענעם קבר האָט אים פרוי ביאַליק פאָרט באַמערקט. זי האָט אים קראַמפּנדיק אָנגעכאַפּט ביי דער פּאָלע פונעם מאַנטל, און מיט א פרישן צופלוס פון פארביטערונג און פארצווייפלונג האָט זי אָנגעהויבן צו יאָמערן און זיך רייסן די האָר פונעם קאָפּ:

— נו, שלמה... האַ, שלמה... וואָס זאָגט איר צו מיין בראָך? א שיינע חתונה, האַ? אַזאַ קרוין! אַזאַ צירונג! אַזאַ אוצר! — גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד... אַלע שלעכטע יארידים אָפּגעיאַרידעוועט און ארויס מיטן לעבן, און איצט, אַז ס'איז געקומען צום לעבן... גוואַלד, שלמה, איר געדענקט כאָטש ווי אַזוי ער האָט געציטערט איבער זיינע כתבים, אַז עס זאָל חלילה נישט פארפאַלן ווערן קיין איין בלעטל... עס זאָל נישט אָפּגעריבן ווערן

* אין דער רוסישער שפּראַך: דער קברות־וואָגן.

קיין איין שורה... וואָס איז? שלמה פּיאַטיגאָרסקי האָט אים פיל מאָל אָנ־געוווּנטשן, אַז ער זאָל נאָך זוכה זיין זיי אָפּצודרוקן... איר האָט אפילו אַ מאָל, חנוכה איז דאָס געווען, אָנגעמאָלט דעם שער־בלאַט מיט אַלע טיט־לען, איר געדענקט? אשלא רברבא... מרנא ורבנא... רבן של כל בני־הגולה... אַזוי האָט איר געשריבן, צי ניין? ווו איז אייער ווונטש, האַ, שלמה? וואָס שווייגט איר? שיין אָפּגעדרוקט, האַ? שוין דווקא איין מאָל אָפּגעדרוקט...

שלמה האָט מיט כח אויסגעריסן די פּאָלע ביי דער אומגליקלעכער פרוי און איז כל עוד נשמתו בו פאַרשווּנדן געוואָרן צווישן דעם טויזנט־קעפּיקן עולם —

— וואָס האָט ער איר געקענט ענטפערן? וואָס?

אויף צו מאָרגנס איז אין דער „גרויסער" שול אויף קראַסנאָאַרמייס־קע 158, געווען אַ גרויסער רעש: מען האָט גאָר ביי יידן קיין מאָל נישט געהערט פון אַזעלכע גרוילנדיקע מיתות־משונות, און דאָ אין משך פון אַ פּאָר יאָר — אַזעלכע צוויי קרבנות, צוויי קיעווער משהס: משה פרידמאַן און משה ביאַליק. און חוץ זיי איז אין לעצטן יאָר נאָך איין ייד אומגע־קומען אונטער אַ פערד און וואָגן... און אויך צוויי יידישע פרויען... און אפשר אַ האַלב צענדליק קינדערלעך... ניין, דאָ איז עפּעס נישט פראָסט, דאָ האָט עפּעס דער ציבור שטאַרק פאַרזינדיקט און קהל מוז אָפּוואַשן דעם חטא פון זיך... קיינער קען אַזאַ חטא נישט ממרק זיין, נאָר קהל מיט געמיינ־זאַמע בוחות... גדול זכות הציבור... מיט קיין יחידישע קרעכצן וועט מען אַזאַ גזירה נישט אָפּשרייען, נאָר יחדיו, נאָר ברבים, זכותא דרבים עדיף! עס האָט דאָרט אַזוי לאַנג געשטורעמט און געקאָכט, ביז אַלע קיעווער רבנים האָבן זיך צונויפגענומען און, נאָך אַ לאַנגן שקלא וטריא — צי מען מעג דאָס היינטיקע צייטן טון, צי ניין, — האָבן זיי גוזר־תענית גע־ווען. טויזנטער מענטשן, רעליגיעזע און נישט־רעליגיעזע, האָבן געפאַסט דעם דאָזיקן תענית. ביי טאָג איז אויף קראַסנאָאַרמייסקע 158, פאָרגעקו־מען אַ הזכרה נאָך דעם לעצטן אומגעקומענעם: הרב ביאַליק. דער שול־הויף איז געווען פאַרפלייצט מיט טרויערנדיקע מפּה אל פּה. און אַזוי ווי צו דער הזכרה זענען געקומען פאַרשידענע מענטשן מיט פאַרשידענע פּרצופים, האָבן די מספּידים זיך געהיט די ביינער... זיי האָבן גע̇לערנט פאַר־שידענערליי פּשטים אויף הרב ביאַליקס טויט, נאָר — באַהיט און באַשי־רעמט זאָל מען ווערן — קיין רמז דרמיזא נישט אויף דעם פּראָסטן פּשט — ווו און ביי וועלכע אומשטענדן ער האָט פאַרלוירן די שיין פון די אויגן —

אין דער פריידיקער שטימונג פון שלמהן מיט יוכבדן, וואָס האָט גע־נומען איר אָנהייב פון זייער פּריש־דערלאַבערטער פרייהייט, האָט געפּלאַצט אַ סטרונע, די הויפּט־סטרונע. ס'איז עפּעס מיט אַ מאָל געוואָרן אַ בזיון פאַר זיך אַליין אַ הויכן לאַך צו טון אין שטוב; זיך מיט עפּעס צו קוויקן; אָדער זוכן ערגעץ פאַרגעניגנס; נאָך דעם ווי הרב ביאַליק איז אַזוי יונג און מיתה־משונהדיק אומגעקומען. די מינדסטע פריילעכע מינע איז גע־ווען ווי אַ לעסטערונג צום הייליקן אָנדענק פון הרב ביאַליק.

# קאפיטל IV

דערווייל איז פאַריבער תשרי, ס'איז פאַריבער חשון און אויך כסליו —

דאָס איז געווען ענדע נאָוועמבער. שלמה האָט זיך צו מנחה־מעריב אַריינגעכאַפּט אין שול אַריין. ער האָט זיך געוואָלט טרעפן מיט זיין ייִדן שלומען. אין שול זעט ער, אַז ס'איז דאָ אַ פרעמדער ייִד ביים דאַווענען, מען שטעקט אים „שלום־עליכמס" פון אַלע זייטן, דערלאַנגט ער אים אויך „שלום". ווי ער איז נאָר אָפּגעטראָטן פונעם פרעמדן, הערט ער, ווי דער שמש זאָגט צום אורח:

— ר' ייִד, ווען איר זאָלט בעסער געווען ברענגען אין שול אַריין עטלעכע קילאָגראַם שוואַרצע ראָזשינקעס אויף קידוש והבדלה, וואָלט איר, גלייבט מיר, געווען אַ שענערע זאַך אויפגעטון, ווי כ'בעט איבער אייער כבוד, מיט אייער כפול־שמונהדיקן טשערוואָניעץ...

— גלייבט מיר, זיידע־סערדצע, כ'לעבן ס'איז חלילה נישט פון קאַרג־שאַפט, נאָר ס'איז מיר פשוט נישט איינגעפאַלן אַזאַ רעיון. ס'איז טאַקע אַ נאַרישקייט, ווייל ביי אונדז קאָסט אָט די קראָם ביליק, בזול הזול...

— או—וואַ, אַ שאָד! און ביי אונדז דאָ, איז קיין שוואַרצע ראָזשינ־קעס מיט קערלעך קריגט מען גאָר אפילו פאַר קיין געלט אויך נישט.

שלמה האָט זיך אומגעדרייט צו דעם ייִדן פון „ערגעץ־לאַנד":

— ווו איז דאָס ערגעץ ביי אייך אַזאַ זול אויף ראָזשינקעס?

— אין גרוזיע... אין קוטאַאיס...

— זענט איר, הייסט עס, אַ קוטאַאיסער?

— זיין בין איך אַליין אַן אַסטראַכאַניער, עס הייסט, אַ געבוירענער בין איך גאָר אַ כערסאָנער, נאָר ס'איז שוין פערצן יאָר, אַז איך וווין אין גרוזיע, אין קוטאַאיס, הייסט עס. פון דעם יאָר 1926 אָן.

— אויב אַזוי, זענט איר ביי מיר אַן אָנגעלייגטער גאַסט! עס קען אפשר זיין, אַז איך וועל האָבן דורך אייך אַ גרוס —

— אָך! איך קען אייך אָפּגעבן גרוסן פון וועמען איר ווילט נאָר אַליין. איך קען די גאַנצע שטאָט, אפילו די גרוזינער ייִדן —

— ביי אייך דאַרף דאָרט זיין אַ יונגערמאַן... עס הייסט, זיין איז ער נאָך אַ בחור, סיידן — ווער ווייסט? אפשר האָט ער שוין דאָרט חתונה געהאַט —

— שטראָף מיך גאָט, אויב איך הייב אָן צו פאַרשטיין אפילו איין וואָרט פון אייער גאַנצן קוועטשעניש... וואָס קוועטשט איר זיך, וואָס? קוועטשט זיך נישט אַזוי לאַנג, יונגערמאַן, איר וועט גאָרנישט אויסקוועטשן, וועט איר נישט. קוטאַאיס איז נישט קיעוו, מען קען זיך דאָרט איינס דאָס אַנדערע. מען דאַוונט צוזאַמען; מען האַנדלט צוזאַמען; ווער שמועסט אויב אייער בעל־דבר איז נאָך אַ רוסישער ייִד, איז דאָך אָפּגערעדט! ווי אַזוי רופט מען אים, אייער בחור?

— סעגאַל.

— טפו, אויף מיינע שונאימס קעפּ! מאיר סעגאַל? אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע. אַ פראַגע, צי איך קען מאירן. איך קען מאירן, איך קען נפתלין.

— ווער איז דאָס אַזעלכער, דער נפתלי?

— נפתלין קענט איר נישט? זיי זענען געקומען צו פאָרן צוזאַמען —

— ניין, איך קען אים נישט.

— אסור זאָל מיר זיין, אויב איך גלייב אייך, אַז איר קענט נישט נפתלקען... אַ יונגאַטש מיט ביינער... אַן אויסגערויכערטע ליולקע... אויפן „טשאָלענטברעטל” — אַ מגושמדיקע צורה... אַ שייגעצוואַטע פּרצוף... וויים איך, וואָס דערציילט איר מיר מעשות — איר מוזט אים קענען! יענער ברענט אַ וועלט...

— ניין, איך קען אים נישט. איז מאירן, הייסט עס, קענט איר גוט?

— אַ שאלה? ער האָט אפילו, באַלד ווי ער איז נאָר געקומען, ביי מיינעם אַ שוואָגער געקויפט אַ מאַשין —

— וואָס פאַר אַ מין מאַשין?

— אַ טריקאָטאַזשנע מאַשין. אַ פלאַנגעווע טריקאָטאַזש־מאַשין אויף פינף און אַכציק צענטימעטער... איצט אַרבעטן שוין ביי אים, ברוך־השם, דריי מאַשינען —

— האָט ער זיך, מאיר הייסט עס, צו ביסלעך אַרויפגעאַרבעט?

— זאָל אים גאָט העלפן. מאיר האָט זיך קיין עין־הרע זייער שיין אַרויפגעאַרבעט, אָבער אָט דער נפתלי איז אַן אמתער עושר... דערפאַר אָבער איז ער אַ גש, אַ קאַרגע זאַך, ווי זאָגט מיין פּלוניתטע, זאָל זיין געזונט און שטאַרק: ער טראָגט אַ פּויערל אין בוזעם, אָט דער נפתלקע־משומד... נאָר מילא, משומד היינט, משומד מאָרגן, ער איז אַ יונגערמאַן פון גאָר, גאָר שיין געלט... איר האָט גאָר קיין השגה נישט... נאָר מאירן פעלט אויך חלילה גאָרנישט. חוץ זיין שאָדן, אויף אונדז ביידע געזאָגט געוואָרן —

— מהיכי תיתי, עס טוט מיר באמת הנאה. מאיר איז אַ תכשיט אַ יונגערמאַן.

— איר גייט מיר ערשט דערציילן, וואָס מאיר איז? מאיר איז אַן אַנטיקל! אַ קאַרפּירער אתרוגל!! אַ יקר־המציאות!!! ווו טרעפט מען גאָר היינט אַזוינע מאירקעס?

— שטייט נאָר, מאיר האָט מיר אַ מאָל אין אַ בריוו דערמאָנט אַ נאָמען פון אַ יידן... אויב איך האָב קיין טעות נישט... אויב איך האָב קיין טעות נישט... דאַכט זיך — נחמיה־וואָלף ביק...

דער קוטאַאיסער ייד האָט אַזש אַ שפּרונג געטון:

— אָט דאָס בין איך טאַקע! טאַקע איך אַליין בין דאָס!

אויף זיין טונקל־פאַרברוינטער, שמאַלציקער צורה, און נאָך זיינע לע־

בעדיקע אײנגעלעך האָט מען געזען, אַז עס טוט אים אַלײן װױלד הנאה, װאָס ער, איז טאַקע ער, און נישט קײן אַנדערער.

— קײן חתן װערט ער דאָרט נישט?

— עפּעס הערט מען נישט. מען װאָלט מן הסתם געהערט. די װעלט װאָלט געררעדט פון דעם נײעס. און װידער, איך בעט אײַך: װעמען זאָל ער נעמען? װו האָט ער דאָרט זײַנס גלײַכן? אַז ער האָט זיך אין אַזאַ קיעװ נישט געקענט צוקלײַבן קײן מײדל, װילט איר, אַז ער זאָל אין יענעם עק־װעלט זיך אָפּזוכן אַ פּאָר?

— מילא... מײַן באָבעס דאגה? ער קען זײַן שטעטל אַלײן באַשטײן... מן־הסתם איז ער אָן קײן זיװוג נישט געבוירן געװאָרן... װײַטער דאַרף דאָרטן זײַן בײַ אײַך אַ רב... ר׳ מיכאל...

— דעם פּאָלטאַװער רב, מײנט איר? ר׳ מיכאל ליבערמאַן? איר מעגט שױן זאָגן „עליו השלום״ —

— אַזױ? ברוך דיין האמת! װען איז ער נפטר געװאָרן?

— מיט אַ װאָכן דרײַ צוריק... נײן, װאָס רעד איך? נאָך נישטאָ קײן דרײַ װאָכן, װײניקער!

— אַך, אַך, אַך... טאַקע געשטאָרבן אין גלות... אַן עלנטער װי אַ שטײן... װאָס זשע איז אים אַזעלכעס געװען? ער האָט לאַנג געקרענקט?

— געקרענקט? איך װײס, צי לאַנג? װי אַזױ זאָל איך אײַך זאָגן, אי יאָ לאַנג, אי נישט לאַנג... אין אמת גערעדט, בעת ער איז געקומען צו פאָרן, איז ער נאָך געװען גאַנץ נישקשה! דערנאָך, אַז מען האָט אָנגעהױבן צונעמען זײַנע קינדער פון זײערע הײמען, אַזױ װי מען נעמט אַראָפּ די קװאָטשקע פון די אײער, איז ער גלײַך געװאָרן אַן אױסגעלאָשענער מענטש —

— ?...

— װאָס האָט איר אויסגעגלאָצט אויף מיר אַ פּאָר אויגן? איר װײסט נישט, װאָס מען מײנט „אַן אויסגעלאָשענער מענטש״? אַזאַ מענטש, װאָס דאָס פֿלעמעלע האָט שױן אין אים אויסגעזױגן דעם לעצטן לעק נאַפט, און איצט רױכערט זיך שױן דאָרט נאָר דער קנויט... אַזאַ ברענעניש הײסט שױן נישט געברענט, נאָר געקאָפּטיעט... געמאַטערט אי זיך, אי יענעם... און נאָך אַ ביסל שפּעטער, אַז ער איז שױן כמעט אין גאַנצן פאַרבליבן „נקי״, האָט עס אים שױן צום איבעריקן אומגעװאַלגערט פון די פיס... װי זאָגט ער דאָרטן ערגעץ: קפץ עליו החלי, קפצה עליו זקנה, אַזױ איז בײַ אים געװען...

— אַזױ, אַזױ... ער איז דאָך נאָך גאָר נישט געװען אַזאַ אַלטער, האַ?

— מען דאַרף דען זײַן אַלט אויף צו שטאַרבן? ער האָט זיך אָנגענומען מיט פאַרגעניגנס פון דעם עולם פונקט אויף אַזױ פיל, װיפל ס׳איז גענוג אויף צו שטאַרבן...

— װאָס זשע? אַלץ פון דעם פאַרשיקטן זון?

— װאָס איז עפּעס נאָר פון אײן זון? ער האָט פון אַלע קינדער גע־

האט גרויס נחת... אויף אלע יעזשאָווצעס און אויף אלע היטלעראָווצעס געזאָגט געוואָרן, רבונו של עולם...

— איר ווייסט עפּעס פּרטים וועגן זייער פאַמיליע? גראָד וועגן די ליי־בערמאַנס אינטערעסירט מיך זייער יעדעס פּיצעלע און יעדעס ברעקעלע.

— אַ שאלה ערשט, צי איך ווייס? דער רב לשלום האָט געוווינט אין דער צווייטער האַלבער דירה פון מיר; די טיר פון מיין אַלקער איז אַריינ־געגאַנגען אין זיין חדרל אַריין; ער האָט זיך כמעט שטענדיק געפונען ביי מיר; ער האָט געגעסן ביי מיר צוויי יאָר נאָך אַנאַנד; מיר האָבן אים אויסגעהאַלטן בכבודו של עולם; פרעגט איר ערשט, צי איך ווייס עפּעס... אומשטיינס געזאָגט, זיינע גרויסע גליקן. נאָר איך ווייס זיי אַלע, מיט די פּרטי־פּרטים, מיט אַלע תגין... ער זאָל דאָרטן זיין אַ גוטער מליץ פאַר אונדז אַלע און פאַרן כלל ישראל, ער פלעגט פאַר אונדז אויסגיסן זיין ביטער האַרץ, מיר זענען אים געווען נעענטער פון אַלע אַנדערע רוסישע יידן... ווייל אַ האַרץ פילט אַ האַרץ... עס גיט זיך איבער...

— דערציילט זשע, איך בעט אייך. זעצט זיך צו. פאַר דעם זעלבן געלט קענט איר דאָך זיצן... פון זיין פּאָלטאַוועער זון ווייסט מען עפּעס?

— פון זיין פּאָלטאַוועער זון ווייסט מען גאָרנישט, און פון דעם מאָס־קוועער זון ווייסט מען אויך גאָרנישט...

— שטייט נאָר! וואָס הייסט, פונעם מאָסקוועער זון? מען האָט אים דען אויך גענומען?

— שטייט, שטייט... וואָס איז דער „שטייט", וואָס? ער דערפרעגט זיך ערשט, צי מען האָט אים גענומען. אודאי האָט מען אים גענומען, ווי דען? זיי וועלן עמעצן איבערלאָזן?

— וואָס זשע האָט מען געהאַט צו אים? ער איז דאָך שוין קיין רב נישט געווען! ער איז דאָך געווען, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אַ אינזשיניער־עקאָנאָמיסט —

— הם! וואָס האָט מען גאָר געהאַט צו אים... טאַקע אַ קלוגע פראַ־גע, כ'לעבן. בפירוש אַ האַרבע קשיא! איך האָב אָבער באַלד דערקענט אויף אייך, אַז איר זענט אַ יונגערמאַן אַ תלמיד־חכם... נאַ דיר גאָר, וואָס מען האָט געהאַט צו אים, און וואָס האָט מען געהאַט צו אַלעמען? זיין חטא איז געווען: קודם כל, וואָס ער איז פון אַ רבנישער משפחה; און אַ חוץ דעם האָט אין פּאָלטאַווע עמעצער אָנגעוויזן אויף אים, אַז אין דער יוגנט האָט ער זיך אונטערגעשמייכלט צו ציוניזם. דאָס איז דען ווייניק אַרגו־מענטן? בקיצור, ער איז אַוועק, ווי דער שבת־קודש גייט אַוועק. נישט פון אים און נישט פון זיין פאַמיליע, האָט מען נישט געהאַט אפילו קיין מינדסטע ידיעה. פאַרקערט, זעט איר, פון דעם איידעם הערט מען שוין דווקא יאָ.

שלמה האָט אים ביז ווייטיק צונויפגעדריקט די האַנט:

— וואָס האָט איר עפּעס געזאָגט — דער איידעם? וועלכער איידעם?

— הערט, חבר, די מעשה, איז אודאי אַ טרויעריקע מעשה, אָבער

איך שווער אייך בנקיטת־חפץ, אַז מיין האַנט האָט דאָ מיט גאָרנישט גע־זינדיקט און איר דאַרפט פון איר נישט מאַכן קיין פּרעזשעניצע... איך זאָג, פון זיין אײדעם, פון דעם גורעוויטשן, ווייסט מען דווקא יאָ: ער איז אין אַרכאַנגעלסק. ער האָט צען יאָר. קיין בריוו טאָר ער נישט שרייבן און טאָר נישט באַקומען — שטרענגע איזאָלאַציע! זעט איר, פּעקלעך — דווקא יאָ, אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס מען מעג, ווי באַלד, אַז אַלץ איינס האָט זי אים נישט וואָס צו שיקן. ס'איז איר דאָרט אַזוינס פּאַרגאַנגען, אַז זי מוז אין אים פאַרגעסן —

שלמה האָט זיך מיט טרערן אין קול געבעטן ביי אים:

— איך בעט אייך, האָט אויף מיר רחמנות... איך בעט אייך, זייט אַזוי פיל גוט און דערציילט מיר אַלץ באַריכות, וואָס איר ווייסט וועגן דעם איידעמס אומגליק. ער רעכנט זיך אַ ווייטער קרוב מיינער —

— אַזוי גאָר? זענט איר דאָך טאַקע מחויב אַלץ צו וויסן. איר זאָגט, אַז איך זאָל אייך דערציילן אַלץ, וואָס איך ווייס. און וואָס ווייס איך דען נישט? איך ווייס אַלץ. פּונקט אַזוי ווי מיינע אייגענע געשעפטן. מען שמו־עסט דאַכט זיך גוט, אַז דער נפטר, זכרונו לברכה, פלעגט ביי מיר אין שטוב איבערזיצן די אויפדערנאַכטן; אונדז דריי מאָל איבערלייענען יעדן בריוו; קורץ גערעדט: אַן אמתער בן־בית! הלואי וואָלט איך דער טאָכטער זיינער אַזוי געקענט העלפן, ווי איך ווייס פון אַלע אירע גליקן.

— דערציילט זשע פונעם סאַמע אָנהייב. ס'איז שוין לאַנג, אַז ס'האָט מיט אים געטראָפן דאָס אומגליק?

— דאָס האָט געמוזט זיין: אָדער ענדע 1938, אָדער אָנהייב 1939... אַזוי צי אַזוי, נאָר עס מוז שוין באַלד זיין אַ יאָר —

— דערציילט זשע, דערציילט זשע...

— איר מיינט, אַז ס'איז עפּעס דאָ אַ סך צו דערציילן? ער מיינט ס'איז דאָ דאָ, וואָס צו דערציילן באַריכות! ס'איז גאָרנישט קיין גרויסע געשיכטע אויך. ער האָט דאָך דאָרטן געאַרבעט ביי זיי עפּעס אויף אַ קאָמ־בינאַט, צי אין אַ סינדיקאַט, אַלס אינזשיניער־עלעקטריק —

— ווו? אַלץ אין טאַגאַנראָג?

— ווו דען? אויפן בוידעם?

— נו־נו, וואָס זשע האָט אַזעלכעס געטראָפן?

— עס האָט געטראָפן דאָס, וואָס מען האָט זיך געקענט ריכטן, אַז עס זאָל זיך טרעפן. אויף שבתדיקן טאָג פלעגט ער זיך אומאָפיציעל בייטן מיט די וואַכטעס. דער צווייטער אינזשיניער פלעגט אין טאַבעל פאַרשרייבן גורעוויטשן און מאָנטיק, גורעוויטש — אים. האָט זיך אַזוי געדאַרפט מאַכן, אַז פּונקט שבת, האָט זיך אויף גורעוויטשעס וואַכטע געטראָפן אויפן זאַוואָד אַ שטאַרקע אַוואַריע: עפּעס אַ סטאַנאָק האָט זיך אָנגעצונדן; דער גאַנצער צעך־האָט זיך אָנגעכאַפּט; פאַרשידענע נאַפטן האָבן אויפגעפלאַמט; קיצור: מען האָט די שרפה קוים פאַרלאָשן. די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן שאָדן; זי האָט גורם געווען אַן איבעררייס אין דער

אַרבעט אויף עטלעכע וואָכן. די אויספֿאָרשונגס־אָרגאַנען האָבן זיך גלייך געכאַפּט פֿאַר דעם אינזשיניער, נאָר יענער האָט געמאָלדן, אַז היינט איז גורעוויטשעס וואַכטע און נאָר דערפֿאַר, ווייל ס׳איז היינט שבת, פֿאַרבייט ער אים. מען האָט שׁאַיען תיכּף אַרעסטירט און מען האָט אים אָפּגעפֿירט קיין ראָסטאָוו. געמשפּט האָט אים אַן אַרויספֿאָרנדיקע סעסיע פֿון העכסטן געריכט, פֿון אַזאָוו־שוואַרץ־ימישן געביט. ס׳איז אויך אָנגעקומען אַ פֿאַרשטייער פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער פּראָקוראַטור און אַ פֿאַרשטייער פֿונעם נאַרקאָמאַט פֿאַר שווערער אינדוסטריע. דער פּראָצעס איז געווען אַ קלינגענדיקער, אַ „למען־ידעו״ * פּראָצעס. דער מאָסקווער פּראָקוראָר האָט קוואַליפֿיצירט זיין פֿאַרברעכן אַלס בייזוויליקע דיווערסיע: מכלומרשט, הייסט עס, האָט ער נאָך צוגעגרייט די דיווערסיע פֿון פּרייטיק, צו דער צייט, ווען די שׂרפֿה האָט געדאַרפֿט אויסברעכן, האָט ער אומיסטן אונטערגעשטעלט אויף זיין אָרט אַ צווייטן, באַהאַלטנדיק זיך אונטער דער מאַסקע פֿון אַ רעליגיעזן יידן, וואָס וויל כּלומרשט נישט אַרבעטן אום שבת. בקיצור: ער האָט אויף דעם גורעוויטשן געשאָטן שוועבל און פּעך, און צום סוף פֿון זיין רעדע האָט ער פֿאַרן דיווערסאַנט געפֿאָדערט טויטשטראָף. זיין רייזל האָט דערנאָך געשריבן צום פֿאָטער, אַז נאָכן אַרויסטריט פֿונעם פּראָקוראָר האָט דער געריכטזאַל אַזוי געציטערט פֿון אַפּלאָדיסמענטן, אַז ס׳האָט זיך איר נאָר געדאַכט, אַז אָט דאָ שיסט מען אים שוין אויפֿן אָרט. נאָר דווקא דער קאָמבינאַט האָט פֿון זיך אַרויסגעשטעלט אַן אַדוואָקאַט און דער דירעקטאָר אַליין איז אויך אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע. זיי האָבן באַוויזן דאָס נישט־ריכטיקייט פֿון דעם פּראָקוראָרס בלבולדיקער באַשולדיקונג, אַז דער שבת דינט ביי גורעוויטשן נאָר פֿאַר אַ שירמע, פֿאַר אַ תּירוץ, דערווייזנדיק מיט עדות, אַז גורעוויטש אַרבעט נישט אום שבת פֿונעם ערשטן טאָג אָן, פֿון זינט ער איז אָנגעקומען אויפֿן קאָמבינאַט. דער דירעקטאָר האָט דערוויזן, ווי ערלעך ער האָט געאַרבעט; אַז ער האָט קיין מאָל אין זיין אָפּטיילונג קיין אַוואַריע נישט געהאַט, און קוים איז דער צווייטער אינזשיניער איינגעגאַנגען אים צו פֿאַרטרעטן, איז בלויז ער אַליין פֿאַר אַלץ פֿאַראַנטוואָרטלעך, און גורעוויטש איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער וואַכטע, אין וועלכער ער פֿאַרטרעט דעם צווייטן אינזשיניער. דער סוף איז געווען, אַז דעם צווייטן אינזשיניער האָט מען אַראָפּגענומען פֿון דער אַרבעט, פֿאַר בייטן זיך מיט די וואַכטעס אָן דעם רשות פֿון דער דירעקציע; און גורעוויטשן האָט מען געגעבן צען יאָר מיט שטרענגער איזאָלאַציע. נאָר איין בריוו איז פֿון אים אָנגעקומען, אויף וועלכן ער איז געווען אונטערגעשריבן. מודיע זיין: וואָס און ווען, דערלויבט מען אַ פּנים יאָ, און אפשר איז ער אַן אויסנאַם, כ׳ווייס? ווער קען דערגיין אַזאַ זאַך? אין דעם דאָזיקן בריוו האָט ער געשריבן, אַז ער איז אין אַרכאַנגעלסק, און האָט געבעטן שיקן פּעקלעך. עס איז דערלויבט צו שיקן צוויי פּעקלעך אַ חודש —

* געמיינט: אויף אָנצולערנען, אויף אָפּצושרעקן.

דער לייביקער ייד האָט רוישיק אָפּגעסאָפּעט:

— אָט דאָס איז די אונטערשטע שורה... האָב איך אייך, הייסט עס, צוליב געטון... אַז איר האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט וויסן, איז אָט דאָס האָט איר אייך וועגן אייער קרוב —

שלמה, שווער נאָכדענקענדיק:

— און וואָס האָט איר עפּעס געזאָגט וועגן זיין ווייבל, אַז ס'איז איר אַזוינס פאַרגאַנגען, אַז זי מוז אין אים פאַרגעסן?

— דאָס איז אַ חוץ אַ מעשה! קיין מעשות פעלן נישט... וואָס האָט איר צו קלערן? ר' מיכאל דער רב האָט געהאַט אויף זיך איובס צרות... דער טויט איז אים נישט גרינג אָנגעקומען...

שלמה, מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ:

— וואָס זשע פאַרט איז אַזוינס ביי איר? דערציילט! איך בעט אייך, דערציילט!

— ביי די גורעוויטשעס האָט זיך פאַר אַ יאָרן, נישט פאַר אונדז גע־דאַכט, געפעלט אַ יינגעלע פון דיפטעריט. וואָס דען, זענען זיי געבליבן ביי איין מיידעלע, אַן אסנתל, אַ קינד דאָס זעקסטע יאָר. איך, פאַרשטייט זיך, קען דאָס קינד נישט. חוץ דעם רב לשלום קען איך זיי קיינס נישט. נאָר דער רב פלעגט זי שטענדיק אַזוי לויבן... ער פלעגט תמיד זאָגן, אַז אַזאַ אַנטיקל ווי ביי זיין רייזלען, איז גאָר אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ. בקיצור, צו וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען — איז דאָס קינד היינטיקן נאָך־יומטובים קראַנק געוואָרן אויף לונגען־אָנצינדונג, דערנאָך — טאָמער איז קאַרג געווען — האָט עס נאָך געכאַפּט אַ פּליעווריט און עפּעס דאָרט אויף די נירעלעך... אין דעם לעצטן בריוו האָט דעם רבס טאָכטער גע־שריבן, אַז די דאָקטוירים געפינען ביים קינד סימפּטאָמען פון טובערקולאָז, פון טשאַכאָטקע, הייסט עס. — וואָס ווילט איר קלערן? ס'איז איר דאָרט ניין מאָל גוט: איינס פאַרלוירן, דאָס צווייטע האַלט זיך אין פאַרלירן — מען קען משוגע ווערן! עס קען בפירוש זיין, אַז מען וואָלט נאָך דאָס קינד אפשר געקענט ראַטעווען: פאַרגיסן מיט פעטנס; מיט איין וואָרט — היילן! אָבער גיי רעד, אַז זי איז אָרעם ווי דער טויט, פאַרמאָגט אפילו נישט קיין מזון סעודה אחת... איצט זאָגט אַליין: קען זי שוין אין זינען האָבן דעם מאַן, אַז איר איין און איינציק טעכטערל צאַנקט פאַר אירע אויגן ווי אַ ליכט, און זי קען דעם מיט גאָרנישט העלפן. אָט־אָ די לעצטע עטלעכע בריוו, האָבן דעם רב אומגעוואָלגערט פון די פיס. דאָס מיידעלע איז אַ נאָמען נאָך דער רביצן. דער בת־יחידהס אַ בת־יחידקעלע. פון דאָמאָלסט אָן האָב איך אויפשטייענדיק און זיך לייגנדיק געהאַלטן אין איין זאָגן דעם ווייב מיינעם, זי זאָל זיין געזונט און שטאַרק: „שיינצי! עפּעס דער אַלטער גע־פעלט מיר נישט... דאָס פּנים זיינס איז מיר עפּעס פאַרלאָשן"... דערווייל האָב איך אויף אַ וואָך־צוויי געדאַרפט צופאָרן קיין יערעוואַן,* איך האָב

---

* די רעזידענץ פון אַרמעניע.

דאָרטן געהאַט אַ שטיקל געשעפט. בקיצור, איך קום צו פאָרן — טע־טע־טע... פון ר׳ מיכאלן איז שוין באַלד קיין סימן נישטאָ: ער זעט שוין כמעט נישט, ער הערט שוין נישט, כאָטש שריי חי וקים — נישטאָ צו וועמען צו רעדן! אויפן בעטל ליגט שוין נאָר אַ טליענדיקע האַלעוועשקע, קוים וואָס ער זיפּעט נאָך. מיין שיינצי האָט מיר דערציילט, אַז מאיר סעגאַל האָט זיך ממש אָוועקגעלייגט, ער האָט זיך מפקיר געווען! און נישט נאָר ער! וואָס עפּעס נאָר ער? די גאַנצע שטאָט! און כ׳בעט אייך, וואָס איז די רבותא? ווי אַזוי דען? מען האָט געוואָלט ראַטעווען אַזאַ טייערן מענטשן, ווי דער רב ליבערמאַן. וואָס זשע קומט אָבער אַרויס פון אָט די אַלע ווע־לעכטסן? דער מלאך־המות איז מעכטיקער פון אונדז אַלע. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער טאַקע נסתלק געוואָרן... זכרונו לברכה... דאָס מיידעלע מיט אירע לונגעלעך האָט אים צום איבעריקן דערקאַנטשעט. עס איז אים, מאַלט אייך, געווען גענוג גוט אָן איר אויך. עפּעס אַ ווערטעלע אויסצו־רעדן: פאַרלירן צוויי זין מיט אַן איידעם! החוט המשולש! נאָר אָט דאָס אייניקל, אָט די אסנתל, איז געווען דער לעצטער ביטערער טראָפּן אין זיין בעכער.

דער ייד גיט זיך אַ קראַץ אין אויער:

— יאָ, יאָ, דאָס האָט געדאַרפט זיין מיט אַ וואָכן דריי צוריק... ניין, וואָס זאָג איך? עס זענען נאָך נישטאָ קיין דריי... ווייניקער... אָט אַזוי איז דאָס, גוטער ברודער... קעגן דעם, וואָס איר זאָגט: היינטיקע ציימן... ס׳איז היינט אַ וועלט מיט וועלטעלעך... אוי־וואַ! מען שטעלט זיך שוין דאַוונען מעריב, מען דאַרף זיך גיין וואַשן די הענט —

# קאַפּיטל V

אין יענעם אָוונט איז שלמה פון מעריב נישט געפאָרן גלייך צו זיך אַהיים. ער האָט געפילט, אַז ער וועט דאָרט פון קיין מנוחה נישט וויסן. די פאָרציע מרור, וואָס ער האָט איינגעשלונגען אין דער דאָזיקער נאַכט, וועט ער אַזוי לייכט נישט אַראָפּשלינגען. וואָס האָט ער צו יוכבדן? פאַר וואָס זאָל ער ללא הועיל צעברעכן איר האַרץ מיט פרעמדע צרות? קאַרג האָט זי אַליין זיך אָנגעליטן בימי־יעזשאָוו, ימח שמו? קאַרג צרות האָט זי געהאַט פון זיין „אָפּריכטן דעם סדר" דאַמאָלסט, נאָך דער גוטער בשורה וועגן דעם טויט פון דעם לעבעדינער רב? ניין, ער קען איצט אַהיים נישט פאָרן. ער מוז פריער גוט־גוט איינקנעלן מיט זיך אַליין דאָס נייע קאַפּיטל „קינות", מיט וועלכן מען האָט אים ערשט מכבד געווען: אַז ליבערמאַן, דער פאָלטאַווער רב, איז געשטאָרבן אין דער פרעמד ווי אַ בעטלער, ווי אַ פאַרשיקטער, נישט האָבנדיק אין דער לעצטער מינוט פאַר זיינע אויגן קיין איין קינד; אַז זיינע צוויי זין און דער איינציקער איידעם זענען אָפּגעזעגט געוואָרן פון זייער שטאַם אויף אייביק; אַז זייערע פאַמיליעס זענען פאַר־אורטיילט צו אַ לאַנגזאַמען, פּיינלעכן טויט; אַז רייזל ליבערמאַן, די אומ־פאַרגלייכלעכע „רייזעלע דעם רבינס", האָט שוין איין קינד געבראַכט צו אַ „תכלית", און אַצינד איז שוין דאָס צווייטע אויך באַלד פאַרטיק... ניין, ניין, ער טאָר איצט אַהיים נישט פאָרן... צו רייזלס בראָך קען ער קיין שותפים נישט נעמען... אפילו נישט יוכבדן... ניין, נישט אפילו, — יוכבדן אודאי און אודאי נישט! זי קען אים נאָך חושד זיין אין „כ'וויס וואָס"; זי קען נאָך אַ טראַכט טון וועגן אים: „זכרתי לך חסד נעוריך"... ניין, ניין, לפני עור לא תתן מכשול! ער וועט זי נישט מכשיל זיין אין אַזאַ שווע־רער זינד, ווי דאָס זיין אַ חושד בכשרים; ער מוז אַליין, אַליין איינזאַפּן אין זיך דעם גאַנצן צער, דעם גאַנצן גיפט, אפשר וועט אים גאָט טון אַ נס, אַזוי ווי דאַמאָלסט אהרונען ביים: „ואשליכהו באש", און עס וועט דערפון עפּעס נולד ווערן...

ער איז אַוועקגעפאָרן אויף דער וולאַדימירסקע־גאָרקע, האָט געקויפט אין קאַסע אַ גאַנץ צענדליק בילעטן אויפן פוניקוליאָר, דאָרט האָט ער פאַרנומען אַ ווינקל־אָרט לעבן אַ פאַרפרוירן פענצטער, האָט איינגעניורעט דעם קאָפּ אין דעם אויפגעשטעלטן קאָלנער און האָט זיך אויף הפקר אָפּ־געגעבן אין רשות פונעם וואַגאָן־פירער, ער זאָל אים פירן און פירן און פירן, אָן אַ וווהין און אָן אַ ביז וואַנען. ער האָט געפילט, אַז מנוחה איז אַצינד פאַר אים — סם־המות! ער דאַרף, אַז עס זאָל אים העצקען, עס זאָל אים טרייסלען, עס זאָל מיט אים וואַרפן ווי אין כף־הקלע, אפשר וועט אים אין רעש איינפאַלן עפּעס אַ גלייכער רעיון; אפשר וועט אים געלינ־גען אונטער דער אַקאָמפּאַנירונג פון די רעדער צו באַצווינגען און באַ־

הערשן זיינע מטושטשע געדאַנקען און געפילן; ווי זאָגט ער דאָרט אין איוב: ברעש ורוגז יגמא ארץ... *

פּאַרנדיק אַרויף און אַראָפּ, האָט ער אַלץ געקלערט, אַלץ געפּלאַנעוועט, וואָס ער האָט דאָ צו טון, ווי אַזוי ער זאָל פּרווון צולייגן אַ פינגער צו אָט דער בלוטנדיקער ווונד, וואָס הייסט: חורבן בית־ליבערמאַן; שרפת בית־רייזל... נאָך עטלעכע שעה אַרומפאָרן אַהין און צוריק, האָט ער נאָך אַ ביסל אַרומגעבלאָנקעט איבער די טויטע אַלייען פון דעם אויסגעפּרווי־רענעם פּאַרק, און איז ערשט אַרום האַלבער נאַכט אַוועקגעפאָרן אַהיים.

יוכבד האָט אים אויפגעעפנט די טיר העכסט דערשראָקן:

— אוי, שלמה, וואָס האָט אַזעלכעס געטראָפן? דער זייגער האַלט דאָך ביי איינס —

— ס'איז ביז איצט געווען אַ זיצונג אין „אוטילפּראָמסאַיוז" פון אַלע אָפּעראַטיווע אַרבעטער. אין עטלעכע טעג אַרום דאַרף אין מאָסקווע פאָרקומען אַן אַלפאַרבאַנדישער צוזאַמענפאָר פון אַלע וויכטיקע אַרבעטער פון דער פּראָמקאָאָפּעראַציע. מיין קאַנדידאַטור איז אויך אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון קיעווער אוטילשטשיקעס —

— צו וואָס נוצט דאָס דיר, שלמהלע? דאָס איז אודאי אַ לידל אויף אַ וואָך צייט —

— למאי זאָל איך זיך אַליין אָפּנאַרן? כ'האָב דווקא מורא, אַז דאָס לידל קען זיך פאַרציען מער ווי אויף דריי וואָכן; נאָר וואָס קען איך העלפן? איך האָב דווקא מיין קאַנדידאַטור אַראָפּגענומען, נאָר איך בין נישט זי־כער, אַז מען וועט מיך הערן... מילא, מיר'ן לעבן וועלן מיר זען. קום מאַכן נאַכט, ס'איז שפּעט.

אויף צו מאָרגנס, נאָכן אַרויסגעבן די געוויינלעכע פאַראָרדענונגען און אָראָפּפּטרן די אומבאַדינגטע אונטערשרייבעכצן, האָט שלמה זיך פאַר־שפּאַרט מיט בולאַטאָוון אין זיין קאַבינעט און צו אים אַזוי געזאָגט:

— איוואַן איוואַנאָוויטש, איך דאַרף איצט פון אייך אַ טובה —

— מיט וואָס נאָר מעגלעך בין איך גרייט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש. פאַר אייך — אַלץ!

— איך דאַרף היינט... כ'מיין באַלד... שוין... אַ קאָמאַנדיראָווקע קיין מאָסקווע.

— איצט? פאַרן יאָר־באַלאַנס? ווען יעדער טאָג קען אַריבערציען די וואָגשאָל פון דער פּלאַן־אויספילונג אויף דער זייט, אָדער — באַהיט גאָט — אויף יענער? איצט קאַטאַיעט ** מען זיך קיין מאָסקווע?

— יאָ, איצט! אַז מען מוז, קאַטאַיעט מען זיך.

— אפשר קענט איר אָפּלייגן די נסיעה ביז נאָך ניי־יאָר?

— אויף קיין איין טאָג אויך נישט. איך מוז נאָך היינט אָפּפאָרן!

---

* אין רעש און אין טומל שלינגט ער איין די ערד. (געמיינט: לויפט ער גיך).

** קאַטאַיען — זיך דורכפאָרן. געמיינט: מאַכן אַ לוסטרייזע.

— אויף לאַנג פאָרט איר?

— זעט איר, אויף דער פראַגע איז מיר שווער צו ענטפערן. אפשר וועל איך פּאַרטיק ווערן אין צוויי וואָכן און אפשר אין זעקס — אויך נישט. אַלנפאַלס, די קאָמאַנדיראָווקע דאַרף זיין אויסגעשטעלט אויף אַ חודש.

איוואַן איוואַנאָוויטש איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטון:

— דאָס איז שעדיקעריי! ס'איז נאָך אפילו קיין האַלב יאָר נישטאָ, אַז איר האָט זיך אומגעקערט אויף דער אַרבעט, און שוין ווידער איבעררייסן אויף אַ גאַנצן חודש? און ווען? פּונקט צום פּיק? פאַרן באַלאַנס?

— איוואַן איוואַנאָוויטש, ס'איז ביי מיר געשען אַן אומגליק, און ביי לשון: אַן אומגליק, גייט מען אַלע מאָל אַרוים פונעם גראַפיק...* שטעלט זיך פאָר, עלעהיי איך בין קראַנק געוואָרן —

דער פאָרזיצער וואָרטשעט אָנגעבלאָזן:

— שטעלט זיך פאָר, שטעלט זיך פאָר... איר אַליין, סאָלאָמאָן אַראָנאָ־וויטש, שטעלט זיך יאָ פאָר, וואָס דאָס באַטייט איצט פאַר אונדז, ביי אונ־דזער קאָמפּליצירטן מעכאַניזם, אַריינגעמען אַ רויען מענטשן, אַ פּראָפאַן, אַ „ניעזנאַיקע", ** און אים אַוועקשטעלן אויף אייער פּאָסטן —

שלמה טוט אַ בלייכן שמייכל:

— אדרבה, אַ נייער בעזים קערט גוט —

— ווערטלט זיך, ווערטלט זיך... וואָס פאַר אַ מענטש זענט איר? ווו איז אייער יושר? פריער הייבט איר זיך אויף און ווערט נעלם אויף אַ גאַנץ יאָר; איצט — איר האָט נאָך אייער בענקל רעכט נישט אָנגעוואַרעמט — אַנטלויפט איר שוין ווידער אויף אַ חודש... איר זענט אַ מענטש אָן אַ האַרץ און אָן אַ... און אָן אַ הינטן... איך זאָג אייך מיטן שטרענגסטן וואָרט: איר טאָרט איצט נישט אַוועקפאָרן, אַנדערש —

— איוואַן איוואַנאָוויטש, באַרואיקט זיך. איך מוז פאָרן און וועל פאָרן. עס גייט מיר ווי אין לעבן, פאַרשטאַנען? אייער קאָמאַנדיראָווקע דאַרף איך דען האָבן אַזוי נייטיק? און אַז איר קען איך דען נישט פאָרן? עס גייט מיר נאָר דערינען, אַז איך זאָל האָבן, וואָס צו ווייזן ביי מיר אין דער היים, ווייל דאָרט ווייסט מען אויך נישט דעם אמת, וווהין איך פאָר טאַקע. און נאָך צוליב עפּעס דאַרף איך די קאָמאַנדיראָווקע... כדי איר זאָלט מיר אויף דעם סמך — כ'וויים דאָרטן: אויף הוצאות; אויף פאַרשידענע אויסגאַבן — קענען אויסשרייבן אַן אַוואַנס פון פינף טויזנט רובל —

איוואַן איוואַנאָוויטש איז ווידער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט,

---

* אַ פאַרפלאַן.

** אַן אומוויסנדיקער.

שלמהס קאַלטבלוטיקער טאָן האָט אים געצונדן און געברענט, נאָר שלמה האָט אים ווידער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל:

— בארואיקט זיך, מיין גראַדאַנאַטשאַלניק! קומענדיק אויף צוריק וועל איך אַלץ פאַרגלעטן אין אַ דרייפאַכיקער מאָס. פּיאַטיגאָרסקי, אַז ער זאָגט, איז דאָס רענדל־גאָלד. און אויב איר זאָגט מיר איצט אָפּ, הייסט עס, אַז צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט און איך קער זיך מער נישט אום צו אייך אַרבעטן. אָט דאָס בעט איך אייך געדענקען —

— משוגענער וואָס איר זענט, ווער רעדט עפּעס פון אָפּזאָגן? אָבער איר זאָגט דאָך, אַז אַלץ מוז געבוירן ווערן: באַלד, שוין. וואָס איז, איר ווייסט דען אַליין נישט, אַז דער קאַסיר איז איצט אין באַנק? ביי אים איז דער זיגל און ביי אים איז דאָס געלט — אַלץ איז ביי אים אין פּאָרטפעל!

שלמה האָט זיך געצוווּנגען אַרויסצוברענגען אַ בלייכן שמייכל:

— אויב די מניעה איז נאָר אין דעם, קען איך אויסוואַרטן. אויף אַזוי פיל האָב איך נאָך צייט.

בולאַטאָוו האָט אַ האַרצרייסנדיקן קרעכץ געטון און איז אַרויסגעגאַנגען פונעם קאַבינעט נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט.

אַרום איינס אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט זיך שלמה געזעגנט מיט אַלע מיטאַרבעטער, האָט גענומען די קאָמאַנדיראָווקע מיטן געלט און איז אַוועק אַהיים. מיטן וועג איז ער אָפּגעטראָטן אויפן וואָקזאַל, און האָט גענומען צוויי בילעטן אויפן שנעלצוג נומער 34, וואָס גייט פון שעפּעטאָווקע קיין באַקו. ער האָט אין דער באַזונדערער קאַסע דערצאָלט דעם דיפערענץ אויף די בילעטן, מען זאָל קענען פאָרן אין אַ ווייכן וואַגאָן און האָט באַשטעלט אַ באַזונדערע קופּע אין אַ שלאָפוואַגאָן. דאָן האָט ער פונעם באַקומענעם אַוואַנס אַריינגעלייגט באַזונדער אין אַ טאַש צוויי טויזנטערס און באַזונ־דער דריי, און איז הינטן אַרומער, דורך די ליניעס, אַראָפּגעלאָפן אַהיים.

אין שטוב, אויף יוכבדס פראַגע: „וואָס הערט זיך?" האָט ער אָנ־שטאָט אַן ענטפער אַוועקגעלייגט אויפן טיש די קאָמאַנדיראָווקע —

— וואָס? דו פאָרסט טאַקע?

— זעסט דאָך! ס'איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך.

— נו־נו, אַז ס'איז באַשערט כבוד, הייסט עס, ברענגט מען אים דיר אויפן אויוון אַרויף —

— דו ווייסט דאָך, דאַכט זיך, ווי אַזוי איך יאָג זיך נאָך כבוד...

— אָבער פון דעסט וועגן, מיין איך, דאַרף זיין גאַנץ אָנגענעם: מאָס־קווע... דעלעגאַט... אַלפאַרבאַנדישער צוזאַמענפאָר... און דאָרט: אויפנאַ־מעס, באַנקעטן, אינטערעסאַנטע באַגעגענישן, עקסקורסיעס, קאָלעקטיווע באַזוכן אין די מערקווירדיקע און זעלטענע —

— איך בעט דיך, יוכבד, האָב רחמנות אויף מיר און הער זיך אויף צו רייצן מיט מיר... פאַר וואָס זאָלסטו מיר פאַרסמען די לעצטע **שעהן**, וואָס איך בין נאָך אין דער היים?

— אָבער וואָס וועל איך דאָ טון אַליין אין די אומענדלעכע ווינטער־דיקע אָוונטן? יעדע נאַכט איז דאָ לאַנג ווי דער יידישער גלות...

שלמה האָט צערטלעך ארומגענומען זיין יונג ווייבל:

— יוכבדל, מען טאָר אַזוי נישט רעדן. אַזעלכע רייד קענען נאָך דער־צערענען דעם אייבערשטן. דערמאָן זיך אָקאָרשט ווי ביי אונדז האָט אויס־געזען דאָס לעבן פאַר א יאָרן אין דער צייט: דעם קינדס קרענק, מיין זיצן ביי די ביעלסקים אין געהאַקטע וואנדן, און דיין לויפן צו ראַזאַליאַ דאַווי־דאָוונען מיט בריוועלעך צוויי מאָל אין דער וואָך. איי, טייערע, לאָמיר בע־סער נישט זינדיקן, וועדליק ביי דער וועלט, לעבן מיר דאָך א משוגענעם טאָג... און וואָס איז דאָ די טראַגעדיע מיט מיין אוועקפאָרן? דאָס קינד וועסטו איבערלאָזן ביי מיין מאַמען, אָדער ביי דיינער, און אַליין וועסטו מיט עמעצן פון די קינדער אריינגיין א מאָל אין קינאָ, און א מאָל אין טעאַטער. פאָלג מיך, נאַרעלע, מען דאַרף נישט וויינען.

יוכבד, א ביסל א געטרייסטע, האָט אים שוין מונטערער געפרעגט:

— איז ווען זשע קלערסטו פאָרן, שלמה?

— וואָס הייסט — ווען? נאָך היינט טאַקע! מען האָט מיר שוין אפילו אָפּגעגעבן מיין בילעט.

— אַך, וואָס פאַר א פלוצלעכע נסיעה! איך שטיי ווי א געליימטע. איך קען זיך עפּעס צו קיין זאַך נישט נעמען. אָן עק, לאָמיך שוין הערן, ווען דאַרפסטו אוועקגיין פון דער שטוב?

— פיר א זייגער.

— פיר א זייגער? פאַר וואָס אַזוי פרי?

— ווייל דער בילעט איז אויף דעם צוג פון האַלב זעקס א זייגער. אַלע פאָרן מיט דעם זעלבן צוג —

— פאַר וואָס נישט בעסער מיטן צווועלפער? דאַן איז דער טאָג נישט צעקלאַפּט, מען קען א פאָר שעה פאַרברענגען אין דער היים, און זיך נאָך צושפּאָרן אויך אויף עטלעכע שעה —

— איך האָב אויך דאָס זעלבע געפרעגט, און נישט נאָר איך, פיל דע־לעגאַטן האָבן געוואָרטשעט פאַר דעם ארויספאָרן תחילת־נאַכט, בעת מען קען דעם אָוונט פאַרברענגען מיט דער פאַמיליע, האָט מען אונדז געענט־פערט, אַז אַזוי וועט זיין בעסער. מען האָט אויף א קאָלעקטיוון אופן גע־נומען בילעטן פאַר אַלע דעלעגאַטן. לויט זייערע רייד קומט אויס, אַז מיט דעם תחילת־נאַכטיקן צוג לוינט בעסער אָנצוקומען קיין מאָסקווע. דער טאָג איז נישט צעפּטרט. איך ווייס? מען האָט מיך נישט געפרעגט קיין דעות. יאָ, איך זאָל נאָר נישט פאַרגעסן: נאַ דיר צוויי טויזנט רובל. דאָס האָב איך אין קאָנטאָר גענומען אַן אוואַנס, כדי דו זאָלסט דערוויילץ האָבן אויף דער הוצאה... פון וואָס צו לעבן...

— גאָט איז מיט דיר, שלמהלע! צו וואָס דאַרף איך האָבן אַזוי פיל געלט?

— וואָס אַרט דיך, נאַרעלע? טאָמער קומט מיר דאָרט אויס זיך צו

פארזאמען מער א ביסל? בולאטאוו שארפט זיך די ציין, אז איך זאל דארט פאר איין וועגס אנקניפן באקאנטשאפט מיט די גרויסע מאבערס און טאקע גלייך קומען אין קאנטאקט מיט דער גאנצער נעץ פון דער „אור־טילפראמקאפעראציע" פון מאסקווער געגנט. קענסט נישט די פריש־אויפ־געקומענע באלעבאטימלעך? יענע וואלטן געוואלט אויספרעסן פון זייערע אנגעשטעלטע דעם דם־התמצית, כדי זיי זאלן דערנאך קענען באקומען די ארדענס...

— וואס זשע הייסט דו גיסט מיר אפ דאס גאנצע געלט? נו און דו אליין? דו האסט דאך נישט קיין רובל ביי דער נשמה —

— איך? אויף וואס דארף איך געלט? מסתמא וועט מען אונדז דארט אלץ געבן פונעם גרייטן. נו, גוט, גוט, איך וועל זיך ארפנעמען א הונ־דערטער. נו, שוין גוט? דאס וועט מיר שוין קלעקן אריבער און אריבער...

און מיט א גלייכגילטיקן טאן, ווי כלאחר יד:

— יוכבדל, ווו קען איך ערגעץ געפינען אונדזער פעקל אלטע דאקו־מענטן?

— אויף וואס דארפסטו זיי איצט?

— איך וויל א קוק טון: דארטן דארף דאכט זיך ערגעץ זיין א מאס־קווער אדרעס פון א גוטן ברודער. אז איך פאר שוין במילא קען איך דאך שוין זיין אומעטום.

— גיב א קוק אין קיך אויף דער פאליצע אדער אין האנטקעמערל, דארטן ערגעץ דארף דאס ליגן.

שלמה זוכט זייער לאנג דעם לא־היה'דיקן אדרעס... ווען יוכבד הייבט אן דערוויל צו פאקעווען זיין טשעמאדאן, נעמט ער אומבאמערקט אראפ דעם שליסל פונעם קעלער און גייט כלומרשט ארויס אין א געוויס ארט. מיט פארמאכטע אויגן זוכט ער אויף אין דער פינצטער דעם סימן, וואס זיי האבן זיך דאן געמאכט, ער צעגראבלט מיט די נעגל די ערד, און באקומט ארויס דאס סלויאיקל. ער פארשיט צוריק דאס פוסטע גריבל און פארגלעט עס ווי געוועזן: ריין, שיין, פיין. דאן וויקלט ער אויס די בראש־קע פון די טראנטעס און פאפירן. די ווייס־בלויע בריליאנטן שטעכן די פינצטערניש מיט א שלל פילפארביקע נאדלען. עטלעכע סעקונדן שפיגלט ער זיך אין זיין אוצר, באלד אבער דערמאנט ער זיך, אז די צייט שטייט נישט, אז יעדע מינוט איז טייער. ער צעשפיליעט זיך דאס אונטערשטע העמד און בינדט איין אין דעם די בראשקע פונקט קעגן הארצן. דאס סלויאיקלווארפט ער אריין אין קלאזעט, און קערט זיך אום אין שטוב אריין.

מען האט אפגעגעסן מיטאג. שלמה מאכט די לעצטע הכנות אין וועג אריין, לייגט אריין אין פארטפעל אריין דעם טלית און תפילין, א פאר ביכלעך אויפן וועג, און נעמט אראפ דעם מאנטל פונעם הענגער. מיט א מאל דערזעט ער, אז יוכבד טוט זיך אויך אן דעם מאנטל. א דערשטויג־טער פרעגט ער זי:

— וווהין גייסטו עס, יוכבד?

— וואָס הייסט, וווהין? דיך באַגלייטן צום צוג. צי אפשר שעמסטו זיך מיט מיר און מיטן קינד פאַר די איבעריקע דעלעגאַטן?

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, יוכבדל! נאָר צום אָפּגיין פונעם צוג איז דאָך נאָך פאַרבליבן גאַנצע אַנדערטהאַלבן שעה. בולאַטאָוו האָט מיר געהייסן, אַז איך זאָל זיין ביי אים אין דער היים פאַרן פאָרן, ער וויל מיר עפּעס אָנזאָגן בסוד־סודות... ער קער אודאי וועלן, אַז איך זאָל דאָרט פון דער טריבונע רעדן וועגן אים —

שלמה האָט זיך וואַרעם געזעגנט מיטן ווייב און מיטן קינד, האָט אַ קוש געטון די מזוזה און איז אַרויס אויף דער גאַס. ביים פּאָטער אין שטוב האָט ער זיך אויך מיט אַלעמען געזעגנט, ער האָט געוואָרפן אַ בעטנדיקן קוק אויפן בילד פונעם הייליקן סקווירער רבין און איז אַוועקגעגאַנגען. נאָך דעם ווי ער איז שוין אָפּגעגאַנגען פון סאָלאָמינקע אַ היפּשן שטיק וועג, האָט ער זיך ווי דערמאָנט אין עפּעס, און האָט זיך אומגעקערט צו מנשהן. דאָרט האָט ער אויך געטראָפן דעם זיידן שלומען. מפני דרכי־שלום האָט ער זיי איבערגעחזרט דעם צוגעקלערטן תירוץ מיט דער קאָמאַנדי־ראָווקע. געזעגנענדיק זיך, זאָגט ער צו זיי:

— ווינטשט מיר צו, אַז איך זאָל מצליח זיין.

— און אויב דיין דרשה וועט דאָרט חלילה נישט אַזוי שטאַרק אויס־נעמען, ביסטו בדלות?

— איך בין טאַקע נישט בדלות, אָבער עס געהער זיך נישט אָן, זיידע. וברכתיך בכל אשר תעשה, שטייט געשריבן. הצלחה דאַרף מען האָבן צו אַלצדינג, ווי שטייט דאָרטן: וכל אשר יעשה יצליח...

— נו־נו, מהיכי־תיתי. אַז דו ווילסט אַזוי שטאַרק דאָרט אויסנע־מען, טאָ זאָל דיר גאָט העלפן —

קומענדיק אויפן וואָקזאַל, האָט שלמה אַ שטעק־אָפּ געטון זיין טשע־מאָדאַן אין דער קאַמער פאַר האַנטבאַגאַזש און האָט זיך מיט סכנת־נפשות אַרויפגעכאַפּט אויפן טראַמוויי נומער 10. אויף גאָרקי־גאַס איז ער אויס־געשטיגן, האָט אויפגעזוכט דאָס הויז נומער 62 און האָט זיך אויפגע־הויבן אויפן צווייטן שטאָק. דערזען אויף אַ טיר אַן עמאַלירט שילדל מיט אַ גרויסער 7, האָט ער מיט האַרצקלאַפּעניש און מיט אַ תפילה אין האַרצן אָפּגעזוכט דאָס עלעקטרישע קנעפּל און האָט אָנגעקלונגען —

# קאפיטל VI.

ביי דער שוואכער שיין פונעם קאָרידאָרנע לעמפּעלע האָט ער זי באַלד דערקענט: אין דעם מאַניער פון איר אויפטורעמען די נאָך גענוג שיינע לאָקן; אין דער שטאָלצער פיגור; אין די עטוואָס אונטערגעהויבענע, שטאָלצנע אַקסלען; און אפילו אין דעם אוועקשאַרן די האָר פונעם שטערן מיט דער דרויסנדיקער זייט פון דער דלאָניע, און אין דעם אַ פּינטל־טון מיטן לינקן אויג פאַר דעם אָנהייבן צו רעדן. זי אים, האָט נישט דערקענט.

— צו וועמען דאַרפט איר, חבר?

— צום פּראָפעסאָר.

— מיין מאַן איז אָבער נאָר אַ פּראָפעסאָר פאַר קינדער־קראַנקהייטן, און חוץ דעם נעמט ער נישט אויף קיין פּאַציענטן אין דער היים.

— איך ווייס! איך ווייס!! אַלץ ווייס איך, געשעצטע טאַטיאַנאַ מי־כאַילאָוונאַ —

— ווער זענט איר, יונגערמאַן? איך קען אייך נישט...

נאָר שלמה האָט זי איבערגעלאָזט שטיין ביי דער אָפענער טיר און אַליין איז ער דורכגעגאַנגען גלייך אין קאַבינעט צום פּראָפעסאָר. אַזוי ווי דאָרט האָט ער אים נישט געטראָפן, איז ער דורך דער אינעווייניקסטער טיר אַריינגעקומען אין זאַל אַריין. דער אַלטער געלערנטער איז האַלב גע־לעגן אויף דער סאָפע און האָט אויבערפלעכלעך דורכגעקוקט אַ זשורנאַל. אַ רגע במימרא האָט אים שלמה באַטראַכט: פאַר די זעקס יאָר האָט ער זיך כמעט גאָר נישט איבערגעביטן, נאָר די באַקן זענען געוואָרן עטוואָס מער נאָכהענגענדיק, די ביזע ברעמען — נאָך מער פאַרשאַרפט, געדיכ־טער און אויסגעצויגענער.

אויף דער שוועל פונעם קאָרידאָר האָט זיך באַוויזן טאַטיאַנאַ מיכאַי־לאָוונאַ. זי האָט אויסגעזען צעטומלט און פאַרלוירן. מיט אַ פאַרדומפּענער שטימע האָט זי זיך שטיל אָנגערופן:

— סעריאָזשאַ, עפּעס אַ חבר פרעגט זיך צו דיר —

סערגיי טימאָפיעיעוויטש האָט אונטערגעהויבן זיינע געדיכטע, אָפּ־שטאַרטשנדיקע פאַרהענגלעך, ער האָט אַ זוך געטון דעם פרעמדן מענטשן לעבן טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונען. נישט געפונען, האָט ער אַ פיר געטון מיט די ברעמען איבערן צימער, און האָט אַ פאַרוואונדערטער אים באַמערקט ביי דער אינעווייניקסטער טיר פון זיין קאַבינעט.

דער זקן איז אויפגעשפּרונגען מיט צונויפגעדריקטע קולאַקעס:

— ווי אַזוי האָט איר געוואַגט דורכצוגיין דורך דעם קאַבינעט אָן מיין דערלויבעניש?

שלמה האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט, ער האָט נאָר מיט אַ צערט־לעכן טאָן אים געמוסרט:

— איי־איי־איי, סערגיי טימאָפיעיעוויטש, ווי אַזוי שעמט איר אייך נישט? אָט אַזוי נעמט מען אויף געסט?

דאָס עלטערע פּאָרפּאָלק האָט זיך דערשטוינט איבערגעקוקט:

— ווער קען דאָס רעדן צום עלטסטן פּראָפעסאָר אין קיעוו מיט אַזאַ מוסרנדיקן טאָן?

מיט דריבנע טריטעלעך האָבן זיי זיך דערנעענטערט צום פרעמדן, און דער פרעמדער איז אַלץ געשטאַנען אויף זיין אָרט און האָט נאָר געלאַכט. נישט באַוויזנדיק זיך צוצורוקן די לעצטע עטלעכע טפחים צו דעם מאָדנעם גאַסט, ווי טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ האָט אויסגעשריגן נישט מיט איר קול:

— סע—ריאָ—זשינ—קאָ! דאָס איז דאָך סאָלאָמאָן! סאָלאָמאָן פון סאָלאָמינקע —

ווי מען פאַלט אַרויף אויף אַ גרויסער מציאה, אַזוי איז דאָס אַלטע פּאָרפאָלק אָנגעפלויגן אויף שלמהן. זיי האָבן אים געקושט, געהאַלדזט און אים צוגעדריקט צום האַרצן:

— סאָלאָמאָנטשיק, טייערער, דערציי׳ל, וואָס מאַכסטו עפּעס? דו ביסט דאָך ביי אונדז טייערער פון אַן אייגן קינד! זיץ, ליבינקער, זיץ אָט דאָ! דערציי׳ל —

שלמה, מיט אַ נעבעכדיקן און צעטראָגענעם שמייכל:

— ס׳איז דאָך ערשט אין גאַנצן אַ זעקס, זיבן יאָר... וואָס האָב איך דען, מיינט איר, צו דערציילן אַזעלכעס, מיינע טייערע?

— אַלץ! יעדעס פּיצעלע! וועגן אַלץ וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט פון זינט מיר האָבן זיך נישט געזען... פון יענער אומפּאַרגעסלעכער נאַכט אָן —

— נו, און ביי אייך אַליין, וואָס הערט זיך עפּעס גוטס? וואָרט אַ רגעלע: צום אַלעם ערשטן מוז איך אייך זאָגן מיין מיינונג וועגן אייער אויסערלעכן אויסזען נאָך אַזאַ היפּשן זמן: סערגיי טימאָפּיעיעוויטש האָט זיך עטוואָס אַראָפּגערוקט... ס׳איז קענטיק, אַז ער אַרבעט אַ סך, איבער די כוחות... און איר, טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ, זענט — ווי דעם מאַן אויף צו להכעיס — נאָך יינגער און שטאַלטנער געוואָרן. איך זאָג נישט „שענער" נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב מורא, טאָמער איז סערגיי טימאָפּיעיעוויטש אַן אייפערזיכטיקער מאַן...

טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ צעלאַכט זיך:

— דער אונטערשיד אין אונדזער אויסזען, חבר סאָלאָמאָן, נעמט זיך דערפון, וואָס איך האָב אַ בעסערן מאַן ווי ער אַ ווייב...

דער אַלטער, אַ פאַרליבטער ווי אַ בחורל, גיט אויף איר אַ פינקל מיט זיינע גרויע אויגן און ווענדעט זיך צום גאַסט:

— זי וועט דיר דערציילן, וועסטו מיינען אויף אַן אמת... אַזאַ טאַניושינקאַ ווי מיינע איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט. אונדזער פּאַוולושאַ שרייבט מיר: „טאַטע, דערפאַר האָב איך נישט חתונה, ווייל אַזאַ מענטש ווי מיין מאַמאַטשקע טרעפט זיך נישט און נעמען עפּעס אַ פּינטי־

פליושקע * ווילט זיך נישט". נו, אָן עק, דערציייל שוין דו! ביי אונדז... וואָס פּאַר אַ נייעס קען ביי אונדז זיין? קליניק און שטוב, שטוב און קלי־ניק, און נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע, און ווידער אַ מאָל דאָס זעלבע, — אַ קאַרוסעל און שוין! אין די אויפדערנאַכטן, איז אָדער עס באַקומט זיך אַ בריוו פון פּאַוולושען — מער האָבן מיר דאָך קיינעם נישט — און אַז נישט, רעדט מען פון סאָלאָמאָן דעם סאָלאָמינקער. ס'איז, דאַכט זיך, ניש־טאָ דער טאָג, וואָס מיר זאָלן דיך נישט דערמאָנען. און אַז נישט, צעלייגט מען אַ פּאַסיאַנס אָדער מען שפּילט אַ דוראַק. ** אָט דאָס זענען אַלע אונ־דזערע נייעס. איצט דערציייל דו פונעם אָנהייב אָן —

אַ צעטראָגענער גיט שלמה אַ קוק אויפן זייגער. דער פריינטלעכער שמייכל, וואָס האָט גערוט אויף זיין פּנים פון זינט ער איז אַריינגעקומען צום אַלטן פּאָרפּאָלק, גליטשט זיך מאָמענטאַל אַראָפּ און פאַרשווינדט אין שטייענדיקן קאָלנער פון שלמהס פּליושענער גימנאַסטיאָרקע. ער שטעלט אָן אויפן פּראָפעסאָר אַ העפלעך־אומגעדולדיקן בליק און זאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם ציטער אין קול:

— מיינע פריינד, עס גיבט גאָר נישט פאַר מיר קיין גרעסערער פאַר־געניגן, ווי צו זיצן מיט אייך, און צוזאַמען צו פאַרברענגען די צייט. אָבער גראָד איצט איז נישט דער מאָמענט אויף דעם. די שעה איז אַ ביסל נישט צוגעפּאַסט דערצו. איך אייל זיך זייער. מיר וועלן דאָס ווי עס איז שוין מאַכן אַן אַנדער מאָל... ביי אַ צווייטער געלעגנהייט...

אין צימער הענגט אַן אומאָנגענעמע פּויזע, נאָר שלמה רייסט זי גלייך איבער:

— מיינע טייערע פריינד, איר האָט דאָ פריער דערציילט, אַז דאָס לעבן פליסט ביי אייך איינטאָניק: די שטוב, די קליניק, נאָך אַ מאָל אַ קערטל, און ווידער אַ מאָל אַן אָפּגעבליאַקעוועט זכרונות־בוקעטל... און אַזוי שטענדיק איינס און דאָס זעלבע... בין איך געקומען, מיט אייער דער־לויבעניש, אַ ביסל צו בייטן די איינטאָניקייט פון אייער לעבן —

די שטילקייט איז ווי פריער געהאַנגען אַן אָנגעלאָדענע. שלמה האָט גערעדט מיט רעטענישן. דעם שליסל האָט ער דערווייל נאָך אַלץ באַהאַלטן ביי זיך. נאָר שלמה דעם שליסל האָט אויך גלייך אַרויסגעגעבן, ער איז אָן שהיות צוגעטראָטן גלייך צום ענין:

— סערגיי טימאָפעיעוויטש, אויב איר געדענקט נאָך, האָט איר מיר אַ מאָל געזאָגט, — ביי קריוואָרוטשקען אין שטוב, צי פאַרנדיק מיטן צוג — אַז איר בלייבט מיר שולדיק אַ דאַנק. איר קענט זיך דאָס דערמאָנען?

— סאָלאָמאָן! מיטן גאַנצן לעבן בין איך גרייט דיך איבערצוצייגן, אַז מיין דאַנקבאַרקייט צו דיר האָט גאָר קיין גרענעץ נישט...

---

* אַ פּוסט מיידל, אַ לייכטזיניקע.

** פּאַסיאַנס — אַזאַ מין אויסלייגן די קאָרטן; אַזאַ סאָרט טרעפעכטס; „פּרווון דאָס מזל". דוראַק — אַ נאָמען פון אַ קאָרטנשפּיל, עלעהיי: אַ „זעקס און זעכציק".

— אָט דאָס זענען ווערטער! אָט אַזוי פאַרשטיי איך! אַלזאָ: היינט איז דער טאָג פון דערוווייזן אייער דאַנקבאַרקייט; היינט האָט איר די געלעגנ־הייט צו באַצאָלן דאָס אַלטע וועקסל... פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו! איר דאַרפט איצט צופאָרן מיט מיר צו אַ חולה —

— אָט דאָס איז גאָר? פּכע, איך גיי שוין! טאַניושאַ! גיב מיר גיך מיין שאַרף, מיינע הענטשקעס, מיין רענצעלע. געשווינד, טאַניוק!

און צו שלמהן:

— דו האָסט דאָ אַן אויטאָ, אָדער אַ דראָזשקע?

שלמה נעמט צערטלעך אַרום דעם אַלטיטשקן:

— באַרואיקט אייך, סערגיי טימאָפיעיעוויטש, עס וועט זיין, עס וועט זיין... צו פוס וועלן מיר נישט גיין... עס וועט זיין אַן אויטאָ, אָדער אַ דראָזשקע, און דערנאָך אַ באַזונדער קופּע... אַ סאָפע מיט אַ קישעלע... צו מיין חולה דאַרף מען פאָרן מיטן צוג.

— מיטן צוג גאָר? דאָס ערשטע מאָל הער איך אַזאַ מעשה: צופאָרן אויף שנעל און — מיטן צוג! ס'איז עפּעס ווייט?

— נישט זייער ווייט. קיין טאַגאַנראָג.

דער אַלטער קוקט זיך איין אין שלמהס פּנים. ער וויל אויסגעפינען, צי יענער מאַכט פון אים נישט קיין חוזק, נאָר שלמהס פּנים איז ערנסט, וואָס ערנסטער קען גאָר נישט זיין. דער אַלטער פרעגט מיט אַ באַהאַלטענער איראָניע:

— און אויף לאַנג דאַרף מען פאָרן אַהין?

— דאָס ווייסט נאָר גאָט! אפשר אויף אַ וואָך און אפשר אויף צוויי און אפשר נאָך מער ווי אויף צוויי —

ווידער איז דער אַלטער זיכער, אַז שלמה טרייבט מיט אים קאַטאָ־וועס, נאָר ער מאַכט זיך נישט־פאַרשטייענדיק און פרעגט כלומרשט פאַר־זאָרגט:

— נו, און וואָס וועט זיין מיט די קליינינקע? ביי מיר אין קליניק זע־נען פאַרנומען אַרום אַכט הונדערט בעטלעך, און איך בין דאָך עפּעס דער די—רעק—טאָר?!

ביי שלמהן איז אָבער אויף אַלץ פאַרטיק אַן ענטפער. ער האַמערט אָפּ דעם ענטפער מיט אַ שטאָלענער שטימע:

— איר דאַרפט צייטווייליק איבערגעבן דעם דירעקטאָר־אַמט אייער פאַרטרעטער. אַז איר וועט אים שטאַרק אַ בעט טון, וועט ער אייך נישט אָפּזאָגן —

דער אַלטער הייבט אָן דורכגענומען צו ווערן פון שלמהס באַפעלע־רישן טאָן. ער פרעגט מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם:

— איז ווען זשע דאַרף מען פאָרן?

אויף שלמהס אויסגעשטרעקטער דלאָניע באַווייזן זיך צוויי בילעטן.

ביי ווינאָגראַדאָוון טרייסלען זיך אַזש די הענט פֿאַר אויפֿרעגונג. ער כריפּעט קוים אַרויס:

— וויפֿל זשע איז נאָך געבליבן צום אָפּגיין פֿונעם צוג?

— אין אַ שעה מיט אַ פֿערטל אַרום גייט ער אָפּ —

ביים אַלטן פּראָפֿעסאָר פּלאַצט דער געדולד. ער וואַרפֿט זיך אַרויף אויף שלמהן מיט אַ געשריי:

— וואָס בין איך דיר — אַ יינגעלע? אַ מיידעלע? דו ווייסט, וואָס עס הייסט — זעקס און זיבעציק יאָר? איך פֿאַר! איך וויל פֿון קיינע חשבונות נישט וויסן! איך פֿאָר! פֿאַר גאָרנישט האָב איך דיך אַזוי נישט ליב, ווי פֿאַר אָט די ממזרישע שטיקעלעך! נעמען אַ זקן פֿון זעקס און זיבעציק יאָר און שפּילן מיט אים אין פֿוטבאָל: פֿון דער סאָפּע ביים קאַמין — גלייך אין אַזאָוער ים אַריין! בר־ר־ר־ר... עס פֿיבערט מיך אַזש פֿאַר קעלט... אויך איך, אַז איך בין יונג געווען, האָב איך געקענט איבערקערן וועלטן. עס פֿאַרשטייט זיך, נישט אַזוי ווי דו... דו ביסט גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש! דאַמאָלסט, אין מיינע יאָרן, האָט מען דאָס נישט געדאַרפֿט! דאַמאָלסט איז געווען נאָר איין וועלט, האָט מען זי פֿאַרשפּאַרט איבערצוקערן. היינט זענען דאָ אַ סך וועלטן. אָבער איך האָב אַלע מאָל אויך ליב געהאַט אַרויסוואַרפֿן קאָפּברעכערישע פּאָרטלען, איבעררעאַשן מיין גאַנצע סבֿיבה פֿאַר אומגעריכטקייט. שטיי נאָר, פֿאַר וואָס זשע פֿאַרליר איך צייט אומזיסט? טאַניושינקאַ! גיך ווייז אַהער מיין טשעמאָדאַן! מיין רענצעלע!! מיינע דאָקומענטן!!! עסן וועל איך שוין אין וואַגאָן... פּאַוואָליע נאָר, וואָס נאָך דאַרף איך טון? דערמאָנט מיר, דערמאָנט מיר, דערמאָנט מיר — אַ—האַ! געפּאַקט!

ווי אַ צוואַנציקיעריק בחור איז ער צוגעלאָפֿן צום טעלעפֿאָן און האָט אומגעדולדיק אָנגענומען אַ נומער:

— האַללאָ! וואַריאַ דעניסאָוונאַ? עס רעדט ווינאָגראַדאָוו. ביטע, רופֿט מיר אַראָפּ מיכאַאיל אַנדריעיעוויטשן. איך וואַרט דאָ, גיכער, טייערע.

סערגיי טימאָפֿיעיעוויטש שטייט מיטן טרייבל ביים אויער, ער באַטראַכט ווי אַזוי זיין פֿרוי פּאַקט איין זיינע האַנט־חפֿצים אין זיין קליין טשעמאָדאַנטשיקל און טרערן רינען איבער אירע באַקן. ער גיט זיך אויף איר אַ געטרייען בייזער:

— וואָס וויינסטו, דו נאַרישע פֿרוי? דו האָסט דאָך אַליין שטענדיק גערעדט וועגן סאָלאָמאָנען: סאָלאָמאָן, סאָלאָמאָן, סאָלאָמאָן... און איצט, אַז ער איז געקומען בעטן ביי אונדז אַ געפֿעליגקייט, וויינסטו? צי אפֿשר גאָר האָסטו מורא צו בלייבן אַליין אָן מיר, אַז עס זאָל דיך עמעצער נישט אויסכאַפּן, האַ? דו וועסט אַריינבעטן דער שכנטעס שוועסטער, זי זאָל ביי דיר נעכטיקן, וועט דיר שוין נישט זיין אַזוי אומעטיק...

— איי, סעריאָזשאַ, סעריאָזשאַ, דו ביסט שוין, זע איך, גאָר אויסגעוועפּט געוואָרן. דו פֿאַרשטייסט נישט, פֿאַר וואָס איך וויין? איך וויין פֿאַר פֿרייד — אָט וואָס! איך וויין פֿאַר פֿרייד, וואָס אַזעלכע אַלטע, אָפּ־

געלעבטע מענטשן, ווי איך מיט דיר, האָבן זוכה געווען נאָך אַליין אָפּצו־דינען סאָלאָמאָנען מיט וואָס עס איז נישט איז... פאַרשטייסטו שוין, צי נײן? און דו זאָגסט —

— אַזוי גאָר? הערסט אַ מעשה, ביסט דאָך טאַקע יאָ אַ קלוגע, וואָס זשע זאָגסטו, אַז ניין? — האַללאָ האַללאָ, איך הער. ס'איז איר, מיכאאיל אַנדריעיעוויטש? דאָס רעד איך, סערגיי. הער, ליבינקער, איך פאָר די מי־נוט אָפּ צו מיין פּאָוולושען. עס האָט עפּעס ביי אים געטראָפן. וואָס האָט געטראָפן? איך ווייס נאָך אַליין אויך נישט אויף אַקוראַט, וואָס. איז אָט וואָס, ליבינקער. ביז איך וועל זיך אומקערן, זע שוין, אַז עס זאָל זיין אַלץ אין אָרדענונג. צי ס'איז אַ מעשה אויף לאַנג? וואָס קען איך דאָ וויסן? אפשר אויף דריי טעג און אפשר אויף צוואַנציק. איי, זאָל דיך נישט שרעקן. דו וועסט קענען, דו וועסט קענען. איך זאָג, דו וועסט זיך ספּראַווען נישט ערגער פון מיר אַליין. ווי עס איז, ווי עס איז. אויב איך פאַרלאָז זיך אויף דיר, מעגסטו זיך אָננעמען. אין נאַרקאָמאַט וועל איך אַ חוץ אָנקלינגען. זיי געזונט. איך ווינטש דיר דערפאָלג. דערפאָלג זאָג איך, ווינטש איך דיר. זיי נישט אַזוי צעטראָגן, פאַל נישט אריין אין קיין פּאַניק. דאָס איז דאָס ערגסטע. אַ גוטן.

נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם, האָט דער פּראָפעסאָר אָנגענומען אַ פרישן נומער:

— האַללאָ? נאַרקאָמאַט? פאַרבינדט מיך מיטן נאַרקאָם. — דאָס רעדט דער פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו, סערגיי טימאָפיעיעוויטש. — ער איז נישטאָ? אויב אַזוי, טאָ פאַרבינדט מיך מיט זיין פאַרטרעטער. — וואָס? ער איז אויך נישטאָ? דאַן גיט זשע מיר דעם פאַראַנטוואָרטלעכן סעקרע־טאַר. — ביטע. ביטע. יאָ, יאָ, זייער אָנגענעם. עס רעדט דער דירעקטאָר פון דער קינדערקליניק, פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו. ביטע פאַרפיקסירן אַ ראַ־פּאָרט דעם נאַרקאָם: היינט האָב איך באַקומען אַ דרינגענדיקן אַרויסרוף פון מיין זון און איך פאָר אָפּ קיין מאָסקווע, אומגעריכט. אויף ווי לאַנג מיין רייזע קען זיך פאַרציען, קען איך נישט פאָרויסזען. מיין פאַרטרעטער ראַיעווסקי מיכאאיל אַנדריעיעוויטש וועט מיך פאַרבייטן. איך האָב אים אַלץ איבערגעגעבן. שוין, מער דאַרף מען נישט. אַ גרויסן דאַנק, אַלעם בעסטע.

דער אַלטער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, און האָט געוואָרפן אַ טריאומפירנדיקן בליק אויף די בני־בית. דאָס פּנים האָט ביי אים געשיינט, די אויגן האָבן געפינקלט ווי ביי אַ גליקלעך מיידעלע. שלמה האָט אים צערטלעך ארומגענומען און האָט מיט אַ פאַרדעכטיק קול אַרויסגעקרעכצט:

— אוי, געלערנטער מיינער! איר ווייסט גאָר אַליין נישט, וואָס פאַר אַ גאָלד איר זענט —

— וואָס דען האָסט דו געמיינט? אַז נאָר דו מעגסט? אַז איך בין גע־ווען אין דיינע יאָרן... נאָר וואַרט, לאָמיך זיך נישט פאַררעדן מיט זייטי־קע זאַכן. וואָס נאָך דאַרף איך טון? דערמאָנט מיר, דערמאָנט מיר, דער־

מאַנט מיר... אַ—האַ! געפּאַקט! זאָג מיר, סאָלאָמאָן, וואָס איז דאָרט אַזעלכעס ביי דעם דאָזיקן קינד? נאָר וואָס פּינקטלעכער, וועל איך וויסן וואָס מיטצונעמען.

— פּינקטלעך ווייס איך גאָרנישט! נישט פּינקטלעך האָב איך געהערט, אַז ס'איז ביי דעם געווען אַ לונגען־אָנצינדונג, דערנאָך האָט זיך אונטער־געכאַפּט פּליעווריט, און עפּעס מיט די נירן דאָרט... און טאָמער איז דאָס אַלץ נאָך ווייניק, איז ווי אַ פאַרבייסעכטס האָבן זיך ביי איר באַוויזן סימפּטאָמען פון טובערקולאָז. דאָס אַלץ איז זייער נישט פּינקטלעך. אַז איר וועט אַליין זען, וועט איר וויסן פּינקטלעך.

— או—וואַ! לונגען, פּליעווריט, נירן און טובערקולאָז — אַ גאַנצער אַרסענאַל. און וויפל איז דער העלד אַלט?

— דאָס איז אַ העלדין, נישט קיין העלד. אַ מיידעלע דאָס זעקסטע יאָר.

דער געלערנטער גיט טרויעריק אַ שאָקל מיטן קאָפּ און נישט אויס־רעדנדיק קיין וואָרט פאַרשווינדט ער אין זיין קאַבינעט. שלמה גייט צו צו טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ און פרעגט זי מיט געבעט:

— ליבע, טייערע טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ, איר זענט שטאַרק בייז אויף מיר, פאַר וואָס איך נעם צו ביי אייך דעם מאַן אויף אַ שטיקל צייט?

— סאָלאָמאָן, ווי אַזוי איז אייך גאָר קיין בזיון נישט צו פאַרגעבן מיר אַזאַ לעסטערנדיקע פראַגע? און ווען איך קען מיין לעבן אָפּגעבן פאַר אייך, וואָלט איך דאָס דען נישט געטון? איך האָב אַלע זעקס מיט אַ האַלב יאָר געדאַוונט צו אייער געשטאַלט ווי צו אַ הייליקן; איר זענט ביי מיר די פאַרקערפּערונג פון יושר און גערעכטיקייט. אָט אַזאַ פאַנאַטיקערין בין איך געוואָרן — זאָגט איר גאָר: בייז זיין אויף אייך... הלואי וואָלט איך געקענט מיט מיינע אייגענע הענט אייך עפּעס אָפּצאָלן —

— און אַז סערגיי טימאָפיעיעוויטש פאָרט מיט מיר, איז דאָס נישט דאָס זעלבע, וואָס איר אַליין? איר מיינט, אַז איך האָב נישט באַמערקט, ווי איר באַגייסטערט אים מיט אייער בליק? איר מיינט, אַז איך בין נישט קיין מבין אויף אייער ראָלע אין סערגיי טימאָפיעיעוויטשעס איצטיקער נסיעה? טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ, איר זאָלט וויסן, אַז סאָלאָמאָן סאָלאָמינ־קער האָט טויזנט פּאָר אויגן און גלייכצייטיק קוקט ער אויף זיי אַלע. אָבער קיין פאַנאַטיזם דאַרף מען אויך נישט. דאַווענען צו מיר איז נישטאָ וואָס. וואָס בין איך פאַר אַ הייליקער? איך בין אַ זינדיקער מענטש גלייך מיט אַלע, און — ווער ווייסט? אפשר נאָך ערגער פון אַנדערע... בשעת עס האָט געוויילדעוועט די יעזשאָוושטשינע, האָב איך אי גערויבט, אי געשלאָגן מענטשן... איצט זעט איר שוין...

— רעדט נישט אַזוי... איך פאַרווער אייך אַזוי צו רעדן. מען טאָר דאָך נישט באַרעדן יענעם, אָבער זיך אַליין טאָר מען אויך נישט באַרעדן.

— מילא, לאָמיר דאָס אָפּלאָזן. ווען איר ווייסט בעסער, טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ, ווי אומגליקלעך ס'איז די מוטער פון אָט דעם קראַנקן קינד...

איך שווער אייך — זי געהער מיר גאָרנישט אָן, נאָר אַ האַלב לעבן מיינס וואָלט איך אָפּגעגעבן —

ס'איז אָנגעקומען סערגיי טימאָפּיעיעוויטש פון זיין קאַבינעט אָן אָנ־געלאָדענער מיט פּלעשעלעך, סלוויאיקלעך און פּעקעלעך. דאָס אַלץ איז אויף גיך איינגעפּאַקט געוואָרן און זיי זענען בנשימה־אחת אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

דער זייגער האָט פּאַרעקשנט אונטערגעזאָגט, אַז זיי האָבן גרויסע שאַנסן אויף אָנצוווערן דעם צוג —

פינף מינוט פאַרן אָפּגיין פונעם צוג איז שלמה ממש אַריינגעפאַלן אין קופּע אַריין מיט זיין טשעמאָדאַן, וואָס האָט זיך געפונען אין קאַמער פאַר האַנטבאַגאַזש, און מיטן פּראָפעסאָרס פּעקלעך. סערגיי טימאָפּיעיע־וויטש האָט שוין דאָרט געוואַרט אויף אים. שלמה האָט נאָר באַוויזן אַראָפּ־צונעמען פונעם פּראָפעסאָר דעם פּאַלטאָ, און אים העלפן זיך אויסציען אויף דער סאָפע, ווי דער צוג האָט גערירט —

*

אומבאַמערקט איז מען איבערגעפלויגן דעם דניעפּראָווסקע בריק, דאַרניצע, און מען איז אַוועקגעשוווּמען אין די אומענדלעכע, פאַרשנייטע אוקראַינער סטעפּעס. אין קופּע איז געווען געמיטלעך. אַלץ אין דער ריכ־טיקער מאָס: נישט צו פיל וואַרעם, נישט צו פיל ליכטיק. שלמה האָט אויפגעשלאָסן סערגיי טימאָפּיעיעוויטשעס טשעמאָדאַן, האָט פאַרשפּרייט אויפן טישעלע אַ סאַלפעטקע און אויף איר צעלייגט זיין מיטאָג, וואָס ער האָט נישט באַוויזן אין דער היים אָפּצועסן.

— סאָלאָמאָן, דו וועסט מיטעסן?

— סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, איר קערט דאָך נאָך געדענקען פון אַמאָל, אַז איך עס נישט פון קיין פרעמדער קיך —

— אַה! איך האָב גאָר פאַרגעסן, ווער מיין שעף איז.

— בין איך דאָס, הייסט עס, אייער שעף?

— אודאי, אודאי, איצט דין איך ביי דיר, ביסט דו מיין שעף.

— מען דאַרף דאָך האָבן גאָט אין האַרצן, אַזוי אומברחמנותדיק חוזק צו מאַכן פון אַ מענטשן...

— נו מילא, נו, אויב דיר געפעלט נישט שעף, זאָל זיין קאָלעגע.

— קאָלעגע איז אויך צו פיל! ווי קום איך —

— עי... ס'איז דאָך גאָר פון דיר נישט איבערצוטראָגן! זאָג מיר, פאַר וואָס זשע האָסטו נישט דיינס, אויב דו ווילסט נישט עסן מיינס? צי דו האָסט נישט מיטגענומען?

— איך האָב, איך האָב, וואָס הייסט, איך האָב נישט? נאָר איך האָב שפּעט ביי טאָג געמיטאָגט, בין איך נאָך נישט הונגעריק. פון מיין „ל"ג בעומר" קען איך אייך פאַרלייגן ניעזשינער זויערע אוגערקעס צו די קאָט־לעטן און אַפּעלסינען אויף צו פאַרבייסן —

— אויסגעצייכנט! גראָד האָב איך ליב אַט די ביידע נאַשערייען. שטיי! אָבער אַפּעלסינען ווען מיר דאָך שוין קענען עסן צוזאַמען?
— נו, גוט —
— און אַצינד, ווי באַלד, אַז דו עסט איצט נישט, דערציייל זשע מיר טאַקע געניי: וווהין פאָר איך? צו וועמען פאָר איך? און וואָס דאַרף איך דאָרטן טון?
— אַט דאָס טאַקע האָב איך געוואָלט טון, ווייל מיר האָבן נישט קיין סך צייט.
— וואָס רעדסטו? ווען קומען מיר ערשט אָן קיין טאַגאַנראָג?
— איבער מאָרגן זיבן אין דער פרי.
— דו האָסט, דאַכט זיך, אַ טעות, מיין פריינד. עפּעס צו גיך פליט עס ביי דיר —
— ניין, איך האָב נישט קיין טעות, סערגיי טימאָפיעיעוויטש. מיר פאָרן מיט אַ שנעלצוג. פון קיעוו ביז טאַגאַנראָג דויערט ביי אים 32 שעה מיט 17 מינוט —
— אַך, אַך, אַך... וואָס פאַר אַ שטרענגע פּינקטלעכקייט! אַ דייטש!! אַ הונדערט־פּראָצענטיקער דייטש!!! נו, און אויב ס'איז אפילו יאָ אַזוי ווי דו זאָגסט, איז דען 32 שעה קאַרג אויף צו שמועסן?
— מיר פאָרן אָבער צוזאַמען נאָר ביז כאַרקאָוו —
ביים געלערנטן פאַלט אַרויס דער גאָפּל פון דער האַנט:
— וואָס הייסט — ביז כאַרקאָוו? און דאָרט וואַרפסטו מיך גאָר אַוועק?
— פון דאָרט פאָרט איר שוין אָן מיר.
— עי, גוטער ברודער, מיר דאַכט זיך, אַז דיין עקסטרעמיזם גייט שוין איבער אַלע גרענעצן —
— נאָר נישט געשראָקן זיך, סערגיי טימאָפיעיעוויטש. איר אין די יונגע יאָרן האָט אויך —
— איך שרעק זיך נישט, אָבער ווי אַזוי זשע —
— טאַקע אַט דעם „ווי אַזוי זשע" וויל איך אייך איצט דערציילן.
— נו, דערציייל שוין, דערציייל. אַלץ דערציייל!
— אומבאַדינגט אַלץ! איך וועל פאַר אייך זיין אָפנהאַרציק ווי פאַר אַן אייגענעם פאָטער, נאָך מער ווי פאַר אַ פאָטער —
— ווי פאַר אַ פּאַסטאָר —
— וואָס פאַר אַ ווערט האָבן הונדערט פּאַסטאָרס קעגן אייך, מיין טייערער פּראָפעסאָר?
שלמה האָט אַ קוק געטון אויף דעם „רייזע־פּלאַן" פון די צוגן און אויפן זייגער. זיי האָבן זיך איצט געדאַרפט געפינען ערגעץ צווישן יאַגאָטין און גרעביאָנקע. שלמה האָט אָנגעקלונגען דעם „פּראָוואָדניק", * האָט

* דער דורכפירער, דער וואַגאָן־באַגלייטער.

געהייסן אריינברענגען א טשייניק טיי, אליין האָט ער צעשניטן עטלעכע אַפּעלסינען און האָט צעפּאַקט אַ פּעקעלע טאָרט מיט שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט נאָך באַוויזן איינצוקויפן אין וואָקזאַל־גאַסטראָנאָם אין לעצטן מאָ־מענט. זיי האָבן זיך בהרחבהדיק אָנגעשפּאַרט אין די געבעטע ווענטלעך פון זייערע סאָפעס און האָבן געמיטלעך צוגעביסן. די ערד איז מיט אַן אימפּעט אַנטלאָפן פון אונטער זייערע פיס. דער וואַגאָן האָט זיך לייכט געהוידעט אויף די רעסאָרן און אין קופּע האָט זיך געשאַפן אַן איינדרוק, אַז דאָס זיצט מען אין אַ שיין־צוגעקליבן סאַלאָנטשיקל, נישט מער, וואָס עס פילט זיך אַ לייכטע ערדציטערניש.

— איז אָט וואָס, טייערער סערגיי טימאָפייעוויטש: מיט אַ זיבן, אַכט יאָר צוריק, האָט אין אָט די מקומות, וואָס מיר פאָרן איצט דורך, געוווינט איינע אַ מיידל, צו וועלכער איך בין אין יענער צייט געווען נישט אין גאַנצן גלייכגילטיק. גערופן האָט מען זי רייזל ליבערמאַן —

— ליבערמאַן גאָר? דאַכט זיך, אַנדערש האָט מען זי גערופן?

— דאָס איז נישט יענע, וואָס איר מיינט. דאָס איז אַן אַנדערע. אגב, כדי איר זאָלט אויף קיין איין סעקונדע חלילה נישט קיין טראַכט טון, אַז אונדזער איצטיקע רייזע האָט עפּעס אַ שייכות מיט אַ ליבע־אינטריגע, מוז איך אייך זאָגן, אַז סיי יענץ מיידל, וואָס איר האָט געמיינט, סיי די פון וועלכער מיר רעדן איצט, האָבן שוין פון לאַנג חתונה געהאַט און האָבן שוין פון לאַנג קינדער, און איך אַליין — אויך דאָס זעלבע. טאָמער האָט איר דאָס ביז איצט נישט געוווּסט, וועט איר פון איצט אָן וויסן.

דער פּראָפעסאָר כאַפּט זיך אויף פון דער סאָפע:

— הערסט אַ מעשה? וואָס זשע שווייגסטו? איך גראַטוליר דיך —

אויף סערגיי טימאָפייעוויטשעס האַנטדרוק האָט שלמה געענטפערט מיט אַ לייכטן שמייכל:

— מיין יינגעלע וועט שוין אין גיכן אַלט ווערן פינף יאָר, און איר גיט מיר ערשט אָפּ „מזל־טוב"...

— אין דעם ביסט דו דאָך שולדיק! פאַר וואָס ביסטו ביז אַהער אונדז נישט געקומען דערציילן?

— נו מסכים, מסכים, אַז ס'איז מיין שולד. ווייסט איר וואָס? לאָ־מיר זיך בעסער נישט אָפּגייגן פון אונדזער שמועס, ווייל דער צוג לויפט און די צייט לויפט אים נאָך. איר פאַרשטייט דאָך גאַנץ גוט, אַז נאָך דעם, ווי איך האָב אָט די ליבערמאַן שוין אַכט יאָר נישט געזען פאַר די אויגן, בין איך גאַנץ ווייט פון האָבן צו איר נישט קיין זייבערע געפילן... נישט קיין ריינע, נישט קיין אָנשטענדיקע... אַזעלכע, וואָס קענען פאַרשוועכן איר אומשולד, איר —

דער אַלטער האָט אים צערטלעך אָנגענומען ביי דער האַנט:

— סאָלאָמאָן, איך בין דאָך נישט קיין גייסטלעכער, וואָס דו מוזסט זיך פאַר מיר מתודה זיין —

— סערגיי טימאָפייעוויטש, איך רעד איצט נישט נאָר צו אייך, איך

רעד גלייכצייטיק אויך צו זיך. איך מוז זיך אליין קלאר מאכן מיין איצ־טיקע פאזיציע. איך מוז זיך פארענטפערן פאר זיך אליין, ווייל איך האב היינט אפגענארט מיין ווייבל. איך האב איר דערציילט א פזמון, אז איך פאר היינט אוועק אויף א צוזאמענפאר, און האב זי אויך באגנבעט —

— וואס הייסט — באגנבעט?

— באגנבעט הייסט, אז איך האב בלא־יודעים צוגענומען דאס איינ־ציקע ווערטפולע שטיקל צירונג, וואס זי האט פארמאגט, און איך פיר דאס איצט מיט זיך... צו דער עקדה...

— הער זשע, גוטער ברודער... דו דעקסט אויף דיין דיווערסיע צו ביסעלעך, צו ביסעלעך... אראפנעמען ביים ווייב פון דער ב־וסט איר צירונג און עס אנטון א געוועזענער געליבטער... דאס איז שוין, דאכט זיך, טאקע א ביסל... ווי אזוי זאל איך דיר זאגן?

— עס איז א קאפעטשקעלע נישט אזוי ווי איר מיינט. ווי איך האב אייך שוין געזאגט, האב איך שוין אט דאס מיידל נישט געזען כמעט אכט יאר און קלייב זיך זי אצינד אויך נישט צו זען. אדרבה, זי מאר בשום אופן נישט געוואויר ווערן, ווער עס איז איר בעל־טובה. איר הערט? דאס איז ביי מיר איינע פון די הויפט־בקשות, וואס איך האב צו אייך. דעם נאמען „סאלאמאן", אדער „קיעוו", טארט איר אין איר קעגנווארט אפילו נישט דערמאנען. ווען ביי איר וואלט אלץ געגאנגען כשורה, קענט איר מיר הייליק גלייבן, אז זי וואלט מיך בכלל נישט אנגעגאנגען — אבער טאקע גאר—נישט! דאס הייסט: גלייך מיט אלע יידן, גלייך מיט אלע מענטשן. אבער ווען איך הער, אבער אז עס דערגייען צו מיר גרוסן, אז זי איז אזוי אומגליקלעך, דאן בין איך אויך אומגליקלעך! קען איך אויך קיין הנאה נישט האבן פון מיין לעבן. איך ווייס, איך ווייס וואס איר ווילט זאגן. איר ווילט מסתם זאגן, אז: „אלטע ליבע ראסטעט נישט"; אפשר איז דאס טאקע אזוי... אפשר דאס אויך... איך וועל זיך מיט אייך נישט שפארן... איך וויל גאר אזוי טיף נישט אריינדרינגען אין מיינע געפילן. איצט ווייס איך איין זאך, אז זי איז אצינד זייער אומגליקלעך! מיר איז גוט, מיר האט גאט געהאלפן, איך מיט מיין ווייב און קינד האבן איבער־געלעבט די יעזשאוושטשינע, און זי איז איצט אזוי אומגליקלעך, אזוי אומגליקלעך... סערגיי טימאפיעיעוויטש, מיין טיראדע לאנגווײלט אייך נאך נישט?

— ניין, ניין, דערצייל. איז דאס, הייסט עס, ביי דיר, א פלאטאנישע ליבע —

— נאך וויניקער, סערגיי טימאפיעיעוויטש. נאך וויניקער, זאג איך אייך. פראסט און פשוט, איך קען נישט דערלאזן, אז אט די אויסערגע־וויינלעכע פרוי: רייזל ליבערמאן, זאל באגיין זעלבסטמארד, און אויף וויפל איך האב געהערט, האלט עס שוין נישט ווייט דערפון. זאגט דעם אמת, סערגיי טימאפיעיעוויטש, עס שלעפערט אייך נאך נישט?

— רעד נישט קיין נארישקייטן און דערצייל ווייטער...

— שטעלט אייך פאר אויף איין מינוטקעלע אזא בילד: אין יאר 1937 האט אט די רייזל ליבערמאן פארמאגט איר אייגנס: א זעלטענעם יונגנמאן; צוויי ליכטיקע קינדערלעך; א ווייט־בארימטן פאטער; געהויבענע צוויי ברידער מיט פרויען און מיט קינדער, דאס הייסט, א ענגע פאמיליע פון א פופצן, צוואנציק פארשוין. און רייזעלע איז געווען דאס צירונג אין שטוב, פון אלעמען געליבט: א געליבטע פרוי; א געליבטע מוטער; א געליבטע טאכטער; א געליבטע שוועסטער; א געליבטע מומע; און אליין איז זי, זאג איך אייך, פראפעסאר — א גאלדענער מענטש! א נשמה — א פידעלע! ס'איז ממש א זכות זי צו קענען! איר זעט פאר זיך אט די פון גאט געבענטשטע אידיליע? איר שטעלט זיך פאר דאס דאזיקע בילד? דעם דאזיקן גליקלעכן קאלעקטיוו?

— ווי אזוי קען איך זיך אים נישט פארשטעלן, אז דו מאלסט אים אפ אזוי פרעכטיק?

— איצט לאמיר איבערמישן צוויי יעזשאווסקע יערעלעך: דער פאטער אירער איז אנטלאפן געווארן קיין גרוזיע און איז דארטן: אן עלנטער, אן אנגעזאפטער מיט יסורים — געשטארבן אויף א פרעמד בעט; ביידע ברידער מיט די ווייבער און מיט די קינדער האט מען פארשיקט. קיין שום ידיעה פון זיי איז טאקע נישטא, פונקט ווי פון נאך צענדליקער טויזנטער אזעלכע מיוחסים ווי זיי, אבער מען קען זיך שוין משער זיין, אז מסתמא האט מען זיי פארטריבן ערגעץ אין די ווייט־מזרחדיקע טאיגעס אויף צוואנציק אדער פינף און צוואנציק יאר —

— הייליקע מוטער! אויף וויפל זאגסטו? ס'איז דאך עפעס א שרעק צו הערן! מיט וואס האבן זיי זיך אזוי שווער פארשולדיקט?

— מיט וואס? מיט דעם, וואס זיי האבן געהאט די העזה געבוירן צו ווערן ביי א רב! יעזשאווס הארץ האט אזעלכע זאכן נישט געקענט פארטראגן...

— און דאס איז דער גאנצער חטא זייערער?

שלמה, אן אנטוישטער:

— ע, מיין ליבער פראפעסאר, איך זע, אז איר זענט אפגעשטאנען פון דער וועלט... לויט אייער מיינונג איז דאס נאך א נישט־גענוגנדיקער ארגומענט אויף אויסצוהרגענען מאנסבלין, פרויען און קינדער? ע, סערגיי טימאפיעוויטש, זענט איר דאך טאקע באמת אפגעשטאנען פונעם לעבן. אבי איר ווייסט ארומגיין ארום אייערע בעטלעך און זיך ארומטראגן מיט די דיאגנאזן! לכן, זאלט איר וויסן זיין, אז אומברענגען א מענטשן, בלויז דערפאר, ווייל ער האט נאך אין זיך עפעס א ריח'ל, א נותן־טעם, א קליין ביסעלע סימפאטיע פאר זאכן, וואס האבן א שייכות צו רעליגיע, און פאר איין וועגס אפרוימען פון דער ווייסער וועלט אויך דאס ווייב און די קינדער — דאס איז אין יעזשאווס עפאכע געווען די „מאדע פיק", א רעליגיעז עטיקעטל איז ביי דער אויספארשונג געווען דער סאמע גאנגבארסטער ארטיקל. א שטויבעלע פון רעליגיעזקייט, צי א ספק־שטויבעלע

פון נאַציאָנאַלן געפיל, אָדער פאַרמאָגן אַ ווייטן קרוב, וואָס האָט זיך אַ מאָל געפּוצט די שיך אין דעם זעלבן קוואַרטאַל, ווו אין טראָצקיס יאָרן האָט געוווינט אַ טראָצקיסט — אָט דער אָרעמינקער ארסענאַל באַשול־דיקונגען האָט איבערגעגעבן הונדערטער טויזנטער בירגער אויף סיביר, אויף סאַכאַלין, אין די טאַיגעס און גאָר־גאָר אַ גרויסער טייל — אין פאַרטיקע קברים. די גאַנצע פּרשה פון דער „ראַסקולאַטשעוואַניע", אָט יענע שרעקלעכע עפּאָפּייע — פאַר אַ געוויסן קלאַס מענטשן — מיט אירע שוי־דערלעכע עפּיזאָדן, שטעלט זיך אונדז שוין אַצינד פאָר ווי אַ הומאָרעסקע, ווי אַ פעליעטאָן קעגן יעזשאָווס גרויליקן טעראָר, וואָס ער האָט איינ־געפירט און געמאַכט געוועלטיקן אין לאַנד אין משך פון העכער צוואַנציק חדשים...

דער אַלטער איז ממש אויפגעטרייסלט. אַ דערשיטערטער ביז די אָפּ־גרונטן פון דער נשמה פאַרברעכט ער די הענט:

— יעזוס קריסטוס! און ביי אַזאַ טויגעניכטס האָט געמוזט ארבעטן מיין פּאַוולושינקאַ?

— לאָמיר האָפן, אַז אייער זון איז אפילו אין יענע פינצטערע יאָרן אויך געווען ענלעך אויף זיינע עלטערן. דער וואָס איז באמת אַ לייטישער מענטש, זוכט ער שטענדיק אָפּ אַ וועג ווי אַזוי נישט צו באַשמוצן זיך די הענט, און בלייבן מיט אַ ריינעם געוויסן. איצט וועלן מיר זיך אומקערן צו אונדזערע אומגליקלעכע ליבערמאַנס. זענען מיר שוין, הייסט עס, פאַר־טיק מיטן פאָטער און מיט די ברידער. דערנאָך נעמט איר יינגעלע און גיט אויף קאַטאָוועס אַ שטאַרב אַוועק פון אַ שווערן, אויסמאַרכעוודיקן דיפ־טעריט, אויף וועלכן די דאָקטוירים האָבן זיך שפּעט געכאַפּט. איז איר שוין געבליבן נאָר דאָס עלטסטע מיידעלע, אסנתל. פאַר אַ יאָרן אַרעסטירט מען דעם מאַן, און מען האַקט אים אריין צען יאָר קאָנצלאַגער מיט שטרענ־גער איזאָלאַציע, און דער עיקר — לחלוטין אומשולדיק...

— וואָס הייסט, אין גאַנצן אומשולדיק? אָבער עפּעס אַ זאַטשעפּקע* מוז דאָך פאָרט זיין...

— דאָמאָלסט אין סלאַוווטע, אין דעם בלבול מיטן אַבאָרט, זענט איר פיל שולדיק געווען? ניין? קען שוין, הייסט עס, יאָ זיין אומשולדיק? אָט פונקט אַזוי ווי איר דאַמאָלסט, אַזוי איז ער איצט אומשולדיק. אָט הערט אומיסטן און זאָגט אַליין —

שלמה האָט אים וואָרט און וואָרט איבערגעגעבן דעם „זיסן גרוס", וואָס דער קוטאַאיסער ייִד האָט אים אָפּגעגעבן מכוח דער „מעשה־שאַיע" און בכלל דעם גרויסן נחת —

— נו, סערגיי טימאָפיעיעוויטש, אַצינד פאַרשטייט איר שוין, פאַר וואָס אָט דעם מענטשן קומט אַרכאַנגעלסק?

סערגיי טימאָפיעיעוויטש איז די גאַנצע צייט געזעסן צוגעשפּאַרט

* אַ העקעלע. געמיינט: אַן אמתלא, צו וואָס זיך צוצושעפּען.

אויפֿן ראַנד פֿון דער סאָפֿע, ווי אַ וואַנדערער, וואָס האָט זיך אונטערוועגנס אײַנגעבעטן אויף אַ פֿרעמדער פֿור. דאָס פּנים זײַנס איז עפּעס געווען שטאַרק צעקנייטשט; די אויגן קאַלעמוטנע; און דער גאַנצער אויסזען זײַ־נער — אַ דערדריקטער, אַ פֿאַרשעמטער. פֿון שלמהס מויל האָט געשפּריצט פֿײַער, זײַנע שרפֿענדיקע אויגן האָבן ממש אויסגעברענט לעבער אין אַלץ, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. ער האָט זיך נאָך נעענטער צוגעבויגן צום פּראָפֿעסאָר, און האָט אין אים אַרײַנגערעדט:

— איר פֿאַרשטייט? ער בעט מען זאָל אים שיקן פּעקלעך, דער מאַן אירער, אָבער אַז רייזל האָט אַפֿילו נישט אויף קיין ברייטל צו קויפֿן... און טאָמער האָט נאָך עפּעס געפֿעלט צו אָט דעם אָרקעסטער, צו אָט דער קיילעכדיקער שמחה, האָט זיך דאָס ציטעריקע מיידעלע פֿאַרקילט אירע אַזוי אויך שוואַכע לונגעלעך, און האָט באַקומען אַן אָנצינדונג, און באַלד טאַקע פּליעווריט, אַ מיחוש אויף די נירעלעך, און, — אַז עס זאָל חלילה גאָרנישט פֿעלן צום רעמל — אַ חשד אויף טובערקולאָז... ס'איז פֿאַר מיר קלאָר, אַז טאָמער חלילה וחס מאַכט אסנתל צו מיט אַן אייגעלע, בלייבט נישט דער מוטער אירער צוליב וואָס צו לעבן אויף דער וועלט... אָדער זי וועט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג חס ושלום אויפֿהייבן אויף זיך אַ האַנט, אָדער זי וועט חלילה אַראָפּ פֿונעם זינען און אַרומלויפֿן איבער די גאַסן... דער ער־שטער אופֿן איז גוט און דער צווייטער איז נאָך בעסער... אָט דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד! ס'איז מיר שווער צו רעדן וועגן דעם חורבן פֿון רייזלס פֿאַ־מיליע, ממש עס גייט מיר דאָס בלוט פֿונעם האַלדז —

# קאפיטל VII

עטלעכע מינוט איז אין קופּע געווען שטיל. דער צוג האָט זיך גראָד אָפּגעשטעלט. הינטערן פענצטער האָט עמעצער אריינגעשטעקט זיינע שטאַ־לענע נעגל אין די העלדזער פון די רעדער, אין אויגנבליק האָבן די וואַ־גאָנען געציטערט מיט אַלע אברים, ווי אַ בעל־חי נאָך דער שחיטה, און די רעדער זענען אַנטשטימט געוואָרן, און תוך כדי דיבור — אויך די טאַצן און די בופערן און די געפלאָכטענע אייזערנע גאַניקלעך. אַלע כלי־זמרים זענען ווי פארשטיינערט געוואָרן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט ווי אַ אונ־טערגעשאָסן פערד, מיט אַ סווישטש ארויסגעלאָזט דעם לעצטן אָטעם, און אַלץ איז מיט אַ מאָל ווי אויסגעשטאָרבן. ערגעץ נישט ווייט האָבן זיך פאַר־נעם ווינט געהוידעט אַלטמאָדישע לאַמטערנס. ווי פון אַ טיפן אָפּגרונט האָבן זיך דערטראָגן אָפּגעריסענע קולות און אַ רוקעניש פון בלעכענע כלים. די דאָזיקע שוואַכע קלאַנגען האָבן נישט צעריסן די שטילקייט, נאָר גראָד פארקערט, זי געמאַכט נאָך בולטער, נאָך ממשותדיקער, ימשדיקער...

מיט אַ מאָל האָט שלמה דערפילט אַ הכרחיות אַנצופילן די לונגען מיט פרישער לופט, אַ ביסל אָפּצוקילן די אויפגעברויזטע געבליטן. ער האָט אָנגע־טון דעם פּאַלטאָ אויף די אַקסלען און איז ארויסגעגאַנגען אויפן טאַמבור. מען איז געשטאַנען אויף דער סטאַנציע לעבעדין. דער צוג שטייט דאָ דריי מינוט. מיט אַ געלעבערט הארץ און מיט אַ צעקאַליעטשעטער נשמה האָט זיך שלמה איינגעקוקט אין די באַלויכטענע אותיות: „לע—בע—דין". אים האָט זיך געדאַכט, אַז אָט די אותיות זענען אָנגעשריבן מיט בלוט. און דאָס בלוט איז נאָך זודיק, עס קלעפּט זיך צו די פינגער, עס וויל בשום אופן נישט אָפּשטיין. עס שרייט אויף קולי־קולות:

— נעם מיך מיט... וראיתם אותו וזכרתם... לאָז מיך נישט איבער אויף גויאישע צווינטערס... איך דאַרף אַ תיקון, אַ ידישן תיקון...

פּלוצלינג — אַ ווילדער רעווע, אַ ריס, אַ טרייסל, און ווידער שיפּט זיך פארביי דעם צוג פארטונקלטער שניי; אומענדלעכע און אומדייטלעכע ווייטן; וויסטע און פינצטערע שטחים ווי פינצטער און וויסט אים איז געווען אויפן הארצן —

שלמה האָט זיך אומגעקערט אין קופּע אריין און האָט געטראָפן סער־גיי טימאָפּיעיעוויטשן זיצן אין דער זעלבער אומבאַקוועמער פּאָזע, אין וועלכער ער האָט אים איבערגעלאָזט זיצן ארויסגייענדיק אויפן טאַמבור. אויף זיין פּנים זענען געווען אויסגעקריצט טיפע שמערצן און גרוים מיטלייד.

— וווּ ביסטו דאָס געווען, סאָלאָמאָן?

— אין ערגעץ נישט. אויפן טאַמבור. באַטראַכט דעם וואָקזאַל.

— וווּ זענען מיר דאָס געשטאַנען?

— אין לעבעדין.

— הא, אין לעבעדין? וואָס זשע האָסטו דאָרטן געקענט זען אַזוינס אין· אַזאַ חשכות?

— בלוט!

איבערן אַלטנס לייב איז דורכגעגאַנגען אַ שוידער פון שלמהס „רו־איקער" תשובה. ער האָט מיט אַ פינצטערן בליק אַ פרעג געטון:

— וואָס הייסט — בלוט?

שלמה האָט אים געלאָסן מסביר געווען:

— בלוט, דאָס איז אַזאַ מין רויטע און הייסע פליסיקייט, וואָס רינט ביים מענטשן בשעת מען קוילעט אים. לעבעדין איז שטאַרק איינגעטונקען אין בלוט —

— שלמה, דו ביסט שטאַרק פאַרביטערט. וווהין דו קוקסט, דאַכט זיך דיר שוין אויס, אַז אומעטום רינט בלויז בלוט. אַך, אַך, אַך, ווי דו ביסט עס דורכגעווייקט אויף דורך און דורך: מיט גיפט, מיט שנאה, מיט יווירנדיקן אייטער... און דו ביסט דאָך נאָך אַזאַ יונגער מענטש, דו דאַרפסט דאָך ערשט אָנהייבן לעבן אויף דער וועלט —

— ליבער סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, מיין נשמה איז פון דער נאַטור אַ לוסטיקע. איר מוזט נאָך געדענקען פון דאַמאָלסט, ווי איך האָב אַליין געטאַנצט, און אייך, פּראָפעסאָר, אויך געצווונגען צו טאַנצן... אין די קינ־דעריאָרן האָט זי ביי מיר געמיינט, אַז איר וועג וועט זיין אויסגעבעט מיט זונשטראַלן און אויסגעשפּרייט מיט רויזן־בלעטלעך. מען האָט זי מיר אָבער פאַרגיפטעט. איך קען שוין דורך אירע פענצטערלעך נישט זען עפּעס אַנדערש אַ חוץ: בלוט! איך שווים איצט אין אַ ים פון בלוט... קיעוו — איז בלוט! לעבעדין — איז בלוט! באַלד קומען מיר אָן קיין פּאָלטאַווע — אויך בלוט! כאַרקאָוו — בלוט! מאָסקווע — בלוט! טאַגאַנראָג — בלוט! מאַרי, כמעלניק, אַנאַניעוו, קוטאַאיס, אַרכאַנגעלסק, כאַדאַבולאַק, ניעזשין, סוליקאַמסק — בלוט! בלוט!! בלוט!!! יעזשאָווס איינציקער רעצעפּט איז געווען: אַ בלוטבאַד...

דער פּראָפעסאָר באַטראַכט זיין יונגן פריינד מיט אַ לאַנגן, דורכדרינ־גענדיקן קוק, און זאָגט מיט אַן אומרואיקן טאָן:

— עפּעס שווינדלט דיר היינט פאַר די אויגן, מיין טייערער —

שלמה, נישט הערנדיק דעם אַלטנס באַמערקונג:

— אויף אַלע שטעגן און שטעגעלעך פון דעם לאַנגן און ברייטן ראַטנ־פאַרבאַנד גיסט זיך איצט דאָס בלוט פון די פּוילישע יידן...

— וואָס זשע זענען די סאָוויעטן שולדיק? דאַכט זיך, פאַרקערט —

— אודאי זענען זיי שולדיק, נישט פאַרקערט! וואָלט מאַלאָטאָוו — ביי דער גאַנצער וועלט הינטער די פּלייצעס — נישט געווען געמאַכט קיין יד־אחת מיט היטלערן; וואָלט סטאַלין מיט ריבענטראָפּן — דער וועלט אויף צעפּיקעניש — נישט געווען געפּסקנט: „יחלוקו", דאַן וואָלט דער דייטש נישט געווען געוואַגט שטעלן קיין פוס אויף דער פּוילישער ערד! זיי וואָלטן

זיך געקענט ארומקריגן ימים ושנים: „מיין ציג, דיין ציג", * זיי וואָלטן נאָר געקענט פאָכען מיטן שווערדל און הייבן די פויסטן, אָבער צו קיין איין שאָס וואָלט נישט געווען געקומען, ווען נישט דער „התר עסקא", ** וואָס די ברוינע גזלנים האָבן ארויסבאַקומען אין קרעמל כתוב וחתום... דאָס איז אַ פאַקט, וואָס קיינער קען אים נישט אָפּווענדן: זיך איינרייסן גלייכ־צייטיק אי מיט דער גאַנצער מערב־וועלט, אי מיט רוסלאַנד, וואָלט דער דייטש מורא געהאַט! אַזוי אַז דעם קריג אין פּוילן, וואָס פאַקטיש האָט אים אָנגעהויבן דייטשלאַנד, האָט יורידיש און מאָראַליש אָנגעהויבן דער ראַטנפאַרבאַנד!

און איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם:

— און אויב ס'איז אפילו אמת ווי מען האָט אונדז דערציילט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות האָבן מיט אונדז נישט געוואָלט רעדן ווי מיט זייערס אַ גלייכן — אין וואָס איך בין נאָך שטאַרק, שטאַרק מסופק! — און דעריבער איז דער ראַטנפאַרבאַנד כלומרשט געווען געצוווּנגען זיך צו־נויפרעדן מיט די פאַשיסטן, — כאָטש ס'איז נאָך אַ גרויס קלער־עניש דער־ביי, אויב ס'איז טאַקע ריכטיק געהאַנדלט: איבער דער פּאַסיווער האַנדלונג פון עטלעכע אַנגלאָ־אַמעריקאַנער משולחים, צו ווערן חבר און מאַכן אַ שותפות מיט היטלערן, מיטן פאַשיזם — האָבן די רויטע געדאַרפט געדענ־קען, אַז איבערגעבנדיק די שליסלען פון פּוילן צו אָט דעם שרעקלעכן שר־הטבחים, שרייבן זיי דערמיט אונטער אַ טויטאורטייל פאַר די מיליאָנען יידן, וואָס געפינען זיך אין פּוילן פון דורי־דורות! אָדער זיי האָבן דעם רוצח געדאַרפט בינדן די הענט אַרונטער, אַז ער זאָל נישט וואַגן זיך צו־צורירן צו קיין ציוויליזירט יידן, אָדער זיי האָבן געדאַרפט צונעמען די יידן אַהער צו און זיי אַריינשמעלצן צו זיך אין גרויסן טאָפּ אַריין. און אַזוי ווי זיי האָבן נישט געטון: נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע, איז די אַלע רדיפות, וואָס די יידן האָבן איצט אויסצושטיין אין פּוילן און אָט די שרעקלעכע נויט, וואָס די פּוילישע יידן שטייען אויס אין רוסלאַנד גופא, גייען בשלמות אויף דעם חשבון פון די רוסישע מנהיגים.

— נו, און וואָס טוען לעת־עתה די רוסישע יידן אַליין לטובת זייערע עלנטע ברידער, די בעזשענצעס?

— טייערער סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, אדרבה, זאָגט איר אַליין, וואָס קענען די סאָוויעטישע יידן טון צוליב זייערע פאַרוואָגלטע ברידער? ס'איז היינט עפּעס ווי אין אַמאָליקע יאָרן, וואָס אין יעדער שטאָט און אין יעדן שטעטל זענען געווען צענדליקער איינגעפונדעוועטע גבירים, וואָס האָבן אין פאַל פון אַזאַ שוידערלעכער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע געקענט אַריינגע־מען צו זיך אין די פיל צימערדיקע הייזער הונדערטער נפשות, זיי אָנהאָ־דעווען; ווי עס איז באַקליידן זייערע נאַקעטע לייבער; אָנשוכן זייערע באַר־

---

* געמיינט: דעם קאָנפליקט פאַר דאַנציג.

** דאָ געמיינט: אַ דערלויבעניש אויף צו האַנדלען ווי אַזוי יענעם געפעלט.

ווערטע פים און נאָך מיטגעבן צידה לדרך... ווער זענען היינטיקע רוסישע יידן? — מיר וועלן דאָך נישט רעדן פון דעם יונגוואַרג, וואָס איז אין גאַנצן אַסימילירט, זיי גייט אַזוי פיל אָן דאָס יידישע פאָלק, פּונקט וויפל דאָס טערקישע, אויב נישט נאָך ווייניקער. וואָס דען, מיר רעדן פון די, וואָס יידישע צרות קרענקען זיי, פון די, וואָס פילן נאָך, אַז מען שניידט דעם צווייטן אבר; איז ווער זענען זיי, די היינטיקע סאָוויעטישע פאָלקס־יידן? — סטאַכאַנאָווצעס נעבעך, בידנע אָנגעשטעלטע, די עלטערע מענטשן זענען וויסטע סטאַרייזשים... מען איז אַליין הונגעריק... שוין העכער צוואַנציק יאָר הונגעריק... מען איז אַליין נאַקעט און בלאָקעט, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, אַ צירעווקע אויף אַ צירעווקע. און ווידער, ס׳איז עפּעס אָן אומגליק מיט איין מענטשן? מיט צען מענטשן? מיט הונדערט מענטשן? עס ליגן דאָך בלויז אויף די קיעווער וואָקזאַלן פיל טויזנטער מענטשן... אנשים נשים וטף... היינט, אויף גאַנץ אוקראַינע? היינט, אויף גאַנץ רוסלאַנד? פאַר איין יאָר איז שווער עפּעס אויפצובויען, איין יאָר איז אָבער איבערגענוג אויף חרוב צו מאַכן אַ גאַנצע וועלט; אויף צו פאַרוואַנדלען צענער טויזנטער סאָלידע, באַלעבאַטישע מענטשן אין היימלאָזע בעטלערס; אויף אָנצומאַכן צענער טויזנטער עגונות, לעבעדיקע יתומים און סתם: אומגליקלעכע, צעבראָכענע, חרובע... איר פרעגט, וואָס טוען אויף די רוסישע יידן? מען טוט, וואָס מען קען. עלטערע יידן, — די יינגערע אַרבעטן דאָך, מען איז דאָך פאַרשקלאַפּט ווי ביי פּרעהן אין מצרים — האָבן אויפגעהערט צו קוועטשן די בענק אין בית־המדרש, עלטערע ווייבער האָבן פאַרלאָזט זייערע גאַנקעס, אָדער די בענק אין די בולוואַרן, קיילעכדיקע מעתלעתן גייען אַרום פאָרלעך איבער דער שטאָט, מען קלייבט, מען נעמט צונויף, וואָס עס לאָזט זיך. יידן האָבן ווייכע הערצער, מען טוט אויס אַ בגד פון זיך און מען גיט עס אָפּ; מען רייסט אַרויס ביי די קינדער דעם ביסן פונעם מויל און מען גיט אים אַוועק, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אָט די אַלע צונויפגעמעכטסן? עס זעט זיך אָן ווי אַ טראָפּן אין ים, ווי זאָגט מען ביי אונדז: אין הקומץ משביע את הארי, * עס איז כמעט קיין שום פעולה נישט. יחידים דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ, יחידים דעקן צו זייער שאַנד, און ניין און נײַנציק פון הונדערט בלייבן נאַקעט און הונגעריק און דאָרשטיק... און אָט די גאַנצע פּלאָג האָט דעם יידישן פאָלק געקענט און געדאַרפט פאַרשפּאָרן דער ראַטנפאַרבאַנד —

— ווי אַזוי זשע האָט ער דאָס אייך געקענט פאַרשפּאָרן?

— איך האָב אייך שוין איין מאָל געזאָגט, ווי אַזוי. אויף דעם געביט האָט ער געקענט היטלערן בינדן די הענט אַרונטער —

— כ׳בין זייער נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי, מיינט איר, יידן, קען מען עס אַזאַ שרעקלעכער חיה בינדן די הענט אַרונטער?

---

* דאָס זשמענקעלע קען נישט אָנזעטיקן דעם לייב.

— אָ־אָ! אז מען ווי׳ל נאָר באמת, קען מען! ס׳איז נאָר געווענדט אין דעם, צי מען האָט טאַקע דעם אמתן רצון...

— פון דעסט וועגן... איך בין זייער ציקאַווע צו וויסן...

— דער דאָזיקער באַדינג האָט געדאַרפט זיין איינער פון די ערשטע פּונקטן פון זייער בלוטיקן אָפּמאַך. דאָרט האָט פונעם סאַמע אָנהייב גע־דאַרפט שטייען אַזוי: אויב די דייטשע רעגירונג וועט וואַגן צו טעראָרי־זירן די ציווילע באַפעלקערונג, סיי יידן, סיי נישט יידן, אַזוי הערט אויף דער ראַטנפאַרבאַנד אים צוצושטעלן די הונדערטער עשאַלאָנען פּראָוויאַנט, וואָס ער האָט זיך מתחייב געווען. אָ! ער וואָלט דאַמאָלסט קיינעם נישט געטשעפּעט מיט קיין פינגער און די דאָרטיקע יידן וואָלטן פאַרשפּאָרט אַנטלויפן נאַקעטע אויף דער געבענטשטער, סאָוויעטישער ערד...

— און איר זענט זיכער, אַז היטלער וואָלט זיך געלאָזט בינדן די הענט?

— פּולקאָם זיכער! וואָס טוט מען נישט צוליב פּרנסה? ער וואָלט געלאָזט, ער וואָלט געלאָזט... צו נייטיק דאַרף ער איצט האָבן דאָס רוסי־שע מעל מיט דעם רוסישן חזיר־שמאַלץ... אָדער — אויב ער וואָלט טאַ־קע נישט דערלאָזט, אַז מען זאָל אָט דעם פּונקט אַריינשטעלן צווישן די תנאים — האָט דער ראַטנפאַרבאַנד, ווי געזאָגט, געדאַרפט פריער, איידער ער לאָזט אַריין דעם וואָלף אין דער סטאַדאָלע, אַריינגעמען די אומבאַ־האָלפענע שעפעלעך צו זיך אין שטוב אַריין. און וווהין אַריינצונעמען האָט ער גענוג פּלאַץ, עס האָט קיינער נישט אַזאַ גרויסע דירה, ווי דער ראַטנ־פאַרבאַנד. און מיט וואָס זיי צו באַשעפטיקן האָט ער אויך גענוג. אין לאַנד פעלן נישט אויס, ברוך־השם, קיין קאָלכאָזן און סאָווכאָזן, וואָס גייען אויס נאָך אַרבעטסהענט... אויף איינעם פון אָט די צוויי אופנים האָבן זיך די סאָוויעטן געדאַרפט באַשליסן, איידער זיי האָבן דערפירט צו אַזאַ שחיטה... אַן אַנדער מאָל זאָגט מען: אָדער רויט אָדער טויט! סטאַלין האָט געמאַכט די יידן פון פּוילן: אי רויט, אי טויט... היטלער מאַכט זיי דאָרט דעם טויט, און ער דאָ מאַכט זיי רויט און אין דער אונטערשטער שורה באַקומט זיך כמעט איינס און דאָס זעלבע: אומקום, פאַרניכטונג, פאַרטיליקונג...

דער אַלטער פּראָפעסאָר איז צוגעגאַנגען צו שלמהן, האָט אים אַ גלעט געטון איבער דער באַק און האָט מיטפילנדיק געזאָגט:

— נו, שאַ סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, שאַ! בארואיק זיך שוין אַ ביסל, קייע עפּעס איבער, וועט דיר איבערגיין. איך ווייס? אפשר ביסטו גערעכט... איך בין נאָר אַ קינדער־דאָקטער, נישט קיין פּאָליטיקאַנט... פון אַלע מיינע יאָרן האָב איך פיינט פּאָליטיק, ווייל איך האָב פיינט פאַלשקייטן...

שלמה האָט איבערגעקערט אין האַלדז אַריין אַ קאַלטע גלאָז טיי, דאַן האָט ער אַריינגענומען אין מויל אַריין אַ ריפטל מאַראַנץ, מיט פאַרמאַכ־טע אויגן האָט ער עס גענאָגט, גענאָגט, נישט פילנדיק אין דעם קיין שום נותן־טעם, ווי דאָס וואָלט געווען נישט קיין זאַפּטיקער אַפּעלסין, נאָר עפּעס אַ שטיקל פאָדעשווע־לעדער, דאַן האָבן זיינע פינגער נאָך אַריינגע־

וואָרפן אין מויל אַריין אַ ברויזן טאָרט, און ער האָט אַ ביסל אַ באַרואיק־טער געזאָגט:

— נו, סערגיי טימאָפּיעוויטש, מיר וועלן פאַרענדיקן אונדזער שמו־עס. די נאַכט שטייט נישט. אין כאַרקאָוו צעשיידן מיר זיך. איר פאָרט צו דער אומגליקלעכער רייזלען, און איך קיין מאָסקווע.

— וואָס עפּעס גאָר קיין מאָסקווע?

— באַלד, באַלד וועל איך אייך אַרויסלייגן מיין פּלאַן, מיט אַלע פּיצ־פּיצעלעך. די ערשטע און וויכטיקסטע ראָלע אין דעם ווידער־אויפבוי פון דער חרובער פאַמיליע ליבערמאַן, ריכטיקער געזאָגט: פון די גורעוויטשעס — וויל רייזלס מאַן רופט מען גורעוויטש — איז צוגעטיילט געוואָרן אייך, פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו! איר שפּילט די ערשטע פידל. וואָס דאַרפט איר טון? ווען איר קומט אָן קיין טאַגאַנראָג, — אונדזער צוג גייט דירעקט אַהין — לאָדט אָן אַ טרעגער אייערע זאַכן אויף אַ דראָזשקע און איר הייסט דעם פורמאַן, אַז ער זאָל אייך צופירן צו דער אַדרעסן־ביוראָ. בכלל געפינט זיך אומעטום די דאָזיקע ביוראָ, אין דער זעלבער געביידע, וואָס די שטאָטישע מיליץ. עפּעס איז דאָ אַ קרובהשאַפט צווישן אָט די צוויי אינ־סטיטוציעס. געקומען אַהין, שרייבט איר אויף אויף אַ ספּעציעלן פאָרמו־ליאַר, וואָס מען גיט אייך דאָרטן: רייזל מיכעליעוונאַ גורעוויטש, אַלט אַ יאָר זיבן, אַכט און צוואַנציק. און מען וועט אייך גלייך געבן איר אַדרעס. טאָמער זאָג איך אייך נישט ריכטיק איר נאָמען, — ביי יידן טרעפט זיך אַ מאָל, אַז אין פּאַספּאָרט הייסט מען אַ ביסל אַנדערש, ווי מען רופט דעם מענטשן אין גאַס — דאַן פרעגט איר: אַסנת שייעוונאַ גורעוויטש, פינף יאָר אַלט. ביי דער קליינינקער קענען שוין, דאַכט זיך, קיינע מיס־פאַרשטענדענישן נישט פאָרקומען. מיטן באַקומענעם אַדרעס פאָרפאָרט איר גלייך צו איר אַהיים. איר הייסט פאַר זיך אויפרוימען אַ צימער און נעמט זיך היילן דאָס קינד. אויב עס וועט זיין אַ נויטווענדיקייט, קענט איר אויך צוציען צו אָט דער אַרבעט די אָרטיקע מעדיקער־ספּעציאַליסטן. נישט מער, איר מוזט זיי פריער שטרענג פאַרווערן צו דערמאָנען אין שטוב דעם נאָ־מען: קיעוו. דאָס איז פאַר מיר זייער און וויכטיק! דער מוטער דאַרפט איר אויף אַלע אירע פראַגן גאָרנישט ענטפערן. ס'איז דאָך בלתי־ספק, אַז זי וועט אייך פאַרשיטן מיט פראַגן: פון וואַנען קומט איר? ווער זענט איר? ווער האָט אייך געשיקט? פאַר וועלכע זכיות? און איר — גאָרנישט געענטפערט! אַ קלאַפּ אין טיש און אַרויסשטופּן פונעם צימער! אייך דאַרף איך דאָך נישט לערנען, איר זענט קליגער פון מיר. וואָס נאָך? איר דאַרפט אָנווענדן אַלע מיטלען, נאָר געזונט מאַכן דאָס מיידעלע. מיין גאַנץ לעבן וועל איך זיך באַטראַכטן ווי אייער בעל־חוב פאַר אָט דער אויסערגעוויינ־לעכער טובה. באַלד קומענדיק אין שטוב אַריין, זאָלט איר מעלדן דער בעל־הביתטע, אַז איר וועט האַלטן אכסניא ביי איר און זי זאָל גרייטן אַ טיש פאַר אייך ביידע. דאָ האָט איר צוויי טויזנט רובל, וועלכע איר וועט איר געבן אויף דער ערשטער צייט. נישט קאַרגן אין דער הוצאה אויף

גאָר—נישט: נישט אויף זיך, נישט אויפן קינד. און אויך דעם מאַן זאָל זי תיכף ומיד אויפליינגן אַ לייטיש פּעקל. נישט שפּאָרן אויף קיין זאַך. מיט גאָטס הילף, געלט וועט זיין! איך וועל אם ירצה השם, גאָר אין גיכן ברענגען צו פירן. ווי נאָר איך וועל באַקומען די אפּותיקי פאַר מיין אַרויס־געגנבעטן אוצר. ווען דאָס קינד וועט זיך שוין געפינען אין אַזאַ צופרידנ־שטעלנדיקן צושטאַנד, אַז מען וועט עס שוין קענען איבערלאָזן אונטער דער השגחה פון צוווייט־ראַנגיקע דאָקטוירים, דאַן וועט איר דער מוטער הייסן צוריק איינפּאַקן אייערע חפצים און איר וועט זיך געזונטערהייט אַוועקפאָרן אַהיים. נאָר איין זאַך בעט איך אייך, סערגיי טימאָפּיעיעוויטש: היט זיך אָפּ מיטן עסן, מיטן שלאָפן, אַז טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ זאָל דער־נאָך קיין חרטה נישט האָבן דערויף, וואָס זי האָט אייך געלאָזט פאָרן מיט מיר. איין סעקונדעלע, אָט שרייב איך אייך שוין אָן די נעמען פאַר דער אַדרעסן־ביוראָ. פּאַרטיק! אָט דאָ האָט איר אי דער מוטערס נאָמען, אי דער טאָכטערס. לייגט עס גוט אַריין אין בוזעמטאַש. איצט די צוויי טויזנטערס — אין רענצעלע אַריין. אָט אַזוי. און טאָמער וועט זי ביי אייך נישט וועלן נעמען קיין געלט, איז — מיט אַ שטעקן, ווי אַן אייגענער טאָכטער! בכלל איז זי זייער אַ שטאָלצע ביי זיך. עס וועט איר גאָר מן הסתם נישט אָנ־שטיין צו נעמען וואָס עס איז ביי אַ פרעמדן מענטשן, זי וועט בעסער הונגערן! נאָר איר מעגט אַ ביסל איינברעכן איר שטאָלץ, אויף מיר די עבירה —

נאָך אַ לאַנגדויערנדיקער פּויזע, האָט זיך דער אַלטער אַ כאַפּ געטון:

— סאָלאָמאָן, איז מיט דעם פאָרן אויף צוריק, מוז איך גאָר נישט וואַרטן אויף דיר?

— האָט קיין יסורים נישט, האָפּנטלעך וועל איך נאָך זיין ביי אייך, איידער איר וועט זיך קענען אומקערן אויף צוריק אַהיים. איך וועל געלט ברענגען, צי איך וויים וואָס דאָרטן, וועלן מיר דאַמאָלסט די זאַך גענוי אַרומשמועסן.

— און נאָך וואָס פאָרסט דו קיין מאָסקווע?

— אָ! איצט, אַז מיר האָבן שוין אַלץ אַרומגעשמועסט וועגן טאַגאַנ־ראָג, קענען מיר שוין רעדן וועגן מיין רייזע קיין מאָסקווע. דאָס שטיקל צירונג, וואָס איך פיר מיט זיך, האָט די ווערט אַ סך צענער־טויזנטער רובל, און אפשר גאָר מער פון פופציק טויזנט! איך וויים אַליין נישט, וויפל עס האָט די ווערט. איך האָב מיט אַזעלכע זאַכן קיין מאָל קיין עסקים נישט געהאַט. איז דאָך דאַכט זיך גוט, האַ? אָבער בעלנים אויף אַזאַ קעניגלעכן תכשיט קען מען טרעפן נאָר אין די גאָר גרויסע שטעט: מאָסקווע, לעניג־גראַד, קיעוו. מיט אַזאַ יקר־המציאות מוז מען אָנטרעפן אויף דעם רעכטן בעלן; אויף דעם אמתן מבין; און דער עיקר — אויף ראַיעלע מענטשן. אין קיעוו האָב איך דעם דאָזיקן קונץ נישט געקענט מאַכן, דאָס פאַרשטייט איר אַליין אויך... משום מראית עין... עס קען אַ מאָל אַרויפשווימען ווי בוימל אויף וואַסער... מוז איך דאָס ברענגען צו קבר־ישראל אין מאָסקווע,

ווייל לענינגראד איז נאָך ווייטער. ווען איך וועל מיט גאָטס הילף האָבן איבערגעביטן מיין חפץ אויף מזומנים, וועל איך קודם כל אָפּפירן קיין טאַגאַנראָג אַ גרעסערע סומע געלט, אַז רייזל זאָל קענען ווי עס געהער צו זיין אַ קוק טון אויף זיך, אויפן קינד און זאָל אויך קענען שיקן פּעקלעך דעם מאַן אַהין צו. אָבער דער עיקר־העיקרים: איך וויל אין מאָסקווע פּרוווּן עפּעס אויפטון פאַר איר מאַן. פאַר אָט דעם גורעוויטשן. ער איז דאָך אַזוי אומשולדיק פאַרשיקט געוואָרן... איר ווייסט דאָך שוין...

— דו האָסט דאָרטן עפּעס „שליסעלעך” צו די הויכע פענצטער?

— נישט קיין שליסעלעך, נאָר איין און איינציק שליסעלע האָב איך... ס'איז דאָרטן פאַראַן איינער אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען: פּאַוועל סערגעיִע־וויטש ווינאָגראַדאָוו. דאָס איז אַן איינפלוסרייכע פּערזאָן אין די הויכע פענצטער. דערצו איז ער אַ זון פון זייער לייטישע עלטערן, און אויף מיין גליק — מיינע בעסטע פריינד. רעכן איך בעטן ביי זיין פאָטער, אַז ער זאָל מיר געבן אַ בריוו צו אים, אין וועלכן ער זאָל אים שטאַרק בעטן, אַז ווי ווייט ער וועט נאָר קענען, זאָל ער זיך באַמיען עפּעס אויפצוטון פאַר אָט דעם גורעוויטשן. דער זון וועט דעם פאָטער זיינעם געוויס נישט אָפּ־זאָגן... ער איז, האָב איך געהערט, אַן איבערגעגעבענער זון... און טאָמער וועט מען ערגעץ דאַרפן אַ שמיר טון מיט עטלעכע צענדליק טויזנטער, וועט מיט גאָטס הילף אין דעם אויך קיין מניעה נישט זיין. אגב, אַזוי ווי אָט דער פּאַוועל סערגעיעוויטש איז נאָך נישט קיין חתונה־געהאַטער, קלער איך טאַקע צופאָרן גלייך צו אים, און טאַקע ביי אים איינשטיין אויף אכסניא די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל זיך דאָרט מוזן פאַרהאַלטן. אָט דאָס זענען מיינע געשעפטן, וואָס טרייבן מיך קיין מאָסקווע... וואָס זאָגט איר צו דעם אַלעמען?

סערגיי טימאָפּיעיעוויטש איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און האָט זיך צעפּאָכעט מיט די הענט, ווי אַ ווינטמיל מיט אירע פליגל:

— גאָט מיינער, וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש?

און צו שלמהן, מיט אַ בייזער:

— דו פאָרסט צו פּאַוולושען און מאַכסט דערפון אַ סוד?

— אָט האָב איך דאָך אויפגעדעקט דעם סוד —

— און טאָמער וויל איך גאָר נישט, אַז דו זאָלסט אָנהייבן עקספּלאָ־אַטירן מיין פּאַוולושען?

שלמה, כלומרשט שטאַרק צעטראָגן, האָט צענומען די הענט אין דער ברייט:

— אוי־וואַ! אויף דעם שכל בין איך גאָר נישט געפאַלן —

דער פּראָפעסאָר איז צוגעלאָפן און האָט שלמהן איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס:

— סאָלאָמאָן! טשאָרט! פאַר וואָס האָב איך דיך אַזוי ליב? אוי, האָב איך דיך ליב, הונדערט מכשפות אין דיין בויך! אָבער זאָג מיר איין זאַך:

איך מעג אָט דער רייזל דיינער דערציילן, אַז עמעצער פּרוווט זיך עפּעס אויפטון פאַר איר מאַן?

— ניין, איר מעגט נישט! בכלל זאָלט איר נישט אַרויסווייזן פאַר איר, אַז איר ווייסט צו פיל פון אירע צרות. זי איז זייער אַ קלוגע און וועט פאַלן אויף אַ שפּור... און דאָס איז ביי מיר ערגער, ווי אין טאַטן אַריין געשאָלטן...

— גוט, חבר נאַטשאַלניק, אַלץ וועט זיין פּינקטלעך אויסגעפירט! אַז דו זאָגסט ניין — איז ניין. און דו אַליין, הייסט עס, וועסט זי אפילו נישט זען?

— ניין, איך וועל זי נישט זען. צו וואָס?

און אַז דער אַלטער קוקט אויף אים מיט אַ שטאַרן בליק און ענט־פערט גאָרנישט, רעדט שלמה צו זיך אַליין:

— צו וואָס מוז איך זי זען? וואָס קען דאָס פאַרריכטן? און קאַליע מאַכן קען דאָס יאָ! דאָס איז אַן אַלטע וואונד... אַן אויסגעלאָשענער קראַ־טער... צי אפשר אפילו נישט קיין אויסגעלאָשענער... דאָ האָבן אַ מאָל גע־רונען ריטשקעס בלוט, נאָר לאַנגע יאָרן האָבן געלאָזט אָנוואַקסן אַ הייטל... די גרעב פונעם הייטל — ווייסט נאָר איין גאָט! דאַרף מען דאָך זיין אַן אכזר, אַ גזלן, אַ רוצח, נעמען איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, און אויפרייסן די וואונד. דאָס טאָר מען קיין מאָל נישט טון, ווער שמועסט ביי אַזעלכע אומגליקלעכע אומשטענדן...

דער אַלטער פּראָפעסאָר קען נישט פאַרליידן די אַנגסטלעכע מינע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף שלמהס געזיכט. ער וויל אים אַרויספירן פון דעם זכרונות־פעלד, וווהין דער שמועס וועגן זיין „געוועזענער" האָט אים פאַרפירט, און ער רופט זיך אָן:

— ביי מיר האָסטו שוין געפועלט, אַז דו מוזסט זיך מיט איר נישט באַגעגענען. אָבער ווי אַזוי קען דאָס געמאָלט זיין? איך פאַרשטיי פשוט נישט, ווי אַזוי דו וועסט דאָס טעכניש דורכפירן. דו וועסט דאָך דאַרפן, זאָגסטו, ברענגען געלט און זיך זען מיט מיר, טאָ ווי אַזוי זשע?

— איך וועל שוין ווי עס איז געפינען אַן עצה —

— איך קען דיר נאָר זאָגן, סאָלאָמאָן, אַז איך שעץ זיך ממש גליק־לעך דערמיט, וואָס דו האָסט מיך צוגענומען פאַר אַ שותף צו דיין שטיקל אַרבעט.

— נישט איך האָב אייך צוגענומען פאַר אַ שותף, נאָר איר מיך. אויף אָט דער קלייניקער אסנת שטייט איצינד די גאַנצע וועלט. אָן איר חלילה, איז דער גאַנצער בנין חרוב ונחרב. גאָט זאָל אייך זיין צו הילף!

— און דיר זאָל אויך גאָט העלפן! דו ביסט זיך מקריב פאַר פרעמ־דע מענטשן פונקט אַזוי ווי דאַמאָלסט פאַר מיר. איך הייב שוין, דאַכט זיך, אויך אָן צו גלייבן אַזוי ווי מיין טאַניושאַ, אַז דו ביסט עפּעס אַ הייליקער, צי אַן איך ווייס וואָס... גאָט זאָל דיר טאַקע העלפן, וווהין דו וועסט זיך קערן און ווענדן.

ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן צו פּאוולושען אַ האַרציקער בריוו מיט אַ פּאָטערלעכן אָנזאָג, מיטצוהעלפן שלמהן מיט וואָס נאָר מעגלעך. ס'איז אויפגעגעבן געוואָרן דער מאָסקווער אַדרעס און שלמה האָט אוועקגעלייגט סערגיי טימאָפיעיעוויטשן און אים איינגעדעקט, אַז ער זאָל גוט שלאָפן. ווען דער פּראָפעסאָר איז שוין רעכט איינגעשלאָפן, האָט שלמה אַרויסגע־נומען דאָס תהילימל פונעם טלית־זעקל און האָט מיט געפיל און מיט גע־בעט געזאָגט און געוויינט, געזאָגט און געוויינט...

פּאַרטאָג־צו איז אין דער זאַוויערוכע דורכגעשוומען פּאָלטאַווע. שלמה איז געשטאַנען אויפן טאַמבור און זיינע ציטערנדיקע ליפּן האָבן נישט אויפגעהערט צו שעפּטשען:

...פּאָלטאַווע... פּאָלטאַווע...

דער דאָזיקער נאָמען האָט ווי מיט פייערדיקע ריטער געשמיסן זיין לייב —

...פּאָלטאַווע... רייזל... „רייזעלע דעם רבינס"...

אין איין אויגנבליק האָט זיך דורכגעטראָגן פאַר זיינע אויגן: זייער באַקענען זיך ביי די פייגנבוימס... ל"ג בעומר אין פּושטשע־וואָדיצע... איר ודוי ביי דער טעלעפאָן־סטאַנציע... זיי ביידע אין וואַגאָן... אין האַלב־נאַכ־טיקן וואַלד... און די שיידונג... די אומפּאַרגעסלעכע, בלוטיקע שיידונג...

וויפל וואַסער עס איז אָפּגערונען זינט יענע טעג!... אָט פאָרט ער איצט אין דער ווייטער וועלט אַריין ספּעציעל צוליב רייזלען, אָבער אין וואָס פאַר אַן אופן? ביי וועלכע אומשטענדן?

שלמה האָט לאַנג נאָכגעקוקט די פאַרשווונדיקע פּאָלטאַווער פייער־לעך... אַליין, אַליין האָט דאָ דערמאָנט אין רייזלען, אין דער איצט אַזוי אומ־גליקלעכער רייזל ליבערמאַן —

אין כאַרקאָוו איז שלמה אַראָפּגעגאַנגען פונעם צוג און סערגיי טימאָ־פיעיעוויטש איז מיט אַ שווער האַרץ אַליין אוועקגעפאָרן אַראָפּ, אַראָפּ צום דאָן צו...

# קאפיטל VIII

אויפן צווייטן טאָג אין דער פרי, האָט זיך אין טאַגאַנראָג, אין דער צפונדיקער פאַרשטאָט, אויף גערשוני־גאַס נומער 68, אָפּגעשטעלט א שיין שליטעלע. סערגיי טימאָפּיעיעוויטש איז ווויליונגעריש ארויסגעשפרונגען פון אונטער דעם שמויסענעם צודעק. ער האָט דערלאַנגט דעם פורמאַן זיין טשעמאָדאַנטשיק מיטן רענצעלע און אליין האָט ער גענומען אויפזוכן די פינפטע וווינונג. אויף זיין קלאַפּ האָט אים אויפגעעפנט א הויכע ברונעטקע מיט א ברוין געשטריקט שאַלעכל אויף די אַקסלען. דער אַלטער האָט זיך אויף איר אפילו נישט אומגעקוקט, ער האָט מעשה־באַלעבאָס דורכגעלאָזט דעם פורמאַן מיטן באַגאַזש אין שטוב אריין, האָט זיך מיט אים צעצאָלט, דערנאָך האָט ער נאָך צוגעוואָרפן א דרייערל „אויף טיי" און האָט אים געפרעגט, „צי ער איז קאָנטעט" פון אים. די יונגע באַלעבאָסטע אינעם שאַלעכל האָט ביז גאָר א דערשטוינטע צוגעקוקט די גאַנצע סצענע און האָט זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן:

— אַנטשולדיקט, זיידעשי, איר קערט האָבן א טעות! צו וועמען זענט איר דאָס געקומען?

דער פּראָפעסאָר האָט אויף איר אויפגעהויבן זיינע אימהדיקע „פּאַר־הענגלעך":

— פאַר וואָס עפּעס א טעות? דאָ איז דער נומער 68, וווינונג 5? דאָ ווינט גורעוויטש?

— יאָ... דאָ ווינט גורעוויטש...

— וואָס זשע זאָגסטו גאָר א טעות?

ער האָט מיט א קלאַפּ אין פּלייצע ארויסבאַגלייט דעם פורמאַן אויף יענער זייט טיר, דאַן האָט ער פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם פּאַלטאָ און האָט מעשה־פריץ דערלאַנגט דעם ווייבל אויפצוהענגען. דערנאָך האָט ער דערלאַנגט דעם שאַרף, דאָס היטל, דאָס שטעקל, און צום סוף האָט ער שטרענג א פרעג געטון:

— ווארעם וואַסער איז דאָ?

זעענדיק, אז דאָס יונגע און שיינע ווייבל שטייט ווי א פּריטשמעליע־טע, ווי א שטיק האָלץ און רירט זיך נישט פונעם אָרט, האָט ער איר שוין א ביסל ווייכער געזאָגט:

— מיך רופט מען סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, נאָר דו דאַרפסט מיך פשוט רופן: פּראָפעסאָר. איין וואָרט איז גרינגער אויסצורעדן ווי צוויי. וואָס, ניין אפשר?

— אַנטשולדיקט —

— איך אַנטשולדיק נישט! גאָר אַנטשולדיקן זי... מער האָב איך נישט וואָס צו טון, נאָר זי אַנטשולדיקן... דיך רופט מען רייזל?

— יאָ־אָ־אָ... רייזל... אָבער —

— איך וועל דיך רופן סוליקאָ.* רייזל איז מיר נישט אזוי לייכט אויסצורעדן. עס הייבט מיר אָן בייסן די צונג פון אזא נאָמען.

— אַנטשולדיקט —

— איך אַנטשולדיק נישט! אז אַן עלטערער מענטש רעדט, דאַרף אַ יונג מיידעלע ווי דו שווייגן, דו ווייסט, צי ניין? אירצן וועל איך דיך נישט. מענטשן אין מיינע יאָרן האָבן שוין באַלד אַזעלכע אור־אייניקלעך ווי דו, פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, אָבער —

— אָן קיין שום אָבער! איין וואָרט דאַרף מען ענטפערן: „פאַרשטאַנען", און געננוג... איצט וועל איך דיר זאָגן ווי אַזוי ווײַטער... איצט ווייז אַהער וואַרעם וואַסער, וועט זיך דער פּראָפעסאָר צעוואַשן די הענט און אַ קוק טון אויף דיין אַקסיניעטשקען, אזוי דאַכט זיך רופט מען זי?

— אַסנת רופט מען זי.

— דו לערן מיך נישט! ביי מיר הייסט זי אַקסיניע! דו האָסט געלייענט שאָלאָכאָוון? אַקסיניאַ! דו — סוליקאָ! — זייער אַ מוזיקאַלישער נאָמען — און זי — אַקסיניאַ, אַ שאָלאָכאָווסקע נאָמען! ** וואָס מאַכט זי, דיין קאַזאַטשקע? דו האָב נישט קיין מורא פאַר מיר, איך בין נישט קיין בער. ענטפער: וואָס מאַכט זי עפּעס? ביי מיר, אַז מען איז אַ געהאָרכזאַם קינד, און מען שטעלט מיר נישט קיין איבעריקע פראַגן, טו איך דאַמאָלסט מיט מיין שטעקן גאָר—נישט, אפילו קיין איין מאָל אויך נישט —

רייזל איז געוועזן אזוי ווייט אראָפּגעשלאָגן פון די פאַנטעליגעס, *** פון אָט דעם אַלטנס טאָן איז זי אַזוי מטושטש געוואָרן, אַז זי האָט שוין מער גאָרנישט גערעדט און גאָרנישט געפרעגט. זי האָט אים געהאָרכזאַם דערלאַנגט וואַסער, זייף, אַ האַנטעך, דערנאָך האָט זי געהאָלפן דעם פּראָפעסאָר אָנצוטון זיין כאַלאַט, און איז געגאַנגען פאָרויס, אים ווייזן דאָס קראַנקע קינד. עטלעכע שריט פונעם בעטעלע איז סערגיי טימאָפיעיעוויטש געבליבן שטיין. אָט אזוי שטייענדיק האָט ער לאַנג געקוקט אויפן אויסגעמאַרכעוועטן קינד, וואָס האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטיקן. דאַן האָט ער געוואָרפן אַ באַדויערנדיקן קוק אויף דער בלייכער מוטער און האָט זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פונעם בעטל. רייזל האָט מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ זיך צוגעקוקט, ווי דער פּראָפעסאָר דרייט דאָס אָפּגעשוואַכטע קערפּערל אויף אַלע זייטן, לייגט צו דעם אויער, הערט זיך צו מיט דעם טרייבל, קוקט דעם אין די אייגעלעך, אין מיילעכל. זי האָט אין דעם מאָמענט נישט געקלערט וועגן אָט דעם פרעמדן מענטשן: ווער ער איז, און ווי אַזוי קומט

* סוליקאָ — אַ פּאָפּולערער פרויען־נאָמען ביי די גרוזינער. באַזונדערס איז ער באַקאַנט געוואָרן אַ דאַנק אַ גרוזינישער פאָלקסליד, וואָס הייסט מיטן דאָזיקן נאָמען.

** אַקסיניאַ — אַ קאַזאַצקע פּאָפּולערער נאָמען. דער נאָמען פון דער הויפּט־העלדין אין שאָלאָכאָווס באַקאַנטן ראָמאַן: „דער שטילער דאָן".

*** דעם פּירוש קען מען געפינען אין באַנד 8, זייט 11.

ער צו איר? זי האָט זיך בשעת־מעשה נאָר באַמיט אַראָפּצוליִיענען פון זיין פנים: וואָס טראַכט ער וועגן איר קינד? צי איז נאָך דאָ וועלכע עס איז האָפענונג, אַז איר איינציקע טרייסט זאָל בלייבן לעבן? נאָך אַ לאַנגן, שטילן באַטראַכטן און אויסטאַפּן די קליינע חולנית, האָט ער ביי זיך אין נאָטיצביכל אויף גיך אָנגעוואָרפן עטלעכע שורות אויף לאַטיין, דאַן האָט ער באַהאַלטן דעם בלאָקנאָט און האָט קורץ און שטיל באַפוילן:

— מיין רענצעלע, און אַ טיילעפּעלע!

ער האָט פון אַ דיק פלעשעלע אָנגעקאַפּעט אַ פּאָר צענדליק טראָפּן און האָט דערלאַנגט דעם קינד צום מויל. דאָס מיידעלע האָט זיך קרענקלעך צעוויינט און האָט אָנגעהויבן דרייען מיטן קעפּל אויף רעכטס און אויף לינקס. די מוטער האָט זיך אַ וואָרף געטון אים צוהעלפן, נאָר זיין ברעם האָט זי אָפּגעשטעלט. ער האָט מיט איין האַנט פאַרקוועטשט דעם קינדס נעזעלע און מיט דער צווייטער אַריינגעגאָסן אין געעפנטן מיילעכל די רפואה. ביי דער מוטער אין די אויגן זענען געשטאַנען טרערן פון אַנטציקונג און דאַנקבאַרקייט. נישט אויפהייבנדיק זיך פונעם חולהס צופוסנס, האָט סערגיי טימאָפּיעוויטש, אויפן בענקל, וואָס רייזל האָט אים לכתחילה אונטערגעטראָגן, צעלייגט זיין ספּירטאָווקע, דעזינפעקצירט זיין שפּריץ, און האָט אַריינגעצויגן אַהין עטלעכע בייכיקע אַמפּולקעס. ווי דאָס מיידעלע האָט נאָר דערזען ביים פּראָפעסאָר אין די הענט די לאַנגע נאָדל, אַזוי האָט זי אויפגעהויבן אַ נערוועזן געוויין:

— מאַ—מע, איך וויל נישט מיט אָט דעם אָ... איך האָב פיינט, אַז מען שטעכט זיך... מאַ—מע, איך זאָג דאָך דיר עפּעס, דו הערסט נישט? וואָס שטייסטו? אוי־אוי־אוי, איך האָב מורא פאַר אָט דעם זיידן, מאַ־אַ־מע...

סערגיי טימאָפּיעוויטש האָט אָן ווערטער אַ ווונק געטון צו דער מוטער, אַז זי זאָל זיך צוזעצן צו קאָפּנס און האַלטן דאָס קינד מיטן פּלייטשקעלע אַרויף. דאָס קינד האָט נישט באַוויזן אַ כליפּע צו טון, ווי דאָס אָרט פונעם שטאָך איז שוין געווען איינגעריבן מיט יאָד און געטריי איינגעמאַסאַזשירט. באַלד נאָך דער איינשפּריצונג, האָט עס דאָס קינד קענטיק אָנגעהויבן צו שלעפערן. סערגיי טימאָפּיעוויטש אַליין האָט זי זאָרגעוודיק איינגעדעקט, און האָט לאַנג געקוקט אויף זיין נייער פּאַציענטקע. ווען די נאָזלעפלעך האָבן זיך ביי איר אָנגעהויבן שוואַך צו באַוועגן, האָט ער ווידער אַ ווײַלע געהאַלטן איר דופּקל אין דער האַנט, און דערנאָך איז ער נישט קיין אויפגעלייגטער אַריבערגעגאַנגען אין עסצימער. דאָרט האָט ער זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל און האָט מיטן נאָגל פון דעם גראָבן פינגער לאַנג גערייניקט פינטעלעך פון דעם טיש. רייזל איז געשטאַנען ביי דער זייט: נישט טויט, נישט לעבעדיק...

פון דער מינוט, וואָס אָט דער פון הימל אַראָפּגעפאַלענער אַלטיטשקער האָט אָקופּירט איר שטוב און האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן מיט איר, ווי מען שאַפט זיך מיט אַן אייגענער טאָכטער, איז זי אַרומגעגאַנגען דול און משוגע:

— וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס? וואָס קומט דאָ פֿאָר? ווער איז ער און וואָס דאַרף ער? ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, מען זאָל אין מיטן העלן טאָג זיך אַריינרייסן צו אַ פֿרעמדן מענטשן אין שטוב אַריין און דאָרט אָנהייבן קאָמאַנדעווען ווי אַ פּאָלנע באַלעבאָס?

ער איז געגאַנגען צום קינד און זי איז אים נאָכגעגאַנגען אַ פֿריטשמע־ליעטע. פֿרעגן, האָט זי שוין דווקא גאָרנישט געפֿרעגט, נאָר זי האָט נישט געוווּסט, אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט זי געפֿינט זיך. אָט דאָס גאַנצע צעקאָכע־ניש האָט אָבער נאָר אָנגעהאַלטן ביז זי האָט געזען, ווי אַזוי דער פּראָפֿע־סאָר האָט אונטערזוכט דאָס קינד. פֿון יענער מינוט אָן זענען אַלע קשיות ווי פֿאַרשווּנדן מיטן רויך. זי האָט מער נישט געוואָלט וויסן קיין תּירוץ אויף זיי. איצט איז זי געשטאַנען ביי דער זייט און האָט געפּלאַטערט מיט דער נשמה. זי האָט געפֿילט מיט אַלע אירע חושים, אַז פֿאַר דעם פּראָפֿע־סאָרס אויגן שוועבט אַצינד איר איין און איינציק קינד; אַז אָט דאָ ביים טיש ווערט באַשטימט דער גורל פֿון איר אייגענעם לעבן, און פֿונעם לעבן פֿון איר אָרעם בת־יחידקעלע. אויף דעם געלערנטנס פּנים איז געווען אָנגע־שריבן אַזוי פֿיל ערנסט, און גלייכצייטיק אַזוי פֿיל צערטלעכקייט און מיט־געפֿיל, אַז כאָטש זי האָט נישט געוווּסט, ווער דאָס איז, האָט זיך איר גע־וואָלט אים פֿאַלן צו די פֿיס און אים קושן די טריט. ענדלעך האָט ער אַ פֿאָר געטון איבער דער גאַנצער ברייט פֿון דעם טיש מיט אַלע פֿינף פֿינ־גער, ער האָט האַסטיק אונטערגעהויבן זיינע פֿאָרהענגלעך וואָס זענען איצט געווען צעשפּרייט, ווי די ווייערס ביי אַן אינדיק, און האָט זיך אַרומגע־קוקט:

— הא, דו ביסט גאָר דאָ, סוליקאָ?

רייזל האָט געשלונגען די טרערן און האָט שווער געשוויגן.

— וואָס זשע שווייגסטו?

— ווו זשע דען האָב איך צו זיין? אַזוי לאַנג ווי איר האָט מיך נישט דורכגעטריבן, געפֿין איך זיך לעבן מיין קראַנקן קינד...

אַ פֿרישער שטראָם טרערן האָט זיך אַ לאָז געטון איבער רייזלס נאָך געננוג שיינעם געזיכט.

— דו דאַרפֿסט נישט וויינען, סוליקאָ. אַלץ וועט נאָך אפֿשר גוט זיין. אין גאָט גלייבסטו דאָך? ער קען נאָך אַקסינקען איבערלאָזן אויך דאָ —

פֿון רייזלס ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פֿאַרצווייפֿלטער אויסגע־שריי און זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערלעך געוויין. סערגיי טימאָ־פֿיעיעוויטש האָט זיך אַ טרויעריקער אויפֿגעהויבן, ער האָט זי פֿאָטערלעך אַרומגענומען און זי אַ קוש געטון אין די האָר:

— שאַ, וויין נישט. דערמיט וועסטו גאָרנישט העלפֿן. נעם אַ בענקל און זעץ זיך. איך דאַרף מיט דיר אַ ביסל שמועסן.

רייזל האָט זיך געהאָרכזאַם אַוועקגעזעצט אויף אַ שפּיץ בענקל, און האָט מיט ביידע הענט צונעהאַלטן דאָס האַרץ, וואָס האָט נאָר געוואָלט אַרויספֿליען אויף דער פֿריי.

— הער, סוליקאַ, דיין מיידעלע איז ערנסט קראַנק. ערנסטער קען גאָר נישט זיין. זי האָט נישט אין זיך קיין איין גאַנצן אבר. אַ קליין בייכעלע מיט גרויסע צרות. אויב עס וועט זיך אונדז איינגעבן זי צו ראַטעווען, וועט דאָס זיין אין דעם זכות פון יענער פערזאָן, וואָס ליגט אַזוי איין וועלטן, אַז זי זאָל בלייבן לעבן —

— ווער איז יענע פערזאָן?

— קיין פראַגן דערלויב איך דיר נישט צו פאַרגעבן! נישט היינט, נישט קיין מאָל! זאָג איך, הייסט עס, אַז אויב מיר וועלן אַקסינקען אויס־רייסן ביים מלאך־המות פון די הענט, וועט דאָס זיין נאָר אין דעם זכות פון דיין פאַרבאָרגענעם פריינד, וואָס איז זיך אַזוי מפקיר פאַר דיר. און יענער פריינד דיינער האָט גרויסע פאַרדינסטן ביי גאָט. פיל גרעסערע פון אונדז ביידע צוזאַמען. איצט אָט וואָס: איך בלייב וווינען ביי דיר אין שטוב. דו וועסט מיר אויפרוימען אַ צימער. ניין, איך וועל זיך געפינען ביי אַקסיניעטשקען אין צימער און דו פיר זיך דיר איבער אין אַ צווייטן צימער. אָט יענץ אַ טישעלע וועלן מיר אַוועקשטעלן לעבן דיין בעט, איך מיין: לעבן מיין בעט, און דאָרט וועט ווערן מיין קאַבינעטל. איך דאַרף זיך געפינען לעבן קינד ביי טאָג און ביי נאַכט. אין צימער אַריין — נישט וואַגן אַריינצוגיין נישט אָנקלאַפנדיק פריער אין דער טיר. דו קוק נישט דערויף, וואָס איך בין שוין אַן אַלטער! ווייטער: עסן וועלן מיר „פון איין טעפּל": וואָס מיר, דאָס דיר — אַלץ בשותפותדיק! דאָ האָסטו עד לחשבון צוויי טויזנט רובל. וועגן דעם מעניו פרעג ביי מיר נישט, איך עס אַלץ־דינג און האָב ליב אַ שנעפּסעלע אויך פאַרן אָנבייסן... שרעק זיך נישט, נישט קיין סך — איין „ריומאָטשקע",* נאָר אַ היפּשינקע. קיין געלט זאָלס־טו נישט זשאַלעווען, עס וועט זיין אַזוי פיל, וויפל מען וועט דאַרפן. מאָרגן זאָלסטו אָפּשיקן דיין שאַיען אַ גרויס, גוט פּעקל —

ביים וואָרט „שאַיע", איז רייזל אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט, ווי אַן אָנגעביסענע. זי האָט געכאַפּט די לופט מיטן מויל ווי אַ פיש — וואָ־סער, נאָר סערגיי טימאָפעיעוויטש האָט זי פאַר אַ האַנט אַוועקגעזעצט אויף צוריק:

— מיר האָבן דאָך אָפּגערעדט אָן קשיות! מאַך פון אַלע קשיות איין קשיא און פאַרשלים זי אין שופלאָד. אַן עק, גענוג וועגן דעם! איך האָב דערפאַר געזאָגט, אַז דאָס פּעקל זאָלסטו ערשט שיקן מאָרגן, ווייל היינט דאַרף איך דיך צושיקן אין אייניקע ערטער, — פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען!

— אָט אַזוי האָב איך ליב. קורץ און שאַרף, ווי אַ זעלנער. מאַלאָ־דיעץ! זיך שנעל אויסגעלערנט.

און נאָך אַ קורצן נאָכדענקען:

* אַ קעלישעקל בראָנפן.

— אזוי, אזוי... איצט, סוליקאָ, זאָג מיר אזא זאַך: אין טאַגאַנראָג זענען עפּעס דאָ באַוווּסטע קינדער־דאָקטוירים?

— אַזעלכע זענען דאָ צוויי: איינער אַ דאָקטער, און די צווייטע, אַ פרוי, אַ דאָצענט.

— זיי האָבן געזען דאָס קינד?

— ניין.

— פאַר וואָס?

— אין קיין פּאָליקליניק אַרבעטן זיי נישט. ס'איז זיי נישט געקומען דערצו. אין קליניק אַריין האָב איך דאָס קינד נישט געוואָלט אָפּגעבן, און אויף קיין פּריוואַטן וויזיט האָב איך —

— האָסטו געהאַט צו פיל געלט... פאַרשטענדלעך, פאַרשטענדלעך... זייערע פאַמיליעס?

— דער דאָקטער הייסט ליכאָוויעצקי, און דער דאָצענט — אָרלאָוואַ.

— אויסגעצייכנט! איצט, טייערע מיינע, זאָג מיר: ווער איז ביי אייך אין שטאָט דער בעסטער טעראַפּעווט? *

— ס'איז דווקא דאָ אַ בעסטער, נעמט ער אָבער אויף נאָר צוויי מאָל אין דער וואָך.

— דאָס מאַכט נישט אויס.

— דאָס איז אַ דייטשער פּראָפעסאָר: וויטענבורג.

— ער איז אַן עלטערער מענטש? אַ הויכער? אַ דאַרער? אַ גרויער?

— יאָ, יאָ...

— איך האָב אים אַ מאָל געזען. און ווער נאָך?

רייזל האָט שווער נאָכגעקלערט:

— ווער נאָך? אַלץ אויף אינערלעכע קראַנקהייטן? נו, טאָקע אַליין דער דירעקטאָר פון דער קליניק. דווקא נאָך אַ יונגער, נאָר אַ גרויסער ווייסער און אַ זעלטענער ספּעציאַליסט: איינער אַרבוזאָוו. ער איינער האָט מיין מיידעלע יאָ געזען —

— וואָס זשע האָט ער געזאָגט?

— ס'איז שוין זייער לאַנג, אַז ער האָט זי געזען. נאָך אַסיענציים...

— יאָ־אָ־אָ... אַ רירעוודיק ווייבעלע, נישטאָ וואָס צו רעדן. איצט פון אַן אוראַלאַג אַ גוטן, ווייסטו אויך?

— ניין... דאָס האָט מיך קיין מאָל נישט אינטערעסירט...

— סטייטש — נירעלעך?

— איך האָב געליגט וואַרעמע פלעשער און מער גאָרנישט —

— מאַלאַדיעץ! נו מילא, איצט איז דאָס שוין נישט וויכטיק. דער דירעקטאָר פון דער קליניק וועט מיט זיך מיטנעמען זיין אוראַלאָג. איצט הער זיך צו: מיר טראָגן שוין אַריבער דאָס טישל אין מיין קאַבינעט אַריין און איך גרייט דיר דאָרטן צו פיר פאַרקלעפּטע בריוו: צו ליכאָוויעצקין, צו

---

* אין רוסלאַנד מיינט אַט דער נאָמען: אַ אינערלעכער דאָקטער.

אָרלאָווען, צו וויטענבורגן און צו אַרבוזאָוון. איך פֿאַרבעט זיי אַלע צו מיר אַהער אויף אַ קאָנסיליום אויף פֿינף פֿאַר נאַכט. דאָס הייסט, נאָך דער אַר־בעט. דיין אַדרעס איז דאָך: גערשוני־גאַס 68, וווינונג 5, איז אַזוי? נו אָט! און דו צעטראָג שוין די בריוו צו די אַדרעסאַטן. ס׳איז נישקשה פֿאַרן איבערבייסן. איך בין נישט זייער הונגעריק, און דיר וועט, גלייב מיר, אויך גאָרנישט שאַטן, אויב דו וועסט זיך אַ ביסל אויסהונגערן. וועסטו דערנאָך עסן מיט מער אַפּעטיט. איצט נאָך איין וואָרט: טאָמער קענסטו נישט גובר זיין דיין נייגעריקייט און עפֿנסט אויף אפֿילו נאָר איין בריוו, זאָלסטו שוין מער די דאָזיקע שוועל נישט אַריבערטרעטן. איך וועל דיך אַרויסיאָגן מיטן שטעקן און אַקסינקען מוזן געזונט מאַכן אָן דיין הילף. האָסט פֿאַר־שטאַנען?

— פֿאַרשטאַנען —

— אָט אַזוי האָב איך דיך ליב! אָט אַזוי פֿאַרדינסטו אַ קניפּ אין בעקל. איצט נעם מיט מיר דאָס טישל! אַז דו וועסט זיך אומקערן, דאַן ביסטו שוין אויף היינט אין גאַנצן פֿריי. דאַן קענסטו שוין אָנהייבן צו־גרייטן דאָס פֿעקל פֿאַר דיין מאַן. און איצט גיי אַרויס פֿון מיין קאַבינעט און מאַך צו די טיר —

*

ווען רייזל איז אַוועקגעגאַנגען מיט די בריוו, האָט סערגיי טימאָפֿיעיע־וויטש זיך אומגעקערט אין שלאָפֿצימער אַריין און האָט מיט אַ דורכדרינ־גענדיקן קוק לאַנג באַטראַכט דאָס שלאָפֿנדיקע קינד. דערנאָך האָט ער זיך גענומען איבערקוקן זיין אַפּטייקל און אויסשרייבן רעצעפּטן אויף די מע־דיקאַמענטן, וואָס פֿעלן אים אויס. לכתחילה האָט ער, על־פּי רגילות, אַרויס־גענומען פֿון זיין טעקע די מיטגענומענע געדרוקטע בייגעלעך פּאַפּיר מיט זיין שטעמפּעלע. מיט אַ מאָל האָט זיך אים אַ וואָרף געטון אין די אויגן: „קיעוו״! אַ דערציטערטער ביז גאָר האָט ער אויף שנעל אויפֿגעראַמט דעם „חמץ״ און האָט גענומען שרייבן אויף געוויינלעכן פּאָסטפּאַפּיר —

— ...שיר־שיר שלמהן נישט „צו רעכט געמאַכט״ דעם גאַנצן סוד זיי־נעם — האָט דער פּראָפֿעסאָר אַ טראַכט געטון מיט פֿאָרוואָרף און מיט פֿאַרדראָס אויף זיך אַליין — אָט דאָס וואָלט געהייסן: אָנגעאַרבעט אַ חתונה... מען וועט שוין דאַרפֿן בעטן ביי איינעם פֿון די היגע קאָלעגן, אַז ער זאָל אונטערשרייבן די רעצעפּטורעס... אַך, וואָס וואָלט געווען ווען איך כאַפּ זיך נישט ביי ציַיטנס אויף מיין טעות? און ווי אויף צו להכעיס איז „זי״ דאָך די איינציקע גייערין אין אַפּטייק אַריין... וויי, וויי, וואָס פֿאַר אַ קאַשע דאָ וואָלט זיך געווען פֿאַרקאָכט! ווי אַזוי וואָלט איך גאָר נאָך אַזאַ מין פֿאַרטאַטשנע שטיקל אַרבעט געקענט קוקן שלמהן אין די אויגן אַריין?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ פּאָר מינוט פֿאַר פֿינף אַ זייגער האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפֿצופֿאָרן די דאָקטוירים. מיטן פּראָפֿעסאָר וויטענבורג האָט זיך סערגיי טימאָפֿיעיע־

וויטש אַרומגענומען גאָר ווי אַלטע גוטע ברידער. פון איינצלנע ווערטער האָט מען געקענט פאַרשטיין, אַז אָט די פּאָר אַלטע לייט האָבן בשותפות־דיקע זכרונות פון פּאַריז און פון ציריך... דער יונגער דירעקטאָר פון דער קליניק, אַרבוזאָוו, איז געשטאַנען פאַר דעם פרעמדן פּראָפעסאָר כעבדא קמא מרא, נאָר באַזונדערס האָט אים געקוקט אין מויל אַריין די דאָצענטין אַרלאָוואַ; זי האָט זיך ממש משתטח געווען פאַר אים. פון רייזלס אייפערדיקע בליקן איז נישט פאַרהוילן געוואָרן קיין איין תנועה זייערע. זי האָט גוט געזען, מיט וואָס פאַר אַ יראת־הכבוד אַלע פאַרזאַמלטע שטייען פאַר איר „מלאך רפאל", און איר מח האָט האַסטיק געאַרבעט:

— גוואַלד, ווער איז אָט דער גוטער שליח? פון וואַנען און פון וועמען איז ער אַראָפּגעשיקט געוואָרן צו איר? זי הערט, אַז מען רופט אים: פּראָפעסאָר; מען רופט אים: סערגיי טימאָפיעיעוויטש; אַנדערע רופן אים: ווינאָגראַדאָוו, אָבער אָט די אַלע נעמען זאָגן איר גאָרנישט. זי קען בשום אופן נישט כאַפּן דעם פּאַדעם פון אָט דעם געהיימען קנייל־עכל...

נאָך איידער דער זייגער האָט געוויזן פינף, זענען שוין אַלע ספּעציאַליסטן געווען אויפן אָרט. דער פּראָפעסאָר וויטענבורג און דער דירעקטאָר פון דער קליניק האָבן אַזוי היים איינגעלאַדן דעם חשובן גאַסט צו זיך, זיי האָבן צוגעזאָגט אים אָפּצוטרעטן די בעסטע צימערן פון זייערע אַפּאַרטאַמענטן; אָפּגעבן אין זיין רשות זייערע אייגענע שליטעלעך, אַזוי אַז ווען, און וווהין און אויף וויפל ער וועט דאַרפן פאָרן, וועט ער קיין שום מניעה נישט האָבן. אָבער סערגיי טימאָפיעיעוויטש, אַן אַנטשלאָסענער, און אַ שטרענגער צו זיך ביז גאָר האָט זיי מיטביידע הענט אָנגעוויזן אויפן קינ־דער־בעטל:

— אָט דאָ, מיינע טייערע קאָלעגן! אָט דאָ איז מיין אָרט, נישט ביי אייך אין די באַקוועמע צימערן. באַקוועמע צימערן האָב איך אין דער היים אַליין אויך. נישט צוליב דעם בין איך געקומען אַהער. ביז איך וועל אָט די אַקסינקען נישט אומקערן דער מוטער אירער אַ טאַנצנדיקע, טאָר איך פון אָט דעם צימער נישט אָפּטרעטן.

רייזל האָט מער נישט געקענט איינהאַלטן דעם שטראָם טרערן, וואָס האָט איר אַ שפּאַר געטון אין האַלדז, זי איז אַרויסגעלאָפן פונעם צימער. און גראָד האָט זי דאָס געטון פּונקט צו דער צייט... סערגיי טימאָפיעיעוויטש האָט „סאַמע אונטער איר נאָז" פאַרשלאָסן די טיר פון זיין „קאַבינעט". זי האָט פלינק צוגעלייגט דעם אויער צום שליסללאָך, און האָט געהערט ווי ער האָט געזאָגט:

— מיינע טייערע קאָלעגן! אָט דאָס דאָזיקע קינד האָב איך היינט געזען צום ערשטן מאָל און האָב פאַר זיך אַליין גלייך פאַרנאָטירט מיין דיאַגנאָז. אָבער אַזוי, אויף שנעל. זאָל אָט דאָס בייגעלע פּאַפּיר דערווייל ליגן אויפן טיש. מיר וועלן דאָס לייענען נאָך דעם, ווי מיר וועלן אַלע קומען צו אַ הסכמה וועגן די מחלות, וואָס האָבן זיך אַזוי אינטענסיוו אָנגעזעצט

אויף אַט דעם שוואַכן עופעלע. ביטע צוקומען נעענטער, מיינע ליבע הערן. דאָס דאָזיקע קינד גייט אויפן זעקסטן יאָר —

מער האָט זי שוין פון זייערע רייד גאָרנישט געקענט פאַרשטיין, אַזוי אָפט האָבן זיי זיך באַנוצט מיט לאַטיינישע טערמינען. אַ פאַרשטיינערטע איז זי שטיין געבליבן הינטער דער טיר:

— גאָט מיינער! גאָט מיינער! אונדזערע נעמען ווייסט ער, אירע יאָרן ווייסט ער, פון מיין שאַיען ווייסט ער. ער איז אַזאַ גרויסער מאַן, אַז דער גאַנצער קאָנסיליום שטייט פאַר אים געבויגן אין דרייען, און פון דעסט וועגן האַלט ער זיך קעגן אונדז אַזוי פשוט: דעקט אַליין איין דאָס קינד ווי אַ געטרייער פאָטער; טראָגט מיט איר דעם טיש; ער האָט אפילו נישט גע־וואָלט זאָגן, וואָס עס גלוסט זיך אים היינט אויף מיטאָג... גוואַלד, ווער איז אָט דער מענטש? ווער איז אָט דער מענטש? שוין זשע האָט זיך טאַ־קע באמת דער מלאך רפאל, אָדער אליהו־הנביא דאָס מאָל פאַרשטעלט אין אַ סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, מיט אַ שטעקן און מיט אַ רענצעלע? היינטי־קע יאָרן קען דען יאָ געמאָלט זיין אַזאַ זאַך? ווער איז זוכה דערצו?

אין ווינקל, זעט זי, שטייט זיין אויפגעשלאָסענער טשעמאָדאַן. זי האָט חשק צו כאַפּן אַ קוק, וואָס אין אים טוט זיך. טאָמער וועט זי פון אים עפּעס געוווירע ווערן. כאָטש נאָר: פון וואַנען זיין באַלעבאָס איז, מער וויל זי גאָר נישט. זי לאָזט זיך שוין גיין אין ווינקל אריין, נאָר מיט אַ מאָל דערמאָנט זי זיך אין סערגיי טימאָפּיעיעוויטשעס הבטחה, אַז פאַר ארויס־וויזן איבעריקע נייגעריקייט וועט ער זי ארויסשטעלן פון יענער זייט טיר, און זי קערט זיך אום צוריק אין איר ווינקל. יאָ, אויף אים איז צו גלייבן, אַז ער קען ארויסיאָגן פון דער שטוב און נאָך דערלאַנגען מיטן שטעקן איבערן נאַקן. און וואָס פאַר אַ צוויי טויזנטערס האָט ער איר גע־געבן? וועמענס געלט איז דאָס? ווער איז דאָ די הויפּטפיגור? ווער איז יענע פערזאָן, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט וועגן איר גערעדט מיט אַזאַ יראת־הרוממות? מיט אַזאַ פאַרגעטערונג? וואָס הייסט, ער גיט איר אַזאַ אוצר מיט געלט? אַ קלייניקייט אויסצורעדן: צוויי טויזנט רובל?! ס'איז גלאַט, וואָס זי האָט קיין אַנדער ברירה נישט, דער חלף ליגט איר אויפן האַלדז, ווען נישט דאָס, וואָלט זי ביי אים גענומען געלט?

פון יענער זייט טיר, הערט זי, גייט אָן אַ שטאַרקער שקלא וטריא.* דאָס קינד וויינט און רופט זי. סערגיי טימאָפּיעיעוויטש שטילט זי איין:

— שווייג אַקסיניושקאַ, שווייג! איך האָב אַ השגה, אַז ביז דיין טאַ־טע וועט צוריקקומען, זאָלסטו שוין קענען טאַנצן אַ קאַזאַק —

רייזלען האָט אַזש פאַרשניטן אינעווייניק פון דעם פּראָפעסאָרס השגה. אַ שיינער ווונטש: ביז איר טאַטע וועט צוריקקומען. אַלע יידישע שונאים מעגן קרענקען, ביז איר שאַיע וועט צוריקקומען. זי דערמאָנט זיך: סולי־

---

* אַ ישוב־הדעת, אַ מיינונגען־אויסטויש.

קאַ; אַקסיניאַ; — אַ קאַפּריזנע אַלטיטשקער, אָבער אַזאַ טייערער, אַזאַ ליבער, אַזאַ זיסער...

העכער אַ שעה צייט האָט זיך פאַרצויגן דער קאָנסיליום. ס׳איז שוין פון לאַנג געווען צוגעפאַלן די נאַכט, ווען די טיר פונעם שלאָפצימער האָט זיך אויפגעשלאָסן און אַלע דאָקטוירים, אַרומרינגלענדיק סערגיי טימאָפיעיעוויטשן, זענען אַרויסגעגאַנגען אין עסצימער און האָבן זיך גענומען אָנטון די פאַלטעס. מיט אויגן פולע מיט דאַנקבאַרקייט האָט זיי רייזל געהאָלפן זיך אָנטון. דערנאָך ווענדעט זי זיך צו סערגיי טימאָפיעיעוויטשן:

— פּראָפעסאָר, איך מעג אַריינגיין אין קינדערצימער?

לכתחילה האָט ער זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, נישט פאַרשטייענדיק איר פראַגע. נאָר באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין אינדערפריענדיקער וואָרענונג. ער האָט זיך פלוצעם צעלאַכט מיט אַ קינדערשן געלעכטער, און האָט אַ קלאַפּ געטון רייזלען אין דער פלייצע:

— דו ביסט אַ ווויל מיידל, סוליקאָ... אַ דיסציפּלינירטע, ווי איך האָב ליב... דו מעגסט אַריינגיין, דו מעגסט...

די דאָקטוירים האָבן זיך דערשטוינטע איבערגעקוקט:

— וואָס האָט זי אים געפרעגט און וואָס האָט ער איר געענטפערט?

דאָס קינד איז ווי פריער געשלאָפן. עס ווייזט אויס — האָט רייזל אַ טראַכט געטון — אַז מען האָט איר געמאַכט נאָך אַן איינשפּריצונג. דער פּראָפעסאָר האָט זיך געזעגנט מיטן עולם אין שטוב, און זי האָט באַגלייט די געסט צו די אויטאָמאָבילן, צו די שליטעלעך, און האָט זיי אָנגעוווּנטשן דאָס אייביקע לעבן...

די דאָצענטין נעמט אָן צערטלעך רייזלען פאַר ביידע הענט:

— איר דאַרפט אונדז נישט אַזוי דאַנקען, חברטע. פאַר סערגיי טימאָפיעיעוויטשן וואָלטן מיר נישט נאָר דאָס געטון, וואָס זיך מטריח זיין אויף אַ שעה... ער איז אַ זשעני, ווייסט איר? אַן אוניווערסאַל! אַ זשעני אויף אַלע מינים קרענק! זיין ערשטע היפּאָטעזע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דער סאַמע ריכטיקער —

— ווי זשע האַלט דאָס מיט מיין מיידעלע?

— נישט געזאָרגט! קוים האָט איר דעם פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו ביים קינדס בעטל, איז דאָס אַ גוטער משכון. ער וועט שוין אַלע שלעק אַרויסטרייבן פון אייער קינד, דאָס איז אַזוי זיכער, ווי אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר...

דער פּראָפעסאָר וויטענבורג, נעמענדיק אַראָוועק אונטערן אָרעם, זאָגט צו אַלע קאָלעגן און צו קיינעם נישט:

— עס איז נאָר נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אָט דער חברטע אינעם שאַלעכל האָט זיך איינגעגעבן אַראָפּצוברענגען פון דעם אָלימפּ אָט די Большая Медведица * אין איר קבצנישער ברעטלדיקער כאַטע, וואָס

---

* אַ נאָמען פון אַ גרויסן, ליכטיקן שטערן.

שטייט דאַכט זיך אויף הינערשע פיסלעך... מיין קאָפּ קען דאָס גאָר נישט באַנעמען... צווינגען דעם עלטסטן קינדער־פּראָפעסאָר אין לאַגד, ער זאָל איבערלאָזן אפשר טויזנט קינדער אויף גאָטס באַראָט און זאָל זיך אָנהייבן ניאַנטשען מיט איין קינד — דאָס איז אויסטערליש! אָדער די הברטע פאַרמאָגט אַ מיליאַרד, אָדער... איך ווייס אַליין נישט, וואָס אָדער... קומט, אָרלאָוואַ, איך פיר אייך אָפּ אַהיים.

אַ גליקלעכע און אַ דערמונטערטע האָט זיך רייזל אומגעקערט אין שטוב אַריין. סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, זעט זי, גייט אַרום איבערן צימער אַהין און צוריק; ער דרייט מיטן שטעקן אין דער לופטן ווי אַ ווינטמיל מיט די פליגלען; דאָס פּנים זיינס איז אויפגערוימט ווי ביי אַן אימעניניק; די גוטע אויגן בלישטשען מיט אַ צופרידן פייערל, ווי ביי אַ סטודענטל נאָך די ערשטע עקזאַמענס. דערזען רייזלען, גיט ער אַ פּליעסק מיט די הענט:

— האַ, סוליקאָ! וואָס זשע שטייסטו? נאַ, הענג אויף מיין שטעקן. דו ווייסט? מיר קומט אַ שטיקל מזל־טוב, און אויך דיר! אַלע אָנשיקענישן, וואָס דיין אַקסינקע האָט אויף זיך, האָב איך תופס געווען פונעם ערשטן קוק. איצט זענען אַלע אירע קרענק פאַר מיר אַזוי קלאָר, אַזוי ווי זיי זאָלן פאַר מיר ליגן אויף דער דלאָניע. דאָס אַליין באַטרעפט שוין אַזוי פיל, וויפל אַ האַלבער זיג. ער איז אַ מאָלאָדיעץ, אויף מיין וואָרט! איי, איז ער אַ מאָלאָדטשינאַ! ווען ער שיקט מיך צו אַהער מיט איין וואָך שפּעטער, וואָלט שוין געווען נאָך אַלעמען. אַ מזלדיקער מענטש, אָט דער —

ער וואַרפט אַרויף אויף רייזלען אַ דערשראָקענעם קוק: יענע שטייט אויסגעבויגן אויף פאָרנט, ווי זי זאָל נאָר וואַרטן אויף אַ סיגנאַל זיך צו לאָזן אין אַ ווילדן געיעג; די נאָזלעכער אירע זענען צעבלאָזן, ווי ביי אַ הונגעריקער אָווטשאַרקע; די ציינדעלעך אַנטפּלעקט, אָנגעשפּיזט, ווי ביי אַ וואָלפעכע; די אויערלעך אָנגעשפּיצט ווי ביי אַ הינדין, ווען זי דערהערט אַ פאַרדעכטיקן גערויש אין די קוסטעס און זי האָט אַ חשד, אַז דאָס שפּירט זי אויס אַ טויט־טראָגנדיקער יעגער... אַך־אַך־אַך! ער קען זיך עס גאָר נישט מוחל זיין... וואָס זאָגסטו נאָר דערויף: זיך שיר נישט אַרויסגעכאַפּט, ווער עס האָט אים געשיקט. ס'איז געווען ווי אַ האָר פון דער מילך, אַז שלמהס נאָמען זאָל זיך ביי אים אַזוי נאַריש אַראָפּרייסן פון דער צונג... ער ווערט מיט אַ מאָל שטאַרק בייז אי אויף זיך, אי אויף איר און דער עיקר — אויף זיין קעצישן זכרון... ער גיט אַ טופּע מיטן פוס אין פּאָל און טוט אַ געשריי:

— וואָס שטייסטו און קוקסט מיך אָן ווי אַ נעכטיקע? ברענג וואַסער, און גיס אויף! איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף, און זי שטייט גאָר און קוקעט אויף מיר... נאָך נישט געזען אַזאַ קראַסאַוויעץ, צי וואָס?

אַ פּנים, אַז אַ טופּע טוענדיק מיטן פוס אין פּאָל, האָט דער פּראָפעסאָר אין אים אַריינגעטופּעט דעם גאַנצן גרימצאָרן זיינעם. אויסגעשריגן זיך ביזן דנאָ, איז סערגיי טימאָפּיעיעוויטש געוואָרן ווייך ווי אַ יונג לעמעלע. ווישנדיק זיך די הענט, פרעגט ער מיט אַ געבעט, ווי אַ קליין קינד:

— און אַ קאַפּעטשקעלע איז אויך דאָ? יאָ? און אַ הערינג אויך? און אַ ציבעלע? הערסט אַ מעשה! ביסטו דאָך טאַקע יאָ אַ מאַלאָדיעץ! פֿאַר וואָס זשע דאַרף מען שרייען אויף דיר?

נאָך אַ פּאָר גלעזעלעך זעקס־און־פּופּציקער וואָדקע, פֿאַלט סערגיי טי־מאָפֿיעיעוויטש אַריין אין אַ טרויממערישער שטימונג. ער דערפֿילט מיט אַ מאָל, ווי מיד ער איז פֿון היינטיקן טאָג; ווי אַזוי מען טאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז אַכציק יאָר, איז נישט קיין פֿערציק יאָר, און ווי שיין זיין באַלעבאָס־טינקע איז. לאַנג און טרויעריק באַטראַכט ער רייזלען און זאָגט איר מיט אַ סודותפֿולן פֿליסטער:

— דו ווייסט וואָס, סוליקאָ? ווייז מיר דיינע אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון פֿאַר דער חתונה. איך וויל זען, ווי אַזוי דו האָסט אויסגעזען מיידלווייז. אין די מיידלשע יאָרן, פֿאַרשטיי איך, האָסטו געמוזט זיין אַ... אַ קאָנפֿעקטל... ווייז אהער, דו האָסט?

רייזל טראָגט אַריין פֿונעם קינדערצימער אַן אַלבאָם, זוכט אויס אַ פֿאָ־טאָגראַפֿיע און דערלאַנגט זי אים. סערגיי טימאָפֿיעיעוויטש קוקט זיך לאַנג איין אין דעם צויבערנדיקן בילד און ברומט זיך צו:

— יאָ, נישקשה... ניין, טאַקע גאָר, גאָר נישקשה... ווייז שוין, ווייז שוין דיין שאַיען אויך, און אַקסיניען אויך... מילא, וואָס קען דאָרט זיין, לאָמיך אייך שוין קענען אַלע...

רייזל ווייזט אים אַלע זייערע פֿאָטאָגראַפֿיעס. נאָך דעם, ווי זי טראָגט אַוועק דעם אַלבאָם אויף זיין אָרט, און זעצט זיך צוריק אַוועק צום טיש, הייבט זי אויף אירע גרויסע אויגן אויפֿן פּראָפֿעסאָר און זאָגט:

— איר ווייסט, סערגיי טימאָפֿיעיעוויטש, אַז איר גיט מיר אַ זאָג: „שאַיע", גיט זיך אין מיר אַזש אַ וואָרף דאָס האַרץ. פֿון וואַנען ווייסט איר זיין נאָמען? פֿון וואַנען ווייסט איר מיינעם? פֿון וואַנען ווייסט איר אַלץ, אַלץ, אַלץ? ווער זענט איר? ווער האָט אייך געשיקט אַהער? פֿאַר וואָס זאָל איך נישט טאָרן וויסן, ווער ער איז? ס'איז דען אַ פֿאַרברעכן, אויב איך וויל קענען מיין גומל־חסדביים נאָמען?

— קיין פֿאַרברעכן איז דאָס נישט, דאָס איז אמת, אָבער ס'איז אַ סוד —

— זאָגט מיר כאָטש: מיין באַשיצער איז אַ מאַן צי אַ פֿרוי?

— וואָס איז דיר דער אונטערשיד, אַ מאַן צי אַ פֿרוי? איך זאָג דיר גאָר, אַז דאָס איז נישט קיין מאַן און נישט קיין פֿרוי — דאָס איז אַ מלאך! מען האָט אויפֿן הימל, זעט אויס, אַ טעות געהאַט און אַזוינס אַראָפּגע־לאָזט אין אַ מענטשן־געשטאַלט.

— אַז דאָס איז אַ מלאך, דאָס זע איך שוין אַליין... בלויז פֿאַר היינ־טיקן טאָג...

— און דו וועסט ערשט זען, וואַרט אויס! דאָס איז נאָך אַלץ גאָר־נישט.

— ער מעג זיין הונדערט מאָל אַ מלאך, אָבער יעדער מלאך, אויף

אונדזער זינדיקער ערד, מוז דאָך פּאָרט געהערן צו איינעם פון די צוויי געשלעכטן; מוז דאָך פּאָרט האָבן אַ לבוש פון אַ בשר ודם, פרעג איך —

— שלאָפן, שלאָפן, סוליקאָ! אַז דו וועסט צו פיל וועלן וויסן, וועסטו גיך אַלט ווערן, און אַזאַ שיין ווייבעלע ווי דו ביסט, איז אַ שאָד אַלט צו מאכן... נו, נעשווינד, באַיו, באַיו... אין דער פרי דאַרפסטו גלייך צולויפן אין אַפּטייק און דערנאָך אָפּשיקן דאָס פּעקל. אַזוי האָט אָנגעזאָגט די נאַטשאַלסטווע און דער באַפעל מוז פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן!

*

ס'איז פאַריבער אַ וואָך.

דאָס קראַנקע מיידעלע איז געוואָרן נישט צו דערקענען: זי האָט געעפנט די אויגן; זי האָט גערעדט; זי האָט געגעסן. סערגיי טימאָפּיעיעוויטש האָט נישט געוווּסט: נישט פון קיין טאָג, נישט פון קיין נאכט. גאַנצע טעג פלעגט ער נישט וויסן פון קיין רו, האַלבע נעכט פלעגט נישט קומען קיין שלאָף אויף זיינע אויגן, ער פלעגט כמעט קיין מאָל נישט אָפּטרעטן פונעם קינדס בעטל. דאָס קינד האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו אים, אַז ביי נאכט פלעגט זי שוין מער נישט רופן: „מאַמע", נאָר: „דאָקטאָר". דורך דער שפּאַרונע פון דער טיר פלעגט רייזל מיט פיבערנדיקע אויגן צוקוקן, ווי סערגיי טימאָפּיעיעוויטש גייט אַראָפּ אַ נאַקעטער פונעם בעט, און גיט דעם קינד וואָס מען דאַרף: זעצט עס אויפן טעפּעלע; מעסט דעם די טעמפּעראַטור, גיט דעם איין רפואות, רייבט דעם איין דאָס פליימשקעלע מיט אַזאַ זאַלב; לייגט דעם צו קאָמפּרעסן צום בייכעלע. און ערשט נאָך אַלע „היומס", וויקלט ער זיך איין אין זיין קאָלדרע, זעצט זיך צו אויפן ראַנד פונעם בעטעלע, גלעט עס איבער דעם קעפּעלע, קאָשמעט דעם די הערעלעך, און ברומט זיך אונטער אַ לידעלע אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דאָס קינד דרימלט איין. ערשט ווען דאָס קינד שלאָפט שוין גוט, גייט ער אויך אַוועק צו זיך אין בעט אַריין. רייזל פלעגט זיך בייסן די ליפּן ביז בלוט. שטיל שלינגען די טרערן און מורא האָבן אַריינצוגיין אין „קאַבינעט" אַריין. אין דער פרי פלעגט זי אָן ווערטער קושן סערגיי טימאָפּיעיעוויטשן די הענט. זי האָט זיך שוין לאַנג מיאש געווען פון אויסטאָפּן ביי אים דעם סוד: ווער ער איז, און ווער עס האָט אים געשיקט? זי האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען ווי אין אַ זיסן חלום, פון וועלכן עס ווילט זיך נישט זיך אויפכאַפּן. צייטנווייז האָט זיך איר שוין גערדאַכט: אַז אַזוי דאַרף דאָס זיין; אַזוי מוז דאָס זיין; און פונעם אָנהייב אָן איז גאָר מסתם אַזוי געווען... אין די געציילטע שעהן, וואָס אסנתל איז רואיק געשלאָפן און סערגיי טימאָפּיעיעוויטש איז געווען פריי, פלעגט זי מיט אים שפּילן אין אַ „דוראַק", אָדער אין אַ „פינפהונדערט-איינס". טעג האָבן נאָכגעיאָגט טעג. דאָס קינד האָט זיך פון שעה צו שעה געענדערט און געבעסערט. עס איז געווען קענטיק, אַז איצט איז זי שוין אויף אָן אמת אומגעקערט צום לעבן. אויף איר שיין, נאָר אָפּגעצערט פּנימל, האָט זיך שוין אפילו פון צייט צו צייט אָנגעהויבן צו באַווייזן אַ שמייכעלע —

# קאפיטל IX

פּאוועל סערגייעוויטש, א הויכער, א שיינער בלאָנדין, איז, ווי צוויי טראָפּן וואַסער, געווען ענלעך צו דער מוטער. אַלץ אויף אים האָט גע־פינקלט, און דערציילט דער וועלט וועגן דעם גוטן געשמאַק פון דעם דאָ־זיקן מענטשן. פון זיין אויסזען איז שווער געווען צו טרעפן, וויפל אָט דער שטאַלטנער קראַסאַוויעץ איז אַלט: פינף און צוואַנציק יאָר אָדער פערציק יאָר.

נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעלייענט דעם פאָטערס בריוו, האָט ער שלמהן אויפגענומען ווי אַן אייגענעם ברודער: ער קען זיין זיכער, שלמה, אַז פון זיינע עלטערנס בריוו איז אים שוין זיין נאָמען פון לאַנג באַקאַנט. באַזונדערס האָט וועגן אים געשריבן די מוטער. אפשר הונדערט מאָל האָט זי איבערגעחזרט, אַז סאָלאָמאָן איז אַזוי, און סאָלאָמאָן איז אַזוי, און נאָך אַ מאָל סאָלאָמאָן און ווידער אַ מאָל סאָלאָמאָן. אפשר אַ יאָר צייט האָט זי אים נישט אַרויסגעלאָזט פונעם מויל. ער, פּאוועל, איז געווען אַזוי נייַ־געריק אים צו קענען, אַז ער, שלמה, קען זיך דאָס גאָר נישט פאָרשטעלן. איצט קען ער זיך פילן ביי אים אין דער וווינונג ווי אין זיינער אַן איי־גענער. ער לאָזט אים איבער די שליסלען אויף אַ גאַנצן טאָג און ער וועט פון זיינעט וועגן טון, וואָס ער וועט נאָר קענען. עס פאַרשטייט זיך, ער זאָגט אים גאָרנישט צו, אין היינטיקע צייטן איז זייער אַ שווערע זאַך עפּעס צו טון פאַר אַן אַרויסגעשיקטן, נאָר וואָס עס וועט זיין מעגלעך... וואָס מעגלעך עס וועט נאָר זיין וועט ער טון נישט פאַרטראַכטנדיק זיך —

עס זענען פאַריבער עטלעכע טעג. שלמה האָט גערולדיק געוואַרט. און פּאוועל סערגייעוויטש האָט אַלץ געשוויגן ווי אַ פיש. איין מאָל איז ער געקומען אַהיים אין מיטן העלן טאָג מיט זייער אַ טרויעריק פּנים. ער האָט אָנגעוויזן שלמהן אויף אַ בענקל, און האָט זיך אַליין אויך צוגעזעצט:

— שלעכטע נייעס, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש.

— שוין זשע טאַקע זייער שלעכטע, פּאוועל סערגייעוויטש? איר האָט עפּעס איצט זייער אַ פינצטער פּנים... דאָס איז נישט קיין גוטער סימן פאַר מיר —

— גאָרנישט קיין גוטער! מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט אייך מיט עפּעס וואָס נוצלעך זיין, אַז איר שטעלט זיך גאָר נישט פאָר. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, כאָטש איר זענט מיר זייער סימפּאַטיש און איך בין דורכגע־דרונגען מיט מיטגעפיל צו דעם פּאָרפאָלק גורעוויטש, נאָר איך האָב דאָ געוואָלט ביי הילפיק זיין שוין נישט אַזוי צוליב אייך ווי צוליב דער מאַ־מען. ווען איך קען איר ראַפּאָרטירן: אָט דאָס און דאָס האָב איך אָפּגע־טון פאַר דיין „ליובימטשיק" סאָלאָמאָן, וואָלט איך זיך ממש געשעצט גליקלעך. און איך אַרבעט דווקא אין דער געהיימער אָפּטיילונג; איך גיי אָפט מאָל אַריין צום נאַרקאָם; וואָס זשע קומט אָבער אַרויס, אַז איך קען אייך

מיט גאָרנישט נוצלעך זיין און בכלל קען איך קיינער מיט גאָרנישט נישט העלפן, וואָרעם אזא טיפּ געריכט, ווי ס׳איז געווען ביי אייער גורעוויטשן, איז נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי דער דריילינג־טריבונאַל —

— פּאַוועל סערגייעוויטש, אויב ס׳איז אייך נישט שווער, טוט מיר אַ טובה, און דערציילט מיר וועגן אַלץ גענויער... שריט נאָך שריט...

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו דערציילן? גוט, איר ווילט, וועל איך אייך דערציילן: איך האָב זיך פאַרבונדן מיט ראָסטאָוו; די דאָרטיקע געהיימע אָפּטיילונג האָט אין אַרכיוו פונעם העכסטן געריכט אויפגעגראָבן דעם ענין גורעוויטש; מען האָט גערעדט, געשמועסט; איך אַליין, שטעלט אייך פאָר, האָב דורך דער ספּעציעלער נאַרקאָמאָווסקע טעלעפאָן־ליניע זיך פאַרבונדן מיט דעם פאָרזיצער פונעם העכסטן געריכט, און — מען קען גאָרנישט העלפן. עס קאָסט מיך פיל געזונט, וואָס די בשורה איז אַזאַ שוואַרצע, אָבער איך מוז דאָך אייך זאָגן ווי די זאַך איז, צי ניין? דאָס איז אַ פאַקט, וואָס קיין שום קראַפט אין לאַנד קען אים ליידער נישט ענדערן. גורעוויטשן האָט געמשפּט אַ „ספּעציעל אויסגעטיילטע סעסיע" פונעם העכסטן געריכט פון אַזאָוו־שוואַרץ־ימישן געגנט. דאָס איז געווען אַן עפנטלעך געריכט, אַ מוסטער־פּראָצעס. מאָסקווע האָט דעם אורטייל באַשטעטיקט און קיינער קען אים נישט ענדערן, סיידן די געריכטלעכע אָרגאַנען. די זעלבע, וואָס האָבן אים געמשפּט. נאָר זיי אַליין זאָלן אַפּעלירן צו די העכערע אינסטאַנצן, מען זאָל דעם און דעם דערלויבן איבערצומשפּטן, ווייל עס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן נייע, וויכטיקע מאַטעריאַלן וועגן זיין ענין, וועלכע ברענגען אַריין אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין גאַנצן כאַראַקטער פונעם פּראָצעס. נאָר איך זאָג אייך פריער: זיי וועלן דאָס נישט טון! סיידן אפשר אויף דעם אופן, וואָס איר האָט מיר אָנומלטן געזאָגט: פאַר געלט... אָבער דאָס קען געמאָלט זיין נאָר אין ראָסטאָוו אויפן אָרט. דאָ איז אַזאַ זאַך אויסגעשלאָסן —

— איך האָב אויך אַזוי געקלערט, אַז אויב דאָ וועט זיך מיר נישט איינגעבן אויפצוטון קיין זאַך, זאָל איך צופאָרן קיין ראָסטאָוו, זיך דאָרטן אַ פּרווו טון...

— פאָלגט מיך, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, קיין גרויסע האָפענונגען זאָלט איר נישט לייגן אויך אויף ראָסטאָוו, נאָר גאָרנישט — פּרווט זיך. כ׳בעט אייך, וואָס קענט איר שוין דאָ אָנווערן?

— אָט דאָס רעדט מען דאָך: וואָס ווער איך שוין אָן? איך האָב דען נאָך אַ וועג און קלייב מיר אויס דווקא דעם? אַלץ איינס איז מיר דאָך נאָר געבליבן אָט דער איינציקער וועג. נאָר איידער איך פאָר אַוועק קיין ראָסטאָוו, מוז איך אומבאַדינגט האָבן מיט זיך אַלע דאַטעס: דעם נומער פון דעם ענין; ווען דאָס געריכט איז פאָרגעקומען; און די נעמען פון די ריכטער, וואָס האָבן אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל. אָן אָט די ידיעות קען איך צו קיינעם נישט צוקומען —

— אָט די אַלע איינצלהייטן, וואָס איר פאָדערט פון מיר, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, וועל איך אייך מיט פאַרגעניגן קענען צושטעלן.

— אַ גרויסן דאַנק. דאָס איז איין מאָל אַוועק. צווייטנס האָב איך ביי זיך נאָך פֿונעם אָנהייב אָן באַשלאָסן, אַז אויב איך וועל אין ראַסטאָוו אויך גאָרנישט קענען אויפֿטון, זאָל איך, אויף יעדן פֿאַל, אַוועקפֿאָרן צו אים אין לאַגער קיין אַרכאַנגעלסק. וויל איך אייך בעטן, אַז איר זאָלט מיר אויספֿועלן אַ פּראָפּוסק * אַהין צו. חוץ אייך, קען דאָס קיינער נישט מאַכן.

— אַנטשולדיקט מיך, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, נאָר איר שאַצט איבער מיינע כּוחות. דער מענטש אייערער האָט שטרענגע איזאָלאַציע. אים צו זען, איז שטרענג פֿאַרבאָטן. אַפֿילו ווען איר האָט שוין יאָ אַזאַ פּראָפּוסק, וואָלט מען אייך אויך צו אים נישט צוגעלאָזט. ווייל אַזעלכע מינים פּראָ־פּוסקן זענען ביי אונדז בכלל נישט שכיח.

— פּאַוועל סערגייעוויטש, גאָט איז מיט אייך! ווער וואַגט צו טראַכטן פֿון אַ פּראָפּוסק צו אים? ניין, ניין, איך בעט אייך נישט צו אים פּערזענ־לעך. איך בין אויך אַ סאָוויעטישער בירגער. איך ווייס אויך, אַז צו אַזאַ געפֿערלעכן פֿאַרברעכער זענען אַלע טויערן פֿאַרריגלט. אָבער איך וויל נאָר אַ פּראָפּוסק צום הויפּט־דאָקטער פֿונעם לאַגער.

— וואָס וועט איר האָבן פֿון דעם הויפּט־דאָקטער?

— וואָס איך קען פֿון אים האָבן ווייס איך נאָך אַליין אויך נישט, נאָר איך וויל זיך אַ פּרווו טון —

דער יונגער ווינאָגראַדאָוו האָט נאָכדענקענדיק געבאַראַבאַניעט מיט די פֿינגער אין טיש:

— אויב נאָר צום הויפּט־דאָקטער איז דאָס לחלוטין אַן אַנדער זאַך. אַלנפֿאַלס, איך וועל פּרווון. איך גלייב, אַז דאָס וועט זיך מיר יאָ איינגעבן. גיט מיר מיט אייער פּאַספּאָרט —

אויף צו מאָרגנס האָט פּאַוועל סערגייעוויטש געבראַכט שלמהן אַלע נייטיקע ידיעות וועגן דעם ענין נומער: 739/271, פֿונעם 17טן דעצעמ־בער, 1938: גורעוויטש, שאַיאַ צעמאַכאָוויטש, איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף צען יאָר אויסבעסערונגס־אַרבעטס־לאַגער, מיט שטרענגער איזאָלאַציע. עס זענען אונטערגעשריבן: דער פּאָרזיצער פֿון דער געריכטס־זיצונג — פּאָר־פּילאָוו. מיטגלידער פֿון געריכט — בונטשוק און קאַשאָוואַטסקי.

עס זענען פֿאַריבער נאָך צוויי טעג און פּאַוועל סערגייעוויטש האָט שלמהן ענדלעך געבראַכט דעם לאַנג דערוואַרטן פּראָפּוסק צום הויפּט־דאָק־טער פֿונעם לאַגער נומער 59 ביי אַרכאַנגעלסק. אויף דער לינקער זייט פֿונעם פּראָפּוסק איז געווען אָן אויפֿשריפֿט, אַז ער איז גילטיק אויף דורכצוגיין נאָר איין מאָל, און אַז מען מוז בשעת־מעשה באַווייזן דעם פּאַספּאָרט. שלמה האָט אים זייער וואַרעם אָפּגעדאַנקט פֿאַר זיין טרחה, ער האָט אים צוגעזאָגט צו דערציילן זיינע עלטערן, וואָס פֿאַר אַ ווילן זון זיי האָבן — און גלייך האָט ער זיך אין עפּעס דערמאָנט:

---

* אַ דורכלאָז־שיין. אַ דערלויבעניש פֿון דער מאַכט אויף אַריינצוקומען אין לאַגער אַריין.

— פּאַוועל סערגייעוויטש, איר מיינט, אַז איר זענט שוין פון מיר פּטור? כאַפּט זיך נישט. נאָך איין קליינינקע בקשה האָב איך צו אייך. נאָר שרעקט זיך נישט, דאָס איז שוין גאָר־גאָר אַ קליינע זאַך. איך לאָז אייך דאָ איבער פינף אָנגעשריבענע טעלעגראַמעס און וויל אייך בעטן, אַז אַלע פינף, זעקס טעג זאָלט איר זיך מטריח זיין צוגיין אויפן טעלעגראַף און אָפּשיקן איינע פון זיי, ס'איז נישט קיין נפקא־מינה די, צי יענע, איר קענט שיקן וועלכע ס'איז נישט איז. איר פאַרשטייט, מיין פריינד, מיר איז ניחא'ר, אַז אין דער היים זאָל מען מיינען, אַז איך געפין זיך אין מאָס־קווע. היינט האָב איך שוין אויפגעלייגט איין טעלעגראַמע, מעגט איר די ערשטע טעלעגראַמע ערשט שיקן אין אַ פינף, זעקס טעג אַרום, גוט, פּאַ־וועל סערגייעוויטש? איר זאָגט מיר צו, נישט צו פאַרגעסן? איך לאָז אייך דאָ איבער געלט —

— נעמט צו אייער געלט! ווי שעמט איר זיך נישט? איך וועל אָפּ־שיקן. איך וועל אָפּשיקן פּינקטלעך ווי אַ זייגער, אָדער, ווי זאָגט מען דאָס ביי אייך אין קיעוו: ריכטיק, ווי דער זייגער אויף בעסאַראַבקע...

שלמה צעלאַכט זיך:

— פּאַוועל סערגייעוויטש, אָבער יענער זייגער שטייט דאָך מערסטן טייל?

— האָט נישט קיין יסורים, מיינער וועט נישט שטייען...

שלמה האָט אַריינגעפּאַקט אין פּאָרטפעל אַריין די זיבן און זעכציק טויזנט רובל, וואָס ער האָט אָפּגעלייזט פאַר דער בראָשקע, האָט זיך האַר־ציק געזעגנט מיט פּאַוועל סערגייעוויטשן, וועלכער האָט אים אָפּגעפירט אויפן וואָקזאַל מיט זיין אייגענעם אויטאָ, גענומען אַ בילעט ביז טאַגאַנ־ראָג, און האָט אַ פּאַרצווייפלטער און אַ פאַריאושטער פאַרלאָזט מאָסקווע.

*

אין יענער נאַכט האָבן אַלע ווינט־חיילות פונעם גאַנצן דאָניעצקי־באַ־סיין זיך אָנגעגורט די לענדן און האָבן זיך בתופים ובמחולות גענומען אויפרוימען דעם שני פון טאַגאַנראָג. פון תחילת נאַכט אָן האָבן זיי אָנ־געהויבן עוקר מן השורש זיין אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט: הילצער־נע קליימלעך; שלעכט אַרומגעשמירטע קוימענס; שוואַך צוגעשפּיליעטע לאָדנס; צעפּאָרענע גאַנקעס; און נאָך אַזוינע בולטע זאַכן, וואָס טאָרטשען אין גאָס ווי די אָפּגעריסענע נאַראָנים און בעטן זיך ממש: נעמט אונדז מיט! פּאַרטיק געוואָרן מיט אָט די „הפקרדיקע" שלעמויזן, האָבן זיי זיך גענומען מיט גרויס פּליים פאַר די באַלעבאַטישע הייזלעך: זיי האָבן אָנגע־הויבן רייסן קראַקוועס פונעם דאַך; פליקן דעם וואַילאַק פון די אָנגעפּעלצ־טע טירן; שיסן אין די טראָטואַרן מיט ציגל און שינדל, וואָס זיי האָבן אַרויסגעריסן פונעם דאַך, אָדער פונעם קוימען. און דאָס אַלץ איז געווען באַגלייט מיט אַזאַ שרעקלעכן געברום און מיט אַזאַ ווייסטער יללה, אַז די איינוווינער פון די קליינע הייזלעך האָבן אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט

צוטון מיט קיין אויג. עס האָט זיך זיי אַלץ געדאַכט, אַז אָט־אָט הייבט עס זיי אויף אין דער לופטן און אַ שד איום ונורא וועט זיי אַ שליידער טון גלייך אין כף־הקלע אַריין... ערשט ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן צו ברעכן אויף טאָג, האָט זיך די וועלפישע זאַוויערוכע אַ ביסל געהאַמעוועט, די ווינטן האָבן זיך אַ ביסל געצוימט די מיילער, און די איינוווינערס פון די איין־שטאָקיקע הייזלעך האָבן געקענט נאָך אַזאַ שווערער נאַכט כאַפּן אַ פאַרשפּעטיקטן דרימל.

אין יענעם מידן און מאַטן פרימאָרגן האָט עמעצער נישט דרייסט אָנגעקלאַפּט צו די גורעוויטשעס. אין שטוב איז מען נאָך געשלאָפן. קיינער האָט נישט געענטפערט. דאַן האָט מען ווידער אָנגעקלאַפּט. שוין שטאַר־קער. רייזל האָט פלינק אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס קליידל און האָט אויפ־געעפנט. ס'איז אַריינגעקומען אַן עלטערע קאַזאַטשקע:

— דאָ וווינט גורעוויטש?

— יאָ, דאָ וווינט גורעוויטש. און דו ווער ביסטו?

— איך בין דאָס ווייב פונעם שווייצאַר, וואָס אַרבעט אויף די ביי־נאַכטיקע וואַכטעס אין האָטעל „קאָמינטערן".

— אַ—האַ! איצט ווייס איך שוין פּינקטלעך, ווער איר זענט. איז וואָס זשע דאַרפט איר דאָ? איך בין די באַלעבאָסטע פון דער ווווינונג —

— איך דאַרף נישט אייך! איך דאַרף האָבן איינעם אַן עלטערן מענטשן, פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו —

— יאָ, ס'איז דאָ פאַראַן אַזעלכער. אויף וואָס דאַרפט איר אים?

— איך האָב פאַר אים אַ בריוו —

— איר קענט מיר אים געבן.

— ניין, איך קען אים אייך נישט געבן!

— פאַר וואָס זשע קענט איר אים מיר נישט געבן?

— ווייל אַזוי —

— אָבער דער פּראָפעסאָר שלאָפט דאָך —

— טאָ וועקט אים אויף! אַזוי האָט מען געהייסן...

עס האָט נישט געהאָלפן רייזלס איינרעדן איר, זי האָט געמוזט אויפ־וועקן סערגיי טימאָפיעיעוויטשן און אַריינלאָזן די קאַזאַטשקע צו אים אין קינדערצימער אַריין. ווען סערגיי טימאָפיעיעוויטש איז מיט די אויגן אי־בערגעלאָפן דאָס בריוול, האָט ער שיר נישט קיין געשריי געטון פאַר פרייד. ווען ער האָט זיך געכאַפּט דערויף, אַז די קאַזאַטשקע וואַרט אויף זיין ענטפער, האָט ער איר געזאָגט:

— גוט. איר זאָלט איבערגעבן דעם, וואָס האָט אייך געשיקט, אַז איך קום גלייך —

ביז די קאַזאַטשקע האָט אין קאָרידאָרל אָנגעטון די קאָלאָשן און איז אַוועקגעגאַנגען, האָט דער פּראָפעסאָר פאַרהאַלטן רייזלען ביי זיך מיט פאַר־שידענע נישט נייטיקע פראַגן און אָנזאָגעכטסן. ווען ער האָט זיך משער געווען, אַז די שליחטע מוז שוין זיין געגנוג ווייט, האָט ער רייזלען פשוט

ארויסגעטריבן פון זיין צימער און האָט זיך פלינק גענומען אָנטון. נישט האָבנדיק געטרינקען קיין טיי, און נישט וואַרטנדיק, ביז דאָס קינד וועט זיך אויפכאַפּן פונעם שלאָף, איז סערגיי טימאָפּיעיעוויטש אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין. ווי דער פּראָפעסאָר האָט נאָר פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך, האָט רייזל אויך אַ קלער געטון צוצוגיין אין האָטעל „קאָמינטערן”, און דאָרט וועט זי שוין מן הסתם אָנשמעקן, ווער עס איז די נאַכט גע־קומען צו פאָרן. זי האָט געפילט, אַז אין „קאָמינטערן” געפינט זיך איצט דער ריכטיקער שליסל צו דער פאַרוויקלטער און פאַרקנוילטער געהיימ־ניס, וואָס רינגלט זי אַרום פון דער ערשטער מינוט, וואָס אָט דער אַלטער פּראָפעסאָר האָט אַריבערגעטראָטן איר שוועל. זי האָט שוין אפילו געהאַט אָנגעטון דעם פּאַלטאָ אויף צו גיין, און האָט אין דער לעצטער רגע איבער־געקלערט: ערשטנס, האָט זי נישט געוואָלט איבערלאָזן דאָס קינד אַליין אין שטוב, אַ קינד קען זיך דערשרעקן, אַ קינד קען נאָך אַראָפּשפּרינגען פונעם בעט, און דאָס איז פאַר איר סם־המות; צווייטנס, האָט סערגיי טי־מאָפיעיעוויטש ביי איר נישט פאַרדינט, אַז זי זאָל אים נאָכשפּיאָנירן. אמת, זי וויל טאַקע וויסן ווער איר מלאך־הגואל איז, זי גייט ממש אויס פון נייגעריקייט, אָבער אויב אַ שמועס טון ווידער צוריק: — וואָס ליגט זי אַזוי איין וועלטן? קיין שלעכטס טוט מען דאָך איר נישט, וואָס דען? מען וויל נישט אויסזאָגן ווער עס איז דאָ דער גאַנצער רעדלפירער — איז נישט! וואָס קען זי העלפן? אפשר איז טאַקע נישט רעכט צו קוקן בשעת „כהנים דוכנען”? וואָס ווייסט זי און וואָס פאַרשטייט זי? אפשר איז גאָר אַזוי גלייכער?...

און ווירקלעך, וואָס מער זי האָט זיך דערנעענטערט צו דער מחיצה, הינטער וועלכער עס באַהאַלט זיך דער גרויסער סוד, אָט דער כח טמיר ונעלם, וואָס שטעלט צוריק איר קינד אויף די פיס, און שיקט פעקלעך איר שאַיען, אַלץ מער האָט זי מורא באַקומען אונטערצוהייבן דעם פאָר־האַנג און צו פאַרקוקן אַהין, וווהין מען טאָר נישט. אַן אומבאַגרייפלעכע שרעק האָט צונויפגעקאָוועט אירע הענט און פיס. אַ אינערלעך קול האָט זי געוואָרנט: „סחור, סחור, לכרמא לא תקרב!” * און געטראַכט האָט זי: אפשר דאַרף איך נאָך זיין דאַנקבאַר דער השגחה, וואָס מען באַהאַלט פון מיר אויס דעם נאָמען פון מיין אויסערגעוויינלעכן פועל־ישועות? און גע־שראָקן האָט זי זיך: אפשר דאַרף זי גאָר אַליין אויסמיידן געוויר צו ווערן, ווער דער דאָזיקער בעל־טובה איז? אפשר וועט איר אַלץ נישט באַקומען, ווען זי וועט זיך דערוויסן, פון וועמענס האַנט אָט די שפע גייט? אפשר וועט ביי איר מקוים ווערן: „יוסיף דעת, יוסיף מכאוב”? ** אפשר וועט

* גיי אַרום און אַרום, און צום ווייַנגאָרטן זאָלסטו זיך נישט דערנעענטערן. (געזאָגט צום נזיר). פון דער גמרא.

** וואָס מער מען שאַפט זיך איין וויסן, מער שאַפט מען זיך איין ווייטיקן. פון קהלת.

אַט דאָס „אָפּדעקן דעם שלייער" אַריינטראָגן אַ שנוי־וסת אין איר גאַנצן לעבן? אַ רוח־זרה? אַן אש־זרה? אפשר וועט זי אַנדערש אָנהייבן זען, און אַנדערש אָנהייבן פילן? אפשר וועט דאָס חלילה ענדערן איר באַציאונג צו דעם אַלעמען, וואָס איז איר הייליק און טייער? אפשר וועלן אירע פליכטן פון הכרת־טובה ביי איר מאָנען צו פיל? און אפשר וועט זי נאָך דאַמאָלסט ביטער חרטה האָבן על כל הטוב ועל כל החסד... ניין, ניין, זי וועט גובר זיין דעם חשק! אַן עק, זי וויל שוין נישט וויסן!! זי האָט מורא צו וויסן!!!

אַן אַנטשלאָסענע און אַ פעסטע איבערצייגטע אין דער ריכטיקייט פון דעם אָנגענומענעם באַשלוס האָט זי אויסגעטון דעם פּאַלטאָ און איז אַריינ־געגאַנגען צום שלאָפנדיקן קינד —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען שלמה האָט דערהערט סערגיי טימאָפּיעיעוויטשעס קלאַפּ אין דער טיר פון זיין צימער, איז ער אים אַקעגנגעלאָפן מיט צעעפנטע אָרעמס:

— טייערער סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, ערשטנס, זאָגט אַ גוט וואָרט: וואָס מאַכט דאָס קינד? עס לעבט?

— עס לעבט, עס לעבט. עס לעבט און עס וועט מיט גאָטס הילף זיין געזונט. טאָמער ווילסטו שטאַרק, איז עס שוין באַלד אין גאַנצן געזונט —

שלמה קען נישט איינהאַלטן די אָנגעלאָפענע טרערן. ער שטאַמלט קוים אַרויס:

— אוי, וואָס רעדט איר? ווי אַזוי קען דאָס זיין? איר האָט מיך ממש פון טויט לעבעדיק געמאַכט.

דער אַלטער כמורעט אָן די ברעמען און רעדט ווי צו זיך אַליין:

— דעם אמת גערעדט, איז נאָך דאָס קינד איצט אויך געווען ערנסט קראַנק, נאָר פון דער געפאַר איז זי שוין אַרויס. ס'איז געווען מיט איר זייער, זייער נישט פריילעך. בכלל, איז די קאָנסטיטוציע ביי אונדזער אַק־סינקען פון געבוירן אָן אַ שוואַכע. איצט רעכן נאָך צו די טרוקענע און געזאַלצענע ווינטן פון די היגע מקומות, און בכלל די פאַרגיפטנדיקע גאַזן, וואָס עס גיט פון זיך אַרויס די געלע קאַליוזשע, וואָס מענטשן רופן זי דאָ אַן: דער אַזאָווער ים, אַט די אַלע אומנאַרמאַלקייטן האָבן זיך זייער שעד־לעך אָפּגערופן אויף די שוואַכע לונגעלעך. פאַר איר וואָלט געווען גוט צו וווינען אין יאַלטע, אין האַלופקע, אָדער כאָטש אין שכנות מיט אַן אוק־ראַיניש סאָסנע־וועלדל, אַט ווי אין סלאַוווטע — געדענקסט ביי מאַרינ־קען, האַ? און דאָ האָט זיך נאָך ביי אירע עלטערן אונטערגעכאַפּט אַזאַ קריטיש שטיקל צייט, אַז ס'איז קיין שטיקל ברויט אין שטוב נישט גע־ווען צו דער זעט, דאָס קרענקלעכע קערפּערל האָט אַ טרוקן געטון און דאָס האָט גלייך אויפגערודערט אַלע שלעכטע באַקטעריעס, וואָס באַהאַלטן זיך אין איר. דו ווייסט דאָך, ווייסע־חברהניקעס קריכן נאָר אויף אַ פּלאָכע פערדל; בלוטדאָרשטיקע פליגן קלעפּן אָממערסטנס צו אַ שלאַבעריקער קליאַטשע... דעסט גלייכן די באַצילן... און דערצו האָט סוליקאָ אויך אַ ביסל פאַרלאָזט די קרענק. נישט מחמת אומגעטריישאַפט, זי דערהרגעט זיך

געגוג, נאָר... דאָס אייביקע עניות און דאָס דחקות האָט זי אַזוי דערשלאָגן, אַז זי האָט אין גאַנצן פאַרלוירן דעם קאָפּ און אָפּגעלאָזט די הענט. אין שפּיטאָל האָט זי דאָס קינד נישט געוואָלט אָפּגעבן; צו זיך קיין דאָקטוירים האָט זי נישט ביד געהאַט צו רופן; און דאָ נאָך דער בייזער ווינטער מיט זיינע אכזריותדיקע ווינטן, און דאָ נאָך דער פאַרשאָלטענער הונגער אין אָט דער אומגליקלעכער שטוב, דו פאַרשטייסט? אַלץ צוזאַמען! נו, האָב איך טאַקע געטראָפן די קליינינקע אין אַ שווידערלעכן צושטאַנד. איך האָב פון דער ערשטער מינוט אָן אָנגעהויבן אַן אַטאַקע אויף אַלע קרענק מיט אַ מאָל: אויף די לונגעלעך; אויפן העלדזעלע; אויף די נירעלעך; אויף איר בלוט־אַרעמקייט. גלייכצייטיק האָב איך אָנגענומען מיטלען צו דעם אויסערגעוויינלעכן שוואַכקייט פון איר הערצעלע, כדי די קליינע זאָל מיך נישט איבערלאָזן אין מיטן דער אַרבעט... גלייך ווי איך בין אָנגעקומען, האָב איך צונויפגערופן אַ קאָנסיליום פון די גרעסטע מעדיצינישע אויטאָריטעטן וואָס זיי פאַרמאָגן דאָ אין טאַגאַנראָג. זיי זענען אַלע גערן געקומען און מיר געהאָלפן מיט זייערע עצות. מיט איין וואָרט: אַלץ וואָס אין מיינע כוחות איז געווען, האָב איך געטון, און דאַנקען גאָט, דער דערפאָלג איז אויף אַזוי פיל בולט, אַז אפילו אַ בלינדער קען אים זען. כאָטש עס קען נאָך געדויערן אַ פּאָר וואָכן, ביז דאָס קינד וועט קענען אַרומגיין איבער דער שטוב, אָבער פאַר די אַכט, צען טעג, וואָס איך בין דאָ, איז אָקסינקען אוממעגלעך צו דערקענען. דו האָסט זיך נאָך ביי צייטנס געכאַפּט, סאָלאָמאָן! פּונקט ווי מען וואָלט דיר פונעם הימל מודיע געווען, אַז מען טאָר זיך מער נישט שפּילן מיטן מלאך־המות, ווייל ער האָלט שוין דאָס קינד אין זיינע לאַפּעס —

שלמה איז דעם געלערנטן געפאַלן אויפן האַלדז און האָט באַשאָטן זיין פּנים מיט טרערן און מיט קושן:

— סערגיי טימאָפעיעוויטש, איך ווייס אייך גאָרנישט ווי אַזוי אָפּצודאַנקען... טאַקע פריער גאָט, און דערנאָך איר... פאַר אייך איז גאָר קיין לוין נישטאָ. איך וועל אייביק און שטענדיק זיין אייער בעל־חוב. איך בין שוין גרייט זיך אונטערצושרייבן, אַז דאָס קינד מעג פון היינט אָן הייסן: ווינאָגראַדאָוו, נישט גורעוויטש, ווייל איר האָט עס געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

— אויב אַזוי, וואָלט עס שוין, דאַכט זיך, ניכער געדאַרפט הייסן: נישט גורעוויטש, און נישט ווינאָגראַדאָוו, נאָר — ווי אַזוי רופט מען דיך? האַ, באַרעכן נאָר, איך האָב גאָר פאַרגעסן... דיך רופט מען דאָך בלויז: סאָלאָמאָן... כ'האָב גאָר פאַרגעסן...

אַ ווײלע האָבן זיי זיך פאַרליבטע געקוקט אין די אויגן. דאַן האָט דער אַלטער, אַ שיינענדיקער פון שלמהס אָנערקענונג, זיך אָנגערופן:

— וואָס ווייסטו, סאָלאָמאָן, ווי דיין געלט איז צו נוץ געקומען! סוליקאָ האָט דאָך אפילו נישט געהאַט מיט וואָס צו גיין אין אַפּטייק אַריין —

— טייערער סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, איר פאַרבייט אַלץ זייערע נע־מען מיט די נעמען פון זייערע שכנים. די גורעוויטשעס ווינען אַ פּנים צוזאַמען מיט פיל שכנים...

דער אַלטער האָט אַ פאַרוואונדערטער אויפגעהויבן זיינע געדיכטע ברע־מען:

— פון וואַנען נעמסטו דאָס? קיינער ווינט נישט מיט אונדז, חוץ מיר זאַלבעדריט: איך, סוליקאַ און אַקסינקע —

— ווער זשע זענען זיי?

— וואָס הייסט — ווער? סוליקאַ... דיין געוועזענע... פּלאַטאָנישע...

— רייזל?

— נו, יאָ! רייזל! ביי דיר הייסט זי: רייזל, און איך רוף זי סוליקאַ —

— און ווער איז די צווייטע? עפּעס נאָך איינע דערמאָנט איר דאָ אָפּט —

— ווער? אַקסיניושקאַ?

— יאָ. אַקסיניאַ. ווער איז דאָס?

— דאָס איז דאָך די גאַנצע הויפּט־העלדין פונעם ראָמאַן... די פּרימאַ־ראַנאַ אונדזערע... די זעלבע מיט די לונגעלעך —

— אסנתל?

— איך קען נישט אויסרעדן אַזאַ שווער וואָרט! ביי מיר הייסט זי פּשוט: אַקסיניאַ! קורץ און שאַרף און גוט... סוליקאַ, אַקסיניאַ — מחיה־דיקע נעמען...

שלמה האָט אַ כאַפּ געטון דעם אַלטן אויף די הענט, ווי מען גיט אַ הייב אויף אַ קליין קינד:

— סערגיי טימאָפּיעיעוויטש! ליבער! טייערער! ס'איז דאָך פון אייך נישט איבערצוטראָגן. ווו איז דען דאָ נאָך אַזאַ אַרטיסט ווו [illegible] וואָס אויס ביי מיר! איך וועל דערציילן טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונען, [illegible] האָט זיך דאָס פאַרקליבן צו אַ יונג ווייבל אויף אכסניא, [illegible] קאָקעט־ניטשאַיעט מיט איר, ווי אַזוי איר גיט איר פרישע נעמען... [illegible] איך וועל אייך שוין צושטעלן אַ בענקעלע, * [illegible] זינגען און צו זאָגן... איר וועט שוין דאַן נישט גערן זיין [illegible]

— נאַרעלע וואָס דו ביסט! איך וואָלט אפשר [illegible] קעטניטשאַיען, ציטערט זי פאַר מיר אימת־מות. [illegible] צו אַ באַרישניע, וועלכע קוקט אויף דיר ווי [illegible] וואָלף... אַזאַ חנדלען זיך האָט שוין דעם אמת [illegible] פונעם אָנ־הייב אָן אָנגעוואָרפן אַזאַ שרעק, [illegible] שטעקן האָט זי שוין מורא אויסצורעדן [illegible]

— איך האָב דאָך אייך נאָך אין צוג געזאָגט, [illegible]

* געמיינט: פאַרמסרן.

ווען מען וויל נישט ענטפערן, איז אַ שטעקן. דערציילט, טייערע, ווי אַזוי זעט זי אויס, רייזל?

— זייער פיין. זייער אַ שיין ווייבל. אַ ביסל צו פיל אויסגעבלייכט, אָבער דאָס גיט איר צו נאָך מער חן. איך האָב זיי ביידע שטאַרק ליב: אי סוליקאָן, אי אַקסינקען. זיי זענען ביי מיר איינגעבאַקן אין האַרצן ממש ווי אייגענע קינדער.

— און זי פרעגט זיך גאָר נישט נאָך: ווער? וואָס? ווען?

— איי, בעסער פרעג גאָרנישט! יענע גייט אויס עפּעס געוואויר צו ווערן, פרעגט ער ערשט, צי זי פרעגט... יענע איז אויס מענטש פון דיינע „זשמורקעס", * וואָס דו פּראָוועסט מיט איר; זי ווענדעט אָן קעגן מיר פאַרשידענע מיטלען מיט המצאות, זי פאַרלייגט משונה קלעצער, איין קלאָץ גרעסער פונעם צווייטן, אַבי מיך צו כאַפּן ביי אַ וואָרט, נאָר דו קענסט זיך אויף מיר אויך פאַרלאָזן! איך, אַז איך זאָג נישט, זאָג איך נישט! היינט אין דער פרי, ווען דעם שווייצאַרס ווייב האָט אַריינגעבראַכט דיין בריוועלע, האָב איך באַמערקט נאָך דעם פאַרדעכטיקן גלאַנץ פון איי־רע ממזרישע אויגן, אַז טאָמער גייט זי באַגלייטן די שווייצאַרקע, וועט זי זיך ביי איר מיטן וועג צעפרעגן וועגן דעם, וואָס מען דאַרף נישט. אַז נישט, וועט זי כאַטש וועלן אויסטאַפּן ביי איר ווער עס איז דער באַהאַל־טענער, אַ מאַן, צי אַ פרוי — מיט דעם אינטערעסירט זי זיך אַממיינסטנס — האָב איך זי, מיט נישט נייטיקע שמועסן פאַרהאַלטן ביי זיך, ביז די קאַזאַטשקע איז אַוועקגעגאַנגען...

— איך דאַנק אייך זייער און זייער, סערגיי טימאָפיעיעוויטש, פאַר אייער צוהעלפן מיר צו דער קאָנספּיראַציע. איר באַזיצט באמת אַ גרויסן טאַלאַנט צו אַזאַ שטיקל אַרבעט. און אַצינד וועלן מיר איבערלאָזן די בת־מלכה און אַריבערגיין צום בן־מלך. אַ האַרציקן גרוס אייך פון פּאַוועל [illegible], איר האָט זיך אומזיסט מצער געווען, מיין פריינד. ער איז [illegible] נישט געוואָרן. ער איז אַ לייטישער מענטש ביז גאָר.

[illegible] דערציילט אַלץ: וואָס הערט זיך? וואָס האָט ער פאַר דיר [illegible]

[illegible] דערציילן? ער איז ממש געקראָכן פון דער הויט, כדי [illegible] צו [illegible], אָבער אין דעם דאָזיקן ענין קען אַ פּנים [illegible]! [illegible] האָט זיך פעסט אַריינגעזעצט אין קינע, אָט [illegible] זיבעציק שלעסער...

...[illegible] פּאַוולושקאַ?

[illegible] האָט ער אויפגעטון. ער האָט פאַר [illegible] ענין. וועל איך איצט פאָרן קיין ראָסטאָוו. איך ווייס די נעמען [illegible] טאָמער וועל איך ביי זיי [illegible]

---

* אַ שפּיל אין באַהעלטעניש, אין כאַפּערלעך.

— און אויב נישט?

— אויב נישט? אויב נישט, וועל איך אוועקפאָרן קיין ארכאַנגעלסק. פּאַוועל סערגייעוויטש האָט מיר אויסגעפּועלט אַהין צו אַ פּראָפּוסק —

— וואָס זשע קענסטו דאָרטן אויפטון?

— דער פּראָפּוסק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צום הויפּט־דאָקטער פּו־נעם לאַגער.

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט. וואָס זשע איז דערפון געדרונגען וואָס צום הויפּט־דאָקטער?

— איך וויל אַ פּרווו טון, אפשר איז מעגלעך, אַז מען זאָל אים אָפּ־טירן. דאָס איז דער איינציקער לאָגישער אויסוועג צו דער באַפרייאונג.

— דאַרף מען דאָך וויסן, צי ער איז קראַנק —

— וועט גאָט מוזן העלפן, אַז ער זאָל זיין קראַנק... אָדער איך — געזונט...

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן?

— נו, איך בין היינט אַ שטיקל קאַפּיטאַליסט... פון דעם שטיקל צי־רונג... און אין אַרכאַנגעלסק, זאָגט מען, גייט אויך סאָוויעטיש געלט —

זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. סערגיי טימאָפעיעוויטש האָט אים מיטפילנדיק געדריקט די האַנט:

— זאָל דיר גאָט העלפן... זאָל דיר גאָט העלפן...

— און איר, סערגיי טימאָפעיעוויטש, טראַכט שוין פאָרן אַהיים?

— גאָט באַוואָר! איך האָב שוין גאָר באַלד פאַרגעסן, אַז איך האָב ערגעץ אַ היים... וואָס רעדסטו? איך קען נאָך אָקסינקען נישט איבער־לאָזן אויף קיין פרעמדע הענט. איך דאַרף איר נאָך מאַכן צוויי בלוט־אי־בערגיסונגען, * נאָך זעקס איינשפּריצונגען און עטלעכע אַנאַליזן. איך רעכן נאָך אין אַ פינף, זעקס טעג אַרום, דאָס הייסט: פּונקט צו די צוויי וואָכן פון מיין קומען, צונויפרופן אַ צווייטן קאָנסיליום און דאַן נעמען דאָס וואָרט ביי די היגע ספּעציאַליסטן, אַז זיי זאָלן זי רעגלמעסיק באַזוכן אַזוי לאַנג, ביז זי וועט קענען אָנגיין פאַר אַ באַליערינע. באַזונדערס איז דאָ פאַראַן אַ דאָצענט אָרלאָווא, און דער דירעקטאָר פונעם שפּיטאָל: אַרבו־זאָוו, זיי ביידע זענען נאָך מיר ממש די כפּרה. זיי זיכער, זיי וועלן שוין פאַרענדיקן דאָס, וואָס איך האָב אָנגעהויבן...

שלמה האָט אים אָנגענומען פאַר ביידע הענט:

— סערגיי טימאָפעיעוויטש, איך האָב גאָר קיין ווערטער נישט אויף אויסצודריקן אייך מיינע געפילן אין דער איצטיקער מינוט. איין זאַך קען איך אייך נאָר זאָגן: הלוואי זאָל איך זוכה זיין צו זען מיט מיינע אויגן דאָס אָרט, וואָס איר קויפט אייך איין אין גן־עדן מיט אָט דעם שטיקל אַרבעט —

אַ היפּשע ווילע איז אין צימער געהאַנגען אַ פייערלעכע שטילקייט.

---

* טראַנספוזיעס.

שלמה האָט וועגן עפּעס שווער געטראַכט און סערגיי טימאָפיעיעוויטש האָט נישט אַראָפּגענומען פון אים זיינע געדיכט־באַברעמטע, פּאָטערלעכע אויגן. שלמה האָט זיך מיט אַ מאָל אומגעקוקט אויפן פענצטער, אויף צו־ריקוועגס האָט ער זיך געטראָפן מיט סערגיי טימאָפיעיעוויטשעס בליק און האָט מיט אַ בלאַסן שמייכל געזאָגט:

— איז אָט וואָס, סערגיי טימאָפיעיעוויטש: וועלן מיר זיך שוין, הייסט עס, זען ערשט אין קיעוו... איך וועל שוין פאָרן אהיים גלייך פון דאָרטן, און איר — אַז איר וועט פאַרטיק ווערן מיט אייער יונגער פּאַ־ציענטקע — וועט איר זיך שוין אַליין אומקערן פון דאַנען. איצט זאָגט מיר, טייערער פּראָפעסאָר מיינער, צי וואָלט איך ביי אייך נישט געפועלט, אַז איר זאָלט אויף איין מינוט ווערן אַ גנב צוליב מיר?

— אויב דו מיינסט דערמיט צו זאָגן, אַז איך זאָל ביי טאַטיאַנאַ מי־כאַילאָוונען אויך צוגנבענען אַ שטיקל צירונג, דאַרף מען נאָך אַ קלער טון —

— באַרואיקט זיך, סערגיי טימאָפיעיעוויטש. נישט ביי טאַטיאַנאַ מי־כאַילאָוונען, און נישט קיין צירונג. איך מיין, אַזוי... אַ וואָלוויל גנבהלע...

— מיטן גרעסטן כבוד, אַבי נישט קיין רציחהלע...

— טע־טע־טע... פאַר אַזאַ קעפּשניידער האַלט איר מיך?

— גיי דיר! איך האָב געשפּאַסט... מען טאָר זיך שוין נישט קיין וויצל טון?

— איז אָט וואָס: אַז איר וועט קומען אהיים, שיקט גלייך אָפּ רייז־לען — אָדער זאָל זיין סוליקאָ — אין אַפּטייק אריין. און איר דערווייל נעמט אַרויס פון דעם אַלבאָם דעם קינדס פאָטאָגראַפיע, אָדער אויב ס'איז מעגלעך — אַ בילד פון איר צוזאַמען מיטן מיידעלע.

— יאָ, עס וועט זיין מעגלעך, עס וועט זיין מעגלעך. ס'איז דאָ אין אַלבאָם אַזאַ בילד: זי מיטן מיידעלע. הייסט עס — ליב טאָקע נישט, אָבער עס קיצלט פאָרט, האַ? עס נאָגט פאָרט כאָטש אַ קוק צו טון, האַ? שווייגסט?

Любовь не картошка, в окно не выбросишь! *

— נישט פאַר זיך בעט איך דאָס, סערגיי טימאָפיעיעוויטש. איך זוך נישט קיין טריפה'נע תענוגים, איך באַנוג זיך מיט אַ גרוס. איך מיין נאָר, אפשר וועל איך איינבעטן דעם דאָרטיקן הויפּט־דאָקטער, אַז ער זאָל איבער־געבן די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע דעם עלנטן פאָטער. דאָס וועט ביי אים זיין אַ גרויסע, גרויסע מתנה... ער וועט אַלע זיינע יאָרן האַלטן אין איין קוקן אויף איר...

דער אַלטער האָט פאַרדעכטיק פאַרהאַנגען די אויגן מיט זיינע געדיכ־טע פאָרהענגלעך און האָט פאַרשטיקט אַרויסגעברומט:

— אַ—האַ! כ'וועל ברענגען, כ'וועל ברענגען... מאַלאָדיעץ, סאָלאָ־

---

* ליבע איז נישט קיין קאַרטאָפליע, וועסט עס דורכן פענצטער נישט אַרויסוואַרפן. אַ רוסיש פאָלקסווערטל.

מאָן... עס קלעקט ביי דיר קאָפּ אויף אַלצדינג. כ׳וועל ברענגען, אומבאַ־דינגט ברענגען...

— איר זאָלט באַשטעלן דעם פורמאַן, מיט וועלכן איר וועט איצט פאָרן אַהיים, אַז ער זאָל נאָך אייך צופאָרן ביי טאָג, ווייל פיר אַ זייגער פאַר נאַכט פאָר איך אָפּ קיין ראָסטאָוו.

— גוט, ס׳איז געמאַכט! צוויי אַ זייגער האָסטו דאָ דאָס בילד.

— איצט נאָך אַ זאַך. נאַט אייך אָט דאָס פּעקעלע. דאָ געפינען זיך פופצן טויזנט רובל. באַלד שרייב איך נאָך אָן אַ קליין צעטעלע, וועט איר דאָס צוזאַמען מיטן געלט אַריינלייגן אין טאַש פון איר פּאַלטאָ. אויב זי האָט הענטשקעס, איז אודאי גלייכער אין די הענטשקעס, כדי זי זאָל דאָס גלייך באַמערקן. און אַז זי וועט זיך כאַפּן אויף אָט דער אויסטערלישער מציאה, און אויפהייבן אַ ליאַרעם, זאָלט איר זיך מאַכן כלא ידע, פאַר־קערט, איר מעגט נאָך אָנשרייען אויף איר פאַרן בלבול, וואָס זי מאַכט אויף אייך. איך ווייס, אַז איך גיב אייך אַ שווערע ראָלע, אָבער וואָס זאָל איך טון? איך קען פאָרט נישט פאַרליידן, אַז מען איז מיר דאַנקבאַר...

שלמה האָט אויסגעריסן אַ בלעטל פון זיין נאָטיצביכל, און האָט אויף דעם אָנגעוואָרפן געציילטע עטלעכע שורות:

„טייערע פריינדין!

אייער קינד איז נאָך ווייט נישט אין גאַנצן געזונט. שפּאָרט נישט פון דעם דאָזיקן געלט. טוט אַלץ וואָס מעגלעך, אַבי וואָס גיכער צו שטעלן אַסנתלען אויף די פיס. גאָט דרימלט נישט. לאָמיר האָפן, אַז אייער שאַיע וועט קיין צען וואָכן אויך נישט זיצן, נישט נאָר צען יאָר. שטאַרקט זיך. עס וועט נאָך אַ מאָל זיין גוט. איר וועט נאָך פאַרמאָגן אַ גרויסע דאַטשע אין טבריה, ביים ברעג פונעם ים־כנרת. זעט, אַז די גוטע יאָרן זאָלן זיך דערוואַרטן אויף אייך. זיי זאָלן נישט קומען צו שפּעט. פאַרלירט נישט אייער שטאָלץ און אייער מוט. אַלע ישועות ונחמות קומען אומגעריכט.

...אין בן דוד בא, אלא בהסח הדעת —

אייער אמתער פריינד".

סערגיי טימאָפעיעוויטש האָט זיך געהייסן פאַרטייטשן, וואָס אין דעם בריוועלע שטייט, און האָט געזאָגט, אַז אַלץ, וואָס דאָרט שטייט, איז אַקו־ראַט אין דער מאָס: נישט צו היים און נישט צו קאַלט. לעבלעך, הייסט עס. זי וועט פון דעם דאָזיקן בריוועלע אַלץ פאַרשטיין און אַלץ וויסן און גאָרנישט פאַרשטיין און גאָרנישט וויסן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז נאָך נישט געווען קיין דריי אַ זייגער, און סערגיי טימאָפעיע־וויטש איז שוין ווידער געווען ביי שלמהן אין האָטעל־צימער. שלמה האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און האָט אומגעדולדיק געפרעגט:

— נו, סערגיי טימאָפעיעוויטש, ווי אַזוי איז ביי אייך דאָרטן צוגע־גאַנגען מיט די ווייבער? אַלץ איז אין אָרדענונג?

דער אַלטער האָט אויף אים געבורטשעט ליבלעך־בייז:

— וואָס זאָגסטו נאָר אויף אָט דעם חתן־בחור? זיצט זיך דאָ ווי אַ פּריץ, און עס זאָל אים זײַן אַלץ אין אָרדענונג... נאָך איצט טוט מיר ווי דער קאָפּ פון איר היסטעריקע, און ער מיינט, אַז ס'איז אים אַ קינדער־שפּיל... ווי איך האָב זיך נאָר אומגעקערט אַהיים, האָט זיך מיר גלייך גע־טראָפן אַ שעת־הכושר, און איך האָב איר אונטערגעוואָרפן דאָס געלט, ווי דו האָסט מיר אָנגעזאָגט. אַזוי ווי זי האָט זיך גענומען אָנטון אויף צו גיין אין אַפּטייק אַריין, האָט זי דערטאַפּט דאָס פּעקעלע... נו, נו, פרעג שוין גאָרנישט! זי איז צוגעלאָפן צו מיר — איך האָב נאָר געמיינט, אַז זי וויל מיך שלאָגן — מיט אַ מין געוויין, מיט אַ מין געשריי: — גוואַלד ועט זי שרייען אין אַלע גאַסן, פאַר וואָס זאָל זי נישט טאָרן וויסן, וואָס אַרום איר טוט זיך? פאַר וואָס זאָל מען פון איר אויסבאַהאַלטן, וועד עס זענען אירע באַשיצער? און נאָך און נאָך, טענות אויפן פּוד... און דאָס אַלץ מיט אַזאַ יאָמער און מיט אַזאַ געוויין, אַז עס צערייסט זיך, זאָג איך דיר, דאָס האַרץ קוקנדיק... וואָס קען איך איר זאָגן, און וואָס קען איך איר ענט־פערן? גיי, דערציי̈ל איר, אַז דער פאַן סאָלאָמאָן שטעלט מיך, אַלטן נאַר, אַרויס פאַר אַ שטעקן און אַליין וויל ער פראַוועון קאָנספּיראַציע. זי האָט מיך אַזוי לאַנג געכאַפּט פאַר די לאַצן און געפּילדערט ביז איך האָב גענו־מען דעם שטעקן פונעם ווינקל און האָב געגעבן מיט אים אַזאַ פּאַטש, אַז אַקסינקאַ האָט זיך אַזש צעוויינט פאַר שרעק. און איך בין אויף איר אָנ־געפאַלן: — „וואָס פאַר אַ מאַכן בלבולים אויף עלטערע מענטשן? זי גייט אַרום אויפן הויף און לאָזט אָפן די טיר, אַז מען קען איר אפילו אַן אָנ־דרייי יושטשינסקי * אונטערוואַרפן, און דערנאָך וועט זי גאָר אויסטראַכטן אויף מיר? איך בין עפּעס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר שטוב און פאַר איר פאַלטאָ? אפשר וואָלט איך פון אַלע מעשות זיך נאָך אָוועקגעזעצט אַכטונג געבן אויף אירע קעשענעס?" בקיצור, איך האָב אַזוי געשריגן און געפּילדערט, ביז זי האָט זיך גענומען אַנטשולדיקן פאַר מיר. כאָטש אין האַרצן, זיי זיכער, פאַרשטייט זי אַלץ! דאָס האָב איך גוט געזען. איך האָב דאָס דייטלעך איבערגעלייענט אין אירע קלוגע אויגן. נו, אַצינד האָט זי זיך שוין באַרואיקט. די ספּאַזמע פון וויינען איז איר שוין איבערגעגאַנגען. נו, נו, האָסטו מיר צוגעשאַרט אַ שטיקל אַרבעט... אפילו אויף דער סצע־נע, דאַכט זיך, האָרעוועט מען זיך אויך אַזוי נישט אָן. עס האָט מיך אַזש באַשלאָגן אַ שוויים, ערנוואָרט —

— סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, אַלץ איינס בין איך באַנקראָט קעגן אייך, וועט שוין זײַן נאָך אַ ביסל... דאָס בילד האָט איר געבראַכט?

— הערסט, ווי דען? אָט איז דאָס!

שלמה האָט זיך וווּטיקלעך איינגעקוקט אין די טײַערע צוויי פּנימער:

— גוט... גוט... אַ דאַנק. און אַצינד לאָמיר זיך געזעגענען —

---

* אַזוי האָט געהייסן דאָס צעשטאָכענע שייגעצל, איבער וועלכן מענדל בייליס האָט אויף זיך געהאַט דעם בלבול.

*

פינף טעג האָט שלמה אין ראָסטאָוו, ווי זאָגט מען דאָס: „מיט אַ קני ערד געגראָבן". ער האָט געזוכט שליסעלעך און האָט זיי געפונען. ער האָט אַזש געטראָפן אַהיים צום דאָמאָלסטדיקן פּאַרזיצער פונעם העכסטן גע־ריכט, צו פּאַרפילאָוון אַליין, און אומעטום האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ וואַנט. קיינער האָט אפילו פאַר כל הון דעלמא נישט געוואָלט „אַ קלאַפּ טון אַ פינגער אין אַ פינגער" פאַר דעם פאַראורטיילטן גורעוויטשן. אויפן זעקסטן טאָג פון זיין „טאַפּן ווענט" אין ראָסטאָוו, האָט שלמה גענומען אַ בילעט קיין אַרכאַנגעלסק, און האָט אַן אומגליקלעכער פאַרלאָזט די דרומדיקע געביטן פונעם לאַנד.

פאַרבייפאָרנדיק מאָסקווע האָט שלמה נאָך אַ מאָל באַזוכט פּאַוועל סערגייעוויטשן.

— איר שטעלט זיך גאָרנישט פאָר, פּאַוועל סערגייעוויטש, וואָס פאַר אַ זעלטענער מענטש אייער פאָטער איז! וואָס פאַר אַן ערשטקלאַסיקער אַר־טיסט ער איז! איך זאָג אייך — מאָסקווין! קאַטשאַלאָוו! מיכאָעלס! * ער צייכנט זיך אויס אין טעאַטראַלישקייט, נישט ערגער ווי אויפן געביט פון מעדיצין —

— אַזאַ שווערע ראָלע האָט איר אים דאָרט איינגעטיילט?

— זייער אַ שווערע ראָלע, אָבער אַ דאַנקבאַרע. ער פילט זיך דאָרט זייער גוט.

— ווען קערט ער זיך שוין אום צו דער מאַמען?

— אָ! גאָר אין גיכן. עס קען אפילו זיין, אַז די טעג איז ער פון דאָרטן שוין אָפּגעפאָרן. פּאַוועל סערגייעוויטש, עס האָט זיך דאָ פאַר די לעצטע טעג גאָרנישט געביטן? אפשר קען מען עפּעס פאָרט אויפטון פאַר מיין קאַטאָרזשניק?

— גלייבט מיר, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, אַז ס'איז אים אוממעגלעך עפּעס צו העלפן.

— טאָמער כאָטש אַ מעגלעכקייט אים אַליין צו זען?

— דאַנקט גאָט, וואָס ס'איז אייך געלונגען צו קריגן אַ פּראָפּוסק צום הויפּט־דאָקטער — כאָטש איך ווייס נישט, וואָס וועט זיין די פּעולה דער־פון — ביי היינטיקן טאָג וואָלט שוין, דאַכט זיך, דאָס אויך געווען אומ־מעגלעך.

— נו, מילא, וועט גאָט מוזן העלפן אַזוי. אַ דאַנק פאַר אַלץ. אַנט־שולדיקט פאַר אַזוי פיל אָנדולן דעם קאָפּ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך דעם זעלבן טאָג אין אָוונט, איז שלמה אָפּגעפאָרן אין דער ריכ־טונג אויף צפון —

...פון קרן ** דרומית — מזרחית צום קרן מזרחית — צפונית...

---

* נעמען פון די בעסטע פאָלקס־אַרטיסטן פון דעם ראַטנפאַרבאַנד.

** ווינקל, ראָג.

# קאַפּיטל X

מאַכן אַ ויסעו מראָסטאָוו ויחנו באַרכאַנגעלסק הייסט כמעט אַזוי גוט ווי אַרויס פון אַ וואַרעמער וואַנע און אַרונטערגיין אונטער אַ קאַלטן שטראָם. אין ראָסטאָוו האָט שלמה איבערגעלאָזט אַכט גראַד קעלט און אין אַרכאַנגעלסק האָט ער געטראָפן פיר און דרייסיק. עס איז געשטאַנען אַ קלאָר וועטער, די לופט איז געווען דורכזיכטיק ווי בורשטין. אַ טרוקענע קעלט האָט מיט שאַרפע נעגל געצופּט ביי דער נשמה. ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פונעם וואָקזאַל, איז געווען אַ שפּעטע בין־השמשותדיקע שעה. די פּאַסאַזשירן זענען זיך געשווינד צעלאָפן אין אַלע זייטן: ווער צו פוס, און ווער מיט שליטעלעך, וואָס האָבן אַ גאַנצע מחנה געוואַרט אויפן צוג. אויפן געפרוירענעם הימל האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן קליינע, געפרוירענע שטערנדלעך. דער שניי אונטער די פיס איז געלעגן אַ פאַרהאַרטעוועטער, אַ גליטשיקער אַזוי ווי כריאַשטש.* שלמה האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן: אַ פרעמד אָרט, פרעמדע פּנימער. ס'איז אים אויפן האַרצן געוואָרן נאָך מער אומהיימלעך, און נאָך טרויעריקער ווי אין וועג. ער האָט געהייסן דעם פורמאַן זיך צופירן צו אַ האָטעל. ער האָט זיך גוט אַרומגעדעקט מיט דער גרויסער באַראַניצע** פון ווייסע בערנפעלן, און האָט נייגעריק און נישט אָן שרעק, באַטראַכט די טרויעריק־באַרימטע צפונדיקע שטאָט. אין האָטעל זענען קיין פרייע ערטער נישט געווען. צוויי דריטל פון די צימערן האָבן סטאַביל באַוווינט משפחות פון פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער און אַ טייל פון דער נאַטשאַלסטווע פון דעם לאַגער. און לאַגער־נאַטשאַלסטווע איז דאָרט געווען אַ היפּש ביסל. שלמה האָט נאָך פון פּאַוועל סערגייעוויטש געהערט, אַז דער לאַגער נומער 59 ציילט העכער אַכצן טויזנט אַרעסטאַנטן. ער פאַרמאָגט קאָלאָסאַלע פאַבריקן און זאַוואָדן, און רעכנט זיך פאַר איינעם פון די גרעסטע לאַגערן אין לאַנד. דעם באַטייט פון די ווערטער: „ביי אַרכאַנגעלסק" האָט שלמהן שוין אויסגעזאָגט דער פורמאַן. דער לאַגער האָט זיך געפונען קאַרגע ניין קילאָמעטער פון דער שטאָט. קיין ציווילער טראַנספּאָרט אויף צו קומען אַהין איז נישטאָ, ווייל עס טרעפט כמעט קיין מאָל נישט, אַז אַ ציווילער מענטש זאָל עפּעס דאַרפן האָבן אַהין צו. שלמה האָט געפרעגט דעם פורמאַן: צי וואָלט ער נישט מסכים געווען אים מאָרגן אָפּפירן צום לאַגער און דאָרטן אויסוואַרטן אויף אים. יענער האָט געענטפערט מיט אַ קאַלטן לונג און לעבער:

* כראָמסקע, אַן עלאַסטישער געוועב אויף די ביינער, סמוך צו די שלעסער.

** אַזאַ מין פעלץ מיט אַ געוועהנטעם איבערדעק, וואָס די פורמאַנעס אין די קאַלטע געגנטן פירן מיט זיך פאַר די פּאַרשוינען, אויף זיך איינצודעקן די פיס בשעת דער נסיעה.

— יאָ, פאַר וואָס נישט? אַבי איר וועט באַצאָלן פופציק רובל פאַר יעדער שעה —

נאָך דעם ווי פאַר שלמהן האָט זיך נישט אָפּגעזוכט קיין אָרט אויף צו שלאָפן, נישט אין צווייטן, נישט אין דריטן האָטעל, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אין דעם ערשטן, האָט געוויזן דעם דירעקטאָר זיין פראָפּוסק פון דער נ. ק. וו. ד. ס. ס. ס. ר. און האָט מיט גרויס מי באַקומען עפּעס א צעפאָרן בעטל אין א באַהייצטן קאָרידאָר. בראָך טאָג, נאָך איידער עמעצער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער אויף גיך אָפּגעדאַוונט, זיך גוט, גוט אויסגעוויינט ביי דער שמונה־עשרה און האָט גענומען צעסאָרטירן זיינע זאַכן. מער ווערטפולע חפצים, האָט ער גענומען צו זיך און דאָס איבעריקע האָט ער אַלץ איינגעפּאַקט אין טשעמאָדאַן און האָט אים איבערגעלאָזט ביים שווייצאַר. ער האָט אָפּגענומען אין דער דירעקציע פונעם האָטעל דעם פּאַספּאָרט, וואָס מען האָט ביי אים געהאַט צוגענומען איבער נאַכט, און האָט אַוועקגעשפּאַנט צו פוס צום לאַגער.

דער וועג אין לאַגער אַריין איז געלעגן דורך א פּוסט פעלד. פון הינטער די פאַרשנייטע סאָפּקעס, * האָבן ווו נישט ווו אַרויסגעשטאַרטשעט: נאַקעטע קוימענס; סקעלעטן פון ווענט; און זעלטן ווען אפילו — על־פּי־נס הענגענדיקע, אַרומגעפליקטע שטיקלעך דעכער. שלמהן האָט זיך געדאַכט, אַז ער טרעט דאָ אויף א גרויסן קבר פון אַן אָפּגעברענטער שטאָט...

ס'איז געווען אַרום ניין א זייגער. ערגעץ פון הינטער דעם מילכיקן האָריזאָנט האָט זיך דייטלעך דערטראָגן א רעווען פון א לאָקאָמאָטיוו און עס האָט זיך געטראָגן אין פּוסטן חלל א הודען פון א באַסאָווע סירענע. נישט קוקנדיק אויף דער פריער שעה, איז איצט געווען פיל וואַרעמער ווי אין דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט, ווען ער איז אָנגעקומען פונעם צוג. נאָר דערפאַר האָט איצט געשמיסן אין פּנים אַריין א געדיכטער און א נאָדלדיקער שניי. שלמה האָט געמוזט אַראָפּנעמען דאָס היטל און פאַרשטעלן מיט דעם דאָס פּנים, אַזוי אַכזריותדיק האָט דער ווינט געשמיסן מיט די נאָדלען. עס זענען דווקא אָפּטלעך געפאָרן אויטאָמאָבילן אַי אַהין, אַי צוריק, נאָר קיינער האָט זיך אויף אים אפילו נישט אומגעקוקט.

אָפּגעגאַנגען א דריי, פיר קילאָמעטער, האָט ער זיך געמוזט צוזעצן אויפן שניי זיך א ביסל אָפּרוען. א ביטערער יאוש האָט זיך פאַרגנבעט אין זיין האַרצן. איינער, א ניכטערער עמעצער, האָט אים דאָרט שטאַרק געמוסרט:

— איי, שלמה, שלמה... א קונדעס ביסטו געווען, און א קונדעס ביסטו געבליבן... א שטיינער, וואָס שלעפּסטו זיך אַרום אין אָט די וויסטע מדבריות? און אויב דיר וועט זיך שוין גאָר איינגעבן און דו וועסט אים שוין זען עטלעכע מינוט, צי דאָרט א האַלבע שעה — וואָס גיט עס? נישט

* שפּיציקע בערגלעך אין מיטן פעלד. אַזוי ווערן זיי אָנגערופן אין די געגנטן פון טיפן צפון און וייטן מזרח פון רוסלאַנד.

דו קענסט אים, נישט ער קען דיך — כלפי ליא, וואָס טראַכסטו זיך? צו־ליב אַ משוגענעם קאַפּריז; צוליב דעם, אַז דו זאָלסט זיך שפּעטער קענען באַרימען, אַז אָט ביסטו געפֿאָרן קיין אַרכאַנגעלסק, זיך כלומרשט מפקיר געווען... איז צוליב אַזעלכע הבלים קערט מען איבער וועלטן און מען קלאַפּט זיך מיטן שטערן אין אַן אייזערנער וואַנט? וועלכער מער־ווייני־קער ערנסטער מענטש טוט אַזוי, האַ? איבערגעלאָזט אין דער היים אַ ווייב און קינד, חרוב געמאַכט דעם איינציקן שוה־כסף, וואָס איר האָט פֿאַר־מאָגט אויף אייער בידנאָסט און קריכסט אַרום אין אָט די פֿאַרוואָגלטע אומקומעניש, ווו ס'איז אַ צער בעלי־חיים אַ הונט אַרויסצולאָזן... און דער עיקר — מה יתן לך ומה יוסיף לך? וואָס? ווער? ווען? מילא, מיטן קינד אין טאַגאַנראָג — אַן עק! זעסטו כאָטש דעם נצרך פֿאַר די אויגן און קענסט אים ממלא זיין, וואָס אים פֿעלט; אַן עק! ווייטסטו כאָטש, אַז דו קומסט אָן צו השם־יתברך אָן קיינעמס אמצעיות, אָבער דאָ — לאן אתה הולך? וווהין און צו וועמען און נאָך וואָס? דו האָסט אַ פּנים פֿאַר־געסן, וואָס דו האָסט ערשט היינט אין דער פֿרי אַליין געזאָגט: ...„נפלה נא ביד ד׳, כי רבים רחמיו, וביד אדם אל אפולה“...

דער צד שכנגד האָט אָבער אויך נישט געשוויגן. דער צווייטער „עמע־צער“ האָט אים נישט געלאָזט איינזיצן, ער האָט אים אונטערגעטריבן און אונטערגעשטופּט און אים אַלץ אונטערגעגעבן מוט:

— אל ירך לבבך... לא תבוש ולא תכלם ולא תכשל... עלה וצלח... אני לפניך אלך, והדורים אישר, דלתות נחושה אשבר, ובריחי ב־זל אגדע...

שלמה האָט זיך אויפֿגעהויבן, ער האָט מיט די דלאָניעס געמאַכט דעבלעך איבער די אויגן, כדי ער זאָל קענען אָנטאַפּן דעם וועג, און האָט ווייטער אַוועקגעשפּאַנט אין סודותפּולן, שנייאיקן מרחק אַריין. די זאַוויע־רוכע האָט שוין געווילדעוועט גאָר נישט אויף קאַטאָוועס. דער משוגע־גע־וואָרענער ווינט האָט זיך שוין נישט באַנוגנט מיטן פֿאַלנדיקן שניי. ער האָט שוין שטורמיש זיך דערקבֿרט אויך צום אַלטן און אייַנגעלעגענעם שניי, געריסן אים מיטן וואָרצל, געוואָרפֿן אים און געשליידערט פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן און געפּייפֿט אויף טויזנטער שדים־פּייפֿעלעך אַ ווילדן, פֿאַראומערטן קאַנצלאַגערסקע ניגון.

ערשט אַ זייגער עלף האָט זיך שלמה מיט די לעצטע כוחות דער־שלעפּט צו דער קאָנטראָלקע. די דאָזיקע געביידע האָט אים פֿון דרויסן שטאַרק דערמאָנט אין דעם אַריינגאַנג אין מעטראָ אין מאָסקווע אויף אַר־באַטסקע־פּלאַץ: אַ שיין־דעקאָרירט מויערל מיט עלעקטריש ליכט אין מיטן העלן טאָג. אויף זיין פֿראַגע, צי ער קען דורכגיין צום דאָקטער, האָט מען שלמהן געענטפֿערט, אַז דער הויפּט־דאָקטער נעמט ערשט אויף פֿון צוויי אַ זייגער ביי טאָג. וווהין האָט ער זיך געקענט אַהינטון? ער איז געבליבן וואַרטן אין דרויסן ביי דער שוועל. דריי פֿערטל אויף צוויי, האָט אַ וועכ־טער מיט אַ ביקס אויף די אַקסלען אים אָפּגעפֿירט אין שפּיטאָל אַריין און איבערלאָזנדיק אים וואַרטן אויפֿן קאָרידאָר, האָט ער אַריינגעטראָגן זיין

פּראָפּוסק מיטן פּאַספּאָרט אין אַ קאַבינעט. אויף דער טיר פון דעם דאָזיקן קאַבינעט איז געהאַנגען אַ שוואַרץ, גלעזערן שילדל מיט אַ קורצן, טרוקע־נעם אויפשריפט: „נישט אַריינגיין!" דער וועכטער האָט זיך געזאַמט אַ לענגערע ווײַלע און אַרויסגייענדיק פון דאָרטן, האָט ער אַ ווונק געטון צו שלמהן:

— דו קענסט אַריינגיין.

מיט אונטערגעהאַקטע פיס פאַר שרעק און דערוואַרטונג איז שלמה אַריינגעגאַנגען אין דעם אָנגעוויזענעם צימער, און האָט פעסט צוגעמאַכט הינטער זיך אַ מאַסיווע דעמבענע טיר, מיט אַ וואַרעם־אָנגעפּאַקטן בויך פון אינעווייניק. שלמה האָט זיך דערזען אין נישט קיין גרויסן און נישט קיין שיינעם קאַבינעט. פּונקט אַקעגן דער טיר — בעריאַ'ס פּאָרטרעט אין אַ מיטעלער גרייס. די איבעריקע ווענט — שטרענג ווייס. האַרט ביי דער לינקער וואַנט — אַ בענקל מיט פיר זיצפּלעצער, נישט קיין געבעטע. אויף דער רעכטער וואַנט — אַ גרויסע לאַנדקאַרטע און דער פּלאַן פונעם לאַגער. אין מיטן צימער, אַרויף צו די פענצטער צו — אַ שיינער ביוראָ־טיש, אויף אים — אַ טישלאָמפּ. פון יענער זייט טישל — אַ שטול. צווישן דעם טיש און דער שטול, מיט אַ בליישטיפט אין די הענט, איז געשטאַנען אַ מענטש, איינער אַליין אין צימער, און האָט גלייכגילטיק באַטראַכט דעם אַריינגעקומענעם. דאָס איז געווען אַ מאַן אין ערך פון אַ יאָר פינף, אָדער אַכט און דרייסיק. ער איז געווען אַ הויכער; נישט קיין מאָגערער און נישט קיין דיקער, אָט אַזוי, אויף האַלב וועג; אַ שוואַרצלעכער, מיט אויגן שוואַרצע, ברענענדיקע, יידישע...

מיט אַ מידער, נאָר אָנגענעמער שטימע האָט ער העפלעך געפרעגט:

— וואָס ווילט איר זאָגן, חבר?

און דאָ איז געשען עפּעס אומגעווײַנלעכס. מיט אַ מאָל איז שלמה ביי זיך אַליין געוואָרן געוואָר, אַז דאָס גאַנצע פאַרלוירנקייט און צעפּלאָנטער־קייט, די אימה און די שרעק, וואָס ער האָט געפילט גייענדיק אַהער, האָט ער איבערגעלאָזט אויף יענער זייט שוועל. ער האָט דרייסט אַ קוק געטון דעם דאָקטער גלייך אין די אויגן. בסקירה אחת האָט ער באַמערקט אַרויס־שטעקן פון דעם אָפּגעלייגטן כאַלאַט־קעלנער דריי גרויסע שטערן אויף אַ רויטער פּעטליצע:

...פּאָלקאָווניק נ. ק. וו. ד. —

שלמה איז צוגעגאַנגען נענטער צום טיש:

— איך זע, אַז עס ליגט פאַר אייך מיין פּאַספּאָרט מיטן פּראָפּוסק. דאָס דערציילט אייך, חבר הויפּט־דאָקטער, אַז אַליין בין איך פון קיעוו און דער פּראָפּוסק, ווי איר זעט, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם אַל־פאַרבאַנדישן נאַרקאָמאַט. דערצו איז ער גילטיק אויף דורכצוגיין נאָר איין און איינציק מאָל. איז אין זכות פון אָט די, דאַכט זיך געגוג וואָגיקע מאָ־טיוון, בעט איך ביי אייך אַן אוידיענץ אויף גאַנצע פופצן מינוט, כדי איך

זאָל פון גרויס איילעניש נישט פאַרגעסן עפּעס פון דעם, וואָס איך האָב אייך צו זאָגן... צוליב וואָס איך האָב זיך געשלעפּט אַזאַ שטרעקע —

דער דאָקטער האָט שפּאַטיש אַ שמייכל געטון און האָט געענטפערט אין אַ שיינעם רוסיש, נאָר מיט אַ שטאַרקן אָריענטאַלישן אַקצענט:

— אַבי עס וועט נאָר זיין אינטערעסאַנט, ביטע זייער. נעמט זיך אַ בענקל און זיצט.

— ערשטנס, דערלויבט זיך פאָרצושטעלן. מיין נאָמען איז: פּיאַטי־גאָרסקי סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש —

— זייער אָנגענעם. און מיך רופט מען: יאַגודאַיעוו סאַמסאָן לוואָ־וויטש.

דאָס שפּאַטישע שמייכעלע איז ווי אַ זומערפייגעלע אַרומגעשפּרונגען פון איין ליפּ אויף דער צווייטער. זיי האָבן זיך צערעמאָניאַל אַ דריק גע־טון די הענט.

שלמה האָט שווער נאָכדענקנדיק זיך אַ רייב געטון דעם איבערגע־אַקערטן שטערן:

— יאַגודאַיעוו? איך האָב שוין אַ מאָל געהערט אַזאַ נאָמען... שוין זייער לאַנג —

— עס קען זיין. יאַגודאַיעווס איז דאָ אַ סך. איז וואָס זשע האָט איר געוואָלט?

— ביי אייך געפינט זיך זיכער די קאַרטאָטעקע פון אַלע לאַגערניקעס?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. וואָס איז דען?

— מיך אינטערעסירט דער געזונט־צושטאַנד פון גורעוויטש שאַיאַ צעמאַכאָוויטש.

יאַגודאַיעוו שליסט אויף אַ וואַנטשאַפע, רוקט אַרויס אַ לאַנגן, שמאָלן שופלאָד, גיט אַ זוך אויף דער «Г» און געפינט גלייך וואָס ער דאַרף. ער לויפט איבער מיט די אויגן, וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן, און רופט זיך אָן:

— גורעוויטש איז פאָלקאָם געזונט. ער קלאָגט זיך נישט אויף קיין זאַך.

— דאָס איז זייער און זייער נישט גוט —

— ?...

שלמה, ערנסט און באַדויערנדיק:

— ווייל ווען ער איז בעסער קראַנק, וואָלט מען אים אפשר געקענט אַקטירן —

יאַגודאַיעוו צעלאַכט זיך אויפן קול:

— ווי אַזוי האָט איר געזאָגט? אַקטירן? כאַ! איר ווייסט כ׳אַטש, וועמען מיר אַקטירן? — פּאַראַליטיקער; אין גאַנצן בלינד־געוואָרענע; טובער־קולאָז־קראַנקע, אי דאָס, אויב פון דער לעצטער סטאַדיע; אָט אַזעלכע מענטשן — אויב מאָסקווע גייט איין אויף אונדזער פּראָפּאָזיציע — לאָזן מיר אָפּ. איצט האָט איר פאַרשטאַנען, ווהין איר זענט פאַרקראָכן?

אודאי האָט ער פארשטאַנען, שלמה. ער פארגלאָנצט מיט די אויגן:

— אַך, סאַמסאָן לוואָוויטש, סאַמסאָן לוואָוויטש, איר שטעלט זיך גאָר נישט פאָר, וואָס פאַר אַ חורבן עס טוט זיך איצט ביי אָט דעם גורע־וויטשן אין דער היים. זיין פרוי האָט ערשט נישט לאַנג איר פאָטער פאַר־לוירן; אַ יינגעלע פארלוירן; צוויי ברידער פארלוירן; — קיין מוטער האָט זי שוין פון לאַנג נישט — איצט איז ביי איר דאָס איינציקע מיידעלע, וואָס איז איר נאָך געבליבן פון דער גאַנצער פאַמיליע, געפערלעך קראַנק... דאָס ווייבל נעמט זיך דאָס לעבן... אַך, ווי איר מאַן וואָלט איצט געדאַרפט זיין לעבן איר...

— חבר, זאָגט מיר, נאָך וואָס האָט איר זיך געשלעפּט אַהער צו אַזש פון קיעוו אָן? דאָ איז אייך נישט קיין געריכט. דאָס אַלץ האָט איר גע־דאַרפט זאָגן די ריכטער. זיי האָבן צו שאַפן —

שלמה מאַכט זיך נישט הערנדיק און ציט ווייטער זיינע קלאָגרייד מיט דעם זעלבן טאָן:

— וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, ווי זיין פרוי און קינד נייטיקן זיך אַצינד אין זייער אומגליקלעכן שאַיאַ צעמאַכאָוויטש... אַך, ווען ס'איז מעגלעך אים צו אַקטירן... חוץ אַלעמען, וואָלט איך נישט געזשאַלעוועט פאַר דעם דאָזיקן קונץ קיין צוואַנציק טויזנט רובל —

דער דאָקטער שפּרינגט אויף פון זיין בענקל, בלאַס פון צאָרן:

— ווו געפינט איר זיך, וואָס איר רעדט פון אַזעלכע זאַכן?

— איך פארגעס נישט אפילו אויף קיין איין מינוט, ווו איך געפין זיך.

— איר ווייסט, אַז מיין פליכט איז, אייך שוין נישט ארויסצולאָזן פון דאַנען?

— איך ווייס, איך ווייס... דאָס איז נישט שווער צו דערגיין מיטן פּראָסטן שכל... איך ווייס אָבער אויך, אַז איר וועט דאָס נישט טון. אייערע גוטע, יידישע אויגן גאַראַנטירן מיר דערפאַר. זאָגט נאָר, דאָקטאָר, איר זענט צופעליק נישט קיין בוכארישער ייד?

— און אַז יאָ, איז וואָס?

— איז גאָרנישט... איז מיר פשוט פארשטענדלעכער... שמשון בן לוי, הייסט עס... סאַמסאָן לוואָוויטש, דאָס איז נאָר אַן אַנטליגענער נאָמען —

— און אַז אַן אַנטליגענער, איז וואָס? וואָס פאַר אַ פּראָוואָקאַציע בויט איר דאָ? דאָ איז אַן אָפיציעלער אָרגאַן פון דער נ. ק. וו. ד... איך קען שוין ארויסרופן —

— איך ווייס, איך ווייס... ארויסרופן, דאָס קענט איר... טויזנט זעל־נער, ווילט איר זאָגן? צען טויזנט? זאָגט בעסער, רבי שמשון בן לוי, איר זענט צופעליק נישט פון אַשכאַבאַד?

דער דאָקטער, איבערראַשט:

— יאָ.

— איר האָט נישט געהאַט קיין זיידן אין מאַרי, ר׳ אבא־חלקיה? יאַגודאַיעוו, שוין רעכט דערשראָקן:

— יאָ.

— און אַ קוזינע — מרים?

— יאָ... אָבער פון וואַנען ווייסט איר אַזעלכע פּרטים?

— און וואָס מאַכט אייער פאָטער?

— איר קענט אויך אים? ער איז ערנסט קראַנק... שוין העכער אַנ־דערטהאַלבן יאָר...

— הערט מיך אויס, סאַמסאָן לוואָוויטש! אפשר האָט איר אַ מאָל געהערט, אַז דער זיידע אייערער, אַריינקומענדיק אין גרימצאָרן, האָט פאַר־שאָלטן אייער פאָטער? איר האָט געהערט פון אַזאַ זאַך? אַ קללה פון אַ פאָטער — ווער שמועסט, פון אַזאַ הייליקן פאָטער, ווי ר׳ אבא־חלקיה — גיט זיך איבער בירושה פון דור צו דור... דאָס הייסט, אַז אויף אייך הענגט אויך אַ חלק פון יענער ביטערער קללה... אייער פאָטער האָט נישט אויס־געבעטן קיין מחילה... און אפשר דערפאַר טאַקע קרענקט ער... אָבער איך וועל די מחילה פאַר אייך קענען פועלן... מיך וועט אייער זיידע זיכער פאָלגן...

— וואָס רעדט איר? משוגענער מענטש, וואָס איר זענט, מיין זיידע לעבט שוין נישט!

— אַזוי? אַך, גאָט מיינער! ברוך דיין אמת... שוין לאַנג?

— ער איז נאָך אין יאָר 1932 געשטאָרבן. אומגעקומען, מיין איך. אין טאַשקענט. אין טורמע —

שלמה בלייבט שטיין, ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ שטאַבע אייזן איבערן קאָפּ. די פיס, פילט ער, האַקן זיך אים אונטער, נאָר ער מאַכט איבער זיך אַן אָנשטרענגונג, און מיט די לעצטע כוחות פרעגט ער:

— נו, און וואָס איז מיט אייער קוזינע?

— ווער? מרים? זי וווינט אין קאַרשי, צי אין קירקיטשי, עפּעס אויף אַ „טשי״, געדענק איך. דאָס דאַרף זיין ערגעץ אין אוזבעקיסטאַן צי אין טאַדזשיקיסטאַן, איך ווייס נישט אויף אַקוראַט. זי האָט שוין, דאַכט זיך, אַ דריי, פיר קינדערלעך.

— איר ווייסט נישט, פאַר וועמען זי האָט חתונה געהאַט?

— איך קען אייך פּינקטלעך נישט זאָגן. מיין באָבע האָט דאָרט גע־האַט עפּעס אַ קרוב: פינכאַסאָוו. חזקיה פינכאַסאָוו, אויב איך האָב קיין טעות נישט. האָט ער איין זון אַ פאַרשיקטן און דער צווייטער איז מרימס מאַן. דאַכט זיך, אַז אַזוי איז דאָס, איך קען אייך נישט זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, ווייל איך בין דאָרט בכלל זעלטן ווען אַ מאָל געוועזן...

— און פון דער אַלטער זלפהן וואָס איז געוואָרן?

— איך ווייס, צי די באַבושקע לעבט נאָך? אויב זי לעבט, איז זי זיכער ביי מרימען, ווו דען האָט זי צו זיין, אויב נישט ביי איר?

שלמה שלייכט קוים צו צום פענצטער. די שויב איז שטאַרק פאַר־

שנייט. קוים וואָס מען זעט אַרויס: אַ הויכע, שטיינערנע וואַנט און אַ קור־פּע מיט שניי פאַרשאָטענעם בלעכוואַרג. שלמהן טרייסלט אַ פיבער. עס קלאַפּט ביי אים הילכיק אַ צאָן אין אַ צאָן ווי בשעת עס פאַלט אָן דאָס קדחת. זיין טויט־פאַרגליווערטער בליק איז ווייטיקלעך צוגעשמידט צו דער שטיינערנער וואַנט און די ליפּן פליסטערן אָן זיין ווילן:

— קברים... קברים...

דער דאָקטער, עטוואָס אַ בלייכער, וועקט אים אויף פון זיין גליווער:

— וואָס שעפּטשעט איר דאָרטן?

שלמה דרייט זיך אום און גייט לאַנגזאַם צום טיש:

— איך זאָג... איך זאָג, וווהין איך וואַרף אַ בליק, זע איך אַרום זיך אַן אומענדלעך פעלד מיט קברים... אַלט און יונג, אָן אַן אונטערשיד...

פּלוצלינג גיט ער זיך אַ ריס פון זיין אָרט, ער כאַפּט אַריין דעם דאָק־טער אין זיינע מוסקולדיקע אָרעמס און רעדט מיט פייער גלייך אים אין פּנים אַריין:

— ...נאָר גורעוויטש טאָר נישט זיין קיין פרישער קבר! פאַרגעדענקט דאָס גוט, טייערער סאַמסאָן לוואָוויטש, און איר דאַרפט דאָס איינאָרדע־נען! איך וועל אייך חתמענען אַ פּאַפּיר, אויב איר ווילט, אַז אַנשטאָט איי־ער זיידן גיב איך אייך זיין מחילה! ווען ער וואָלט איצט געלעבט, וואָלט ער מיר דאָס געטון. איר וועט אומיסטן זען, אייער פאָטער וועט געזונט ווערן. די קללה וועט זיך אָפּטון פון אייער פאַמיליע. איך רעד אַזוי פעסט אין זיין נאָמען, ווייל... ווייל אין מיין פאָרטפעל טראָגט איר כסדר תפילין מיט אַ תהילימל; אויף מיין לייב — אַ טלית־קטן. איך בין פון זיינע מענטשן. ער האָט מיך ליב געהאַט, ווי אַן אייגענעם זון. איך האָב אַלע רעכט אייך אויסצושרייבן אַ מחילה אין זיין נאָמען. און צו דער דאָזיקער מחילה, אַז איר וועט נאָך צולייגן מיינע דרייסיק טויזנט רובל, מעגט איר שוין זיכער אַקטירן מיין אָרעמען גורעוויטשן...

דער פּאָלקאָווניק ג. ק. וו. ד. יאַגודאַיעוו איז האַלב געלעגן אין שלמהס אָרעמס. דער פייער פון שלמהס רייד האָט זיך אינסטינקטיוו אים אויך איבערגעגעבן. אין זיינע אַזיאַטישע קאַרשנאַויגן האָט זיך באַוויזן אַן אומ־באַקאַנט פלעמעלע, אַ טרייסטנדיקס.

— לאָזט מיך אָפּ, פּיאַטיגאָרסקי, מען קען נאָך אַריינקומען! קומט מאָרגן. איך וועל אַ קלער טון. אַזאַ זאַך טוט זיך נישט אָפּ אַזוי ווי איר מיינט... על רגל אחת...

שלמה, אַ בלייך געוואָרענער, האָט ווילד אַ כריפּע געטון:

— ניין! נישט מאָרגן, נאָר שוין דאַרפט איר צוזאָגן! מאָרגן קען איך שוין אַהער צו נישט קומען. פאַר מיין פּראָפּוסק עפענען זיך נאָר איין מאָל אָט די שרעקלעכע אייזערנע טויערן. אויף צו טון אַ גוטע זאַך, דאַרף מען נישט אַזוי לאַנג קלערן. פאָלגט מיך טייערער, און זייט געבענטשט פון גאָט —

שלמה כאַפּט פלינק אַרויס פון זיין בוזעמטאַש דריי פּעקלעך צו הונ־

דערט הונדערטערס אין יעדן איינציקן, ער שלעפּט האַסטיק אַרויס אַ שופּ־לאַד, און וואַרפט זיי אַריין, דאַן פאַרקלאַפּט ער אים אויף צוריק און דרייט איבער דעם שליסל. דאָס אַלץ ווערט אָפּגעטון אַזוי בליצשנעל, אַז יאַגו־דאַיעוו באַווייזט זיך ערשט צו כאַפּן דערויף, ווען שלמהס האַנט לייגט אים שוין אַריין דאָס שליסעלע פון דעם שופלאַד אין דעם אייבערשטן קע־שענקעלע אַריין.

— צו וואָס דאַרף איך שוין האָבן דאָס געלט, חבר פּיאַטיגאָרסקי?

— אַזוי איז גלייכער... פאָלגט מיך... אין די זאַכן פאַרשטיי איך בע־סער... ביי דער נאַטשאַלסטווע קען אַלץ טרעפן... אַ מאָל, אַז מען טרעפט יענעם צו צו דעם ריכטיקן מאָמענט, האָט עס די ווערט צען מאָל אַזוי פיל... דער עיקר איז ביי אַזאַ קונץ: דער עפעקט... און איצט וויל איך אים אַליין זען. איך קען אים אפילו נישט —

— פּיאַטיגאָרסקי, אַזאַ שטיקל אַרבעט קען מיך קאָמפּראָמיטירן!

— אַ פּאָלקאָווניק איז נישט אַזוי לייכט צו קאָמפּראָמיטירן. די זע־אונג וועט דויערן פון דריי ביז פינף מינוט. כ'בעט אייך, טוט עס מיר ווי אַן אויסנאַם —

— גייט אַרונטער הינטער דעם פאָרהאַנג!

*

אַ פאַרוווּנדערטער האָט זיך שלמה אומגעקוקט אין דער ריכטונג, אין וועלכער יאַגודאַיעווס פינגער האָט אָנגעוויזן, און ערשט דאָ האָט ער באַ־מערקט, אַז הינטער זיין פּליִיצע הענגט אַ ווייסער פאָרהאַנג פון דער סטע־ליע ביז דער ערד. ער איז אַרונטערגעגאַנגען הינטער אים. דאָרט איז גע־שטאַנען אַן אויסגעבעט באַנקבעטל באַשלאָגן מיט צעראַטע, און פאַר־שפּרייט מיט אַ ליילעך. לעבן דעם באַנקבעטל איז געשטאַנען איין און איינ־ציק בענקל. שלמה האָט זיך שטיל צוגעזעצט. דורך אַ געפּלאַצטער נאָט האָט ער געזען, ווי יאַגודאַיעוו קוקט ווידער אין גורעוויטשעס קאַרטאָטש־קע. ער לייענט זי אויפמערקזאַם איבער און גיט אַ דריק אַ קנאָפּקע. תיכף ומיד באַווייזט זיך אין עלטערע קראַנקנשוועסטער.

— אָדינצאָווא, שיקט מיר אַריין עמעצן פון די וועכטערס.

אויף דער שוועל באַווייזט זיך גלייך דער וועכטער. ער לייגט צו די שפּיץ פינגער צו די שלייפן און בלייבט שטיין אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע. דער דאָקטער זאָגט אים:

— אָט וואָס! גיט אַ לויף אַריבער אין קוואַרטאַל נומער 13, באַראַק נומער 8, און ברענגט מיר אַהער דעם אַרעסטאַנט: גורעוויטש שאַיאַ צע־מאַכאָוויטש. אויב ער איז נישטאָ אין דער היים, אַרבעט ער אין דער איין און פערציקסטער בריגאַדע. זוכט אים דאָרט אויף. נאָר מאַכט עס שנעל, איינס און צוויי!

דער וועכטער איז אַוועקגעלאָפן אויספילן זיין שליחות און שלמה האָט מיט אַ שטאַרק האַרצקלאַפּעניש צוגעקוקט, ווי יאַגודאַיעוו האָט אַראָפּ־

געלאָזט דעם קאָפּ אויף די הענט און האָט זיך שווער פאַרטראַכט. אין שלמהן האָבן געקילט די בלוטן פאַר שרעק:

— ווענן וואָס האָט זיך עס דער פּאָלקאָווניק געקענט אַזוי טיף פאַר־טראַכטן? וואָס קומט איצט פאַר ביי אים אין קאָפּ? וואָס וועט זיין, אויב דער היפּנאָז מיט דער מחילה וועט זיך פון אים אָפּטון און עס וועט בלייבן אויף דער וואָגשאָל בלויז דאָס געלט? צי וועט ער דאַמאָלסט נישט קיין חרטה האָבן? און אויב אפילו ער אַליין וועט נישט חוזר זיין, צי וועט ער קענען עפּעס אויספּועלן ביי דער העכערער נאַטשאַלסטווע? און אפילו ווען אַלע גדולים זאָלן שוין זיין מיט אים בעצה אחת, וואָס קען מען דאָ אויף דעם גורעוויטשן שרייבן, אַז ווי אויף צו להכעיס איז ער געזונט אויף אַלע אברים?

ווי אַן ענטפער אויף זיינע געדאַנקען האָט זיך יאַגודאַיעוו אויפגע־הויבן פון זיין אָרט און איז אַרונטערגעגאַנגען צו אים הינטערן פּאַרהאַנג:

— חבר פּיאַטיגאָרסקי, איר ווייסט, ווענן וואָס איך האָב געטראַכט?

— ע, ווען איך זאָל וויסן...

— איך טראַכט אַלץ ווענן דעם: וואָס טוט זיך עס מיט מיר אין דעם לעצטן פערטל שעה? געקומען אַ פרעמדער מענטש... נישט קיין קרוב, אפילו נישט קיין בן־עיר, און מיך איינגענומען... איך זאָג: „איינגענומען”, ווייל איך קלער שוין אפילו נישט: „פּרווון עפּעס אויפטון, צי נישט פּרווון”? איר האָט מיך באַצויבערט און געוווּנען... איך בין איצט אין גאַנצן אויף אייער צד. איר האָט מיך ממש אָנגעשטעקט מיטן „סליחה ומחילה־מיראַזש,“ איך קלער שוין נאָר פון איין זאַך: אויב אָהער צו טאָרט איר מער נישט קומען, ווו זשע דען, און ווי אַזוי קענען מיר זיך ווידער אַ מאָל זען? איך וועל זיך דאָ בּאַמיען מיט אַלע כוחות דורכצוזעצן אייער ענין, אָבער ווי לאַנג דאָס קען דויערן, דאָס ווייס איך נישט. אַלנפאַלס — היפּשע, היפּשע עטלעכע טעג. דער גאַנצער ענין פון „אַקטירן” איז זייער אַן איידעלע מאַ־טעריע. ביי אַזעלכע זאַכן מוז מען צוגיין זייער פּאָרזיכטיק, און זייער, זייר־ער אויף אַ דעליקאַטן אופן. מיט דעם... מיטל... וואָס איר האָט דאָרט פאַרשלאָסן, האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געפּרוווט זיך צו באַנוצן, און איך וואָלט, זייט זיכער, אַצינד אויך נישט געפּרוווט, ווען נישט דאָס, וואָס איך וויל לויט מיינע מעגלעכקייטן אויסקויפן מיין פאָטערס שולד, און אָפּוואַשן פון אונדזער שטוב דעם זיידנס קללה. אָבער ווי אַזוי קענען מיר זיך זען? ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? שווייגט, לאָזט מיך אַליין עפּעס צוקלערן: אַהיים נישט... איך ווין דווקא אין צענטער שטאָט, אָבער עס זענען דאָ טויזנטער אויגן אויף יעדן שריט און טריט. ווי אַזוי זשע דען? ווי אַזוי זשע דען? יאָ, אַזוי בלייבט עס! הערט זיך איין און פאַרגעדענקט גוט. אין אַרכאַנגעלסק זענען דאָ עטלעכע קינאָ־טעאַטערס, נאָר דער סאַמע ווייטסטער און אַמווייניקסטן־באַזוכטער פון זיי אַלע איז דער קינאָ־טעאַ־טער אויפן נאָמען פון דעם קאָמסאָמאָל, אויף יוזשנע־גאַס. דאָרט זאָלט איר וואַרטן אויף מיר אַלע אויפדערנאַכט מיט גרייטע פיר בילעטן פון 8

ביז 8.30. ערטער זאָלט איר אומבאַדינגט אויסקלייבן אין אַ ווייטן ווינקל, ביי דער סאַמע וואַנט. קומען וועל איך מן הסתם מיט דער פרוי און מיטן מיידל, כדי עס זאָל זיך קיינעם נישט וואַרפן אין די אויגן, וואָס איך גיי אַליין. דאָרט וועל איך אייך אַלץ איבערגעבן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויב עס וועט זיין וואָס —

פונעם קאָרידאָר האָבן זיך דערטראָגן טריט. יאַגודאַיעוו איז מיט אַ געמאָסטענעם שפּאַן אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן פאָרהאַנג און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. דער זעלנער האָט זיך פון דער שוועל גלייך אומגעקערט און ביי דער טיר איז שטיין געבליבן קיין הויכער, געלינקער יונגערמאַן. זיין פּנים איז געווען אַ ביסל קאַלכדיק, און אַ ביסל ליימיק. דער פאַרוסינענער אַנצוג זיינער איז געווען הוילע לאַטעס און פאַר אַרכאַנגעלסק שוין צו אַ זומערדיקער. ער איז געשטאַנען ביי דער טיר אַ פאַרלוירענער, אַ פאַרשעמטער און האָט נעבעכדיק געפינטלט מיט די אויגן. דורך דעם צעבריייטערטן ליילעך־שפּאַלט האָט שלמה דייטלעך באַמערקט, ווי די הענט זענען ביי אים פול און פול מיט ווונדן; ער האָט גוט געזען, אַז פון די צעריסענע שיך זעען זיך ביי אים אַרויס די באָרוועסע פינגער — אויסגעקרומטע ביינדלעך.

יאַגודאַיעוו איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אים, ער האָט אים לאַנגזאַם אָפּגעמאָסטן מיט אַ גאָרנישט זאָגנדיקן קוק פון אויבן ביז אַראָפּ, דאַן האָט ער מיט אַ מאָל פריינדלעך אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל:

— נו, גורעוויטש, — ווי אַזוי פילסטו זיך עפּעס?

גורעוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און האָט מרה־שחורהדיק געשוויגן.

— פאַר וואָס זשע שווייגסטו? זאָג, טאָמער פעלט דיר עפּעס?

— אַ דאַנק. איך באַקום דאָס זעלבע, וואָס עס באַקומען אַלע לאַגערניקעס, און מער קומט מיר נישט.

— פאַר וואָס, זאָג מיר, האָסטו נישט געוואָלט גיין אין פערטן צעך אַריין, פאַר אַ סמענע־אינזשיניער? מען וואָלט דיך אָנגעטון בעסער; דו וואָלסט נישט געדאַרפט אַזוי שטאַרק האָרעווען ווי איצט; און וואָלסט באַקומען צוגעטיילט לעבנסמיטל מער ווי דריי מאָל אַזוי פיל ווי ביז אַצינד... האָבן אַזאַ זעלטענע ספּעציאַליטעט — און גיין אויף שוואַרצער אַרבעט?

— גענוג שוין פאַר מיר צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך! איך בין שוין זאַט —

— איז האָסטו, הייסט עס, קיין שום באַגער נישט? דערמאָן זיך נאָר גוט —

ביים אַרעסטאַנט הייבט אָן אונטערצוטאַנצן די רעכטע ברעם. מיט אַ פאַרשטיקט קול ברענגט ער שטיל אַרויס:

— ס'איז נישטאָ דער כח אין דער וועלט, וועלכער זאָל מיר קענען געבן מיין באַגער...

— אַפילו גאָט? —

ביים געלינקן אַרעסטאַנט ווערט די צונג שטייף ווי אַ שטיק בלעך. ער קען נישט ענטפערן אויף דעם נאַטשאַלניקס פראַגע. קוים וואָס ער קען אַרויסברענגען איין און איינציק וואָרט:

— גאָט —

און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— אין גאָט גלייבסטו, גורעוויטש? מיר מעגסטו דאָך אויסזאָגן, איך בין דאָך אויך אַ ייד —

— יאָ, בירגער פּאָלקאָווניק, אין גאָט גלייב איך זייער שטאַרק!

— און אין משיחן גלייבסטו אויך?

גורעוויטש האָט קוים באַוועגנדיק מיט די ליפּן אַרויסגעשטאַמלט:

— ...און אין משיחן גלייב איך אויך —

— דו גלייבסט נאָר אין דעם „קאָלעקטיוון" משיח, וואָס דאַרף קו־מען צו אונדז ווי אַן אָרעמאַן און רייטנדיק אויף אַ ווייס אייזל, צי דו גלייבסט אויך אין אַ „אינדיווידועלן" משיח?

— משיח איז פאַראַן בלויז איינער, בירגער פּאָלקאָווניק. משיח דער זון פון דודן.

— פון היינט אָן, שאַיאַ צעמאַכאָוויטש, וועסטו שוין דווקא גלייבן אויך אין אַ אינדיווידועלן משיח. אָט, למשל, דיינער איז שוין, דאַכט זיך, געקומען, און זיין פּאָטער רופט מען גאָר נישט דוד —

גורעוויטש קוקט אים אָן אַ דערשטוינטער. ער פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס יענער רעדט צו אים. שלמה גליטשט זיך שטיל אַרויס פון הינטערן פאָרהאַנג און וואַקסט אויס פּלוצלינג פאַר זיינע אויגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט:

— שלום־עליכם אייך, ר' שאַיע. פאַרלירט נישט די האָפענונג. די ישועה איז נאָענט.

דער יונגערמאַן איז אַ דערציטערטער אָפּגעשפּרונגען פונעם „הינטערן פאָרהאַנג" מענטשן. זיין פּנים איז געוואָרן טויט ווי די וואַנט. זיין האַנט איז ווי אַ שטיק אייז געלעגן אין שלמהס האַנט.

— ר' שאַיע, איך האָב בלויז געציילטע מינוטן מיט אייך צו פאַר־ברענגען. איך בין אַהער געשיקט געוואָרן פון אייער פרוי אייך צו העלפן. אַלס סימן — אָט האָט איר איר פאָטאָגראַפיע צוזאַמען מיטן קינד —

מיט ציטערנדיקע הענט האָט שאַיע אויסגעכאַפּט די פאָטאָגראַפיע פון שלמהס האַנט און טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטון פון זיינע אויגן.

— איך קען דאָס בילד איבערלאָזן ביי זיך?

— דאָס איז פאַר אייך, פאַר אייך, פאַר וועמען דען? מיט דער הילף פון אָט דעם גאָלדענעם מענטשן, פּאָלקאָווניק יאַגודאַיעוו, וועלן מיר מיט גאָטס הילף דערגרייכן אונדזער ציל. בעט דאָרטן גאָט פאַר אים און איך אויף דער זייט, וועל אויך טון דאָס זעלבע. קיין גרויסע זאַכן האָב איך מיט זיך נישט געקענט מיטנעמען. די וואַך וואָלט נישט דורכגעלאָזט. נעמט זשע דערווייל אָט דאָס האַלבע פונטל שאָקאָלאַד. עסט אים פאַרזיכטיק, אַז

קיינער זאָל דאָס נישט באַמערקען, און קומט אַ ביסל צו זיך. מיך וועט מען אַהער מער נישט אַריינלאָזן, אָבער דער הויפּט־דאָקטער וועט אייך אויסשרייבן אַ דערלויבעניש אויף צו קומען אַלע טאָג זיך איבערבינדן די פאַרווונדעטע הענט און דערווייל וועט איר זיך אַריינכאַפּן צו אים אין קאַבינעט אַריין, און באַקומען טאָג־טעגלעך אַזאַ פּאָרציע שאָקאָלאַד. אָט לאָז איך אים ספּעציעל איבער געלט אויף דערויף —

און שלמה האָט אויגנבליקלעך אַרונטערגעלייגט אַ היפּשע אַסיגנאַציע אונטער דעם רויטן געוואַנט.

— און איצט, רייזלס מאַן, אַז ס'איז היינט ערב־שבת, ווייסט איר?

— איך ווייס... דאַכט זיך... יאָ, איך ווייס...

— געדענקט זשע: שבת הוא מלזעוק, ורפואה קרובה לבא... לאָמיר צוזאַמען מעורר רחמים זיין... יעדן טאָג מעגט איר איצט זאָגן: היום הרת־עולם... גייט געזונט, אַ גרוס און אַ קוש אייך פון אייער אסנתלען —

שאַיע האָט קראַמפּנדיק אָנגעכאַפּט שלמהס האַנט:

— אָבער זאָגט מיר כאָטש, ווי אַזוי מען רופט אייך? לאָמיך כאָטש וויסן דעם נאָמען פון מיין רעטער —

— רעדט נישט קיין שטותים! דער נאָמען פון אייער רעטער איז — שמשון בן לוי יאַגודאַיעוו!

דער וועכטער האָט אָפּגעפירט גורעוויטשן פונעם שפּיטאָל צו זיך אין באַראַק אַריין. דער הויפּט־דאָקטער האָט שלמהן אונטערגעשריבן דעם פּראָפּוסק, אים אומגעקערט דעם פּאַספּאָרט און ביים געזעגענען זיך, אים קורץ איבערגעחזרט:

— קינאָ „קאָמסאָמאָל”, פיר בילעטן אויפן סעאַנס פון 8.30, די סאַמע אומבאַקוועמע און ווינקלדיקע פּלעצער. און איצט גייט —

— אין דעם זכות פון אייער הייליקן זיידן, ר' אבא־חלקיהו, זכר צדיק לברכה, וואָס האָט בקדושה ובטהרה אָפּגעגעבן זיין הויכע נשמה און איז ווי אַ גיבור אומגעקומען על קידוש־השם ועל קיום־האומה, זאָל גאָט העלפן, אַז עס זאָל אייך געלינגען צו ראַטעווען אָט דעם טייערן גורעוויטשן —

# קאפיטל XI

עס זענען פאריבער דריי טעג. צוויי מאָל האָט שוין שלמה צעריסן די בילעטן, וואָס ער האָט גענומען אין קינאָ אריין, און די יאגודאיעווס זע־נען אלץ נישט געקומען.

צייטנווייז, אין די ביטערע שעהן פון האָפענונגסלאָזער דערוואַרטונג, פלעגט שלמהן דורכלויפן אן אפיקורסישער געדאַנק:

— א שוטה דאַרף ער זיין צו קומען! אז ווו ער וווינט — ווייס איך נישט; צוקומען צו אים — קען איך נישט; הייגט, מיט וואָס זשע האָב איך אים אין די הענט? דער לייכטער טשאַד פון דער מעשה וועגן זיין זיידן, האָט זיך שוין ביי אים לאַנג אויסגעוועפּט; דעם רח״ש, וואָס איך האָב אים באונס אריינגעשטעקט, האָט ער נעבעך אראָפּגעלאָזט טיף אין קעשע־נע, און איצט לאַכט ער דאָרט פון מיר דאָס גרעסטע געלעכטער. משוגע וועט ער זיין, צו קומען אהער?

אזוי האָט מסביר געווען דער פּראַקטישער שכל־הישר, אָבער טיף אין הארצן האָט שלמה פאַרט געגלייבט, אז עס איז נישט אזוי, און האָט טאָג־טעגלעך זיך געדרייט ביי דעם קינאָ פון האַלב אַכט ביז האַלב צען.

אויפן זעקסטן טאָג, לאַנג נאָכן אָנהייב פונעם סעאַנס, זענען זיי טאַ־סע אָנגעלאָפן.

די פרוי איז געווען אן אייראָפּעאישע. א יידישע, צי נישט קיין יידי־שע איז שווער געווען צו דערקענען. דאָס מיידל, א זעכצניעריקע קראַסאַ־וויצע, האָט געטראָגן אויף זיך דעם חותם פון איר פאָטערס משפּחה. זי האָט געהאַט איר עלטער־זיידנס שטערן, און מרימס אויגן. נאָר דער בליק זייערער איז שוין נישט געווען אזאַ צניעותדיקער, אזאַ הימלשער, ווי ביי מרימן. דאַקעגן, יאַגודאיעוון אליין האָט שלמה קוים דערקענט. ער איז גע־ווען ציוויל געקליידעט, און דאָס האָט אים אין גאַנצן געענדערט. אין פראַנטישן בלאָען פּאַלטאָ און אין דער ברייט־ראַנדיקער קעפּי, וועלכע איז געווען צונויפגעשטעלט פון א מאַסע „קוואַרטירלעך", האָט ער אויסגע־זען ווי א גרוזינישער לערער אָדער ווי אַן אַרמענישער פּאָעט —

דער פּאָלקאָווניק האָט אים אומבאַמערקט א קוועטש געטון די האַנט:

— בילעטן האָט איר?

— וואָס פאַר א פראַגע?

— קומט!

זיצנדיק אין א פינצטערן ווינקל ביי דער סאַמע וואַנט, זאָגט יאַגודאַ־יעוו צו שלמהן:

— איר האָט נאָך נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין מיר, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש?

— ווי אזוי קען איך גאָר אזעלכס איינפאַלן?

— שטעלט אייך פאָר, אז ערשט נאָר וואָס, טאַקע מיט א שעה צו־

ריק איז ענדלעך אייער לעקעך אָפּגעבאַקן געוואָרן. אייך קומט „מזל־טוב"! מיט אייער מבוקש גייט שוין אויף אַ דרך און איך גלייב, אַז דער עסק וועט צו שטאַנד קומען...

שלמה האָט אים אָן ווערטער שטאַרק געדריקט די האַנט —

— איר זענט אַ גרויסער מוצלח, פּיאַטיגאָרסקי. איך אַליין גלייב זיך נאָך נישט, אַז מיטן נאַטשאַלניק פונעם לאַגער בין איך שוין פּאַרטיק. דאָס איז אַ פאַרביסענער ווייס־רוס, אַ קאָמוניסט פונעם פופצנטן יאָר. אַז איך האָב זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מען טרעט צו צו אָט דעם גלית־הפלישתי... נאָר איך זאָג דאָך אייך, אַז איר זענט אַ גרויסער בר־מזל. דאַרף זיך גראָד אַזוי מאַכן, אַז פונקט איצט גיבן זיי אוים זייער איינציקע טאָכטער. די נאַטשאַלניצע האָט זייער שטאַרק געמוזט האָבן געלט. אַזוי ווי אונדזערע פאַמיליעס לעבן צווישן זיך זייער פריינדלעך, האָט זי זיך פאַרקלאָגט פאַר מיין פרוי, וואָס זי מוז זיך שניידן די פינגער פאַר אַ גראָשן, בעת מען דאַרף האָבן: געלט און געלט און געלט... אָן אַ שיעור געלט! אַז איך האָב דערזען אַזאַ שעת־הכושר, האָב איך דאָך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ נס מן השמים און מען טאָר דאָ לאַנג נישט קלערן, האָב איך איר געגעבן געלט, אַ סך מער וויפל זי האָט זיך אַליין געווונטשן, און דערמיט האָב איך זיי ביידע אָפּגעקויפט: אי די פרוי, אי די טאָכטער. זאָל־בעדריט האָבן מיר פירגענומען אַ געפערלעכע אַטאַקע אויף אָט דער ווייס־רוסישער „מאַנערהיים־ליניע" און האָבן זי טאַקע איינגענומען! דאָס האָט אייער גאָט אים איינגעבראָכן. באַזונדערס האָט ער נישט געקענט זיך אָקעגנשטעלן קעגן דער כלה. זי איז ביי אים אַ בת־יחידקעלע. בקיצור: — קאָנקרעט: מאָרגן אין דער פרי שיקן מיר אָפּ קיין מאָסקווע אין נאַרקאָמאַט אריין אַ דרינגענדיקע טעלעגראַמע וועגן דעם, אַז ש. צ. גורעוויטש געפינט זיך אין דער לעצטער סטאַדיע פון טובערקולאָז און מען מוז אים תיכף ומיד אָפּשיקן אַהיים. אויף דער טעלעגראַמע, ווי עס פירט זיך, וועט זיין געחתמעט דער נאַטשאַלניק פונעם לאַגער, און איך. ביז היינט איז נאָך נישט געווען אַזאַ פאַל, אַז מאָסקווע זאָל זיך אָקעגנשטעלן אונדזערן אַ באַשלוס. אַזוי, אַז ווי פּעסימיסטיש מען זאָל נישט קוקן אויף דער זאַך, מוז מען דאָך זאָגן, אַז עס זענען דאָ גרויסע האָפענונגען.

— איך בין פון דער טבע אַן אָפּטימיסט, און איר רעדט מיר גאָר פון פּעסימיזם... אָבער ווען זשע פון דעסט וועגן קען מען דערוואַרטן אַן ענטפער פון מאָסקווע?

— נישט פריער ווי אין צוויי טעג אַרום און נישט שפּעטער ווי אין פיר טעג.

— ווי אַזוי זשע וועל איך דערפון געוווירווערן?

— איר טוט אַזוי: לאָזט דורך מאָרגנדיקן טאָג און נאָך צוויי טעג און דאַן דערוואַרט מיך ווידער אויף דעם זעלבן פּלאַץ און אין דער זעלבער צייט. און איצט, גייט אייך שוין אַוועק אַהיים! אין עטלעכע מינוט אַרום נאָך אייער אַרויסגיין, וועלן מיר אויך אַוועקגיין. שטעלט אייך פאָר,

ס'איז שוין באַלד צען אַ זייגער, און מיר האָבן נאָך היינט נישט געמי־
טאָגט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפֿן פֿינפֿטן טאָג האָט זיך פֿון מאָסקווע באַקומען אַן ענטפֿער:

„בנוגע דעם ענין „גורעוויטש", פֿאַרלאָזן מיר זיך אין גאַנצן אויף
דער לאַגער־נאַטשאַלסטווע".

אין דעם פֿינצטערן ווינקל פֿון דעם קינאָזאַל האָט שלמה אַרומגע־
כאַפּט קושן זיין אויסטערלישן מלאך־המושיע. ער האָט האַרציק באַדאַנקט
זיין פֿרוי און טאָכטער, וועלכע זענען געזעסן מיט זיי אין שכנות, און
האָט זיך מיט זיי אַלע געזעגנט:

— סאַמסאָן לוואָוויטש, איר קענט שרייבן אייער פֿאָטער, אַז ער האָט
קיין מאָל קענען זיין פֿאָטער נישט געזינדיקט. אַלץ איז אָפּגעמעקט געוואָרן...
ווייס איך, עס וועט דען ביי מיר קלעקן ווערטער? איך קען אייך נאָר זאָגן,
אַז איר זענט באמת אַ ווירדיק אייניקל פֿון אייער גרויסן, הייליקן זיידן,
מער קען איך אייך גאָרנישט זאָגן. איצט זאָגט איר מיר, ווען אַ שטייגער
קען איך שוין דערוואַרטן צו זען מיין חתן־בחור אויף דער זייט טויער?

— מאָרגן נאָך דריי אַ זייגער ביי טאָג. איר ווייסט נישט, ביז מען
פֿירט דורך אַלע פֿאָרמאַליטעטן, דויערט אַ ביסל. ביי אַנדערע מענטשן,
פֿאַרשטייט איר דאָך, דויערט אָט די פּראָצעדור צוויי, דריי טעג, נאָר דאָ
וועל איך שוין אונטעריאָגן. יאָ, אַ זייגער דריי מעגט איר אים שוין געוויס
אָפּוואַרטן ביים טויער.

— איר זאָגט ביי אַנדערע מענטשן... עפּעס אָפּט באַפֿרייט מען זיך
דאָ?

— דאָס זענט איר גערעכט... ס'איז זייער, זייער זעלטן, אַז פֿון דאַ־
נען זאָל עמעצער באַפֿרייט ווערן. אָן אַן ערך מער עולם גייט אַוועק פֿון
אונדז אין קעסטל אַריין, איידער אַהיים...

אויף צו מאָרגנס נאָך מיטאָג האָט שלמה אין האָטעל געדונגען אַ
פּראָסטן גויאישן שליטן, וואָס האָט אָבער געהאַט אין רעזערוו אפשר אַ
טוץ לאַנגהאָריקע בערנפֿעלן — מיט וועלכע דער פֿורמאַן האָט אויף צור־
ריקוועגס אַרומגעלייגט זיינע פֿאַרשווינען ווי מיט וואַרעמע קאָמפּרעסן, —
ער האָט אָפּגעוואַרט גורעוויטשן ביים טויער און נאָך אין דעם זעלבן אויפֿ־
דערנאַכט זענען זיי מיט אַ שנעלצוג אָפּגעפֿאָרן קיין מאָסקווע.

אין וואַגאָן, נאָך איידער דער צוג האָט גערירט, נעמט שאַיע אָן שלמהן
פֿאַר ביידע הענט:

— מיין פֿריינד, מיין רעטער. איצט לאָמיר זיך ענדלעך באַקענען, ווי
עס דאַרף צו זיין. ווי אַזוי רופֿט מען אייך?

— כ'בין זיכער, אַז מיין נאָמען האָט איר נאָך קיין מאָל נישט גע־
הערט. מען רופֿט מיך... וואָס האָט איר געפֿרעגט? מיין נאָמען? מיך רופֿט
מען: כאַסקל, כאַסקל שניצער —

— כאַס—קל שני—צער... איר זענט, דאַכט זיך, גערעכט. איך הער

דעם דאָזיקן נאָמען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן. פון וואַנען זשע זענט איר, ר׳ כאַסקל?

— ערשטנס וועל איך אייך נישט רופן: ר׳ שאיע, און וויל נישט ליידן, אַז איר זאָלט מיך רופן: ר׳ כאַסקל... אין וועלכן יאָר זענט איר גע־בוירן?

— אין יאָר 1906, ר׳ כאַסקל... איך מיין, חבר כאַסקל —

— און איך, אין יאָר 1910, ר׳ שאיע... איך מיין, חבר שאיע —

ביידע האָבן זיך צעלאַכט. שלמה האָט אים פעסט אַרומגענומען און אים ליידנשאַפטלעך צוגעדריקט צו זיין ברוסט:

— אַך, גאָט מיינער, ווי די רייזל וועט זיך עס דערפרייען —

— יאָ, כאַסקל, איר האָט מיר נאָך נישט געזאָגט, פון וואַנען איר זענט, און ווי קומט רייזל טרעפן צו אייך?

— וואַרט, וואַרט, נישט אַלץ מיט אַ מאָל! מען קען דאָך אַזוי דער־וואַרגן ווערן. זיין בין איך פון וואָראָניעזש — אַ געבוירענער, הייסט עס, — און וווינען וווין איך אין אַסטראַכאַן, אינעם סאַמע גאַרגל פונעם קאַס־פּישן ים. דאָס האָט איר אייך בלויז ראשי־פּרקים, והמותר איז... ווי זאָגט דאָרט דער בעל־המגילה צום סוף: „וכל מע־ע־ע־שה, תקפו וגבורתו ופרשת גדולת מרדכי, אשר גדלו המלך, הלוא הם כתובים על ספר דברי הימי־י־י־ים למלכי מדי ופרס...” דעסט גלייכן זאָג איך אייך: און די גאַנצע געשיכטע: ווי אַזוי אייער רייזל האָט געטראָפן צו מיר; און וואָס מיר האָבן צוגע־טראַכט; און ווי אַזוי מיר האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז די לאַנגער־נאַ־טשאַלסטווע זאָל אייך אַקטירן, כאָטש איר זענט דאַנקען גאָט געזונט און שטאַרק אויף אַלע רמ״ח אברים; — אָט די גאַנצע מגילת־רייזל לאָז איך איבער טאַקע פאַר איר אַליין! זאָל אסתר אַליין לייענען די מגילה! כ׳מיין — זאָל איך בעסער רייזל אַליין דערציילן די ניסים ונפלאות פון אייער יציאת־אַרכאַנגעלסק, זי איז אַ בעסערע דערציילערין פון מיר —

גורעוויטש, מיט אַן אייפערדיק פייערל אין די „מענטשעלעך”:

— פון ווען אָן קענט איר זי שוין אַזוי גוט, אַז איר ווייסט אפילו, אַז זי איז אַ בעסערע דערציילערין פון אייך?

— אייער רייזלען דאַרף מען עפּעס לאַנג קענען? עטלעכע טעג איז איבער גענוג, מען זאָל זען, אַז מען האָט דאָ צו טון מיט אַ מענטשן, וואָס טראָגט אויף זיך אַ מיניסטערשן קאָפּ.

— איר וועט מיר גלייבן? איך האָב זיך גאָר קיין מאָל נישט געריכט, אַז מיין רייזעלע זאָל זיין פּעאיק איבערצוקערן וועלטן פאַר מיינעט וועגן, זי זאָל גאָר טרעפן אַזש קיין אַסטראַכאַן —

— זי האָט נישט געדאַרפט לאַנג זוכן, אַסטראַכאַן האָט געטראָפן צו איר, ווי דער „אור החיים” הקדוש זאָגט: וילך חרנה — חרן איז אים געגאַנגען אַקעגן... יעקב האָט פאַרשפּאָרט צו גיין און אייער רייזעלע האָט פאַרשפּאָרט צו זוכן...

— אָבער אַלץ איינס דאַרף מען דאָך צו אַזאַ שטיקל אַרבעט פאַרמאָגן

אן איבערמענטשלעכע ענערגיע... און דאָ איז זי דאָך איין מענטש מיט אַ פּיצל קינד; און נאָך אום ווינטער; און אַן אַ גראָשן געלט, איך ווייס דאָך; און די קליינינקע איז גאָר ביי מיר נישט זייער קיין געזונטע —

— ווער? אסנתל? זי איז קיין עין־הרע געזונט ווי אַ דאָנסקאָי קאַזאַטשקע...

— וויפל איז שוין דאָ, זינט איר האָט זיי געזען, מיינע טייערע?

— שוין העכער צוויי וואָכן. די טעג לויפן. אַ ביסל אין ראָסטאָוו, אַ ביסל אין מאָסקווע, דאָס איבעריקע אין ארכאַנגעלסק. דער מופת מיט אייער יציאת־מצרים איז נישט זייער לייכט אָנגעקומען. איר מעגט איר מקנא זיין, אייער רייזלען, און מיר אויך אַ ביסל —

— אָ! דאָס פאַרשטיי איך גאַנץ גוט! דאָס פאַרשפּאָרט איר מיר צו זאָגן... גלייבט מיר, איך זיץ אַלץ און קלער און קלער, און קען גאָר נישט צוקלערן, מיט וואָס איך האָב דאָס זוכה געווען ביים רבונו־של־עולם, אַז פון אַזאַ גרויסן לאַגער, ווו עס זענען דאָ אַזוי פיל אומגליקלעכע, זאָל איך איינער ניצול ווערן! גוואַלד, פאַר וואָס קומט דאָס מיר? פאַר וועמענס שיינע אויגן? פאַר וועמענס מעשים־טובים? גוואַלד, פאַר וועמענס? וואָס שטעקט דאָ?

— זעט איר דאָך, אַז עס קומט אייך! ווען איר זאָלט נישט געווען פאַרדינען, וואָלט מען אייך נישט געווען געגעבן. אויפן הימל טוט זיך קיין זאַך נישט אָן קיין חשבון —

— נו, נו, רייזעלע... נאַ דיר אַ רייזל... גיי, ריכט זיך... גיי, זיי אַ חכם... דאַכט זיך, אַזוי אַ קוק טון אויף איר —

— גייט שוין, גייט... אַז מען גיט אויף איר אַ קוק מיט אַן אויג פון אַ קינסטלער, זעט מען גלייך, אַז די דאָזיקע פרוי איז באַשאַפן געוואָרן פאַר אויסערגעוויינלעכע אויפטוען; אַז זי איז משכמה ומעלה גבוהה מכל בני־גילה. שעמט זיך, איר לעבט שוין מיט אייער פרוי אַזוי פיל יאָרן און איר ווייסט נאָך נישט, וואָס פאַר אַן אוצר איר פאַרמאָגט —

— איי, וואָס רעדט איר? וואָס הייסט עפּעס, איך ווייס נישט? מיר זאָל זיין פאַר איר קאָפּ. זי האָט זיך נעבעך געמוזט גוט־גוט אָנמוטשען. געבליבן אָן אַ גראָשן געלט —

— אָן אַ גראָשן, זאָגט איר? אויף וויפל איך ווייס, האָט זי געלט גענוג.

— פאַרשטיי איך טאַקע ווידער נישט! מיין קאָפּ באַנעמט דאָס גאָר נישט...

— וואָס באַנעמט נישט אייער קאָפּ, וואָס? איר האָט דען אַ השגה, וואָס פאַר אַ בריה, קיין עין־הרע, אייער רייזל איז? איר זענט דען אַ מבין, ווי זי טויג זיך אויס, קיין עין־הרע, ביי אַלע פאַרשידענע אומשטענדן, וואָס דער „צוק העתים" * טראָגט אייך אונטער?

---

* ענגשאַפט, צרה.

— אודה ולא אבוש — איך בין טאַקע נישט קיין מבין! אויף קיין פרעמדע ווייבלעך האָב איך קיין מאָל נישט געקוקט, ווער שמועסט, פון זינט גאָט האָט מיר צוגעשיקט מיין באַשערט רייזעלע — איז דאָך אָפּגע־רעדט! ווייס איך טאַקע נישט, צי אַנדערע ווייבלעך זענען נאַרישער, צי אָפּ־העַנטיקער —

— ע, גוטער ברודער, אַזוי טויג אויך נישט! איר ענטפערט דאָך שוין באַלד ווי יענער חסיד האָט געענטפערט. איר האָט קיין מאָל נישט געהערט אָט דעם „„קלוגן" מאמר? — האָט איר אַצינד דעם זכות אים צו הערן. אַ חסיד איז געשטאַנען ביים רבין אין קיך און האָט גענאַשט פונעם טע־לער קאַלטע לאָקשן — מן הסתם שיריים פון די שיריים — נעמענדיק זיי מיט די הוילע פינגער.

די „שטוב־יידענע", וואָס איז געשטאַנען ביים האַנטפאַס און האָט צעוואַשן דאָס געפעס פונעם „טיש", האָט אים פירגעהאַלטן:

— ר' ייד, וואָס עסט איר אָט דאָס פעטע טייגעכץ מיט די נאַקעטע פינגער ווי אַ „שמאַראַוואָז"? * אָט ליגן דאָך פאַר אייערע אויגן אָן אַ שיעור גאָפּלען —

דערויף האָט איר דער חסיד געענטפערט:

— איך בין זיך נוהג צו עסן נאָר מיט מיין אייגענעם גאָפּל... מיין אייגענער גאָפּל, האַלט איך, איז פאַר מיר הונדערט מאָל ציכטיקער און ריינער פון אַלע אייערע אַנדערע גאָפּלען. ווייסט איר פאַר וואָס? — ווייל קיינער עסט נישט מיט אים, נאָר איך אַליין...

אויף שאַיעס פנים האָט זיך צעלייגט אַ נחת־רוחדיק שמייכעלע. ס'איז אים געפעלן געוואָרן דעם חסיד'ס „לשיטתו". ער האָט שוין אפילו גע־וואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר שלמה האָט אים פאַרשפּאָרט אַ גאַנג:

— ...און איר זאָגט אויך אַזוי, אַז איר קוקט נאָר אויף אייערע, דער־ריבער קענט איר נישט מבדיל זיין בין טוב לרע. דאָס איז שוין צו גוט, און וואָס „צו" — טויג נישט! די תורה־הקדושה האָט אונדז אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט: כל שאור וכל דבש לא תקטירו ממנו אשה לד'! ** פונקט אַזוי ווי צו זויער טויג נישט, אַזוי אויך טויג נישט: צו זיס. עס פאַרשטייט זיך, סתם קוקן אויף פרעמדע ווייבלעך; בעין־טובה זיך צוקוקן צו זייערע מעלות־טובות; בעין־יפה זיך צוקוקן צו זייערע שיינע צורה־לעך; — בכלל דאָס, וואָס קען אַ מאָל ברענגען צו מחשבות־זרות, אָדער גאָר חלילה: לידי עבירה ועוון — דאָס טאָר מען אודאי נישט! חס וחלילה! אָבער באַמערקן חסרונות אויף אַ פרעמד ווייבל, כדי דערנאָך בעסער צו וויסן די ווערט פון זיין אייגענער פרוי, און כדי זי נאָך מער אָנהייבן צו

---

* אַ שמוציקער, אַן אָפּגעלאָזטער מענטש.

** דאָ די כוונה: קיין קיצוניות, קיין שתי הקצוות — טויג נישט! בוכשטעבלעך: פון קיין שום מין זויערקייט און פון קיין שום מין האָניק זאָלט איר נישט מקריב זיין קיין קרבן צו גאָט. פון חומש.

שעצן און צו ליבן דערפאַר, וואָס זי איז נישט מצוין אין די „גוואַלדאַוונע״ חסרונות, וואָס אַנדערע ווייבלעך פאַרמאָגן זיי יאָ און נאָך אַזוי בשפעדיק — דאָס מעג מען דאַכט זיך יאָ! די תורה האָט דאַכט זיך אויף זייער אַ סך לאווין מוותר געווען, אָך ורק כדי לחבב אשה על בעלה...

— אָבער קיין בפירושן היתר אויפן „אסור להסתכל״ געפינט איר פון דעסט וועגן אין ערגעץ נישט, אפילו אויב די כוונה איז: לשם חיבוב —

— קיין בפירושן היתר אפשר טאַקע נישט, אָבער — די לחכימא ברמיזה... אברהם־אבינו האָט געזאָגט שרהן: „הנה נא ידעתי כי אשה יפת־מראה את״, נאָך דעם ווי ער האָט דערזען דאָס מיאוסקייט פון די מצריות... און ווידער, דאָס איז דאָך מעשים בכל יום: ווען איר גייט אין גאַס און דאַרפט אָפּזוכן אַ נומער פון אַ הויז, זאָלט איר שטענדיק בעסער גיין אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, ווייל פון דער ווייטנס זעט מען תמיד בעסער... וואָס? ס׳איז נישט אַזוי? איך זאָג דאָך אייך: פּונקט אַזוי ווי ס׳איז פון תמיד אָן אַ כלל: אַז מען וויל קענען אַ זאַך על בוריה, זאָל מען קוקן אויף איר פון אַ געוויסער דיסטאַנץ — אַקוראַט אַזוי שאַט נישט, ווען יעדער איינער פון דעם פּאָרפאָלק פירט דורך אַ פּאַראַלעל צווישן זיין בן־זוג און אַנדערע פון זיין גלייכן...

און נאָך אַ קורצער הפסקה:

— כ׳ווייס? אַזוי האַלט איך! אָבער נחזור לענייננו. איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע. איך זע, אַז איר זענט גאָר נישט משיג — עד היכן הדברים מגיעים... וואָס פאַר בר־הבנה אייער רייזל איז; מיט וואָס פאַר אַ ליכטיקן פאַרשטאַנד אייער רייזל איז באַשאָנקען פונעם הימל און מיט וואָס פאַר אַ וויטן קוק —

— זאָלט איר טאַקע וויסן! איך זע ערשט איצט, אַז אין הלכות־רייזל בין איך אַלע יאָרן געווען אַן עם־הארץ גמור... אַ בלינדער מענטש און מער גאָרנישט! אָבער איצט, ברוך־השם, בין איך שוין זעעודיק געוואָרן... איצט ווייס איך שוין, וואָס פאַר אַ מתנת־חנם גאָט ברוך־הוא האָט מיר געגעבן... נו, און איר אַליין, כאַסקל, זענט אַ באַווייבטער?

— ווי דען אַנדערש? ווו האָט איר געזען אַ יידן אָן אַ ווייב? פאַר וואָס קומט אים אַזאַ משוגענער ווילטאָג?

— נו, און קינדערלעך?

— נישט קינדערלעך, — איין קינד! אַ יינגעלע. שאַ׳יע, איר ווייסט וואָס? טרעפט פון וואָס מיר ווילט זיך אַצינד רעדן —

— איך ווייס נאָר, וואָס מיר ווילט זיך אַצינד —

— וואָס ווילט זיך אייך?

— מיר ווילט זיך זייער שטאַרק, אַז איר זאָלט איצט דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון מיין באַפרייאונג: ווי אַזוי איז רייזל געוואָרן פון אייך? מיט וועלכע מיטלען האָט איר געצוואונגען דעם הויפּט־דאָקטער אייך קומען צו הילף? אַלץ, אַלץ, פון דער „אלף״ ביז דער „תיו״! יעדעס

פּיצעלע! און פון רייזלען וועל איך דאָס ווידער אַ מאָל הערן און גלייבט מיר — מיט דעם זעלבן חשק, אַ האָר נישט געמינערט...

— הערט, שאַיע! איר זענט טאַקע עלטער פון מיר מיט גאַנצע פיר יאָר, אָבער איך האָב נאָך אויך אַ שטיקל דעה. האָט נישט קיין פּאראיבל אויף מיר, נאָר עס קריכן אייך אין קאָפּ אריין שטותים שבשטותים. מיר ווילט זיך אַצינד רעדן — טרעפט פון וואָס? פון ארץ־ישראל! קומט, לאָז מיר אַ ביסעלע רעדן פון ציון! איר האָט ליב ציון?

— ווען כעך ייד האָט דאָס נישט ליב ציון?

— ניין, איר האָט נישט אין גאַנצן צעקייעט מיין פראַגע. ליב צו ליב איז נישט גלייך. איך מיין, אַזוי ליב האָבן, אַז עס זאָל נישט לאָזן נישט עסן, נישט שלאָפן, נישט אפילו לעבן אויף דער וועלט —

— אָט־אָט־אָ! גראָד אין מיר לעבט דאָס דאָזיקע געפיל אין דער מדרגה, וואָס איר האָט אויסגעמאָלט. איר האָט ערשט אַרויסגעזאָגט ממש דאָס זעלבע, וואָס איך פיל פון געבוירן אָן —

— איר וואָלט איצט געפאָרן אַהין?

— אוי, וואָס איזדיקעוועט איר זיך איבער מיר? צי איך וואָלט געפאָרן? איך וואָלט, דאַכט זיך, אַרויפגעזעצט רייזלען אויף איין אַקסל, אסנתלען — אויפן צווייטן, דעם טלית ותפילין — אין די הענט, און נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון, צי איך וועל דערגיין ביזן ציל, צי ניין, וואָלט איך אַוועק צו פוס מיט די בערג —

— אָט אַזאַ ענטפער האָב איך ליב! אָט אַזאַ ענטפער איז נאָך מיין געשמאַק! נו, און וואָס וואָלט איר געוואָלט, זאָל אייער אסנתל זיין אין ארץ־ישראל?

— איך וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל זיין אַ אינזשיניער. זי זאָל בויען פאַבריקן מיט זאַוואָדן אין אונדזער פאָטערלאַנד.

— און מיין זון, וויל איך, זאָל זיין פשוט אַ פּויער, אַ קאָלאָניסט. אויפהייבן זאָל ער זיך, ווען שטערן לעשן זיך נאָך, און די ערד טרינקט נאָך צו דער זעט פון דעם פאַרטאָגיקן טוי. דאַן דאַרף ער אַרויסגיין אין פעלד אַריין, זאָגן אַ הארציקן „גוט־מאָרגן" דעם באַשעפער, ווען קיינער הערט נישט, און קיינער זעט נישט; זיך טובל זיין זיבן מאָל אין ירדן, ווען דאָס גאַנצע לאַנד שלאָפט נאָך; ווען די שפּיץ בערג קושן זיך נאָך מיטן נעפל; ווען דער לבנון שטייט נאָך אַ ווייטער, אַ סודותדיקער; און עם הנץ־החמה זאָגן: שמע ישראל... אַזוי געפעלט מיר! אַזאַ מוזיק האָט ליב מיין נשמה! אָבער וואָס זשע עפּעס ערשט — מיין זון? איך בין נאָך אַליין אויך אַ קינד! איך קען זיך נאָך אויך צופרעסן צו דער ארץ־ישראלדיקער ערד אַזוי צאַרט, ווי אַ ברעקעלע קינד...

שאַיע נעמט אים ביי אַ האַנט:

— כאַסקל, אָבער איר גלייבט דען, אַז דאָס קען נאָך אַ מאָל געמאָלט זיין? איר רעדט זיך איין, אַז מיר וועלן דאָס נאָך דערלעבן? קען דאָס יאָ זיין?

— נישט עס קען זיין, נאָר עס וועט זיכער אַזוי זיין... עס מוז אַזוי זיין! די פראַגע איז נאָר — ווען? צי מיר וועלן נאָך דאַמאָלסט זיין שוואַרץ אָדער בלאָנד, צי שוין אין גאַנצן גרוי?

— אָבער ווי אַזוי האַלט איר דאָס גאָר פאַר מעגלעך? ווייזט אַ פּתיחה כל שהיא —

— הערט נאָר, איר, פּתיחה־זוכער, אויב ס'איז מעגלעך געווען, אַז נאָך דער ספּעציעלער סעסיע פון דעם העכסטן געריכט זאָלט איר איצט פאָרן מיט מיר אַהיים — קען דאָס אויך מעגלעך זיין. איז שוין בכלל אויף דער וועלט נישטאָ קיין אוממעגלעכס! איר האָט דען אַ השגה, ווי פעסט איר זענט געזעסן אין אייער קאַטאָרזשנע „זאַטל"?

— צי איך האָב ערשט אַ השגה? נו־נו, שיינע יאָרן...

און נאָך אַ קורצער ווײַלע:

— אַך, ווי מיר וועלן עס זיין געסט! רייזל וועט פאַר פרייד גאָר נישט וויסן, וואָס צו טון מיט אייך...

— נו, פאַרשטייט זיך... וואָס איז דער חידוש? נאָר איך וועל נישט קענען פאָרן קיין טאַגאַנראָג גלייך מיט אייך. איך האָב נאָך עפּעס אַן עניין אין מאָסקווע, וואָס איך מוז אים מתקן זיין. וועלן מיר טאַקע אַזוי אויס־שטעלן אונדזער סדר המסעות: איר וועט אָפּפאָרן אַהיים באַלד ווי מיר וועלן אָנקומען קיין מאָסקווע, און איך וועל זיך נאָך דאָרטן פאַרהאַלטן אַ פּאָר טעג און דערנאָך אויך אָנקומען —

— איך וואָג אָבער נישט צו קומען צו מיין ווייב און קינד אָן אייך, טייערער כאַסקל. איר זענט דאָך דער הויפּט־מחותן —

— טאַקע אמת! אודאי איך! נאָר ווי באַלד אַזוי, בין איך דאָך אודאי און אודאי געערעכט. דאָס איז דאָך אַ כלל גדול, אַז אַ הויפּט־מחותן קומט אַלע מאָל שפּעטער פון אַנדערע מחותנים. ניין, ניין, שפּאַרט זיך נישט, אַזוי איז גלייכער מכל הצדדים. לאָמיך אייך נישט משיג גבול זיין. אַז רייזל וועט זיך געגנוג אָנפרייען מיט אייך, דאַן וועל איך קומען נאָך מיין חלק. אין מלכות נוגעת בחברתה... כידוע... אין מאָסקווע וועלן מיר איינקויפן מתנות פאַר אונדזערע פאַמיליעס און עס וועט זיין חי — געלעבט —

— כאַסקל! אום גאָטעס ווילן! איך קיין געלט האָב נישט —

— אַזוי גאָר?

— ...און איר ברענגט זיך נישט אויס קיין איבעריקס. ס'איז אַזוי אויך געגנוג...

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז ס'איז געגנוג? איר האָט אָפּגעוווגן?

— הערט זיך שוין אויף צו חכמענען...

— איי, ר' שאַיאַ צעמאַכאָוויטש! וואָס רעדט איר פון אַזוינע שטו־תים? געלט האָט אויך עפּעס אַ ווערט? וואָס איז דען אַזוינס געלט? געלט איז בלאָטע! בלאָטע שבבלאָטע!! קיא צואה ולא יותר!!!

# קאפיטל XII

קיין מאָסקווע זענען די ארכאנגעלסקער פארשוינען אָנגעקומען זײ־ גער נײַן אין דער פרי. שלמה האָט גלייך באַשטעלט א בילעט קיין טאגאַנ־ ראָג אויף אַכט אויף דער נאַכט מיטן שנעלצוג, וואָס גייט קיין דניעפּראָ־ פּעטראָווסק דורך ראָסטאָוו, טאגאַנראָג, און שניידט דורך דעם גאַנצן דאָ־ ניעצקי באַסיין. באַקומען די קוויטאַנציע אויף דער באַשטעלונג, איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין א טעלעפאָן־בודקע און האָט אָנגענומען א נומער:

— האַללאָ! קאָמענדאַטור? ביטע צורופן צום טעלעפאָן פּאַוועל סער־ גייעוויטש ווינאָגראַדאָוו. יאָ, יאָ, זייער דרינגענדיק. ווער עס רופט? עס רופט ע... ע...

און צו גורעוויטשן:

— גייט אַרויס, זייט מוחל, און וואַרט אויס אויף מיר בײַם אַרויס־ גאַנג. דאָ האַנדלט זיך אין א מיליטערישער געהיימניס. האָט ניִשט קיין פּאַראיבל —

— וואָס איז שייך — פּאַראיבל? בײַ מיליטערישע געהיימניסן איז עפּעס שייך יאָ פּאַראיבל, צי נישט פּאַראיבל? וואַרט איך, הייסט עס, דאָרטן בײַ דער טיר...

— גוט, גוט, גוט, גייט שוין!

און אין טרייבל אַרײַן:

— האַללאָ, האַללאָ, איך האָב געבעטן ווינאָגראַדאָוון פון דער געהײַ־ מער אָפּטיילונג. זאָגט אים, אַז עס רופט אים פּיאַטיגאָרסקי פון קיעוו. בי־ טע. יאָ, יאָ, פּאַוועל סערגייעוויטש? זדראַווסטווויטיע, טייערער! עס רעדט סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש. שטעלט אײַך פאָר, אַז דעם עקזעמפּלאַר, וואָס איך בין געפאָרן זוכן אַזוי ווייט, האָב איך מיט זיך געבראַכט אַהערצו... יאָ, יאָ... ליקווידירט, פאַרניכטעט... איך טראַנספּאָרטיר אים היינט אָפּ אַהיים... אייער ראַלע? די הויפּט־ראָלע! דער ערשטער און דער גרעסטער שולדיקער... פּאַוועל סערגייעוויטש, איך רעד פונעם וואָקזאַל. פון קורסקער. יאָ. און פאַר מײַנע אויגן הענגט אַן אַפיש פון מאַלעי־טעאַטער. היינט גיט מען „אַננאַ קאַרענינאַ". קומט, לאָמיר היינט גיין אין טעאַטער! דער גאַנצער וועלט אויף צעפּיקעניש האָב איך היינט א קעלבערנע, טפו! איך מיין: א טעאַטראַלע שטימונג. איך וועל באַזאָרגן בילעטן און וואַרטן אויף אײַך בײַ דער קאַ־ סע. דער אָנהייב? באַלד... ניין א זייגער. וואָס? אָ־אָ! גאַנצע פּעק! גאַנצע בערג, זאָג איך... איר וועט הערן, און וועט שטוינען... אַלי באַבאַ מיט די פערציק פּעסלעך גזלנים... האָט מיר און זייט מיר! איז דאָס אָפּגערעדט? זייט זשע מיר געזונט און שטאַרק און האָט א גוטן שליטוועגס! א גוטן. א דאַנק! צום ווידערזען א פערטל פאַר ניין.

אָפּגעפרישטיקט „אויף איין פוס" אין וואָקזאַל־בופעט, האָבן שלמה מיט שאַיען איבערגעלאָזט זייערע פּעקלעך אין דער קאַמער פאַר האַנט־באַ־

גאַזש און זענען מיט פרייַלעכע הערצער און מיט אויגן שטראַלנדיקע פון גליק אַראָפּגעגאַנגען אין דער מעטראָ און זענען אָפּגעפאָרן אין האַרץ פון דער רווישיקער מאָסקווע — אויף דעם אייביק־קאָכיקן „טעאַטראַלן פּלאַץ". נאָך דעם, ווי שלמה האָט געקויפט צוויי בילעטן אין טעאַטער אַריין, זע־נען זיי אַריינגעגאַנגען אין צענטראַלן „אוניווערמאַג", * וואָס פאַרנעמט אַ גאַנצן קוואַרטאַל אַקעגן דעם ריזיקן האָטעל: „מעטראָפּאָל". צום אַלעם ערשטן האָט שלמה געקויפט צוויי שיינע וואַליזעס: איינע פאַר זיך און איי־נע פאַר שאַיען. דערנאָך האָבן זיך איינס נאָכן צווייטן אָנגעהויבן אָפּ־לייגן אין די וואַליזעס: חפצים און חפצימלעך און אַלץ — גלייך אויף גלייך! קודם כל: כל המינים שפּילצייג; און דאַן מלבושימלעך: ביי דעם קליידעלעך, און ביי דעם אַנצוגלעך; און דאַן שיכעלעך און היטעלעך און שיינע דעמי־סעזאָנע פּאַלטנדלעך. די וואַליזעס זענען שוין כמעט געווען פול, אָבער שלמה האָט נאָך אומבאַדינגט געוואָלט קויפן שוכוואַרג פאַר די נשים און אויך שיינעם שטאָף אויף קליידער פאַר זייערע ווייבער. גורעוויטש האָט אויף זיין חלק קניות ענערגיש פּראָטעסטירט, און בפירוש נישט בלחש, נאָר מיט אַ הויכן טאָן, בקולות וברקים; אָבער שלמה האָט זיך אפילו נישט צוגעהערט צו אים. ער פרעגט ביי אים גאָר מעניינא:

— חבר גורעוויטש, וואָס פאַר אַ נומער טופל טראָגט אייער פרוי?

— פרעגט מיך בחרם —

— פון דעסט וועגן?

— וואָס — פון דעסט וועגן, וואָס? גלייבט מיר, איך געדענק נישט אויף זיכער... אַט־אַזוי־אַ... אויף העלפט וועג...

— אָבער פאָרט... לאָמיך הערן אַ וואָרט —

— אַ וואָרט, אַ קוואָרט... נו, אומגעפער: פון 35, ביז 40 —

— טאַקע באמת? איך וואָלט גאָר קיין מאָל אויף אַזאַ שכל נישט גע־פאַלן... מאַלאָדיעץ! איך האָב מיט אייך געטראָפן. מיינע, ווייס איך, טראָגט נומער 37, אָבער וואָס פאַר אַ נומער קויפט מען רייזלען?

— לאָזט מיך שוין צו רו מיט אייער נומעראַציע. קויפט מיט אַ נו־מער גרעסער, קויפט מיט אַ נומער קלענער, קויפט גאָרנישט! וואָס פאַר אַ טופל גאָר אין מיטן דערינען? זי דאַרף נישט קיין טופל —

— דאָס זאָגט איר, אַז זי דאַרף נישט, און איך זאָג, אַז זי דאַרף יאָ! איידער איר וועט זיך אומקוקן וועט אונטערלויפן פסח, וועט עס ביי איר זיין ווי געפונען. זאָגט איר, הייסט עס, איך זאָל נעמען נומער 38? אויף אייער אחריות —

— איך זאָג... איך ווייס, וואָס צו זאָגן, ווייס איך? איך האָב איר פיאַטע נישט געמאָסטן. איך בין זיך נאָר משער, אַז נומער 38, דאַרף מן הסתם זיין גענוג. כ'בעט אייך, וויפל זענען דען אין גאַנצן דאָ נומערן? און ווידער, לאָזט מיך געמאַך, עס שווינדלט מיר שוין פאַר די אויגן און

---

* פאַרקירצונג פון: אוניווערסאַלער מאַגאַזין.

עס הודעט מיר שוין אין די אויערן: טופל, טופל, טופל... וואָס פרעגט איר בײַ מיר? אַז נישט פּאַלגט איר דען? טוט ווי איר פאַרשטייט! איך זאָג, אַז מען דאַרף אין גאַנצן נישט קויפן —

שלמה, מיט אַן אַנגסטלעכער מינע אויפן פּנים:

— אָבער פון דעסט וועגן, וואָס זאָגט איר? עפּעס מיר גלייבט זיך נישט, אַז אייער „רייזעלע דעם רבינס" זאָל האָבן קיין עין־הרע אַזאַ „גע־שטעל", אַז 38ער טופל זאָלן זי דריקן אין די שפּיץ פינגער, הם?

— היינטיקס יאָר איז דאַכט זיך אַן עיבור־יאָר, זענען דאָ צוויי „אָדערס" אדר—יאָ און אדר—ניין...

— הערט זשע, גוטער ברודער! אויף וואָס, אויף וואָס, נאָר דערויף האָב איך זיך נישט גערינכט, אַז אין אייך שטעקט אַזאַ גוואַלדיקער טאַלאַנט פון אַ הומאָריסט...

— ס'איז אַן אַלטע חקירה, אַז אַלע גוטע זאַכן טרעפן זיך גראָד, ווען מען ריכט זיך נישט אויף זיי...

— קוקט אַהער, יונגערמאַן! איר ווייסט, וועלכע איך נעם? אָט די זאַמשענע נעם איך אויף גיין אין גאַס, און אָט די סאַפּיאַנאָווע אויף צו טראָגן אין שטוב —

— וואָס? נאָך צו צוויי פּאָר, נעמט איר? איך לאָז נישט אַריינלייגן אין טשעמאָדאַן אַריין, און שוין!

— מילא! אַז גאָט האָט מיר שוין אַזוי פיל מאָל געהאָלפן, שטעל איך אויף דער חזקה, אַז ער וועט מיר שוין מן־הסתם דאָס מאָל אויך העלפן, און איך וועל אייך ווי עס איז איינבעטן...

— אָבער וואָס הייסט עפּעס גאָר צוויי פּאָר מיט אַ מאָל?

— גזלן, וואָס שרייט איר? איך נעם דאָך נישט נאָר פאַר אייערער, איך נעם דאָך פאַר מיינער אויך! וואָס האָט איר זיך גענומען אויף מיינע יונגע יאָרן? און ווידער, וואָס מישט איר צונויף קאַשע מיט באָרשטש, איך וויל זאָגן: זאַמש מיט סאַפּיאַן? זאַמש, דאָס איז לוקסוס, בלויז פאַר דער וועלט, און סאַפּיאַן איז היימיש, צערטלעך, פאַר זיך אַליין. וואָס טראַכט איר זיך, וואָס, ר' שאַיאַ צעמאַכאָוויטש? איר מיינט, אַז ס'איז אייך קאָקס, אָדער אַנטראַציט? קיין ווייבער, בראַטיעץ, קען מען אין קיין קאָקס נישט אָנטון! ווייבער, דאַרפט איר וויסן, דאָס איז אַן איידל מין סחורה... זיי זע־נען באַשאַפן געוואָרן פון אַ גאָר־גאָר איידעלער מאַטעריע, זיי קענען זיך נאָך צעקנייטשן... בקיצור, איך נעם נומער 38, אויף אייער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט —

שאַיע איז געשטאַנען אַ פריטשמעליעטער און האָט געמורמלט פאַר זיך מיט אַן אומגליקלעך פּנים:

— כ'בעט אייך, נעמט שוין, וואָס איר ווילט... אפשר וועט זיין גרויס... אפשר וועט זיין קליין... אפשר וועט זיין ביידע זאַכן... איך זאָל אַזוי וויסן פון בייז... אוף... עס פאַרשלאָגט מיר אַזש דעם אָטעם... אייערע טופל

שטעקן מיר ווי אַ ביין אין האַלדז — נישט אָראָפּצושלינגען און נישט אויס־צושפּייען... אוי —

שלמה, מיט אַ מילד שמייכעלע:

— איך זע, אַז איך האַלט שוין מיט אייך אויף אַ דרך...

מיט קליידער איז שוין צוגעגאַנגען אַ ביסל שווערער. שלמה האָט אַרויסגעוויזן זייער אַ געבאַלעוועטע נאַטור. ער האָט גלייך, פונעם ערשטן אַרויספּאָר געמאָלדן די פּאַרקויפערינס, אַז ער דאַרף האָבן: „עטוואָס אַ באַזונדערס", פּאָר אַ בלאַנדינקע און פּאָר אַ ברונעטקע. דער באַרג סחורה אויפן טיש איז אַלץ געוואַקסן; די סוף־דעצעמבערדיקע זון האָט זיך נחת־דיק געשפּיגלט אין די פּילפּאַרביקע זיידנס און פּליושן, וואָס מען האָט פּאַר זיי צעשפּרייט; אָבער שלמה האָט אַלץ געדרייט מיט דער נאָז: נישט דאָס האָט ער געמיינט. דאָ איז אים נישט געווען געפעלן דאָס בלימעלע; און דאָ דער פאַן; דאָ דער אָפּגלאַנץ; און דאָ די קאָמפּאָזיציע פון די קאָלירן. די אויף טויט פאַרמוטשעטע פאַרקויפערינס, האָבן אויף אים געקוקט מיט אַן אָפענער שנאה, און האָבן אין האַרצן פאַרשאָלטן אי זיינע בלאַנדינקעס אי זיינע ברונעטקעס. שלמה האָט זיך גאָר קיין עצה נישט געקענט געבן. דער אויסוואַל איז געווען אַזאַ רייכער, אַז די אויגן זענען זיך ביי אים צע־לאָפן אויף אַלע זייטן און ער האָט נישט געוווּסט אויף וואָס זיך אָפּצו־שטעלן. ער האָט זיך ווידער שואל עצה געווען ביי זיין קאָמפּאַניאָן:

— שאַיע, ראַטעוועט אַ יידן און פאַרדינט זיך עולם־הבא... זאָגט מיר אונטער, וואָס איך זאָל נעמען, איך טרינק זיך אין אָט דעם תהום —

— תהום כלבוש כסיתו —

— אַ שיינעם דאַנק אייך... זייער אַ פיינע מליצה... איר מעגט זי פאַר־שרייבן, עס קען אַ מאָל צו נוץ קומען —

— ווייס איך, אַלצדינג, וואָס עס פאַלט אַריין אין מויל, קען מען פאַרשרייבן?

שלמה וואַרפט אַ צערייצטן בליק אויף שאַיעס תמימותדיק פנים און זאָגט:

— וואָס זשע עצה'ט איר מיך? דאָ זענען פאַראַן אַזוי פיל אַנטיקלעך, אַז די בחירה האָט זיך ביי מיר אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.

— נו, דאָס איז אַלע מאָל אַזוי... וישמן ויבעט...

— אויך אַ געהויבענער איינפאַל... איז וואָס זשע פון דעסט וועגן, זאָגט איר, זאָלן מיר נעמען?

— אויב איר פרעגט מיך טאַקע אויף אַן אמת, זאָג איך: מיר זאָלן וואָס שנעלער נעמען דעם וועג פון דאַנען, אָט דאָס זאָג איך...

— הערט נאָר, איר, שטן המקטרג, נישט געגנוג וואָס איר העלפט מיר נישט אויסצוקלייבן — שטערט איר נאָך! שווייגט על כל פנים —

— ומחה ד' אלקים דמעה מעל כל פנים —

שלמה האָט אין זיין זייט אַ וואָרף געטון אַ ווייסטן קוק, ווי אויף אַ

מענטשן וואָס איז נישט ביים נאָרמאַלן פאַרשטאַנד, און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

עס האָבן אָבער אין שלמהן איצט געזונגען אַלע אברים — כל עצמותיו תאמרנה! ער איז איצט פשוט נישט בכח געווען צו שווייגן. די נישט אַרויסגעבראַכטע רייד וואָלטן אים זיכער דערוואָרגן אָדער צעריסן דעם גאָרגל לנתחים און זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אין דרויסן אַרויס...

תוך כדי דיבור ווענדעט ער זיך ווידער צו זיין באַגלייטער:

— איר הערט, שאַיעניר־סערדצע, איר זענט אַ נוקם ונוטר, זענט איר... איר זענט אַ שונא־ישראל, זענט איר... ער זעט דאַכט זיך גוט, אַז איך שטיי און טרינק זיך, רחמנא ליצלן, און ער שטייט זיך מן הצד אַזוי מתנגדיש־קאַלטבלוטיק, כאָטש פּאָרטרעטל אים אַראָפּ... נישט קיין וואָרט, נישט קיין בליק, גאָר—נישט! ידו מסולקת!! נישט אים מיינט מען!!! מען דאַרף דאָך האָבן אַ האַרץ פון אַ טאָטער, דאַרף מען... קורץ די'ערפון: אָט די אַלע סחורות, וואָס איר זעט דאָ אויפן טיש —

— איך פאַרשטיי אייך בכלל נישט... אָט די אַלע מינים סחורה זע־נען דאָך ערשטקלאַסיקע, במילא מוזן זיי קאָסטן ביוקר גדול; די מאַגאַזי־נען, וואָס איר האָט אויסגעזוכט, זענען אויך ערשטקלאַסיקע, במילא איז דאָ דער יקרות נאָך אַ גרעסערער; פרעגט זיך טאַקע: היתכן? למה אתה מאבד ממונן של ישראל?

— נעמט זיך נישט אַזוי שטאַרק צום האַרצן פון אייערע „במילא'ס", כ'האָב דערויף אַ דערלויבעניש פון די חז"ל: „עשיק לגביך ושוי לכרסיך". *
בקיצור, וואָס זאָגט איר, נעמען דעם קאָליר, צי יענעם קאָליר?

— אפשר איז גאָר גלייכער צו נעמען אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס האָט אין זיך אַלע קאָלירן? אָט זע איך דאָרט אין ווינקל ליגן —

— האָט נישט קיין פּאַראיבל, עקודים נקודים וברודים איז אודאי זיי־ער אַ גוטער סימן, אָבער נאָר אין חלום... זאָגט מיר, פון אָט די פיר שטיק־לעך — וועלכעס געפעלט אייך בעסער?

— ס'איז געווענדט אין דעם, אויף וואָס איר שטעלט דעם טראָפּ: אויפן „כדי שתהא נאה", צי אויפן „כדי שתהא עזה"?

— איך בין פונעם פאַך נישט קיין טראָפּנמאַכער, אָבער איך וויל ביי־דע זאַכן צוזאַמען... איך וויל, אַז דאָס מלבוש זאָל זיין אי שיין, אי מלא־חן, אי שטאַרק ווי אייזן, אי מיט אריכת־ימים... איך וויל מיט אַלע מעלות —

— אַזוי גאָר? וואָס זשע שווייגט איר? אַזוי זשע רעדט! דאַן נעמט, לויט מיין מיינונג... לויט מיין מיינונג נעמט... נעמט גאָרנישט! איך האַלט, אַז מען דאַרף גאָרנישט נעמען, פאָלגט מיך. וואָס פאַר אַ נעמעניש אין מיטן דערינען, וואָס? וואָס איז די גדולה, פרעג איך אייך, וואָס דער טאַ־טע האָט די מאַמע גענומען?

---

* געמיינט: אויף מלבושים מעג מען איבערצאָלן.

ווען אַלע מינים סחורות פון דער קעגנאיבערדיקער פּאָליצע זענען שוין געלעגן צעוואָרפענע אויפן טיש, האָט זיך ערשט שלמה עלעגאַנט פאַר־נייגט, ער האָט זיך שטאַרק אַנטשולדיקט פאַר דעם פּערסאָנאַל פאַרקוי־פערס, נאָר ער האָט זיי פאַרטרויליך מגלה־סוד געווען, אַז ווי אומאָנגענעם און אומבאַקוועם אים איז נישט דאָס זיי צו זאָגן, נאָר ער האָט זיך טאַקע נישט צוגעקליבן אַזוינס, וואָס זאָל אים זיין צום הארצן. ער האָט גענומען דעם טשעמאָדאַן:

— קומט, שאיע! מיר וועלן מוזן אַ זוך טון אויף טווערסקאַיאַ אין די קאָמיסיאָנע מאַגאַזינען —

שאיע האָט אים אָנגעקוקט ווי עפּעס אַ נישט־נאָרמאַלן. זיי זענען גע־גאַנגען... מיטן וועג האָט שלמה אָנגעשאָטן די וואַליזעס מיט די בעסטע און די טייערסטע נאַשערייען, וואָס זענען דאָרט נאָר געווען בנמצא: ניס־קאָנפעקטן, שאָקאָלאַד־קאָנפעקטן, ליקער אין שאָקאָלאַד, און סתם שאָקאָ־לאַד. פיסטאַשקעס, מאַנדלען, אַלערליי ניס, פייגן, טייטלען, פערגאַנער גע־טרוקנטע פערעשקעס, שוואַרצן קישמיש און נאָך אַזוינע גוטע זאַכן —

— דאָס וועט זיין „חמשה עשר" פאַר די קליינע קינדער און פאַר איין ווענס, נישקשה אויך פאַר די גרויסע.

אין צענטראַלן „קאָמיסיאָנע מאַגאַזין" האָט זיך שלמה ענדלעך צוגע־קליבן דאָס, וואָס אים האָט זיך געוואָלט. פאַר יוכבדן האָט ער געקויפט אַ קופּאָן וואָלנס, באָרדאָ־קאָליר מיט אַ העל־גרין „וואַסערל"; פאַר רייזלען — אַ שניט זיידנס, אָליווקאָווע־קאָליר מיט ברוינע פיל־עקיקע שטערנדלעך.

— וואָס זאָגט איר, שאיע? איאָ, דער אָליווקאָווע קאָליר איז מחויב רייזלען גיין צום פּנים, האַ? און די שטערנדלעך־קוילעכלעך וועלן קאָנקו־רירן מיט אירע שוואַרצע אויגן... וואָס, ניין אפשר?

— גאָט איז מיט אייך! וואָס ווייס איך, וואָס? איך בין אַ נביא, צי זיי וועלן זיך קאָנקורירן? פרעגט מיר גרינגערס —

שלמה וואַרפט אין זיין זייט אַ שפּאָטישן בליק און גייט צו דער קאַ־סע באַצאָלן פאַר דער גאַנצער קראָם. שוין שטייענדיק ביי דער קאַסע, גיט אים מיט אַ מאָל פון דער ווייטנס אַ שניט אין די אויגן אַ קופּאָן פּליוש: אַ סמאָלע־שוואַרצער פאָן, צעשניטן פון רויטע בליצן. אַ שוין פון לאַנג־פאַרגעסענע סצענע גיט אים ווי מיט אַ מעסער אַ שניט ביי דער נשמה. זיינע פיס שאַרן אים מעכאַניש אַוועק פון דער קאַסע און פאַרשטעקן אים אין אַ ווינקעלע הינטערן דערבייאיקן ווענטל. זיינע אויגן מאַכן זיך צו פון זיך אַליין. זיין גאַנצע מציאות דאָ אין מאַגאַזין ווערט אַ דבר המוטל בספק — ער איז באותו־רגע לחלוטין נישט הי! פאַר זיין אָנגעצונדענעם דמיון שוועבט דייטלעך אַרויס:

...אַן אומאויפהערלעכער גערויש פון רעדער אויף באַנשינעס און אַ ריטמישער געפּליעסק פון שטאָלענע פּלאַשטשאַדקעס...* אַ טונקל־באַלויכ־

* די בריקלעך, וואָס דינען פאַר אַ דורכגאַנג פון איין וואַגאָן אינעם צווייטן.

טענער וואגאָן... אַ צעעפנט פענצטער אין פייכטן דרויסן ארוים... דער פּאַ־טעפּאָן אין וויטן וואגאָן־ווינקל שפּילט אַ הארצרייסנדיק לידל... ביים נאָ־קעטן פענצטער־חלל זיצט אַ יונג פּאָרל... דאָס מיידל ברענט ווי אַ העליש פייער און טוליעט זיך צו איר באַגלייטער ווי עס טוליעט זיך אָן אומבאַ־האָלפן שעפעלע צום פּאַסטעכס קני... דאָס יינגל פיבערט מיט אַלע אברים. ער איז שטאַרקער פון אייזן, אַז ער איז זיך אַליין גובר און זאָגט איר נישט דאָס, וואָס אים ווילט זיך איר זאָגן, און מוז נאָך מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז צו איר קאַלט ווי אייז; אַז ער באַמערקט גאָר אפילו נישט, וואָס מיט איר טוט זיך... און דאָס פאַרכשופנדיקע מיידל האָט גרויסע, שוואַר־צע אויגן, טיפע און טרויעריקע ווי דער יידישער גלות... די „מענטשעלעך", וואָס טוקן זיך אויף זייער דנאָ, וואונדערן זיך:

— מה בצע בדמי? וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָבן עס מענטשן דער־פון, וואָס זיי זענען אונדז מצער?

...און דאָס מיידל טראָגט אַ קלייד: אַ שוואַרץ פעלד מיט רויטע בליצן... קוקט עמעצער אויף דעם דאָזיקן קלייד מיטן לינקן אויג, דערמאָנט עס אים אין אַ פינצטערן שטורעם, אין אַ ליל סופה וסערה, ווען דער ערגעצדיקער הימל צעשניידט און צעפּאַסעוועט דעם עולם־התחתון מיט זיין להט החרב המתהפכת; קוקט עמעצער אויף דעם דאָזיקן קלייד מיטן רעכטן אויג, גיט פון דעם אויף אים אַ טראַג מיט וואַנדערנדיקע ציגיינער־שייטערס אין הארבסטיקע, סאַזשע־שוואַרצע נעכט, און אָט דאָס שלאַנקע מיידל מיט די שוואַרצע צעפּ איז אַליין די אומצוטריטלעכע פּרינצעסין פון אָט דעם צוי־בערנדיקן, פאַנטאַסטישן ציגיינער־קעניגרייך... און דאָס לידל זינגט זיך און דער פּאַטעפּאָן וויינט יאָמערלעך אויף די אומשולדיק־צעריסענע נשמות, ער פאַרגייט זיך פאַר געוויין און גיסט אויס זיין ביטער הארץ פאַר די חושכדיקע מרחקים... און אויך די קניענדיקע ביימער אויף יענער זייט פענצטער ברומען אומהיימלעך און אויך דאָס אָפּגעשטויסענע מיידל וויינט אַזוי, אַז עס צופּט ביי דער נשמה... דאָס ליכט אין לאַמטערנדל צאַנקט ווי אַ נוטה למות, דאָס שוואַרצקייט פון דעם פּליוש שניידט די אויגן און די רויטע בליצן שטעכן אין קאָפּ ווי אָנגעגליטע נאָדלען און דאָס צאַרטע מיידל וויינט און וויינט מיט אַ פאַריתומטן געוויין, אַז עס רייסט ממש אויס שטי־קער הארץ און אירע שוואַרצלעכלעך קלאָגן זיך אויף שטום־לשון —

פתחתי אני לדודי —
ודודי חמק עבר...
נפשי יצאה בדברו,
בקשתיהו ולא מצאתיהו,
קראתיו ולא ענני... *

* דער טייטש געפינט זיך אין באַנד 3, זייט 389.

שלמהס אויגן עפענען זיך פון זיך אליין און ער קוקט זיך ארום א דערשטוינטער. ער טאפּט זיך ארום, ער וויל האָבן די זיכערקייט, אַז ער — איז טאַקע ער, און אַז ער געפינט זיך טאַקע דאָ, וווּ ער זעט זיך. ער כאַפּט אַ קוק אויפן זייגער: ס'איז אַ עונה של כלום,* אַז ער איז צוגע־גאַנגען צו דער קאַסע, ממש — אַ רגע כמימרא! ער ציט אויף זיך צוריק אָן דעם הווה מיט אַלע סעיפים, און קערט זיך אום צום טיש. דאָרט פרעגט ער ביי דער פאַרקויפערין, צי יענער שניט סחורה האָט געגנוג אויף אַ קלייד פאַר אַ וווקסיקער פרוי. דערהערט, אַז יאָ, הייסט ער אויסשטרייכן פונעם קאַסע־אָרדער דאָס אַליוואָוועו זיידנס מיט די שטערנדלעך, און אָנשטאָט דעם אַריינשרייבן דעם שוואַרצן פּליוש מיט די רויטע בליצן.

דעם פאַרוווּנדערטן שאַיען זאָגט ער:

— איר חידושט זיך, וואָס איך האָב געביטן די יוצרות? פשוט, איך האָב אייך געפאָלגט! ווי אַזוי האָט איר געזאָגט? „ווער ווייסט, צי זיי וועלן זיך וועלן קאָנקורירן?" נו, אָט... און בכלל, צו וואָס דאַרף מען די קאָנ־קורענציע, פרעג איך אייך? וועמען פעלט זי אויס? וואָס, אפשר נישט אַזוי?

אַרום אַכט אַ זייגער האָט מען דערלאַנגט דעם צוג צו דער פּלאַטפאָר־מע. שלמה האָט זיך מיט שאַיען היים צעקושט, אים נאָך אַ מאָל צוגע־זאָגט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער זיך צו זיי אַראָפּכאַפּן קיין טאַ־גאַנראָג, וועט מען בחברותא אַ ביסל אַ הוליע טון, דערמאָנען דאָס שלעכ־טע אין פריידן. ער האָט זיך צום צענטן מאָל מיט אים געזעגנט, אָנגע־וווּנטשן, געגריסט זיינע בני־בית און איז אַוועקגעלאָפן צו דער מעטראָ. עטלעכע מינוט נאָך זיין קומען, איז אויך אָנגעקומען פּאַוועל סערגייעוויטש און זיי זענען געאָרעמט אַריינגעגאַנגען אין טעאַטער. די גאַנצע צייט, וואָס זיי זענען געזעסן אין לאָזשע בשכנות מיט פרעמדע מענטשן, האָבן זיי מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, נישט די נסיעה, נישט די רעזול־טאַטן פון דער נסיעה. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט פּאַוועל סערגייעוויטש פאַרבעטן שלמהן צו זיך אַהיים אויף אַ גלעזל טיי. דאָרט האָט אים שלמה דערציילט אַלץ, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט פון זינט זיי האָבן זיך נישט געזען. ער האָט גאָרנישט פאַרפעלט. אויסגעהערט פון שלמהן זיינע מעשי־ניסים פון אלף ביז תיו, האָט פּאַוועל סערגייעוויטש זיך נישט גע־שעמט אים צו זאָגן:

— הערט זשע, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, אייער געשיכטע מיט אָט דער וווּנדערלעכער באַגעגעניש, און בכלל דער גאַנצער נס פון אַרכאַנגעלסק, איז אַזוי וויניק ענלעך אויף דער גראָערווירקלעכקייט פון אונדזערע טעג, זי איז אַזוי משונה אַנדערשער פון אונדזער טאָג־טעגלעך ברויט, אַז ווען נישט דאָס, וואָס איך ווייס, אַז אייך קען מען גלייבן, וואָלט איך גאָר אַנ־דערש נישט געטראַכט, נאָר אַז דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה, עפּעס אַ משוגענע פאַנטאַזיע פון אַ קראַנקן מח...

* געמיינט: זייער אַ קורצע ווײַלע.

שלמה האָט לוסטיק אַ שמייכל געטון:

— און דאָך, טייערער פּאוועל סערגייעוויטש, איז דאָס נישט קיין פּאַנטאַזיע, נאָר אַ רעאַלער פּאַקט, און איינער פון די דניעפּראָפּעטראָווסקע וואַגאָנען פון דעם שנעלצוג: מאָסקווע — ראָסטאָוו — טיפליס טראָגט שוין אַצינד גורעוויטשן צו זיין ווייב און קינד איבער פעלדער און וועלדער, איבער שטעט און דערפער —

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך קוק אויף אייך און וווּנדער זיך: איר שמייכלט גאָר... איר רעדט גאָר פון דעם געשעענעם מיט געוויינלעכע ווערטער... איר שטעלט זיך גאָרנישט פאָר, ווי אויסטערליש דאָס אַלץ קלינגט פאַר מיר, ווי גרויס אייער פאַרדינסט איז פאַר די גורעוויטשעס...

— פּאוועל סערגייעוויטש, דאָס וועט קיינער נישט פּרווון אָפּצולייקענען, אַז דער הויפּטהעלד אין דער דאָזיקער געשיכטע איז: דער פּאָלקאָווניק יאַגודאַיעוו; איך לייקן כלל נישט, אַז אַליין האָב איך אויך אַ ביסל צוגעהאָלפן צונויפצופירן די צדדים... אַ מין שדכן, הייסט עס... אָבער זייט איר אויך מסכים מיט מיר, אַז די ערשטע פידל האָט איר געשפּילט! וואָרעם ווען איך האָב נישט דעם פּראָפּוסק, וואָס איר האָט מיר איינגעשאַפן, וואָלט איך נישט געוווסט פון קיין יאַגודאַיעוו צו זאָגן, און גורעוויטש וואָלט זיך געקענט רואיק פוילן דאָרט אין לאַגער ביז, ביז, ביז... ביזן סוף... הייסט, זיין פאַמיליע אין דער היים... ווייס איך, איר שטעלט זיך גאָר נישט פאָר, וואָס איר האָט דאָ אַזעלכעס אָפּגעטון —

— למשל... לאָמיר זאָגן, אַז איך שטעל זיך שוין דווקא יאָ פאָר... נאָר איר ווייסט, מאַעסטראָ? איר טיילט נישט ריכטיק אויס די פּריזן. איך בין זיך פאַר אייך אָפנהאַרציק מודה, אַז ווען איר האָט מיך געבעטן צו קריגן פאַר אייך אַ פּראָפּוסק צום הויפּט־דאָקטער פונעם לאַגער, האָב איך אויף אייך געקוקט ווי אויף אַ נישט־נאָרמאַלן —

שלמה נעמט אים אַרום פאַר די אַקסלען:

— איך אויך, פּאוועל סערגייעוויטש! איך האָב זיך אויך אין האַרצן געפרעגט דאָס זעלבע: וואָס קען דאָס מיר געבן, אויב איך וועל שוין אָנרירן מיט מיין האַנט די קליאַמקע פונעם דאָקטערס קאַבינעט?

— זעט איר שוין! האָט איר אַליין, הייסט עס, אויך געצווייפלט אין דעם, צי ס'איז לאָגיש אייער פאָרן?

— אַ פראַגע ערשט —

— איך האָב אייך מיין מיינונג נישט געוואָלט זאָגן, ווייל... די עלטערן מיינע האָבן אייך אין זייערע בריוו אַזוי פאַרהייליקט, אַז איך האָב נישט געוואָגט אייך אָפּצורעדן פון אייער באַשלוס. אָבער איך האָב געהאַלטן אייער נסיעה אין לאַגער אַריין פאַר אַ הונדערטפּראָצענטיקער אילוזיע... פאַר אַן אוטאָפּיע...

— אָבער איר זעט דאָך, אַז ווען גאָט וויל —

— יאָ, איצט בין איך שוין מסכים מיט מיין מאַמען, אַז איר זענט

א טשודאָטוואָריעץ. * אָבער פאַר וואָס זשע צעטיילט איר די כיבודים אויף אַלע זייטן: דער איז דער הויפּטהעלד, דער האָט געשפּילט די ערשטע פידל... ניין, ניין, גוטער ברודער, איר זענט פּסול פאַר דעם זשורי, איר זענט נישט קיין אויפריכטיקער אָפּשאַצער —

— מילא, וואָס קען איך העלפן? דאָס איז שוין א פאַרפאַלענע זאַך! אָבער פּאַוועל סערגייעוויטש, איר ווערט נאָך פון מיר אַזוי לייכט נישט פּטור. אין סוליקאַמסק, אין קאָנצלאַגער נומער 174, זיצט מיינער א קוזין, יוסף גאָרדאָן, אָן שטרענגער איזאָלאַציע! אין קאַראַגאַנדאַ ווידער, אין קאָנצלאַגער נומער 142, געפינט זיך מיינע א קוזינע, טאַני פייגנבוים, אויך אָן שטרענגער איזאָלאַציע! משמעות: די מלוכה האָט זיך נאָך פון זיי נישט מיאש געווען... זי האָפט נאָך זיי אומצוקערן אויפן רעכטפאַרטיקן וועג... און אויב זי האָפט נאָך אויף זיי, האָף איך אויף זיי אודאי און אודאי...

פּאַוועל סערגייעוויטשעס נאָזלעפּלעך האָבן זיך אומרואיק אָנגעהויבן צו באַוועגן ווי ביי א פערד, ווען עס דערשמעקט א וואָלף. שלמה האָט מיט אַן אויסדרוק פון טיפן מיטגעפיל געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ...ווי איר זעט, האָט אייך אייער געטרייע מוטער דאָס מאָל אריינ־געפירט אין א געזעלשאַפט פון בלויז קאַטאָרזשאַנעס... וואָס איז, פּאַוועל סערגייעוויטש, איר האַלט טאַקע אַראָפּגעלאָזט די אויגן? פאָלגט מיך, נעמט זיך דערפון נישט שטאַרק צום האַרצן. ווען איר זאָלט אפילו זוכן מיט ליכט, מיט פּראָזשעקטאָרס, וועט איר דאָ אויף דער פריי נישט געפינען אַזעלכע געהויבענע יונגעליט ווי אָט די צוויי, וואָס איך האָב אייך ערשט אָנגערופן...

פּאַוועל סערגייעוויטש, א פאַררויטלטער פון בושה, וואָס שלמה טרייסט אים, גלייך ווי ער וואָלט געווען א קליין קינד, האָט שלמהן דערלאַנגט מיט דער סאַלפּעטקע איבער דער האַנט:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, ווי שעמט איר זיך נישט מיר אויסרעדן דאָס האַרץ, ווי איך וואָלט געווען א נעכטיקער? וואָס איז, איך וויים נישט, ווער עס זיצט היינט אונטערן שלאָס און ווער עס שפּאַצירט אַרום אויף דער פריי און מעסט די בולוואַרן?

— נו אָט! אויב איר ווייסט, איז גוט! פאַרשפּאָר איך צו רעדן. איז איצט, אַז גאָט האָט מיר שוין יאָ געהאָלפן, אַז איך האָב אין מאָסקווע אַזאַ מעכטיקן כח ווי אייער פּערזאָן, וויל איך ביי אייך בעטן, אַז איר זאָלט פאַר מיינעט וועגן אויספּועלן דריי פּראָפּוסקן קיין סוליקאַמסק און דריי קיין קאַראַגאַנדאַ —

— נישט מער, נישט ווייניקער, נאָר דריי אַהער און דריי אַהין?

— ...דריי אַהער און דריי אַהין...

— הערט, חבר פּיאַטיגאָרסקי, איר זענט טאַקע ביי זיך א גרויסער

---

* בעל מופת.

מיוחס, איך אַליין בין אויך מודה, אַז אייך געבן זיך איין אַזוינע זאַכן, וואָס זענען ממש אומגלויבלעך, אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז אומעטום קען און וועט ביי אייך גיין * как по маслу. איר זאָלט נישט מיינען, אַז פועלן אין „גולאַג" אַ פּראָפּוסק אין אַ לאַגער פון דער נ. ק. וו. ד. איז אַזוי לייכט, ווי אָט דעם פּאַפּיראָס אויסרויכערן. און נישט נאָר פּאָר אַבי וועמען, נאָר אפילו פאַר מיר! אין פּרינציפּ גיט מען דאָך קיינעם נישט קיין פּראָפּוסקן. מענטשן גייען נאָך נאָך אַזאַ זאַך גאַנצע יאָרן, מען ברענגט רעקאָמענדאַציעס פון די גרעסטע חשובים אין לאַנד און מען גייט אַוועק מיט דעם זעלבן, וואָס מען איז געקומען. נאָר ווי געזאָגט: איר זענט געבוירן געוואָרן אין אַ העמדל, עס גייט אייך מיט דער האַנט — און פּרווו טו עפּעס! אייך האָט אָפּגעגליקט, וואָס איך האָב אין יענער ביוראָ גרויסע כוחות און נישט סתם אין ביוראָ, נאָר טאַקע אין דעם קאַבינעט וואָס מען דאַרף, דעריבער איז מיר געלונגען דאָס, וואָס אַ צווייטן געלינגט נישט. אָבער מען דאַרף דאָך האָבן טאַקט. איך קען דאָך זיך נישט שוואַרצן דאָס פּנים. אמת, מיר איז זיי נישט באַקוועם אָפּצוזאָגן, גאַנץ אָפט קומען זיי אויך אָן צו מיר, אָבער איך בין מער ווי זיכער: ווען איך רוף זיי אָן גלייכצייטיק: אי סוליקאַמסק, אי קאַראַגאַנדאַ, וואָלטן זיי מיר זיכער אָפּגעזאָגט, און דאַן וואָלט שוין געווען פאַרפאַלן אויף שטענדיק, מער וואָלט איך שוין קיין מאָל נישט געגאַנגען בעטן —

שלמה האָט אָנגענומען פאַוועל סערגייעוויטשן פאַר ביידע הענט:

— חבר ווינאָגראַדאָוו, איר רעדט ווי אַ געטרייער ברודער —

— זאָלט איר טאַקע וויסן... דאָס איז אַ כלל פון שטענדיק און אייביק: За двумя зайцами погонишься, ни одного не поймаешь... **

— גערעכט, גערעכט, גערעכט...

— און נישט נאָר ווען איך בעט אין צוויי לאַגערן מיט אַ מאָל, נאָר ווען איך גיב אַ בעט דריי פּראָפּוסקן מיט איין מאָל, כאַפּ איך גלייך אריין דעם זעלבן „אָטקאַז" —

— מודה, מודה, מודה...

— אָט אַזוי, אַז איר רעדט, האָב איך אייך ליב. אין 1939 האָט איר באַקומען קיין ארכאַנגעלסק, — זאָגט: דאַנקען גאָט דערפאַר!

— אָ! אַ דאַנק איז גאָרנישט געזאָגט —

— טאַקע אמת. אין 1940 וועט איר קריגן נאָך אין איין לאַגער, און אין 1941 אין דריטן. Тише едешь, дальше будешь! *** גלייכער לאַנגזאַם, נאָר זיכער, איידער: אויף גיך, אויף גיך, און דערנאָך זאָל זיך פון אַלע גליקן אויסלאָזן אַ בוידעם. איר פאַרשטייט, דאָס איז נישט קיין זאַך,

---

* ווי אויף פּוטער.

** אַז דו וועסט זיך נאָכיאָגן נאָך צוויי האָזן מיט אַ מאָל, וועסטו קיין איינעם אויך נישט כאַפּן.

*** וואָס לאַנגזאַמער דו וועסט פאָרן, אַלץ ווייטער וועסטו זיין. אַ רוסיש פאָלקסווערטל.

וואָס מען גייט אריין צו יענעם און מען בעט. אויב גיין אָפיציעל, איז דאָס א זיכערער דורכפאַל. וואָס דען? מען דאַרף צוטשאַטעווען א מאָמענט, צוגרייטן דעם באָדן, אויסבעטן די זאַך, ווי ביי ליטישע מענטשן פירט זיך... מיר ווילן דאָך אומבאַדינגט געווינען, האַ?

— אומבאַדינגט געווינען —

— נו, אַט, וועט עס מוזן פאָרקומען אַזוי, ווי איך זאָג. וווהין איז אייך אינטערעסאַנטער פריער צו באַקומען די פּראָפּוסקן, קיין סוליקאַמסק, צי קיין קאַראַגאַנדאַ?

— טייערער פּאַוועל סערגייעוויטש, ס'איז מיר זייער שווער צו ענט־פערן אויף אייער פראַגע... ביידע זענען מיר טייער ווי דאָס לעבן... מיר דאַכט, אַז קיין קאַראַגאַנדאַ איז נאָך נייטיקער... און וווהין איז אייך באַ־קוועמער פריער צו בעטן?

— מיר? מיר איז דאַכט זיך נישט קיין נפקא־מינה... שטייט! ס'איז יאָ א נפקא־מינה! ס'איז א גרויסע נפקא־מינה! סוליקאַמסק איז מאָסקווער זאָנע. א שכנישע זאַך וועט מיר פיל לייכטער אָנקומען. דאַקעגן, קאַראַגאַנ־דאַ איז שוין נישט אונדזער גאָרטל... וועט שווערער אָנקומען. אָבער אַלײן איינס וועל איך עס פאַר אייערט וועגן פועלן. צוליב אייך איז נישט שייך צו שווער. אָבער דאָס מוז האָבן צייט און צייט... מען קען נישט כאַפּן...

— גוט, מאַכט פריער קיין סוליקאַמסק... אפשר איז אַזוי גלייכער — און צו זיך, אין געדאַנק:

— כל הקודם — זכה! ווען מען האָט פריער איינגעזעצט — דער איז בילעכער!

פּאַוועל סערגייעוויטש, נאָכדענקענדיק א קורצע ווײלע:

— ווער זענען די מענטשן, וואָס דאַרפן פאָרן?

— קיין סוליקאַמסק וועט פאָרן דעם אַרעסטאַנטס פאָטער און מוטער און איך... קיין אַנדערע, וואָס זאָלן זיין בילעכער פון מיר זענען ביי זיי נישטאָ —

— און אַהין ווער?

— קיין קאַראַגאַנדאַ וועט פאָרן איר פאָטער, — די מוטער ליגט פאַ־ראַליזירט, — איר שוועסטער, מלכה, און דער עלטערער ברודער — זעליק...

— זייער גוט. איך האָף, אַז נישט שפּעטער פון חודש יולי וועט איר פון מיר באַקומען די סוליקאַמסקער פּראָפּוסקן, און נישט שפּעטער פון דעם צוואַנציקסטן יולי, דאָס הייסט: אין 1941, — די פּראָפּוסקן קיין קאַראַ־גאַנדאַ. וועט איר זיין צופרידן מיט מיר?

— איך האָב נישט קיין ווערטער, פּאַוועל סערגייעוויטש —

— ווי אַזוי, האָט איר געזאָגט, רופט מען זיי, אייערע קרובים? אויף יעדן פאַל גיט מיר אָן זייערע נעמען —

— ביטע זייער, פאַרשרייבט ביי זיך די נומערן פון די לאַגערן, די

נעמען פון די אָרעסטירטע, און איך בעט אייך, נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל נישט אַרויסצולאָזן די זאַך פונעם קאָפּ...

— איר וועט מיר דאַרפן צושיקן די פּינקטלעכע נעמען מיט די נו־מערן פון די פּאַספּאָרטן, די יאָרן און דאָס אָרט פון געבוירן פון די פינף פּערזאָן, וואָס איר ווילט, אַז זיי זאָלן פאָרן.

— גוט, איך וועל אייך גלייך צושיקן. פאַרשרייבט זשע דערווייל ביי זיך אַלץ וואָס מען דאַרף פון מיין פּאַספּאָרט —

— אַלץ וואָס מען דאַרף פון אייער פּאַספּאָרט איז ביי מיר שוין פון פון לאַנג דאָ פאַרשריבן.

— האַ, יאָ! איך דאַנק אייך פאָרויס פאַר אייער טרחה, פּאַוועל סער־גייעוויטש. איך געב אייך מיין ערנוואָרט, אַז איך וועל אייך דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

און שוין שטייענדיק אויף דער שוועל:

— מיינע טעלעגראַמעס מעגט איר שוין אויפהערן צו שיקן. איר קענט זיי צערייסן, מען דאַרף זיי שוין נישט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף צו מאָרגנס נאָך מיטאָג איז שלמה אָפּגעפאָרן קיין קיעוו.

# קאפיטל XIII

אין יענעם טאָג, האָבן קובאַניער סטעפּעס פון באַגינען אָן גענאָגט סמאַליענדיקע ווינטן מיט פּראָסטיקע חיילות אַראָפּ, אַראָפּ, צום דאָן צו. אַרום האַלבן טאָג האָט זיך דער ווינט אומגעדרייט מיטן פּנים צו די קובאַ־ניער סטאַניצעס און כוטאָרן, ברענגענדיק מיט זיך אַזאַ שטעכיקן שניי מיט אַזאַ זאַווייערוכע — נאָר אויף אומצוקומען. די ששת־ימי־בראשית־דיקע פעלזן, וואָס קראַצן מיט זייערע גראַניטענע פינגער דעם הימל, די הונ־דערטער מיטלוווקסיקע בערג, וואָס רינגלען אַרום יענעם פון גאָט־גע־בענטשטן געביט און זעען אויס, ווי די פּאָר־פּאָסטנס פון צפון־קאַווקאַז, האָבן מיט געמיינזאַמע כוחות זיך באַמיט אָפּצוווענדן אָט דעם משלחת מלאכי־רעים פון די מזרח־געגנטן, זיי האָבן זיך געאײַלט דורכצוטרייבן אָט דעם געפּרווירענעם מבול דורך טיכאָריעצקאַיאַ, דורך באַטאַיסק, איבער דעם טויטן אַזאָווער ים, אַלץ ווייטער, אַלץ טיפער אין קערטשענסקע־איינגוס, קיין נאָוואָראָסיסק, קיין קערטש, וווּ עס קאַלויצען זיך צוויי ימען: איינער, אַ מוטנער, אַ גרינבלעכער; און דער צווייטער, אַ טונקעלער ווי ביר אָבער אַ לויטערער ווי קרישטאָל, ווי בורשטין.

אויף דער פּרעכטיקער געביידע פונעם הויפּט־פּאָסטאַמט אין טאַגאַנ־ראָג האָט דער טערמאָמעטער געוויזן דער גאַנצער וועלט: 25 גראַד נידע־ריקער פון נול.

אַ גאַנצן טאָג איז רייזל אַפילו נישט אַרויסגעגאַנגען אויף יענער זייט שוועל. אַזוי ווי אסנתל איז שוין ברוך־השם אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, האָט רייזל מורא געהאַט, אַז זי זאָל זיך חלילה נישט אַרויסכאַפּן אויף דער גאַס — אַ קשיא אויף אַ קינד? פון זינט דער פּראָפעסאָר האָט איר אונטערגעוואָרפן דאָס „גרויסע פּעקל", איז ביי די גורעוויטשעס אין קאַמער אויסגעוואַקסן אַ וואַנט מיט האָלץ און אין ווינקל אַ היפשע קופּע מיט קוילן. רייזל האָט געהאַרכזאַם געפאָלגט איר געהיימען אַפּוטרופּוס, דעם רואה ואינו נראה, און האָט נישט געקאַרגט: נישט קיין הייצונג, נישט די בעסטע שפּייז פאַר איר געפונען טעכטערל, נישט אויף קיין שום זאַך — באַפּעל, איז באַפּעל!

אומבאַמערקט, מחמת דעם חשכות פון דעם אומגעוויינלעכן געוויטער, איז צוגעפאַלן די נאַכט.

די וועגט פון דעם הילצערנעם הייזל האָבן געטרישטשעט פונעם פּראָסט און הכנעהדיק דורכגעלאָזט דעם ווינט אין שטוב אַריין. די זאַווייערוכע האָט מיט אַ שרעקלעכער אכזריות געריסן דעם שינדל פונעם דאַך. פון דרויסן זענען די שויבן געווען אַרומגעוואַקסן מיט קרישטאָל־פינקלענדיקן אייז אויף אַ פינגער די גרעב; אויף אָט די „אייז־לאָדנס" איז געווען אָנ־געוויעט און אָנגעהויפנט מיט גאַנצע פּערענעס פון צוגעפּרווירענעם שניי, און פון אינעווייניק האָט פון די פענצטער געגאָסן ווי פון שוויצנדיקע

באַדוועגט. די מוטער מיטן טעכטערל האָבן צוגערוקט דעם טיש צו דער הרובע, אַז דער ווינט זאָל אַזוי נישט דורכנעמען די לייבער. רייזל האָט פאַרריכט וועש, און אַסנתל האָט עפּעס געמאָלט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, און האָט זיך שטיל צוגעזונגען. אויף דער גאַס האָט דאָס געוויטער זיך צעווילדעוועט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. עפּעס אַן אָנשיקעניש פון גאָט. אַזאַ איבערקערעניש איז גאָר נישט שכיח אין די מקומות. נישט אַנ־דערש, נאָר דאָס האָבן די טונדרעס פונעם ווייטן צפון אויף אַזאַ אופן אָפּ־געשיקט זייער משלוח־מנות: איר מיר — מענטשן, איך אייך — ווינטן... דער ווילדער געברום, דאָס וואָיען און דאָס קוויטשען מאַכן גלייבן, אַז דאָס האָט זיך אַ מחנה וועלף אַריינגעריסן אין שטאָט אַריין און צעריסט און צעפּליקט אַלץ, וואָס וואַרפט זיך זיי אין די אויגן. ערגעץ פון אַ נאָענטן הויף האָט זיך דערטראָגן אַ שטאַרקער קלאַפּ, ווי אַ שאָס פון אַ האַרמאַט, און גלייך נאָך דעם — אַ געבראַזג פון צעבראָכן גלאָז. אַ פּנים, — גיט רייזל אַ טראַכט, — אַז דער ווינט האָט טאַקע ערגעץ אויפגעריסן אַ פענצ־טער, עס נעמט דורך אַ שוידער. זי לייגט אַוועק דאָס געניי אויף איר בענקל, גייט צו און פּרוווט איבער אַלע פענצטער, צי זיי זענען גענוג פעסט צו־געמאַכט, זי לייגט אונטער אַ פּאָר שייטלעך האָלץ אין הרובע אַריין און שיט אויף אויף זיי קוילן. זי גייט ווייטער און אירע געדאַנקען פליסן ווידער אין דער פריערדיקער ריכטונג: ס'איז שוין פּאַוואָלינקע העכער צוויי חדשים, אַז פונעם פאָטער איז קיין שום ידיעה נישטאָ. קיין תמונת־אות נישט! וואָס קען דאָס באַטייטן? זי האָט שוין אַ טעלעגראַמע אויך אָפּגעשיקט... וואָס דען, אפשר קומט נישט אָן? צי עס זאָל חלילה עפּעס האָבן געטראָפן מיט אים?... שאַיען האָט זי שוין אויפגעלייגט דאָס צווייטע פּעקל... צי האָט ער זיי באַקומען, צי ניין? ווער קען דאָס וויסן? קיין ענטפער וועט נישט זיין אויך... נישט מער, אויב זיי וועלן זיך נישט אומקערן אויף צו־ריק, וועט דאָס מוזן הייסן אַזוי גוט, ווי אַ קבלה...

איר קוק פאַרבלאָנדזעט אויפן קינדס פּנימל און קען זיך נישט אָפּ־רייסן פון דעם. די פינגער לויפן מעכאַניש נאָך דער נאָדל. אַ צי אַרויס דעם פאָדעם — און ווייטער געלאָפן. דאָס קינד איז נאָך אַזוי בלאַס... באַזונדערס זעט זי אויס בלייך, ווען זי איז קאָנצענטרירט אויף עפּעס... דאַכט זיך, וואָס ס'איז נאָר אין איר געוועגדט, טוט זי: זי גיסט איר אין האַלדז אַריין פון פויגלמילך. פאַר איר איז גאָר נישט שייך „צו טייער". זי שטאָפּט זי ווי אַ גענדזל מיט די בעסטע זאַכן: אייער און פוטער און סמע־טענע און פישאייל און סתם פעטס — און וואָס נישט? דער פּראָפעסאָר האָט פאַרן אַוועקפאָרן איר שטרענג אָנגעזאָגט, אַז ביז וועסנע זאָל זי זי אַזוי אָפּהיטן, און אויב עס וועט ביז דאַמאָלסט נישט זיין קיין רעצידיוו, דאַן קען מען זי רעכענען פאַר אין גאַנצן געזונט. רייזל קוקט זיך איין מיט פאַרליבטע אויגן אין דעם זיסן פּנימל פון איר חנעוודיק מיידעלע: נאָך זייער שוואַך... די בעקעלעך — אַזוי פלאַך; די באַקנביינדלעך שטאַרטשען אַרויס אַזוי ווי קאַרניזן; און די ליפּעלעך זענען נאָך אויך בלוי ווי מילץ,

און די הענטעלעך — אזוינע בלייכע־בלייכע, ממש דורכזיכטיקע... אינטע־רעסאַנט, וואָס מאָלט זי דאָרט אַזעלכעס?

רייזל בייגט זיך אַריבער איבערן טיש און זעט מיט פאַרשידנפאַרביקע בלײַשטיפטן אָנגעמאָלט דעם נאָמען: „ווינאָגראַדאָוו". אַ—האַ! יאָ, אַזוי איז דאָס... אַ קינד פאַרגעסט נישט... זי האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו אים...

זי גיט זי צערטלעך אַ גלעט איבער דעם מאָגערן הענטל:

— טאָכטערשי, צו וואָס דאַרפסטו שטיין? נעם דיר אַ בענקל און זעץ זיך אַנידער.

— כ'וויל בעסער שטיין.

— די פיסעלעך זענען דאָך ביי דיר נאָך שוואַך. זיי בעסער אַ וויל קינד און זעץ זיך.

— איי, וואָס אַרט דיך, אַז איך שטיי? זיצנדיק קען איך נישט מאָלן. און חוץ דעם ווערט מיר גלייך קאַלט אין די פיס —

— וואָס רעדסטו, נשמהלע? קאַלט גאָר? אין שטוב איז דאַכט זיך וואַרעם ווי אין אַן אויוער —

— זאָג איך דאָך: אַז איך שטיי איז מיר וואַרעם, און אַז איך זעץ זיך אַוועק ווערט מיר קאַלט... מאַמע —

— וואָס איז, מיין קינד?

— מאַמע, איאָ, אַז מען נאַרט אָפּ, איז מען אַ שלעכטער מענטש?

— זייער און זייער אַ שלעכטער, טעכטערל מיינס. אַ לייטיש קינד טאָר נישט אָפּנאַרן.

— נו, און אַ גרויסער?

— קיינער טאָר נישט! קיין גרויסער טאָר אויך נישט. דאָס זאָלסטו האָבן פאַר אַ כּלל: אַן אָפּנאַרער איז אַלץ איינס וואָס אַ גנבֿ.

— איז, הייסט עס, סערגיי טימאָפיעיעוויטש אַ גנבֿ?

רייזל בייט זיך אין פּנים:

— שווייג! מען טאָר אַזוי נישט רעדן. סערגיי טימאָפיעיעוויטש איז דער בעסטער מענטש אויף דער גאַנצער וועלט.

— פאַר וואָס זשע האָט ער אונדז אָפּגענאַרט?

— מיט וואָס האָט ער אונדז אָפּגענאַרט?

— ער האָט צוגעזאָגט שרייבן, און שרייבט נישט.

רייזל לאָזט שווער אַראָפּ דעם קאָפּ. אַ היפּשע ווײַלע שווייגט זי, דאַן זאָגט זי פאַרטראַכט און טרויעריק:

— סערגיי טימאָפיעיעוויטש איז נישט קיין אָפּנאַרער, קינדעלע מיינס. ער וויל שרייבן, נאָר ער קען נישט —

— צו וואָס זשע האָט אים געטויגט גלאַט צוזאָגן?

— ווייל ער איז אַ לייטישער מענטש... איך האָב גלייך פון אָנהייב פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיין צוזאָג נישט האַלטן... אַז ער קען אים נישט האַלטן...

— מאמע, פאַר וואָס זשע קען ער נישט? אַזוי פאַרנומען איז ער דאָרט?

— נישט ווייל ער איז פאַרנומען, טרייסט מיינע, נאָר ווייל דער וואָס האָט אים געשיקט צו אונדז, לאָזט אים נישט —

— פאַר וואָס זשע איז יענער אַזאַ שלעכטער און לאָזט אים נישט?

— זיכער נישט, ווייל ער איז אַ שלעכטער. איך ווייס אַליין נישט פאַר וואָס...

— מאַמע, און ווער איז ער, אָט דער וואָס האָט אים געשיקט?

— ע, אסנתל, ווען איך זאָל וויסן, ווער ער איז, וואָלט דאָך גוט געווען...

— פאַר וואָס קומט ער קיין מאָל נישט צו אונדז, אָט דער מענטש?

— איך ווייס פאַר וואָס? גלייב מיר, איך וואָלט אויך געוואָלט וויסן...

— פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס איז אַ פעטער, נישט קיין מומע?

— אויף זיכער ווייס איך טאַקע נישט, נאָר פון סערגיי טימאָפּיעיעוויטשעס אייניקע ווערטער האָט מען זיך געקענט אָנשטויסן, אַז דאָס איז אַ פעטער, נישט קיין מומע. און איך האָב נאָך איין טעם אויף אַזוי צו טראַכטן —

— וואָס פאַר אַ טעם, מאַמאַטשקע?

— מיר האָבן דאָך געהאַט פון אים אַ צעטעלע, געדענקסט? איז וויזט מיר אויס די האַנטשריפט צו זיין אַ מענערשע.

— מאַמע, וואָס האָט ער געשריבן?

— ע, נשמה מיינע, ער האָט געשריבן פיל גוטע זאַכן... הלוואי עס זאָל מקוים ווערן כאָטש האַלב —

— דו ווייסט, מאַמע, איך בענק אַזוי נאָך אים...

— נאָך וועמען?

— נאָך דעם פּראָפעסאָר.

— און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זאָגן — נאָכן טאַטן...

— נאָכן טאַטן אודאי און אודאי... פריער נאָכן טאַטן און דערנאָך ערשט נאָך סערגיי טימאָפּיעיעוויטשן...

— און נאָכן זיידן?

— נאָכן זיידן אויך... נאָך אַלעמען... נאָר מער פון אַלע — נאָך סערגיי טימאָפּיעיעוויטשן... כ'מיין נאָכן טאַטן... מאַמע, וויפל איז שוין דאָ, זינט דער טאַטע זיצט?

— ערשט נישט לאַנג איז געוואָרן אַ יאָר צייט...

— ערשט איין יאָר? צען אָראָפּ איינס, בלייבט ניין. נאָך ניין יאָר דאַרף געדויערן? אָ! איך וועל שוין דאַמאָלסט זיין אַ גרויסע! איך וועל שוין דאַמאָלסט אַליין קענען שווימען אַזוי ווי דאַשקע דער באַלעבאָסטעס... ניין, מאַמע?

— איך ווייס נישט —

— מאַמע, פאַר וואָס זיצט מיין טאַטעלע?

— דערפאַר, ווייל ער שטייט נישט...

— ניין, זאָג טאַטע —

— דו האָסט זיך שוין צוגעטשעפּעט? איך האָב זיך שוין צעשטאָכן אויף איבער דיר...

— אָבער וואָס אַרט דיך, אַז דו וועסט מיר זאָגן?

— גלייב מיר, איך ווייס אויך נישט, פאַר וואָס ער זיצט. ער זיצט, ווייל מען האָט אים אַוועקגעזעצט. אַן עק! גיי שלאָפן. ס'איז שוין באַלד צען אַ זייגער —

— מאַמע, איך וויל נאָך נישט שלאָפן. איך וויל גיין שלאָפן גלייך מיט דיר.

— איך גיי שוין אויך שלאָפן. מאָרגן וועלן מיר אויפשטיין פרי. מיר וועלן צוזאַמען איבערקאָכן די פּוטער מיט דער קאַקאַאָ מיט צוקער און מיט אַ פּראָשעקל וואַניל — דו וועסט שוין זען, ווי גוט עס וועט זיין. בע־סער פון שאָקאָלאַד! דערנאָך וועלן מיר אויסשלאָגן אַ גוטן, געדיכטן האָ־ניק־לעקעך און גלייך אויסטריקענען עטלעכע ריפּטלעך לעקעך אויף אַ בעקע־לע. דאַן וועלן מיר אין אַ קליין טעפּעלע אויפזידן אַ ביסל פון אונדזער קום־טאַרנע שאָקאָלאַד, און נאָך אַריינטון אַהין צו אַ קעלישעקל ריינעם ספּירט, — איך האָב נאָך פון דעם פלעשל, וואָס איך האָב געקויפט אין אַפּטייק עטלעכע טעג פאַר דעם פּראָפעסאָרס אַוועקפאָרן — דאָס דאַרף גוט דורכ־זידן, ערשט דערנאָך וועלן מיר אַריינבראָקן דעם קאָרענעם לעקעך. מיט איין וואָרט: דו וועסט שוין זען, וואָס עס וועט זיך באַקומען. עס וועט שוין זיין אמת גוט. דו האָסט נאָך אַזעלכעס נישט געגעסן זינט דו לעבסט. די בע־קעלעך וועלן מאָמענטאַל רויט ווערן ווי די וויינשל —

— מאַמע... מאַמע, אָט דאָס הייסט „טריאָנקע”?

— יאָ, יאָ. אָט דאָס הייסט טריאָנקע. נו, קום אין בעט אַריין.

— ניי, איך בין אויף דיר ברוגז —

— פאַר וואָס? האַרצעניו, עופעלע מיינס, קעצעלע מיינס, טייבעלע מיינס שייניניקס... אַק—סי—ניוש—קאַ...

— דערפאַר, וואָס דו ווילסט מיר נישט זאָגן, פאַר וואָס דער טאַטע איז פאַרשיקט —

רייזל האָט צוגעדריקט דאָס קינד צו זיך און האָט דורך טרערן גע־שעפּטשעט:

— דערפאַר וואָס מיין מזל איז אַזוי טונקל, מאַמע מיינע! דערפאַר וואַלגערט זיך אונדזער זיידע ביי פרעמדע מענטשן ערגעץ אין אויסרייסע־ניש; דערפאַר האָט מען דיינע פעטערס פאַרשיקט אין כף־הקלע; און אונ־דזער טאַטעלע אויך דערפאַר... אַלץ דערפאַר... אַ זינדיקע מאַמע האָסטו זיך אויסגעקליבן, טרייסט מיינע. דאָס איז זי, זי אַליין שולדיק אין אַלע צרות, וואָס קומען אויף אונדז...

דאָס מיידעלע איז איר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז מיט אַ געוויין:

— מאַמוליא, פֿאַר וואָס רעדסטו אַזוי? איך קען נישט הערן, אַז דו רעדסט אַזעלכע רייד...

די מוטער האָט איר אויסגעווישט די אייגעלעך:

— נו, געגוג, געגוג! אין בעט אַריין! לאָמיר זאָגן צוזאַמען —

— שמע... ישראל...

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דאָס האַלב־צעשאָקלטע צימער מיט זיי־נע פֿייכטע פֿיר ווינקלען איינגעטונקען געוואָרן אין שוואַרצן טינט. נאָר דער שניי אויף די שויבן האָט זיך שוואַך געווייסט און די פֿינקלענדיקע קוילן דורכן פֿענצטערל, וואָס אין הרובע־טירל. אַסנתל האָט זיך מיט איר מאָגער קערפּערל איינגעניורעט אין דער מוטער און איז באַלד איינגע־שלאָפֿן. נאָר רייזל האָט נישט געקענט שלאָפֿן. דאָס הייזל איז געשטאַנען אויף אַ ראָג און דער ווינט האָט געשמיסן די ווענט פֿון ביידע זייטן. די גאַנצע געביידע האָט זיך געהאַלטן אויף הינערשע פֿיסלעך און האָט געצי־טערט מיט אַלע אברים. אַסנת האָט איר ביז וויטיק אַריינגערוקט די פֿיס אין בויך אַריין, נאָר זי האָט מורא געהאַט זי אָפּרוקן פֿון זיך, טאָמער וועט זי זי דערמיט אויפֿוועקן. די אויגן האָבן זיך ביי איר ענדלעך אָנגעהויבן צו קלעפּן. ערגעץ, האָט זיך איר געדאַכט, מיאַוקען אָן אַ שיעור קעץ. מן הסתם הודעט אַזוי דער ווינט — האָט זיך אָפּגעלייגט אַ מסקנא אין איר שלעפֿעריקן מח. דערנאָך האָט אין הרובע עפּעס געפּלאַצט — מן הסתם אַ קויל אויסגעשאָסן. פֿאַרביי דער שטוב האָבן דורכגעלאָפֿירט געקאָוועטע פֿערדישע קאָפּיטעס. דערנאָך האָבן ערגעץ הינט געבילט, פֿאַרגיסנדיק זיך אין אַ יאָמערלעך וואָיעניש — אויף זייערע קעפּ! דערנאָך האָט זיך איר כמו ווי געחלומט, אַז זי הערט טריט אויף די טרעפּ. דערנאָך האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט געהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. זי האָט אין שלאָף פֿאַרשטאַנען, אַז עמעצער פֿון די שכנים קלאַפּט אודאי אַריין אַ משוואַק אין דער וואַנט. דערנאָך האָט זי שלאָפֿנדיקערהייט געביטן די סברא, זי האָט נאָר אַ טראַכט געטון, אַז דאָס מוז עמעצער ערגעץ טופּען מיט די פֿיס אין פֿאָל פֿאַר קעלט. דערנאָך האָט זי...

אָבער זי איז שוין דאַן געשמאַק געשלאָפֿן —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויפֿגעכאַפּט האָט זי זיך פֿון אַן איינגעשפּאַרט באַראַבאַנעווען אין קיכפֿענצטער. עטלעכע מינוט האָט זי זיך איינגעהערט אין אָט דעם מאָנאָ־טאָנעם פּויקעניש און האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַלץ אין חלום... מיט אַ מאָל אָבער האָט זי דערפֿילט מיט אַלע אירע חושים, אַז דאָס קלאַפּט מען טאָקע אויף אַן אמת. ס׳איז שוין אַ פּנים לאַנג, אַז מען קלאַפּט. אַ דערשראָקענע אויף טויט האָט זי זיך אַרויסגעגליטשט פֿון אַסנתלס אָרעמס, און האָט בגנבה געכאַפּט אַ קוק אויפֿן קיכפֿענצטער דורך אַ שפּאַלט אין דער טיר: דאָרט איז געשטאַנען עפּעס אַ טונקעלע פֿיגור און האָט אומ־אויפֿהערלעך געפּויקט אין דער שויב. גוואַלד, ווער קען דאָס זיין אַזוי שפּעט? מען מוז אָבער עפֿענען, עס העלפֿט נישט. יענער טרעט נישט אָפּ.

זי מאַכט אויף דאָס ליכט — צוואַנציק מינוט נאָך עלף! אַ האַלבנאַכטיקער גאַסט! ווער קען דאָס צו איר גיין?... זי האָט אויגנבליקלעך אַרויפגע־שלעפּט אויף זיך דאָס קליידל, אַרויפגעכאַפּט דאָס שאַלעכל אויף די אַקס־לען און איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַריין.

— ווער איז דאָרט?

— עפּן, רייזעלע, ס׳איז איך —

די טיר איז אויפגעשפּרונגען ווי פון אַן אויפרייס:

— שאַ—יע!

— טייערע מיינע!...

דער צעבאַלעוועטער ווינט האָט זיך פראַנק און פריי געשפּילט מיט דער אָפענער טיר, קיינער האָט זי נישט צוגעמאַכט. דאָס פּאָרפאָלק איז אַ פאַרשטאָרבנס געשטאַנען איינער אין צווייטנס אָרעמס. דער קאַלטער שטראָם לופט איז אַריין אין בעט אַריין אויף רייזלס אָרט און האָט אויפ־געוועקט דאָס קינד. פונעם צווייטן צימער האָט זיך דערהערט אַ דערשראָקן קולכל:

— מאַמע, ווו ביסטו? מאַ—מע, ס׳איז מיר קאַלט —

מאַן און ווייב האָבן זיך דערשראָקענע אַ וואָרף געטון צומאַכן די טיר, און שאַיע האָט זיך צעלאָזט לויפן אין שלאָפצימער אַריין:

— קום צום טאַטן, טעכטערל מיינס... אוי, קראַסאַוויצע מיינע... אוי, נשמהלע...

רייזל איז געשטאַנען ביי דער זייט אַ גליקלעכע און אַ וויינענדיקע:

— דו מענסט זיך אין איר גוט איינקוקן... וויפל האָט דען געפעלט, אַז דו זאָלסט זי שוין חלילה אין גאַנצן נישט טרעפן? זי איז ביי אונדז אַ געפונענע. ממש פון טויט — לעבעדיק געמאַכט!

— וואָס זשע איז איר אַזוינס געווען?

— דו פרעג בעסער, וואָס איז איר נישט געווען? אַלע שלעק פורעניות האָבן זיך פאַרקליבן אין איר שוואַך גופעלע...

— איך זע אָבער, אַז זי איז מיר עפּעס צו בלייך —

— ס׳אַ משל, דו זעסט זי איצט? איצט איז זי שוין אויף דעם עולם. דו האָסט׳ געדאַרפט אויף איר אַ קוק טון מיט אַ חודש צוריק, וואָלסטו שוין אַצינד נישט געזאָגט, אַז זי איז בלייך...

— פאָרט, וואָס זשע איז איר אַזוינס געווען? אסנתל טאָכטער, זאָג מיר אַליין, וואָס האָט דיר וויי געטון?

— אַזוי פלעגט מיר גאָרנישט וויי טון, נאָר אַז סערגיי טימאָפיעיע־וויטש פלעגט נעמען די לאַנגע נאָדל... אוי האָב איך נישט ליב, אַז מען שטעכט זיך — סכנות!

שאַיע, אַ שיינענדיקער, דרייט זיך אום צו רייזלען:

— ווער איז דאָס דער סערגיי טימאָפיעיעוויטש, וועגן וועלכן זי רעדט?

— גלייב מיר, שאַיעלע, איך ווייס אויך נישט ווער ער איז. איך ווייס נאָר, אַז דאָס איז געווען אַ מלאך פונעם הימל, וואָס איז אַראָפּגעשיקט

געוואָרן אויף דעם עולם צוליב פקוח־נפש; בלויז מיט דער שליחות: צו ראַטעווען אונדזער איין און איינציק טעכטערל.

— אָבער פאַרט? א פעלדשער? א דאָקטער פון דער פּאָליקליניק?

— וואָס פאַר א פעלדשער חלומט זיך דיר? וואָס פאַר א פּאָליקליניק? דאָס איז א מענטש אין די אַכציקער. א פּראָפעסאָר, צי אַן אַקאַדעמיקער. א זשעני, זאָג איך דיר, זאָגט ער גאָר א פעלדשער —

— איז ווי אַזוי זשע קומט ער צו דיר?

— אדרבה, אַנו זיי דו א חכם און פּרווו טרעפן: ווי אַזוי קומט ער צו מיר?

— איך פאַרשטיי נישט —

— איך פאַרשטיי אויך נישט! ער האָט קוים אויסגערעדט, אַז ער פאַרשטייט נישט. ס'איז שוין באַלד א חודש, אַז איך ברעך זיך דעם קאָפּ אויף דער דאָזיקער פראַגע און קען גאָרנישט פאַרשטיין.

— אָבער פון דעסט וועגן... עפּעס א וואָרט —

— אַן א פון דעסט וועגן! אַן א וואָרט! אין א שיינעם פרימאָרגן האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און ער איז אריינגעקומען. ביי מיר האָט ער גאָר־נישט געפרעגט. ער האָט אַליץ אַליין געוווסט: אי אונדזערע נעמען; אי אַז דאָס קינד איז קראַנק; אי אַז דיר דאַרף מען שיקן א פעקל קיין אַרכאַנ־געלסק! ער האָט אַליץ געוווסט גלייך מיט מיר, און איז גלייך צוגעטראָטן היילן דאָס קינד: מיט איינשפּריצונגען; מיט בלוט־איבערגיסונגען; מיט צו־נויפרופן קאָנסיליומס; און מיט וואָס נישט? אָבער דער עיקר — מיט מסירת־נפש. ער האָט זיך באַזעצט אין קינדס צימער און איז נישט אָפּגע־טראָטן פון איר, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט. ס'איז ערשט אין גאַנצן א וואָך, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן. ערשט אַז אסנתל איז שוין אַראָפּ־געגאַנגען פונעם בעט. איך זאָג דיר, נישט אַנדערש, נאָר דאָס איז געווען: רפאל המלאך, אָדער אליהו הנביא —

— איך פאַרשטיי נאָך אַליץ נישט קיין איין וואָרט... האָסטו נישט געקענט פרעגן ביי אים —

רייזל צעלאַכט זיך ביטער:

— וואָס פרעגסטו? ווי בין איך דען געפאַלן אויף אַזא גאונישער המצאה? פרעגן, זאָגט ער. איך האָב געוויינט פאַר אים, געחלשט, אַז ער זאָל מיר זאָגן כאָטש איין וואָרט —

— נו, און ער האָט געשוויגן?

— פאַר וואָס עפּעס האָט ער געשוויגן? געשוויגן גאָר! פאַר אַזעלכע פראַגן האָט ער געכאַפּט צו מיר דעם שטעקן... נישט איין מאָל אַזוי... הלמאי, וואָס דאַרפסטו שענערס? ער האָט דאָך מיר געגעבן אויך גרויסע סומעס געלט: צוויי טויזנט רובל, און פופצן טויזנט —

— פופצן טויזנט? און דו גייסט נעמען אַזעלכע קאַפּיטאַלן ביי א ווילדפרעמדן מענטשן?

— איך גיי נעמען... אַלע יידישע שונאים ווינטש איך, אַז זיי זאָלן

זיין אין מיין לאַגע און דווקא נישט נעמען. די צוויי טויזנטערס האָט ער מיר געגעבן באַלד ווי ער איז נאָר געקומען. איך האָב נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה, האָב איך געמוזט נעמען! דאָס קינד, נישט היינט געדאַכט, איז געווען ביי אַלע לעצט. מען האָט גענדאַרפט אויף רפואות, און אויף צו לעבן, עס האָבן נישט געהאָלפן קיין חכמות — דער חלף איז מיר געלעגן אויפן האַלדז! די פופצן טויזנטערס זענען שוין געווען אין אַ וואָך אַרום. נאָר שוין נישט גלייך אין די הענט אַריין. ער האָט זיי מיר אַריינגערוקט אין אַ הענטשקע —

— אין אַ הענטשקע?

— יאָ, אין טאַש פונעם פּאַלטאָ. אונטערגעוואָרפן. אַז איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען און צו שרייען: „וואָס טוט זיך דאָס אַרום מיר? וואָס פאַר אַ טויזנטערס? ווער זענען די טויזנטערס?" האָט ער אויף מיר אויפגעהויבן אַזאַ גוואַלד, אַז איך האָב נאָך געמוזט אים איינשטילן. זאָגסטו גאָר, צי איך האָב געפרעגט? יאָ, און אַ קוויטעלע איז אויך געווען אין דעם געלט —

— אַ קוויטעלע?

— אָט ווייז איך דיר עס שוין... דאָ ליגט עס ביי מיר... אין דער כתובה...

שאַיע לויפט גיריק איבער מיט די אויגן די עטלעכע שורהלעך, און צעלאַכט זיך אויפן קול:

— כאַ—כאַ—כאַ... ס'איז דיין כאַסקלס אַרבעט...

— ווּעמענס זאָגסטו?

— טאַקע דיין כאַסקלס... איך דערקען זיין לשון... מיט מיר האָט ער אויך גערעדט וועגן ארץ־ישראל... אָן ארץ־ישראל הייבט זיך ביי אים גאָר־נישט אָן... ביי אים איז יאָ ווי אין פּסוק שטייט: ירושלים — על ראש שמחתי... וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? וואָס איז, דו האָסט נישט געוווּסט, אַז היינט דאַרף איך שוין זיין אין דער היים?

רייזל וויל עפּעס ענטפערן, נאָר די צונג פּאָלגט זי נישט. ענדלעך פרעגט זי שטיל:

— שאַיעניו... וויי איז מיר... ווי אַזוי איז ביי דיר לעצטנס מיטן קאָפּ? עפּעס רעדסטו נישט צו דער זאַך —

שאַיע איז טיף באַליידיקט. אַ שיינער קאָמפּלימענט צום ערשטן אַרוים־פאָר. נאָר ער האַלט זיך איין און זאָגט ליבלעך:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך: „קאָפּ"... „צו דער זאַך"... איצט איז אַ צייט אויף צו פראַווען קאָמעדיעס?

— מייערער, ווער פראַוועט מיט דיר קאָמעדיעס? נאָר עפּעס האָסטו עטלעכע מאָל אָנגערופן אַ נאָמען: כאַסקל, און איך ווייס נישט, ווער דאָס איז —

— כאַסקל — ווייסטו נישט? רייזעלע, זאָג בעסער, ווי אַזוי איז ביי דיר מיטן קאָפּ? וואָס הייסט, דו ווייסט נישט? כאַסקל שניצער — ווייסטו

נישט? פון וואָראָניעזש? איך מיין, פון אסטראַכאַן? וואָס דו האָסט אים געשיקט צו מיר קיין אַרכאַנגעלסק? נו, האָסט זיך שוין דערמאָנט, קעצעלע מיינס?

— איך האָב געשיקט?

ביידע טרעטן אָפּ איינער פונעם צווייטן און באַטראַכטן זיך פונעם קאָפּ ביז די פיס. אַ פאַרלווירענער שמייכל קרימט רייזלס צוביבערנדיקע ליפּן:

— איך, זאַגסטו, האָב עמעצן געשיקט קיין אַרכאַנגעלסק?

— ווער דען האָט אים געשיקט?

— וואָס הייסט, איך האָב געשיקט? וואָס בין איך עפּעס פּאַר אַ שיר־קערין?

— פּונקט דאָס זעלבע האָב איך אים אויך געפרעגט, האָט ער אויף מיר אויסגעבטלט חלומות...

ווידער באַטראַכט ער זיין פרוי מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ:

— גאָט מיינער, ווער פון אונדז איז משוגע? שאַ! וואַרט נאָר אויס! שאַיע כאַפּט זי אָן ביי ביידע הענט און שרייט טריאומפירנדיק:

— שטיי! ווי אַזוי ווילסט דו מיר איינרעדן, אַז נישט דו האָסט אים געשיקט צו מיר, סטייטש, ער האָט דאָך מיר אפילו געבראַכט אַ פאָטאָ־גראַפיע פון דיר פאַר אַ סימן —

— אַ פאָטאָגראַפיע? פון מיר?

— נאַ, קוק, אויב דו גלייבסט מיר נישט. אפשר איז דאָס נישט פון דיר? אפשר האָב איך אַ טעות?

זי רייסט אויס דאָס בילד פון זיינע הענט, וואַרפט דערויף אַ קוק און שרייט אויס:

— צוגעגנבעט פון דעם אַלבאָם! דאָס איז סערגיי טימאָפיעיעוויטשעס אַרבעט! קיין אַנדערער קען עס נישט זיין. איך האָב קיינעם נישט איבער־געלאָזט אַליין אין שטוב. יאָ, ס'איז נאָר ער! איז וואָס זאָגסטו, אָט דער כאַסקל? וואָס האָט ער געדאַרפט אין אַרכאַנגעלסק?

— וואָס הייסט, וואָס ער האָט געדאַרפט? ווי אַזוי דען קום איך אַהיים? ס'איז דאָך ערשט איין יאָר, אַז מען האָט מיך צוגענומען, און איך האָב געהאַט צען יאָר! דו פרעגסט אפילו נישט, ווי קום איך פּלוצלינג אַהיים?

— שאַיעניו, איך האָב נאָך נישט געהאַט ווען צו פרעגן... גאָט מיי־נער... ווו איז מיין קאָפּ? ווי אַזוי זשע טאַקע?

— נאָך אַ מאָל: ווי אַזוי זשע! זאָג איך דיר דאָך: דיין כאַסקל איז געקומען —

— נאָך אַלץ — מיינער?

— נו, זאָל זיין מיינער! איך וואַרף זיך מיט אים נישט. ער איז טאַ־קע באמת אַ לויטערער מלאך, אַ שליח פון זיין ליבן נאָמען. ער איז גע־קומען צו פאָרן, אָדער צו גיין אין לאַגער אַריין, אין דעם שרעקלעכן לאַ־

נער נומער 59, אין וועלכן עס קומט קיין מאָל נישט אַריין קיין ציווילער מענטש. איז ער געקומען צום הויפּט־דאָקטער: פּאַלקאָווניק יאַגודאַיעוו, זײַנער אַ גרויסער גוטער פֿרײַנד, און מען האָט מיך אויף איין פֿוס אָפּ־טירט און באַפֿרײַט. אַז בסך הכּל — דו הערסט? — אָפּטירט מען גאָר הײַנט קיינעם נישט, אַפֿילו קיין גוססדיקן אויך נישט. ווער שמועסט נאָך ביי אונדזער דימענטענעם נאַטשאַלניק, דעם ווייס־רוס, וואָס אַז מען זאָל, דאַכט זיך, אויסגיין פֿאַר זײַנע אויגן, וואָלט זיך זײַן האַרץ קיין ריר נישט גע־טון... איך פֿאַרשטיי, אַז חוץ גוט־ברודערשאַפֿט האָט כאַסקל געמוזט אַוועק־לייגן פֿאַר מײַן באַפֿרײַאונג אַ שיינע אַפּותיקי! אין די גרויסע, גרויסע טויזנטערס. אפֿשר פּופּציק, און אפֿשר הונדערט מיט פּופּציק! אַזוי האָב איך געזען אויף יאַגודאַיעווס פּנים. און אַזוי האָב איך געפֿילט אין זײַן אַרויספּאַרטיקן מיך איינס און צוויי. אַזוי פֿאַרשטיי איך! און דער זעלבער כאַסקל האָט מיך געבראַכט קיין מאָסקווע, אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן אַרײַן און אייך ביידע געלאָזט גריסן. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען אַהער אין עטלעכע טעג אַרום. איצט פֿאַרשטייסטו שוין? זאָגסט דו גאָר, אַז ס׳איז מײַן כאַסקל. אַז יענער קען זיך גאָרנישט אָפּלויבן פֿון דיר: וואָס פֿאַר אַ חכמה דו ביסט; וואָס פֿאַר אַ בריה, קיין עין־הרע, דו ביסט; כ׳ווייס? דאַכט זיך, גאַנץ הלל האָט ער אָפּגעזאָגט אויף דיר, ווילסטו גאָר, אַז ער זאָל זײַן מײַ־נער? מילא, נו, זאָל שוין זײַן אַזוי! זאָל ער זײַן מײַנער! ער שטייט מיר אָן פֿאַר אַ מחותן —

# קאַפּיטל XIV

די גאַנצע צייט פון שאַיעס לאַנגן ספּור־המעשה האָט זיך רייזל גע־פונען ווי אין אַ הינערפּלעט. אַלע אירע חושים זענען איצט געווען אַריינ־געטון בלויז אין הערן. אַ קורצע ווײַלע נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט, איז פון איר אַראָפּגעפאַלן איר פאַרשטיינערטקייט און זי האָט אַ פּליעסק געטון מיט די הענט:

— יאָ, ס'איז קלאָר ווי דער טאָג! דער דאָזיקער כאַסקל איז די הויפּט־פיגור פון אונדזער גאַנצער „פּרשת־שירה“; פון דער גאַנצער ברכה: סומך נופלים ורופא חולים ומתיר אסורים... הוא המוציא הוא המביא, סיי ביי דיר דאָרטן, סיי ביי מיר דאָ. דאָס האָט ער אַראָפּגעשיקט דעם פּראָפעסאָר; דאָס האָט ער געגעבן געלט; אַלץ — ער! און אָט די שרעקלעכע קאָנספּי־ראַציע איז אויך זיינע! ער וויל נישט, אַז מען זאָל אים קענען. פאַר זיין נסיעה קיין אַרכאַנגעלסק איז ער געווען אויך אין טאַגאַנראָג. אין דעם טאָג פון די פופצן טויזנטערס. דער פּראָפעסאָר איז צו אים געפאָרן צוויי מאָל; דאָס געלט אונטערגעוואָרפן; די פאָטאָגראַפיע פאַר דיינעט וועגן צוגענומען; איצט איז שוין אַלץ קלאָר און דייטלעך ווי אויף דער דלאָניע. איז ווי אַזוי זאָגסטו, שאַיעלע, ער האָט דיר צוגעזאָגט אין אַ פּאָר טעג אַרום צו קומען אַהער?

— אפשר צען מאָל האָט ער צוגעזאָגט. העכסטנס אין דריי טעג אַרום. כאַסקל איז נישט אַזעלכער, וואָס ער זאָל אָפּנאַרן.

— יאָ, יאָ, „זיץ אויפן ים און וואַרט אויף אַ גוט וועטער“... ער קען שוין קומען... ער וועט אַזוי קומען צו דיר, פּונקט אַזוי ווי סערגיי טימאָ־פּיעוויטש שרייבט אונדז בריוו... אַן עק, טו זיך שוין אויס! צעוואַש די הענט! אָט דערלאַנג איך צום טיש. גאָט מיינער, ווי גליקלעך איך בין! אַי דעם מאַן אין דער היים, אַי דאָס קינד ברוך־השם געשטעלט אויף די פיס, פאַר וואָס קומט מיר אַזוי פיל גליק? פאַר וואָס? איצט, שאַיעניו, דאַרף נאָך גאָט העלפן אַ גוטן בריוו פונעם טאַטן; כאָטש אַ גוטע ידיעה פון די ברידער, און אונדזער גליקסבעכער וועט זיין פול איבער די ברעגן! געלט האָבן מיר נאָך גענוג, אַריבער דרייצן טויזנט רובל, מיר וועלן זיך קענען פאַרגינען עטלעכע חדשים זיך אָנפּרייען נאָך דעם ביטערן פאַרגאַנגענעם יאָר. דו וועסט ביי מיר נישט גיין אויף קיין שום אַרבעט ביז פורים! ניין, ביז נאָך פּסח! זייערע גליקן וועסטו נישט אָנווערן. נו, געוואַשן זיך זאָל ווערן! טעכטערל מיינס, אַראָפּ פונעם בעט! טו זיך אָן! ביי אונדז איז היינט אַ גרויסער יום־טוב. דעם פאַרביסענעם כאַסקל וועלן מיר אַלץ איינס נישט געפינען. נו, קומט צום טיש! דער ביטערער טראָפּן איז אויך דאָ, נאָך פון די קאָמפּרעסן געבליבן. וועמען הערן מיר אַצינד? ווער איז צו אונדז גלייך? שאַיע, זיי נישט אַזאַ בער! ריר זיך! לעבעדיקער אַ ביסל! דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין!

לאָמיר טרינקען אַ לחיים,
אוי־אוי, אוי, אוי —
פאַר דעם לעבן, פאַר דעם נייעם,
אוי־אוי, אוי, אוי —
פאַר דעם לעבן, פאַר דעם נייעם,
אוי־אוי, אוי, אוי —

היידאַ צום טיש, מיינע געסט! אַ גאַסט פון יענער וועלט, אַ גאַסט פון דער וועלט. פריילעך דאַרפן מיר זיין! פריילעך ביז גאָר! לאָמיר הוליען ווי די קאָזאַקן, אַז חי — זאָל זיין געלעבט!...

ביים טיש, דערציילנדיק איינער דעם אַנדערן די ניסים ונפלאות, וואָס האָבן געטראָפן מיט יעדן באַזונדער, האָט זיך ווידער דער שמועס געדרייט אַרום זייערע פאַרבאָרגענע בעלי־טובות. פון וואָס מען האָט נישט גערעדט, צי פון רייזלס צרות אין דער היים, צי פון זיינע איבערלעבענישן אין טורמע און אין לאַגער — עס האָט נישט געהאָלפן! מען איז נישט ווילנדיק צוריק אַרויפגעקומען אויף כאַסקל שניצער און אויף סערגיי טימאָפּיעיעוויטשן. רייזל האָט שטאַרק געלאַכט פון שאַיעס אַרויסגעשטעלט ווערן פון דער טעלעפאָן־בודקע:

— ווי איז גלאַט געווען דיין קאָפּ, אינזשיניער דו? אויב ער דאַרף ענטפערן, ווער עס רופט אין טעלעפאָן, איז דאָס אַ מיליטערישע געהיימניס, און ער דאַרף דיך אַרויסשיקן פון דער בודקע? ווי אַזוי האָסטו זיך גלייך נישט אָנגעשטויסן, אַז יענער וויל פּשוט נישט אָנרופן זיין אמתן נאָמען אין דיין קעגנוואַרט, און זוכט אַן אויסרעד, ווי אַזוי דיך אַרויסצוליוווערן פון דער קאַבינע?

— איך ווייס? סוד אחר אל תגל...* דו ביסט דאָ אַ חכמה, אַז דו ווייסט ביי זיך, אַז דו האָסט קיינעם נישט געשיקט צו מיר, אָבער איך בין דאָך געווען זיכער, אַז כאַסקל איז דיין קאָמפּאַניאָן! איצט אַ שטייגער, אַז ער זאָגט, איך זאָל אַרויסגיין, מסתמא איז דאָך דאָס אַ סוד. יענער, זע איך, איז מיטן פּאָלקאָווניק אַזאַ „פּאַני־בראַט", זאָל איך אים גאָר נישט גלייבן, אַז ער קען דאַרפן איבערגעבן אַ מיליטערישע געהיימנים, זאָל איך אים נישט... זי פרעגט קשיות, פרעגט זי... קען איך דאָך אויך פרעגן נאָך אַ ביסל אַ האַרבערע קשיא, קען איך: למאי ביסטו נישט נאָכגעגאַנגען דעם פּראָפעסאָר, ווען אָט דער נסתר האָט אים אַרויסגערופן צו זיך? און איך זאָג דיר נאָך אַצינד אויך, אַז ער וועט זיך צו אונדז אַראָפּכאַפּן —

— איך וואָלט געוואָלט אַזוי פון קיין צרות שוין מער נישט וויסן, ווי דו וועסט אים שוין זען, פּונקט ווי דיינע אויערן —

---

* אַ סוד פון אַ פרעמדן מענטשן, זאָלסטו אַליין נישט וועלן געוווּיר ווערן, און אויב דו ווייסט אים שוין יאָ, זאָלסטו אים פאַר קיין צווייטן נישט אַנטפּלעקן. פון משלי.

— דאָס איז דיין מיינונג און איך בין מיט דיר נישט מסכים. כאַסקל וועט נישט זאָגן קיין ליגן. מיט דעם לשון טאַקע האָט ער מיר געזאָגט: „איך וויל אייך נישט משיג גבול זיין. זאָל זיך פריער רייזל אָנפרייען מיט אייך, דערנאָך וועל איך קומען אָפּנעמען מיין חלק אין אייער שמחה"...

רייזל שאָקלט מיטן קאָפּ:

— לאָמיך כאָטש הערן, ווי אַזוי זעט ער אויס, דיין כאַסקל?

— דו ווייסט נישט, ווי אַזוי ער זעט אויס? אַה! איך פאַרגעס אַלץ, אַז די גאַנצע מעשה איז גאָר אַ בוידעם: דער כאַסקל, איז נישט קיין כאַסקל; שניצער — נישט קיין שניצער; אפשר איז ער בכלל גאָר נישט קיין פשוטער מענטש? אפשר טאַקע אויף אַן אמת האָט זיך דאָס מאָל אליהו־הנביא פאַרשטעלט אין דעם געשטאַלט פון דעם דאָזיקן יונגנמאַן? איך בין שוין איצט נוטה צו גלייבן אין וואָס דו ווילסט...

— איז וואָס פאַר אַ דמות האָט ער געהאַט, אָט דער אליהו־הנביא דיינער?

— אַ הויכער, אַ געזונטער, אַ שוואַרץ־חנעוודיקער, מיט אויגן — האָט אַזעלכע, גלייב איך, געקערט האָבן די מוטער רחל! דאָס גאַנצע האַרץ — אין די אויגן. אין די אויגן און אין דער שטימע. ער רעדט — און דיר דאַכט זיך, אַז דאָס שפּילט אַ האַרפע. און אַזאַ פריילעכער און אַזאַ קאַפּריזנער און אַזאַ מיוחס ביי זיך און אַזאַ געבאַלעוועטער — אַ שרעק! טאָמער וויל ער עפּעס אַ זאַך, מעגסטו זיך שטעלן מיט איין פוס אויפן דאַך און מיט דער אַנדערער אויף דער ערד — וועט דיר גאָרנישט העלפן. וואָס דאַרפסטו מער? דאַכט זיך, דאָס וואָס איך אַליין האָב געהאַט אויסצושטיין פון זיין עקשנות, וועסטו נישט אויסדערציילן אין אַ טאָג מיט אַ נאַכט, זאָגסטו גאָר... און טאָמער מיינסטו, אַז איך בין דיר מגזם, אַז איך שטעל דיר אויף אַ בוידעם, אַ האָצעקלאָץ, וואַרט! אָט וועט כאַסקל קומען — און קומען וועט ער דאָך! ווען דו זאָלסט אפילו אכצן מאָל שווערן, אַז ניין! — וואַרט זשע אויס, איך וועל ביי אים פועלן, אַז ער זאָל פאַר דיר אין די אויגן איבערחזרן מיינע רייד: מלה במלה, אות באות —

— ויקם עדות ביעקב! גאָט האָט אים געהאָלפן אַ כאַסקל פאַר אַ יאָר־עדות, און ער פּאָכעט מיט אים מיט אויף רעכטס און אויף לינקס. אָבער אַז איך זאָג דיר גאָר: חלמא טבא חזית! איך זאָג דיר צום צענטן מאָל: כאַסקל שניצער — פּונקט ווי איוב — לא היה ולא נברא, אלא משל היה —

— שאַ! נו־נו, האָב איך באַקומען אַ קאָפּ, באַהיט זאָל מען ווערן! ער האָט דאָך צוגעשיקט מתנות פאַר אייך... אַ פולן טשעמאָדאַן —

— מתנות גאָר? דאָס וואָס ער האָט געראַטעוועט אי דיך, אי דאָס קינד איז דיר נאָך ווייניק, גייסטו נאָך ביי יענעם נעמען מתנות? און בכלל, וואָס עפּעס פאַר אַ נעמען מתנות ביי פרעמדע מענטשן?

— נאַ דיר גאָר: איך גיי נעמען... יענער פרעגט דען? ער קויפט! זעט ער טופליעס — איז טופליעס, און דווקא צוויי פּאָר, אַז עס זאָל זיי זיין היימלעכער. און ווייסט דיר פון אַזעלכע ווייבערשע מעשות, אַז סאַפּיאַנאָווע איז באַקוועם צו טראָגן אין שטוב, און זאַמשענע — דאָס איז אין

גאָס אַריין... וואָס זאָל איך דיר דערציילן, אַז ס'איז געקומען צו אויס־קלייבן פאַר דיר אַ קלייד — מאַמע מיינע! די פאַרקויפערינס זענען אָן הענט געבליבן פון דערלאַנגען דאָס און דערלאַנגען יענץ און נאָך עפּעס אַנדערש און ווידער עפּעס אַ נייס, איך זאָג דיר —

— וואָס רעדסטו? אויף אַ קלייד האָט ער אויך געקויפט? נו ווי אַזוי איז דיר נאָר קיין בזיון נישט? ביי אַ פרעמדן מענטשן גייט מען נעמען אַזעלכע זאַכן ווי אַ קלייד פאַר דער פרוי? מען זאָגט אים איין מאָל איבער אַלע מאָל —

— רייזעלע... דו זאָגסט גאָר: „מען זאָגט אים"... שוטה דו, איך האָב אים נישט געזאָגט, נאָר צוגעהאַלטן ביי די הענט, זיך געשווירן, אַז ער זאָל נישט קויפן פאַר אונדזערעט וועגן. מיר זאָלן שוין אַזוי ביידע זיין גליקלעך. נאָר אַז יענער איז אַזוי איינגעשפּאַרט... איי, איך קען דיר אים גאָר נישט אויסמאָלן. יעדע מינדסטע זאַך האָט ער איינגעקויפט גלייך אויף גלייך: פאַר דיר און פאַר זיין ווייב, פאַר זיין ווייב און פאַר דיר —

— וואָס? ער איז גאָר אַ באַווייבטער, דיין כאַסקל?

— ווי אַזוי דען האָסטו געמיינט? און אַ יינגעלע האָט ער... מיר האָבן ביידע געדאַוונט אין זיין טלית...

— ווער איז זיין ווייב?

— כאַ־כאַ־כאַ... ביסט אַ טשודאַטשקע, אויף מיין וואָרט! ווער ער אַליין איז, דאָס ווייס איך שוין, זאָל איך נאָך וויסן, ווער זיין ווייב איז... זאָלסט אָנקוקן, וואָס פאַר מתנות פאַרן קינד... וואָס פאַר אַ פּאַלטנדל, וואָס פאַר אַ שיכעלעך, וואָס פאַר אַ שפּילצייג, וואָס פאַר אַ ליאַלקעס! היינט ארץ־ישראל־פּירות אויף „חמשה עשר" — אַ שלל! פון הערן און זען און געדענקען... לאָזט, לאָמיך אייך ווייזן. אסנתל, האַלט גרייט דאָס מויל —

אויפן טיש זענען איינציקווייז אַרויסגעלייגט געוואָרן דעם קינדס זאַכן, די נאַשערייען, די טופליעס פאַר רייזלען, דאָס שפּילצייג. העט־העט אונטן, אויפן סאַמע דנאָ, איינגעוויקלט אין אַ קאָלירטן בויגן פּאַפּיר איז געלעגן אויסגעשפּרייט דער קופּאָן פּליוש פאַר רייזלען. שאַיע האָט נאָך נישט באַוויזן אָקוראַט צו צענעמען דאָס שטיקל סחורה, ווי פון רייזלס ברוסט האָט זיך פּלוצלינג אַרויסגעריסן אַ שווידערלעכער קוויטש. דאָס גאַנצע בלוט פון איר פּנים איז מאָמענטאַל אָפּגערונען אין תהום פון איר קערפּער און זי האָט זיך מיט ביידע הענט אַ כאַפּ געטון פאַרן האַרצן. שאַיע איז ווי אַן אָנגע־ביסענער צוגעשפּרונגען צו איר. ער איז געוואָרן מער טויט, ווי לעבעדיק:

— וואָס איז דיר, לעבן מיינס?

אירע ליפּן האָבן זיך קוים־קוים באַוועגט:

— גאָרנישט, גאָרנישט... ס'איז אַ שטאָך... עס וועט איבערגיין... ס'איז פון דער לעצטער צייט אָן... טרעפט זיך דאָס מיט מיר אַ מאָל... לאָז, איך וועל זיך אויף אַ ווײַלע אַנידערלייגן... וועט עס גיכער איבערגיין...

ווי אַ אָנגעבראָכענע צווייג איז זי אומגעפאַלן אויפן בעט און האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. דאָס האַרץ האָט זיך אין איר מוראדיק געוואָרפן, אין די שלייפן האָבן געקלאַפּט טויזנטער העמער־

לעך, פאַר אירע פאַרמאַכטע אויגן איז אַרויסגעשוווּמען: אַ סמאָלע־שוואַר־צע נאַכט; אַ לויפנדיקער צוג, און אַ פענצטער, און אַ נאָענטע־נאָענטע, מעלאַדישע שטימע:

„...אייער קלייד געפעלט מיר זייער און זייער... דאָס איז עפּעס אַ מין סימבאָל: שוואַרצער פּליוש מיט רויטע בליצן... קוקט אַליין, ווי שיין עס באַקומט זיך... אָך, דאָס דאַרף מען פאַרשטיין! עס טרעפט אַ מאָל, אַז אויך דער פאַרוואָגלטער און פאַרשטויסענער באַגעגנט אַ צאַרטע נשמה... זי גיט אים אַ שיין אַריין אין האַרצן אַריין מיט אַ געטלעכער ליכטיקייט... מיט זיין גאַנצן חיות גיט ער זיך אַ צי צום ליכט, און... און נעמט אָן פאָר־לע הויפנס מיט פינצטערניש, מיט פוסטקייט... ער האָט געמיינט, דער שוטה, אַז אַ בשר ודם קען זיך אַזוי לייכט מתדבק זיין מיט אור און זיך צונויפגיסן מיט אים... ער פאַרגעסט, דער בעל־החומר, אַז די ערד איז אַ מאַגנעט... דער שטאַרקסטער מאַגנעט אויף דער וועלט... זי לאָזט קיי־נעם נישט אָפּ פון זיך... אפילו ווען דער חי ווערט צוריק פאַרוואַנדלט אין אַ דומם; אין אַ פגר מובס און זי קען שוין פון אים גאָרנישט יונק זיין — אויך דאַמאָלסט גיט זי אים נאָך קיינעם נישט אָפּ... זי באַהאַלט אים אין אירע קעלערס... אין אירע אומענדלעכע אָפּגרונטן... און אפילו אויב עס טרעפט אַ מאָל אַ פאַל, וואָס איז חוץ מדרך־הטבע; דער פאַרחושכטער שקלאַף איז מורד אין דער „מאַמע־ערד", ער וויל בגוואַלד זיך עוקר מן השורש זיין און זיך באַהעפטן מיט דעם ליכטיקן שטערן, מיט דעם מלאַ־כשופדיקן בליץ, וואָס האָט אין זיין האַרצן אָנגעצונדן אָט די תשוקה עזה כמות — איז שוין דאָן פונעם שטערן קיין סימן נישטאָ... שמש וירח קדרו וכוכבים אספו נגהם...* אַ בליץ דויערט נישט לאַנג... און ער האָט דאָס נישט געוווּסט, דער אומגליקלעכער... און ווידער צאַנקט זיין עלנטע נשמה פון בענקעניש נאָך שיין... מיר איז שווער דערפון צו רעדן, אַזאַ שמועס איז פאַר מיר זייער וויטיקלעך..."

רייזל פאַרקוועטשט די אויגן, ביז עס באַווייזן זיך פייערדיקע קאַרע־טעס אין דער פינצטער. פלאַקערנדיקע קאַרעטעס מיט פייערדיקע פערד. און פון אָט דעם אַלץ־פאַרשלינגענדיקן ים פון פייער און פלאַמען שווימט אַרויס אין איר דמיון דאָס בילד פון שלמהן. זי זעט זיין ענערגיש, טרוי־עריק פּנים; זי זעט זיך גיין מיט אים געאָרעמט ל"ג־בעומר אין פּושטשע־וואָדיצע; זי זעט זיך גיין מיט אים באַגינען אין וואַלד; דערנאָך ביים וועכטער אין דער כאַטקע; זי זעט זיין בלוט ביי איר אויפן טיכעלע. זי פילט עס נאָך איצט אויף די פינגער... דערנאָך איר קרענק און זיין הילף... אויך איינגעוויקלט אין סוד... דאַמאָלסט האָט ער זי געראַטעוועט פונעם טויט און איצט — איר מאַן און קינד... אַלצדינג יאָ, אָבער חתונה געהאַט האָט ער טאַקע מיט „יענער"... פאָלי, הייסט עס, האָט איר אָפּגעזאָגט דעם

---

* די זון און די לבנה זענען פאַרשטעלט געוואָרן פון פינצטערע כמאַרעס, אויך די שיין פון די שטערן איז פאַרהוילן געוואָרן פון מענטשנס אויגן. פון תנ"ך.

באוווסטן פסוק: „תן לי הנפש והרכוש קח לך”... ער האָט שוין אפילו א זון מיט איר... א קליין שלמהלע...

זי עפנט אויף די אויגן און דרייט זיך שטיל אום צום טיש: שאיע, זעט זי, זיצט אין מיטן צימער און האַלט דאָס טעכטערל אויף די הענט. ביי זיי ביידע זעען אויס די פנימער: פאַריתומט, באַטריבט. עס כאַפּט זי אָן ביים האַרצן א גרויס רחמנות אויף זיי. זי טוט א שפּרונג אויף פונעם בעט, גיט א פלי צו צו זיי און באַשיט זייערע פנימער מיט הייסע קושן געמישט מיט זודיקע טרערן:

— מיינע ליבע, מיינע טייערע, מיינע איין און איינציקע, פאַר וואָס זיצט איר עפּעס אַזוי פאַראומערט? עס איז דאָך איצט א גרויסער יום־טוב ביי אונדז! א שלעכטע מאַמע ביי אייך! זי האָט געפונען א צייט ווען צו ליגן מיטן פּנים צו דער וואַנט. ווייסט איר גאָר וואָס? קומט טאַנצן!... שאיע, קום!... אַז גאָט האָט אונדז שוין יאָ אַזוי חוץ מדרך הטבע גע־האָלפן, טאָ לאָמיר פריילעך זיין! הײדאַ אין ראָד! אַלע, אַלע, זינגט זשע לעבעדיקער:

וואָס מיר זענען, זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר —
וואָס מיר געדענקען, געדענקען מיר,
אָבער א טובה געדענקען מיר...
איי, איי, איי, איי,
איי, איי, איי —
אוי, אוי, אוי, אוי,
אוי, אוי, אוי...

זי לויפט צו צום טיש, גיסט זיך אָן א קעלישעקל משקה, הייבט דאָס אויף אין דער הויך, אויף וויפל איר האַנט קען זיך נאָר אויסציען:

— לחיים, מיינע טייערע! לחיים שאיע, פאַר דיין כאַסקלען! דו זאָגסט, אַז ער איז מיינער? מסכים, זאָל ער זיין מיינער! אַלץ איינס, וועןמענס ער זאָל נישט זיין, איז ער זיכער א זעלטענער מענטש, וואָס זיין גלייכן איז שווער צו געפינען. זיך אַזוי מפקיר זיין פאַר פרעמדע מענטשן און זיך אַזוי היטן פאַר א דאַנק... דאָס האַרץ זאָגט מיר, שאיע, אַז ער וועט דווקא נישט קומען! דאָס מאָל וועט ער שוין דווקא יאָ בלייבן א ליגנער! לחיים פאַר זיין גאָלדענעם שותף, סערגיי טימאָפעיעוויטש! עס זאָל זיי ביידן בייִ־שטיין דער זכות פון זייער התנהגות קעגן אונדז, — שרייט זשע הויך: אמ—מן! אמ—מן!! אמ—מן!!!

און כליפּענדיק אויף א קול:

— לחיים אונדז אַלע! לחיים אַלע געליבטע און אַלע ליבנדיקע פון דער גאָרער וועלט! לאָמיר אויפהייבן אונדזערע כוסות פאַר דעם ערשטן בליק פון באַשערטע נשמות, וואָס פאַרקניפּט און פאַרוווּנדעט... פאַר אַלטער לי־

בע, וואָס ראָסטעט קיין מאָל נישט... פאַר נשמה־צוגעבונדנקייט, וואָס ברעכט שטאָל און אייזן... זיצט זשע נישט ווי די לײמענע גולמס! זינגט זשע פרײלעכער! לעבעדיקער!! טאַנצנדיקער!!!

וואָס מיר זענען, זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר —
וואָס מיר קענען, קענען מיר,
אָבער בענקען קענען מיר...
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ,
לאַ־לאַ־לאַ,
אוי־אוי־אוי —
אוי, אוי, אוי...

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָס נײ־יאָר האָבן שלמה מיט יוכבדן באַגעגנט אויף לוואָווסקע־גאַס, ביי די ראַדיעצקיס. עס האָבן זיך אין יענעם אָוונט ביי שלמהס שווער און שוויגער פאַרזאַמלט אַלע זייערע אויסגעגעבענע קינדער מיט די אייניקלעך, אויך שלמהס ברידער און שוועסטער. נאָר די מוטער זיינע האָט בשום אופן נישט געוואָלט גיין פאַרברענגען, בעת דער מאַן אירער זיצט אין טורמע. עס זענען געווען אויך פרעמדע געסט: די קינדערס חברים, חברטעס. מען האָט זייער פריילעך פאַרבראַכט, געשריגן „הורא" פאַר דעם קומענדיקן יאָר 1940, פאַר דעם דריי און צוואַנציקסטן יאָר פון דער אָקטאָבער־רע־וואָלוציע. בלויז דער אַלטער נחמן האָט קיין „לחיים" נישט געוואָלט טרינ־קען. איין מאָל — ניין! ער האָט געזאָגט, אַז ביי אים איז דאָס געבוירן ווערן פון קריסטוס גאָר אַ קליינער יום־טוב. דעם גרויסן נחת, וואָס יידן האָבן פון אים געהאַט, האָט ער געמעגט בעסער אין גאַנצן נישט געבוירן ווערן. און אפילו די „כלה־מויד", וואָס ווערט למזל דריי און צוואַנציק יאָר, מעג שוין אויך מער נישט אַלט ווערן. פאַר אַ יאָרן, פאַר צוויי יאָרן האָט די גאַנצע וועלט געמיינט, אַז נאָר יעזשאָוו איז דער חיב, ער איינער איז דער גאַנצער מלאך־המות, אָבער איצט, אַז ס'איז שוין אַזוי לאַנג, זינט יענער המן האָט אָנגעלייגט מיטן קאָפּ און מען הערט נישט, אַז די מלוכה זאָל אפילו קלערן פון פאַרריכטן זיינע עוולות, איז דאָך דאָס אַ סימן מובהק, אַז אין בין יעזשאָוו לבעריאַ, ובין בעריאַ לסטאַלין, אלא שעבוד־מלכיות בלבד, * מעג דאָך טאַקע אויף זיי אַלע קומען איין גוטע אויסגעבאַ־פּעניש, ווער שמועסט אויף די ליבהאַרציקע יויזל־סטראַפּטשעס ** מיט זייער באַרעמהאַרציקער קאַפּעלע... האָט אים אָבער שלמה דערציילט אַ רבישע מעשה, אַז דאָס גוטע יאָר קען זיך אָנהייבן אויך פון זייער ראש־השנה, ווי

---

* געמיינט: ווער עס זיצט אויפן בענקל, ווער עס קאָמאַנדעוועט.

** יויזל — יעזוס.

עס שטייט אין תהילים: „ד׳ יספור בכתוב עמים״. אויף שלמהס רייד האָט שוין ר׳ נחמן געשמעלט, און האָט מיט אַלעמען געטרונקען „לחיים״. די צונויפגעטראָגענע פּאַטעפּאָנען האָבן געשפּילט; פּאָרלעך האָבן זיך געדרייט; משקה האָט זיך געגאָסן; אַלץ איז געווען ביד רחבה ובעין טובה... יוכבד איז געווען לעבעדיק און פריילעך. איר קינד האָט ביי יעדן באַזונדער זייער אויסגענומען מיט זיין חכמה. זי האָט שוין גאָר לחלוטין פאַרגעסן די סומנע אָוונטן אויף דעם וויסטן סאַלאָמינקע, פון די אומענדלעך־לאַנגע וואָכן, וואָס דער מאַן אירער האָט פאַרבראַכט אויפן „צוזאַמענפּאַר״. די מתנות זיינע זענען געווען זייער גוצלעכע און חנעוודיקע און שלמה אַליין האָט זיך אומגעקערט פונעם וועג אַזאַ לוסטיקער, אַזאַ ליבער, אַז ער האָט בלויז מיט זיין אָנקומען גלייך פאַרטריבן דעם גאַנצן אומעט פון דער שטוב. שלמה אַליין האָט שוין אויך כמעט פאַרגעסן די גאַנצע עפּאָפּייע פון: טאַגאַנראָג—מאָסקווע—ארכאַנגעלסק. ער האָט שוין גאָר נישט דייטלעך געדענקט: ווער איז דאָס געווען די סוליקאָ; וועמען מיינט מען דאָס: אַקסיניא; און ווו האָט ער עס ערגעץ געהערט אַזאַ פריקרע נאָמען, ווי: כאַסקל שניצער. אַלץ איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם טאָג־טעגלעכן, וואָכעדיקן נעפּל. נאָר די קליינטשיקע קוויטאַנציע פון דער פּאָסט האָט שלמהן דערמאָנט אין דעם, אַז עפּעס האָט ער אָפּגעשיקט רעקאָמענדירט אַ ווערטבריוו צו פּאַוועל סערגייעוויטש. דאָס איז אים געבליבן דער איינציקער אָנדענק פון זיין גאַנצן אָפּריכטן גלות; פון אַלע זיינע מסעות. אין די פאַרטאָגיקע שעהן, ליגנדיק אין די בעטן, פלעגט דאָס פּאָרפּאָלק ווי פריער, בויען הונדערטער פּלענער — איינער פאַנטאַסטישער פונעם צווייטן — וואָס זיי וועלן אין ארץ־ישראל אויפבויען פאַר דעם געלט פון דער בראָשקע. שלמה פלעגט זיך מיט יוכבדן ממש „קוילען״ פאַר אַ קוצו של יוד פון זיינע פּראָיעקטן. לאַנגזאַם און באַיִשובֿט און געלאַסן און גוט־גוט דורכגעטראַכט פלעגט ער פאַר איר פונאַנדערוויקלען זיין פּלאַן:

— דו פאַרשטייסט, יוכבדל, שעפּסעלע דו מיינס, דער רעכטער שטיין פון אונדזער תכשיט איז נישט אַזוי: איי־איי־איי, עס הייסט: הלואי פאַרמאָגן מיר אַזעלכע „נישט איי־איי־איי״ כאָטש אַ פּוד, אָבער דאָך איז ער נישט אַזאַ אַנטיטשנע ווי די איבעריקע צוויי. פאַר אים וועלן מיר זיך איינקויפן: אַ הויז מיט אַ גאָרטן; אַ קו; אַ פערדל; עטלעכע שאָף; בקיצור — אַלץ וואָס עס געהער צו באַלעבאַטישקייט! דער לינקער שטיין איז דאָרט דער בעסטער: אַ פּלאַכער; אַ זעלטענע שליפאָווקע; בלוי־ווייס, אָן אַ מינדסטן פלעק; אָן אַ מינדסטן קריץ; אָן „קוילן״; אָן „זאַמד״, ריין ווי גינגאָלד! פאַר אים וועלן מיר אַריינגעמען אַ פּיאַנינע אין שטוב אַריין — דאָס איז מיין לאַנגיעריקער טרוים! נו, וואָס נאָך דאָרטן? אַ פידל! ע, דאָס איז שוין אַ קלייניקייט. ווייטער: מיר וועלן אומבאַדינגט אויסמויערן ביי זיך אין הויף אַ קליינעם גאַראַזש, פאַר איין אויטאָ, און וועלכן מיר וועלן אַריינשטעלן אַן אייגענעם לימוזינטשיק, וועלכער וועט פליען איבערן לאַנד ווי אַן עראָפּלאַן. וואַרט אויס, כאַפּ נישט! ס׳איז נישט קיין הייסע לאָקשן! היינט קויפן מיר אַ דאַטשע אין דער געגנט פון דעם כרמל. דאָס אַלץ וועלן מיר

זיך קענען איינשאפן בלויז פאר דעם פדיון פונעם לינקן שטיין, פון אונ־
דזער „סגול", דער קעניג — פיק! ווייל ער איז דער בעסטער. און פאר
דעם מיטלסטן וועלן מיר זיך שוין צוזוכן עפעס א מין שטיקל מצב פון
פרנסה. ווי דען אנדערש? מען מוז דאך פון עפעס לעבן. דעם אמת גע־
רעדט, האב איך אפילו א מאל געקלערט, אז קומענדיק אהין וועל איך
ווערן א שרייבער, אבער איצט האב איך שוין איבערגעקלערט! חרטה גע־
קריגן און שוין! ווייסטו פאר וואס? ווייל אויב איך וועל זיך ארייננטון אין
שרייבן, וועט דאך דיר זיין אומעטיק, און איך וויל, אז דיר זאל שטענדיק
זיין פריילעך! ווער שמועסט נאך אין מיין ארץ־ישראל... אויב איך וועל
יומם ולילה זיך ארייננגראבן אין די העפטן, וועז זשע וועלן מיר שוין וויסן
פון א לעבן אויף דער וועלט? וועז זשע וועלן מיר זיך אנקוויקן מיט אונ־
דזער ליב־הארציק לאנד? הא? וואס זאגסטו דו? נישט אזוי? איך בין אפשר
נישט גערעכט? אדרבה, זאג דו —

— גערעכט, גערעכט, מיין טייערער... גערעכט ווי משיח! אבי מיט
דיר צוזאמען, איז מיר אפילו שטיינער טראגן אויך נישט שווער...

דאס פארפאלק צעקושט זיך און מען דינגט זיך ווייטער: פאר דעם
אויסערלעכן אויסזען פונעם הייזל; פאר דער פארב פון דער פיאנינע; און
פאר דעם, ווער עס וועט פירן דעם אויטא. נאך אזא הייסן וויכוח כאפט
מען ערשט דעם אמתן דרימל און דאן איז שוין לא־ימלט, אז שלמה זאל
נישט א ביסל פארשפעטיקן צו דער ארבעט.

דער אויסגעבארגטער אוואנס אין „אוטיל־פראם־קאמבינאט" איז פו־
נעם ארבעטסלוין ביסלעכווייז גערעקט געווארן. דער פאראיאריקער חוב נח
סוקאלסקי איז אויך פאוואלינקע ליקווידירט געווארן. דאס לעבן איז ווידער
נעגאנגען גלאטיק ווי אויף פוטער. דער פאטער, אין דער טורמע־קאלאניע,
האט שוין געלעבט מיט דער האפענונג, אז אט באלד, נאך עטלעכע חדשים,
נאך עטלעכע חדשים וועט ער שוין גיין אהיים. פון גארדאנען האבן זיך
אפט באקומען כמעט גוטע בריוו. דער איבעריקער חברה האט מען רעגל־
מעסיק געשיקט פעקלעך. זיך דורכשרייבן מיט די קרובים האבן זיי נישט
געטארט. דער נארקאם בעריא האט נאר קיין פרישע שאדנס נישט אנגע־
טון, אבער אויף צו פאררריכטן די אלטע, האט אים א פנים נישט געקלעקט
קיין מוט. נאר נישט קוקנדיק דערויף האט מען אין לאנד פון אים געהאלטן
אן עולם ומלואו. אפט פלעגט מען הערן דאס פאלק רעדן וועגן אים מיט
גדלות און מיט נישט־באהאלטענער ליבע:

— אונדזער בעריא, אונדזער קראסאווטשיק בעריא! ווי אזוי קען ער
זיין נישט גערעכט, אז ער איז סטאלינס א חבר נאך פון די קינדעריארן —
דעם דאזיקן ארגומענט איז שווער געווען אפצוווענדן...

דער גאלדענער פרילינג האט דורכגעטריבן דעם איינגעגעסענעם ווינ־
טער. ער האט אויפגעגראבן די טראטוארן; באנייט די פארקן; פון ערגעץ
נעבראכט מיט זיך גאנצע מחנות שפילפייגל; אנטשלאסן אראפגעריסן די
קאלדרע פונעם דניעפר, און די יונגע, לאנג־דערווארטע זון, אין א בייטאג־
גיקער שעה האט אנגעהויבן גאנץ נישקשהדיק צו בריען אין קארק —

# קאפיטל XV

ענדע יוני האָט שלמה באַקומען פון מאָסקווע דריי פּראָפּוסקן פאַר דריי פּערזאָן אין דעם לאַגער נומער 174, וואָס געפינט זיך אין סוליקאַמסק — פאַר יוספס עלטערן און פאַר זיך אַליין.

שלמהס אמונה אין פאָוועל סערגייעוויטש און אין זיין צוזאָג, איז די גאַנצע צייט געווען זייער גרויס. דאָס האַלבע יאָר, וואָס איז פאַריבער, זינט זיי האָבן זיך צעשיידט האָט אפילו אויף קיין איין גראַד נישט אָפּגעקילט זיין הייסע האָפענונג צו באַקומען די פּראָפּוסקן, וואָס ער האָט אים צוגעזאָגט צו פועלן פאַר זיי. שלמה האָט אָבער אויך געדענקט די ווערטער פון מרדכי הצדיק: „ומי יודע, אם לעת כזאת הגעת למלכות"... די דאָזיקע ווערטער, וואָס בימי מרדכי ואסתר, ווען זיי זענען געזאָגט געוואָרן, האָבן זיי זיך נישט אַזוי שטאַרק געלייגט אויפן שכל, ווי אין די אומזיכערע סאָוויעטישע יאָרן. דעריבער — כדי נישט אַרויסצוציען ביי יוספן דאָס חיות מיט אַ תוחלת ממושכה, וועלכע קען זיך נאָך ענדיקן מיט אַ מחלת־לב — האָט ער פאַרוועגט יוספס עלטערן, אַז זיי זאָלן אים אפילו מיט אַ רמז דרמיזא דערמאָנען וועגן דער געפּלאַנטער זעאונג: בעסער זאָל זי פאַר־קומען אומגעריכטערהייט, איידער זי זאָל חלילה נישט פאָרקומען, יאָ גע־ריכטערהייט. אַז די פּראָפּוסקן זענען אָנגעקומען, האָט שוין נישט געהאַט קיין זין צו שרייבן, ווייל זיי אַליין וועלן מן הסתם אָנקומען פאַר דעם בריוו, כנהוג...

אין משך פון אַ גאַנצער וואָך צייט, האָט מען אין אייניקע היימישע הייזער בשמחה ובצהלה: געבאַקן, געפּרעגלט, געטריקנט און בכלל געגרייט דעם עולם אין וועג אַריין. אויף דער טאַלקוטשקע * האָט מען פאַר יוספן איינגעקויפט ניי אָנטועכץ פונעם קאָפּ ביז די פיס און אין די ערשטע טעג פון חודש יולי, איז דער „דריילינג" אָפּגעפאָרן אויף דער אומגלויבלעכער זעאונג. אין מאָסקווע זענען זיי אפילו נישט אַרויסגעגאַנגען פון יענער זייט וואָקזאַל, נאָר מיט דער מעטראָ אַריבערגעפאָרן אויף קאַזאַניער וואָקזאַל און גלייך איינגעשטיגן אין אַ צווייטן צוג, וואָס גייט אויף סאָוויאַלאָוועך אייזנבאַן־ליניע. אין לאַגער, נאָך דעם, ווי מען האָט אויבערפלעכלעך אי־בערגעקוקט, וואָס זיי טראָגן מיט זיך, האָט מען זיי אַריינגעפירט אין אַ גרוימען, שיינעם צימער מיט וואַזאָנעס, מיט בילדער און אפילו מיט גע־בעטע בענקלעך. פון דער קאַנטראָלקע האָט מען אָנגעקלונגען אין סקלאַד אַריין, אַז מען רופט דרינגענדיק אַרויס גאַרדאָנען אין „רויטן ווינקל" אַריין. ווען יוסף האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל פונעם „רויטן ווינקל", איז פאַר אים די באַגעגעניש געווען אַזאַ פלוצלעכע, אַז ער האָט גאָר אין גאַנצן פאַרלוירן דאָס לשון. די געסט זענען אויך נישט לייכט געקומען צו זיך. יוסף האָט זיך פאַר די צוויי יאָר שטאַרק איבערגעביטן אויפן אויס־זען. זיין אַמאָל אַזוי שיינע, בלאָנדע טשאַפּרינע איז איצט געווען קענטיק

* אַ פּלאַץ, וו מען טראָגט אַרום פאַרשידענע מלבושים און שוכוואַרג צו פאַרקויפן.

שיטערער, שטאַרק נידעריק געשוירן — ווי אַ שיכבערשטל, און דערצו האָט אין איר געשניטן דאָס אויג אַ מילכווייסער פּאַס האָר. אַן איש־שדה, אַן עובד־אדמה האָט אַזאַ צעפּאַסעוועטער קאָפּ האָר עקשנותדיק דערמאָנט אין אַ תבואה־פּליין, וואָס איז על כל גדותיו פאַרפּלייצט מיט צייטיקער גאָלדענער ווייץ און סאַמע אין דער מיט, ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך אַריינגעשניטן אַ שמאָלער פּאַסאָליעס־בייט מיט אַ געדיכט „היטל" שניי־ווייסן צוויט. זיין יונגער, שיינער שטערן איז געוואָרן טיף געקנייטשט, כמו ווי באַרגיק און עפּעס משונהדיק פאַרחושכט. דאָס פּנים זיינס איז בפירוש געוועזן נישט מאָגער, נאָר עפּעס פאַרוועלקט, געלבלעך אויף דער מראה און שטאַרק ליימיק. די באַקן — אָנגעדראָלענע און ערטערווייז גערונצלטע — זענען נאָכגעהאַנגען ווי די טאָרבעס. די באָרד איז געווען אויסגעצופּט מיט אַ קאָליע מאַשינקע, דערפון האָט דאָס גאַנצע פּנים אויסגעזען, ווי אַ פעלד, אויף וועלכן עס האָבן געאַרבעט נישט קיין געניטע שניטערס, און האָבן זעיר שם, זעיר שם, איבערגעלאָזט צו הויכע סטערניעס: אַ טרעפּ אַרויף, אַ טרעפּ אַראָפּ. די אויערן, די נאָז — עפּעס מאָדנע שטאַרטשנדיק און פאַר־שפּיצט. נאָר די אויגן — גאַרדאָנס אויגן. די זעלבע, וואָס אַ מאָל אין די גוטע יאָרן:

— „קום, אפשר ווילסטו זיך שלאָגן?"

דאָס גאַנצע „אָנקוקעניש" מיט דעם באַטראַכטן זיך איינס דאָס אַנ־דערע האָט מער נישט געדויערט, ווי אַ רגע כמימרא. די מוטער האָט זיך אַ ריס געטון פונעם אָרט ווי אַ שטורעמווינט:

— יאָ—סע—לע!

— אוי, מאַמע מיינע...

זיי האָבן ביידע שטאַרק געכליפּעט... מען האָט זיי גאָר נישט געקענט אָפּרייסן איינעם פונעם צווייטן... דערנאָך האָט דער פאָטער אָפּגעגאָסן אַ ביסל ביטערניש פון זיין האַרצן אויף זיין זונס האַלדז, און דערנאָך שלמה...

ווען זיי האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט, זענען יוסף מיט שלמהן אוועק־געגאַנגען צום נאַטשאַלניק פון דעם לאַגער, האָבן אים געוויזן די פּראָ־פּוסקן פונעם אַלפאַרבאַנדישן נאַרקאָמאַט און האָבן ביי אים געפּועלט, אַז די געסט מעגן זיך דאָ געפינען דריי טעג נאָך אַנאַנד פון נאָכמיטאָג ביז נאַכט, אָבער נעכטיקן נישט! גאַרדאָנען האָט מען אויף די דריי האַלבע טעג געגעבן אורלויב. פון איינס אַ זייגער ביי טאָג, ביז אַכט פאַר נאַכט האָבן זיך גאַרדאָנס געסט געמעגט געפינען אויף דער טעריטאָריע פונעם לאַגער. דאָס רויטע ווינקל איז אין גאַנצן איבערגעגעבן געוואָרן אין זייער רשות. אפילו אין ערשטן האַלבן טאָג, בשעת דער אַרבעט, האָט יוסף גע־האַלטן דעם שליסל פונעם צימער ביי זיך אין טאַש. ער האָט אים געהאַלטן ווי אַ משכון, אַז זיינע שעהן מוזן באַלד קומען. די עלטערן האָבן יוספן אָנגעטון אין נייעם, מכף רגל ועד ראש, און ער איז געוואָרן אַ ביסל מער ענלעך אויף דעם אַמאָליקן יוסף. מען האָט געגרייט צום טיש, זיך גע־

וואשן און מען האָט זיך בדחילו ורחימו געזעגנט צו דער קאָנצלאַגערסקע, אָבער פּאַרט היימישער פּורים־סעודה אום חודש תמוז.

— נו, טייערע מיינע, איצט דערציילט אַלע נייעסן, וואָס זענען געשען פאַר דער גאַנצער צייט, נאָר פון אלף ביז תיו. קודם כל: ווער פון אייך האָט וועמען מיטגענומען? איר — שלמהן, צי שלמה — אייך? איך פאַרשטיי דווקא אַליין אויך אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז איר האָט זיך דערשלאָגן אַ פּראָפּוסק פאַר אייך ביידע, און שוין פאַר איין וועגס אויך פאַר אים —

— דו האָסט געטראָפן, זונעניו, נאָר מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף! ס'איז דווקא פּונקט פאַרקערט —

— הערסט אַ מעשה! אויב אַזוי, שלמה, קומט דאָך דיר אַ גרויסער דאַנק! ביסטו דאָך טאַקע באמת אַ מאַלאַדיעץ.

די מוטער גיט אים ליבלעך אַ גלעט איבער דער באַק:

— דו קלערסט ערשט, צי שלמה איז אַ מאַלאַדיעץ? און ווער האָט דיר די גאַנצע צייט געשיקט פּעקלעך, אויב נישט שלמה? און ווער האָט באַגראָבן פּאָלישטשוקן, אויב נישט שלמה?

— סטאָפּ! סטאָפּ! עפּעס האָסטו דאָ געזאָגט צו פיל זאַכן מיט איין מאָל... מיין מח אַרבעט היינט נישט אַזוי רירעוודיק, ווי אין דער היים. וואָס האָסטו עפּעס געזאָגט — פּאָלישטשוק?

שלמה לאָזט זי נישט אויסרעדן:

— חנה, צו וואָס נוצט אייך איצט אָט די גאַנצע מעשה? אָט דאָס זע־נען מיר אַהער געקומען, אים דערציילן באָבע־מעשות? לאָמיר בעסער עפּעס הערן פון אים, פּאָלגט מיך —

גאָרדאָן פּראָטעסטירט:

— וואָס הערסטו אים, מאַמע? דאָ בין איך באַלעבאָס! דערצייל, וואָס זאָגסטו עפּעס „פּאָלישטשוק"? ווי קומט שלמה צו פּאָלישטשוקן? ער איז דאָך שוין טויט —

— הערסט אַ מעשה! אָט דאָס שמועסט מען דאָך. טאַקע דערפאַר איז ער טויט, ווייל שלמה האָט אים צו רעכט געמאַכט...

און צו שלמהן, מיט אַ בייזער:

— נאַ דיר גאָר: נישט דערציילן! מיר האָבן דאָ גענוג צייט, דאַנקען גאָט. און פאַר וואָס זאָל ער טאַקע נישט ווּיסן, ווער עס האָט אים זיין לעבן געשענקט? וועמען ער האָט צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס ער האָט אונדז אצינד דאָ פאַר געסט, און די כלבים רייסן נישט פון אים קיין שטיקער לעבעדיקערהייט, ווי אין כאַדאַבולאַק... וואָס איז עפּעס? ס'איז אַ סוד פאַר אים?

— דערצייל, דערצייל, מאַמע, יעדעס פּיצעלע דערצייל —

— אודאי וועל איך דערציילן! ער פרעגט ערשט. נאָך אַ מין דער־ציילן! אַז דער טאַלנער שייגעץ האָט געבראַכט דעם גוטן בריוו פון דיר, וועגן דעם קאַרצער מיטן הונט, האָבן מיר אים אָפּגעגעבן טאַנין, און זי האָט אים שוין אַריבערגעשיקט צו שלמהן —

— פאַר וואָס עפּעס אַריבערגעשיקט?

— ווייל ער אַליין האָט זיך דאַמאָלסט אויסגעבאַהאַלטן. מען האָט אים אַרומגעזוכט מיט סכנות־נפשות ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק. שלמה האָט באַקומען דיין בריוו, און האָט אונדז אַרויסגערופן — מילא, ווי אַזוי ס׳איז פאַרגעקומען אונדזער באַגעגעניש, וועל איך דיר שפּעטער דערציילן — און ער האָט אונדז איבערגעגעבן אַ טעקסט פון אַ ביטע, אַז מען זאָל זי אָפּשיקן צו אַלע באַלעבאַטים פונעם לאַנד: צו סטאַלינען, צו מאָלאָטאָוון, צו קאַלינינען, איך ווייס צו וועמען נאָך דאָרטן? אַז איך זאָג דיר: צו אַלע, איז צו אַלע! אַלע אונדזערע בריוו האָט מען ברוך־השם דאָרטן ערגעץ דערהאַלטן. אַלע ווייערע קאַנצעלאַריעס האָבן אָפּגעשיקט די ביטעס מיט ווייערע רעזאָלוציעס צו בעריאַ׳ן און אונדז האָט מען אָנגעשריבן, — דאָס איז נאָך געווען אַ חודש צייט, איידער מיר האָבן באַקומען דעם ערשטן בריוו דיינעם פון דאַנען — אַז עס ווערט דרינגענדיק אָפּגעשיקט אַ קאָמיסיע אין דיין לאַגער אריין, כדי אויפן אָרט אויסצופאָרשן די פאַקטן, וואָס איך האָב אָנגעגעבן. און טאַקע די זעלבע קאָמיסיע האָט אים דערשאָסן, דעם רוצח.

יוסף הייבט זיך אויף פונעם בענקל. שלמה גייט אים אַקעגן.ביידע נעמען זיך שווייגנדיק אַרום און וויינען פאַר פרייד. נאָך אַ מאָל זיך צוגעדריקט איינער צום צווייטנס ברוסט, ווידער אַ מאָל זיך צוגעפּרעסט צום חברס אַקסל. דאָס האַרץ האָט זיך שטאַרק געוואָרפן, געוויינט: אי ביטער, אי פריידיק, אי ווייטיקלעך... דער האַלדז האָט נישט דורכגעלאָזט קיין ווערטער... די שטילקייט האָט זיך איר שפּראַך... ענדלעך האָט יוסף אַרויסגעבריפּעט:

— איז דאָס ביסט דו גאָר געווען דער הייליקער זיידע, וואָס האָט זיך פאַר מיר געמיט? אַ זיידע, וואָס האָט נאָך אַליין אַ זיידן... וואָס זשע אַזעלכעס האָסטו זיי געקענט שרייבן וועגן מיר? אמת, דו ביסט טאַקע אַ שרייבער פון אַלע דיינע יאָרן, אָבער אָנשרייבן אַזוינס, אַז עס זאָל רירן יענע שטיינערנע הערצער, הינטער די שטיינערנע קרעמליאַווסקע ווענט — דאָס מוז דאָך שוין זיין עפּעס גאָר אַזוינס ווי אַזעלכעס —

— היוצא לנו מדברינו? וואָס זשע ביסטו שטיין געבליבן אין מיטן פּסוק? זאָג זשע: משמעות, אַז נישט אַלע מענטשן אין קרעמל האָבן שטיינערנע הערצער! דו געדענקסט מיינע רייד פון שטענדיק אָן? נאָך פון דאַמאָלסט, ווען מיר האָבן געאַרבעט אין „פּאַנטאָפּל", אַז סטאַלין איז נישט קיין גאָט! ער ווייסט נישט, און קען נישט וויסן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין די הינטערגעסלעך פונעם לאַנד. די געליטענע אַליין באַהאַלטן אויס פון אים. פאַר וואָס? עס געפינען זיך שוין סיבות: אָדער מען האָט פּשוט מורא אים אַלץ צו דערציילן; אָדער מען וואָגט נישט; אָדער אינערלעכע שונאים — וועלכע ווילן דיסקרעדיטירן דאָס לאַנד פאַר דער גאַנצער וועלט — שטעלן אומיסטן אַרום סטאַלינס פּערזאָן מיט כלערליי מחיצות און נישט דורכגענגלעכע אָפּגרונטן, כדי דער קול־המון זאָל צו אים נישט דערגיין. דאָס פאָלק ווייסט שוין נעבעך פון אָט די אייזערנע ווענט און שרייבט

נישט. אָדער אפשר שרייבט מען יאָ, נאָר איבער אָט די שומרי־הסף, * איבער אָט די משטינים ומקטריגים דערגרייכט עס צו אים נישט. מיין שטימע האָט אין דיין זכות אָדער אין זכות פון דיינע עלטערן, ברוך־השם, יאָ דערגרייכט צו זיינע אויערן. און אָט ביסטו אין אַ געוויסער מאָס געהאָלפן געוואָרן! און גלייב מיר, ווען סטאַלין וואָלט געווען נאָך אַ קלענערער גאָט ווי ער איז און זאָל קענען אַ ביסל טיפער אריינדרינגען אין די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן פון די מלוכה־אַפּאַראַטן, און באַזונדערס, באַזונדערס אָפּטער אַ ביסל אַריינקוקן אין די סייפן און אין די שופלאָדן און אין די אונטערערדישע קעלערס פון דעם נאַרקאָמאַט פאַר אינערן־ענינים, דאַן וואָלט אַלץ אַנדערש אויסגעזען. דער בעסטער סימן איז — טאַקע דיין פּאָלישטשוק! איך בין כמעט ווי זיכער, אַז די נקמה־קויל אין יענעם נאַגאַן האָט סטאַלין מיט זיינע אייגענע הענט אַריינגעלייגט! דו פאַרשטייסט מיין מיין? ער האָט געקענט אויף דיין מאַמעס בריוו אָנשרייבן: «Расследовать! если факты подтвердятся — расстрелять публично!» ** דו פאַרשטייסט, עד היכן הדברים מגיעים? — אָט דאָס איז סטאַלין!

ביי יוספן זענען די אויגן שיר נישט אַרויסגעקראָכן אויפן שטערן. ער האָט צענומען די הענט:

— איך קוק אויף דיר שלמה, און וווּנדער זיך... נאָך אַזעלכע שווידערלעכע יאָרן, ווי די לעצטע צוויי יאָר, ביסטו נאָך אַלץ פאַרבליבן דער זעלבער סטאַליניסט, וואָס געווען?

— ביסט משוגע, צי מטורף? וואָס פאַר אַ סטאַליניסט בין איך? מען האָט דאָך פאַר אַ יאָרן איבערגעקערט גאַנץ קיעוו, אַזוי האָט מען מיך געזוכט, זאָגסטו גאָר —

— פאַר וואָס דען רעדסטו אַזעלכע רייד, וואָס גרילצן מיר אַזש אין די אויערן? דער דאָזיקער מענטש, וואָס געפינט אַ לימוד־זכות אויף אָט דער קאָמפּאַניע... אויף אָט דער שאַיקע —

— יוסף, די ווענט זענען דאָ אַזעלכע גראָבע, וואָס דו רעדסט אַזוי אָפן?

— וואָס דען מיינסטו דו? אודאי זענען זיי גראָבע! דו מיינסט, אַז דאָ איז דיר אויף דער פריי, ווו די ווענט ליגן צו אַן אויער, און די סטעליע קוקט אויף דיר מיט אויגן? דאָרט, אויף דער גרויסער ערד, דרייען זיך נאָך אַרום לעבעדיקע מענטשן, איז כדאי זיך אונטערצוהערן, טאָמער קען מען זיי כאַפּן ביי אַ וואָרט און זיי אַריינשליידערן אַהער צו. אָבער דאָ, ברודערקע — דאָ איז: כלנו מתים! דו זעסט דורכן פענצטער וויפל מענטשן עס טראָגן זיך אַרום אַהין און צוריק ווי די רוחות, האַ? — דאָס זענען פאַרטיקע מתים! דאָ איז דער עולם־התוהו, וואָס גייט פאַר סתימת־הגולל, און דאָרטן, אויף יענער זייט וואַנט, ווהין מען פירט אַרויס די „קעסט־

* „היטערס פון דער שוועל”. דאָ געמיינט: פּערזענלעכע סעקרעטאַרן.

** „אויספאָרשן! אויב די אָנגעגעבענע פאַקטן, וועלן זיך באַשטעטיקן — צעשיסן עפנטלעך!”.

לעך״, * דאָרט איז דער עולם־התוהו שאחרי סתימת־הגולל... וואָס דען האָסטו געמיינט, אַז דאָ איז אַ לעבעדיקע וועלט מיט אונטערהערעכטסן און מיט אונטערקוקעניש?

אין „רויטן ווינקל״ הערשט אַ דערוואָרגענע שטילקייט. קיינער אָטעמט אפילו נישט. אין צימער האָט אַ שמעק געטון מיט „בית־עולם״; מיט פרישע קרקעס; מיט תכריכים...

יוסף רעדט ווייטער, נאָר שוין אַ ביסל געלאַסענער:

— אַזוי, אַזוי, בראַטיעץ! כלל זה נקוט בידך: דער וואָס טריט נאָר אַריבער אונדזער פאַרשאָלטענעם טויער — מובטח לו שהוא בן עולם־הבא! מיינסטו אפשר: אַמאָל־אַמאָל? — ניין! בעגלא ובזמן קריב! ווי אַזוי? ווי אַרום? — דרכים דערצו זענען פאַראַן פאַרשידענע: אָדער מען נעמט איין אַ מיתה־משונה; אָדער מען ווערט דאָ אויפן אָרט נכשל אין אַן אבק של חטא און מען כאַפּט בכבוד גדול אַריין אַ צוגאָב־אורטייל אויף אַ צענערל; אָדער — ווען מען ס׳איז לאַנגווייליק צו וואַרטן אויפן סוף פון דער „מענטש־לעכער קאָמעדיע״ — הענגט ער זיך אַליין אויף; מיט איין וואָרט: אויף אַזאַ אופן צי אויף אַן אַנדער אופן, אָבער — זה שער השמים! פון דאַנען גייט אַלע טאָג אָפּ אַ שנעלצוג צו די דיעדושקעס און צו די באַבושקעס! און טאָמער טרעפט אַ מאָל יאָ אַ נס און עס געפינט זיך אַזעלכער, וואָס דינט זיך אויס זיינע יאָרן און ווערט נאָך אָפּגעלאָזט אַהיים, איז ער שוין במילא אויס מענטש! איז דאָס שוין אַ שברי־כלי, אַן אומגליקלעכער גולם אויפן גאַנצן לעבן. מען מעג דרייסט זאָגן, אַז ס׳איז גאָר אַ שאָד, וואָס מען לאָזט נאָך אַרויס אַזאַ „סטראַשידלע״ לאַרצות־החיים... עס וואָלט דאַכט זיך געוועזן אַ „הנאה לו והנאה לעולם״, ווען מען לאָזט שוין אַזעל־כעס איבער דאָ הי ביז אַראָפּ, אַז ער זאָל נישט מאַזאָליען דער וועלט די אויגן... צוליב וואָס, צוליב ווען, פרעגט זיך, זאָל מען מצער זיין את הבריות? כ׳ווייס? ווען מען פרעגט ביי מיר, וואָלט איך אַזוי געהייסן טון! סיידן אפשר ספּעציעל: כדי לשבר את הלבבות... ווי זאָגט ער דאָרט: לא נבראו רעמים, אלא כדי לפשוט עקמומית שבלב... אויב אַזוי איז עפּעס אַנ־דערש... איצט פאַרשטייסטו שוין: מאי קא משמע לן — די וווּנט? סוף דבר — הכל נשמע! דעריבער מעגן די ווונט זיין גראָבע, צי נישט קיין גראָ־בע, קיינער הערט זיך דאָ נישט אונטער... דאָ, אַז ער ווערט עמעצן כאַפּן ביים וואָרט, איז — גברא קטילא קא קטיל... **

— אָבער פון דעסט וועגן, קענגן כאַדאַבולאַק, מיין איך, איז דאָ אַ קוראָרט —

— דאָס אוד—דאַי! אַ שטומער וואָלט עס אין קיין יאָר נישט אויס־גערעדט... נישט קיין קוראָרט, נאָר אַ גן־עדן! דאָ רעדט מען כאָטש מיט דיר. דאָרט האָט מען דאָך גאָרנישט גערעדט מיט דיר, מען האָט גלייך גע־שלאָגן, געקאַטעוועט —

* געמיינט: די וואַגנס מיט די טויטע.

** אַ געהרגעטן מענטשן האָט ער געהרגעט. פון דער גמרא.

— וסוף מטיפיך יטופון...* עס וועט, גלייב מיר, אויף יענע שלע־גערם אויך קומען א וויסטער סוף —
— ווייל איך דיר נישט גלייבן!
— ?
— גאנץ פשוט! ביסט א גרינער אגרעס אין דער פראגע, דעריבער ווייסטו נישט, וואָס דו רעדסט...
— און איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל —
— אזוי מיינסט דו? גלייבסטו, הייסט עס, באמונה תמה, אז עמע־צער איז טאקע באמת פאראינטערעסירט צו ברענגען אויף זיי א וויסטן סוף, הא? נאָך ווייסטו נישט, אז אונדזער מלוכה איז די געפערלעכסטע קטלנית אין דער וועלט אויף דעם מין־האנושי בכלל און אויף יידן בפרט, הא? שוין זשע האָט אָט די שוידערלעכע לעקציע פון די לעצטע יאָרן, דיך גאָרנישט אויסגעלערנט?
— לעצטע יאָרן אהער, לעצטע יאָרן אהין, אָבער פונעם אמת קען מען נישט אוועקגיין... אם יש עליו מלאך מליץ, אחד מני אלף... אָט ביסט דו דאָך אין אַ געוויסן זין געהאָלפן געוואָרן, צי ניין? וואָס שווייגסטו? הלא בדידך הוא עובדא...
גאָרדאָנס פנים איז וויס ווי די ליים אויף דער וואנט. טיף באַדויערנ־דיק שאָקלט ער אויף שלמהן מיטן קאָפּ:
— ...אין אַ געוויסן זין... געהאָלפן געוואָרן... צען יאָר הייסט ביי דיר: געהאָלפן געוואָרן... אי דאָס, איז דאָך נישט יעדער האָט אזאַ גוואַישע הצלחה, ווי איך, לאו כל אדם זוכה, איך בין דאָך נאָך „דער גליקלעכסטער פון קאָדניע"... נו, און ווו זענען די הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס קומען אום בשתיקה און קיין האָן קרייעט אפילו נישט —
— זעסטו דאָך, אַז די יחידים, וואָס דערשלאָגן זיך יאָ, וווהין מען דארף —
— איך זע, איך זע, וואָס דען, איך זע נישט? איך זע גוט, ווי אַזוי הצליח מעשה־שטן... הבוגד — בוגד, והשודד — שודד, און האָבן נאָך דערצו די טריפהנע הצלחה, וואָס אפילו אנשי־שלומינו זענען אויך אַזוי פארנארט און זענען מטהר אָט דעם אומווירדיקן שרץ בק"ן טעמים... דו פרעגסט ערשט, צי איך זע? איך זע גוט, ווי דער גביר האָט מזל און מיר זענען אַזוי געשטראָפט סיי ברוחניות, סיי בגשמיות... איך זע, ווי ער שלאָגט און קאַטעוועט; ווי ער שמייסט און הרגעט, און מיר, די נעלבים ואינם עולבים, אָנשטאָט שפייען אים אין פנים אריין און אים פארשעלטן אויף דורי־דורות, קושן מיר אים נאָך די בלוטיקע הענט און געפינען אין אים אַלע זיבן חנ'ען... וואָס מאכסטו אזאַ זויערע צורה? האָב קיין מורא נישט, איך בין דאָ נישט געוואָרן קיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, כאָטש מען האָט מיר געגעבן אַלע געלעגנהייטן דערצו... זיי זיכער, דאַמאָלסט ווען איך געפין

* „די וואָס האָבן דיך דערטרונקען, וועלן צום סוף אויך דערטרונקען ווערן". פון אבות.

זיך אין אַ סביבה פון אמתע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, פון אמתע פּאַרביסע־נע שונאים פון דער ראַטנמאַכט, דאַן — איך ווייס אַליין נישט, צוליב וואָס איך טו דאָס — שטיי איך פאַר זיי שטאָל און אייזן. אפשר איז אין דעם שולדיק די איינגעבוירענע טבע צו זאָגן פאַרקערט, ווי דער צווייטער זאָגט, אָבער אַזוי טו איך! געפינענדיק זיך אין קאַבינעט פון דעם בלוטיקן פּעט־ליורעוויעץ מיכאַילאָוו, האָב איך אים אויך געזאָגט, אַז סמאָלין ווייסט נישט פון זיינע רציחות; אַז ער, מיכאַילאָוו, טוט זאַכן, פאַר וועלכע אונ־דזערע פירער וואָלטן אים זיכער געשטעלט צום ווענטל... דאָס איז אָבער נאָר אַ כסות־עינים פאַר פרעמדע, אַזוי צו זאָגן, עפּעס אַ מין: „את כל ונוכחת”. אָבער בלייבנדיק אונטער פיר אויגן, זאָל איין ברודער פאַר דעם צווייטן מלמד זכות זיין אויף אָט דער באַנדע... און דער עיקר טאַקע, ווי איך האָב פריער געזאָגט — ווער טוט דאָס? שלמה פּיאַטיגאָרסקי?! דער זעלבער, וואָס האָט דער ערשטער טועם געווען דעם טעם פון זייערע כלי־משחית! דער זעלבער, וואָס האָט דער ערשטער פון אונדזערע חברים מגלה געווען פני הלוט, הלוט; דעם סוד פון זייערע אונטערערדישע קעלערס; וואָס האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז זייער אמתן פּרצוף — שומו שמים! מען דאַרף דאָך קריעה רייסן אויף אַזאַ אומגליק, ווען מען זעט, ווי אַזוי דער זשאַ־ווער פון זייער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע האָט זיך איינגעגעסן אינעם פלייש און אין די ביינער, ווי אַזוי זי האָט אָפּגעסמט די נשמה אפילו פון די אַזוי־גערופענע: „זעעוודיקע”... איך זע און הער און פאַרשטיי וואָס דו זאָגסט, וכדי בזיון וקצף, אַז מען הערט פון דיר אַזעלכע לעסטערנדיקע רייד... אוי לאָזנים שכך שומעות... בכלל אַז איך דערהער ווי עמעצער, גע־פינענדיק זיך צווישן היימישע מענטשן, זאָגט אויף זיי אַ גוט וואָרט... איז מלמד זכות אויף זיי... לו יש חרב בידי... איך וואָלט אים קורע כדג גע־ווען! אונדזער לאַנד איז דאָך אַן ארץ אוכלת יושביה... און דען נאָר אונדז אַליין? נאָר די אומצופרידענע? זייערע גדולים אַליין ברענגט מען דאָך אום אין די טויזנטער... הן בקדושיו לא יאמין! היינט: דער — דעם, און מאָרגן: יענער — יענעם, מיט איין וואָרט — אש אוכלה אש... ווי איך האָב אייך דאַמאָלסט געשריבן: למכה מצרים — בבכוריהם: יד איש באחיו! דער גרויסער אשמדאי אַליין זיצט ערגעץ באַהאַלטן, פאַרשלאָסן הינטער זיבן און זיבעציק שלעסער, קיינער זעט אים נישט, קיינער הערט אים נישט, בחינת: אל מסתתר... ענן וערפל סביביו... און די משרתימלעך, די רואי פני־המלך קערן איבער דאָס לאַנד און טעראָריזירן די גאַנצע באַ־פעלקערונג. עס טרעפט, אַז אויף אַ יאָר, צוויי ווערט שטיל, מיינט די וועלט: שוין! לא יהיה עוד מבול לשחת הארץ, גענוג! יוצא! ס'איז שוין אַן אויסגעלאָשענער קראַטער... און איידער דו קוקסט זיך אום, האָסט נאָך נישט באַוויזן אָפּצואָטעמען פונעם פריערדיקן שטורעם — אַ—האַ! ס'איז שוין ווידער פריילעך אין שטעטל! האירו ברקיו תבל — עס דונערט שוין און עס בליצט שוין און עס פליען שוין ווידער קעפּ, קאַרפּנקעפּ, ווי היפּש־לעך קרויט אויף דעם באַשטאַן... וואַגסט דו אויף אַזאַ באַנדיטסקע סטראַ־

צו געפינען מילדערנדיקע אומשטענדן? ביי א פרוי, וואס האט א מצח אשה זונה, גייסטו זוכן חן־גריבעלעך? איי, שלמה, שלמה, שא עיניך וראה, אט די חיות־טורפות האבן אויפגעפרעסן דאס גאנצע שעפסעלע צוזאמען מיט די ביינדעלעך, וואס דען — א נעגעלע האט מען דיר צוגעווארפן, נעמסטו אט דעם צעבראכענעם נאגל און מאכסט פון אים א גאנצע פורים־סעודה...

— שוטה דו, וואס פלאפלסטו, וואס? ווער מאכט פון דיין נס א פורים־סעודה? וואס איז? איך בין נישט קיין מבין אויף זייערע דרכים, גלייך מיט דיר? איך האב דען נישט געזען, ווי אזוי מען האט געפירט די בעסטע זין פון דעם פאלק צו דער שחיטה, נאך בעסער פון דיר? אבער דאס הייסט נישט, אז איך מוז צומאכן די אויגן אויך אויף די ליכטיקע, דערפרייענדיקע שטראלן, וואס גנבענען זיך אריין צו אונדז אין די דושנע קעלערס... וואס בין איך, א קרא, וואס איך מוז א גאנצן טאג שרייען: רק־רע, רק־רע...* פון זינט מאסקווע האט פאזיטיוו רעאגירט אויף דיין מאמעס בריוו, איז ביי מיר אין קאפ געווארן אן איבערקערעניש: פון איבעראשונג, צי פון פרייד, צי דאס איז סתם אזא צעמישונג, ווייסט עס דער רוח!

— פע, שלמה, שעם זיך! א יונגערמאן ווי דו, מיט אזא אייזערנעם קאפ, ווי דו פארמאגסט, זאלסטו גאר געפאנגען ווערן דורך אזא ביליקער פראוואקאציע, פון אזא גראשנדיק שלח־מנותל... הונדערטער טויזנטער מענטשן — אדער אפשר גאר — מיליאנען! — ווערן פארפייניקט ביזן טויט; און איין מענטשן פאר א יובל פארגרינגערט מען א ביסל; און די אונטערשטע שורה איז, אז — תתאה גבר! דאס ערשטע פארגעסט מען און דאס לעצטע, די פלוי, גערענקט מען! יענע האבן געהרגעט טויזנטער אזעלכע יידן, ווי דער לעבעדינער רב, ד׳ ינקום דמו, און דו זוכסט זכותים אויף זיי... דאכט זיך, ווער עס רעדט אויס אויף זיי א גוט ווארט, דער איז עתיד ליתן את הדין, דער האט דעם זעלבן דין, וואס א מטיח דברים כלפי מעלה... און אז מען וויל ווידער צוריק, ביסט דו אויך גערעכט: מה יעשה הבן שלא יחטא? דו זיצסט, ברוך־השם, אין דער היים; שטאפסט זיך אן דעם מח מיט זייערע שקרנותדיקע ביכלעך; זעסט זיך אן מיט זייערע מסית ומדיחדיקע פיעסעס און פילמען; ביסט פארטשאדעט און פארקאטערט פון זייערע מעשות און פון זייערע לידלעך. און א סענטימענטאלער ביסטו דאך פון אלע יארן, האסט דאך אפילו אליין אויך געשריבן א ראמאן, דעריבער דאכט זיך דיר, אז די ווינקעלעך אין קרעמל זענען אויסגעשמירט מיט האניק, אזוי ווי אין א סוכה להבדיל; דעריבער דאכט זיך דיר, אז די קאנצלאגערן שמעקן מיט רויזנזאפט און סאלאווייען שפילן אונדז צו צו די פיש... נאר איך זאג דאך דיר, דו ביסט אויך נישט שולדיק, וואס דו רעדסט וועגן אונדזער משגיח אויף די שוחטים, אזעלכע שוטהוואטע רייד. דאס נעמט זיך דערפון, וואס דו ביסט ברוך־השם נישט

* נאר שלעכטס, נאר שלעכטס.

דורכגעגאַנגען מיכאַילאָווס חדר און האָסט נישט פאַרזוכט: נישט פון זיין „פּאַלמיראַ", און נישט פון זיינע זעמעלעך; נישט זיין קאַנטשיק, און נישט זיין שטעלן אין קינע —

— דו דערציייל מיר נישט: מיכאַילאָוו! איך האָב נאָך אָט די מיכאַילאָווס דערקענט אין יאָר 1932. אומאַנסקי איז נאָך אפשר געווען ראַפּינירטער און געשפּיצטער פון דיין מיכאַילאָוון... און ווידער, אשתו כגופו, אויב איך בין נישט געווען ביי מיכאַילאָוון אין די הענט, איז מיין יוכבד געווען ביי אים... און נישט אַליין געווען, נאָר מיטן קינד... ער האָט שיר מיין יינגעלע נישט אומגעבראַכט. איך זאָג דיר אָבער מיינס: דו געדענקסט אין פּסוק, ווי אַזוי גיחזי האָט אָפּגעטון פאַרשידנערליי פּאַסקודסטוועס אונטער דער פירמע פון אלישע הנביא. נו, פרעג איך דיך, קען דען עמעצן איינפאַלן אַזאַ אפּיקורסישער געדאַנק, אַז אלישע האָט דאָס געוואָלט אָדער אפילו בלויז געקענט פאַרליידן? אמת, אַז ניין? כהאי גוונא איז געווען אויך ביי יעזשאָוון מיט סטאַלינען. סטאַלין האָט אים אָנגעמערקט אַ ליניע, אַז מען דאַרף באַזייטיקן אַלע קעמפנדיקע נאַציאָנאַליסטישע פאַרטייען אין לאַנד און אַלע אַקטיווע מיטהעלפער פון טראָצקין מיט זיין קליקע. מען דאַרף זיי פאַרשיקן אין די וויטסטע ווינקלען פונעם לאַנד, און זיי ענדגילטיק איזאָלירן פון דער געזעלשאַפט. אַזוי אומגעפער, שטעל איך זיך פאָר, האָבן געדאַרפט אויסזען סטאַלינס דירעקטיוון. דאָרט ווערט נישט דערמאָנט קיין רעליגיע; דאָרט ווערט נישט דערמאָנט אַזאַ טיפּאַזש ווי איך מיט דיר, אָדער ווי דער לעבעדינער רב, צי ווי אברהם שאַרפשטיין. סטאַלין ווייסט גאַנץ גוט, אַז יעדער איינער פון אונדז, ווען ער ווערט געוויר פון אַ דיווערסאַנט, וואָלט ער אפילו ריזיקירט מיטן לעבן און וואָלט אים גלייך אויסגעגעבן דער מלוכה. נישט אונדז האָט ער געמיינט, דאָס איז פאַר מיר קלאָר פּונקט ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר. אָבער אַז די באַנדיטישע יעזשאָווטשיקעס, ימח שמם, האָבן געצוווּנגען דעם עולם אונטערצושרייבן פּראָטאָקאָלן, אַז מען באַקומט געלט פון אויסלאַנד אויף אָנצופירן מיט אַנטי־סאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע, פרעגט זיך: וואָס קען סטאַלין זאָגן דערצו? אַז מען זאָל אַזאַ מענטשן פריי לאָזן? אַז מען ווייזט, אַ שטייגער, סטאַלינען אַ פּראָטאָקאָל, אויף וועלכן מען האָט זיך אפשר אונטערגעשריבן מיט פינגער־קלעמעניש, מיט האָר־רייסעניש און מיט אברים־צעשפּליטערונג, פון וואַנען זאָל ער דאָס וויסן? די אַלע מיטלען, וואָס זענען אָנגעווענדעט געוואָרן צו דער חתימה, זיי ווערן נישט פאַרפיקסירט. אין פּראָטאָקאָל שרייבט זיך נאָר כהאי לישנא: „קופּיעטשעסקע־שול איז אַ פּריטאָן פון אַלע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, פון אַלע שעדיקער, דיווערסאַנטן און אונטערייסער". איצט פרעג איך דיך, שטעל דיר פאָר, ווען דו פירסט אָן מיט אַ מלוכה פון אַזאַ סיסטעם און ווען מען ווייזט דיר אַזעלכע שרייענדיקע פּראָטאָקאָלן, אַזעלכע אותות ומופתים שוואַרץ אויף ווייס, וואָלסט דו נישט געהייסן צומאַכן אַזאַ פּריטאָן? קיין נביא איז ער דאָך נישט, ער זאָל קענען וויסן דעם „אלה תולדות" פון דעם פּראָטאָקאָל. דער קיצור

הדבר איז אַזוי: אמתע פּריינט, האָט סטאַלין אין לאַנד זייער ווייניק! מורא האָבן אַלע, אָבער געטריי זיין דער זאַך זיינער זענען נאָר געציילטע מענטשן. ווייטער: דער קאַריעריזם איז ביי אונדז זייער גרויס. יעדער איינער וויל אויפטון עפּעס אויסטערלישס, יעדער איינער וויל זיך אַרויפאַרבעטן, אויפוואַקסן, זיך מיט עפּעס אויסטיילן, אַרויסשפּרינגען פון די איבעריקע, אַריבערשטייגן דעם חבר, ווערן אַ העלד, אַ באַרימטער. און דערפון נעמען זיך די גרעסטע רציחות. דאָס איז די סיבה פון ניין צענטל טעראָר. אַ סימן האָסטו, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע — אַז סוף כל סוף, צו ביסעלעך, צו ביסעלעך איז סטאַלין געוואָרן, וואָס אין לאַנד טוט זיך אָפּ, און ער האָט אומגעדרייט דעם רודער. איצט דאַווענען אין קיעוו צענדליקער אומאָפיציעלע מנינים און קיינער פון די באַלעבאַטים, ביי וועלכע מען דאַוונט, מוז שוין נישט שטאַרבן לעבעדיקערהייט... בסך־הכל האָב איך געהערט זאָגן, אַז דער סאָלאָמינקער „בר־מינן“, וואָס וווינט אין טשערקאַס, האָט חשק זיך אומצוקערן צוריק קיין קיעוו. ער האָט זיך שוין פּשוט פאַרבענקט נאָך דער רעזידענץ. צי לאָמיר אַפילו נעמען דעם פאַקט, וואָס מיינע בריוו וועגן דיר זענען אָנגעקומען צו די אַדרעסאַטן. פאַר יעזשאָווס ממשלה פלעגן צענער־טויזנטער אַזעלכע בריוו פאַרברענט ווערן אין די פּאָסט־אָפּטיילונגען, און זעסטו, איצט, פאַר בעריאַ׳ן — אָנגעקומען! אָנגעקומען, איבערציַיגט און געפּועלט. צי אַפילו דער פאַקט, וואָס מען האָט דיך איבערגעמשפּט; אַראָפּגענומען די איזאָלירונג, געגעבן דיר די מעגלעכקייט אויפצונעמען געסט. אָדער למשל דער פאַקט, וואָס כאָטש מען דערלויבט נאָך נישט צו עפענען קיין תלמוד־תורהס אָדער קיין מקוואות — אָבער מען שפּירט שוין נישט נאָך יעדן שריט, ווי דאַמאָלסט בעת דער גרויסער שׂרפה. ס׳איז כמעט פאַרשוווּנדן געוואָרן דאָס אָנגעצויגנקייט, דאָס חיהשע פּיינטלעכקייט צו אַ „נישט זייעריקן“. איי, דאָס, וואָס דערווייל מאַטערן זיך אומשולדיקע מענטשן אין די תפיסות, — וואָס קען מען דערצו העלפן? די גמרא זאָגט: כיון שניתן רשות למשחית, שוב אינו מבחין בין צדיק לרשע. מיר זענען, ברודערקע, אַריינגעפאַלן אין אַ שלעכטן ציקלאָן, און זענען מיטגעכאַפּט געוואָרן מיט דעם מעכטיקן שטראָם. אין די הויכע פענצטער זענען אויך נישט אַלע גלייך. אַ טייל פון זיי האָבן טאַקע געגלייבט אין דער ריכטיקייט פון די אָנגעקומענע פּראָטאָקאָלן. קיין בעלי־רוח־הקודש זענען זיי דאָך נישט. זיי זעען, אַז ס׳איז אָנגעשריבן, געחתמעט, מיינען זיי, אַז אָט דאָס איז דאָס. און אַ צווייטער טייל ווידער, האָבן לאַנג אַרויסגעקוקט אויף דעם דאָזיקן יידישן חורבן. אין די דריילינג־טריבונאַלן פעלן אויך נישט אויס קיין שונאי־ישראל, קיין געטרייע אייניקלעך פון כמעלניצקי און גאַנטע, פון פּעטליורע און דעניקין. ביי די דאָזיקע אַנטיסעמיטן איז איצט שניט־צייט. „כאן מצא בעל־חוב לגבות את חובו“. מען ציט אויף זיך כלומרשט אַרויף אַ פּאַטריאָטישע פיזיאָנאָמיע און אין דער שטיל זאָגט מען: Бей жидов, спасай Россию!* פאַר אָט די דורות־

---

* שלאָג יידן — ראַטעווע רוסלאַנד.

לאנג פארביסענע שונאים איז די תקופה פון יעזשאָוון געווען דער לאַנג דערוואַרטער יאָר־יאַריד. אָבער אין סטאַלינס „אונדזער קאַמף" איז זיכער נישטאָ אַזוינס, אַז מיר זענען שעדלעכע עלעמענטן, אַז אונדז דאַרף מען ברענען און בראָטן. זיי זיכער, אַז אין דעם אמת־אמתן אידעאָלאָגישן, קאָמוניסטישן „שולחן־ערוך", ווערן אפילו נישט דערמאָנט אַזעלכע מינדער־ווערטיקע פיגורן, ווי איך מיט דיר, און אַלע איבעריקע פון דעם שניט. אָט דאָס איז דאָס! דער קרעמל, ווי דו האָסט געזאָגט, איז טאַקע פון שטיין, אָבער הערצער זענען אין אים דאָ פאַרשידענע —

—או—וואָ! סטאַלין ווייסט גאָר נישט, וואָס פאַר אַ חסיד, וואָס פאַר אַ פּאַטריאָט ער פאַרמאָגט אין דיר. אינטערעסאַנט, פאַר וואָס גייסטו נישט אין דער פּאַרטיי, אַז דו ביסט אַזאַ פלאַמענדיקער באָלשעוויק —

— ס'איז נישט אמת, איך בין נישט קיין באָלשעוויק! איך בין אַ פּשוטער ייד. סטאַלין האָט זיך זיינע אידעאַלן און איך האָב מיר מיינע. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, ער וויל גאָר, אַז עס זאָל אויסברעכן אַן אַלוועלטלעכע רעוואָלוציע; סטאַלין וויל, אַז איבער דער גאַנצער וועלט זאָל פלאַטערן איין און איינציקע רויטע פאָן — אי דאָס בתנאי, אַז דאָס רויטע שטיקל פּערקעל * זאָל אומבאַדינגט זיין אויסגעאַרבעט אין ניזשנע־נאָווגאָראָדער מאַנופאַקטור־פאַבריקן און דאָס דרענגל צו דער פאָן זאָל זיין אָפּגעשניטן אין סיבירער וועלדער — און דער עיקר וויל סטאַלין, אַז דער קרעמל זאָל דיקטירן אויף דעם גאַנצן ערדקיילעך. מיין אידעאַל איז כמעט אַן ענלעכער, נאָר אין אַ פּיל, פּיל קלענערן מאַסשטאַב. אַזוינע עקן וועלט ווי: קאַליפאָרניע, אָדער קרים, די פיליפינען, אָדער אַלזשיר, אַלאַסקאַ, אָדער אַביסיניע — אָט די אַלע געאָגראַפישע פּונקטן, אינטערע־סירן מיך כלל וכלל נישט. מיך אינטערעסירט איין און איינציקער פּונקט: ארץ־ישראל. און דווקא אין דער זעלבער גרייס, וואָס גאָט האָט עס גע־וויזן משהן פונעם הר־העברים: מיטן לבנון, מיטן עבר־הירדן און אפילו מיט דעם מדבר. אויף קיין איין טפח בין איך נישט מוותר... און דאָרט, וויל איך, זאָל זיין אַ יידישע מלוכה, מיט וועלכער עס זאָל אָנפירן איינער מזרע בית־דוד, פון דער הייליקער יידישער דינאַסטיע. און אַהין, וויל איך, זאָלן זיך צונויפקומען אַלע זיבעצן מיליאָן יידן, וואָס געפינען זיך היינט צו טאָג אויף דער וועלט. און — דאָס איז פון די ערשטע עיקרים — מיר זאָלן נישט מוזן בויען קיין טאַנקן און קיין באָמבאַרדירערס, מען זאָל פאַר דעם יידישן פאָלק דרך־ארץ האָבן און אונדז נישט טשעפּען. און מיר זאָלן זיך רואיק קענען שרייבן אונדזערע ביכער, שאַפן אונדזער אייגענע מוזיק, פלאַנצן אונדזערע ווייגערטנער, אַרבעטן אין אונדזערע פאַבריקן און זיך שיפן אויף אונדזערע ימען. אָט דאָס איז מיין אידעאַל! דאַכט זיך, גאָר נישט קיין גרויסע השגה, האַ? און דו זאָגסט גאָר, גיין אין דער פּאַרטיי. אָבער

* די לייוונט, פון וועלכער עס ווערט געמאַכט די פאָן.

דאָס הייסט נאָך נישט, אַז איך דאַרף רעדן אויף סטאַלינען אַל דאָס בייז, אפילו אין דעם פאַל, ווען ער האָט דאָס נישט פאַרדינט...

— יאָ, זאָג זשע מיר, טייערער שפּילפויגל מיינער... אַז דו שפּילסט שוין יאָ אַזוי שיין, ענטפער זשע: אויב די גאַנצע יעזשאָווטשטשינע איז נאָר געווען אַ ביטערער טעות, בלויז אַ מיספאַרשטענדעניש, ווי דו ווילסט אונדז איינרעדן, פאַר וואָס זשע לאָזט מען אונדז איצט אויך נישט אָפּ? פאַר וואָס האַלט מען אונדז נאָך אַצינד אויך אין די לאַגערן? אַ פעלער קען מען דאָך פאַרריכטן, צי ניין?

— דיין קשיא, יוסף, איז אַן אייזערנע קשיא. נאָר מיין נישט, אַז ס׳איז אויף איר קיין תּירוץ נישטאָ. ערשטנס איז דאָך עפּעס ס. ס. ס. ר. אַ מלוכה. און אַ גרויסע מלוכה. און אפשר גאָר די גרעסטע! אַ מלוכה קען נישט זאָגן עפנטלעך: „חטאתי!" דאָס האָט נאָר אונדזער דוד־המלך געקענט, אָבער ביי די אומות־העולם פירט זיך נישט אַזוי. דאָס איז נישט קיין כבוד־מלכות. געדענקסט: „כי כתב אשר נכתב בשם־המלך, ונחתום בטבעת־המלך — אין להשיב!" די מלוכה מוז זאָרגן פאַר איר גוטן נאָמען, פאַר דער דיסציפּלין. וואָס פאַר אַ פּנים, פרעג איך דיך, וואָלט זי געהאַט ביים איי־גענעם פאָלק, און ביי דער אויסערלעכער וועלט, ווען זי עפנט פּלוצלינג אויף די טויערן פאַר אַלע די יעניקע, וואָס זי האָט נעכטן אַליין איינגעשפּאַרט? האַ? זאָג אַליין! מען וואָלט געזאָגט: ווייסע חברהניקעס שפּילן זיך. אַט נעמען זיי מענטשן, און אַט לאָזן זיי זיי אָפּ. אָבער פון דעסט וועגן, אַ לינדער ווינטל פילט זיך פאַרט: דאָס אָפּשאַפן יעזשאָוון; דאָס פאַרקוקן פון רעליגיעזע פאַרזאַמלונגען; אָדער אין דיין פאַל דאָס שיסן אַזאַ אויסוואָרף, ווי דער פאָלישטשוק איז געווען; ניין, ניין, זאָג דאָס נישט! עס שמעקט מיט וועסנע. ווייטער: עס זענען דאָ צווישן די אויספאַרשערס אויך אמתע שונאים פון דער ראַטנמאַכט. פאַרביסענע שונאים. בלוטיקע שונאים, איי־טערדיקע. די באַשולדיקונג פון די אומשולדיקע איז זאָרגעוודיק נאָכ־געפאַרבט געוואָרן נאָך די באַשולדיקונגען פון די אמתע שולדיקע, און אַצינד גיי זיי אַ בריה און קלייב זיך פון אַנדער: ווער ס׳איז דער אמתער שולדיקער, און ווער ס׳איז דער נאָכגעמאַכטער... וואָס דען, איבערפאַרשן אַלע פאַרשיקטע פונעם גאַנצן לאַנד? אָ! ברודערקע, דאָס איז אַזאַ סדרה... נאָך אַ גרעסערע פון פרשה „נשא"... נאָר דאָך, פאַל ביי זיך נישט אַראָפּ. עס וועט נאָך דאָס אויך זיין. מען קען נישט אַלץ מיט איין מאָל...

אויף יוספס פּנים באַווייזט זיך אַ גויט־שמייכעלע, ווי איינער רעדט: רעד מיר איין, רעד מיר איין... און שלמהן זאָגט ער:

— אַן עק! זאָל שוין זיין געגנוג דיסקוטירט. וואָס זשע פון דעסט וועגן האָסטו אַזוינס געשריבן אין קרעמל אַריין? ס׳איז מיר זייער אינטערעסאַנט. דערצייל, וואָס אַרט דיך?

— איי, צו וואָס טויג דיר זיך גריבלען אין די אַלטע קאַלאַשן?

נאָר דאָ האָט זיך שוין חנה אָנגערופן:

— יוספקע, דו דאַרפסט נישט אָנקומען צו אים! איך וועל דיר אַליין ווייזן —

# קאפיטל XVI

דער פאָטער און די מוטער זענען די גאַנצע צייט געזעסן שטיל און האָבן זיך איינגעהערט אין זייער וויכוח. זיי האָבן נישט געוואָגט איבער־צושלאָגן. נאָר צום סוף, דערהערנדיק ווי איר יוסף קליאַנטשעט פאַר שלמהן, אַז ער זאָל אים דערציילן דעם תוכן פון די בריוו קיין מאָסקווע, איז די מוטער אַזש אויפגעשפּרונגען פון איר בענקל און האָט פּלוצלינג גענומען אָראָפּשלעפּן דעם זאַק:

— דו מיינסט אפשר, אַז שלמה ווייסט יאָ, וואָס איך האָב דאָ? הלמאי זאָל איך זאָגן, שלמה ווייסט אויך נישט. בעת ער האָט מיר געהייסן אָפּ־דרוקן זעקס עקזעמפּלאַרן פון דער ביטע, האָב איך געבעטן, מען זאָל מיר אָפּדרוקן זיבן עקזעמפּלאַרן. אָט דעם לעצטן עקזעמפּלאַר האָב איך איבער־געלאָזט ביי זיך פאַר אַ זכר, ווייל זיין כתב־יד האָבן מיר תיכף־ומיד פאַר־ברענט. איצט פאַר דעם פאָרן, האָב איך אים בסוד־סודות מיטגענומען מיט זיך, כדי דיר אים צו ווייזן. נאַ, לייען אומיסטן, אָט דאָס איז דאָס אין גאַנצן —

יוסף האָט געלייענט אויף אַ קול, זשעסטיקולירנדיק דערביי מיט די הענט ווי אויף דער טריבונע. געענדיקט לייענען, האָט יוסף פון דאָס ניי אַרומגעכאַפּט קושן: שלמהן, די עלטערן, ער האָט גאָר נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיי פאַר פרייד. פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און כלו־מרשט אַ ברוגזער געזאָגט צו שלמהן:

— דו מיינסט אודאי, אַז איך האָב זיך דאַמאָלסט שטאַרק דערפרייט מיט פּאָלישטשוקס טויט, האַ?

שלמה קוועטשט מיט די אַקסלען אַ דערשטוינטער:

— כ'ווייס? איך מיין אַזוי —

— האָסטו גראָד אַ גראָבן טעות... מצוה בו יותר מבשלוחו! איך האָב אים געוואָלט מאַכן דעם טויט מיט די אייגענע הענט, ווי זאָגט ער דאָרט: אשרי שיאחז ונפץ... נאָר מילא, אַ פּנים, אַז ווי באַלד „זכה — מלאכתו נעשית על ידי אחרים"... אַז ס'איז מיר נישט באַשערט געווען אָפּדרייען דאָס קעפּל פון פּאָלישטשוקן, וועל איך שוין, אם ירצה השם, מקיים זיין דעם „לעשות נקמה בגוים" אין מיכאַילאָוון... יענער צורר וועט מיט גאָטס הילף אַ מאָל אָנליינגן מיטן קאָפּ דורך מיינע הענט... ער וועט שוין ביי מיר צונעמען פּאָלישטשוקס חלק אויך, און וועט אים מיטנעמען מיין משלוח־מנות אהין צו, אויף יענעם עולם...

יוסף לויפט נאָך אַ מאָל איבער מיט די אויגן שלמהס פּראָשעניע און קערט זי אום דער מוטער. אַלע זענען געווען צופרידן, שלמה אָבער איז געווען בייז:

— אויף אייך, חנה, וואָלט איך קיין מאָל נישט געגלייבט, אַז איר

זענט פעאיק אָפּצוטון אַזאַ שטות. וואָס וואָלט געווען, ווען מען פאַרהאַלט אונדז חלילה ביים טויער, און מען לאָזט אונדז טאַקע נישט אַריין איבער אַזאַ נישטיק פּאַפּירל?

— קודם כל איז דאָס דאָזיקע פּאַפּירל, קוים האָט דאָס געראַטעוועט מיין זון, נישט קיין נישטיקס נאָר אַ הייליקס. און איך וועל דאָס אם ירצה השם צוריק אויך בשלום דורכטראָגן אין דעם זעלבן זאַק. קיינער זוכט דאָ נישט. דאָ איז דיר נישט יעליזאַוועטינסקע... מען האָט אונדז דאָך דערוויל נאָך נישט פאַרהאַלטן, וואָס זשע בלאָזסטו זיך שוין? אין דער היים ליגט עס ביי מיר באַגראָבן אין אַ פלאַש ווי דער גרעסטער אוצר. דו מיינסט אפשר, אַז איך האָב נישט פאַרשטאַנען, אַז דו ווען זיך ביי־זערן? איך האָב דווקא פאַרשטאַנען, און דעריבער האָב איך אַפילו אָנגע־בעטן די פרוי פון ביאַליק דעם רב עליו־השלום, אַז זי זאָל דיר נישט דער־ציילן —

יוסף האָט זיך אַ וואָרף געטון צו איר:

— וואָס האָסטו עפּעס געזאָגט — ביאַליק?

— גאָרנישט האָב איך נישט געזאָגט.

— האָסט דאָך געזאָגט עפּעס נאָך אַ וואָרט?

— וואָס פאַר אַ וואָרט? וואָס טשעפּעסטו זיך, מיין זון?

— וואָס הייסט עפּעס — איך טשעפּע זיך? דו האָסט דאָך ערשט אַליין —

— „דו האָסט", „דו האָסט"... איך האָב פשוט פאַרגעסן, אַז דו ווייסט נאָך נישט —

— אַז וואָס ווייס איך נאָך נישט?

— פאַרפאַלן! ס'האָט זיך ביי מיר אומגערן אַרויסגעכאַפּט... יאָ, קינד מיינס, ביאַליק לעבט שוין נישט מער —

— געשטאָרבן?

— ניין, געהרגעט געוואָרן...

— אַזוי ווי דער לעבעדינער רב?

— ניין, אַזוי ווי דעם לעבעדינער רבס זון...

— אוי, ס'איז מיר שלעכט... גוואַ—אַלד —

יוסף איז ווי אַ קלאָץ אומגעפאַלן אויף דער ערד, האָט צעריסן אויף זיך דאָס העמדל און האָט זיך געקלאַפּט קאָפּ אין דער וואַנט. ביי זיי אַלע האָט זיך מיט אַ מאָל דערוועקט דער אַלטער ווייטיק. אַלע האָבן פון דאָס ניי דערפילט, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער אוצר ס'איז ביי זיי פאַרלוירן גע־גאַנגען. יוסף האָט געריטשעט אויפן גאַנצן צימער, און אַלע האָבן, אויף אים קוקנדיק, אויך מיטגעוויינט. ווען יוסף האָט זיך ענדלעך אויפגעהויבן פון דער ערד, האָבן שוין זיינע אויגן נישט געוויינט: „קום זיך שלאָגן". פון דער בשורה־טובה איז ער אויפן פּנים עלטער געוואָרן מיט צען יאָר. דער קוק זיינער איז געוואָרן אַ פאַרלאָשענער. פון זיין שטימע האָט זיך געלאָזט פילן אַ טיפער יאוש:

— שלמה, טייערער חבר מיינער, האָב אויף מיר רחמנות און דער־ציייל מיר אַלץ, אַלץ... גענוג וואָס איך בין אַזוי שרעקלעך אָפּגעריסן פון אייך, על כל פנים לאָמיך כאָטש אַלצדינג וויסן... איר וועט זיך אוועקפאָרן און איך וועל ווידער דאָ בלייבן אַליין... אַן עלנטער אויף לאַנגע יאָרן... און די אַלע יאָרן וועל איך נאָר האַלטן אין איין טראַכטן וועגן דעם, וואָס איר האָט מיר איצט דערציילט... וואָס זשע שווייגסטו, שלמה? זאָגסט מיר יאָ צו, נישט צו פאַרלייקענען גאָרנישט?

— אויף וויפל מיין זכרון וועט מיר נאָר דינען —

— ווּעמען נאָך פון אונדזער חברה האָט מען אין יענער נאַכט צוגע־נומען, חוץ: קלאַדניצקין, ראַפּאַפּאָרטן און מיך?

שלמה האָט אים אויסגערעכנט די נעמען פון די איבעריקע אַכט בחורימלעך. יוסף האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— און אַלץ אין דער זעלבער נאַכט?

— אין דער זעלבער שעה אפילו.

— און ווי אַזוי איז דיר געלונגען —

— צו מיר איז מען אין יענער נאַכט נישט געקומען. מיר האָט מען עטלעכע חדשים נאָכגעשפּירט —

— איך האָב דאָס געוווּסט... נאָך בעסער פון דיר...

— פון וואַנען האָסט דו עס געקענט וויסן?

— מיכאַילאָוו האָט מיר אין אַן „אָפנהאַרציקן שמועס" אַנטפּלעקט דעם סוד, פאַר וואָס מען טשעפּעט דיך דערווייל נישט. ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז זיי ווילן זען, ווי אַזוי דו פירסט ווייטער אָן מיט דער ישיבה.

— אַ מכה האָבן זיי ביי מיר געזען —

— ביסטו, הייסט עס, ביי זיי אין די הענט אפילו נישט געווען?

— דווקא עטלעכע מאָל געווען, נאָר איך האָב זיך ברוך־השם אַרויס־געדרייט...

— האָסטו די גאַנצע צייט די מלאכי־חבלה אפילו פאַר די אויגן נישט געזען?

— זייערע טריפהנע פּאַרצעפעס האָב איך זוכה געווען צו זען בלויז דורך די פענצטער: איין מאָל ביי זיך אין דער היים און דאָס צווייטע מאָל אויף מיין קאָנספּיראַטיווער וווינונג —

— האָסטו זיי, הייסט עס, אפילו נאָענט נישט געזען? איז ביי דיר מקוים געוואָרן: „לא תתן חסידך לראות שחת"... איצט זע איך, אַז דו ביסט טאַקע באמת אַ חסידישער יונגערמאַן — כי הפלה ד׳ חסיד לו! מאַלאַדיעץ, אויף מיין וואָרט!

— גיי, שוטה דו! ביי אַזוינע זאַכן איז עפּעס שייך בריהשאַפט? אַז מען האָט אַ סיעתא דשמיא, ווערט מען אַנטרונען; און טאָמער חלילה נישט — פאַלט מען אַריין ווי אַ שכורע פליג...

— בארעכן נאָר, און איך בין אזא בטלן, אז זיי האָבן מיך געגע־מען אזוי לייכט, ווי מען נעמט אראָפּ א הון פון דער סידעלע. *

דער פּאָטער מישט זיך אריין:

— יוספל, ווען דו הערסט אוים די ניסים, וואָס זענען מיט אים גע־שען, וואָלסטו שוין דאכט זיך געזאָגט, אז די ניסים, וואָס האָבן מיט דיר געטראָפן, זענען גאָרנישט מיט גאָרנישט.

— וואָס הייסט עפּעס: „ווען איך הער״? וואָס איז שלמה, דו וועסט מיר נישט דערציילן פון אלף ביז תיו? דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט —

— פאַר וואָס זאָל איך נישט דערציילן? נאָר נישט איצט! מאָרגן, אי־בערמאָרגן, מיר האָבן גענוג צייט. פריער וועסט דו דערציילן. דיר קומט צו גיין מיט דער ערשטער הקפה —

— איך, זאָגסטו, וועל דערציילן? דו וועסט מיר גלייבן? איך האָב גאָרנישט וואָס צו דערציילן. יאָ, זאָג זשע מיר, ווי אזוי לעבט זיך דאָרט־יענע צען חברים?

— ווער ווייסט? נאָר וואָס מיר שיקן זיי פּעקלעך, מער ווייסן מיר פון זיי גאָר—נישט. שטרענגע איזאָלירונג! אין אומר ואין דברים, בלי נשמע קולם... דו ביסט דער סאַמע מזלדיקסטער...

— דאָס איז א פּנים דערפאַר, ווייל פונעם אָנהייב בין איך געווען דער סאַמע שלימזלדיקסטער... אָבער פּעקלעך שיקט איר זיי אויך צוויי מאָל אין חודש, און אויך אזוינע גוטע ווי מיר?

— וואָס זשע? דו מיינסט, אז דו ביסט ביי אונדז אזא גרויסער יחסן? ס'איז נאָר פּאָלישטשוק האָט זיך מיט דיר באזונדערס אָפּגעגעבן, אָבער ביי אונדז ביסטו אין כלל פון אלע.

— נו, און ממתקים?

— ווי עס איז, גאָט פּירט אוים —

— נו, און ווען דו ביסט געווען באהאלטן?

— האָט מען זיך אויך אַן עצה געגעבן —

— לאַנג האָסטו זיך אויסגעבאהאלטן?

— אַן ערך פון א האלב יאָר.

— ווי אזוי זשע דאמאָלסט?

— ברוך־השם, קיין געלט האָט נישט געפעלט.

חנה גאָרדאָן קען נישט פאַרליידן, אז מען גיט יענעם א פאַלשע אינ־פאָרמאַציע:

— וואָס דערציילט ער דיר מעשות, אז עס האָט נישט געפעלט? עס האָט געפעלט, עס האָט געפעלט. ביז ער האָט זיך נישט איינגעשטעלט דאָס לעבן און האָט זיך נישט ארויסגעכאַפּט פון זיין באהעלטעניש אויף א גאַנצער נאַכט — איז טאַקע נישט געווען גאָרנישט. און אז ער איז זיך

* איבערגעלייגטע באַנטענעס אויף די ביידעמער, אָדער אין די קאַמערן, אויף וועל־כע די עופות זיצן איבער די נאַכט.

דורכגעלאָפן איבער דער שטאָט, איז טאַקע געוואָרן געלט: אי אויף פּעק־לעך; אי אויף דער תּלמוד־תּורה; אי אויף דער מקוה; אי נאָך אויף גמילות־חסדים אויך! סיי פֿאַר אונדז, סיי פֿאַר די פּייגנבוימס. ער מיינט, אַז איך ווייס נישט, פֿרוי פּייגנבוים האָט מיר אַלץ דערציילט. און דאָס אויפֿרייסן אונדז פֿונעם שלאָף צוויי אַ זייגער ביי נאַכט, אַריינרוקן אונדז אַ טויזנ־טער, אַז מיר זאָלן אַזוי נישט הונגערן, און נאָך אויסרעדן אונדז דאָס האַרץ טאַקע מיט די ווערטער: „מען וועט נאָך אם ירצה השם טאַנצן אויף אייער יוספס חתונה אין די הוילע תּחתּונים ביזן ווייסן טאָג אַריין, און איר וועט צעשמאַלצן ווערן קוקנדיק"... וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיין זון? ער האָט דאַמאָלסט געהאַט אין אונדז אַזאַ מצווה, אַז דו קענסט זיך עס גאָר נישט פֿאָרשטעלן... ער האָט דאַמאָלסט מיט אונדז מקיים געווען טאַקע בפּועל ממש ווי אין דער גרויסער „מודה־אני" שטייט געשריבן: המחזיר נשמות לפגרים מתים...

יוסף שליסט איין שלמהן אין זיינע אָרעמס און דריקט אים אומ־אויפֿהערלעך צו זיין האַרצן:

— איך הער, אַז דו האָסט אין קיעוו איבערגעקערט וועלטן... אַז ווען נישט דו, וואָלטן מיר אין די לאַגערן געווען אויסגעשטאָרבן פֿון הונגער —

— ווייס איך, ווייבערשע מעשׂות... דו ווייסט נישט, ווי זיי האָבן אַ טבע, צו מאַכן פֿון אַ פֿליג אַ העלפֿאַנט.

חנה דראָט שלמהן מיט דעם פֿינגער ביי דער נאָז:

— איך וועל דיר געבן אַ מאַכעניש, וועל איך דיר געבן, וועסטו שוין דווקא וויסן ווי אַזוי צו מאַכן בלבולים אויף אַן עלטערער יידענע. יוספקע, דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דיר דערציילט, איז אַ נול קעגן דעם, וואָס עס איז געווען אין דער אמתן, און אפֿשר נאָך קיין נול אויך נישט —

גאָרדאָן קוקט אויף זיין חבר מיט פֿלאַמענדיקע אויגן:

— און דו שלמה, שווייגסט... האָסט מיר געגעבן דאָס וואָרט, אַז דו וועסט מיר אַלץ דערציילן, און צום סוף שווייגסטו... דו האַלטסט פֿון: יהלך זר ולא פיך, האַ? נו, שאַ, שלמה, שאַ! אַן עק, בלאָז זיך נישט און לייקן נישט. אַלץ איינס גלייב איך דער מאַמען, נישט דיר. וואָס איז, איך קען דיך נישט? דערצייל, וואָס מאַכט עפּעס דיין יוכבד? דער קליינינקער?

— דאַנקען גאָט, גוט. זיי האָבן ווינטער געהאַט אַ שטיקל סכּסוך מיט מיכאַילאָוון. דער קליינטשיקער האָט זיך שיר נישט אַריבערגעפּעקלט אויף יענער וועלט, נאָר דאַנקען גאָט, אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט בשלום.

— וואָס זשע, קליינע קינדער נעמט מען שוין אויך?

— וואָס איז שייך — מען נעמט? אין דער קאָנסטיטוציע, פֿאַרשטייט זיך, האָט מען דאָס נישט אַריינגעשריבן... יעזשאָוו האָט גענומען... פֿאַר אים האָט אַלץ געפּאַסט...

— וואָס זשע האָט מען דעם קינד דאָרט אַזעלכעס געטון? שוין זשע אויך געשלאָגן?

— גאָט באַהיט! וואָס רעדסטו, דו גויאישער קאָפּ? קליינע קינדער

שלאָגט מען? און צוליב וואָס דאַרף מען זיי שלאָגן? עס זענען נישטאָ קיין דעליקאַטערע מיטלען צו זיי? מען האָט עס נאָר געהאַדעוועט מיט פוילע פיש, מיט פאַרשטונקענער קרויט, געגעבן דעם צו טרינקען נישט קיין איי־בערגעקאָכט וואַסער, ביז דאָס קינד האָט באַקומען דיזענטעריע און ס׳איז שוין געווען מער טויט ווי לעבעדיק... נאָר איצט איז ער שוין אַ קאָזאַק, ער לערנט שוין חומש —

— נו, איצט פרעג איך דיך אַליין, ווי אַזוי שעמסטו זיך נישט צו רעדן גוטס אויף זיי? דו זאָגסט דאָך: סטאַלין, סטאַלין...

— איי יוסף, יוסף! צי דו ביסט אַזאַ שוטה, צי דו מאַכסט זיך... דאָס האָט סטאַלין געהייסן נעמען ברעקלעך קינדער אויף יעליזאַוועטינסקע און זיי אָנטון ענויים־קשים? סטאַלין ווייסט אפילו פון אַזעלכע מעשים אשר לא יעשו? גלאַט אַבי רעדן! איי, עס שלאָגט צו דער גרינער גאַל...

— אוי וויי, מיט דיר איז דאָך גאָר אַ פחד צו רעדן! דו ביסט אַזאַ סטאַליניסט — אַ שרעק! איך וואָלט געוואָלט וויסן, צי איז ער אויך דיי־נער אַ חסיד?

— מיינער אַ חסיד? וואָס בין איך דען?

— אַן עק, לאָמיר שוין רעדן פון אונדזערע זאַכן, ווייל אויף דער טעמע קען מען רעדן טויזנט און איין נאַכט און אַלץ האַלטן פאַר „מה טובו״. וואָס טוט איצט די אלמנה פון הרב ביאַליק? איך האָב פאַרגעסן זאָגן „זכרונו לברכה״, נאָך נישט צוגעוווינט געוואָרן —

— די פרוי ביאַליק? וואָס זאָל זי טון? זי באַקט וואָפּליעס... אַזוי ווי פריער...

— און וואָס הערט זיך עפּעס ביי די פייגנבוימס?

שלמה דערלאַנגט די עלטערן אַ לייכטן קלאַפּ אין די שיך, און אַליין ענטפערט ער, נישט טוענדיק קיין פינטל מיטן אויג:

— אַלץ ווי פאַרן שטורעם! זעליק אַרבעט, ניסן אַרבעט, די מיידלעך אויך. כ׳מיין, טאַני אַרבעט נישט... זי איז שטענדיק מיט דער קראַנקער מוטער...

— ווי אַזוי איז זי, טאַניושקע? זי האָט זיך גוט אָנגעליטן?

— וואָס פרעגסטו? טאַני האָט פאַרדינט מען זאָל איר נאָמען אויס־קריצן מיט גאָלדענע אותיות צווישן די נעמען פון די באַרימטסטע יידישע גיבורות. אין דער צייט פון מיין געפינען זיך אין אונטערגרונט, האָט זי. איינע אַליין, אָנגעפירט מיט אַלע אונדזערע מוסדות. אַ שרעק, וואָס זי האָט דאַמאָלסט איבערגעאַרבעט —

— אַך, מיין ליבע טאַניושינקע, מיין טייערע... מיין צאַ־טע... און איך בין זיך געזעסן ווי אַ פּריץ אין כאַדאַבולאַק, און האָב אַלץ איבערגע־לאָזט אויף אירע שוואַכע פּלייצעס... און וואָס מאַכט עפּעס די פרוי פייגנ־בוים? אַלץ נישט בעסער?

— עטוואָס בעסער. זי רירט שוין צו ביסלעך מיט די הענט.

— ווו האָבן זיך די פייגנבוימס אויסגעבאַהאַלטן בימי הרעש?

— אין כארקאָוו. הינטער א וואנט האַלץ. אַלע דריי צוזאַמען.
— און ווו איז ערגעץ מאיר סעגאַל?
— אין קוטאַאיס.
— אַזש אין קוטאַאיס? ווי אַזוי לעבט זיך אים דאָרטן?
— אָן זיין שאָדן, אויף דיר געזאָגט געוואָרן!
— ער קלערט נישט זיך אומקערן קיין קיעוו?
— עס ווייזט אויס, אַז ניין. ער האָט זיך דאָרט געמאַכט א קליין פאַבריקל...
— מהיכי־תיתי, זאָל אים גאָט העלפן! נו, און נחום אַדלער, ווו גע־פינט זיך היינט?
— אין וואָראָניעזש.
— ווי אַזוי גייט עס אים?
— אויך גאַנץ נישקשה.
— טאַטע, מאַמע, דערמאָנט מיר, ווער נאָך? דער זכרון איז ביי מיר לעצטנס שטאַרק געשלאָגן. יאָ, זאָג מיר שלמה, דער טאַטע דיינער זיצט נאָך?
— היינטיקן אָסיען, מיט גאָטס הילף, דאַרף ער שוין אַרויסגיין.
— אָ! שוין לאַנג, אַז ער זיצט... נו, און פון ר׳ אברהם שאַרפשטיין, ווייסט איר עפּעס?
— גאָר—נישט! פאַרפאַלן געוואָרן, אַזוי ווי אין וואַסער אַריין.
— שלמה־סערדצע, אפשר האָסטו עפּעס געהערט פון די פאַלטאַוואער ליבערמאַנס? פון די גורעוויטשעס?
ביי שלמהן האָט זיך אין דער מינוט גראָד צעבונדן א שוך. ער באַ־ברעט זיך לאַנג ביים שנירל און פרעגט יוספן מיט א געשעפּטלעכן טאָן:
— דיך הונגערט נאָך נישט, יוסף?
— איי, רעד נישט קיין נאַרישקייטן. סיידן אפשר חלשט דיר דאָס האַרץ? זאָג, שעם זיך נישט. איך בין זאַט מיט אייך! איז וואָס זשע זאָג־סטו? דו ווייסט עפּעס יאָ פון זיי?
שלמה איז ענדלעך פאַרטיק געוואָרן מיט דעם איינגעגעסענעם שנירל און רופט זיך אָן אַ מידער:
— דו פרעגסט עפּעס?
— איך זאָג, פון דעם פאָלטאַוואער רבס קינדער, און פון אים אַליין, האָסטו עפּעס געהערט ?
— ניין, כ׳האָב גאָרנישט געהערט.
— ווי אַזוי גייט עס דאָרט ביי דיר מיט דער תלמוד־תורה?
— בעסער קען גאָר נישט זיין ! איבער דער שטאָט לערנען איצט הע־כער הונדערט קינדער. אין אָט דער עבודת־הקודש זענען אַצינד עוסק צוועלף מלמדים. צווישן די קינדער זענען פאַראַן זיבן און צוואַנציק מיי־דעלעך, צוקינפטיקע טאַניושקעס...
— און מיין מקוהלע?

— נאָר וואָס עס בענקט נאָך דיר, אָבער חוץ דעם ארבעט עס אויף אַלע רעדער... אַז עס גייט אַזש אַ פּאַרע...

אַ היפּשע ווײַלע איז יוסף געזעסן פאַרטראַכט און פּלוצלינג האָט ער אויסגעשאָסן מיט אַ יאָמערלעכן געוויין:

— חרוב געמאַכט מײַן קיעוו! ביאַליק נישטאָ... סעגאַל נישטאָ... אַדלער נישטאָ און מיר אין עלפּטן — דאָ אין די לאַגערן... ווער איז נאָך געבליבן? צו וועמען וועל איך זיך שוין אומקערן? הײַנט, וואָס אין משך פון לאַגערנע אַכט יאָר קען נאָך טרעפן? צען יאָר האָב איך שוין! און ווער קען מיר ערוב זײַן, אַז מיט דער צײַט וועל איך זיך דאָ נישט פאַרדינען נאָך אַ מאָל אַזוי פיל? אין די מקומות דאַרף מען אַ סך? דאָ איז דאָך ממש: לפּתח חטאת רובץ! דאָ איז מען דאָך מדקדק מיט די אַרעסטאַנטן ממש: אפילו כמלא נימה! איין קרעצעלע — דרײַ יאָר! איין מסירהלע, איין קרומער קוק פון דער נאַטשאַלסטווע — פינף יאָר! וויפל אַזעלכע, וואָס באַקומען דאָ אַ „פּריבאַווקע", * הענגען זיך אויף אויף די ביידעמער, אין די קלאָזעטן... מאַמע, ווי אַזוי וועל איך שוין אויסזען, ווען איך וועל אַרויסגיין פון דאַנען? אַן אַלטער, אַ „סיוועי דיד"... ** אַזוי ווי די אַמאָליקע „פּאָימעניקעס", *** ווען זיי פלעגן זיך אומקערן נאָך דרײַסיק יאָר דיעיסטוויטיעלנע צאַרסקע סלוזשבע... אסור זאָל מיר זײַן, אויב טאַני וועט מיך אפילו דערקענען... אויב איר אַליין וועט מיך שוין אפילו דערקענען... צו וועמען וועל איך שוין דאַמאָלסט קומען? צו די פאַריתומטע פיר ווענט? צו די וויסטע חורבות פון מײַן אַמאָליקער וועלט? פון מײַן אַמאָליקן גן־עדן? גוואַלד געשריגן, נאָך וואָס זענט איר געקומען אַהער צו? מיר אויפצורודערן מײַנע ווייטיקן? איר האָט געמיינט, טאָמער איז מיר דאָ צו פיל גוט?

די עלטערן האָבן זיך באַוואַשן מיט טרערן פון זײַנע רייד. שלמה האָט יוספן געגלעט איבער די האָר און אים ליבלעך געמוסרט:

— איי, יוסף, יוסף... אָט דאָס דערפרייסטו אַזוי די הערצער פון דײַנע עלנטע אַלטיטשקע, וואָס האָבן זייערע אויגן אויסגעוויינט איבער דיר? גיב אַ קוק, ווי זיי כליפּען... און אַז מיר וועלן אָוועקפאָרן, וועסטו בענקען... וועט דיר באַנג טון...

יוסף האָט מיט אַ היסטעריקע זיך אַ וואָרף געטון צום פאָטערס קניעס:

— טאַטע, האָב אויף מיר רחמנות און הער אויף צו וויינען... איך

---

* אַ צוגאָב, אַ הוספה.

** אַ גראָער זיידעשי.

*** געקאַפּטע. געמיינט: די ייִדישע ייִנגעלעך, וואָס פלעגן קליינערהייט אויסגעכאַפּט ווערן פון זייערע היימען, און פאַרשיקט ווערן אין די ווײַטסטע ווינקלען פונעם לאַנד, ביז זיי זענען דערוואַקסן צו דער עלטער, וואָס מען נעמט שוין אין סאָלדאַטן. די דאָזיקע גזירה וועגן ייִדישע „קאַנטאָניסטן", איז אַרויס בימי ניקאָלײַ דעם ערשטן.

בין אַ ווילדער ווי אַלע מאָל... אודאי איז שלמה גערעכט... וואָס דען, אַזוי נעמט מען אויף געסט?

— שאַ, יוספקע, מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט דיין האַרץ... מיר האָבן דיך אַלע אַזוי ליב... גאַנץ קיעוו האָט דיך ליב —

אַ פאַרוויינטער, אַ פאַרשעמטער, נאָך אַלץ זיצנדיק אויפֿן פאָל לעבן דעם פאָטערס קניעס, דרייט יוסף אוים דעם קאָפּ צו שלמהן און מיט אַ שולדיקער מינע זאָגט ער:

— דו ווייסט, שלמה, מיט מיינע נערוון איז עפּעס ווי אַ מאָל... צייטנ־ווייז, אודה ולא אבוש, בין איך שיר נישט מטיח דברים כלפי מעלה, אַזוי אומדערטרעגלעך ווערט מיר אָט דאָס זיין אָפּגעשניטן פון דער לעבעדיקער וועלט... אָט דאָס נישט־וויסן, וואָס אויף יענער זייט טויער טוט זיך... טאָ־מער וועל איך דאָ משוגע ווערן, זאָלט איר וויסן זיין, אַז דאָס איז געקו־מען נאָר פון עלנט און פון בענקעניש... אָבער, ווי איך האָב דיר שוין, דאַכט זיך, געזאָגט, אַזעלכע שוואַכע מינוטן טרעפן זיך ביי מיר זייער זעלטן... נאָר ווען איך ווער מטורף... דו קענסט מיך דאָך! אָבער דאָס רוב טעג — און ברוב הימים וועט מסתמא גיין נאָך בעסער — בין איך אויף זיך מצדיק את הדין און בין אויף זיך מקבל די יסורים באהבה... איך טראַכט זיך דאַמאָלסט: למה נגרע? פאַר וואָס זאָל איך נישט אויסטרינ־קען מיין כוס־התרעלה ביזן דנאָ, גלייך מיט אַלע מיינע חברים און רביים? איך טראַכט זיך דאַמאָלסט: ידי מסולקת! וואָס בין איך עפּעס מחויב צו באַוואָרענען די וועלט מער ווי דער באַשעפער אַליין? רבונו־של־עולם, טראַכט איך זיך, הנשמה לך והגוף שלך, איך נעם צו די האַנט פונעם האַרצן, טו מיט מיר, ווי דיר אַליין ווילט זיך...

שלמה קאָרטשעט אוים אויף זיין פנים כמו ווי אַ שמייכל:

— קומט דאָך אוים, אַז דו בעטסט ביי אים גאָרנישט —

— טאַקע נישט! אודאי נישט! וואָס בין איך עפּעס אַ מחזיר על הפתחים, אַז איך זאָל בעטן? צי איך בין אַזאַ מסורבל בעוונות וחטאים ופשעים, אַז איך זאָל בעטן און קליאַנטשען? און פאַר וואָס עפּעס זאָל איך גאָר וועלן משנה זיין דעם רצון־העליון? איך וויל גאָר נישט דוחה זיין את הקץ! הרי אני מוטל לפניו כאבן —

שלמה, מיט אַ פאַרחידושטן בליק:

— אַזוי טאָר מען אויך נישט! לשיטתך, וואָס טוסטו מיט די דברי חז״ל: „הקדוש ברוך הוא מתאוה לתפילתן של צדיקים״, האַ?

— גראַם־שטראַם! איז דאָך — צדיקים!

— און דו וואָס ביסט? אל תהי רשע בפני עצמך, שטייט געשריבן...

— ווייס איך, לאָז מיך געמאַך! יאָ אַ רשע, צי נישט קיין רשע — ס׳איז שוין איצט אַלץ איינס... לדינא איז נישט קיין שום נפקא מינה... טאַטע, דערציייל עפּעס וועגן זיך —

— ניין, יוסעלע, דו דערצייל. וואָס זאָגסטו נאָר אויף דער מעשה? דו

האָסט דאָך נאָך פון זיך גאָרנישט נישט דערציילט. די גאַנצע צייט האָסטו נאָר געהאַלטן אין איין פרעגן ביי אונדז...

— טאַטע, וואָס האָב איך דיר צו דערציילן? איך אַרבעט. עסן האָב איך גענוג. אָנטון אויך. איצט האָט איר נאָך צוגעבראַכט, וועט שוין זיין איבער און איבער. קיין שום זאַך פעלט מיר נישט, נאָר איר פעלט מיר! די חברים פעלן מיר. און אַכט יאָר איז טאַקע אַ ביסל צו פיל. אַז איך דער־מאָן זיך, אַז נאָך: הונדערט חדשים; נאָך פיר הונדערט וואָכן; נאָך דריי טויזנט טעג; נאָך זיבעציק טויזנט שעה דאַרף איך בלייבן עלנט, ווייט פון מיין קיעוו... אָ! דאַן כאַפּט מיך אָן אַ שוידער... אָבער איך באַמי זיך נישט צו טראַכטן. בעת איך טראַכט נישט, איז נישקשה. נאָר ווי אויף צו להכעיס טראַכט זיך אָבער יאָ...

— יוספקע, נו, און אַ שטייגער, אַז דו זאָלסט זיך דאָ אָפּזוכן חברים, גוטע ברידער, עס זענען דאָ נישטאָ אַזעלכע?

— נישטאָ. די דאָזיקע יידן, וואָס זענען דאָ יאָ פאַראַן, זענען גאָר אַנדערע מינים יידן. פאַרקערט, מיר דאַוועגען דווקא אַ מאָל במנין. פריי־טיק צו נאַכטס — כמעט שטענדיק. וואָס איך געדענק אויף אויסנווייניק, דאָס לערן איך מיט זיי. זיי זאָגן מיר בפירוש צו צו ווערן ערלעכע יידן, ווען זיי וועלן אַרויסגיין אויף דער פריי... אָבער וואָס קומט אַרויס? דאָס דאַוועגען איז נישט געדאַוונט ווי עס דאַרף צו זיין, דאָס לערנען — נישט געלערנט ווי עס דאַרף צו זיין — ס'איז גאָרנישט! ס'איז סתם זיך אַליין אָפּגענאַרט —

שלמה שלאָגט אים איבער די רייד: —

— אַז דו זאָלסט אַזוי רעדן... דו געדענקסט דאָך יאָ, ווי אַזוי דער ריזשינער, זכותו יגן עלינו, האָט געענטפערט יענעם יידן: „פון וואַנען ווייסטו, וואָס ביים כביכול איז באַליבטער, פון וואָס די שכינה האָט מער נחת־רוח: פון דיין לערנען, צי פון דיין צער, למאי דו האָסט נישט קיין מעגלעכקייט צו לערנען? פון וואַנען קענסטו וויסן, וואָס ס'איז חשובער למעלה: דיין קיום המצוות, צי דיין כוסף והשתוקקות * צו קיום־המצוות"?

דער אַלטער גאָרדאָן שטעלט אויך אריין אַ וואָרט:

— וואָס דען, מיין זון, דו זינדיקסט! מען טאָר אַזוי נישט!

ער פאַרגלאַנצט פרום די אויגן צום הימל:

— דו גיסט זיך עפּעס אַ זאָג אָפּ בנשימה אחת: מיר דאַוועגען... מיר לערנען... זיי זאָגן צו... טאַטע זיסער! דעם אייבערשטנס חסדים האָבן דאָך גאָר קיין גבול נישט... וועדליק פאָדליק יענע זמנים, ווען דו ביסט טויזנט מאָל, נישט היינט געדאַכט, געווען ביי מיכאַילאָוון אין די הענט, צי ביי פּאָלישטשוקן, הייסט עס דאָך: ישועות ונחמות; הייסט עס דאָך: אָן אתחלתא דגאולה! אַ חוץ דיין שאָדן, הלואי זאָלן מיר שוין זוכה צו הערן אַזעלכע גרוסן פון טאָג —

* צווייי לשונות, וואָס ביידע באַדייטן איינס און דאָס זעלבע: שטאַרק גלוסטן.

דער אַלטער, אויסגעטרוקנטער גאַרדאָן, האָט זיך שיר נישט אָפּגעבּיסן קיין האַלבע צונג, אַזוי הילכיק האָט ער פאַרקלאַפּט מיט די ציין און גיך־גיך פאַרטשאַמקעט מיט די ליפּן, ווי אַן אָנצייגנערדיקע זקנה. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. אַט די צוויי חושים: דער חוש־הראיה און דער חוש־השמיעה, זענען ביי אַן אַרעסטאַנט נישט וויניקער שאַרף און אויפכאַפּנדיק, ווי דער חוש־השמיעה און דער חוש המישוש ביי אַ בלינדן. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער אַרעסטאַנט מוז שטענדיק זיין אויף דער וואַך. ער מוז קענען אַראָפּלייענען ביי זיין נאַטשאַלניק פונעם פּנים: וואָס יענער טראַכט וועגן אים; צי האָט ער נושא־חן געווען ביי זיין בעל־הבית; צי זענען זיינע חברים נישט אָנגעשטויסן אויף אים; צי גראָבן נישט זיינע שכנים בשתיקה אַ „קבר" פאַר אים; פון וועלכער זייט ער דאַרף דערוואַרטן אַן אַטאַקע, כדי ער זאָל ביי צייטנס זיך קענען ווערן קעגן איר. דאָס וואָס דער אַלטער פאָטער האָט ביי טאַנים נאָמען אַזאַ זופּ געטון די צונג, גלייך ווי עמעצער וואָלט אים אַריינגעגאָסן אין מויל אַריין אַ לעפל זודיקע שמאַלץ, האָט שוין דאָ גאָרנישט פאַרריכט. יוסף האָט שוין פאַרענדיקט פאַר אים דעם פּסוק. מיט אַ גרוילנדיקער רואיקייט האָט ער געלאָזן איבערגעחזרט דעם פאָטערס ווערטער:

— ...„הלואי זענען מיר שוין זוכה צו הערן אַזעלכן גרוסן פון טאַנין"? וואָס האָט דען געטראָפן מיט טאַנין? זי איז, הייסט עס, נישט אין דער היים?

איין רגע, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע אייביקייט, איז געווען שטיל אין צימער. יוספס אויגן, טרוקענע און פיבערנדיקע, האָבן אומברחמנות־דיק געעקבערט דעם פאָטערס אומגליקלעך פּנים. שלמה האָט דערזען, אַז דעם אַלטן פעלט אפשר איין מינוט צום חלשן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— הער אויס, יוסף, לכתחילה איז דיר קיינער נישט מחויב צו ברענגען אַזעלכע בשורות־טובות אין לאַגער אַריין, אָבער איצט איז דאָך שוין פאַרפאַלן, כיון שהגיד, שוב אינו חוזר ומגיד, מעגסטו שוין וויסן פון דער גרויסער גדולה: טאַני איז פאַרשיקט אויף אַכט יאָר... ס'איז שוין אַ יאָר אין דער מעשה...

— טאַני? טאַניושאַ?

— טאַני! טאַניושאַ! וואָס איז טאַניושאַ, נישט קיין יידיש קינד גלייך מיט אַלע?

— אָבער גוואַלד, וואָס הייסט — טאַני זיצט... פאַרשיקט... עס לייגט זיך מיר גאָר נישט אויפן מח...

— לכתחילה האָט זיך עס אונדז אויך נישט געלייגט אויפן מח, אָבער מיט דער צייט האָט מען זיך שוין צוגעוווינט... הרגל נעשה טבע...

— מאַ—מע! מאַ—מע! דו הערסט, וואָס זיי דערציילן? הייגט, צו וואָס טויג מיר נאָך דאָס לעבן?

די צעבראָכענע מוטער האָט געהאַלטן די אויגן אין טיכעלע און איר־ע אַקסלען האָבן קאָנוולסיוו געציטערט פון געוויין. זי איינע, און די פאַ־

ראַליזירטע פײגנבוימשע די צווייטע, בלויז זיי ביידע האָבן געוווּסט פונעם סוד, אַז די קינדער האָבן זיך ליב אהבת־נפש, אַז ס'איז ביי זיי שוין לאַנג אָפּגערעדט, אַז ווי נאָר מלכה, טאַניס עלטערע שוועסטער, וועט אַ כלה ווערן, שטעלן זיי גלייך אַ חופּה...

יוסף האָט אָנגעכאַפּט שלמהן ביי די לאַצן:

— זיצט זי טאַקע? אויף אַכט יאָר, זאָגסטו? דו שפּאַסט נישט? איי, וואָס רעד איך פּאַר אַ משוגענע רייד? זאָג מיר, וווּהין האָט מען זי פּאַר־שיקט?

— קיין קאַראַגאַנדאַ... געגנט ווייט פון דאַנען —

— אַזש קיין קאַראַגאַנדאַ? פאַר וואָס האָט מען זי גענומען?

— ווער קען דאָס וויסן? און פאַר וואָס מען האָט דיך גענומען, האָבן מיר דען יאָ געוווּסט? הנסתרות לד' אלהינו... נישט מער, פון איינציקע רמזים קען מען אַרויסדרינגען, אַז דאָס איז אַ נאָכווייעניש פון יענעם פאַל מיט דער שפּיאָנקע, וואָס איר האָט דאַמאָלסט געפּירט אין מקוה אַריין —

— וו—וו—וואָס? אַ קרעצל פון צוריק כמעט מיט אַ צענדליק יאָר?

אוי־וואַ, אוי־וואַ, ביי דער משפחה גייט גאָרנישט פאַרלוירן... קוים האָט מען אויף זיך אַ פלעקעלע — פּאַר—פּאַלן! הקולר תלוי בצוארו... אוי וויי, ווי אַזוי האָט זי געהייסן, יענע משומדת? שטיי, איך געדענק נאָך, איך גע־דענק נאָך... דער פאַרשאָלטענער נאָמען אירער ליגט מיר אויף דער צונג... וואַרט, וואַרט, עפּעס כמו: אַפּראָדיטאַ... פייערווערק... ניין, יעפרעמאָוו... אַפרים... ניין, פּראָסיאַ! יאָ, פּראָסיאַ! איז דאָס האָט זי זי איינגעטונקען?

— כ'האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אויף זיכער וויסן מיר גאָרנישט. פון וואַנען זאָל מען וויסן? פון די געטרייע בריוו, וואָס מען באַקומט פון איר? קענסט נישט זייערע סטאַנדאַרטנע, אַרומגעשניצטע, אַרומגעפּיילטע שפּאַרגאַלן? וואָס דען, מען שטעלט צונויף איינציקע ווערטער, רזין דרזין, און מען באַמיט זיך עפּעס געוווּיר צו ווערן... ווייטער האָט מען צווישן די שורות אויסגעכאַפּט, אַז די „דיעלע” אירע האָט פריער געפירט עפּעס אַ פרוי, — אפשר טאַקע די זעלבע: אַפּראָדיטאַ, צי פּראָסיאַ, אויב זי איז דער בר־הכי פון פירן אַן אויספאָרשונג, — און דערנאָך דער באַקאַנטער „פעטער מיכאַל” — מיכאַילאָוו ימח שמו וזכרו —

יוספס פּנים איז מיט אַ מאָל געוואָרן ווייסער פון דער וואַנט, זיינע איבערגעטרוקנטע ליפּן האָבן קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— אויך מיכאַילאָוו?

נאָך אַ היפּשער הפסקה, אין וועלכער קיינער האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, האָט יוסף, צום איבעריקן אַ דערהרגעטער, שטיל געפרעגט:

— שלמהלע, טייערער, נו, און ס'איז נישט מעגלעך... כ'מיין... כ'ווייס גוט, אַז בכלל איז דאָס נישט מעגלעך, אָבער דו ביסט דאָך... דו ביסט דאָך אָבער נישט גלייך צו יעדן... איז נישט מעגלעך געווען זיך דערשלאָגן פון עמעצנס וועגן אַ דערלויבעניש אויף אַ זעאונג מיט איר?

— אויף איבער אַ יאָר אין דער זעלבער צייט האָט מען מיר צוגע־

זאָגט נאָך אַ מאָל געבן דריי פּראָפּוסקן, וועט מען שוין דאַן פאָרן צו איר, דער פאָטער, מלכה און זעליק —

— פאַר וואָס האָסטו נישט געבעטן בעסער פריער צו איר?

— דו ביסט דאָך עלטער, האָסט דו אַ דין קדימה... דו ביסט מיט אַ יאָר עלטער פון איר... זי האָט מען געזען מיט אַ יאָר שפּעטער ווי דיך —

יוסף האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט באַגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט, און איז אַן איינגעהויקערטער געזעסן אומבאַוועגלעך ווי אַ קלאָץ. שפּעטער אַ ביסל האָט ער אויפגעהויבן זיינע טרוקן־ברענענדיקע אויגן און האָט זיי אויפגעהאַנגען אויף זיין מוטערס פּנים. ער האָט אויף איר גע־קוקט, געקוקט, ווי ער זאָל פון איר דערוואַרטן אַן ענטפער אויף אַן עיקר־דיקער פראַגע, אויף אַ פראַגע, פון וועלכער עס הענגט אָפּ זיין גאַנץ לעבן. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, אַ היפּשע ווײַלע איז ער געשטאַנען אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג — ער האָט איצט אויסגע־זען ווי אַן אָפּגעברענטער דאָרן אין דער מדבר — און מיט אַ מאָל איז ער צוגעפאַלן מיט אַ געיאָמער צו זיין מוטערס שויס:

— מאַמע, מאַמוליאַ מאַיאַ, פאַר וואָס קומט דאָס מיר, אַז אי איך, אי זי... פאַר וואָס, האַ? פאַר וועלכע זינד? אַזאַ כשרע נשמה ווי אָט די טאַני, און... און אויף גאַנצע אַכט יאָר... גוואַלד געשריגן, זי וועט דען אויסהאַלטן? זי וועט דאַרט חלילה פאַלן פון די פיס מקוצר רוח ומעבודה קשה... שלמהניו, ברודער מיינער האַרציקער, איך האָב צו דיר אַ גרויסע בקשה... איך וועל אייביק זיין דיין אונטערטעניקער קנעכט... איך וועל נאָך לעבן נאָך דעם לאַגער אויך... איך וועל דיר וואַשן די פיס און טרינ־קען דאָס וואַסער, נאָר פיל אויס מיין בקשה... מיין בקשה איז... מיין בקשה איז... דו ביסט דאָך ביי אונדז אַ שטיקל בעל־מופת... אפשר קען מען פועלן, אַז מען זאָל אירע זיבן יאָר, וואָס זי האָט נאָך, איבערשרייבן אויף מיר... איך בעט דיך, זע, מאַך דעם דאָזיקן חילוף... שאַ, ווייסטו וואָס? איך נעם פערצן פאַר אירע זיבן, איז שוין גוט? דאָס איז נייטיק ווי אין לעבן. דאָ מוז מען זיין אַ גיבור, און זי איז דאָך אַזאַ שוואַכינקע, אַ רוחנית... זאָגסטו מיר צו? זאָגסטו מיר צו? אוי, טאַטע! אוי, מאַמע! אוי, שלמהלע! אוי, איך בענק אַזוי שטאַרק קיין קיעוו... נאָך טאַניען, נאָך מיין אייגן געלע־גער, נאָך קראַסנאָאַרמייסקע 158, נאָך שלמהס יינגעלע, און נאָך אייך אַליין שמועסט מען שוין נישט. איך בין אַזאַ שוטה געוואָרן, אַז צייטנ־ווייז דאַכט זיך מיר: ווען איך קער זיך אום אהיים, וואָלט איך נאָך אַלץ פאַרריכט... וואָלט איך נאָך אפשר אָט די גרויסע, שפּיציקע ראָד אַ דריי געטון אויף צוריק, פּונקט ווי דאַמאָלסט ביי חזקיה המלך... ווי אַזוי שטייט דאָרטן? שלמה, דערמאָן מיר! דאַכט זיך, אַזוי איז דאָס לשון? „וישב את הצל במעלות אשר ירדה... אחורנית עשר מעלות"... אָט דאָס זעלבע, דאַכט זיך מיר, וואָלט אויך מיט מיר געשען... כאָטש ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? וואָס רעד איך פאַר אַ שטותים? אָבער איין זאַך קענט איר מיר הייליק

גלייבן: איך בענק אזוי נאָך יעדן טפח, נאָך יעדער פסיעה* ערד, וואָס ווערט אָנגערופן: „קיעוו”, אז דער רוח כאַפּט מיך אזש אוועק. אפילו די שטיינער פון אונדזער הויף וואָלט איך אצינד געקושט... די ווענט... די קליאַמקע פון אונדזער טיר...

שלמה, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן שטאָל און אייזן, האָט דאָס מאָל נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן. זיי האָבן זיך ווי בערד נענדיקע קוילעכלעך גיך־גיך געקויקלט איבער זיינע באַקן גלייך אין האַלדז אריין. מיט אַ מאָל האָט ער געמאַכט איבער זיך אַ שטאַרקע אָנשטרענגונג, ער האָט מיט די קולאַקעס אויסגעווישט די אויגן און האָט זיך שווין צו מרוקן אָנגערופן:

— יוסף, מיר זענען נישט פרעמד דיינע איצטיקע געפילן. פונקט אזוי האָב איך אַ מאָל פון דער טורמע געבענקט קיין כמעלניק, קיין זוועניגאָר ראָדקע, און טאַקע אויך קיין קיעוו. אַקוראַט ווי דו איצט, אַ האָר נישט געמינערט. אָבער איצט בין איך זיך מודה, אז ס׳איז געווען אַן עוולה פון מיר. ס׳איז אַ שווערע זינד אַזוי ליב צו האָבן פרעמדע שטעט. פרעמדע מדינות, פרעמדע שטעט, כרמים זרים — האָבן פאַר אונדז דעם זעלבן דין, וואָס פרעמדע ווייבער... נשים נכריות... אין לנו רשות להשתמש בהם, אלא לראותם... און אפילו „לראותם” — אויך נאָר מתוך אונסו... כאילו כופאו שד... דו געדענקסט אין „פסוק”: ...„והמלך שלמה אהב נשים נכריות רבות... ויטו נשיו את לבו... ולא היה לבבו שלם”... אזאַ אויסרעד, אַן אַנדער אויסרעד — אין תירוצים איז קיין מאָל קיין מאַנגל נישט געווען — כרמי שלי לא נטרתי! אַ יידישער יונגערמאַן דאַרף ליב האָבן נאָר איין פרוי — זיין אייגענע פרוי! די, וועלכע ער האָט מקדש געווען כדת משה וישראל; אַ יידישער יונגערמאַן דאַרף זיין מוכן ומזומן זיך מקריב צו זיין פאַר איין לאַנד — פאַר זיין אייגן לאַנד! פאַר יענעם לאַנד, וואָס איז צו אים אַריבערגעגאַנגען בירושה פון זיינע עלטער־עלטער־זיידעס... אמת, רוס־לאַנד איז אונדזער געבורטס־לאַנד, אָבער ארץ־ישראל איז אונדזער פאָטער־לאַנד! איז ארץ־ישראל בילעכער. קושן די שטיינער קען מען נאָר אין ארץ־ישראל, דאָרט ווו ר׳ יהודה הלוי האָט דאָס זעלבע געטון, און דו ביסט נאָך דערווייל דאָ... און ווידער, ווער קען משיג זיין דעם אייבערשטנס דרכים? אפשר דאַרף ער דיך דאָ האָבן צוליב אָט די „אַנדערע יידן”, נאָך נייטיקער ווי דאָרט אין ארץ־ישראל? וואָס קענען קורצזיכטיקע מענטשן וויסן פון די סודות שמאחורי הפרגוד? נעם זיך אין די הענט אריין און טראָג סבלנותדיק דיין גורל, כהלכות גוברין יהודאין. גוטע ברידער פילן דיך מיט. אַלעמען גייט אויס דאָס חיות נאָך דיר. אָבער וואָס קען מען העלפן? די עשרה הרוגי־מלכות זענען אויך געווען אַזעלכע שיינע יידן ווי דו און אז ס׳איז געקומען זייער ריי, האָבן זיי אַלץ מקבל געווען באהבה. היינט איז דיין טאָג, דאַרף מען זיין שטאַרק ווי שטאָל, ווי גראַניט און נישט פאַרלירן די האָפענונג. אפילו חרב חדה מונחת —

* שפאַן.

# קאפיטל XVII

דריי טעג נאָך אנאנד, פון נאָך מיטאָג, ביז אין דער זינקענדיקער נאכט האָט מען אַלץ געהאַלטן אין איין רעדן און מען האָט זיך גאָר נישט גע־קענט צו זאט אָנרעדן. אויפן פערטן טאָג, אין א גאָר שפּעטער, נאָכמיטאָג־דיקער שעה, זענען זיי זאַלבעפערט געשטאַנען הינטער דעם וועגמער־ביידל ביים טויער, גרייט זיך צו געזעגענען. קעגנאיבער זיי, דורך דער געדיכטער נעץ פון שטעכלדראָט, האָט זיך געזעצט די זון אין א ים פון בלוט. דער מזרח־ווינקל איז שוין געווען גראָ און טרויעריק, ווי א פריש אויסגעגראָ־בענע „קרקע". א שווער געמיט האָט געהויערט אויף אַלע פיר זיך געזעגע־נענדיקע. אַליין נישט ווייסנדיק, פון וואַנען עס נעמען זיך אָט די ביטערע ספקות, האָט יעדן איינעם פון זיי געגאָגט א וואָרעם:

— ווער ווייסט, ווער ווייסט, צי מען וועט זיך נאָך זוכה זיין צו זען ביים לעבן?

די עלטערן האָבן געוויינט אויף יוספס האַלדז, יוסף האָט געוויינט אויף זייער האַלדז. קיין איין וואָרט איז שוין נישט געקראָכן פונעם מויל, — וואָס איז שייך צו רעדן? — אַלץ איז אָפּגערעדט. אזוי איז דאָס און אנדערש קען דאָס נישט זיין. אַלע האָבן גוט פארשטאַנען, אז נאָך א מאָל אזא געלעגנהייט וועט זיך שוין לאַנגע יאָרן נישט טרעפן, און מען האָט געוויינט. ס'איז צוגעגאַנגען שלמהס ריי צו זאָגן זיין בעסטן חבר דעם לעצטן „זיי געזונט". נישט קוקנדיק אים אין די אויגן, ווי ער זאָל זיך שע־מען דערמיט, וואָס ער גייט אַוועק צו דער פרייער וועלט און זיין חבר בלייבט איבער אַן עלנטער, האָט זיך שלמה אָנגערופן:

— נו, יוסף, וועלן מיר זיך, הייסט עס, געזעגענען —

— נו, פאָר געזונט, וואָס איז דאָס געזעגענען?

— פאָר וואָס ביסטו אזוי... אזוי פארשלאָסן אין זיך?

ביידע חברים זענען זיך שטומערהייט געפאַלן אויפן האַלדז און האָבן זיך שטאַרק צעוויינט. זיך אָפּגעלאָזט, האָבן זיי נאָך אַלץ קיין ווערטער נישט געהאַט, האָבן זיי זיך ווידער ארומגענומען, ווידער געקושט, ווידער גע־וויינט. פּלוצלינג האָט יוסף אָנגעכאַפּט שלמהן ביי ביידע הענט:

— געדענק זשע, שלמה, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט מכח דעם חילוף —

— גיי, שוטה דו, ס'איז עפּעס אין מיין רשות? איך האָב דערויף א דעה?

— אָבער דו ביסט מחויב צו טון אין דער זאַך עד שידך מגעת... דו וועסט זאָגן: ס'איז אירער א ברודער, אָט דער וואָס וויל זי פארבייטן... אפשר וועסטו גראָד נושא־חן זיין... היד ד' תקצר?

— גוט, איך וועל פּרווון... איך וועל טון וואָס מעגלעך...

— געדענק זשע, איך נעם אפילו פערצן פאָר אירע זיבן —

— גוט, גוט...

— איצט, אזוי ווי קיין מסכתות בין איך דאָ נישט מסיים, טאָ לאָ־מיר זיך כאָטש געזעגענען בלשון־המשנה. הדרן עלך —
— ...והדרך עלן...
— ...לא נתנשי מינך —
— ...ולא תתנשי מנן... *

אויף יענער זייט פונעם טויער, זענען די דריי „פרעמדע” נאָך לאַנג געשטאַנען און געקוקט אויף די הויכע ווענט. דאָס האַרץ האָט זיי נישט געלאָזט אוועקגיין פון דעם דאָזיקן שרעקלעכן בית־הקברות, ווו זייער יוסף בלייבט איבער לעבעדיק באַגראָבן, און ווער ווייסט — אויף ווי לאַנג? פאַר שלמהס אויגן איז אַלץ געשטאַנען דאָס שווידערנדיקע בילד, ווי אַזוי יוסף האָט זיך קריעה געריסן און האָט זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אין דער וואַנט איבער הרב ביאַליקס טויט און אין די אויערן האָבן אים ווי אומגעהייערע מעשענע גלאָקן געקלונגען דעם נביאס האַרצרייסנדיקע רייד:

...אל תבכו למת ואל תנודו לו, בכו בכה להולך, כי לא ישוב עוד וראה את ארץ מולדתו...

— אוי, ביטערע רייד! אומדערטרעגלעך נאַקעטע און ביטערע רייד...

ערשט ווען ס'איז רעכט פינצטער געוואָרן, האָבן זיך גאָרדאָנס על־טערן מיט שלמהן אומגעקערט אויפן וואָקזאַל, און זענען אָפּגעפאָרן קיין קיעוו.

— — — — — — — — — — — — — — — —

געוויינלעך ווען מענטשן קערן זיך אום אהיים פון אַ לוויה, קומט זיי אוים פריקרע, וואָס אין שטאָט האָט מען נאָך אין זינען פאַרשידענע שטותים. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די געסט פון סוליקאַמסק. עס האָט זיי פאַרשאַפט שמערצן, וואָס אין שטאָט איז כלל נישט ניכר, אַז ערגעץ אין די ווייטסטע ווייטן שמאַכטן מענטשן פון בענקעניש אַהער, פון עלנט, פון הונגער, פון האָפענונגסלאָזיקייט. דאָ איז דאָס לעבן געגאַנגען אויפן אַלטן שטייגער. דאָס שפּירעוודיקייט צו היטלערס רציחות איז ביים ברייטן עולם שוין לאַנג אָפּגעטעמפּט געוואָרן. די עשאַלאָנען מיט די אַרויסגעשיקטע פּוי־לישע יידן האָבן שוין אויך לאַנג אויפגעהערט. קיינער האָט נישט געוווסט, וווהין מען האָט זיי פאַרשיקט און פאַר וואָס. זיי זענען איינגעשלונגען גע־וואָרן אין דעם שרעקלעכן פּיסק פון די רוסישע טאַיגעס און טונדרעס, ולא נודע כי באו אל קרבנה —

וואָס דען? די וועלט האָט געאַרבעט און געלעבט און אפילו געלאַכט...

די גאַנצע שטאָט האָט זיך אַצינד געוויגט מיט דער בויאונג פון דעם אַל־אוקראַינישן סטאַדיאָן. כאָטש אים עפענען הייר־יאָריקן זומער האָט מען שוין נישט געקענט, ס'איז נאָך געבליבן אין אים גענוג אַרבעט ביז דער „חנוכה”, אָבער דאָס באַליבטע וווּנדער־קינד פון דער באַנייטער רעזידענץ איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג ביי יעדן פאַר די אויגן.

דער דאָזיקער סטאַדיאָן, וואָס איז נאָך לאַנגע יאָרן טויט זיין, אויפ־

* דעם פירוש געפינט מען אין באַנד 8, זייט 406.

געשטאַנען תחית־המתים, איז געווען אַ גאַנץ באַזונדערע שטאָט. אַ שטאָט אין אַ שטאָט. מיט פּאַוויליאָנען, מיט בופעטן, מיט גאַלערייעס, מיט לופט־גאַניקלעך און מיט שווינדל־טרעפּ, מיט באַסיינען און מיט באָד־קעמער־לעך. און אַ חוץ: צוויי אָפענע קינאָ־זאַלן און אַ פאַרמאַכטער טעאַטער. און אַ חוץ: עסטראַדע־סצענעס און ספּעציעלע גאַנקעס פאַר די אָרקעס־טערס, פאַר פּראָזשעקטאָרס. און אַ חוץ: ווינקעלעך פאַר אילומינאַטאָרס און פייערווערק. און צו דעם אַלעמען — דער גרויסער אַמפּיטעאַטער אויף פופציק טויזנט ערטער...

די פייערלעכע באַנייאונג פון דער גראַנדיעזער „קולטור־שטאָט”, וואָס האָט געדאַרפט פאַר די קיעווער איינוווינער, באַטייטן דאָס זעלבע, וואָס פאַר די מאָסקווער איינוווינער דער וועלט־באַרימטער „פּאַרק פון קולטור און אָפּרו אויפן נאָמען פון גאָרקי”, האָט ערשט געזאָלט פאָרקומען אין פרילינג פון יאָר 1941. אין מאַי, אָדער אין יוני.

עולם כמנהגו נוהג. ביי יוכבדן איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ ייִנגעלע, אַ שמחהלע; עס האָט חתונה געהאַט מלכה פייגנבוים, די מיטלסטע טאָכ־טער; דער גלגל־החוזר בעולם פילט אויס זיין שליחות באמונה... אים איז קיין שום זאַך נישט מעכב... ער האַלט מיטן נביא: מילדי־יום אל תחתו...

*

נאָך ימים־טובים, אַקוראַט צום דריטן יאָרצייט, האָט זיך ר׳ אפרים־אהרון פּיאַטיגאָרסקי אומגעקערט פון דער טורמע צו זיך אַהיים, און האָט געבראַכט מיט זיך אַן אַסטמאַ מיט אַ געשוואָלענעם לעבער. די „גאַנצע” שטאָט איז זיך צונויפגעלאָפן אים אָפּגעבן „שלום עליכם” נאָך אַזאַ לאַנגן זמן. באַטראַכטנדיק אפרים־אהרונען אַ ליגנדיקן אין בעט, כמעט אין גאַנצן אַ גרויען, אַ געלן און אַ צעקנייטשטן, האָט זיך יעדן איינעם מיט ווייטיק דערמאָנט, ווי אַזוי אָט דער זעלבער אפרים־אהרון האָט אויסגעזען מיט אַ צען יאָר צוריק, ווען ער איז אָנגעקומען ווינען קיין קיעוו. וואָס פאַר אַ בליִענדיקער יונגערמאַנטשיק דאָס איז געווען! זיין לעבעדיקייט, זיין פריי־לעכקייט... אָדער אַפילו גאָר, ווי ער האָט אויסגעזען אין דעם לעצטן סוכות, איידער מען האָט אים אַרעסטירט. און איצט — אַ חולה־מסוכן, אַ שברי־כלי, נאָר אַ זכר... אַ זכר למקדש... אַ זכר לחורבן... און יעדער באַ־זונדער האָט זיך געפרעגט אין הארצן: היחיו העצמות היבשות האלה? מען האָט זיך דערמאָנט אין דעם אַלעמען, און היטנדיק זיך מיט אַ טרער, גע־שאָקלט מיט די קעפּ. ווען די פרעמדע מענטשן זענען זיך צעגאַנגען פון דער שטוב, האָט זיך אפרים־אהרון מיט די לעצטע כוחות אַראָפּגעשלעפּט פונעם בעט, האָט אַרומגעטאַפּט אַלע ווענט, איבערגעקושט אַלע מזוזות, דאַן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַרן בילד פון דעם סקווירער רבין און מיט אַ טרער פון אַן אומזיסט־באַליידיקטן, האָט ער געשעפּטשעט:

— טייערער רבי... קוקט, וואָס די רשעים האָבן געמאַכט פון מיר... פאַר וואָס? פאַר ווען? צו וואָס טויג איך שוין אַצינד, הייליקער רבי? אַ קלימעק פאַר דעם ווייב און קינדער, און מער גאָרנישט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן פערטן טאָג נאָכן פּאַטערס אומקערן זיך איז מען געקומען צו שלמהן אהיים אים רופן. דער פּאַטער דאַרף אים אויף עפּעס נייטיק האָבן. דעם פּאַטער האָט שלמה געטראָפן ליגן אין בעט אַ פאַרדעכטיק־געלן, מיט אַ פּנים פון אַ ליידנדיקן. ער האָט געליטן שטאַרקע שמערצן פונעם לעבער. לעבן אים, אויף אַ בענקל, איז געזעסן זאוול דובנער אין אַ נייעם טכוי־רענעם בורנעס און אין אַ טייער קאַטיקן היטל, מיט יוצא־דופנס אויף די אויערן. די בעקעלעך — פלאַמענדיקע, אין די הענט — אַ שיין שטעקל מיט אַ ביינערן קעפּל: אַ קאָפּ פון אַן אָווטשאַרקע. דערזעענדיק שלמהן, איז ער אַנטשווינגן געוואָרן און האָט באַגראָבן די אויגן אין פּאָל. דער פּאַ־טער האָט דעם זון צוגערופן מיטן ווונק:

— קום אהער, שלמה, נעם אַ בענקל און זעץ זיך.

— נישקשה... איך קען שטייענדיק אויך —

און תוך כדי דיבור:

— טאַטע, איך פאַרשטיי דאָך שוין, צוליב וואָס דאָס רופן מיך איז געווען... מען דאַרף גאָר נישט אַזוי שטאַרק פאַרשטיין אויך — הרי שור שחוט לפניך... בעט איך דיך, טאַטע, זאָג אים, אַט דעם אַלטן פּימפּערנאָטער: „אַל תפיחו את הישן“! *

— וואָס זענען דאָס עפּעס פאַר אַ דיבורים: „זאָג אים“? ר׳ זאוול קלאָגט זיך אויף דיר גאָר, גאָר שטאַרק...

— איך זאָל פאַר אים אַזוי מורא האָבן טויטערהייט, ווי איך האָב פאַר אים מורא לעבעדיקערהייט —

דער פּאַטער גייט שוין גאָר ארויס פון כלים:

— שלמה, דרך־ארץ! ווי אַזוי רעדסטו, ווי אַזוי?

דער אַלטער זייוול, מיט אַ צניעותדיק שמייכעלע:

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט, ר׳ אפרים־אהרון, אַז דער תכשיט איי־ערער רעדט על ד׳ ועל משיחו ועל ננתקה —

שלמה, דערנעענטערנדיק זיך אויף אַ שריט צום אַלטן, רופט זיך אָן מיט אַ מינע פון עקל אויפן פּנים:

— ד׳ ומשיחו שווייגן אָבער און ננתקה האָט זיך אָנגערופן —

און וואַרפנדיק אַ שפּאָטישן קוק אויפן בלייך־געוואָרענעם אַלטיטשקן:

— וואָס איז, זאוועלע, האָסט ערשט פאַרקלאָגט דאָס פּיצל קינד פאַרן טאַטן? האָסט געמיינעלעט, אַז כסדר איז: עולם חסד יבנה? האָסט זיך נעבעך נישט געריכט, אַז אַט דער שלמהקע — יבצור רוח נגידים? האָסט זיך נישט געריכט, אַז מיט דיר אַליין זאָל מקוים ווערן: יובילו שי — למורא? האָסט געמיינט, אַז דאָס גאַנצע קאַפּיטל ע״ו פון תהילים רעדט גלאַט אין דער וועלט אריין — און ביסט נעבעך מיאוס דורכגעפאַלן, האַ? שטומסטו?

---

* באַאומרואיקט נישט די מתים. דאָ געמיינט: מישט נישט אויף דאָס פאַרגעסענע.

דער אַלטער ווענדעט זיך צום פּאָטער, טייטלענדיק אויף שלמהן מיטן פינגער:

— איר הערט כאָטש אַ מענה־לשון? כ'האָב דאָך אייך געזאָגט: אַן אמתער „יצא לתרבות־רעה"... מען קען באַקומען שלשול פון אויסהערן אַזעלכע פּאַסקודסטוועס... אַזעלכע דברי־נבלה... שעמט זיך גאָרנישט פאַר קיין טאַטן... פאַר קיין עלטערן מענטשן... ר'האָט פאַרלוירן יעדעס מענטשלעך געפיל...

שלמה, העכסט פאַרוווּנדערט:

— איר דאַרפט ערשט באַקומען שלשול? עס טראָגט, דאַכט זיך, פון אייך אַזוי אויך אויף אַ מייל —

דער אַלטער שפּרינגט אויף פונעם בענקל און מיטן הונט־קעפּל דערלאַנגט ער שלמהן איבערן קאָפּ. שלמה איז אָבער נאָך זיינע פינקלענדיקע אויגן גלייך תופס, אויף וואָס דער אַלטער איז פּעאיק, און עס געלינגט אים אויסצומיידן דעם קלאַפּ. ער רייסט אויס ביים אַלטן דעם שטעקן, צעברעכט אים אויף דער קני אויף דריי שטיקלעך, רייסט אַראָפּ דאָס ביינערנע קעפּל און באַהאַלט עס אין טאַש:

— דאָס וועל איך ברענגען פאַר מיין נחומלען אַ מתנה: אַ קליין זאַוועלע אויף צו שפּילן זיך —

דער אַלטער, בלאַס ווי די וואַנט, מיט ציטערנדיקע ליפּן:

— ווייז אהער דאָס קעפּל... עס קאָסט געלט...

שלמה מאַכט אַ רחמנות־פּנים:

— אַ מכה דער מאַמען... עס קאָסט געלט... וועסט עס פאַרשרייבן אויף מיין חשבון... איך בין אַ בטוח... איך באַצאָל מיט אַ מאָל...

דאָס אַלץ קומט פאַר אַזוי פלינק, אַז שלמהס פּאָטער זיצט אויפן בעט אָן לשון און קען פאַר שרעק אפילו קיין איין וואָרט נישט אַרויסברענגען. דער אַלטער זאָוול מאַכט איבער זיך אָן אָנשטרענגונג, און רעדט צו שלמהן מכלומרשט געשעפטלעך:

— הער נאָר דו, חברה־מאַן, איך רוף דיך צו מענטשן.

— כאַ־כאַ־כאַ... מיט אַזאַ עפּושנדיקער פגירה גייט מען צו מענטשן? און מענטשן, האַלט איר, ווערן אַזאַ שטיק „כ'בעט איבער אייער כבוד" לאָזן אַריבערטרעטן זייער שוועל? גוט, איך גיי! ס'איז געמאַכט, איך גיי און בין אויף זיך מקבל מקיים צו זיין דעם פּסק, וועלכער ער זאָל נישט זיין, נאָר מיט איין תנאי —

— וואָס פאַר אַ תנאי? תנאים שטעלט ער נאָך אַרויס, אַזאַ יונגאַטש! אַזאַ כלבוניק!

— ...נאָר מיט איין תנאי! אַז איר זאָלט ביי ר' אברהם פייגנבוים איינלייגן נאָך טויזנט דאָלאַר, און אויב איר פאַרשפּילט דעם דין־תורה, גייען די פרישע דאָלאַרן אויך אויף תלמוד תורה. טאַטשקאַ!

דער אַלטער זאָוול גיט אַ שמיץ דאָס בענקל צו דער וואַנט:

— דו ביסט אַ באַנדיט... אַ רוצח... אַ גזלן... אַ וואָס אין דער קאָרט...

— גם אתם, זייוועלע... יפה דברת, אלטימשקער תרחל...

א זעץ מיט דער טיר, אז די שויבן האָבן אזש אָנגעהויבן צו ציטערן, און זאוול איז אוועק צום טראַמוויי שוין אָן א שטעקל. שלמה איז געלאָסן צוגעגאַנגען, האָט צוגעמאַכט די טיר, אויפגעשטעלט דאָס בענקל און האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן פאָטער. זעענדיק, אז דער פאָטער איז נאָך אַלץ נישט געקומען צו זיך, נעמט ער אַרויס פון דער קעשענע דאָס ביינערנע, געטאָקטע הונט־קעפּל, שפּיגלט זיך אַ ווײַלע אין זיין שיינער טראַפּייע, דאַן פרעגט ער ביים פאָטער מיט א נחת־רוח׳דיק שמייכעלע:

— וואָס זאָגסטו טאַטע, נישט קיין שיין שפּילעכל פאַרן קינד? אָט די צאַצקע דאַרף אודאי קאָסטן היפּשע עטלעכע הונדערטערס. דו קוק נאָר אָן אַן אַרבעט —

דער פאָטער איז ווייס ווי די וואַנט, נאָר ער קען שוין רעדן:

— שלמה, זאָג מיר, וואָס באַטייט דאָס אַלץ? פאַר וואָס האָט ער דיך געוואָלט שלאָגן? און ווי אַזוי רעדסטו עס מיט אַן עלטערן מענטשן?

— א מענטש איז דאָס? איך בעט איבער דיין כבוד, טינוף־טהור איז דאָס, נישט קיין מענטש! ווו ס׳איז עפּעס געווען א רעכטס ביי יידן, האָט מען עס פאַרנומען און פאַרטיליקט, און אָט דאָס פּאַסקודסטווע האָט מען אונדז איבערגעלאָזט —

— דו קריך מיר נישט אין די הימלען אַריין, דו ענטפער מיר על ראשון — ראשון, ועל אחרון — אחרון, וואָס פאַררעדסטו מיר די ציין מיט פילאָזאָפיעס?

— ווייס איך, צו וואָס טויג דיר? זאָג מיר בעסער, וואָס ביסטו עפּעס איצט אַזוי משונה־געל? דו זעסט אַצינד אויס, ווי עמעצער וואָלט דיר אָפּ־געשמירט דאָס פּנים מיט זאַפרען, אָדער מיט וואַקס —

— וואָס ווילסטו, זונעניו? ענה בדרך כוחי, קצר ימי... אַזאַ געלקייט קומט נישט פון ווילטאַג... דיר דאַרף איך ערשט דערציילן?

און נאָך א קורצער ווײַלע:

— דו האָסט מיר נאָך אַלץ נישט געענטפערט אויף מיין פראַגע: וואָס איז דאָ צווישן אייך פאָרגעקומען? וואָס הייסט, ער הייבט אויף אויף דיר אַ האַנט?

— אויף אַזאַ נפש פרעגסטו קשיות? א רשע מרושע הייבט אויף א האַנט אויף דעם צווייטן, ס׳איז ביי דיר א נייעס?

און שלמה האָט דעם פאָטער דערציילט די מעשה מיטן תקיעת־כף, מיטן אַרויסשטעלן טאַנין אויף יענער זייט טיר און פון זיין ביינאַכטיקן וויזיט. דער פאָטער האָט אויסהערנדיק, שטאַרק געשאָקלט מיטן גראָ־גע־וואָרענעם קאָפּ, נאָר ער האָט אויפן אָרט גאָרנישט געזאָגט.

ערשט נאָך א היפּשער הפסקה פרעגט ער דעם זון:

— און אויף וואָס איז ביי אייך אוועקגעגאַנגען אַזאַ מטמון מיט געלט?

— וואָס הייסט, אויף וואָס? האָסט מורא, אז מען האָט עס פאַר־

נאָשט אויף צוקערלעך? אויף פּעקלעך אין די לאַגערן, אַז די פאַרשיקטע חברים זאָלן נישט שטאַרבן פאַר דער צייט! אויף תינוקות של בית־רבן, אַז מיר זאָלן בשעת־חדוה, צווישן דער אַקושערקע און דער קינפּעטאָרין דער־ווייל נישט פאַרלירן דאָס קינד! אויף אויסהאַלטן די מקוה, אַז ביז עפּעס וואָס, זאָל דערווייל נישט קאַליע ווערן דאָס, וואָס מען קען שוין קיין מאָל נישט פאַרריכטן! אַז אין שטאָט האָט געבושעוועט דאָס גרויסע פייער, האָט געקענט טרעפן, אַז מען זאָל פינף מאָל הייצן, און עס זאָל אפילו קיין איין טעונת־טבילה נישט קומען צו גיין... די מורא איז געווען גרויס; די מע־נער זענען במילא געווען פאַרשטעקט אין די לעכער; בדיעבד, פלעגן זיך די נשים מורה־התר זיין און זיך נישט איינשטעלן צו קומען... וואָס וויל־סטו? שעת חירום... אָבער מען האָט געהייצט! מען האָט קיין איין מאָל נישט פאַרפעלט צו הייצן, כדי עס זאָל נישט אַרויס קיין קלאַנג אין שטאָט: אוים מקוה! נישטאָ שוין קיין מקוה! און דו גיי דערנאָך איבער די הייזער און לייקן אָפּ, אַז ס'איז געווען אַ ליגן: ס'איז יאָ דאָ. האָט מען געהייצט, ווען מען האָט געדאַרפט און ווען מען האָט נישט געדאַרפט. פרעגט זיך, פון וואַנען האָט זיך דאָס אַלץ געקענט נעמען, אויב נישט על חשבון הגביר, הנדיב הידוע, מורנו ורבנו ר' זאַוול —

— פאַר וואָס זשע האָסטו אים נישט געזאָגט מיט גוטן, אויף וואָס זיין געלט איז אַוועקגעגאַנגען? דו ווייסט דאָך, אַז מענה רך —

— איז וואָס זשע רעכנסטו, טאַטע, אַז ווינסנדיק, אויף וואָס פאַר אַ דברים העומדים ברומו של עולם זיין געלט איז אַוועקגעגאַנגען, וועט אים ווערן לייכטער? חס ושלום! עס הייבט זיך גאָר אפילו נישט אָן! ס'איז דען אַ נייעס ביי דיר, אַז „רשע" ענדיקט זיך מיט אַן „עין"? *

ווען שלמה האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים, האָט אים דער פאָטער שוין פונעם גאַניק צוריק אַריינגערופן:

— שלמה, דאָס ביינערנע הינטל שיק אים אָפּ. עס האָט די ווערט אַ מטמון מיט געלט —

— אַ פייג קען איך אים אָפּשיקן! עלעהיי איך האָב יאָ געכאַפּט אי־בערן קאָפּ און דאָס איז מיין „האָנאָראַר"... ס'איז נאָך אַ ביסעלע צו ווי־ניק פאַר: נזק און צער און רפוי און שבת און בושת — **

נאָך שלמהס אַוועקגיין האָט אפרים־אהרון צוגערופן צפורהן:

— הערסטו, ווען איך ווייס אָט די גאַנצע מעשה פריער, וואָלט זאַוול נישט געווען געדאַרפט אַליין אַוועקגיין —

— כ'פאַרשטיי נישט, וואָס דען וואָלט ער געווען געדאַרפט טון, דער אַלטער בעל־עבירהניק? דאָ בלייבן זיצן?

— מיט די לעצטע כוחות, וואָלט איך אים געווען אַראָפּגעוואָרפן פון אַלע טרעפּ —

---

* דאָ געמיינט: אַ רשע ווערט על־פּי רוב צעפרעסן פון זיין אייגענער עין־הרע; פון זיין שלעכט, נישט פאַרגינעריש אויג.

** געלטשטראָפן, וואָס דער מזיק דאַרף באַצאָלן דעם געניזוקטן. על־פּי דין תורה.

# קאַפּיטל XVIII

ס'איז פאַריבער דער אָסיען, דער ווינטער און די וועסנע.

דער איין און צוואַנציקסטער יוני איז אויסגעפאַלן אויף אַ שבת. שלמה מיט יוכבדן, מיט ביידע קינדער זענען ווי געוויינלעך אויף שבת צו נאַכטס געווען צו גאַסט אויף לוואָוסקע־גאַס ביי אירע עלטערן. אויף צו מאָרגנס איז געווען אַן אַלגעמיינער אָפּרוטאָג און אויף דעם דאָזיקן טאָג איז באַשטימט געוואָרן די פייערלעכע דערעפענונג פונעם נייעם סטאַדיאָן. לכבוד אַזאַ וויכטיקער געשעעניש זענען זיך צונויפגעפאָרן ספּעציעל דעלע־גירטע געסט פון גאַנץ אוקראַינע; פון מאָסקווע; פון דעם זוניקן אוזבע־קיסטאַן; פון דער בערגיקער גרוזיע, און פון דער ווייטער טורקמעניע. דער „קאָנטינענטאַל", דער „פּאַלאַס", די האָטעלן „טעמפּ", „רעקאָרד" און „טשעליוסקין" זענען געווען פול מפּה אל פּה מיט אויסלענדישע געסט און קאָרעספּאָנדענטן. אין אַלע לערן־אַנשטאַלטן, אין אַלע אינסטיטוציעס, אין אַלע פּאַרטיי־קעמערלעך און פּראָפעסיאָנעלע קאָמיטעטן האָבן זיך געקערט וועלטן מיט אָט דער לאַנג־דערוואַרטער חגיגה. די דערעפענונג פון דעם גראַנדיעזן סטאַדיאָן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער דעמאָנ־סטראַציע פון דעם אוקראַאינישן פאָלק פאַר דער גאַנצער וועלט. דער סטאַ־דיאָן וועט דערציילן די אויסלענדער, ווי פריידיק עס לעבט זיך די בירגער פון דעם ראַטנפאַרבאַנד אונטער די מילדע שטראַלן פון סטאַלינס קאָנסטי־טוציע; ווי אַזוי די גליקלעכע קיעווליאַנער קענען אַ הוליע טון; און ווי אויסגעצייכנט עס שפּילן די קיעווער פוטבאָליסטן. אויף זיך צו פאַרמעסטן מיט זיי, איז מיט אַ ספּעציעלן צוג אָנגעקומען דער גאַנצער קאָלעקטיוו פון מאָסקווער „דינאַמאָ", וועלכער האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג, קיין מאָל נישט באַערט די אוקראַאינישע רעזידענץ מיט קיין באַזוך. די גרויסע, אָנ־דערטהאַלבנמיליאָניקע שטאָט האָט זיך געוויגט ווי אַ ים בעת אַ שטורעם מיט דעם לאַנג דערוואַרטן פאָלקס־יומטוב; מיט דער אימפּאָזאַנטער, פיי־ערלעכער דערעפענונג פון דעם נייעם סטאַדיאָן. איבערשערן דעם זיידע־נעם שנור מיט דעם גאָלדענעם שערעלע, און עפענען די פייערונג, האָט מען געוווסט, וועט ניקיטאַ סערגייעוויטש כרושטשאָוו, דער אוקראַאינישער סטאַלין. און דערפאַר טאַקע האָט יעדער איינער געוואָלט שטיין וואָס נע־ענטער, און וואָס מער האָבן די מעגלעכקייט צו זען מיט די אייגענע אויגן. אין שטאָט זענען שוין אַרומגעגאַנגען לעגענדעס אויף לעגענדעס. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן געהערט פון אַ זיכערער קוועלע, אַז וואָראָשי־לאָוו איז געקומען צו גאַסט צו דער דערעפענונג. אַנדערע האָבן געהערט, אַז נישט וואָראָשילאָוו, נאָר דער מאַרשאַל טימאָשענקאָ, און נאָך אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז עס איז שקר וכזב, נישט דער און נישט יענער, נאָר מי־כאַאיל שאָלאָכאָוו און אַלעקסיי טאָלסטאָי, די פּריז־געבאַקענע צוויי אַקאַ־דעמיקער. אַזוי, צי אַזוי, נאָר דער יום־טוב האָט צוגעזאָגט צו זיין גאָר,

גאָר אַ גראַנדיעזער. עס האָט זיך געטאַראַראַמט אין שטעטל גאָר נישט אויף קאַטאָוועס. ביי די ספּאָרטמענער, וואָס דאַרפן אָנטייל נעמען אין די מאַרגנדיקע שפּילן, האָט זיך געטון ערדציטערניש; ביי די יוגנט־אָרגאַני־זאַציעס, וואָס דאַרפן מאָרגן אונטערטראָגן בלומען די מאָסקווער געסט איז געווען: הימל עפן זיך! עס האָט זיך געדאַכט: די גאַנצע שטאָט מיט אַלע אירע קנינים איז איצט מינדערוויכטיק. איצט איז וויכטיק נאָר איין און איינציקער פּונקט — דער סטאַדיאָן! איצט איז דער עיקר נאָר איין און איינציקער מאָמענט: די פייערלעכע דערעפענונג פון דעם סטאַדיאָן! ער איינער איז שקול כנגד הכל! גאַנצע מחנות יונגוואַרג האָבן ביי טאָג און ביי נאַכט פעסט באַלעגערט דעם פאַרכשופטן אַריינגאַנג; זיי האָבן צווישן זיך איינגעטיילט די „משמרות״; * אָוועקגעשטעלט היפּשע פּיקעטן, וועלכע זענען אויף קיין איין רגע נישט אָפּגעטראָטן פון זייער פּלאַץ — אַלץ כדי זיי זאָלן אויפן צווייטן פאַרנאַכט זיין פון די ערשטע, וואָס וועלן זיך אַריינקריגן אין דעם פאַרבאָטענעם גן־עדן. היפּשע אָפּטיילונגען פון דער מיליץ, רייטערס און פּיעכאָטע, האָבן שטרענג געהאַלטן די וואַך אַרום דעם סטאַדיאָן פון אַלע זייטן, אַז עס זאָל זיך אַהין חלילה קיינער נישט אַריינכאַפּן פאַר דער באַשטימטער צייט. מיט איין וואָרט — ס׳איז געווען לעבעדיק און פריילעך. די אויפזועערס פונעם סטאַדיאָן, אָנגעטונענע אין אַ באַזונדערער אוניפאָרם, האָבן אין משך פון דעם שבתדיקן טאָג צום לעצטן מאָל קאָנטראָלירט יעדעס ברעקעלע, און האָבן אַן איבעריק מאָל צוגעקערט די אַלייען, כאָטש אַלץ איז שוין אַזוי אויך געווען זויבער און פאַרפּוצט, ווי אַ כלה צום באַדעקנס. מען האָט שוין פון ערגעץ נישט גע־הערט קיין קלאַפּן פון קיין האַמערל; קיין געשריי פון די אַרבעטער; שאַ שטיל! שבת־שבתון! איצט איז שוין דאָרט אַלץ געווען פאַרטיק צום קבלת־פּנים פון די געסט. אַלץ איז געווען פריש, יומטובדיק און עפּעס איינגעהילט אין אַ סודותדיקן שלייער, ווי אין אַ טעמפּל. די בילעטן אויפן ערשטן אָוונט זענען שוין פון צוריק מיט צוויי וואָכן געווען צעטיילט אויף די זאַוואָדן און פאַבריקן; אין די מיליטער־שולן און אין די אינסטיטוטן. די קאַסעס, האָט מען געוווסט אויף זיכער, וועלן זיך דאָס מאָל אפילו נישט עפענען. קריגן אַ בילעט „אויף דער זייט״, איז געווען אוממעגלעך, אפילו פאַר כל־הון־דעלמא. יעדער איינער האָט אַ נשמה און יעדער איינער וויל אַליין בייזיין ביי דער „פּתיחה״...

*

גאָרל ראַדיעצקי האָט געאַרבעט אויפן זאַוואָד „לעבינס־קוזניע״, וועל־כער האָט ווי אַ מיליטערישער זאַוואָד באַקומען בילעטן אין דער ערשטער ריי. ער האָט באַזאָרגט בילעטן אויך פאַר שלמהן מיט יוכבדן. ס׳איז גע־ווען אָפּגעשמועסט, אַז די איידיקלעך וועט מען ברענגען צו דער באָבע

* וואַכטעס, דיזשורסטוועס.

סאָסי, ווייל צפורהן האָבן די קינדער אויך חשק געהאַט מיטצונעמען אויף אַט דעם רווישיקן און זעלטענעם יום־טוב.

קומענדיק שבת צו נאַכטס פון די עלטערן אַהיים, האָט דאָס פּאָר־פֿאָלק אַראָפּגעלאָזט די שטאָרן, כדי די זון זאָל זיי נישט אויפוועקן. פֿאַר אַזא שלאָפלאָזער נאַכט ווי די מאָרגנדיקע, דאַרף מען זיך גוט, גוט אויס־שלאָפן. אַ מענטש איז אָבער געגליכן צו אַ מעכאַניזם: אין דער זעלבער שעה, וואָס ער איז שוין געוווינט אַלע טאָג אויפצושטיין, וועקט עס אים אַליין אויף, אפילו הינטער אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן. יוכבד האָט זיך שטי־לערהייט אַרויסגעגליטשט פון אונטער דער קאָלדרע. די זון איז שוין גע־שטאַנען זייער הויך. ס'האָט שוין זיכער געמוזט זיין זיבן אַ זייגער. זי האָט זיך שטיל אָנגעטון, גענומען די כלי אויף מילך, און האָט אָן אַ מינדסטן גערויש צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר. ס'האָט איר אָבער נישט געהאָלפן: שלמה האָט זיך פון אַט דעם לייכטן שאָרך מאָמענטאַל אויפגע־כאַפּט. ער האָט זיך אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, האָט אַרויסגעשלעפּט פון דעם טירקעסטאָל עטלעכע צייטונגען און איז צוריק אַריין אין בעט אַריין. ער האָט עטוואָס אונטערגעהויבן דעם נאָענטן שטאָר, האָט צענומען די „סאָ־וויעטסקאַיאַ אוקראַינאַ" און האָט איבערגעלייענט אַ היפּש קעפּל, וואָס איז געווען אָנגעשריבן מיט אַ פעטן שריפט:

„דער העכסטער ראַט פון דער אוקראַינער, סאָוויעטישער, סאָציאַליס־טישער רעפּובליק; דער סאָוונאַרקאָם פון אוקראַינע; דער צענטראַלער קאָ־מיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) פון אוקראַינע; דער געגנט־אויספירקאָם און פּאַרטקאָם — באַגריסן האַרציק די איינוווי־נער פון קיעוו און אומגעגנט מיט דער פייערלעכער דערעפענונג פון דעם אַלאוקראַינישן סטאַדיאָן אויפן נאָמען פון דעם פירער פון אַלע אַרבעטנ־דיקע, יאָסיף סטאַלין!

די צויבערנדיק־שיינע און בליענדיקע רעזידענץ פון דער אוקראַינער רעפּובליק האָט ערלעך פאַרדינט צו האָבן אַזא פּראַכטפולן, רייך פאַרפּוצטן און מאָדערן איינגעריכטן סטאַדיאָן.

קיינער אויף דער גאַנצער וועלט קען נישט אַזוי גוט אַרבעטן, ווי דער קולטורעלער און באַוווסטזיניקער, סאָוויעטישער אַרבעטער; קיינער אויף דער גאַנצער וועלט קען נישט אַזוי פריידיק און גליקלעך, אַזוי פול מיט תוכן און אינטערעסאַנט פאַרברענגען זיינע ערלעך־פאַרדינטע אָפּ־רו־שעהן, ווי דער פאָרגעשריטענער, סאָוויעטישער אַרבעטער. דער גרויסער און פאַרדינסטפולער קיעווער אַרבעטער־קאָלעקטיוו באַקומט היינט פון דער מלוכה אַ גרויסע מתנה, דאָס באַקוועמסטע אָפּרו־ווינקעלע אויף דער אוק־ראַינע — דעם סטאַדיאָן אויפן נאָמען פון יאָסיף סטאַלין".

שלמה האָט אָפּגעאָטעמט פון אַט דער „פּאָמפּע" און איז מיט די אויגן דורכגעלאָפן די פּאָליטישע נייעס. די שרייענדיקע שורות האָבן גע־זעצט אין קאָפּ אַריין ווי מיט אַ גרויסן האַמער:

לאָנדאָן ברענט!

גאַנצע קוואַרטאַלן פון אָט דער ריזיקער, אַמאָליקער וועלטשטאָט, צע־פאַלן זיך ווי קאַרטאָנענע שטיבעלעך און ווערן אָפּגעווישט פון דעם אויבערפלאַך.

קאָווענטרי איז פאַרוואַנדלט אין אַ בית־הקברות!

מאַנטשעסטער, גלאַזגאָ — איין פלאַם פייער!

גאַנץ ענגלאַנד שטייט אין רויך און אין טשאַד פון די אומאויפהערלעכע שרפות!

דאָס גאַנצע בריטישע אינדזל זעט אויס פון דער ווייטנס ווי אַן אַקטיווער ווולקאַן; — ווי וועזוּף, ווען ער צעשפּילט זיך!

שלמה דריקט צונויף די שליפן מיט בײדע הענט:

...אם בארזים נפלה שלהבת, מה יעשו אזובי־קיר?... *

ער מישט אויף די צווייטע זייט און דערזעט אַ היפּשן „קעלער" אונטערן קעפּל: „דאָ און דאָרט".

...„נאָך קיין מאָל ביז אַהער האָט דער אַרבעטער־קלאַס נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויף פאַקטן צו איבערצייגן אין דער ריכטיקער ליניע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אונטער דער פאָן פון לענין און סטאַלין, ווי איצט. ביי אונדז עפנט מען סטאַדיאָנען און ערגעץ אַנדערש קומען אום צענער טויזנטער מענטשן; ביי אונדז פּראַוועט מען גראַנדיעזע בעלער, און דאָרט אַראָפּ צו, אויף מערב, ווערן פאַרברענט און פאַרקוילט טויזנטער פרויען; ביי אונדז מאַכט מען קאַרנאַוואַלן, פאָלקס־שפּאַצירן, פייערווערק, און דאָרט, אין דעם פינצטערן קעניגרייך פון די שלענגישע אימפּעריאַליסטן, ווערן צעריסן טויזנטער קינדערלעך אויף אברים; צו אונדז קומט צו גאַסט אונדזער באַליבטער מאַרשאַל טימאָשענקאָ לכבוד דער דערעפענונג פונעם פאָלקס־סטאַדיאָן, און דאָרטן ערגעץ, אויף די שלאַכטפעלדער וואַלגערן זיך הונדערטער־טויזנטער יוגנטלעכע אין די פּאַלאַטקעס ** און אין די אָקאָפּעס, זיי ליגן ניין איילן אין דער ערד און האָבן מורא דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן; אין דעם זעלבן טאָג און אין דער זעלבער שעה גייען דאָרטן אַרום די געגערעלער זייערע און די מאַרשאַלן אָן קעפּ, דול און משוגע, און דער עיקר — אָן אַ מינדסטן אויסזיכט אויף צו פאַרבעסערן די לאַגע. עס קלינגט דאָך ממש אומגלויבלעך, אַז אין דער זעלבער שעה, ווען ביי אונדז ווערן הונדערטער־טויזנטער יומטובדיק־אויסגעפּוצטע בירגער און בירגערינס מיט טריאומף אַרויסגיין מקבל־פּנים זיין זייערע פירער, איז ערגעץ אַנדערש, נישט זייער שטאַרק ווייט פון דאַנען, אַנטלויפן הונדערטער־טויזנטער אַלטע לייט, פרויען און קינדער פון זייערע ברענענדיקע הייזער. עס איז דאָך ממש אויסטערליש, אַז אין דער זעלבער צייט, וואָס אַ האַלבע וועלט פאַרכלינעט זיך אין איר אייגן בלוט; דער יונגער דור

---

* אויב די צעדערביימער זענען אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען, וואָס זאָלן שוין טון די וואַנט־גרעזעלעך? פון דער גמרא.

** לייוונטענע (ברעזענטענע) געצעלטן.

פֿאַלט ווי די זאַנגען אונטער אַ האָגל; דער אַלטער דור צעלויפֿט זיך אין די פֿעלדער און אין די וועלדער פֿון שרעק און פֿון הונגער; טאָג־טעגלעך ווערן אויפֿגעריסן צענדליקער עשאַלאָנען מיט היימלאָזע פֿרויען און קינדער, — איז ביי אונדז, אין סאָציאַליסטישן לאַנד, שלום ושלוה; די איינוווינער, נאָך זייערע זיבן אַרבעטס־שעהן האָבן מער גאָרנישט אין זינען, נאָר: אָפּערעס, קאָנצערטן, סטאַדיאָנען, פֿאָרן אויף קוראָרטן אָדער אויסקוקן דאָס לאַנד... אָט אַזעלכע זענען די פּירות פֿון די צוויי פֿאַרשידענע גערטנער; אָט דאָס זענען די רעזולטאַטן פֿון די צוויי פֿאַרשידענע פּאָליטישע ליניעס; פֿון די צוויי קעגנגעזעצטע ריכטונגען, אין וועלכע די וועלט ווערט נאָך לעת־עתה געפֿירט. די ליכטיקע, ווייטזעענדיקע פּאָליטיק פֿון אונדזער גענִיאַלן וועגווייזער און פֿירער יאָסיף סטאַלין, האָט געקענט ביי ציַיטנס פֿאַרזיכערן פֿאַר דער באַפֿעלקערונג פֿון אַ זעקסט־חלק פֿון דער וועלט אַ סטאַבילע עקזיסטענץ און אַ פֿריידיקן מאָרגן; דאַקעגן, די פֿאַררעטערישע פּאָליטישע זיגזאַגן פֿון די פֿינצטערע, פֿאַרקריפּלטע קאַפּיטאַליסטישע מושלים, האָבן דערפֿירט זייערע לענדער צו אַ פֿולקאָמען קראַך, צו אַן אומפֿאַרמיידלעכן אונטערגאַנג.

די קאַלטבלוטיקע דזשענטעלמענער אין די סמאָקינגען מיט די ברייטע, שוואַרצע שניפּסן, קענען פֿאַר אָט דער אומגעהערטער פֿאָלקס־שחיטה צו קיינעם קיין טענות נישט האָבן, חוץ ווי צו זיך אַליין. זייערע אָנפֿירער האָבן גוט פֿאַרשטאַנען, אַז דער דייטש וואָלט געציטערט אפֿילו איין באָמבע אַראָפּוואַרפֿן אויף ענגלאַנד, ווען ער איז נישט פֿריער גאַראַנטירט מיט דער נייטראַליטעט פֿון רוסלאַנד; ווען ער איז נישט אין גאַנצן זיכער, אַז אָט די ריזיקע מלוכה, וואָס זיצט ביי אים הינטער די פּלייצעס, וועט אפֿילו נישט וועלן וויסן, וואָס אַרום לאַ־מאַנש טוט זיך, ווייל זי איז זיינע אַ פֿאַרבינדעטע. טשערטשיל און אידען האָבן דאָס געוווּסט, דאָס איז געווען אַזוי פּשוט און לאָגיש, אַז אפֿילו אַ קינד פֿונעם וויג האָט דאָס אויך געקענט פֿאַרשטיין. און ווי באַלד זיי האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען, קומט דאָך אויס, אַז זיי האָבן געדאַרפֿט טייער האַלטן דעם שלום מיט אונדז; רעספּעקטירן אונדז, ווי עס קומט דעם גרעסטן לאַנד אין דער וועלט; דעם לאַנד, וווּ דער אַרבעטער־קלאַס האָט גובר געווען אַלע פֿינצטערע כּוחות פֿונעם אימפּעריאַליזם, צעריסן די הונדערטיעריקע קייטן פֿונעם צאַריזם און אומגעבראַכט אַלע פֿאַרדאָרבענע, אונטערגעקויפֿטע שליחים פֿון דעם וועלט־קאַפּיטאַליזם; אַ לאַנד, וואָס האָט באַוויזן פֿאַר צוויי צענדליק יאָר אויף פֿיל אינדוסטריע־צווייגן דעריאָגן און אַריבעריאָגן אַלע קאַפּיטאַליסטישע מדינות; אַ לאַנד, וואָס האָט געקענט פֿאַר אַזאַ קורצן זמן אויפֿשטעלן אַ נישט־צוטריטלעכע פֿעסטונג פֿאַר קיין שום שונא, — סיי פֿון אינעווייניק, סיי פֿון דרויסן. פֿון דעסט וועגן איז זיי נישט אָנגעשטאַנען צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד ווי מיט זייערס גלייכן. אָנשטאָט דעם האָבן די פּעמפּיקעוואַטע פּאָרטפֿעל־מיניסטאָרן באַטראַכט אונדזער מדינה, ווי זייערע אַ גאַנצע אָדער אַ האַלבע קאָלאָניע, וועלכערס אינטערעסן קיינער נעמט

ניִשט ערנסט. מען האָט אויף אונדז געקוקט פון אויבן אַראָפּ, אַזוי ווי מען וואָלט געקוקט אויף אַזעלכע מלוכות, ווי: לוקסעמבורג, אַפגאַניסטאַן אָדער עפּעס אַן אירלאַנד... זיי האָבן געמיינט, אַז רוסלאַנד איז זיי אַ „מלוכה״ פונעם קאָמאָנוועלט, זיי האָבן ניִשט געשיקט קיין מאָסקווע זייערע פּרעזי־דענטן, פּרעמיערן, אָדער כאָטש די אויסערן־מיניסטאָרן, ניין! זיי האָבן אונדז, — אויף זיך אָפּצוטשעפּען, אויף יוצא זיין פאַר ליטן, — אַריינ־געשיקט עטלעכע אונטערשמשימלעך, אָן קיינע אינסטרוקציעס, אָן קיינע פולמאַכטן, און אפילו — צו וואָס חוצפּה קען דערגיין! — אָן די געהע־ריקע, באַגלויבונגס־דאָקומענטן. זיי זענען אָפּגעזעסן אין מאָסקווע עטלע־כע חדשים, האָבן זיך און יענעם אויסגענודיעט די נשמה און זענען טאַקע אַוועקגעפאָרן מיט גאָרנישט. די גרינגשעצונג צו אונדזער ריזיקן פאַרבאַנד איז געווען ניִשט צו באַמאָלן. דאָס פאַרשיווע בעק׳ל פון דעם צעפוילטן פוילן, — וואָס איז פאַר אַ צענדליק טעג באַזעצט געוואָרן פון פרעמדע חיילות, — האָט בקול רם געזאָגט, אַז ער וועט ניִשט דערלויבן, אַז דאָס סאָוויעטישע מיליטער זאָל דורכמאַרשירן דורך דער פוילישער טעריטאָ־ריע... און אַזוי האָט יעדעס הינטל געהאַווקעט אויף זיין שטייגער, — אמת, ס׳איז ניִשט קיין נייעס, אַז הינט האַווקען אויף דער לבנה — און אַזוי האָט יעדע פלוי געטאַנצט איר שדישן טאַנץ... איצט זאָלן אָט די ציליג־דרירטע סערן און לאָרדן זיך קראַצן אין אַ געווים אָרט און פינען אויף זיך אַליין. וואָס מען זייט, דאָס שניידט מען. זיי האָבן געוואָלט אַרויס־שאַרן די קאַשטאַנעס פונעם פייער מיט פרעמדע הענט — דאָס גייט ניִשט! די מעכמיקע פּראָלעטאַרישע מאַכט לאַכט היינט פון אַזעלכע וועלעכטסן. אַז מען וויל ניִשט אַנערקענען די מאַכט פון דעם אַלץ וואַקסנדיקן ראַטנ־פאַרבאַנד, דאַרף מען במחילה אויסטון די ווייסע הענטשקעס מיט די האַר־טע מאַנזשעטן און לויפן לעשן די שרפות.

אָט דאָס איז דער פּאַראַלעל פון „דאָ און דאָרט״. דאָרטן זיצט מען איבער גאַנצן וואָכן נאָך אַנאַנד אין די קאַטאַקאָמבעס און אין די מעט־ראָס, און מיר שלאָפן רואיק; אונדזערע קינדערלעך זעען ניִשט פאַר די אויגן קיין גאַז־מאַסקע; אַ דאַנק דעם זשעני פון דעם חבר סטאַלינס פּאָ־ליטיק פּראַוועט אונדזער פאָלק פעסטיוואַלן, שאַך־טורנירן, אָלימפּיאַדעס און סתם יומטובימלעך. דערפאַר וועט היינט כרושטשאָוו אַליין מיט אַ גאָלדן שערעלע איבערשערן דעם טראַדיציאָנעלן, זיידענעם שנור ביים טויער פונעם סטאַדיאָן. נישקשה, מיר קענען זיך דאָס פאַרגינען. אויף אונדז שוועבלט ניִשט. אויף אונדזערע הייליקע גרענעצן וואַגט ניִשט קיינער אַרי־בערצושטעלן קיין פוס״...

אַ מידער און אַ בלייכער האָט זיך שלמה אָפּגעוואָרפן אויפן קישן:

— ...יאָ, גערעכט! כרושטשאָוו קען זיך דאָס פאַרגינען... אויף אים שוועבלט ניִשט... יאָ, רוסלאַנד מעג איצט אָנרופן אירע סטאַדיאָנען אויף סטאַלינס נאָמען — ער האָט עס נאָך קיין מאָל אַזוי ניִשט פאַרדינט ווי איצט... דער בלוטיקער קאַנצלער פון דער דריטער אימפּעריע, אַדאָלף היט־

לער, איז אונדזער פאַרבינדעטער... ער באַגריסט סטאַלינען צום געבורטס־טאָג און סטאַלין אים, מצא מין את מינו... לא לחנם הלך זרזיר אצל עורב... און דערפאַר, הייסט עס, האָבן מיר שאַך־טורנירן מיט גאָלדענע שערעלעך... אמת, שלום איז אַ גוטע זאַך; אויף שלום שטייט די וועלט, אָבער די שאַנדע, וואָס איז פאַרבונדן מיט אָט דער דערגרייכונג... די בושה און די חרפה צו זיין חבר מיט נירונען, מיט טאָרקוועמאַדען, מיט פעטליורען... אונדזער שלום איז דאָך געקויפט געוואָרן פאַר אַ שענדלעכן פרייז... פאַר דערלאַנגען אַ חברישע האַנט ריבענטראָפן, פאַר שטיין אַרומ־גענומען מיט היטלערן. איי, שטעכיקע בילדער... ס'איז שוין באַלד פאַרי־בער אַ יאָר פון אָט דער געשיכטע, און יענע שרעקלעכע בילדער שטייען נאָך עד היום פאַר די אויגן און דערלאַנגען און שטעכן ביז אין דער זיבעטער ריפּ... זיך איינהאַנדלען אַ שלום פאַר דעם לעבן פון הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע נפשות, און דאָס טוען מ'יר, די גרעסטע דעמאָקראַטן אין דער וועלט, און וואָס וואָלטן שוין געטון די גרעסטע קאַניבאַלן אין דער וועלט? היינט, דאָס באַרויבן דאָס לאַנד פון צוקער און פון אַלע מינים פעטקייטן און בכלל פון אַלע גוטע זאַכן — וואָס איז? מען דאַרף דעקן די היפּשע „בעבור שנדרם”, וואָס מען האָט צוגעזאָגט... עס קען דען עמעצער האָבן אַ השגה אין דעם עשרות, וואָס מען פירט אַרויס אַהין צו? היינט, די פשרהדיקע רייד, וואָס מען רעדט וועגן איצטיקן דייטשלאַנד, און די פאַ־רעווע דרשות, וואָס מען האַלט מכח דעם פאַשיזם? מאַלאַטאָווס: „היה כורך קאָמוניזם ופאַשיזם ואוכלם ביחד”, וואָס הלואי דער סוף־פּסוק זאָל נישט זיין דער זעלבער, וואָס ביים „סדר”: „על מצות ומרורים יאכלוהו”... * דאָס איז דען אַ כשר פאַרדינטער שלום? אַן ערלעכער? אַן אויסגעקעמפּטער? אַ ווירדיקער? אַ בכבודיקער? דאָס איז דאָך נאָר לאַ־יחרץ געלט פאַר אונדזער שווייגן, פאַר אונדזער שטייען מן הצד און רואיק צוקוקן, ווי ער קוילעט אוים אַ האַלבע וועלט. דאָס איז דאָך אַן אמתער: אתנן זונה... מחיר כלב... תועבת ד'... און אפשר נאָך: על דאטפת יטפוך? איז פון אַזאַ פּאָדלע שלום מאַכט מען אַזאַ געפּליעסקעריי? מיט אַזאַ מוקצה מחמת מיאוסדיקן שלום גרויסט מען זיך אַזוי און מען טרוימייטערט אַזוי אין אַלע עקן וועלט? מעשי ידי טובעים בים, ואתם אומרים שירה? און אַזוי טוט אַ לאַנד, וואָס באַרימט זיך, אַז „בכל הארץ יצא קום ובקצה תבל מליהם”? ** אַזוי טוט אַ לאַנד, וואָס רופט זיך אַליין אָן: „דער דערמוטיקנדיקער לייכט־טורעם פון דער גאַנצער וועלט”?

שלמה גיט זיך אַ קראַץ הינטערן אויער:

— צוריק געשמועסט, זענען די הויפּט־מאַכערס פון די אייראָפּעישע

* פון דער הגדה. אַ ווערטערשפּיל. דאָ געמיינט: מיט קריגערייען און ביטערנישן וועלן זיי אים פאַרדייען. מצה — אַ קריג, אַ מחלוקת, אַ געשלעג.

** אויף דער גאַנצער וועלט זענען זיך צעגאַנגען זייערע שטראַלן, און אין אַלע עקן וועלט דערגרייכן זייערע רייד. פון תהילים.

מלוכות אויך נישט ווייניק שולדיק אין אָט דער וועלט־שחיטה, אין דעם, וואָס ס׳האָט זיך בימינו איבערגעחזרט די אַלטע מעשה: „וצפיר העזים הגדיל עצומיו״...* ווי שענדלעך ס׳איז נישט געווען אונדזער אָפּ־מאַך מיט היטלערן, איז דער אָפּמאַך פון מינכן געווען נישט ווייניקער שענדלעך... זיי האָבן נישט געטאָרט מיט אָט דעם מענטשנפרעסער, מיט אָט דעם „פסולת מין האנושי״ מאַכן קיין: „שמור לי ואשמור לך״... ניין, ניין... אַזאַ הנדעלע האָט בשום אופן ואופן נישט געקענט בלייבן אומבאַ־שטראָפט... יש דין ויש דיין... אפילו בלויז פאַר טשעכאָסלאָוואַקיע אַליין קומט זיי אָט דער שרעקלעכער עונש —

...אבל אשמים אנחנו על אחינו אשר ראינו צרת נפשו בהתחננו אלינו ולא שמענו, על כן באה אלינו הצרה הזאת...

שלמהן קומען אויפן זכרון די אלפי אלפים ורבבי רבבות נפשות, וואָס זענען אין ראַטנפאַרבאַנד אומגעקומען בימי יעזשאָוו, און אין זיין אויפגעברויזטן מח קומט אויף אַ משונה־מאָדנע געדאַנק:

— אין די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער 1936 איז דער בלוטיקער יעזשאָוו אַרויפגעגאַנגען אויפן טראָן; אַקוראַט אין צוויי יאָר אַרום, אויך אין די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער, האָבן די גבאים־ראשונים פון אייראָ־פּע אין מינכן געבונדן דאָס ערלעכע און העכסט־ציוויליזירטע טשעכאָסלאָ־וואַקיע און עס אַוועקגעלייגט אויפן טעלער פאַר דעם דייטשן טיגער. ווייל ער, שלמה, שטעלן דער געשיכטע אַזאַ פראַגע: וועלכער „ענדע סעפּטעמ־בער״ איז געווען טראַגישער פאַר דער מענטשהייט? וועלכן פון אָט די צוויי „מזלדיקע״ יאָרציַיטן וועט די מענטשהייט האָבן לענגער צו באַוויינען?

און עס דאַכט זיך אים, אַז ער הערט אַ קול פון זיין „מסתרים״:

— תתאה גבר! **

— אמת מאַקע, תתאה גבר. דאָס שפּעטערדיקע עובדאַלע איז פיל טרויעריקער... די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט זיך געבעטן ביי דאַלאַ־דיע מיט טשעמבערלענען: „אַל תחטאו בילד!״ מען טאָר דעם גזלן נישט נאָכגעבן דעם שמד. אָבער זיי האָבן אפילו נישט געוואָלט הערן. טשעמ־בערלען, אומקערנדיק זיך אַהיים פון דער שטילער עקדה, האָט מבשר בשורה געווען זיין פאָלק, אַז דער גרויזאַמער גאָט האָט אָנגענומען דעם קרבן מיט גרוים הנאה, דאָס לעמעלע איז געווען צוקער־זיס, און איצט איז דער שלום געזיכערט אויף אַ גאַנצן יובל —

...ולא שמעתם בהתחננו אלינו... וגם דמו הנה נדרש!

די דאַמאָלסטדיקע מושלים האָבן גאָר בשעת־מעשה פאַרגעסן, מיט וואָס פאַר אַ מין פעלקער־פרעסער זיי גייען צום טיש. רעדנדיק וועגן אַ גע־וויסן „פאַרשוין״, כאַראַקטעריזירן די חכמי־התלמוד זיין טבע מיט געציי־

---

* „און דער צאַפּ האָט זיך אָנגענומען מיט פיל קרעפטן״. (פון דניאל הנביאס נבואה וועגן אלכסנדר מוקדון).

** דאָס אונטערשטע, דאָס לעצטע איז שטאַרקער. אַ כלל אין פוסקים.

טע, אָבער טיפע פיר ווערטער: „משביעו — רעב, מרעיבו — שבע". *
פאַר אָנפירערס פון פיל־מיליאָניקע פעלקער איז אַ פאַרברעכן צו פאַרגעסן
אַזאַ געטלעכן כלל... האָבן זיי אָבער צום גרויסן באַדויערן יאָ פאַרגעסן,
און האָבן אָט דעם געפערלעכן זולל וסובא צעשפּאַרט די אַנגלען, און האָבן
אים אַריינגעשטופּט דאָס שוואַכע לעמעלע גלייך אין זיין שווידערלעכן בית־
הבליעה אַריין. איצט וועט די גאַנצע וועלט, אחד המרבה ואחד הממעיט,
וויינען דערויף, וואָס מען האָט היטלערן צעשמאַפּט די קישקע, נאָר דער
עיקר, כנהוג, וועלן יידן האָבן צו וויינען אויף אָט דער גרוילנדיקער
„אתחלתא"... ווי אין פּסוק שטייט: ואחיכם כל בית־ישראל יבכו את
השרפה... נישט איין יאָר און נישט צען יאָר, נאָר הונדערטער יאָרן... אַ
בכיה לדורות... עד סוף כל הדורות...

שלמה הערט, אַז איך קיך איז אַריינגעקומען יוכבד. זי האָט איינגע־
שלאָסן די עלעקטרישע פּליטקע און האָט אוועקגעשטעלט אויפקאָכן די
מילך. זי פּאָרעט זיך נאָך דאָרט אַ ביסל און גייט אַריין אין שלאָפצימער
אויף די שפּיץ פינגער. ווען זי טרעפט אויף זיך שלמהס אָפענע אויגן,
צעלאַכט זי זיך:

— און איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט נאָך און גיי שטיל ווי אַ
קאַץ.

— ש—ש—שאַ! וועק נישט אויף די קינדער... דו האָסט געזען די
מאַמע אין מאַרק?

— ניין, איך האָב קיינעם נישט געזען פון אייעריקע.

— יוכבדל, דו האָסט עפּעס געקויפט אויף אַ „שהחינו"? עס פאַר־
גייען שוין באַלד די דריי וואָכן.

— ניין. איך האָב גאָרנישט געקויפט. ס'איז עפּעס גאָרנישט געווען
אַזוינס —

— ניין — דאַרף מען נישט. וועט זיין גוט אָן אַ „שהחינו" אויך.
וועלן מיר היינט מאַכן אַ „שהחינו" אויפן סטאַדיאָן.

— שלמה, ס'איז היינט עפּעס דאָ נייעס אין די צייטונגען?

— אַלטע נייעס: מאָסקווער ראָטהויז; אונדזער סטאַדיאָן. אין ענג־
לאַנד — שרפות: היטלער ימח שמו מאַכט דאָרטן דעם רעכטן „בורא
מאורי האש". אין לובלין האָט די געסטאַפּאָ צונויפגעטריבן העכער פינף
הונדערט מענטשן, — זייער נאַציאָנאַליטעט איז נישט אָנגעגעבן, ס'איז
נאָר באַצייכנט: „נישט קיין זיכערע עלעמענטן" — און האָט זיי מיט פּו־
ליעמיאָטן אויסגעשניטן ווי די זאַנגען... מן הסתם — יידן...

— שלמה, טו זיך שוין אַ מאָל אָן! באַלד מאַך איך דיר אַ גלאָז
קאַקאָאָ מיט מילך.

* אַז מען הונגערט אים אויס, (געמיינט: מען גיט אים נישט נאָך דעם שמד) איז ער
זאַט. (מיט דעם, וואָס ער האָט אייגנס.) און אַז מען פרוווט אים אָנזעטיקן (נאָכגעבן אַלע
זיינע חפציות) איז ער שטענדיק הונגעריק. (ווילט זיך אים אַלע מאָל עפּעס אַנדערש).
געזאָגט געוואָרן וועגן געשלעכטלעכער הפקרות.

— וואָס אַרט דיך, אַז איך ליג נאָך אַ ביסל? גיין דאַרף איך דאָך היינט אין ערגעץ נישט.

— ווען איז די דערפּענונג? פינף אַ זייגער, צי זיבן?

— פּינקטלעך פינף.

— אויב אַזוי שטיי זשע טאַקע אויף. דו שטעלסט זיך פּאָר, וואָס היינט וועט זיך טון אויף די טראַמווייען? נישט שפּעטער פון צוועלף אַ זייגער, מוזן מיר אַוועקפאָרן צו דער מאַמען. ביז מיר וועלן נאָך אַהין פאַרפאָרן, ביז מען רייסט זיך אויס פון די קינדער זאָלן זיין געזונט. אַהער — אַהין, וועט זיין סאַמע גוט. פאָלג מיך, שטיי שוין אויף.

— באַלד... די מינוט... אָט ענדיק איך נאָר דאָס אַרטיקל —

— אַז דו וועסט אַוועקגיין דאַוונען, פאַרגעס נישט איבערצולאָזן דעם זייגער. פון זינט דער ראַדיאָ איז ביי אונדז קאַליע געוואָרן, ווייס איך נישט, ווו איך בין אין דער וועלט... דריי איך זיך אַרום אין שטוב ווי אַ טויב־שטומע...

— גוט, כ'וועל אים איבערלאָזן. נאַ, נעם אים דיר שוין —

— שלמהלע, ווי אַזוי איז ביי דיר היינט די שטימונג?

— אַן אויסגעצייכנטע, לעבן מיינס! אַן עכט סטאַדיאָנישע שטימונג!

— אויב אַזוי, וועל איך דיר דערציילן אַן אַנעקדאָט, וועסטו לאַכן, ווי דו האָסט שוין לאַנג נישט געלאַכט. דו ווילסט הערן?

— וואָס פאַר אַ פראַגע? אויפן ניכטערן האַרצן אַן אַנעקדאָט — פאַר וואָס נישט? אַבי נאָר אַן אינטערעסאַנטער —

— צי ער איז אַן אינטערעסאַנטער? הלמאי זאָל איך זאָגן אַ ליגן? בפירוש נישט קיין אינטערעסאַנטער, פאַרקערט — אַ משוגענער, אַן אַבּ־סורדער און אפילו אַ גרימענדיקער אויך...

— אַן אַנעקדאָט, זאָגסטו דאָך? וואָס זשע פאַר אַ שייכות האָט אַן אַנעקדאָט מיט גרימעניש?

— אָט הער אַ שיינס! די קאַלקאַזיניצעס פון דעם מילכמאַרק דער־ציילן, אַז היינטיקע נאַכט האָבן דייטשע עראָפּלאַנען באַשאָסן דעם עראָ־דראָם, סוויאַטאָשין און פּאָסט־וואָלינסקי. נו, ווי געפעלט דיר די מעשה?

— און דו האַלטסט פאַר קלוג מיר איבערצודערציילן אַלע ווייבערשע פּלוידערייקעס, וואָס די מאַרקעלעכעס, די „יאַכנע־דוואָסיעס", דערציילן זיך דאָרט איבער איינע דער אַנדערער?

— ביי דיר הייבט זיך נישט אָן, אָן קיין שטעכווערטל. שלמה, איך זאָג דיר, די גויע האָט געבראַכן די הענט, געוויינט אויפן קול, און האָט זיך נעשוווירן מיט טויטע קללות, אַז זי האָט אַליין געזען ווי מען האָט געטראָגן פיל בעטלעך מיט פאַרווונדעטע... זי האָט דערציילט נישט נאָר מיר, אַ סך מענטשן האָבן דאָס געהערט —

— אַן עק! איך וויל שוין נישט הערן אָט דעם אַנעקדאָט. בלויז פאַר איבערדערציילן אַזאַ אַנעקדאָט קען מען זיך איינקויפן אַ „מפטיר", אַז מען זאָל אים האָבן צו געדענקען...

— ווען זשע דערצייל איך אים איבער? דיר טאָר איך אויך נישט?

# קאפיטל XIX

שלמה איז אוועקגעגאנגען אין מנין אריין דאַווענען. דער עולם האָט גערעדט פון דער נעכטיקער מלוה־מלכה; פון דעם ווי עס קערט זיך די וועלט מיט דעם נייעם פוטבאָל־פּלאַץ; פון דעם פרישן טיראַזש פון דער „גאָלדענער הלואה". שלמה האָט געדולדיק אויסגעהערט אַלע „פּאָטשטן", און פון קיין דייטשן האָט קיינער נישט דערמאָנט. ביים פּאָטער אין שטוב האָט אויך קיינער גאָרנישט געוווסט וועגן אָט דער נייער „קאַטשקע". שוין גייענדיק צו זיך אַהיים, האָט שלמה באַגעגנט מנשהן גיין פונעם מאַרק און טראָגן אין אַ קוישל פרישע אוגערקעס.

— אַ גוט מאָרגן אייך, מנשה. פאַר וואָס עפּעס טראָגט איר אַליין, מיט אייער רבנישן כבוד, אוגערקעס פונעם מאַרק? און ווו איז גאָלדע?

— ס'איז מיר אַ בזיון צו דערציילן, נאָר דער שענסטער ליגן, זאָגט מען, איז דער אמת... מיין שטיק גאָלד האָט היינט די כאַנדרע. מאי טעמא? פאַר וואָס איך האָב איר ערגעץ נישט געקריגן קיין בילעט אויף דער דער־עפענונג פונעם סטאַדיאָן! נו, וואָס זאָגסט דו, האַ? איז דאָס נישט קיין חוכא וטלולא?

— כאַ־כאַ־כאַ... באַיקאָטירט זי אייך, הייסט עס? האָט זי אייך גע־מאָלדן אַ שטרייק?

— נישט קיין שטרייק. זי איז שוין פריער געווען אין מאַרק נאָך פּו־טער, וויל זי שוין מער נישט גיין. וואָס זשע פרישטיקט מען? האָב איך אַליין געמוזט גיין. זאָג מיר, שלמה, דו ביסט דאָך עפּעס אַ מחותן אויף אַלע חתונות, אפשר האָסטו אַן איבעריקן בילעט פאַר אירעט וועגן, נעם זי דיר אויך מיט. ס'איז, זאָג איך דיר, ממש פּקוח נפש. דער קאָפּ טוט מיר שוין וויי פון אָט דעם סטאַדיאָן... ווו ערגעץ אַ צרה, לאָזט זי זיך אויס צו מיין קאָפּ... בקיצור, דו וועסט קריגן? האַ, וואָס זאָגסטו?

— איך האָב אַליין קוים געפועלט ביי גאָדלען, אז ער זאָל מיר קריגן צוויי בילעטן.

— איך זאָג דיר, איך בין אויס מענטש פון אָט דער וויסטער גדולה. דו קענסט גאָלדען? זי וועט שוין היינט נישט גרייטן קיין מיטאָג אויך... דו מעגסט מיר מקנא זיין...

— אַ מצוה אויף אייך! ווען איר זאָלט אָבער האָבן אַן אייגן ווייב, שרייט מען אָן אויף איר, וועט זי שטיל. אָבער אויף אַ שוועסטער — פּאַוואָליע מיט דער משא! עס שרייט זיך נישט אַזוי שטאַרק, האַ?

— איז ווילסטו מיר נישט געבן קיין בילעט? איך זאָג דיר: איך בין אויסגעשטעלט —

— חכם פון דער „מה־נשתנה"! וואָס זאָל איך, פון זיך מאַכן? איך האָב נאָך מיינע בילעטן אויך נישט געזען פאַר די אויגן...

— איך זאָל שוין האָבן אַזאַ דאגה פאַר כל טוב, ווי איך האָב אַ

דאגה פאַר דיינע בילעטן... דו וועסט דורכלאָזן אַזאַ פּורים־שפּיל? גוואַלד, וואָס זשע טוט מען פּאָרט? דער טאָג שטייט דאָך נישט... נו־נו, באַרעכן אַ שטייגער, נאַ דיר גאָר אַזאַ דיבוק, רחמנא לצלן — אַ סטאַדיאָן! דו מיינסט, אַז דער פוטבאָל־מעטש אינטערעסירט זי אַזוי שטאַרק? עס הייבט זיך אפילו נישט אָן! זי פאַרשטייט אַזוי פיל אין דער שפּיל וויפל אַ האָן אין „בני אדם". וואָס דען איז דער געפּילדער? סטייטש, די גאַנצע וועלט גייט! זי טייטלט מיר גאָר מיטן גראָבן פינגער אויף מיין שכנטע, זאָל לעבן. גאָט האָט מיך געבענטשט מיט אַ שכנטע, איז דאָס איין אַנטיקעלע אין דער וועלט, אַ חד בדרא'כע!

שלמה, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער:

— ווער איז? חיה־שרה? כ'מיין חיה־צרה?

— זאָג נאָר נישט אָפּ אַזוי בנשימה־אחת: חיה־צרה! דאָס איז אַ חיה באַזונדער, און אַ צרה באַזונדער... כ'האָב אָבער געהערט נעכטן אויף דער נאַכט, שוין ליגנדיק אין בעט, אַז זיי שמועסן עפּעס ביים פענצטער... אַזוי ווי דורכן שלאָף געדענק איך, אַז דאָס חיה־צרהלע האָט עטלעכע מאָל איי־בערגעחזרט: דער בראַטאָק... דער בראַטאָק... פאַרשטיי איך שוין, אַז זי האָט זי געמוזט גוט־גוט אָנדרודלען און אַצינד שפּילט זי מיר אַ לירע... נו־נו, נאַ דיר אַזאַ אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ... און עס וויל נישט הערן קיין שכלדיקע רייד, און עס וויל נישט פאַרשטייען, עס וויל נאָר גריזען און טאַטשען און טון וואָס נעענטער צום טויט... איך זאָג איר: גאָלדע שוטה! וואָס יאָגסטו זיך אַהין דווקא היינט? און אַז דו וועסט גיין מאָרגן? און אַז איבער מאָרגן? און אַז איבער אַ יאָר? עס וועט אים דאָך קיינער אין פאַרטפעל נישט מיטנעמען... ס'איז דען להבדיל אַן אתרוג, וואָס די ערשטע ברכה אויף אים איז „איי־איי־איי"? צי דאָס איז, זאָג איך איר, מצה־שמורה, וואָס דאַרף זיין געבאַקן אויפן ערשטן אויוון? ס'איז דאָך פאָרט, זאָג איך איר, נישט מער ווי אַ נייער שפּיל־פּלאַץ, אַ סטאַדיאָן, מיין איך... בין איך, דאַכט זיך, גערעכט ווי משיח, צי ניין? נו־נו, האָב איך שיר נישט געכאַפּט מיט דעם פרעסל אין קאָפּ אַריין פאַר מיין גערעכט זיין. דו האָסט דען אַ השגה, וואָס אַ מרשעת הייסט? קיין בילעט האָט זי נאָך נישט — און ווער ווייסט, צי זי וועט נאָך בכלל האָבן — אָבער דאָס קלייד פרעסט זי שוין פון פאַרטאָג אָן. עס שטייט און עס פרעסט און עס שווייגט. דו מיינסט, אַז זי רעדט? חלילה! פונקט פאַרקערט: איך רעד. אַז זי שווייגט, מוז איך שוין רעדן. און יעדעס מאָל, וואָס זי גיט אַ פאָרסקע מיטן מויל דאַכט זיך מיר: שלענג שיפּען; עקדישן פייפן. יעדעס מאָל, ווען זי גיט אַ פאָר מיטן פרעסל, דאַכט זיך מיר אויס, ווי זי זאָל זאָגן:

— אַנו, אַנו, אדרבה, ווייז אַ קונץ און פּרוּוו מיר נישט קריגן קיין בילעט... נו־נו, לאָמיך זען...

— מנשה, עס רייסט מיר ממש דאָס האַרץ אויף אייך. בעסער וואָלט זי שוין געהאַט איר איינענעם קאַוואַליער, און איר — אייער באַרישניע. צעשיידט זיך שוין אַ מאָל, אין אַ גוטן אופן, און אַן עק זאָל דאָס נעמען.

— ניין, ניין, אזוי לאנג ווי דינה איז נאך געווען אין שטוב, האט זי צו מיר קיין שליטה נישט געהאט. די אגרעסיע האט זיך ערשט אנגעהויבן פון זינט דינה איז ארויסגעפארן.

— מנשה, מיט אייער שטרויענער „אגרעסיע" האט איר מיך דער־מאנט, אז איך וויל אייך עפעס פרעגן. איר האט היינט גארנישט געהערט קיין סענסאציע?

— וועגן דייטשן? אעראדראם? באמבעס?

— אט—אט—א...

— גאלדע האט אין די מילך־רייען אויך עפעס געהערט מעין זה... וויים איך, פתי יאמין לכל דבר. הער אויף נאכצורעדן אזעלכע פוסטע נא־רישקייטן.

— איך האב באלד געזאגט, אז דאס איז א לעגענדע —

— איי, הער אויף צו רעדן. ס'איז אפילו קיין לעגענדע אויך נישט. עמעצער האט דא אנגענומען א קוצע קו פאר א ווינטמיל. מן־הסתם: מא־נעוורעס אדער א קינא־אויפנאמע —

שלמה האט זיך דערנעענטערט צו מנשהן און אים שטיל געזאגט:

— הערט, מנשה, איך גלייב דאכט זיך אויך, צי איך גלייב גאר אויף זיכער, אז די גאנצע מעשה מיטן קאנפליקט, צי מיט דער מלחמה דארטן איז נאר א פראוואקאציע; א פראסט־פשוטע אנטי־סאוויעטישע קאטשקע, וואס איז אפגעלאזט געווארן אין די מאסן, כדי אנצומאכן א בהלה אין לאנד... עמעצן לוינט מן הסתם, אז עס זאל דא ווערן א מהומה, האט מען דאס מאל אויסגעקליבן אזא מיטל... דאס אלץ איז דאך זעלבסטפארשטענד־לעך... אבער... אבער לב יודע מרת נפשו, אז די ידיעה קען א מאל זיין אויך אמת! ס'איז דאך אן אלטע קללה: פורץ גדר — ישכנו נחש! * די רויטע שלעק האבן געדארפט חושש זיין פאר: מראית־עין; פאר: „חרפת נבל אל תשימני"; פאר: „בהתחברך לרשע"... האבן זיי דערפאר נישט חושש געווען! זיי האבן זיך גאר געכאפט צו אנדערע פסוקים: „תאות לבו נתתה לו"... „הסירותי מסבל שכמו"... פאר וואס זשע קלערט איר זאלן זיי נישט קענען באלוינט ווערן, ווי זיי האבן פארדינט? דער אייבערשטער איז דאך א מודד מדה כנגד מדה —

— אבער אז די גאנצע מעשה קלעפט זיך ווי אן ארבעס אין דער וואנט —

— ...איר האט שוין א מאל יא געהערט, אז דער שור־הבר ולויתן זאלן מאכן יד־אחת? פארקערט האבן מיר יא געהערט: „וחד בחד כי סביך, ועביד קרבותא"... **

---

* ווער עס ברעכט אויף א פלויט, זאל אים א ביס טון א שלאנג.

** „און איינער אין צווייטן, ווען זיי פארטשעפען זיך, מאכן זיי א קריג". פון „אקדמות".

— אָן עס, העד שוין אויף צו רעדן נאַרישקייטן! עס קערט זיך איבער די גאַל הערנדיק: מלחמה — שמילכומע... בקיצור, לאָמיך שוין הערן א וואָרט: דו קריגסט פאַר גאָלדען אַ בילעט?

— נאָך אַ מאָל „אודך״? ווו זאָל איך אייך נעמען בילעטן? פון זיך מאַכן?

— דו פאַרשטייסט אַ מעשה, אַז ביי מיין אָנשיקעניש איז אַלץ צוזאַמען: שוטה, רשע וגס רוח... אי אַ מרשעת; אי גאות פון אַ פערד; און ועל כולם — אַ קאָפּ ווי אַ שטיק האָלץ... ווי אַ דובינע —

— כאַ־כאַ־כאַ... ווי אַ שטיק האָלץ, זאָגט איר? איז דאָך ווידער גוט! איז זי דאָך טאַקע אַ מיידעלע מן המובחר —

— ?

— ושבחו רבנן לדציבי... * כאַ־כאַ־כאַ...

— איך וואָלט נאָר אַ בעלן געווען וויסן, וואָס הירזשעסטו היינט ווי אַ פערד גאַנץ פרי מיט דער ראָשטשינע? דיר איז גוט צו לאַכן... דיר איז לייכט זיך צו חכמענען... ווען דו האָסט מיין גאָלדעטשקען כאָטש אויף איין טאָג, וואָלסטו שוין דאַן —

— אָפּגעהיטן זאָל איך ווערן... נאָך דאָס פורעניות פעלט מיר... אָבער אויף אייך איז אַ מצוה! ווען איר זאָלט אָבער האָבן אייער אייגענעם „פּלג״ — **

— ...פּלאַגט מען זיך אויך גוט... אוי ווערן מענטשן פאַרפּינצטערט; אוי ווערט מען שוואַרץ ווי קויל פון אָט די „אייגענע פּלאָגן״... וויפל מענטשן ווערן באַגראָבן לעבעדיקערהייט פון אָט דעם „גליטש״... אוי פּלאַגט מען זיך אַ מאָל אָפּ דאָס גאַנצע לעבן אַ דאַנק אָט דעם „פּלג״...

— איז דאָך דאָס נאָר „אַמאָל״ און איר פּלאַגט זיך שטענדיק! און ווידער, די פּלאָג פון אַן אשה־רעה, זאָגן די חז״ל, ווערט כאָטש פאַררעכנט אויפן חשבון פון מירוק־עוונות, אָבער די יסורים פון אַן אחות־רעה — לאָ מיט אַ ספּאָדעק! דו קענסט פון איר נישט איבערטראָגן? טרייב זי דורך, אָדער טריט דו איר אָפּ די שטוב... אין אדם גר עם נחש בכפיפה אחת...

— יאָ, יאָ... הדרשה תדרוש, אָבער למעשה איז אַ ביסעלע אַנדערש...

שלמה, איבערגייענדיק אויף אַן ערנסטן טאָן:

— מנשה, געלעכטער אויף אַ זייט, ווען וועט איר שוין אַ מאָל אָפּזאָגן איינער פון אייערע מדוברות דעם „הרי־את״?

---

* אין די צייטן ווען ירושלים איז געווען באַלעגערט פון די רומיים, האָבן אייניקע נדבנים זיך מתחייב געווען צו פאַרזאָרגן די שטאָט: ווער מיט תבואה; ווער מיט פעטס און ווער מיט האָלץ. האָבן די חכמים מער פון אַלע געלויבט דעם האָלץ־פאַרזאָרגער, ווייל אָן הייצונג קען מען פון אָט די אַלע פּראָדוקטן גאָרנישט מאַכן. פון מסכת גיטין. דאָ ווערט דער מאמר געבראַכט אין אַ גלייכווערטל.

** אַ העלפט. געמיינט: אַ פרוי. כלומר: די צווייטע העלפט פונעם מענטשן.

— שוטה דו! איך זאָג דאָך יעדער מדוברת באַזונדער: „הרי־את" —

— ???

— ...הרי את מותרת לכל אדם...

— איר חכמלט זיך נאָך אַלץ, ס'איז אייך אַ פּנים שטאַרק אויפגע־לייגט אויפן הארצן, און איך האָב אייך שוין פיל מאָל געזאָגט און חזר אייך איבער נאָך אַ מאָל: „כזה ראה — טאָמער זוכט זיך נאָך אַפּ אַ חסר־דעהניק און רעדט אייך וועלכעס ס'איז מיידל, טאָ קוקט גאָר נישט און קלערט גאָר נישט — וקדש!" גייט נישט אַריין אין קיין ווייטע דרכים און גיט איר חופה וקידושין און אַראָפּ פונעם מארק, ווייל אויף דעם גע־ביט זענען פאַר אייך כל הדרכים בחזקת־סכנה —

— טאַקע סכנה ממש?

— אַ גרויסע סכנה! וואָס פאַר אַ סכנה, פרעגט איר? חלילה וחלילה — שמא יקדמנה אחר ברחמים! צי איר האָט נאָך ביי זיך אַלץ נישט גע־פועלט, אַז ס'איז ערגעץ־ווו פאַראַן אַ מיידל, וואָס זי זאָל אייך די ווערט זיין? איר זאָגט נאָך אפשר אַלץ אויף זיך דעם פּסוק: „הרימותי בחור מעם"?

— וואָס טויג מיר, פון אַלע דיינע דרשות פאַרשטיי איך, אַז צו קיין בילעט קומט דאָס נישט —

— וויפל נאָך מאָל זאָל איך אייך זאָגן? כ'האָב שוין דאַכט זיך צען מאָל געזאָגט —

*

אָפּגעפּרישטיקט, האָט שלמה געדאַרפט צופאָרן צו זיין שוואָגער אהרל אין מאַגאַזין אַריין, אויף שוליאַווקע. אהרל האָט אים באַגעגנט אויף דער שוועל אַ צעטראָגענער ביז גאָר:

— וואָס זאָגסטו צו דער מעשה, שלמה?

— וואָס פאַר אַ מעשה?

— וואָס הייסט, וואָס פאַר אַ מעשה? דו ווייסט נאָך פון גאָרנישט? דער דייטש איז דאָך היינטיקע נאַכט אָנגעפאַלן אויף קיעוו פון אַלע זייטן. עס זענען דאָ פיל צענדליקער הרוגים, אַנדערע זאָגן גאָר — הונדערטער!

— און דו שעמסט זיך נישט צו ברענגען פאַרן מויל אַזעלכע ווילדע שטותים? דאָס איז דאָך... דאָס איז דאָך... עס גרילצט מיר אַזש אין די אויערן פון אַזעלכע רייד —

— וואָס איז מיט דיר? דו ביסט משוגע, צי וואָס? מיינע אַ פאַרקוי־פערין, וואָס וווינט נישט ווייט פונעם אַעראָדראָם, האָט אַליין געזען ברע־נען אונדזערע אַעראָפּלאַנען און ווי מיליטערישע קאַרעטעס פון גיכער הילף האָבן אָפּגעפירט אין שפּיטאָל אַריין פאַרוווּנדעטע רויטאַרמייער — זאָגסטו גאָר שטותים?

— אַלע בייזע ווויסטע חלומות! עמעצער האָט אָט די ידיעה אודאי

אויסגעזויגן פונעם פינגער, און מענטשן דערציילן זי שוין נאָך איש מפי איש... זאָגן שוין: „בעיני ראיתי"...

— נו, נו, זיי אַ חכם... גלייב נישט... וואָס ביסטו — אַ גוי? אַ גוי גלייבט נישט, אַז יענעם טוט וויי, ביז ער זעט נישט קיין בלוט —

— וואָס זשע, דער דייטש איז משוגע געוואָרן? וואָס הייסט, ער קריכט אויף רוסלאַנד? ער זוכט פאַר זיך אַ קבר אין אונדזערע סטעפּעס?

— איך ווייס, וואָס ער זוכט? דערווייל זענען אונדזערע זעלנער געפאַלן, נישט זיינע...

— אָבער מיט רוסלאַנד, אַז מען הייבט זיך אָן, מוז מען דאָך האָבן נאַפּאָלעאָנס סוף —

— נו פאַרקערט, זייער שיין! דאַרף ער דאָך פריער צוגיין ביז מאָסקווע?

— זיי זיכער, ער וועט אפילו ביז קיעוו אויך נישט צוגיין!

— הערסטו שלמה, דיין פּאַטריאָטישער „זיי זיכער", טרייסט מיך ווייניק וואָס. איך און מיר אַלע ביים טאַטן אין שטוב, זענען אויף דער ערשטער ריי.

— דו רעדסט עפּעס פון דער ווערסיע ווי פון אַן אמתער מלחמה... אויב די מעשה איז אפילו יאָ אמת — אין וואָס איך בין נאָך שטאַרק מסופק — איז דאָס זיכער בלויז אַן אינצידענט. אַ מיספאַרשטענדעניש. פּונקט ווי אין וואַרשע, דערציילט מען, בעת די רויטע האָבן זיך באַגעגנט מיט די היטלעראָווצעס, האָט מען זיך אויך — אָט אַזוי־אָ, כלומרשט אין אַ קאַטאָוועס — גוט־גוט אָנגעזייפט די פּלייצעס איינע די אַנדערע —

— עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז דאָ איז עפּעס ערגערס פון אַ פּשוטן אינצידענט. ווער ווייסט? אפשר טאַקע וועגן דעם וועט מאָסקווע רעדן צוועלף אַ זייגער —

שלמה האָט מיט אַ מאָל געענדערט זיין טאָן. אַ בלייך־געוואָרענער האָט ער אַ פרעג געטון:

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז מאָסקווע וועט רעדן צוועלף אַ זייגער?

— נאַ דיר גאָר — ווער עס האָט מיר געזאָגט! פון דעם סאַמע פריי־מאָרגן אָן, אַז די ראַדיאָ לעכערט די אויערן: „הערט מאָסקווע אום צוועלף"! „הערט מאָסקווע אום צוועלף"!

שלמה האָט צוריק געפונען זיין גוטן הומאָר:

— ווייס איך, דו מאַכסט פון אַ פלוי אַ העלפאַנט. מאָסקווע איז אים מחויב נאָכצוזאָגן די חכמה פון זיין פאַרקויפערין. זיכער האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ נייער הלואה.

— איז אום זונטיק?

— און אַז זונטיק, איז וואָס? דברי־חול בשבת? וואָס זאָגסטו אויף די קשיות? נו, איך גיי.

— וווהין גייסטו איצט?

— איך גיי אַהיים. איך האָב יוכבדן צוגעזאָגט, זיך נישט צו זאַמען אין שטאָט.

— וואַרט שוין אויס נאָך פינף און צוואַנציק מינוט, וועלן מיר הערן, וואָס האָט דאָרטן מאָסקווע צו זאָגן אַזאַ וויכטיקס. וואָס דאַרף דיך דאָרט יוכבד האָבן אַזוי נייטיק?

— איך וואָלט דווקא געבליבן, ווייל ביי מיר איז די ראַדיאָ קאַליע געוואָרן, נאָר מיר דאַרפן נאָך אָפּפירן די קינדערלעך צו אייך אַהיים. ביז מען קלייבט זיך אויס מיט אָט די פּיצלעך, דו ווייסט נישט? און בכלל, אויב דער אָנהייב וועט זיין פינף, דאַרף מען דאָרטן זיין פיר, ווייל —

— לאָמיר שוין הערן, וואָס שטעקט דאָרט אַזוינס אין דער „מלוכה־שער מיטטיילונג"? אפשר דאַרף מען שוין גאָר אין גאַנצן נישט גיין?

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס הייסט: „מען דאַרף שוין אין גאַנצן נישט גיין?"

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט? אפשר איז אויף אַזוי פיל ערנסט די לאַגע, אַז די דערעפענונג וועט גאָר אין גאַנצן נישט פאָרקומען?

— הערסטו, אהרל, דו האָסט מיר היינט געמאַכט אַ סיורפּריז. איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז איך האָב אַ משוגענעם שוואָגער. נאַ דיר גאָר: „די דערעפענונג וועט נישט פאָרקומען"... ס'איז זיך צונויפגעפאָרן אַ פול שטאָט מיט געסט, אויסלענדער פון גאָר דער וועלט, זאָגט ער גאָר — נישט פאָרקומען. ס'איז דאַכט זיך גאָרנישט אַזאַ היץ אין דרויסן, ווי דער קאָפּ ביי דיר —

— שאַ! שווייג שוין שטיל! אין פינף מינוט אַרום רעדט מאָסקווע. לאָז מיך דורך. לאָמיך אַריינרופן די פאַרקויפערינס. זיי זענען אויך מענטשן. פעניאַ! שיקט אַרויס די קונים און מאַכט דאָרט צו די קלייט. קומט הערן די „מלוכהשע מיטטיילונג". נו, רירט זיך דאָרט —

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט שוין די גאַנצע וועלט געוווסט דעם שרעקלעכן אמת:

„דער פאַשיסטישער דייטש איז אויף אונדז פאַררעטעריש אָנגעפאַלן... אונדזער זאַך איז די גערעכטע... דער זיג וועט זיין אונדזערער"...

אַ מוראַדיקער דונער האָט זיך אַריינגעריסן אין מיטן אַ שיינעם, לויטערן טאָג. די ליכטיקע שיין איז מיט אַ מאָל פינצטער געוואָרן. אַלץ און יעדער האָט באַקומען אַ פיינטלעכן אויסזען: די זון; דער טראַמוויי; די מענטשן; דער ראַדיאָ־אויפנעמער, וואָס האָט דער ערשטער דייטלעך אַרויס־גערעדט דאָס שווידערלעכסטע וואָרט אין דעם לעקסיקאָן פון דער מענטשהייט: מלחמה.

אין דער לופט זענען, אַזוי ווי נאָך אַ באָמבע־אויפרייס, אַרומגעפלויגן שפּליטערן פון די נבואות־הזעם —

פליט אַ טויט־שפּליטער פון רעכטס:

...הילילו כי קרוב יום ד'... כשוד משדי יבוא...

פליט זיינער אַ צווילינג פון לינקס:

...הנה יום ד׳ בא, אכזרי ועברה וחרון אף, לשום את הארץ שממה...
שמעלצן זיך צונויף אַלע שפּליטערן פון אַלע זייטן:
...שמיר ושית תהיה כל הארץ, כי יום נקם בלבי...
אהרל האָט אָפּגעשיקט די פּאַרקויפערינס אויף זייערע ערטער און האָט מיט אַן איבערגעמישט פּנים אַרויסגענומען פון דער זשילעט־קעשענע עט־לעכע געלע פּאַפּירלעך:

— שלמה, כאַפּ נאָר אַ קוק אַהער: וואָס איז דאָס?

שלמה האָט ביי אים אין די הענט איבערגעלייענט די עטלעכע שורות און האָט פאַרדומפּן געענטפערט:

— בילעטן צו דער היינטיקער דערעפענונג פונעם סטאַדיאָן —

אהרל האָט מיט אַ פינצטערן שמייכל מערדעריש געפליקט די בילעטן אויף פּיצפּיצלעך. שלמה האָט אים קאָנוולסיוו אָנגעכאַפּט ביי די הענט:

— אהרל —

און גלייך האָט ער אים אָפּגעלאָזט און האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין:

— וואָס — אהרל? צו וואָס נוצן שוין איצט די בילעטן? ווען ליגט שוין אַצינד דער קאָפּ ביים סטאַדיאָן?

דורך דער קליוט האָט זיך שוין שלמה קוים־קוים דורכגעשטופּט. ס׳איז נאָך נישט געווען קיין פופצן מינוט, זינט מאַלאָטאָוו איז אַוועקגע־גאַנגען פון דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, און ביי דער קליוט איז שוין געשטאַנען אַן אומענדלעכע ריי. מען האָט גענומען צו צען, צו צוואַנציק קילאָגראַם פּראָדוקטן מיט איין מאָל: מעל, גרויפּן, צוקער, זאַלץ, פּוטער, בוימל, סור־כאַרטשיקעס, זייף, הערינג — אַלץ איז שוין איצט: ערשטער געברויך! יעדעם ברעקעלע איז אַצינד לעבנסוויכטיק —

אַ קליייניקייט — מלחמה! מען האָט שוין דען פאַרגעסן דעם דאָזיקן טעם? ווי לאַנג איז ערשט —

...מוט התמוטטה ארץ...

שלמה האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים צו פוס. צום טראַמוויי איז שוין געווען אוממעגלעך צוצוטרעטן. פון וואַנען האָבן זיך עס מיט אַ מאָל גע־נומען אַזוי פיל מענטשן? אַלע מאַגאַזינען פון באַקאַליי, פון געבעקס, פון קעראָסין, און אַנדערע זאַכן פון ערשטן געברויך זענען געווען באַלעגערט. דאַקעגן מאַגאַזינען פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטערייע, מעבל, געפעם — די זענען געשטאַנען פּוסט. די אַלע זאַכן זענען מיט אַ מאָל דער גאַנצער וועלט געוואָרן איבעריק. איצט דאַרף מען זאָרגן אויסשליסלעך נאָר פאַרן מאָגן. אַלץ איז איצט אַ כפּרה פאַרן מאָגן. ביי די שפּאַרקאַסעס האָט זיך געטון שידער־געלויף. איינער האָט דעם צווייטן איבערגעגעבן דאָס נייעס און קיי־נער האָט זיך דאָס נישט געקענט גלייבן. אַלע שפּאַרקאַסעס פון קיעוו, פון דער אוקראַינע, פונעם גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד האָבן פינף מינוט פאַר מאָ־לאָטאָווס רעדע באַקומען אַ באַפעל, נישט אַרויסצוגעבן קיין איין גראָשן אויף קיין שום אָבליגאַציע. מענטשן זענען שיר נישט משוגע געוואָרן פאַר

צרות. ס'איז געווען אקוראט נאך א טיראזש פון דער „גאלדענער הלואה".
יעדער איינער האט אויסגעגעבן אויף אט די „מזומנע" אבליגאציעס ביזן
לעצטן גראשן. פאר עטלעכע רובל פראצענט, וואס ער האט איינגעצאלט
אין קאסע פאר די פאר טעג ביז נאכן טיראזש, האט ער זיך איינגעהאנדלט
דאס רעכט אויף ליכטיקע האפענונגען. און דא — כאטש ווארף זיי ארויס!
...רועה התרועעה הארץ...

שלמה איז געגאנגען ווייטער: ס'איז עפעס גארנישט די מענטשן,
וואס צוריק מיט איין שעה, גארנישט די שטאט: די פנימער — איבערגע־
מישט מיט דער ערד; דער בליק — א דערשראקענער, א פארלוירענער. ער
איז דורכגעגאנגען יעוובאז — א זודיקער קעסל מיט ברודיק וואסער. דער
„טאלטשאק" איז שוין אויסגעוואקסן אויף דריי מאל גרעסער, ווי ער איז
געווען ביז אהער. אלע פארקויפן. אלע דארפן איצט האבן געלט. א טייל
קלייטלעך זענען אפן, א טייל — פארמאכט. אום זונטיק פארמאכט! ס'איז
שוין געבראכן די דיסציפלין. ביי די בראנפן־קלייטלעך איז גאר א גרויסער
יאריד. דער עולם קלייבט זיך טרינקען. תנו יין למרי נפש, און אנדערע —
פארקערט... עס זענען דא אויך אזעלכע. שונאים פרייען זיך: ערשט איז
דער ראטנפארבאנד געווען א בנין, און איז שוין אויס בנין! ערשט גע־
ווען א ריז, און איז שוין גארנישט מיט גארנישט. גאט האט זיי געהאלפן.
היטלער גייט. ווייס־גוואַרדייער ווערן צוריק אין דער מאדע —
...פור התפוררה ארץ...

אויפן וואקזאל איז ערדציטערניש — קיין נאדל נישט דורכצוווארפן.
פרעמדע מענטשן צעלויפן זיך איבער זייערע היימען, אבער שלמה יאגט
זיך שוין נישט אין ערגעץ. נישטא וווהין זיך צו איילן און ס'איז אויך
נישטא צוליב וואס — דער סטאדיאן איז שוין ברוך־השם געעפנט...
ער טראכט:

— אבי מענטשן זאגן, אז היינט איז קיין כשוף נישטא. אט איז דאך
ערשט אפגעטון געווארן א שרעקלעכער כשוף. אין איין און איינציקער מי־
נוט איז איבערגעפארבט געווארן א זעקסט־חלק פון דער וועלט. צוויי הונ־
דערט מיליאן מענטשן. עס זענען שוין נישט די פנימער; ס'איז שוין נישט
דער קוק; נישט דאס קול. זיי זענען שוין אנדערע... אנדערע... זיי זעען
שוין אויס פארטשאדעט, פארמלחמהדיקט...
...נוע תנוע ארץ כשכור והתנודדה כמלונה...

# קאפיטל XX

די געשעענישן האָבן זיך שוין אָצינד געיאָגט איינע איבער דער אַנ־דערער מיט אַ טייוולאָנישן מעמפּאָ. מענטשן האָבן אויפגעהערט צו מעסטן די צייט לויטן טאָג, נאָר אויף דער שעה. אין דער שעה, איז דאָס געשען... אין דער צווייטער שעה, איז יענץ געשען —

דעם 23טן יוני גאַנץ פרי, ווי נאָר די ערשטע וואַכטע האָט פאַרנו־מען די אַרבעטס־פּלעצער, איז אויפגעזעצט געוואָרן אין דער לופטן דער 43טער אַוויאַ־רעמאָנטנע זאַוואָד. געצײַלטע, בדרך נס געראַטעוועטע אַר־בעטער, האָבן דערציילט, אַז בלויז עטלעכע מינוט פאַר דער באָמבאַרדי־רונג האָבן די באַלעבאַטים פונעם זאַוואָד פון דרויסן פאַרשלאָסן די טירן פון די צעכן, כדי קיינער זאָל נישט קענען אַנטלויפן, און אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן פון די דעכער סיגנאַליזירט צו די אָנפליענדיקע אַעראָפּלאַ־נען, און אויסגעלייגט פאַר זייערעט וועגן די דערקענונגס־סימנים. אַזוי ווייט האָט שוין אויפן צווייטן טאָג פון דער מלחמה געאַרבעט מעשים דער פּאַראַט און דער שפּיאָנאַזש. אַ פּנים, אַז אַלץ איז געווען מוכן ומזומן למפרע. דעם זעלבן אינדערפרי האָט געטראָפן אַ שווערע באָמבע אויף דער טעריטאָריע פונעם שיפבוי־זאַוואָד אויפן נאָמען פון סטאַלין. גלייכצייטיק האָבן געטראָפן עטלעכע באָמבעס אויפן זאַוואָד „לענינס קוזניע‟, און גאָר אַ גרויס־קאַליבערנע פוגאַסנע־באָמבע* אין דער צענטראַלער דעפּאָ פון קיעווער פּאַסאַזשירן־וואָקזאַל. דער גרויסער כרך קיעוו האָט זיך פון איין עק ביזן צווייטן עק געטרייסלט פון די מעכטיקע אויפרייסן. עס זענען אומגעקומען אין די זאַוואָדן און אַרום זיי, פיל הונדערטער מענטשן. די זעניטנע** באַטאַרייעס האָבן דווקא געאַרבעט אומאויפהערלעך, אָבער אָן דערפאָלג. קיין איין „מעססערשמידט‟, קיין איין „היינקעל‟ האָט מען נישט אַראָפּגעשאָסן. אין מאָסקווע האָט זיך באותו יום געשאַפן אַ „אינ־פאָרמביוראָ‟.*** מיט אַ האַלב מויל זענען פון דער דאָזיקער ביוראָ דער־מאָנט געוואָרן אַזעלכע נעמען, ווי: קאָוועל, טאַרנאָפּאָל, סטאַניסלאַוו, לוצק, לוואָוו, און גאָר, גאָר אין גיכן — די אַלטע גרענעץ־שטאָט: נאָוואָגראַד־וואָלינסק!

גלייך אויפן צווייטן טאָג פון דער מלחמה האָבן הונדערטער לאַסט־אויטאָמאָבילן זיך אַרומגעטראָגן איבער דער שטאָט ווי די רוחות, און האָבן צונויפגענומען די ערשט־רייאיקע „זאַפּאַסניקעס‟. אין דעם זעלבן טאָג האָט מען יוכבדס זעקס ברידער פאַרנומען: פון די קלייטן, פון די הייזער, און מען האָט זיי גלייך אָפּגעפירט קיין בראָוואַרי, אַ ווייטע פאָר־שטאָט פון קיעוו. דאָרט האָבן זיך פאָרמירט די קאָמאַנדעס, וועלכע זענען

---

* בראַנד־באָמבע.

** קעגן־אַעראָפּלאַנען האַרמאַטן.

*** אינפאָרמאַציע־ביוראָ.

אָן לאַנגע הכנות אָפּגעשיקט געוואָרן אויפֿן פראָנט. אין דעם זעלבן טאָג האָט מען אויך צוגענומען אפרים־אהרונס צוויי ברידער: מיכאלן און יחיאלן. די אַלע צוגענומענע האָבן נישט געהאַט קיין רשות אַרויסצוגיין פֿון יענער זײַט טויער. זיי האָבן זיך די גאַנצע צײַט געדאַרפֿט געפֿינען אויף זייערע זאַמלפּונקטן, ביז די קאָמאַנדעס וועלן פּאַרטיק ווערן צום מאַרש. קומען צו זיי, ברענגען עסן אָדער וואָס עס איז עפּעס אַנדערש אין וועג אַרײַן, האָט מען געמעגט אין משך פֿון דעם גאַנצן טאָג. אָט אַזוי זע־נען בײַ נחמן ראַדיעצקי מיט אַ מאָל געבליבן בסך־הכּל צוויי זין נישט „אין פֿייער": ס'איז געבליבן גאָדל אויפֿן מיליטערישן זאַוואָד „לעני נס קוזניע" — ער איז געווען פֿאַרבראָנירט * — און ס'איז געבליבן דער ייִנגסטער — דוד, אין לעני נגראַד, אויף דער ווירקלעכער מיליטער־דינסט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין דורך דעם ראַדיאָ געהאַלטן זײַן היסטאָרישע רעדע צום רוסישן פֿאָלק:

...„דער שונא דערנענטערט זיך מיט גיגאַנטישע טריט... דער שונא איז שטאַרק... דער שונא איז אומברחמנותדיק... חברים: רויט־אַרמייער און פֿלאָט־אָנפֿירער; קאָמאַנדירן, גענערעלער און מאַרשאַלן; אַרבעטער און קאָלכאָזניקעס; סטודענטן און שילערס; פּאַרטיזאַנער און פּאַרטיזאַנקעס; פּאַרטייער און אומפּאַרטייאישע — צו אײַך ווענדע איך זיך, פֿרײַנד מײַ־נע! ראַטעוועט דאָס פֿאָטערלאַנד! די געפֿאַר איז אומגעהײַער גרויס" —

בײַ יעדן סאָוויעטישן בירגער האָט אַ צאַפּל געטון די נשמה:

— סטאַלין אַליין בעט זיך בײַ מיר...

און ערשט דאָ האָט יעדער איינוווינער פֿונעם ריזיקן ראַטנפֿאַרבאַנד דערפֿילט, ווי אַזוי סטאַלין איז בײַ אים אײַנגעבאַקן אין הארצן. וואָס אמת, איז אמת: נישט איין מאָל און נישט צען מאָל האָט מען אים אין הארצן געווונטשן, אַז גאָט זאָל אים שוין געבן אַ נײַע נשמה... נישט איין מאָל און נישט צען מאָל — אויסגייענדיק מיט דער פֿאַמיליע פֿון הונגער אויף דער פֿרײַ, אָדער טרוקענענדיק אויף „קאַזיאָנעיע כאַרטשי" הינטער די גראַטעס — האָט מען געטרוימט: ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו אָט דער שטילער שׂרפֿה? ווען וועט מען שוין פּטור ווערן פֿון אָט דעם קאַלט־בלוטיקן גזלן? אָבער נישט אויף אַזאַ סוף האָט מען געוואַרט און נישט אויף אַזאַ אופֿן פֿון פּטור ווערן האָט מען אַרויסגעקוקט... אַלע סכסוכים און אַלע פּאַראיבלען זענען נאָר תּופֿס־מקום „צווישן זיך", בין איש לאחיו, אָבער — אַ פֿרעמדער צד? כּל בן־נכר לא יאכל בו! והזר הקרב יומת! משל למה הדבר דומה? — אַ מענטש האָט אַ ביטערן מאַזאָל. ער האָט פֿון אים כּסדר געהאַקטע צרות, בשכבו ובקומו. איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, אַז ער וויל פֿון אים וואָס גיכער פּטור ווערן. אָבער ווי אַזוי? אַלע אויפֿדער־נאַכט פֿאַרן שלאָף — קלערט ער — וועט ער אַ האַלבע שעה צײַט פֿאַרען

* בראָניאַ — צוגעפּעסטיקט צו אַזאַ קריגס־וויכטיקער אינסטיטוציע, אויף וועלכער עס איז נישט חל די מאָביליזאַציע.

דעם פוס אין הייס וואסער, ביז דער מאָזאָל וועט ווערן ווייך ווי טייג, דאַן וועט ער אים מיט אַ בריטוועטשקע פּאַמעלעך ארומפּיילן, ארומשניצן און נאָך אַ מאָל פּארען און ווידער אַ מאָל שאָבן און קראַצן און אָט אַזוי פּאַ־וואָלינקע, פּאַוואָלינקע, צו ביסעלעך, צו טראָפּעלעך... אָבער אויב — בעת ער קרעכצט און אויקעט פון זיין מאָזאָל — קומט פּלוצלינג אַריין אַ יאַט־קע־גוי און וויל מיט איין פּאַכע פון דער האַק אַראָפּהאַקן דעם מאָזאָל, דאַן דערפילט דער מענטש, אַז דער מאָזאָל איז ביי אים אייגנאַרטיק טייער; אַז דער איינגעגעסענער מאָזאָל איז נאָך אַלע חסרונות פּאַרט אַ טייל פון אים און ער וועט זיך פאַר אים שלאָגן מיט אָט דעם הורג־נפשות ביזן לעצטן טראָפּן בלוט...

יאָ, נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, וואָס יעדער באַזונדער האָט געהאַט אויסצושטייען אין די זיבעצן יאָר, וואָס זענען פאַריבער פון זינט ער איז געקומען צו דער מאַכט, דאָך האָט זיין אויפטרייסלענדיקער רוף דערוויזן, אַז ער שטייט יעדן פאַר די אויגן: אַ נאָענטער, אַ היימישער, און אפילו — אַן אייגענער —

— אונדזער סטאַלין!

און איצט רופט ער נאָך הילף...

דאָס פאָלק האָט מונטער אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— ניטשעוואָ! סטאַלין איז מיט אונדז! אמת עס וועט זיין שווער, אָבער מיר וועלן סוף־כל־סוף מנצח זיין דעם ברוינעם אשמדאי! מיר וועלן אים צעברעכן רוק־און־לענד! רוסלאַנד — האָט נאָך קיין מאָל קיינער נישט באַזיגט, און איצט וועט דאָס אויך נישט געשען. ס'איז נאָר מיט די ווייכהאַרציקע פראַנצויזלעך, מיט די בורזשואַזנע פּאַררעטער פונעם פראַנ־צויזישן פאָלק: פּעטען און לאַוואַל, האָט היטלער געקענט מאַכן אַזאַ באַנ־דיטסקע „יחלוקו": האַלב דיר, האַלב מיר, און דיינס אויך מיינס. ס'איז נאָר מיט דער פּשאַ־קרעווונע שליאַכטע האָט ער געקענט מאַכן האָקוס־פּאָ־קוס, און אין איין אויגנבליק — אַראָפּ פונעם מאַרק! אָבער איוואַן איוואַ־נאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט מיט אַ האַרטן נאַקן און מיט אַ געזונטן רוקן, ער פאַרמאָגט אַ לאַנגן אָטעם, ווען עס גייט אין באַ־גראָבן דעם שונא, און אַן אָפּגרונט מיט געדולד, ווען דער נצחון גיט זיך נישט אַזוי לייכט אין די הענט אַריין. מיר האָבן אָט דעם פּאַרמעסט מיט דעם געפּעכט נישט געזוכט און נישט געוואָלט, דער שונא האָט אים אונדז געבראַכט אין שטוב אַריין און אָנגעבונדן מיט גוואַלד. ווי באַלד אַזוי, זע־נען מיר די גערעכטע און אונדזער קריג איז אַ הייליקער! און אויב ס'איז יאָ אַזוי די מעשה, און ס'האָט זיך שוין יאָ אַזוי געמאַכט — טאָ זאָל דער שונא וויינען אויף זיין אייגענעם קאָפּ! זאָל ער פאַרזוכן אויף זיינע ביינער, וואָס עס הייסט: צערייצן דעם רוסישן בער, און אים צווינגען אַרויסצוקריכן פון זיין בערלאָגע.* איצט, אַז דער גורל איז שוין געוואָרפן, און די שפּיל

---

* די הייל, אין וועלכער די חיה האַלט זיך אויף.

איז אַן אָפּענע, װעלן מיר נאָך זען, װער ס'איז העלדישער און בריהשער: די „פּריצן" און די „קאַרלס", צי אונדזערע פּראָסטינקע „פּעטראָװס" און „סידאָראָװס". און דערצו זענען זײ שױן גאָר נישט אַזעלכע פּראָסטינקע, װי די װעלט מײנט. עס זענען איצט נישט די צײטן פונעם צאַר. אין צװישן איז בײ אונדז געשען אַ „שטיקל" רעװאָלוציע... דאָס האָט, דאַכט זיך, עטװאָס געענדערט אונדזערע זעלנער און אונדזער אַרמײ... דאָס איז נישט מער די גרױע סאָלדאַטן־מאַסע פון „באָזשע צאַריאַ כראַני",* איצט איז דאָס די מעכטיקע פאָלקס־אַרמײ פון דעם בליענדיקן ראַטנפאַרבאַנד. מלחמה — איז מלחמה! שטאַרבן — איז שטאַרבן! אָבער מיר װעלן כאָטש װיסן פאַר װאָס מיר לײגן אונדזערע קעפּ. מיר װעלן כאָטש װײזן דער װעלט, אַז קוטוזאָװס אײניקלעך פאַרשעמען נישט זײערע זײדעס און, אַז אײן סטאַלין װעגט אַריבער; אַז ער קען אַרײנקװעטשן אין זײן ליולקע אַ שײנע פּאָר צענדליק נאַפּאָלעאָנס מיט היטלערס צוזאַמען. אומקומען — איז אומקומען, נאָר פאַר אײן װעגס כאָטש באַפרײען די מענטשהײט פון דער שװאַרצער כאָליערע — פונעם דריטן רײך...

און װידער האָבן זיך בתכלית־השנוי איבערגעאַנדערשט די פּנימער פון די אײנװױנער פונעם לאַנד. דאָס זענען שױן כלל נישט געװען די פּנימער פון פאַר דער מלחמה. נײן, גאָר נישט דאָס! דאָס זענען געװען: מוטיקע, אַנטשלאָסענע פּנימער, װי אױסגעגאָסענע פון שטאָל. פּנימער מיט שטרענג־פאַרשלאָסענע ליפּן, מיט פאַרקריצטע צײן, מיט אָנגעצױגענע מוסקולן און מיט געבײלטע פױסטן. פּנימער, װעלכע האָבן פאַרגעסן אַלץ, װאָס אױף דער װעלט, און געדענקען נאָר געצײלטע צװײ װערטער:

— נקמה און נצחון.

מענטשן מיט אַזעלכע פּנימער זענען געשטאַנען אין די זאַװאָדן בײ די סטאַנקעס; מיט אַזעלכע פּנימער האָבן מענטשן געפירט צוגן מיט קעמפער צום פראָנט; מענטשן מיט אַזעלכע פּנימער האָבן געפײערט מיט די זעניטנע האַרמאַטן, געאַקערט מיט זײ דעם טױט־טרעגערישן הימל און אים אױסגעקערט אױף רײן; אַזעלכע זענען געפלױגן אױף די צעשטערערס, אױף די באָמבאַרדירערס; אַזעלכע האָבן געפירט דאַמפּערס מיט טײַערע מעכאַניזמען און סטאַנקעס איבערן דניעפּער; דעם זעלבן טיפן ערנסט איז געװען צו זען בײ די קאָנדוקטאָרשעס אין די טראַמװײען; בײ די שטרענגע װעכטער אױף די זאַװאָדן און פאַבריקן; בײ די קאַסירשעס אין די קינאָס; בײ די דװאָרניקעס; בײ די צײטונג־פאַרקױפערס; אַפילו בײ די שילערס און שילערינס, זאַמלענדיק זיך אין הױף בעת דער הפסקה, און אַפילו בײ די יונגע װײבלעך, שטײענדיק אין דער רײ נאָך מילך...

פון דער ערשטער מינוט אָן, װאָס מאָלאָטאָװ האָט אָנגעזאָגט דער װעלט, אַז דײטשלאַנד האָט אָנגעהױבן אַ קריג קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָט שױן דער ראַדיאָ נישט גענומען אין מױל אַרײן קײן אַנדער זאַך,

---

* „גאָט, היט דעם קיסר". דער הימן אין דער צאַרישער אַרמײ.

חוץ היטלערס רציחות ביי זיך אין דער היים און דער עיקר — אין די אָקופּירטע לענדער. פון פינף א זייגער אין דער פרי ביז צוויי נאָך האַלבער נאכט האָט דער דיקטאַר נישט צוגעמאַכט דאָס מויל אויף קיין איין רגע און האָט אַלץ געדרשנט וועגן איינעם און דעם זעלבן — וועגן היטלערן און די היטלעראָווצעס...

דער בלאָטער, דער געשוויר, וועלכער האָט כמעט צוויי יאָר געהאַלטן אין איין אָנרייסן און אין איין אָנגעשוואָלן ווערן, האָט איצט אויפגעריסן. ער האָט געפּלאַצט ווי א באָמבע און האָט באַשפּריצט מיט אייטער דאָס גאַנצע לאַנד —

— — — — — — — — — — — — — — — —

...היטלער וויל, אז די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער וועלט זאָלן ווערן שקלאַפן ביי דער העכסטער ראַסע — די דייטשן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...היטלער פּלאַנט אומצוברענגען האַלב מענטשן פון דער וועלט — ער דאַרף נישט האָבן אַזוי פיל קנעכט און אַזוי פיל פּיסקעס...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...זיינע באַנדיטישע האָרדעס זייען טויט און אומקום אויף יעדן טריט און שריט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...ער שניידט אויס די באַפעלקערונג אָן א טראָפּן רחמנות...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...ער צינדט אָן שטעט און דערלאָזט נישט, אז די איינוווינער זאָלן זיך ראַטעווען פונעם פייער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...ער באַגראָבט מענטשן לעבעדיקערהייט און נאָך מער — די לעבעדיק־באַגראָבענע האָבן נאָך פריער מיט די אייגענע הענט געמוזט אויסגראָבן זייערע קברים און אַליין אַריינקריכן אין זיי...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...ער צעשמעטערט קינדער... ער צעגלידערט פרויען... ער הענגט זקנים... ער דערשטיקט זויגלינגען... ער פאַרניכטעט און פאַרטיליקט אַלץ, וואָס א מענטשן איז ליב און טייער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויסהערנדיק אַצינד פון דעם זעלבן ראַדיאָ, וועלכער האָט ביז אַהער נישט „פוצה פה" געווען אויף היטלערן, די אומענדלעכע צעטלען פון היטלערס „מעשים־טובים", האָט מען געהאַט דעם איינדרוק עפּעס כמו ווי —

...ערגעץ אין א ריזיקן־ריזיקן חיות־גאָרטן האָט מען אָן אָפּגעקליבענע שאַיקע חיות־טורפות געהאַלטן צוגעשלאָסן מיט קייטן יאָרנלאַנג. די דאָזיקע חיות זענען געווען: אויסגעהונגערט; צערייצט און שרעקלעך בלוט־דאָרשטיק. זיי זענען געווען גרייט זיך צו וואַרפן אויף מענטשן און זיי

דורס זײן, צעפּליקן מיט די צײנער אויף פּיצפּיצלעך, נאָר — די קייטן זענען געװען צו מאַסיװע; די שלעסער — צו שװערע...

אָבער איצט, נאָך מאַלאַטאָװס „הצילני נא מיד אחי, מיד עשיו", האָט מען מיט איין שלים־אויף אָפּגעלאָזט אָט דעם שרעקלעכן „ערוב" * אי־בערן לאַנד...

פון אָט דעם שרעקלעכן געװירבל פון שװידער און גרויל האָט שלמה אַרויסגעהערט און אַרויסגעפילט נאָר — דעם יידישן טויט און דעם יידישן חורבן... אַ אינערלעך קול האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דער ראַדיאָ דער־זאָגט עפּעס נישט. עפּעס פאַרשװײגט ער! דער ראַדיאָ האָט געזאָגט „אלף" און האָט מטעם כמוס איבערגעהיפּערט די „בית". עס קען אפילו זײן, אַז פאַר יידן איז געזונטער, װאָס מען מיידט אויס אָנצורופן די נרדפים מיט זייער אמתן נאָמען, קיין געזונט װאָלט זײ דערפון נישט צוגעקומען, פאַר־קערט — יאָ! אָבער לעת־עתה, אַז מען רעדט פון שחיטות און פון הריגות, דאַרף מען ביי זיך גוט װיסן: מי ומי ההולכים. װאָס דען, משוגע װעט ער זײן, דער דייטש, צו הענגען און הרגענען און ברענען און צעשמעטערן דעם „יושב הארץ"? צו װאָס זאָל ער דאָס טון? זײ האָבן אים דען חלילה נישט גערן? צו װאָס טויג אים זיך איינרייסן מיט דער תושבדיקער באַ־פעלקערונג? נאָך װאָס זאָל ער זיך איינשאַפן אומזיסטיקע שונאים? דאַ־קעגן, װען ער טוט אָן אָט די אַלע מיתות־משונות די יידן — ערשט דער־מיט שאַפט ער זיך איין אמתע גוטע פריינד... ערשט מיט דער דאָזיקער עובדא איז ער נושא־חן ביי אַלעמען.

די שטאָט האָט זיך לחלוטין אויסגעליידיקט פון יונגע מענטשן. אַ מאַנספאַרשױן, יינגער פון פופציק יאָר, איז געװאָרן אַ יקר־המציאות. און דעסט גלײכן — פרויען אין די צװאַנציקער—דרײסיקער. װעמען מען האָט צוגענומען און װער ס'איז אַליין אַװעקגעגאַנגען. טאָמער האָט זיך אין גאַס באַװיזן אַ יונגער מענטש אין ציװילע קליידער, האָט מען אויף אים גע־קוקט װי אויף אַ גייענדיקן פרעגצייכן. מאַנען האָבן נישט מאַכנדיק קיין לאַנגע חשבונות איבערגעלאָזט זייערע װײבער און קינדער; קינדער האָבן אויף גאָטס באַראָט איבערגעלאָזט זייערע אומבאַהאָלפענע עלטערן. אַלץ איז איצט פאַרגעקומען אומגעריכט, פּלוצלינג, װי פון הימל אַראָפּגעפאַלן — מלחמהדיק! אַלע „איבערלאָזערס", כלם כאחד, — גלײך װי זײ װאָלטן זיך האָבן צונויפגערעדט — האָבן אַרויפגעװאָרפן זייערע קלימקעס אויפן כלל:

— װאָס עס װעט זײן מיט אַלעמען, דאָס װעט זײן אויך מיט מיי־ניקע און איך קען זיך אַצינד נישט רעכענען מיט גאָרנישט!

איבערגעגעבענע קינדער האָבן זיך מיט אַ מאָל דערפילט עפּעס װי אָפּגעפרעמדעט פון זייערע עלטערן; צערטלעכע עלטערן האָבן זיך עפּעס װי שטיפפאָטעריש באַצויגן צו זייערע קינדער. די נאַטור האָט אָפּגעשפּאַרט די אַלטע הרגשה־קאַנאַלן און האָט אויפגעעפנט נייע. אַלע הייסע געפילן, אַלע

* אַ געמיש פון חיות־רעות. די פערטע מכה אין מצרים.

צערטלעכקייטן האָבן מיט אַ מאָל גענומען שטראָמען אין איין און איינציקער ריכטונג: צו דער גרעסטער מאַמען; צום טייערסטן קינד; צום געפּערלעכסטן חולה — צו דעם פּאַטערלאַנד, וואָס שטייט אין פלאַמען! אַלע חושים זענען אַצינד געווען געווענדעט נאָר צו דעם און פאַר דעם. די אומאויפהערלעכע שנירלעך באַמבעס אין דרויסן, און דער ראַדיאָ מיט זיינע פינצטערע בשורות אין שטוב,ביידע האָבן זיי פלייסיק אויפגערוימט פון דעם מענטשנס זכרון די מינדסטע שפּורן פונעם פאַרשווונדענעם פרידלעכן לעבן. די „חרב־פּיפיות” פון דער קריג האָט זיך טיף, טיף איינגעשניטן אין דעם מענטשנס הארצן, אין זיין נשמה און אין זיין פּסיכיק —

...וישכם בבוקר... וישקף על כל פני ארץ הככר, וירא והנה עלה קיטור הארץ כקיטור הכבשן...

אַלע פרימאָרגן שטייט שלמה אויף „בעלות”, ער גייט אַרויס אין שטאָט אַריין, מעסט לאַנגזאַם די אויסגעליידיקטע גאַסן לאָרכם ולרחבם און קוקט זיך צו, ווי אַזוי די שטאָט איז פּושט צורה ולובש צורה... ווי אַזוי עס ווערט צערונען איר פרידלעכער אויסזען און זי ווערט נהפך אין אַן עיר נצורה; אין אַ מלונה במקשה; אין אַ גיא ההרגה...

...וירא והנה חרבו פני האדמה... *

שלמה האָט געפילט, אַז עפּעס שרעקלעכס און גלייכצייטיק אומפאַרמיידלעכס פורעמט זיך אין זיין אונטערבאַוווסטזיין. אַזאַ משונה יווירונג, האָט ער געפילט, קען נישט „שטאַרבן אָן לשון” — עס מוז אויסשיסן! עס מוז אויפרייסן! וואָס פון אַזאַ אויפרייס קען געבוירן ווערן, וואָס פאַר אַ מין „סאַלאַמאַנדרע” ** דאָ קען אַרויסשפּרינגען — האָט ער זיך אַליין אויך נישט געקענט פאָרשטעלן, אָבער עפּעס, האָט ער געפילט, קומט דאָרט פאָר אַן אויסערגעוויינלעכס! אַ וועלט־איבערקערנדיקס —

עטלעכע טעג נאָך סטאַלינס רעדע האָט שלמה צונויפגערופן אויף לוואָווסקע־גאַס, צו שווער און שוויגער אין שטוב אַריין, אַלע זיינע אייגענע: זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, מנשה דעם רב און אפילו דעם זיידן שלומען. ער אַליין איז געקומען צו גיין מיט זיין פרוי און קינדער. נאָך דעם ווי מען האָט אים עטלעכע מאָל געפרעגט, צוליב וואָס ער האָט צונויפגערופן די היינטיקע אסיפה, האָט ער ערנסט באַקוקט אַלע גערופענע און האָט אָן קיינע הקדמות אָן אַנטשלאָסענער זיי מודיע געווען:

— רבותי, די קריג דויערט שוין העכער אַ וואָך צייט, און מיך רופט מען נאָך אַלץ נישט. זיי מיינען מן הסתם, אַז ווי באַלד אַ מענטש איז אַ אינוואַליד, אַזוי האָט ער שוין נישט קיין הארץ און לעבעט נישט נאָך נקמה. בקיצור, וואָס איז דאָ שייך מאריך צו זיין? ס'איז קורץ און שאַרף — איך גיי פריוויליק אויפן פראָנט —

* חרוב געוואָרן. אין פרשת נח, וו דער דאָזיקער פסוק געפינט זיך, איז די טייטש פון „חרבו” — טרוקן געוואָרן.

** אַ חיה, וואָס שפּרינגט אַרויס פונעם פייער, נאָך דעם ווי דאָס פייער האָט געברענט זיבן יאָר נאָך אַנאַנד. לויט דער גמרא.

ווען אין שטוב זאָל זיך באותה־שעה געווען צעריסן אַ סנאַריאַד, וואָלט נישט געדאַרפט געווען ווערן קיין גרעסערע איבערקערעניש, ווי ס׳איז געוואָרן פון שלמהס עטלעכע ווערטער. אין די ערשטע פּאָר מינוט האָט פון איבערראַשונג קיינער נישט געקענט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. דאָס קלאָרע משוגעת פון זיינע רייד און גלייכצייטיק דאָס גע־מאָסטנקייט און דאָס קאַלטבלוטיקייט, מיט וועלכע זיי זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, האָט ביי יעדן איינעם פשוט אָפּגענומען דעם חשק מיט אָט דעם מטורפן מענטשן אַריינצוטרעטן אין אַ וויכוח. דאָס יונגוואַרג — שלמהס ברידער, שוועסטער, שוועגערינס — זענען געווען בלייך און רויט און אַלע קאָלירן. פון שלמהס געוואַגטן שריט און פון זיין דרייסט האַלטן זיך, זענען זיי געווען גלייכצייטיק: אי איבערראַשט, אי אַנטציקט, אי פאַר־שעמט, אי פאַרלוירן... דער עיקר, זעענדיק, וואָס פאַר אַ גרימצאָרן זיינע רייד האָבן אַרויסגערופן ביי די מענטשן פונעם עלטערן דור, איז אין זיי פאָרגעקומען אַ שטאַרקער אינערלעכער געראַנגל: זיי האָבן נישט געוווסט אויף וועמענס צד זיך צו שטעלן: זאָלן זיי זיך שטעלן אויף זיין צד און אונ־טערהאַלטן זיין פּאַטריאָטישן פּלאַם, איז ערשטנס, מאַכן זיי יוכבדן פאַר אַן עגונה מיט צוויי קינדער, פאַר וואָס קומט דאָס איר? און צווייטנס, איז דאָך די זעלבע מעשה מיט זיי אַליין אויך: וואָס האַלטן זיי זיך צו ביי דער מאַמעס קליידל און גייען נישט פרייוויליק אין דער אַרמיי, ווי דאָס טוען איצט צענדליקער טויזנטער יוגנטלעכע אין אַלע עקן לאַנד? שלמה לאָזט איבער אַ פאַמיליע און גייט אין פייער אַריין, און זיי... פרייע מענטשן... ס׳איז דאָך אַ בושה און אַ חרפה אים קוקן אין די אויגן... זאָלן זיי צוזאַ־מען מיט די עלטערן אים אָפּרעדן פון זיין באַשלוס, און דערצו נאָך — איצט, אין די סטאַלינישע טעג, איז דאָך דאָס אמתע קאָנטער־רעוואָלוציע! זיי זענען דאָך אַלע סאָוויעטישע קינדער און סאָוויעטישע פּאַטריאָטעס... און אויפן לאַנד גייט דער גרעסטער טיטום פון אַלע צייטן, איז נישט גע־נוג, וואָס זיי אַליין מעסטן די קיעווער גאַסן, און קענען זיך נישט באַשליסן אויף אַזאַ שריט, זאָלן זיי נאָך אים אויך אָפּרעדן? און אפשר איז גאָר שלמה מער נישט אויסן געווען מיט דעם בעטן זיי, זיי זאָלן צוקומען פאַר־נאַכט אַהער צו, ווי צו אויספּרווון זייער איבערגעגעבנקייט צום לאַנד? ווער קען דערגיין ביי אָט דעם שלמהן זיין אמתע כוונה? און אפשר איז ער מיט דעם נאָר אויסן געווען זיי דערמיט צו פאַרפליכטן, זיי זאָלן דאָ זאָרגן פאַר יוכבדן מיט די קינדער, ווען זי וועט בלייבן איינע אַליין? דאָס יונגוואַרג האָט זיך געמינעט אויפן פנים און פון גרויס צעמישונג — גאָר־נישט געקענט זאָגן. די עלטערע מענטשן: דער זיידע שלום, אפרים־אהרון, ר׳ נחמן, מנשה, האָבן ממש פאַרלוירן דעם כח־הדיבור —

...כבשו חכמים פניהם בקרקע ושתקו... *

---

* האָבן די חכמים פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די קעפּ צו דער ערד און האָבן פון גרויס עגמת־נפש געשוויגן. פון דער גמרא.

די ערשטע האָט זיך געפונען יוכבד. זי איז צו אים צוגעלאָפן מיטן פּיצל קינד אויף די הענט, אירע אויגן האָבן געשאָסן מיט פייערדיקע פונ־קען. אירע ליפּן זענען געווען אָן איין טראָפּן בלוט, ווי ביי אַ מת:

— שלמה, וואָס האָסטו דאָ ערשט געזאָגט? באַדענק זיך נאָר גוט —

— טייערע מיינע... איר האָט, דאַכט זיך, אַלע גוט געהערט, וואָס איך האָב דאָ ערשט געזאָגט...

— ווי אַזוי וואָגסטו נאָך אונדז אָנצורופן „טייערע מיינע”, אויב דו ווילסט אונדז אוועקוואַרפן —

— יוכבדל, כ'בעט דיך, רעד נישט אַזוי... נישט איך וואַרף אייך אוועק, נאָר פאַרקערט — דאָס גיי איך אייך צוריק געפינען...

— צו וואָס טויגן מיר דיינע פוסטע חלומות? וואָס האָב איך פון דיינע געבלימטע מליצות? ווען קריכט איצט אָט די מלאכים־שפּראַך אין קאָפּ אַריין? דו זאָג מיר בעסער, לאָמיך הערן: וואָס טוט זיך עס מיט דיר? דאָס לעבן איז דיר נמאס געוואָרן?

— אדרבה, דאָס לעבן איז מיר זייער און זייער ליב, און טאַקע דער־פאַר גיי איך קעמפן פאַר דעם, און אויב עס וועט קיין אַנדער ברירה נישט זיין — פאַרגיסן מיין בלוט...

— איז די מלוכה פאַרשטייט דווקא, אַז מען מעג דיך איבערלאָזן אין דער היים, און דו —

— ...די מלוכה רופט מיך נישט און ווייסט וואָס זי טוט! איך קען מער נישט וואַרטן אויף איר הזמנה און גיי אַליין און ווייס, גלייב מיר, אויך וואָס איך טו! יעדער איינער פון אונדז לטעמו אזיל. די מלוכה מיינט, אַז דער פּוס טוט מיר טאַקע ווי, אָבער איך מיט דיר ווייסן מיר דאָך דעם אמת, אַז ס'איז נישט אַזוי... אַזאַ געזונטער בחור ווי איך, טאָר איצט אין דער היים נישט זיצן...

— וואָס זשע וועל איך דאָ טון מיט די קינדער? נעם זיי דיר מיט אהין צו —

— ע, ווען זיי זאָלן שוין האָבן די נייטיקע יאָרן דערצו, וואָלט איך זיי אוד—דאי מיטגענומען. יוכבדל, דו פרעגסט אַזאַ נאַרישקייט: „וואָס דו וועסט טון?” — דו וועסט טון דאָס זעלבע, וואָס אַלע דיינע שוועגערינס וועלן טון און וואָס נאָך מיליאָנען ווייבלעך מיט קינדער אויף די הענט וועלן איצט טון. על כל פנים וועט דיין משפחה דיך שפּעטער נישט קענען גריזען: סטייטש, הלמאי האָסטו מיך נישט אָפּגערעדט פון אַזאַ ריזיקאַלישן שריט? הלמאי האָסטו דערפון געמאַכט אַ סוד? ווען זיי זאָלן געווען וויסן פון אַזאַ מעשה, וואָלטן זיי וועלטן איינגעלייגט... וואָלטן זיי פאַרלייגט אַזעלכע קלעצער און אַזעלכע קלעצער... איך קען דאָך גוט אָט די משפּחה־נאַכווייעניש, דעריבער טאַקע האָב איך אהער צונויפגערופן גאַנץ קעקע־לע־קהל קיין עין־הרע, אַז מען זאָל צו דיר שפּעטער קיין טענות נישט קע־נען האָבן. און ווידער דאָס זעלבע, וואָס דו פרעגסט: „וואָס דו וועסט טון?” — וואָס ווילסטו קלערן? צי ס'איז גענוג זויער? אָ, טייערע! צו

שמחת־תורה איז נאָך גאַנץ ווייט! ס'איז אַ מלחמה! איצט איז אַלץ אַ כפרה פאַרן זיג! אַ מענטש איז בלאָטע...

נחמן ראַדיעצקי, מיט אַ פּנים רויט פון צאָרן, שפּרינגט צו צו שלמהן מיט דראָענדיקע קולאַקעס און שפּריצט אַרויס מיט אַ פאַרביסענער איראָ־ניע:

— אַז אַ מענטש, וואָס טפּלי תלי ביה * קריכט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַריין, איז שוין מיט אים בכלל אַ סך און אַ ים דאָ צו רעדן, נאָר איך פרעג גאָר אַן אַנדער זאַך: דו ביסט דאָך מכלומפערשט אַ פרומער ייד... וואָס זשע הייסט דו שטופּסט זיך אַליין אין פייער אַריין? דאָס איז דאָך היינו הך, וואָס אַ מאבד את עצמו לדעת, אַזוי אַרום וועסטו דאָך פאַרלירן דעם חלק לעולם־הבא...

— שווער, האָט נישט קיין פּאַראיבל, איר רעדט ווי אַן עכטער עובר־בטלניק. דאָס הייסט נישט קיין מאבד את עצמו לדעת, דאָס איז אַ היילי־קער קריג! קיינער קען זיך נישט רעכענען פריי פון אים!

— אונטער סטאַלינס אָנפירונג — אַ הייליקער קריג?

— יאָ, אונטער סטאַלינס אָנפירונג! געפעלט אייך אפשר נישט? אויב סטאַלין גייט איצט אויף היטלערן, ווערט ער ביי אונדז נתעלה לבחינת כורש! יום־המיתה מכפר על הכל... אַלע אַלטע חשבונות ווערן אין אַזאַ טאָג פאַרגעסן...

— אַלע אַלטע חשבונות? די מעשי־נבלה פון יעזשאָוון, ימח שמו, זע־נען „אַלטע חשבונות"? די רבבי־רבבות יידישע קינדער, וואָס זענען צע־ריסן און צעטראָטן געוואָרן בחנם ולא דבר, הייסט ביי דיר אַלטע חשבונות? צו גיך פאַרגעסטו! ווי לאַנג איז ערשט, אַז דו אַליין ביסט געלעגן אין אַ לאָך און דיין נחומל האָט זיך געבאָדן אין אייטער?

— וואָס געווען, איז פאַרפאַלן! את הנעשה אין להשיב. אָבער איצט איז אויפגעשטאַנען אויף אונדז נאָך אַן ערגערער צורר... אַזעלכער, וואָס שניידט אויף רעכטס און אויף לינקס און קלייבט נישט איבער. מעג שוין סטאַלין זיין כ'ווייס ווי שלעכט, קלייבן מיר אָבער תמיד אויס צווישן צוויי רעות די קלענערע. און וואָס איר האָט זיך מטריח געווען מיר דערמאָנען מיין ליגן פאַרשטעקט אין אַ לאָך און נחומלס דעזינטעריע, האָב איך דאָס אַליין אויך נישט פאַרגעסן. איך געדענק דאָס גוט, האָט קיין מורא נישט. אָבער דאָס זענען אַלץ חשבונות צווישן זיך. איך וועל קיין מאָל נישט מסכים זיין, אַז היטלער ימח שמו וזכרו זאָל אויסגלייכן מיינע חשבונות מיט סטאַלינען. צו אַ גרויסער בזיון פאַר מיר און צו אַ גרויסער זכות פאַר אים. קורץ גערעדט: איצט איז שלעכט, עת צרה היא ליעקב, עס פלאַ־קערט אַ מלחמה אין לאַנד, גיי איך זיך שטעלן אונטער דער פאָן פון מיין שונאס שונא. טאַטשקאַ, אָט דאָס איז עס! בעת עס ברעכט אויס אַ שרפה, ראַטעווען די שטוב אַלע ברוגזע צוזאַמען... אַז נישט, קען נאָך חלילה ווערן אויס שטוב —

* כמו ווי: אַ מטופל מיט קינדער.

— הערט נאָר דיבורים, הערט! אַ גרויסן חלק האָסטו אין דער שטוב, און אַ שיינעם חלק אין דער מלוכה.

— איר דאַרפט מיר קיין לעקציע וועגן דער מלוכה נישט לייענען. איך קען די מלוכה אַ ביסל בעסער פון אייך —

— מ—יאָ, יאָ... אומשטיינער געזאָגט, איך שטעל זיך שוין פאָר, וואָס דו קענסט זיי שוין דאָרטן אויפטון —

און צו די פאַרזאַמלטע, מיט אַ גיפטיק שמייכעלע:

— לויט דעם טאַראַראַם מיט דעם הארמידער, וואָס ער מאַכט מיט זיין „פרייוויליקן גייעניש", קען מען נאָך מיינען — עלה ארי מסובכו... * מען קען נאָך אויף אַן אמת מיינען, אַז דאָס גייט מלחמה האַלטן: אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם"

— אויב איך בין נישט קיין גאַנצער יאַ טיעביע דאַם נאָר אַ האַל־בער, פאַר וואָס האָט איר מיך גענומען פאַר אייער טאָכטער?

— נישט איך האָב דיך גענומען, זי האָט דיך גענומען... איך בין שוין אַנגעקומען אויף אַ גרייטער זאַך.

— האָט איר אפשר חרטה אויפן מסחר? טאָמער יאָ, איז נאָך דאָ אַ רב אין שטאָט... און דער דניעפּר איז נאָך אויך אויף זיין פּלאַץ...**

יוכבד האָט אים פאַרמאַכט דאָס מויל:

— אוי וויי, שלמה, ביי מיר גיסט זיך ממש דאָס בלוט פונעם הארצן און דיר גלוסט זיך דורכלופטערן די צונג... איך פרעג דיך נאָר נישט מער: ווו איז דיין לייטישקייט? דיין יושר? דיין געטריישאַפט? וואָס הייסט, דו וואַרפסט מיך אַוועק און אַנטלויפסט —

— הער אויס, מיין ווייב! ס'איז שוין ברוך־השם זיבן יאָר, אַז מיר לעבן צוזאַמען, דאַכט זיך, אַז דו קענסט זיך אויף מיר פאַר קיין זאַך נישט באַקלאָגן... איך בין דיר און די קינדער שטענדיק געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן... מיט מסירת־נפש... און וואָס איז דאָ די רבותא? ווי אַזוי דען? איצט אָבער מוז איך דיך צייטווייליק איבערלאָזן צוליב אונדזער פאָ־טערלאַנד... די שעה האָט געשלאָגן, עס העלפט נישט!

— ווי אַזוי שעמסטו זיך נישט צו רעדן אַזעלכע קאַפּויערדיקע רייד? איז שוין גאָר רוסלאַנד געוואָרן אונדזער פאָטערלאַנד, נישט ארץ־ישראל?

— פאַר אַ נצחיות — ארץ־ישראל, אָבער על אתר *** — רוסלאַנד! דער זעלבער ראַטנפאַרבאַנד פון וועלכן מען פליקט איצינד לעבעדיקע שטי־קער. אַזוי איז שוין דער יידישער גורל: יעדער ייד האָט צוויי „ראָדינעס": אַ געזעענע און אַן אָנגעזאָגטע. און ווידער, אַהין צו, קיין ארץ־ישראל, קען איך איצט נישט צוקומען, און דאָ דאַרף מען שוין מיין הילף!

---

* דער לייב איז אויפגעגאַנגען פון זיין וואַלד־רעזידענץ. פון נביאים.

** שרייבן אַ גט מעג מען נאָר אין אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך ביי אַ טייך מיט אַ נאָמען.

*** אויפן אָרט! דאָס זעלבע, וואָס: תיכף ומיד.

# קאפיטל XXI

אין יענער נאכט איז מען ביי שלמהן אין שטוב נישט געשלאָפן. יוכבד איז געלעגן אויפן בעט אינעם אָנטון און האָט אומאויפהערלעך גע־וויינט. שלמה האָט געבראַכט אין אָרדענונג זיינע חשבונות. ער האָט פאַר־שריבן אויף אַ ליסטע פאַר יוכבדס וועגן — וועלכע האָט אים לעת־עתה נישט געוואָלט, נישט אויסהערן, נישט ענטפערן — ביי וועמען עס קומט אים געלט און וועמען ער קומט. אין משך פון דער נאכט זענען אויף דער שטאָט געמאַכט געוואָרן עטלעכע לופט־אַטאַקעס. די גערידכט־אויפגעשטעל־טע זעניטקעס האָבן מיט פייערדיקע זעגן געזעגעט דעם אויסגעשטערנטן הימל און דאָך זענען אַ היפּשע צאָל באָמבעס אַראָפּגעפאַלן אויפן הויף פונעם זאַוואָד „באָלשעוויק״. גאָר אַ היפּשע פּוגאַסקע האָט געטראָפן אין דעם לאַקאָמאָטיוו־רעמאָנטנע־זאַוואָד, און עטלעכע קליינע באָמבעס — אין דער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן.

פאַר טאָג האָט שלמה אָפּגעדאַוונט, אַ קוש געטון די שלאָפנדיקע קינ־דערלעך און איז צוגעגאַנגען צו יוכבדן. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען שווייגנ־דיק און אומבאַוועגלעך. דאַן האָט ער נישט דרייסט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר פּלייצע:

— איז וואָס, יוכבד, האָסטו אויך חרטה אויפן שידוך, אַזוי ווי דיין טאַטע?

אירע אַקסלען האָבן געציטערט פון איינגעהאַלטענעם געוויין. זי האָט געשוויגן.

שלמה האָט זיך אַ דריי־אויס געטון אויף די אָפּצאַסן, גלייך ווי ער וואָלט זיך געלאָזט אַוועקגיין פון איר, און האָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ אַרויסגעקרעכצט:

— נו, וואָס קען איך העלפן? גאָט פירט צוניף און גאָט צעפירט! ווילסט נישט ענטפערן, דאַרף מען נישט. וועלן מיר זיך צעשיידן ברוגזע —

יוכבד איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בעט און האָט מיט אַ יאָמערלעכן געוויין זיך אַרויפגעוואָרפן אויף שלמהס האַלדז. נאָך דעם ווי דאָס פאַר־פאַלק האָט זיך שוין גענוג אָנגעוויינט, אָנגעקושט און געזעגנט, האָט שלמה אַריינגעלייגט די תפילין אין טאַש אַריין, אַ קוש געטון די מזוזה און האָט צום לעצטן מאָל געוואָרפן אַ בענקנדיקן בליק אויף די קינדער־בעטעלעך.

ווי אויפוואַכנדיק פון אַ לעטאַרגישן שלאָף, האָט זיך יוכבד פּלוצ־לינג אַ כאַפּ געטון:

— וואַרט איין סעקונדעלע! איך נעם נאָר איבער שמחהלען צו אונדז אין בעט אַריין, אַז ער זאָל חלילה נישט אַרויספאַלן, און גיי שוין מיט דיר.

— נאָך וואָס?

— וואָס הייסט — נאָך וואָס?

— נו, יאָ, נאָך וואָס?

דאָס פאָרפאָלק איז געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן און האָבן זיך אָנגעקוקט אָן ווערטער.

— ניין, כ'מיין טאַקע באמת, וואָס איז דאָס גיין, און וווהין? און ווידער צוריק, ביטע שיין! עס אַרט מיך נישט. אויב דו ווילסט שטאַרק — קום! אָבער נאָך וואָס דאַרפסטו מיטגיין?

— נאָך אַ מאָל „נאָך וואָס" און ווידער אַ מאָל „נאָך וואָס"... וואָס זשע, איך זאָל אפילו נישט וויסן, וואָס מיט דיר איז געוואָרן?

— דו וועסט וויסן, דו וועסט וויסן... מען שיקט נאָך נישט אָפּ אויף דער מינוט. דיינע ברידער געפינען זיך שוין אין בראַוואַרי פון ווען אָן, און עס זענען ערשט אָוועקגעגאַנגען אויפן פראָנט בלויז צוויי פון זיי. נישט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך. איך וועל זיך נאָך זיכער אומקערן.

— צו ליב וואָס זשע נעמסטו מיט מיט זיך די תפילין?

— סתם אַזוי! אויף יעדן נישט־פאַרויסגעזעענעם פאַל —

— ווייל איך אויך גיין מיט דיר, אויף יעדן נישט־פאַרויסגעזעענעם פאַל.

— פאָלג מיך, ס'איז איבעריק. איבערלאָזן די קינדער אַליין אין שטוב, צוליב וואָס? צוליב וועו?

— און אַז דו לאָזט אונדז אַלע איבער אַליין?

— איך בין עפּעס אַנדערש... איך האָב קיין אַנדער אויסוועג נישט...

— כאָ לאָז זשע דאָ איבער די תפילין —

— איך פאַרשטיי נישט דיין קאַפּריז. אַ משכון, צי וואָס? נו, גוט. איך לאָז זיי דיר איבער —

אויף דער גאַס, נישט קוקנדיק אויף דער פריער שעה, האָט אַלץ געקאָכט און געזאָטן. דער נאַטשאַלסטווע־צוזאַמענשטעל פון דער אַרטילערי־שער שול, האָט אויף גרוימע, מיליטערישע אויטאָס אַריבערגעפּעקלט זייערע משפחות טיפער אין טיל * אַריין, וואָס ווייטער פון דער פראָנט־ליניע. די אויטאָס זענען געווען אָנגעלאָדן מיט זייער האָב און גוטס ביז „אונטערן הימל". דאָס פאָלק האָט שווייגנדיק נאָר אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו אָט דער פאַרברעכערישער אָרגיע, צו אָט די אומפאַרשעמטע קאָנטראַבאַנדיסטן און האָט געשטוינט:

— איי־איי־איי... אויסרייסן די אויטאָס ביים פראָנט... צווינגען די פאַרוווּנדעטע זעלנער, אַז זיי זאָלן, אָפּגייענדיק מיט בלוט, זיך שלעפּן צו פוס צו די פעלד־לאַזאַרעטן, ווייל די אויטאָס זענען פאַרנומען; זיי מוזן קודם־כל אַרויסראַטעווען דאָס פאַרמעגן פון די העכערע טשינעס... און דאָס טוט מען שוין... כאָטש ס'איז ערשט בסך־הכל צען טעג זינט די קריג האָט אויסגעבראָכן... היינט, אַ שטייגער למשל, וואָס וועט שוין זיין אין אַ חודש אַרום? און אין דריי חדשים אַרום? דאַן, קען מען אויף פּעסט

* הינטערלאַנד.

רעכענען, וועלן זיי שוין אין גאַנצן פאַרקויפן די „ניזשני־טשינעס" מיט די דרייבלעך — אויף שמעלץ! אין אוטיל אַריין!!

דאָס בילד פון די איינגעשנורעוועטע „בוידעמס": מיט קישנס, מיט איבערבעטן, מיט וואַליזעס, מיט אָנגעררייפּטע קאַסטנס, מיט פּיאַנינעס מיט וואַזאָן־טישלעך און מיט אַל דאָס גוטס אונטער די שטייפע, מיליטערישע ברעזענטן, האָט דערדריקנדיק געווירקט אויף די אַרום־שטייענדיקע:

— די „גרויסע", הייסט עס, אַנטלויפן! אויב אַזוי, איז די לאַגע אַ פּנים, גוט־גוט פאַסקודנע.

טויזנטער מענטשן האָבן זיך פון אַלע זייטן געטראָגן אויף און אָפּ. אַלע האָבן זיי וועגן עפּעס גערעדט, וועגן עפּעס געטענהט. מיט אַ מאָל: סירענעס! „אין דער לופט זענען דאָ שונאים". דער עולם צעלויפט זיך איבער די הויפן. מען זעט דייטלעך דעם שונאס שוואַרצע שפּאַרבערס. פון דעם רעש פון די מאָטאָרן ציטערט די ערד, ווי אַ שוואַכע סוכה אונטער די קלעפּ פון אַ שטאַרקן ווינט. אַלע זעען ווי עס פליט אַ שנירעלע באָמבעס. עס שפּרינגט אויף אַ סטויפּ פייער — עס ברענט דער קאַבל־זאַוואָד! נאָך אַ דריק אויף דעם פּעדאַל — עס ברענט דער לעדער־זאַוואָד!

— עך, פאַרשאָלטענע, ווי אַזוי טרעפן זיי כסדר אין אַזעלכע וויכטיקע פּונקטן? שוין זשע דערגרייכט אומעטום דער ווייס־גוואַרדייאישער פאַרראַט? און ווער זענען זיי דאָ צווישן אונדז, די פאַררעטערס? מען וואָלט זיי דאָך צעריסן אויף אברים אין איין הרף־עין!

די באָמבאַרדירערס מאַנעווּרירן קונציק צווישן די זעניט־שטעפּן. נאָך אַ מאָל באָמבעס — עס ברענט די אַל־אוקראַאינישע אָרדענטרעגערישע קינאָ־פאַבריק אויפן נאָמען פון פּלעכאַנאָוו. נו, זי מעג ברענען! אַלץ וואָס עס האָט עפּעס נאָר געהאַט אַ ווערט, איז ביי צייטנס אַרויסגעפירט געוואָרן אין ספּעציעלע צוגן נאָך דעם צווייטן טאָג פון דער מלחמה. סוף כל סוף יאָגן די זעניטקעס אָפּ די שונאים צום האָריזאָנט. דאָרט פליען זיי אַקעגן רויטע אָדלערלעך. איבער דער שטאָט, ווי ווייט מעגלעך, מיידט מען אויס אַ לופט־שלאַכט. ערשט דאָרט פאַרבינדט זיך צווישן די צדדים אַ דועל, נישט אויף לעבן נאָר אויף טויט —

ווידער אַ מאָל סירענעס: די גאַס ווערט פול מיט מענטשן.

פון דער ערשטער שעה אָן, וואָס די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אַרבעט מען אין וואָיענקאָמאַט * קיילעכדיקע מעת־לעתן. דער אומענדלעך־גרויסער הויף איז פול מיט „צוגענומענע" און מיט וואַרטנדיקע. אויך יונגע פרויען געפינען זיך דאָרט זייער פיל. זיי טראָגן לייכטע רוקזעקלעך אויף די פּלייצעס און מיט ערנסטע פּנימער גרייטן זיי זיך ביים טויער צום מאַרש. אויף אַלע קאָרידאָרן לויפן אַרום קאָמאַנדירן פון אַלערליי ראַנגען. אַלע מיט צעקנייטשטע פּנימער, און מיט בלויע רעדלעך אַרום די אויגן. אָרדינאַרצעס ** יאָגן זיך אַרום פון איין קאָרפּוס אין דעם צווייטן, ווי די

---

* מיליטערישער קאָמיסאַריאַט.

** אָרדינאַריעץ — מיליטערישער קוריער.

פאַרסמטע מייז. צענדליקער לאַסט־אויטאָמאָבילן פאָרן אַלע רגע צו און פאָרן אָפּ. מען ברענגט צו פירן פון דער שטאָט מחנות מענטשן, מען לאָזט זיי שנעל דורך דורך די מעדיצינישע קאָמיסיעס און זיי ווערן מאַ־מענטאַל אָפּגעפירט אין די גרויסע קאָמאַנדנע פּונקטן: אויף טשאָקאַלאָוו־קע; אויף גלובאָטשיצע; קיין בראָוואַרי, און קיין טעליטשקע. פּלוצלינג: נאָך אַ מאָל סירענעס! פון סוויאַטאָשינער זייט דערנעענטערט זיך שוין דער געוויש פון דריי־מאָטאָרדיקע מעכטיקע באָמבאַרדירערס. שלמהס אוי־ער קלייבט זיך שוין צו ביסלעך פון אַנדער אין די ניואַנסן פון זייער זשור־מען. דער דאָזיקער ניגון געהער דאַכט זיך צו די „הענקעלס". די וואָרע־נונג פון די סירענעס איז נאָר שייך צו דער ציווילער באַפעלקערונג. דער וואָיענקאָמאַט אָבער אַרבעט, גלייך ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן געטראָפן. נישטאָ ווען צו לויפן אין די גרובנס — מלחמה!

אַ שרעקלעך וואָרט, דאָס דאָזיקע — מלחמה. דאַכט זיך אַזוי אַ פּרווו טון אויף דער צונג: אַ וואָרט ווי אַלע ווערטער, פאַרקערט — דאַכט זיך גאָר אַ לייכט וואָרט, אין גאַנצן פון דריי קלאַנגען: מל—ח—מה. און אָט האָט אָט דאָס לייכטע וואָרט אויפגעהויבן אויף די פיס צוויי הונדערט מיליאָן מענטשן כאיש אחד! און בסקירה אחת! ממש אין איין מינוט —

...אין יענער מינוט, וואָס סטאַלין האָט אַריינגעזאָגט אין טרייבל:

„צו אייך ווענדע איך זיך, פריינד מיינע".

שלמה איז זיכער, אַז עס וועט נאָך אַ מאָל קומען אַ טאָג, ווען היט־לער וועט זיך אויסרייסן זיין העסלעכע טשאָפּרינע איבער אָט די עטלע־כע סטאַלינס ווערטער.

ביים קאַבינעט פונעם נאַטשאַלניק פון וואָיענקאָמאַט שטייט אַ זעל־נער מיט אַ ביקס:

— וווהין גייסטו, חבר?

— צום נאַטשאַלניק.

— ער רופט דיך אַרויס?

— י—י—יאָ!

— אַ פּאָוועסטקע! *

— איך גיי פּרייווויליק.

— אויף איין מינוט גיי אַריין, פאַרהאַלט דאָרט נישט קיין איבע־ריקס — איינס און צוויי!

דער נאַטשאַלניק פונעם שטאָט־וואָיענקאָמאַט, אין אַ טשין פון אַ קאָמדיוו, ** זיצט אינעם היטל. אפשר ווייסט ער דאָס אפילו נישט? די אויגן — רויט; געשוואָלן פון נישט שלאָפן. ער רעדט גלייכצייטיק דורך דריי טעלעפאָנען, צוקלאַפּנדיק בשעת־מעשה מיטן בליישטיפט אין טיש.

---

* אַן אויפפאָדערונג, אַז מען רופט אַרויס.

** פאַרקירצט פון: קאָמאַנדיר פון דיוויזיע.

נאָר אָט האָט זיך ביי אים גראָד געטראָפן אַ שטיקל הפסקה און ער באַמערקט שלמהן:

— וואָס וועט איר זאָגן, חבר?

— איך וויל גיין אויפן פראָנט!

די אַנגעשוואָלענע אויגן גיבן אויף איין סעקונדע אַ שווים איבער שלמהס פנים, ווי איינער רעדט:

— זענען נאָך דאָ, הייסט עס, אַזוינע משוגעים אויף?

און מיט אַ כריפּלע באַס פרעגט ער אים:

— איז וואָס זשע ווילט איר פון מיר?

— קיין פּאָוועסטקע האָב איך נישט.

— גייט זשע אַהיים און וואַרט אויף אַ פּאָוועסטקע. שטערט נישט אַרבעטן.

— אומזיסט דאָס וואַרטן, מיר וועט מען קיין פּאָוועסטקע נישט שיקן. איך בין אַראָפּגענומען פונעם אוטשאָט.* איך וויל אָבער גיין פריי־וויליק שלאָגן היטלערן —

דער נאַטשאַלניק וואַרפט אָן קאַלטבלוטיק עטלעכע ווערטער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר:

— נאַט אייך. גייט דערמיט אין זאַל פון דער מעדיצינישער קאָמי־סיע.

— צו וואָס דאַרף איך די מעדיצינישע קאָמיסיע?

— נישט איר דאַרפט, מיר דאַרפן! טוט, וואָס מען הייסט אייך!

אין דעם גרויסן זאַל, ווו עס אַרבעט די פּריסוטסטוויע,** איז אין די לעצטע טעג כסדר אַ געדראַנג פון יונגע מענטשן: עטלעכע צענדליק טוען זיך כסדר אויס און עטלעכע צענדליק טוען זיך כסדר אָן, און אַ סך נאַקעטע גייען איבער פון איין דאָקטער צום אַנדערן. אַ יונגיטשקער זעל־נער האָט ביי שלמהן צוגענומען דעם פּאַספּאָרט, זיין מיליטערישן בילעט און דעם נאַטשאַלניקס צעטעלע און האָט אים געהייסן זיך אויסטון. דער דאָקטער פאַר אינערלעכע מחלות פרעגט ביי שלמהן:

— אויף וואָס קלאָגט איר זיך?

— אויף גאָרנישט. אַלץ איז ביי מיר אין אָרדענונג.

דער נערוון־דאָקטער, דער אויגן־דאָקטער, דער דאָקטער פאַר הויט־קראַנקהייטן — יעדער פון זיי ביי זיין סטענדער פאַרגיט אים די זעלבע פראַגע און יעדער פון זיי באַקומט פון אים דעם זעלבן ענטפער. יעדער פון זיי גיט עפּעס אַ שרייב צו אויפן נאַטשאַלניקס פּאַפּירל און דערלאַנגט עס אַריבער צוזאַמען מיט זיינע דאָקומענטן צו אַ צווייטן דאָקטער. דער כירורג האָט גענומען די דאָקומענטן:

— אויף וואָס קלאָגט איר זיך?

---

* די ליסטע פון די מיליטער־דינסט־פאַרפליכטעטע.

** דער אַמט, ווו מען נעמט צו פאַר סאָלדאַטן.

— אויף גאַרנישט. פּאָלקאָם געזונט.
— און וואָס איז ביי אייך אויף דעם פּוס פּאַר אַ צאַצקע?
— ס׳איז גאַרנישט... ס׳איז אַ מאָל געווען... ס׳איז אַן אַלטע מעשה...
— אַנו גייט זיך דורך איבערן צימער —
שלמה מאַכט עטלעכע טריט — דער דאָקטער שרייבט שוין. שלמה לייענט פון אונטער זיינע פינגער:

— Не годен! *

— חבר כירורג —
ווער? וואָס? ער קוקט שוין גאַרנישט אין זיין זייט אַריין. ער פרעגט ביי די איבעריקע דאָקטוירים מיטן אויסגעחזרטן נוסח:
— ווער גייט ווייטער? חבר, אויף וואָס קלאָגט איר זיך?
שלמהס דאָקומענטן זענען ענדלעך איבערגעגאַנגען צום נאַטשאַלניק פון דער קאָמיסיע, אַ פּאָלקאָווניק אין פּענסנע מיט נישט קיין אויסגע־שלאָפענע אויגן, פּונקט אַזעלכע, ווי ביים קאָמדיוו. ער באַטראַכט אויפ־מערקזאַם שלמהס ווייסן בילעט, און די אַנקעטע פון די דאָקטוירים:
— פּיאַטיגאָרסקי! ווער איז פּיאַטיגאָרסקי? איר? קומט צו נעענטער. איך פאַרשטיי אייך נישט. איר זענט דאָך אַ באַפרייטער, נאָך וואָס זענט איר געקומען? ווער האָט געשיקט נאָך אייך?
— איך וויל גיין פרייוויליק.
— מיט דעם אַרטיקל נומער 74 — פרייוויליק? אַנו שפּאַצירט זיך נאָר דורך איבער דעם זאַל!
שלמה מאַכט עטלעכע שפּאַן.
— גייט אַהיים, פּיאַטיגאָרסקי, און טוט אייער אַרבעט.
— איך וויל אָבער מיט מיינע אייגענע הענט שיסן אין היטלערן!
— מען קען אויך פון דעם טיל שיסן אין היטלערן, טייערער חבר. ביי וואָס אַרבעט איר?
— איך אַרבעט אין אַן אַרטעל, „אויטילפּראָמקאָמבינאַט" הייסט ער.
— אויסגעצייכנט! נעמט טאַקע צונויף וואָס מער: מעש, קופּער, בליי — וועט מען האָבן מער קוילן! דאָס הייסט דען נישט אַזוי גוט, ווי גע־שאָסן אין היטלערן?
— איך וויל אָבער אויפן פראָנט! ווער האָט דאָס רעכט מיר אָפּצו־זאָגן אין דעם? ווער קען מיר שטערן אויסצופּילן מיין בלוטיקן פליכט צו דעם פאָטערלאַנד? נו, איר נעמט מיך?
— שיין וואָלטן מיר שוין אויסגעזען, ווען מיר נעמען שוין אויפן פראָנט אַזעלכע ווי איר —
— חבר נאַטשאַלניק, איך בין אַ געזונטער, איך קען לויפן... איך... איך בעט אייך...

* ער טויג נישט.

— איך קען נישט, פיאַטיגאָרסקי! ס'איז זייער פּאַטריאָטיש פון אייער זייט, נאָר שטערט נישט דער קאָמיסיע אין איר אַרבעט.
— איך וואָלט געקענט טון אַליץ־אַליץ, פּרוווט אומיסטן —
— שטערט אונדז נישט, האָט מען אייך געזאָגט!
שלמה, שיר נישט וויינענדיק פון פאַרדראָס:
— איר זאָלט וויסן, אַז איך וועל מיך קלאָגן אויף אייך!
דער פּאָלקאָווניק צענעמט די הענט און ענטפערט מיט א מידן שמייכל:
— וואָס קען איך העלפן? קלאָגט זיך —
א טרויעריקער און א פאַרשעמטער האָט שלמה פאַרלאָזט דעם הויף פונעם וואָיענקאָמאַט.
פון יענער זייט טויער האָבן אויף אים געוואַרט: זיין מוטער מיט די שוועסטערלעך, יוכבד, איר מוטער, צוויי שוועגערינס און דער זיידע.
יוכבד האָט זיך א ריס געטון אים אַקעגן:
— נו, שלמהלע, ווען גייט אָפּ דיין —
— מען וויל מיך נישט נעמען... איך געפעל זיי נישט...
— אוי, טייערער... איז דאָך דאַנקען גאָט...

# קאפיטל XXII

דעם זעלבן פּאַרנאַכט איז לאַהקע אָנגעקומען פון בּראָוואַרי מיט אַ גרוס, אַז מאָרגן פאַר מיטאָג שיקט מען שוין אָפּ הערשלען מיט אהרלען.

אויפן צווייטן טאָג, ס'איז נאָך נישט געווען רעכט ליכטיק, איז די גאַנצע משפּחה אַוועקגעפאָרן זיך געזעגענען מיט די צוויי באַליבטע קינ־דער, פּאַר אַזאַ געפערלעכן וועג. אין און אַרום בּראָוואַריער זאַמלפּונקט איז געווען „הימל עפן זיך". די קאָמאַנדע, וואָס האָט איצט געדאַרפט אַוועקגיין צום פראָנט, איז באַשטאַנען פון העכער זעקס טויזנט מאַן. הונ־דערטער פרויען האָבן איבערגענעכטיקט הינטערן פּלויט, כּדי אין דער פרי, באַלד ווי מען וועט נאָר דערלויבן אַרויפצוגיין אויף דער טעריטאָריע פון־נעם זאַמלפּונקט, זאָלן זיי גלייך קענען זיך געפינען צוזאַמען מיט זייערע טייערע. ביי נאַכט האָט מען פון דער לופט עטלעכע מאָל באַשאָסן דעם זאַמלפּונקט. עס זענען געהרגעט געוואָרן דריי מענער און איין פרוי, פון דער זייט פּלויט. די הרוגים זענען נאָך געלעגן אין פּאָדוואַל איבערגעדעקט מיט צעסיטשעטע שטיקלעך ראָגעזשע, אַראָפּגעפּליקטע פון די פישער־נעצן, וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט לרוב.

די אָפּטיילונגען, צו וועלכע עס זענען אויך געווען צוגעשריבן די ראַ־דיעצקיס, זענען געשטאַנען אינעם עקסטן ווינקל פון דעם ריזיקן הויף, לעבן אַ פּרוכטן־גערטנדל. צום אָפּגיין פונעם טראַנספּאָרט איז נאָך געבליבן גאַנצע פיר שעה. די ווייבער, די מוטערס, די שוועסטער זענען באַפאַלן די אַוועקפאָרנדיקע, זיי געקושט; געוויינט, געחלשט. קיינער פון די זייטי־קע מענטשן האָט זיך אויף זיי אפילו נישט אומגעקוקט: אַזעלכע סצענעס האָט מען איצט געקענט זען אין יעדן ווינקל —

...דער גאַנצער הויף האָט געוויינט. דער גאַנצער הויף האָט געחלשט...

דאָ, אין בּראָוואַרי, האָט זיך די מלחמה געפילט פיל שאַרפער ווי דאָרט, אין שטאָט; דאָרט זעט מען כאָטש נאָך מענטשן פאַר די אויגן; דאָרט זעט מען נאָך אַ מאָל אַ בּריווטרעגער; דאָרט האָט מען אַ מאָסקווער צייטונג אַלע טאָג; דאָרטן זענען נאָך אָפן קינאָס, כאָטש קיין שום משוגע־נער שמעקט אַהין צו נישט אַריין; דאָרט קורסירן נאָך אַרום טראַמווייען, אָנגעשטאָפּטע מיט פּאַסאַזשירן פול און פול; און וואָס ס'איז וויכטיקער פון אַלץ — פון דאָרטן גייען נאָך אָפּ צוגן אין דער ווייטער וועלט אַריין; אָבער אין דעם בּראָוואַריער סעקטאָר איז שוין גאָרנישט דאָ אַ חוץ: בלוט מיט טרערן, טרערן מיט בלוט...

אויפן הויף האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן נישט קיין הויכער קאַפּיטאַן אָן אַ היטל. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ־חנעוודיקער יונגערמאַן, מיט שטרענגע אויגן. ער האָט געוואָרפן אַ צעטראָגענעם בּליק איבערן הויף, אַ קעם־דורך געטון די גרויע מאַסע שינעלן און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אהרלס פּנים:

— ראַדיעצקי, צו מיר!

אהרל האָט זיך אויסגעריסן פון די פרויען, וואָס האָבן אים אַרומגע־רינגלט, איז צוגעלאָפן צו אים און האָט גענומען „פּאָד קאָזיראָק".* זיין באַפעל האָט שלמה נישט געהערט. ער האָט נאָר געזען, ווי אַזוי אהרל האָט ביי אים גענומען פון דער האַנט אַ היפּשן פּאַקעט, האָט ווידער אַ מאָל צו־געלייגט די האַנט צו די שלייפן, און איז פלינק אַרויסגעלאָפן פונעם הויף. אין אַ מינוט אַרום האָט מען דורכן הויכן פלויט, וואָס איז געווען גע־דיכט אַרומגעוויקלט מיט נייעם שטעכלדראָט, געזען אהרלען אָפּפאָרן אין אַן אויטאָ. ער האָט זיי פון דער ווייטנס געוווּנקען, אַז באַלד קערט ער זיך אום אויף צוריק. דער קאַפּיטאַן האָט מיט אַ צעוואָרפן געננגעלע זיך אויפגעהויבן אויף די טרעפּ פון זיין קליינעם „שטאַב" און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער אָפענער טיר.

שלמה איז שטיין געבליבן ווי פאַרשטיינערט. זיין מח האָט אינטענסיוו געאַרבעט:

— גוואַלד! ווו האָב איך ערגעץ געזען אָט דעם קאַפּיטאַן? איך מעג דאַכט זיך שווערן, אַז איך האָב אים שוין ערגעץ געזען, אָבער ווו? ווו און ווען?

אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום איז שוין אהרל געווען אויף צוריק פון זיין שליחות. ער איז ־ירעוודיק אַרויפגעלאָפן אויפן גאַניק פון דער געביידע, ווו זיין נאַטשאַלניק האָט זיך געפונען, ער האָט זיך דאָרטן גע־זאַמט אַ פּאָר מינוט און איז צוריק אַראָפּגעלאָפן צו זיינע באַגלייטערס.

זיין פרוי פרעגט ביי אים:

— ווהין האָט ער עם דיך געשיקט?

— אויף דער צווייטער סלאָבאָדקע. אַ פּאַקעט איבערגעבן.

— פאַר וואָס זשע איז אים עפּעס אויסגעקומען צו שיקן גראָד דיך?

— איז שלעכט, אַז מיך? איך האָב געהאַלטן, אַז צו זיין אַן אָרדי־נאַריעץ ביי אַ קאַפּיטאַן, איז אַ ביסעלע זיכערער און לייכטער, ווי צו טראָגן אויף זיך אַ פּוליעמיאָט אין די גרעסטע היצן. און ווי מיינסט דו? נישט אַזוי?

שלמה האָט זיך אַלץ געבראָכן דעם קאָפּ אויף צו טרעפן: ווער איז דער דאָזיקער מענטש? ס'איז פאַריבער אַ קאַרגע האַלבע שעה. שלמה איז אפילו קיין איין מאָל נישט צוגעגאַנגען צו זייניקע. ער האָט זיך גאָר קיין אָרט נישט געקענט געפינען: וואָס הייסט, ער זאָל זיך נישט קענען דערמאָ־נען? ער האָט נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל דורכגעזיפּט אין געדאַנק אַלע זיינע יאָרן און טעג: יאָר נאָך יאָר, חודש נאָך חודש, און פּלוצלינג האָט עס מיט אים אַזאַ וואָרף געטון, ווי אַ גרויסער עמעצער וואָלט אים אַ מעכ־טיקן שטויס געטון אין דער ברוסט. ער האָט זיך געמוזט אָנכאַפּן אינעם פּלויט, אַזוי שוואַך האָבן אים די פיס געהאַלטן אויף זיך. זיינע אויגן

---

* די האַנט צום דאַשעק. אַ מיליטערישער פליכט, ביים רעדן מיט אַ העכערן טשין.

האָבן שרעקלעך אַ פינקל געטון. ער האָט שוין אַצינד דייטלעך געזען פאַר זיך דעם דאָזיקן מענטשן מיט זיין אַמאָליקן פּרצוף...

כל עצמותיו תאמרנה:

...לי נקם ושלם... לי נקם ושלם...

...ונקם ישיב לצריו... אשיב נקם לצרי ולמשנאי אשלם...

ווען די ערשטע דערשיטערונג איז פאַריבער, איז זיך שלמה אַ פּאָר מאָל דורכגעגאַנגען איבערן הויף, ערגעץ אַ טרונק געטון, איין מאָל און צוויי מאָל, ביי עמעצן עפּעס געפרעגט, עמעצן עפּעס געענטפערט. ערשט ווען ער האָט געפילט, אַז ער מוז שוין אויסערלעך אויסזען אין גאַנצן רו־איק, האָט ער אַוועקגערופן אהרלען אין אַ ווייטן ווינקל, אין די שמאָלע פאַלדן פון דעם גערטנדל:

— אהרל, דו קענסט זיך דערלויבן מיר באַזונדער צו שענקען אַ צען, פופצן מינוט?

— פאַר וואָס נישט? איך האָב נאָך גענוג צייט.

— זאָג מיר צו, אַז טאָמער רופט דיך עמעצער אַוועק, איידער איך וועל האָבן געענדיקט מיט דיר מיין ענין, זאָלסטו פאַר קיין פאַל נישט גיין.

— סיידן די נאַטשאַלסטווע, פאַרשטייט זיך —

— זאָל זיין חוץ דער נאַטשאַלסטווע.

— גוט, איך זאָג דיר צו.

— זאָג מיר, אהרל, דו האָסט מיך ליב? דו קענסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן?

— וואָס פרעגסטו אַזעלכע נאַרישקייטן? וועמען דען זאָל איך שוין ליב האָבן, אויב נישט דיך?

— שווער מיר ביים לעבן פון דיינע עלטערן, אַז דו האָסט מיך באמת ליב און קענסט זיך אויף מיר פאַרגלייבן —

— וואָס פאַר אַ משוגעת פאַלט דיר איין? ס'איז ביי דיר נאָך אַ ספק, צי עס איז אַזוי?

— ניין, אומבאַדינגט שווער מיר! איך פאָדער דאָס פון דיר!

— אויף מיין וואָרט, דו ביסט עפּעס אַ משוגענער... נו, גוט. איך שווער דיר —

— איצט לאָמיר זיך צעקושן.

— אָ! דאָס פועלסטו ביי מיר אָן טענות ומענות.

זיי האָבן זיך פעסט אַרומגענומען און האָבן זיך היים צעקושט. אהרל האָט זיך לאַכנדיק אָנגערופן:

— נו־נו! אַ קאָקעטקע נישט קיין מאַנסביל. אָן עק, איצט זאָג שוין, וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

— הער, ברודער מיינער טייערער! דו גייסט דאָך שוין במילא אויפן פראָנט — איך האָב דערצו נישט זוכה געווען, מיך האָט מען נישט גע־וואָלט נעמען — ווי ווייט דיינע כוחות וועלן קלעקן, זיי זיך דאָרט נוקם

אין אונדזערע משחיתים פאַר יעדן אומגעקומענעם יידן; פאַר יעדן חרוב געוואָרענעם שטעטל; פאַר יעדער פאַרברענטער כאַטע; פאַר יעדער גרוי־געוואָרענער האָר פון סטאַלינס קאָפּ —

— פון ווען אָן ביסטו דאָס אַזוי געטריי געוואָרן סטאַלינען?

— פון תמיד אָן! אָן אמתער ייד מוז זיין אַ פריינד פון די באָלשע־וויקעס. פאַר וואָס? ווייל אין ערגעץ אויף דער גאַנצער וועלט קען נישט אַ ייד אַזוי פריי זיך באַוועגן ווי אין ס. ס. ס. ר. אין ערגעץ איז ער נישט אַזאַ פולבארעכטיקטער שותף צו אַלץ, וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט, ווי דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד. אין ערגעץ איז ער נישט אַזוי פאַרזיכערט מיט אַ גליקלעכער צוקונפט, ווי דאָ ביי אונדז, אונטער סטאַלינס ממשלה. וואַרט, לאָמיר נאָר אויסשעכטן אָט די ברוינע פּראַים, וועסטו ערשט זען, וואָס פאַר אַ לעבן עס וועט ביי אונדז ווערן... וגר זאב עם כבש —

— סטייטש, אָט דאָס הייסט: „פריי זיך באַוועגן"? מען האָט דאָך פאַרשיקט אַ וועלט מיט יידן, און שיר־שיר נישט אויך דיך —

— דאָס זענען זיי געווען פאַרפירט אין אַ טעות! אמתע שונאי־ישראל, שוואַרצמאַהניקעס האָבן זיי איינגערעדט, אַז אַ גלייביקער ייד האָט נישט גערן דעם באָלשעוויזם... דאָס איז אָן אַבסורד! אַ בלבול! איך האָף, אַז נאָך דער מלחמה וועלן זיי שוין קליגער ווערן, וועסט דאַמאָלסט זאָגן, אַז איך האָב געזאָגט... עס גייט ביי מיר אפילו נישט אריין בגדר הספק, אַז זיי האָבן שוין חרטה —

— נו, נו, מהיכי תיתי, האָף! למאי זאָל איך זאָגן — איך בין נישט אַזאַ אָפּטימיסט ווי דו! דו ווייסט נישט, וואָס די סאָלדאַטן רעדן צווישן זיך... מילא, בקיצור, אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, וועלן מיר זען צום גרייטן... וועמענס נבואה ס'איז געווען אמת... אָט דאָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

— ניין, איך האָב צו דיר אַ בקשה. זאָג מיר, אָט דער קאַפּיטאַן מיט דער צעוואָלגערטער „פּאָכאָדקע", איז דיין נאַטשאַלניק?

— יאָ... וואָס איז דען?

— און זיין פאַמיליע איז סולימאַנאָוו?

— יאָ... ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— און מען רופט אים —

— גריגאָרי איליטש.

— מהם... גריגאָרי! נו, ווי אַזוי דען? ער איז דאָך אַ בוכארישער ייד —

— אַזוי גאָר? מען הערט טאַקע אין דער אויסשפּראַך... אָבער פון וואַנען קענסטו דו אים?

— הער, ברודערקע! דיינע קשיות לייג אָפּ אויף אַן אַנדער מאָל. מיין בקשה באַשטייט אָט אין וואָס: דו ביסט דאָך ביי אים, האָב איך גע־זען, אַן אָרדינאַריעץ?

— יאָ, אַן אָרדינאַריעץ.

— בעט איך דיך, דו זאָלסט אים דינען געטריי און ערלעך. דו זאָלסט אָפּהיטן דיין פּאָסטן ביי אים, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג, ביז עס וועט דיר אונטערקומען אַ מאָמענט ווען דו וועסט איינער אַליין גיין מיט אים אין ראַזוויעדקע; * אָדער ליגן מיט אים ערגעץ פאַרשטעקט אין אַן „אָקאָפּע”; אָדער דו וועסט איבערבלייבן מיט אים אַליין אויפן קאָמאַנדנע־פּונקט; אָדער פאָרן אין קאָמאַנדיראָווקע — דער עיקר: בלייבן מיט אים אויף אַ לענגערער צייט אויג אויף אויג, אָן עדות. דאַן זאָלסטו אויף אים אומ־געריכטערהייט אָנפאַלן — דו ביסט דאָך אַ געזונטער יאָט — דו זאָלסט אים פאַרשטעקן דאָס מויל, בינדן די הענט מיט די פיס און שניידן שטיק־לעך... וואָס קוקסטו מיך אָן? איך רעד נישט מיט קיין מליצות. עס מליצהט זיך מיר איצט נישט זייער שטאַרק און דיר דאַכט זיך, אויך נישט איבע־ריקס... וואָס קוקסטו מיך אַלץ אָן? איך מיין פשוטו כמשמעו: שניידן פון אים שטיקער פלייש לעבעדיקערהייט, אָדער ווי מיין באָבע עליה־השלום פלעגט זאָגן: „שניידן פּאַסן פון זיין ליב, אַז עס זאָל פון אים יושען דאָס בלוט, ווי פון אַ חזיר... איצט פאַרשטייסטו מיך שוין, צי נאָך אַלץ נישט?

אהרל איז בלאַס ווי די וואַנט. מיט ציטערנדיקע הענט כאַפּט ער אָן שלמהס אָרעם:

— שלמה, גאָט איז מיט דיר! דו האָסט זיך גערירט פונעם זינען? דו הייסט מיר, אים הרגענען?

שלמהס געזיכט איז ווי אָפּגעשמירט מיט קאַלך, נאָר די אויגן ברע־נען מיט אַ שלעכטס־אַנזאָגנדיק פייערל:

— שוטה! ווער הייסט דיר אים הרגענען? הרגענען איז קיין קונץ נישט! שפּילן זיך מיט זיין לעבן, היים איך דיר! שבור את הזבית ושמור את יינה! נישט לאָזן אים גלייך שטאַרבן. יראו עיניו כידו, ומחמת שדי ישתה! אייגנטלעך, כדי שלא להטיל קנאה במעשה־בראשית, וואָלט מען אים געדאַרפט אָוועקשעכטן אין איין גריבל מיט היטלערס מחבלים. זייערע אומ־ריינע בלוטן מעגן זיך אויסמישן, ס'איז נישט קיין תערובות, אָבער אַזוי ווי דאָס איז אוממעגלעך, וועט אַזוי אויך מוזן זיין כשר. געדענק זשע, זאָלסט אַזוי לאַנג ציען זיינע יסורים, וויפל עס וועט נאָר מעגלעך זיין. אָבער אחרי ככלות הכל, אַז ער וועט שוין פאָרט האָבן אָפּגעגעבן זיין שוואַרצע נשמה דעם אשמדאי, וועסטו אים ערגעץ פאַרגראָבן, פאַרווישן די שפּורן און פּטור אַן עסק... אין דער ערד מיטן קאָפּ! תמותת רשע רעה! האָב קיין מורא נישט, ער האָט דעם טויט כשר פאַרדינט, דמו בראשו! ס'איז מלחמה־צייט — ווער גייט דאָס אַזוי שטאַרק חוקר ודורש זיין? קאַרג תירוצים זענען פאַראַן? דו קומסט צו גיין אין דער אָפּטיילונג, און מען גיט דיך אַ פרעג: — „און ווו איז דיין נאַטשאַלניק?” ענטפערסטו אויף דער פראַגע מיט אַ פראַגע:

— „וואָס, ער איז נאָך נישטאָ? ס'איז טאַקע אַ חידוש... די גאַנצע

---

* אין דער אויסשפּירונג.

צייט, וואָס מיר זענען געגאַנגען אין וואַלד, האָבן מיר זיך געהאַלטן צו־זאַמען. ערשט, ווען מיר זענען אונטערגעקומען צום דאָרף, האָט ער מיר באַפוילן אַרומגיין דאָס דאָרף פון דער לינקער זייט און אַליין איז ער אַוועק אויף רעכטס. איידער מיר האָבן זיך גענומען אין פאַרשידענע ריכ־טונגען, האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ גראָבער אָסינע, לעבן וועלכער מיר דאַרפן זיך באַגעגענען, ווען יעדער וועט שוין האָבן געזען דאָס, וואָס ער דאַרף זען. האָבנדיק אויסגעפילט מיין אויפגאַבע, האָב איך זיך אומגע־קערט צו דער אָסינע, געוואַרט־געוואַרט, געוואַרט־געוואַרט, ביז איך האָב אַ קלער געטון: אפשר האָב איך זיך צו לאַנג געזאַמט און דער נאַטשאַל־ניק האָט זיך אויף מיר נישט געקענט דערוואַרטן... צום סוף, זאָגט איר, אַז ער איז גאָר נאָך נישטאָ... וואָס זשע קען דאָס טאַקע זיין? חבר נאַ־טשאַלניק! דערלויבט מיר זיך אומקערן צו דער אָסינע. אפשר זיצט ער דאָרטן און וואַרט אויף מיר?"

ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אַלע וועלן פאַרשטיין איינס און דאָס זעלבע: אַז ער איז איינער אַליין פאַרגאַנגען צו ווייט און מען האָט אים אַ פנים געכאַפּט פאַר אַ „צונג".* כ'ווייס? איך דאַרף דיך לערנען? דו ווייסט זיך שוין מן הסתם אַן עצה געבן...

— שלמה, דו הערסט? ערנוואָרט, עס ציטערן מיר הענט און פיס פון דיינע רייד... ביי אַזאַ מצוה שטייט דאַכט זיך: מצוה בו יותר מבשלוחו... ניין, ניין, ביי לשון רציחה ווייס איך שוין נישט, צי איך דאַרף דיך פאָלגן —

ביי שלמהן קלאַפּן אַזש די ציין פון אויפרעגונג. ער דערנעענטערט זיין בלאַס געזיכט צו אהרלס, און בריט אים אָפּ זיין דערשראָקן פנים מיט זיין פריסעק־הייסן אָטעם:

— דו רופסט עס אָן — רציחה? און ווו איז די מצות־עשה פון: „ובערת הרע מקרבך"? דוד המלך, ווען זאָגן, איז געווען אַ רוצח? ניין, זאָגסטו? פאַר וואָס? ער האָט דאָך געזאָגט: „אשרי שיאחז ונפץ את עולליך אל הסלע" — אַ קאַרגע רציחה? אויב ביי משה־רבנו שטייט: ויך את המצרי — איז ער געווען אַ הורג־נפשות? און אויב ביי פנחסן שטייט: וידקור את שניהם — איז ער געווען אַ הורג־נפשות? שמואל הנביא האָט צעשפּאָלטן אגגן — אַ קאַרגע רציחה? דאָרט שטייט אין פסוק: וישסף שמואל את אגג... וואָס איז די טייטש פון „וישסף"? מאַכט רש"י: ער האָט געשניטן פון אים שטיקלעך, שטיקלעך, ווי מען האַקט האָלץ אויף שפּע־נער. איז שמואל הנביא געווען אַ גזלן? אַ הורג־נפשות? און אָט דער בו־כאַרישער אגג האָט, גלייב מיר, נישט ווייניקער „זכותים", ווי אגג מלך עמלק! צי למשל: יהושע האָט אומגעבראַכט עכן בן כרמי — אַ קאַרגע רציחה? ניין, ברודערקע, אומברענגען אַן עוכר־ישראל איז פאַרקערט —

* אַ זעלנער פונעם שונאס לאַגער, וואָס ווערט גענומען לעבעדיקערהייט בלויז צו־ליב דעם, כדי מען זאָל ביי אים אַרויסבאַקומען מיליטערישע סודות.

א צערטלעכקייט... אַ צערטלעכקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט! יעל אשת חבר הקיני האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען, און דיין קאָפּ באַנעמט דאָס נישט... און יהודית האָט דאָס פאַרשטאַנען, און אסתר האָט דאָס פאַר־שטאַנען און דו נישט! דו זאָגסט — רציחה איז דאָס. ביסט אַ טשודאַק, אויף אַזאַ נפש־יקרה שטייט בפירוש געשריבן באש שחורה על גבי לבנה: מפצעין את מוחו בגזירין! און נישט מען דאַרף דאָס טון, ווייל ס'איז אַ גזרת־בית־דין; נישט כאילו כופאו שד, נאָר בשמחה ובצהלה, בתופים ובמ־חולות, ווייל — באבוד רשעים רנה; ווייל — אומברענגען עמלקן איז אַ גרויסער יום־טוב. און אַט דער גריגאָרי איליטש דיינער — איז עמלק!

און שלמהס אויגן ווערן איינגעהילט אין אַ געדיכטן זכרונות־נעפּל:

— ...ווייט־ווייט פון דאַנען, צווישן ווייסטע סטעפּעס און הינטער איי־ביקע שנייבערג, דאָרט אין שרעקלעכע טורמע־קעלערס שטייען קאַליוזשעס טייער בלוט. בלוט פון יונגע מענטשן, ווי איך מיט דיר, און בלוט פון הייליקע זקנים, ווי מיין זיידע שלום, ווי מיין זיידע, דער בעל־שם־טוב הקדוש, ווי אונדזערע אבות־הקדושים... און דאָס בלוט קאָכט, און דאָס בלוט זידט. דאָס בלוט וויל נישט אַנטשוויגן ווערן, פּונקט ווי דאַמאָלסט אין בית־המקדש, דאָס בלוט פון זכריה הנביא. דאָס איז נישט קיין פאַנ־טאַזיע, און נישט קיין הלך־נפש, איך האָב דאָס גלייך דערפילט לויט דעם שטורעם, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן ביי מיר אין הארצן, דערזעענדיק אַט דעם מלאך־המות. די אַלע יידישע בלוטן, וועלכע ער האָט פאַרגאָסן מיט זיין פאַררעטערישער האַנט מאָנען איצט דורך דיר נקמה. זייערע נשמות וועלן פון קיין רו נישט וויסן אַזוי לאַנג, ווי אַט די שלאַנג לעבט אויף דער וועלט. אַ שלאַנג הרגענען איז אַ גרויסע מצוה. ווען דו וועסט פון אים בראָקן שטיקלעך, זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו שטייסט ביים מזבח און ביסט מקריב אַ קרבן־עולה. הלואי וואָלט איך דאָס זוכה געווען צו טון, לא על ידי שליח, נאָר מיט מיינע אייגענע הענט... אהרל, עת צרה היא ליעקב. מען גייט אויף סכנת־נפשות, מען דאַרף רחמים, מען דאַרף זכותים. נעם אַט דעם זכות, וואָס איך גיב דיר, און פאַרנוץ אים געזונ־טערהייט. נישט יעדן טרעפט זיך אַזאַ געלעגנהייט. קווענקל זיך נישט מער. כי כום ביד ד', שטייט געשריבן — נו, און אַ בעכער מוז דאָך אַ מאָל פול ווערן — היינט איז זיין בעכער פול געוואָרן... ימצו ישתו כל רשעי ארץ... ער האָט אַרומגעשפּאַצירט אַ צענדליק יאָר אויף דער ווייסער וועלט נאָך יענעם שרעקלעכן מאָרד? — גענוג פאַר זיין שוואַרצער נשמה! די והותר! און זאָלסט נישט אָפּלייגן דעם ענין אויף קיין „מאָרגנס". געדענק זשע אהרל, וואָס איך זאָג דיר אָן: מצוה הבאה לידך אל תחמיצנה! אַזאַ ענין טאָר מען נישט „אַריינלאָזן אין דער לאַנגער באַנק אַריין", כי מי יודע מה ילד יום? אַ בלינדע דייטשע קויל קען דיר נאָך פאַרשפּאָרן אַ גאַנג און דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער, גרויסער שאָד... ואת בלעם הרגו בחרב, שטייט געשריבן...

אהרלס פּנים איז ווײס ווי קאַלך, נאָר פון דעסט וועגן באַווײזט זיך אויף דעם עפּעס כמו ווי אַ שמייכל:

— און אַז ער וועט געטראָפן ווערן פון אַ קויל, טויג נישט, הייסט עס?

— אודאי נישט! אויף דער מלחמה, אַ טויט פון אַ קויל, הייסט אַ מענטשלעכער טויט, און ער טאָר נישט אַוועקגיין פון דער וועלט מיט קיין מענטשלעכן טויט! מדה כנגד מדה! שופך דם האדם — באדם דמו ישפך! זאָל ער גיין אין כף־הקלע אַריין... ציטער נישט, — חרבם תבוא בלבם! אויף מיר די עבירה! אין גאַנצן אויף מיר! זאָג מיר: היטלערן וואָלסטו דאָס געטון?

— היטלערן — יאָ! נאָך מיט גרויס פאַרגעניגן... נאָך מיט אַ לאַנגן „לשם יחוד"...

— און דאָס איז אַ יידישער היטלער! דו פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי... דאָס הייסט, איך פאַרשטיי דווקא נישט...

— דו מוזסט נישט גלייך פאַרשטיין! ווען אַרום און אַרום שנײדן זיך קולות וברקים, דאַמאָלסט זענען יידן מקדים נעשה לנשמע... קוים טוסטו אָפּ אָט דאָס שטיקל אַרבעט כדבעי למהוי, נעם איך איבער אויף זיך אַלע דיינע חטאים און דעם דאָזיקן חטא — אודאי און אודאי! איך זע אויף דיין פּנים, אַז דו ביסט נאָך אַלץ פוסח על שתי הסעיפים... עוד לבך מפקפק... זיי נישט קיין שוטה און טו, וואָס מען הייסט דיר! אין וואָס ביסטו מיך חושד, אַז איך וועל דן זיין למיתה אַ מענטשן, אויף וועלכן מען קען נאָך אָפּזוכן כאָטש אַ מינדסטן לימוד־זכות? אל יהא לבך מהסס! * ער האָט פיל יידיש בלוט פאַרגאָסן... פיל יידישע מיתות־משונות זענען פאַרשריבן געוואָרן אויף זיין קאָנטאָ... און אַז מען שטעלט אויס אַזוינע וועקסעלעך — מוז מען צאָלן! און ווי באַלד ער מוז דעקן זיין חוב, איז — זה היום! היינט איז פאַר אים דער יום־הפקודה! ווייל איז צו דיר, וואָס דו וועסט זיין דער גובה פון אַזאַ הייליקן חוב!

— פאַר וואָס זשע, זאָל איך אים זאָגן, באַקומט ער עס אַזאַ חלק?

— ער וועט שוין וויסן, האָב קיין מורא נישט... דו דאַרפסט אים נאָר זאָגן צוויי ווערטער: פאַר מאַרי —

— דאָס איז זיין ווייב, אָט די מאַרי?

— מאַרי איז אַ נאָמען פון אַ שטאָט. ער געדענקט זי זיכער זייער גוט.

— אָבער אַ שטאָט קען דאָך נישט הייסן הרגענען! אין וועמענס נאָמען זאָל איך אים זאָגן, טו איך דאָס? וועמענס באַפעל פיר איך אויס?

— וועסט אים זאָגן, אַז אין איינעם אַן אָוונט האָט ער אין מאַרי אויף אַ „באַלכאַנאַ" געטראָפן אַ בחור'ל שפּילן אויף אַ פידל. איז אָט דער דאָזיקער פידלער האָט אים איצט געהייסן אומברענגען; יענער פידלער איז איצט דערפאַר געוואָרן דער „עומד מצד התובעים", ווייל ער איז דער

---

* זיין אומאַנטשלאָסן, זיך שטאַרק קווינקלען.

איינציקער גואל־הדם... ווייל קיינער ווייסט נישט פון זיינע רציחות, אזוי גוט ווי ער... דער פידלער איז אליין דער עדות, אליין דער שופט, און דו ביסט זיין יד־נוקמת... חרב נוקמת, נקם־ברית... וועסט אים זאָגן: על דאטפת אטפוך! * וועסט אים זאָגן: ** !Долг платежом красен וועסט אים זאָגן, אז ביי גאָט גייט גאָרנישט פארלוירן, שופך דם האדם — באדם דמו ישפך, דאָס איז אַ מצות־עשה פונקט ווי פאסטן יום־כפור... זאָגסטו מיר צו, ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו מאַכן אים די קונץ?

— גוט, איך זאָג דיר צו! איך גלייב דיר, אז מען דארף אזוי...

— גיב מיר תקיעת־כף, אז דו וועסט נישט קיין חרטה האָבן — אהרל האָט אים דערלאַנגט די האַנט.

— קוים פילסטו אויס דיין שבועה, גיב איך דיר אָפּ האלב גן־עדן פון מיין חלק, וואָס איך האָב דאַרט מן הסתם. געדענקסט? כל ישראל יש להם חלק לעולם־הבא —

— צוגעזאָגט, איז פארפאלן. פארשפּאָרסטו שוין רעדן.

— אין דעם זכות, טייערער ברודער, וועסטו ניצול ווערן פון היט־לערס קויל.

— און איצט האָב איך צו דיר אויך אַ בקשה —

שלמה, אליין נישט ווויסנדיק פאר וואָס, אַ בלייך געוואָרענער:

— דהיינו?

אהרל, מיט אַ בלאַסן שמייכל:

— שרעק זיך נישט, מיין בקשה איז נישט אזאַ... נישט אזאַ באטעמטע ווי דיינע, האָב קיין מורא נישט...

— אַן עק, זאָג שוין! פארשפּאָרסט גאָר קלערן, הנני מוכן ומזומן —

— ...טאָמער איז דיר נאָך באשערט אַ מאָל צו קומען אהין... נו, אהין... מיט איין וואָרט, דו פארשטייסט דאָך שוין אליין, וווהין איך מיין...

— און אויב אפילו איך פארשטיי אליין, קענסטו נישט אָנרופן דאָס וואָרט ביים נאָמען?

— לאָמיר זאָגן, אז איך קען איצט נישט... איז אויב דו וועסט זוכה זיין צו קומען אהין, זאָלסטו שטענדיק געדענקען, אז איך האָב אויך גע־וואָלט... אז איך האָב אויך געהאָפט... נאָך פון יענער נאַכט אין אָלשאַ־נע... מיט דיין צוגעטראַכטער פערמע, דו געדענקסט נאָך?

— אהרל, רעד נישט קיין נארישקייטן... דו וועסט נאָך אליין... מיר וועלן נאָך אלע... אָט ווועסטו זען...

— שלמה, רעד דו אליין נישט קיין נארישקייטן... דו ווייסט נישט, וואָס דאַרטן טוט זיך —

ער האָט אַ יסגעצויגן די האַנט אויף מערב:

* ווייל דו האָסט דערטרונקען, דערפאַר האָט מען דיך דערטרונקען. פון אבות.

** אַ חוב איז נאָר דאַמאָלסט אַ ראַיעלער, ווען מען באַצאָלט אים. אַ רוסיש פאָלקס־ווערטל.

— ...דאָרטן, ברודער, ארבעט איצט אַזאַ: * Мясорубка, דאָרט האָט זיך איצט פארקאָכט אזאַ קאַשע... אַזאַ קאַשע... אַ וויניגרעט פון בלוט מיט ביינער... איין גאָט זאָל אויף אונדז רחמנות האָבן...

ארויסבאַגלייט הערשלען מיט אהרלען, האָט מען זיך געלאָזט גיין קיין קיעוו צו פוס. קיין שום טראַנספּאָרט איז נישט געווען בנמצא און קיינער האָט נישט געקענט פּאָרויסזאָגן, ווען עס וועט יאָ זיין. סתם זיצן און וואַרטן האָט קיין זינען נישט געהאַט, איז מען אַוועק מיט דעם אייגענעם טראַנספּאָרט. דער וועג איז געווען אַ שווערער. די טיפע זאַמד און די צע־וואָרפענע שטיינער האָבן ממש אונטערגעהאַקט די פיס. צווישן די קום־טעם אין טאָל, האָבן זיי דערזען אַ טויטע פרוי. זיי האָבן נישט געקענט וויסן: צי דאָס האָט זי אַ דייטשער שפּיאָן געהרגעט און פארשלעפּט אין די קוסטעס; צי זי איז דאָרט געהרגעט געוואָרן פון אַ באָמבאַרדיראָוועקע; צי אפשר איז זי דאָרט געשטאָרבן מיט איר אייגענעם טויט? דאָס גאַנצע פנים אירס איז געווען באַזעצט מיט פליגן, אַזוי אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען צו דערקענען, צי איז זי אַ יונגע, צי אַן אַלטע? אַ יידישע, צי נישט קיין יידישע? און וואָס איז דען געווען דער חילוק: ווער זי איז און וואָס זי איז? ס׳איז איצט אַ נאָווינע אַ מת, צי אַ הרוג?

...זיי זענען אַנטלאָפן, ווי מען אַנטלויפט פון אַ מפּולת —

פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט דאָס שוידערלעכע קול פונעם נביא:

...אראלים צעקו חוצה, מלאכי־שלום מר יבכיון, נשמו מסילות, שבת עובר אורח... אבל אומללה ארץ, כי יום נקם לד׳...

ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיך אַלע אומגעקערט אויף לוואָוו־סקע צו די ראַדיעצקים.

*

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דעם, ווי מען האָט אַוועקגעשיקט הערש־לען מיט אהרלען, האָט זיך אין אַ פארנאַכטיקער שעה אריינגעכאַפּט צו זיך אַהיים גאָדל ראַדיעצקי. פון זינט ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט מען אים נאָר אויף געציילטע מינוטן געזען אין דער היים. די לענקוזניע האָט איצט פּראָדוצירט: פּוליעמיאָטן, רעוואָלווערן און אויטאָמאַטן, דריי מאָל מער ווי די פארמלחמהדיקע נאָרמע איז געווען. גאָדל האָט געאַרבעט אַכצן שעה אינעם מעת־לעת און די איבעריקע שעהן איז ער געשלאָפן אין באַזע אויף אַ קאַסטן, אונטערלייגנדיק אַ קעסטל קוילן צו קאָפּנס.

אַלע האָבן זיך צו אים אַ וואָרף געטון:

— גאָדל, וואָס הערט זיך עפּעס גוטע נייעס?

— עס וועט זיך שוין הערן, האָט קיין מורא נישט! גאָר אין גיכן וועט זיך אם ירצה השם הערן. איר זאָלט נאָר קיינעם נישט דערציילן. דאָס איז אַ געפערלעכער סוד. די שטאָט איז פול מיט שפּיאָנען. מען וועט אין

* אַ פליייש־מאָל־מאַשין.

גיכן, מיט גאָטס הילף, דעם דייטש אַזוי דערלאַנגען, אַז ער וועט זיינע ראַכיטישע ביינער נישט צונויפקלייבן. ער וועט באַלוינט ווערן, ווי ער האָט דאָס פאַרדינט. די גאַנצע אַרמיי פונעם ווייטן מזרח וואַרפט מען אַריבער אַהער צו צו אונדז. זיי פאָרן שוין. זיי זענען שוין אין וועג. מען האָט זיי איינגעטיילט אויף דער אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד. נאָר איינס האָט נישט צום צווייטן. דערווייל רעדט מען שטאַרק פון עוואַקואירן דעם זאַוואָד. צוליב דעם טאַקע בין איך איצט געקומען. איך דאַרף וויסן, וועמען צו פאַרשרייבן. און איך האָב שוין פאַר איין וועגס גיוואָלט זען שלמהן מיט יוכבדן. כ'האָב זיי שוין לאַנג, לאַנג נישט געזען... ס'איז טאַקע גוט, וואָס איך האָב זיי דאָ געטראָפן. יאָ, באַרעכן, איך האָב גאָר פאַרגעסן פרעגן: אַוועקגעפאָרן הערשל מיט אַהרלען? טאַקע אָפּגעשיקט געוואָרן?! אַך, אַך, אַך... זיך מיט זיי אפילו נישט געזעגנט, ווי עס דאַרף צו זיין... אַזוי איז דאָס... מלחמה... מלחמה — איז מלחמה... אָ! פאַרשאָלטענער היטלער... נאָר מיר וועלן אים שוין ווייזן, וואָס עס הייסט אַזוינס: „רוסלאַנד"... מיר וועלן אים שוין ווייזן, ווו ראַקעס ווינטערן. אַלע ביז איינעם וועלן מיר זיי אויסשעכטן ווי די באַראַנעס, קיין שריד ופליט וועט פון זיי נישט איבערבלייבן. יאָ, וואָס זשע האָב איך אָנגעהויבן צו דערציילן? דערמאָנט מיר. דער קאָפּ אַרבעט נישט. נישט אויסגעשלאָפן. אַ—האַ! זיך דערמאָנט! דער שטאַב פונעם פראָנט האָט נעכטן איבערגעכאַפּט אַ שיפרירטע טעלעגראַמע פון זייער גענעראַל־שטאַב, אַז מען זאָל זען פאַר יעדן פרייז צו פּאַראַליזירן דעם אייזנבאַן־פּאַרקער — און דער עיקר: פון קיעוו — אין דעם האַרץ פון דעם לאַנד... דאָ איז די כוונה אַ בולטע: כדי מען זאָל נישט קענען צופירן קיין מיליטער, און נישט אַרויספירן די באַפעלקערונג. דאָס צווייטע איז פאַר זיי פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס ערשטע, ווייל איבערשניידנדיק אַלע וועגן, דורך וועלכע מען וואָלט געקענט אַנטלויפן, דעמאָראַליזירט ער קודם כל די באַפעלקערונג, והשנית, באַקומט ער אַ פּאָלנע שטאָט אומזיסטיקע משרתים. נו, איר פאַרשטייט דאָך, מען דאַרף אַ סך? ווען זיי רייסן חלילה נאָר אויף דעם בריק איבערן דניעפּר — פאַרטיק! זיצט מען אין קאַלאָש! אמת, דעם בריק היט מען גוט! זיבן און צוואַנציק זעניטנע באַטאַרייעס באַוואַכן אים. אָבער דער דייטש — ווער קען אָפּשאַצן זיינע כוחות? ער קען נאָך אַרויפשיקן פינף הונדערט אַעראָפּלאַנען מיט איין מאָל און צעשמעטערן דעם בריק אויף פּיצפּיצלעך. טאַקע דערפאַר יאָגט מען זיך אַזוי צו ביי אונדז מיט דער עוואַקואַציע. יאָ, קענען וואָס זשע האָב איך דאָס אַלץ אָנגעהויבן זאָגן? איך פאַרגעס אַלץ. אַ—האַ! דו הערסט, שלמה? אייער סאַלאָמינקע איז איצט אַ געפערלעך אָרט פאַר אייך. אונטער דער סאַמע נאָז געפינט זיך דאָרט: דער וואָקזאַל; די דעפּאָען; דער זאַוואָד: „לענינס קוזניע"; דער לאָקאָמאָטיוו־זאַוואָד; די נאַפט־רעזערוואַרן; דער „טעץ"; * די אַרטילעריסטע

* ראשי תיבות פון: „באַהייצונג־עלעקטראָ־צענטראַל".

שול; דאָס אוויאַ־שטעטל; די פּיעכאָטנע שול; אויך דער אַעראָדראָם איז נישט ווייט; אויך די פּראַכט־סטאַנציעס — מיט דער האַנט צו דערלאַנגען! מיט איין וואָרט: דאָס דאָזיקע מקום שטעקט אין סאַמע רעכטן פּייער... איך לעב כסדר אין שרעק פאַר אייך. ס'איז פאַר אייך זייער נישט זיכער זיך דאָרט צו געפינען. קורץ גערעדט: איך וויל נישט, אַז איר זאָלט דאָרטן זיין. איך האָב באַשטעלט אַ לאַסטאַוויטאָ אויף ניין אַ זייגער אין אָוונט. דאָס איז אַ מיליטערישער אויטאָ, וואָס קען אומגעשטערט קורסירן אַ קיילעכדיקן מעת־לעת. איך האָב גערעכנט, אַז עמעצער פון די קינדער וועט צופאָרן צו אייך, און אייך מודיע זיין, אַז איר זאָלט זיין גרייט. עס זאָל אין אייך נישט זיין קיין מניעה. איצט, אַז איר זענט אַליין דאָ, איז נאָך בעסער. איר און שלמהס עלטערן און מנשה דאָרטן מיט די שוועסטער, די מומע לאה, צי מיכאלס ווייב — מיט איין וואָרט: אַלע אייערע! איר וועט נעמען מיט זיך נאָר דאָס סאַמע נייטיקסטע, און אויף דערווייל אַריבערפאָרן צו אונדז. עס וועט דאָ מוזן קלעקן פלאַץ פאַר יעדן. אונדזער דירה, פאַרשטענדלעך, דאַרף אויך גאָט היטן. אָבער לכל הפחות שטייט זי נישט אין שכנות מיט אַזעלכע וויכטיקע מיליטערישע אָביעקטן, ווי אָט דאָס סאָלאָמינקע. אָט דאָס בין איך אייך געקומען זאָגן. איין זאַך בעט איך אייך נאָך אַ מאָל: פאַרהאַלט נישט קיין איבעריקס דעם אויטאָ! מאַכט עס איינס און צוויי! איך האָב אים ממש אויסגעוויינט ביים קאָמענדאַנט אויף אַ שעה. נו, איצט לויף איך. טאַטע, ווי אַזוי פילסטו זיך?

— דאַנקען גאָט. ווער הערט זיך איצט צו צו אַזעלכע נאַרישקייטן? שטיי נאָר, ווּהין לויפסטו? האָסט דאָך עפּעס געוואָלט רעדן וועגן דער עוואַקואַציע —

— הערסט אַ מעשה? טאַקע שיר נישט פאַרגעסן! היידאַ, חברה, פאַרהאַלט מיך נישט! זאָגט: ווער פאָרט? שלמה, דו פאָרסט?

— משוגע בין איך? איבערלאָזן קיעוו?

— וואָס אַרט דיך? עס קאָסט דיך הוצאות? דו וועסט איבערזיצן אויף אוראַל די עטלעכע חדשים, ביז מען וועט דעם טיגער פאַרטרייבן צוריק אין זיין נאָרע אָדער אין גאַנצן אין דער ערד אַריין און אָראָפּשינדן פון אים די פעל, און דאַן וועלן מיר זיך אַלע אומקערן אויף צוריק —

— כ'בעט דיך, איך בין נישט קיין יידענע, רעד מיר נישט איין... די טאַטע־מאַמע זענען דאָ, אַלע יידן זענען דאָ, און איך וועל דער ערשטער כאַפּן די פיס אויף די פּלייצעס... און בכלל, וואָס עפּעס פאַר אַן אַוועקפאָרן?

— נו, איך האָב איצט קיין צייט נישט אויף קיין לאַנגע פּאָלעמיקעס. ניין, דאַרף מען נישט. הייסט עס, נאָר דעם טאַטן מיט דער מאַמען מיט די קינדער? האַ?

ר' נחמן צעלאַכט זיך:

— וואָס, דו מאַכסט זיך נאַריש? דו וועסט מיך פאַרפירן אויף אוראַל, וווּ מען געפינט נישט אויף קיין רפואה קיין יידיש פנים; וווּ ס'איז

אפילו נישטאָ קיין מקום־קדוש; וואָרעם — וואָס? וואָס איז אויף מיר דאָס לויפעניש? אויב מען וועט שוין חלילה טאַקע מוזן אַנטלויפן, וועל איך פאָרן מיט שלמהן, וועל איך פאָרן מיט אפרים־אהרונען, מיט אַלע יידן! וואָס זאָגסטו דו, סאָסי? בין איך נישט גערעכט?

— אודאי אַזוי! וואָס זענען מיר עפּעס, קינדערלעך, וואָס מיר זאָלן זיך העצקען אויף עקסקורסיעס? איי, דאָס וואָס מיר האָבן נאָך אוראַל קיין מאָל נישט געזען? וועט שוין מוזן זיין אַזוי אויך גוט —

גאָדל טרעט איבער פון איין פוס אויפן אַנדערן פאַר אומגעדולד:

— איך בעט אייך, האָט רחמנות, טראַכט גיכער. עס ברענט אויף מיר די הויט. זאָגט שוין גיכער, אויב נישט אייך, וועמען דען זאָל איך פאַרשרייבן?

— די מיידלעך נעם דיר מיט! וואָרעם, די שעה זאָל גאָר נישט זיין, טאָמער חלילה קומט אויס צו לעבן מיטן דייטש, איז מיט אַ מיידל די ערגסטע סכנה... וואָס דען, מיך דאַרפן זיי? וואָס בין איך, וואָס? אַ קאָמוניסט? אַ קאָמיסאַר? מיידלעך איז אַן אַנדער זאַך... אַ סאָלדאַט, אַז ער דערזעט אַ מיידל... יאָ, יאָ, פאַרשרייב זיי דאָרט. זיי וועלן פאָרן...

לאהקע איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ געוויין:

— ווער זאָגט עס, אַז מיר פאָרן? קיינער פון אונדז וועט נישט פאָרן... אָן אייך פאָרן מיר נישט... נאַ דיר גאָר איבערלאָזן עלטערע מענטשן אַליין —

— גיי, דו נאַריש ציגל! אויף וואָס דאַרפן מיר אייך דאָ? וואָס איז, די מאַמע מיט יוכבדן וועלן נישט קענען פירן די שטוב אָן אייך, פונקט אַזוי גוט, ווי מיט אייך? און סוף כל סוף, אויב שלמה וועט ערגעץ פאָרן, וועלן מיר אויך מיט אים פאָרן... שלמה מיט יוכבדן זענען קיין קינדער נישט?

דער אַלטער גייט אַלץ מער אַריין אין התלהבות פון דער טיפער לאָגישקייט פון זיינע אייגענע רייד. ער איז אַליין שטאַרק באַווירקט פון דעם גלייכן געדאַנק, וואָס ער האָט דאָ אַרויסגעזאָגט:

— אודאי אַזוי! אודאי מוזט איר פאָרן! אפילו ווען נאָר צוליב גאָדלען, מוזט איר אויך פאָרן! וואָס וועט ער דאָרטן טון איינער אַליין אין דער פרעמד? ווער וועט אים אויסוואַשן אַ העמד? אָפּקאָכן אַ לעפל געקעכטס? גייט אייך, ווילדע מיידן, וואָס איר זענט! נאַ דיר גאָר אַ וויינען אין מיטן דערינען. וואָס איז? מה רעש? טאָמער צעפאָרט מען זיך — אויף וויפל האָסטו געזאָגט, גאָדל? אויף עטלעכע חדשים? — נו, וואָס זשע איז דאָ דער גוואַלד? און אַז ביי לייטן פאָרט מען אַוועק אויף אַ קוראָרט אויף עטלעכע חדשים, דאָס האָט איר גאָר נישט געזען? אָט איז דאָך אַ מאָל יוכבד אַוועקגעפאָרן אויף אַ דאַטשע פון שבועות ביז ימים־טובים, צי איר האָט שוין פאַרגעסן, האָט איר שוין? נו, וואָס זשע איז געווען? האָט מען געוויינט? נאַ דיר גאָר אַ געוויין אין מיטן מיטוואָך שבת צו נאַכטס! איי דאָס, וואָס מיר בלייבן דאָ איבער אַליין? איז דאָך דאָס אַ ליגן! שקר

זכוב! מיר בלייבן נישט איבער אליין. און יוכבד מיט שלמהן — זענען נישט קיין קינדער? און נחומל מיט שמחהלען — זענען נישט קיין קינדער? נאָך בעסער ווי אייגענע קינדער! דאָס פּראָצענט, זאָגט די וועלט, איז נאָך טייערער פונעם געלט. איר ווייסט גאָר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? גלייבט מיר, איך קען זיי נאָך אפילו נישט אקוראַט, מיינע טייערע פייגעלעך. אַז איר וועט בשעה טובה ומוצלחת אוועקפאָרן, וועל איך ערשט מיט אַ לויטערן קאָפּ אוועקזעצן נחומלען אויף די קני, לערנען מיט אים אַ פרשה חומש, ווי דער רבי פלעגט מיט מיר לערנען, און טאַקע פאַר איין וועגס אליין אויך איבערחזרן. סאָסי, דו געדענקסט נאָך, ווי אַזוי מען פלעגט אַ מאָל זינגען אין חדר, האַ? „ואני — און איך יעקב — כאָטש איך וויים, אַז דו וועסט אויף מיר ברוגז זיין"... דו געדענקסט נאָך, צי ניין? וועל איך אָט דעם געשמאַקן ניגון מיט די הייליקע ווערטער, וואָס ווערן צוגעזאָגט דערביי, איינחזרן אויך מיט נחומלען —

ר' נחמן גיט אַ קלאַפּ אין טיש:

— אַן עק! איך היים די מיידלעך פאָרן! איך בין גוזר! גאָדל, דו האָסט קיין צייט נישט? גיי! גיי, און פאַרשרייב זיי. איך היים! דו האָסט אויף זיי נישט וואָס צו קוקן. דערוויי‍ל בין איך נאָך דער בעל־הבית אין שטוב און די דעה איז ביי מיר!

גאָדל, שוין פון שוועל:

— בעט איך דיך שלמה, זע, אַז איך זאָל נישט האָבן קיין צרות איבער דעם אויטאָ —

— האָב נישט קיין עגמת־נפש, אַלץ וועט זיין אויסגעפּילט מיט דער מיליטערישער פּינקטלעכקייט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דעם זעלבן אויפדערנאַכט זענען אַלע סאָלאָמינקער פּיאַטיגאָרסקיס, מיט די איבעריקע קרובים, „אריבערגעוואָרפן" געוואָרן אויף לוואָווסקע־גאַס צו די ראַדיעצקיס.

ווען שלמה מיט יוכבדן זענען אַריינגעלאָפן אין זייער פאַרשעמטער וווינונג, איבערלאָזנדיק דעם אויטאָ טאַראַכקען פאַר זייער שטוב, איז שוין אויף דער גאַס געווען רעכט פינצטער און אַלע „פאַרשוינען" זענען געזעסן אויף דעם אויטאָ אין פחד און אין שרעק. זיי האָבן אויף גיך אַריינגעשטופּט אין אַ רוקזאַק: די בעסערע אַנצוגן, דאָס מזומנע געלט, די קינדערשע קליידער און עטלעכע צוקאָפּנס־קישעלעך.

— יוכבדל, אפשר וואָלט איך אַראָפּגענומען די מזוזה פון דער טיר? דאָס איז אַ טייערע מזוזה, אַן ארץ־ישראלדיקע. זי ליגט ביי מיר באַהאַלטן פון צען יאָר אָן, זי האָט מיט מיר צוזאַמען דורכגעמאַכט אַלע גלותן, האַ, וואָס זאָגסטו?

— מיר דאַכט זיך, אַז מיר לאָזן דאָ איבער אין שטוב און אין קעלער עפּעס ווערטפולערס פון דער מזוזה. וואָס איז, עפּעס קלייבן מיר זיך חלילה אַרויס פון דאַנען? איך פאַרשטיי דיך נישט... אדרבה, מיר דאַכט

זיך גאָר פאַרקערט: זאָל זי טאַקע יאָ הענגען און היטן: אַ די שטוב, אַ דעם קעלער —

שלמה גיט איר ליבלעך אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

— ביסט דו גערעכט! פּאָרט אַ קלוג ווייבל... יאָ־יאָ, זאָל זי טאַקע הענגען און היטן די שטוב מיטן קעלער. אודאי, אודאי, זאָל זי הענגען!

און שוין ביים פּאָטער אין שטוב, באַלייגנדיק די קינדערלעך שלאָפן אויף דער נייער אכסניא, האָט יוכבד מסביר געווען שלמהן איר שיקול־הדעת:

— פאַרשטייסטו מיך, שלמהלע — ס'איז שוין עטלעכע טעג, אַז איך שלאָג זיך מיט דער דעה: צי זאָלן מיר אַרויסנעמען די בראָשקע און זי בעסער אַרומטראָגן מיט זיך; ממה נפשך: ווי אַזוי גאָט וועט מיט אונדז פירן, על כל פנים, זאָל זי כאָטש שטענדיק זיין צו דער האַנט; צי ס'איז גלייכער זי זאָל ליגן אויף איר מקום־מנוחה, נישט מיר זאָלן דאָס גאַנצע דאַברע־מזל אונדזערס אַרומשלעפּן מיט זיך אין די קעלערס און אין די שוצגראָבנס... ווער ווייסט, וויפל מאָל מען וועט אונדז נאָך זאָגן „לך לך" אין אָט דעם באַלעגערטן קיעוו...

— אויף וואָס זשע האָסטו זיך אָפּגעשטעלט, לעבן מיינס?

— כ'ווייס, מיינסטו, אויף וואָס זיך אָפּצושטעלן? ס'איז אַזוי נישט גוט און ס'איז אַזוי נישט גוט... כ'ווייס? וואָס זאָגסט דו?

— וואָס זאָל איך זאָגן? איך האָב עפּעס דעם נביא אין קעשענע, אַז איך זאָל וויסן ווי אַזוי ס'איז בעסער? איך ישוב זיך אויך... טאָ דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַזוי איז גלייכער, טאָ — פאַרקערט... ס'איז ווי אַ מינוט...

— ניין, איך האַלט, אַז מיר דאַרפן עס נישט רירן פונעם אָרט... דער בעסטער שומר איז די ערד. וואָס די ערד דעקט צו —

— ...איז צוגעדעקט! ביסט גערעכט, מיר שיינט אויך אַזוי גלייכער צו זיין...

*

לימים האָט זיך שלמהן צופעליק געטראָפן דורכצוגיין פאַרביי טראַ־איצקע פּלאַץ: דער נייער סטאַדיאָן איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטער, אַ נישט געעפנטער. שטייענדיק ביים טויער, האָט שלמה באַטראַכט דעם שנור, וואָס איז פאַרבליבן נישט קיין איבערגעשוירענער; ער האָט באַטראַכט די פאַר־יתומטע אַלייען, די גאַניקלעך, די גאַלערייעס, די שווינדלטרעפּ, די בענקענ־דיקע פּופּציק טויזנט פּלעצער; און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער סטאַ־דיאָן, דאָס איז כלל נישט קיין מין פּאַרק, דאָס איז גאָר אַ כלה, ביי וועל־כער מען האָט אויסגעכאַפּט דעם חתן פון אונטער דער חופּה, אין דער סאַמע לעצטער מינוט. אין מיטן דעם זאָגן: „הרי־את"... אין אַ מינוט אַרום דאַכט זיך אים, אַז נישט צו קיין „נערה המאורסה" איז געגליכן אָט דער אומגליקלעכער סטאַדיאָן און אויך נישט צו קיין „כלה ביום חופּתה", ווי אים האָט זיך פריער געדאַכט, נאָר צו אַ יונג ווייבל, וואָס דער מאַן

אירער האָט זי אַוועקגעוואָרפן, איז אַוועק למדינת־הים און האָט זי איבער־געלאָזט אַ וויסטע, אַ פינצטערע עגונה. און מיט אַ מאָל איז זי געוווּיר גע־וואָרן פון אַ מקור נאמן, אַז דאָס האָבן בייזע צונגען אויף אים נאָר גע־מאַכט אַ שקר־בלבול, דער מאַן אירער איז איר געבליבן געטריי און קומט אפילו צו פאָרן אהיים אויף פסח. דאָס אויפגעלעבטע ווייבעלע האָט זיך מכין געווען צו באַגעגענען איר „מלך" מיט כל המינים הכנות שבעולם: זי האָט זיך אויסגעוואַשן דאָס לייב מיט רויזנוואַסער; זיך באַשמעקט די האָר מיט די דופטיקסטע שמעקעכטסן; זיך אויסגעפּוצט און אויסגעצירט טאַקע נאָר ווי פאַר אַ „מלכה" פּאַסט, און אחרי ככלות הכל האָט זיך אַ מין „כברת־ארץ" * פאַר דער שטאָט „געעפנט" דער טייך, די קריעס טראָגן זיך איינע איבער דער אַנדערער מיט סכנות־נפשות און דער אַזוי לאַנג דערוואַרטער גאַסט קען זיך צו איר נישט אַריבערשיפן און מוז האַלטן יום־טוב „מעבר לים"...

אויפוואַכנדיק פון זיינע טרויעריקע „דאַכטענישן", האָט שלמה מיט גרוים מיטלייד אַ שאָקל געטון דעם פאַרגליווערטן שנור און איז אָפּגעגאַנ־גען פונעם טויער. ביי דעם קאַסע־פענצטערל איז געהאַנגען אַ פאַרעלטער־טע מעלדונג, וואָס איז געווען אָנגעשריבן אויף אַ דיקטענעם דריי־עק מיט שוואַרצע, קרומע אותיות:

„די פייערלעכע דערעפענונג פונעם סטאַדיאָן אויפן נאָמען פון סטאַ־לין ווערט אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט.

קיעוו, דעם 22טן יוני, 1941. דירעקציע".

— ...אָפּגעלייגט...

הייסט עס, בלויז — אָפּגעלייגט! נו, מילא, איז דאָך אָן סכנות. אָפּ־געלייגט — איז בפירוש אַ גאַנץ געמיטלעך וואָרט. פּשוט: אָפּ—גע—לייגט. באמת טאַקע, מה רעש? און אפילו אַ געניוע דאַטע אָנגעגעבן: ווען מען האָט אָפּגעלייגט. די דירעקציע האָט נאָר פאַרגעסן צושטעלן די צווייטע דאַטע: ביז ווען מען האָט אָפּגעלייגט די דערעפענונג. אָט די צווייטע דאַ־טע שרייבן איצינד אונדזערע העלדן הינטער נאָוואָגראַד־וואָלינסק; הינטער סמאָלענסק; הינטער וויטעבסק און לענינגראַד. אונדזערע האַרציקע פליערס שרייבן אָט די דאַטע מיט דעם בלוט פון זייער האַרצן, אונטער מאָסקווער הימלען, ביי די שוידערלעכע בליצן פון די זעניטקעס און פון די אויפרייסן. אונדזערע הערשעלעך און אונדזערע אהרעלעך, אונדזערע מיכאלס און יחיאלס, זיי וועלן שוין מיט גאָטס הילף אָנשרייבן אָט די געגאַרטע דאַטע! אָבער אָט די גבריאלטשיקלעך, די קאָזאַקאָוס און מיכאילאָווס, זיי — אַ טויט! אַ מעסער אין האַרצן! צו אונדזער צוקינפטיקן גרויסן נצחון טאָרן זיך נישט צורירן קיין אומריינע, אין בלוט פאַרפלעקטע הענט.

שמויץ — אין מיסטקאַסטן אַריין!

---

* אַזאַ שטח. געמיינט: גאַנץ נישט ווייט. פון חומש.

# קאפיטל XXIII

טעג און נעכט זענען געפלויגן שטורמישע, דראַנגדיקע, ווי אָנגע־לאָדענע מיט דינאַמיט —

די געשעענישן האָבן זיך געיאָגט איינע איבער דער אַנדערער מיט אַן אומברחמנותדיקן גאַלאָפּ —

די נייעסן האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם צערודערטן כרך כוואַ־ליעסווייז: מיט געפּערלעכן אימפּעט, מיט רתיחה, מיט שוים אויף די ליפּן — עמד עליו נחשול!

דער דיקטאָר האָט מיט אַ קאַלטער אכזריות געשניטן דאָס האַרץ מיט אַ טעמפּן מעסער:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...נאָך שווערע קאַמפן — פאַרשאַפנדיק דעם שונא אומגעהייערע היזקות הן אין מענטשן, הן אין אַמוניציע — האָבן אונדזערע פעדערשטע פּאָלקן זיך צוריקגעצויגן אויף נייע, פון פריער צוגעגרייטע, מער באַפעס־טיקטע פּאָזיציעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אונדזערע אָפּטיילונגען, וואָס קומען אין קאָנטאַקט מיטן שונאס איבערוועגנדיקע האָרדעס, האָבן צוליב סטראַטעגישע טעמים פאַרלאָזט די אַלטע שטיצפּונקטן און האָבן זיך פאַרפעסטיקט אויף נייע, פון וואַנען עס וועט לייכטער זיין אָפּצושטויסן די פאַשיסטישע באַנדיטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אונדזערע חיילות האָבן מיט אַ געלונגענעם מאַנעווער זיך אַרויס־געדרייט פונעם שונאס „זעקל" און זענען כמעט אָן שאָדן אַריבערגעגאַנגען אויף נייע, בעסערע פּאָזיציעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער שונא האָט צוגעפירט צום פראָנט פרישע פינף און צוואַנציק דיוויזיעס —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער שונא האָט אַריינגעוואָרפן אין שלאַכט פרישע זיבן, אכט הונ־דערט אעראָפּלאַנען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אַ גרופּע שווערע טאַנקען האָבן זיך דורכגעריסן דורך אונדזערע ערשטע ליניעס —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אַ דעסאַנט פון העכער טויזנט פאַראַשוטיסטן האָט אָפּגעשניטן און פאַרכאַפּט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אַ דעסאַנט פון העכער צוויי הונדערט טאַנקעטקעס האָט זיך אַריינ־געשניטן און באַהערשט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אונדזערע חיילות האָבן פאַרלאָזט קאַמיניעץ־פּאָדאָלסק. פאַרלאָזט שעפּעטאָווקע. פאַרלאָזט מאַלין, דוגאַיעווצע, פּראָסקוראָוו —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אין זשמערינקער ריכטונג —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אין זשיטאָמירער ריכטונג —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אין דער ריכטונג פון קאָראָסטיען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

...פון וויניצע, פון קאַזיאַטין, פון —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער ראַדיאָ מיט זיינע טאָג־טעגלעכע „בשורות טובות" וועגן אַלץ נייע „נסוג אחור'ס" * האָט געטריפט מיט גיפט אין דער נשמה אַריין... דאָס הייסגעליבטע, טיף אין האַרצן איינגעבאַקענע פאָטערלאַנד האָט מעטער נאָך מעטער זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער די פיס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אויף צו להכעיס איז די נאַטור געווען רייצנדיק שיין: די זון האָט געגלעט; דאָס ווינטעלע האָט זיך געלאַשטשעט; דער דניעפּר האָט געחלשט פאַר דעם דורכגייער:

— קום, באָד זיך אויס אין מיר... איך וועל דיך צערטלען, איך וועל דיך גלעטן... איך ווער דאָך פאַרשימלט און פאַרזשאַווערט וואַרטנדיק אויף אייך...

די וועלט האָט שוין אָבער לאַנג פאַרגעסן, וואָס עס הייסט: אַ פּלאַ־זשע; וואָס עס הייסט סאָסנע; דאַטשע; קוראָרט; עקסקורסיע —

די וועלט האָט זיך אַצינד באַנוצט מיט אַן אַנדער לעקסיקאָן:

...מעסערשמידט... טאַנקעטקע... עראָנאַוווט... טאַראַן... דעסאַנט... סיגנאַליזאַציע... פריצן... גרעטכנס... „צונגען"... שפּיאָנען...

ס'איז אַרויס אַ באַפעל פון דער מיליטערישער מאַכט: אַרויסצושיקן אַלע איינוווינער פון די פאָרשטעט: סאָלאָמינקע, סוויאַטאָשין, פּושטשע־וואָדיצע, טעליטשקע, גאָסטאָמעל, פּאָסט־וואָלינסקי, און פאַרוואַנדלען זיי אין נישט־צוטריטלעכע פעסטונגען. טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, האָבן געגראָבן אַנטי־טאַנק גראָבנס; געמאַכט

* צוריקטרעטן, זיך צוריקציען.

באריערן פֿון שטייענדיקע רעלסן; אויפֿגעשטעלט פּילפּאכיקע פּאַרצווימונגען פֿון שטעכלדראָט קעגן דער פּיעכאָטע. אין דער לופֿטן איז גאַנץ קיעוו גע־ווען אַרומגעגאַרטלט מיט ריזיקע אַעראָסטאַטן, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי משונה־נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזטע וואָלקנס. אונטער די הימלען האָבן גע־פֿינקלט מעטאַלענע, עלעקטריזירטע, קוים געזעענע אַוויאַ־צעשמעטערערס. אין צענטער פֿון דער שטאָט און נישט נאָר אין צענטער זענען גאַנצע גאַסן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין שוצגראָבנס, אין אויף שנעל געמאַכטע טראַנ־שייען. די אַמאָליקע טראָטוארן זענען געווען איבערגעגראָבן און אויסגע־קאָרטשעוועט. דער גאַנצער שטח האָט אויסגעזען ווי נאָך אַן ערדציטער־ניש, ווי נאָך אַ ווולקאַן־אויפֿרייס. אויף טריט און שריט זענען צעשטעלט געוואָרן זעניטנע באַטאַרייעס און סתם ווייט־טראָגנדיקע האַרמאַטן. די גאַנ־צע פּראָריעזנאַיאַ־גאַס האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט איין בעטאָנירטע פּעס־טונג, מיט אַ מאַסע האַרמאַטן אויף די דעכער און אַזוי קרעשטשאַטיק, און אַזוי טאָלסטאָוואַ, און אַזוי סטעפּאַנאָווסקע, און אַזוי שטשאָרכאַ. פֿון דעם אָפּערע־טעאַטער האָבן אַראָפּגעקוקט זעניטקעס; פֿון דער געוועזענער קו־פּיעטשעסקע־שול — זעניטקעס. און אַזוי פֿון דער מלוכה־באַנק, און פֿון דעם פּעטשערסקע פֿיליאַל פֿון דער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן, און פֿון דעם הויפּט־פּאָסטאַמט, און פֿון דער אַפּטייק אויפֿן נאָמען פֿון דער געפּעאו, און פֿון דעם רעוואָלוציע־מוזעאום — פֿון אומעטום האָבן אַראָפּגעקוקט אויפֿן דורכגייער קליינע האַרמאַטן מיט לאַנגע העלדזער — זעניטקעס! אויפֿן דאַך פֿון גינזבורגס הויז, אויף אינסטיטוטסקע 16, האָט מען אוועק־געשטעלט אַזש פֿיר זעניטנע האַרמאַטן. דער שטאַב פֿונעם פּראָנט האָט זיך איבערגעפֿירט אויף דער וולאַדימירסקע גאַרקע. דער גרוימער פּראָלעטאַרי־שער גאָרטן איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטעריש שטעטל. די קאַ־סעס פֿונעם וואָקזאַל און דעם גאַנצן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט האָט מען איבערגעפֿירט אין די טונקעלע אַלייען פֿון דעם באָטאַנישן גאָרטן. קיעוו איז געוואָרן נישט צו דערקענען. דער גאָט פֿון מלחמה האָט צעטרעטן און צעטאָפּטשעט איר שיינקייט און האָט מיט גראָבע הענט צעריסן און צע־פֿליקט אַלע אירע אַמאָליקע פּרעכטיקע בגדי־מלכות.

ס'איז אָבער געווען נאָך אַ גרעסערע פּלאָג, ווי דער אויסערלעכער חורבן —

אין שטאָט האָט געהערשט אַ שרעקלעכע פּאַניק. דער דאָזיקער פּסי־כאָז האָט בליצשנעל אַרומגעכאַפּט די גאַנצע באַפֿעלקערונג און האָט — אַזוי ווי אַ מאָל טיטוס'עם יתוש — מיט קופּערנע נעגל זיך אַריינגע־שניטן אין די מענטשישע מוחות — איינער האָט נישט געגלייבט דעם צווייטן! די שטאָט איז געווען פֿול מיט דייטשע שפּיאָנען. דער דייטש האָט אַראָפּגעלאָזט היפּשע דעסאַנטן מיט מיליציאָנערן; מיט מיליטערישע טשי־נען: לייטענאַנטן, גענערעלער. ער האָט פֿאַרפֿלייצט די שטאָט מיט דיווער־סאַנטן — איבערגעטונענע אין אייזנבאַן־אָנגעשטעלטע; אין פּאָסט־באַאַמ־טע. צווישן די דעסאַנטניקעס זענען געווען אָן אַ שיעור ראַדיסטן מיט

אויפנעם און ארויסשיק אַפּאַראַטן, וועלכע זיי פּלעגן באַהאַלטן: אין טאַש, אין פּאָרטפעל, אויפן האַרצן, און אַפילו אָנגעטון אויף דער האַנט, ווי אַ רידיקיול. דער שפּיאָן פּלעגט אַרומגיין איבער דער שטאָט פראַנק און פריי, אַלץ אויסקוקן, אַלץ פאַרצייכענען ביי זיך, אָנצייכענען די נייטיקע פּונקטן אויף דער קאַרטע און דאַן אַריינגיין אין אַ פּוסטער טעלעפאָן־בודקע, ער־גען אין אַ פאַרלאָזטן סקווער, אָדער אַפילו אין אַ קלאָזעט, און גלייך אי־בערגעבן די צונויפגעזאַמלטע ידיעות אין זיין שטאַב אַריין. אַזוי אַרום האָט דער דייטש אַלע מינוט געהאַט גענויע ידיעות וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין קיעוו: וועגן דעם מצב מיט לעבנס־מיטלען; וועגן דעם מצב מיט טראַנספּאָרט; וועגן די מאָסמיטלען, וואָס די ראַטנמאַכט נעמט אָן קעגן די באַצאָלטע פּאַניקמאַכערס; וועגן דער שטימונג פון דער באַפעלקערונג גופא; מיט איין וואָרט: וועגן אַלץ וואָס זיי האָט אינטערעסירט. די דורכ־געטריבן־קלוגע און שוווער־געפּרוווטע קיעווער איינוווינער פלעגן די דאָזיקע חברה־לייט דערקענען אין זייער בלאָנדזינדיקן קוק, אָדער, ווען.זיי זענען שוין געווען געצוווּנגען צו ענטפערן אויף אַ פראַגע — איז אין אָן אומ־פאַרזיכטיקן „יאַ", אָנשטאָט „דאַ".* קוים האָט מען די דאָזיקע כלבים נאָר אַנטדעקט און דעמאַסקירט, פלעגט מען זיי אָן קיינע שהיות דערשיסן אין מיטן גאַס ווי די הינט. די כאַפּערס האָבן ס'רוב מורא געהאַט זיי אָפּ־צופירן אויף דער מיליץ, טאָמער זיצן דאָרט אויך „איבערגעטונענע", וועל־כע וועלן זיי גלייך אַרויסלאָזן דורך דער הינטערטיר. ביי נאַכט פלעגט זיך אין שטאָט אָפּט הערן אַ געדיכט שיסעריי. ווער עס שיסט אויף וועמען, האָט מען בשום אופן ואופן קיין מאָל נישט געקענט דערגיין. פון ווייטע דעכער — האָט מען דייטלעך געזען — טייטלט עמעצער אין הימל אַריין מיט ליכט־סיגנאַלן. פאַרביסענע שונאים, געוועזענע וויים־גוואַרדייער, קו־לאַקעס, דיזערטירן און סתם באַנדיטן זענען אַרויסגעקראָכן פון זייערע נאָרעס אויף דער ליכטיקער שיין. זיי האָבן כמעט אָפן טריאומפירט, גע־שכורט, אונטער פאַרשידענע אויסרעדן געזידלט און געשאָלטן די ראַטנ־מאַכט און אין דער שטיל געזאָגט איינער דעם אַנדערן: „הייל היטלער"! ס'איז ממש געוואָרן אומהיימלעך דורכצוגיין די גאַס אָדער צו פאָרן אין טראַמוויי: מען האָט נישט געקענט וויסן לעבן וועמען מען שטייט: צי איז דאָס צופעליק נישט קיין דייטש אָדער קיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. דורך די נעכט פלעגן די דייטשע אַוויאַ־אָפּטיילונגען מעכטיק אָנגרייפן דעם בריק איבערן דניעפּר, וואָס פירט פון קיעוו קיין דאַרניצע. די איינוווינער פון פּאָדאָל האָבן זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו דער מוזיק פון די זעניטקעס מיט די אויפרייסן אינעם ראַיאָן פון דער בריק, אַז אויב עס פלעגט אין מיטן דער נאַכט אויף אָן עונה של כלום פלוצלינג שטיל ווערן, פלעגט מען זיך דערשראָקענע אויפכאַפּן פונעם שלאָף:

— וואָס איז? וואָס איז געשען? פאַר וואָס שווייגט מען עפּעס?

---

* אויף דייטש — יאַ, און אויף רוסיש — דאַ, באַטייט: יאָ.

דער באַדן פֿאַר יידן און פֿאַר קאָמוניסטן האָט זיך פֿון מינוט צו מי־נוט אַרויסגעגליטשט פֿון אונטער די פֿיס. דער לאַגער, אַזוי מעכטיקער נאָמען: „ס. ס. ס. ר.״ האָט איצט אויסגעזען „כאתא קלילא דלית בה משׁשותא״.* דער גייסט פֿון דער ראַטנמאַכט אויף דער אוקראַינע האָט זיך מיט אַ ווילדן גאַלאָפּ אָפּגעטראָגן פֿון דער ווירקלעכקייט; ד׳ער אַנדענק וועגן אים האָט שוין גיכער געשיינט צו זיין אַ דמיון; ער האָט שוין גאָר געהערט צו די אויסגעטראַכטע מעשהלעך —

...אַמאָל־אַמאָל, אין די ווייטע, ווייטע פֿאַרצייטישע יאָרן, איז אין איינעם פֿון די פֿאַרוואָרפֿנסטע ערגעץ־לענדער געווען אַ מדינה, וואָס האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַזאַ מאָדנעם נאָמען ווי „סאָוויעטסקאַיאַ װלאַסט״...

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן האָבן די איינוווינער געמיינט, אַז עס האָט אין מיטן זומער אויסגעשאָטן אַ שניי. די גאַנצע שטאָט איז פֿאַרזייט גע־וואָרן מיט ווייסע פּראָקלאַמאַציעס אין רוסיש.

גאַנץ קיעוו האָט געלייענט:

„אוקראַינער אַרבעטער, פּויער און סאָלדאַט! היינט איז ענדלעך גע־קומען דער טאָג פֿון דיין באַפֿרייאונג! גענוג יאָרן האָט איר געלאָזט קאָ־מאַנדעווען די קרעציקע באָלשעוויקעס! פֿיר און צוואַנציק יאָר זענט איר געווען סטאַלינס קנעכט, געאַרבעט אויפֿן גרוזין און אויף זיינע פֿאַרשיווע אונטערלעקערס, די יידעלעך. פֿון היינט אָן — אויס! דער פֿאַרברעכערי־שער ספּעקטאַקל איז געענדיקט. די רויטע באַנדיטן האָבן שוין פֿאַרשפּילט דעם קריג: לענינגראַד איז גענומען! סעוואַסטאָפּאָל איז גענומען! מאָס־קווע נעמען מיר די נאָענטסטע טעג! גאַנץ באַקו איז אַרויסגעזעצט גע־וואָרן אין דער לופֿט! טאַשקענט ברענט! קיעוו איז אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן! כאַרקאָוו — אַרומגערינגלט. ראָסטאָוו שטייט אין פֿלאַמען! אָדעס איז אין אונדזערע הענט! טיפֿליס איז געפֿאַלן! יערעוואַן איז געפֿאַלן! דער ווייטער מזרח איז באַזעצט געוואָרן פֿון יאַפּאַן! די גאַנצע אינדוסטריע פֿו־נעם אוראַל איז פּאַראַליזירט און ווערט סיסטעמאַטיש פֿאַרניכטעט! דאָס קאַרטאָנענע מכשפֿים־הייזל האָט זיך צעפֿאַלן! אין דעם רויטן צוואַנגס־העמדל האָבן געפּלאַצט אַלע נאָטן! גלייבט נישט דעם רויטן ראַדיאָ! וואָס זיי זאָלן נישט זאָגן, איז דאָס בלויז פֿאַלש און בלויז ליגן. די פּאָליטביוראָ ליגט שוין ערגעץ פֿאַרשטעקט אין די סיבירער וועלדער און אייך רעדט מען נאָך אַלץ איין, אַז עס עקזיסטירט נאָך ערגעץ: אַ שטאַב, אַ פֿראָנט. גאַנצע אַרמייען גייען אַריבער צו אונדז און דרייען אויס די ביקס קעגן די פֿאַר־פֿלוכטע און פֿאַרהאַסטע יידן און קאָמוניסטן, קעגן זייערע נעכטיקע קאָ־מאַנדירן און קאָמיסאַרן —

אוקראַינער סאָלדאַט און אוקראַינער פּויער! קלער נישט לאַנג און טו זיי נאָך! שיק אַריין אַ קויל אין פּלייצע פֿון דיין קאָמאַנדיר! שטעך אַריין

---

* אַן אות, וועלכעס ס׳איז אַמלייכטסטן אויסצורעדן און וועלכעס האָט נישט אין זיך (גייענדיק אַליין, באַזונדער) קיין שום ממשות — די „ה״. פֿון „אקדמות״.

אַ מעסער אין האַרצן פון דיין פאַרזיצער פון קאָלכאָז! צינד אונטער זייע־רע באַזעס! פאַרניכטע זייערע סקלאַדן! רייס אויף זייערע צוגן! ברענג אום זייערע שטאַבן! אוקראַאינער אַרבעטער, פויער און געלערנטער! איר קענט דאָך גוט די רויטע קאַניבאַלן! איר ווייסט דאָך בעסער פון יעדן אַנדערן, וואָס פאַר אַ בלוטדאָרשטיקע חיות דאָס זענען! ווען נישט מיר קומען אייך ראַטעווען, וואָלטן זיי אייך אַלע אומגעבראַכט, אַזוי ווי זיי האָבן אומגע־בראַכט זייערע פירערס, אַזוי ווי זיי האָבן אונטער יעזשאָווס ממשלה אומ־געבראַכט יעדן איינעם, וועלכער איז זיי נישט געפעלן געוואָרן. לאָזט זיך נישט אויסשעכטן ווי די שאָף! האַקט אָפּ די קעפּ פון דעם היפל סאַמאָ־זוואַנצעס, וואָס האָט פאַרכאַפּט די מאַכט! ווערט זעלבסטשטענדיק! געדענקט — היטלער איז אייער פריינד! היטלער איז אייער אויסלייזער! געדענקט גוט, מיט דער דאָזיקער מלחמה מיינען מיר נישט אייך, נאָר די קאָמוניסטן און די יידן. שלאָג יידן, און ראַטעווע אוקראַאינע! אַ טויט די קאָמוניסטן! אויף דער תליה די קאָמיסאַרן! וואַשט אָפּ פון דער הייליקער אוקראַאינער ערד אָט דעם זשידאָווסקע שמוץ, אָט די אַנטיכריסטן! נידער מיט דער יידישער מלוכה! אין דער ערד אַריין זאָלן זיי גיין! נישטאָ פאַר זיי קיין פּלאַץ אויף דער קריסטלעכער ערד! היטלער ברענגט אייך פרידן. היטלער ברענגט אייך גליק. ער וועט אייך צעטיילן די ערד און אַלע רייכטימער, וואָס די סאָוויעטן און די יידן האָבן פאַר דער גאַנצער צייט אָנגעראַבע־וועט. פון אייערע אייגענע מענטשן וועט ער פאַר אייך שאַפן אַ זעלבסט־שטענדיקע מלוכה. ער וועט אייך צעטיילן דאָס געלט פון די בענק; די זאַ־פּאַסן פון די אונטערערדישע סקלאַדן. העלפט אונדז אייך צו באַפרייען! גייט אַריבער צו אונדז מאַסנווייז. גייט אַריבער מיט דער גאַנצער אַמוני־ציע. ווייזנדיק אונדזערע פאַרפּאַסטנס אָט דאָס פלוגבלעטל, וועט דאָס די־נען ווי אַ פּאַראָל, אַז איר זענט אַן אונדזעריקער! אַ טויט די קאָמוניסטן! אַ טויט די יודן, די שטענדיקע טרעגער פונעם קאָמוניזם! אַ טויט סטאַלינען! קומט אַריבער צו אונדז! מיר וואַרטן אויף אייך מיט אָפענע אָרעמס — הייל היטלער!

געחתמעט:

„גענעראַל־שטאַב פון דער דייטשער אַרמיי".

אייניקע האָבן געלייענט די פּראָקלאַמאַציע מיט פאַרגעניגן און האָבן געגלייבט אין דעם, וואָס דאָרטן שטייט געשריבן. אַנדערע ווידער האָבן אַ קרעכץ געטון, און האָבן אויסגעשפּיגן.

שלמהן האָבן זיך איצט שאַרף דערמאָנט סטאַלינס ווערטער אין זיין לעצטער רעדע:

„...אין דער שווערער מינוט פון דעם גרויסן נסיון, פון דער אַנטשיי־דונג פון גורל פון אונדזער ליבן פאָטערלאַנד, ווענדע איך זיך צו אייך, פריינד מיינע..."

אין שלמהן איז דאָס האַרץ פאַרלאָפן מיט בלוט. ער איז איצט גע־ווען גרייט צו קושן דעם שטויב פון סטאַלינס שטיוול. אָ! אָט די פּראָ־

קלאַמאַציע איז שוין פיל ערגער אפילו פון אומאַנסקין, קאָזאַקאָוון און
מיכאַילאָוון צוזאַמענגענומען. עס האָט זיך שוין עפּעס אַזוי געבענקט נאָך
יענע פרידלעכע יאָרן; נאָך יענעם טאָג, אין וועלכן כרושטשאָוו האָט גע־
זאָלט מיט אַ גאָלדן שערעלע איבערשערן דעם שנור פונעם אַריינגאַנג אין
סטאַדיאָן; נאָך יענעם טאָג, אין וועלכן מנשה האָט אַזוי מלא־דאגה געזוכט
אַ בילעט פאַר גאָלדען —

יאָ! ווי עס ווייזט אויס וועט גאָרנישט העלפן. וויל יאָ, וויל נישט
— מען וועט מוזן פאַרלאָזן קיעוו!

פון אָט דער טרויעריקער מסקנא, פאַרקלעמט שלמהן ביים האַרצן
אַזאַ שמערצלעכער ווייטיק, אַזאַ נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך יעדן קיעווער גע־
סעלע, נאָך יעדן שטיינדעלע, נאָך יעדן גרעזעלע, נאָך יעדן ביימעלע. וואָס
צו טון האָט ער במילא נישט, אין שטוב דאָרטן, אויף לוואָווסקע־גאַס איז
פריילעך אויך אָן אים, די עלטערע מענטשן קענען נישט פאַרטראָגן דאָס
טומלען פון די קינדער, די קינדער קענען נישט פאַרטראָגן דאָס „שאַקען"
פון די עלטערע, שלמה קען ביידע זאַכן נישט פאַרליידן. קיין גדולד איז
נישטאָ, די נערוון זענען אַזוי אויך אָנגעצויגן, צערייצט. גייט ער אַרום שלינג
און שלאַנג איבער דער שטאָט און מעסט לאַנגזאַם די טראָטואַרן; שלעפּט
ער זיך אַרום איבער די האַלב־חרובע קיעווער גאַסן, קוועטשט זיך קוים דורך
צווישן רעלסענע גאָפּלען, שפּאַרט זיך קוים דורך צווישן זעניטנע באַטאַ־
רייען און פאַרמאַסקירטע טראַנשייען. יעדעס ווינקעלע אין שטאָט איז אים
באַקאַנט; יעדע וואַנט, יעדעס פענצטער דערמאָנט אים אין פריידן און אין
ליידן, אָט שטעקט אַרויס אַ משונה־לאַנגער גאָרגל פון אַ שווערן זעניט־
האַרמאַט, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלן בעלעמער
אויף אוריצקע־גאַס — אוריצקע איז ביז גאָר אַ באַקאַנטע גאַס! יאַני... פּאָ־
לי... האָפענונגען, טרערן, בלוט... ניקאָלאַיעווסקע, „קאָנטינענטאַל" — אויך
באַקאַנטע מקומות! דער רעדאַקטאָר, דער „ווילער יאַט"... מאַרוסיאַ, די
שונא־ישראלטע... אינסטיטוטסקע, גינזבורגס־הויז, אויך אַ ביסעלע באַקאַנט!
דער אולטימאַטום... די לעצטע שלאַכט פאַר זיין „פּאָלי־איינרעדעניש"...
די ערשטע באַגעגעניש מיט סעסיל פּעטראָוונען... יעליזאַוועטינסקע —
אויך באַקאַנט! קירסט, קאָזאַקאָוו... וואַניושאַ, זשוראַווליאָוו, קלאַוואַ... די
דרייצנטע קאַמער, די אַכצנטע קאַמער, דער טורמע־לאַזאַרעט... יאָ, אַ קאַ־
פּעטשקעלע באַקאַנטע ערטער... קאַראַוואַיעווסקע; קראַסנאָ־אַרמייסקע; מאַ־
לאָ־וואַסילקאָווסקע; קיראָוואַ... די פייגנבוימס... דאָס בית־המדרש אויף
158... קופּיעטשעסקע שול... דינהס צימערל — די „באַקווייטלטע טור־
מע"... די ביעלסקים, די טייערע ביעלסקים... אוי ווי! סיי די גאַסן, סיי
די, וואָס האָבן געוווינט אויף די דאָזיקע גאַסן — היימישע, נאָענטע נע־
מען, אַזוי ווי דאָס אייגענע ווייב און קינדער... אָבער עס העלפט נישט,
מען וועט סוף כל סוף מוזן פאַרלאָזן קיעוו. יענע וואָך האָט מען שוין אין
פּאַסטאָוו אַראָפּגעלאָזט אַ גרויסן דעסאַנט מאָטאָציקליסטן. נו, ווי ווייט
איז פון פּאַסטאָוו ביז קיעוו — אַ קאַצנשפּרונג! אמת, דער דאָזיקער דע־

סאַנט האָט נישט מאריך־ימים געווען, עס האָט זיך איינגעגעבן זיי ביי צייטנס צו „ליקווידירן"... אָבער אַזעלכע דעסאַנטן קענען דאָך זיין נאָך הונדערט. און וויפֿל האָבן זיי צו גיין פֿון פּאַסטאָוו ביז קיעוו? — מיט דער האַנט צו דערלאַנגען! היינט פֿון דער לופֿט... אויף יעווּבאַז זענען נעכטן געווען עטלעכע אויפֿרייסן אין פּריוואַטע הייזער. עס זענען געווען אָן אַ שיעור הרוגים. אויף קודראַווסקע־גאַס האָט געטראָפֿן אַ פּוגאַסנע באָמבע אין דעם ספּירט־זאַוואָד. דער אויפֿרייס, וואָס האָט אַרויסגעפּלאַצט פֿון אָט דער דאָזיקער באָמבעטשקע מיטן „לחיים" אויף אַ ביסעלע „שפּירעט", האָט אַ טרייסל געטאָן מיט דער גאַנצער שטאָט. גאַנץ קודראַווסקע האָט געפּלאַקערט ווי אַ כבשן. אין זאַוואָד אַליין זענען אומגעקומען עטלעכע הונדערט מענטשן. זיי זענען פֿאַרברענט און פֿאַרקוילט געוואָרן אַזוי, אַז אַפּילו קיין ביינער האָט מען נישט געפֿונען... און אויף טשעכאָווס געסל איז אויפֿגעריסן געוואָרן דער שפּיטאָל; און אויף קרעשטשאַטיק — דער נאַרקאָמפּין; און אויף טשאַפּאַיעוואַ — עטלעכע געוויינלעכע ווינונגס־הייזער, און אויף ווערכניע־וואַל, און אויף קאָנסטאַנטינאָווסקע, און אויף ענגעלסאַ... ניין, ניין... ס'איז אוממעגלעך איבערצוטראָגן... מען מוז אַוועקפאָרן! אָבער אַוועקפאָרן איז דען יאָ מעגלעך? דערווייל ווערן נאָך אַלץ עוואַקואירט בלויז פֿאַבריקן און זאַוואָדן. גאָדל מיט די שוועסטערלעך זענען שוין זיכער לאַנג אויף אוראַל. דער שווער און די שוויגער זענען טאַקע איבערגעבליבן דאָ אויף צו פֿאָרן מיט אים. ס'איז ממש אַ געלעכטער און מער גאָרנישט! ווי אַזוי וועלן עלטערע מענטשן פֿאָרן מיט אים? און ער אַליין ווי אַזוי וועט פֿאָרן? אַלע צוגן, אַלע דאַמפֿערס פֿירן נאָך אַלץ אַרויס דאָס האָב און גוטס פֿון דער מלוכה. נו, זי איז דאָך אליבא דכולא עלמא בילעכער! זיצט מען אַלע אין געהאַקטע ווונדן, מען היט די שרפֿות און מען ברענט אַליין אויך... און זיי דאָרטן, פֿירן אַלץ און פֿירן און פֿירן... חפֿצים זענען חשובער פֿון מענטשן — וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן מענטשן? מענטשן ווערן געבוירן — דאָס איז אַ גאָטזאַך — און „ווייעשטשעם"* דאַרף מען פּראָדוצירן און דאָס פֿאָדערט אי געלט אַ סך, אי „פּיאַטיליעטקעס"... ** ווער דען אַנטלויפֿט יאָ? וועמען עס גיט זיך איין צו פּאַקן אַן אויטאָ מיט אַ פּראָפּוסק; ווער עס פֿאַרקלייבט זיך אויף אַ באַרזשע; פֿיל אַנטלויפֿן מיט פֿורן; ווער רייטנדיק און ווער אַפּילו צו פֿוס. טויזנטער מענטשן, יונג און אַלט, לאָזן איבער אָפֿן זייערע ווינונגען, נעמען מיט מיט זיך נאָר אַ פּאָרל וועש מיט אַ ברייטל, און פֿאַרלאָזן די שטאָט צו פֿוס. גייענדיק אויפֿן וועג, ווערן די פֿוסגייער באַשאָסן פֿון די דייטשע שפּאַרבערס, וואָס לאָקערן אויף דעם יידן אויף יעדן שריט און טריט און דער וועג ווערט געדיכט פֿאַרזייט מיט גרויסע קערפּערס און מיט קליינע קערפּערלעך, און אַלע — מיט קלומעקלעך אויף די פּלייצעס. אויב עמעצן געלינגט שוין יאָ אויסצוווינען ביי דער קאָמענדאַטור אַ פּלאַץ אין אַ

* חפֿצים, זאַכן.
** פֿינפֿיאָר־פּלענער.

לאַסטצוג, וואָס קערט זיך אום טיף אין לאַנד אַריין נאָכן צושטעלן מיליטער אָדער אַמוניציע צום פראָנט, שטופּן זיך צונויף צו הונדערט מענטשן אין אַ וואַגאָן, אַז עס פאַרפעלט אַזש אָטעם אין דער ברוסט. און קיין וואַסער צום טרינקען איז אויך נישטאָ. פליען טאַקע פון די וואַגאָנעס, אין געלויף פונעם צוג, קערפּערס פון קליינע קינדער און פון שוואַכע אַלטיטשקעס, און קוויקן די הערצער פון די שונאי־ישראל לענגאויס דעם גאַנצן וועג. אין וועג — זאָגט מען — קאָסט אַ גלאָז וואַסער צען רובל; אַ ברייטל — הונדערט רובל. הגם, — גיי, זיי אַ נביא ווער עס זאָגט אמת — אַנדערע זאָגן פּונקט דאָס פאַרקערטע, אַז פון יענער זייט קיעוו איז דאָס לעבן פיל לייכטער. די מלוכה גיט אַלץ, און דאָרט אַ רובל — איז גאָר אַ גרויסע מטבע. און אַצינד גיי, ווייס, וועמען צו גלייבן... און בסך־הכל — דערמאָנט זיך שלמה — פון אַלע מעשׂות, איז ביי אים דער גראָשן אַ געציילטער — דאָס איז שוין אַ רעשטל צו די צרות — די מזומנע עטלעכע רובל זענען געבליבן שטעקן אין אָבליגאַציעס פון דער „גאָלדענער הלוואה". איין שטיקל טרייסט בלייבט אים איבער: צרת רבים — חצי נחמה. ווער איז דען נישט געבליבן שטעקן מיטן גאַנצן ביסל דאָברע־מזל אין די „גאָלדענע" אָבליגאַציעס? אָבער נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער עולם איז געבליבן ווי אויפן וואַסער, זיצט קיינער נישט מיט קיין פאַרלייגטע הענט. מען פאָרט, מען לויפט, מען ראַטעוועט זיך דאָס לעבן. יעדער איינער טוט וואָס ער קען, ווי אַזוי דאָס מזל שפּילט אים צו — ווער אַזוי און ווער אַנדערש, נאָר די גאַנצע געגנט האָט זיך אַ וואָרף געטון: אויף דרום, אויף מזרח, וואָס ווייטער פון דער ערשטער ליניע, פונעם פראָנט, פון היטלערן...

*

אין איינעם אַ רעגנדיקן קאַיאָר, ווען די פיינטלעכע בלייענע פייגל האָבן זיך מיט אַ פאַרביסענער עקשנות געריסן צום קיעווער וואָקזאַל און די זעניטקעס האָבן זיי אַלץ געהאַלטן אין איין אָפּטרייבן, האָבן די ברוינע לופט־פּיראַטן, אומקערנדיק זיך אויף די באַזעס מיט גאַנצן „קלאַפּער־געצייג", — סתם לשם רציחה — אַראָפּגעוואָרפן זייערע „באָנבאָנעס" אויף בלינד — ווהין עס וועט טרעפן וועט טרעפן, אַבי נישט אָפּברענגען דעם „משלוח־מנות" אהיים... אַ פוגאַסנע־באָמבע פון אַ גרויסן קאַליבער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דאַנילאָווסקע־גאַס, וואָס אויף סאָלאָמינקע, און האָט אַרויסגעזעצט פיר הייזער אין דער לופטן.

צווישן די נישט־געוואָרענע הייזער איז געווען אויך דאָס הויז נומער 14, ווו עס האָט זיך געפונען שלמהס וווינונג...

ויהי בהיות הבוקר, נאָך דעם ווי די בליצן האָבן אָפּגעבליצט און די דונערן האָבן אָפּגעדונערט, האָט זיך דער כרך אונטערגעטונקען אין אַ מאָדנער שטילקייט. ווען שלמה, יוכבד מיט דער גאַנצער משפּחה זענען געקומען צו לויפן אויפן אָרט פונעם אויפרייס, כדי כאָטש אָפּצוראַטעווען

וואָס עס איז, האָבן זיי געטראָפן אויפן פּלאַץ, וווּ ס'איז אַ מאָל געווען זייער דירה, בלויז אַ לאָך פון אַ פינף, זעקס מעטער די טיף, והבור ריק... אַט דער אומגעלומפּערט־גרויסער קבר — דאָס איז געווען דער גאַנצער אָנדענק פון זייער אַמאָליקער דירה. דאָרט וווּ עס האָבן זיך אַ מאָל געפונען הייזער, זענען די גריבער געווען פיל פלאַכערע. ווי עס ווייזט אויס, איז די באָמבע גראָד געפאַלן פּונקט אויפן הויז נומער 14. מענטשן, וואָס זענען שוין געווען „מזיקים" אין „הלכות באָמבעס", האָבן פאַרזיכערט, אַז דאָס איז געווען אַ „פוגאַסקע" פון אַ טאָנע די וואָג. דערויף האָט עדות געזאָגט די צעפּראַלטע וואַראַנקע * מיט איר שרעקלעכער טיפקייט און ברייטן פאַרנעם. יוכבד האָט מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ אַרומגעזוכט אַ שפּור פון דעם קעלער, נאָר דאָרט וווּ עס איז אַ מאָל געווען זייער קעלער, איז איצט געווען אַרויסגעכאַפּט די ערד אויף גוטע דריי, פיר מעטער. בכלל איז דער גאַנצער אויבערפלאַך פון דעם דאָזיקן ווינקל גאַס ביזן ראָג געווען צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע עקן סאַלאָמינקע.

אַזוי ווי די ראַדיעצקים און די פּיאַטיגאָרסקים זענען געקומען אויף סאַלאָמינקע מיט לײדיקע הענט, אַזוי האָבן זיי זיך אומגעקערט אַהיים אויף לוואָווסקע. ווי נידערגעשלאָגן יעדער באַזונדער איז נישט געווען, האָט דאָך אַלע מאָל אַן אַנדערער בגנבה אַ קוק געטון אין שלמהס זײַט. זייערע בליקן זענען געווען פול מיט דערוואַרטונג און מיט שרעק. זיי האָבן איינער דעם צווייטן געזאָגט:

— אָך זיין שוויגן, זיין שוויגן... בעסער וואָלט ער דעם ווייטיק אַרויסגעשריגן פון זיך, אַנדערש קען חלילה דאָס האַרץ פּלאַצן...

אַ גאַנצן וועג האָט מען זיך נאָך ווי עס איז איינגעהאַלטן. יוכבד, שלמה און אַלע איבעריקע. דערנעענטערנדיק זיך צו דער שטוב, האָט יוכבד מיט אַ זייט געכאַפּט אַ קוק אויף שלמהן און האָט אַ טראַכט געטון:

— דערווייל האַלט ער זיך נאָך שטאָל און אייזן, אָבער וואָס וועט זיין, אַז ער וועט אַריינגיין אין שטוב אַריין... מיט דער בראָשקע איז געווען פאַרבונדן זיין גאַנצע האָפענונג, אַזוי ווי אויך מיינע. מען וועט דאַרפן זען, אַז ער זאָל נישט באַגראָבן דעם טרויער אין האַרצן! זאָל ער בעסער אָפּוויינען, וועט אים פּאָרט אַ ביסל גרינגער ווערן... פון האַלטן דעם צער אין זיך, קען מען דאָך משוגע ווערן... וואָס זאָל מען טון? ס'איז אודאי אַ גרויסער ווייטיק אין האַרצן. מיר האָבן דען נישט געקענט זי נעמען מיט זיך צום טאַטן? נאָר גיי רעד, אַז ס'איז אַ פּנים אַזוי באַשערט! פאַרמאָגן אַזאַ אוצר און אים אָפּגעבן דעם רוח מיט די אייגענע הענט... קעגן דער השגחה קען מען נישט גיין, ד' נתן, וד' לקח...

אין שטוב אָבער האָט זיך שלמהן נישט געוואָלט אָפּוויינען. אדרבה, ער האָט נאָך גענומען טרייסטן יוכבדן:

— פאָלג מיך, לעבן מיינס, מען דאַרף די בראָשקע נישט באַוויינען,

---

* אַ לאָך, וואָס ווערט אויף דעם אָרט, וווּ עס פאַלט אַ באָמבע.

כאַפּט זי דער רוח! זאָל זי זיין אַ כפּרה פאַר שמחהלעם מינדיסטן נעגעלע. אודאי, אודאי, איז דאָס אַ גרויסע אבדה, אודאי, אודאי האָבן מיר אויף איר געבויט אונדזער צוקונפט. דערפאַר אָבער וועלן מיר שוין אַצינד־זיין קליגער און זיך שוין פאַרלאָזן נאָר אויף גאָט. נו, אַן עק זאָל נעמען, וויש שוין אוים די אויגן. איך בעט דיך, זאָג בעסער גאָרנישט. מען ווייסט... מען ווייסט... מען ווייסט, אַז די אבדה איז אַ ריס פונעם האַ־צן אַזוי ווי אַ באַקצאָן, אַזוי ווי אַ נאָגל — מען ווייסט! אָבער עס לעבט דאָך אַ גאַנ־צע וועלט אויך אָן בראָשקעס. נו, אַן עק, הער שוין אויף, ווי אַזוי איז דיר קיין בזיון נישט? האָט זיך צעיאָכמערט...

ווען יוכבד האָט דערזען, אַז שלמה, וואָס זי האָט זיך פאַר זיין „קריז־זים" אַזוי געשראָקן, טראָגט איבער דעם שאָדן מער־ווייניקער מיט אַ דרגא, האָט זי ערשט אָנגעהויבן שטאַרקער צו וויינען, ברעכן די הענט און רייסן פון זיך שטיקער. שלמה איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר:

— יוכבדל, קליין שוטהלע מיינס, טאַנצן דאַרפסטו, נישט וויינען... אַלע דאַרפן מיר טאַנצן, וואָס גאָט האָט אויסגעגאָסן זיין גרימצאָרן על העצים ועל האבנים און אונדז האָט ער געשווינט, צום סוף וויינט זי גאָר... לאָמיר בעסער מאַכן דוד המלכס ברכה. זאָג מיר נאָך, לעבן מיינס: ברוך ה׳ כי הפליא חסדו לי בעיר מצור, * ווייל, — דו הערסט, וואָס איך רעד צו דיר? — איך זאָג: וויפל האָט דען געפעלט, אַז פון אונדז צוזאַמען מיט אונדזערע קינדערלעך זאָל ווערן דער זעלבער תכלית, וואָס פון דער בראָשקע? איז דאָך טאַקע אַ גרויסער דאַנקען גאָט... הפח נשבר ואנחנו נמלטנו... אַן עק, הער שוין אויף צו וויינען! דאַכט זיך, יום־כפּור אין שול וויינסטו נישט אַזוי געשמאַק —

און אַז יוכבד הערט פאָרט נישט אויף, זאָגט ער איר שוין ווייבער:

— נו, איך פרעג דיך נישט מער, ווי אַזוי שעמסטו זיך נישט, אַזוי יאָמערלעך צו באַוויינען עטלעכע טויטע שטיינדלעך, אין אַזאַ צייט ווען מענטשן פאַלן ווי שטרוי... דו ביסט אַ מוטער פון קינדער. אַ שטייגער גיב אַ רעכן, וויפל קינדערלעך זענען שוין אומגעקומען, זינט עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה? און דיינע, דאַנקען גאָט, זענען גאַנץ! קלאָגסטו דו זיך נאָך? נו, הער שוין אויף. אַ שטייגער, אויף אַרכענגעלנע־גאַס זע־נען נעכטן פאַרברענט געוואָרן פינף משפחות צוזאַמען מיט זייערע היי־זער. ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו ראַטעווען גאָר—נישט. און דו באַ־וויינסט, איך בעט איבער דיין כבוד, טינופתדיקע עטלעכע שטיינדלעך... צי אַ שטייגער, מנשה דערציילט, אַז אייערנעכטן, בעת אַ באָמבאַרדיראָוו־קע, איז זאַוול דובנער געשטאַנען ביי זיך אין הויף מיט פאַררייסענע אויגן, און האָט זיך צוגעקוקט צום דועל אין דער לופטן, נו־נו, איז אַראָפּגע־פאַלן אַ שפּליטער פון אַ זעניטנע סנאַריאַד און האָט אים אָפּגעריסן דעם

---

* געלויבט איז גאָט, וואָס האָט מיט מיר געטון וווּנדערלעכע חסדים אין דער באַ־לעגערטער שטאָט.

קאָפּ... ווייס איך, ס'איז דען אויסצודערציילן, וואָס איצט טוט זיך אָפּ? באַווייַנט מען אַצינד שטיינער?

יוכבד האָט שוין נישט געוויינט. זי האָט נאָר אַ פּאַראומערטע שטאַר געקוקט פאַר זיך. שלמה האָט גענומען איר האַנט אין זייַנער און האָט אַן אומגליקלעכן שמייכל געטון:

— גלייב מיר, יוכבדל... קענסט מיר גלייבן אויף מיינע הייליקע נאמנות, אַז דאָס וואָס בשעת־חדוה איז בטל געוואָרן דער ענין פון אַ פּראָפּוסק קיין קאַראַגאַנדאַ פאַר די פייגנבוימס, קאָסט מיך פיל מער געזונט, ווי די אבדה פון דער בראָשקע... דאָס איז געווען דער איינציקער שאַנס —

— פאַר וואָס זשע איז איצט די האָפענונג אויף די פּראָפּוסקן קלענער געוואָרן? איך פאַרשטיי נישט —

— זי איז נישט קלענער געוואָרן, נאָר אין גאַנצן בטל געוואָרן! ווען מען ליגט איצט דער קאָפּ ביי געבן פּראָפּוסקן, אַז דאָס גאַנצע לאַנד ברענט פון אַלע זייַטן ווי אַ הילצערנע כאַטע אין אַ ווינטיקער נאַכט. פאַרשטייסט קעצעלע, ביי מענטשן איז פאַרלוירן געגאַנגען די בעסטע האָפענונג אין זייער לעבן, און דיר איז גאָר קיין בזיון נישט צו באַווייַנען אַ דומם... אַ גלעזערנעם חפץ... און גלאַט, וואָס איז דאָס געווען? אַלץ איינס האָבן מיר דאָך נישט געהאַלטן ביי פאַרקויפן זי אין רוסלאַנד. דו געדענקסט די יאָרן 1938—1939? דאַכט זיך, וואָס קען שוין זיין ערגער? און דאָך האָסטו זי נישט אויסגעביטן אויף קיין געלט... וואָס דען, אין ארץ־ישראל... פרעג איך דיך אַליין, וואָס פאַר אַ טעם האָט אַן ארץ־ישראל מיט געלט? אָט דאָס ווען מיר ערשט פאָרן אַהין צו ווערן קאַפּיטאַליסטן אויף דער עלטער? ערשט ווערן בורזשויטשיקלעך? זאַוועלעך? אַ שיין פּנים וואָלט עס געהאַט... אָט אַזוי, אָן געלט, וועלן מיר קענען פילן אין ארץ־ישראל דעם עכטן סאַמאָראָדנע טעם, וואָס מען דאַרף זוכה זיין ביי השם־יתברך ער זאָל געבן אַ סיעתא, אַז מען זאָל אים דערפילן; דעם אמתן געטלעכן טעם, וואָס ארץ־ישראל פאַרמאָגט אין זיך —

יוכבד איז שוין געווען כמעט געטרייסט. אַבי זי האָט געמיינט, אַז אָן דער בראָשקע פאָרט מען שוין נישט קיין ארץ־ישראל. זי האָט געדריקט דעם מאַן די הענט. אפרים־אהרון רופט זיך אָן צו שלמהן:

— ווער, זאָגסטו, האָט דיר דערציילט וועגן זאַוול דובנערס מיתה־משונה? איך האָב גאָרנישט געהערט —

— מנשה האָט מיר דערציילט... נאָך נעכטן... אָט זיצט ער דאָך...

— ברוך דיין האמת!

— פע, אַ מיאוסע נבלה געווען... ער האָט געלעבט ווי אַ נבלה און האָט אָנגעלייגט מיטן קאָפּ ווי אַ נבלה...

— שלמה, אויף אַ שוכן־עפר טאָר מען אַזוי נישט רעדן —

— ווו איז ער אַ שוכן־עפר? וועמען ליגט איצט אין קאָפּ זיך אָפּגעבן מיט אים, און אים מאַכן פאַר אַ שוכן־עפר? ער קער זיך ערגעץ וואַל־

גערן ווי א געפגרטע קאַץ אונטער א רינווע, אָדער אין א מיסטקאַסטן... לפי שהיתה ערמתו של נחש, כך היתה מכתו —

— אַן עק! גענוג שוין מרנן צו זיין אחרי מטתו!... האָט צעעפּנט א מויל א ביסל, האָט ער צעעפּנט... אָנשטאָט צו זאָגן: „זכרונו לברכה״ —

— איי, כ׳בעט דיך, זאָג שוין בעסער: זכרונו לסרחה!

— שווייג שטיל, דו! דרך־ארץ פאַר א מת!

— נישטאָ איצט קיין דרך־ארץ פאַר א מת! איצט איז כולנו מתים! א טאָג פריער צי א טאָג שפּעטער — קיינער איז איצט נישט פאַרזיכערט —

— בייס דיר אָפּ, מיינע שונאים, א האַלבע צונג, שלימזל! פון וואַנען האָסטו זיך אויסגעריסן אויף אונדזער קאָפּ? ער האָט מורא, דער טייערער בן, טאָמער איז מען אָן זיינע שוואַרצע אויסלייגעכטסן צופיל אויפגעלייגט, רעדט ער אויס דאָס האַרץ, די עלטערן, רעדט ער...

ווען שלמה מיט יוכבדן זענען אַוועקגעגאַנגען צו די קינדער אין זייער צימער, האָבן זיך שלמהס עלטערן פילדייטיק איבערגעקיקט מיט די מחותנים און ביידע פאַרפאַלקן מיט מנשהן און מיטן זיידן שלומען —

אַלע זייערע בליקן האָבן געזאָגט איינס און דאָס זעלבע:

— אַן אייזערנער מענטש, אָט דער שלמה! אין איין נאַכט פאַרלירן אַזאַ גוואַלדיקן קאַפּיטאַל און זיך אַזוי האַלטן אין די הענט, און אַזוי מוטיק דאָס אַריבערטראָגן... א יונגער מענטש זאָל קענען אַרויסווייזן אַזאַ הויכע מדרגה פון „מקבל זיין יסורים באהבה״; מיט אַזאַ געהויבענער בחינה אָננעמען אַלץ פאַר ליב און אַזוי זיין א „מברך על הרעה כשם שמברך על הטובה״ — אַן אמתער מרא דחושבנא! א העלד!! א גבור!!!

# קאַפּיטל XXIV

...ראָסטאָוו, וואָס שטייט אויפֿן דאָן...

ראָסטאָוו — אַ גרויס וואָרט אין דעם אָנהייב־מלחמהדיקן רוסלאַנד.

ראָסטאָוו! דער וויכטיקסטער פּונקט נאָך מאָסקווע, איז ביי דער ראַטנמאַכט אין יענע טעג געווען — ראָסטאָוו. ראָסטאָוו איז דער שליסל צו דרום און מזרח־רוסלאַנד; ראָסטאָוו האָט דעם אויסגאַנג צו דריי ימען, צו דער וואָלגע און צום דאָן; דער אַזאָווער ים, דער קאַספּישער ים, און דער שוואַרצער ים — אַלע וואַרטן זיי אָפּ דירעקטיוון פֿון ראָסטאָוו; ראָסטאָוו איז דער סעקטאָר, דורך וועלכן עס ווערט צוגעשטעלט צום פֿראָנט מיליטער, אַמוניציע און פּראָוויאַנט. ראָסטאָוו איז דער איינציקער אַרבל, דורך וועלכן עס ווערן דורכגעלאָזט כמעט אַלע עוואַקואירטע פֿון די ביי־פֿראָנטיקע ליניעס. ראָסטאָוו איז דער הויפּט־נערוו, וואָס פֿאַראייניקט נאָך אין אַ געוויסער מאָס די מיט בלוט אָפּגייענדיקע אוקראַינע, מיט דעם טיפֿסטן סאָוויעטישן טיל: מיט די אַזיאַטישע „סטאַנען" — אוזבעקיסטאַן, טאַדזשיקיסטאַן, טורמעניסטאַן, קאַזאַכסטאַן; אין ראָסטאָוו און אומגעגנט קענען אָפּשטיין עשאַלאָנען מיט עוואַקואירטע צו צוויי און צו דריי וואָכן: ס'איז נאָך נישטאָ פֿאַר זיי קיין מאַרשרוט; ס'איז נאָך נישטאָ פֿאַר זיי קיין לאָקאָמאָטיוון; ס'איז נאָך נישטאָ קיין גענויע דירעקטיוון פֿון מאָסקווע, וווּהין צו שיקן די פֿרישע טראַנספּאָרטן היימלאָזע; זיצט מען אין די וואַגאָנעס און מען וואַרט ביז עס וועט אָנקומען זייער ריי. פֿון ראָסטאָוו ליגט דער וועג: אויף סאַראַטאָוו, אויף אַסטראַכאַן, אויף קינעל, אויף סאָל־איליעצק, אויף קאַווקאַז, אויף מיטל־אַזיע און אפֿילו אויף סיביר און אויפֿן ווייטן מזרח. ראָסטאָוו האָט קאָמאַנדעוועט איבער אַ האַלב לאַנד. ראָסטאָוו איז דער וויכטיקסטער קנופּ־פּונקט צווישן דעם פֿראָנט און דעם טיל. פֿון לאָזאָוואַיאַ, וואָס געפֿינט זיך ביי כאַרקאָוו, רעכנט זיך שוין ראָסטאָוו. ביז מינעראַלנע־וואָדע רעכנט זיך נאָך ראָסטאָוו. אויף אָט די דאָזיקע טויזנט, פֿופֿצן הונדערט קילאָמעטער זענען געווען צעוואָרפֿן הונדערטער עשאַלאָנען מיט עוואַקואירטע; מיט גאַנצע זאַוואָדן; מיט איזאָלירטע אַרעסטאַנטן. אַלע האָבן זיי געוואַרט אויף זייער גורל פֿון ראָסטאָוו. פֿון דער אַזוי גרויס־געוואָרענער דרומדיקער רעזידענץ!

דער לעצטער שליסל צו ראָסטאָוו איז טאַגאַנראָג.

די מלחמה האָט פֿאַרוואַנדלט אָט די גרויסע אינדוסטריע־שטאָט מיט אירע מעטאַלורגישע גיגאַנטן, אין אַ פֿאָרפּאָסטן פֿון ראָסטאָוו, כמעט אין אַ פֿאָרשטאָט. דאָ שמעקט שוין מיט ראָסטאָוו. עס פֿליען אויטאָמאָבילן אויף און אָפּ. פֿאַר איין שעה איז מען דאָ. פֿאַר איין שעה איז מען דאָרט. אין טאַגאַנראָג אויף די רעזערוונע ליניעס, אין די ווייטע טופּיקן,* שטיי־

---

* טופּיק — אַן אַרבל פֿון אַן אייזנבאַן־ליניע, אויף וועלכן מען שטעלט אַוועק רעזערוונע וואַגאָנען, אָדער לאָקאָמאָטיוון.

ען וואָכנווייז צענדליקער עשאַלאָנען מיט מענטשן, און וואַרטן אויף אַ פּראָפּוסק. מיליטער איז בילעכער, האַרמאַטן זענען אויך בילעכער און פאַר־ווונדעטע רויטאַרמייער, וואָס די ביי־פראָנטיקע לאַזאַרעטן האַלטן זיי פאַר שווערע חולים און וואַרפן זיי אַריבער טיף אין טיל אַריין — זענען אודאי און אודאי בילעכער. שטייען זיי דערווייל על פרשת־דרכים. מען טיילט זיי ברויט, מען גיט זיי מיטאָגן, אַלץ אָן אַ גראָשן געלט, און זיי וואַרטן געדולדיק. און באמת טאַקע: וואָס איז אַזוי דאָס איילעניש? דאָ באָמבאַר־דירט מען נאָך נישט. דאָ באַקומט מען נישט חלילה די אוקראַאינישע „פּאָר־ציעס"; דאָ הערט מען חלילה נישט הינטער די פּלייצעס יענע ביטערע פּסוקים: „שלאָג יידן!", „הייל היטלער!" יענער קאָשמאַר איז שוין ווייט פון דאַנען. קען מען טאַקע אויסוואַרטן וויפל מען וועט מוזן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז געווען ענדע יולי, אַרום מיטאָגצייט. די זון האָט געסמאַ־ליעט אומברחמנותדיק. דער גאַנצער עולם פון די עשאַלאָנען, קינד און קייט, האָבן זיך געזוכט אַן ערטעלע, ווו ס'איז באַקוועמער: ווער עס איז געשלאָפן אין שאָטן אונטער די וואַגאָנעס; ווער עס האָט שפּאַצירט לענג־אויס די ליניעס; ווער עס האָט זיך געוואַשן אונטער די הויכע וואַסער־קראַנען אָדער ביי די פּלומפּן, וואָס זענען דאָ געשטאַנען אין אַ געגנוגנדי־קער צאָל; און ווער עס האָט זיך פּשוט פאַרטשעפּעט אין אַ „רעדל" און האָט צוגעלייגט אַן אויער, כדי עפּעס צו כאַפּן: וועגן וואָס שמועסט מען?

שאַיע גורעוויטש מיט רייזלען זענען, ווי זייער שטייגער איז לעצטנס גע־ווען, אַרויפגעגאַנגען אויפן וואָקזאַל, זיך אַ ביסל אַ דריי טון צווישן די עשאַ־לאָנען, טאָמער וועלן זיי גראָד באַמערקן באַקאַנטע פּנימער: פון קיעוו אָדער פון פּאָלטאַווע. נאָכן אַרומדרייען זיך אַן ערך פון אַ שעה צייט אומזיסט און אומנישט, האָבן זיי שוין געוואָלט זיך אומקערן אהיים, ווען רייזלס אויפמערקזאַמקייט איז צוגעצויגן געוואָרן פון אַ פרוי, וואָס איז געשטאַ־נען ביים וואַסערקראַן און האָט געוואַשן אַ מיידעלע פון אַ יאָר פינף, זעקס. רייזלס אומרואיקער קוק איז קעגן איר ווילן צוגעשמידט געוואָרן צו דעם געזיכט פון דער דאָזיקער פרוי. זי איז פּלוצלינג בלאַס געוואָרן און האָט זיך ליכט אַ וואַקל געטון אויף די פיס. זי האָט זיך נאָך טיפער איינגעקוקט אין דער פרוי, וואָס האָט זיך איצט צוגעזעצט אויף די קניעס און האָט דעם קינד אויסגעווישט די אויערלעך. נאָך אַ מינוט, און אירע טויט געוואָרענע ליפּן האָבן קוים זיך באַוועגנדיק אַרויסגעשעפּטשעט:

— פּאָלי —

די מוטער האָט דאָרט געענדיקט אַרומווישן דעם קינד דאָס פּנים, זי האָט דעם איבערגעלאָזט די זייף, אַז עס זאָל זיך אַליין אָפּוואַשן די פּיסע־לעך, און אַליין איז זי אַוועקגעגאַנגען צו איר וואַגאָן.

רייזל האָט פיבערנדיק מיט אַלע אברים, אַ וואָרף געטון דעם מאַן:

— איך גיי באַלד צו —

זי איז מיט אַ אינערלעכן ציטער צוגעגאַנגען צום קינד:

— מיידעלע, פֿאַלי דאָס איז דיין מאַמע?

— אודאי מיין מאַמע —

— און ווו איז דער טאַטע?

— אָן־אָן־אָ שטייט ער אין יענעם רעדל מענטשן, ווו עס שטעקט ארויס דער ווייסער זאַנטיק. נו, דערקענט?

— ווו סאַמע זאָגסטו? איך זע נישט...

— וואָס זעט איר נישט? אפילו איך, אַ קליין מיידעלע, זע אויך... אָט שטייט ער דאָך דער לעצטער...

— דאָרט שטייען אַ סך לעצטע, קראַסאַוויצע מיינע. וועלכער פֿון זיי, זאָגסטו, איז דיין טאַטע?

— נו, יענער אינעם גרינעם העמדל... אַ נידעריקער, אַ געלינקער... מומע, איר זענט אַ בלינדע?

אין רייזלס אויגן גיט אַ פֿלאַם אויף אַ פֿריילעך פֿייערל:

— אַ נידעריקער גאָר?

מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ פֿרעגט זי שטיל ביי דעם מיידעלע:

— זאָג מיר מיידעלע, דיין טאַטן רופֿט מען נישט סאַלאָמאָן?

— סאַלאָמאָן? ווער איז דאָס אַזעלכער — סאַלאָמאָן? מיין טאַטע הייסט מאַטוויי —

רייזל, שמייכלענדיק מיט פֿייכטע אויגן:

— זיכער מאַטוויי?

— הערט, חברטע, איר זענט אַזאַ מאָדנע... גייט אַוועק פֿון דאַנען... כ׳האָב מורא פֿאַר אייך... זיכער, זיכער... וואָס איז, איר ווייסט נישט, אַז מיין טאַטן רופֿט מען מאַטוויי ראַבלין?

רייזל דערפֿילט אינסטינקטיוו, אַז פֿאַלי גייט צום מיידעלע, און גייט האַסטיק אַוועק צוריק צום מאַן. נישט אויסרעדנדיק צו אים קיין איין וואָרט, נעמט זי אים אונטערן אָרעם און באַטראַכט בשעת־מעשה די מו־טער פֿונעם קינד מיט אַ טעמפּן פֿאַרדראָס. יענע פֿון דער ווייטנס קוקט אויך אויף איר. צווישן די צוויי יונגע פֿרויען קומט פֿאָר אַ שטומער, נאָר אַ שאַרפֿער אויגן־דועל.

אין רייזלס נשמה דערוואַכט אַ פּיינטלעך געפּיל:

— זיבן מאָל פֿאַרשאָלטענע! * Сам не ам, и другому не дам! פֿאַר זיך נישט גענומען און אויך יענעם נישט געגעבן... נישט מיר, נישט דיר, הייסט עס... אַ מצוה אויף איר! וואָס דען? הרצחת גם ירשת? איך דאַנק דיר רבונו־של־עולם, איך דאַנק דיר! כאָטש פֿאַר אָט דער קליינער ישועה... אַבי נישט זי האָט מיך געירשנט... אַבי נישט זי האָט מיך מנצח געווען... אַבי נישט זי...

זי גיט אַ שלעפּ שאַיען פֿאַר דער האַנט:

— קום! וואָס האָסטו דאָ נישט געזען?

---

* איך וועל אַליין נישט עסן, און אויך אַ צווייטן נישט געבן.

יענער ווארפט אויף איר אַ ווילדן קוק:

— טפו, אויף מיינע שונאימס קעפּ! איך האָב בכלל גאָרנישט גע־זען... ס'איז דו קוקסט דאָך —

פּאָלי האָט זיך אַלץ געבראָכן דעם קאָפּ:

— ווער קען זיין אָט די שיינע ברונעטקע, וואָס קוקט אַזוי שטאַרק אויף איר?

אַ פאַראינטריגירטע האָט זי איר נאָכגעקוקט. אויך יענע האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט. זייערע אויגן האָבן זיך נאָך אַ מאָל באַגעגנט און ווידער אַ מאָל באַגעגנט... ענדלעך איז דאָס פּאָרל פאַרשוווּנדן גע־וואָרן הינטער די אָפּטע יארוסן פון אָנגעסמאָלעטע שפּאַלעס. אָט אַזוי איז פּאַר פּאָלין אויף אייביק און שטענדיק טאַקע פאַרבליבן אַ רעטעניש: ווער איז עס געווען יענע שטאַלטנע פרוי? וואָס האָט באַטייט איר אַזוי איי־פערדיק קוקן אויף איר און דער עיקר — דאָס נאָכפרעגן זיך אויף איר מאַטווייען... שוין זשע זאָל דאָס זיין אַ נאָכווייעניש פון זיינע חטאות־נעורים? זאָל דאָס טאַקע אמת זיין, אַז דאָס האָט אים אַזש דאָ אויפגעזוכט זיין אַמאָליקע קאַטיושאַ, צי עפּעס אַן אַנדער „זאַנאָזע"?... *

*

דער זומער איז אין יענעם יאָר געפלויגן אין אַ משוגענעם אַליור. די טעג — אָנגעפּיקעוועטע מיט אויפרייסן; מיט אַרונטערגעלאָזטע צונגן; מיט עפנטלעכע צעשיסונגען; די נעכט — אָנגעפּעלצטע מיט וואָלקנאַרטיקע אַעראָסטאַטן; מיט פיינטלעכער סיגנאַליזאַציע פון די דעכער; מיט געפער־לעכע דיווערסיעס; מיט מעסערס אין רוקן; מיט זעניטנע „הבדלה־מאַכערס", וואָס ציען אוים זייערע לאַנגע פינגער צום זיך באַווענדיקן ליכטל און מאַכן דערביי די ברכה: „בורא מאורי האש". די געשעענישן האָבן זיך געיאָגט משוגענערווייז איינע איבער דער אַנדערער. דער סאָוואָינפאָרמ־ביוראָ האָט אבלדיק געהאַלטן אין איין מאַכן „אל מלא רחמימס" איין שטאָט נאָך דער אַנדערער, איין ראיאָן נאָכן אַנדערן. דאָס לאַנד איז אין גאַלאָפּ איבערגעלאָפן פון איינע הענט אין די אַנדערע. קיעוו איז געוואָרן אוים שטאָט. קיעוו איז געוואָרן אַ שלאַכטפעלד. דייטשע אַעראָפּלאַנען פלעגן זיך אַראָפּלאָזן אַזוי נידעריק, אַז זיי פלעגן זיך שיר נישט פאַרטשעפּען אין די טעלעגראַף־סלופּעס. זיי פלעגן בלייבן הענגען אין דער לופטן, בסך־הכל עטלעכע מעטער העכער פון די דעכער, און פון פּוליעמיאָטן צע־שיסן די דורכגייער. דאָס רוב זעניטקעס האָבן געשוויגן: אָדער עס זענען ביי זיי געשטאַנען פאַררעטעטער אָדער זיי האָבן נישט געהאַט קיין „יאָדערן" מיט וואָס צו שיסן. דעם דאַרניצער בריק האָט מען שוין מער נישט באָמ־באַרדירט: דער דייטש האָט אים שוין גערעכנט פאַר זיינעם אַן אייגנטום,

---

* אַ דאָרן, אין וועלכן מען האָט זיך פאַרשטאָכן. דער דאָזיקער נאָמען ווערט אין פאָלק באַנוצט מיט דעם מיין: אַ ליבע־אינטריגע, אַ האַרצקלעמעניש.

און ס׳איז אים אַ פּנים געווען אַ שאָד אומצוברענגען אַזאַ לעבנסוויכטיקן בנין. קיעוו איז אין יענע טעג געווען שוין לאַנג אַרומגעשניטן פון אַלע זייטן און אויסגעמיטן. טשערניגאָווער געגנט איז געווען פאַרפּלייצט מיט דייטשן; קאַניעוו איז געווען פאַרנומען; אין פּערעיאַסלעוו האָט געווילדעוועט אַ דעסאַנט; דייטשע פּאַראַשוטיסטן, מאָטאָציקליסטן, אווטאָמאַטשיקעס און טאַנקעווע־דעסאַנטן פלעגן זיך פּלוצלינג באַווייזן אין די סאַמע אומדערוואַרטע ערטער. זיי פלעגן אַראָפּפאַלן אויף די קעפּ פון די איינוווינער ווי אַ האָגל, ווי אַ היישעריק, אַלץ צעשמעטערן, פאַרברענען, נישט איבערלאָזן קיין שריד ופליט סיי פון יידן, סיי פון קאָמוניסטן, און זיך ווי אַ שווערער היישעריק; ווי אַ סטייע בלוטדאָרשטיקע שפּאַרבערס; ווי אַ קאָשמאַר אָפּטראָגן ווייטער, ווייטער... יידן זענען שוין אין קיעוו פאַרבליבן קענטיק ווייניקער. מענטשן האָבן זיך בין לילה פאַרלוירן איינס דאָס אַנדערע. דאַכט זיך ערשט נאָר־וואָס איז דאָ געווען אָפּן אַ שטוב: אַ שטוב מיט מענטשן, מיט עסקים מיט יעדער מינדסטער זאַך, און קוקסט זיך אום אין אַ שעה אַרום — אַ שטומער שלאָס! צי זענען זיי שוין אַוועקגעפאָרן, צי בלויז אַוועקגעגאַנגען, צי גאָר געהרגעט געוואָרן? — אויף דער פראַגע האָט קיינער נישט געקענט געבן קיין ענטפער. דער שלאָס האָט סודותפול געשוויגן. ביי עמעצן אַנדערש צו פרעגן איז נישט געווען. שפּיאָנען מיט פאַררעטער האָט מען שוין אויפגעהערט צו כאַפּן, אַזוי ווי אין די ערשטע טעג פון דעם קריג, פראָסט פּשוט דערפאַר, ווייל זיי זענען שוין געווען יעדער צווייטער מענטש. דער דייטשער שטאַב פון פראָנט האָט זיך געפונען אין בעלאָצערקאָוו. אין וואַסילקאָוו, עטלעכע און צוואַנציק קילאָמעטער פון קיעוו, האָט שוין אָפּערירט אַ דייטשע גרופּע אווטאָמאַטשיקעס. שאָפערן מיט שוואַרצע פּנימער פון רויך האָבן פון דער ערשטער פייערליניע געפירט איבער דער שטאָט אין שפּיטאָל אַריין זעלנער מיט אָפענע וווּנדן. דער פראָנט איז שוין געווען אַזוי נאָענט, אַז עס האָט שוין פּשוט נישט געלוינט זיך אַוועקשטעלן דאָרטן אויפן אָרט, קעגן דער פלאַמענדיקער זון, זיי איבערצובינדן. מאַגאַזינען מיט דער בעסטער קליידונג, מיט דעם שענסטן שוכוואַרג זענען קיילעכדיקע מעת־לעתן געשטאַנען אָפן, הפקר: נישט קיין באַלעבאָס, נישט קיין שומר, קיי—נער! גיי אַריין און נעם, וואָס דיין הארץ גלוסט און וויפל דיין הארץ גלוסט. נאָר קיינעם האָבן זיך אַצינד אַזעלכע זאַכן נישט געגלוסט. איצט האָט מען אייגנס אַוועקגעוואָרפן, נישט נאָר וואָרפן אַן אויג אויף פרעמדס. עסנוואַרג איז אויך געווען געגנוג: צוקער, פּוטער, הערינג — כאָטש אַ „בריק" צו מאַכן. נאָר מיט ברויט איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער. אין די ברויט־זאַוואָדן האָבן פון וואַכטע צו וואַכטע געפעלט פרישע אַרבעטער: אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעגאַנגען, אַוועקגעשוווּמען, אָדער אומגעקומען... אָבער מענטשן האָבן זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן: מען האָט אַליין געבאַקן; מען האָט געגעסן ביסקוויטן און טאָרטן, וועלכע מען האָט גענומען אין די מאַגאַזינען לרוב, און אָפט מאָל — אַן געלט; מען האָט געגעסן כאַלוואַ, קאָנפעקטן,

ניס... אַלץ איז נאָך געווען אין קיעוו איבער געגוג, נאָר קיין לעבן איז שוין דאָרט נישט געווען. למשל: מען האָט געזען מאַרשירן אין גאַס אַ ראָטע זעלנער און מען האָט נישט געוווסט אויף זיכער, צי זענען דאָס טאַקע אמתע רויטאַרמייער, צי גאָר איבערגעטונענע געסטאַפּאָווצעס; מען האָט געזען אייזנבאַן־אַרבעטער אין זייער געוויינלעכער אוניפאָרם. זיי האָבן פאָרמירט צוגן, צוזאַמענגעטשעפּעט „ווערסטיקע" עשאַלאָנען, און קיינער האָט נישט געהאַט די זיכערקייט, אַז דאָס זענען ווירקלעך סאָוויעטישע בירגער, נישט קיין דייטשע דיווערסאַנטן; אַז זיי וועלן ווירקלעך אַוועקפירן דעם צוג אַהין — אויף דער גרויסער ערד, און נישט אָפּשטעלן זיך אין מיטן פעלד, און אים איבערגעבן אַ דייטשן דעסאַנט מיט די מענטשן מיט די אוצרות מיט הכל כאשר לכל; ביי נאַכט איז געווען אַ פּחד אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. אַ שכן אַ שונא האָט געקענט דערלאַנגען מיט אַ מעסער אין רוקן און קיין האָן זאָל אפילו נישט קרייען.

אויף קאַראַוואַיעווסקע־גאַס האָט פון האַלבער נאַכט אָן געברענט אַ גאַנצער קוואַרטאַל מיט הייזער. דאָרט האָט זיך לעצטנס געפונען דער שטאַב פון: «M. П. B. O.» * האָבן אים די דייטשן צעבאָמבירט און אָנגעצונדן. אַ קיילעכדיק מעת־לעת האָט געציבערט אַ גאַס־רעגן, ממש — אַ מבול, און די הייזער האָבן פאָרט געברענט. אָט דאָס פייער, אָט דאָס אש זרה, וואָס היטלער האָט געבראַכט צו טראָגן, האָט אפילו נישט געוואָלט אַנערקענען אַזאַ אַלטן כלל, ווי: „ואתא מיא וכבה לנורא"... **

ברקים למטר עשה — די בליצן האָבן געשניטן דעם פאַרחושכטן חלל, ווי ריזיקע גסה־חלפים; זיי האָבן אַלע מאָל געכאַפּט אַ קוק אויף דער פאַרבלוטיקטער וועלט מיט זייער שאַרפער ליכט, ווי מיט בלענדנדיקע פּראָזשעקטאָר־אויגן — ויהי חיתת אלהים על הערים —

...האירו ברקיו תבל, ראתה ותחל הארץ...

קול רעמך בגלגל — די דונערן האָבן אויפגעטרייסלט די שטאָט ווי אַ גאַנצע באַטאַרייע „קאַטיושעס", אָדער ווי אַ גאַנצע עסקאַדריליע „מעסערשמידטן" —

...קול ד' חוצב להבות אש...

אלביש שמים קדרות, ושק אשים כסותם — אַ קיילעכדיקער מעת־לעת האָט דער הימל נישט געגעבן קיין מינדסטע האָפענונג, אַז דאָס געוויטער זאָל אויפהערן. דער רעגן האָט געפּליוכעט עמערווייז, און די שׂרפה האָט אַלץ געפלאַמט און געפלאַקערט...

די פּיאַטיגאָרסקים זענען שוין פון עטלעכע טעג געלעגן אויף דער וואָקזאַל־פּלאַטפאָרמע צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער יידן. דער גאַטשאַלניק־

---

* ראשי־תיבות פון קעגן לופט־אַנגריף זעלבסטשוץ. די דאָזיקע קאָמאַנדעס זענען געשאַפן געוואָרן ספּעציעל, כדי אויפצוהאַלטן די אָרדענונג אין שטאָט, אין פאַל פון אַ לופט־אַנגריף.

* „און ס'איז געקומען דאָס וואַסער און האָט פאַרלאָשן דאָס פייער". פון דעם פּסחדיקן זמר: „חד גדיא".

סטאַנציע האָט אונטער דער נאָז אָנגעזאָגט דעם עולם די בשורה, אַז ס'איז דאָ אַ שטיקל האָפענונג אויף אַ צוג. קיין פּרטים האָט ער דווקא קיינעם נישט געוואָלט זאָגן, און דאָס האָט בפירוש אַרויסגערופן אַ חשד, אַז די גאַנצע מעשה האָט די ווערט פון אַן אויסגעבלאָזן איי, נאָר אַלץ איינס האָט מען געוואַרט, מען האָט אפילו מורא געהאַט אוועקצוגיין אויף אַ שעה, טאָמער ווערט מען אָן. מען איז געזעסן און מען האָט אַרויסגעקוקט — ס'איז דען געווען אַן אַנדער ברירה? די עלטערע מענטשן: דער זיידע שלום, ר' נחמן ראַדיעצקי, האָבן זיך שטאַרק געקווענקלט: מיטפאָרן מיט די קינ־דער, צי ניין? אין שול האָט מען דאָס אַוועקפאָרן פון עלטערע מענטשן געהאַלטן פאַר אַ קרומער זאַך. יידן למדנים האָבן געזאָגט, אַז אַט דאָס טאַקע האָט געמיינט די תוכחה: „ונסתם ואין רודף אתכם". אַז אַ מענטש איז אַ חובל בחבירו, פאַרשטייט מען עס נאָך, אָבער זיין אַ חובל בעצמו? גלאַט אַבי זיך אַליין אָנמאַכן אַ חורבן, אַ פּאָגראָם, אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען... ווער מיינט דען דאָס אַלטווארג, און ווער אינטערעסירט זיך דען מיט דעם?

דעם צענטן אויגוסט פאַר האַלבן טאָג, האָט זיך אויף קיעווער פאַר־יתומטן וואָקזאַל ווי אַ בליץ אַריינגעשניטן אַ לאַנגער לאַסטצוג מיט פּריש מיליטער. דאָס זענען געווען בלויז סיביריאַקעס. פאַר איין האַלבער שעה איז אין דער אומענדלעכער, רויט־גרינער גאַס פון וואַגאָנען נישט איבער־געבליבן קיין פּוס פון קיין זעלנער, און דער פּיל־טויזנטקעפּיקער עולם, וואָס האָט שוין וואָכנלאַנג גענעכטיקט אונטער די מיט פייער שפּייענדיקע הימלען, האָט שטייף באַלעגערט די צוגענג צו די אַזוי לאַנג דערוואַרטע צעפּראַלטע טירן.

די פּולמאַנאָווסקע פּי־וואַגאָנען האָבן געשראָקן דעם המון מיט זייער פּרעמדקייט, מיט זייערע סאָלדאַטסקע ריחות און מיט זייערע נאַקעטע פּיר ווענט. גלייכצייטיק האָבן זיי אָבער אויך געגלעט און געטרייסט די הער־צער פון די פּריש־געבאַקענע ביעזשענצעס מיט די קורצע און שאַרפע נע־מען פון די סיבירער שטעט, וואָס זענען אויף זיי געווען אויפגעשריבן מיט רויטער, אָדער שוואַרצער פאַרב: טשיטאַ, אָמסק, אופאַ, באַרנאַול און נאָך און נאָך און נאָך... דאָס זענען אַלץ שטעט, ווו ביי נאַכט איז מן הסתם ליכטיק אויף די גאַסן; ווו מען מעג אַרויסגיין פון דער שטוב אָן אַ גאַז־מאַסקע און ווו מען באַגראָבט נאָך טויטע...

דער אויסגעמוטשעטער און דערשעפּטער המון וואַרטנדיקע מיט די אויף שנעל אָנגעשטאָפּטע רוקזעק און קאַרטאָנענע וואַליזעס, איז געווען ביז גאָר אָנגעצויגן, נערוועז און אויפגערעגט. מען איז קוים איינגעשטאַ־נען אויף די נאַפּטיק־גליטשיקע שטיינדלעך און אויף די דורכגעסמאָלעטע אייזנבאַן־שפּאַלעס. אין די קנעכל האָט געשטאָכן ווי מיט נאָדלען; די קניען האָבן פיבערדיק געציטערט און זיך געבויגן; די פּיס האָבן זיך שיר נישט אונטערגעהאַקט פון אומגעדולד, אָבער קיין סיגנאַל, אַז מען מעג פאַרנעמען ערטער אין די וואַגאָנען איז נאָך נישט געגעבן געוואָרן. די

שווארצע טירנלעכער האָבן ביז עפּעס וואָס מיט פאַרשידענע נוסחאות גערעדט צו די „פּאַסאַזשירן".

איין טיר האָט געזאָגט:

— קריך אין בויד אריין, לעקיש איינער, וואָס האָסטו דאָ אַזוי טיף אריינצוקלערן? פון צוויי רעות קלייבט מען שטענדיק אויס די קלענערע! אַנטלויף און קוק זיך אפילו נישט אום, אויב דו ווילסט נישט כאַפּן דעם זעלבן פּסק, וואָס לוטס ווייב... נו, קריך זשע, נו, קריך זשע, מאַך נישט קיין שהיות, אלא נישט, וועלן זיך אָפּזוכן זיבן און זיבעציק אַנדערע אויף דיין פּלאַץ...

די צווייטע טיר האָט געזאָגט:

— אמת טאַקע, מען קלייבט אויס די קלענערע רעה, אָבער רעד זיך נישט איין, אַז זי איז פיל קלענער... ידוע תדע כי נע ונד תהיה בארץ... גר יהיה זרעך... ועבדום וענו אותם...

עס האָט נישט געדויערט קיין גאַנצע דריי שעה, און די יידן, וועל־כע האָבן זיך געפונען אויפן וואָקזאַל, האָבן באַקומען די דערלויבעניש צו פאַרנעמען די אויסגעליידיקטע וואַגאָנען. אַריינגעזעצט די עלטערן מיטן ווייב און קינדער, איז שלמה אַוועקגעלאָפן אויף לוואָווסקע. אין שטאָט האָבן סירענעס געוויקלט די נשמה אַרום פינגער, די הימלען האָבן געהור־דעט מיט סכנת־נפשות, נאָר קיינער האָט שוין דערויף קיין אַכט נישט גע־לייגט. מען איז שוין געווען צוגעוווינט צו די צרות. ווען מען האָט אין די וואַגאָנען באַמערקט די האַקנקרייצן אויף די באָמבאַרדירער׳ס, איז מען אַרויס און מען האָט זיך באַהאַלטן אין די אונטערערדישע כּקלאַדן. צום סוף האָט די עסקאַדריליע גאָר געהאַט אַן אַנדער אויפגאַבע: אויפצורייסן אין דאַרניצע דעם פלייש־קאָמבינאַט, וואָס באַזאָרגט דעם פראָנט מיט ווורשט; דעם צוקער־זאַוואָד אויף דימייעווקע; און די מעבל־פאַבריק אויפן נאָמען פון באָזשענקאָ, וועלכע איז אין דער קריג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם וויכטיקסטן פאַרמאַצעווטישן זאַוואָד, וואָס באַזאָרגט דעם פראָנט מיט מעדיקאַמענטן. ווען די כמאַרע איז איבערגעפלויגן איז מען תיכף ומיד צוריק אַריינגעשפּרונגען אין די וואַגאָנען. דער לאָקאָמאָטיוו איז שוין אַן אָנגעגעסענער און אַן אָנגעטרונקענער געשטאַנען אין דעפּאָ, און האָט זיך געלאָזט באַטראַכטן און באַטאַפּן פון די, וואָס ווייסן כדת מה לעשות...

ביי יעדן איינעם פון די, וואָס האָבן זיך געפונען אין די וואַגאָנען, האָט זיך דאָס האַרץ געוואָרפן פאַר פרייד: מען פאָרט אַוועק, מען פאַרלאָזט אָט דעם גיהנום. נישט ווייט פונעם וואָקזאַל האָבן זיך דערהערט מעכטי־קע אויפרייסן, עס האָבן אַרויסגעשפּראָצט גוואַלדיקע שרפות, אָבער קיי־נער האָט זיך אפילו נישט געוואָלט אומקוקן אין יענעם ווינקל —

— רבונו של עולם, אבי מען זאָל שוין אָפּפאָרן, אבי מען זאָל שוין וואָס גיכער אָפּפאָרן און דערנאָך — אפילו אַ מבול!

*

שלמה האָט זיך אומגעקערט פון דער שטאָט. צוזאַמען מיט אים זע־נען אויך געקומען צו לויפן די אַלטע לייט זיך געזעגענען מיט די קינדער און בכלל מיט יידן. עס זענען געקומען יוכבדס עלטערן, דער זיידע שלום, מנשהס פאָטער, לייב כאַדראַוו, דער פעטער גרשון, דער פעטער מוזי און די מומע לאה. אין די נאָענטע וואַגאָנען זענען אויך געפאָרן: די פייגנ־בוימס, מנשה מיט גאָלדען, אויך נח סוקאָלסקי מיט דער גאַנצער פאַמי־ליע. נח האָט דאָס לעצטע יאָר נישט געאַרבעט אויפן זאַוואָד און איז דער־פאַר פאַרבליבן אַזוי שפּעט אין קיעוו. דערזען דורך די אָפענע טירן די איבערבלייבנדיקע זקנים, זענען אַלע אַרויס פון די וואַגאָנען און האָבן מיט פייכטע אויגן אַרומגערינגלט די עלטערע לייט. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אַלץ נישט באַוויזן, און צייט איז נאָך געווען גענוג.

אפרים־אהרון און יוכבד זענען צוגעפאַלן מיט אַ געוויין צו זייערע עלטערן:

— וואָס הייסט עפּעס גאָר, זיי ווילן נישט מיטפאָרן מיט די קינ־דער? טאָמער זעצן זיי זיך שוין נישט אַריין אין די וואַגאָנען, שטייגן זיי אויך אויס —

פאַר אַלע בלייבנדיקע האָט געענטפערט דער אַלטער שלום:

— איך קען גאָר מיט מיין קאָפּ נישט משיג זיין: וואָס חדושט אייך אַזוי דאָס, וואָס מיר בלייבן דאָ איבער? וואָס דען, פאָרן חלילה אויף אומקומען? ס׳איז אפילו פאַר יונגע מענטשן אויך אומדערטרעגלעך אַזאַ נסיעה, ווער שמועסט נאָך פאַר עלטערע, פאַר קראַנקע. איר זעט דען אַליין נישט דאָס ענגשאַפט, וואָס עס טוט זיך אין די וואַגאָנען? אַז מען וועט שוין אין מיטן וועג אַרויסוואַרפן אונדזערע קערפּערס אין דער תבואה אַריין, וועט אייך שוין לייכטער ווערן? ווייניק טויטע האָבן די פריערדיקע עשאַלאָנען פאַרזייט איבער די פעלדער? און ווער ווייסט, וויפל מען קען אייך אָפּהאַלטן אין די שטייגן, ביז איר וועט קומען צו אַ ברעג? און דאָס אַלץ מיט ווייניק לופט, מיט ווייניק וואַסער... ניין, ניין, דאָס איז נישט פאַר אונדז! גאָט זאָל העלפן, אַז עס זאָל אויך אייך גאָרנישט שאַטן. און בכלל, וואָס איז דאָס לויפעניש פאַר אונדז? אַזעלכע אַלטיטשקע ווי מיר — וועט עמעצער טשעפּען? וואָס זענען מיר, קאָמיסאַרן, צי קאָמסאָמאָל־צעס? עס בלייבן נאָך איבער אין קיעוו גענוג יידן... און דער זעלבער גאָט, וואָס וועט אייך דאָרטן היטן, וועט אונדז דאָ היטן. מי שאמר לשמן וידלוק, יאמר לחומץ וידליק! דאָ בלייבן איבער שולן מיט ספרי־תורות. וואָס האָט אַן עלטערער מענטש צו אַנטלויפן פון זיין גורל? ממה נפשך... הנשמה לך והגוף שלך... ווי אַזוי זיין ווילן וועט זיין, אַזוי וועט ער מיט אונדז טון, און אַנטלויפן איז נישט שייך... וואָס, מעם ד׳ הוא בורח? משוגע מיינע שונאים! אם אסק שמים שם אתה, ואציעה שאול הנך — פונעם כביכול באַהאַלט מען זיך נישט אויס... וואָס עס דאַרף זיין, וועט זיין...

נאָר צו גאָט אַ האָפענונג, אַז עס וועט זיין גוט... פאַרט געזונט, און גאָט זאָל האַלטן איבער אייך זיין רעכטע האַנט —

יוכבד האָט געכליפּעט ביי דער מוטער אויפן האַלדז:

— אָבער גוואַלד, וואָס וועל איך ענטפערן די קינדער? ווי אַזוי קען איך אייך איבערלאָזן איינע אַליין אין אַזאַ ווייסטער לאַגע? איך וועל דאָך דאָס נישט אַריבערטראָגן —

די עלטערן האָבן זי געגלעט איבערן קאָפּ. דער פאָטער האָט מיט איר איינגעטענהט:

— דו רעדסט ווי אַ קינד, טאָכטער מיינע. דו זאָגסט: איבערלאָזן אַליין... איז וואָס זשע, אַז אַליין? וועלן מיר זיך איבערשרעקן, צי וואָס? און ווידער, ס'איז גאָרנישט אַזוי מסוכן אַליין... ערשטנס: האָבן מיר דאָך אייערע אַלעמענס בילדער, איז שוין איין מאָל אַוועק, גיט מען אַ קוק אַ מאָל אויף דעם, אַ מאָל אויף יענעם, ווערט שוין פרייליכער אַ ביסל! צווייטנס: נעמען מיר צו זיך אַריבער די גאַנצע משפחה שלמהס: ר' שלומען, ר' גאָדלען, ר' לייבן, ר' מוזין און די מומע לאה, וועט שוין גאָר זיין היימלעך אויך — קיין עין־הרע אַזאַ עולם! וואָס דען מיינט איר? איך וועל אָפּגעבן יעדן איינעם אַ צימער. איך האָב קאַרג? ביים טיש וועלן מיר אייך שטענדיק דערמאָנען. דער מחותן שלום — זיינע סאָל־דאַטן, איך — מיינע סאָלדאַטן. איך האָב דווקא דריי מאָל אַזוי פיל, וויפל ער, נאָר עס מאַכט נישט אויס, מיר וועלן שוין צווישן זיך דורכקו־מען. און וואָס דו זאָגסט: „די ווייסטע לאַגע", איז דאָך דאָס גלאַט אַ שטות! זי מוז דאָך נאָך אַ מאָל צוריק ווערן אויך נישט־וויסט. וואָס אַזוינס האָט דיר שלמה דאַמאָלסט איבערגעגעבן פאַר אַ פּאַראָל צו דער דאָקטערשע? איי, דערמאָן מיר... דערמאָן מיר... אַ—האַ! „כמאַרעס גייען איבער"... אמת, ס'איז דאָך טאַקע אַזוי... אַזוי דאַמאָלסט, אַזוי איצט... עס מוז דאָך סוף כל סוף ווערן ליכטיקער... איז איר, מיינע טייערע קינ־דערלעך, האָט נאָך, ברוך־השם, פרישע, געזונטע ביינדעלעך, קענט איר זיך שלעפּן אַהין און שלעפּן אויף צוריק, אָבער איך מיט דער מאַמען זע־נען שוין עלטערע מענטשן, פאַר אונדז איז דאָס אַ שווערע נסיעה: אַראָפּ פונעם צוג, אַרויף אויפן צוג און נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל... אָט וועט איר אומיסטן זען, ווער וועמען עס וועט מקנא זיין... איר וועט זיך נאָך שלעפּן אין וועג אויף צוריקוועגס און מיר דאָ וועלן שוין זיין אויף די ערטער. עס גייט ווינטער... פאַרגעס נישט, יוכבד, אַז קיין דירה האָס־טו שוין נישט. דו וועסט טעלעגראַפירן: „טאַטע, מיר קומען". וועלן מיר אייך אויסהייצן נאָך אַ הרובע. קיין בעטגעוואַנט האָסטו שוין אויך נישט, וועלן מיר זען אייך עפּעס אָפּטיילן. מען וועט אייך נישט לאָזן כאַפּן קיין ציטער. ווי אַזוי דען? עלטערן באַקלערן אַלץ... און חוץ דעם אַלעמען, האָב איך נאָך אַ טעם —

יוכבד האָט אויפגעהויבן אירע פאַרוויינטע אויגן און האָט געוואָלט הערן דעם „נאָך אַ טעם". ר' נחמן האָט זיך אַרומגעווישט דעם שווייס

און האָט, דיפּלאָמאַטיש פאַרוואָרפנדיק דעם שיינעם קאָפּ אויף א זייט, געפרעגט:

— א שטייגער, אָט פאָרסטו אַוועק. דאָס לעצטע קינד. אַלע קינדער זענען זיך צעפאָרן. זאָג מיר, חכמה מיינע, ווער וועט אייך אפילו מודיע זיין איינעם פונעם אַנדערן? די זין — אויפן פראָנט; די שנירן — ווייס איך אַליין נישט ווו; די נישט אויסגעגעבענע קינדער — ערגעץ אויף אַר־ראַל; דו מיט שלמהן פאָרן אַוועק — ווייסן מיר ווידער נישט וווהין; וואָס זשע הייסט דאָס? צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע זיבן ימען! הייִנט, ווען איך פאָר נאָך אויך אַוועק, איז אין גאַנצן אויס חדר! געווען א מאָל קינדער, און נישטאָ מער קיין קינדער! אַזוי קומט זיך דאָס אויס. אָבער אַז איך מיט דער מאַמען בלייבן דאָ איבער, וועט איר אַלע שרייבן צו אונדז — אין שטאַב אַריין, הייסט עס — איך מצדי וועל שוין איינעם מודיע זיין פונעם צווייטן און אָט אַזוי וועלן מיר זיין פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן. האָסטו פאַרשטאַנען, דו נאַריש קעלבל? וואָס זשע האָסטו געריטשעט, וואָס? האָ? אַצינד גיב, לאָמיך דיך א קוש טון אין דיינע נאַ־רישע פּיסקעס —

אומבאַמערקט האָט זיך אָנגערוקט די שקיעה. דער גאַנצער מזרח איז געווען פאַרשמירט מיט שוואַרצע וואָלקנס, נאָר אויף מערב איז נאָך גע־האַנגען א לויטער שטיקל הימל, איבער וועלכן די זון האָט „הצנע לכת׳־דיק", מיט א מלכותדיקער גלאַסנקייט אַראָפּגענידערט אין איר עין לא ראתה׳דיקן רו אַריין. לענגאויס דער פּלאַטפאָרמע איז אין איילעניש דורכ־געלאָפן דער נאַטשאַלניק־סטאַנציע און האָט קורץ געמאָלדן:

— אין צוואַנציק מינוט אַרום רירט דער צוג! אין די וואַגאָנען אַריין!

ס׳איז מיט א מאָל געוואָרן א יאָגעניש מיט א געלויף מיט א גע־דראַנג — אַן אמתע מהומה! אין אימפּעט האָט איינער פאַרלוירן דעם צווייטן און ס׳איז געוואָרן א „ויצעקו" עד לב השמים. שלמה האָט זיך אַריינגעשטופּט אין דעם רעדל פון די אַלטיטשקע, ער האָט אָנגעכאַפּט זיין זיידן מיטן שווער ביי די הענט און האָט אין זיי שטיל, נאָר פייערלעך אַריינגערעדט בשפתים דולקות:

— פאָלגט מיך, מיינע טייערע, נאָך אַלע אייערע פילאָזאָפישע טעאָ־ריעס זעצט זיך אַריין מיט אונדז אין וואַגאָן אַריין און ווי אַזוי גאָט וועט פירן מיט אונדז, אַזוי וועט אויך זיין מיט אייך. אויב ס׳איז חלילה באַ־שערט אומקומען — איז אומקומען צוזאַמען! ווי זאָגט ער: או חברותא, או מיתותא! קוקט, א ייִד ווי ר׳ אברהם פייגנבוים, נישט ייִנגער פון אייך, און האָט א ווייב — ווייסט איר דאָך אַליין ווי לייכט ס׳איז אים מיט איר, און דאָך טוט ער דאָס, וואָס אַלע ייִדן טוען און פאָרט מיט אויף גאָטס באַראָט... פאָלגט מיך, זייט נישט קליגער פון דער גאַנצער וועלט... אָט צעפאָרט מען זיך, ווערט מען שוין עלנט... ווער ווייסט, צי מען וועט נאָך זוכה זיין זיך א מאָל צו זען? מומע לאה, איר זענט דאָך ביי אונדז

פון אלע יאָרן אַ חכמה, זייט איר די ערשטע. לאָזט, וועל איך אייך העלפן זיך זעצן אין וואַגאָן אריין —

— אויב דיין זיידע פאָרט, פאָר איך מיט מוזין אויך. מיטן עלטערן שוואָגער וועל איך זיך נישט צעשיידן —

— זיידע, נו זאָגט, אַז איר פאָרט —

— איי, רעד נישט קיין נאַרישקייטן. קום זיך בעסער געזעגענען. עס ווערט שפּעט צו מנחה, און אַט גייט שוין דער לאָקאָמאָטיוו אויך... נו, קינד מיינס, דו ביסט דאָך עפּעס ביי מיר דאָס עלטסטע אייניקל און דאָס אויסגעצייכנטסטע אייניקל... נאָך פון כמעלניק... פאָר געזונט... ווי אַ זאָך מאַכט זיך, פאַרגעס נישט דעם זיידן שלומען... איך האָף אפילו, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען, אָבער טאָמער חלילה נישט — זיי אַן ערלעך קינד... שאָנעווע טאַטע־מאַמע... טאָמער קומסטו נאָך אַ מאָל קיין ארץ־ישראל, דערמאָן מיך ביים כותל־מערבי... טאָמער וועסטו זיין אין חברון... גיי שוין, גיי צו דיין ווייב און קינדער... ביסט שוין געזעגנט... נו, אפרים־אהרון... זאָג עפּעס, ס'איז נישטאָ קיין צייט... מיר וועלן נאָך אָנווערן דעם מנין צו מנחה... פאָר געזונט...

שוידערלעך איז געווען דאָס געזעגענען זיך פון די פּיאַטיגאָרסקים מיט די ראַדיעצקים מיט זייערע קינדער אויף דער פּוסטער פּלאַטפאָרמע ביי דער גוססדיקער זון. דער גאַנצער הימל איז שוין געווען איינגעטונקען אין לײם. ערגעץ האָבן דראָענדיק געפּייפט סירענעס און געדונערט האַר־מאַטן. יוכבדן האָט שלמה איבערגענומען ביי זיין שוויגער פון די הענט אָן דעם באַווּסטזיין. און אַט אַזוי, אַ חלשנדיקע, האָט ער זי אריינגע־טראָגן אין וואַגאָן אריין. אָן אַ קלונג און אָן אַ פּייף האָט דער צוג גע־רירט. לאַנגזאַם און ווי זיך ישובנדיק, איז אָפּגעשוווּמען די פּלאַטפאָרמע צוריק צו זיך אַהיים. אויף איר איז נישט געבליבן קיינער, אַ חוץ די זיבן אַלטע לייט, פינף מאַנסבלין און צוויי פרויען. דער צוג האָט פאָרזיכטיק געטאַפּט אַ וועג. פאַרביי די אָפענע טירן איז דורכגעשוווּמען סאָלאָמינקע. ענגעלסאַ 72, וווינונג 3! זיי געזונט, סקווירער רבי... מיר לאָזן דיך אי־בער צווישן פיינד, זיי אונדז מוחל! דאָ איז אוממעגלעך אפילו די פּיס אויסצוציען, נישט נאָר בילדער פירן מיט זיך. ס'איז דורכגעשוווּמען די פּראַכט־סטאַנציע, די האַלב־פאַרברענטע טריקאָטאַזשנע פאַבריק. ס'איז אונ־טערגעלאָפן פּעטשערסק. אָט דאָ איז מען לאַנג געשטאַנען. איבערן בריק איז עפּעס געווען אומרואיק. די ברוינע לופט־שדים האָבן טאַקע אָנגע־טאַפּט דעם עשאַלאָן, און האָבן זיך מיט אים געוואַלט באַקענען נעענטער. דער צוג האָט זיך פאַרטייעט אונטער דעם פּליכעוואַטע, מיט גראָז פאַר־וואַקסענעם, הילצערנעם דאַשעק פון דער דריטער פּראַכט־סטאַנציע. אַ צו־נויפגעקאָרטשעטער מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם, האָט דער צוג אויסגעזען ווי אַ פאַריאָגטער הירש, וואָס האָט זיך אונטערגעהויבן אויף דער שאַרף פון זיינע קאָפּיטעס און הערט זיך איין אין די לאָקערנדיקע טריט פונעם יעגער. די פיינטלעכע עסקאַדרילִיע באָמבאַרדירערס האָבן ווי די רויבפייגל

זיך אַלץ געדרייט אַרום בריק: עפּעס האָט נישט געשטימט. די אויסשפּיר־דינסט האָט איבערגעגעבן, אַז איצט דאַרף דורכגיין אַן עשאַלאָן מיט יידן, אויף וועלכע עס וואַרטן מיט אומגעדולד די פּיש פונעם דניעפּר, און מען זעט אים עפּעס נישט. שוין זשע האָבן די אויסגעפּרוווטע אויסשפּירער געמאַכט אַזאַ גראָבן טעות? די בלוטדאָרשטיקע שפּאַרבערס האָבן אומאויפהערלעך אַרומגעפּאַראַדקעוועט אַרום דעם געפּערלעכן בריק־שטח, ווי די קברות־לייט אַרום אַ בר־מינן. אין דעם גלות־לאַנגן, פּאַראורטיילטן פּראַכט־צוג האָט זיך — חוץ די צוויי מאַשיניסטן און דעם קאָטשעגאַר * — נישט געפונען קיין איין קריסט. זיי האָבן נישט געמוזט אַנטלויפן. זיי האָבן גוט געוווסט: נישט זיי מיינט מען... דער עשאַלאָן איז אַלץ געשטאַנען אין געהאַקטע ווענדן. דער געברום פון די „היינקל־מאָטאָרן" האָט אַלץ נישט אויפגעהערט. אַלע יידן, אנשים נשים וטף, וואָס זענען צונויפגעדריקטע און צונויפגעקלעמטע געשטאַנען אין די נוטה־למותדיקע וואַגאָנען, האָבן איצט בלב אחד מתפּלל געווען איין און איינציקע תפילה:

— רבונו של עולם, מאַך בלינד די פליענדיקע רוצחים —

— רבונו של עולם, אב הרחמן, האַלט איצט דיין רעכטע האַנט איבער אונדז, עד יעבור עמך ד' —

עס האָט זיך געלאָזט אַ קאַלטער, געדיכטער רעגן. ערגעץ איבער די קעפּ האָט זיך געטראָגן אַ באַקאַנט הודען פון פיינטלעכע באָמבאַרדירערס. ס'איז ביי קיינעם קיין ספק נישט געווען, אַז דאָס איז אַ זיכערער טויט. אין אָט די שטייגן, וואָס זיי געפינען זיך איצט, וועט מען זיי דערשטיקן ווי די הינדלעך. מענטשן האָבן שוין געוואָלט שפּרינגען פון די וואַגאָנען און ראַטעווען דאָס לעבן, נאָר פּלוצלינג האָבן זיך ווי אין אַ כאָר אָנגערופן די זעניטנע פּוליעמיאָטן, וואָס זענען מיטגעפאָרן מיטן עשאַלאָן אויף די דעכער. מיט פייערדיקע צונגען האָבן זיי אַרומגעלעקט דעם וויינענדיקן הימל, דורכגעקעמט יעדן צענטימעטער פון דעם איבער־דניעפּרדיקן חלל. יעדע קויל, וואָס די זעניטקעס האָבן אַרויסגעלאָזט פון זייערע מאַגאַזינען, האָט ווי אַ טעמפּער טשוואָק דערלאַנגט אין די קעפּ פון די פּאַסאַזשירן, אָבער זיי האָבן אין אָט דעם דאָזיקן נישט גלייכן דועל געפילט אַ בעסערן טעם, ווי אין דער זיסטער מוזיק. אַלעמענס אויגן האָבן זיך צעבליצט מיט דאַנקבאַרקייט און מיט האָפענונג, און מערקווירדיק: דאָס הודען פון די מעסערשמידטן האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן דערווייטערן, דערווייטערן, ביז ס'איז אין גאַנצן צערונען געוואָרן אין די קויטיקע פאַלדן פונעם האָריזאָנט. מיט אַ מאָל האָט עס אַלעמען אַ מעכטיקן שטויס געטון און אומגעוואָרפן פון די פיס. דער צוג איז איבערגעפלויגן דעם דניעפּראָווסקע בריק מיט אַ שנעלקייט פון הונדערט קילאָמעטער אין אַ שעה. דער עשאַלאָן האָט זיך געטראָגן עפּעס אין אַ מין טאָל מיט אַ קאָפּשווינדלערישער שנעלקייט. פון אַלע זייטן האָבן זיך אויף אים משוגענערווייז געיאָגט וועל־

* הייצער, קוילן־דערלאַנגער.

דער, וועלכע זענען געהאנגען אויף משקולת, תלולים, תלוליב.* עס האָט זיך אַלעמען געדאַכט: אָט־אָט פאַלן זיי אַרויף אויפן צוג און זענען אים, מיט אַלע נפשות, וואָס ער טראָגט אין זיך, מקבר אונטער זיך. די טעלע־גראַף־סלופּעס פוןביידע זייטן זענען געפאַלן ווי די זאַנגען אונטער די פליגל פון אַ קאָמביין. ווען מען האָט זיך ענדלעך געכאַפּט ד׳ערויף, וואָס דאָ איז געשען, האָבן זיך שוין גערוקט פאַרביי די אָפענע טירן דאַרניצער סאָסנעס. קיעוו איז שוין לחלוטין פאַרשוווּנדן געוואָרן אין געדיכטן רעגן.

— זיי געזונט, ליבער, טייערער, האַרציקער קיעוו...

— גיב דאָרט אַכטונג אויף אונדזערע אַלטיטשקע, גיב אַכטונג אויף זיך אַליין...

— אויף ווי לאַנג שיידן מיר זיך מיט דיר? וואָס וועט געשען פאַר דער צייט?

אַלע בליקן זענען געווען געווענדעט צום הימל:

— עד מתי ד׳?

און דער הימל האָט צאָרנדיק געענטפערט:

...עד אשר אם שאו ערים מאין יושב, ובתים מאין אדם, והאדמה תשאה שממה...

שלמה האָט שטאַרק געוויינט. אַלע אין וואַגאָן האָבן געוויינט. די הימלען האָבן אויך מיטגעוויינט. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געוויינט — און הייליק געשווווירן צו נעמען נקמה...

---

* אָנגעהויפנט איינער אויפן אַנדערן, שיף, ווערטיקאַל.

# קאפיטל XXV

אין דארניצע איז מען לאנג געשטאַנען. דער אָפּגעשפּיליעטער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקערט קיין קיעוו... נאָך האַלבער נאַכט איז מען ווייטער געפאָרן און דאַן ערגעץ ווידער געשטאַנען. ברא̇ך טאָג איז מען אָנגעקומען קיין באַכמאַטש. דאָס איז אַ קנופּ־סטאַנציע, איין שעה פאָרן נאָך ניעזשין, אין דער ריכטונג קיין מאָסקווע צו. ערשט דאָ האָבן מענטשן דערזען, וואָס דער דייטש קען. פון דער גאַנץ־גרויסער סטאַנציע איז אפילו קיין זכר נישט געבליבן. די רעלסן אויף דער ערד זענען געווען צעשמאָלצן, איבערגעברענט, און צונויפגעדרייט ווי די בייגל. עס זענען געשטאַנען אָן אַ שיעור פאַרברענטע און צעקאַליעטשעטע סקעלעטן פון וואַגאָנען. די בנינים, וואָס זענען דאָרט אַ מאָל געשטאַנען און בכלל אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין דער זאָנע פונעם וואָקזאַל, איז געווען צעריסן און צעפּיצלט, איבערגעמאָלן און איבערגעמישט מיט דער ערד אויף אַ מעטער די טיף. אָט אַזוי — דאַרף מען זיך פאָרשטעלן — האָט געמוזט אויסזען סדום און עמורה נאָך דער איבערקערעניש...

אַרום זשיטאָמיר, וויניצע און לענגויםביידע ברעגן פונעם דניעפּר, האָבן מאז ומעולם פאַרפעסטיקטע פּאָזיציעס אין אימפּעט זיך צוריקגערוקט, אָדער זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן, בלויז די זון האָט כיום אתמול כי יעבור שטרענג איינגעהאַלטן אירע פּאָזיציעס. וזרח השמש ובא השמש — אין כל חדש! אַלע אינדערפרי ווי אַ זייגער האָט זיך איר קעניגלעכע מאַיעסטעט באַוויזן צו דער וועלט דורך דעם זעלבן פענצטער; מיטאָג־צייט האָט זי זיך כתמול שלשום אַרויפגעדראַפּעט אויף דער סטעליע און האָט פון דאָרטן געשמיסן די וועלט מיט איר פייערדיקן שטראַלן־קאַנטשיק; און — כי פנה יום, האָט איר בלייכע שוועסטער איבערגענומען די ממשלה. די יינגערע האָט אפילו איינגעהאַלטן אירע פּאָזיציעס אויף איר אייגענעם שטייגער, קאַלטבלוטיק און געלאַסן, אָבער מיט דעם זעלבן דערפּאָלג, וואָס איר עלטערע שוועסטער, די כעסניצע... און אָט אַזוי האָבן די דריי־מעלה זיך כלל נישט גערעכנט מיט די דריי־מטה, ווי איינער רעדט: שלאָגט אייך דעם קאָפּ אין דער וואַנט — מיר גייען זיך אונדזער וועג! עולם כמנהגו נוהג — ויהי ערב, ויהי בוקר! די „מאורות הגדולים" האָבן פאַר דער וועלט געמאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי זיי ווייסן גאָר נישט, וואָס אַזעלכעס אויף דער זינדיקער ערד טוט זיך איצט אָפּ... עס האָט אַזוי געהייסן: קיינער איז נישט נעגאַנגען זיי דערציילן, און אַליין האָבן זיי כלומרשט אויך גאָרנישט געזען אַזוינס...

דער עשעלאָן איז געגאַנגען „ווי אַ מאָל", ווי דאָס פיבער ביי אַ קדחתניק: אָדער ער האָט זיך געטראָגן איבער שטעט און איבער דערפער משוגענערווייז, אָדער ער איז געקראָכן פאַרביי פעלדער און וועלדער ווי אַ קורצפּיסיקע „טשערעפּאַכע"; אָדער ער האָט געשלונגען די ערד מיט אַ קאָפּ־

שווינדלערישער שנעלקייט, אָדער ער האָט מיט זיין איינציק אויג אינעם קאָפּ במתינות בודק געווען די גאַנצקייט פון די רעלסן, פּונקט ווי אַ נייג־ציקער ראש־השו״בים * „קוקט איבער" די חלפים, וואָס די שטאָט־שוחטים האָבן ספּעציעל „געשטעלט" לשם זה און געבראַכט צו אים, אַז ער זאָל אויף זיי: „אַ פּאָר טון מיטן נאָגל"; כפעם בפעם איז דער עשאַלאָן אָדער געפלויגן איבער בערג און איבער טאָלן ווי אַ הינדין, ווי אַן אילה שלוחה, אָדער ער האָט שלאַבעריק געטאַפּט דעם וועג ווי אַ בלינדע „באַבעצי"... געפאָרן איז מען ס'רוב דורך זייטיקע וועגן, ווי ווייט מעגלעך האָט מען אויסגעמיטן די צענטראַלע מאַגיסטראַלן. בדרך עקלתון איז די געפאַר, וואָס לאָקערט אויף טריט און שריט, אַ קלענערע. טאָג איין, טאָג אויס; אין די גינגאָלדענע כעלות'ן און קאַיאָר'ן; ווען אויף דער גאַנצער בריאה רוט נאָך גאָטס זיסער דרימל; ווען אונטער די הימלען שוועבן נאָך אַרום „שמות" און פעדערן פון ערשט צעפליקטע חלומות; ווען אַלע נבראים ווישן זיך נאָך די אויגן פונעם פאַרטאָגיקן געפּל — צעשניידט דער עשאַ־לאָן אָן רחמנות די געטלעכע, פון אייביק אָן איינגעשטעלטע אידיליע; ער צעזעגט זי אין דער גאַנצער לענג ווי אַ פורים־קוילעטש און קוקט זיך אפילו נישט אום, ווי עס טריפט בלוט פון די ראַזשינקעס... עס העלפט נישט, „בהדי הוצא לקיא כרבא"... **יעדן איינעם פון די „צדדים" מוז מען אָן שום תירוץ אָפּצאָפּן אַ קאַפּעטשקעלע בלוט... פטור בלא כלום — אי אפשר!

וואָס טיפער דער צוג האָט זיך אַריינגעשניטן אין די מזרח־געגנטן פון דער אוקראַינע איז דאָס וועטער דאָרט געווען אַלץ מילדער, אַלץ וועס־נעדיקער. עלטערע מענטשן האָבן געזאָגט: נישט אויגוסט — נאָר מאַי! די לופט קיל; די גערטנער גרין; די הימלען — פריש־צאַפּלדיקע, צניעותדיק־שעמעוודיקע, ווי אין אָנהייב פרילינג; — אַלץ האָט דערמאָנט אין חודש ניסן אָדער אייר, אָן אמתע אחיזת־עינים! נאָר די איבערגעלאָדענע תבואה־פעלדער, וואָס האָבן זיך געלאַנגווייליקט וואַרטנדיק אויף שניטערס, בלויז זיי האָבן דער וועלט דערמאָנט אין דעם, אַז דער זומער איז שוין אַ בא בימים; אַז ער וועט שוין מיט אונדז לאַנג נישט פאַרבלייבן... אַקעגן דעם עשאַלאָן האָבן זיך געטראָגן: חנעוודיקע דערפער; מיט ווערבעס באַ־האַנגענע טייכן; לייכט דרימלענדיקע וועלדער; גרינע, רייצנדיקע לעוואַדעס און לאָנקעס; צווּבערנדיקע מיט זייער פּראַכט און מיט זייער רואיקייט כוטאָרעס און האַלב־צייטיקע פּאַשעפּעלדער... אָט די גאַנצע מחנה מיט ישובים און אָפּרו־ערטער, וואָס האָבן טיף געאָטעמט מיט הכרת־ערך־עצמן; מיט מנוחה ושמחה, האָבן איצט פאַרפרעמדט און עפּעס העפלעך־קאַלט נאָכגעשאָקלט דעם עשאַלאָן מיט די קעפּ:

---

* דער עלטסטער פון די שוחטים ובודקים.

** צוזאַמען מיט די דערנער, ווערט אָפּגעהאַקט אויך די קרויט. געמיינט: צוליב די פאַרשולדיקטע מוזן אין אַ געוויסער מאָס ליידן אויך די אומשולדיקע. פון דער גמרא.

— הייסט עס, פאָרט איר טאַקע? איר האָט טאַקע באַשלאָסן אונדז אוועקצוואַרפן? נו־נו, אַז איר טוט אַזוי, מן הסתם ווייסט איר דאָך, וואָס איר טוט... געשיקט זיך, אַז איר זאָלט זיך נישט האָבן פריער גוט באַקלערט — איר זענט דאָך נישט קיין קליינע קינדער... פאָרט, פאָרט... מען וועט שוין דאָ ווי עס איז מוזן אויסקומען אויך אָן אייך... פאָרט! פאָרט!! און מיר וועלן נאָך לאַ—אַנג זיין גרין. און איבער אַ יאָר וועלן מיר זיך אויך אָנטון אין גרינעם און איבער צוויי יאָרן אויך... און אייך, קומט אויס, האַלט דאָ גאָרנישט צו און איר קענט מיט אַ לייכט האַרץ נעמען דעם וועג פון דאַנען? מילא, וואָס קען מען העלפן? אַז אייך איז ליב אַזוי, איז אויך אונדז ניחא. אמת, ס'איז אודאי קשה די מעשה! אַזוי פיל יאָרן אָפּגעלעבט צוזאַמען, האָט מען געקענט מיינען, אַז ביום עברה וועט איר זיך שטעלן פאַר אונדז ווי אַ וואַנט, פונקט אַזוי ווי איר האָט עס אַ מאָל געטון פאַר אייער אייגן לאַנד... נאָך אַזוי פיל הונדערטער יאָרן איז אפילו אַ שכן שוין דאַכט זיך אויך מחויב צו העלפן לעשן די שרפה בשעת עס ברענט די שטוב... מיר, שוטים, האָבן אַזוי גערעכנט... און ווידער צוריק: Насильно мил не будешь! * — איר פאָרט? פאָרט! מיר פאַרהאַלטן אייך נישט און מיר קלערן אפילו נישט אייך אָפּצורעדן פון אייער אומבאַטראַכטן שריט און — איר הערט? — און מיר ווילן בפירוש נישט, איר זאָלט מיינען, אַז מיט אייער אַוועקפאָרן וועט דאָ ווערן אַ לאָך אין שטעטל... ניין, ניין... אַזוי איז נאָך אפשר גלייכער... אי פאַר אונדז, אי פאַר אייך... פאָרט — מען וועט זיך שוין דאָ ווי עס איז אַן עצה געבן אויך אָן אייך... פאָרט, פאָרט! ** Скатертью Вам дорога! —

שלמה איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דער ראַם פון דער צעעפנטער טיר און איבער זיין פאַרוואָגלט גלותדיק פנים האָבן אומאויפהערלעך געריזלט צוויי ריטשקעלעך הייסע טרערן... טרערן פאַר ווייטיק; טרערן פון בזיון; טרערן פון אוממעכטיקן צאָרן אויף זיך אַליין און אויף דער גאַנצער וועלט...

איבער די וועגן — האָט מען באַמערקט — זענען צעוואָרפן פיל מענטשישע קערפּערס. מן הסתם יידן... דער צוג האָט זיך געשלענגלט איבער: פרילוקי, זוויערוואָ, ראָסטאָוו. און דאַן זענען געגאַנגען די סדרות: מאַכאַטש־קאַלאַ, דער קאַספּישער ים, און קראַסנאָוואָדסק. דערנאָך זענען די פּיאַטיגאָרסקים צוזאַמען מיט אַלע עשאַלאָן־שכנים שוין געפאָרן אין אַ פּאַסאַזשירסקע צוג דירעקט קיין טאַשקענט, דורך: אַשכאַבאַד, טשאַרדזשוי, מאַרי און סאַמאַרקאַנד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די לאַנגע און ברייטע סטעפּעס פון דער אוקראַינע זענען, פונקט ווי מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, געווען פאַרפלייצט מיט „ביעזשנ־

* מיט גוואַלד וועסטו זיך קיין ליבשאַפט נישט איינקויפן. אַ רוסיש פאָלקסווערטל.

** דער וועג זאָל אייך זיין גלאַט ווי אַ טישטעך. אויך אַ פאָלקסווערטל.

צעם".* זעלטן ווער עס האָט געהאַט דאָס אויסערגעוויינלעכע גליק צו פאָרן אויף אַ לאַסטאויטאָ. אַזעלכע מיוחסים זענען געווען געציילטע. זייער פיל משפחות זענען געפאָרן אויף פערד און וואָגנס. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט זיך ארויפצוכאַפּן אויף אַ צוג, האָט מען איבערגעלאָזט אויפן וואָקזאַל, אָדער אויפן הוילן פעלד דעם געשפּאַן מיט האַלב חפצים אויף הפקר... כל דכפין... אָבער נייניציק פּראָצענט פון די גולים זענען געגאַנגען צו פוס. מענטשן האָבן געציטערט איבערצובלייבן אין שטאָט אפילו איין איבעריקע שעה: ווער ווייסט, וואָס אין אַ שעה צייט קען זיך אָפּטון? טאָמער וואַרפט דער דייטש אַראָפּ אַ דעסאַנט און מען בלייבט ביי אים אין זאַק? האָט מען מיטגענומען אין די הענט און אויף די פּלייצעס, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט מיטנעמען, די פּיצלעך קינדער האָט מען אַרויפגעזעצט אויף די אַקסלען, די עלטערע קינדער האָבן שוין אויך געטראָגן אויף זיך רוקזעק מיט האָב און גוטס, און מען האָט בפחי־נפש אַוועקגעשפּאַנט אין די ווייטע מדבריות אַריין, פּונקט ווי זייערע זיידעס, די יוצאי־מצרים: משארותם צרורות בשמלותם על שכמם... מתניהם חגורים... נעליהם ברגליהם... ומקלם בידם... דער אונטערשיד צווישן זיי און דעם דור־המדבר איז נאָר געווען דאָס, וואָס יענע זיידעס זענען געגאַנגען פונעם גלות אהיים, און די איצטיקע אייניקלעך זענען געגאַנגען פון דער היים אין גלות אַריין... עס זענען געווען אויך אַזוינע „קאַפּריזנע" פּאַרשוינען, וואָס דערזעענדיק אין גאַס, ווי אַזוי מענטשן ווערן צעריסן פון אַ סנאַריאַד, אָדער אפילו פון אַ היפּשן שפּליטער אויף איינציקע אברים, האָבן זייערע נערוון נישט אויסגעהאַלטן, זיי האָבן בעת־מעשה קיין כח נישט געהאַט צו געדענקען דעם: „כלי־גולה עשי לך", און זענען אָט אַזוי־אָ, ווי זיי שטייען און גייען, אָן איין רובל אין טאַש, אָן אַ ברויזן ברויט אין קעשענע אויף זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ — אַנטלאָפן פון דער שטאָט אויף הפקר כמציל את עצמו מן הדליקה. אָט די אַלע, באַרעכנטע און אומבאַרעכנטע, האָבן געוואַנדערט און געוואָגלט מחנותוויז און איינציקוויז, אָבער דאָס רוב — מחנותוויז.

אין דייטשן שטאַב אַריין, וואָס האָט זיך געפונען קוים עטלעכע צענדליק קילאָמעטער מערבדיקער פון קיעוו, האָט מען תיכף ומיד צו וויסן געגעבן פון יעדער מחנה פוסגייער, וואָס לאָזט זיך אין וועג אַריין. אומגעזאַמט, מיט דייטשער פּינקטלעכקייט זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פּיקירנדיקע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אַראָפּלאָזנדיק זיך גאַנץ נידעריק, פון פּוליעמיאָטן צעשאָסן די אַנטרונענע. אַזוי ווי די תבואות זענען געשטאַנען נישט קיין אָראָפּגענומענע, פּלעגט דער עולם — ווען איבער די קעפּ האָט אָנגעהויבן צו האָגלען מיט קוילן — זיך אַריינכאַפּן אין די הויכע תבואות און זיך דאָרט פּאַרטייען עד יעבור זעם. אַז די דייטשע תלינים האָבן דערזעען פון די יודן אַזאַ אומגעהאַרכזאַמקייט, אַז זיי ווילן גאָר

* פּליטים, גולים.

נישט שטיין „סמירנאָ“, ביז מען וועט זיי „אוועקליינן“, פלעגן זיי זיך אראָפּלאָזן נאָך נידעריקער און מיט פּוליעמיאָטנע „אָטשערעדן“,* מיט פולע „זאַריאַדן“,** באַלעבאַטיש דורכשטעפּן די תבואה־פעלדער. איז ווער עס האָט באַוויזן אוועקצוקריכן ווייט פונעם שליאַך, דער איז ניצול גע־וואָרן, און ווער נישט, דעם האָט עס אוועקגעלייגט. די מחנה הנשאר לפליטה — נאָך דעם ווי די משחיתים זענען צוריק אוועקגעפלויגן — האָט זיך קיין מאָל נישט פאַרהאַלטן צוליב אָט די „אָפּגעשטאַנענע“ און האַלב־אָפּגעשטאַנענע, מען איז מיט דער לעצטער נשמה געלאָפן וואָס ווייטער פונעם ברענענדיקן גיהנום, מען דאַרף איצט ראַטעווען דאָס לעבעדיקע. נישט קוקן אויף טויטע... טוב כלב חי, מאריה מת...

די בלוטיקע אוקראַינער ערד האָט זיך היפּשלעך צוגעזעצט אונטער דער משא פון די יידישע פּליטים. מען האָט זיי געקענט באַגעגענען אויף די זאַטע פעלדער, אין די שמעקנדיקע וועלדער: אוועקגעפאַלענע; אומגע־פאַלענע; קראַנק געוואָרענע, און סתם לאַחר־יאושדיקע. עס האָט מיט זיי געווימלט און געווירבלט אויף אַלע טראַקטן און אויף אַלע אומוועגן: לע־בעדיקע, טויטע און אַממערסטן — האַלב טויטע —

הימל און ערד האָבן ביטער געקלאָגט:

...למה פרצת גדריה, וארוה כל עוברי־דרך? ***

און אָט אַזוי האָט זיך ווידער, אַקוראַט ווי מיט אַ פערטל מאה יאָרן צוריק, געעפנט אויף דער אוקראַינע דאָס טרויעריקע קאַפּיטל: „בעזשענ־צעס“, און ווידער זענען דאָס געווען בלויז יידן, און ווידער זענען זיי גע־לאָפן בעירום ובחוסר כל, און ווידער האָבן יידישע קינדער געקרעכצט און געקלאָגט:

— אלי, אלי, למה עזבתני? למה שכחתני?

— למה קודר אתהלך, בלחץ אויב?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין די ראַיאָנען פון די הויפּט־קנופּ־סטאַנציעס, ווי: כאַרקאָוו, ראָס־טאָוו, טשקאַלאָוו, האָט זיך דער עוואַקואַציע־שטראָם צעטיילט אויף צוויי נישט גלייכע חלקים: די גרעסערע העלפט איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מיטל־אַזיע, און אַ פיל קלענערע — אויף צפון. די וועגן קיין מיטל־אַזיע זענען אויך געווען צעשפּאָלטן אויף צוויי נישט גלייכע חלקים: די גרעסע־רע טייל איז געשיקט געוואָרן דורך: מינעראַלנעיע־וואָדע, מאַכאַטש־קאַלאַ, און איבער דעם קאַספּישן ים; די קלענערע טייל איז געשיקט געוואָרן די־

* אַ פולע אָנלאָדונג מיט קוילן, וועלכע ווערן אויטאָמאַטיש אויסגעשאָסן מיט איין דרוק אויף דער גאַשעטקע.

** אומגעפער אויך דאָס זעלבע.

*** פאַר וואָס האָסטו דורכגעבראָכן אירע פּלויטן, און עס קלייבן זי אויף אַלע וועג־רייזנדע? פון תהילים. (געזאָגט געוואָרן וועגן דער כנסת־ישראל).

רעקט קיין טאשקענט דורך: קויבישעוו, טשקאַלאָוו, קזעל־אָרדאַ, טורקע־סטאַן און האַרים.

אין די פּי און פערד־וואַגאָנען, וואָס האָבן זיך אין אומענדלעכע עשאַ־לאָנען געשלעפּט קיין טאַשקענט פוןביידע זייטן: פון קאַזאַכסטאַן און פון טורקמעניסטאַן, איז געוועזן שרעקלעך ענג און דושנע. כאָטש די טירן זע־נען געוועזן צעפּראַלט אין דער גאַנצער ברייט, כאָטש די גאַנצע הלבשה איז געוועזן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך, מען איז געגאַנגען כמעט בלויז אין די העמדער, פון דעסט וועגן איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. דער צוג האָט זיך געשלעפּט איבער די אויסגעברענטע קאַראַ־קומער סטעפּעס, פאַר־ביי די אויסגעדבּרטע קישלאַקן און פאַרשמאַכטע סאַלאַרן. יידן האָבן מיט שרעק אין די אויגן זיך באַגעגנט מיט די בליקן, און מיט אַ ציטער אין האַרצן, ווידער טאַקע פּונקט אַזוי ווי זייערע עלטערזיידעס, די יוצאי־מצרים, זיך אַליין אין דער שטיל געפרעגט:

— היוכל אל לערוך שולחן במדבר?

קינדער, ערשט אָפּגעריסענע פון זייערע עלטערן, ברידער און שוועס־טער; מענער, ערשט צעשיידטע מיט זייערע ווייב און קינדער — מענטשן, וואָס אַלע זייערע אָדערן זענען נאָך געווען צונויפגעקנופּט און צונויפגע־וואַקסן מיט דעם ליבהאַרציקן „דאָרטן", מיט די אין האַרצן איינגעבאַקע־נע, טייערע נשמות — האָבן מיט אַ פּרעסנדיקן אומעט אין האַרצן אַרויס־געקוקט דורך די אָפּטע שפּאַרונעס אין די צעטרוקנטע רינדער־וואַגאָנען. פאַר זייערע אויגן האָבן זיך געשפּרייט אויסגעברענטע מדבריות; אומענד־לעכע, געכוואַליעטע זאַמד־שטחים; אויסגעשייערטע ביז ווייטיק פאַר די אויגן זאַלץ־ליילעכער; און ועל כולם — אַ מוראַדיק־גליענדיקע זון! אַז ס'איז גאָרנישט די זעלבע זון, וואָס אין דער היים. דאָ ברענט זי און שרפעט שוין באַלד מיט אַזאַ אכזריות, ווי דאָס אכזריות פון די ברוינהוי־טיקע תושבים, וואָס זיי באַגעגענען אין די זעלטענע ישובים, וואָס טרעפן זיך זיי אין וועג.

יידן וואַרפן זיך אַלץ איבער מיט אומרואיקע בליקן —

אלו לאלו שואלים:

— וואָס זשע וועט דאָ טאַקע ווערן פון אונדז? קרעכץ מיט צרות־צרורות, זעען מיר, האָט מען אונדז דאָ אָנגעגרייט פּאַרטיקע, איצט — הגם לחם יוכל תת? וואָרעם טאָמער חלילה נישט, למה זה אנכי? וואָס זשע איז געווען דאָס לויפן אַהער? הלא טובים חללי־חרב מחללי־רעב...

וויל אַ צווייטער ייד נישט ליידן אַזעלכע מיאוסע ווערטער ווי: „קרעכץ", „חללים", שרייט ער אויס:

— אל תפתח פה לשטן, שוטה דו! האָט אַ צונג און מאַלט! מי בא בסוד אלוה? ווער קען וויסן דעם כביכולס כוונה, וואָס ער שלעפּט אונדז דאָ אַהער אין דער מדבר? עפּעס שטייט דאָך: „ישרו בערבה מסלה לאלהינו"... אפשר איז אָט די עבודה אויסגעפאַלן אויף אונדזער גורל?

די עשאַלאָנען שלעפּן זיך איינער נאָך דעם צווייטן און אַ פינצטערע

מרה־שחורה הויערט אויף די פנימער, אויף די געמיטער... פון יעדן קוסט קעמלשן ווילדגראָז שרייען צו זיי אַראָפּ די אבלדיקע רייד פון דעם נביא־הזעם, פון דעם נביא־היגון, פון דעם נביא ירמיהו:

...והיה כערער בערבה ולא יראה כי יבוא טוב...

...ושכן חררים במדבר, ארץ מלחה ולא תשב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט פיל פריילעכער איז געווען די שטימונג אויך אין די עשאַלאָנען, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אויף צפון. אין דער דאָזיקער ריכטונג זענען אַממערסטן געפאָרן אַזעלכע, וואָס זייערע עלטערן אָדער קינדער אַרבעטן אויף זאַוואָדן אָדער פאַבריקן, וועלכע מען האָט עוואַקואירט אויף אוראַל, אויף סיביר, און אין זעלטענע פאַלן — אפילו אויפן ווייטן מזרח. פאַר די אויגן האָבן זיך גערוקט אומענדלעכע, קאַלירלאָזע פעלדער; דערפער, אויסגעליידיקטע פון זייערע מאַנסבלין — מאָביליזאַציע! די דאָזיקע פרויען און קינדער מיט די הויט און ביינערדיקע פנימער, וואָס זיי פלעגן טרעפן אויף די סטאַנציעס, האָבן געקוקט אויף די „אָדעסער" געסט מיט אָפענער שנאה —

— פאַר וואָס זענט איר נישט געבליבן דאָרט, יעווריײטשיקעס? ווער איז עס מחויב צו פאַרטיידיקן אייערע הייזער מיט אייערע פאַרבאָרגענע אוצרות?

— וואָס האָט איר אַרויסגעשלעפּט פון דאַנען אונדזערע מאַנען מיט אונדזערע זין? וואָס האָט איר געהאַט צו זיי? אַליין, אַליין האָט מען געדאַרפט פאַרטיידיקן די ראַטנמאַכט, נישט אַנטלויפן צו אונדז און אַהין שיקן אונדזערע קינדער... וואַרט אויס, מיר'ן אייך נאָך ווייזן אַן אַנטלויפן, וועט איר שוין געוויר ווערן, ווו ראַקעס ווינטערן —

— ווהין פאָרט איר עס, זשידעניאַטעס? ס'איז פאַר אייך ווייניק, וואָס איר האָט פאַרשלעפּט היטלערן אויף דער אוקראַינע, ווילט איר אים נאָך פאַרשלעפּן אַהער אויך? מיר'ן אייך פאַר אייערע אומריינע אויערן אַריינשלעפּן צוריק אין די צונגן אַריין און אייך אָפּפירן צוריק צו אים אַהין צו... זאָל ער אייך דאָרטן טון אייער רעכט, וועט ער פאַרשפּאָרן צו קומען אַזש אַהער און טאָפּטשען אונדזערע פעלדער —

די יידן פלעגן אויסהערן די טענות פון אָט די רשעטעס, אָפּווישן די ליפּן און מאַכן מיט אַ שווייג. — וואָס האָבן זיי געהאַט צו ענטפערן? אָבער די הערצער פלעגן אַזש פּלאַטערן פאַר שרעק:

...עד מתי אלהים, יחרף צר?

...ונפשי נבהלה מאד, ואתה ד' — עד מתי?

אין וועג, פלעגן די אָפּגעזייפטע יידן זיך באַטראַכטן איינס דאָס אַנדערע מיט טרויעריקע אויגן:

— וואָס וועט דאָ זיין? וואָס וועט דאָ זיין? היטלער, זאָגן זיי, איז געקומען קיין רוסלאַנד בלויז צוליב די יידן... אויב די דאָזיקע געפערלעכע סברא וועט חלילה צעטראָגן ווערן אין פאָלק, וועט מען אונדז דאָך

אַלע אויסשעכטן אין איין נאַכט, כדי היטלער זאָל — לויט זייער גיפּטיקער מיינונג — זיך קענען אַ צופרידענער אומקערן אין זיין רו אַריין...

— היוצא לנו מזה? וואָס זשע ווילט איר מיט אייערע רייד אויס־ברייען? אַז ס'איז ביטער ווי דער טויט? אַז אונדזערע לעבנס הענגען אויף אַ האָר? דאָס ווייסט מען אַליין גאַנץ גוט! אָבער וואָס זשע איז די עצה? מיט וואָס קען מען העלפן דערצו?

און ווען די מרה־שחורה מיט דעם עגמת־נפש פלעגט שוין ווערן ממש אומדערטרעגלעך, פלעגט אַ ייד אַ פּקח אַרויסוואַרפן אַ ווערטל:

— וואָס זיצט איר אַזוי פאַרזאָרגט? גאָט זאָל נאָר העלפן, אַז דאָס לעבעדיקע זאָל בלייבן גאַנץ, וועלן מיר נאָך ברענגען מיט זיך פון דאָרטן אַן עשרות, הדא הוא דכתיב: הרוצה שיעשיר — יצפין! *

— יאָ, יאָ, ניי זיך אַ ביטל, ניי זיך... הלואי איך זאָל בעסער ליגן זאָגן, נאָר דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז פאַר אונדז האָט מען צוגעגרייט אַן אַנדער רמז אויף צפון —

— איזהו מקומן של זבחים?

— קדשי־קדשים שחיטתן בצפון —

דערהערט דער עולם אַזאַ נבואה־קשה, זאָגט שוין דער צווייטער:

— נישט אומזיסט האָט דער נביא יואל געזאָגט: ואת הצפוני ארחיק מכם —

זאָגט שוין דער דריטער:

— וואָס דאַרפט איר לאַנג ברייען? ירמיהו הנביא האָט דאָך קלאָר און דייטלעך געזאָגט: מצפון תפתח הרעה —

*

ענדע סעפּטעמבער, צווישן ראש־השנה און יום־כפור, נאָך זעקס וואָכן אַרומוואָגלען און אַרומוואַנדערן איבער די דרום־מזרחדיקע באַפעלקערטע און נישט באַפעלקערטע שטחים און געגנטן, זענען די פּיאַטיגאָרסקים ענדלעך אָנגעקומען אויף טאַשקענטער וואָקזאַל. צו יענער צייט איז שוין קיעוו געווען ביים דייטש אין די הענט... די סוקאָלסקים זענען תיכף ומיד אָפּגעפאָרן קיין דזשאַמבול און די פּיאַטיגאָרסקים, די כאַדאַראָווס און די פייגנבוימס, זענען ביז עפּעס וואָס אַראָפּגעגאַנגען אין טאַשקענט גופא. אין דער רעזידענץ פון מיטל־אַזיע איז נאָך דער זומער געווען אין סאַמע ברען. די היצן האָבן אָפּט דערגרייכט ביז דרייסיק, פערציק גראַד, און זעלטן — אפילו גאַנצע פופציק. דער ריזיקער וואָקזאַלפּלאַץ מיט די צוויי קאָלאָסאַלע דערבייאיקע פּאַרקן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אומגעזען שרעקלעך בילד. צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען דאָ געזעסן אויף די קלומקעס

* ווער עס וויל נתעשר ווערן, זאָל פאָרן אויף צפון. אַ ווערטערשפּיל. דער אמתער טייטש: — דער זאָל אָפּשפּאָרן און באַהאַלטן וואָס מעגלעך מער.

אונטערן פרייען הימל: זייגנדיקע פרויען, פּיצלעך קינדער, קימפּעטאָרינס, אינוואַלידן, קראַנקע — אַלע האָבן זיך גלייך געוואַלגערט אויף איין קופּע. אויפן פּלאַץ האָבן געבושעוועט און געווילדעוועט: טיפוס, קרעץ, סקאַרלאַ־טינע, דיפטיעריט, דיזענטעריע. דער שטאָט האָט ערנסט געדראָט אַ פּיל־פאַרביקע עפּידעמיע. די אָרטיקע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַלע שכנותדיקע אַזיאַטישע שבטים: אוזבעקן, טאַדזשיקן, טורקמענער, קאַזאַכן, און נאָך אַנדערע. אָבער מערסטן טייל זענען דאָס געווען אוזבעקן. אָט דער גאַנצער ערב־רב האָט מיט חיהשער שנאה אויסגעמיטן דורכצוגיין „פאַר אַ מייל" פון דעם אָרט, ווו עס האָט שוין דערגרייכט די זשידאָווסקע פאַרפלייצונג, די „עמיגראַציע פון בערדיטשעוו"... זייערע פיינטלעכע בליקן און זייער באַנדיטישע באַציאונג צו אָט די פון דער היים פאַרטרי־בענע האָט נישט איבערגעלאָזט קיין פּלאַץ אויף קיין שום ספקות אין זייער „גאַסטפריינדלעכקייט", בנידן זה איז שווער געווען זיך טועה צו זיין...

די אַרויסגעשיקטע קולאַקעס, וועלכע האָבן דאָ געוווינט אין די גע־דיכטע טויזנטער נאָך פון יאָר 1928, האָבן דאָרטן געהאַט זייערע אייגענע סאַלאַרן,* וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט כמו ווי מיניאַטורע רע־פּובליקן אין דעם גרויסן אַזיאַטישן פעלקער־אָקעאַן: אַ רעפּובליק פון אוק־ראַינער; פון ווייסרוסן; פון טאַטאַרן; פון קאָרייער; און אַממערסטן — פון אַמאָליקע איינוווינער פון צענטראַל־רוסלאַנד. יעדער סאַלאַר האָט זיך געלעבט באַזונדער, ווי אויף אַן אָאַזיס: מיט זיין שפּראַך; מיט זיינע מנהגים; און אפילו מיט זיין באַזונדערער קינדער־שול. אָט דער גרויסער, פּילפאַרביקער ערב־רב, וועלכער האָט צווישן זיך אַליין אויך געלעבט נישט זייער פרידלעך, און וועלכער האָט זיך קיין מאָל נישט אויסגעצייכנט מיט זיין ליבשאַפט צו יידן, האָט איצט מייסטעריש איינגעשטודירט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אַז די דאָזיקע מלחמה האָט אויסגעבראָכן אויף זייער קאָפּ, בלויז צוליב די יידן. היטלער וויל פון דער ראַטנמאַכט גאָר־נישט, נאָר אַז מען זאָל אים אַרויסגעבן די יידן. און איצט, אַז די פון גאָט פאַרשאָלטענע יידן האָבן זיך פאַרקליבן אַזש אַהער צו, וועט זיי היט־לער מוזן נאָכלויפן אַהער צו. קיין אַנדער ברירה בלייבט אים נישט אי־בער. טאָמער איז נישט געגונג, וואָס אַזעלכע גאָלדענע אוזבעקישע יוגנט־לעכע ווערן אין די טויזנטער אויסגעהרגעט אויף די שלאַכטפעלדער, וועלן נאָך זייערע אור־אַלטע קיביטקעס, מיט די חנעוודיקע באַלכאַנעס, מיט די הייליקע מעטשעטן, מיט די וויכטיקע מעדראַסן — אַלץ, אַלץ וועט מוזן חרוב ווערן צוליב אָט די פאַרשיווע זשידעס, פונקט ווי עס איז חרוב גע־וואָרן זייער גאָלדענע אוקראַינע, פונקט ווי עס זענען חרוב געוואָרן אַלע ערטער, ווו עס האָט זיך נאָר געפונען אַ פּוס פון אָט די טמאַדיקע, קרע־ציקע, לייזיקע פאַרשיווע יידן... און טאָמער ווילן זיי נישט גלייבן, די אוז־

* אַ מין קאָלאָניע אָדער אַ כוטאָר פון אַ פּופּציק, אָדער הונדערט כאַטעס, אין וועל־כע עס וווינען בלויז אייגענע מענטשן.

בעקן, אַז אין אָט דער גאַנצער צרה זענען שולדיק בלויז די יידן, האָבן זיי שוין געהאַט ביי זיך, מוכן ומזומן צו ווייזן היטלערס פלוגבלעטלעך אין רוסיש און אין אוזבעקיש, ווו עס שטייט בפירוש געשריבן, אַז מיט זיין אָנפאַלן אויף רוסלאַנד מיינט ער נאָר יידן און קאָמוניסטן. נאָר קאָמוניסטן איז דאָך אַ געלעכטער — ווו זענען דען דאָ אמתע קאָמוניסטן? — דער עיקר זענען יידן! נאָר אין זיי שטעקן די שעדלעכע באַצילן פונעם קאָמוניזם! ווען נישט די יידן, וואָלט יעזוס נאָך געלעבט ביזן היינטיקן טאָג; ווען נישט די יידן, וואָלטן זיי, אָט די איינוווינער פון די סאַלאַרן, זיינע רעכט־גלויביקע, געוווינט דאָרט ווו זייערע זיידעס, אויף דער אוקראַינע; ווען נישט די יידן, וואָלט בכלל קיין קאָמוניזם אויף דער וועלט נישט געווען! דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג! ווייל דער ערשטער קאָמוניסט מאַרקס איז געווען אַ ייד; און דער היינטיקער מאַרקס — סטאַלין, איז גאָר אַ סברא, אַז ער שטאַמט אויך פון יידן! די גרוזינער, איז דאָך אַלעמען באַוווסט, שטאַמען פון די כאַזאַרן,* און די כאַזאַרן זענען דאָך געווען הונדערטפּראָצענטיקע יידן. ווער ווייסט נישט פון דער געשיכטע, אַז זיי זענען אַ מאָל אַריבערגעגאַנגען אין דעם יידישן גלויבן? אַזוי, אַז עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַלע צרות פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, און באַזונדערס פאַר זיי — פאַר די הייס־געליבטע אוזבעקן — נעמען זיך נאָר פון יידן! און אָט די יידן, אָט די אומווירדיקע, פון גאָט פאַרשאָלטענע רעשטלעך, וועלכע עס האָט זיך לײדער איינגעגעבן זיך אויסצובאַהאַלטן פון דעם הייליקן פּעטליורע; פון דעם הייליקן דעניקין; פון די הייליקע: מאַכנאָ, וורּאַנגעל און קאָלטשאַק; אָט די רעשטלעך ווילן אַצינד זיך באַזעצן אין דעם גאָלדענעם אוזבעקיסטאַן; אים פאַראומריייניקן; מאַכן דאָ זייער פאַלעסטינע, און פאַרשלעפּן אַהער צו היטלערן מיט זיינע אַלץ פאַרניכטנדיקע חיילות. אָבער ווען מען ליפערט זיי אויס היטלערן, אָדער, נאָך שענער וואָלט געווען, ווען מען פאַרשפּאָרט אים אַן אַרבעט און מען הרגעט זיי אויס דאָ — וואָלט תיכף ומיד געוואָרן שטיל אויף דער וועלט! זייע־

---

* כוזרים. צוריק מיט אַ צוועלף־דרייצן הונדערט יאָר, האָט אַ גרויסער פינישער, אָדער סלאַווישער שבט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. דער דאָזיקער שבט — איז דאָ אַ ווערסיע — האָט געהאַט זיין ממשלה אין האַרץ פון דעם שפּעטערדיקן גרויס־רוסלאַנד. די גרענעצן פון זיין מלוכה האָבן גענומען זייער אָנהייב פון דער צפון־זייט פונעם קאַספּישן ים, — נישט ווייט פון טערקיי, — אַריינגענומען אין זיך אַלע לענדער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף זיינע לאַנגע ברעגן, און האָבן זיך געענדיקט פיל ווייטער און טיפער פונעם אוראַל און פונעם דאָן. דער מלך כוזר האָט געוועלטיקט פון די קאַווקאַזער לענדער ביז אויף יענער זייט דניעפּר; פון דער וואָלגע ביז טיף אין די קאַלמיקישע מדבריות. די פיל־דורותדיקע רעזידענץ פון די מלכי־הכוזרים איז געווען אויף איינעם פון די גרויסע וואָלגע־אינדזלען. אַזוי ווי גרוזינער זענען ביז גאָר ענלעך אויף יידן, (די כאַראַקטעריסטישע סימנים: די נאָז, די אויגן, דער שטערן) גייט אַרום אַ לעגענדע, אַז די גרוזינער שטאַמען פון די אַמאָליקע כאַזאַרן.

רע פּאַיזולעס מיט די קאַרימעס מיט די נאַקרימעס וואָלטן זיך גלײך אומ־געקערט אַלע ביז אײנעם; עס וואָלט שוין מער קײנער נישט געהרגעט גע־וואָרן; ברויט וואָלט מען אויפגעהערט צו געבן אויף קאַרטאָטשקעס; * ווײנטרויבן וואָלטן ווידער געבליט; שאַשליק וואָלט זיך געפּרעגלט אויף אַלע גאַסן; פּלאָוו וואָלט געשפּריצט מיט פעטע פונקען, און עס וואָלט גע־ווען אַ לעבן אויף דער וועלט ווי דער נביא מוכאַמעד האָט פאַרשריבן אין דעם הײליקן אַלקאָראַן. נאָר אָט די עטלעכע ײדן, וואָס פאַרעיפּושן איצט דעם וואָקזאַלפּלאַץ, נאָר זײ אײנע שטערן עס אין דעם, אַז עס זאָל ווערן אַ גן־עדן אויף דער וועלט. שאַ! וואָס דאַרפן זײ מער? זײ קענען דאָך אַלײן לײענען —

אַז דער אוזבעק האָט דערזען, אַז מען שרײבט צו אים אויף זײן אײ־גענער שפּראַך, מיט זײן געקרײזלטן אַלף־בית, מיט זײנע באַליבטע היע־ראָגליפן, נו, אַז יענער האָט זיך ספּעציעל מטריח געווען זיך אויסצולער־נען אַזאַ שווערע תורה — איז דאָך דאָס אַלײן שוין אַ סימן, אַז היטלער איז אים אַ גרויסער פרײנד, דאַרף מען דאָך טאַקע לײענען! ער וועט דאָך נישט שרײבן סתם אין דער וועלט אַרײן —

...און מען האָט טאַקע געלײענט! און מען האָט טאַקע פאַרשטאַנען, וואָס דער פּסוק מײנט...

די גיפטיקע טראָפּנס האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ פּרוכטבאַרן באָדן, און דאָס איבעריקע האָט שוין צו רעכט געמאַכט דער פראָנט, די טויזנטער געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. די ײדן האָבן גלײך דערפילט די „האַרציקע" באַציאונג פונעם אוזבעק, סײ אין מאַרק בײם אײנקויפן עסנוואַרג; סײ בײם זוכן אַ צימערל אויף צו דינגען; סײ אין די פינצטערע נעכט, באַ־געגנענדיק זיך מיט אַן אוזבעק אײנס אויף אײנס. געפינען אַ געהרגעטן ײדן איז געוואָרן ווײט נישט קײן זעלטנהײט; ווער שמועסט, פּאַקן אַ ײדן אין אַ ווינקל און אים בחנם ולא דבר צעשלאָגן ביז בלוט, דאָס איז שוין געווען אַ וואָכעדיקער ספּאָרט.

אין אַלע גאַסן האָט מען זײ נאָכגעשריגן:

— פּאַררעטערס! קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן!! דעזערטירן!!! פאַר וואָס האָט איר איבערגעלאָזט אײערע אָדעסן, אײערע קיעוון, און אײערע דניעפּ־ראָפּעטראָווסקן און זענט געקומען אַהער צו אויפצופרעסן אונדזערע ווײנ־טרויבן און אונדזערע באַראַנעס? פאַר וואָס האָט איר אַלײן נישט פאַר־טײדיקט אײערע שטעט? איר וועט זיצן דאָ און זיך וואַרעמען קעגן דער זון, און אונדזערע זין וועלן דאָרט ליגן פאַר אײך די קעפּ? ווי מײנט איר? אַן אוזבעק וואָלט אויך אַנטלאָפן פון זײן קיביטקע און פון זײן אַריק? גײט אײך צוריק צו אײער היטלערן און שיקט אונדז אָפּ צוריק אונדזערע זין. מיר ווילן אײך נישט קענען! מיר וועלן אײך דאָ אויסקוילען ווי די באַראַנעס! מיר וועלן אײך פאַרטיליקן ווי די עקדישן! רײניקט אָפּ

* טאַלאָנען אויף צו באַקומען די נאָרמע ברויט.

אונדזער הייליקע ערד! נישטאָ דאָ פאַר אייך קיין עסנווארג! נישטאָ דאָ פאַר אייך קיין קיביטקעס! צו היטלערן! צו אייער היטלערן! ער האָט אייך שטאַרק ליב! ער וואַרט אויף אייך! ער בענקט נאָך אייך! פאָרט צוריק קיין כאַרקאָוו, קיין מאָסקווע, קיין בערדיטשעוו —

נישט האָבנדיק עפּעס אַנדערש, וואָס צו טון, פלעגן זיך די בעזשנ־צעס אַרומשליאַיען שלינג און שלאַנג איבער דער גרויסער שטאָט: די ליפּן — פאַרשמאַכט, די אויגן — פאַרלאָשן, אין די קניעס — אַ ווייטיק, אין מאָגן — אַ בונט, און אָט אַזוי האָט מען זיך אַרומגעשלעפּט גאַנצע טעג און האַלבע נעכט. דער דאָזיקער סדר האָט זיך אָבער געפירט נאָר די ערשטע טעג נאָכן אָנקומען, דערנאָך איז דאָס אַרומגיין נמאס געוואָרן. פלעגט מען שוין זיצן, יעדער אויף זיין קלומעקל, — ווו אויסצוציען די פיס איז נישט געווען; האַלב פון אַ קבר די לענג, איז אויך גענוג פאַר אַ מענטשן, — און אַרויסקוקן, ווען עס וועט שוין אונטערקומען די ריי, מען זאָל אָפּשיקן ערגעץ אין אַ מקום־מנוחה, — אין אַ קאָלכאָז, אָדער אין אַ סאָווכאָז. צי די אַזיאַטישע זון האָט געטשמעליעט אין קאָפּ, צי די האַרבס־טיקע רעגנס האָבן אַלץ איבערגעמישט מיט דער ערד, — אָט דאָ האָט מען געטאָגט און אָט דאָ האָט מען גענעכטיקט. קיין אַנדער פּלאַץ איז במילא נישט געווען, און ווען יאָ — איז אויך אַ שאָד אוועקצוגיין! עמע־צער אַנדערש קען פאַרכאַפּן דאָס אָרט, און ווידער, די וואָס וואַלגערן זיך אונטערן הימל וועט מען אפשר גיכער אָפּשיקן ערגעץ. כאָטש אין אמת גערעדט, איז די גאַנצע מעשה מיטן שיקעניש געווען בלויז אַן אילוזיע. קיינער האָט לעת־עתה קיינעם אין ערגעץ נישט געשיקט. וואָס דען? פאַר־שטייער פון די אַרומיקע דערפער און קישלאַקן פלעגן אַ מאָל זיך אַרויס־כאַפּן אויף דעם טאַשקענטער וואָקזאַלפּלאַץ, ווי מען כאַפּט זיך אַרויס אויף אַ יאַריד. זיי פלעגן אַרומגיין צווישן די פּליטים, פאַרקוקן אין די אויגן, זיך אין געדאַנק משער זיין די יאָרן און די כוחות, ווי מען גייט אַרום אויף אַ טאָרהאָוויצע פון פערד, אָדער רינדער, אָדער אויף אַ מאַרק פון שקלאַפן. און צום סוף פון דעם „סמאָטר" * איז אָדער זיי פלעגן מיט־נעמען מיט זיך אַ צענדליק מענטשן, אָדער נאָר אַ פּאָר. און עשאַלאָנען האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען, און מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין צוקומען. אויפן פּלאַץ איז מען שוין געזעסן ממש איינער אויפן אַנדערן. די האַרבסטיקע רעגנס האָבן אַלץ אָפּטער און אָפּטער געוואַשן דעם עולם, און קיין תכלית האָט מען נאָך אַלץ נישט געזען.

אין שלמהן פלעגט דאָס האַרץ פאַרלויפן מיט בלוט, זעענדיק די גרוי־סע פּלאָג פון זיין פאָלק —

...תמכור עמך בלא הון, ולא רבית במחיריהם... **

---

* דאָס באַקוקן, אינספּעקטירן.

** דו פאַרקויפסט דיין פאָלק אין גאַנצן אומזיסט. דו מאַנסט אפילו נישט פיל פאַר זיי. פון תהילים.

מיט א פֿאַרשטאַרבן האַרץ פֿלעגט ער אַלע פּרימאַרגן צוקוקן, ווי ביים פּלאַץ שטעלן זיך אָפּ עטלעכע „האַרבעס", און די פֿורמאַנעס אין דער באַגלייטונג פֿון עטלעכע מיליציאַנערן, גייען אַרום צווישן דעם עולם צונעמען די „אַנטשלאָפֿן געוואָרענע". עס זענען געווען פֿאַלן, ווען משפּחות האָבן געוואָלט פֿאַרלייקענען, אַז ביי זיי איז דאָ א בר־מינן; מען פֿלעגט אים מאַסקירן, איינדעקן, באַהאַלטן; דאָ פֿלעגן שוין אָבער די שכנים אויסגעבן. דער נבלה־גערוך איז געווען דער ערגסטער מסור.. עס פֿלעגן פֿאָרקומען היסטעריקעס, חלשות־פֿאַלן, האַרצרייסנדיקע געזעגענישן, און די אוזבעקן פֿלעגן קאַלטבלוטיק אָננעמען דעם טויטן: איינער ביים קאָפּ, דער צווייטער ביי די פֿיס, און אים אַוועקטראָגן צו דער „האַרבאַ". שלמה מיט יוכבדן פֿלעגן וויינענדיק זיך איבערקוקן. זייערע אויגן האָבן גערעדט איינס און דאָס זעלבע:

— הלא הכלבים אינם נקברים כן...

צוקוקנדיק קיילעכדיקע מעת־לעתן דאָס שוידערלעכע בילד פֿון די צענדליקער און צענדליקער טויזנטער ייִדן, אנשים נשים וטף; דאָס פֿינצטערע פֿאַרוויסטקייט, וואָס ליגט אויף זייערע פֿאַרוועלקטע, אויסגעמאַגערטע פּנימער, גלייך ווי זיי וואָלטן שוין אַרומגעוואָגלט ימים ושנים; באַמערקנדיק, אַז אין ערגעץ זעט מען נישט קיין איין קריסטלעך פּנים, אפֿילו איינעם אויף א „שהחינו" איז אוממעגלעך צו געפֿינען, האָט זיך ביי שלמהן אין זכרון אויפֿגעמישט די טייטש, ווי אַזוי ר' לוי־יצחק, דער הייליקער בערדיטשעווער רב, דער ייִדישער מליץ־יושר, האָט א מאָל אום ראש־השנה אויסגעטייטשט א פּסוק פֿון „תמניא־אפּי" —*

...למשפּטיך עמדו היום, כי הכל עבדיך —

האָט ער מיט זיין פּה־קדוש אַזוי געטייטשט:

„למשפּטיך עמדו היום — דאָס ייִדישע פֿאָלק, גאָט, שטעלט זיך היינט אַוועק דיך משפּטן, כי הכל — ווייל אַלע אָנשיקענישן, וואָס קומען אויף אונדזער קאָפּ, זענען נאָר דערפֿאַר, ווייל — עבדיך — ווייל מיר זענען דיינע קנעכט און דיינע סאָלדאַטן"...

ווי אין דעם זעלבן קאַפּיטל שטייט:

...זאת היתה לי — כי פּקודיך נצרתי!

און נאָך שטייט:

...כי עליך נשאתי חרפּה, כסתה כלימה פּני...

און ווידער שטייט:

...תשימנו חרפּה לשכנינו, לעג וקלס לסביבותינו...

און וואָס ס'איז נאָך ערגער פֿון בזיון און פֿון ווייטיק:

...כי עליך הורגנו כל היום, נחשבנו כצאן טבחה...

— יאָ, רבונו של עולם, — טראַכט שלמה מיט טיפֿן ווייטיק — מיר האָבן מיט דיר א גרויסן, גרויסן דין־תורה... דו וועסט מוזן דערווייזן, צי

* אַכט אופֿנים, אַכט פּסוקים פֿון יעדן אות. געמיינט: דאָס קאַפּיטל קי״ט פֿון תהילים.

איז דאָס טאַקע אמת, אַז: אשמנו מכל עם; בושנו מכל דור... דאָס וועט זיין אַ גוואַלדיקער משפּט... און דאָ ווּעסטו שוין, דאַכט זיך, נישט קענען אָפּקומען מיט קיין: שה"י, פּה"י — * ניין! כי עד צדק ישוב משפּט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס לאַנד האָט דערווייל געברענט פון אַלע זייטן...

כאַרקאָוו איז געפאַלן; אָדעס און סעוואַסטאָפּאָל זענען געווען אַרומ־גערינגלט; מאָסקווער און לענינגראַדער הימלען האָבן זיך געסמאַליעט פון סנאַריאַדן־שראַפּנעלן; דאָנבאַס איז געשטאַנען אין פייער; ראָסטאָוו האָט געברענט; וואָראָניעזש האָט געברענט; סטאַלינגראַד האָט זיך געריוויבערט אין די האַלעוועשקעס; שיפן מיט פרויען און קינדער זענען פון מינעס אויפגעריסן געוואָרן און זענען געגאַנגען צום דנאָ; עשאַלאָנען מיט די בעסטע יונגע כוחות פונעם לאַנד זענען דורך פאַררעטערישע הענט פון די קלאַסנפיינד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שפּענדלעך איבערגעמישטע מיט בלוט און געהירן; דאָס גאַנצע לאַנד איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. טאָג־טעגלעך האָט טאַשקענט איינגעשלונגען עטלעכע עשאַלאָנען מיט פּליטים פון די אָקופּירטע געביטן, און האָט זיי צעשפּיגן איבער מיטל־אַזיע. אַלע טאָג פלעגט מען צונויפנעמען פון די עשאַלאָנען, פונעם וואָקזאַלפּלאַץ, און פון די פּאַרקן הונדערטער געשטאָרבענע. דער קאַרבאַל און די כלאָראָפּאָרם, וואָס זענען אויסגעגאָסן געוואָרן אויף די דאָזיקע פּלעצער, האָבן פאַר־שטונקען די גאַנצע געגנט אַרום וואָקזאַל. און כאָטש טאַשקענט האָט שוין לאַנג נישט „איינגעזאַלצן" די לעבעדיקע „קראָם", וואָס מען פלעגט איר אַזוי בשפעדיק אַריינשיקן, און כאָטש דער וואָס האָט אויף די עפּנטלעכע פּלעצער געטאָגט, האָט שוין דאָרט נישט גענעכטיקט, און דער וואָס איז אָנגעקומען ביי נאַכט, איז שוין אין דער פרי אויסגעכאַפּט געוואָרן, פון דעסט וועגן איז נאָך אַלץ צווישן אַלע הונדערטער טויזנטער היימלאָזע נישט געווען צו באַמערקן אפילו קיין איין קריסט. ביי די תושבי־הארץ האָט זיך טאַקע באמת געשאַפן דער איינדרוק, אַז די איינציקע פּאָנענטרע־גער פון קאָמוניזם זענען יידן. אַ באַוויז — חוץ יידן, איז קיינער פאַר היטלערן נישט אַנטלאָפן. אַנו, צווישן אַזאַ פיל־טויזנטעפיקער מאַסע זאָל זיך געפינען כאָטש איין קריסט אויף אַ „שהחיינו", אויף אַ רפואה — איז ניין! בלויז יידן און יידן...

*

אין איינעם אַ זוניקן פרימאָרגן, ווען יעדער שטיקל גלאָז און יעדער שטיקל מעטאַל שיסט מיט פונקען און בלענדעט דאָס אויג; ווען די אָנ־געגליטע ליימענע ווענט פון די טאַשקענטער קיביטקעס אָטעמען מיט צע־פּאַרעטע קיזיאַקעס, מיט ביטערלעכער זוויערמילך און מיט פרישע ליע־

---

* „שבת היום"; „פּסח היום". די כוונה: סתם תירוצימלעך, אַבי זיך אָפּצוטשעפּען פון יענעם.

פּיאַשקעס, * איז שלמהן גראָד אויסגעקומען צו זיין אויף אַלאַיעווסקע מאַרק, נישט ווייט פון דער פּאַרשטאָט, וועלכע מען האָט גערופן אויפן נאָמען פון ערנסט טעלמאַן. דאָרט האָט ער מיט גרויס מי אויפגעזוכט די קרומע, באַרגיקע קאַשגאַר־גאַס. ער האָט אויפמערקזאַם, מיט הנחהדיקע בליקן, באַקוקט די קיביטקע, וואָס מען האָט זיי פאַרגעלייגט, און איז דאָך אַוועקגעגאַנגען „אַהיים" אַן אומצופרידענער. די פּוסטקייט, דאָס קבר־דיקייט, האָט דאָרט געדריקט אויף דער נשמה נאָך פיל שווערער ווי אויפן שרעקלעכן וואַקזאַלפּלאַץ. דערצו נאָך זענען אים די באַלעבאַטים פון דער חורבה, גלייך ווי ער האָט נאָר דערזען זייערע גיריקע פּרצופים, נישט געפעלן געוואָרן. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעבראַכט פונעם מויל איז געווען:

— А чамайданов со всяким добром, у Вас там много есть? **

ביי די אוזבעקן איז געווען איינגערעדט, אַז יעדער ייד האָט פאַרן אַנטלויפן באַרויבט אַ באַנק אָדער לכל הפּחות אַ מאַגאַזין און איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד. די אָפנהאַרציקע פראַגע, די פרעכע בליקן פון די אויסגעפּאַשעטע און איבערגעפרעסענע אוזבעקן מיט זייערע מיט שמאַלץ פאַרשווומענע באַראַנענע אויגן האָט שלמהן עפּעס אויסגעוויזן פאַרדעכטיק. ביי דער סיטואַציע, וואָס האָט זיך איצט געשאַפן, האָט מען זיך אויף אַלץ געקענט ריכטן. ער האָט זיי געענטפערט, אַז ער האָט מיט זיך געבראַכט אַ גאַנצן לאָמבאַרד, דעם באַגדאַדער שייכס אוצרות, און טאַקע דערפאַר קען ער די דאָזיקע דירה נישט נעמען. אין דעם אוזבעקס תאווהדיקע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן גיריקע פלעמעלעך. זיין פרוי האָט פון אונטער דער פּאַראַנדזשאַ *** עפּעס אויף גיך אַ מאָל געטון אויף זייער טייוולאָנישער שפּראַך, און דער אוזבעק האָט זיך גלייך אָנגערופן:

— דו קענסט פאַרנעמען מיין קיביטקע אורום, **** און איך וועל איבערגיין ווינען אין דער, וואָס דו האָסט ערשט אָנגעקוקט.

שלמה האָט זיך ביטער צעלאַכט:

— אַלץ כדאי, אַבי דעראָבערן דעם לאָמבאַרד! ניין, האָט נישט קיין פּאַראיבל! איר וועט מוחל זיין אַליין זיך מטריח זיין צו היטלערן און ביי אים דאָרט אָנקלייבן אַן עשרות. ביי מיר האָט איר נישט געטראָפן דאָס פּלאַץ, איך האָב אַ שווערע האַנט —

און נישט אומקוקנדיק זיך מער אויף די אָפּגעצוואָגענע באַלעבאַטים,

* פּיפּאַלקעס. אַזעלכע דינע, פּוכקע פּלעצל, וואָס זענען געבאַקן ביים פּלאַם.

** און וואַליזעס מיט אַל דאָס גוטס, האָט איר דאָרט אַ סך?

*** אַ זיפּל פון פערדישע ווידל־האָר, וועלכעס זיי טראָגן אויף די פּנימער, כדי קיין אויג פון קיין פרעמדן מאַנסביל זאָל זיי חלילה נישט דערזען.

**** אַ רוסישער.

האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן און האָט זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג. אָבער אין גאַנצן גלאַטיק איז שלמהן דער ווויליונגערי־שער ענטפער נישט אָפּגעלאָפן. ווען ער איז שוין געווען אויף יענער זייט טויער איז פונעם לייִמענעם פּלויט אויף אים אַראָפּגעשפּרונגען אַ הויכער, אַ ביינערדיקער אָנגערייצטער הונט, און ער איז גלייך אומגעפאַלן פון אַ ביס אינעם לינקן פוס. ווען שלמה איז ענדלעך געקומען צו זיך פונעם דערשרעק, האָט ער זיך אויפן אָרט באַקלערט, אַז ס׳איז פאַר אים פיל גע־זונטער זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען וואָס גיכער, איידער אויפהייבן אַ סקאַנ־דאַל. ער האָט מיטן נאָזטיכעלע פאַרבונדן די טיפע, בלויע סיניאַקעס, סימנים פונעם הונטס ציין, און האָט אַוועקגעהינקען אין דער ריכטונג פון דעם אַלאַיעווסקע מאַרק. ערשט אויף דער גרויסער גאַס האָט שלמה דער־פילט, אַז ער מוז זיך אַ ביסל צוזעצן. דער פוס האָט אים שרעקלעך גע־שמערצט. ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ בענקעלע ביי אַ טויער און האָט מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ אָפּגעבונדן די פרישע ווונד: אין דעם גראָבן פלייש פון דער ליטקע זענען דייטלעך געשטאַנען דריי לעכער פון קרומע ציין, און אַרום זיי — בלוטיקע צייכנס. שלמה האָט מיטן טיכעלע לאַנג געפּאָכעט אויפן צעביסענעם אָרט און האָט זיך טאַקע נישט געפילט אין כח ממשיך צו זיין דעם ווייטערדיקן וועג.

# קאפיטל XXVI

די לאנגע גאס אויפן נאמען פון אכון־באבאיעוו האט געווירבלט מיט אישאקעס * און מיט ווערבליודן. ** דער ווייטער, גרויסער אלאיעווסקע־מארק האט דערגרייכט אויך אהער מיט זיין אומדייטלעכן טומל און הארצ־רייסנדיקע געשרייען פון די אייזלען.

שלמהס אויפמערקזאמקייט איז צוגעצויגן געווארן פון א בילד, וואס איז געווען זייער כאראקטעריסטיש פאר דעם טאשקענט פון יענע טעג.

אויף דער ברייטער, רווישיקער גאס, לענגויס די שטומע ליימענע פעסטונגען, צווישן גרויסע און קליינע אריקן, פארביי איבערפולטע צע־פארעטע טשאיכענעס, האט זיך געשלעפט א יונגע פרוי. זי האט זיך שכור געוויגט פון איין זייט אויף דער צווייטער און ס׳איז געווען קענטיק, אז ס׳איז קוים־קוים, וואס זי האלט זיך אויף די פיס. פון דעם ערשטן בליק, וואס שלמה האט אויף איר געווארפן, האט ער אין איר דערקענט א יידיש קינד. לויט דעם אויסזען האט מען איר נישט געקענט געבן מער פון צוואנ־ציק יאר. כאטש דאס פנים אירס איז געווען זייער בלאס, אבער דאך — צערטלעך און מלא חן. זעענדיק ווי אזוי זי כאפט מיט די הענט די לופט און נייגט זיך אויף אלע זייטן ווי צו „עושה שלום", איז ביי שלמהן מער קיין ספק נישט געבליבן, אז זי איז טאקע היפשלעך שכור.

אז דאס היימלאזיקייט און די שרעקלעכע לאגע פון די „בעזשענצעס"; דער הונגער, דער עלנט און די ביטערע נויט פון די ארעמע סאלדאטקעס האט אומעטום ארויסגעטריבן די פרוי אויף דער גאס, דאס איז פאר קיי־נעם קיין סוד נישט געווען, אבער — א יידישע טאכטער מיט אזא איידל פנימל? זיך אנזשליאקען שכור־לוט? זיך ארומשלעפן אין מיטן העלן טאג? אין אוזבעקישן קווארטאל? גוואלד, צו וואס מיר האבן זיך דערקויקלט...

שלמהן האט שטארק פארקלעמט ביים הארצן. מיט א נישט געזונטן פיבער אין די אויגן האט ער נאכגעשפירט דער זיך דערנעענטערנדיקער פרוי. אויף דעם קעגנאיבערדיקן טראטואר האט א יונגער סטודענט מיט א פארטפעל אין דער האנט זיך אויך אפגעשטעלט. שלמהן האט זיך פון דער ווייטנס א דאכט געטון, אז דער סטודענט איז א ייד, און באזונדערס האט אים אין דעם איבערצייגט זיין צוגעשמידטער בליק צו דער שכורער פרוי. אין זיין בליק ליגט דער אייביקער פראטעסט: הכזונה יעשה את אחותנו? יא, אזוי אויפמערקזאם ווערן צו א שכורער פרוי קען נאר א ייד, ווען ער דערזעט די שאנד פון זיינער א שוועסטער. די פרוי אין איר האלב־באוווסטזיניקן צושטאנד האט זיך אלץ דערנעענטערט. דער טראט אירער איז געווארן אלץ לאנגזאמער און זיך וואקלענדיקער. דער אויס־דרוק פון איר פנים — אלץ טעמפער און פארנעפלטער. שלמה האט שוין לחלוטין פארגעסן אין דעם צעביסענעם פוס, דער פארקאטשעטער **פלידער**

---

* אייזלען.

** קעמלען.

איז פון זיך אַליין אַראָפּגעפאַלן. אַלע זיינע חושים זענען איצט געווען קאָנצענטרירט אויף דער טשאַיכינאַ, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם צווייטן הויז. דאָרט, ביים סאַמע אַריק, נישט וויט פון דער שוועל, זענען געזעסן עטלעכע אוזבעקן אין גרינע זיידענע כאַלאַטן. פאַר זיי איז גע־שטאַנען אַ גרויסע פאַן מיט שיפּענדיקן פּלאָוו; * אַ היפּש טעפּל וויין, און אויף אַ בלעכענעם טעצל זענען געלעגן אָנגעריסענע שטיקלעך ליעפּיאָש־קע. שלמהס האַרץ ווערט פאַרלאָפן מיט בלוט. ער הערט, ווי אַן אַלטער, באַוואַקסענער רוס זאָגט צו זיין שכן, אַן אוזבעק פון דער פריילעכער קאָמפּאַניע, וואָס זיצט דאָ און פּראַוועט די סעודה:

— פּאַיזולאַ־אַקאַ, ** דו ביסט דאָך עפּעס אַ דזשיגיט, *** אַללאַ שיקט דיר אַן אַדעסער קראַסאַוויצע גלייך אין בעט אַריין. זי איז אַזוי שיין, ווי איינע פון דעם נביא מוכאַמעדס באַדינערינס, וואָס שטייען אַרום זיין שטול אין גן־עדן. שטיי אויף, וואָס זיצסטו? גיי און נעם זי —

דער אוזבעק גיט אַ קאַרטשע די נאָז, וואָס איז געלעכערט פון פּאָקן ווי אַ רעשעטע:

— גייט זי צום שאַיטאַן, **** אַ שאָד דער פּלאָוו —

— אָבער גיב נאָר אַ קוק וואָס פאַר אַ קראַליאַ ***** דאָס איז... דו האָסט נאָך אַזעלכעס נישט פאַרזוכט...

דער אוזבעק גיט זיך אַ קראַץ אין דער פאַרשוויצטער פּלייצע:

— אַזוינע קראַליעס קריגט מען היינט הונדערט פאַר איינער —

— איי־איי־איי, פּאַיזולאַ, דו ביסט אויסגעוועפּט געוואָרן... ווען איך בין אַ ביסל יינגער, וואָלט איך אַנדערש גערעדט... גיב אַ קוק, זי איז שוין היינט געווען אין די הענט... זע נאָר, ווי זי פּאָרט אַרום אויף רעדער... ווי אַ קאַרוסעל, אויף מיין וואָרט... דו וועסט זי אָפּקומען, זאָג איך דיר, מיט אַ ביסן ברויט —

און ער בייגט זיך צו צו פּאַיזולעס אויער און שעפּטשעט אים עפּעס אַריין מיט אַ שמאַלציק שמייכעלע...

ס׳איז קענטיק, אַז דער אַלטער נואף האָט פּאַיזולען סוף כל סוף אָנ־געשטעקט מיט זיין חשק. פּאַיזולאַ טוט אָן די קאַלאָשן, וואָס שטייען ביים אַריק, אויף די באָרוועסע פיס, שפּייט אויס פאַר זיך אַ פול מויל מיט גרינעם טאַבאַק און לאָזט זיך גיין קעגן דער אָנקומענדיקער פרוי. אויס־גלייכנדיק זיך מיט איר, רירט ער זי אָן ביים פּנים:

— Айда кибитка, Еврейка - апа... ******

די פרוי איז ווי אַ לונאַטיקערין — זי גייט גלייך און רעאַגירט אויף גאָרנישט.

---

* אַן אוזבעקיש מאכל פון: רייז, מייערן, ראָזשינקעס און פעטן באַראַנען־פלייש.

** אַזוי ווי: ברודער, חבר, אָדער פעטער.

*** אַ מאָלאָדיעץ, אַ ווויילער־יונג.

**** שד, רוח.

***** אַ גאַסנפרוי.

****** היידאַ, אין שטוב אַריין, שוועסטער־יידישקע...

— Апа-джон... Кибитка Якши... Моя твоя лепешка давал... я Ака Якши... *

די פרוי האָט זיך גלייכגילטיק אָװעקגעשאָקלט. ס'איז קיין ספק נישט געװען, אַז זי הערט אפילו נישט, װאָס מען רעדט צו איר. דאַן האָט ער אַ כראַקע געטון אין איר זייט און האָט זיך הילכיק אויסגעזידלט:

— Анафема... Шайтан... Ямон Одесса... **

ער איז פלינק צוגעלאָפן צו זיין פריערדיק אָרט, האָט מיט ביידע הענט אַװעקגעשטופּט דעם אַלטן רוס, װעלכער האָט שוין דערװייל באַװיזן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ ביי דער סעודה, איז אַריינגעקראָכן מיט אַלע פינגער אין שיסל אַריין און האָט אַװעקגעטראָגן אין מויל אַריין אַ היפּשן הויפן פעטע צוגעברוינטע רייז געמישט מיט שטיקער פלייש. שלמה האָט זיך אומגעקוקט אין דער צװייטער זייט און האָט מיט אַ מאָל באַמערקט, אַז יענץ יונגע סטודענטל שטייט נאָך אַלץ אויף דעם קעגנאיבערדיקן טראָטואַר און שפּירט אייפערדיק נאָך דער פרוי, װאָס האַלט זיך אין איין דערװייטערן. פלוצלינג האָט זיך די פרוי אָנגעכאַפּט אין אַ פּלויט, זי האָט אַרומגענומען אַ סטויפּטשיקל, זיך קאָנװולסיװ צוגעפּרעסט צו דעם און האָט זיך שװער אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. אין איין אויגנבליק זענען ביידע צו איר צוגעלאָפן: שלמה פון איין זייט און דער סטודענט פון דער צװייטער.

שלמה האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דער ליגנדיקער:

— חברטע, װאָס איז אייך?

די פרוי איז געלעגן אומבאַװעגלעך. דער סטודענט האָט אין זיין היטל אָנגעשעפּט װאַסער פונעם אַריק. שלמה האָט איר באַשפּריצט דאָס פּנים, איר אָנגעריבן די שלייפן מיט דעם אייזקאַלטן װאַסער און די פרוי האָט אויפגעעפנט אַ פּאָר מוטנע אויגן מיט אַ שטאַרן קוק, װאָס האָט אויף קיין זאַך נישט רעאַגירט.

פאַרביי דער ליגנדיקער איז גראָד דורכגעגאַנגען אַ מיליציאָנער. דער סטודענט האָט אים אָפּגעשטעלט:

— חבר מיליציאָנער, אַ פרוי איז געפאַלן חלשות, מען דאַרף —

— מען דאַרף, אַז איר זאָלט נישט דולן דעם קאָפּ מיט פּוסטע נאַרישקייטן —

— אָבער חבר... חבר מיליציאָנער... װאָס רעדט איר? אַ מענטש איז אין סכנה —

— אַ מענטש... אַ מענטש... װער האָט אים געהייסן קומען אַהער,

---

* מומעטשקע... אין שטוב איז גוט... איך װעל דיר געבן אַ לעפּיאָשקע... איך בין אַ פעטער אַ גוטער... (אויף אַ פאַרקריפּלטן רוסיש, װי די אַזיאַטן רעדן).

** פאַרשאָלטענע... שד... אַדעס איז אַ שלעכטע שטאָט...

אָט דעם מענטשן? זאָלן זיי זיך פאָרן צוריק קיין אָדעס, קיין קיעוו, קיין אומאַן, קיין בערדיטשעוו —
— אָבער דאָרט באַלעבאַטעוועט דאָך איצט היטלער?
— דאָס האָבן זיי אים טאַקע פאַרשלעפּט אַהין... ער — צו זיי, און זיי — אַהער... סוואָלאָטשעס אַזעלכע... וואַרט, זיי וועלן אים נאָך פאַר־שלעפּן אויך אַהער... איך וואָלט זיי אים אַלע אָפּגעשיקט צוריק מיט איין עטאַפּ —
און פּלוצלינג, נאָך דעם סטודענטס בלייך־געוואָרענע ליפּן האָט זיך דער מיליציאָנער געכאַפּט דערויף, אַז דאָס רעדט ער מיט אַ יידן. דער סטודענט האָט נישט באַוויזן אַ וואָרט אויסצורעדן, ווי פון דעם מיליציאָ־נער איז קיין שפּור נישט געבליבן. אַ בלייכער ווי די וואַנט, איז ער צו־געגאַנגען צו דער פרוי. זי איז שוין געזעסן אויף דער ערד אָנגעשפּאַרט אין דעם פּלויט און האָט מיט אַן איינגענעצטן עק פון איר קלייד זיך שוואַך געווישט די ליפּן. אין איר פּנים איז נישט געווען קיין איין טראָפּן בלוט — אַ מת! אַ פּאָלנע מת!
שלמה פרעגט ביי איר:
— ווי אַזוי פילט איר זיך, חברטע? וואָס איז אייך געווען?
אויף איר בלאַסן פּנים בלאָנקעט אַרום אַ גרימאַסע, וועלכע דאַרף אָנגענומען ווערן פאַר אַ מין שמייכל:
— איך האָב... איך האָב...
און זי ווייזט אָן מיט דער האַנט אויפן מויל. ביידע יונגעלייט פאַר־שטייען זי אויפן ווונק. זי איז פּשוט פאַרחלשט געוואָרן פון הונגער. שלמה דערלאַנגט דעם סטודענט אַ טשערוואָניעץ:
— לויפט צו, זייט מוחל, אין מאַרק אַריין. קויפט אַ פלעשל מילך, אַ ליעפּיאָשקע, אפשר אַ שטיקל צוקער —
— אַ דאַנק, כ'האָב מיין אייגן געלט —
שלמה שטייט אין אַנגסטן און היט די האַלב־חלשנדיקע פרוי. זיינע אויגן האָבן זיך שוין פאַר דער צייט אויסגעלערנט צו בלייבן טרוקן ביי יעדן מין געשעעניש, אָבער אין האַרצן יאָמערט נאָך עמעצער און קלאָגט:
...למה פרצת גדריה, וארוה כל עוברי דרך... *
ער דערמאָנט זיך, ווי אַזוי דער אוזבעק האָט מיט זיינע „פּלאָווערי־קע" הענט זי אומפאַרשעמט געטאַפּט ביים פּנים, און דער געיאָמער אין זיין האַרצן ווערט נאָך שטאַרקער:
...יכרסמנה חזיר מיער, וזיז שדי ירענה... **
אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט שוין די פרוי געהאַלטן נאָכן איר־

---

* פאַר וואָס האָסטו צעבראָכן אירע פּאַרקנס, און עס קלייבט זי אויף יעדער צופע־ליקער פאַרבייגייער. פון תהילים.

** עס טוט זי צעגריזען דער וואַלד־חזיר, און די פויזנדיקע פון דעם פעלד פרעסן זיך ביי איר. פון תהילים.

בערבייסן. אין אירע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ נאָרמאַלער און געוויינלע־כער גלאַנץ, און אירע בעלי־טובה האָט זי דערציילט וועגן זיך אַ געשיכ־טע — וועדליק פאַר יענע טעג — אויך אַ גאַנץ געוויינלעכע. אַליין איז זי פון גאָמעל. ס'איז שוין ביי איר דריי יאָר נאָך דער חתונה. זי האָט געהאַט אַ ייִנגעלע פון צוויי יאָר מיט צוויי חדשים. דער מאַן אירער איז געווען אַ סטעלמאַך. דאָס רעכטע אויג זיינס איז געווען אַ גלעזערנס, נאָך פון דער פינלענדישער קריג. דעריבער האָט מען אים נישט מאָביליזירט, נאָר ער איז אָבער אַוועק פּרייוויליק. איר זיידעלע איז דערשטיקט געוואָרן אין וואַגאָן, פאַרנדיק פון מינסק קיין סאַראַטאָוו. מען האָט אים אַרויס־געוואָרפן פונעם וואַגאָן. די עלטערן אירע זענען געבליבן ביים דייטש. אפשר זענען זיי געווען גערעכט... דאָ איז זי מיט אַ שוועגערין און מיט אַן אַלטער שוויגער. די שוויגער איז ביי אַלע לעצט. זיי געפינען זיך אַלע אויפן וואָקזאַל, אין דעם אַנגעשטאָפּטן זאַל נומער 6. אין דער פרי, אַז מען האָט אַרויסגעטראָגן פון דעם זאַל זעכצן געשטאָרבענע, האָט זי מורא באַ־קומען, אַז זי וועט פונעם זינען אַראָפּ, און זי איז אַנטלאָפן, וווהין די אויגן האָבן זי געטראָגן. אַזוי איז זי געגאַנגען, געגאַנגען, געגאַנגען, ביז זי איז אומגעפאַלן —

שלמה האָט איר מיטגעגעבן צוואַנציק רובל, דער סטודענט — צען. די פינגער האָבן ביי איר געציטערט, זי האָט זיך געשעמט צו נעמען אַ נדבה. נאָר זי האָט יאָ גענומען. אין דעם טיכל פונעם קאָפּ האָט זי פאַר־נומען די רעשטלעך פון דער סעודה. אירע באַגלייטערס האָבן איר גע־האָלפן זיך אַריינצובאַקומען אין טראַמוויי, און זי איז אַוועקגעפאָרן צו זיך „אַהיים", אין דעם שרעקלעכן 6טן זאַל פון דעם טאַשקענטער וואָקזאַל.

שלמה און דער סטודענט האָבן זיך ערשט דאָ אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע, ווי זיי זאָלן זיך נאָר וואָס האָבן באַגעגנט. שלמה האָט אים פריינד־לעך אויסגעשטרעקט די האַנט:

— זייט געזונט, טייערער חבר. לאָמיך כאָטש וויסן אייער נאָמען. טאָמער באַגעגנט מען זיך צופעליק נאָך אַ מאָל, זאָל איך אייך קענען אַ רוף טון —

— מיין נאָמען איז שטיינבערג. און ווי אַזוי איז אייער נאָמען?

— מיך רופט מען פּיאַטיגאָרסקי, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש. איך האָב אויך אַ מאָל געקענט אַ שטיינבערג.

— דער נאָמען שטיינבערג איז שכיח ביי ייִדן זייער אָפט מאָל.

— איר זענט אויך אַן עוואַקואירטער?

— ניין, מיר וווינען שוין דאָ פיל יאָרן.

— אויב אַזוי פאַלט אָפּ יעדער ספק, כאָטש... שטייט נאָר... פאַר וואָס זאָל דאָס נישט קענען זיין?... זאָגט מיר ביטע, ווי אַזוי איז אייער ערשטער נאָמען?

— וואַליערי —

— נישט איסאַקאָוויטש?

— יאָ, וואַליערי איסאַקאָוויטש. פון וואַנען ווייסט איר מיין פאָטערס נאָמען?

—איז איסאַק אַבראַמאָוויטש אייער פאָטער? קלאַרא מאַיסיעיעוונאַ אייער מוטער?

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ? ווער זענט איר?

— קומט, וואָס שטייט איר? לאָמיר גיין צו אייך אַהיים, איך וויל אומבאַדינגט זען אייערע עלטערן —

— מיין פאָטער איז אין דער אַרמיי...

— אַזוי גאָר? נו, אַלץ איינס קומט. וועל איך זען אייער מוטער —

*

קלאַרא מאַיסיעיעוונאַ האָט שלמהן נישט גלייך דערקענט. נאָר דער־פאַר האָט זי זיך דערנאָך געחידושט אויף זיך אַליין: ווי אַזוי האָט זי דאָס געקענט שלמהן נישט דערקענען?

— איך פאַרשטיי, קלאַרא מאַיסיעיעוונאַ, אַז מיך איז זייער שווער צו דערקענען —

— עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! אדרבה, מיר דאַכט זיך גאָר, אַז איר האָט זיך כּלל נישט געביטן. קומט איר דאָס איצט אָן גלייך פון קיעוו?

— נישט גאָר גלייך. מען האָט אונדז געפירט דורך די הרי־חושך.

— און ס'איז שוין לאַנג, אַז איר געפינט זיך אין טאַשקענט?

— שוין העכער אַ וואָך צייט —

— און איר וואַלגערט זיך נאָך אַלץ אויפן וואָקזאַל?

— ווו דען? גלייך מיט אַלע יידן...

— הערט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, מילא אַלע יידן בין איך נישט אומשטאַנד אַרויסצוהעלפן, אָבער אייך איינעם — יאָ. ברענגט גלייך צו פירן אַהער צו אייערע —

— אַ גרויסן דאַנק אייך, קלאַרא מאַיסיעיעוונאַ, נאָר איך וועל זיך מיט אייער איינלאַדונג נישט באַנוצן, וואָרעם דאָס וואָלט געהייסן: מיס־ברויכן מיט אייער גאַסטפריינדלעכקייט —

— כ'פאַרשטיי נישט... פאַר וואָס זשע זאָלט איר נישט אָננעמען מיין איינלאַדונג? שוין זשע האָבן מיר ביי אייך נישט פאַרדינט, אַז איר זאָלט אונדז מזכה זיין —

— ניין, נישט דערפאַר. כּלל נישט דערפאַר. אָבער איך בין דאָ נישט אַליין —

— וואָס זשע פאַר אַ נייעס אַנטדעקט איר מיר דאָ? עס פאַרשטייט זיך, אַז איר זענט דאָ מיט דער פרוי און מיט די קינדערלעך, ווי דען אַנ־דערש?

— די פרוי מיט ביידע קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין, איז איין מאָל אַוועק! און מיינע עלטערן, זאָלן געזונט זיין, מיט די ברידער און שוועס־טער, איז אַ חוץ אַ מעשה —

— און אָן זיי, הייסט עס, ווילט איר נישט —

— עס פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל נישט פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל־פּלאַץ אפילו קיין איין מינוט פאַר זיי. נאָר איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד, אַז אפילו ווען אָט די מניעה וואָלט נישט געווען, האָב איך אויך קנאַפּ וואָס חשק אַריבערפאָרן צו אייך... פאַרשטייט איר מיך —

— דאָס פאַרשטיי איך שוין דווקא נישט! אפשר מעג מען וויסן — פאַר וואָס?

— פאַר וואָס זאָל מען נישט מעגן? דער חשבון איז אַ פּשוטער! אַזוי לאַנג ווי איך מיט מיין פרוי און קינדער ליגן נאָך מיט אַלע בעבעכעס אונטערן הוילן הימל, טרייבט עס מיך אַרום פון באַגינען ביז אין דער זינקענדיקער נאַכט און סוף כל סוף, האָף איך, וועט מיר דער אייבערשטער מזמין זיין אַ דירה, אָבער אויב איך וועל זיך פאַרקליבן אין אייערע אַפּאַרטאַמענטן, — ווערליק אין מיטל־אַזיע וווינט איר דאָך ממש אין פּאַלייען! צי איר ווייסט דאָס נישט? — דאַן וועט מיר שוין זיין שווער זיך צוצווזוכן אַ דירה. הם? איר פאַרשטייט דאָס, זע איך, אַליין אויך גאַנץ גוט...

— אָבער אויב איר וועט זען, אַז מיט קריגן אַ דירה גייט ביי אייך צו שווער, זאָגט איר מיר צו —

— ביי לית ברירה וועלן מיר דאַמאָלסט זען. נאָר פאַר וואָס זאָלן מיר אויסלייגן אונדזער נביאות צום שלעכטן, אַז מיר קענען זי פאַר דעם זעלבן געלט אויסלייגן צום גוטן?

— געדענקט זשע שלמה, איך האַלט אייך אין וואָרט. אין משך פון אַ צוויי, דריי טעג, טאָמער זעט איר, אַז עס גייט טאַקע נישט — היידאַ צו מיר! נאָר נישט געשעמט זיך, מיט הכל־בכל־מכל־כל... און איצט — דערציילט, וואָס מאַכט עפּעס פּאָלינאַ יאַקאָוונאַ?

— ווער, פרעגט איר?

קלאַראַ מאָיסיעיעוונאַ האָט אים אָנגעקוקט אַ דערשטוינטע. שלמהס רעיונות זענען אין די לעצטע טעג געווען אַזוי טרוד מיט די דברים העומדים ברומו של עולם: דירה... מקום ללין... היינט ווידער שלאָפן אונטערן רעגן... אַז ווען קלאַראַ מאָיסיעיעוונאַ האָט אים אָנגערופן עפּעס אַ פרעמדן נאָמען, האָט ער זיך גאָר לכתחילה נישט געכאַפּט דערויף, אויף ווען זי פרעגט אים, נאָר איר העכסט־פאַרוווּנדערטער קוק האָט אים שוין עפּעס אונטערגעזאָגט און אים דאָס געגעבן צו פאַרשטיין.

— האַ, איר רעדט וועגן פּאָלינאַ יאַקאָוונען? וואָס ביי איר הערט זיך, ווייס איך גלייך מיט אייך. נישט זי איז מיין פרוי —

— אַזוי גאָר?! אָ! אַנטשולדיקט מיר... אפשר האָב איך אומגערן אָנגערירט אַן אַלטע ווונד, טוט דאָס מיר זייער ווי...

— באַרואיקט זיך, קלאַראַ מאָיסיעיעוונאַ. עס הייבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס... איר האָט נישט אָנגערירט קיין אַלטע און האָט נישט אָנגערירט קיין נייע, ווייל עס איז דאָ בכלל קיין שום ווונד נישטאָ. גאָט האָט מיך אויסגעהיט פון אַזעלכע ווונדן...

— באַרעכנט נאָר... ווייס איך וואָס, איסאַק וועט בשום אופן נישט וועלן גלייבן... כאַ! ווי באַלד אַזוי קומט דאָך טאַקע אויס, אַז ראַזאַליאַ דאַווידאָווגאַ איז אַ שטיק נביא'טע —

— עס קען זייער גוט זיין, אַז ראַזאַליאַ דאַווידאָווגאַ איז בפירוש אַ גאַנצע נביא'טע, נישט קיין שטיקל, אָבער... ווייסט איר וואָס? לאָמיר בעסער רעדן פון עפּעס אַנדערש...

— ביטע, אַנטשולדיקט, ביטע... איר פלעגט זיך דאָרט אַ מאָל באַגעגענען מיט די ראַבינאָוויטשעס?

— נישט נאָר סתם באַגעגענען, נאָר אפילו פילן אויף מיין אייגענער הויט זייער איבערגעגעבנקייט. אין דער צייט פון יעזשאָווס ממשלה האָבן זיי מיר ממש דאָס לעבן געראַטעוועט. איך בין שוין געשטאַנען מיט איין פוס אין קבר, האָבן זיי אויסגעשטרעקט די הענט און מיך אַרויסגעשלעפּט...

— אַזוי? נו, וואָס איז די רבותא, יענע זענען דאָך דימענטענע מענטשן —

— הערט זשע, וויפל איר מיינט, אַז איר קענט זיי, איז דאָס נאָר אַ נול קעגן דעם, וואָס זיי זענען אין דער אמתן. און איסאַק אַבראַמאָוויטשן, דערציילט מיר אייער זון, האָט מען גאָר מאָביליזירט?

— הערט! וואָס פרעגט איר? ער איז דאָך אַ קאָמאַנדיר פון אַ באַטאַליאָן. נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעם צווייטן טאָג פון דער קריג האָט מען אים טעלעגראַפיש אַרויסגערופן קיין מאָסקווע.

— וווּ זשע איז ער איצט?

— איך ווייס, וווּ ער איז? אַזעלכע זאַכן שרייבט מען דען? איך האָב אַ נומער פון אַ פעלדפּאָסט און שוין!

— און וואָס שרייבט ער בכלל?

— וואָס קען מען איצט שרייבן, ווען דער גאַנצער ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין פלאַמען. גלייבט מיר, מיין טייערער, קעגן אַנדערע איז ער נאָך אַ גרויסער אָפּטימיסט. ער צווייפלט נישט אין אונדזער נצחון. „ס'איז אַ קריג — שרייבט ער — נישט אויף לעבן, נאָר אויף טויט. אָדער — אָדער! אָדער פאַשיזם, אָדער קאָמוניזם! אָבער זיגן מוז דער קאָמוניזם. אמת, דער יחיד וועט דאָ שטאַרק צעניזוקט ווערן, אָבער דער כלל וועט פון דעם דאָזיקן נסיון פיל געזונטער ווערן. די ראַטנמאַכט וועט אַרויס פון דעם קריג ווי אברהם־אבינו פון דעם קאַלכאויוון: געלייטערטער, שטאַרקער, און נאָך מיט מער כבוד" —

— אַזוי טאַקע שרייבט ער?

— דאָס איז נאָך אַ טראָפּן פון ים! ער איז דאָך ביי מיר אַזאַ פּאַטריאָט — אש להבה! נאָר פון אים איז קיין ראיה נישט, ער איז פון שטענדיק אָן זייערער אַ פאַנאַטיקער, וואָס זאָגט איר?

— איך וואָס זאָג? נישט נאָר, וואָס איך בין איינשטימיק מיט איסאַק אַבראַמאָוויטשן, נאָר איך בין נאָך פאַנאַטישער פון אים. איך בין איבערצייגט אין דעם, אַז כאָטש היטלער איז שוין באַלד הינטער מאָסקווע,

אָבער סוף־כל־סוף וועט פאַרט פלאַטערן די רויטע פאָן איבער בערלין, און נישט נאָר איבער בערלין, נאָר איבער אַט די אַלע שמשים און חזנים, וואָס גייען איצט נאָך היטלערן קיין מאָסקווע אויף דער לויה פון סטאַלינען. די געשיכטע ווייסט נאָך נישט פון אַזאַ פאַל, אַז רוסלאַנד זאָל פאַרקנעכט ווערן; אַז רוסלאַנד זאָל עמעצן וואַשן די פיס... דאָס איז נאָך ביז איצט נישט געווען און דאָס וועט אויך ווייטער נישט זיין!

— הערט נאָר, גוטער ברודער, איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז איר זענט אַזאַ פלאַמענדיקער אָנהענגער פון דער ראַטנמאַכט. אויב עס איז יאָ אַזוי די מעשה, טאָ פאַר וואָס זשע האָט איר זיך איצט אויסגעדרייט פון... פון... פון גיין אויפן פראָנט?

שלמה כאַפּט אָן קלאַראַ מאָיסיעיעוונען פאַר דער האַנט:

— קלאַראַ מאָיסיעיעוונאַ, ווי אַזוי שעמט איר זיך נישט, מיך אַזוי אומברחמנותדיק צו באַליידיקן פאַר אייער זון אין די אויגן? אומגעקערט! נישט איך האָב זיך אַרויסגעדרייט, ווי איר האָט זיך ערשט אויסגעדריקט, נאָר איך האָב זיך אַליין, פרייוויליק געבעטן אין דער אַרמיי אַריין, אָבער מען האָט מיך נישט געוואָלט נעמען...

ביידע שטיינבערגס קוקן אים אָן פאַרווונדערטע און זאָגן גאָרנישט.

— וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ פּוס נאָך אין יענעם קריג, דערפאַר האָבן זיי מיך פאַרבראַקעוועט.

— אַנטשולדיקט מיר סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, ערשט איצט דערמאָן איך זיך, אַז איר האָט אונדז אַ מאָל דערציילט וועגן דעם... איך בעט אייך הונדערט מאָל איבער. אָבער איר האָט דאָך אונדז ערשט אַליין דערציילט, אַז אין די יאָרן 1937—1938, איז אייער לעבן געווען אין געפאַר, ממש עס איז געהאַנגען אויף אַ האָר... ווי אַזוי זשע קען דאָס געמאָלט זיין, אַז איר זאָלט האָבן אויף דער מלוכה אַ גוט האַרץ?

— יעזשאָוו — דאָס איז געווען אַ באַנדיט, נישט קיין מלוכה־מאַן. אַ סימן האָט איר, אַז ער האָט טאַקע איינגענומען אַ מיתה־משונה. ווי נאָר סטאַלין האָט דערזען זיין אמתן פּרצוף, אַזוי האָט ער אויפן העכסטן סטאַ־ לינישן אופן ליקווידירט דעם טיראַן מיט זיין גאַנצן אַפּאַראַט. און ווידער, גלייבט מיר, — צי ס'איז אַ מעלה, צי אַ חסרון, זיכער מן הסתם אַ חסרון — נאָר איך האָב שוין כמעט ווי פאַרגעסן, וואָס דאַמאָלסט איז פאָרגע־ קומען. איך בין איצט געגליכן צו יענעם מאַן, וואָס קריגט זיך שטענדיק מיט זיין ווייב אַזוי שטאַרק, אַז אַלע פרימאָרגן ווערט ביי זיי אין געסל שידער געלויף. נאָר ווען עס קומט אַריין אַ פרעמדער און הייבט אָן שלאָגן זיין ווייב, כאַפּט דער מאַן דאָס מעסער פונעם טיש און וואַרפט זיך מיט דעם אויף דעם אומגעבעטענעם גזלן. עס פאַרשטייט זיך, אַז פון מאָל צו מאָל זענען געווען פאַרשידענע סיבות, אויף צו זיין אומצופרידן מיט איי־ ניקע מאָסמיטלען פון אונדזער מלוכה, אָבער היטלער־רוצח האָט אָט די אַלע פאַרדראָסן אַרויסגעשטויסן פונעם קאָפּ און פונעם האַרצן. איצט איז

יעדער ווירדיקער ייד באהערשט פון איין און איינציקן ווילן: וואָס גיכער אומצוברענגען דעם ברוינעם אשמדאי.

— און דאַן, אַז מען וועט שוין דעם שלאַנג אָפּהאַקן דעם קאָפּ, וועט איר זיך שוין אָפּזאָגן אויך פון ציון? איר געדענקט, ווי אַזוי איר האָט גערעדט אויפן באַל? ווי אַזוי איר האָט מיט אונדז איינגעשטודירט, אַז אַ ייד, כל זמן ער וווינט אין חוץ לארץ, מעג ער זיין דער שענסטער און דער בעסטער, איז ער נאָר אַ האַלבער ייד, צי איר האָט שוין פאַרגעסן?

— פון מיר איז בכלל קיין ראיה נישט. איך בין אַ נאַציאָנאַליסט, אַ ציוניסט, מיר ווען מען גיט אויסצוקלייבן: אָדער מען שענקט מיר אַוועק דאָס גאַנצע אוראַלער גאָלד; דעם גאַנצן קאַווקאַזער נאַפט; דאָס גאַנצע סי־בירער געהילץ; און פאַר אַ צולאָג — אַלע אוקראַינער תבואות, אָדער איך זאָל אַ נאַקעטער און אַ באָרוועסער אַריינגעלאָזט ווערן קיין ארץ־ישראל, פאַרשטייט איר אַליין גאַנץ גוט, אַז איך וואָלט, נישט פאַרקלערנדיק זיך אפילו, אויסגעקליבן דאָס צווייטע. איך האָב אייך דאָך געזאָגט: פון מיר איז קיין ראיה נישט. אָבער אין אַלגעמיין גענומען איז מיין מיינונג, אַז ווען אונדזער מלוכה ענדערט אין איר שיטה אַ דריי, פיר, פינף זאַכן, וואָלט דאַן דער ראַטנפאַרבאַנד געווען דאָס בעסטע לאַנד אין דער וועלט! די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור וואָלט זיך דאַן פאַרשפּרייט אויף נאָך פינף זעקסטל וועלט —

דאָס יונגע סטודענטל בייגט זיך אַריבער איבערן טיש:

— וועלכע דריי, פיר, פינף זאַכן? ס'איז זייער אינטערעסאַנט...

— ערשטנס: די מלוכה דאַרף סטאַביליזירן איר רובל און אים אויס־גלייכן מיט דער וואַלוטע פון דער גאַנצער וועלט. דער אַרבעטער דאַרף קע־נען פאַר זיין געהאַלט כשר זיך אויסלעבן און נישט ציטערן אויפשטייענ־דיק און זיך לייגנדיק, אַז מען קען קומען נאָך זיין נשמה. דער מיטל־קוואַ־ליפיצירטער אַרבעטער מוז פאַר זיין געהאַלט האָבן געננוג: אויף מענטש־לעכער באַשפייזונג; אויף לייטישער הלבשה; אויך אויף אין טעאַטער אַ מאָל צו גיין; צו גאַסט אַ מאָל צו פאָרן; אָבער בשום אופן ואופן נישט אַזוי ווי פאַר דער מלחמה, אַז פון זיין געזעצלעכן מאָנאַטלעכן געהאַלט האָט ער נאָר געקענט אויסשטיקעווען די הוצאה אויף איין וואָך צייט, און אויף ווי עס איז אויסצוקומען די איבעריקע דריי וואָכן האָט ער שוין געמוזט גנבענען און ריזיקירן מיטן לעבן...

דאָס איז די „אלף" פון אַ נייעם, צוגענגלעכן רעזשים!

צווייטנס: די מלוכה דאַרף אַרויסגעבן אַ מאַניפעסט, אַז אין אָנדענק פון אונדזער נצחון איבער דעם שרעקלעכסטן וואַמפּיר, וואָס אַ פּרוי האָט ווען עס איז פון זיך אַרויסגעוואָרפן, ווערן אַמנעסטירט אַלע בירגער פו־נעם לאַנד, אפילו — אויף טויט־פאַראורטיילטע! זיי דאַרפן ברייט צעעפע־נען די אייזערנע טויערן פון אַלע קאָנצלאַגערן און פון אַלע טורמעס אָן אָן אויסנאַם און אָנהייבן אַ קאָן פון דאָס ניי! וואָרעם אַזוי לאַנג ווי היני־טער די גראָבע ווענט וועלן שמאַכטן און גוססן מיליאָנען מענטשנקינדער,

װעט דאָ גוט נישט זײַן, פּונקט װי מען קען נישט פּראָװען קײן חתונה אין א שטוב, װוּ עס געפינט זיך אַ נוטה למות...

דאָס מוז זײַן די „בית" פון די נײַע „לוחות".

דריטנס: װער עס װיל לעבן לויט די רעליגיעזע געבאָטן, מוז דאָס אים דערלויבט װערן אין פולן זין פון װאָרט, אַנדערש װעט שטענדיק הענגען אַ קללה איבער אונדזער לאַנד. און נישט נאָר רעליגיע, װאָס איז הײַנט געװאָרן אַן אַרטיקל פאַר זײער אַ קלײנעם פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, נאָר עס דאַרפן דערמעגלעכט און דערמוטיקט װערן נאַציאָנאַלע אויפװאַכונגען; עס דאַרפן דערלויבט װערן עטלעכע פּאַרטײען; מען דאַרף נישט פּאַרװאַנדלען קײן מענטשן אין געהאַרכזאַמע מעכאַניזמען, דאָס הײסט — אַריבערשטײַגן די רעכט, װאָס ס'האָט זיך גענומען דער בורא כביכול. דער אײבערשטער האָט בײַם מענטשן די בחירה נישט צוגענומען און זײ נעמען זי יאָ צו! צענדליקער פּאַרטײען אין אַ לאַנד — דאָס איז אַ געפערלעכע מחלה, עלעהײ: קרעץ, רחמנא ליצלן, אָבער צװײשן־פּאַרטײאישע יװירונגען — אויב נאָר אין אַ אָנשטענדיקער פאָרם — דאָס איז אַ סימפּטאָם פון אַ געזונט, געזעלשאַפטלעך לעבן... די מלוכה דאַרף כלל נישט מורא האָבן פאַר פרעמדע אײַנפלוסן. זי איז שױן גענוג מעכטיק, גענוג אײַנפלוסרײַך, אַז זי זאָל מעגן דערלויבן יעדן פאָטער צו דערציען זײַן קינד, װי אים געפעלט! עס מוז זײַן פרײַ דאָס װאָרט; פרײַ די פּרעסע; פרײַ דער גלויבן!

דאָס איז די „גימל" פון דעם נײַעם שולחן־ערוכל, װעלכעס מען װאָלט דאָ געדאַרפט אײַנפירן.

פערטנס: מען דאַרף אויפהערן מיט אָט דער שאָװיניסטישער פּאָליטיק, װאָס מען האָט בײַ אונדז געפירט ביז אַהער, מיט אָט דעם אײַנבילדן אונדז, אַז אַלע גוטע זאַכן, װאָס זענען נאָר דאָ אויף דער װעלט, שטאַמען בלויז פון אונדז, אַז אַלץ, װאָס איז אונדזערס איז שנײװײס, און אַלץ, װאָס איז זײערס, איז שװאַרץ װי סמאָלע... אַזעלכע שעדלעכע אײַנרעדעניש רײַסן אונדז אָפּ פון דער גאַנצער דרויסנדיקער װעלט. דאָס איז װילדער עגאָיזם, דאָס איז נאַריש און פּאַדלע. אָט די װאַנט דאַרף צעשטערט װערן... וקרב זה אל זה... וקרא זה אל זה... גענוג זיך געשפּילט אין „בלענדזעניש"... סוף כל סוף דאַרף אײנער דערזען דעם צװײטנס מעלות און חסרונות.

דער דאָזיקער באַדינג איז די „דלת" פון דעם נײַעם רעזשים, װעלכער װאָלט נאָר צוגעהאָלפן צו דער פאַרשפּרײטונג פון דער אַרבעטער־מאַכט איבער דער גאַנצער װעלט.

און פינפטנס: דאָס לאַנד דאַרף נישט זײַן אַזױ פאַררינגלט און פאַרשלאָסן! די פּאָפּולאַריטעט פון דער ראַטנמאַכט װאָלט נאָר געװוּנען פון אַ פרײַער באַװעגונג צװישן איר לאַנד און אַלע איבעריקע לענדער. גרויסע מאַסן טוריסטן און געסט װאָלטן צעטראָגן דער װעלט די ידיעה, װעגן די טיפע סימפּאַטיעס, װאָס אונדזער לאַנד קען אַרויסרופן. מענטשן פון

דעם גאַנצן ערדקיילעך דאַרפֿן קענען אַהער אַריינפֿאָרן און אַרויספֿאָרן פֿון דאַנען פֿראַנק און פֿריי פּונקט ווי: קיין פֿראַנקרייך; קיין ענגלאַנד; אין דער שווייץ. אונדזער רעזשים, אַפֿילו דער ביז־איצטיקער, פֿאַרמאָגט אין זיך פֿיל, פֿיל מעלות, וואָס קיין שום קאַפּיטאַליסטיש לאַנד פֿאַרמאָגט זיי נישט און קען זיי נישט פֿאַרמאָגן! אָבער די גרויסע וועלט, די וועלט פֿון יענער זייט גרענעץ ווייסט פֿון זיי נישט! פֿאַר וואָס? ווייל מיר ווינען אָפּ־געשלאָסן בחדרי־חדרים. דאָס דאַרף אויפֿהערן! און איך בין זיכער, אַז די רעקאָנסטרוקציע פֿון אונדזער אופֿן לעבן, — פֿון אונדזער מיליציייאיש־געצווונגענעם שטייגער לעבן — אויף אָט די דריי, פֿיר, פֿינף אָנגעוויי־טיקטע פּראָבלעמען, וואָלט געמאַכט רוסלאַנד פּאָפּולער און באַליבט אויף דער גאַנצער וועלט...

די מוטער מיטן זון האָבן זיך פֿילדייטיק איבערגעקוקט און נישט האָבנדיק וואָס צו ענטפֿערן, האָבן זיי געשוויגן.

ערשט אין אַ היפּשער ווײַלע אַרום האָט קלאַראַ מאָיסיעיעווגאַ מיט אַ שמייכעלע זיך אָנגערופֿן:

— איר ווייסט סאָלאָמאָן, איר זענט זייער אַ ליבער, ווי שטענדיק, נאָר אַ ביסעלע אַ טשודאַק... איך מיין אייערע פֿינף „קליינינקע" תנאים... ווען מען מאַכט פֿון ווייגטרויבן וויין, באַקומען דערמיט די ווייגטרויבן זייער תיקון; זיי ווערן דאַמאָלסט דאָס, צוליב וואָס זיי זענען באַשאַפֿן גע־וואָרן, אָבער איין ראַדיקאַלע ענדערונג קומט פֿאָר דערביי — מען מאַכט שוין אויף זיי דאָן לחלוטין אַן אַנדער ברכה... דער נאָמען „פּרי העץ" שטאַרבט אַוועק און עס ווערט אויפֿגעקלעפּט אַן עטיקעטל — „פּרי הגפֿן"!

שלמה און וואַליערי האָבן זיך צעשמייכלט פֿון קלאַראַס דינעם רמז...

דער טאַשקענטער לאַנגער טאָג האָט געגאָסטסט. דער שאָטן פֿון דער אַקעגנאיבערדיקער מויער איז אַנטשלאָסן געקראָכן אויף די שויבן. פֿון אַ נאָענטער טשאַיכינאַ האָט זיך דערטראָגן אַ נודנע שפּילן אויף אַן אַלט־מאָדיש פּייפֿל. שלמה האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם בענקל און האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען. קלאַראַ מאָיסיעיעווגאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטון, ווי זי וואָלט אויפֿגעוואַכט פֿון שלאָף:

— שטייט, וווהין לויפֿט איר? איך גיי אויך מיט אייך. איך וויל זיך באַקענען מיט אייער פֿרוי און קינדערלעך. צי אפֿשר שעמט איר זיך מיט אונדז? פּאָלנע גוים, נישט אַזוי פּאָליטיש־אַנטוויקלט —

— קלאַראַ מאָיסיעיעווגאַ —

— גייט אייך... איך מאַך אַ שפּאַס... וואָס האָט איר סאָלאָמאָן: יינגעלעך? מיידעלעך?

— צוויי יינגעלעך, זייער וווילינקע.

— און אייערע עלטערן וויל איך אויך זען. איך געדענק זיי נאָך. וואַליערי, דו גייסט אויך מיט מיר?

דער יונגער שטיינבערג, וועלכער האָט זיך פֿאַר די עטלעכע שעה

שטאַרק צוגעבונדן צו זיינע עלטערנס פריינד, האָט נישט דרייסט אַרויס־געשטאַמלט:

— אויב דער חבר שלמה וועט נאָר דערלויבן, פאַר וואָס נישט?

שלמה האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און זי וואַרעם אַ דריק געטון:

— איר פרעגט נאָך, צי איך וועל דערלויבן, מיין יונגער פריינד?

קלאַראַ מאָיסיעיעווונאַ האָט זיך פלינק פאַרטיק געמאַכט צום גיין. שלמה מיט איר זון האָבן זי אָפּגעוואַרט אויפן הויף. פאַרשליסנדיק די טיר פרעגט זי איבער נאָך אַ מאָל:

— האָבן מיר, הייסט עס, אָפּגערעדט שלמה, אַז אויב אין משך פון צוויי, דריי טעג וועט ביי אייך גאָרנישט נולד ווערן מכח אַ דירה, דאַן קומט איר אַלע אַריבער צו אונדז, האַ?

— אַ וואָרט איז אַ וואָרט! נאָר ווינטשט מיר בעסער, אַז עס זאָל חלילה דערצו נישט קומען.

— זאָל אייך גאָט העלפן, ווי אייער באַגער איז —

# קאפיטל XXVII

מיט גרויסע שוועריקייטן האָט זיך אפרים־אהרונען מיט שלמהן סוף כל סוף איינגעגעבן צו קריגן דירות אין קויליוק, דאָס איז דאָס סאַמע פּאַרוואָרפענע ווינקל פון טאַשקענטער פּאַרשטאָט — קאַראַסו. די פּרנסה פון מעקלעריי, פון וועלכער מען האָט די ערשטע צייט געצויגן די חיונה, איז געווען זייער אַ שווערע און זייער אַ מאָגערע. טאָג איין, טאָג אויס איז שלמהן אויסגעקומען צו מאַכן צו פוס אין די אַזיאַטישע ליימיקע און קלעפּיקע בלאָטעס צוואַנציק, דרייסיק קילאָמעטער, זיך אַרומשלעפּן מיט די צעריסן־געוואָרענע שיך אין די האַלב־געפרוירענע קאַליוזשעס „פון שמו־נין צו בונין", אויסגעריסן ווערן פאַר אַ רובל, און ערשט דערנאָך האָט נישט געקלעקט אויף דער הוצאה. מען האָט ממש „דערשטיקעוועט מיט די פינגער", די באַלעבאָסטעס האָבן „געשטרעקט נאָך די עקן", געמאַכט מיטאָג מיט דעם שם־המפורש, געהייצט מיט „חלומות", עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן — מען איז אַרומגעגאַנגען הונגעריק און פאַרפרוירן. הייצונג איז געווען ווייניק, ברויט נאָך ווייניקער, און דערצו נאָך די האָ־רעוואַניע און די דאָזיקע מחיה־בזויה — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אונטער־געשניטן שלמהס געזונט און ער איז אַנידערגעפאַלן אויף אַ גריפּע, וועל־כע איז גלייך אַריבערגעגאַנגען אין אַ געפערלעכן בויכטיפוס. אַלע דאָקטוי־רים האָבן אויף שלמהן אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: זיין לעבן האָט נישט די ווערט קיין צעבראָכענעם גראָשן. אַלע, אַלע האָבן זיך שוין פון אים מייאש געווען, חוץ איין יוכבדן! פאַר איר איז איצט שלמה געווען נישט נאָר אַ מאַן, און אַ פאָטער פון אירע קינדער, נאָר ער האָט איר פאַרביטן אויך אירע אייגענע פאָטער און מוטער און ברודער און שוועסטער... אָפּ־געגעבן די קינדער צו די שווער און שוויגער, האָט זי מיט אירע קליינע געלטער, אין אַ פרעמדער שטאָט, אין די מלחמהדיקע באַדינגונגען, פון דעסט וועגן זיך איינגעשאַפט די נייטיקע רפואות און די נייטיקע שפּייז. זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט, וואָכנלאַנג האָט זי זיך נישט אויס־געטון, און ענדלעך נאָך אַ חודש צייט זיך געפונען אין אַ לאַחר־יאוּשדיקן צושטאַנד, האָט שלמה אָנגעהויבן אַרויסצווייזן סימנים פון קומען צו זיך. ערשט פורים־צייט האָט ער זיך, אַן אָפּגעשוואַכטער ביז גאָר, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, אָנגעהויבן אַראָפּשלעפּן פונעם בעט. איצט האָט ער זיך געניייטיקט אין אַ גוטער פּאָפּראַווקע,* אָבער ביי טאַשקענטער משוגע־נעם יקרות, ביי לשון גאָרנישט פאַרדינען, האָט דאָס נישט געקענט גע־מאָלט זיין. דאַקעגן אין סאַמאַרקאַנד, האָבן מענטשן דערציילט, איז דאָס לעבן פיל גרינגער. ערשטנס, איז דאָרטן בינו לבינו געשאַפן געוואָרן דער גרעסטער קיבוץ פון יידן אין דעם מלחמהדיקן רוסלאַנד: אַ גרויסע געמיינ־

---

* זיך פאַרריכטן, זיך שטעלן אויף די פיס.

דע פּוילישע יידן; אַ גרויסע קהילה בוכאַרישע יידן; כמעט אַלע ליובאַוויר־מישער חסידים פונעם גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד; אויך פיל אַנדערע סאָוויעטי־שע יידן פון אַלע עקן פונעם לאַנד; מיט איין וואָרט — קיין עין־הרע גאָר, גאָר אַ גרויסער עולם. אין סאַמאַרקאַנד, שמועסט מען, איז דאָס לעבן פיל ביליקער און חוץ אַלעמען — מאַכן דאָרט מענטשן געשעפטן, נאָך גרעסערע ווי מען פלעגט מאַכן פאַר דער מלחמה, אין דער אייראָ־פּייאישער טייל רוסלאַנד...

אפרים־אהרון איז אַליין צוגעפאָרן קיין סאַמאַרקאַנד, האָט דאָרטן מיט גרויס מי געדונגען צוויי דירות, און אין דער וואָך פון ערב־פּסח, האָבן די פּיאַטיגאָרסקים פאַרנומען זייערע פּכים־קטנים און זענען אַלע אַריבער־געפאָרן וווינען קיין סאַמאַרקאַנד.

*

ס'איז פאַריבער פּסח, ס'איז פאַריבער ל"ג בעומר, צו שלמהן האָבן זיך בהדרגהדיק אומגעקערט די פאַרלוירענע כוחות. ער איז אַרויסגעגאַנ־גען אין גאַס אַריין אַ שמעק טון: וואָס טוט די וועלט? פון וואָס איז מען זיך מתפּרנס? דאָ איז אים צום ערשטן מאָל אין לעבן אויסגעקומען צו האָבן אַ דירעקטן משא ומתן מיט די פּוילישע און בוכאַרישע יידן. לכתחילה איז אים עפּעס געווען שווער צו פאַרטראָגן און זיך צוגעוווינען צו דעם משונהדיקן גלעטגייציקייט פון די ערשטע, און צו דעם צוויי־פּנימדיקייט און פאַלשקייט אין וואָרט פון די צווייטע. אָבער מיט דער צייט האָט ער זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוגעוווינען. אונטער דער פירמע פון אַן אוז־בעקישן אַרטעל, האָט שלמה אוועקגעשטעלט דריי וועבער־סטאַנקעס. אויף צוויי פון זיי האָבן געאַרבעט: זיינער אַ שותּף און זיין יינגל, און אויפן דריטן ער אַליין. די פּאַרטיקע פּראָדוקציע: לייכטע כאַלאַט־געוועבן; שי־טערע לייוונטן; און מיתה־משונה־קאָלירטע קאָפּטיכלעך, פלעגן די בוכאַר־קעס פאַרקויפן אויפן מאַרק. די העל־פּאַסנדיקע, שרייענדיקע סחורה, איז די אוזבעקן געווען שטאַרק צום האַרצן און מען פלעגט זי צעכאַפּן ווי מצה־וואַסער. דערזען, אַז ס'איז גאָר אַ גוט געשעפט, איז שלמה אַראָפּגע־גאַנגען פונעם סטאַנאָק: בעת מען קען בעסער מאַכן געשעפטן, איז נישט קיין קונץ אַליין צו אַרבעטן. ער וועט איצט מיט זיין פּראָלעטאַרישקייט קיינעם קיין טובה נישט טון, און מיט דעם, וואָס ער וועט אַרבעטן פי־זיש, נישט מיטן מח, וועט ער שוין די יויך נישט פעט מאַכן.

זיינע פעאיקייטן און זיין קאָפּאַרבעט האָבן אויך דאָ געזאָגט זייער וואָגיק וואָרט. עס זענען קוים פאַריבער געציילטע עטלעכע חדשים, ווי אין צעך זענען שוין אָנשטאָט דריי סטאַנקעס געשטאַנען ניינצן סטאַנקעס, און צוויי סנאָוואַלקעס,* מיט רעדלעך, מיט באַראַבאַנעס אויף צו מאַכן פּאַס־מעס, מיט אַן אייגענער פאַרבעריי, מיט נאָך זיבן און זיבעציק מכשירים

* אַזאַ הילצערנער מעכאַניזם, אויף וועלכן מען מאַכט די קאַנווע פאַרן געוועב.

מיטן גאַנצן רעמאָנענט. שלמה איז געווען דער אָפּעראַטיווער אַרבעטער פון אַט דעם קליינעם פאַבריקל. אין טאַשקענט, אין צענטער, פלעגט אָנ־קומען מיט גרויסע שוועריקייטן צו באַקומען אַן אָרדער אויף אַ גרעסערן קוואַנטום פּאָדעם. אויף אָפּצונעמען די דאָזיקע פּאָדעם פלעגט מען ערשט דאַרפן פאָרן קיין איוואַנאָ־וואָזנעסענסק. אָבער אַזאַ פאַל, אַז אַ פּראָסטער אַרטעלשטשיק זאָל אָנטרעפן אַ „צאַפּן" צום סאַמע מקור, האָט געטראָפן זייער זעלטן. אַממערסטן טייל פלעגט מען באַציען די פּאָדעם פון אַזיע גופא: פון טאַשקענט, פון פערגאַנאַ, פון אַשכאַבאַד און סטאַלינאַבאַד. פרנסה איז געווען בשפע, דער עולם האָט פאַרדינט פינף מאָל אַזוי פיל, וויפל מען האָט געדאַרפט האָבן צום לעבן.

דאָס יידישקייט איז אין סאַמאַרקאַנד אויך געשטאַנען זייער הויך. די אַלטע שטאָט האָבן יידן אָנגערופן קליין־ירושלים. אַקוראַט ווי אויף דער אוקראַינע צוריק מיט פופציק יאָר זענען דאָ אַלע גאַסן און געסלעך גע־ווען אָנגעפּיקעוועט און אָנגעשטאָפּט מיט: חדרים, ישיבות, מקואות, כשרע קצבים, צענדליקער שולן און מנינים. דער קול־תורה איז געהאַנגען איבער סאַמאַרקאַנד טאָג און נאַכט; דער „תנו רבנן" און דער „אמר אביי" האָט געקלונגען איבער דער אַלטער שטאָט פון הנץ־החמה ביז אין דער זינקענ־דיקער נאַכט און איז געשטאַנען איבער דער שטאָט און האָט מגין געווען אויף איר כחומת־ברזל, כחומת־אש... יידן האָבן אַרומגעשפּאַצירט איבער די גאַסן מיט די גמרות אין די הענט אין ברייטע טליתים־קטנים, און אין די יאַרמלקעס. צענדליקער סוחרימלעך פון תשמישי־קדושה פלעגן אָפּ־שלאָגן די טירן, ממש נישט לאָזן דורכגיין די גאַס:

— יידן, לייגט נישט אַריין דאָס גאַנצע דאָברע־מזל אין טרעלבויך אַריין! אַ ייד דאַרף האָבן יידישקייט, און פון דעם אַרטיקל קריגט איר ביי אונדז, וואָס אייער האַרץ גלוסט. קויפט סידורים, מחזורים, קויפט ציצית, גאַרטלען, קויפט הדסים, קויפט בשמים־ביקסלעך, קויפט תפילין מעור אחד, קויפט יין לקידוש ולהבדלה, קויפט ליכט אויף בענטשן, קויפט מזוזות...

עס האָט עפּעס אויסגעזען, גלייך ווי די באָלשעוויקעס וואָלטן גאָר קיין מאָל נישט געמאַכט קיין רדיפות אויף דער רעליגיע, און וואָלטן אירע אָנהענגער נישט פאַריאָגט און דערשלאָגן עד חרמה. דער שווידער און דער גרויל פון די יאָרן 1937—1938 האָבן עפּעס געקלונגען ווי אַ לעגענדע, ווי אַ חלום —

*

די חז"ל זאָגן אין עטלעכע ערטער:

...תלמידי ר' עקיבא לא נענשו, אלא על שלא נהגו כבוד זה בזה... *

די רעליגיעזע יידן פון די צוויי היפּכדיקע וועלט־רעזשימען, וואָס זע־

* ר' עקיבאס תלמידים זענען געשטראָפט געוואָרן נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט ווי געהעריק אָפּגעגעבן כבוד איינער דעם צווייטן.

נען מחמת דער מלחמה מגולגל געוואָרן קיין מיטל־אַזיע: די רוסישע און די פּוילישע, האָבן געהאַט אַ שטאַרקן ווידערגעפֿיל איינע צו די צווייטע. אין זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען האָט זיך שטאַרק געלאָזט פֿילן אַ שטי־לע פֿאַראַכטונג און אַ שלעכט־באַהאַלטענער ביטול.

די רוסישע ייִדן האָבן מיט פֿאַרקלעמטע הערצער צוגעקוקט, ווי די „בעקעשעס" לייגן אַריין די גאַנצע „עבודה" אין דעם זינגען אַ ווייזשני־צער „לכה־דודי", אָדער אַ מאָזשעצער „אל אדון", און האָבן מיט פֿאַרבי־טערונג געטראַכט:

— וואָס זאָגסטו נאָר אויף די דאָזיקע קאָזאַקלעך? Де ти був як греміло? * ווו זענט איר, „זיידענע חסידימלעך", געווען אין די יאָרן 1931—1940, ווען דאָ האָט זיך פֿאַר אַ מינדסטער ייִדישער תנועה געגאָסן בלוט אין די גאַסן? ווו זענט איר געווען, ווען פֿאַר לערנען אַ קינד „אַלף־בית" האָט מען פֿון אונדז געצויגן די אָדערן? ווען צוליב אָפּ־היטן שבת האָבן זיך די קינדערלעך געלייגט שלאָפֿן הונגעריקע, און אָפּ־געוויינט גאַנצע נעכט? וואָס האָט איר דאַמאָלסט געטון? געכאַפּט שיריים אין די קאַפּעלעך? אינטערעסאַנט צו וויסן: וואָס האָט איר שוין עפּעס אַזוינס מקריב געווען לכבוד המקום, לכבוד התורה ולכבוד השבת, וואָס איר פֿליעסקעט זיך צו אַזוי געשמאַק?

דעסט גלייכן האָבן די פּוילישע פֿרומע ייִדן, בינם לבין עצמם, גע־רעדט מיט אַ חוזקל וועגן די געבליבענע „פּאָנישע" מאמינים:

— וואָס קען שוין, אומשטיינס געזאָגט, מצמיח זיין אַ גאָרטן, וועלכן מען האָט שוין, רחמנא ליצלן, נישט באַגאָסן אַזוי לאַנג... מענטשן לעבן שוין אַ פֿערטל מאה יאָרן: אָן אַ רבין; אָן אַ נייעם ניגון; אָן דעם דף־היומי... אַזאַ ייִדישקייט קען שוין האָבן דעם שיינעם טעם מיט דעם שיי־נעם ריח... נאָר גאָרנישט, ביי וואַנקען איז דאָס אויך אַ רבותא! וואָס זאָל מען טון? אַזאַ סאָרט פּאַיאָק!

אַ צווייטער פֿון דער חבריא איז אַ ביסל מקיל:

— מען קען נישט אַלע מעסטן אויף איין מעסטל, עס זענען דאָ צווישן זיי פֿאַרשידענע בחינות און מדרגות און קאַטעגאָריעס: דער אַל־טער דור — איז נאָך גאָר צו דערליידן; דער מיטעלער דור איז שוין אין דער ערד מיט די זאָקן, ער האָט שוין נישט געלעקט און נישט געשמעקט, אָבער ער האָט נאָך אין זיך עפּעס אַ ריח; אַ ספֿק־ספֿקא פֿון אַ „נותן־טעם". אָבער דער יונגער דור? רחמנא יצילנו! ערגער פֿון קאַראַאימען! און וועלכער ייִד, זאָגט מיר, האָט דאָ נישט קיין אייגן קאָמוניסטל? אָדער אַ ברודער, אָדער אַ זון, און אַז נישט, איז ער נאָך אַליין אויך אַ גאַנצער פֿלאָקנשיסער! דער אייבערשטער זאָל שומר ומציל זיין — עפּעס אַ מגפֿה פֿון זיין ליבן נאָמען... בהדי כבשי דרחמנא —

די זקני־הדור פֿון די רוסישע ייִדן, רעשטלעך פֿון די אומגעבראַכטע

* ווו ביסטו געווען, ווען עס האָט געדונערט? אַ רוסיש פֿאָלקסווערטל.

קהילות־קדושות, פלעגן בינם לבין עצמם רעדן וועגן די פוילישע יידן מיט א באזונדער טיפן ווייטיק אין הארצן:

— אלע פינף און צוואנציק יאר, זינט מען האט אויפגעשטעלט דעם מסך־המבדיל, האבן מיר דא געלעבט מיט א כוסף־נפש נאך אונדזערע ברידער פון יענער זייט. אלע יארן האבן מיר זיך געצויגן צו זיי מיט א השתוקקות־עצומה. איצט האט זיך אזוי געמאכט, אז די ימים בלוט, וואס האבן געשטראמט פון דארטן אהער און פון דאנען אהין, האבן ארא־פגעטראגן די מחיצה און מיר האבן זיך, ברוך־השם, באגעגנט מיט די „עשרת־השבטים". און וואס איז דערפון ארויסגעקומען? א ווייטיק פאר זיך, א בזיון פאר לייטן און מער גארנישט... זיי האבן שוין גאר נישט געגלייבט אין אונדזער מציאות! זיי האבן שוין גאר, אין זייערע ווארשעס דארטן, אפגעזאגט נאך אונדז א רבנן־קדיש! זיי האבן פארגעסן, אז די עלטער־זיידעס פון זייערע רביים האבן מיר זיי געגעבן; זיי האבן פארגעסן, אז דער אבי כל הרביים, דער בעל־שם־טוב, זכרונו לברכה, איז אויך אונדזערער, אן אוקראינער ייד; און אזוי די גאנצע מעזריטשער חבריא; און דער בערדיטשעווער רב; און דער שפאלער זיידע; און דער „תולדות"; און ר' פנחסל קאריצער; און דער ריזשינער, זכותו יגן עלינו; און די טשערנא־בעליער גזע, און אלע! ס'איז עפעס שייך אויסצורעכענען? אלע ביז איי־נעם! איז אזא טייערער קוואל, וואס האט פון זיך הונדערטער יארן ארויס־געגעבן אזוי פיל מים־חיים; אזא אומפארגלייכלעכער גאלדגרובן; אזא מקור פון אבנים טובות ומרגליות, האבן זיי געגלייבט, קען אויסגעשעפט ווערן פאר א פערטל מאה יארן, און קומענדיק אהער, האבן זיי אפילו נישט דערוואַרט צו טרעפן דא קיין אחד מעיר... נישט קיין עקשנים; נישט קיין אנוסים, וואס פראוועז די „סדרים" אין די אונטערערדישע היילן; נישט אזעלכע: „שיצאו למדבריות"...* משמעות, אז פאר די לעצטע פאר צענדליק יארן האט זיך די גאנצע וועלט פון אונדז מיאש געווען מיט א יאוש גמור... מען האט זיך אפגעוואשן די הענט פון אונדז אזוי ווי נאך דעם באגלייטן א בר־מינן, און האבן אפגעזאגט „צדוק־הדין"... טוט עס טאקע זייער וויי... דערלאנגט עס אונדז טאקע ביז... ביז... ביז... גוואלד געשריגן: פאר וואס זאל זיין: „נשכחתי כמת מלב"? פאר וואס זאל זיין: „הייתי ככלי אובד"?

א צווייטער פון דער חבריא איז נאך מעמיק את הדין און, ווי דער שטייגער איז, דערציילט ער דערויף א משל:

— עס דערמאנט זיך מיר א מעשה שהיה... טאקע קעגן דעם, וואס איר זאגט: סטייטש, און ווידער א מאל: סטייטש, און אבער א מאל: סטייטש... מעשה שהיה, כך היה: דאס איז געווען אין זאלאטאנאשע, א קליין שטעטל, נישט ווייט פון פערוואמאיסק, אדער שטשארס, ווייסט זיי דער רוח, ווי אזוי זיי רופן עס היינט. אין דעם דאזיקן זאלאטאנאשע האב

* דער דין איז: נתפקרה העיר, יצא למדבריות.

איך געווינט אַלע יאָרן ביז די פּאָגראָמען. אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער באַנדיטיזם און מען איז געלאָפן אויפן דאָרף זיך באַהאַלטן זיבן מאָל אין טאָג, האָב איך פון מיין דאָברע־מזל — און געווען בין איך דאַמאָלסט אַ פאַרפונדעוועטער בעל־הבית. נישט קיין גרויסער עושר, נאָר אַ פאַרמעג־לעכער, אויף היינט געזאָגט געוואָרן כאָטש אַ צענטל! — האָב איך פון מיין גאַנץ האָב און גוטס געמאַכט צוויי קניפּלעך און האָב זיי געהאַלטן אויף צוויי פאַרשידענע ערטער, ווי האָט יעקב־אבינו געזאָגט: אם יבוא עשיו אל המחנה האחת והכהו, והיה המחנה הנשאר לפליטה! איינס, גאָר אַ היפּש פּעקל, האָב איך באַהאַלטן אונטער אַ סטויפּ פון די מיטלסטדיקע צימערן, און דאָס צווייטע, אויך אַ פיין פּעקל גאָלדענע צענערלעך און פינפערלעך, האָב איך אַרומגעטראָגן ביי זיך: ווי אַ זאַך מאַכט זיך, טאָ־מער מוז מען אָפּטרעטן פון דער שטאָט, זאָל מען נישט בלייבן מיט די ליידיקע הענט. אין יאָר 1919, אַז מען האָט געמוזט אַנטלויפן פון דעני־קינען אַזש קיין קיעוו, האָב איך זיך אַ טראַכט געטון: איצטיקע געפּער־לעכע וועגן, נחש עלי־דרך, שפיפון עלי־אורח, די „זיכערע" פעלדער, די חיה־רעהדיקע וועלדער, — ווי אַזוי גאָט וועט פירן, איך וועל דאָס געלט ערגעץ דאָ פאַרשטעקן! איך בין אַראָפּ אין קעלער אַריין, — דאָס איז גע־ווען אַ קעלער אָן אַ דושניק, * וווּ קיין ליכט האָט נישט געקענט ברענען — מיט די נעגל האָב איך אויסגעגראַבלט אַ גריבל און האָב מקבר גע־ווען דאָס ביסל מינץ. ערשט אין יאָר 1923, אַז די סאָוויעטן זענען שוין פעסט געזעסן אינעם זאָטל, האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין זאָלאָטאָנאָ־שע כדי צו פאַרקויפן דאָס שטיקל נחלה. דאָס איז געווען בלויז דער תירוץ פאַר לייטן, אָבער טיף אין הארצן האָב איך נאָך געהאָפט צו געפינען מיי־נע מטמונים. אַז איך בין אָנגעקומען אהין איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. ווען איך האָב אַ טבע צו חלשן, וואָלט איך מן הסתם געווען געחלשט. איך האָב דערזען, אַז מיין שטוב איז איבערגעאַקערט מיט אַן אַקעראייזן! וואָס איז די מעשה? די היימישע רוצחים האָבן געמסרט צו די אַטאַמאַנעס פון דער באַנדע, אַז אין אָט דער שטוב האָט געווינט אַ „באַגאַטעי זשידאָק". האָבן די באַנדיטן אַראָפּגעטראָגן די פּאָדלאָגעס מיט די יסודות, געבראַכט אַן אַקער, איבערגעאַקערט די שטוב ישר והפוך, און האָבן זיך טאַקע דערקברט צום גרעסערן פּעקל. פאַרפאַלן — טראַכט איך מיר — און בין אַראָפּ אין קעלער אריין: אַ טאַפּ אויף רעכטס, אַ טאַפּ אויף לינקס, — דאָס צווייטע קניפּל איז דאָ! עס ליגט און עס וואַרט אויף מיר! טאַקע אַ דאַנק אָט דער מציאה, וואָס איז שוין באמת געווען לאחר יאוש־בעלים, דאַרף איך נישט אָנקומען צו די קינדער עד היום הזה, הלואי ביז אייביק... אַקעגן וואָס, מיינט איר, האָב איך אייך דערציילט אָט די גאַנ־צע מעשה? קעגן דעם, וואָס איר זאָגט, הלמאי די פּוילישע יידן האָבן אונדז מקבר געווען בחיינו... בדרך־הטבע, איז קומענדיק אהער, האָבן זיי זיך

* אַ קוימענדל אויף צו בייטן די לופט.

געדאַרפט צעלאָזן לויפן מיט ליכט און מיט שטורקאַטשן, און זוכן די אוצרות פון אונדזער גרויסן יידישן ישוב, פונקט אַזוי ווי איך בין דאַ־מאָלסט געלאָפן אין קעלער אַריין... צום סוף, אַז זיי זעען אונדזערן אַ יידן אָנטון תפילין, קוקן זיי אים אָן מיט פאַרחידושטע אויגן; אַז זיי זעען אַ נאַש־בראַט אָפּהיטן שבת — שטעלן זיי אָן אויף אים מויל און אויערן און מאַכן שיר נישט קיין „שהחינו". זיי האָבן געגליבט, אַז פאַר פינף און צוואַנציק יאָר איז שוין אַלץ אָפּגעווישט געוואָרן... איז אָט דאָס גלאַט־לעבערדיקע מיינעניש פון די וואַרשעווער בעלי־תריסין טוט זייער ווייִ... סטייטש, מיט וועלכע רעכט האָבן זיי געזאָגט קדיש נאָך אַ לעבעדיקן?

— הערסט, ער האָט קוים אויסגערעדט! וועגן דעם רעדן מיר דאָך... אָט דאָס זאָג איך דאָך: זיי האָבן אונדז דאָרט צו ביליק אָפּגעשאַצט! זיי זענען מחויב געווען צו וויסן און צו געדענקען, אַז יידן לאָזן זיך נישט אַזוי לייכט אָפּמעקן, כי עם קשה־עורף הוא...

*

היפשע עטלעכע יאָרן האָבן אָט די אָפּגעפרעמדעטע שבטים געלעבט צוזאַמען. צוזאַמען געשטאָרבן זיבן מאָל אין טאָג פון הונגער; צוזאַמען אַריינגעכאַפּט פעטש פון אוזבעקן און מעסערס פון געוועזענע וויסגוואַר־דייער; צוזאַמען פאַרשוואַרצט געוואָרן ווי די ערד איבער דעם לחם הקלוקל; שפּעטער — צוזאַמען געהאַנדלט, גרויסע געשעפטן געמאַכט, היפשע רווחים געטיילט, אָבער אין תוך געגומען — ולא קרב זה אל זה כל הלילה...*

נישט די פּוילישע יידן האָבן זיך באַמיט צו באַגרייפן, וואָס אָט די רויטע יידעלעך האָבן דאָ דורכגעמאַכט פאַר דעם לעצטן פערטל מאה יאָרן, און דערפאַר אפשר זענען זיי אויס אָפּגעשלאָסן, צוגעטריקנט. נישט די רוסישע יידן האָבן געוואָלט גלייבן אין די רייד פון די פּוילישע פּליטים, וועלכע האָבן ביי יעדער געלעגנהייט פאַרזיכערט זייערע רוסישע ברידער, אַז אַהער איז געקומען צו לויפן בלויז דאָס פּסולת פון דעם פּוילישן יידנטום, די אַזוי גערופענע: ערבות, און אַלע קאַרפּירער אתרוגים זענען פאַרבליבן ביים דייטש... ניין, קיינער פון די „צדדים" איז נישט אַריינגעגאַנגען בעובי־הקורה. ביי די רוסישע יידן זענען די „פּאָליאַקן" פאַרבליבן: פּיל־סודטשיקעס, פּיאות „עד החזה", אַ זשיפּיצע ביז דער ערד, און אין האַרצן — אַ קל שבקלים! ביי די פּוילישע יידן ווידער זענען די „וואַנקעס" פאַר־בליבן: אַלטגעבאַקענע יודאשן; פאַרדאַרטע סובערעס, רחמנא ליצלן, וואָס כאָטש זיי לאָזן זיך נישט איינברעכן, אָבער טעמם פג וריחם נמר! נאָר גאָרנישט, לוחות ושברי־לוחות מונחים בארון, — עלעהיי די בוכאַרישע יידן...

די בוכאַרישע יידן, די אזרחים, האָבן אויך גיכער געהויזט מיט זייע־

---

* מען האָט זיך נישט דערנעענטערט איינער צום צווייטן די גאַנצע נאַכט (פונעם גלות). פון מכת־חושך אין מצרים.

רע סאָוויעטישע ברידער, איידער מיט די פּוילישע. אָבער ביי זיי האָט זיך דאָס געגומען לחלוטין איבער אַנדערע טעמים. איבער פיל פּשוטערע טעמים און רעאַלערע: די פּוילישע יידן בלאָזן פון זיך; האַלטן זיך פאַר פּאַני־טשעס; זיי רופן דעם אַזיאַטישן ברודער — אייזל, קעמל... והשנית: צווישן זיך רעדן זיי כסדר אויף אַ פרעמדער שפּראַך, מען שיפּעט ווי די שלענג און מען רעדט אויס אויפן אַזיאַטישן יידן אַל דאָס בייז... והשלישית, און דאָס איז טאַקע געווען די הויפּט־סיבה: די פּוילישע יידן האָבן ליב אַ פעטן ביסן, צאָלט מען אין טאָג אריין און מען קויפט, און מען הייבט די פּרייזן ביזן בוידעם, און דערפאַר —

— תפח רוחם של מפקיעי־שערים! *

דער זעלבער ביטול־געפיל, נאָר אַ ביסל אַנדערש באַפאַרבט, האָט גע־הערשט אויך אין דער נישט־רעליגיעזער סביבה פון די צוויי קרובישע מחנות. דער רוסישער עולם האָט אויסגעלאַכט די „צעפּוילטע און צעפּיעש־טשעטע פאַניטשלעך", וואָס האָבן צוגעלאָזט דעם דייטש זייער מלוכה פאַר געציילטע עטלעכע טעג; די פּוילישע „אינטעליגענטן" ווידער, האָבן באַ־דויערנדיק נאָכגעשאָקלט מיט די קעפּ אָט די „אויסלאַכערס", אָט די גע־בוירענע באַטראַקעס, וואָס האָבן קיין מינדסטע השגה נישט, וואָס עס הייסט אַ פריי לעבן, וואָס עס הייסט עלעגאַנט זיך קליידן און גוט צו עסן, אַבי מען האָט זיי מיט אַ פּודיקן האַמער אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין: „פּינפּיאָר־פּלאַן", „סטאַכאַנאָווסקע־באַוועגונג" און — „ווער איז דאָ דער לעצטער אין דער ריי?"

אָט אַזוי האָבן זיך די „קאַפּיטאַליסטישע" און „פּראָלעטאַרישע" ברי־דער אין האַרצן שטילערהייט מבזה געווען איינע די אַנדערע. ביידע „לאַ־גערן" האָבן באַדויערט די פאַרפּירטע און בכל יום תמיד געדאַנקט גאָט: „שלא שם חלקנו עמהם".

אָבער סוף־כל־סוף האָט דער יידישער ניצוץ מנצח געווען די גיפטיקע פאָראורטיילן — וגבר ישראל! אויך די דאָזיקע מחלה פון פּרוד־הלבבות, פון בזוי־אחים בגלוי ובסתר, האָט זיך אין פאַרלויף פון די גלות־יאָרן ביי אַ גרויסן רוב יידן ביסלעכווייז געפּעלט. אין די הויכע גראַדן פון די אומ־אויפהערלעכע יסורי־גיהנום, וואָס מען איז צוזאַמען אויסגעשטאַנען; אין שרעקלעכן שמעלצטאָפּ פון שטענדיקער טויטשרעק און פון אויסזיכטלאָזן הונגער, זענען די „פּאָליאַקן" געוואָר געוואָרן, אַז די „פּאָניס" זענען גאָר־נישט אַזוי שטאַרק פּאָנידיק; אַז יידישע הערצער בלייבן יידישע הערצער בכל מקומות מושבותיהם; און די צווייטע ווידער, די אַזוי גערופענע „פּאַ־ניס", אָדער „קאָמיסאַרטשיקלעך" האָבן זיך בהדרגהדיק איבערציוגט, אַז דער שטורעם האָט צו זיי פון פּוילן פאַרטראָגן נישט קיין גאָלע פּסולת, ווי זיי האָבן פריער געמיינט. עס זענען דאָ צווישן די אָנגעלאָפענע פּליטים

---

* זאָל אַרויס די נשמה ביי די, וואָס רייסן אויף די פּרייזן. (דאָרט האַנדלט זיך אין עסנוואַרג פון ערשטן געברויך.) פון דער גמרא.

אַלערליי מענטשן. עס זענען פֿאַראַן אויך באַלעבאַטישע קינדער און באמת גאָלדענע הערצער. די מחיצה, וואָס די פינף און צוואַנציק יאָר פֿאַר־פּרעמדטקייט האָט אויפגעשטעלט צווישן אָט די צוויי שכנישע משפּחות — משפּחות מהיותר מיוחסות שבישראל — האָט אָנגעהויבן זיך צעפאַלן מיום ליום ומשעה לשעה, ברעטל נאָך ברעטל, לאַסטל נאָך לאַסטל... מען האָט זיך פֿאַוואָלינקע אָנגעהויבן משדך צו זיין: חסידים פֿון שוין לאַנג געשטאָרבענע רביים האָבן „אויסגעכאַפּט" פֿאַר זייערע טעכטער „צאַצקע־לעך" פֿון ישיבת־חכמי־לובלין; ליטווישע „מושלמים" האָבן זיך איינגע־ליבט אין „געענדיקטע" יידישע טעכטער; מען האָט געפּראַוועט שמחות צוזאַמען; די מחנות האָבן זיך אויסגעמישט; די הערצער האָבן זיך דער־נעענטערט... אַלע האָבן פֿון דאָס ניי דערזען און דערפֿילט, אַז „כל ישראל חברים" איז נישט קיין אויסגעדראָשענע מליצה; אַז דעם דאַזיקן קשר של קימא קענען נישט צערייסן: נישט קיין שטרענג־אָפּגעשלאָסענע גרענעצן; נישט קיין פֿרעמדשפּראַכיקייט און נישט קיין צענדליקער יאָרן צעשיידט זיין; ס'איז ווידער אַרויסגעשוווומען ווי בוימל אויף וואַסער דער אַלטער אמת, דער פּסוק, וועלכער איז אָנגעשריבן אין דעם רבונו־של־עולמס תּפֿילין מיט פֿייערדיקע אותיות, באש שחורה על גבי לבנה —

...ומי כעמך ישראל, גוי אחד בארץ...

*

ענדלעך האָט אין טאַשקענט חתונה געהאַט מנשה כאַדאַראָוו מיט אַ בעזשענקע פֿון רומעניע. נעמענדיק אין באַטראַכט: זיין עלטער; די „גרוי־סע קאַפּיטאַלן", וואָס ער פֿאַרמאָגט; זיין גרויסע „פּרנסה־געבעריי" — איז דאָס פֿאַר אים געווען אַ גלענצנדיקער שידוך. ער האָט גאָר אַליין אויף אַזוי פֿיל קיין השגה נישט געהאַט: אַ יונג מיידל; אַ שיין מיידל; גוט דער־צויגן און צו דעם אַלעמען — אַ גאַנצע למדנית! אַז פֿון וואָס פֿאַר אַ ספֿר מען זאָל נישט רעדן; וועלכעס ביכל מען זאָל נישט אָנרופֿן — קען זי עס, איז זי אין דעם בקי! פֿול און פֿול אומעטום...

מענטשן האָבן זיך געסודעט וועגן אים:

— באַרעכן נאָר, אַזוי לאַנג געזעסן און גוט אויסגעזעסן! הייננט, גיי, זיי אַ חכם —

אפֿרים־אהרון מיט שלמהן האָבן אָוועקגעוואָרפֿן אַלע געשעפֿטן און זענען אָוועקגעפֿאָרן צו זייער קרוב אויף דער חתונה. זיי האָבן משמח גע־ווען די חתן־כלה אויף וויפֿל עס האָט זיך געלאָזט. אָבער עפּעס האָט שטאַרק געשטערט. און נישט נאָר זיי אַליין זענען נישט געווען אויפֿגע־ליינט, נאָר אַלע אָן אָן אויסנאַם. ביים גאַנצן פֿאַרזאַמלטן עולם זענען די פּנים געווען עפּעס ווי געפּענטעט; די העלדזער משונה איבערגעטרוקנט, ווי דאַרע קישקע; ווי אַ לאָגל, וואָס האָט שוין לאַנג קיין טראָפּן וואַסער נישט געהאַט אין זיך. עס האָט זיך געלאָזט שפּירן אין יעדער באַוועגונג, אין יעדן בליק, אַז ערגעץ ווו גיסט זיך איצט יידיש בלוט. די גאַנצע שמחה

איז געווען אַ געמלאכהטע, מען האָט זיך געהעצקעט אויף דעם ערדענעם פּאָל נאָר כדי לצאת ידי חובתם... אַבי ווי עס איז מקיים זיין דעם: „כיצד מרקדין לפני הכלה"... אָבער ווי יעדע עובדא, וואָס ווערט געטון באונס, האָט דאָס טאַנצן נישט געהאַט: נישט קיין טעם און נישט קיין ריח... פון אַלע תנועות, פון יעדן איינעמס מראה־פּנים, איז געווען ניכר, אַז ער גייט דאָס ריקודעלע נאָר משום מראית־עין, מיט נויט־שוויים, כאילו כופאו שד... נאָר כדי שלא לבייש את החתן ואת הכלה...

— אַ מצוה אויף אים — האָט שלמה אַ טראַכט געטון — האָט ער נישט געזאָלט זיצן עד זקנה ועד שיבה. האָט ער געזאָלט חתונה האָבן אין כמעלניק, בעת עס זענען נאָך געווען שנים כתיקונם. ווער האָט אים גע־הייסן וואַרטן אַזוי לאַנג, און זיך דערוואַרטן אויף אַזעלכע פּאָלקס־שחיטות. ווי עס האָבן אונדז געמאַכט: צום אַלעם ערשטן די צוקערזיסע יעזשאָוו־טשיקעס, און דערנאָך די היטלעראָווצעס, ימח שמם! ס'איז שוין נישטאָ קיין כח זיך צו מאַסקירן, מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מען פרייט זיך פונעם גאַנצן האַרצן. בלוט איז נישט קיין וואַסער, בלוט בלייבט בלוט. עפּעס אַזוינס לאָזט נישט זיך פרייען בלב שלם. מלחמה — בלייבט מלחמה! עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן אפילו אויף קיין איין רגע, אַז אין דער זעלבער שעה און אין דער זעלבער מינוט, וואָס מיר דאָ הוליען און זינגען און טאַנצן, שעכטן זיך ערגעץ מענטשן ווי די שאָף.

אָבער עולם כמנהגו נוהג... הללו בוכים והללו צוחקים...

אין יענעם זומער איז ביי שלמהן געבוירן געוואָרן דאָס דריטע קינד: אַ מיידעלע. אפרים־אהרון האָט אויסגעגעבן זיינע טעכטער פאַר „אויס־לענדער". יונגעלייט האָבן זיך געפּאָרלט, פּאָרלעך האָבן געקינדלט, מיט איין וואָרט — אין שטעטל האָט זיך געמזל־טובט...

...ואעבור עליך, ואראך מתבוססת בדמיך, ואומר לך — בדמיך חיי!

דער עכאָ פון דער ווייטער, בלוטיקער מלחמה האָט זיך קוים־קוים דערטראָגן אין די זאַטע, ירושלימער געסלעך פון דער אור־אַלטער שטאָט: סאַמאַרקאַנד...

# קאפיטל XXVIII

אין דער קאָנטאָר פון דעם וועבער־אַרטעל אויפן נאָמען פון אַכון־באַבאַיעוו,* אין וועלכן שלמה פּיאַטיגאָרסקי איז געווען דער „קאָמער־טשעסקי דירעקטאָר", האָט זיך אין יענעם אָוונט געלויכטן ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. דער מיט אייזערנע פּאַסן פון ביידע זייטן געקאָוועטער טויער איז געווען אויף טויב פאַרקלאַפּט; אויף די אָפּגעקופּערטע רינגען פאַר־שלאָסן און אויף די אייזערנע ריגלען פאַרריגלט. אָבער דורך דעם שמאָלן „לופטיקל", וואָס איז מעשה־פענצטער אַרויסגעגאַנגען אויף דער „מאַכאַ־לאַ",** האָט מען געהערט קולות מיט גוואַלדן, ווי מען וואָלט זיך דאָרט געקוילעט. אמת, קיינעם פון די פאַרבייגייענדיקע איז אפילו נישט איינגע־פאַלן אַזאַ שטות, זיך גאָר אָפּשטעלן און זיך איינהערן, וואָס דאָרטן קומט פאָר, ווייל... ווייל פון וועלכער שטוב אין סאַמאַרקאַנד האָבן זיך בימים ההם נישט געלאָזט הערן קיין קולות און קיין גוואַלדן?

און אין דעם ליימענעם הייזל פון דער קאָנטאָר, וועלכע האָט קוים געהאַט ד' על ד' און פון וואַנען די קולות האָבן ממש „געשפּאָלטן הימ־לען", האָבן זיך אַרום און אַרום בסך־הכל געפונען פיר פאַרשוין: עוזיאל כאַסימאָוו, אַ בוכאַרישער יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק; כלומרשט אַ קאָמוניסט און נישט־כלומרשט — אַ געלטגייציקער נפש, אַ געפערלעכער כבוד־גיריקער, ולכל לראש: אַ מענטשל, וואָס איז מוכן ומזומן זיך צו שמדן, אָדער יענעם צו שטעכן פאַר אַ הונדערטער, אפילו פאַר איין טשערוואָניעץ — דער פאָרזיצער פונעם אַרטעל: קלמן טראַכטנ־בערג, אַ טשענסטאָכאָווער אַלטער בחור, פון קינדווייז אָן אַ טעקסטיל־שטשיק און אַ גרויסער מומחה אין זיין פאַך — דער טעכנישער דירעק־טאָר פונעם אַרטעל; יודל באַרנבוים, אַ בוקאַרעשטער לאַנגיעריקער באַנק־אָנגעשטעלטער, איצט דער בוכהאַלטער און דער קאַסיר פונעם אַרטעל, און שלמה.

דער דאָזיקער „פּירלינג" האָט צוזאַמען געאַרבעט; צוזאַמען געמאַכט געשעפטן; צוזאַמען זיך געטיילט מיט רווחים, צוזאַמען געליטן היזקות — אַלץ יד־אחת! און מען האָט זיך געגעבן נאמנות איינס דעם צווייטן, — אָן אַנדער ברירה האָט מען געהאַט? — אָבער קיין נשמה־האַרמאָניע, קיין געדאַנקען־צוזאַמענשמעלץ, ווי צווישן שותפים דאַרף זיין, איז ביי זיי נישט געווען. אויף יעדן טריט און שריט האָבן זיך געלאָזט פילן די פאַר־שידענע אופנים פון דערציאונג, וואָס יעדער פון אָט די פיר יידן האָט באַ־קומען; די פאַרשידענע מידות און השפעות, וואָס זיי האָבן איבערגענו־

---

* דער ערשטער פאָרזיצער פון העכסטן ראַט (פּרעזידענט) פון דער אוזבעקישער רעפּובליק. צייטנווייז קאַלינינס פּאַרטרעטער.

** אַ נאָמען פון אַ קליין מערקל אין דער אַלטער שטאָט פון סאַמאַרקאַנד.

מען פון די סביבות, ווו זיי זענען דערצויגן געוואָרן; און די פאַרשידענע מינים כאַראַקטערן, וואָס האָבן זיך ביי זיי אויסגעפורעמט אין משך פון זייער לעבן. ביי יעדן ענין, וואָס ס׳איז אויסגעקומען צו באַקלערן בחברותא, האָבן זיי תמיד גלייך איינגעזען, אַז ס׳איז: * Лебедь, рак да щука. אַז ס׳איז לא זה הדרך: דער פליט אין הימל אַריין, דער ציט צום אָפּ־גרונט און דער שלעפּט סתם אויף צוריק...

די באַראַטונג פון דער „דירעקציע", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ ריין־געשעפטלעכער אַטמאָספער, האָט זיך אין דעם גאַנג פון די אַרויפגע־קומענע פּראָבלעמען פאַרוואַנדלט אין אַ סכסוך, אין אַ מחלוקת. עס האָבן זיך ביי די טענהנדיקע צדדים צעבערענט די ליידנשאַפטן און ווען נישט כאַסימאָוו וואַרפט זיך אַריין אין דער מיט און צענעמט זיי, וואָלט אפשר געווען געקומען צו פּעטש מיט קולאַקעס —

ומעשה שהיה כך היה:

שלמהן איז אין טאַשקענט געלונגען זיך צו דערשלאָגן צום רעכטן מקור פון פערדעם — צום טעקסטיל־קאָמבינאַט. אויב גיין „בדרך־הישר", גיט דער קאָמבינאַט אַרויס פערדעם אויסשליסלעך נאָר אויף אַן אָרדער פון מאָסקווע, ווייל דער דאָזיקער קאָמבינאַט איז ביי דער מלוכה פאַר־רעכנט פאַר אַ מיליטער־וויכטיקן אָביעקט און דעריבער אונטערליגט ער אוממיטלבאַר דעם נאַרקאָמסנאַב ** און דעם נאַרקאָמליעגפּראָם. *** אָבער בדרך־עקלתון **** האָט שלמה אַריינבאַקומען אין זיינע סקלאַדן און פאָדוואַלן נישט קיין צוויי טאָן ביינוול, וויפל זיין פאַבריקל האָט געקענט „אויפעסן" פאַר אַ חודש צייט, נאָר גאַנצע ניין טאָן מיט אַ מאָל. על־פּי שכל־הישר האָט מען דאָס מותרות געדאַרפט רעאַליזירן אויף „לינקס" און ווייטער זוכן נייע מציאות, האָט אָבער שלמה דאָס מאָל פאַרגעלייגט זיינע שותפים אַן אַנדער פּלאַן:

— הערט מיך אויס מיט קאָפּ און פּרוווט אומיסטן זאָגן, אַז איך בין נישט גערעכט... מיר האָבן איצט פולע סקלאַדן מיט פערדעם, יאָ? אַזוי ווי איך וועל זיך איצט אויך נישט אַוועקזעצן שרייבן קיין ספרים, נאָר איך וועל מן הסתם פּונקט ווי פריער פאָרן זוכן אַנדער ביינוול — און איך האָב שוין אפילו ערגעץ דערשנאַפּט אַן ערטעלע, ווו עס ליגט אַ קרעמל — במילא קומט דאָך אויס, אַז מיר קענען פריי פאַרקויפן אַ פינף־זעקס־זיבן טאָן, אמת? איצט נעמט זשע אָבער אַזאַ חשבון: כאָטש סחורה איז דערווייל אויפן מאַרק נאָך בחשיבות, פון דעסט וועגן איז דער פּרייז פון פערדעם אַ ביסעלע געשלאָגן. צו 800 רובל פאַר אַ קילאָ קריגט מען

---

* „די ווילדע גאַנדז, דער ראַק, און דער העכט". אַזוי איז דער נאָמען פון איינעם פון קרילאָווס באַוווסטע משלים.

** פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר ליפערונגען.

*** פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר לייכטער אינדוסטריע.

**** געמיינט: אַן אומאָפיציעלער וועג.

די מציאה וויפל מען וויל — כאַטש אַ בריק מאַכן. היינט, על אחת כמה וכמה, אַז די גאַס וועט נאָך געוויר ווערן, אַז די „אַכון באַבאַיעווצעס" ליגן מיט אַזאַ גרויסן „פגר" און קוקן אַרויס אויף קונים ווי אויף משיחן... איר שטעלט זיך יאָ פאָר, אויף וויפל דער פּרייז פון אונדזער קראָם קען מיט אַ מאָל כאַפּן אַ קלאַפּ אויף צוריק? — אויף אַ שליש! עס קען פאַלן און פאַלן ביז 500 רובל אַ קילאָ, אויב נישט נאָך ווייניקער! און אויב אַזוי, וועלן מיר דאָך אפילו מיטן קרן נישט אַרויסקריכן... דאָן פּרעגט זיך: מה הועילו חכמים בתקנתם?...

דורך דעם ענגן טורמע־פענצטערל האָבן זיך אין צימער אַריינגעריסן קלאַנגען פון אַ זיפּצעניש אויף אַ הייזעריקן, טיורקישן פייפאָל און פון אַ דרימבלעניש אויף אַ צעפּאַרענעם צימבאַל. דאָס האָבן זיך פאַרשפּעטיקטע דעבקאַנעס * אין טשאַיכינאַ זיך נאָך געקוויקט מיט דעם גרינעם געמוי־זעכטס, וואָס ווערט ביי זיי אָנגערופן: טיי. פון אַ וויטן קאַראַוואַן־סאַראַי האָט זיך דערטראָגן דאָס משונהדיקע שרייען פון אישאַקעס, דאָס האַרצצו־פּענדיקע קוויטשען פון קעמלען און דאָס משוגענערווייז זיך רייסן אויף די העלדזער פון די אוזבעקישע אָנטרייבערס. אין צימער אַליין האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. דריי פּאָר אויגן, יעדע מיט אַ באַזונדערן אָפּשיין און הינטערמיין, זענען געווען צוגעשמידט צו שלמהס ליפּן.

— ...איז האָב איך דערצו אַן עצה! אַ זעלטענע עצה! אַ לייכטע עצה! און דער עיקר — אַ יושרדיקע עצה... מיט גאָט אין האַרצן —

די שותפים האָבן זיך דערשטוינטע איבערגעקוקט און האָבן ווידער געווענדעט זייערע בליקן אויף שלמהן. שלמה האָט גערעדט געלאַסן, ווי צו זיך אַליין:

— ...מיין עצה איז אַזאַ: מיר זאָלן קיין איין גראַם פּאָדעם נישט פאַרקויפן! די פּולע סקלאַדן מיט רוהוואַרג זאָלן מיר אַליין אויסאַרבעטן און אַליין פאַרקויפן די פּראָדוקציע...

באַרנבוים שלאָגט אים איבער:

— וויים איך, וואָס דו רעדסט! ווען וועסטו אַרויסקריכן מיט אָט דער הפטורה? אויף פּורים־שני צי אויף אדר־שלישי?

— שוטה, וואָס דו ביסט! ווער קלערט דען אָט דעם באַרג מיט סחורה דורכצולאָזן דורך אונדזער צעך? אין די היימען! נאָר אין די הייזער!! מען קען איצט אין טאַשקענט דעראָבערן אַ צען, פופצן וועבער־סטאַנקעס, זיי אַריינשטעלן צו אחינו בני־ישראל אין אָרעמע הייזער, זאָלן יידן אַרבעטן און פאַרדינען אויפן לעבן איידער זיך אַרומשלעפּן אין די גאַסן פּוסט און פּאַס און שלינגען די סלינע — איר האָט עס צעקייעט? און אונדז ווידער וועט עס אָפּמאַכן פאַר דעם קילאָ פּאָדעם — איך בין אייך ערוב, אַז נישט קיין 500 רובל און נישט קיין 800 רובל, נאָר לכל הפחות — טויזנט רובל! וועט זיין: השם שלם והכסא שלם — איר פאַרשטייט? וועט ביי אונדז

---

* כמעט דאָס זעלבע וואָס: אָרעמע באַלעבאַטים; האַלבע מקבלים; האַלבע בעטלערס.

זיין: אוכל פירותיהם בעולם־הזה והקרן קיימת לו לעולם־הבא... אזוי אָרום וועלן מיר מקיים זיין דעם: וחי אחיך עמך... מיר זענען דאָך עפּעס יידן אויף דער וועלט, צי ניין?

אַ היפּשע ווײַלע איז געווען שטיל אין צימער. יעדער איינער פון די באַלעבאַטים האָט אויף זיין שטייגער דענקען באַקלערט שלמהס פּראָפּאָזיציע. דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָנגערופן, איז ווידער געווען יודל באַרנבוים:

— וויס איך, איך האַלט עס פאַר אַ משוגעת! מען דאַרף דאַכט זיך זיין פריש און געזונט און משוגע, אַז מען זאָל נעמען טון אַזוי ווי דו לייגסט אונדז פאָר —

שלמה, געלאַסן און שטיל:

— דהיינו?

— וואָס — דהיינו? וואָס דהיינו'סטו, וואָס? איצט איז נישט קיין צייט אויף צו מאַכן טיפזיניקע חשבונות און ווייטגייענדיקע אונטערנעמונגען... איצט איז יאָ מקוים געוואָרן: לא לחכמים לחם! וואָס דען? — הטוף ואכול! אָדער: אל תאמר לכשאפנה אשנה, שמא לא תפנה... ווער קען היינטיקע צייטן וויסן, וועמענס מאָרגן עס איז? מען האָט אָפּגעשטעלט דעם דייטש אויף דאָנבאַס, קען ער זיך אַ וואָרף טון אויף רוסלאַנד הינטנאָרומער: פון ליביע... אָדער אפילו פון אינדיע... אפשר וועט מען נאָך דאַרפן נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און לויפן אויפן ווייטן מזרח... אין אייער גאָלדן ביראָבידזשאַנטשיקל... היינט איז ראַיעל און קראַנט נאָר דער מזומנער רובל! נאָר דאָס, וואָס דו קענסט טראָגן אין אַ קניפּל אויפן האַלדז... און דער פּלאַן, וואָס דו מאַכסט: קויפן סטאַנקעס; צעשטעלן זיי אין אָרעמע הייזער, וואָס וועלן דיר מיט צרות אָראָפּנעמען פון אַ סטאַנאָק צען מעטער סחורה אַ טאָג, אָנשטאָט פערציק מעטער, וואָס עס גיט אַזאַ סטאַנאָק, וואָס שטייט אין צעך... ניין, ברודער, איצט איז נישט די צייט זיך צו פאַרפונדעווען מיט גרויסע פאַבריקן! און מען דאַרף מורא האָבן פאַר אַן אויג אויך... צווישן די פּוילישע יידעלעך פעלן נישט, ברוך־השם, קיין בייזע צונגען... מען וועט אונדז חלילה פאַרברענען מיט די אויגן — אָט דאָס וועט זיין דער פּועל־יוצא פון דיין אויפטו! איך זע, אַז אויף דיר דרייט זיך שוין דאָס היטל... ביסט נישט קיין קליינער היצקאָפּ, מיר האָבן מיט דיר געטראָפן! טאָמער האָט מען דיר מן השמים דערלאַנגט אַ לעקעכל, ווילסטו דאָס אומבאַדינגט אָפּגעבן דעם רוח, אַנדערש נישט... ניין, שלמהלע, מיר זענען שוין נישט קיין קינדער, דאַרפסט אונדז נישט איינרעדן. ביסט טאַקע דער גרויסער חכם און דער גרויסער סוחר, אָבער יעדער מענטש אויף דער וועלט האָט ליב צו לעבן לויט זיין אייגענעם שכל. די פּאָדעם דאַרף מען פון מאָרגן אָן פאַרקויפן ווי טייער עס וועט זיך איינגעבן; די עטלעכע רובל דאַרף מען אַריינלייגן אין גריבל, גוט־גוט איינטאָפּטשען און אַ פּרווו טון ווייטער טון, וואָס עס לאָזט זיך, נישט — פּי־פּו־פּאַ... געפּליקטע פעדערן...

די גאַנצע צייט, וואָס דאָס „ווערעמדיקע באַרנביימל" — ווי אין די צעכן האָט מען גערופן דעם „אַלטגעבאַקענעם" רומענישן בוכהאַלטער — האָט געהאַלטן זיין באַלערנענדיקע דרשה, האָט שלמה אַ בלייכער געשוויגן. ווען יענער האָט געענדיקט זיין „ספּיטש" און איז אַנטשטילט געוואָרן, האָט ער נאָר אַ שוואַכן שמייכל געטון:

— יודעלע מיטן פידעלע! פאָלג מיך, נעם זיך נישט צום האַרצן אַזוי שטאַרק. טאָמער וועט היטלער, ווי דו עצהסט אים, „זיך אַ וואָרף טון אויף רוסלאַנד הינטנאַרומער" און מען וועט חלילה פון דאַנען אויך מוזן לויפן, וועסטו נישט נאָר דאָס „קניפּל" דיינס נישט קענען מיטנעמען, נאָר אפילו די מאָגערע ביינדעלעך דיינע וועסטו אויך נישט באַוויזן מיטצונעמען... עס וועט שוין דאַמאָלסט זיין אַז אָך און ווי צו דעם לויפעניש...

כאַסימאָוון האָט דווקא יאָ געשמעקט שלמהס פּלאַן, אָבער נאָר די ערשטע העלפט פון אים:

— פּיאַטיגאָרסקי איז דווקא גערעכט... היטלער וועט אהער נישט קו־מען. און טאָמער וועט ער יאָ קומען, וועט נישט זיין וווהין צו לויפן און מיט וואָס צו לויפן... און בכלל — אַן אַזיאַט אַנטלויפט נישט! סאַמאַר־קאַנד איז נישט בוקאַרעשט און נישט אָדעס! אַן אַזיאַט — אָדער ער לעבט, אָדער ער שטאַרבט — אָבער אַלץ לעבן זיין קיביטקע און לעבן זיין טשאַיכינאַ... די אַלע רייד באַרנבוימס זענען נאַרישע רייד. און דער פּלאַן שלמהס איז אַ רעאַלער. אין אַ וואָך אַרום, אָדער העכסטנס אין צוויי, קענען די סטאַנקעס שוין אַרבעטן... און די סחורה צערייסט מען פון אונטער די הענט — אַלץ איז גוט צוגעטראַכט. נאָר איין זאַך טויג נישט ווי ער האָט געזאָגט: דאָס צעשטעלן די סטאַנקעס אין די הייזער! דערויף בין איך נישט מסכים! אַ סטאַנאָק דאַרף אַראָפּאַרבעטן מינימום 25 מע־טער סחורה אַ טאָג, און די הייזער דיינע מיט די פוילע „אורוסן", מיט די צעפּיעשטשעטע פּאַניטשעס, געבן נישט אַרויס אפילו קיין האַלבע נאָר־מע — ווייסט דו, צי ניין? און דערצו נעמען זיי מלאכה־געלט ווי די גרעס־טע ספּעציאַליסטן! פרעגט זיך: צו וועלכע שאַיטאַנעס דאַרפן מיר זיי האָבן? אפשר זאָרגסטו זיך פאַר אַרבעטסהענט? איך וועל דיר צונויפ־טרייבן אפילו הונדערט אוזבעטשקעס, וואָס וועלן אונדז אַרבעטן בלויז פאַר דער קאַרטאָטשקע פון 800 גראַם ברויט אַ טאָג... דו ווייסט, וואָס עס הייסט ביי היינטיקן טאָג — אַכט הונדערט גראַם ברויט? ווער שמועסט, אויב מיר וועלן זיין גוטהאַרציקע מענטשן און מיר וועלן זיי נאָך צוּוואַרפן אויף אַ פּאָר קילאָ רייז אַ וואָך — דאַן, זיי זיכער, וועלן זיי דיר אַרבעטן ווי די אישאַקעס —

שלמה האָט אָנגעכאַפּט כאַסימאָוון ביי די לאַצן פון דעם לעדערנעם פרענטש און האָט דערנענטערט זיין פּנים צו זיינעם:

— אַליין ביסטו אַן אישאַק, דו כלב שבכל הכלבים! אַן אישאַק בים־טו און אַ ווערבליוד און נאָך ערגער פון זיי ביידע!! ביז דער אומגליק האָט אונדז פאַרטריבן אהער — וואָס ביסטו געווען? ווער האָט זיך אומ־

געקוקט אויף דיר? ווער האָט אפילו דיין נאָמען געוואָלט וויסן? ווער האָט דיך געמאַכט פֿאַר אַ מענטשן, אַז נישט מיר? קיזיאַקעס האָסטו געפֿרעסן ווי אַ חזיר! אויפֿן ערדענעם פּאָל ביסטו געשלאָפֿן ווי אַ זשערעביעץ! ערשט אַז מיר זענען אָנגעקומען, האָט מען דיך אַ דאַנק דיין רויט ביכעלע גענומען פֿאַר אַ פּאָרזיצער. איז פֿאַר איין יאָר צייט האָסטו שוין פֿאַרגעסן, וואָס עס הייסט רחמנות אויף אומגליקלעכע ברידער, און איידער צו געבן יידישע פֿאַמיליעס אַ מעגלעכקייט איבערצולעבן די שלעכטע יאָרן — און אַליין אויך דערביי מאַכן „גימל" — געשוועלט דיר בעסער, דו רשע־מרושע דו, צונויפֿצוטרייבן אַ סטאַדע לייזיקע אוזבעטשקעס, וואָס וועלן דיר אַרבעטן „פֿאַנשטשינע" פֿאַרן „פּאַיאָק" ברויט —

כאַסימאָוו האָט קוים אויסגעריסן די לאַצן פֿון שלמהס שטאָלענע פֿינגער און האָט זיך ווי ווייט ס'איז געווען מעגלעך אָפּגערוקט פֿון אים, אָבער שלמה האָט אים נאָך אַזוי גיך נישט אָפּגעלאָזט:

— דו הונט מיט אויערן! די הונדערטער טויזנטער רובל, וואָס דו האָסט שוין באַגראָבן אין דיין הייפּל, זענען דיר נאָך ווייניק? ס'איז דיר אַ קרענק אין די ביינער, טאָמער וועלן עטלעכע יידישע פֿאַמיליעס אָנהייבן באַקומען צו 800 גראַם ברויט אַ טאָג אָנשטאָט צו 400? דיין אַזיאַטיש הערצעלע קען נעבעך נישט פֿאַרטראָגן, טאָמער וועט אין דער פּרנסה קענען צוהעלפֿן די גאַנצע פֿאַמיליע: די יונגע קינדער וועלן אַרבעטן אויפֿן סטאַנאָק און די עלטערע מענטשן וועלן וויקלען די שפּולקעס, האַ? דאָס קרענקט דיך שטאַרק?

— וואָס קריכסטו אויף מיר, משוגענער „אורוס"? דו ביסט פֿונעם זינען אַראָפּ, צי וואָס?

— ...און טאָמער אפילו האָט אַזאַ ייד אַ קלעפּקע אין מח און קויפֿט זיך ערגעץ אַ קאַנווע פֿון אַ מאה מעטער און אויך אַ ביסעלע פּאָדעם אויף שפּולקעס און אַרבעט זיך אויס דורך די נעכט אייגענע עטלעכע מעטער סחורה און שיקט אַרויס דאָס טעכטערל אויפֿן מאַרק זיי פֿאַרקויפֿן און די אַלטע באָבע דאָרט זאָל אַלע טאָג קענען האָבן אַ גלעזל מילך אויף זיך מחיה צו זיין און די גאַנצע פֿאַמיליע זאָל זיך קענען פֿאַרגינען צו קויפֿן אַן עופֿעלע אויף שבת און אַ האַלב פֿונטל פֿלייש יעדן טאָג, ווייל נאַשבראַט האָט שוין אָט דעם לוקסוס פֿופֿצן יאָר פֿאַר די אויגן נישט געזען — דאָס לוינט נישט דעם טאַטן דיינעם, האַ? עס קאָסט דיך אַליין טייערער אין קראָם, האַ? אויב אַזאַ ייד פֿאַרשטייט נאָר ווו איין און ווו אויס און קען זיך אַן עצה געבן — איז אַ ברכה אויף זיין קאָפּ! בין איך אים זייער, זייער דאַנקבאַר דערפֿאַר, וואָס ער איז נישט קיין מלמדל; נישט קיין בטלן; דערפֿאַר וואָס ער קען מאַכן אַ „קנייטש אין דער יאַרמלקע" און געבן זיין פֿרוי און קינדער: „פּאָפּע מיט מאָני"... *

* אַ קינדערשער צונאָמען אויף „ברויט מיט מילך". אין דער פֿאָלקשפּראַך ווערט מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק געמיינט: טאָג־טעגלעכע באַדערפֿענישן; פּרנסה; לחם לאכול.

אויף שלמהס אָנגעצונדענעם פּנים טרעטן אַרויס בושה־פלעקן. ער לאָזט שעמעוודיק אַראָפּ די אויגן, און רעדט פאַרדעכטיק שטיל:

— ...דעם אמת גערעדט וואָלטן מיר אַליין דאָך געדאַרפט אַרויספירן די אָרעמע יידן, וואָס אַרבעטן ביי אונדז, אויף דעם דאָזיקן געדאַנק; זיי זאָגן: „אחינו בני־ישראל, אַרבעט אַ ביסל פאַר אונדז און אַ סך פאַר זיך, כדי איר זאָלט נישט מוזן אַזוי קוקן דעם ברייטל אין פּנים אַריין; כדי איר זאָלט זיך קענען קויפן אַ פּאָר גאַנצע שיך; כדי איר זאָלט זיך קענען פאַרגינען אָפּקאָכן אויף שבת כאָטש אַ צימעס פון באַרלעך מיט קישמיש"... אָט אַזוי וואָלטן מיר געדאַרפט טון! אָט דאָס וואָלט געהייסן מקיים געווען דעם: „ואהבת לרעך כמוך"! זענען מיר דאָך אָבער סוואָלאָטשעס! פּאַראַזיטן!! גרויסע כלבים!!! והכלבים עזי נפש... טוען מיר דאָס נישט... זענען מיר פּאַסקודנע, אומווירדיקע בעלי־גופים, קולאַקעס און אונדזערע ברידער און שוועסטער דאַרן און קווארן... מיר צעברייטערן אונדזערע „גריבלעך" און „טאָפּטשען זיי גוט־גוט איין", — ווי דאָס „באַרנביימל" האָט זיך דאָ ערשט אויסגעדריקט, — און אונדזערע ברידער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס, אונדזער אייגן בלוט און פלייש, ווערן איינגעטרוקנט און איינגעשרומפּן... און מיר האָבן שטיינערנע הערצער און שוויגן... און מיר האָבן פאַרוואַשענע פּנימער; און מיר האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ מצח אשה זונה און ווייזן זיי נישט קיין דרך, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דעם קלעפּיקן עניות... און מיר זענען זיי נישט מגלה־סוד, אַז מיט איין אויף „לינק" אויסגעאַרבעטער קאַנווע און מיט נאָך איינער און נאָך איינער טרייבט מען דורך דעם הונגער פון דער שטוב... אָבער אויב יענער ווערט אַליין שכל האָבן דאָס צו טון, קומט אים דאָך אַ דאַנק! אַ גרויסער, גרויסער יישר כח... זאָל אים זיין צום געזונט און צום לעבן! און דיר, מיין טייער־ער שפּילפייגל, לוינט נישט אָט דער עסק? האַ?

דער טשענסטעכאָווער אינסטרוקטאָר האָט זיך אָנגענומען כאַסימאָווס קריוודע:

— עוזיאל — דוראַק! וואָס קוקסטו אים אין מויל אַריין, ווי אַ באַראַן? דו מיינסט טאַקע אויף אַן אמת, אַז דאָס האָט זיך אין אים אַזוי צעפלאַקערט די אהבת־ישראל? ס'איז שקר וכזב! עס הייבט זיך אפילו נישט אָן! דאָ שטעקט אַן אייגן אינטערעסל און מער גאָרנישט! מן הסתם האָט ער שוין צונויפגעשטעלט אַ חדר פון קיעווער בעזשענצעס, וואָס ער וויל זיי אַריינשטעלן פּאַרטיקע פּרנסהלעך אין שטוב אַריין. וואָס איז? ער קען זיך דאָס נישט פאַרגינען? מי יאמר לו מה תעשה? ווער קען אים שוין איצט זאָגן אַ דעה, ווער? מיר האָבן אים דאָך געמאַכט פאַר אַ גאַנצן וואָיאַזשאָר, האָבן מיר אים געמאַכט, דעריבער, כתוב לב המלך ביין, וויל ער זיי, די אוקראַאינער יידעלעך צובינדן אַ קועלע צום בעט און זיי זאָלן דורך די נעכט מעלקן צו ביסעלעך... מעלקן, מעלקן... צאַפּעניו, צאַפּעניו... נישקשה, אַ פּאַטענט האָבן זיי אַ גוטן — אכון באַבאַיעוו! פאַר וואָס זשע זאָלן זיי טאַקע נישט מעלקן? ער האָט דאָך אַליין פריער געזאָגט —

שלמה איז אַרויס פון כלים, ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף טראַכטנ־בערגן מיט די קולאַקעס:

— אַך, דו פּאַרוואַשענע צורה! אַך, דו פּוילישע דריפּקע! דו האָסט אויך די העזה צו עפענען אַ פּיסק?

נישט טויט, נישט לעבעדיק איז טראַכטנבערג אַריבערגעשפּרונגען אי־בערן טיש און כאַסימאָװ האָט שלמהן פאַרשטעלט דעם װעג. שטייענדיק פון יענער זייט טיש, האָט טראַכטנבערג קוים באַװעגנדיק מיט דער צונג אַרויסגעכריפּעט:

— כאַסימאָװ, װער האָט דיך געבעטן זיך אָננעמען פאַר מיר? הלואי רירט ער זיך נאָר צו צו מיר מיט אַ פינגער, װי איך װאָלט אים געבראָכן אַ ביין, װאָלט איך... װי איך װאָלט פון אים געמאַכט אַ װייניקן עפּל, װאָלט איך... קוק אים אָן, דעם איװאַן זלאָדי... גיב נאָר אַ קוק אויף זיי־נע ברענענדיקע אויגאַנעס — מלא גזלן! באַלד עפּעס, קריכט ער זיך שלאָגן...

דער טעכנישער דירעקטאָר איז אַ ביסל געקומען צו זיך. אַ װייסער װי די װאַנט פון דערשרעק, האָט ער װייטער גערעדט צו כאַסימאָװן:

— אז איך זאָג דיר, אַז זיין פּראָיעקט שטינקט אונטער מיט אייגענע אינטערעסן, זאָלסטו זיך צוהערן, װאָס מען רעדט צו דיר... איך װייס גוט, װאָס איך רעד... איך בין דער אמתער מבין אויף אָט די שבתי־צבי׳אישע רייד... אויף אָט די אַלע שמד־שטיק... דו קענסט נישט פּאָני־גנבֿ? װען ער זאָל מיט זיין אַפּעריסטישן איינפאַל באמת מיינען נאָר דעם טעם, װאָס ער זאָגט אונדז אויס: אַז פאַרדינען זאָלן בעסער ייִדישע קינדער, נישט קיין אוזבעקן, קען איך דען נישט אָפּזוכן קיין פּוילישע מיידלעך און װייב־לעך, װאָס װאָלטן געגאַנגען אַרבעטן אין צעך אַריין פאַר דער קאַרטאָפּש־קע פון 800 גראַם ברויט מיט מלאכה־געלט אויפן שפּיץ מעסער? זיי קו־מען דען נישט פרעגן אויף אַרבעט אין די צענדליקער? װייטער, בנוגע פּלאַץ: אין דעם דריטן הויז פון אונדזער צעך איז דען נישטאָ נאָך אַ גרוי־סע געביידע צו דינגען, װו מען װאָלט געקענט אװעקשטעלן אָן אַ שיעור סטאַנקעס? דער אוזבעק, דער באַלעבאָס, שלאָגט דען נישט אָפּ די שװעלן: „טאָמער דאַרפט איר?" „טאָמער דאַרפט איר?" נאָר דאָ טאָר מען אָט די אַלע זאַכן נישט דערמאָנען — הס מלהזכיר! דאָ גייט אים דאָך אין נישט לאָזן פאַלן קיין אייגענע מענטשן... עפּעס אַ קלייניקייט: אָדעס, קיעװ, כאַרקאָװ —

אין שלמהס פּנים האָט זיך נישט געפונען קיין איין טראָפּן בלוט, אָבער ער האָט זיך שוין „גענומען אין די הענט אַריין". ער האָט זיך שוין נישט געװאָרפן אויף זיין קעגנער מיט די קולאַקעס, ער האָט נאָר בשאַט־נפש* שיטער געזייעט דורך די ציין:

— טפו! פּילסודסקיס טינופת... שקץ תשקצנו... פּרישע מיידלעך

* כמו: טיפע פאַראַכטונג.

מיט ווייבלעך פעלן אים אוים אין צעך... קארג מיידלעך מיט ווייבלעך האָט ער דאָרט אויף צו סמאָטשקען אין די פינצטערע ווינקעלעך, דער אַל־טער בחור, דער פאַרשטונקענער... איך זאָל ערשט ווערן אַ פּאָדריאַדטשיק אים צושטעלן פרישע לעבעדיקע סחורה... ווייניק פרישטשעם מיט פלאַס־טערם האָט ער אויפן פנים, אָט דער שיקסע־בחור... ווייניק מיידלעך און ווייבלעך זענען שוין געקומען צו לויפן צו מיר מיט פאַרוויינטע אויגן, אַז ס'איז שוין ממש נישט איבערצוטראָגן פון אָט דעם „חמור־אייזל"; פון זיינע אויסגעלאַסענע רייד; פון זיינע מיאוסע פראָסטעמקעלעך און פאַר־שייטע פאַרשלאָגן... און וויפל ערלעכע יידישע קינדער זענען איבער אים אוועק פון אונדז אפילו אָן אַ „זיי געזונט"... קיעוו און אָדעס וואַרפט ער מיר אוים, אָט דער שונא־ישראל, אָט דער געמיינער יונג, אָט דער היט־לערעווויעץ! אַליין ווייסט ער נאָך נישט, צי ס'איז כאָטש עמעצער געבליבן לעבן אין די פוילישע כרכים, און קען שוין נישט אָנקוקן זיינע ברידער פון אָדעס און פון קיעוו... ווו ס'איז ביי זיי געוועזן עפּעס רעכטס, האָט מען עס איבערגעלאָזט ביי היטלערן, און ווו אַן אויסוואָרף, ווו ערגעץ אַ פאַסקודסטווע, איז עס געקומען צו לויפן אַהער צו...

די שטילקייט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער הפסקה, האָט פיינלעך געדריקט אויף די געמיטער. ווידער האָט זיך אָנגערופן דער בוקאַרעשטער בוכהאַלטער:

— פאָלג מיך, פּיאַטיגאָרסקי, זיי נישט איינגעעקשנט! זאָל זיך דיר איצט נישט גלוסטן צו ווערן דער גרויסער פאַבריקאַנט. ס'איז דיר דאָ נישט בוקאַרעשט און נישט לאָנדאָן און אפילו נישט קיעוו — ס'איז סאַ־מאַרקאַנד! מיר זיצן דאָ אַלע אויף דער פור. נאָר דאָס, וואָס מען בייט אוים אויף דאָלאַרן און מען באַגראָבט עס אין אַ פלעשעלע טיף־טיף אין דער ערד — נאָר דאָס איז דיינס! והמותר, פאַר די אַלע צעכן מיט די סטאַנקעס מיט די סקלאַדן מיט הכל־בכל־מכל־כל — נאַ דיר אַ שמעק טאַ־באַק... פאָלג מיך, לאָמיר פון מאָרגנדיקן טאָג אָן אָנהייבן פאַרקויפן די פּאָדעס. פאָלג אַ מאָל אַ נאַר. גליוב מיר, וועסט קיין חרטה נישט האָבן —

כאַסימאָוו האָט אים איבערגעשלאָגן און זיך געווענדעט צו שלמהן:

— וויים איך, וואָס הערסטו אָט די „זאַגראַניטשנע" מענטשלעך, וואָס שטייען דאָ מיט איין פוס אין זאָטל? איך זאָג דיר, אַז מען קען יאָ און בפירוש דאַרף מען טאַקע צעברייטערן דעם צעך אויף אַ צען, פופצן סטאַנ־קעס אפילו פון מאָרגנדיקן טאָג אָן — פאַר וואָס נישט? אין וואָס איז די מניעה? נישטאָ קיינע מניעות! אָבער אַריינגעמען דאַרף מען נאָר אוז־בעטשקעס און בוכאַרקעס! אין דער דאָזיקער פראַגע מעגסטו מיר קוקן אין מויל אַריין. איך קען מיך גוט אוים אויף די זאַכן... פאַר אַ קאַרטאָטשקע פון 800 גראַם ברויט, זאָג איך אייך ווידער, וועלן זיי אונדז אפילו וואַשן די פים... איר קענט זיי נאָך נישט... איך קען זיי גוט...

טראַכטנבערג האָט זיך נישט אָנגערופן. ער איז געזעסן אויף אַ שפּיץ באַנק אין ווינקל און האָט אַ כמורער געקוקט אין פאַל אַריין. שלמה האָט

געדולדיק איבערגעוואַרט אַלע אַרויסזאָגעכטסן. זעענדיק, אַז דער אינ־סטרוקטאָר וויל נישט זאָגן זיין „לעצט וואָרט”, האָט ער אָפּמעסטנדיק זיי־נע שותפים מיט אַ קאַלטן בליק, שטיל, נאָר מיט אַ שטאָלענעם קלאַנג, געציילט דיבורים, ווי מען ציילט רענדלעך:

— גאַנאָלס אַ העלד, טאַראַס בולבאַ, האָט דאָרטן געזאָגט צו זיין זון: Я тебе народив, я тебе и вʼбю!* מיט די זעלבע ווערטער וועל איך אייך אויך זאָגן: אָדער איר נעמט אָן מיין פּלאַן בשלמות, אַזוי ווי איך האָב אים אייך פאָרגעלייגט, אָדער נאָך מאָרגן פאַר איך צו קיין טאַשקענט און איבערמאָרגן קומט אָן פון דעם טעקסטיל־קאָמבינאַט אַן אַרעסט אויף די ניין טאָן פּאָדעם, ווי אויף על־פּי טעות אַרויסגעגעבענע. אייך איבער־לאָזן אַזאַ פעטע ירושה בין איך נישט מחויב. נישט מיר, נישט דיר! גייט עס אין דער אדמה אַריין... און איר קענט אייך פון מאָרגנדיקן טאָג אָן זוכן אַ נייעם אָפּעראַטיוון אַרבעטער. איך בין מיט אייך מער קיין מחותן נישט... מיט קיין יידישע אַנטיסעמיטן וויל איך קיין מגע ומשא נישט האָבן — טאַטשקאַ!

און נישט טרעפנדיק מיט דער האַנט אין דעם אַרבל פונעם פּעלצל:

— ...און קיין צוגעגרייטע קאַנדידאַטן וועמען אַריינצושטעלן סטאַנ־קעס האָב איך נישט... איר קענט אַלע העלפן צוזוכן אַזעלכע הייזער, וואָס נייטיקן זיך אַממערסטן... ווו מען הונגערט אָן הפסקות... ווו מען גייט אַרום נאַקעט און בלאַקעט... ווו קליינע קינדער קלייבן אונטער אויף דער גאַס שאָלעכץ פון קאַרטאָפּליעס און עסן זי רויערהייט... דאָס מעגן זיין פּוילישע יידן, צי רומענישע, צי ליטווישע, צי אוקראַאינישע — ס'איז מיר נישט קיין שום אונטערשיד... כולנו בני איש אחד נחנו... נאָר נישט קיין בוכאַרישע יידן, ווייל... ווייל יענע זענען פאָרט ביי זיך אין דער היים... פּליטים האָבן אַ דין־קדימה...

שווייגנדיקע, באַהאַלטנדיק די פּנימער איינער פונעם צווייטן, איז מען זיך צעגאַנגען אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער שלאָפנדיקער שטאָט.

ס'איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז אויספירן וועט דאָס מאָל נישט קיינער פון זיי, נאָר שלמה פּיאַטיגאָרסקי. זיי האָבן אים געקענט פאַר אַ וואָרטסמאַן און ווער וועט עס גיין חרוב מאַכן אַ בנין איבער אַ קאַפּריז?

און אפשר גאָר האָבן די דאָזיקע דריי איינגעשפּאַרטע יידן געהאַט בשעת־מעשה אַ הרהור־תשובה?

ווער קען עס אָפּשאַצן יידישע נשמות?

---

* „איך האָב דיך געבראַכט אויף דער וועלט, און איך וועל דיך הרגענען”.

# קאפיטל XXIX

דאָס איז געווען אין טיפן ווינטער פון יאָר 1942. שלמה איז געפאָרן אין איינער פון זיינע אָפטע קאָמאַנדיראָווקעס קיין סטאַלינאַבאַד. דער שנעלצוג: טאַשקענט — סטאַלינאַבאַד איז אָפּגעגאַנגען פון סאַמאַרקאַנד נאָך מיטאָג. אין יענעם טאָג האָט שלמה אין דער היים כמעט גאָרנישט געגעסן, און איז אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט כמעט גאָרנישט געשלאָפן. א פּלאַץ האָט זיך אים איינגעגעבן צו קריגן אין שלאָפוואַגאָן. באַלד ווי דער צוג האָט גערירט פון דער סטאַנציע, האָט ער אָפּגעדאַוונט מנחה, דערנאָך האָט ער אויפגעגעסן דעם גאַנצן „ל"ג-בעומר", וואָס יוכבד האָט אים מיטגעגעבן, דאַן האָט ער זיך פאַרקליבן אויף זיין סאָפע און איז געשמאַק אַנטשלאָפן געוואָרן. די בויגעוודיקע רעסאָרן אונטער דער פּאָדלאָגע האָבן זיך ריטמיש געהוידעט; די שפּירעוודיקע פּרוזשינעס פון דער סאָפע האָבן אָנגענעם איינגעוויגט; אין וואַגאָן איז געווען וואַרעם, ליכטיק, היימלעך און באַקוועם, די כמאַרעס, וואָס האָבן פאַרשטעלט דעם הימל, האָבן גע־האָט דעם קאָליר פון סאַזשע, אָדער פון טשוגון. זיי האָבן בלתי ספק אָנגעזאָגט א שניי. קיין ווינט איז לעת-עתה נישט געווען, קאַלט אויך נישט. דער צוג האָט זיך האַסטיק געטראָגן איבער די טויטע סטעפּעס, פאַרלירנדיק אין שניי, טאָ פון דער רעכטער האַנט, טאָ פון דער לינקער: האַלב צענומענע קיביטקעס; פאַרלאָזטע קישלאַקן; און לאַנגגאָרנדיקע, גלעקלדיקע קאַראַוואַנען, וואָס האָבן זיך געשלעפּט צו די צוויי שפּייזערינס פון דער אומגליקלעכער וויסטע — די טייכן: סער דאַריאַ און אַמו דאַריאַ. מען האָט אויסגעמיטן קאַטאַ-קורגאַן; מען האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך זיאַדין, קערמינע; מען איז אָפּגעשטאַנען א האַלבע שעה אין קאַגאַן, וועלכע פאַרבינדט בוכאַרא מיט אשכאַבאַד און מיטן קאַספּישן ים, און מען האָט זיך אָפּגעטראָגן אַלץ ווייטער, אַלץ טיפער אין די אומענדלעכע ווייטן —

שלמה איז אַלץ געשלאָפן. ותרדמה נפלה עליו — א שווערער, קלעפּיקער שלאָף האָט געהויערט ווי א כמאַרע אויף אַלע זיינע אברים. די נאַכט איז געווען א פינצטערע; דער שניי האָט פליאַכעסווייז זיך געזעצט אויף דער ערד, אויף די ליניעס, אויפן לויפנדיקן צוג; די געבעטע סאָפע האָט צערטלעך געוויגט און געקאַטשעט; דאָס אַלץ האָט געשלעפערט, דאָס אַלץ האָט דעם מידן קערפּער צוגעשמידט צום געלעגער און אים נישט געלאָזט זיך באַפרייען פון דעם בליישווערן שלאָף, פון דעם זיסן חלומות־געוועב. פּלוצלינג האָט שלמה דורכן שלאָף דערפילט, אַז דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון הינטער די פאַרשנייטע פענצטער האָבן זיך דער־טראָגן אומדייטלעכע קולות פון פּאַסאַזשירן און אייזנבאַן-באַאַמטע, און אַלץ איבערשרייענדיקע קוויטשיקע אויסגעשרייען:

— ליעפּיאָשקעס! ליעפּיאָשקעס!! פרישע ליעפּיאָשקעס!!!

שלמה האָט זיך באַותו רגע דערמאָנט, אַז אויף אינדערפרי האָט ער

גאַרנישט וואָס צו עסן. ער האָט זיך פויל אויסגעצויגן די איינגעשלעפער־טע גלידער, דערנאָך האָט ער זיך אַרונטערגעבויגן פון זיין הענגענדיקן די־וואַן און האָט אַ פרעג געטון ביים שכן, וואָס פאַרנעמט די אונטערשטע סאָפע:

— ווי אַזוי הייסט די דאָזיקע סטאַנציע?

— ווייסט זי דער רוח, ווי אַזוי מען רופט זי. עס מוז שוין אודאי זיין קאַרשי, אָדער סאַמסאָנאָווּאָ —

— מיר וועלן דאָ לאַנג שטיין?

— ווער ווייסט? מן־הסתם אַ מינוט צען, פופצן. דער צוג האָט זיך ערשט אָפּגעשטעלט.

שלמה האָט אַרויפגעכאַפּט דעם פּאַלטאָ אויף די אַקסלען און איז נאָך אַלץ אַ פאַרשלאָפענער אַרויסגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרמע. ער האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצושטעלן אַ פוס פון די טרעפלעך, ווי עס זענען אים באַפאַלן אוזבעקלעך מיט אוזבעטשקעס ווי די היישעריקן:

— ליעפּיאָשקעס, הייסע ליעפּיאָשקעס!

— אַקאַ, נעמט ביי מיר... איך האָב אויף צען רובל, אויף צוואַנציק... זאָגט, וויפל געבן?

— נעמט, קויפט, פאַרזוכט: ווייסע, פוכקע, זיסע —

פון דער שאַרפער ליכט, וואָס אין קופּע, איז שלמהן שווער געווען זיך צוגעוווינען צו דער פינצטערניש. די אויגן האָבן גאַרנישט געזען פאַר זיך און ער האָט בשום אופן נישט געקענט תופס זיין, וואָס אַרום אים טוט זיך. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוטיילן פונעם שניי־איקן חלל: פאַרשנייטע שאַלן; שמויסענע פּאַפּאַכעס און פלאַכע, שוואַרץ־ווייסע טיביטייקעלעך. אַלע אין איין כאָר האָבן געשריגן אויף קולי־קולות:

— נעמט, חבר, נעמט ביי מיר...

— קוק בעסער אַהערצו — ערשט פונעם אויוון...

— אַקאַ־דזשאָן, נעם נישט ביי קיינעם, נאָר ביי מיר... ווייכע, היי־סע, פוכקע...

שלמה האָט אַרויסגענומען אַ דרייסיקער און האָט זיך געהייסן גיבן דריי שטיק. אַ יונג, רירעוודיק אוזבעקל האָט אים אַריינגערוקט אין דער האַנט אַריין דריי ליעפּיאָשקעס, אויסגעכאַפּט דעם דרייסיקער און אים פלינק באַהאַלטן אין דער טיביטייקע. די מחנה פאַרקויפערס און פאַרקוי־פערינס, זעענדיק, אַז דער דאָזיקער קונה איז שוין פאַרלוירן, האָבן זיי זיך גלייך אַ וואָרף געטון צו די אַנדערע וואַגאָנען. איינע פון די „שאַלן", האָט אָפּגייענדיק פונעם וואַגאָן, באַדויערנדיק אַרויסגעקרעכצט:

— אַך... שוין געקויפט... און ביי מיר זענען אַזעלכע פרישינקע —

דער ריכטיקער אַקצענט, מיט וועלכן עס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן די דאָזיקע געציילטע עטלעכע ווערטער, האָט עפּעס מאָדנע אַ צופּ געטון שלמהס אויער:

— ווער רעדט דאָס אַזאַ ריכטיקן רוסיש צווישן אַט דעם המון אָפּ־געריסענע, אָפּגעשליסענע, האַלב־ווילדע אַזיאַטן?

ער האָט זיך אויסגעקערעוועט און האָט אָנגעהויבן צו נישטערן מיט די אויגן אויף אַלע זייטן. ווען ער האָט אָנגעטראָפן אויף דער אוזבעטש־קע, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געקרעכצט, אַוועקגייענדיק פון זיין וואַגאָן מיט ליידיקע הענט, האָט ער איר פאַרשטעלט דעם וועג, און האָט זיך אַ פאַראינטריגירטער איינגעקוקט אין איר פאַרשלייערטן פנים. ער האָט גע־קוקט, געקוקט, און האָט אַליין נישט געוווּסט: — וואָס וויל ער פון איר? זי האָט אים געפּרעגט:

— איר האָט דאָך שוין געקויפט... צי איר ווילט נאָך עטלעכע?

ווידער אַ צופּ ביי דער נשמה... עפּעס אַן אומדייטלעך געפיל האָט אים געצויגן מיט סכנות־נפשות צו אַט דער פאַרשלייערטער אוזבעטשקע. ער האָט זי אַ ציי געטון פאַרן אַרבל:

— קומט צו אויף איין מינוט צו די באַלויכטענע פענצטער —

זי האָט זיך אָנגעהויבן אַמפּערן מיט אים:

— וואָס ווילט איר האָבן פון מיר? וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט גראָד צו מיר? איך האָב אַ דערלויבעניש... איך —

— אויף איין סעקונדעלע... שנעלער! עס זענען שוין געווען צוויי קלונג —

ביים פענצטער האָט ער נאָר איין בליק געוואָרפן אויף איר:

— מר—ים?!

אין שלמהס הארצן האָט מיט אַ מאָל אויפגעריסן אַ פאַרעלטערטע ווונד. שוין פון לאַנגע יאָרן פאַרגליווערטער און פאַרהייטלטער אייטער האָט זיך פון איין פונק צעשמאָלצן, צעבושעוועט און האָט אין איין הרף־עין אַראָפּגעטראָגן די מעכטיקע דאַמבע, וואָס דאָס לעצטע צענדליק יאָרן האָט דאָרט אויפגעשטעלט. און דער גאַנצער שטורעם, וואָס האָט אין אים אויפ־געברויזט, דערזעענדיק אָט דאָס צאַרטע פנים, האָט זיך בשלמות אַריינגע־קליבן אין אָט דעם איין און איינציקן וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגע־קרעכצט מיט אַזאַ טיפן נשמה־ווייטיק:

— מר—ים?!

די פאַרוויקלטע פרוי, וואָס האָט זיך מיט אים ערשט אַזוי עקשנותדיק געאַמפּערט; האָט איצט, אַ פלאַטערנדיקע מיט אַלע אברים, פאַרשטיקט אַרויסגעשעפּטשעט:

— ווער זענט איר?

— מרים! טייערע! דו דערקענסט מיך נישט?

דער לאָקאָמאָטיוו האָט פון זיין שוואַרצן פּיסק אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן רעווע און אַלע רעדער האָבן זיך משוגענערווייז איבערגעדרייט.

שלמה האָט זי אַרומגעכאַפּט אַרום דער טאַליע און האָט זי פלינק אַרויפגעשטעלט אויפן טאַמבור. ער האָט קוים באַוויזן זיך אָנצוכאַפּן אין דעם גאַניקל, ווי דער צוג האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען שנעלקייט. די פרוי

האָט אַרויסגעוויזן אַן אומגעריכטע גבורה. אַ צערודערטע און אַ פאַרצוויי־פלטע האָט זי זיך אָן ווערטער געראַנגלט מיט אים; זיך מיט אַלע כוחות געריסן אַראָפּצושפּרינגען אויף דער ערד. שלמה האָט זי קוים איינגעהאַלטן:

— גוואַלד מרים, דערקען מיך... מרים, איך בין דאָך שלמה... אייער גאַסט פון מאַרי... שלמה מיטן פידל...

דער צוג האָט אַלץ מער פאַרשנעלערט זיין געלויף. די סטאַנציע איז שוין לגמרי פאַרשווונדן געוואָרן. אַרום און אַרום איז מער גאָרנישט געווען צו באַמערקן, נאָר: פינצטערניש, שניי, אַ משוגענערווייז לויפנדיקן צוג און צוויי שלאַנקע סילועטן אויף אַ טאַמבור...

מרים, ביז גאָר אַ צערודערטע, האָט פאַרדעכטיק זיך איינגעקוקט אין דעם לעבן איר שטייענדיקן פרעמדן מענטשן. און דער פרעמדער מענטש האָט געדעדט כמעט מיט טרערן אין קול:

— מרים, פאַר וואָס האָב איך דיך גלייך דערקענט, און דו מיך נישט. ס'איז דאָך ערשט אין גאַנצן אַוועלכע צען, עלף יאָר, זינט —

— אוי, אויף מיין וואָרט, איר זענט טאַקע: שלמה —

— דו האָסט מיר שוין אַ מאָל געזאָגט: „דו".

— אָ! דאָס איז געווען שוין לאַנג... אַמאָל־אַמאָל... שוין זייער לאַנג...

— קום אַריין אין וואַגאָן אַריין, מרים, ליבע שוועסטער מיינע. אין מיין קופּע איז דאָ געוווג פרייער פּלאַץ —

אין האַלב־טונקעלן קאָרידאָרל האָט זיך שלמה פאַרהאַלטן אויף אַ רגע און האָט דעם דערשטוינטן „פּראָוואָדניק" אַ שטעק־אָפּ געטון עפּעס אַ מטבע פאַר דורכלאָזן אָן טענות ומענות זיין לעבעדיקע קאָנטראַבאַנדע. אין קופּע האָט שלמה געבעטן דעם שכן, אַז ער זאָל אויף אַ שטיקל צייט, ביז דער צווייטער סטאַנציע, פאַרנעמען זיין אָרט פון אויבן, און ער מיט מרימען האָבן זיך אַוועקגעזעצט אונטן.

— מרים, טייערע, דאָ איז דאָך גענוג וואַרעם, צעוויקל זיך אַ ביסל פון דיינע וואַטענע כאַלאַטן, לאָמיך דיך כאָטש אָנקוקן, ווי דו זעעסט אויס —

מרים איז אויפן פּנים געווען שטאַרק געעלטערט, געקנייטשט, און דאָך — אייגנאַרטיק שיין. זי האָט אירע אויגן נישט געקענט אָפּווענדן פון זיין פּנים. עס ווייזט אויס, אַז אויך ער האָט זיך אַ קאַפּעטשקעלע אײַבערגעביטן פאַר די לעצטע צען יאָר...

— דערצייל, מרים, וואָס הערט זיך עפּעס ביי דיר?

מרים האָט זיך שטיל צעוויינט.

— וויין נישט, שוועסטער מיינע, איך ווייס אַלץ... איך ווייס, אַז דיין הייליקער זיידע איז אומגעקומען אין טאַשקענט אין טורמע —

מרימס גרויסע אויגן זענען נאָך גרעסער געוואָרן:

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?

— איך האָב זיך צופעליק באַגעגנט מיט דיין פעטער לוי'ס אַ זון. אַ פאָלקאָווניק איז ער, סאַמסאָן לוואָוויטש, האָט ער מיר שוין אַלץ אײַ־

בערגעגעבן. איך ווייס אויך, אז דו האָסט חתונה געהאַט מיט עובדיהן, ר׳ חזקיה פינכאַסאָווס זון, און האָסט שוין למזל פיר קינדערלעך —

— זיבן, זאָלן געזונט זיין —

— אָ, קיין עין־הרע! איך ווייס, אַז זבולון איז פאַרשיקט... יאָ, און ווו איז ערגעץ די באָבע דיינע?

— מיט מיר איז זי... ניאַנטשעט די אייניקלעך...

— וויפל איז אַלט דאָס יינגסטע קינד?

— דריי וואָכן. אַ מיידעלע.

— ערשט דריי וואָכן? הערסט אַ מעשה! קומט דאָך דיר אַ מזל־טוב... שטיי נאָר! דריי וואָכן, זאָגסטו... מוזסטו דאָך נאָך זיין זייער שוואַך... גאָט מיינער! ווי אַזוי זשע גייסטו שוין אַליין ביי נאַכט צום צוג?

— וואָס זשע זאָל מען טון, שלמה? מען מוז דאָך לעבן... מיין עובדיה שוסטערעוועט צו ביסלעך, אָבער זיין פאַרדינסט קלעקט נישט אויף דער הוצאה. איר ווייסט דאָך מן הסתם, ווי שווער דאָס לעבן איז היינט. און דערצו נאָך, אַז מען איז אַ פאַמיליע פון צען מענטשן. און דערצו בין איך נאָך נישט אין גאַנצן געזונט... באַק איך ליעפּיאָשקעס און טראָג זיי אַרוים צום צוג פאַרקויפן. די צוגן גייען דאָ דורך נאָר ביי נאַכט. זאָגנ־דיק אייך, אַז איך האָב אַ דערלויבעניש, האָב איך אייך מיאוס אָפּגע־נאַרט. קיין שום דערלויבעניש האָב איך נישט. ווען אַ מיליציאָנער דער־זעט מיך מיט מיין קרעמל, נעמט ער טאַקע ביי מיר אַלץ צו... נו, איצט דערציילט איר שוין... איר האָט שוין חתונה געהאַט?

— יאָ, איך האָב שוין, ברוך־השם, דריי קינדערלעך און ווין איצט אין סאַמאַרקאַנד.

— טאַקע פאַר יענער? וואָס איר האָט מיר אַ מאָל געוויזן איר בילד?

— ניין, נישט פאַר יענער. פאַר אַן אַנדערער. מרים, באַליידיק זיך נישט אויף מיר. דאָ האָסטו דריי טויזנט רובל, ווען סטו פאַר זיי קויפן די קינדערלעך מתנות פון מיר...

— וואָס רעדט איר אַזעלכע זאַכן? מתנות גאָר? און דערצו נאָך: נישט מער, נישט ווייניקער, נאָר דריי טויזנט רובל —

— מרים, איך באַשווער דיך, אַז דו זאָלסט מער וועגן דעם נישט רעדן. סוף־כל־סוף דאַרף איך ביי דיר נישט פרעגן קיין רשות, אויב איך וויל עפּעס קויפן פאַר דיינע קינדער. לייג זיי נאָר גוט אריין...

— אַ דאַנק... נאָר איר זאָלט ווייסן, אַז דאָס איז קעגן מיין ווילן —

— ווי שעמסטו זיך נישט, מיר צו דאַנקען? דו האָסט מיר דאַמאָלסט דאָס לעבן געראַטעוועט, און מיר איז גאָר אפילו נישט איינגעפאַלן דיר צו דאַנקען... יאָ, דו ווייסט? אונדזער גבריאלקען האָב איך, דאַכט זיך, באַ־שטאַטן ווי עס געהער צו זיין... ווי אים קומט...

— וואָס הייסט?

— זיי זיכער, איך האָב אים איבערגעגעבן אויף גוטע הענט... היט־

לער מעג שוין האָבן אַזאַ שוואַרצן סוף, ווי ער וועט האָבן, אָדער ווי ער האָט שוין געהאַט. כן יאבדו...

איבער מרימס לייב גייט איבער אַ גרויל. אירע אויגן לעשן זיך מאָ־מענטאַל אויס און זי שעפּטשעט אַרויס קוים באַוועגנדיק מיט די ליפּן:

— רעדט בעסער פון עפּעס אַנדערש... זיין פאַרשאָלטענער נאָמען רירט אין מיר אויף אַלע וווּנדן... דאָס דערמאָנט מיר, ווי אַזוי ער איז געקומען מיט די רויטע היטלען צונעמען דעם זיידן... דער זיידע האָט אים אָנגעשפּיגן אין פּנים אַריין און ער האָט דעם זיידן... און ער האָט דעם זיידן דערלאַנגט צווישן די אויגן...

שלמה באַהאַלט דאָס פּנים אין די דלאָניעס און זיינע טויט־געוואָרע־נע ליפּן פּליסטערן שטיל:

— איבער מיר... איבער מיר... אַלץ איבער מיר...

מרים, אַ פינצטערע ווי די נאַכט, וואָס קוקט אַריין אין פענצטער, האַלט די אויגן אַראָפּגעלאָזט, און פון איר רעדט אַ פרעמד קול, אַ טיפס, אַ ווייטס, ווי פון אַ קעלער:

— ...און אויף דער צווייטער נאַכט נאָך דעם זיידנס אַרעסט, אין אַ שפּעטער, שפּעטער שעה, האָט ער זיך אַריינגעגנבעט צו אונדז אין שטוב אַריין דורך אַ פענצטער, אונדז — מיר מיט דער באָבען — פאַרשטאָפּט די מיילער און געבונדן הענט און פיס... ער האָט מיך שוין געטראָגן פון דער לייטער... פון יענער זייט וואַנט האָט געהירזשעט זיין רייטפערד... ווען נישט עובדיה, וועלכן מיר האָבן גערופן ער זאָל שלאָפן אין דעם זיידנס האַלבער דירה די ערשטע נעכט, ווער ווייסט, ווו איך וואָלט שוין אַצינד אָנגעשפּאַרט...

און אַ וואָרף טוענדיק מיט אירע, נאָך געננוג שיינע האָר, האָט זי צערטלעך אָנגענומען שלמהן ביי דער האַנט:

— איר ווייסט וואָס, שלמה? איר ווילט מיר אַ טובה טון? לאָמיר מער זיין אומווירדיקן נאָמען נישט דערמאָנען, גוט?

שלמה, מיט ברענענדיקע אויגן:

— גוט... איך גיב דיר מיין וואָרט דערויף...

און נאָך אַ פּיינלעך־לאַנגער הפסקה:

— זאָג מיר, און ווו איז היינט ר׳ חזקיה, דיין שווער מיט זיין גאַנ־צער פאַמיליע?

— ער מיט אַלע קינדער וווינען עד היום אין מארי, אַרבעטן נאָך אַלץ אין קאָלכאָז —

— ווי זשע קומט איר עפּעס אַוועקפאָרן?

— דאָ האָט זיך געהאַט געגרינדעט אַ נייער אַרטעל פון שוסטערס. צום סאַמע אָנהייב איז ביי זיי עובדיה געווען אַ אינסטרוקטאָר, היינט אָבער אַרבעט ער שוין פאַר זיך אין דער היים... ער אַרבעט, און איך טראָג אַרויס אין מאַרק אַריין פאַרקויפן... ביי זיי, אין די אַרטעלן, פאַר־דינט מען היינט קדחת... קיין סחורה האָבן זיי נישט, און אַז זיי האָבן

יאָ, צאָלן זיי גראָשנס... כאָטש ארבעט פאר זיי אומזיסט... איז ער איבער־געגאַנגען ארבעטן פאר דעם מארק, און ערשט נאָך אַלעמען פאַרדינט ער וואסער אויף קאשע... ווען נישט דער מזומנער גראָשן פרנסה פון מיינע ליעפּיאָשקעס, וואָס די באָבע באַקט אָפּ, און אַ מאָל — איך אַליין, ווייס איך נישט, וואָס עס וואָלט געווען... כאָטש קיין גרויסע בריה צום פאַר־קויפן בין איך נישט... איך קען נישט אַזוי שפּרינגען אין פּנים אריין און כאַפּן ביי די פּאָלעס ווי דאָס יונגוואַרג... וואָס דאַרף איך אייך דערציילן? איר האָט דאָך פריער אַ ביסל אַליין געזען...

— ווי אַזוי איז ביי אים מיט דער מיליטער־דינסט?

— דערווייל דאַנקען גאָט שטיל, הלואי אויף ווייטער נישט ערגער. נאָך קינדווייז האָט ער אַ מאָל געכאַפּט אַ זעץ פון אַ קעמל, האָט ער אַ שטיקל חסרון און ער גייט דאָ אָן פאר אַ אינוואַליד. אין דער פרעמד, פאַרשטייט זיך, האָט אַזאַ „צאַצקעלע" קיין שום ווערט נישט, ווער קוקט היינט אויף אַזעלכע זאַכן? אָבער דאָ, סאָמע היימישע מענטשן... זיי ווייסן גוט אונדזער ביטערע לאַגע... און פּאַרט מיט זעקס פּיצלעך קינדער, איצ־טער שוין זיבן... איז דערווייל, ברוך־השם, טשעפּעט מען אים נישט... און ווי אַזוי איז געווען ביי אייך? איר האָט זיך דאָמאָלסט אויסגעדרייט פון —

— איך האָב זיך דאָמאָלסט אריינגעדרייט, נישט ארויסגעדרייט... איך בין געזעסן... און פעסט געזעסן... נאָר ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט... מילא, מיר׳ן דאָס אָפּלייגן, ס׳איז נישט אויף איצט, ס׳איז צו אַ לאַנגע געשיכטע... לאָמיך הערן, אין סאָמסאָנאָוואָ ווילסטו אַראָפּגיין? מיר דאַכט זיך, אַז שפּעטער אַ ביסל גייט דאָ דורך דער סטאַלינאַבאַדער אויף צוריק. מיר איז זייער אָנגענעם מיט דיר צו פאַרברענגען, נאָר גלייכצייטיק וויל איך נישט, אַז עובדיה זאָל האָבן יסורים איבער מיר.

— וואָס פרעגט איר ערשט, צי איך וויל? אודאי גיי איך אַראָפּ אין סאָמסאָנאָוואָ! מיין קליין טעכטערל קער שוין דאָרט זוכן מיטן פּיסקעלע אויף אַלע זייטן... ווי אַ קעצעלע... ווי אַ טייבעלע...

— גיב מיר אייער אַדרעס... אויף יעדן פאַל... עס קען אַ מאָל צו נוץ קומען...

מרים האָט אויפגעשריבן דעם אַדרעס אין זיין נאָטיצביכל און האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— ערשט איצט, שלמה, אַז איך קוק זיך צו, זע איך, אַז איר האָט זיך פאַר די אַלע יאָרן גאָר—נישט געביטן, אפילו קיין קאַפּעטשקעלע אויך נישט. איר זענט דער זעלבער, וואָס געווען. איר געדענקט נאָך אַלץ פון יענעם אומגליקלעכן זומער?

— מרים, טייערע, אפילו קיין איין פּיצינק האָרעלע האָב איך אויך נישט פאַרגעסן און וועל נישט פאַרגעסן און קען נישט פאַרגעסן... אם אשכחך ירושלים —

אין שלמהס קול האָבן זיך געפילט טרערן.

— איר זענט נאָך היינט אויך אַ יידישער יונגערמאַן?

אָנשטאָט איר צו ענטפערן, האָט שלמה אַרויסגענומען פונעם פּאָרט־פעל דעם טלית און תפילין. דאַן האָט ער צעשפּיליעט דאָס העמדל און אַרויסגעשלעפּט דעם וואָלענעם טלית־קטן. מרים האָט אים מיט דאַנקבאַר־קייט געדריקט די האַנט:

— ערשט איצט זע איך, אַז ס'איז כדאי געווען מיין טרחה. נישט צוליב די דריי טויזנט רובל, וועלכע איר צווינגט מיך צו נעמען קעגן מיין ווילן, נאָר פאַר די תפילין... פאַר די ציצית... נו, און אייער זיידן, דעם צדיק, דערמאָנט איר נאָך אַ מאָל?

— איך האָב שוין היינט נאָך אַ זיידן אַ צדיק. איינער: ר' אבא־חלקיה יאַגודאַיעוו, זכרונו לברכה...

אויף מרימס אָפּגעצערטע באַקן האָט זיך אַראָפּגעקויקלט אַ שווערע טרער, נאָר זי האָט גאָרנישט געענטפערט.

— מרים, מיר דערנענטערן זיך צו דער סטאַנציע. קוק, אָט פינקלען שוין פייערלעך, דאָס איז סאַמסאָנאָווקאַ. גיב איבער דיין טייערן עובדיהן אַ האַרציקן גרוס. איך גלייב, אַז ער געדענקט מיך נאָך. גריס פון מיר דיין באָבע זלפהן, און קוש פאַר מיר דיין קליינוואַרג. גלייב מיר, איך בין אַזוי גליקלעך פון אָט דער אומגעריכטער באַגעגעניש, אַז דו שטעלסט זיך גאָר נישט פאָר —

— און איך — נישט ווייניקער פון דיר, טייערער חבר, שלמה...

אין סאַמסאָנאָווקאַ איז מרים אַראָפּגעגאַנגען פונעם צוג. שלמה איז מיט איר געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע, ביז דער צוג האָט געריררט, און דאַן איז ער אָפּגעפאָרן ווייטער, אַלץ טיפער און טיפער, אין די אין־סופיקע שנייאיקע מרחבים אַריין —

ע נ ד ע פ ו ן ע ר ש ט ן ט י י ל

# קאפיטל XXX

— טויזנט ניין הונדערט דריי און פערציק

**...ותגעש ותרעש הארץ, ומוסדי הרים ירגזו... נתן גשמיהם ברד, אש להבות בארצם...**

מיט פייער און שווערד, באגליוט פון מאסן־תליות און ברידער־קברים, ביזן האלדז אין בלוט, איז געגאנגען איבער דער וועלט דאָס פינפטע יאָר פון דער וועלטקריג און דאָס דריטע יאָר פון דער סאָוויעטיש־דייטשער קריג. על כל צעד ושעל, מכל פנה ועבר — דם ואש ותמרות עשן... דער מלאך־המות האָט געשאַרט מיט די לאָפּאַטעס תלי־תלים מיט פגרים מתים; חמרים, חמרים מיט נבלות בני־אדם — משני הצדדים: זעלנער זענען גע־פאַלן ווי העלדן, טיל־מענטשן זענען געפאַלן ווי שטרוי. אין די געגנטן, וווּ די פיינטלעכע חיילות זענען געקומען אין באַרירונג, האָט געבושעוועט דאָס פייער; אין די מקומות, ווהין עס זענען זיך צונויפגעלאָפן די אָפּגעסמאַ־ליעטע האַלעוועשקעס פון די אָקופּירטע געגנטן, האָט געבושעוועט דער הונגער, האָבן געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס: מגפות, עפּידעמיעס, רציחות, גזלות... דער עולם איז געפאַלן זיין לעצט פאַלעניש סיי דאָ, סיי דאָרט, קיין געגאַרטע מענטשן זענען אויף דעם געביט נישט געווען. מען האָט גוט געוווסט, נפלה — לא תוסיף קום! שטעט האָבן געברענט; פאָלקס־פאַרמעגנס, וואָס צענדליקער דורות האָבן זיי אויפגעשטעלט, זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אש; אָבער מער ווי אַלץ איז געוואָרן ביליק דער מענטש! מעג דאָס זיין אַ מיליטער־מאַן אָדער אַ טילאָוויק; אַ גרייז־גראָער ישיש אָדער אַ קינד, וואָס האַלט זיך נאָך צו ביי דער מאַמעס פאַרטעך; אַ געזונטער אָדער אַ קראַנקער; אַ מאַנסביל אָדער אַ פרוי — כי במה נחשב הוא? דער שטאַרקסטער מלחמה־כרוז, וואָס האָט פון דער ערשטער מינוט אָן קונה־שביתה געווען אין די הערצער פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג און האָט אַרויסגעשטויסן פון דאָרטן אַלע איבעריקע געפילן, איז געווען: אדם להבל דמה — אַ מענטש איז גאָרנישט מיט גאָרנישט! הפקר בעפרא דארעא! במילא: מעג ער אומקומען פון דייטשע קוילן; פון אויז־בעקישע שטעכמעסערס; פון הונגער; פון מאַליאַריע; פון בזיון אויסצור־שטרעקן אַ האַנט; פון אַ מפולת; פון די אַזיאַטישע פאַרפלייצונג־רעגנס; פון אָן עקדיש־בים — ס'איז קיין שום נפקא־מינה נישט — דאָס רחמנות־גע־פיל איז ביים מענטשן געווען פאַרלאָשן. קיינע געשעעניש זענען שוין נישט בכח געווען אים אויפצוטרייסלען. קיינע גרוילנדיקע געשיכטעס — אים אויפצושוידערן. פון ערגער — איז געווען די חקירה — איז זיכער ערגעץ פאַראַן נאָך ערגערס. און אויב אַזוי ווידער, איז — מה רעש?

**און די מלחמה האָט געפלאַקערט און די שרפות האָבן געשרפעט און טויזנטער לעבנס האָבן זיך יעדע מינוט געזעגנט מיט דער ערד —**

**...ויהי ברד, ואש מתלקחת בתוך הברד, כבד מאד, אשר לא היה במוהו...**

*

אין מיטל־אזיע, אין סאמארקאנד און באזונדערס צווישן די קאָמ־פּאַקטע מאַסן עוואַקואירטע, האָט זיך באַלד פון אָנהייב אָן אַנטוויקלט און עס האָט אַלץ געהאַלטן אין איין וואַקסן אַ שטאַרקע קלאַסן־אומשיכ־טונג. אַ טייל מענטשן: סוחרים, פאַבריקאַנטלעך, הויך־געשטעלטע ווירט־שאַפטלער, האָבן געלעבט ווי די פירשטן. זיי האָבן נאָך געקענט אָפּשפּאָרן פון זייערע קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן היפּשע קאַפּיטאַלן אויף אַ שוואַרצן טאָג. אָבער דאָס זענען געווען בלויז יחידים, שהשעה משחקת להם. דאַ־קעגן זיבן אַכטל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן אָן אויפהער גע־שמאַכט פון הונגער און פון קעלט. פון די 400 גראַם ברויט אַ טאָג, וואָס די מלוכה פלעגט געבן אויף אַ קאָפּ, פלעגט נאָך דעם אוזבעקס גנבישן אַרויסטיילן זעלטן ווען איבערבלייבן גאַנצע 300 גראַם. און די אָנגעשטעלטע ביים ברויט, פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן, זענען געווען בלויז אוזבעקן — זייער חזקה! אויפן שוואַרצן רינאַק, האָט אַ קילאָ קלעפּיק גערשטן ברויט געקאָסט הונדערט מיט צוואַנציק רובל; אַ קילאָ קאַרטאָפל זעכציק רובל; אַ קילאָ ציבעלעס אַכציק רובל; צוויי בינטלעך האָלץ, וועלכע אַן אוזבע־קיש שייגעצל פלעגט אַרויספירן אויף זיין אייזעלע, האָט אַמביליקסטן גע־קאָסט דריי, אָדער פיר הונדערט רובל. אַרעמעלייט, וועלכע זענען געווען דער רוב מנין ורוב בנין פונעם יידישן עולם, האָבן נישט געצאָלט אַזעל־כע אויפגעבלאָזענע פרייזן — זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן. האָט מען נישט צוגעקויפט קיין ברויזן ברויט — מען האָט געהונגערט! מען האָט נישט געלאָזט דעם אוזבעק רייך ווערן פון איין „אישאַק" האָלץ — מען איז איבערגעפרווירן געוואָרן!

די פּיאַטיגאָרסקים זענען אין סאַמאַרקאַנד נישט געווען: נישט צווישן די הונגערנדיקע, נישט צווישן די פרירנדיקע. שלמה איז געווען פון די יחי־דים שהשעה משחקת להם. ער איז געווען פון די געציילטע מוצלחים, וואָס וווהין זיי געבן זיך אַ קער, געפינען זיי „מאה־שערים".* אין שטאָט האָבן זיך געשאַפן צענדליקער חברות פון תמיכת־עניים. יידן, וואָס ס'איז זיי געגאַנגען „מיט דער האַנט", האָבן אָפּגעטיילט פאַר די הונגערנדיקע ברי־דער נישט קיין מעשר, נאָר אַ דריטל און אַ מאָל, בשעת־הדחק — אויך מחצה על מחצה. און נישט זעלטן — אין גאַנצן אָן חשבון. אָבער אָט די אַלע צדקה־קאָמפּאַניעס האָבן כמעט נישט פועל געווען. סיי די גרויסע הילף, וואָס די גרויסע פאַרדינערס האָבן געגעבן; סיי די תרומות ומעשרות, וואָס די געוויינלעכע בעלי־פרנסה האָבן געגעבן, דאָס אַלץ צו־זאַמענגענומען איז געווען ווי אַ טראָפּן אין ים. קיין שום פּריוואַטע הילף איז נישט אומשטאַנד געווען אַרויסצושלעפּן דעם דורכשניטלעכן יידישן אָרעמאַן פון זיין נויט. די דאָזיקע פּוילישע יידן, וועלכע האָבן זיך געראַ־

---

* „הונדערט מאָל אַזוי פיל". געמיינט: אַ גרויס גערעטעניש.

טעוועט פון היטלערן אין ראטנפארבאנד, — וועלכע זענען געווען ארויס־געשיקט אין די סאמע קאלטסטע ערטער פונעם לאנד, און זענען דאך מיט ניסי־ניסים געבליבן לעבן נאך די שרעקלעכע ארבעטס־לאגערן און נאך די טרויעריק־בארימטע „פאסיאלקעס״* און זענען סוף־כל־סוף אמנעסטירט געווארן א דאנק דעם אפמאך מיט דער פריש־געשאפענער פוילישער רע־גירונג, — האב ממשיך געווען זייער אומקום־פראצעס אויך אין דעם „גע־בענטשטן״ מיטל־אזיע. הונדערטער ווייבלעך און מיידלעך — פונקט אזוי גוט, ווי די יידן אין מצרים נאך א שטרויעלע — פלעגן זיך כסדר ארומ־יאגן אין די גאסן נאך א ביסל קיזיאקעס: פון פערד, פון קעמלען, אדער פון אייזלען. דאס דאזיקע ארטיקל איז ערשט איבערגעקנעטן געווארן מיט געהאקטער שטרוי און מיט ערד, שפעטער איז דאס געטריקנט געווארן אויף די פרימיטיווע אייוועלעך, און ערשט דערנאך האט מען מיט דעם געהייצט דעם אויוון. און ערשט נאך אט די אלע אוממענטשלעכע יגיעות האבן די איינוווינער פון די בתי־חמר נישט געקענט קיין הנאה האבן פון דער ווארעמקייט — איבער זייער נישט געוווינט זיין דערצו. דער גע־שטאנק פון די צעפארעטע קיזיאקעס איז געווען אזוי שטיקנדיק, אז ווי שווער אט דאס מין הייצונג איז די באלעבאטים נישט אנגעקומען, האט מען געמוזט צעעפענען טיר און פענצטער, ארויסטרייבן דעם גיפטיקן רויך, און ארייננלאזן אין שטוב אריין די קעלט נאך מער ווי זי איז געווען פריער, פאר אט דעם וויסטן הייצעניש...

און אויף צו מארגנס, איז די זעלבע באלעבאסטע ווידער ארומגע־לאפן מיט א טארבע צווישן די הארבעס, אין די קאראוואן־סאראיען, און האט מיט די הוילע הענט צונויפגעקליבן פארשידנקאלירטע, פייכטע קופ־קעלעך... א זיסער בורעק איז בימים ההם געווען דער שענסטער טרוים פון א פוילישן יידן. דער בורעק האט געהאט אין זיך אלע מעלות־טובות, וואס א מאכל קען נאר אין זיך פארמאגן: ער האט אי דעם בויך אנגע־שטאפט; אי צוקער פארשפארט; אי ברויט! א קלייניקייט אויסצורעדן — אן ארטיקל, וואס פארבייט ברויט! מען האט אין די ווייסע בורעקעס גע־פילט טעם גן־עדן, טועמיה — חיים זכו! פון דעם דאזיקן „כלבויסקע״, אבער געבענטשטן פראדוקט, האבן שוין יידישע בריות געמאכט: אי צי־מעסן, אי בארשטשעס, אי געבעקסן, אי טיי געטרונקען מיט דעם, אי דעם קינד אין חדר אריין געהאט וואס מיטצוגעבן, און אפילו די גרויסע, אויך געהאט מיט וואס צו פארשטאפן דאס מויל...

די קאטאוועסדיקע „דירות״ אויף די באלכאנעס מיט די ליימענע, זיך הוידענדיקע פאלן, מיט די שמאלע, טורמע־פענצטערלעך און מיט די ער־דענע, אויף משקולת הענגענדיקע סטעליעס, האבן צוגעהאלפן צו פאר־

---

* אזעלכע דערפער, אין וועלכע פוילישע יידן, קומענדיק צו לויפן קיין רוסלאנד, זענען ארויסגעשיקט געווארן פאר דעם אפזאגן זיך פון אננעמען די סאוויעטישע ביר־גערשאפט.

טרייבן די בעזשענצעס אין דער ערד אריין. אַן אַ שיעור פאַמיליעס האָבן געפונען זייערע פּריצייטיקע קברים אין אָט די איינגעפאַלענע חורבות. און איינפאַלן פלעגן זיי ביי יעדער גינסטיקער געלעגנהייט: פון אַ שטאַרקן רעגן; פון אַ רוח שאינה מצויה; און סתּם פון שוואַכקייט... אַזעלכע דירות פלעגן פון דער לכתחילה אַזוי „פעסט״ צונויפגעקלעפּט ווערן, אַז זיי האָבן ווען עס איז געמוזט פאַלן כורעים. פלעגן זיי טאַקע פאַלן, און פאַר איין וועגס צודעקן מיט זייערע ליימענע ציגל יידישע גולים, אנשים נשים וטף, און אין די פרימאָרגנס, אחרי הרעש, פלעגן שכנים, רחמנים בני־רחמנים, אָנגורטן זייערע לענדן, אַראָפּטראָגן גאַנצע טאָנעס מיט צעווייקטער אָדער צעקרישלטער בלאָטע, אַרויסשלעפּן די צעקוועטשטע גופים פון זייערע אחים לצרה און זיי טאַקע אַליין ברענגען צו קבר־ישראל —

...ועתה בעונותינו הרבים חרב בית־המקדש ואין לנו לא כהן ולא נביא שיעמדו בעדנו —

...און ס'איז בימים ההם נישט געווען קיין נביא, וואָס זאָל תּפילה טון און מעורר רחמים זיין אויף אָט די מפּולת־איינוווינער...

...און ס'איז בימים ההם נישט געווען קיין כהן־גדול, וואָס זאָל — כבשנים קדמוניות, בזמן שבית־המקדש היה קים — אָפּזאָגן אויף אָט די גרי בתי־חמר די באַוווסטע יום־כּפּורדיקע תּפילה זיינע —

...„יהי רצון... שלא יעשו בתיהם — קבריהם״... *

דער הונגער האָט אָנגעהויבן מאַכן דעם טויט און אָט די אומגליק־לעכע, ליימענע קברים האָבן מקרב געווען דעם קץ. און זיי, די בעזשענ־צעס נעבעך, זענען צענדליקערווייז געהאַרכזאַם אויסגעגאַנגען. פאַרשמאַכ־טע, פאַרפרוירענע, טיף־פאַרחלשטע האָט מען זיי אויפגעקליבן אין די שטאָט־גערטנער, אין די פּאַרקן און פראָסט פון די גאַסן, געפירט אין די שפּיטאָלן און פון דאָרטן האָט מען זיי שוין מיט פורלעך, מיט אומגע־לומפּערטע האַרבעס געפירט אויפן שטאָק־אַלטן סאַמאַרקאַנדער בית־עולם. און טאָמער איז דאָס אַלץ געווען ווייניק, האָט נאָך זומער די מאַליאַריע אויך צוגעהאָלפן צו דעם אויסראָטונגס־פּראָצעס פון די פרעמדע געסט. אַלע איירָאָפּעאישע אורחים האָט עס איבערגעקאַטשעט אויף דער דאָזיקער שרעקלעכער, אויסמאַטערנדיקער קרענק. דאָס ווערטל: „קדחת איז קיין קרענק נישט״, איז ביים עולם נאָר געווען גילטיק אַזוי לאַנג, ביז מען האָט זיך מיט אָט דער קרענק באַגעגנט פּנים אל פּנים. טאָמער פלעגט אין גאַס אָקעגנקומען אַ מאַליאַריע־קראַנקער פון די „נישט־צוגעוווינטע״, — פון די „פרעמדע״, וואָס זייער אָרגאַניזם איז נאָך נישט „אויסגעלערנט״ צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אָט דער מחלה ממארת, ווי ס'איז דער פאַל ביי די צוגעברוינטע, אָרטיקע איינוווינער — האָט זיך פון דער וויטנס

---

* „זייערע הייזער זאָלן נישט ווערן אויך זייערע קברים״. אַזוי פלעגט דער כהן־גדול, אַרויסגייענדיק פונעם קודש־הקדשים, מתפּלל זיין פאַר די איינוווינער פונעם פלאַכן טייל לאַנד, ווו די רעגנס און די פאַרפלייצונגען פלעגן גאַנץ אָפט אָנמאַכן חורבנות.

געדאַכט, אַז דאָס גייט עפּעס אַ מין געלער נעגער. דאָס געזיכט איז געווען טונקעלער פון וואַקס, פון זאַפּרען, פון קופּער. די אויגן — פאַרלאָשענע; דאָס פּנים — אויסגעדבּרט; הענט — ווי די שטעקעלעך... און אויב ס'האָט זיך נאָך אונטערגעכאַפּט אַ „טראָפּישע" מאַליאַריע, אַ „קאָמאַטאָזנע", אָדער אַ „דריי־טעגיקע" — דאַן איז שוין דער געטראָפענער אויף זיכער געווען אַ קאַנדידאַט אויף יענער וועלט...

די מלחמה דערווייל איז שוין לאַנג אַריבערגעגאַנגען אין איר צווייטער פאַזע. די רוסישע אַרמיי האָט שוין אויפגעהערט צו זיין אַן אָפּטרעטנדיקע, זי האָט שוין אַליין געהאַלטן אין איין אָנגרייפן. שוין לאַנג האָבן אָפּגעדונערט זייערע היסטאָרישע דונערן: סטאַלינגראַד און מאָזדאָק. די גרויסע קאָמוניקאַציע און אינדוסטריע־צענטרן: ראָסטאָוו, וואָראָניעזש, סמאָלענסק און כאַרקאָוו זענען ווי פּוטבאָל־מיאַטשן אָן אויפהער אַריבערגעגאַנגען פון איין האַנט אין דער צווייטער. דאַכט זיך, ערשט איז אויף דער העכסטער געביידע פון דער שטאָט געהאַנגען אַ רויטע פאָן, און פּלוצלינג — אַ האַקנקרייץ! און אויף צו מאָרגנס האָט ווידער געפלאַטערט אַ רויטע פאָן... די רויטע אַרמיי, אָפּגייענדיק מיט בלוט, איז דרייסט און אַנטשלאָסן געגאַנגען צום נצחון. די פאַשיסטישע אָנפירערס האָבן אינסטינקטיוו דערשפּירט זייער אומפאַרמיידלעכן אומקום, אויב זיי וועלן צוריקגעטריבן ווערן פון „אָסטלאַנד" און האָבן זיך מיט אַלע כוחות, מיט אַ טייוולאָנישער איינגעשפּאַרטקייט געקלאַמערט אין יעדן איינציקן מעטער פון דער אוקראַינישער ערד. גענעראַל סיקאָרסקי האָט שוין לאַנג פאַרמירט פּוילישע לעגיאָנען אויף צוהעלפן די אַליאירטע צו פאַרענדיקן די קריג. אין בוזולוק, אין טשקאַלאָוו, אין יאַנגי־יול, אין קערמינע, האָבן זיך דרינגענדיק פאָרמירט פּוילישע אָפּטיילונגען. נאָך דעם ווי זיי האָבן אויף זיך נאָך אַזאַ לאַנגער הפסקה אַרויפגעצויגן די באַנייטע פּוילישע אוניפאָרם, זענען זיי גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן אויף די פראָנטן, אַ ביסל אָפּצוּוואַשן מיט דייטשיש בלוט דעם שאַנדע־פלעק פון זייער בליצשנעלער קאַפּיטולאַציע. אגבֿ, האָט די רוסישע מלוכה נאָך פיל פריער אָפיציעל געמאָלדן, אַז ווי נאָר מען וועט באַפרייען די אָקופּירטע געביטן, וועלן זיך די דאָרטיקע איינוווינער, — אַזוי רוסישע בירגער, אַזוי פּוילישע און אַנדערע, — קענען גלייך אומקערן אין די שטעט ווו זיי האָבן פריער געוווינט, צוריק פאַרנעמען זייערע הייזער און ווידער פירן זייער פאַרמלחמהדיקן שטייגער לעבן.

אַ פרישׂ, דערקוויקנדיק ווינטעלע האָט דערמונטערנדיק אַ ווייע געטון אין די פאַרוויסטע הערצער פון די פאַרוואָגלטע פּוילישע יידן.

די פאַרשמאַכטע הערצער פון די אויסגעמאַרכעוועטע היימלאָזע האָבן נאָך אין זייערע „מסתּרימס" געוואַרעמט אַ האָפענונג צו טרעפן זייערע עלטערן, זייערע ברידער און שוועסטער, פרויען און קינדער, אין די וואַרשעס; אין די בענדינס; אין די סאָסנאָוויצעס; קראָקע און לאָדזש; לובלין און טאָמאַשאָוו; טונהיים און באָכניע...

בעידנא דריתחא פלעגן זיי זיך אין אן ערנסטן קאַטאָוועס רייצן מיט די סאָוויעטישע יידן. זיי פלעגן מיט אן איזדיעוועקלע זאָגן צו זיי:

— מיר וועלן אייך צולאָזן דאָס פרייע, גאָלדענע לאַנד מיט דער זון ווי אַ בראַנד, רויטע יידעלעך! מוחל, מוחל... מיר זענען אייך מוחל: אייער קאָמי אַ. ס. ס. ר.; אייערע טשעטינסקע געביטן; אייערע אופּינסקע געביטן, און אפילו, אפילו — אייער צוקערזיסן מיטל־אזיע מיט די קיש־מישן, מיט די אוריוקן, מיט די טשאַרדזשויסקע דיניעס, מיט אייערע וויינ־טרויבן, מיט אייערע ליעפּיאָשקעס, מיט די לייזיקע אוזבעקן, מיט דער שטינקענדיקער זויערמילך, מיט די פאַרשאָלטענע סאַקסאולן...* שוין גע־נוג זיך אָנגעגעסן מיט רוסלאַנד, אָ! מיר זענען שוין זאַט אריבער און אריבער! מיר וועלן עס שוין נישט פאַרגעסן וויפל מיר׳ן לעבן. און דעסט גלייכן אונדזערע קינדס קינדער... איין ווערשאַק, איין טפח ערד פון לוב־לין, פון פּשעמישל, פון וואַרשע, פון בעלז, איז ביי אונדז טייערער און ליבער פון אייער גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד. דאָרטן דאַרף מען נישט האָבן קיין פּראָפּוסק מיט קיין קאָמאַנדיראָווקע אויף אַרויסצופאָרן דריי קילאָמעטער פון דער שטאָט. דאָרט איז פּונקט ווי אַ מאָל, אַן אָפענע וועלט. ווילסטו קיין אַמעריקע — פאָר; ווילסטו קיין פּאַלעסטינע — בכבוד גדול! וואַרט, איר וועט אַ סימן האָבן! זאָלן נאָר דורכגיין נאָך דריי חדשים, נאָך זעקס — נאָך צוועלף! מען וועט אָפּרוימען פּוילן פון די דייטשן, וועט איר זען, אַז קיין איין ייד פון אונדזעריקע וועט דאָ נישט פאַרבלייבן, וועט איר זאָלט אים אפילו אָוועקשענקען דאָס גאַנצע אוראַלער גאָלד... איר ווייסט דען, וואָס עס איז אַזוינס פּוילן? אַך, פּוילן... צאָ פּאַן כצע... פּשעפּראַ־שאַם... פּראָשען באַרדזאָ... איר האָט דען דאָ געלעבט? איר האָט דען דאָ אפילו געוווּסט, וואָס עס הייסט אַזוינס: לעבן? וואָס האָט איר געזען אויף אייער לעבן, חוץ אייביקע אָטשערעדן,** ברויט אויף קאַרטאָטשקעס, איין פאַרוסינענעם אַנצוג אויף גאַנצע פינף יאָר, אַ הערינג אויף מיטאָג און אַ בורעק אויף וועטשערע? איר האָט דען אפילו אַ השגה, וואָס עס הייסט: לעבן? וואָס עס הייסט: ווילטאָג? וואָס עס הייסט: פרייהייט? הלואי מיר זאָלן ליגן זאָגן: אָט וועלן מיר אָוועקפאָרן, וועט מען אייך אָט די איינצי־קע שולן אויך צוריק צומאַכן און אייך ווידער אָנהייבן צו פאַרשיקן... און פאַר וואָס זאָל דאָס אַנדערש זיין? וואָס איז? רוסלאַנד דאַרף שוין מער נישט קיין אַרבעטסהענט? ווער דען וועט בויען די „ווייס־ימישע קאַ־נאַלן”? די „פּאַרכאַט־סטראָיען”? די „פערגאַנישע קאַנאַלן”? אויב נישט מיר און נישט איר, ווער דען וועט זיי אויסהאַקן די אייביקע וועלדער? מען וועט אייך נעמען! מען וועט אייך נעמען!! נאָך אַ מין נעמען — אָ־אָ... האָט גאָר קיין יסורים נישט... און מיר — הלואי העלפט אונדז

---

* אַזאַ האָלץ. זעט אויס, ווי אומגעוויינלעך־קרומע וואָרצלען פון אונדזערע מקומות, און איז זייער באַליבט ביי דער אַרטיקער באַפעלקערונג.

** רייען.

נאָר גאָט, צו קומען אהין בשלום און געפינען בשלמות אונדזערע טייערע — ווי קיין איין און איינציקן טאָג וועלן מיר זיך נישט געפינען אין דעם בלוטיקן פּוילן. זיי זענען אויך גוטע באַנדיטן! נישקשה, מען קען זיך מיט די יאַנעקס אויך נישט שעמען... וואָס די יאַנעקס, וואָס די וואַנקעס — די זעלבע זרע עמלק! איינס איז בעסער פונעם אַנדערן. זיי מעגן ביידע איבערגיין אויף אונדזער לאַגע. זיי וואָלטן אויך געמעגט אַ ביסל פאַרזוכן אונדזער זיסן טעם: דעם טעם פון היטלערן; דעם טעם פון סיביר; דעם טעם פון בורעקעס מיט מאַליאַריע. מיר האָבן שוין יוצא געווען לכל הדעות. איצט זאָל אונדז גאָט נאָר העלפן מיר זאָלן אויפזוכן אונדזערע קרובים און — מארש קיין ארץ־ישראל! גענוג זיך געוואַלגערט אויף פרעמדע געלעגערס, און ס'איז שוין טאַקע צייט אויך... אם לא עכשיו — אימתי?

שלמה, וועלכער איז כל ימיו געווען דערצויגן אין סאָוויעטישן גייסט, וועלכער האָט נאָך אַלעמען שטאַרק ליב געהאַט זיין פאָטערלאַנד, פלעגט מיט טיפער פאַראַכטונג אויסהערן די לעסטערנדיקע דרשות פון אָט די אָפּגעבליאַקעוועטע „וויעלמאַזשעס". ער פלעגט זיך ווונדערן אויף זייער בענקשאַפט צו די בלוטדאָרשטיקע „פּילסודטשיקעס"; צוריק אונטער בעקס שטיוול; צוריק צו די רוישיקע „נאַליעווקעס", וועלכע האָבן זיי אַזוי מיאוס אויסגעשפּיגן; וועלכע האָבן זיי אַזוי פאַררעטעריש דורכגעטריבן און באַגלייט מיט שטיינער... גוואַלד געשריגן! ווי אַזוי קען מען נאָך גאָר האָבן אַ שמץ־תאווה זיך אומצוקערן אין יענע פאַרשאָלטענע מקומות? פון וואַנען נעמט זיך נאָך ביי יידן — נאָך אַזעלכע מעשה־תעתועים, וואָס די פּאָליאַקן האָבן מיט זיי אָפּגעטון — אַ ברעקעלע יצר־הרע צו פאָרן אין יענע מקומות זיך ערשט פון דאָס ניי דאָרט צו באַזעצן? ווידער לעבן מיט יענע בעסטיעס, ווידער ליידן פון זייער דעספּאָטיזם, פון יענער טיראַניע... ער, שלמה, וואָלט פאַר קיין פאַל אין דער וועלט נישט אַוועקגעגעבן דעם סאַמע קלענסטן טורקמענישן קישלאַק פאַר וואַרשע מיט קראָקע מיט לאָדזש צוזאַמענגענומען, נאָך דעם ווי די שטיינער פון די דאָרטיקע גאַסן האָבן זיך אַזוי אומברחמנותדיק אָנגעזויפט מיט יידיש בלוט, מיט בלוט פון יידישע טעכטער און קליינע עופעלעך; נאָך דעם ווי די הימלען, וואָס הענגען איבער די דאָזיקע שטעט האָבן זיך אַזוי פיל אָנגעזען מיט דעם אכזריות פון היטלערן, מיטן חורבן פון די דאָרט פאַרבליבענע יידן. דאָ איז דאָך עפּעס פּאָרט ראַטנפאַרבאַנד, דאָס לאַנד, ווו אויף די גאַסן איז נישטאָ קיין פּאָליציי מיט קיין גומענע שטעקעלעך גרייט צו שלאָגן דאָס פאָלק; נישטאָ דאָ קיין אויפשריפטן: * «Кроме Евреев» די פּוילישע יידן, דאָס זענען פשוט ווערעם, וואָס האָבן זיך איינגעזעסן אינעם פּוילישן כריין, דעריבער מיינען זיי, אַז קיין זיסערס איז שוין גאָר אין ערגעץ נישטאָ. וויים איך, ווער קוקט אויף זיי, און ווער הערט זיי, אָט די פּאַנסקע

* חוץ יידן.

שטיוול־פוצערס! אַט די דורות־לאַנג אויף די קניעס שטייענדיקע, העגט קר־שענדיקע טעלער־לעקערס!! אַט די פון דער מוטערס טראַכט געבוירענע מה־יפית־זינגערס!!!

אָבער איין קוילעכל האָט יאָ געטראָפן אין ציל: דאָס וואָרט „פּאַלעס־טינא" איז שלמהן טיף אַריין אין הארצן אַריין. ווער ווייסט? אפשר טאַר מען די דאָזיקע געלעגנהייט נישט דורכלאָזן? דאָס איז דאָך טאַקע יאָ אמת, אַז דאָרט ווו עס באַלעבאַטעוועט נישט רוסלאַנד, דאָרט זענען אַלע גרענעצן אָפן! קען דאָך טאַקע געמאָלט זיין, אַז מען דאַרף זיך גוט־גוט צוהערן צו דעם וואָס זיי זאָגן... ווען קען זיך שוין טרעפן נאָך אַזאַ שעת־הכושר? דאַכט זיך, אייביק נישט! אפשר דאַרף מען זיך טאַקע אויך אַי־בערפאַרבן אין אַ פּוילישן יידן, און בעת מען וועט אַ מאָל פאָרן — אויך מיטפאָרן בחברותא... אודאי דאַרף מען אַזאַ זאַך האַלטן בסוד, ווייל גע־נוג פּוילישע יידן דינען אין דער נ. ק. וו. ד. אַלס מוסרים; אודאי וועט מען מוזן פאָרן ביז לעמבערג באַזונדער פון זיי, כדי זיך קיין איבעריקס נישט וואַרפן אין די אויגן, אָבער קודם כל מוז מען זיך דאָך פאַרזאָרגן מיט דאָקומענטן פון אַ פּוילישן יידן...

יאָ! דער געדאַנק וועגן ארץ־ישראל איז שלמהן אַריין „מיט בײדע פיס אין הארצן אַריין". וווהין ער איז נישט געגאַנגען, וואָס ער האָט נישט געטון, איז אים ארץ־ישראל נאָכגעגאַנגען פוס־טריט. אַ אינערלעך קול האָט צו אים אומאויפהערלעך גערעדט:

— שלמה, לייג צו דיין אויער און הער זיך צו! קול המון כקול שדי! מיט אַט די פּוילישע יידן געשעען דאָך באמת ניסים ונפלאות עד אין מספר... אין דער צייט, וואָס אונדזערן אַ יידן דערלעבן מיר נישט צו זען צוריק פון דער פאַרשיקונג, איז מיט זיי געשען אַ שנוי מעשי־בראשית, און מען האָט זיי אַלע באַפרייט אין איין נאַכט — שוין באַלד אַזוי ווי די יוצאי־מצרים! איז ווי באַלד זיי זענען אַזוינע מלומדים בניסים, קען דאָך זייער שיין געמאָלט זיין, אַז מען זאָל זיי טאַקע אַריבערוואַרפן קיין ארץ־ישראל — אַז מען שמועסט ניסים, איז דאָך נישט שייך... דאַרף מען דאָך טאַקע זיין אַ מומר־להכעיס, אַז מען זאָל זיך נישט מיטכאַפּן מיט זיי... ווי נאָר עס וועט זיך צומאַכן די טיר הינטער זיי, וועט זיין פאַר־פאַלן לעולם ועד! טאָר מען דאָך טאַקע נישט זאַמען!! איז דאָך, אויב אַזוי, טייער יעדע מינוט און יעדע רגע!!!

און אפרים־אהרון מיט שלמהן האָבן בסוד־סודות אָנגעפרעגט און איינגעקויפט פאַר זיך און פאַר די פאַמיליעס דאָקומענטן פון פּוילישע יידן. דער פאַטער איז, לויט דעם נייעם „ויקרא שמו בישראל", פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיינמאַן, און שלמה האָט געקויפט אַ דאָקומענט פון אַ גע־שטאָרבענעם יידן פון ראָוונע: שמואל חזן.

שפּעטער זענען די פּיאַטיגאָרסקים געוווּר געוואָרן, אַז צו ביסלעך, צו ביסלעך האָבן שוין די זעלבע חכמה אָפּגעטון בצנעה צענדליקער און הונדערטער יידן. אייניקע פון זיי, זאָגט מען, שטודירן אפילו די פּוילי־

שע שפּראַך; נאָך אַנדערע — די פּוילישע געאָגראַפיע, כדי טאָמער גיט מען אויף דער גרענעץ אַ נעם אויפן פאַרהער: מאין באת? זאָל מען נישט בלייבן שטיין אָן לשון... און שוין גאָר ווייט־זעענדיקע — האָבן בהתמדה געלערנט די ענגלישע שפּראַך און עברית —

...תורה איז די בעסטע סחורה... מען וועט קומען קיין ארץ־ישראל, וועט עס זיין אַזוי ווי געפונען... וועט מען זיך נישט אַרומדרייען אין גאַס ווי אַ שטומע צונג און זיך קלאָגן: שפת לא ידעתי אשמע...

פון דאַמאָלסט אָן, ווי נאָר שלמה באַגעגנט זיך מיט גוטע ברידער און סימפּאַטיקער פון דעם געדאַנק וועגן שיבת־ציון, אַזוי אין סאַמאַר־קאַנד גופא, און אַזוי אין אַנדערע שטעט, איבער וועלכע ער האַלט אין איין אַרומפאָרן אין קאָמאַנדיראָווקעס, רוימט ער זיי קודם כל איין אויפן אויער:

— איר ווילט מיך פאָלגן? קויפט זיך איין דאָקומענטן, אַז איר זענט פּוילישע יידן. אמת, דערווייל דאַרף מען זיי נאָך באַגראָבן טיף אין דער ערד, אָבער עס קען אַ מאָל קומען אַ טאָג, ווען מיר זאָלן אין זכות פון אָט די נישטיקע פּאַפּירלעך קענען ווערן אויסלענדער און אַ דאַנק דעם האָבן אַ שאַנס צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. נאָר איין זאַך בעט איך אייך חברים, ווי גאָט איז אייך ליב: פּתח שין — שאַ!

עס האָט אָבער געטראָפן נישט איין מאָל, אַז אָט דעם זעלבן: „שאַ", האָבן די גוטע־ברידער געזאָגט שלמהן, נישט ער זיי, פראַסט פשוט דער־פאַר, ווייל אַזעלכע דאָקומענטן זענען שוין ביי זיי געלעגן פון לאַנג־לאַנג...

# קאפיטל XXXI

ס'איז אוועק דער זומער... ס'איז אָנגעקומען דער אָסיען —

אין אָנהייב נאָוועמבער 1943 האָט דאָס זיגרייכע סאָוויעטישע מיליטער ענדלעך פאָרסירט דעם דניעפּער אין זיין גאַנצער לענג און די העלדישע פּאָלקן פונעם אוואַנגאַרד האָבן אריינגעמאַרשירט אינעם באַפרייטן קיעוו —

דאָס איז געווען אַכט און צוואַנציק חדשים נאָכן אָנהייב פון דער מלחמה און פינף און צוואַנציק חדשים נאָכן אָקופּירן קיעוו. אַלע איינוווינער פון אָט דעם גרויסן כרך — וואָס פאַרנעמט לויט דער צאָל פון דער באַפעלקערונג דאָס דריטע אָרט אין ראַטנפאַרבאַנד — בכל מקומות פזוריהם, האָבן געוויינט פאַר שמחה. מען איז זיך געפאַלן אויפן האַלדז, מען האָט זיך געקושט, מען האָט שיר נישט געטאַנצט אין די גאַסן. עפּעס גאָר אַ קלייניקייט: קיעוו איז באַפרייט געוואָרן! קיעוו איז ווידער אונדזערס!! קיעוו איז צוריק רויט!!!

אָט אַזוי האָט דער כלל אויפגענומען די אָנגעלייגטע בשורה־טובה. ביים יחיד אָבער איז די גדולה געווען אַ ביסל אַ קלענערע. פון יוכבדס זעקס ברידער, וואָס מען האָט צוגענומען אויפן פראָנט, גלייך „נאָכן ערשטן שאָס", האָט מען פון זינט זיי האָבן פאַרלאָזט בראָוואַרי גאָרנישט געהערט. דאַקעגן פון אפרים־אהרונס צוויי ברידער האָט מען יאָ געהאַט ידיעות: יחיאל, איז געווען קאָמאַנדיר פון אַ היפּשער אָפּטיילונג אַווטאָמאַטשיקעס; ער האָט צוזאַמען מיט אַן אָרטיקן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אָפּערירט אין די לעטישע וועלדער, און האָט געהאַלטן דעם דייטש אין שטענדיקער מורא אויף ווייטע שטרעקעס; און מיכאל איז געווען אין די ערשטע רייען פון די פּאָלקן, וואָס האָבן זיך אריינגעריסן קיין קיעוו.

קיין סאַמאַרקאַנד האָט מיכאל פון קיעוו געשריבן באלו הדברים:

„טייערע אפרים־אהרון, שלמה, מיט אייערע ווייבער און קינדער!

איך שרייב, אָבער איר קענט מיר הייליק גלייבן, אַז איך זע נישט, וואָס איך שרייב. ס'איז מיר פינצטער אין די אויגן, ימש חושך! אויב איך האָב זיך דאָ נאָך נישט צעקלאַפּט דעם קאָפּ אין אַ שטיין, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב ערגעץ צוויי פּיצלעך קינדער. אָבער פון דעסט וועגן קען איך אייך נישט מבטיח זיין, אַז אויך אויף ווייטער וועל איך דאָס נישט טון. איך בין שוין פינף טעג אין קיעוו און איך קען נאָך אַלץ צו זיך נישט קומען. איר שטעלט זיך גאָר נישט פאָר, וואָס דער דייטש האָט געמאַכט פון קיעוו — איך מיין צו זאָגן: מיט אונדזערע ליבע און טייערע וואָס זענען דאָ פאַרבליבן. ווייל דאָס, וואָס טאָמער איז חרוב געוואָרן דער צענטער שטאָט און נאָך עטלעכע צענדליק גאַסן — רירט עס מיך נישט אָן אפילו ביי דער לינקער פּיאַטע! ריכטיקער געזאָגט: איך באַמערק דאָס אפילו נישט. איך זע בכלל נישט אויף מיינע אויגן, ווייל אונדזער טאַטן... אפרים־אהרון! אונדזער הייליקן טאַטן האָט מען אויפגעהאַנגען אין מיטן דעם רוישיקן קרעשטשאַטיק... יאָ, יאָ, אפרים־אהרון, חסל סדור פסח! נישטאָ שוין מער: ר' שלום כמעלניקער; ר' שלום דודס;

דער אַלטער שלום, דער חסיד פון ר׳ איציקל סקווירער ז״ל... אוים, אוים, אוים! נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ! דאָס איז נישט סתם קיין ווערסיע, דאָס איז אַ פאַקט! היינט, צו וואָס טויג אונדז נאָך לעבן אויף דער וועלט? צו וואָס לעבן נאָך אַנדערע מענטשן?? און צו וועלכן רוח עקזיסטירט נאָך גאָר בכלל אַ וועלט??? טאַטע! טאַטע!! טאַטע!!!

...אפרים־אהרון, דו מוזסט נאָך זיכער געדענקען די גויעטע, וואָס האָט געוווינט די צווייטע טיר פונעם טאַטן — טאַראַסאָווא רופט מען זי, יעוודאָקיאַ פּאַנטאַלאָמייעוונאַ. און דער טאַטע פלעגט זי רופן פשוט: טאַראַסאָווא. אַ שוואַרצע אַזאַ, נישט קיין הויכע — האָט זי דאָס מיר דערציילט אַלץ, יעדעס ברעקעלע, ווי אַזוי, וואָס און ווען. איך גיב דיר איבער דעם גוטן גרוס וואָרט און וואָרט. דו ביסט דער עלטסטער זון, דו ביסט ביים טאַטן געווען דאָס גאַנצע צירונג, אין דיר האָט ער זיך געשפּיגלט, מיט דיר האָט ער זיך געגרויסט פאַר דער וועלט, מעגסטו וויסן אַלצדינג, גלייך ווי איך.

און אָט וואָס זי האָט מיר דערציילט:

— ווי איר ווייסט, חבר מיכאַאיל, זענען מיר מיט אייער טאַטן געווען גוטע שכנים נאָך פונעם אָנהייב אָן, באַלד פון דאַמאָלסט, ווען ער האָט זיך נאָר אַריינגעקליבן צו אונדז אין הויז. איך האָב שטאַרק געהאַלטן פון אים און מיר דאַכט זיך, אַז ער פון מיר האָט אויך געהאַלטן. מיט אייער שוועסטער ברכה בין איך אויך געווען שטאַרק צונויפגעלייגט, נאָר זי איז דאָך נאָך פריער אַוועקגעפאָרן. די ערשטע פון אייערע קינדער, אויב איך האָב קיין טעות נישט. אייער פאָטער, געדענק איך, האָט מיט איר נישט געוואָלט פאָרן, נאָר מיטן זון. זי האָט אפילו געוויינט, געריסן די האָר אויף זיך, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם — נאָר מיטן עלטערן זון! נאָר נישט דאָס וויל איך אייך דערציילן. איין מאָל, אין חודש אויגוסט איז דאָס געווען — נאָך לאַנג איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען קיעוו — איך זע, מיין אַלטיטשקער איז עפּעס נישט געקומען נעכטיקן. נו, אין יענע טעג איז אַזאַ זאַך קיין גרויסער חידוש נישט געווען. מען האָט פאַרשפּעטיקט אויף פינף מינוט — פאַרטיק! טאָר מען שוין נישט דורכגיין די גאַס. מילא, נישט געקומען — דאַרף מען נישט. מסתמא האָט ער נישט געקענט. אין דער פרי דערהער איך פּלוצלינג, ווי עמעצער אויפן קאָרידאָר שליסט אויף די צווייטע טיר. איך גיי אַרויס: יאָ, ס׳איז ער!

— פּאַניע שלום, פאַר וואָס זענט איר עפּעס די נאַכט נישט געקומען נעכטיקן?

— מיין זון מיט די קינדער זענען נעכטן אַוועקגעפאָרן, האָב איך גענעכטיקט ביי זיינעם אַ „סוואַט".* איצט בין איך אויך נאָר געקומען נעמען די נייטיקסטע זאַכן, ווייל איך גיי אין גאַנצן אַריבער צו אים וווינען. צוזאַמען מיט היימישע מענטשן איז פאַרט היימלעכער —

---

* מחותן.

— פאַר וואָס זשע זענט איר אויך נישט מיטגעפאָרן מיט אייער זון? אייער טאָכטער האָט איר דאָך צוגעזאָגט, אַז —

— איך ווייס, פאַר וואָס? איך ווייס טאַקע אויך נישט... איך האָב זיך עפּעס איינגעשפּאַרט אָן אַ פאַרוואָס —

— איי, איי, איי, פּאַניע שלום, איר האָט אָפּגעטון אַ נאַרישקייט... געוועזן געדאַרפט יאָ מיטפאָרן... איר זעט דאָך, אַז דאָ איז שוין נישט קיין לעבן. און דערצו האָט איר דאָך אייער טאָכטער אַזוי צוגעזאָגט... איר האָט געטון זייער נישט גליך. ביי גאָט — נישט גלייך...

אייער טאַטע איז אַזוי געשטאַנען, געשטאַנען... ער האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּגעשמיסענער שילער, דאַן האָט ער זיך שטיל אָנגערופן:

— וואָס דען מיינט איר? אַ מענטש ווייסט, וואָס ער טוט? נעכטן האָט זיך מיר עפּעס אויסגעדאַכט, אַז ס'איז יאָ גלייך אַזוי, און היינט דאַכט זיך שוין מיר אויך, אַז אָט דאָס פאַרבלייבן מיינס, איז געוועזן אַ קרומע זאַך. איך ווייס? מסתמא וועט גאָט נישט פאַרלאָזן... איך בין דאָ נישט איינער, מיר זענען דאָ פאַראַן אַ סך פאַרבליבענע, גאָר־גאָר אַ סך...

עס האָט מיך אָנגענומען אַ גרויס רחמנות אויף אָט דעם ליבן אַל־טיטשקן, וואָס איז געשטאַנען אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד, און האָט זיך שטאַמלענדיק פאַרענטפערט, און איך האָב אים שוין אויך אָנגעהויבן צו טרייסטן און אויסצורעדן דאָס האַרץ:

— אודאי וועט גוט זיין, פּאַניע שלום, אודאי וועט נאָך גוט זיין —

ער האָט געפּאַקעוועט אין אַ וואַליזע: זיין פּליושענע טאָרבע, וואָס ער דאַוונט מיט די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין איר; עטלעכע פּאָרלעך וועש; עטלעכע ביכער אַזעלכע און עפּעס אַזאַ מאָדנע פייפל פון אַ האָרן, און נאָך דאָרטן עטלעכע זאַכן, איך קען זיך שוין נישט דערמאָנען וועל־כע. פאַרמאַכט דעם טשעמאָדאַן, האָט ער פאַרשלאָסן די טיר, מיר געזאָגט: „אַ גוטן טאָג", און האָט זיך געלאָזט גיין. איך האָב אים באַגלייט ביז אויף דער גאַס אַרויס און האָב אים אַלץ געטרייסט:

— און אפשר, פּאַניע שלום, איז גאָר גלייכער וואָס איר זענט נישט געפאָרן? איך האָב געהערט, אַז אויפן וועג שיסט מען נאָך די צוגן, און דאָ וועט מיט אייך גאָרנישט טרעפן. זיכער וועט שוין די גאַנצע מלחמה נישט לאַנג דויערן. אַזוי רעדט די וועלט. זיי זעען דאָך שוין ביידע, אַז עס איז ווי מיט אַ קאָפּ אויף אַ שטיין. איצט וועט שוין האָפנטלעך נע־מען אַן עק: דער וועט אַ ביסל נאָכגעבן, יענער וועט אַ ביסל אָפּטרעטן — מען וועט שוין ווי עס איז דורכקומען! און ווי באַלד אַזוי איז דאָך פאַר אַזאַ עלטערן מענטשן ווי איר טאַקע גלייכער זיך נישט צו טרייסלען אין די צוגן. דאָס איז ביי די איצטיקע באַדינגונגען גאָר נישט אַזאַ גרינגע זאַך...

איך האָב אים נאָכגעטראָגן די וואַליזע ביז דעם טראַמוויי, אים אַריינ־געזעצט אין דעם נומער 9, און ער איז אַוועקגעפאָרן.

ס'איז אַוועקגעגאַנגען גאָר אַ היפּש שטיקל צייט און איך האָב אים

נישט געזען פאַר די אויגן. איין מאָל — נאָר דאָס איז שוין געווען מיט א חודש שפּעטער אָדער אפשר נאָך מערער — האָב איך אים פּלוצלינג דערזען גיין. אויף סינאַי־מארק איז דאָס געווען. ער האָט אין א קויש געטראָגן עטלעכע קארטאָפל, א פּאָרל רויטע בורעקעס און איין און איינ־ציקע ציבעלע. ס'איז שוין דאַמאָלסט אוממעגלעך געווען עפּעס צו קריגן: די שטאָט איז שוין דאַן געווען אָפּגעשניטן פון די דערפער; די מאגאזי־נען — צעראַבירט; פון דער מלוכה איז שוין קיינער אין שטאָט נישט גע־ווען, נאָר פּשוטע זעלנער האָט מען נאָך זעלטן ווו געקענט טרעפן. איינ־קע האָבן געזאָגט, אז ס'איז נאָך דאָ א פראָנט, אויף וועלכן די רויטע אר־מיי קעמפט נאָך, אנדערע ווידער — אז קיעוו איז שוין לאַנג ארומגע־רינגלט פון אלע זייטן און מיר געפינען זיך שוין ביים דייטש טיף אין טיל.

ווי איך האָב נאָר באמערקט אייער פאָטער, בין איך צו אים צוגע־לאָפן און האָב אים אָפּגעשטעלט:

— וואָס מאכט איר עפּעס גוטס, פאַניע שלום? ווי אזוי לעבט זיך אייך?

— אזוי זיך...

— מען זעט אייך שוין גאָר קיין מאָל נישט אין אונדזער ווינקל. פאַר וואָס קומט איר א מאָל נישט צו גיין?

— וואָס רעדט איר? איצט איז עפּעס א צייט אויף צו גיין אין געסט?

— נישט אין געסט... אָבער עס איז דאָך עפּעס אייער שטוב. ווי אזוי קומט מען נישט צו גיין כאָטש א קוק טון?

— וואָס האָב איך צו קוקן אויף איר? און צו וואָס דאַרף איך זי?

— איר האָט עפּעס ברייוו פון די קינדער?

— גלייך פון אָנהייב איז בפירוש יאָ געווען, און פאַר די לעצטע פּאָר וואָכן איז נישטאָ קיין איינגעטונקטע פּען. איך ווייס שוין גאָר נישט וואָס צו קלערן.

— איר דאַרפט גאָר נישט איבערטראַכטן, פאַניע שלום. פאָלגט מיך, נעמט דאָס נישט נאָענט צום הארצן. דאָס איז פּשוט דערפאַר, ווייל קיין שום פּאָסט ארבעט שוין ביי אונדז נישט מער —

— איך האָב שוין אליין אויך אזוי געקלערט...

— איז קומט אויס, פאַניע שלום, אז איר זענט פון דעסט וועגן באַ־גאַנגען א פעלער, וואָס איר זענט נישט געפאָרן מיט אייער זון —

— יאָ, אזוי קומט אויס... ס'איז שוין אָבער א פארפאַלענע זאך...

— פאַר וואָס עפּעס גייט איר אליין אין מארק אריין? שוין זשע איז נישטאָ קיין יינגערס פון אייך?

— מיר האָבן דווקא צוויי פרויען, זענען זיי אוועקגעגאַנגען איבער די סלאָבאָדקעס, טאָמער וועט זיך זיי איינגעבן צו קריגן א גלעזל מילך... מיר האָבן דאָרטן א געפערלעך קראַנקן... און פון די מאַנסבלין בין איך, הייסט עס, דער סאַמע געזונטסטער...

— פון דעסט וועגן, זייט נישט ביי זיך אזוי געפאלן, פאַניע שלום, אלץ קען זיך נאָך ענדערן —

— געווים וועט זיך דאָס ענדערן... לאַנג קען עס אַזוי נישט דויערן...

מער האָב איך אים שוין נישט געזען ביזן אַריינקומען פון די דייטשן.

דעם נײַנצנטן סעפּטעמבער פאַר טאָג האָבן זיי זיך אַרײַנגעריסן אין שטאָט אַריין, די בעסטיעס, און האָבן גלייך פאַרפּלייצט אַלע גאַסן און אַלע פאַרשטעט. עס זענען דורכגעגאַנגען עטלעכע טעג און אין שטאָט איז געווען מער־ווייניקער שטיל. דאַן איז דאָס גרויסע מיליטער אַוועקגעגאַנגען ווייטער, טיפער אין לאַנד אַריין, און ס'איז נאָר איבערגעבליבן נישט זייער קיין גרויסער גאַרניזאָן אויף אָפּצוהיטן די אָרדענונג, און אַ מיליטערישע קאָמענדאַטור. מען האָט פלייסיק רעגיסטרירט די איינוווינער, יודן באַזונ־דער, אָבער מער גאָרנישט. אפילו קיין בענדלעך מיט קיין מגן־דודס האָט מען זיי נישט אָנגעטון. שאַ, שטיל, רואיק, פיין. מען האָט געמיינט, אַז דאָס זענען מענטשן: דו האָסט פאַרנומען? — ווער בעל־הבית און טשעפּע נישט קיינעם! וואָס זשע קומט אַרויס דערפון, וואָס מיר האָבן גע־מיינט, אַז יענע בעזבאָזשנע* בעסטיעס האָבן שוין דאַמאָלסט געהאַט זייערע פּאַרטיקע פּלענער און זייערע פאַרשאָלטענע מנהגים.

דעם זעקס און צוואַנציקסטן, אַקוראַט אַ וואָך נאָך זייער אַריינקו־מען, זענען איבער דער גאַנצער שטאָט צעהאַנגען געוואָרן מעלדונגען, אַז אויף מאָרגן צען אין דער פרי זאָלן אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אין קיעוו, זיך פאַרזאַמלען אויף „פּלאַץ פון די העלדן פון פערעקאָפּ". מען וועט זיי פון דאָרטן שיקן קיין פּאַלעסטינע. מיטנעמען מיט זיך זאָל מען נאָר די בעסטע קליידער, און שפּייז אויף די ערשטע דריי טעג, מער קיין זאַך נישט. קומען דאַרפן אַלע, אַלע: מענער פרויען און קינדער, אַלט און יונג, אפילו שוועך־קראַנקע, אַלע אָן אַן אויסנאַם. וועלכן יידן מען וועט טרעפן אין אַ שטוב דעם זיבן און צוואַנציקסטן נאָכמיטאָג נאָך צען אַ זייגער אין דער פרי, דעם וועט מען דערשיסן אויפן אָרט. אָן חקירות ודרישות! דער דאָזיקער קריסט, וואָס וועט ביי זיך אויסבאַהאַלטן אַ יידן, וועט אויך דערשאָסן ווערן אויפן אָרט. אַזעלכע מעלדונגען זענען צעהאַנגען געוואָרן איבער דער שטאָט אין די הונדערטער, אין די טויזנטער. די גלאַוונע אָנ־פירערס זענען ביי זיי געווען: איינער אַ גרופּן־פירער, פּאַול בלאָבעל; און נאָך איינער, אַ געסטאַפּאָ־שישקע, עריק קאָך. צי אפשר פאַרבייט איך זיי־ערע טשינען, ווייסט דער רוח די נשמות זייערע...

שפּעט ביי נאַכט דערהער איך, אַז עמעצער פּאָרעט זיך ביי אייער פּאָטערס טיר. איך האָב אפילו אַ ביסל מורא, אָבער איך נעם אַ ליכט און גיי אַרויס — ער אַליין! ער שטייט און טרייסלט זיך פאַר שרעק. דאָס פּנים — געל, הויט און ביין, ווי אַן אויסגעסמאָקעטע פייג; די הענט — אָפּגעמאָגערטע און טרוקענע, ווי די קליאַמקעס. ס'איז מיר אַזש דורכגע־גאַנגען אַ שוידער איבערן לייב:

— פּאַניע שלום, וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט?

איך זע, אַז ער וויל מיר עפּעס ענטפערן, נאָר ער קען נישט אַרויס־

* גאָטלאָזע.

ברענגען קיין איין וואָרט: ער ציטערט, ער פּלאַטערט, ער טרעפט נישט מיט א צאָן אויף א צאָן. די הענט טרייסלען זיך ביי אים מיט סכנת־נפשות, און אונטער זיי האַלט ער אַלץ יענץ זעקל מיט דעם טישטעך, וואָס ער דאַווענט אין אים. ווען איך האָב דערזען ווי נעבעכדיק ער זעט אויס, האָב איך פאַר עגמת־נפש אַזש אָנגעהויבן צו וויינען. איך פרעג אים ווידער:

— פאַניע שלום, ווי אַזוי האָט איר עס קיין מורא נישט געהאַט צו גיין אַליין אום האַלבער נאַכט? נאָך אַכט אַ זייגער איז דאָך פאַרווערט —

איך זע, ער וויל אויפשליסן, נאָר ער טרעפט נישט מיטן שליסל אין שלעסל. מיר ענטפערן קען ער נאָך אַלץ נישט. ער ווייזט מיר אָן אויף די ציטערנדיקע ליפּן. שפּעטער, הייסט עס, שפּעטער וועט ער מיר ענטפערן... איר פאַרשטייט, חבר מיכאַאיל, איך וואָלט אים געוועזן אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אַריין, האָב איך אָבער אַ טראַכט געטון, אַז ס'איז גלייכער, אַז מיינע „באַיסטרוקעס" * זאָלן נישט וויסן, אַז דער אַלטער איז דאָ ביי זיך. איך האָב אויף גיך געמאַכט טיי, און אים אַריינגעטראָגן. קיין צוקער האָב איך נישט געהאַט, נאָר כאַלווא, האָט ער געמוזט טרינקען מיט כאַל־ווא. אייער פאָטער האָט אויסגעטרונקען זעקס גלעזער נאָך אַנאַנד און איז אַ ביסל געקומען צו זיך. איך האָב אים געוואָלט געבן עפּעס עסן, האָט ער נישט געוואָלט. וואָס איך האָב אים נישט פאָרגעלייגט — איין מאָל ניין!

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט ער צו מיר — מיר פאָרן מאָרגן קיין פּאַלעסטינאַ. איז ווי באַלד מיר לאָזן זיך אין אַזאַ ווייטן וועג, האָב איך דאָ אַ סך נייטיקע זאַכן מיטצונעמען. דעריבער האָב איך זיך איינ־געשטעלט דאָס לעבן און איך האָב זיך דורכגעגנבעט אהערצו. אין דער פרי, ווייס איך, וואָלטן מיך די פּאָסטנס נישט דורכגעלאָזט. זיי וואָלטן מן הסתם געמיינט, אַז דאָס וויל איך זיך באַהאַלטן...

דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר צעריסן קוקנדיק אויף אייער אומגליק־לעכן פאָטער. איך האָב שוין געוווסט, אין וואָס פאַר אַ „פּאַלעסטינאַ" מען פירט זיי, אָבער זאָגן אים דאָס, האָב איך נישט געוואָלט. אַז ער גלייבט אַזוי שטאַרק אין זייערע באָבע־מעשות — זאָל ער גלייבן! וועט אים אפשר לייכטער זיין. איך האָב אים איינגעדעקט מיט אַלע קאָלדרעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין צימער — ווייל ער האָט נאָך אַלץ געציטערט ווי אַ בלאַט — און איך האָב זיך אומגעקערט צו זיך. איר הערט, חבר מיכאַאיל, איך שווער אייך ביי וואָס איר ווילט, אַט האָט איר אַ צלם! אַז איך האָב יענע נאַכט אפילו מיט קיין אויג נישט צוגעטון. איך האָב אַלץ געהאַלטן אין איין טראַכטן: ווי אַזוי וואָלט איך אויסגעבאַהאַלטן אָט דעם הייליקן אַלטיטשקן, אַז מיינע חברה־לייט — אַ דונער זאָל זיי טרעפן! — זאָלן דערפון נישט וויסן. וואָס ווייסט איר? וואָס ווייסט איר? דאָס זענען דאָך געווען אַזעלכע אויסוואָרפן — איצט זענען זיי אין דייטשלאַנד, אַנט־לאָפן אַהין צוזאַמען מיט די פריצן — אַז בעסער וואָלטן זיי געווען איינ־

* ממזרים.

גענומען אַ מיתה־משונה, איידער איך האָב זיי גאָר אויף דער וועלט גע־בראַכט. דאַכט זיך, ערשט זענען זיי געווען פאַרברענטע קאָמסאָמאָלצעס, און שוין זענען זיי געוואָרן געפערלעכע פאַשיסטן! ס'איז גאָר ביי זיי אַ שכנישע זאַך. פירן זיך אַרום מיט די „עסעסאָווצעס", ווי מיט זייערס גלייכן, פלאַפלען שוין אויך אויף זייער זיבן מאָל פאַרשאָלטענער שפּראַך: „גרים גאָט"... „דאָנערוועטער"... „יאַ־וואָהל"... „מיין גאָט"... און דאָ שטעלט אייך פאָר, ווען זיי וואָלטן דערזען ביי זיך אין שטוב אַן אַלטן ייִדן! קיין בוידעם, ווייסט איר דאָך גוט, האָבן מיר נישט; קיין קעלער אויך נישט; דאָס שטיקל קאַמער, וואָס מיר האָבן יאָ, איז ביי אונדז איינע אויף עטלעכע וווינונגען... וואָס זשע טוט מען? וואָס קען מען דאָ צור־קלערן? איך האָב געטראַכט און געטראַכט און האָב טאַקע גאָרנישט געקענט צוטראַכטן. אָט אַזוי האָט זיך געפעלט די צווייטע האַלבע נאַכט. פון פאַרטאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ שרעקלעכע שיסערייַ אויף אַלע גאַסן, אַז איך קען אייך גאָר נישט אויסמאָלן. ווי די טייוולאָנים האָבן זיך די דייטשן צעלאָזט איבער דער שטאָט, צונויפצוטרייבן די ייִדן אויף די זאַמל־פּונקטן: אויף קרעשטשאַטיק; אויפן פּלאַץ פון די פּערעקאָפּעווצעס; און אויפן פּלאַץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די אַדרעסן פון די ייִדן האָבן זיי דאָך געוווּסט ביז איינעם — פון דער רע־גיסטראַציע, איז מען געגאַנגען... אין די טויזנטער דייטשן, זאָג איך אייך... ווי נאָר מיינע חברה־לייט זענען אַוועק „צו דער אַרבעט", בין איך אַרויס אויפן קאָרידאָר, איך האָב זיך גוט אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, און האָב זיך שטיל ווי אַ קאַץ דערנענטערט צו אייער פאָטערס צימער. איך גיב אַ קוק דורכן שליסללאָך: אייער פאָטער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל און באַטראַכט פון הינטערן פאָרהענגל, וואָס אויף דער גאַס טוט זיך. איך קלאַפּ אָן שטילערהייט. ער גיט זיך אַ וואָרף, ווי פון אַ דונער געטראָפן, נאָר איך שעפּטשע אים אַריין דורכן לאָך:

— ס'איז איך. טאַראַסאָווא. עפנט אויף, פאַניע שלום —

ער האָט מיך אַריינגעלאָזט. ער באַטראַכט מיך מיט זיינע גרויסע, טרויעריקע אויגן, און זאָגט:

— הערט אויס טאַראַסאָווא, איך זע גוט, וואָס אויף דער גאַס טוט זיך. נישט קיין פּאַלעסטינאַ פירט מען אונדז — דאָס איז דער סוף... איצט פיל איך דאָס קלאָר... איך בעט אייך, גיט מיר אַ ביינגעלע פּאַפּיר מיט אַ בליישטיפט. איך וויל אָנשרייבן עטלעכע ווערטער צו מיינע קינ־דער. איך גלייב, אַז ווען עס איז, וועט נאָך עמעצער פון זיי קומען אַהער אויף קבר־אבות, ווו זשע וועלן זיי זיך נאָכפרעגן אויף מיר? דאָ, ביי אייך! וועט איר זיי דאָמאָלסט אָפּגעבן מיינע לעצטע פּאָר ווערטער. גיט זשע מיר גיכער, כ'בעט אייך. עס קען זיין, אַז יעדע מינוט איז טייער. און נאָט אייך דאָס שלעסל, הענגט עס אויף פון יענער זייט, טאָמער וועט דאָס זיין אַ שמירה... אויב די היינטיקע אַבלאַווע וועט מיך אויסמיידן — איז דאָך גוט, אָבער טאָמער נעמט מען מיך, וועט מיין בריוועלע ליגן אָט

דאָ אונטערן טעצל... גייט זשע און טראָגט מיר אריין דאָס וואָס איך בעט אייך —

איך האָב זיך, חבר מיכאאיל, אין יענער מינוט איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות, אַז איך זאָל זיך נישט וואַרפֿן צו די פֿיס פֿון אייער הייליקן פֿאָ־טער, און איך זאָג צו אים:

— ניין, פּאַניע שלום! איך וועל נישט דערלאָזן, אַז איר זאָלט אַריינ־פֿאַלן צו זיי אין די הענט אַריין. קומט, איך וועל אייך פֿאַרשליסן ביי מיר אין קליידערשראַנק, און דערנאָך וועלן מיר זוכן אַן עצה —

— ניין, ניין, דאָס נישט! אייערע יינגלעך וועלן מיך באַלד אויס־געבן... אויב שוין יאָ גיין צו דער שחיטה, איז שוין גלייכער צוזאַמען מיט אַלע... מיט אייגענע, מיט היימישע, איז לייכטער אפֿילו דער טויט... אויף אַ גרויסן יאַריד — זאָגט מען ביי אונדז — איז דאָ אליהו הנביא... גייט טאַראַסאָווא, גייט און ברענגט, וואָס איך בעט אייך. איר זענט אַ לייטישע פֿרוי. טראָגט מיר אַריין אַ בליישטיפֿט מיט פּאַפּיר, הענגט אויף דאָס שלעסל אויף דער טיר, און אַליין גייט אויך אַוועק פֿון דער שטוב. טאָמער געפֿינט מען מיך, זאָל חלילה אויף אייך אויך קיין פֿלעק נישט בלייבן. איר שפּילט זיך מיט די רוצחים?...

איך האָב אַלץ געטון ווי ער האָט מיר געהייסן, און אַליין האָב איך זיך פֿאַרטייעט אויף די שטיגן, מיט צוויי שטאָק העכער.

עס האָט שוין אודאי געמוזט זיין אַ זייגער עלף, אָדער אפֿשר נאָך מער, ווען איך האָב דערהערט פֿון אונטן, ווו מיר וווינען, אַן אָנלויף פֿון אַ נייגעריקן המון, און דורכן פֿענצטערל, וואָס ביי די טרעפּ, דערזע איך אָנקומען צוויי „עסעסאָווצעס" צוזאַמען מיט אונדזער דוואָרניק. זיי קוקן אין אַ צעטל, זוכן לויט די נומערן פֿון די וווינונגען, און שטויסן זיך אָן אויף אייער פֿאָטערס טיר. אויף די שטיגן איז פּוסט און דער סאַמע מינדס־טער גערויש הילכט אָפּ אויף די שטאָקן מיט אַ פּילפּאַכיקן עכאָ ווי אין אַ ליידיקער פֿאַס, ווי אין אַ וואַלד. איך הער, ווי איינער פֿון זיי פֿרעגט:

— פֿון ווען אָן הענגט דאָ אַ שלעסל?

דער דוואָרניק ענטפֿערט:

— דאָ האָט אַ מאָל געוווינט אַן אַלטיטשקער מיט אַ טאָכטער מיט אַן אייניקל, נאָר ס'איז שוין אַ צייט, אַז מען זעט זיי קיינעם נישט פֿאַר די אויגן.

ווידער דאָס קול פֿון דעם ס. ס.־מאַן:

— דער אַלטער פֿון אַ יאָר אַכציק איז ביי אונדז פֿאַררעגיסטרירט. אַ־אַ! וויפֿל יודן מיר האָבן היינט געפֿונען הינטער פֿאַרשלאָסענע טירן... דאָנערוועטער! אַנו, אַרויסזעצן די טיר! שנעל! אײנס! צוואַי!

דער אָנלויף איז גרויס. מיך באַמערקט קיינער נישט. עטלעכע רוקנס, זע איך, גיבן זיך אַ וואַלגער אין דער טיר, און די טיר שפּרינגט אויף מיט אַ טראַסק, ווי אַ סנאַריאַד וואָלט זיך צעריסן. פֿון אַלעמענס מיילער רייסט זיך אַרויס אַ משונהדיקער געשריי. אין מיר זענען פֿאַרקילט גע־

ווארן אלע בלוטן. וואס דארטן איז אזוינס פארגעקומען, קען איך פון מיין באהעלטעניש נישט זען, ווייל איך געפין זיך מיט צוויי שטאק העכער. אודאי א גאנצע מינוט האט אונטן געהערשט א טויטע שטילקייט. איך קנייפ זיך דאס לייב פאר ווייטיק און קען אליין נישט פארשטיין: וואס איז דארטן אזוינס געשען? מיט א מאל דערהער איך א טייוולאנישן אויסגעלעכטער:

— נו, וואס האב איך אייך געזאגט? דארף מען שוין קוקן אויף שלעסלעך?

און די זעלבע שטימע, מיט א שרעקלעכן געשריי:

— ווער האט עס געקענט פארשליסן אט דעם יודען? ווער וווינט אין אט דער צווייטער וווינונג?

דער דווארניק שטאמלט:

— איינע טאראסאווא, א גלויביקע קריסטין.

— צום טייוול! ארויסזעצן די טיר! איך וועל דיר באלד ווייזן, וואס מיר טוען מיט אזא גלויביקער, פארפלוכטער שוויין!

מען האט אויפגעריסן די טיר, א זוך געטון אין מיין שטוב, קיינעם נישט געפונען, און זיך אומגעקערט צו אייער פאטער:

— קום, פארפלוכטער יודע! גלייך קיין יערוזאלעם גייסטו ביי אונדז...

און די זעלבע שטימע, צו איינעם פון די רוסישע אדיוטאנטן:

— אט דעם דאזיקן פאטריארך הענג איך גלייך ארויס אין דער וויטרינע אריין. אזעלכע עקספאנאטן, אזעלכע טיפישע מוסטערן טרעפן זיך זעלטן. כ'וועל באקומען א פרעמיע פון אונדזער קינא־כראניק. שנעלער א ביסל, יודע! יערוזאלעם ווארט אויף דיר —

חבר מיכאאיל, איך האב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי אזוי מען האט אייער פאטער אראפגעפירט פונעם גאניק, אונטעריאגנדיק אים מיט די רעוואלווערן... חבר מיכאאיל! אוי, איך קען נישט רעדן... ווו זענט איר דאמאלסט געווען? איי, האט מען אייך דאמאלסט געדארפט האבן! ער האט געטראגן א ווייסע העמד מיט ברייטע ארבל, א לאנגע ביז דער ערד. איך האב נאך אזעלכע העמדער קיין מאל נישט געזען. פון אויבן איז ער געווען אנגעטון אין דעם זעלבן טישטעך מיט די פאסן, וואס ער דאוונט אין אים שטענדיק, און נאך אט די שווארצע, גלאנצנדיקע „קוביקעס", וואס ער טוט אן אויף זיך, אויך ווען ער מאליעט זיך. די בארד — צעשפרייט; דאס פנים — לויטער, פרידלעך, געטלעך! בכלל נישט קיין מענטשלעכע צורה. דאמאלסט, ווען איך האב אים דערזען, האב איך ערשט פארשטאנען, פאר וואס ס'איז דארט מיט א מאל שטיל געווארן, ווען מען האט ארויסגעזעצט די טיר: מען האט זיך פשוט דערשראקן פאר זיין הייליקן אויסזען. איך זאג אייך: ס'איז אוממעגלעך געווען, זיך נישט צו דערשרעקן. אן אפאסטאל, זאג איך אייך. ארכאנגעל גבריאל!

איך בין אפילו נישט אריינגעגאנגען אין מיין צעפאגראמירטער ווויי־

נונג, נאָר גלייך פון מיין באַהעלטעניש בין איך נאָכגעגאַנגען אייער פאָטער. מען האָט אים אַריינגעפירט אין דער קאָמענדאַטור אויף אוריצקעגאַס נומער 1. דאָרט האָט מען אים געהאַלטן אַ מינוט צוואַנציק, נישט מער! און אפשר אפילו אַזוי פיל אויך נישט. און גלייך זענען פון דאָרטן צוזאַמען מיט אים אַרויסגעלאָפן העכער אַ צענדליק מונדירטע באַנדיטן. מען האָט אים צוגעפירט אויף בעסאַראַבקע. דאָרט, אויב איר ווייסט, איז דאָ אַ גרויסער אייזערנער סטויף מיט אייזערנע טרעפּ. מן הסתם נישט פאַר אייערע יאָרן פלעגט מען אין די שטאַרק־נעפּלדיקע נעכט אַרויפציִען אויף אים אַ גאַזלאָמפּ. אויף אָט די הויכע טרעפּ האָט מען פאַרוואָרפן אַ שטריק. אפשר הונדערט פאָטאָגראַפן האָבן אַראָפּגעכאַפּט אָט דעם פאָרכטיק־הייליקן אַלטיטשקן. און ער האָט נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג, געקוקט גלייך אויף זיי. דאַן האָט מען אים אַרויפגעשטעלט אויף אַ פעסל און פאַרוואָרפן אויפן האַלדז די „פּעטליע”. בעת־מעשה האָט זיך ביי אים אַראָפּגעגליטשט יענץ גלאַנצנדיקע פונעם קאָפּ און ער האָט עס נאָך פאַרריכט. דאַן האָט מען אים געבונדן די הענט אַרונטער. מיר דאַכט זיך, אַז ווען מען האָט אים געהאַלטן אין בינדן די הענט, האָט ער מיך באַמערקט צווישן דעם גרויסן עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט, און האָט צו מיר אַ ווונק געטון. דאָס האָט ער אייך אַ פּנים דעם לעצטן גרוס דורך מיר איבערגעשיקט. אַז די הענט זענען שוין געווען צונויפגעבונדן, האָט מען אַרויסגעשטויסן דאָס ליידיקע פעסל פון אונטער זיינע פיס און... פרעגט מער נישט! צענדליקער „לייקעס”* האָבן פון אַלע זייטן געהאַלטן אין איין ציאָקען און אין איין מינוט איז שוין געווען נאָך אַלעמען. איין אויגנבליק האָט אין גאַנצן געדויערט דאָס וואַרפן זיך. געהאַנגען איז ער פינף טעג מיט פינף נעכט. די גאַנצע שטאָט איז איבערגעגאַנגען קוקן אויף דעם „אוניפאָרמירטן” געהאַנגענעם; ווער מיט פרייד, און ווער מיט טרערן. עפּעס איין אינדערפרי, איך קוק זיך אום, ער איז שוין נישטאָ. קומט מיכאַאיל, וועל איך אייך אָנווייזן אויף אָט דעם שרעקלעכן סטויף. ער שטייט נאָך. אפילו דאָס טרעפל קען איך אייך אויך אָנווייזן, איך געדענק עס גוט. ס'איז מיר טיף, טיף פאַרקריצט אין זכרון: דאָס דרייצנטע פון דער ערד. די ציפער דרייצן מוז שטענדיק ברענגען מיט זיך אַן אומגליק. אָן דעם קען גאָר נישט זיין. און נאָט אייך, חבר מיכאַאיל, דאָס בריוועלע, וואָס איך האָב דערנאָך געפונען אונטערן טעצל. איך האָב דאָס די גאַנצע צייט אויסגעבאַהאַלטן אין דער איקאָנע. דאָס איז דאָס איינציקע אָרט, וווהין מיינע אייגענע פאַשיסטן האָבן נישט אַריינגעשמעקט...

אפרים־אהרון, איך שרייב דיר איבער אונדזער טאַטנס לעצטן בריוו וואָרט און וואָרט. קיין איין אות האָב איך נישט פאַרפעלט.

און אָט וואָס ער שרייבט אונדז:

---

* אַ פירמע פון פאָטאָ־אַפּאַראַטן.

„טייערע קינדערלעך מיינע!

עס קען גריילעך געמאָלט זיין, אַז מיין בריוול איז אַ קול קורא במדבר... איך שרייב... צו וועמען איך שרייב, ווייס איך נישט. נאָר עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז עמעצער פון אייך וועט נאָך אַ מאָל קומען אַהער זוכן דעם טאַטן... מילא, מה נאמר ומה נדבר, איצט איז שוין אַלץ פאַרפאַלן. איך פיל, ווי דער טויט דערנעענטערט זיך צו מיר. ס'איז מעגלעך, אַז אין אַ שעה אַרום וועל איך שוין נישט לעבן. מעגלעך, אַז אין אַ האַלבער. פאַר מיר אַרט מיך שוין נישט אַזוי, זיך שוין גענוג אָנגעלעבט. אָבער איך זע דורכן פענצטער, וואָס מען טוט מיט יונגע קינדערלעך. אוי, קינדער מיינע, ס'איז שלעכט! צו וואָס האָב איך דאָס געדאַרפט דערלעבן? ווי איך בין עס איצט מקנא מיין זעלדען, מיין זלאַטען, מיין טייבלען דערויף, וואָס זיי זענען געשטאָרבן אויף זייער בעט, וואָס זיי זענען געקומען צו קבר־ישראל. און איך?... אַך, מיינע תפילין, וואָס איך דאַוון אין זיי, זענען דאָך ר' מאָטעלע טשערנאָבילערס תפילין. איך קען מיר גאָר קיין עצה נישט געבן, ווו מען באַהאַלט זיי ערגעץ, אַז זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן צו אָט די עמלקים אין די הענט אַריין. איך רעכן, אַז דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַר זיי איז טאַקע ביי מיר, על הראש נגד המוח. ממה נפשך: וואָס עס וועט זיין מיט דער קרקפתא, דאָס וועט זיין אויך מיט זיי. העכער פינף און זעכציק יאָר געלייגט די דאָזיקע תפילין; קיין איין מאָל נישט פאַרפעלט; קיין איין מאָל נישט אַנטדרימלט געוואָרן אין זיי... אפשר בזכותם וועט זייער ערשטער בעל־הבית, זכותו יגן עלינו, מיין רבינס פאָטער, אויף מיר וועלן מעיד זיין: „קים זה, מה שכתוב בזה”... יחיאלקע, מיזיניקל מיינס! כ'האָב טאַקע נישט זוכה געווען ביי גאָט, דיך פירן צו דער חופה... שטודירן האָט זיך דיר פאַרוואָלט... קינדערלעך מיינע און ליבע אייניקלעך! ווער עס וועט נאָר בלייבן לעבן נאָך אָט דעם מבול, באַשווער איך אייך און זאָג אייך אָן בצוואת שכיב־מרע: פאַרלאָזט אָט די טמאדיקע ערד! דאָרט ווו יידיש בלוט גיסט זיך אַזוי הפקר, דאָרט ווו יידישע גופים וואַלגערן זיך אַרום אין די גאַסן כעפרא דארעא, דאָרט קען שוין פאַר אונדז קיין מאָל נישט זיין גוט. אין ארץ־ישראל, אפילו אַז מען פאַלט פון גויאישע הענט, ווייסט מען כאָטש, אַז מען איז געפאַלן פאַר דער אייגענער היים. אָבער דאָ — וואָס? ווער? וועמען? יעדער באַזונדער שינדט פון אונדז אַראָפּ די הויט אונטער אַן אַנדער אויסרעד. פאַר דריי יאָרן האָט אונדז יעזשאָוו געמאָרדעוועט; היינט — היטלער! דער איז המנס אַן אייניקל מצד אביו, און דער — מצד אמו; הצד השוה

שבהם:ביידע זוכן זיי אָפּצומעקן אונדזער נאָמען. ס'איז אונדז אָך און ווי פון אַלע זייטן. נאָר קיין ארץ־ישראל זאָלט איר פאָרן, קינדערלעך מיינע! אין די לעצטע מינוטן פון מיין לעבן, בין איך אויף אייך נאָך אַ מאָל גוזר בגזירת כיבוד־אב און בגזירת שכיב־מרע: שלאָגט אייך און דער־שלאָגט אייך צו די ברעגן פון דעם הייליקן לאַנד און דערמאָנט מיך אויך דאָרטן. פונעם הימל וועל איך אַראָפּקוקן און וועל זיך פרייען בשעת איר וועט אַראָפּגיין פון דער שיף און וועט צופאַלן קושן די הייליקע ערד —

אויף אַ מינוט צען האָב איך איבערגעריסן דאָס שרייבן...

אַ שטעכיקער קווייטש ווי אַ נאָדל האָט מיר פּלוצלינג געלעכערט דעם מח. האָב איך אַ קוק געטון פון הינטערן פאָרהענגל: וואָס איז דאָרט? און איך האָב דערזען אַ שרעקלעך בילד: דער דוואָרניק פון דעם אַקעגנ־איבערדיקן הויז שלעפּט אַ יידיש ווייבל פאַר די צעפּ. אונטערן אָרעם — פּונקט ווי מען האַלט אַ ברייטל — האַלט ער איר קינד. איך קען דאָס ווייבל, איך קען דאָס קינד. אַ קינד פון דער ברוסט. טאַקע אין דער מלחמה איז געווען דער ברית. איך אַליין בין געווען סנדק... אוים! קץ כל בשר!! די גאַנצע וועלט גייט אונטער!!! איר זאָלט זיך נישט דערוועגן דאָ מער צו וויינען. איר האָט געדאַרפט זען, ווי אַזוי די גויאישע קינדער פון די שכנים האָבן געפּאַטשט אין די הענטלעך פאַר התפּעלות, בעת דאָס יינגע־לע האָט געוויינט ביים דוואָרניק אונטערן אָרעם... מה־דאָך, אַז זיי זענען קליינערהייט אַזוינע שלענגלעך, אַזוינע בלוטדאָרשטיקע וועלפעלעך, היינט, על אחת כמה וכמה, אַז אָט די נחשים ועקרבים וועלן אויסוואַקסן... אַז זיי וועלן אַליין ווערן דעה־זאָגערס... ווער וועט קענען לעבן אין זייער מחיצה? ווער וועט קענען וווינען בשכונתם? ניין, ניין, אין אדם גר עם נחש! שאַ, איך הער אויף דער גאַס טופּען דייטשע שטיוול — מען גייט חלילה נישט אהער? גאָט פון אברהם, באַשירעם מיך און באַשיץ מיך... יאָ, אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: מען גייט דאַכט זיך אהער! אוי, קינדערלעך מיינע טייערע... צמאה לכם נפשי, כמה לכם בשרי... אוי, ווי איך וואָלט נאָך געוואָלט כאָטש איין מאָל אויף אייך אַ קוק טון... כאָטש דורך אַ שמאָל שפּאַרונקעלע... נאָר איך פיל, אַז ס'איז אַ תפילת־שוא... איך פיל, אַז דער מלאך־המות לאָקערט שוין ביי מיין שוועל... ער וועט מיך שוין פון דאַנען לעבעדיק נישט אַרויסלאָזן... אכן סר מר המות... זייט געזונט, מיינע ליבע! גאָלדענער שלמה מיינער! איצט דערמאָן איך זיך, ווי אַזוי דו האָסט זיך געבעטן, געקליאַנטשעט ביי מיר, ביי לאהן, אַז מיר זאָלן אויך פאָרן... מה נאמר ומה נדבר, אַ פּנים גאָטס ווילן איז אַזוי

געוועו, א גזרה ממעל... מי בא בסוד אלוה? ס'איז געוועו דעם שטנס א פארפירעניש, אַט דאָס גאַנצע איבערבלייבן; אַט דאָס אוועקזעצן זיך היטן די עצים ואבנים... און אַז נישט, איז דען מעגלעך זיי איינצוהיטן? אגב, מיינע טערליצער פּלימעניצעס, חנה און שפרה, האָבן לעצטנס אויך גע־וווינט מיט אונדז אויף לוואָווסקע ביי שלמהס שווער און שוויגער. און גרשון אַנאַניעוווער איז געוועו שטאַרק שוואַך. גאָט ווייסט, וואָס ביי זיי טוט זיך דאָרטן. אפשר וועל איך זיי נאָך זען. יאָ, מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז עפּעס צו רווישיק אויפן קאָרידאָר. שוין זשע גייט מען דאָס נאָך מיין נשמה? עפּעס רעדט מען צו הויך, און דאַכט זיך, אויף אַ פרעמדער שפּראַך... זאָל דאָס שוין זיין דער קץ? איך מוז זיך אויפהייבן און אַ קוק טון אין שליסללאָך, דערווייל זייט געזונט און לעבט גליקלעך אין ארץ־ישראל. אייער —

...יאָ! דאָס זענען דייטשן" —

— — — — — — — — — — — — — — —

טייערער ברודער, אפרים־אהרון, אַט ביי דעם שרעקלעכן וואָרט: „דייטשן", האַקט זיך איבער אונדזער הייליקן טאַטנס צוואה. איך האָב דיר דערפאַר איבערגעשריבן דאָס בריוועלע, ווייל אָפּגעבן עס וועל איך קיינעם נישט. וויפל מיר איז נאָך באַשערט צו לעבן, וועל איך עס שטענ־דיק טראָגן אויפן האַלדז, אפילו יום־כפור...

ווען טאַראַסאָווא האָט מיך אַרייַנגעפירט אין אונדזער טאַטנס צי־מערל — וואָס זאָל איך דיר זאָגן, ברודער מיינער? זלעפה * אחזתני! אַלץ ווי געוועו! אַזוי ווי איך זאָל ערשט נעכטן האָבן פון דאַנען אַרויס־געגאַנגען... עס האָט זיך מיר באותו רגע אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע מלחמה איז נישט מער ווי אַ שלעכטער חלום, עפּעס אַ מין גיהנום־קאָש־מאַר, און איצט האָב איך זיך שוין אויפגעכאַפּט, און ס'איז ווידער אַלץ גוט... עולם כמנהגו נוהג, אַלץ איז ווידער ווי ס'איז שטענדיק געוועו און דער טאַטע אונדזערער איז אויך דאָ, נאָר ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אין שול אַריין צו מנחה־מעריב... אָבער אַט דער זיסער דמיון איז גלייך פאַר־שוווּנדן... איך האָב תיכף ומיד זיך געכאַפּט דערויף, אַז ס'איז נישט אַלץ ווי געוועו, אַז נישט נעכטן בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דאַנען... אין יע־נעם ווינקל, וווּ עס פלעגט ביים טאַטן הענגען אַ שמורה־מצהלע און נידע־ריקער מיט אַ טפח, אָדער צוויי — דאָס חנוכה־לעמפּל פון דעם סקווירער רבינס „שמירות", איז איצט געהאַנגען אַ... אַן איקאָנע מיט אַ ברענענ־דיקער לאַמפּאַדקע... ** כאָטש וווינען וווינט דאָרט נאָך קיינער נישט, אָבער אַ פּאַטשערקע *** האָבן זיי דאָרטן שוין אויפגעהאַנגען...

---

* אַ ציטערניש, אַ פלאַטערניש, אַ טרייסלעניש.
** אַ מין קאַהאַניץ.
*** אַ בילד פון זייערן אַ הייליקן.

טאַראַסאָווא האָט מיר אָנגעוויזן דעם אייזערנעם סטויפּ, וועלכער האָט זיי געדינט פאַר אַ תּליה. איך האָב אָפּגעציילט דרייצן טרעפּלעך, כ'בין אַרויפגעקראָכן און האָב געזען דאָס אָרט, פון וואַנען עס האָט אַראָפּגעהאַנגען אונדזער ליבער טאַטע. איך האָב דאַכט זיך מיט דער צונג אַרומגעלעקט דאָס שטיקל אָרט, ווו דער טאַטע האָט אַרויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם... איך ווייס אַליין נישט, וואָס איך האָב דאַמאָלסט געטון...

פון שלמהס שווער און שוויגער; פון דעם פעטער גרשונען; פון דעם פעטער לייב כאָדאָראָוו; פון דעם פעטער מוזין מיט דער מומע לאהן; פון חנהן מיט שפרהן — פון קיינעם, פון קיינעם איז אפילו קיין סימן נישט געבליבן, אַזוי ווי נאָך אַ מבול, נאָך מהפּכת סדום ועמורה. ווען יוסף גאָרדאָנס פאָטער האָט דערזען, אַז מען גייט נאָך אים, האָט ער פאַרצויגן זיין פאַסיקל אויף אַ טשוואָק און האָט זיך אויפגעהאַנגען. די מוטער זיינע מיט דער שוועסטער האָט מען גלייך מיט אַלע יידן אָפּגעפירט אין „באַבי יאַר". אויך נחום אַדלערס עלטערן; אויך קלאַדניצקיס עלטערן; אויך אַלע גאַיסינסקיס; מיט איין וואָרט — זעכציק טויזנט יידן האָט מען פאַרפירט אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן באַבי־יאַר און שניידנדיק פון פּוליעמיאָטן זיי אַלע אומגעבראַכט. דערנאָך האָבן דייטשע זעלנער און סתם רוסן, פון די, וואָס זענען געשטאַנען ביי די זייטן און האָבן געקליבן נחת פון אָט דעם זעלטענעם פייערווערק — פאַרשיט אָט דעם אומדער־הערטן ברידער־קבר. איצט איז ער אויסגעבעט מיט שניי, די זון שיינט, קראָען טאַנצן אַרום — בנאמנות: עס גלייבט זיך עפּעס גאָרנישט, אַז אַזאַ זאַך זאָל טאַקע אין דער אמתן האָבן געשען. צייטנווייז גיט זיך מיר אַ דאַכט, אַז דאָס האָב איך מן הסתם ערגעץ געהערט אַ מעשה מיט גזלנים, נישט מער! ווילסטו, שיק אָפּ מיין בריוו די קינדער קיין באַרנאַול, ווילס־טו נישט — שיק נישט. איך האָב דערצו קיין האַרץ נישט. יוכבד שרייבט מיר, אַז איר מיט ברכהן לעבט זיך דאָרט זייער גוט. דאָס הייסט: ווערליק און פאָדליק היינטיקע צייטן, מוז דאָס שוין הייסן גוט... זי האָט מיר גע־שריבן, אַז דו האָסט זי געוואָלט אַרויסנעמען צו זיך קיין סאַמאַרקאַנד, און זיי, פאַרקערט, האָבן גאָר געוואָלט אַרויסנעמען מיין פאַמיליע פון קויבישעוו צו זיך אַהין, קיין באַרנאַול. איז מיר אַ ביסל אומפאַרשטענד־לעך: ממה נפשך — אָדער אַהער, אָדער אַהין! וואָס הייסט עס? עולים ויורדים? מיין מיינונג איז: שבו איש תחתיו! איצט איז אַ צייט, ווען יעדער איינער דאַרף זיצן „איש על מחנהו", נישט אַרומפּאָרגען „טאַפּן אַ וואַנט". ווי שטייט דאָרט: בשעת השמד — כנוס רגליך! * ווייטער שרייבט מיר יוכבד, אַז עפּעס דרייט זיך דאָרט אַ שידוך פאַר ברכהס וועגן. עס וואָלט געווען זייער אַ גלייכע זאַך. זי האָט זיך שוין געגוג אָנגעמוטשעט פאַר איר לעבן. נאָך איידער איך זע דעם יונגנמאַן, געפעלט ער מיר שוין. אין מיין אייגענער דירה וווינט עפּעס אַ גויקע. ווען איך וויל קען איך זי

* דאָ געמיינט: אין דער צייט פון פאַרטיליקונג, פון אומקום, צעלאָז נישט שטאַרק דיינע פיס. ד. ה. באַוועג זיך איבערן לאַנד וואָס ווייניקער.

אַרויסוואַרפן פון דער ווינונג, אָבער וואָס וועט עס מיר געבן? צווישן
דער וואַנט און דער שאַפע איז אַראָפּגעפאַלן דעם טאַטנס שלאָף־יאַרמל־
קע און אויך דער גרויסער, ווילנער תהילים מיט עברי־טייטש, וועלכן איך
געדענק נאָך פון קינדווייז אָן. איך האָב אָט די זאַכן אַרויסגעשאַרט פון
אונטער דער שאַפע און האָב זיי אָפּגעגעבן דער טאַראַסאָווא צו באַהאַלטן.
מער האָב איך דאָרט גאָרנישט געפונען אַזעלכעס, אַז עס זאָל אונדז דער־
מאָנען אין דעם טאַטן. הײַנט בײַ נאַכט פאָר איך אָפּ פון קיעוו אַניאָגן
מײַן פאָלק. ווי העלפט מיר שוין גאָט, אַז איך זאָל אַרײַן אין דעם דײַטש־
לאַנד; זיך אויסבאָדן אין דעם בלוט פון זייערע קינדער... ווי בין איך
שוין זוכה צו שלעפן זייערע אַלטע מכשפות פאַר די צעפּ און אויפצוהענ־
גען זייערע ווײַבלעך פאַר די אויערן. אוי, עס ברענט אין מיר אַ פײַער!
עס זידט אין מיר! עס קאָכט אין מיר! איך וויל מער גאָרנישט, איך וויל
שיסן איין און איינציקן דײַטש — אָבער דער דאָזיקער דײַטש זאָל זײַן
דער לעצטער... אַז איך זאָל וויסן — אַן עק! נישטאָ מער קיין צרעת!
אויפגערוימט! ווו ערגעץ אין אַ ווינקל אויף דער ערד, עס וועלן זיך באַ־
האַלטן רעשטלעך פונעם דײַטשן פאָלק, וועט זיי די הייליקע רויטע אַרמיי
אויפזוכן און זיי אויפשפּאַלטן די אומריינע בייכער. עס טאָר נישט זײַן
פאַר זיי אין ערגעץ: נישט קיין בית־מנוס, נישט קיין עיר־מקלט, נישט
קיין קרנות־המזבח, נאָר — מכת חרב והרג ואבדן!

אָט דאָס איז דאָס! געהאַט אַזאַ גאָלדענעם, אַזאַ געהויבענעם טאַטן...
עפּעס אַ קלייניקייט אויסצורעדן: שלום כמעלניקער, און געבליבן זענען
מיר בײַ דער יאַרמלקע...

און טאָמער מיינסטו, אַז מיט דעם אומברענגען די יידן איז חלילה
געוואָרן אַ לאָך אין שטעטל, — האָסטו דווקא אַ גרויסן טעות! נישט
נאָר, וואָס ס׳איז נישט רשומם ניכר, נאָר פאַרקערט די מעשה, — אַזוי
איז נאָך גלאַטיקער, אָן זיי איז די איינוווינער נאָך היימלעכער: קיינער
מאָזאָליעט זיי נישט די אויגן; ס׳איז נישטאָ וועמען מקנא צו זײַן; אַלץ
איז שיין, ריין, פיינטשיק, ווי אין אַן אַפּטייקל... זאָלסט אַ קוק טון, ברוי־
דער מיינער, אויף קיעוו — עולם כמנהגו נוהג! אויב נישט רעכענען דאָס,
וואָס קרעשטשאַטיק איז אַראָפּגעטראָגן געוואָרן; די גרויסע צוויי וואָק־
זאַלן — אויפגעריסן; די עלעקטראָ־סטאַנציעס — חרוב געמאַכט; עטלע־
כע זאַוואָדן — פאַרברענט; צי דאָרט עטלעכע פאַבריקן — איז כלל נישט
ניכר, אַז פון דער שטאָט זענען נעקר געוואָרן צוויי הונדערט און פופציק
טויזנט יידישע נפשות... אַלץ גייט כשורה: וולאַדימירס דענקמאָל שטייט
אויף זײַן אָרט; כמעלניצקים — אויף זײַן אָרט; שעווטשענקעס — אויף
זײַן אָרט; די טעאַטערס זענען טעאַטערס, די מערק זענען מערק, צוגן,
טראַמווייען, אויטאָס, דראָזשקעס, — די באַוועגונג איז נאָך, דאַכט זיך,
אַ גרעסערע ווי פאַר דער קריג... קורץ דערפון: דער סדר העולם איז אַ
סדר העולם ולא נודע כי באו אל קרבנה! קוקנדיק אויף די רוישיקע גאַסן;
אויף דעם ווירוואַר און אויף דעם געטומל אין די פּאַרקן; אויף דעם אוי־

סערגעוויינלעכן געווירבל אין די אויף שנעל אויפגעשטעלטע, הילצערנע וואַקזאַלן; האָט זיך מיר אויפגעמישט אין זכרון דער „צוקוק", וואָס אונ־דזער רבי, שמעיה פּאָקוטילאָווער, זכרונו לברכה, האָט געזאָגט אויף אַ פּסוק אין „איכה". עס איז דאָרטן דאָ אַזאַ פּסוק: „כי גדול כים שברך, מי ירפּא לך?" האָט דער רבי געפרעגט: — פאַר וואָס עפּעס גראָד „כים"? אַ שרפה, אַן ערדציטערניש, איז כאָטש רשומם ניכר; בלייבן כאָטש איבער סימנים פון די קאַטאַסטראָפּעס אויף אַ לענגערער צייט; דאַקעגן אויפן ים, עס מעג אונטערגיין די גרעסטע שיף אין דער וועלט, צי אפילו אַ גאַנצע עס־קאַדרע מיט שיפן, איז אין אַ רגע אַרום אפילו נישט צו דערקענען, אַז דאָ איז אַ מאָל עפּעס געשען... אַזוי איז געווען בשעת דעם חורבן אין ירמיהוס צייטן און אַזוי איז אויך איצט מיט אונדזער בראָך, די וועלט לעבט און לאַכט און מיר קענען נאָר זאָגן: בלע המות לנצח... אוי, ווי בין איך שוין זוכה אַרויפצושטעלן אַ פוס אויף דער פאַרשאָלטענער דייַ־טשער ערד; ווי בין איך שוין זוכה אַריינצוקריכן מיטן הייליקן, רוויטאַר־מייאישן שטיוול אין די בייכער צו זייערע מעוברתע ווייבער; צערייבן און צעטאָפּטשען די פאַרשאָלטענע זרע צוזאַמען מיט דער געבערמוטער; אויסראָטן, אויסקאָרטשעווען אַלע שלעכטע וואָרצלען עד תום כל הדור; אַז עס זאָל פון דער שלענגישער גזע קיין שריד ופליט נישט איבערבלייבן... אַך, מי יובילני עיר מבצר! ווי דערלעב איך שוין די גליקלעכע מינוט, איך זאָל אַריבערטרעטן די שוועל פון זייער מטרפּוליה, פון דעם פאַר־שאָלטענעם בערלין; אוי, איך וועל זיך נאָר קילן דאָס האַרץ אין די צע־קוועטשטע געהירן פון צען טויזנט דייטשע זויג־שלענגלעך... די זעלנער זייערע זעטיקן מער נישט אָן מיין דאָרשט נאָך נקמה; איך בין שוין כמעט גלייכגילטיק צו זיי; די דאָזיקע לייט האָבן שוין נישט קיין צוויי גורלות, נאָר איין און איינציקן גורל — כצאן לטבח יובל! איך האָב לחלוטין פאַר־לוירן דעם אַפּעטיט צו זיי. איך דאַרף האָבן זייערע מאַטקעס; זייערע באַב־קעס; און דער עיקר — זייערע האָנעכלעך, די יורשי־העצר... עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז ערשט אַצינד האָב איך זיך געכאַפּט אויף דעם טיפן זין פון אונדזער איליאַ ערנבורגס רוף: „אַז מיר, יידן, רעשטלעך פון די גרויזאַמע שחיטות, זאָלן מיט די אייגענע הענט זיך צעצאָלן מיטן דייטש פאַר זיינע אומגעהערטע רציחות; נישט קיין אַנדערער ווי נאָר דער קרבן אַליין דאַרף נקמה נעמען אין זיין אומברענגער, אָט דאָס וועט זיין די האַנט פון גערעכטיקייט". אוי, אפרים־אהרון, ערשט איצט, נאָך דעם ווי מיין דורכגעשאָסענע האַנט איז אַ מינוט געלעגן אויף דעם שרעקלעכן טרעפּל, אויף וועלכן אונדזער הייליקער טאַטע האָט געזאָגט זיין לעצטן „שמע ישראל", ערשט איצט איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, וואָס מיר, יידי־שע קינדער, האָבן צו טון אין אָט דעם פאַרשאָלטענעם דייטשלאַנד! מיר, יידישע זעלנער, וועלכע האָבן מיט אונדזערע קערפּערס אויסגעבעט דעם לאַנגן בלוטיקן וועג פון דער וואָלגע ביזן דניעפּר, מיר וועלן אָנצינדן יענץ לאַנד פון אַלע פיר זייטן, אַז עס זאָל פלאַמען און פלאַקערן ווי אַ

סקירדע שטרוי אין אַ תמוז־נאַכט, און זאָל גאָרנישט אויפהערן! מיט די זקנים, מיט די ווייבער, מיט די קינדער, אפילו מיט זייערע בהמות און עופות! אַלץ איז ביי זיי טמא, אַלץ איז דאָרט דורכגעווייקט מיט פאַר־ברעכן! זיי מוזן פאַרטיליקט ווערן אַזוי ווי סדום ועמורה, אָן רעשטלעך! מיר, — וואָס האָבן אין די לאַנגע יאָרן פון בלויז מפלות, איינע שווערער פון דער אַנדערער, געהאָרכזאַם אויסגעפילט יעדן מינדסטן רמז פון די קאָמאַנדירן, — ווען איצט ווערן ווידערשפּעניקע, אויב זיי וועלן אונדז פּרווון שטערן צום אויספירן אונדזער הייליקע אויפגאַבע! אוקראַינער האָבן פאַררעטן די ראַטנמאַכט; רוסן האָבן פאַרראַטן; טאַטאַרן; אוזבעקן; אַרמענער; און אפילו גרוזינער! — אָבער נישט יידן! אַנו זאָל עמעצער וואַגן צו זאָגן, אַז אַ ייד האָט זיך פרייוויליק איבערגעגעבן צום שונא אין די הענט; אַז אַ ייד איז נישט געגאַנגען אין די ערשטע רייען מיט מסירת־נפש... דערפאַר וועט ער איצט נישט אָפּטרעטן פון זיינע רעכט, אויפצורייסן די נאָרע, ווו דער טיגער, דער מאָנסטער האַלט זיך אויף... מעג אפילו דער „פּאָטער יוסף" * אַליין אונדז פאַרווערן דאָס צו טון, וועט אים דאָס מאָל קיינער נישט הערן. דעם דאָזיקן נסיון וועט קיינער פון אונדז נישט קענען ביישטייען, דאָס וועט זיין דער ערשטער פאַל אין דער דאָזיקער קריג, וואָס יידישע זעלנער זענען אומגעהאָרכזאַם, אָבער איין מאָל איבער אַלע מאָל — נקם ישיב לצריו וכפר אדמתו עמו! איך בין זיכער, אַז מיר וועלן זיך אונדזערס דערשלאָגן, מיר האָבן אַ גוטן שותף צו די קאַמפן: מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור... אויף אַ שטיקל צייט האָט ער אונדז געמאָלדן אַ שטרייק, אָבער איצט מוז ער ווידער אָנטייל נעמען אין אונדזער נקמה־מאַרש, ער מוז! מיר, די זין פון געהאַנגענע און געשחטענע, וועלן אים צווינגען דערצו מיט אונדזערע תפילות ותחנונים, מיט אונדזערע טענות־צודקות... ער מוז מקיים זיין דעם פסוק: כי דורש דמים אותם זכר, לא שכח צעקת ענוים... נאָך אָט דער גרויסער שחיטה, נאָך גאַנצע טייכן פון דם עוללים ויונקים, וועלן מיר שוין זיכער דעם שונא צעברעכן — כי רבים לוחמים לי מרום! אַלע דריי־מעלה וועלן מיט אונדז גיין אין קאַמף, אין הייליקן קאַמף, וואָס די געבענטשטע רויטע אַרמיי פירט קעגן די חיות־טורפות פון דייטשלאַנד...

כלו תפילות דוד בן ישי! שריי היינט, שריי מאָרגן, ווער אפילו צע־ריסן אויף שטיקער שרייענדיק — ס׳איז פאַר—פאַלן! אויף אייביק פאַר־פאַלן! נישטאָ מער קיין טאַטע! נישטאָ מער קיין משפחה! נישטאָ מער קיין קיעווער יידן! קיין אוקראַינער יידן! נישטאָ! נישטאָ! נישטאָ!!! איצט איז שוין גאָרנישט נישטאָ... חלמא טבא חזאי, ** און מער קיין זאַך נישט... נו, עס וועט זיין גענוג אויף היינטיקס מאָל! איך קען שוין מער נישט...

פון מיר — מיכאל".

---

* געמיינט: סטאַלין.

** „אַ גוטן חלום האָב איך געזען". פון „פתרון חלומות".

אפרים־אהרון האָט אַ קוק געטון אויף שלמהן, שלמה אויף אים. איןביידנס בליקן האָט געשטעקט איינער און דער זעלבער געדאַנק:

— ...יאָ, מען מעג שוין אָוועקפאָרן פון דאַנען! אַלע אונדזערע חשבונות מיט דער זיסער אוקראַינע זענען שוין אויסגעגליכט... נישטאָ וואָס צו רעדן: זיך נגידיש צעצאָלט פאַר דעם ברויט, וואָס מען האָט ביי זיי געגעסן...

— ...קינדערלעך האָבן געפּליעסקעט... שלעכט! דאָס איז דער סגנון פונעם קומענדיקן דור, מיט וועלכן מיר דאַרפן זיך אויסלעבן די יאָרן... מיט אָט די פּליעסקנדיקע קינדער איז אַ סכנה זיך צו געפינען אויף אַ קלענערן מרחק פון צען טויזנט קילאָמעטער...

אפרים־אהרון האָט געריסן קריעה, איז געזעסן שבעה. מען האָט אַלע געוויינט, געוויינט און ווידער אַ מאָל געוויינט —

— וואָס נאָך האָט מען געקענט טון?

*

ענדע יאָר האָבן די פּיאַטיגאָרסקים אין סאַמאַרקאַנד באַקומען נאָך אַ בריוו פון קיעוו. פון גאָדל ראַדיעצקי. אין אים איז געשטאַנען:

„טייערע יוכבד, שלמה און קינדערלעך!

ווי נאָר דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן: „אונדזערע האָבן פאַרנומען קיעוו", האָב איך ממש אויפגעהויבן דעם גאַנצן זאַוואָד אויף די פיס: „איך מוז פאָרן אַ קוק טון, וואָס עס איז געוואָרן מיט מיינע עלטערן". עס זענען אָבער געווען הונדערטער בעלנים אויף זיך דורכצופאָרן. קיין מיליטערישן זאַוואָד קען מען נישט אָפּשטעלן. פון דעסט וועגן ענדע נאָ־ וועמבער האָב איך זיך דער ערשטער אויסגעריסן אַהין צו. אָבער צו וועמען, פרעגט מיך, בין איך געקומען? איך וואָלט געזאָגט: צו די ליידיקע פיר ווענט — איז דאָס אויך נישט אמת. די ווענט זענען דווקא נישט ליידיק, עס הענגען אויף זיי איקאָנעס... נייע שכנים האָבן פאַרנומען אונ־ דזער דירה. נאָר וועמען פעלט שוין איצט די דירה? פון אונדזערע ליבע עלטערן איז אפילו קיין סימן נישט געבליבן. אַלע — אין „באַבי־יאַר". אַקוראַט אַקעגן דעם יידישן בית עולם, פון דער זייט ווו מען גייט צו די סיריעצקע לאַגערן, איז דאָ אַזאַ גרויסער־גרויסער, פלאַכער טאָל, ער זעט אויס ווי אַ לענגלעכער, טיפער טעלער, רופט מען אים דאָס באַבי־יאַר. דאָרטן איז פאָרגעקומען די גרויסע שחיטה. עפּעס איינער אַ באַוווסטער רוצח פּאַול בלאָבעל, און זיינער אַ געהילף — אָדער פאַרקערט: זיינער אַ נאַטשאַלניק — עריק קאָך, זיי האָבן דאָס מיט פּוליעמיאָטן און מיט אוו־ טאָמאַטן דורכגעשטעפּט די הערצער פון זעכציק טויזנט יידן. דאָרט, אויף דעם גרויסן יאַריד זענען אויך אומגעקומען אונדזערע טייערע עלטערן מיט זייערע שכנים און שכנטעס, איך מיין די מחותנים, שלמהס קרובים, וואָס האָבן די לעצטע צייט ביי זיי געוווינט. עס האָט מיר דערציילט אַ שכנטע פונעם צווייטן הויף, אַז דער סעקרעטאַר פון אונדזער זשילקאָפּ,

האָט אַליין אונטערגעיאָגט אונדזערע עלטערן און די איבעריקע, וואָס האָבן ביי זיי געוווינט, אַז זיי זאָלן שנעלער גיין קיין „פּאַלעסטינאַ”, און האָט טאַקע אַליין מיט זיינע שרצים זיי אָפּגעפירט אויפן זאַמלפּלאַץ. זי איז אַליין געשטאַנען דערביי, בשעת זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב. עפּעס איינער איז ביי זיי דאָרט געווען אַ קראַנקער אַלטיטשקער — איך ווייס נישט, ווער דאָס איז געווען — האָט אים דעם אוקראַינער רוצחס ווייב אָפּגעפירט צו דער שחיטה אונטער דער האַנט. די מאַמע אונדזערע, אונדזער גוטע מאַמע, האָט געהערט, אַז מען דאַרף מיט זיך מיטנעמען שפּייז, האָט זי איינגעפּאַקט אין אַ קוישל וויפל עסנוואַרג זי האָט נאָר געהאַט אין שטוב, און האָט עס מיטגענומען מיט זיך. דער טאַטע — דערציילט מיר די שכנטע — האָט זיך געווענדעט צו איר:

— איי סאָסי, סאָסי... ביז ווען איז דער שיעור צו זיין אַ נאַר? צי דו פאַרשטייסט נאָך אַלץ נישט, וווהין מען פירט אונדז? וואַרף אַוועק! טראָג זיך נישט מיט דעם! מיר האָבן שוין אונדזערס אָפּגעגעסן. גיב אָפּ דעם הונט, זאָל ער כאַטש הנאה האָבן —

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען און מער האָט זיי שוין קיינער אין ערגעץ נישט געזען. אין אונדזער דירה האָט דער צורר אַריינגעזעצט זיינעם אַ שוואָגער, וואָס איז ערגעץ געווען אַ סעקרעטאַר פון ריי־פּאַרט־קאָם * און שפּעטער — אַ גרויסער אַקטיוויסט ביי די פאַשיסטן. נאָך דערציילט זי מיר, די קריסטלעכע שכנטע אונדזערע, אַז העט־העט שפּעטער, אַ חודש אָדער צוויי אין יאָר 1942, אין איינעם אַ זאַווערוכעדיקן פאַרנאַכט, איז פּלוצלינג, ווי פונעם הימל, אַראָפּגעפאַלן צו אונדז אין הויף אַריין אונדזער הערשל: אַ גרויער, אַ מאָגערער, דאָס פּנים — צעשלאָגן, די פיס — געשוואָלן ווי די קלעצער. ער האָט געטראָגן אַ דין צעריסן אַנצוגל מיט בלויע פּאַסן. ער האָט זיך געגנבעט דורך די הויפן, געקראָכן איבער די פּלויטן. ער איז אַריין גלייך אין שטוב אַריין. ער האָט אַ פּנים געמיינט, אַז ער האָט נאָך דאָרט עמעצן. ווען ער האָט דערזען דאָס פרעמדע געזינדל מיט די איקאָנעס, האָט ער אָנגעהויבן וויינען פאַר זיי און בעטן: מען זאָל אים געבן עפּעס אין מויל אַריין אויף זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ; ער איז אַנטלאָפן פון אַן עשאַלאָן מיט קריגס־געפאַנגענע; ס'איז שוין זעקס טעג, אַז ער באַהאַלט זיך אויס אין די גערטנער, אין די שנייגריבער; די גאַנצע זעקס טעג האָט ער אַ חוץ שניי און קאָרע פון ביימער גאָר־נישט פאַרזוכט... ווען די באַלעבאַטים האָבן אים מיט שטעקנס גענומען טרייבן פון דער שטוב, האָט ער אָנגעהויבן בעטן, זיי זאָלן אים כאָטש געבן אַ ציווילן אַנצוג, כדי ער זאָל זיך קענען באַווייזן אויף דער גאַס, אָבער דער באַלעבאָס האָט אים מערדעריש נאָכגעיאָגט מיט אַ מעסער... הערשל איז אַנטלאָפן פונעם הויף און מער האָט אים שוין קיינער נישט געזען. ער איז זיכער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פאַשיסטן. טאָמער

---

* פּאַרטיי־קאָמיטעט פון אַ ראַיאָן.

מיינסטו שלמה, אַז איך האָב כאָטש געהאַט אין וועמען נקמה צו נעמען — ניין! אַט די רוצחים זענען אַלע ביז איינעם אַנטלאָפן געוואָרן מיט די דייטשן. זיי האָבן אַ פּנים גוט געפּילט, וואָס עס דערוואַרט זיי. איך האָב אויפגעזוכט עטלעכע אוקראַינער גוים, וואָס האָבן ביזן לעצטן טאָג געאַרבעט אין «M. П. B. O.» · אין די לעצטע מינוטן, איידער די דייטשן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט אַריין, איז זיי געלונגען אַראָפּצוואַרפן פון זיך די מיליטערישע קליידער און זיך אויסצומישן מיט דער ציוויל־ער באַפעלקערונג. דער דייטש האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס זענען רויטאַרמיי־ער — ווער וועט דאָס גיין מסרן אַ גוי? און איצט זענען זיי ווידער אויפן פערד, גאַנצע מיוחסים געוואָרן. געבן זיי עס מיר איבער די לעצטע ידיעות פון אונדזערע אומגעקומענע ברידער. נאָר איין זאַך קען איך נישט פאַרשטיין, ווי קומט עס, וואָס אונדזער זלמן, חיים און אברהם זענען לעצטנס אומגעקערט געוואָרן פון דער ערשטער פּאָזיציע און זע־נען אַלע דריי צוזאַמען אָנגעקומען דינען אין דער «M. П. B. O.» אַז דער דייטש איז אַריין קיין קיעוו, האָט ער אין דאַרניצע פאַרכאַפּט דעם גאַנצן שטאָב פון דעם «M. П. B. O.» צום אַלעם ערשטן האָבן זיי אָפּגעקליבן די יודן, זיי אַראָפּגעוואָרפן פונעם בריק אין וואַסער אַריין און זיי נאָכגע־שאָסן. אָט דאָס איז אונדזער סך־הכּל, יוכבד שוועסטער... מיר — אין טשעסוואַיאַ, דו — אין סאַמאַרקאַנד, דוד — אין לענינגראַד, און די יונגע עגונות אונדזערע — צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע עקן פונעם לאַנד. אָט דאָס איז געבליבן פון אונדזער גרויסער, גליקלעכער משפּחה. עטלעכע האָלעוועשקעס... איצט, שלמה, ביסט דו שוין דער עלטסטער זון און במקום אַ פאָטער. ווען דו זאָלסט דאַמאָלסט געוועזן מיט גוואַלד אַרייג־זעצן די עלטערע מענטשן אונדזערע אין צוג אַריין, וואָלטן מיר געוועזן פאַרבליבן מיט גאַנצע הערצער. ווען דו זאָלסט בעסער געווען נישט פרעגן בײַ זיי, וואָלט גוט געווען... נאָר איך באַשולדיק דיך נישט... אויב שוין יאָ באַשולדיקן, זענען מיר, איך מיט די מיידלעך, מערער שולדיק... עס קען אפשר זיין, אַז ווען מיר זאָלן די עלטערן געווען שטעלן אַן אולטי־מאַטום: אָדער איר פאָרט מיט אונדז, אָדער מיר פאָרן אויך נישט — וואָלטן זיי געווען נאָכגעגעבן, מחמת פאַר די מיידלעך האָבן זיי שטאַרק געציטערט. אָבער וואָס קומט אַרויס פון אָט די: „וואָלט איך", „זאָלט איך". איצט איז אונדז ביטער... ביטער ווי דער טויט... עס גלוסט זיך נישט דאָ איבערבלייבן, עס גלוסט זיך נישט אומקערן צו די קינדער... עס גלוסט זיך אפילו נישט לעבן אויף דער וועלט און שוין..."

יוכבד האָט זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אין דער וואַנט, געריסן זיך די האָר פונעם קאָפּ, שבעה געזעסן —

— וואָס נאָך האָט זי געקענט טון?

# קאפיטל XXXII

דער ווינטער האָט זיך געפּעלט —

דאָס יאָר 1944 האָט זיך אָנגעהויבן מיט שווידערלעכע טראַגעדיעס אויף דער יידישער גאַס. צו די פּוילישע יידן זענען ענדלעך דערגאַנגען ידי־עות וועגן דעם שרעקלעכן סוף פון דאָרטיקן גרויסן יידישן ישוב. עס האָבן אָנגעהויבן צו בריען די ליפּן אַזעלכע גרוילנדיקע נעמען, ווי: אָסוויענ־טשים, מאַידאַנעק, טרעבלינקע, בעלזשיץ. וואָס טיפער די זיגערישע און רומפּולע רויטע אַרמיי האָט זיך אַריינגעשניטן אין דעם אַמאָליקן פּוילן, אַלץ מער איז מען דערגאַנגען; אַלץ גענויערע פּרטים האָבן זיי זיך דער־וווסט וועגן דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפן; וועגן דעם אומקום פון זייערע ווייבער און קינדער; עלטערן, ברידער און שוועסטער וואָס האָט נישט צו זיך קיין פאַרגלייך אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

גאַנצע טעג און האַלבע נעכט האָבן יידן, פּוילישע און רוסישע און אַפילו בוכאַרישע, געשטורעמט דעם הימל מיט תהילים־זאָגן. מען האָט מתפּלל געווען פאַר די יידן, וואָס לעבן נאָך ערגעץ אין די לאַגערן: טיף אין דייטשלאַנד, צי ערגעץ ווו אַנדערש. גייענדיק אין אַ בין־השמשותדי־קער אָדער אין אַ פאַרטאָגיקער שעה דורך די שמאָלע סאַמאַרקאַנדער געסלעך, האָבן זיך פון די חרובע סוכות, פון די באַלכאַנעס, פון די הויפן, פון די דעכער, געטראָגן האַרצרייסנדיקע געוויינען. די צענדליקער און צענדליקער מנינים זענען געווען פול געפּאַקט — יעדער איינער האָט „דאָרט" עמעצן איבערגעלאָזט. אַלע האָבן געפּאַסט, אַלע האָבן געיאָמערט און געקלאָגט אויף דער אומגעהערטער שחיטה. דער יידישער דורכגייער האָט נישט געקענט כלאַ־ידע פאַרבייגיין אָט די פּריש־געבוירענע, פון טרערן איבערגייענדיקע „נהרות־בבל"; אָט די גלותדיקע, אין בלוטיקע טרערן אויסגעווייקטע „כותל מערבי'ס" —

פון מזרח האָט אים געלעכערט דאָס האַרץ:

...תמכור עמך בלא הון, ולא רבית במחיריהם...

און פון מערב:

...כי עליך הורגנו כל היום, נחשבנו כצאן טבחה...

און פון דרום:

...כי עליך נשאתי חרפה, כסתה כלימה פני...

און פון צפון:

...עם, שפכו לפניו לבבכם...

קול מעיר:

...הקשיבה לקול שועי מלכי ואלהי, כי אליך אתפלל...

קול מהיכל:

...ד' אלהים צבאות, עד מתי עשנת בתפילת עמך?...

ער האָט ווייטער נישט געקענט גיין. ער האָט אויפגעעפנט די טיר אין איינעם פון די קלייזלעך און איז אריינגעגאַנגען. דער גאַנצער עולם־המעשה איז כהרף־עין פארשוווּנדן געוואָרן פון זיינע אויגן, און זיין האַרץ האָט זיך בשלמות אַריינגעגאָסן אין דעם גרויסן ציבור־האַרץ, וואָס וויינט און באַוויינט די גרעסטע און די שווערסטע אבידה פון אַלע אבידות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון די יידן, וואָס האָבן געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער אַר־מיי, אָדער אין די פּוילישע באַזונדערע אָפּטיילונגען, פלעגן אָנקומען בריוו, פינצטערע ווי די נאַכט —

איייניקע האָבן געשריבן:

„אָרעמע ברידער און שוועסטער!

פאַרגעסט פּוילן! פאַרגעסט אונדזערע אַמאָליקע היימען. פון דעם אַלעמען איז נישט געבליבן אפילו קיין זכר. אַלץ איז אַוועק מיטן פייער. היטלער האָט אויסגעשאָכטן, פאַרברענט, פאַרגאַזט, צעשאָסן און לעבע־דיק באַגראָבן אַלע, אַלע ביז איינעם! מען קען אויף די פינגער איבער־ציילן די יעניקע, וואָס האָבן זיך מיט ניסים געראַטעוועט. וואָס דען, זיך אַליין אָפּנאַרן און טראַכטן, אַז אין די גרויסע דייטשע לאַגערן: דאַכאַו, בוכנוואַלד, מאַטהאַוזן, בערגען־בעלזען, טערעזיענשטאַט, און אַנדערע קאָנצ־לאַגערן — וועגן וועלכע די געהיימע סאָוויעטישע „אויגן און אויערן” * האָבן צו וויסן געטון אין שטאַב פון דער אַרמיי — זעט אויס די לאַגע אַנדערש — אויף וואָס קוקנדיק? זאָלן מיר וואַרעמען אַ האָפענונג, אַז גראָד דאָרטן לעבן נאָך יאָ יידן — איז דאָס אַ געלעכטער! אַ חוץ ווי אין ראַטנפאַרבאַנד לעבן שוין איצט אונדזערע יידן אין ערגעץ נישט... און אויב אפילו עס לעבט נאָך דאָרט יאָ עמעצער, איז ביז מיר וועלן נאָך אַ מאָל צוקומען צו יענע לאַגערן, קען מען זיי נאָך דאָרט הונדערט מאָל אומ־ברענגען... פאַרגעסט, ברידערלעך, אין אַלץ וואָס עס איז אַ מאָל געווען. וועמען עס געפעלט מיטל־אַזיע — וואַקסט דאָרטן אריין! וועמען נישט, צעפאָרט זיך ביי ציטנס — איידער עס ווערט ענג — אין די גרויסע שטעט פון דער אייראָפּעאישער טייל רוסלאַנד. ווערט איבערגעגעבענע רו־סישע בירגער, אַרבעט געטריי, גייט אפילו אין דער פּאַרטיי אריין! אויף דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ קיין זיכערער אָרט פאַר יידן, ווי אין ראַטנ־רוסלאַנד. געדענקט און געדענקט! לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון די היצ־קעפּיקע ייִנגלעך ,וואָס זענען פאַר צרות אַרויס פון די האַלאַבליעס און שרייען אין אַלע גאַסן, אַז איצט, נאָך דעם גרויסן בראַך, וועט דאָס פאָלק ישראל גיין קיין ארץ־ישראל... זיצנדיק אויף די סאָוויעטישע אויטאָס און האַלטנדיק די ערשטקלאַסיקע סאָוויעטישע ביקסן אין דער האַנט, דאַכט

* געמיינט: די אויסשפּיר־דינסט.

זיך זיי, אַז זיי זענען גרויסע ברעכערס, און זיי ווילן ליכט קענען איינ־
נעמען ארץ־ישׂראלס... דעם אמת גערעדט, קען מען אויף זיי קיין גרויסן
פאַראיבל נישט האָבן... פון צרות, — און דאָס פעלט דאָך נישט קיינעם
פון אונדז נאָך דער גרויסער שחיטה — קען מען משוגע ווערן. און זייע־
רע אַלטמאָדישע פּזמונות וועגן ארץ־ישׂראל קען מען נישט אַנדערש אָנ־
רופן ווי: משוגעת! זיי פאַרגעסן, די שנעקלעך, אַז ס'איז דאָ אַן ענגלאַנד
אויף דער וועלט; אַז ס'איז דאָ אַ האַלב טוץ אַראַבישע מלוכות אויף
דער וועלט... ניין, ניין, — אל יתהלל חוגר כמפתח! * אָט די „בחורימ־
לעך מיט די קנאָפּערס" מיינען, אַז ס'איז זיי אַ געשלעג אין שול פאַר
„אתה הראת", אָדער פאַר אַ מפטירל, צי אפילו מאַכן אַ קאָנגרעסל דאָרט
אין די באַזעלס... אויף צו פאַרנעמען אַ לאַנד, דאַרף מען קודם קענען
און האָבן מיט וואָס צו פירן קריג, און מיר זענען, גאָט צו דאַנקען, קרח
מכאן וקרח מכאן: נישט מיר קענען פירן אַ קריג; נישט מיר האָבן מיט
וועמען צו מאַכן דעם קונץ; נישט מיר האָבן וועמען אַריינצוזעצן אין דעם
לאַנד... מיט איין וואָרט: עורבא פרח, פּוסטע חלומות! קיינער קוקט אויף
אונדז נישט אַרויס און קיינער וועט אונדז נאָך אַלע „היומס" אפילו
נישט לאָזן אַריבערטרעטן זיין שוועל. דאָס האָט נאָר געקענט טון איין
ראַטנפאַרבאַנד, ווייל ער איז אונדז געטריי, ווי אַ פאָטער איז געטריי זיין
זון. ווען איר וואָלט געזען, ווי אַזוי די רויטע אַרמיי איז זיך נוקם אין
די דייטשן פאַר זיך און פאַר אונדז, וואָלט איר געזאָגט, אַז מען דאַרף
קושן דעם שטיוול פון יעדן רויטאַרמייער. אונדז יידן, אָן אונטערשייד:
פּוילישע, צי סאָוויעטישע, קאָנטראָלירט קיינער נישט. וואָס מיר זאָלן
נישט טון מיט קיין דייטש, איז גוט... ס'איז אונדז שוין נמאס ומאוס
צו קאָסטן זיי ווי די שטרוי. מען דאַרף לאָזן אַ ביסל ענערגיע אויף דאַ־
מאָלסט, ווען מיר ווילן זיך דערקלייבן צו זייערע פרויען און קינדער...
דאָרט ווו אונדזערע שוועסטער האָבן געדינט; דאָרט ווו מען האָט מיטן
מאַרך פון אונדזערע עלטערן געזייפט וועש; דאָרט ווו מען האָט מיט די
האָר פון אונדזערע פרויען אָנגעשטאָפּט מאַטראַצן און זיך געהוידעט
אויף זיי. אָך, ווי קומט מען שוין אַהין, צו די קליינינקע קאַרלס, צו
די פּיצינקע גרעטכנס, מיר זענען דאָרשטיק נאָך בלוט! מיר ווילן בוכ־
שטעבלעך אויספּילן און נאָך צענפאַכיק איבערפילן איליאַ ערנבורגס באַ־
פעל: „פאַר יעדן אומגעקומענעם זעלנער — דריי זייערע! פאַר יעדער דער־
מאָרדעטער פרוי — זיבן זייערע!! פאַר יעדער צעריסן און פאַרגאַזט קינד
— צוואַנציק זייערע!!!

אוי, ווי קומט מען שוין נאָר אַהין"...

---

* עס זאָל זיך נישט באַרימען דער, וואָס בינדט ערשט צו די שווערד צום גאַרטל,
(אויף צו גיין אין קריג) ווי דער, וואָס בינדט שוין אָפּ די שווערד פונעם גאַרטל (אומ־
קערנדיק זיך פון קריג מיט נצחון). פון פסוק מלכים.

*

כשם שאין פניהם של בני־אדם דומין זה לזה, כך אין דעותיהן שוות. *

עס זענען געווען אויך בריוו מיט אַנדערע נוסחאות. אויך פון יידי־שע פראַנטאָוויקעס:

„טייערע ברידער און שוועסטער, אָרעמע און וויסטע יתומים נאָך דעם הייליקן פוילישן יידנטום!

די האַנט לייגט זיך נישט אויף צו באַשרייבן דאָס, וואָס מיר טרעפן דאָ אויף די חורבות און אויף די קברים פון די דריי מיליאָן יידן, וועלכע מיר האָבן דאָ איבערגעלאָזט. מאַנכע שטעטלעך אָדער הייזער זענען חרוב, נאָר דאָס רוב זענען זיי גאַנץ. אָבער פון די לעבעדיקע — קיין זכר נישט! טאָמער קאַראַבקעט זיך אַ מאָל עמעצער יאָ אַרויס פון אַ גרוב, צי פון אַ וואַלד, אָדער פון אַ ברונעם, ווו ער איז געלעגן פאַרשטעקט צוויי, דריי יאָר, איז ער שוין במילא נישט ענלעך אויף קיין מענטשן. אוי־וואָ יידן, אוי־וואָ האָט מען אונדז געשטעלט צום צעטל, טאַקע ווי די אמתע בראָ־דער סוחרים! גוואַלד געשריגן! פאַר וואָס האָבן מיר אַזוי מורא געהאַט גיין צו די סאָוויעטן? פאַר וואָס האָבן מיר מיט זיך נישט מיטגענומען די משפחות? אונדזערע אַלטע זיידעס? אונדזערע פּיצלעך קינדער? אמת, אין די וועלדער פון קאָמי אַ. ס. ס. ר. האָבן מיר אויך ווייניק־וואָס גע־לעקט האָניק. מיר האָבן דאָרט גע—נוג מענטשן פאַרלוירן... גענוג, גענוג... אָבער דאָך איז אויך עמעצער געבליבן, כאָטש וויפל עס איז, אָבער דאָ איז דאָך קיי—נער נישט געבליבן! אויפגעריסענע בונקערס און פאַרברענ־טע געטאָס, אָט דאָס איז אונדזער גאַנצע ירושה. אַלע אַמאָל רוישיקע יידי־שע ישובים: הויל, נאַקעט, ווי אַן אָפּגעגאָלטער קאָפּ פון אַן אַרעסטאַנט. צייטנווייז ווערסטו גאָר מסופק, צי ס׳איז אַ מאָל אַנדערש געווען. יעדעס יידיש הייזל, וועלכעס איז על־פּי מקרה נישט אונטערגעצונדן געוואָרן — וויסט, פּוסט, פאַרלאָזט ווי אַ הונדערטיעריקער אוהל אויף אַ פאַרגעסע־נעם בית־עלמין. לויט ווי מיר פאַרנעמען ידיעות, האָבן די פּאָליאַקן אַליין זיך מער נוקם געווען אין יידן ווי די דייטשן. אפילו אויף דער אוקראַינע, וואָס אין משך פון אַ פערטל יאָרהונדערט איז זי שוין גאָר געווען אָפּגע־פאַרבט אויף רויט, האָבן אויך די אוקראַינער מער יידיש בלוט פאַרגאָסן, ווי די דייטשן אַליין. דאָס האָט איר אייך שוין דאָס גאָלדענע לאַנד, ווו אַנ־טיסעמיטיזם ווערט כלומרשט באַטראַכט און באַשטראָפט גלייך ווי קאָנ־טער־רעוואָלוציע. דאָס האָט איר אייך שוין מענטשן, וועלכע זענען אויס־געוואַקסן אין די רוסישע שולן; באַקומען בילדונג אין די רוסישע אינ־

---

* אַזוי ווי די פיזיאָגנאָמיעס פון מענטשן זענען פאַרשידן, אַזוי זענען אויך זייערע מיינונגען פאַרשידן.

סטיטוטן; דערצויגן געוואָרן אויף רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור; אויף רעוואָלוציאָנערן קינאָ און טעאַטער. דאָס האָט איר אייך שוין אונדזער נחת פון מענטשן, וועלכע מען האָט סטאַדעסווייז געפירט אין קרעמל און באַהאַנגען זייערע רוצחישע ברוסטן מיט אָרדענס. אָט די זעלבע תכשיטים האָבן מיט אַן אומגעהערטער רציחה — ווי עכט־כשרע אייניקלעך פון כמעלניצקין, גאָנטען און פעטליורען — געהאַנגען און געקוילעט יענע אומגליקלעכע יידן, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן פון די ברוינע שדים. אמת, עס זענען ווי שטענדיק און אומעטום געווען פאַרשידענע מענטשן. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס די מוראדיקע רציחות האָבן זיי שטאַרק געאַרט; עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זייער לעבן איינגעשטעלט פאַר אַ יידן; און אַזעלכע — מוז מען מודה זיין — זענען געווען אויף דער אוקראַינע אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך מער ווי אין פוילן; אָבער די גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג האָט פאַרט צוגעהאָלפן היטלערן! פאַר די פיר, פינף יאָר, זינט ער האָט אַריבערגעשפּאַנט דאַנציג, האָט ער אין אַזאַ מאָס איינגעוואָרצלט די שנאה צו יידן אין די הערצער פון די פוילישע, אוקראַאינער, ווייסרוסן, ליטווינער, לעטן, אַז פאַר אונדז, אומגליקלעכע רעשטלעך פון דער אומגעקומענער מחנה, איז שוין נישטאָ אין ערגעץ קיין ד׳ אמות, אויף וועלכע מיר זאָלן נאָך קענען לעבן במנוחה. אפילו די „קישמישנע״ אוזבעקן האָבן אונדז אויך נישט איבעריק זיס. ס׳איז נאַריש צו באַוויינען נאָר די יידן, וואָס היטלער ימח־שמו האָט אומגעבראַכט, ניין, ניין! פּונקט אַזוי שטאַרק מעגן מיר קריעה רייסן, קלאָגן און יאָמערן אויך אויף אונדזערע ברידער, וואָס זענען געפאַלן אין די רייען פון דער אַזוי באַזונגענער רויטער אַרמיי, כדי די פאַרשאָלטענע אוקראַאינישע כמעלניצקעלעך און די דרייםאָל־פאַרשאָלטענע ווייסרוסישע בעסטיעס — וואָס זענען פאַר יידן געווען פיל געפערלעכער פון די דייטשן — זאָלן האָבן פרייע לענדער; כדי די פוילישע שלענג — וואָס האָבן קאַלטבלוטיק — ניין! נישט קאַלטבלוטיק, נאָר מיט סאַדיסטישער הנאה! אויסגעראָטן אַ האַלב פאָלק אונדזערס — זאָלן קענען האָבן אַ פריי לאַנד; מען מעג אויך וויינען און קלאָגן אויף אונדזערע ברידער, וואָס זענען געפאַלן אין ליביע, כדי די מערדערישע אַראַבישע מושלים זאָלן האָבן פרייע לענדער... אַלע, אַלע האָבן זיי געלייגט די קעפּ פאַר פרעמדע אינטערעסן; מיר האָבן געמאַכט הייזונגס־בעדער פון דעם בלוט פון אונדזערע יונגע ברודער און קינדער פאַר פרעמדע פיינטלעכע פעלקער; מיר האָבן מיט אונדזערע יונגע קערפּערס אויסגעבעט דעם וועג פאַר זייער טריאומפאַלן, גליקלעכן צוריקקער — און די כנסת־ישראל קלאָגט און וויינט: „הילד איננו — ואני אנה אני באה״? צו אונדזער שאַנד און שפּאָט האָבן מיר אויסגעטראָגן און אויסגעוואָרעמט אַלע פעלקער — אפילו מפקיר געווען אַ יידישע נשמה, אַז זיי זאָלן אים קענען זיך מאַכן פאַר אַ גאָט — און דערפאַר האָבן זיי אונדז באַצאָלט מיט תליות און מיט קאַלבאַוויונס...

...זכור אדוני חרפת עבדיך, שאתי בחיקי כל רבים עמים!

...ועתה מתי אעשה גם אנוכי לביתי?

אָבער יעדע זאַך מוז האָבן אַ ברעג — גענוג! עד פה תבוא און ווײטער נישט אַ טריט. שוין יוצא געווען אַריבער און אַריבער! שוין באַצאָלט פאַר זײער הכנסת־אורחים די והותר! מיט איין וואָרט: ברידער יתומים, קלײַבט זיך אין וועג אַרײַן! צום לעצטן „לך לך"! ביז אַהער: „שמוני נוטרה את הכרמים — כרמי שלי לא נטרתי"... עד כאן! איצט נעמען מיר זיך ענדלעך צו אונדזער אײגענער „נטירה"! אָט וועלן מיר נאָר דערשטיקן היטלערן, אויסשנײַדן זײַנע קלײנע שלענגלעך, און די מיאוסע שעדבעם וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן — און אויס! מער האָבן מיר אויפן אײראָפּעאישן קאָנטינענט נישט וואָס צו טון! גענוג פאַר אונדז! שיין אָפּגעיאַרידעוועט, נישטאָ וואָס צו רעדן. אָפּגעברענט געוואָרן פונעם קאָפּ ביז די פיס. אַך, ווען מיר זאָלן זיך געווען ביי צײַטנס צוהערן צו זשאַבאָטינסקים ווײגעשרײַ: „אַנטלויפט ייִדן, פון דעם אײַנגעזעסענעם פּוילן! דער באָדן ברענט דאָ אונטער אונדזערע פיס. תל־אביב איז אונדז פיל־פיל נעענטער און טײַערער פון די נאַלעווקעס"... געווען זיך דאַמאָלסט צוהערן און פאָלגן, וואָלטן מיר אַצינד פאַרמאָגט ווײניקער מיט אַ פּאָר מיליאָן קברים; וואָלט געווען ווײניקער זײַף אין דײַטשלאַנד, און ווײניקער הענטשקעס פון מענטשנהויט... נישטאָ וואָס צו רעדן, מיר האָבן זיך פײַן אויסגעהאַנדלט. קײנער קען אַ מענטשן נישט טון דאָס, וואָס ער אַליין טוט זיך. פאַרפאַלן! צוריק כאַפּט מען נישט! און איצט — צײַט זיך צו דערמאָנען, אַז מיר האָבן אויך אַ פאָטערלאַנד. דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט אברהם־אבינו צוגעזאָגט, פאַרפיקסירט אין דער תורה און פאַרפּראָטאָקאָלירט. ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן, לאָמיר זײַן גרייט צו נעמען דאָס פּעקל מיטן שטעקל און זיך אַוועקלאָזן אויף מסירת־נפש צו אונדזער פאַרגעסענער מאַמע ציון. אַהין, אויף מזרח, ווו אונדזער גליק האָט אַ מאָל געשײַנט; ווו אונדזערע העלדן האָבן אַ מאָל געקעמפט; ווו מיר זענען אַ מאָל געווען גלײַך מיט אַלע מענטשן, און אַ מאָל — נאָך גלײַכער... אפשר וועט אונדזער בײזער גאָט זיך איבערבעטן מיט אונדז, און וועט סוף־כל־סוף אַ שמײכל טון אויך אין אונדזער זײַט אַרײַן. אמת, ביי וועמען, אומשטײנס געזאָגט, איז ער שוין געבליבן? מיט וועמען זאָל ער זיך שוין איבערבעטן? ווער זענען מיר געבליבן און וואָס זענען מיר? אָבער פון דעסט וועגן זענען מיר דאָך אויך אײניקלעך פון אונדזערע אבות־הקדושים; זײער בלוט, דם קדושים וטהורים, רינט אין אונדזערע אָדערן; און בשוב ד', אַז מיר וועלן זיך נאָך אומקערן אין דעם לאַנד פון די אבות, וועלן מיר אפשר אויך שענער ווערן. עס וועט פון אונדז דאַמאָלסט אָפּפאַלן די גראָבע שאָלעכץ, די טומאה פון די גלותן און דאַן וועט דער עתיק־יומין זיכער חרטה קריגן אויף דעם מבול, וואָס ער האָט אויסגעגאָסן אויף זײַן אָרעם פאָלק.

נפלה נא ביד ד׳, כי רבים רחמיו, וביד אדם (אפילו סטאלין) אל אפולה! אונדזער ליבער גאָט, חק נתן ולא יעבור: נאָך אַ שטאַרקן שטור־רעם מוז קומען אַ ליכטיקע זון! אָט וועט איר אומיסטן זען, אַז איצט, אחרי המגפה, וועט זיך שוין דער אייבערשטער מרחם זיין אויף די רעשט־לעך פון די רעשטלעך, ושנת גאולי באה... שטיי אויף, ישראל! גורט אָן דיינע לענדן, הענג אויף די טאָרבע אויפן אַקסל, נעם דעם שטעקן אין דער האַנט און זייט גרייט צום סיגנאַל. „במשוך היובל, המה יעלו בהר״! אַז דער רו־סישער ראַדיאָ וועט אָנזאָגן דער וועלט די בשורה: „געפאַלן דייטשלאַנד!״ — זאָלט איר זיך אַלע אויפהייבן כאיש אחד און זיך אַוועקלאָזן אין מאַרש קיין ציון. דאָס פאָלק האָבן מיר פאַרלוירן, אָבער דאָס לאַנד נישט — והארץ לעולם עומדת! און טאָמער וועט ענגלאַנד זאָגן: זי לאָזט נישט... אָ! זי וועט דאָס איצט נישט וואַגן צו זאָגן. זי וועט מורא האָבן פאַר גאָטס צאָרן... און אונדזער צאָרן האָט אויך עפּעס די ווערט... מיר האָבן שוין נישט וואָס צו פאַרלירן... דעם גאַנצן גיפט פון אונדזערע פאַרסמטע נשמות וועלן מיר, דאַכט זיך, אויסגיסן אויף איר... נאָר איך גלייב נישט, אַז עס זאָל גאָר קומען דערצו. טשערטשיל האָט אין לאָנדאָן, אויף אַ יו־בילײ פון אַ יידישער צייטונג געזאָגט מיט די ווערטער: „דאָס יידישע פאָלק האָט מער פון אַלע פעלקער פאַרלוירן אין דעם קריג, און וועט מער פון אַן אַנדער פאָלק געווינען אין דעם קריג״. איצט זאָגט אַליין: וואָס האָט ער געקענט מיינען מיט זיין הבטחה, אויב נישט דאָס, אַז מען וועט אַלע יידן, אָן אַן אויסנאַם געבן די מעגלעכקייט אָנצוקומען קיין ארץ־ישראל?

— אָבער ווי דערלעבט מען דאָס שוין?... אוי, כשל כח הסבל״ —

# קאַפּיטל XXXIII

דער צווייטער טיפּ בריוו האָט פיל שטאַרקער געווירקט אויף די פּוילישע יידן... קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט איבערבלייבן אין רוסלאַנד. נישט די גוטע פרנסות, נישט די גלייכבאַרעכטיקייט, נישט דאָס פריי באַוועגן זיך — קיין שום זאַך האָט נישט געקענט גובר זיין זייער גוואַלדיקן ווילן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד; אַליין מיט די אייגענע אויגן זען און זיך איבערצייגן, אַז פון דעם אַמאָליקן לעבן איז טאַקע באמת גאָרנישט איבערגעבליבן, און דאַן — אויב ס׳איז טאַקע אמת, אַזוי ווי די בריוושרייבערס שרייבן — נעמט מען זיך פאַר די הענט און מען גייט קיין ציון, נאָך ארץ־ישראל! יעדער איינציקער פּוילישער ייד האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט כמעט יעדן טאָג צו באַזוכן די „ז. פּ. פּ.”* און גענוי געוואויר צו ווערן: ביי וואָס האַלט דאָס? ווען פאָרט מען? די „ז. פּ. פּ.” האָט אַלעמען געהייסן זיין גרייט צום פאָרן זיך צוריק באַזעצן אין דעם באַפרייטן פּוילן. צו דעם צוועק האָט דער פאַרבאַנד געמאַכט זיבענערליי רעגיסטראַציעס. די נ. ק. וו. ד. פון איר זייט, האָט אויך דורכגעפירט עטלעכע מינים רעגיסטראַציעס פון פּוילישע בירגער. עס האָט זיך געפילט אין דער לופט, אַז עס וועלן אפשר פאַריבער נאָך דריי חדשים, נאָך זעקס — נאָך ניין! אָבער סוף־כל־סוף וועלן די פּוילישע יידן טאַקע אַוועקפאָרן אַהיים „צו זיך”, אויף די אייגענע קברים!

שלמה האָט אָנגעשריבן אַ בריוו קיין טשעסוואַיאַ, ביי סווערדלאָווסק, צו זיין שוואָגער און צו די שוועגערינס:

„טייערער גאָדל, לאהקע און אַלע איבעריקע!

איך קום איצט צו אייך מיט אַ מאָדנעם פאָרשלאַג, אָבער דאָך זאָלט איר אים גוט־גוט דורכטראַכטן, איידער איר וועט באַשליסן, וואָס צו ענטפערן. הערט מיט קאָפּ און מיט האַרץ: די מלחמה גייט צו ענדע. די רויטע פאָן רייסט זיך צום רייכסטאַג. נאָך אַ האַלב יאָר, נאָך אַ יאָר, אָבער עס וועט סוף־כל־סוף אָנקומען פרידנסצייט. דאַן וועלן מיר זיך דאַרפן אומקערן אין אונדזערע היימען און ווידער איינפירן דאָס פאַרמלחמהדיקע לעבן. אָבער איצט שוין — אָן טאַטע־מאַמע, אָן אַלע אייערע ברידער. וואָס זשע פאַר אַ טעם קען שוין האָבן דאָס לעבן, אַז שבת צו נאַכטס וועלן זיך שוין ביי אייך אין שטוב מער קיין מאָל נישט פאַרזאַמלען אַלע קינדער? אַז מען וועט זיך שוין קיין מאָל נישט דאַרפן זיך איילן צום טאַטנס קידוש, צום טאַטנס הבדלה? אַז מען וועט שוין מער קיין מאָל נישט דאַרפן צוהעלפן דער מאַמען ברענגען צו טראָגן דעם קאָשיק פונעם מאַרק? די מיידלעך אייערע זענען שוין דערוואַקסענע. שוין צייט פאַר זיי, אַז זיי זאָלן חתונה האָבן. אָבער אָן עלטערן... און בכלל נאָך דעם, ווי האַלב פון אונדזער יוגנט האָט געלייגט דעם קאָפּ פאַרן זיג — ווע־

---

* פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן. אַן אָרגאַן, וואָס האָט זיך געשאַפן אין ראַטנפאַרבאַנד נאָכן אָפּמאַך מיט סיקאָרסקין.

מען קענען זיי שוין נעמען? וואָס פאַר אַ יידישן טעם קען דאָס שוין האָבן? על כן, הערט זיך צו און באַמיט זיך מיך ריכטיק צו פאַרשטיין: מיין טאַטנס גאַנצע פאַמיליע, און אויך איך מיט מיין פאַמיליע, פאָרן מיר פון דאַנען אַוועק מיט די פרעמדע יידן, וואָס געפינען זיך דאָ — אַהין צו, אין יענעם „קאַלכאַז", וווהין איך האָב פאַר דער מלחמה געזאָלט אָפּפירן די בראָשקע. איר פאַרשטייט מיך שוין אודאי. קיין פינגער אין מויל דאַרף איך אייך דאָך נישט אַריינלייגן. און איך לייג אייך פאָר, אַז איר זאָלט אויך מיט אונדז מיטפאָרן. שיקט מיר צו אייער הסכמה מיט אייערע פאָטאָגראַפיעס, וועל איך אייך באַזאָרגן פּראָפּוסקן און לאָמיר זיך שוין מער נישט צעשיידן. דוד שרייבט אונדז, אַז מען וועט אים דעמאָביליזירן די ערשטע שעה נאָך דער מלחמה, שיקט מיר צו אויך זיין פאָטאָגראַפיע. וועלכע פון די שוועגערינס, וואָס האָבן נישט די מאַנען, עס איז מסכים מיט אונדז מיטצופאָרן, שיקט מיר צו אויך איר פאָטאָגראַפיע. דאָס פאָרן קען ערשט אודאי אויסקומען אין אַ יאָר אַרום, אויב נישט נאָך מער, אָבער גרייט דאַרף מען זיין מיט אַלץ. מיר זענען שוין אַזוי אויך גענוג צעקלאַפּט, לאָמיר זיך כאָטש מער נישט צעברעקלען און פאָרן צוזאַמען און לעבן צוזאַמען און זוכן אַ טרייסט צוזאַמען אין דעם גוואַלדיק־גרויסן כלל פון אַלע חרוב געוואָרענע יידישע משפחות. יענץ אָרט, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ, פאַרמאָגט אין זיך אַזעלכע וויטאַמינען, אַזאַ צויבערקראַפט, אַז אין אַ געוויסער מאָס וועט דאָס אייך זיכער פאַרבייטן אייערע אומגעבראַכטע עלטערן און אייערע אומגעקומענע ברידער. זעט, וועגט פאַר־זיכטיק איבער אַלע פּראָצענטן: „פאַר" און אַלע וואָס „קעגן", ענטפערט, נישט געאיילט, עס איז נאָך דאָ גענוג צייט. דאָס איז אַ לעבנס־פראַגע, און אַ שאַנס, וואָס איז שוין זיבן און צוואַנציק יאָר נישט געווען און וועט בלתי ספק נאָך זיבן און צוואַנציק יאָר נישט זיין. איך קען נישט שרייבן ברייטער אויף דער טעמע... פאַרגעסט נישט אינעם שמאָלן שטעמפּעלע, * וואָס מען לייגט אַרויף אויף די בריוו. מיין טאַטע זאָל לעבן, וואָס זיצט דאָ איצט ביי דער זייט, הייסט מיר אַפילו נישט אָנשרייבן דעם ריכטיקן אַדרעס פונעם אָפּשיקער, נאָר אַן אוזבעקישן אַדרעס פון דער הפטורה. נאָר מילא, דאָס זענען אומזיסטיקע מרה־שחורהס. ביי אַזאַ שלל מיט בריוו, וואָס קומט אַצינד אָן אין יעדער שטאָט אַריין, ליגט זיי נאָר דער קאָפּ ביי גיין איבער־זעצן פון יידיש פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ... אין אַ יובל יאָרן וואָלטן זיי אויך נישט פאַרטיק געוואָרן. נאָר גאָרנישט, שטאַרק צעלאָזן די צונג קען מען אויך נישט, די לחכימא ברמיזא... איך מיט יוכבדן בעטן אייך און וויינען פאַר אייך: וויליגט איין אויף מיין פאָרשלאַג! מיט אייערע עלטע־רע ברידער, ווען זיי וואָלטן געלעבט — מיט הערשלען, מיט אהרלען, מיט חיימען אָדער אברהמען, צי אַפילו מיט זלמנען, וואָס איז געווען גאַנץ וווייט פון נאַציאָנאַלע סענטימענטן — וואָלט איך אין אַזאַ פראַגע לאַנג נישט געדאַרפט איינטענהן מיט זיי, מיט זיי וואָלט עס צוגעגאַנגען:

---

* געמיינט: דעם צענזור־שטעמפּל.

משכני — אחריך נרוצה... אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז דער הימל האָט אונדז אַזוי האַרב געשטראָפט, און די צרת־רבים איז נישט נאָר נישט קיין חצי־נחמה, נאָר פּונקט פאַרקערט: נאָך אַ תשעה באב; נאָך אַ בכיה לדורות... יעדער אומגעקומענער ייד — ווער ער זאָל נישט זיין — טוט מיר וויי גלייך, ווי מיינע אייגענע הרוגים, פּילט אָן מיין האַרץ מיט גיפט, מיט סם־המות אויף אייביקע יאָרן. אָבער וואָס האָבן מיר פון זיי צו רעדן? חבל על דאבדין, און מער גאָרנישט... וואָס די ערד האָט צוגע־דעקט (אויב זי האָט נאָך צוגעדעקט...) איז פאַרפאַלן. און נאָך מער, ס'איז אַפילו אַ גזירה אויפן מת, שישכח מן הלב. אָבער מיר, לעבן גע־בליבענע, דאַרפן זיך ריכטיק אָריענטירן אין דער ניי געשאַפענער סיטוי־אַציע. איצט פאַרזען אַ גאַנג, משל למה הדבר דומה? דאָס הייסט: זיך אַליין אויסשרייבן אַ מאָט אויף אַלע יאָרן. * «Вставай! Поднимайся!» און לאָמיר פאָרן! אַ הייפעלע מענטשן, גלייבט מיר, נאָר אַבי קלוגע, האָבן אַ מאָל די ווערט מער פון אַ גאַנצער קאַוואַליעריסקע דיוויזיע, וואָס האָט נישט פאַר זיך קיין גוט־דורכגעטראַכטן פּלאַן. קלערט נישט לאַנג, לכו ונלכה! אייערע עלטערן אין הימל וועלן זיך שטאַרק דערפרייען דערזעענ־דיק אייער אַנטשלאָסענעם שריט..."

*

ווענע־צייט איז שלמה געפאָרן אין קאָמאַנדיראָווקע קיין אַלמאַ־אַטאַ און איז אַגב־אורחא אָפּגעטרעטן אין דזשאַמבול, ביי זיינע קיעווער פריינד, די סוקאַלסקיס.

אויף דער נאַכט, ווען די קינדער זענען זיך צעגאַנגען ווער שלאָפן און ווער אין שטאָט אַריין, האָט ער געבעטן די פרוי סוקאַלסקי, אַז זי זאָל פעסט צומאַכן די פענצטער און פאַרשליסן די טיר, און אַוועקזעצנ־דיק זיך קעגן זיי, איז ער גלייך צוגעטראָטן צום עיקר־העיקרים:

— זאָגט מיר, נח און נחקע, איר ווייסט, אַז אַצינד איז די צייט אַ קלער צו טון וועגן ארץ־ישראל?

נח האָט אים לאַנג באַטראַכט:

— ארץ־ישראל, זאָגסטו? ווער גיט עס איצט אין דער מלחמה פּאַס־פּאָרטן קיין ארץ־ישראל?

— אַנדערש שטייט נישט אָן דעם טאַטן דיינעם צו פאָרן, נאָר אויף אַ פּאַספּאָרט? און אויב מען דאַרף פאָרן אַלס אַ פּוילישער איטשע־מאיר, אָדער אַ הערש־מיילעך — וועסטו נישט אויפעסן?

נח האָט אויף אים אויסגעטראַשטשעט אַ פּאָר אויגן:

— אַך, אַט דאָס גאָר מיינסטו? זעסטו, דאָס איז מיר גאָר נישט איינ־געפאַלן...

— ווי באַלד אַזוי, ביסטו דאָך טאַקע אַ חכם אַ ייד ר' נח, למאי זאָל

* שטיי אויף! הייב זיך אויף! — ווערטער פון אַ פּאָפּולערע, רעוואָלוציאָנערישער ליד.

איך זאָגן... דאָס זעלבע, צוליב וואָס מענטשן האָבן זיך יאָרנלאַנג געוואַל־גערט ביי קאַלינינס שוועל און האָבן בפירוש נישט געפועלט, וועט מען עס איצט מאַכן פאַר קליינע עטלעכע טויזנטערס, און מען וועט זאָגן אי־וואַנען אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע...

— אָבער זיי וועלן דען פאָרן קיין ארץ־ישראל? מען וועט זיי דאָך שיקן נאָר ביז פוילן —

— ניין, דו האָסט אַ טעות. יידן וועלן אַצינד נישט איבערבלייבן אין פוילן, ווען מען זאָל זיי אפילו אָפּגילטן. אַלע זענען זיי איצט פאַר־יתומט, אַרומגעפליקט און אַרומגעשינדן פון זייערע משפחות און פריינד. יעדנס נשמה לעכצט איצט נאָך אַ צערטל, נאָך אַ מוטערלעכן גלעט, נאָך אַ טרייסטוואָרט, און גראָד דאָס איז איצט קיינער נישט אומשטאַנד זיי צו געבן, נאָר דער ארץ־ישראל־ייד, וועלכער איז ברוך־השם אַרויס פון דער מלחמה טרוקן, וועלכער האָט אפילו קיין איין דייטשן פּרצוף פאַר די אויגן נישט געזען. אַלע וועלן זיי איצט גיין אויף דעם דאָזיקן וועג, און מיר וועלן דערוויי̆ל האָבן דאָס גליק מיטגעכאַפּט צו ווערן מיטן שטראָם. נישט מער —

— וואָס — נישט מער?

— נישט מער, זאָג איך, וואָס אין איין זאַך מוזסטו זיך אָפּגעבן אַ געגויעם דין וחשבון. קיין שום מקח־טעות טאָר דאָ נישט זיין... אין אונאה לקרקעות... דו פאַרשטייסט, וואָס איך מיין? רוסלאַנד איז אונדזער געבורטסלאַנד; רוסלאַנד, מיט אַלע חסרונות וואָס זי האָט, זיצט זי פאָרט ביי יעדן פון אונדז טיף אין האַרצן, און אויב מיר וועלן אַוועקפאָרן, וועלן מיר בלתי ספק אַ מאָל אויך אַ בענק טון נאָך די היגע מקומות... אַנדערש קען דאָס גאָר נישט זיין! ווייטער איז דאָס איבערפאָרן די גרע־נעץ אויך אַ ביסל איינגעשטעלט. מען ריזיקירט אין שלעכטן פאַל — מיט צען יאָר, אויב נישט — מיטן גאַנצן לעבן! און קומען קיין ארץ־ישראל וועט אויך זיין נישט אַזוי לייכט... עס זענען שוין דאָ אַזוינע שלעק, וואָס זיי לוינט נישט, אַז קיין ארץ־ישראל זאָלן זיך צונויפפאָרן צו פיל יידן... היינט פאַרגעס נישט נאָך אַ זאַך: דאָ ביסטו דער זעלטענער בוכהאַלטער, און דאָרט — ווייס איך נישט! דאָ קענסטו רוסיש, אוקראַיניש, יידיש און אפילו קאַזאַכיש, הער איך, קענסטו שוין אויך, אָבער אפילו קיין איינע פון אָט די אויסגערעכנטע שפּראַכן נוצט נישט אַהין צו. מיר פאָרן אַהין שטומע מענטשן, שפת לא ידעתי אשמע... ביז מיר וועלן דאָרט ווערן באַרעדעוודיק, קען דויערן אַ היפּש ביסל. און בכלל... חוץ דעם אַלעמען... דאָ ווייסטו שוין ווי אַזוי צו מסחרן; דו ביסט שוין געווווינט צו זיין אַ גביר, און דאָרט, אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, זענען מיר: בטלנים, מלמדים; דאָרט, זיי ווייסן, זענען מיר: כניאָקעס, יאָלדן... די פוילישע יידעלעך, זאָלן זיין געזונט און שטאַרק, וועלן אונדז אויסלאַכן און אויס־פייפן: פאַר אונדזער ראַיעלקייט, פאַר אונדזער יושר... פאַר אונדזער אַלט־מאָדישער איינגעבוירענער נאַאיווקייט...

— ווען נישט דאָס, וואָס איך ווייס, אַז דו ביסט דו, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס רעדט אַ מסית ומדיח, אַ קאָמפּעריִשער בעזבאָזשניק, אַ געדונגענער שוואַרצזעער פון דער יעווסעקציע...

שלמה האָט אָפּגעשוויגן נח'ס פאָרוואורף, און ווען יענער איז אָנגעשוויגן געוואָרן, האָט ער ווייטער גערעדט מיטן פריערדיקן, שווערוואָגיקן טאָן:

— ...היינט, אַ חוץ אַלעמען, האָט אפשר די ראַטנמאַכט — און באַזונדערס נאָך אָט דעם לעצטן מבול — נישט פאַרדינט ביי אונדז, אַז מען זאָל פון איר אַנטלויפן, און זי פאַרראַטן, אויב נישט —

אין צימער איז געהאַנגען אַ שווערע שטילקייט. דאָס פאָרפאָלק האָט מיט ברענענדיקע אויגן זיך איינגעגעסן אין דעם פנים פון זייער יונגן מורה־דרך.

— ...אויב נישט, זאָג איך, מיר זאָלן אין דעם פאַל, ווי אין אַלע ענלעכע פאַלן, קענען קאָנסטאַטירן דעם פאַקט: אַז אַ ייד וויל אַזוי אַרומער צוריק ווערן אַן אמתער ייד! דאָס איז דער איינציקער תירוץ, וועלכן מען קען מוטיק און דרייסט ענטפערן אפילו אויך דעם פּאָליטביוראָ אַליין!

...„איך וויל פריי דינען מיין גאָט און ביי אייך קען איך דאָס נישט אויספירן; איך וויל לערנען מיינע קינדער תורת־משה — און ביי אייך איז דאָס פאַרבאָטן שוין העכער פינף און צוואַנציק יאָר! איך וויל עסן כשר פליישן; איך וויל אויף סוכות האָבן אַן אתרוג; איך וויל אויף פסח האָבן מצות; איך וויל זיך שבת פירן, ווי משה־רבנו האָט אונדז געהייסן; איך וויל חודש תשרי נישט אַרבעטן; מיט איין וואָרט: איך וויל גיין אין די וועגן פון מיינע גלייביקע עלטערן! ביי אייך דאָס אויסצופירן איז אוממעגלעך, און עס וועט שטענדיק זיין אוממעגלעך. אַזוי האָט אייך מאַרקס אין אַ בייזער שעה אָנגעשריבן אויף דער פאָן און קיינער פון אייך וואַגט נישט צו פאַרריכטן זיין פאַרגרייזטע טעאָריע, אַז „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק". אַרויסגייענדיק פון אָט די אַלע מסקנות, נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעוויגן און איבערגעמאָסטן מיינע הייליקע פליכטן אַלס ייד, און אייער קאַטעגאָריש ניין־זאָגעריי, האָב איך אויסגעפונען, אַז איך מעג מיט אַ רואיק געוויסן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. איך מעג און איך דאַרף און איך טו אַזוי! איך זאָג זיך אָפּ פון מיין געבורטסלאַנד לטובת מיין פאָטערלאַנד! ביי אייך וועל איך זיך אַלע יאָרן מוזן פאַרשטעלן, סימולירן, אָפּנאַרן, און איך וויל נישט זיין קיין מאַראַן, איך וויל אָפן דינען מיין גאָט"...

אָט דאָס איז די איינציקע טענה, וואָס מיר אַליין, בינו לבין עצמו, קענען זי אַנערקענען פאַר אַ גערעכטער. אפילו ווען מען זאָל אונדז אַוועקשטעלן פאַר אַ אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל פון די גרעסטע יוריסטן אין

דער וועלט — איז אונדזער ארגומענטאציע א גענוגנדיקע, א וואגיקע און א גערעכטע!

מיר וואלטן אים געזאגט, דעם טריבונאל:

— היטלער האט אויסגעשאכטן א העלפט פון מיין פאלק. משמעות, אז יעדער ייד דארף איצט ענטפערן נישט בלויז פאר זיך אליין, נאר אויך פאר דעם אומגעקומענעם חבר, וואס שטייט הינטער אים און וואס וועט אים שוין באגלייטן זיין גאנץ לעבן. און אט דער „זיווג" מיינער, ווע־מענס פארשניטענע יארן איך דארף אויסלעבן, באפעלט מיר שטרענג, וואס שטרענגער קען גאר נישט זיין: „בלייב א ייד מיטן פולן מויל — כי לכך נרצחתי! על כל פנים דארף דאס זיין דער פועל־יוצא פון מיין אזוי פריצייטיקן טויט!"

מיר וואלטן אים געזאגט, דעם טריבונאל:

— היטלער האט אומגעבראכט דאס שענסטע און דאס בעסטע פו־נעם יידישן פאלק. איצט דארף יעדער איינציקער ייד טראכטן פאר דעם קיום פון דער גאנצער נאציע, ווען נישט — קען זי חלילה אונטערגיין! ווייל עס זענען געבליבן געציילטע. אפילו „אחד מעיר ושנים ממשפחה" — אויך נישט. על כן, ווילן מיר זיך, קודם כל, אומקערן צו אונדזער גאט! נו, אין דעם לאנד, ווו מיר זענען געבוירן געווארן, איז אזא זאך — ווי איר ווייסט אליין גאנץ גוט — אוממעגלעך. דאס איז קעגן די גרינטלעכע פרינציפן פון דער מלוכה, דערפאר גייען מיר טון דאס זעלבע, וואס אונ־דזער פאטער יעקב האט געטון, ווען ער האט זיך ארומגעקוקט, אז ער וווינט שוין צו לאנג ביי לבנען אין שכנות; אז ער געפינט זיך שוין צו לאנג מיט די „גאסטפריינדלעכע" בני לבן אונטער איין דאך... מיר פאר־לאזן דאס שטיפפאטער־לאנד און גייען צוריק אהיים, אין לאנד פון אונ־דזערע עלטער־עלטער־זיידעס...

אויב מיר ווען טענהן די דאזיקע טענה, דאן זענען מיר גערעכט. דאן הייסן מיר נישט קיין פאררעטערס פון אונדזער געבורטסלאנד. אבער טאמער מיינען מיר מיט אונדזער יציאת־רוסלאנד נאר דעם סיר־הבשר, נאר די בזת־הים, נאר כדי צו מאכן בעסערע ביזנעס, כדי דארטן צו ווערן מיליאנערן, דאן הייסן מיר יא פאררעטער. דאן האבן מיר די ווערט די הארבסטע שטראף. דערפאר פרעג איך ביי דיר, נח: פארלאזנדיק רוס־לאנד, וועסטו זיך אויפהערן צו גאלן די באָרד — נאר שערן? וועסטו אויפהערן צו רויכערן א פאפיראס אום שבת? וועסטו ביי זיך אין שטוב איינפירן א כשרע קיך? וועסטו אנטון ציצית און תפילין? וועסטו אנ־הייבן לערנען דיינע קינדער „מודה אני", און „שמע ישראל"? אויב יא, דאן מעגסטו פארן, נאך מער — דאן דארפסטו פארן! דאן איז ארץ־ישראל אן אן ערך בילעכער פון דעם ראטנפארבאנד. אבער טאמער זאגס־טו נאר אזוי, און אין הארצן מיינסטו צו ווערן דארט א ראטשילד; אויס־צוגעבן דיין טאכטער פאר א מאגנאט, דאן טארסטו נישט פארן! דאן וועסטו במילא נישט מצליח זיין... יא, בראטיעץ, אזוי האלט איך! איידער

א ייד הייבט זיך אויף אויף אזא געפערלעכן אופן משנה צו זיין דעם „מקום", מוז ער קודם זיך אליין גוט־גוט א טאפ טון ביים דופק, צי ער איז אן אמתער מכיר את מקומו... כ'מיין — דעם „מקומו של עולם"... את המקום, ברוך־הוא...

די סוקאלסקים האבן מאדנע געפינטלט מיט די אויגן און האבן אויס־געמיטן איינער מיטן צווייטן זיך צו באגעגענען מיט די בליקן. שלמה האט א שמייכל געטון צו זיך אליין:

— ס'איז מיר קשה אויף דיר, נח, וואס דו פרעגסט מיך נישט קיין ווידער אנאנד: הלמאי שטעלט מען נישט ארויס די זעלבע פאדערונגען אויך צו די פוילישע יידן? און דו ווייסט דאך זיין טייער גערעכט. אין ס'איז דאך טאקע אמת: צווישן זיי זענען דא נאך גרעסערע גוים פון דיר. דער תירוץ איז אבער: עבדים היינו לפרעה במצרים... צווישן אונדז און זיי איז, פארשטייסטו מיך, פאראן א שטיקעלע חילוק: יענע פארראטן נישט זייער פאטערלאנד. מיט רוסלאנד זענען זיי קנאפע מחותנים, און פוילן וויל זיי גארנישט האבן ביי זיך. ביי אונדז אבער ברודערקע, איז די מעשה א קאפעטשקעלע אנדערש. מיר דארפן האבן ביי זיך גאר אן אנדער חשבון־הנפש. ווארט א מינוטקעלע, איך וויל דיר כלל נישט זאגן, אז אין ארץ־ישראל גופא זענען ביי היינטיקן טאג פאראן בלויז פרומע יידן. אומגעקערט! איך גליב — ניין, איך בין מער ווי זיכער — אז דארטן זענען אויך פאראן גענוג חפשיים, אבער אימפארטירן יידישע גוים פון דער פרעמד, דארפן מיר נישט! מיר וועלן האבן גענוג דאס, וואס עס איז שוין דארטן פאראן גרייטס...

— הער אוים שלמה, קיין מומר להכעיס בין איך נישט, ווייסטו דאך... איך האב דיר שוין לאנג געזאגט און חזר עס דיר איבער נאך א מאל: המקום גורם! די סביבה! די געזעלשאפט! אויב איך וועל זיך געפי־נען אין א יידישער סביבה, וועל איך זיין גוט און פרום גלייך מיט אלע, און פארן וויל איך דווקא יא! קיין קיעוו זיך אומקערן איז מיר עפעס א שרעק. וואס דען, זיך וואלגערן אין דער פרעמד? איז איידער אזוי, איז שוין, דאכט זיך, גלייכער צו פארן אהין, וווהין דו זאגסט... וואס, נישט אזוי?

און נאך א קורצער הפסקה:

— ווי אזוי זשע, זאגסטו, דארף מען דאס מאכן? דאס מוז דאך מן הסתם זיין נישט קיין לייכטער קונץ, הא?

— מאכן דארף מען דאס אט ווי אזוי! מען דארף אנפרעגן ביי די פוילישע יידן —

— אנטשולדיק, וואס איך שלאג דיר איבער אין מיטן די רייד. גליב מיר אויף מיינע נאמנות, אז איך קען זיך נישט נאענט אפילו מיט קיין איין פוילישן יידן —

— דו ווילסט פארן צוזאמען מיט מיר און מיטן טאטן?

— א שאלה א ביסל! ער פרעגט נאך —

— וועל איך שוין פאר דיר אלץ מאכן, אזוי ווי פאר אונדז אליין.

— אַך, דאָס איז זייער מענטשלעך פון דיין זייט. אָט דאָ זע איך אַן אמתן גוטן ברודער! אָבער דאָך בין איך זייער ציקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי אַזאַ זאַך ווערט געמאַכט; ווי אַזוי דאָס אַלץ וועט פאָרקומען?

— דאָס וועט פאָרקומען אָט ווי אַזוי: מאָרגן וועסטו מיר געבן צו פיר, פינף פאָטאָגראַפיעס פון אייך אַלע, און קומענדיק קיין סאַמאַרקאַנד. וועל איך שוין ווי עס איז אַליין קריגן פאַר אייך פוילישע דאָקומענטן. דאָס זענען אייגנטלעך אפילו נישט קיין דאָקומענטן, נאָר „אשר יצרלעך", ספּראַווקעס אַזעלכע פון די לאַגערן: פון אירקוטסק; פון פּעטשאָראַ און פון אַנדערע אַזעלכע פריילעכע ערטער. קינדער ביז זעכצן יאָר שרייבט מען צו צו די עלטערן. אויפן סמך פון אָט די דערמאָנטע ספּראַווקעס ווערן שוין געמאַכט סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן מיט אייערע בילדער, אין וועלכע עס ווערט אומבאַדינגט אָנגעגעבן אַ נאָמען פון אַ פוילישער שטאָט אַלס געבורטסשטאָט. אָט דיביידע דאָקומענטן ווערן פאַר אַ „בעבור שנדר" רעגיסטרירט אין „ז. פּ. פּ." מיט אַ דאַטע פון צוויי יאָר צוריק, און ערשט דערנאָך גייט די הויפּט־אָפּעראַציע: די אָפּטאַציע! * אָט די גאַנצע דאָקומענטאַציע דאַרף דערלאַנגט ווערן אין דער נ. ק. וו. ד. נאָר שרעק זיך נישט! עס זענען שוין דאָ אַזעלכע פוילישע יידעלעך, וואָס פאַר געלט מאַכן זיי דאָס אַלץ. און ערשט דאַן, ווען די גאַנצע פּראָצעדור איז שוין בשלום דורכגעמאַכט און מען האָט שוין די דאָקומענטן אָפּגעגעבן אין רעכטן מקום, דאַמאָלסט גייט שוין דער לעצטער, און שיר נישט דער שווערסטער אַקט: דאָס מאַכן פּראָפּוסקן ביז לעמבערג. ווייל פאָרן צוזאַמען מיט די פוילישע יידן, גלוסט זיך מיר זייער נישט. צו וואָס טויג אונדז צו ריזיקירן מיטן לעבן זיבן, אַכט טויזנט קילאָמעטער ביז דער גרענעץ, אַז מיר קענען פאָרן ביז לוואָוו אויף אונדזערע אייגענע דאָקומענטן, און ערשט איינשטייגנדיק אין צוג, וואָס גייט אָפּ קיין פוילן — אַוועקוואַרפן די רוסישע דאָקומענטן, אָדער זיי פאַרניכטן... דו פאַרשטייסט? ווייטער: ווי נאָר עס גיט זיך מיר איין צו מאַכן די פּראָפּוסקן, אַזוי פאָרן מיר גלייך אַוועק. דו מיט דיין פאַמיליע וועסט זיך שוין ווי עס איז אַריבערכאַפּן קיין טאַשקענט, — אַז מען שמירט, פאָרט מען — און איך וועל שוין באַזאָרגן צו מנשה כאָדאָראָוו דיינע פּראָפּוסקן קיין לוואָוו. עס פאַרשטייט זיך, דאָס איז גערעדט געוואָרן אין דעם פאַל, אויב מיר וועלן נישט וועלן פאָרן דורך מאָסקווע, נאָר דורך באַקו. ווייטער: אַזוי ווי דו באַקומסט פון מיר צוגעשיקט קיין דזשאַמבול אַ קיעווער אַדרעס, וווּ דו דאַרפסט זיך מיט מיר דאָרטן טרעפן, דינט דאָס דיר פאַר אַ סיגנאַל, אַז דו דאַרפסט תיכף ומיד אַרויספאָרן, און די פּראָפּוסקן וואַרטן שוין אויף דיר אין טאַשקענט. דו דאַרפסט מיר נאָר מיטגעבן פאָטאָגראַפיעס, און אויפשרייבן פּינקטלעך אייערע נעמען מיט די נומערן פון אייערע פּאַספּאָרטן. אָט דאָס איז אַלץ —

---

* בוכשטעבלעך: נעמען זיך די ברירה. אין דעם פאַל געמיינט: דערלאַנגען אַ דעקלאַראַציע וועגן דעם אויסוואַל צווישן דער סאָוויעטישער בירגערשאַפט און דער פוילישער.

— יאָ־אָ־אָ... אַ שווערע אָפּעראַציע... אַ קאָמ—פּלי—ציר—טע... אָבער איך וויל זי דורכמאַכן — דו הערסט? אומבאַדינגט! ווען איך זאָל אפילו וויסן, אַז איך וועל קומען אַהין אין איין העמד... דו הערסט?

שלמה לאַכט מיט הנאה און מיט צופרידנקייט:

— צי איך הער, דאַרפסטו נישט פרעגן... כּדי פון דיר צו הערן אָט דעם „איך וויל", בין איך ספּעציעל געקומען אַהער. פאָטאָגראַפיעס האָסטו פאַרטיקע, צי מען דאַרף ערשט מאַכן?

— קיין גרייטע האָב איך גראָד נישט, נאָר דאָס איז אַ פראַגע פון איין שעה צייט. אַז דו וועסט דאַרפן פאָרן צום צוג, וועט אין די בילדער קיין מניעה נישט זיין. יאָ, זאָג מיר גוטער ברודער, וויפל אַ שטייגער דאַרף אָפּקאָסטן אַזאַ „אתה הראת" פון יעדן איינעם באַזונדער?

— פּינקטלעך קען איך דיר נישט זאָגן, אָבער מער־וויינקער קען מען באַרעכענען: אַ לאַגערנע ספּראַווקע קאָסט איין טויזנטער, אַ מאָל טרעפט, אַז אַנדערטהאַלבן. דאָס איז געוועגדט, אין וואָס פאַר אַ הענט זי שטייט איין. מאַכן אַ פּאַספּאָרט אויפן נאָמען פון דער דאָזיקער ספּראַווקע — העכסטנס צוויי טויזנט רובל, און אפשר נאָך וויניקער. ווייטער: רעגיסטרירן זיך אין „ז. פּ. פּ.", דאָס איז אַ וואָלוועלע משקה. פינף, זעקס הונדערטערס פאַר אַ קאָפּ, איז איבערגעזאַלצן. פאַר דער אָפּטאַציע אין דער נ. ק. וו. ד. איז שוין דאָ אַ טאַקסע: דריי טויזנטערס — אַ גראָש; נישט וויניקער! אי דאָס איז דאָס נאָך אַ מציאה־גדולה, ווייל דאָס איז גאָר־גאָר נישט קיין לייכטע אָפּעראַציע. מען מוז אונטערשטעלן אַ פּיקטיוון מענטשן, און „ביז איבער דער מים" אַריינקלעפּן זיין בילד אין פּאַספּאָרט. דערנאָך צוריק איבערבייטן די פאָטאָגראַפיעס. וואָס טויג דיר, ס'איז אַ שיין שטיקל אַרבעט. דעם האָנאָראַר זייערן פאַרדינען זיי כשר וישר. נו, און דערנאָך דער גרויסער בער: אַ פּראָפּוסק אויף מערב־אוקראַינע, דאָס איז אויף ראַיעל אַ קימאַ־לן פון אַכט טויזנט רובל פון אַ קאָפּ. אי דאָס, אויב עס לאָזט זיך מאַכן. עס טרעפט אַ מאָל, אַז אין דעם דאָזיקן מעכאַניזם ווערט קאַליע אַ שרייפעלע, דאַמאָלסט קען מען נאָר רעדן צום באַלקן. אָט דאָס איז דאָס! אומגעפער קען מען רעכענען אַ פופצן אלפים פון אַ קאָפּ ביז דער גרענעץ. אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, גע־ווינלעכע הוצאות־הדרך: אַ בילעט, אַ מתן־בסתר, אַ דאָס, אַ יענץ —

— דאַרף איך דאָך דיר מיטגעבן אַוועלכע זעכציק טויזנטער. קיין סאָוויעטיש געלט האָב איך גראָד אַצינד נישט, נאָר דאָלאַרן. וועסט דו זיי שוין דאָרט פאַרקויפן.

— איך דאַרף נאָך דערווייל נישט אָנקומען צו דיין געלט. מיר וועלן זיך שוין צערעכענען אויף דער שיף. איך פאַרמאָג נאָך דערווייל אויסצולייגן פאַר דיר. איצט, חברים סוקאַלסקי, גיט מיר אייערע הענט, לאָמיך זיי אַ דריק טון. איך האָב שטענדיק געוווסט, אַז נח איז אַ מאָלאָ־דיעץ, אָבער פון דעסט וועגן זע איך ערשט איצט, אַז ער איז טאַקע גאָר־גאָר אַ גרויסער מאָלאָדיעץ —

# קאפיטל XXXIV

אומקערנדיק זיך פון אַלמאַ־אַטאַ אַהיים, האָט שלמה בפירוש געהאַט די מעגלעכקייט אַריינצופאָרן גלייך קיין אורסאַטיעווסק און אַזוי אַרום אויסמיידן אַ היפּשן בויגן אַרום טאַשקענטער גאַרטל, אָבער ער האָט דאָס מאָל נישט געזוכט זיך איינצושפּאָרן אַ שטיק וועג, אים איז דאָן געלעגן אויפן קאָפּ גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש —

אין דעם זעלבן אָוונט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין טאַשקענט, איז ער געזעסן ביי מנשה כאַדאָראָוו אין קיביטקע און מען האָט צוזאַמען געגעסן וועטשערע. חוץ דעם בעל־הבית מיטן גאַסט זענען נאָך ביים טיש געזעסן: גאָלדע, מנשה דעם רבס שוועסטער און שיינע־צירל די רומענערין, מנשהס ווייבל.

אין מיטן צימער, רעכטס פונעם טיש, האָט זיך געדרויכערט אַ מיט ליים באַשמירטע „רומינקע".* פון דער מעוברתער „רומינקע" האָט זיך איבער דער שטוב צעטראָגן אַ געשטאַנק פון אייזלשע גללים,** געמישטע מיט „זשוזשעליעס".*** מען האָט צעפּראַלט דאָס פענצטער, אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. דער פעטלעכער, שטיקנדיקער טשאַד האָט זיך, דאַכט זיך, צוגעקלעפּט צו די ווענט ווי אַ פּלאַסטער צו אַ מכה; ווי אַ גוט־אויסגעקנעטענער פּיפּאַלעק פון קעמלשער צואה, וועלכע די אוזבעטשקעס פּאַטשן צו צו די דרויסנדיקע קיביטקע־ווענט...

די סעודה איז באַשטאַנען פון מעדנים בלויז מזמרת־הארץ: קודם כל רעטעך מיט בוימל; דערנאָך בלויע פּאָמידאָרן באַפּעפּערט און באַווירצט מיט כל המינים אַזיאַטישע תבלין; און צום סוף — דאָס אומבאַדינגטע אוזבעקישע „ראַסלפלײשל": שטיקלעך „ליעפּיאָשקע", וואָס זענען געווען איבערגעוואָרפן מיט זויערן קעז. אַנשטאָט לעפל־גאָפּל איז אויפן טיש געשטאַנען אַ לאָזע־קוישעלע מיט צוגעפּיילטע שפּענדלעך פון אַלע מינים גרייסן. דאָס „אָרעמע מאָלצייט" האָט זיך, כסעודת־שלמה בשעתו, געצויגן אומענדלעך לאַנג. מנשה האָט זיך ביים גאַסט געניי אויסגעפרעגט וועגן דעם לעבן אין סאַמאַרקאַנד. ער אַליין האָט אויך דערציילט ארוכות וקצרות וועגן דעם יידישן לעבן אין טאַשקענט.

— דאָס יידישע סאַמאַרקאַנד — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ כאַדאָראָווסקע שמייכעלע — האָט טאַקע צוגענומען ביי טאַשקענט די בכורה, מען קען זאָגן: דעם „כתר־כהונה", אָבער פון דעסט וועגן וועלן מיר נישט פאַרשעמט ווערן אויך מיט די טאַשקענטער ישיבות, מיט די טאַשקענטער מקואות און מיט די טאַשקענטער מוסדות־הצדקה... שלמה, דו הערסט יאָ,

* אַ בייכיק טשוגונען אייוועלע.

** געטריקנטע קיזיאַקעס.

*** איבערגעברענטע שטיינקוילן, אָדער ערדקוילן.

וואָס מען רעדט צו דיר, צי דער קאָפּ ליגט דיר ערגעץ דער רוח ווייסט ווו ביי דיינע געשעפטן? עפּעס זיצסטו דאָ ווי אויף אַ פרעמדער פור, צי עס דאַכט זיך מיר נאָר אויס?

מנשה האָט געקענט שלמהן אויף דורך און דורך. ער האָט אין אים איצט אויך קיין טעות נישט געהאַט. שלמה איז ווירקלעך געזעסן ביים טיש ווי נישט בהאי עלמא. צו שיינע־צירלס מאכלים האָט ער זיך אפילו נישט צוגערירט מיטן שפּענדל. ס'איז אים איצט עפּעס נישט געקראָכן אין האַלדז אַריין קיין עסן. אָט דעם מנשהס אַבסאָלוטע רואיקייט — כאָטש ער האָט אים על רגל אחת מגלה־סוד געווען פון נח'ס באַשלוס — האָט אים עפּעס אי געוווּנדערט, אי געשראָקן. איידער ער איז געקומען קיין טאַשקענט איז ביי אים מנשהס הסכמהדיקער ענטפער געווען אַ זיכערע זאַך; מאליו מובן, אַז ער וועט אפילו לויפן אַ באָרוועסער, ווי עס שטייט אינעם „געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען": משכני — אחריך נרוצה! ווי דען? ווי קען זיין אַנדערש? אַזוי האָט ער גערעכנט געפינענדיק זיך מיט אים פון דער ווייטנס, אָבער איצט, זיצנדיק מיט אים כתף בכתף האָט ער עפּעס אין גאַנצן אָנגעוווירן די דאָזיקע זיכערקייט, נאָך מער — ער האָט גאָר באַקומען פּאַר אים פּחד... אָט דער ייד מיט דער געלער באָרד, וואָס עסט אַזוי פּאַמעלעך און באַישובט די דאַרע שטיקלעך „ליעפּיאָשקע" מיט „טרוּ־קענער מילך", * איז עפּעס געווען אי יאָ מנשה דער רב, מנשה כמעלני־קער, אי נישט מנשה. פאַר די פּאָר יאָר, וואָס זיי האָבן זיך צעשיידט: ער קיין סאַמאַרקאַנד און יענער קיין טאַשקענט, איז ער עפּעס מוראדיק נשתנה געוואָרן. אין זיינע תנועות, אין זיינע דיבורים האָט זיך באַוויזן עפּעס פרעמדס, עפּעס פיינטלעכס, עפּעס כלל נישט קיין כמעלניקדיקס... און אפשר דאַכט זיך אים דאָס נאָר אויס? ס'איז דען שמענדיק די חקירה, אַז אַ גאַסט קומט אויף אַ ווייל און זעט אויף אַ מייל?

שלמה האָט זיך אָנגענומען מיט געדולד און האָט געוואַרט מיטן „לאַנגן שמועס" אויף נאָכן עסן. וואָס קען מען העלפן? דרך־ארץ קדמה לתורה — אין משיחין בסעודה!

ערשט ווען די באַלעבאָסטעס האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ער־טער, איינע האָט צוגערוימט פונעם טיש און די צווייטע האָט דערלאַנגט פיר ערדענע טעפּעלעך מיט טיי און אויף צוצובייסן — אַ גאַנצן „גאַס־טראָנאָם": אי ווייסן בורעק; אי „מהיכי־תיתי־צוקערלעך"; ** אי געטרוקנ־טע וויינשל פאַר אַ „נותן טעם", ערשט דאַמאָלסט האָט שלמה זיך אָנגע־נומען מיט מוט צו עפענען דאָס מויל. ער האָט דערשטיקט אין זיך זיין

---

* אַזוי רופן אָן די אוזבעקן דעם שיטערן קעז, וואָס זיי פירן אַרויס אויף די מערק אין לייוונטענע טאָרבעס.

** גלעזערנע מאָנפּאַסיע, וואָס פלעגן אפילו אין דער הייסער טיי נישט אַרויסגעבן פון זיך קיין שום זיסקייט.

שווערן פֿאַרגעפֿיל און אַננעמענדיק מנשהן ביי דעם שפּיץ פֿון דער באָרד אים געפֿרעגט:

— נו, מנשה, פֿאָרן מיר צוזאַמען קיין ארץ־ישראל, האַ?

— אודאי און אודאי... מיט משיחן, אם ירצה השם...

— וואָס פֿאַר אַ משל איז אַהער... איך רעד פֿון דער זאַך ערנסט און איר מאַכט אייך גאָר אַ שפּאַס —

— משיח איז דיר אַ שפּאַס? דו! אפּיקורוס דו...

שלמה האָט אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויף מנשהס האַנט און האָט צו אים געזאָגט בתפֿילה ובתחנונים:

— מנשה, פֿאָלגט מיך און ווילט נישט זיין קלוגער פֿון דער גאַנצער וועלט. אַ וועלט פֿאַרט — פֿאַרט אויך... אל תעשה חשבונות הרבה...

— שוטה, וואָס לייגסטו זיך אַזוי אַוועק, אַז איך זאָל דווקא טון ווי דו ווילסט? האָסט מורא, אַז דו וועסט אַליין דעם וועג נישט טרעפֿן? צי טאָמער וועט אָן מיר קיין מנין נישט זיין? זיי זיכער, עס וועט דאָרט זיין אַ שיינער עולם אויך אָן מיר און דו דאַרפֿסט מיך נישט צורעדן... ילכו איש בשם אלהיו... קוים האָב איך געזאָגט: ניין, בלייבט עס: ניין!

שלמה זיצט אומבאַהאָלפֿן כגבר אין אונים. ער פֿילט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן, עפּעס רעדן, צוליב אָט דעם שמועס איז ער דאָך אָפּגעטראָטן אין טאַשקענט, אָבער וואָס קומט אַרויס דערפֿון וואָס ער דאַרף — והדיבר אין בו! ער האָט עפּעס גאָר קיין דיבורים נישט... אַ שטייגער, וואָס זאָל ער אים זאָגן? אים צורעדן? מנשהן — צורעדן? צו ארץ־ישראל — צורעדן? קליינע מענטשעלעך מיט פֿלאַכע מח׳לעך איז שייך צוצורעדן און איינצורעדן, אָבער מנשהן! אַזאַ ענק־הרוח, אַזאַ אָפֿענעם מח, ווי אָט דער מנשה פֿאַרמאָגט — וואָס זאָל ער אים זאָגן און וואָס קען ער אים מחדש זיין? מנשה ווייסט אַליין אויך גאַנץ גוט די געהויבנקייט פֿון דעם ענין „ישיבת ארץ־ישראל" ותרי"ג מצוות התלוים בה און ער, שלמה, האָט נישט אפֿילו קיין העקעלע צו וואָס זיך צוצוטשעפּען... עס העלפֿט אָבער נישט! צי זיין רעדן וועט דאָ עפּעס פּועל זיין, צי ניין — איז נאָך אַ גרויסער ספֿק, אָבער: לא מצאתי לגוף טוב — משתיקה; פֿון שווייגן וועט דאָך אודאי און אודאי קיין שום גוטס נישט אַרויסקומען!

ער הייבט אָן צו רעדן און אין זיין קול ציטערן טרערן:

— אוי, מנשה, מנשה... ליבער, האַרציקער מנשה... זייט נישט קיין געברענטער עקשן, קיין געבראָטענער, און זאָגט: „יאָ", נישט: „ניין"... באַרעכנט אַליין: דער זיידע שלום איז שוין נישטאָ; פֿון מיינע חברים איז אויך נישטאָ קיינער אויף אַ רפֿואה; וואָס דען, איר איינער... אחד יחיד ומיוחד... אחד מעיר ואחד ממשפּחה... עס גייט מיר ממש אום דאָס חיות, אַז איר זאָלט אויך פֿאָרן... אודה ולא אבוש, איך האָב אין דעם אַ גרויסע פּניה, איך בין דאָ אַן אמתער נוגע בדבר. מנשה, ווער ווייסט נאָך אַזוי גוט ווי איר און אייער גאָלדע, אַז איך האָב אויף מיין לעבן קיין קינדעריאָרן נישט געהאַט... ביי דריי, פֿיר יאָר האָט מען מיך אַריינגעשטעקט אין חדר

אריין... אַ יינגעלע מיט אַ נישקשהדיק קעפּל טאָר נישט פּטרן קיין צייט אויף דברים־בטלים... האָט מען מיך טאַקע נישט געלאָזט זיך מסיח־דעת זיין פון דער גמרא לא בהקיץ ולא בחלום... דאַן האָט אָנגעהויבן גיין די פּרשה: „באַנדיטיזם“ און מען האָט מיך פאַרוואונדעט... גלייך פונעם אָפּעראַציע־טיש בין איך אָנגעקומען צום טיש פונעם רבי שמעיה, עליו השלום... ווי־דער אַ פינצטערער חדרל פון ד' על ד' און שווערע גמרות מיט טויזנטער דפים, וואָס בייגן אַראָפּ דאָס שוואַכע קערפּערל נעענטער צו דער ערד... און תוך כדי דיבור — די יאַרידים! און גלייך נאָך זיי — דער אוטיל! די ספרים! דאַן דאָס וויסטע שוסטערוועגן אין „פאַנטאַפּל“ און באַץ — די טורמע! ווען איך קריך אַרויף אויף אַ בערגל, שטעל מיך אויף אויף די שפּיץ פינגער און קוק מיך אום אויף צוריק, אויף מיינע אָפּגעפּאַרענע וויאָרסטן, זע איך ערשט, אַז איך בין גאָר קיין מאָל קיין קינד נישט גע־ווען... קיין מאָל קיין יוגנט נישט געהאַט... פון דער העלער הויט איז אַרויסגעשפּרונגען אַ דערוואַקסענער בחור מיט דערוואַקסענע צרות... דער אומפאַרגלייכלעכער כשוף פון די קינדערטרוימען; דאָס באַאומרואיקנדיקע געזאַנג פונעם נאַכטיגאַל אין די סעדלעך אויפן דאָרף; דער גאָלדענער סוד פון אַ שיפל אויף דער מיט פונעם טייך אין אַן אויסגעשטערנטער זומער־נאַכט; דאָס איינרוימען אַ סודעלע פון די כוכבי־שחר פאַר טאָג אויפן גע־לעגער — אָט דאָס אַלץ איז דורך פאַרביי מיר... אָט דאָס אַלץ האָט מיך אויסגעמיטן, פונקט ווי אַ בעל־עגלה מיידט אויס אַזאַ קרעטשמע, וועלכע איז שטענדיק פאַרנומען פון גרויסע אדונים...

שלמהס קול ווערט אָפּגעהאַקט, ווי עמעצנס גראָבע פינגער וואָלטן אים צונויפגעקוועטשט דעם קנה. אַ קורצע ווײַלע הערשט אַ שטילקייט אין צימער און דאַן, נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם, מיט אַ קול דורכ־געווייקט פון צער, הייבט שלמה ווידער אָן:

— אויב איך האָב אין מיינע יונגע יאָרן פון דעסט וועגן אַמאָל־אַמאָל יאָ געהאַט מינוטן, וועלכע זענען אויף אייביק פאַרבליבן הייליק אין מיינע גנזי־נסתרות, זענען זיי אַלע ענג פאַרבונדן מיט אייך, מנשה! אויב עס איז געווען אַ שמיקל גאָרטן — זענט איר געווען דער גערטנער; אויב עס איז געווען אַ שמיקל שיפל — זענט איר געווען דער רב־החובל... מנשה, אַ רוח אין אייער האַרץ אַריין! ביי מיר גייט דאָס בלוט פונעם האַלדז און ער שמייכלט זיך אונטער אין די וואָנסעס... איר ווייסט אַליין אויך גאַנץ גוט, אַז איר זענט שטענדיק געווען דער פּטום פון מיין האַרצן; מיין נר־נשמה! פון זינט איך האָב אייך דערקענט גייט מיר נאָך אָט דעם מנשהס „דמות דיוקנו“* און קאָנטראָלירט מיך אויף יעדן טריט און שריט; צו וואָס איך זאָל זיך נישט נעמען, שטעלט זיך ביי מיר נישט ווילנדיק די פראַגע: און וואָס וואָלט מנשה דערויף געזאָגט? און ווי אַזוי וואָלט מנשה געטון אויף מיין אָרט? איצט פאַרשטייט איר שוין, וואָס

* אָפּבילד, פיזיאָנאָמיע.

איר באַטייט פאַר מיר? — כאשר ישאל איש באורים ותומים! איר וועט מיר גלייבן? אַז איך דערמאָן נאָר דעם נאָמען: מנשה — בפועל ממש: שמא קא גרים! — אָדער אַז איך גיב אויף אייך אפילו נאָר אַ קוק — אָט דאָ אַ פּנים שטעקט דער סוד; די באַהאַלטענע סגולה פון: „והיו עיניך רואות את מוריך" — קוקט אויף מיר אַראָפּ פון אייער פּנים: כמעלניק; זווענינאָראָדקע; דער גענעראַלשעם פּאַרק; דער טשיזשיוועקער שליאַך צווישן די הויך־שטייענדיקע תבואות; יענע דמיונות־פּולע נעכט פון דער בלוטיקער „סאַמאָאָבלאָזשעניע"; דער אין האַרצן איינגעבאַקענער רבי שמעיה... און דער עיקר: טאַקע איר אַליין... „מנשה דער רב"... „מענדל פּערלאָוו"... פּאָרט איר מיט מיר — פּאָר איך אָן אדם־השלם! פּאָרט מיט מיט מיר גאַנץ כמעלניק! אַלע מיינע קינדעריאָרן!! מיין גאַנצער עבר מיט האַק און פּאַק!!! דאַן בין איך דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט! טאָמער אָבער בלייבט איר חלילה איבער דאָ, איז — את נפשי אתה קובע! דאַן פּאָר איך אַהין צו אַ פּאַרטיקע קאַליקע, אַן אייביקע קאַליקע... שמייכלט נישט! איך בעט אייך, שמייכלט נישט!... איך זע דאָ כלל נישט פון וואָס מען קען דאָ אַזוי זיס שמייכלען. ס'איז נישט קיין גוזמא: טאָמער פאָר איך אָן אייך, איז עלעהיי — ויאכל חצי בשרי! קוים נעמט איר זיך אָן מיט אכזריות און מאַכט אָט דעם פּרוד־הלבבות — שניידט איר אָפּ ביי מיר אַ האַלבע נשמה און קלעפּט זי צו אויף אָט די אומריינע ווענט צווישן די ליעפּיאַשקעס פון קיזיאַקעס... אַזוי פיל צענדליקער יאָרן געוואַרט דער־רויף, און איצט, אַז גאָט האָט געהאָלפן... איצט, שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה, אַז מען קען אַרויסשטעקן אַ נאָז אויף יענער זייט טויער; אַצינד, אַז יעדער איינער פון אנ"ש * — אם בעל־נפש הוא! אויב ער האָט נאָר אַ מח בקדקדו! — זאָגט צו זיך אַליין: אחישה מפלט לי מרוח סועה, מסער; איצט, אַז — איך ווייס נישט אין וועמענס זכות — עס זענען נשתנה געוואָרן מעשה־בראשית; עס האָט זיי פאַרשטעלט די ראיה מיט דער שמיעה; יידן זאָגן אָפּ בלחש דעם „הפח נשבר ואנחנו נמלטנו"; מקלם ותרמילם בידם, די פיס אויף די פּלייצעס און מען מאַכט „ויברח"; גוואַלד געשריגן! „כל ימי הייתי מצטער... מתי יבוא לידי ואקיימנה, ועכשיו שבא לידי — טאַקע ממש: לידי! — לא אקיימנה?" נעמט איר אין אַזאַ שעת־הכושר, אין אַזאַ שעת־רצון און זאָגט אויף זיך: הריני מונח לפניהם כאבן שאין לה הופכין... סטייטש, סטייטש, איר גיט זיך דען אָפּ חשבון, וואָס איר גייט דאָ טון? די דאָזיקע אַזוי געראָפענע: „מעגלעבקייט"; דער דאָזי־קער אַזוי גערופענער: „תרעין פתיחין" ** וועט דאָך לאַנג נישט געדויערן; דאָס איז דאָך בחסד אל נאָר אַ שטראַל, אַ פונק; דאָס איז דאָך נאָר אַ שפּאַרונקעלע, אַ קופא דמחטא, *** און ווען אָט דאָס „קופא'לע" וועט

* אנשי־שלומנו, חבריא, גוטע ברידער.

** „אָפענע טויערן".

*** אַ לאָך פון אַ נאָדל.

פֿאַרשטאָפּט ווערן, — און דאָס וועט דאָך זיכער אַזוי זײַן! דערויף קען איך אײַך שווערן בנקיטת־חפץ, — דאַמאָלסט וועט איר זיך פֿאַר ווײַטיק אויסרײַסן אײַער גרעל־גראָ בעזעמבערדל... עס וועט בײַ אײַך זײַן: יגון בלבבי יומם... ולילה ולא דומיה לי...

— שלמהלע מײַן קינד, עס זענען אַרויסגעוואָרפֿן דײַנע קלוגע רייד... אמת, ס'איז דיר טאַקע שווער זיך מיט מיר צעשיידן אויף אייביק... און מײנסט, מיר? אפֿשר איז מיר אויך שווער... איך זאָג דאָס דיר גלײַך... איך וויל גאָר דערפֿון קיין סוד נישט מאַכן — צו וואָס? און גלייב מיר, אַז אין מײַן ניין זאָגן פֿאַרנעמט קיין שום פּלאַץ נישט דאָס, וואָס אויף אַזאַ נסיעהלע דאַרף מען מן הסתם האָבן קורחס אוצרות בלויז אויף הוצאות־הדרך —

— אוי־וואַ! עיקר שכחתי: איך נעם אײַך אויף מײַנע הוצאות ביז איר וועט אם ירצה השם קומען אל המנוחה ואל הנחלה... איר דאַרפֿט נישט צעשנורעוועט אײַער בײַטעלע, איר דאַרפֿט בכלל נישט טראַכטן פֿון גאָרנישט — עלי ועל צוארי! באשר אלך תלך ובאשר אלין תלין...

— נו, נו, וואָס זשע ביסטו שטיין געבליבן אין אַ מיט פּסוק? דער־זאָג שוין, דערזאָג שוין די סיפא דקרא: באשר אמות תמות ושם תקבר...

— אודאי אַזוי, אודאי אַזוי, נאָר איבער הונדערט יאָר, אַז מיר וועלן שוין זײַן איבערגעזעטיקט פֿון לעבן...

— אַז דו ביסט אַ שוטה גמור, וואָס האָב איך מיט דיר צו רעדן? דו רעדסט פֿון דיני־ממונות און איך רעד פֿון דיני־נפשות! תן לי הנפש והרכוש קח לך... פֿון געלט רעדט ער גאָר... עמעצער קוקט אַרויס אויף זײַנע הוצאות... די חז"ל לערנען אונדז: הוי מחשב הפסד מצוה כנגד שכרה, און דאָ וועגט אַריבער דער הפסד פּי־שבעה... דו ביסט גייציק ווי אַ חדר־ייִנגל צו די קוויטלעך, דעריבער זעסטו נאָר דעם רווח און דעם היזק נישט... עמעצער זאָגט דען חסרונות אויף דײַן הצעה? אַלע דײַנע רייד זענען דברים של טעם, נאָר...

— נאָר וואָס?

— נאָר איך האָב פּחד! איך האָב פּחד! איך האָב פּחד!!! שלמה המלך איז געווען אַ קאָפּעטשקעלע קלוגער פֿון דיר און דאָך האָט ער גע־זאָגט: אשרי אדם מפחד תמיד!

— פֿאַר וואָס זשע, לאָמיך שוין הערן, האָט איר עס אַזאַ שטאַרקן פּחד? אײַער בלוט איז רויטער פֿון יענע אַלע נוסעימס? און ווידער — ווו איז דם־ברית? וזרק מן הדם... זריקה בכלל שפיכה... צוליב ארץ־ישראל מעג מען זיך לאָזן אָפּצאַפּן אַ פּאָר טראָפּעלעך... איר דערמאָנט זיך אפֿשר, ווען דוד המלך האָט אַ פֿאַרחלשטער און אַ פֿאַרבענקטער זיך אָנגערופֿן: „מי ישקני מים מבאר בית לחם?", האָבן זיך אויפֿגעהויבן דרײַ ייִדישע גיבורים און האָבן זיך מוסר־נפש געווען... דאָס דאָזיקע ארץ־ישראל איז שוין אַזוי אָוועקגעשטעלט געוואָרן, אַז אָן מסירת־נפש איז עס אוממעג־לעך צו דערגרייכן... איז ווי באַלד אַזוי: מה נשתנה הלילה הזה? ארץ־

ישראל איז דען ביליקער געוואָרן? צי וויניקער הייליק געוואָרן? עס שטייט דאָך בפירוש: קידשה לשעתה, קידשה לעתיד לבא...

— יענע גיבורים וואָס דו האָסט דאָ מזכיר געווען, האָבן זיך געפונען אין ארץ־ישראל גופא און מיר געפינען זיך —

— וואָס הייסט „און מיר געפינען זיך"? איר ווייסט נישט, אַז מען קען קיין מאָל נישט אָנקומען אין טרקלין, נישט האָבנדיק פריער דורכ־געגאַנגען דעם פּרוזדור...

— און דו ביסט זיכער, אַז מען וועט, אל אפתח פה לשטן, נישט פאַר־פוילט ווערן און פאַרקוילט ווערן אין יענעם פּרוזדור? עמעצער גיט דיר אַרויס אַ גאַראַנטיע, אַז מען וועט אַ מאָל צוקומען צום טרקלין?

— איצט, נאָך אַט דער שרעקלעכער „הקזה", * וואָס די אומות־העולם האָבן אונדז געמאַכט, אויב יידן וועלן זיך בקהל־רב אַ לאָז טון קיין ארץ־ישראל, וועט מיטן אייבערשטנס הילף זיין: יעלה ויבוא ויגיע ויראה וירצה... לכל תכלה ** ראיתי קץ! איצט נעמט עס אַן עק! זה היום, זה קוינו לו! אמת, ס'איז אַ גרויסער האַרצווייטיק אָנצורופן מיטן בפירושן נאָ־מען די זכיות אומשטיינס געזאָגט, וואָס מיר האָבן באַקומען דורך דעם גרויסן „על השחיטה", וואָס דער גרויסער צורר האָט איבער אונדז גע־מאַכט, אָבער ס'איז בלתי־ספק, אַז: כאן מצא בעל חוב לגבות את חובו, ווייל: אם לא עכשיו — אימתי?

— רעדסט אַזוי ווי פונעם בעלעמער אַראָפּ... מיט פסוקים, מיט פּשט־לעך און מיט רמזים... פאַר וואָס האָסטו שוין נישט אויסגעלאָזט: „ובא לציון גואל במהרה בימינו ונאמר אמן", האָ? דו האָסט פאַרגעסן צוצו־געבן, אַז דאָס אַלץ וואָס דו האָסט ערשט אָפּגעדרשנט, ווינטשן מיר זיך... עס וואָלט נאָך געווען גוט צו וויסן: מה פעל אל? מען דאַרף דאָך נישט זיין קיין שוטה און מיינען, אַז: נפתחו השמים —

— אומגעקערט! איך האַלט, אַז אין דעם דאָזיקן פאַל מעג מען יאָ זיין אַ שוטה! און מען איז מחויב זיך צו פאַרשטעלן פאַר אַ שוטה!! אין אַזאַ פאַל מוז מען נאָכגיין דעם שטראָם מיט פאַרמאַכטע אויגן!!! אַ שוטה מעג מען נאָך אַ מאָל זיין, אָבער קיין רשע טאָר מען קיין מאָל נישט זיין! מוטב שאקרא שוטה כל ימי ואל אהיה רשע אפילו שעה אחת... און איצט — אַז „וואַנקע" האָט לפי־שעה ברוך־השם פאַרגעסן צו פאַרשליסן די הינטער־טיר — איבערבלייבן ביי די סאָוויעטן, שמעקט מיט רשעות! רשעות כלפי עצמו וכפית־טובה כלפי שמים... און דאָס וואָס איר וויקלט עס איין אין דער קדושה: „שלמה המלך", „אשרי מפחד" — דאָס זענען פוילע שטיק! טרייסלט זיך אָפּ פון אַט די צעקראַכענע טעאָריעס! דאָס איז נאָר אַן עצת־היצר... אם פגע בך מנוול זה — פסקענען די „אחרונים" להלכה — אל תמשכהו לבית־המדרש!

---

* בלוט־אָפּצאַפּונג.

** האָפענונג, גלוסטעניש, שטאַרקער ווילן.

— איי, רעדסטו... איי, רעדסטו... אַ נאַר איז ערגער ווי אַ משומד! אַ נאַר איז אַן אייביקער צער... נאַר גאַרנישט, ווי האָסטו נאָכגעזאָגט: אַלץ בעסער ווי אַ רשע, רחמנא לצלן...

— איז אויב איר ווילט שטאַרק, איז היינט דווקא: ונהפוך הוא! היינט גייט דער דאָזיקער מאמר מיט די פיס אַרויף: מוטב שאקרא רשע כל ימי ואל אהיה שוטה אפילו שעה אחת...

— שיינע תורות זאָגסטו נאָך, וואָס טויג מיר... דאָס מזל מיינע שונאים אין קבר... דרייסט מיטן צינגל טאָ אַהער, טאָ אַהין, ווי מיט אַ גומענעם דישעל... נאָר ווידער די זעלבע מעשה: חכם, מה הוא — וואָס ער איז אַליין — אומר, דאָס זאָגט ער...

שלמה קוקט אויף מנשהן טרויעריק, באַדויערנדיק:

— ...דלפה נפשי מתוגה... מנשה, איך האָב גאָר נישט קיין ווערטער פאַר אייך... איר זענט מיאוס פאַרפירט... איר מאַכט איצט אין אייער לעבן אַ גורלדיקן טעות... איר דאַרפט מתפלל זיין צו השם־יתברך: דרך שקר הסר ממני... איר רעדט אפשר פונעם גאַנצן האַרצן, וואָס זאָג איך — אפשר? — זיכער אַזוי! איר האָט אָבער פאַרגעסן אַ מקרא מפורש: אפילו ווען „בכל לבי דרשתיך — בעטן מיר דיך אויך — אל תשגני ממצותיך”... מען קען בלאָנדזשען... מען קען זיך שפּעט כאַפּן, אַז מען האָט אויסגעמיטן דעם ריכטיקן שטעג... איר געדענקט, וואָס דוד המלך ענטפערט אויף זיי־נע אייגענע פראַגן: „מי יגור באהליך? מי ישכון בהר קדשך?” — לא עשה לרעהו רעה וחרפה לא נשא על קרובו! איר אָבער טוט אונדז אַלע אָן חרפות מיט בזיונות מיט אייער משונה־ווילדן עקשנות און נישט ווערלן הערן פון פאָרן... איצט, אין אַזאַ הרת־עולמדיקער שעה, בלייבן זיצן בשב ואל תעשה, הייסט ביי מיר: זורק אבן למרקולים...* אייער שפּעטערדיקע חרטה — און זי וועט קומען! געדענקט, זי וועט אייך אויפגריזען מיט די ביינער! — הייסט ביי מיר: כזורק אבן לחמת...**

— שוין? סימתינהו לכולהו שבחי? אָט דאָס איז אַלץ?

— פאַר וואָס עפּעס — אַלץ? תנא ושיר —

— שיטסט מיט תורה, שיטסטו... דו באַווייזסט, וואָס פאַר אַ בקי דו ביסט בש”ס ובתהילים, אָבער צו וואָס נוצט אונדז איצט דיין בקיאות? עיקר חסר מן הספר! זאָג מיר, דו גלייבסט טאַקע אויף אַן אמת, אַז איצט, נאָך דער מלחמה, וועט אויף דעם יידישן פאָלק נשתנה ווערן מעשה־בראשית און מען וועט זיך ערנסט אַ נעם טון צו ישוב־הארץ? וויפל פאַל־שע נביאים זענען שוין אויפגעשטאַנען מאז ועד היום הזה און האָבן נביאות געזאָגט בכל לשונות של נבואה? וויפל נישט געלונגענע פּראָבעם

---

* ווי איינער וואַרפט אַ שטיין אין אָפּגאָט „מרקוליס”, (פאַקטיש אָבער איז וואַרפן אין אים מיט אַ שטיין, טאַקע געווען די אמתע עבודה.) די כוונה: מיינען, אַז מען טוט גוט און גאָר טון שלעכט.

** אַריינוואַרפן אַ שטיין אין אַ לאָגל. די כוונה: טון אַן אומנוצלעכע זאַך.

זענען שוין געמאכט געוואָרן? בכל דור ודור גיט אָט דער רעיון אַ בליץ־אויף, אַ פלאַם־אויף און ווערט גלייך אויסגעלאָשן... טאָמער קומט איינער און צינדט אָן דאָס פלעמעלע, קומט גלייך נאָך אים אַ צווייטער און פאַר־שיט עס מיט אַש און איז עס מקבר כנפל אשת בל חזו שמש...

— אָט דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל־אַמאָל... לפני הרעש... אָבער איצט איז גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש! גדולה הסרת טבעת יותר מארבעים ושמונה נביאים ושבע נביאות שנתנבאו להן לישראל. שכולן לא החזירום למוטב ואילו הסרת טבעת החזירתן למוטב...* איצט איז נישטאָ קיין ציוניסטן און אַנטי־ציוניסטן, איצט שרייען אַלע! קול מלחמה במחנה! און קול המון — כקול שדי! איצט ווער עס בלייבט גלייכגילטיק צום מעכטיקן שטף־הזורם און הינטערשטעליק — שוב אין לו תקנה!

— וואָס זשע, דו גלייבסט טאַקע, אַז אַ גרויסער עולם וועט זיך איצט אויפהייבן —

— איך בין נישט קיין נביא און וויים נישט: אַ גרויסער, צי נישט קיין גרויסער... דאָס וויים איך נישט, אָבער אַז אַזעלכע יונגעלייט ווי איר טאָרן נישט זיין צווישן די, וואָס הייבן זיך נישט אויף, דאָס וויים איך אויף זיכער!

און נאָך אַ קורצן הפסק:

— אַ שטייגער, איר פרעגט מיך, „צי אַ גרויסער עולם וועט וועלן גיין מיטן „חרש והמסגר?" באמת, איך וויים גאָר נישט, וואָס אייך צו ענט־פערן... איר זענט דאָך עפּעס נישט קיין נאַרישער יונגערמאַן; אדרבה, זאָגט איר: ווו זאָלן איצט די נישט דערברענטע האַלעוועשקעס פון אָט דער שרעק־לעכער שרפה זוכן אַ שטיקל מקום־מנוחה, כאָטש אַ שטיקעלע מדרך־כף־רגל — אויב נישט ביי זיך אַליין; צווישן די טיף אין האַרצן איינגעבאַקענע חורבות? איך מיין און כמעט אַלע טרייע יידן מיינען היינט אַזוי, אַז: „ושאלו ודרשו — מחרבותיהם!" מאז ומקדם ועד היום הזה איז נאָך אונדזער פאָלק קיין מאָל נישט געשטאַנען אַזוי שכם אחד; אַזוי גרייט צו קעמפן פאַר זיינע „שרידים ופליטים" ווי היינט צו טאָג, אחרי המגפה. און איר דערמאָנט זיך, וואָס דער פסוק זאָגט אין אַזאַ פאַל? — „הן עם אחד ושפה אחת לכולם... ועתה לא יבצר מהם כל אשר יזמו לעשות"... נאָך אַזאַ מוראדיקער עקדה, גלייב איך, וועט ביי יידן זיכער ווערן אחדות! מער רעליגיעזע פאַרטייען, וויניקער רעליגיעזע — וילכו שניהם יחדיו! בלב שוה ובדעה אחת! אויף ווען, זאָגט איר אַליין, האָט ישעיה הנביא מנבא געווען, אויב נישט אויף היינט:

...האני אשביר ולא אוליד, יאמר ד'?... שמחו את ירושלים! שישו אתה משוש כל המתאבלים עליה... וראיתם ושש לבכם...

---

* פינף און פופציק נביאים און נביאות האָבן די יידן נישט געקענט דערפירן דערצו, אַז זיי זאָלן תשובה טון, און איין המן האגגי — יאָ. געמיינט: אַ צרה, רחמנא ליצלן, ווירקט שטאַרקער פון מוסר.

פון שלמהס אויגן האָבן מיט אַ מאָל אַ שפּריץ געטון בריענדיקע טרערן, ווי ברענענדיקע קוילעכלעך:

— מנשה, טייערער ליבער מנשה, פּאָרט מיט אונדז! ברבות השנים אנו נמעטים, ובסגות הזמנים אנו נצערים... האָט רחמנות אויף זיך און אויף אונדז, לאָמיר צום איבעריקן נישט צעברעקלען אונדזערע אַזוי אויך אָרעמע כוחות! מיר זענען איצט אַזוי ווייניק פאַרבליבן, אַז יעדער איינציקער מענטש איז איצט עושה רושם. איז דאָ ווייניקער מיט איינעם — איז שוין שיטערער דער עולם; איז דאָ מער מיט איינעם — איז גלייך רשומו ניכר. פאָלגט מיך, פּאָרט מיט אונדז! די בלוט־אָרעמקייט פון אונדזער פאָלק דערלויבט אונדז נישט מוותר צו זיין אויף אַזעלכע יונגעלייט ווי איר און אייערס גלייכן... טראַכט נישט אַריין אַזוי פיל! לאָזט אַ שטאָך אַרבעט אויך פאַרן רבונו של עולם...

מנשה גלעט זיך לאַנגזאַם די רעכטע פּיאה און ברומט זיך אונטער:

— מען טאָר נישט כאַפּן, מען טאָר נישט כאַפּן... פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס... מתון מתון ארבע מאות זוזי שויא —

שלמה, פאַרביטערט:

— נו, און: יש קונה עולמו בשעה אחת — אויך במתינות?

— ווייס איך, וואָס דו דרייסט אַ קאָפּ: קונה־שמוינע... צו אַזאַ שטיקל אַרבעט דאַרף מען האָבן אין זיך אַ גבורה —

— הערסטו! זאָגט ער דאָך טאַקע: שויתי עזר על גיבור...

— הערסטו שלמה, ס'איז מיר אַזש היים געוואָרן, אַזאַ פּאַרע זעצט פון דיר... פלאַמסט ווי אַ סקירדע שטרוי...

— קיין ארץ־ישראל פאָרט מען נישט אָן דעם עמוד־האש —

— כ'בעט דיך שלמה, רעד נישט מיט אַזאַ התפעלות! דער גאַנצער ענין איז אַ נייע זאַך און... און חדש אסור מן התורה...

שלמה איז אַזש אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל:

— ארץ־ישראל איז ביי אייך — חדש? שיבת־ציון איז פאַר אייך — חדש? אַ נייע זאַך גאָר געוואָרן? פון ווען אָן?

מנשה גיט איילנדיק אַ פאָר איבער דער באָרד מיט אַלע פינף פינגער: אַרויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף און דערלאַנגט אַריין דעם שפּיץ באָרד אין מויל אַריין מיט אַזאַ מינע, ווי איינער רעדט: — „נאַ, נעם, קייע, אָט דאָס האָב איך מרויח געווען מיט מיין גאַנץ לויפעניש"... דאַן פאַרזשמורעט ער די אויגן, לאָזט פּאַמעלעך אַרויס פונעם מויל דעם שפּיץ באָרד און רופט זיך אָן:

— הערסטו שלמה, דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת... מיט אַזאַ כוסף־נפש; מיט אַזאַ גוואַלדיקער תשוקה ווי דו האָסט קיין ארץ־ישראל, איז שוין באַלד גלייכער, אַז דו זאָלסט נישט פאָרן אהין... דו טאָרסט גאָר נישט פאָרן אהין! ווייסטו פאַר וואָס דו טאָרסט נישט? ווייל מיטן וועג וועט ביי דיר די אהבה אויסברענען אַזוי ווי 96ער ספּירט און עס וועט נאָר בלייבן אַ טרוקן אָרט...

— מנשה, איר גיט זיך אָפּ אַ חשבון וואָס איר רעדט?
אָבער מנשה לאָזט זיך נישט איבערשלאָגן:

— ...איז דאָרט, זאָג איך, וועט ביי דיר דער דאָזיקער עסק פיל וואָכע־דיקער ווערן... אזא פלאַקערנדיקע אהבה וועט זיכער קאַליע ווערן... וועסט זי נישט איבערפירן אזא ווייטע שטרעקע אָן אַ פגם...

— מנשה —

— דו געדענקסט די גמרא אין „יומא": „טוב מראה עינים באשה, מגופו של מעשה"... אַז אין הארצן פלאַקערט אזא הייליקע מדורה, אזא שייטערהויפן —

שלמהס אויגן שיסן מיט פייער:

— אַלע אפיקורסים פון אַלע דורות; אַלע שבתי־צבי'ניקעס און אַלע גאָטס־גנבים, כולם כאחד האָבן שטענדיק אָנגעשריבן אויף זייער פענדל דעם צווויידייטיקן מאמר: „רחמנא לבא בעי"... און די תורה — כאָטש אומעטום ווערט געוואָרנט, אַז מצוות בלא כוונה, כגוף בלא נשמה — באַנוגט זי זיך פון דעסט וועגן נישט מיט קיין כוונות־המצוות, נאָר זי פאָדערט פון אונדז מצוות־מעשיות: תפילין ממש; ציצית ממש; מצות ממש; אתרוג ממש; שופר ממש... בלויז מיט קיין „מראה עינים באשה"; מיט ראיה וכוונה בלבד וועסטו נישט מקיים זיין קיין פריה ורביה — די ערשטע מצוה אין דער תורה! — און דער נביא וואָרנט אונדז: „לא תוהו בראה — לשבת יצרה!" דעסט גלייכן בנידון דידן: בלויז מיט חיבת־הארץ וועט איר נישט מקיים זיין דעם „וישבתם בה"... „ונטעתם" — איז די טייטש: ממש פלאַנצן! „ובניתם" — איז די טייטש: ממש בויען! נישט במחשבה וברעיון, נאָר ביגיעת־כפים ובזיעת־אפים... די אונטערשטע שורה: אַ נאָר־מאַלער מענטש דאַרף האָבן אַ פרוי מיט אַלע אירע אייגנשאַפטן, נישט קיין בילד אויף זיך צו שפּיגלען אין דעם; דעסט גלייכן דאַרף אַ ייד קומען אין זיין לאַנד און עס פעסט אָננעמען מיט די הענט: אַקערן, זייען, פלאַנצן, בויען — אָט דאָס מיינט דער פסוק מיט „ישוב־ארץ־ישראל"! אָט דאָס איז דער פּראָסטער און ריכטיקער פשט! הוא ולא אחר!

שלמה וואַרפט פּלוצלינג אין מנשהס ווינקל אַ שפּיזיקן, פינצטערן בליק און דערנאָך, נישט קוקנדיק אויף זיין בר־פלוגתא, רופט ער זיך אָן מיט אַ פאַרדומפּן קול:

— און אויב אפילו איר אַליין פאַרמאָגט נישט אין זיך גענוג מוט אויף צו מאַכן אָט דעם לעבנסוויכטיקן שריט, זענט איר אים מחויב צו מאַכן צוליב אייער בן־זוג —

— ?

— וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? נישט נאָר איר האָט איצט אין זיך אַ בן־זוג, אַ מין „תאומים בבטנך", נאָר יעדער ייד און יעדע יידישע פרוי טראָגט איצט אין זיך אָרום אַ סמאַבילן קוואַרטיראַנט, און נישט סתם קיין קוואַרטיראַנט — נאָר אַ משגיח! אַ משגיח אויף כשרות! אַ מפקח על

הסדר! יעדער ייד און יעדע יידישע פרוי זענען איצט בבחינת דו־פּרצופין.* הינטער יעדן איינעם, ריכטיקער געזאָגט: אין יעדן איינעם פון אונדז לעבנ־געבליבענע, געפינט זיך די נשמה פון אַן אומגעבראַכטן יידן, אָדער יידי־שער טאָכטער, און אָט אַזוי גייען מיר אַרום — צו אונדזער גרויסן בראָך — מיט אַ שטענדיקער, אַזוי גערופענער: נשמה יתירה... און איצט, נאָך דער גרויסער מגפה, ווען דער מענטש בלייבט שטיין פאַר אַן ערנסטן ענין; אַ פראַגע וועגן דברים הנוגעים אל הנשמה, זאָגט אונדז דער אינעווייניק־סטער „ביעזשעניץ":

— הער נאָר דו, שטאָט־באַלעבאָס, זיי נאָר נישט ביי זיך אַזוי גדול־דיק און קוק נישט אַריין נאָר צו זיך אין טאָפּ אַריין! ס'איז היינט ביי מיר מיט דיר אַ קדרה דבי־שותפי! איך האָב אויך אַ נשמה און מעג אויך זאָגן אַ דעה! קוק אַ ביסל אויך מיט מיינע אויגן; באַמי זיך צו פאַלן אויפן שכל, וואָס איך וואָלט איצט געטון אויף דיין אָרט און — אל תפל דבר! אַזוי זאָלסטו טון!

שלמה ווערט אַנטשוויגן. עס דאַכט זיך, אַז דער צימער איז פול מיט אָט די „נשמות־יתרות", זיי מאָנען טאַקע עפּעס און דיקטירן טאַקע עפּעס. שלמה באַפרייט זיך פון דער פאַרגליווערונג און זאָגט צו מנשהן ברתת ובזיע:

— מנשה, ס'איז ביי מיר בלתי־ספק, אַז דער „קדוש", וועלכן מען האָט אין אייך אַריינגעשטעלט אויף אכסניא פון זינט דער גזר האָט אויס־געבראָכן, וואָלט בנידון דידן נישט געקלערט אפילו קיין איין רגע, ער וואָלט אַ נאַקעטער און אַ באָרוועסער געלאָפן צו יענער ערד און צו יענער מלאכה ולא אתה בן חורין להבטל ממנה —

— מ־נע! ווי דער אייבערשטער וועט פירן... מן הסתם וועט שוין די השגחה ווייזן אַ דרך...

— נ־נ־ניין, גוטער ברודער! מהיום והלאה וועט איר זיך אַליין קיין מאָל שוין נישט קענען אָפּנאַרן און זאָגן, אַז דערפאַר זענט איר אין רוס־לאַנד, ווייל אַזוי איז אייך באַשערט. ניין! פון היינטיקן טאָג אָן איז אייך נישט באַשערט, נאָר איר אַליין ווילט אַזוי! איר זאָלט נישט אַרויפלייגן אייערע עוולות אויף דער השגחה, כי מרים הס, — איר אַליין, געברענטער עקשן, געבראָטענער, איר אַליין זענט ביטער ווי גאַל, ווי פּערטשיק, ווי קראָפּיווע... באַקלערט זיך נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, צי ס'איז אַ יושר, צי ס'איז ליטיש פון אייער זייט זיך אָפּצורייסן פון דער גאַנצער משפחה, בלייבן זיך אַרומבלאָנקען אויף דער עלטער: אָן אבר המדולדל, אַ שטיין, אַ ביין... זייט זיך גוט, גוט מיישב, צי ס'איז אַ ליטישער, אַ יושרדיקער וועג, אַן אמתער וועג —

— מילא בע! חסד ואמת — מן ינצרוהו?**

---

* בוכשטעבלעך: אַ טאָפּלט געזיכט. די כוונה: אַ צווייענדיקער מענטש.

** דאָ געמיינט: (אין אַ ווערטל: מן — מנן ומאן) ווער קען היינט אָפּהיטן ווי עס געהער צו זיין דעם חסד און דעם אמת? פון תהילים.

— וואָס חכמלט איר זיך, וואָס? איך בין עפּעס גאָרנישט אַזוי שטאַרק אויפגעלייגט...

מנשה גיט זיך אַ קראַץ מיט דער גראָבער זייט פון אַ שפּענדל אין דער פאַמיליצע:

— אנא לא חילק ידענא ולא בילק ידענא, אנא חמירא סכנתא מאיסורא ידענא! איך ווייס, אַז ביז עפּעס וואָס שטעלט מען דעם קאָפּ אין קאָן און... און גיכער פון אַלץ וועט זיך פון אַלע חלומות אויסלאָזן אַ נעכטיקער טאָג... וועט מען בלייבן קרח מכאן וקרח מכאן... וועט עס הייסן על פּי המליצה: אי דאָס לעבן אָוועקגעלייגט על קרן הצבי, אי אַ פייג וועט מען קענען קומען לארץ הצבי... און איך וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת: ווען מען זאָל שוין אפילו כלומרשט יאָ אַרויסלאָזן פון דאַנען, מיט וואָס וועסטו קומען אַהין? מיט וואָס און מיט וועמען? מי ומי ההולכים?

שלמה, אַן אויפגערוימטער:

— ואנא גם חילק ידענא וגם בילק ידענא! איך זע, אַז מינאי ומינך תסתים שמעתא... * איר געדענקט די פּרשה פון דער „סוטה"? נאָך דעם אָנטרינקען זי מיט די מים־המאררים; נאָך דער גרויסער עפנטלעכער שאַנדע, האָט אויף דער אומזיסט־געפּרוווטער פרוי געמוזט קומען אַ ישועה: „ונקתה ונזרעה זרע: מלמד שאם היתה עקרה — נפקדת; אם היתה יולדת בצער — יולדת בריוח; קצרים — יולדת ארוכים; שחורים — יולדת לבנים; אחד — יולדת שתים"... ** אין חסידות ווערט אויך אַרומגערעדט דער ענין, אַז: עד שהזרע אינו נרקב, האדמה אינה מצמחת... *** שוין זשע גלייבט איר נישט, אַז איצט, נאָך אָט דער עין־לא־ראתהדיקער בלוט־באָד; נאָך אָט דער גרעסטער עפנטלעכער שאַנדע, וועט דער כביכול ענד־לעך זאָגן צו זיך אַליין: עתה תקום תרחם ציון כי עת לחננה...

— נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע און ווידער אַ מאָל דאָס זעלבע! אַן עק, מיר'ן שוין גאָר זאָגן, אַז אַלץ גייט גלאַטיק ווי ביי זיך אויף דער אַי־בערבעט, אָבער מיט וועמען ווילסטו גיין צום טיש? זאָג אין צוויי ווער־טער: מי ומי ההולכים? דאָס רוסישע יידנטום ליגט כפות לפני הארי; די

---

* כמעט דאָס זעלבע, וואָס: פון מיינע רייד און פון דיינע וועט דער גאַנצער פּראָב־לעם אַלזייטיק באַלויכטן ווערן.

** אין דער תורה שטייט: אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער חשד אויף דער פרוי איז געווען אַן אומזיסטיקער, וועט זי באַלוינט ווערן טאַקע אויף דעם זעלבן געביט. למשל: איז זי געווען אַן עקרה — וועט זי געבוירן; פלעגט זי געבוירן שווער — וועט זי געבוירן גרינג; פלעגט זי געבוירן קורצע — וועלן זיי האָבן דעם נאָרמאַלן וווקס; פלעגט זי געבוירן שוואַרצע — וועט זי געבוירן ווייסע; פלעגט זי האָבן צו איינע — וועט זי אָנהייבן געבוירן פּאָרלעך. פון דער גמרא.

*** ביז דאָס זריעה־קערנדל ווערט נישט אין גאַנצן פאַרפוילט, מאַכט די ערד נישט שפּראָצן קיין פרישע געוויקס.

פוילישע יידן האָט מען כמעט בשלמות אומגעבראַכט; די אַמעריקאַנער יידן וועלן, גלייב איך, נישט זייער שטאַרק צעלאָזן די פּאָלעס און זיך לאָזן לויפן קיין ארץ־ישראל, הייבט פרעגט זיך: ווער זשע דען? ווער זענען די מחותנים?

— די רעשטלעך... די אָפּשניצלעך... דער לקט שכחה ופיאה פון אָט די גרויסע ישובים... דער איבערשטער ברחמיו העצומים וועט אויפשטעלן אַ בנין פון שברי־כלי־חרס; ער וועט אויסמעבלען די אַפּאַרטאַמענטן זיינע מיט פשוטי־כלי־עץ; און אויפנייען מלבושים פאַר זיינע נשרפים פון אוטיל —

— פיך הכשילך! אויב אַזוי וועט עס טאַקע האָבן אַ פּנים פון טשע־רעפּלעך און אַ טעם ווי אוטיל... פון אָט דעם ספיח־השדה, וואָס דו האָסט דאָ ערשט אויסגערעכנט, קען מען קוים־קוים צונויפקלעפּן אַ שטיקל חומר, אָבער בשום אופן ואופן נישט קיין צורה...

— זייט זשע מוחל, ר' ייד, דאָ האָט איר שוין דווקא אַ גראָבן טעות! מי שאמר לשמן וידליק, יאמר לחומץ וידלוק... דער זעלבער כל יכול, וואָס וועט פון אָט די עצמות־היבשות צוריק אויפשטעלן אַ פאָלק, דער זעלבער חכם־הרזים וועט אָט דעם חומר־מכוער געבן אויך אַן אצילותדיקע צורה. אין יענער „שיחה", וואָס מיר האָבן דאָ פריער אַ ביסל דערמאָנט, ווערט געפרעגט כהאי לישנא: אויב די צמיחה הייבט זיך ערשט אָן נאָך דעם, ווי דער גרעין של זריעה ווערט נרקב לגמרי, פון וואַנען זשע נעמט זיך די ענלעכקייט פון דעם נצמח אויף דעם נזרע? פון וואַנען ווערט געשעפּט אָט די יניקה? איז מען דאַרט מתרץ בזה הלשון: אמת טאַקע, די זרעונים, וואָס מען לייגט אַריין אין דער ערד אַריין ווערן טאַקע נרקב בתכלית הרקבון, אָבער פון דעסט וועגן בלייבט איבער אין דער גומא אַ כח ההיולי, וועלכער איז משמר אויף דעם כח ההתאמה, * און גיט צו דעם צומח די זעלבע צורה, וואָס די פאַרפוילטע זרע האָט געהאַט... דעסט גלייכן איז ביי אונדז: אמת טאַקע, אונדזער סולת ושמן, אונדזער צרי וצפורן איז פאַר־טיליקט געוואָרן כלה והשמד, ס'איז איבערגעבליבן בלויז שמרים, בלויז חלבנה, בלויז פסולת, אָבער דערמאָנט זיך אין די ווערטער פון ירמיהו הנביא: „בימים ההם ובעת ההיא, נאום ד', יבוקש את עון ישראל ואיננו; ואת חטאת יהודה ולא תמצאינה — כי אסלח לאשר אשאיר"... דאָס יידי־שע פאָלק איז אַצינד ריין פון זינד; אומשולדיק ווי אַ לעמעלע; כתינוק בן־יומו שלא טעם טעם חטא מימיו; ווי אַ ייד במוצאי־יום־הכפורים... פאַר וואָס זשע קען אייער דעה נישט נוטה זיין, אַז ווען דער בורא־עולם, דער צר צורה בתוך צורה, וועט וועלן, וועט ער פון דעם טמיר ונעלמדיקן כח ההיולי — וואָס לעבט זיכער אין פאָלק, במרתפות נפשותיהם, ווי אין יענער „גומא" — ווידער אויפשטעלן אַ דור כדורותיהם של יהושע בן נון ועזרא הסופר... האַ, וואָס? איר זאָגט עפּעס?

---

* ענלעכקייט.

מנשה טוט א שמייכל מיט א האַלב מויל:

— דו האָסט נישט געהערט דעם ליטוואַקס המצאה? עס קלינגט מיט איר די גאַנצע שטאָט! ביי אונדז אין מנין האָט א ייד, א ליטוואַק געפונען א רמז דערויף, אַז די איצטיקע מלחמה איז געווען די ריכטיקע „מלחמת גוג ומגוג", וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן אויפן „אחרית־הימים"... וואָס איז דער רמז? מעגסט הערן: די גרעסטע דייטשע צוררים זענען געווען פיר „גימלען", ימח שמם וזכרם! פונקט וויפל אין „גוג ומגוג": גיטלער, גערינג, גימלער און געבעלס!

גאָלדע רופט זיך אָן:

— מנשה, נו און — געס?

— דער דאַרף זיין פאַר א סגן, גויאישער קאָפּ דו... טאָמער איז זיך מיישב איינער פון זיי און נעמט איין א מיתה־משונה פאַר דעם זמן, דאַרף זיין איינער אַן איבעריקער, פאַר א סגן —

און ווענדנדיק זיך צו שלמהן:

— נו, וואָס זאָגסטו דו צו דעם צירוף? אפשר נישט בריה'ש?

שלמה, אומצופרידן און דערשטוינט:

— וואָס איז דאָס פאַר א משל אַהער צו, פאַרשטיי איך נישט... קענן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד?

מנשה, אַן אַנטוישטער פון שלמהס קאַלטבלוטיקייט צו דעם ליטוואַקס ראשי־תיבות, רייבט זיך א פאַרצווייפלטער דעם שטערן און באַמיט זיך צו דערמאָנען: „קענן וואָס דאָס איז געקומען צו רייד". ענדלעך פּאַקט ער דעם פאַרפאַלן געוואָרענעם פאָדעם:

— יאָ... דו האָסט דערמאָנט די יידישע גואלים: יהושע'ן און עזרא'ן, זאָג איך, נו, און אויסוואַרטן נאָך א ביסל זמן, טאָמער פאַרט נאָך אָט דער מלחמת גוג ומגוג וועט השם־יתברך אַליין אויף אונדז א גוטן קוק טון —

שלמהס געזיכט כמורעט זיך אָן און זיינע ברעמען ציען זיך דראָענדיק צונויף:

— וואָס הייסט — „אַליין"? און איצט, אַז מיר פאָרן מיט דער נשמה אין דער זשמעניע, ווער וועט אויף אונדז מגין זיין — נישט ער? ווער וועט פאַרשטעלן די רשעים די אויגן זיי זאָלן אונדז נישט דערקענען — נישט ער? אויך ער „אַליין"! הוא ואין בלתו! ווי שטייט דאָרטן ביי יציאת־מצרים: ...לא על־ידי מלאך ולא על־ידי שרף ולא על־ידי שליח אלא הקדוש ברוך־הוא בכבודו ובעצמו...

מנשה איז שוין אָבער צוריק „אריין אין זיין טעלער"; ער הייבט אפילו נישט אָן נתפעל צו ווערן פון שלמהס „שיסן" מיט פעטע שטיקער „הגדה" על ימין ועל שמאל; ער רעדט שטיל ווי צו זיך אַליין, אָבער שטעלנדיק א „דגש" אויף יעדן וואָרט באַזונדער:

— ...איז אויב ס'איז טאַקע יאָ אַזוי די מעשה ווי די וועלט רעדט, אַז מיר האָבן שוין דורכגעמאַכט די שרעקלעכע „מלחמת גוג ומגוג" און

איצט הייבן זיך שוין אָן די „עקבתא דמשיחא" — ווײל איך טאַקע נישט פאַרן! זאָג איך טאַקע: ייתי ולא איחמיניה! *

— ייד איינער! איצט זאָגט איר ערשט — ולא איחמיניה? נאָך אַ קאַרג „מרחץ" האָבן מיר געהאַט? נאָך ווייניק האָט מען אונדז געבעזימט, וואָס איר זאָגט ערשט איצט — ולא איחמיניה? מיר האָבן שוין, דאַכט זיך, אַזעלכעס אָפּגעלייזט, אַז ווען עס זאָל שוין אַצינד קומען נישט נאָר „עקבתא דמשיחא", נאָר אפילו „רישא דמשיחא", וועט נאָך אַלץ אונדז אַרויסקומען, זאָגט ער גאָר —

מנשה, בניחותא:

— נו, נו, מהיכי תיתי... אדרבה ואדרבה... אָבער צו וואָס מוזסטו דווקא האָבן די גרויסע חבריא? די עולי־בבל בשעתם האָבן גאָר נישט געוואַרט אויף קיין גרויסן עולם... זײ זענען געפאָרן במתי מעט... ווער ס'איז מיטגעגאַנגען, איז מיטגעגאַנגען, און ווער נישט — איז געבליבן דאָרטן... בעמק שנער... ביז אַ צייט... און דו וואָלסט אַ בעלן געווען מיט־צונעמען מיט זיך גאַנץ קעקעלע קהל — וואָס איז? מע רעש? מה שמועה שמע ובא? לדעתי קומט אויס אַזוי: דו, איך מיין: איר, פאַרט אייך דער־ווייל געזונטערהייט און מיט דער צייט, ברבות הימים, וועלן מיר שוין אויך אונטערקומען... בעזרת השם־יתברך... האָב קיין מורא נישט, מיר'ן אייך נישט צולאָזן די גאַנצע ירושה... איר דאַרפט טאַקע אפשר פאָרן —

— ...און איר, הייסט עס, וועט שוין בעסער צוואַרטן אויפן „ובני ישראל יוצאים ביד רמה", האַ?

— הן הכי נמי! פאַר וואָס נישט? וואָס זשע, ס'איז נאָך נישט צייט?

— און טאָמער חלילה וחס — נאָך נישט?

— ...און טאָמער חלילה וחס נאָך נישט, ווײל איך טאַקע נישט זיין קיין דוחה את הקץ... קיין דוחק את רגלי השכינה... ווײל איך טאַקע נישט זיין קיין הדיוט קופץ בראש... יאָ, יאָ, וואָס דען האָסט דו געמיינט — הפקר פּעטרישקע?

שלמה קוקט אויף אים מיט אַ לאַנגן, באַדויערנדיקן קוק:

— אַזאַ משונה מין קבלת־עול רופט די וועלט דאַכט זיך אָן: „איינ־זויקלען די טומאה אין דער יראה"...

מנשה פאַרלירט נישט זיין גוטמוטיק שמייכעלע פונעם פנים:

— דו זידלסט שוין? נו, מילא, זידל, זידל... קיינער קען דיר דאָס מויל נישט פאַרשטעלן, נאָר איך זאָג מיר מיינס נאָך צען מאָל און נאָך הונדערט מאָל, ווי באַלד, אַז ס'איז ממש: „חייך תלואים לך מנגד", ווײס איך טאַקע נישט: וואָס איז אַזוי דאָס לויפעניש אויף משקולת, וואָס?

שלמהס אויגן האָבן געשאָסן מיט פייער:

---

* זאָל ער קומען (געמיינט: משיח), אָבער איך ווײל נישט זיין דערביי. די כוונה: איך ווײל נישט ליידן פון די „חבלי־משיח". אַ מאמר פון אַ תנא.

— איך וויל, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין מענטשן... איך אַליין בין נאָך אויך אַ קינד, איך וויל נאָך אויך זיין אַ מענטש און די חז״ל זאָגן: כל אדם שאין לו קרקע, אינו אדם —

— אונדזערע עלטערן און רביים האָבן עפּעס נישט אַזוי שטאַרק חושש געווען פאַר אָט דעם „אינו אדם״ —

— וואָס גייען מיך אָן יענע דורות? אפשר האָבן זיי געהאַלטן, אַז זיי זענען יוצא ידי חובתם מיט שכיבת־ארץ־ישראל אַנשטאָט ישיבת־ארץ־ישראל? אפשר האָבן זיי געהאַלטן, אַז זיי זענען יוצא שביוצא מיט זייער לעצטער „קרקע״? פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך ביי אונדז, דאַכט זיך, עפּעס געביטן, צי ניין? מתים־קרקעס זענען אונדז מיט אַ מאָל צוגעקומען אַזוי פיל... אַזוי פיל, אַז ווען עס וואָלט שוין אפילו ביז משיחס קומען קיין איין ייד נישט געשטאָרבן, וועט נאָך אַלץ אונדז אַרויסקומען... איצט דאַרף מען פאַר יעדן פּרייז דעראָבערן לעבעדיקע קרקע, קרקע־בתולה... * מיר האָבן שוין גוט געזען — צדיק מה פעל! כאשר שמענו כן ראינו... זייער פאַרמלחמהדיקע שיטה, וואָס האָט, בעונותינו הרבים, אַזוי בלוטיק באַנקראָטירט; פאַר וועלכער מיר האָבן אַזוי טייער באַצאָלט; דאַרף כאָטש, אומשטיינס געזאָגט, האָבן אָט דעם תיקון, אַז בנידון דידן זאָל דאָס אונדז מחזיר למוטב זיין, אַז זייער טעות זאָל זיין דער — המלמד אדם דעת... פּאָלגט מיך מנשה, לעולם יהא אדם רך כקנה ואל יהא קשה כארז! פאַר־עקשנט זיך נישט, דאָ גייט נישט אין קיין קאַפּריז און נישט אין קיין צו להכעיס. זאָגט, אַז איר פּאָרט! איך חזר אייך איבער נאָך אַ מאָל: איך וויים גאַנץ גוט, אַז איר פאַרמאָגט נישט אויף הוצאות. אייך אַלע דריי דאַרף אָט דער „ויסעו ויחנו״ אָפּקאָסטן אַוועלכע פופציק טויזנט רובל און אפשר נאָך מיט אַ סמיק אַריבער, אָבער איך גיב זיי אייך בשלמות, ווייל... ווייל פאַר אייערעט וועגן איז ביי מיר גאָר נישט שייך צו פיל... ווייל ווער איז ביי מיר נאָך אַזוי טייער ווי איר?

— פּעטאָך, וואָס דו ביסט! ווען דו זאָלסט מיר אפילו צו אָט די פופ־ציק טויזנטערס דיינע צוצאָלן נאָך זיבן און זיבעציק מאָל פופציק, וועסטו מיר אויך נישט איינרעדן, אַז איך זאָל מיט אייך פּאָרן, און אפילו דיר אַליין הייס איך אויך נישט פּאָרן. שלמה, געדענק מיינע רייד! הלואי איך זאָל בעסער בלייבן אַ ליגנער, נאָר מען וועט דיך נאָך חלילה ברענגען אויף צוריק געשמידט אין קייטן! רוסלאַנד — דאָס איז אַזאַ ערד, וואָס פון איר איז נישט אַזוי לייכט אַנטרונען צו ווערן; ווער ס׳איז דאָ געווען, זאָגט מען, איין מאָל, דער מוז קומען נאָך אַ מאָל. עס העלפט נישט! און על כרחך אתה עתיד ליתן דין וחשבון... ניין, ניין, וועסט מיך נישט מפתה זיין און מיך נישט מדיח זיין אפילו בק״ן טעמים... ונשמרתם מאד לנפשו־תיכם, שטייט אין דער תורה, מען טאָר נישט ריזיקירן מיטן קאָפּ! בשום אופן נישט, אפילו על־פי דין...

---

* ערד, וועלכע איז נישט באַאַרבעט געוואָרן.

— מילא, וועט מוזן זיין על־פי רחמים... אָבער זאָגט מיר סוף כל סוף, פאַר וואָס קלערט איר, אַז די נסיעה איז אַזוי געפערלעך?

— טאַקע אַ קלוגע פראַגע: „פאַר וואָס"... דו האָסט שוין, זע איך, פאַרגעסן, וואָס די נ. ק. וו. ד. קען, האַ? און ווען? ווען די שאלה איז ביי איר ספק־טהור, ספק טמא; הייסט, על אחת כמה וכמה, אַז מען פּאַקט זיך אויף דער גרענעץ... דאַמאָלסט איז דאָך: הרי שלך לפניך, קום אכול! ס'איז דיר שוין אַ פּנים אַפּגעגאַנגען דער פראָסט פון די פינגער...

— זייט זיכער, איך האָב גאָרנישט פאַרגעסן, נאָר איך רעכן שטאַרק, אַז די מלוכה וועט גראָד איצט דערויף קוקן צווישן די פינגער. ווער קען וויסן? אפשר איז זי גאָר נאָך גערן פון אונדז פּטור צו ווערן? און באמת טאַקע, צו וואָס נוצן מיר איר? דעם גרויסן נחת, וואָס זי האָט פון אונדז? עס קען, גלייבט מיר, זיין, אַז זי בעט גאָט אין הארצן, אַז עס זאָל אונדז איינפאַלן אַזאַ גליכער געדאַנק זיך איצט אָפּצוטראָגן פון דאַנען... נאָר אויב אפילו אַזאַ געדאַנק איז אַן אילוזיע, אַ נאַרישע איינרעדעניש, רעכן איך פון דעסט וועגן אַז אין אַזאַ היפּשער מחנה קיין עין־הרע, וואָס וועט איצט פאָרן —

— אַז דו ביסט אַ שוטה שלמה, וואָס זשע האָב איך מיט דיר צו רעדן? ס'איז געווען איין בליק צו טון אויף אונדז, אַז מען זאָל גלייך דער־קענען, פון וואָס פאַר אַ לענדער אָט די פייגל זענען...

— מנשה, אָבער דאָס זענען דאָך אַלץ בויך־סברות. איר רעדט און רעדט און קייעט איבער אַלץ איינס און דאָס זעלבע: טאָמער אַהין, טאָ־מער אַהער, און דאָ שטייט דאָך עפּעס אין קאָן ארץ־ישראל! עפּעס אַ קליי־ניקייט אויסצורעדן: ארץ־ישראל? שוין זשע איז נישט כדאי צוליב אַזאַ ענין גדול אַ קאַפּעטשקעלע צו ריזיקירן?

— דו האָסט אַ טעות, שלמה! עס גייט דאָ נישט אין „אַ קאַפּעטש־קעלע ריזיקירן", אין דער דאָזיקער אַוואַנטוריסטישער עובדא שטעקט אַ שטיק זעלבסטמאָרד! אמת, ישיבת־ארץ־ישראל איז אַ גאַנץ גרויסע מצוה, אָבער „יהרג ואל יעבור" שטייט ביי איר נישט געשריבן. און דערצו פאַר־געס נישט, אַז מען פאָרט ערשט לעת־עתה בסך־הכל קיין פּוילן, נישט קיין ארץ־ישראל —

— אָבער מען האָפט דאָך, אַז פון דאָרטן וועט מען פאָרן ווייטער —

— הלמאי זאָל איך זאָגן? בלויז נאַראָנים האָפן אויף דעם! איך האַלט דאָס פאַר אַן איינרעדעניש. און ווידער, דו זאָגסט „אַזאַ מחנה"! אויפן וועג קענען אונדז נאָך די פּוילישע יידן אַליין מסרן —

— איך האָב דאָך אייך, דאַכט זיך, גוט דערציילט, אַז ביז דער גרע־נעץ פאָרן מיר כשרע, בתכלית הכשרות, אויף אונדזערע רוסישע פּאַס־פּאָרטן —

— ביז דער גרענעץ... כאַ־כאַ־כאַ, נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן... מערב־אוקראַינע איז ביי אים אַ גרענעץ... און לעמבערג איז אַ גרענעץ? און וואַר־שע איז יאָ אַ גרענעץ? נו, און שטעטין? און קראָקע? — פּוילן איז אויך

רוסלאנד! אויב די פוילישע שלעק, נישט געדאכט זאָלן זיי ווערן, וועלן דיך מסרן אין יענע ווייטע מקומות, איז דאָס פונקט אזוי געפערלעך ווי אין מאָסקווע, א האָר נישט געמינערט... ער איז גאָר א נעכטיקער, כלומרשט ווייסט ער גאָרנישט, אז וואָס פוילן, וואָס אוקראַינע — איז אלץ איין שווארץ יאָר...

— אָבער פאַר וואָס עפּעס קלערט איר גאָר, אז זיי זאָלן אונדז וועלן מסרן?

— ווייל זיי האָבן אונדז פיינט נישט ווייניקער, ווי זיי האָבן פיינט סטאַלינען —

אויף שלמהס פנים רוקט זיך אָן א פינצטערער וואָלקן:

— קודם־כל איז דאָס א שקר־בלבול! איין ייד קען נישט אזוי שטארק פיינט האָבן דעם צווייטן ווי איר מאָלט אוים. נאָך מער: ס'איז ביי אונדז גאָר נישט איבערגעבליבן אזוי פיל עולם, אז עס זאָל נאָך קלעקן אויף פיינט צו האָבן. והשנית...

— והשנית, זאָג, שעם זיך נישט... והשנית, האָבן זיי אויך סטאַלינען נישט פאַר וואָס פיינט צו האָבן, און אונדז — אודאי און אודאי נישט...

שלמה טאַראַשטשעט אוים אויף אים א פאַר אויגן:

— סטאַלינען, זאָגט איר, האָבן זיי נישט פאַר וואָס פיינט צו האָבן? די פוילישע יידן האָבן עס נישט פאַר וואָס? אזוי קלערט איר?

— יאָ, שלמהלע, די פוילישע, די פוילישע... די פוילישע יידן... אזוי קלער איך! ווייל סטאַלין האָט געוואונען דעם קריג —

— ווען נישט דער צווייטער פראָנט וואָלט ער געווען געוואונען א קריג? ווען נישט די אמעריקאַנער הילף, וואָלט ער געווען געקענט אויס־האַלטן אזא שטראָם מיט —

— פאַ—וואָליע... פּאַווא—ליע, זאָג איך! דער צווייטער פראָנט האָט זיך ערשט געעפנט, ווען דער קריג איז שוין געווען העכער האַלב געוואו־נען! און בנוגע אמעריקאַנער הילף... מען פאַרשטייט די מעשה, אז זי האָט צו ביסלעך אונטערגעשטופּט דעם וואָגן... נישט קיין סך און נישט קיין ביסל — אלא כמצליף... * און כ'בעט דיך, וואָס איז די רבותא, וואָס זי האָט אונדז אויסגעשטרעקט א האַנט און וואָס מיר האָבן די האַנט אָנגע־נומען? — הכל צריכין למרא דחיטי! איך מאַך חלילה נישט צו קליינ־געלט די גרויסע מאַטעריעלע און מיליטערישע הילף, וואָס מיר האָבן באַ־קומען פון אמעריקע, דאָס האָט בודאי ובודאי געהאַט א גרויסע פעולה אויף דעם גאַנג פון דעם קריג און אין א גרויסער מאָס פאַרשנעלערט דעם נצחון, אָבער די זעלבע הילף האָט דאָך בשעתה געקענט באַקומען אויך פראַנקרייך... אויך פוילן... און גאַנץ אייראָפּע... אמעריקע האָט אין יענע

* אויפהייבן די האַנט כדי זי גלייך צוריק אַראָפּלאָזן. די כוונה: נישט ערנסט, נישט סטאַביל.

טעג קנאפּ וואָס בודק געווען די ציצית ביי די הילף־בעטערס. עס האָט גע־מעגט זיין: מאיר, אָדער שניאור, זרח, אָדער גימפּל — אַבי ער האָט גע־קעמפט קעגן היטלערן! זיי האָבן אַלע געקענט באַקומען הילף בהרחבה, און אויב דו ווילסט גאָר — נאָך אַ ביסעלע שענערע הילף, ווי די, וואָס מיר האָבן באַקומען... פאַר וואָס שענערע? — דאָס ווייסטו פּונקט אַזוי גוט ווי איך. פון דעסט וועגן איז אין יענע צילינדרירטע מדינות מיט די שוואַרצע שניפּסן עפּעס נישט געווען בנמצא, וועמען אָט די הילף צו געבן, און ביי אונדז איז צופּעליק יאָ געווען... און דער עיקר: וויפל צייט האָט די רויטע אַרמיי געקעמפט מיט די הוילע הענט ביז דעם אָנקומען פון דער אַמעריקאַנער הילף?

שלמה האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט אויף אַ קול:

— מנשה־סערדצע, וועך פון אונדז ביידע איז דער גולם? איך, צי איר? עפּעס לערנען מיר די משנה פון „וחילופיהן בגולם”... איר זענט שוין געוואָרן סטאַלינס אַ חסיד? איר?

— חכם, מה הוא — אומר... אַז דו, זע איך, ביסט געוואָרן אַ פּיל־סודטשיק, מעג איך מיך שוין אויסגעבן פאַר אַן עומד מצד סטאַלין... ער טיטשעט מיר אין די אויגן דעם צווייטן פּראָנט, טיטשעט ער מיר... אָט לאָמיר נעמען למשל דעם ערשטן ערנסטן סלע־המחלקות * — מאָזדאָק! פאַר מיר מיט דיר איז דער נאָמען: „מאָזדאָק” אַ ניי וואָרט, אַזוי צו זאָגן: אַ בן בלי שם —

— גאָט איז מיט אייך מנשה, וואָס רעדט איר? ביי מיר איז מאָזדאָק אַ נייער נאָמען? אמת טאַקע, רובא דרובא פון די רוסישע בירגער האָבן נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ חיה עס איז אָט דאָס „מאָזדאָק”, אָבער — איך? איך בין צענדליקער מאָל דורכגעפאָרן פאַרביי אָט דער „ריזיקער” סטאַנציע: מאָזדאָק. באַלד נאָך מיין חתונה, ווען איך האָב, נישט היינט געדאַכט, נישט פאַרמאָגט אפילו אויף קיין מזון סעודה אחת, בין איך דאָך, געדענקט איר, אַרומגעפאָרן איבער קאַווקאַז ** «На зоробітки» להכא ולהתם, ארוכות וקצרות, איז דאַמאָלסט האָב איך געהאַט די ערע זיך צו באַקענען מיט אָט דעם שלימזלדיקן „ברך”: מאָזדאָק. מיר: אנשים מדינים סוחרים, פלעגן זעלטן זיך איינשטעלן צו פאָרן מיטן שנעלצוג: שעפּעטאָווקע — באַקו, ווייל אין ראַדיוס פון באַקו — מחמת זי הייסט: אַ גרענעץ־שטאָט — האָט די אָפּעראַטיווע גרופּע געאַרבעט מעשים, דערי־בער פלעגן מיר אין מינוואָדע איבערשטייגן אין אַ שלעפּצוג... ככה יעשה כל הימים... פון מינוואָדע אויף באַקו פלעגט דער צוג גיין אויף צוויי ריכטונגען. איין ליניע איז געגאַנגען דורך: פּראָכלאַדנאַיאַ, בעסלאַן דער־בענט, מאַכאַטש־קאַלאַ; און די צווייטע ליניע איז געגאַנגען דורך: מאָז־דאָק, גודערמעס, גראָזנאָיע, מאַכאַטש־קאַלאַ. אין דער דאָזיקער הויפּט־

---

* געמיינט: דאָס אָרט, וווּ עס האָט זיך צעפלאַקערט אַן ערנסטע שלאַכט.

** כמו: זוכן פרנסה.

שטאָט פון דער קאַבאַרדינאַ־באַלקאַרישער א. ס. ס. ר., ביים קאַספּישן ים, פלעגן זיך די צוגן באַגעגענען און מיט אַ פּאָר קילאָמעטער ווייטער זיך ווידער צעגיין שוין ביז באַקו. דער עולם „פּאָרערס" האָט נישט ליב געהאַט צו פאָרן דורך דער וויסטער מדבר, וואָס איז אויף הונדערטער קילאָמעטערס אויסגעבעט מיט הוילער זאַמד, וועלכע רינגלט אַרום דאָס דאָזיקע מאָזדאָק, אַלע זענען ליבערשט באַשטאַנען צו „נעמען" דעם צוג אויף: פּראָכלאַדנאַיאַ, בעסלאַן, ווו דער וועג איז געווען איינגעטונקען אין גרינוואַרג, אַז ס'האָט אַזש געפרייט דאָס אויג. אָבער ביי אַ „סטאַבילן" פּאָרער, ווי איך בין דאַן געווען, העלפט נישט: יאָ געוואָלט, צי נישט געוואָלט, דער מסבב הסיבות פירט שוין צו אַזוינע „הוראת־שעה'לעך", וואָס מען מוז אַ מאָל אָפּפאָרן ווי אַרומער עס לאָזט זיך פריער; למשל: עס ווערט „היים" צו זיצן אין וואַרטזאַל און מען מוז ערגעץ נעלם ווערן אין אַ וואַגאָן, וכדומה אַזעלכע שמחות, בין איך נישט ווילנדיק געווען אויך אין מאָזדאָק. ווי איך וואָלט ערשט נעכטן געווען פון יענע מקומות, אַזוי שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס דאָזיקע אומגליקלעכע מאָזדאָק: אַ הילצערן, נישט געפאַרבט וואָקזאַלעכל, די גרייס פון אַ טראַמוויי־וואַגאָן; עטלעכע קאַטאָוועסדיקע הייזלעך; אַ פּאַרצייטישער לאָקאָמאָטיוו אָן רעדער און וואָס נאָך? און טאַקע מער גאָרנישט... אַ נאַרישקייט געדענקט זיך: אין פענצטער פון דעם צוהוידעטן הייזל, ווו עס האָט זיך געדאַרפט געפינען געקאָכט וואַסער פאַר די פאַרבייפאָרנדיקע פּאַסאַזשירן, איז שטענדיק געהאַנגען איינס און דאָס זעלבע דיקטענע ברעטעלע, אויף וועלכן ס'איז כסדר געווען אָנגעשריבן מיט קרייד: Кипяток не готов! * מיר פלעגן שטענדיק לאַכן פון דעם דאָזיקן שילדעלע: יאָרן־לאַנג, אַז דאָס וואַסער קאָכט נעבעך און קען אַלץ נישט אויפקאָכן, אייביק און שטענדיק — «не готов!»

ווען די בילעטן־קאַסירשע פון מינוואָדע פלעגט איינעם פון אונדז פרעגן:

— Товарищ! Вам выписать билет через Прохладную, или через Моздок? **

פלעגט זיין דער באַליבטער ענטפער אונדזערער:

— Благодарю Вас покорно, но через Моздок, я не ездок! ***

דער דאָזיקער ענטפער איז שוין געווען שגור בפינו, ווי ביי אַ יידן „אשרי". אָט דאָס האָט איר אייך די גאַנצע „פעסטונג" מאָזדאָק, וואָס ליגט לעבעדיק באַגראָבן אין די חולות־המדבר, אין די האַלב־נאַפטיקע חולות־המדבר; אייביק און שטענדיק האָט אַזוי אויסגעזען אָט דאָס שטיקל סאָוויעטישער מדבר...

---

* דאָס וואַסער האָט נאָך נישט אויפגעקאָכט.

** — חבר, אויסשרייבן אייך אַ בילעט דורך פּראָכלאַדנאַיאַ, צי דורך מאָזדאָק?

*** — איך דאַנק אייך זייער, נאָר דורך מאָזדאָק בין איך נישט קיין פאָרער. (אין דער רוסישער שפּראַך באַקומט זיך דאָ אַ ווערטער־שפּיל: מאָזדאָק — יעזדאָק).

— ...און אין אַזאַ וויסטע און פּוסטקע האָט די מיט בלוט־אָפּגייענ־דיקע רויטע אַרמיי אָפּגעשטעלט דעם ריזיקן דייטשן מעכאַניזם און פאַר־וואַנדלט אָט דאָס נאַקעטע און בלאַקעטע מאַזדאָק אין זיין „באָראָדינאָ“!* און דאָרט האָט די אויסגעמאַרכעוועטע רויטע אַרמיי אָפּגעשטעלט און אומגעוואָרפן דעם טריאומפאַלן מאַרש פון די צעבאַלעוועטע פאַשיסטישע האָרדעס. צי אַ שטייגער, מיר וועלן שוין גאָר נעמען סטאַלינגראַד! דאָס אַלטע צאַריצין! וואָס איז דען אַזוינס דאָס סטאַלינגראַד? עפּעס אַזאַ מעכ־טיקע פעסטונג? עפּעס אַזאַ אומצוטריטלעכער באַסטיאָן? דו וועסט עס אפשר צוגלייכן צו דער לעגענדאַרער טרויאַ? צו ווערדען? צו פּאָרט־אַר־טור? צו איזמאַאיל? אָדער כאָטש צו אונדזער היימישן פּערעקאָפּ? וואָס? און בכלל אַלס שטאָט, אַלס כרך, אַלס צענטער, וועסטו אפשר צוגלייכן סטאַ־לינגראַד צו סטראַסבורג? צו ליאָן? צו לאָדזש? צו אַנטווערפּן? צו ברעס־לאַו? וואָס? ווער? ווען? צאַריצין איז געווען אַ סאַמע געוויינלעך סאָוויע־טיש שטעטל פון מיטלמעסיקן שניט, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען נאָר דערמיט, וואָס סטאַלין מיט וואָראָשילאָוון האָבן דאָרטן געקעמפט אין די יאָרן פון דעם בירגערקריג, און מיטן גיגאַנטישן טראַקטאָר־זאַוואָד, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. גלייב מיר, ווען נישט אָט די צוויי זאַכן, וואָלט אפילו קיינער דעם דאָזיקן נאָמען נישט געוווסט. און דאָך, כאָטש דער באַרג־סיני איז געווען אַזוי קליין — האָט מען אויף אים געגעבן די תורה; כאָטש סטאַלינגראַד איז געווען אַזוי מינדערוויכטיק, האָט דאָרטן דער דייטש געכאַפּט דעם ערשטן רעכטן בראָך. דעם אמת גערעדט קלינגט עס דאָך טאַקע ווי אַן אַנעקדאָט: אַזאַ עיר גדולה לאלהים שראשה מגיע השמימה ווי פּאַריז, האָט מען פאַר אים צעעפנט לרוחה: הרי שלך לפניך! און אַזאַ פּוסטקע ווי דאָס מאַזדאָק איז, און אַזאַ פּראָווינציעל טויט־שטעטל ווי אָט דאָס סטאַלינגראַד איז, האָט מען פאַר אָט דעם אשמדאי פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער און ער איז טאַקע צעפּלאַצט געוואָרן קלאַפּנדיק אין די פאַררי־גלטע טויערן. פרעגט זיך: פאַר וואָס גראָד דאָרט? מיט וועלכן כח? איז דער תירוץ אַזוי: ביי איצטיקע מאָדערנע מינים געווער, שפּילן נישט קיין ערשט־קלאַסיקע ראָלע: נישט קיין יריחו־פעסטונגען; נישט קיין גיהנומדיקע „קאַ־טיושעס“,** און אפילו נישט קיין אָדלערדיקע „דוגלאַסן“!*** נישט אָט די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן האָבן איינגעבראָכן היטלערס רוקנביין — ניין! אים אונטערגעזעגט האָט נאָר דאָס ביז איצט נישט געהערטע און נישט געזעענע עקשנות פון די קעמפנדיקע רויטאַרמייער. פאַרשטייסטו שוין פון וואָס מען רעדט, צי ניין? קומט ער דיר צו גיין מיט די אַמעריקעס

---

* אַ דאָרף הינטער מאָסקווע, וווּ נאַפּאָלעאָן האָט געליטן זיין ערשטע מפּלה אין רוסלאַנד.

** אַ סאָוויעטישע מאַרקע פון פייער־שפּייענדיקע האַרמאַטן.

*** אַן אַמעריקאַנער פירמע פון שווערע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען.

און מיט די צווייטע פראַנטן! עס באַקומט זיך ממש, ווי עס שטייט דאָרטן: למה תרצדון הרים גבנונים?...*

שלמה, אַ דערשטוינטער:

— ביי אייך קומט דאָך שוין באַלד אויס, אַז: „וחסד לאומים חטאת", ** האַ?

— ווער זאָגט עס דיר, לעקיש־בער, וואָס דו ביסט? דאָס געווער מיט דער אַמוניציע זענען געווען נייטיק ווי אין לעבן, ווי שטייט דאָרטן: אין חוטב־עצים בלי קרדום, דאַקעגן, דער צווייטער פראַנט... דאָס איז בפירוש געווען: יפה דברת, אָבער לא בזמנו דברת! ער איז געקומען צו שפּעט. דאָס לאַנד איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען מיט בלוט... שוין געהאַט פאַרלוירן דעם צוויט פון דער יוגנט... דאָס געווער איז אפילו נאָך יאָ אָנגעקומען ביי צייטנס, אָבער געווער איז פאָרט נישט מער ווי געווער און פלייצעס בלייבן פאָרט פלייצעס... געווער איז נאָר בבחינת: שלוחו של אדם, און מצוה בו יותר מבשלוחו... אַליין, מיט די אייגענע ידים ורגלים, זיך אַריינוואַרפן אין געשלעג — אָט דאָס איז אַ מצוה מן המובחר! און אָט די מצוה עם כל פרטיה ודקדוקיה וכונותיה ותרי"ג מצוות התלוים בה האָט מקיים געווען סטאַלין! היינט פאַר וואָס זשע, זאָג מיר, האָבן די פּוילישע יידן אים נאָך פיינט צו האָבן, האַ?

— די קריג האָט טאַקע סטאַלין געוואונען. אַליין, צי נישט אַליין — אָבער געוואונען האָט ער, דערויף איז לית מאן דפליג! אין החי מכחיש את החי... אָבער איר האָט דען אַ השגה, וויפל די פּוילישע יידן האָבן זיך אין רוסלאַנד אָנגעליטן און וויפל זיי האָבן ביי אונדז פאַרלוירן?

מנשה האָט נישט געהערט שלמהס פראַגע. ער רעדט ווייטער שווער און באַטאַנענדיק:

— מיר יידן, סיי רוסישע, סיי פּוילישע, טאָרן נישט טראָגן אויף סטאַלינען קיין פאַרדראָס. מיר דאַרפן אים נאָר זיין שטאַרק דאַנקבאַר...

— אַזוי גאָר? וואָס איז די מעשה?

— ווייל סיי מיר, סיי די פּוילישע יידן האָבן אונדזערע לעבנס צו פאַרדאַנקען נאָר אים —

— ???

— בכבוד גדול, איך קען דיר אויסטייטשן מיין סברא, מפורש ושום שכל. היטלער, ימח שמו וזכרו, האָט פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן זיך באַווייזן פאַר דער וועלט מיט זיינע אוואַנטורעס, איינגערעדט דער גאַנצער וועלט, און זיי גוט־גוט אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין, אַז דער הויפּטציל פון דער קריג איז; אַז זיין איינציקע שטרעבונג איז: אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק און אָפּצווווישן זייער זכר פון דער וויי־

---

* „וואָס שפּרינגט איר האַרבאַטע (געמיינט: הויכע) בערג?" (כלומר: די גרעסערע בערג, פון קנאה, וואָס מען האָט נישט אויף זיי געגעבן די תורה) — פון תהילים.

** „און דער גנאָד פון די פעלקער איז גאָר אַ זינד". פון משלי.

סער וועלט. וועגן זיין דאָזיקן פּראָגראַם האָט ער צעטרומייטערט איבער דער גאַנצער וועלט; ווו ערגעץ אַ ישוב, האָט ער וועגן זיין מיסיע צעשיקט אַגיטאַטאָרס און פּראָקלאַמאַציעס. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די רוסישע באַפעלקערונג און די אַזיאַטישע באַפעלקערונג, די וועלכע פאַרלירן טאָג־טעגלעך זייערע קינדער אויף די פראָנטן, גלייבן אין זיינע רייד באמונה שלמה — פאַר וואָס זאָלן זיי נישט גלייבן? — און עס קומט ביי זיי אויס, אַז דאָס גאַנצע אומגליק, וואָס האָט זיי אַזוי שווער געטראָפן, איז בלויז איבער די יידן. איז ווי אַזוי קלערסטו אַ שטייגער, מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן וואָלטן זיי מצדם צוגעהאָלפן היטלערן פון אינעווייניק? האַ? און מיר האָבן עס גוט געפילט און פילן נאָך עד היום זייער גרויסן חשק צו אַזאַ יומא דפגרא׳לע,* נאָר... געדענק זשע גוט, ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַ נאָר! נאָר „מוראה של מלכות" פאַראַליזירט זיי. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז מיט דער ראַטנמאַכט פראָוועט מען נישט קיין קאַטאָוועסלעך... אַ שטייגער נאָר אַ טראַכט טון, און וואָס פאַר אַ שווערער לאַגע אונדזער מלוכה איז דאַמאָלסט געווען: היטלער איז שוין מיט איין פוס געשטאַנען אויף די קרעמלשע טורעמס; די מאַכט האָט זיך געוויגט און געוואַקלט ווי אַ פאַרלוירן שיפל אין מיטן שטורמישן און ברויזנדיקן ים, און אפילו דאַמאָלסט, ביום עברה, האָבן די סאָוויעטישע אַנטיסעמיטן געוווסט, אַז: יש שלטון ביום־המות!** אַז פאַר פּאָגראָמירן יידן וועלן די סאָוויעטישע מושלים שטעלן מיטן פנים צו דער וואַנט. אָט דאָס איז די קראַפט פון סטאַלינס ווילן; אָט דאָס הייסט: יסור יסרני — דאָס יאָ! אָבער — ולמות לא נתנני... און דערפאַר — אַ דאַנק!

דריי פּאָר גרויסע אויגן האָבן נייגעריק און דערשטוינט באַטראַכט מנשהס פנים. ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט און האָט מיט אַ שטרענגן בליק באַטראַכט די הערנדיקע:

— ...זיי, ווידער, די פּוילישע יידן, דאַרפן אים נאָך אין אַ טאָפּלטער מאָס זיין דאַנקבאַר, כפלים לתושיה! דאָס וואָס ער האָט זיי אין די מלחמה־יאָרן געשיצט פאַר פּאָגראָמען, איז איין מאָל אַוועק; היינט, וואָס וואָלט פון זיי געוואָרן, ווען מען לאָזט זיי איבערהויפּט נישט אַריין קיין רוס־לאַנד, אַזוי ווי פראַנקרייך האָט אין דער צייט פון דעם בירגערקריג אין שפּאַניע פאַרשלאָסן אירע גרענעצן און האָט נישט אַריינגעלאָזט די קוים מיטן לעבן אַנטרונען געוואָרענע פון פראַנקאָ׳ס טעראָר... דו האָסט דאַ־מאָלסט געלייענט אין דער „איזוועסטיע" דאָס אַרטיקל: ***«Стыдно»

* יומטובל. געמיינט מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן.

** עס איז דאָ אַ מאַכט, אַ הערשונג אפילו אין טאָג פון טויט. דער פּסוק אין אָריגינעל (קהלת) איז: „ואין שלטון ביום המות", אין דעם טאָג פונעם שטאַרבן איז מען שוין נישט קיין הערשער...

*** אַ שאַנדע! אַ בזיון! שעם זיך!

פון אליא ערנבורג? דו געדענקסט, וואָס דאָרטן איז געשריבן געוואָרן, האָ?

— וויים איך, ויקם עדות ביעקב — אליא ערנבורג! דאָס איז אַ פאַרקויפטע נשמה... ער, אַז ער רעדט און ער, אַז ער שרייבט, איז ער באַגלייבט פונקט, ווי דער צלם איז באַגלייבט... ער און די תיפלה* האָבן אין זיך איין מאָס אמת...

— פון וועמען רעדסטו עס אַזוי? פון אליא ערנבורג?

— יאָ, יאָ, פון אליא ערנבורג! וואָס זשע, איר האַלט אים פאַר אַן איש־אמת? פאַר אַ תוכו־כברו־מענטש? איר האַלט אים פאַר אַן עומד מצד עצמו? ער שרייבט, מיינט איר, וואָס אים ווילט זיך? דער דאָזיקער אַזוי צעפּויקטער און באַזונגענער אליא ערנבורג איז דער זעלבער „פּייר־פּאָל", וואָס אַלע פּען־משרתים. מן הסתם האָט מען דאַמאָלסט געדאַרפט וואַרפן שמוץ אויף פראַנקרייך, דעריבער האָט ער אַזוי געשריבן און עס קען זייער גוט געמאָלט זיין, אַז כל היוצא מפיו, איז שקר וכזב... עס לייגט זיך פשוט אויפן שכל אַזוי...

— אפשר... כ'וויים? אפשר ביסט דו גערעכט... אפשר איז דאָס נאָר געווען אַ שקר־בלבול אויף פראַנקרייך... אָבער מיר האָבן דאָך נישט קיין אַנדערע מקורות... הלא מפיו אנו חיים... הלא אין לו לדיין, אלא מה שעיניו רואות... דאַרפן מיר אָננעמען — צי דער שכל־הישר איז יאָ אַזוי מחייב, צי ער איז נישט אַזוי מחייב — אַז אַזוי איז דאָס טאַקע געווען; אַז פראַנקרייך האָט טאַקע בימי מלחמת פראַנקאָ נישט אַריינגעלאָזט די פּליטים פון שפּאַניען; ס'איז דאָך נישט שייך צו טרעפן סתם אין דער וועלט אַריין, כסומא בארובה... איצט געב זשע זונעניו אַ קלער, אַ שטייגער, ווען סטאַלינען זאָל זיך, חלילה וחס, געווען פאַרגלוסטן נאָכטון דעם תנא ר' דאַלאַדיע און די פּוילישע יידן לאָזן שטיין פון יענער זייט טויער, וואָס וואָלט דאַמאָלסט געווען? דאַן וואָלטן דאָך געווען אומגעקומען די אַלע איבערגעבליבענע אויך... אחד מהם לא נותר... היטלער ימח שמו, וואָלט זיי געווען צעריבן און צעמאָלן עד תום כל הדור... דו פאַרשטייסט, צי ניין? האָבן זיי נאָך טאַקע אַ סך און אַ ים פאַר וואָס צו זיין בייז אויף סטאַלינען, האָ? זיי קומט נאָך אַרוים...

שלמה, אויסער זיך:

— איך פאַרשטיי נישט אייער סוגיא! און אַז מען לאָזט שוין, הייסט עס, יענעם אַריין אין שטוב אַריין, דאַרף מען דעם גאַסט אַראָפּוואַרפן אין אַ פינצטערן קעלער און אים דאָרט פאַרשפּאַרן אויף זיבן שלעסער? מען האָט געגומען מענטשן, וואָס האָבן אויף זייער לעבן נישט געפּרוווט צו טון קיין שום פיזישע אַרבעט; קיין מאָל נישט געפּרוווט צו לידן פון קיין קעלט; נעמט מען און מען פאַרשיקט אַזעלכע לייט אין די סיבירער

* קלויסטער. בכלל: אַ געבעט־הויז צו פרעמדע געטער.

וועלדער זיי זאָלן האַקן האָלץ און אומקומען פון הונגער און פון קעלט... טוען יאָ אַזוי לייטישע מענטשן? אַט דאָס רופט איר אַן הכנסת־אורחים?

אויף שלמהס עטוואָס פאַררויטלטן פּנים מישט זיך צאָרן מיט צער און ווייטיק. ער שטייט אויף פון זיין בענקל און וועלנדיק אויף עפּעס אָפּ־ווענדן דעם אינעווייניקסטן שטורעם, וואָס דער לעצטער שמועס האָט אין אים אויפגעהויבן, טראַכט ער נישט צו קיין בעסערס, ווי זיך אַנצושפּאַרן מיט ביידע הענט אין דער פאַרענטשע פונעם בענקל. דאָס בענקל טוט אַ קרעכץ מיט אַלע אברים אין זיינע שטאָלענע הענט. דערזעענדיק, אַז עס צענעמט זיך לייכט, נעמט ער אַראָפּ די הענט פון דעם און אַליין בלייבט ער שטיין נישט אַהער, נישט אַהין, און ווייסט נישט ווהין מען טוט אַהין אַזעלכע קאַזאַצקע ידים, וואָס ווו מען לייגט זיי אַנידער, דאָרט ווערט אַ לאָך. מנשה האָט זיך, אַליין נישט ווימנדיק פאַר וואָס, אויך אויפגעשטעלט. מיט דראָבנע טריטעלעך מעסט ער אויס דאָס צימער פון איין וואַנט ביז דער צווייטער, שטעלט זיך אָפּ קעגן שלמהן און ציילט דיבורים ווי, להבדיל, ביי קריאת־שמע־לייענען:

— שלמה, דו געדענקסט די גמרא: באותה שעה שנשא שלמה את בת־פרעה, ירד גבריאל ונעץ קנה בים ועלה עליו שירטון, ועליו נבנה כרך גדול שברומי — אָדער איטליה של יון — איך געדענק שוין נישט דאָס לשון פון דער גמרא. דאַכט זיך, אַז אין פאַרשידענע ערטער שטייען ביידע נוסחאות. דעסט גלייכן איז דאָ. להוי ידוע לך, זאָלסט וויסן זיין, אַז פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס היטלער הרשע האָט אָנגעהויבן צו צעלאָזן זיינע טמאדיקע פליגלען איבער אייראָפּע ויושבי־בה, האָט דער ראַטנפאַר־באַנד בחדרי־חדרים, כמוס מעין כל, זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ מלחמה מיט אָט דעם אני ואפסידיקן „צפיר העזים". * ווען ער האָט פאַרנומען עסטרייך, איז די סכנה פון אַ צוזאַמענשטויס נאָך גרעסער געוואָרן און אַזוי ווען ער האָט פאַרגוואַלדיקט טשעכאָסלאָוואַקיע. ווער שמועסט, ווען ער האָט אָקופּירט פראַנקרייך און אָנגעהויבן אַ קריג מיט ענגלאַנד... בינתים, בשעת יענעם קאָמעדיאַנטישן שלום צווישן היטלערן מיט סטאַ־לינען, האָבן זיך שוין אונטער די פאָלעם פון גאַנץ לאַנג געשאַרפט די מעסערס, אַזוי ביי דעם און אַזוי ביי יענעם — איהו בקרי ואיהו בבור־ציני... ** אַ זמן רב איידער מען האָט אין אונדזערע מקומות אויסגערעדט בקול רם דאָס וואָרט „מלחמה", האָט שוין דער מלחמה־גייסט געוועלטיקט על כל סביביו; ער האָט אומבאַגרענעצט דיקטירט און קאָמאַנדעוועט מיט אַלע מעשים פון די סאָוויעטישע מושלים. שוין דאַמאָלסט איז געווען זיי־ער „אני מאמין" און זייער „לשם יחוד": Все для войны! Все для победы! *** ביי אַ פרוי, בשעת עס בויט זיך אין איר אַ ניי לעבן;

---

* אַ יונגער צאַפּ. געמיינט: אַן עזותניק, אַ חוצפּהניק.

** כמו: יעדער אויף זיין מאַניער, אָבער דער ציל — דער זעלבער.

*** אַלץ פאַר דער קריג! אַלץ פאַר דעם נצחון!

גאַטס אַ ווערק; הערן ביי איר דאַמאָלסט אויף צו פונקציאָנירן אַלע „רגילותן״ — קיין איין טראָפּן בלוט נישט אין דער זייט! קיין איין טראָפּן ענערגיע לאָזט דאַמאָלסט די נאַטור נישט פאַרלוירן גיין לצדדין — אַלץ אין קינד אריין! אַלץ פאַרן קומענדיקן לעבן! אַט פּונקט אַזוי־אַ האָט ביי אונדז אויסגעזעצן אין יענע טעג, ווען די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט די געביטן פון מערב־אוקראַינע. די היפּשע מחיצה, וואָס האָט אַ מאָל גע־הייסן: „מדינת פּוילן״, איז פון איין טראַסק אין פאַרנט און אַ שטורך אין הינטן — אומגעפאַלן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שברי־כּלי־חרס, און די צוויי אייביקע שונאים בנפש; דער „אש ומים״; אש אוכלה אש — דער קאַמוניסט און דער פאַשיסט, האָבן זיך צוגערוקט איינער צום צווייטן נאָך נעענטער, ווי אויף אַ קאַצנשפּרונג, גרייט אָנצוכאַפּן איי־נער דעם צווייטן ביים גאַרגל, און גראָד דאַמאָלסט, בבואם עד משבר, איז אַרויסגעשווומען דער פּראָבלעם פון יידישע פּליטים, וועלכער איז אַזוי טרויעריק רעאַליזירט געוואָרן... היוצא לנו מזה, אַז אין אַזאַ עידנא דריתחא איז לית דין ולית דיין... און ווידער —

מנשה זעצט זיך צוריק אַוועק אויף זיין בענקל, שלמה אויך. מנשה נעמט אַריין די באָרד אין דער זשמעניע, דרייט זי איבער מיטן הינטן אויף פאַרנט און פאַרזשמורעט איין אויג, ווי ער זאָל „דורכנעמען״ אַ שווער שטיקל „מהרם־שיף״:

— און ווידער, זאָג איך, מיר מוזן גאַרנישט אָנקומען צו אַט די אַלע פילאָזאָפיעס און משלים. אויף אַלע דיינע „אייזערנע קשיות״: סטייטש און היתכן און הנשמע כזאת איז דאָ איין קורצינקער ענטפער: „מלחמה״... אָ! דאָס איז אַ תירוץ מספּיק! דאָס איז אַ גאַנץ געניגנדיקער ענטפער... דו פאַרשטייסט? — מל—ח—מה! אין דעם דאָזיקן וואָרט שטעקט דער גאַנצער ענטפער... עס פאַרשטייט זיך, אַז די געשיכטע מיט דעם פאַרשי־קעניש איז זייער אַ טרויעריקע, און באַזונדערס פאַר אונדז יידן... דער דאָזיקער גלות בתוך גלות האָט אונדז אָפּגעקאָסט פיל, פיל טויזנטער יידישע לעבנס, אָבער ווען איך מיט דיר פירן אָן מיט דער מלוכה, וואָלטן מיר אויך געטון דאָס זעלבע... אַ האָר נישט געמינערט...

— פאַר זיך קענט איר זאָגן, אָבער נישט פאַר יענעם...

— ניין, אויך דו! אויך יעדער איינציקער!

— אָך מנשה, ווען סטאַלין זאָל וויסן, וואָס פאַר אַ מליץ־יושר איר זענט אויף זיינע טריפהנע דרכימלעך... איר דערמאָנט מיר אַ ביסל יענעם שוטהוואטע רבל, וואָס אַז די בעלי־בתים פלעגן אַריינגיין צו אים זיך לאָדן, איז איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן אַרויסצוזאָגן אַלע זייערע טענות פלעגט ער שוין אָפּזאָגן זיין „פּסק־דין״ און דערנאָך האָט ער זיך שוין באַמת, אַז די טענות פון די בעלי־דינים זאָלן זיין מער ווייניקער צוגעפּאַסט צו זיין פּסק...

— לאַ היו דברים מעולם! נישט איך בין סטאַלינס אַ מליץ־יושר; נישט איך גיי זוכן זכותים אויף זייער גרוילנדיקער התנהגות לגבי אַלע

ארויסגעשיקטע יידן, פון פוילן, צי פון רומעניע, צי פון אנדערע לענדער, וואָס מען האָט ביי לית־ברירה „מגייר” געווען; איך וויל נאָר זאָגן אָט וואָס: אין זיין ערשטער, מקוריתדיקער פאַזע איז דער פּלאַן פון ארויסשיקן פּליטים פון פיינטלעכע לענדער אין ווייטע געגנטן און דאָרט זיי האַלטן אונטער אַ שמירה, אַז זיי זאָלן נישט קענען אַליין צוריקפאָרן — גאָר נישט אַזאַ אָריגינעלער און גאָר נישט אַזאַ אייגנאַרטיקער. אַזעלכע און ענלעכע פאַלן קען מען אויפזוכן ביי אַלע פעלקער און אין אַלע צייטן. זכור ימות עולם... שנות דור ודור... ווי אַזוי אָבער אָט דער סטראַטעגישער שריט האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַזאַ גרויסער טראַגעדיע פאַרן יידישן פאָלק — אין אַ טראַגעדיע, וואָס איז פאַרהעלטעניסמעסיק אפשר נישט פיל קלענער פון דעם יידישן בראָך אין די לענדער, ווו עס האָבן געווילדעוועט היטלערס באַנדעס — דאָס איז אַ פּראָבלעם פאַר זיך. איידער מיר גייען באַשולדיקן די פּאָליטביוראָ, אַז זי האָט באַוווסטזיניק זיך גענומען אויסראָטן אַזאַ היפּשן טייל פונעם יידישן פאָלק, מוזן מיר זיך דערמאָנען אינעם אַלטן וואָרט: רחמנא לבא בעי...* איך מיין, אַז אפילו אַזאַ מקטרג ווי דו, וועט בנידון דידן אויך מודה זיין, אַז — ולבו בל עמו... זיי האָבן דאָס נישט געוואָלט... זיי האָבן דאָס נישט געקענט וועלן! אלא וואָס דען? — בצוק העתים! ** ס'איז דאַן געווען אַזאַ אומגליקלעכער טאָג, יום מר ונמהר... אַ טאָג פון דו־פּרצופים; אַ טאָג פון: בשנותו את טעמו... לאָמיר, ליתר בטחון, נאָך אַ מאָל דורכקנעטן די דאָזיקע סוגיא, זי זאָל ביי אונדז זיין שגור ווי די „הללויהם”. אַ שטייגער, ווי אַזוי קלערסטו, אין אונדזערע הויכע מלוכה־קרייזן האָט מען כאָטש אויף איין און איינציקער מינוט געגלייבט אין דעם קיום פונעם שלום מיט היטלערן? האַ? אַזעלכע שוטים, מיינסטו, זיצן אין קרעמל? מען דאַרף דאָך זיין פריש און געזונט און משוגע צו גלייבן, אַז דער קאָמוניזם און דער פאַשיזם האָבן געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך... אַז דער טייטש איז שוין נישט מער ווי דער רבי האָט מיט אונדז געלערנט אין חדר: וחד בחד כי סביך ועביד קרבותא — אַ מלחמה; נאָר: קרבותא — אַ התקרבות; אַ קושן זיך אין די פּיסקעלעך; אַ קוצעניו־מוצעניו... מאָלאָטאָוו נעמט זיך אַרום מיט היטלערן; סטאַלין טרינקט ברודערשאַפט מיט ריבענטראָפּן; די פאַשיסטן צינדן און ברענען די דעמאָקראַטיע, און רוסלאַנד דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ — כאָטש אַ מבול! זי באַמערקט גאָרנישט, אָדער זי וויל נישט באַמערקן און אַן עק! אָט דאָס איז דאָס! איאָ אַזוי? וואָס שווייגסטו? אַזוי האָט דאָך אויסגעזען די לאַגע אין יאָר 1939! שטיי! שוויג שטיל אַ מינוט! לאָזט קיינעם נישט אויסרעדן אַ וואָרט... איך ווייס וואָס דו מיינסט, איך ווייס! לדידך קומט דאָך מן

---

* גאָט קוקט נישט נאָר אויף די מעשים, נאָר אויך אויף דעם רצון.

** אין דער ענגשאַפט (צרהדיקייט) פון די צייטן.

הסתם אויס, אַז: „הואיל והוו יתבי רבנן ולא מחו ביה, שמע מינה קא ניחא להו", * האַ? דו ווילסט דאָך אודאי זאָגן, אַז —

— הן הכי נמי... אַזוי ווי געווען דערביי... אודאי און אודאי וויל איך זאָגן, אַז קוים —

— זיי זשע נישט קיין שוטה, וועט מען דיך מיטנעמען אין סוכה אַריין... ער וויל זאָגן, וויל ער... ער ווייסט, וואָס ער וויל זאָגן, ווייסט ער... מלדה ומבטן ומהריון איז דאָס געווען אַ מקח־טעות! די אירוסין זענען נישט חל געווען; די קידושין האָבן נישט תופס געווען — ס'איז געווען אַ ממזר! אַ הונאת־דברים מתחילה ועד סוף! שווייגסט שוין, האַ? שתיקה כהודאה דמיא! הייסט עס, פאַרשטייסטו שוין ברוך־השם יאָ, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ מין קאָמעדיע; עפּעס אַזאַ מין סאָרט אחיזת־עינים; אַ מינוטלעכע פאַרבלענדעניש, אַן איפכא מסתבראדיקער דריי מיטן גראָבן פינגער. נו, אָט זענען מיר סוף כל סוף בהסכם גמור געקומען צו דער מסקנא, אַז די ראַטנמאַכט האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ ממש עס האָט דער שלום מיט היטלערן... יעדעס ברענענדיק הויז אין קאָווענטרי, צי אין לאָנדאָן, האָט סטאַלינען פאַרשאַפט שמערצן, ווייל ער האָט גוט געוווּסט, אַז די ענגלענדער זענען פאַר אים מער פּאַסי־קע מחותנים ווי די דייטשן... אלא מאי, וועסטו פרעגן, ווי באַלד אַזוי, פאַר וואָס זשע האָט ער טאַקע דעם שידוך נישט געמאַכט? איז דער תירוץ: הוראת־שעה! אַמביציע, פּרעסטיזש, האָנאָר... אָבער וויסן האָט ער גוט געוווּסט, אַז ער איז אַזאַ זיווג פאַרן דייטש, כנזם זהב באף חזיר, נישט מער — וואָס? פּאָליטיק! מען האָט געדאַרפט ווייזן די שטאָלצע לאָרדן אין די אָנגעקראַכמאַליעטע קעלנער, אַז זיי זאָלן זיך קיין איבעריקס נישט איבערנעמען, וואָרעם פאַר אַ נויט קען רוסלאַנד שפּילן מיט זיי אויך אַזאַ קאָן. אַז מען דאַרף דעם גנב נעמט מען אים פון דער תליה...

— שטייט! וואָס פליט איר ווי אַ קאַוואַליעריסט? און דאַמאָלסט, באותו יום ווען דער ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך מתחתן געווען מיט היט־לערן, וואָס האָט איר דאַמאָלסט געזאָגט? צי איר האָט שוין פאַרגעסן, וועל איך אייך דערמאָנען —

— דאַמאָלסט האָב איך געזאָגט, אַז: שותף לסטים כלסטים, ** אָבער: מודה ועוזב ירוחם! תשובה העלפט... בקיצור, זיי מיך נישט מבלבל, מיר זענען דאָך עפּעס עוסק אין דיני־נפשות —

— אין דנין דיני־נפשות בלילה...

— דאָרט ווו עס האַנדלט זיך נישט הלכה למעשה, נאָר לפלפולא בעלמא איז מותר. די בעלי־דינים זענען: די ראַטנמאַכט ווי אַ נתבע און

---

* „דערפון וואָס די חכמים זענען געזעסן דערביי און האָבן דעם סקאַנדאַליסט נישט געשטערט, איז משמע, אַז די גאַנצע מעשה אַרט זיי כלל נישט". פון דער אגדתא: „קמצא ובר־קמצא", וואָס געפינט זיך אין דער מסכת גיטין.

** אַ שותף פון אַ גזלן, האָט דעם זעלבן דין וואָס אַ גזלן.

די פּוילישע יידן ווי תובעים. אַ ביסל נישט קיין גלייכע בעלי־דינים, נאָר פאַרפאַלן! דאָס איז, זעט אויס, אַ גאָט־זאַך! האַלטן מיר הייסט עס דערביי, אַז ווען די ראַטנמאַכט און דייטשלאַנד זענען געשטאַנען אונטער דער חופה און האָבן איינער דעם צווייטן געזאָגט: „הרי את", האָט מען געהאַלטן אָנגעגרייט דעם פינגער אויף דער גאַשעטקע: * איין קוועטש — און עס ווערט אויף דער וועלט מהפכת סדום ועמורה! איצט וועלן מיר גיין ווייטער: מען קומט צו גיין צו ר' איטשע־מאירן, אָדער צו ר' טאָדרעסן, אָדער צו ר' זרחן און מען זאָגט צו אים בזה הלשון: הער נאָר דו, פלוני בן פלוני, דו וווינסט אין רוסלאַנד? טאָ נעם זיי מוחל אַ רוסישן פּאַספּאָרט און ווער אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער. זאָגט ער: לאַ מיט אַן אלף! ביז עפּעס וואָס וויל ער נאָך זיין אַ לופטיק פאַרשווינדל, אלא נישט, וויל ער גאָר אין גאַנצן צוריק צום דייטש. איצט פרעג איך דיך: מאי קא משמע לן פון אַזאַ תשובה? דאָ דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז איינס פון די ביידע: אָדער היטלערס סיסטעם איז אים נעענטער צום האַרצן, אָדער דערפאַר ציט עס אים אויף צוריק אַהין, ווייל זיינע קרובים וווינען אויף דער דייטשער טעריטאָריע. אָבער די צווייטע סברא איז מער קרוב אל האמת, ווייל: ווו טרעפט מען עס אַזאַ יידן, וואָס היטלערס דרכים זאָלן אים זיין צום האַרצן? אלא וואָס דען? — קרבת־משפחה! אהבתי את אבותי... את אשתי ואת בני... און, צום שלימזל, קומט דאָס פאָר דאַמאָלסט, ווען צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד שטייט אין דער לופט אַ געפערלעכער טשאַד פון שוועבל און דינאַמיט. איצט, פּרווו זיי דו אַ חכם און זאָג: וואָס האָט די ראַטנמאַכט געזאָלט טון מיט די דאָזיקע פּליטים, וואָס ווילן זיך נישט „טויפן" אויף סאָוויעטישער בירגערשאַפט? זיי אָפּשיקן צוריק צו היטלערן? אים צושטעלן פרישע טראַנספּאָרטן האַרמאַטן־פלייש? טאָמער איז אים דאָרט וויניק עולם פאַרבליבן אויף צו פאַרניכטן און פאַרגאַזן? ניין! די געשיכטע וואָלט דאָס איר קיין מאָל נישט מוחל געווען! זי האָט געמוזט אָט די קורצזיכטיקע מענטשן איבערלאָזן ביי זיך, אויב נישט ברצון, איז באונס! דאָס איז פאָר איר געווען אַ חובת־השעה, אַ מענטשלעכער חוב שהזמן גרמא — אַן אומפאַרמיידלעכע מיסיע! היינט, גיב אַ קלער, חכם מיינער פון דער „מה נשתנה", אין דער צייט פון אַ קריג, פון אַזאַ שוידערלעכער מלחמת־הדמים ווי דאָ, האָט מען געוווסט, וועט זיך צעשפּילן צווישן אָט די תנינים הגדולים, קען אַ מלוכה יאָ זיין זיכער אין דער ערלעכקייט און אין דער אומבויגעוודיקער געטריישאַפט פון אַזעלכע בירגער, וועלכע האָבן ערשט נעכטן בשאט נפש * אָפּגעשטויסן איר אויסגעשטרעקטע האַנט? אין אַזאַ אָנגעצויגענער, הרת־עולמדיקער צייט, ווען פון אַלע זייטן שמעקט מיט פּולווער, ווען דער באָדן פון דער גאַנצער מלוכה איז ממש אויסגעפלאַסטערט מיט דינאַמיט, קען מען עפּעס אַ סך פאַרטרויען בירגער פון

---

* דאָס ציגגל, אויף וועלכן מען גיט אַ דריק, ווען מען וויל אַרויסלאָזן די קויל.

** מיט עקל, מיט פאַראַכטונג.

א פיינטלעכער מלוכה שלא שינו לא את לשונם ולא את מלבושיהם? דאָרטן שטייט: אם במחתרת ימצא... און דאָ ווילסטו גאָר באַזעצן די פרעמדע, די פיינטלעכע בירגער אויבן אָן, חפשי לנפשם... שוטה דעם רבינם! באַם עמעצער פון זיי וועט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקן, וועט מען אים דאָך לויטן געזעץ אפילו נישט טאָרן באַשטראָפן כדת וכדין; ער וועט קענען טענהן פאַר די ריכטער: אתה נותן יד לפושעים! איר אַליין מיט דער אומ־באַגרענעצטער פרייהייט, וואָס איר האָט מיר געגעבן, האָט מיך מכשיל געווען... ווי זאָגט ער דאָרט ביים „אותו הבן": אַז דער פאָטער גיט אים נאָך אַלץ, וואָס זיין האַרץ גלוסט און דערנאָך: „והושיבו על פתחי־בתי־זונות — מה יעשה הבן שלא יחטא? שטעל זיך פאָר אַזאַ בילד: מען וועט פאַר די פוילישע יידן עפענען דאָס לאַנד: הלא כל הארץ לפניך... שבו וסחרוה והאחזו בה... קלייבט זיך אויס יעדעלעך אַ מקום; ווו איר ווילט, דאָרט באַזעצט זיך, און פילט זיך היימיש... נו, די פוילישע יידע־לעך פאַרשטייען דען נישט, וואָס גוט איז? וואָס זשע, זיי זענען עפּעס נעבכטיקע? באַזעצט מען זיך אין מאָסקווע, און אין קיעוו, און אין מינסק און אין אָדעס; און פאַר וואָס נישט אין וויניצע, זשיטאָמיר, בעלאָצער־קאָוו, אָדער אומאַן. היטלער, פאַרשטייט זיך, טוט זיך דערוויילע זיינס: ער פאַרפלייצט רוסלאַנד מיט שפּיאָנען און מיט דיווערסאַנטן, אַזוי גוט ווי אַנדערע לענדער, און אפשר נאָך אַ קאַפּעטשקעלע מער. דאָס איז דאָך אַזוי פשוט און אַזוי לאָגיש. אָבער זיי, אָט די שפּיאָנען, איז פיל לייכטער אַרי־בערצופּעקלען דעם גרענעץ, ווי זיי איינצואָרדענען אינעם לאַנד גופא. דער „גר" שרייט אַראָפּ פון אים און פון אַלע זיינע תנועות מיט קולי־קולות. דאָס איז, רעכן איך, אויך גאַנץ פשוט. וואָס טוט די געסטאַפּאָ? אין לובלין, צי אין טשענסטאָכאָוו רופט זי אַריין אַן אַלט פּאָרפאָלק, עס פאַרשטייט זיך, אַז יידן. זי גיט זיי אַ פּאָר מאָל אַ רעכטן בראָט אונטערן לעפעלע און דאַן זאָגט זי צו זיי: איר ווילט בלייבן לעבן? שרייבט זשע אָן כך וכך צו אייער כאַצקלען קיין קיעוו — זיין אַדרעס ווייסן מיר אַליין... איר שרייבט און מיר וועלן אייך דיקטירן —

אין עטלעכע טעג אַרום לייענט זייער זון אין קיעוו דעם „כך וכך", אין וועלכן עס שטייט כהאי לישנא:

„שלום וכל טוב סלה. צו אונדזער טייערן זון ירוחם־כאַצקעלע זאָל לעבן.

טייער קינד, מיר זענען אויף גרויסע צרות. מיר זענען פאַרביי! מיר געפינען זיך אין די הענט פון די סאַמע, סאַמע... מען האָט אונדז שוין געשלאָגן, געפּייניקט, בקיצור, מען האָט אונדז געטון וואָס נעענטער צום טויט. צו לעצט האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז אונדזער לעבן איז אָפּהענ־גיק פון דיר, אונדזער טייער קינד. טאָמער שרייבט זיי נישט אָן אָט דער מענטש, וואָס ברענגט דיר דאָס בריוול, אַז דו פאָלגסט אים אין אַלעמען

וואָס ער הייסט דיר, צעשניידט מען אונדז דאָ אויף שטיקער, אָדער מען פאַרברענט אונדז לעבעדיקערהייט. קיין גרויסע זאַכן, ווי מען פאַרזיכערט אונדז, פאָדערט מען פון דיר נישט. דער דאָזיקער מענטש דאַרף נאָר וווי־נען ביי דיר, און דו וועסט דאַרפן אויספילן זיין רצון... עפּעס קליינע שליחותן אַזעלכע... מיר ווייסן נישט וואָס, נאָר ער וועט דיר שוין דאָרט אַליין זאָגן, וואָס עס פאָדערט זיך פון דיר. בעטן מיר דיך... דאָס בלוט גייט אונדז ממש פונעם האַלדז... האָב רחמנות אויף אונדזערע גרויע קעפּ..."

— נו, וואָס איז עפּעס ירוחם־כאַצקעלע אַ גזלן? אַ רוצח? און דער־צו נאָך אויף אייגענע עלטערן? אודאי טוט ער אַלץ, וואָס מען פאָדערט פון אים, אַבי די גרויע קעפּ פון זיינע היים־געליבטע עלטערן זאָלן בלייבן גאַנץ... און זאָג מיר ביטע, און ווער זייענדיק אין זיין לאַגע וואָלט דאָ אַנדערש געטון? דו קענסט זיך אפשר דערמאָנען דעם עפּיזאָד פון „מלח־מות היהודים עם הרומאים", ווען דער רוימישער גאַרניזאָן פון ירושלים, אָן אָפּגעשניטענער פון זיינע הויפּט־חיילות, האָט זיך פאַרשפּאַרט אין שטאָט און האָט געשטעלט אַן אויסזיכטלאָזן ווידערשטאַנד דער יידישער פאַרטיזאַנען־אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון אריסטובל המלך, וועלכע איז אומגעריכט אַרויסגעשפּרונגען פון איר באַהעלטעניש אין די בערג און האָט אַרומגענומען די שטאָט מיט אַן אייזערנעם צוואַנג. די רומיים, דערזעענדיק, אַז די מויערן פאַלאַצן פון אַלע זייטן, די שטאָט פאַלט און זייער ביטערער סוף איז שוין אומפאַרמיידלעך, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטון אויף אַ „סענטימענטאַלער" עצה — אולי ירחם? מען האָט אַרויס־געשלעפּט פונעם קעלער די אַלטע קעניגין, וועלכע איז געזעסן ביי זיי אין געפענגעניש, מען האָט זי אַרויפגעשטעלט אויף דער פעסטונג, אַזוי אַז דאָס גאַנצע יידישע חייל זאָל זי קענען זען, און מען האָט אַראָפּגעוואָרפן אַריסטובלען אַ צעטעלע אין וועלכן ס'איז געווען אַ קורצע התראה: אויב ער נעמט גלייך נישט אַראָפּ די באַלאַגערונג פון דער שטאָט, צעהאַקט מען די מוטער זיינע אויף עטלעכע שטיקער און מען וואַרפט זי אים אַראָפּ אַלס אַ מתנה. דערציילט אונדז די געשיכטע זייער דייטלעך, אַז עס האָבן נישט געהאָלפן דער קעניגינס פאַרצווייפלטע וואָרענונגען, אַז דער זון זאָל נישט מפסיק זיין זיין עבודת־הקודש; ער זאָל נישט שוינען איר לעבן — וואָס אין די הענט פון אָט די צוררים איז דאָס שוין במילא גאָרנישט ווערט — און זאָל נישט אויפהערן צו שטורמען די שטאָט. דער העלדישער קעניג, ריכטיקער געזאָגט — דאָס האַרץ פונעם ליבנדיקן זון — האָט נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט באַפוילן זיינע מפקדי־הצבא, אַז זיי מיט זייערע חיילות זאָלן זיך צוריקציען אין די בערג... און וואָס איז דער חידוש? אַ מלך — מעג ער אפילו זיין: „אשר לבו כלב האריה" — איז ער פאָרט נישט מער ווי אַ בשר ודם! די געשיכטע האָט אַריסטובלען פאַר־

אורטיילט פאַר זיין באַרעמהאַרציקייט, ווייל ער האָט געדאַרפט וויסן, אַז „גברא קטילא קא קטיל", * והראיה — ווי נאָר די יידישע זעלנער זענען פאַר־שווונדן געוואָרן הינטער די פעלזן, האָט מען די אומגליקלעכע מוטער אַראָפּ־געשליידערט פון דער מויער און זי איז צעשאָטן געוואָרן אויף אברים... אָבער נחזור לענינננו! זאָג מיר שלמה, דו האָסט מיר עפּעס אויסצוווייזן מיט ראיות ברורות, אַז קיעוו איז ביי ירוחם־כאַצקעלע לובלינער טייערער, ווי ירושלים איז געווען ביים קעניג אַריסטובל החשמונאי? וואָס? ניין? נו, שוין! הודאת בעל־דין כמאה עדים דמי! אָט האָסטו דיר, אַן אומשולדיקן, נאָר אַ געפערלעכן שפּיאָן! דער קאָשמאַר פון זיינע עלטערנס ליידן וועט אים יאָגן אויף די סאַמע געפערלעכסטע שריט, און „פריץ" זיצט ביי אים אין שטוב פאַרשפּאַרט בחדרי־חדרים און באַקומט גענויע ידיעות פון אַלע וויכטיקע אָביעקטן. — אפשר וועסטו זאָגן, אַז ער האָט זיך אויס־געקליבן אַ שלעכטע פּאָזיציע? די ראַטנמאַכט האָט אַזעלכע פאַלן קלאָר פאָרויסגעזען און האָט בשום אופן נישט געקענט דערלאָזן, אַז מען זאָל ביי איר „פאַרלייגן" אַזעלכע „פּאָזיציעס". דערפאַר האָט זי געמוזט אָט די — אין פלוג אין גאַרנישט שולדיקע — ירוחם־כאַצקעלעך אָפּשיקן אויף היפּשע עטלעכע טויזנט קילאָמעטער פון דער גרענעץ און זיי אינ־טערנירן אין לאַגערן. ווען נישט, וואָלטן זיי זיך צעקראָכן איבערן גאַנצן לאַנד און דו צעלאָז זיך דערנאָך איבער אַ האַלבער וועלט און זוך זיי אויף...

אויף שלמהס געזיכט ליגט אויסגעגאָסן אַ טיפע עצבות, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס ליידט פון אַ שטאַרקן ציינווייטיק לאַנג און אומאויפהערלעך; ווי ביי אַ מענטשן, וואָס די ווייטיקן זיינע זענען שוין איינגעשטאַנענע, לאַחר יאושדיקע. ער באַטראַכט זיין פאַרשוויצטן בר־פלוגתא מיט אַ לאַנגן, פינצטערן בליק. אַ היפּשע ווײַלע איז שטיל אין צימער. דאַן פרעגט אים שלמה מיט אַ פרעמד געוואָרענער שטימע:

— און דאָס מאַטערן זיי מיט עבודת־פרך איז אויך געווען נייטיק, מליץ־יושר, וואָס איר זענט?

— ניין! למאי זאָל איך זאָגן? דאָס איז געווען אַן עוולה, אַ ביטערע עוולה! אָבער וואָס ווילסטו האָבן, וואָס? מלחמה!... די גרעסטע מלחמה, וועגן וועלכער די היסטאָריע ווייסט צו דערציילן... ערבוביא באה לעולם... איין פעלער באַגייט מען אין אַזאַ שרעקלעכן מישמאַש? אין אַזאַ מהומה? מען האָט אָפּגעשיקט אויף אַן „אָפּעראַציע" אַ דיוויזיע, געבליבן איז פון איר קוים אַ ראָטע — עס קען זיין, אַז אויך דאָ האָט דער שטאַב געהאַט אַ טעות אין חשבון; מען האָט אָפּגעשיקט עשאַלאָנען מיט מיליטער, וועלכע דער דייטש האָט אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן — אפשר איז אין יענעם פאַל

* אַ געהרגעטן מענטשן, האָט ער געהרגעט. די כוונה: אויב ער הרגעט דעם מענטשן נישט, איז ער במילא אַ געהרגעטער. דער דין איז פּוטר אַזעלכן. פון דער גמרא.

אויך דער שריט געווען א שלעכט־אויסגערעכנטער? מען האָט אָפּגעשיקט גאַנצע עסקאַדריליעס מיט אַעראָפּלאַנען אויף א ספק־ספקא פון דערפאָלג און זיי האָבן זיך שוין מער נישט אומגעקערט — אפשר איז אויך דער שריט געווען א פעלער פון דער „סטאַווקע”? * וואָס ווילסטו? מלחמה! אודאי, אודאי, ווען די איינוואַנדערונג פון די יידישע פליטים קיין רוס־לאַנד וואָלט פאָרגעקומען אין פרידנסצייט, דאַן וואָלט מען אינטערנירט די „פערעביעזשטשיקעס” ** לויט אַלע כללים פונעם אינטערנאַציאָנאַלן גע־זעץ, ווי ס'איז אָנגענומען ביי לייטן. די פּאָליט־ביוראָ וואָלט זיך אוועקגע־זעצט ארום קיילעכדיקן טיש, זי וואָלט פארקנייטשט איר מעכטיקן שטערן מיט א טיפּן ישוב־הדעת און מען וואָלט בלתי־ספק צוגעקלערט עפּעס א קליגערס, ווי אָפּצושיקן זיי קיין קאָמי א. ס. ס. ר., אָדער אודמורטסקע א. ס. ס. ר. מען וואָלט זיי מן הסתם אויסגעטיילט א גרוימע געגנט אין: מיטל־אַזיע, אויף אוראַל, אָדער אין ערגסטן פאַל — אין בירא־בידזשאַן; אין אָט דער פארשידנפארביקער מאַסע דעקלאַסירטע עלעמענטן וואָלט מען אריינגעוואָרפן עטלעכע הונדערט אינסטרוקטאָרן; מען וואָלט דאָרט פון זייערעט וועגן אויפגעשטעלט: ראַבפאַקן, *** פאַכשולן, פארשידענער־ליי צעכן; זיי זיכער, מען וואָלט זיי שוין ווי עס איז געוויזן אַן אופן ווי אזוי צו פארדינען אויף זייער חיונה. גלייכצייטיק מיט דער אָנגערופענער רעטונגס־אַקציע וואָלטן די מלוכה־אָרגאַנען געשטעלט די פראַגע פאַרן וועלט־פאָרום, וואָס מען דאַרף טון מיט אָט די פליטים און צו וועמען זיי געהערן. אָט דאָס אַלץ וואָלט זיכער פאָרגעקומען אזוי ווי איך זאָג דיר, ווען נישט דאָס, וואָס דער יידישער תשעה־באב איז צו אונדזער גרויסן בראָך אויסגעפאַלן אין איין צייט מיטן רוסישן תשעה־באב. וואָס עס האָט זיך צו יענער צייט געטון אין אייראָפּע, געדענקסטו? טאָמער דינט דיר נישט דער זכרון, קען איך דיר דערמאָנען: היטלער איז געוואָקסן פון שעה צו שעה; איין מלוכה נאָך דער צווייטער, און אַז נישט איז עטלעכע בבת־אחת, האָבן זיי געבויגן די קעפּ פאַר אָט דעם שרעקלעכן, אַלץ פאַר־שלינגענדיקן מולך מיט דעם האַקנקרייץ — אות קין על המצח... פראַנקרייך, דאָס גרויסע, שטאָלצע פראַנקרייך, דער וויכטיקסטער באַסטיאָן פון דער דעמאָקראַטיע אויפן מערב, האָט דאַן שוין געציילט אירע לעצטע מינוטן, דער ברוינער משחית האָט שוין געהאַט אריינגעשטעקט זיינע שפּיציקע פינגער אין איר גאָרגל; יאַפּאַן האָט געדראָט דעם פארבאַנד פון מזרח; דייטשלאַנד, איטאַליע, מיט אַלע זייערע יוצר משרתים ואשר משרתיו, האָבן געדראָט דעם לאַנד פון מערב; היטלערס שפּיאָנאַזש־דינסט האָט אויסגעשפּרייט אירע ברודיקע, קלעפּיקע פינגער איבערן גאַנצן לאַנד לארכה ולרחבה; די ראַטנמאַכט האָט נישט באַוויזן זיך א קער צו טון על

* הויפּט־קוואַרטיר, אַרמיי־שטאַב, קאָמאַנדירונג.

** איבערגעלאָפענע פון איין לאַנד אין צווייטן.

*** ראַבפאַק — אַן אַרבעטער־פאַקולטעט.

ימין או על שמאל, ווי היטלערס הארדעס האבן שטייף ארומגעכאפט מאסקווע; די אוקראינע איז לחלוטין אפגעשניטן געווארן; ווייס־רוסלאנד — אפגעשניטן; קרים — אפגעשניטן; לענינגראד האט געבר׳ענט; מור־מאנסק איז באשאסן געווארן; גראזנע איז באמבארדירט געווארן... און אפילו סאראטאוו, און אפילו קאזאן, און אפילו ניזשנע־נאווגאראד, ווייס איך, וואס איז שייך אויסצורעכענען? — דאס גאנצע לאנד איז געשטאנען אין פלאמען! ס׳איז דאמאלסט יא געווען ווי אין פסוק שטייט: סבבוני כלבים, עדת מרעים הקיפוני... סבוני גם סבבוני... דער צעפלאקערטער כבשן־האש האט מיט זיינע רויטע צונגען שוין ארומגעלעקט דאס גאנצע לאנד און שוין געקלערט עם אריינשארן צו זיך אין טרעלבויך אריין צוזא־מען מיט די זיך נאך רויכערנדיקע האלעוועשקעס, און אט אין אזא וויס־טער סיטואציע האט זיך פלוצלינג געשאפן א פראבלעם: פוילישע יידן! זעלבסטפארשטענדלעך, אז די מלוכה האט זיך צו דער דאזיקער פראגע נישט אפגעגעבן מיט דער געהעריקער אויפמערקזאמקייט, און ס׳איז גע־שען דאס, וואס ס׳איז געשען... אבער, צי האט זי עס געטון בזדון? ניין! וואס דען האט געטראפן? נישט מער און נישט ווייניקער, נאר ס׳איז אן אלטער און שטענדיק נייער כלל: * !Своя рубашка ближе к телу

זי האט די אייגענע אינטערעסן גענומען נעענטער צום הארצן, ווי די אינטערעסן פון די פרעמדע. אבער, זאג מיר, ווער וואלט דען אנ־דערש געטון? מען קען דען פאדערן פון רוסלאנד, אז זי זאל זיין פויפסט־לעכער פונעם פויפסט אליין? צי אפילו ווען מען האט שוין גאר די פוי־לישע יידן באפרייט פון די לאגערן און זיי אפגעלאזט אויף הפקר און אויף אומקומעניש איבער די אוזבעקיסטאנער קישלאקן און קאזאכסטא־נער סטעפעס, ווו דער הונגער און די מאליאריע האט אומגעוואלגערט כמעט יעדן דריטן מענטשן. וואלט זי דען אין פרידנסצייט אזוי געהאנדלט קעגן היימלאזע? בשום אופן נישט! אבער — מלחמה!... און מיר אליין, שוין סאוויעטישע בירגער, זענען דען ווייניקער אויסגעשטאנען ווי זיי? מיר אליין זענען דען נישט געווען געשוואלן פון הונגער? מיר אליין זענען דען נישט געפרוירן געווארן ווי די הינט? היינט וואס, זאגסטו, האט גע־זאלט זיין מיט מענטשן, וואס קומען אן פון א פיינטלעכער מדינה? פון מדינת „בעק״? פון מדינת אנטאנעסקו? און דערצו נאך — דער רעזשים פון א לאגער... און אין א גרויסער מאס איז אויך שולדיק געווען דאס אכזריות פון די רוסישע אליין. דו מיינסט, אז דארט פעלן אוים: קאזא־קאוס, פאלישטשוקס, אדער מיכאילאווס? א, ניין! די דאזיקע קראם איז דא בשפע אומעטום... און טאקע דאס פארביטערטקייט פון דער ארטיקער באפעלקערונג... זייערע מאנען און זין ליגן ערגעץ אונטערן פייער און דא דרייען זיך ארום יונגע מענטשן, וואס „מען נעמט זיי נישט״... דו מיינסט,

---

* דאס אייגענע העמד איז נעענטער צום לייב. דאס זעלבע, וואס: אדם קרוב אצל עצמו.

אז דאָס איז אַ קלײניקײט — הטלת־קנאה במעשה־בראשית? מיט אײן וואָרט, דער מאוימדיקער נאָמען: מלחמה — דאָס איז אַ מועט המחזיק את המרובה... אָט דאָס אײן און אײנציקע וואָרט אַנטהאַלט אין זיך אַ טריליאָן תירוצים אויף יעדער אײנער פראַגע באַזונדער...

ערגעץ גאָר נאָענט אין אַ „קאַראַוואַן־סאַראַי" האָבן זיך האַרצרײסנ־דיק צעשריגן עטלעכע אײזלען. מנשהם װײבל האָט אַ ציטער געטון מיט איר גאַנצן קערפּער. זי האָט זיך אויפגעהויבן פונעם איבערגעקערטן קעסטל אויף װעלכן זי איז געזעסן, — מיט איר חזקה'דיק בענקל האָט מען מכבד געװען דעם גאַסט — זי האָט צוגעמאַכט דאָס פענצטער און האָט זיך נאָך מער אײנגעקנוידערט אין דער צעסיטשעטער „פּופּאַיקע". דער פעטער קיזיאַקעס־טשאַד האָט זיך אויסגעהויכט פונעם צימער צו־זאַמען מיט דעם לעצטן אָטעם װאַרעמקײט און אין שטוב איז געשטאַנען אַ ביטערער פראָסט; אַן אײנגעשטאַנענער, אַ שוידערנדיקער.

װי נאָר שלמה האָט באַמערקט, אַז מנשה קלײבט זיך שוין ממשיך צו זײן זײן פּאָליטישן „חילוק",* האָט ער זיך אָנגערופן מיט האַרץ:

— אײ, כ'בעט אײך, לאָזט מיך שוין געמאַך מיט אײערע ציטונגס־אַרגומענטן. מיט אײער „טלאי על גבי טלאי'דיקער"** שיטה מקובצת...*** און װידער, מנשה, װי אַזױ האָט אַ מאָל דער רב הקדוש אַ געשרײ געטון מתוך התלהבות: „רבונא דעלמא כולא, איך דאַרף נישט דײן עולם־הזה און דאַרף נישט דײן עולם־הבא — איך דאַרף דיך אַלײן!" אפשר װאָלט גאָר געװען אַ סברא, אַז איר זאָלט עד לחשבון אָװעקלײגן אויף אַ זײט אַלע „אפשרס" מיט אַלע „טאָמערס" און בעסער אַ קלער טון, אַז אין ארץ־ישראל האָבן מיר דעם אײבערשטן פּנים אל פּנים... דאָ, בגולה, אין די מ"ט שערי דטומאה פון די מגושמדיקע בני־נח, איז די שכינה בקטנות; זי איז מאיר גאָר־גאָר בזעיר אנפּין; מיט אַ גװאַלדיק־גרויסן „העלם"; מען קען כמעט זאָגן, אַז זי איז אין גאַנצן באתכסיא... אָבער דאָרטן: אין זײן בית־הבחירה; אין זײן פּינת־יקרת — ד' בציון גדול! דאָרט איז אלהים קרובים אלי... איך װײס, איך װײס, װאָס איר װילט זאָגן: מלא כל הארץ כבודו? אָבער דאָרט איז דאָך זײן מטרופּולין! **** כי בחר ד' בציון, אוה למושב לו... דער רוסישער צאַר, להבדיל באלף הבדלות, האָט אומבאַ־גרענעצט געהאַט צו שאַפן אויף דער גאַנצער אימפּעריע, אָבער ער אַלײן האָט דאָך פּאָרט געװוינט אַך װרק אין „צאַרסקי דװאָריעץ"! ***** דאָ, על אדמת־נכר, איז נאָר דאָ אַ הארה פון אורו יתברך; אַ װײטע, אַ שװאַכע

---

* אַ שאַרפער פּלפּול אין הלכה.

** אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, שטאַרק געלאַטעטער.

*** געמײנט: נישט קײן זעלבסטשטענדיקע מײנונג, נאָר אַ צונויפגעשטעלטע פון פרעמדע מײנונגען. און גלײכצײטיק, בדרך־הלצה: אַ קבצנישער אַרט דענקען.

**** רעזידענץ.

***** קעניגלעכער פּאַלאַץ.

הארה פון אים... אמת, מנוגה נגדו בערו גחלי־אש, אָבער אַט דאָס ברענע־ניש איז נאָר געווען אמאָל־אמאָל, אין די בעל־שמסקי יאָרן, ביי אים איז טאַקע געווען: אש לפניו תלך... האירו ברקיו תבל... אָבער היינט, בעוונו־תינו הרבים, איז — ולא יגה שביב אשו! היינט איז — באפלות נהלך... ענן וערפל סביביו... קדרות ואפלה וחשכת־מצרים... דאָקעגן דאָרט, בציון המצוינת — פולע זשמעניעס! יעדע אמה, יעדער טפח איז דאָך עוטה אור כשלמה... באַמערקט, מעשה־שטן, מיר האָבן זיך דאָ פריער אַזוי אַריינגע־לאָזט אין ווילד־פרעמדע ענינים, אַז דער גאַנצער ענין ארץ־ישראל, וואָס דערלאַנגט אונדז ביידן עד דכדוכה של נפש, איז ביי אונדז לגמרי נשמט געוואָרן פונעם זכרון, אָבער טאַקע לחלוטין! ווי זאָגן חסידים ואנשי־מעשה: מען קען אַ מאָל זייער שיין עוסק זיין בתורה און בשעת־מעשה — זיך לחלוטין מסיח־דעת זיין פון דעם נותן התורה...

אויף מנשה פנים האָט זיך צעפּלייצט אַ דין שמייכעלע:

— אויב נאָר צוליב מקיים זיין „יראה כל זכורך את פני האדון ד׳ אלהי ישראל", טאָר מען זיך אודאי און אודאי נישט איינשטעלן דאָס לעבן... דערצו מוז מען נישט דווקא קומען אַהין — מרחוק ד׳ נראה לי...

— יאָ, אָבער אין דעם צווייטן פסוק פון דעם זעלבן קאַפּיטל, וואָס איר האָט ערשט דערמאָנט, שטייט דאָך: „...עוד אבנך ונבנית... עוד תטעי כרמים"... היינט, אם לא עכשיו — אימתי?

— עכשיו, צי נישט עכשיו — דאָס איז נישט אונדזער באָבעס דאגה! מען טאָר נישט דוחה זיין את הקץ! תפח רוחן של מחשבי קיצין, זאָגן די חז"ל... ווער שמועסט נאָך, אַז מען דאַרף גאָר גיין אַהין מיט אַזאַ געפערלעכן דערנערוועג, מיט אַזאַ סכנת־נפשותדיקן דרך־עקלקלות... מיט אַזאַ דרך מלאה חרולים וקמשונים... *

— איר אַליין מנשה, איר אַליין בעט אונדז אויס דעם וועג מיט דערנער... מיט אייערע רייד... מיט אייער צערטלעך פּיסקעלע... פּאָלגט מיך, שטייט צו צו דער קאָמפּאַניע. גדול זכות הרבים! וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין אויך מיט ר׳ ישראל... איך האָב אייך שוין איין מאָל געזאָגט, דער אייבערשטער איז דאָך עפּעס נישט קיין הינקענדיקער שניי־דער, לאָזט אים אויך עפּעס באַווייזן... נו, פאַרן מיר? קלערט נישט אַריין אַזוי פיל. דאָ שמעקט נאָך מיט שוועבל. די יורשים האָבן ערשט נאָר גע־בראַכט צו קבורה דעם רייכן נפטר. ביים קבר איז מען געווען שטיל און סטאַטעטשנע, אָבער אַז עס וועט קומען צום אַנטיילן זיך מיט דער ירושה — ווער ווייסט, צי מען וועט זיך נישט רייסן ביי די שלייערס? פּאָלגט מיך, אין אַזאַ צייט איז גלייכער זיך צו געפינען וואָס ווייטער פון דעם מקום־המעשה...

— און דאָרט, הייסט עס, ביסטו שוין אין גאַנצן פּאַרטיק? שאו שערים ראשיכם? נו, און די ענגלענדער? און די אַראַבער?

---

* אויך אַזעלכע מינים דערנער.

— ווײס איך, דאָס איז בלאָטע שבבלאָטע! וראו כי שם ד׳ נקרא עליך — ויראו ממך...

— אַזוי, אַזוי? אטו יראה — מילתא זוטרתא היא? * עפּעס גאָר אַ קלײניקײט האָסטו דאָ געזאָגט! דאַרפֿן דאָך די שבֿי־ציון פֿאַר אײן װעגס חשק האָבן צו װערן אױך שבֿי־פּשע? דאַרף דאָך פֿריער אױף זײער פּאָן זײן אױפֿגעשריבן דער שם ד׳ —

— אומבאַדינגט אַזוי! װאָס האָט איר דאָ מחדש געװען? די דאָזיקע, װאָס לאָזן זיך איצט קײן ארץ־ישׂראל אױף הפקר, גײען זײ נאָר בשם ד׳... בי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו, ואנחנו נלך בשם ד׳...

און איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, מיט אַ קול היוצא מקרב ולב:

— איר פֿאַרשטײט, דאָ ביז מען װעט נאָך מושווה װערן, און דאָרט —

— כאַ! דו גיסט זיך אַ זאָג אַפּ: דאָרט... זיכערער... ארץ־ישׂראל... ישוב ארץ־ישׂראל איז אודאי אַ גרױסע זאַך, אָבער אין זינען פֿון זיכער־קײט, פּאָלג דו מיך, איז בהחלט היינו הך... דו מײן נישט, אַז נאָך דער חלוקה װעט װערן אַ שנוי מעשה־בראשית; אַז דאַן װעט שוין אױף דער װעלט באמת הערשן שלום ושלווה והשקט ובטח... די פּיפּיקע טשעמבערלענ־טשיקלעך, פֿאַרטיק געװאָרן מיט היטלערן, װעלן זײ איצט אָנהײבן שאַרפֿן דעם חלף אױפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד... ער איז זײ װי אַ בולמע אױפֿן אױג, װי אַ בלינדער טשיריק אױפֿן גומען, װי אַ —

— און איך גלײב אין דעם נישט... צו דער דאָזיקער עובדא האָבן זײ שױן אַ ביסעלע פֿאַרשפּעטיקט... אױף אַ פּאָר צענדליק יאָר פֿאַרשפּע־טיקט... איצט איז שױן דער ראַטנפֿאַרבאַנד, אַ מלך בכיפה, ** װי זאָגט ער דאָרט: בכל הארץ יצא קום ובקצה תבל מליהם... ***

— װאָס זשע, דו קלערסט אפשר, אַז פֿון אָט דער קריג איז דער מלוכה אונדזערער צוגעקומען געזונט?

שלמה האָט זיך נישט זײער געאײלט צו ענטפֿערן אױף זײן בר־פּלוגתאס האַרבער קשיא. ער איז געזעסן פֿאַרטיפֿט אין רעיונות און ס׳איז געװען קענטיק, אַז אין מח װערט איצט בײ אים געמאָסטן און געװױגן יעדעס ברעקעלע און יעדעס האָרעלע, װאָס האָט אַװעלכע עס איז שייכות צו דעם נאָר װאָס באַרירטן ענין. מנשה האָט נישט געװאַרט אױף זײן ענטפֿער און האָט אַלײן װײטער גערעדט:

— טאָמער קלערסטו טאַקע אַזוי, האָסטו אַ גרױסן טעות, שלמה, נאָר אַ גרױסן, אַן עיקרדיקן. אונדזער מלוכה איז אַרױס פֿון דער לעצטער קריג בשן ועין. די ערשטע װעלטקריג, זײענדיק נאַקעט און באָרװעס, האָט זי געװוּנען; און די צװײטע װעלטקריג, כאָטש זי איז שױן געװען

* יראת־שמים — איז עפּעס פֿון די קלײנע זאַכן?
** אַ קעניג אױף אַ גרױסער טײל פֿון דער װעלט.
*** אױף דער גאַנצער װעלט זענען אַרױס זײערע שטראַלן און זײערע רײד דער־גרײכן ביז דעם עק װעלט. פֿון תהילים.

אין דער גאַנצער פאָרמע, האָט זי פון דעסט וועגן פאַרשפּילט, און שרעקלעך פאַרשפּילט! דאָס קומט אויס ווי אין פסוק שטייט געשריבן: „משגיא לגוים — ויאבדם"... וואָס קוקסטו אויף מיר מיט אַזעלכע גזלנישע אויגן? — פי המדבר אליך! וואָס מיינסטו, אַז אויב איך האָב זיי פריער אַ ביסל פאַרטיידיקט, דעריבער ווייס איך שוין נישט, ווו זיי זענען אין דער וועלט? און איצט, וואַרט, וועל איך דיר געבן צו פאַרשטיין, פאַר וואָס זיי האָבן פאַרשפּילט. ערשטנס: ביי דער גרויסער וועלט וועסטו נישט אויסרייסן פונעם האַרצן די איבערצייגונג — ווי דו אַליין האָסט מיר שוין פריער געזאָגט — אַז דעם נצחון האָבן די רוסן געבראַכט צו פירן אויף פרעמדע „רעדער"... „ווען נישט די אַמעריקאַנער מאַשינקעלעך — וועט מען זאָגן — וואָלט דער דייטש צוגעגאַנגען ביז וולאַדיוואָסטאָק"... יאָ, יאָ, מען ווייסט! מיין פּערזענלעכע מיינונג איז אודאי אַן אַנדערע, אָבער זי איז לעת־עתה גילטיק נאָר ביי אונדז. אויף עקספּאָרט, פיל איך, איז דאָס נישט קיין אַרטיקל... נישט עובר לסוחר... האָסטו דיר נומער איינס. צווייטנס: אין די רעוואָלוציע־יאָרן האָט זיך דער רוס באמת ובלב שלם געשלאָגן פאַר אַ בעסער לעבן. ער האָט געגלייבט אין אָט דעם „בעסערן לעבן" מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. יעדעס ניי שענקל ציט אָן די ערשטע צייט אַ המון רב מיט אַריינגייער; דעם עולם ווילט זיך גלייבן, אַז גראָד דאָ וועט זיין: אי אַ היין־צדק, אי אַ חשבון־צדק... אַזוי האָט אויך דאָס פאָלק געגלייבט אין די סאָוויעטן... איצט אָבער, אַז דער סאָלדאַט ווייסט שוין, ווי אַזוי דאָס אַזוי שטאַרק צוגעזאָגטע „בעסערע לעבן" זעט אויס, איז שוין דאָס פייער פיל געלאָשענער. דעריבער טאַקע איז אין דער לעצטער קריג שוין נישט געווען דאָס התלהבות מיט דעם מסירת־נפש, וואָס אין דער ערשטער קריג... דו קוק נישט אויף קיין איינצלנע פאַלן. עטלעכע גבורים קענען נאָך נישט געווינען קיין קריג און אפילו עטלעכע טויזנט — אויך נישט. מען דאַרף די מאַסע און די מאַסע איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אָפּגעקילט. דו קוק אין אַלגעמיין, מיט אַ ברייטן קוק, וועסטו זען, אַז אַזוי איז דאָס. און אַ ראיה האָסטו — נעם אַ חשבון: וויפל מורדים במלכות, וויפל פאַררעטערס האָסטו געהאַט בימי הרעוואָלוציע, און וויפל זענען זיי געווען אין דער לעצטער קריג... עס לאָזט זיך דען פאַרגלייכן? מי ידמה ומי ישוה? פאַר וואָס מיינסטו איז דאָס אַזוי? ווייל דאָס רוב מענטשן האָבן זיך שוין אויסגעווישט די אויגן — גענוג געשלאָפן! היוצא לנו מדברינו: דער עולם מאַכט זיך מער נישט קיין אילוזיעס... און אין דער דריטער קריג — אויב אַזעלכע וועט חלילה אויסברעכן — וועט זיין נאָך ערגער, ווייל דער פּאַטריאָטיזם פון די אנשי־החיל; פון די „נפשות־העושות" גייט: הלוך וחסור, הלוך וחסור... דער זעלנער האָט שוין אין גאַנצן פאַרלוירן די פאַנטאַזיע, וואָס ער האָט געהאַט אין די „אָקטאָבער־יאָרן"... און איצט די דריטע סיבה פון זייער באַנקראָט: ביז 1939 האָט דער סאָוויעטישער זעלנער קיין איין מאָל נאָך נישט אַריבערגעשטעלט קיין פוס אויף יענער זייט גרענעץ, איז וואָס זשע איז,

האָט ער טאַקע באמת געמיינט, אַז קיין בעסער לעבן ווי אין ראַטנפאַר־באַנד, קיין זאַטערס און קיין פרייַלעכערס קען גאָר נישט זיין. דו ווייסט דאָך: אַ וואָרעם מיינט אויף כריין, אַז ס'איז האָניק. איצט אָבער, אַז דער רויטאַרמייער האָט שוין באַזוכט אודאי אַ צענדליק פרעמדע מלוכות; געזען זייערע דירות; זייער מעבל; זייער משוגענעם ווילטאָג; ער האָט שוין גע־זען, ווי אַזוי דער פּויער און דער פּראָסטער אַרבעטער האָבן געלעבט; וואָס זיי האָבן געגעסן; ווי אַזוי זיי האָבן זיך געקליידעט — אָט דאָס איז סם־המות פאַר דעם רויטאַרמייער! דאָס איז אַ טשאַכאָטקע פאַר דעם פּאַט־ריאָטיזם פון דעם רוסישן זעלנער! און אָט אויף אָט דער „טשאַכאָטקע" וועלן די קאַפּיטאַליסטן שטעלן דעם טראַפּ! אָט די דאָזיקע „מציאה", וואָס דער סאָוויעטישער זעלנער האָט שוין געזינדיקט מיטן „אייגל" — דאָס וועלן זיי האַלטן פאַר דעם גרעסטן קאָזער אין זייערע הענט... און דו, שוטה, האָסט געמיינט, אַז די רויטע האָבן מרויח געווען פון דער לעצ־טער קריג...

און איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, מיטן זעלבן נוסח:

— דו פאָרסט יאָ, איך פאָר נישט — הער וואָס איך זאָג דיר: הלוואי מיר זאָלן זיך אין גיכן ווידער נישט צוזאַמענשטויסן, ווייל דאַמאָלסט וועט דיין פאָרן אַהין און מיין איבערבלייבן דאָ האָבן איין פּנים...

— הערט אויס, מנשה, איר האָט זייער שיין געדרשנט, אָבער איך בין אַזאַ פאַנאַטיקער, וואָס איך גלייב, אַז אַצינד, נאָך דעם ווי מען האָט ברוך־השם דעם שלאַנג אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, וועט קומען אויף דער וועלט אַ לאַנגער און אַ פעסטער שלום. עפּעס זאָגן דאָך פאָרט די חז"ל: כשהשנים יפות, הבריות נעשים אחים זה לזה... און טאַקע ווי איר אַליין האָט פריער געזאָגט: בלויז איבער די שלעכטע יאָרן האָבן די פּוילישע יידן נעבעך אַריינגעכאַפּט אַזאַ ביטערע פּאַרציע... אָבער איצט... אָט וועט איר אַו־מיסטן זען, אַז איצט וועט זיין אַן אתחלתא פונעם „אחרית הימים" —

— וגר זאב עם כבש?

— אין דעם ערך... כמעט אַזוי... און אפילו אָט די שרעקלעכע מלחמה, וואָס האָט לעצטנס פאַרשלונגען די גאַנצע וועלט, דערמאָנט מיר אויך אַ גמרא, אין „מגילה" דאַכט זיך, וווּ דער תנא זאָגט: „מלחמה נמי אתחלתא דגאולה היא"... עס וועט זיין שלום אויף דער וועלט כמים לים מכסים... עס וועלן גיין צוגן אין דער גאַנצער לענג פונעם כדור הארץ: וולאַדיוואָס־טאָק — מאַרסעל; מאַנדזשוריע — טריעסט; באַטום — דענקערק...

— לאָמיך נאָר הערן, דו ווערסט נאָך לאַנג קיצלען די געאָגראַפיע? לאָז זי אָפּ, זי וועט נאָך אָנהייבן לאַכן... ער האָט דווקא דעם אָרעמאַנס חשק: וולאַדיוואָסטאָק — מאַרסעל... יאָ, יאָ, גיי זיך אַ בייטל... דו פאַרגעסט אַ פּנים, אַז די רויטע האָבן אַריינגעשטעקט אַ פוס נאָך אין אַ האַלב טוץ מלוכהלעך, און כיון שעלה שוב לא ירד —

— גאָט איז מיט אייך, וואָס פעלט אייך איין? וואָס זשע, עפּעס נייט דאָ אין כאַפּערלעך?

— קוטיקל מיינס, פאר וואָס נישט אין כאפערלעך? חטוף ואכול איז אַ כלל אומעטום און שטענדיק... ס'איז ביי דיר נאָך אַ קלער דערביי, צי אָט די פיר, פינף, זעקס יתומימלעך וועלן גיין אין „חדר" אריין? פונקט אַזוי ווי אַ מאָל, אַזוי אויך היינט: כל הגדול מחברו בולע את חברו...

— און איך שוטה, האַלט פון דעסט וועגן, אז כבולעו כך פולטו...

— זיי נישט קיין שוטה, וועט מען פון דיר נישט לאַכן... נוח לעלות לבימה וקשה לירד...

— און איך האָב טאַקע אין דעם פאַל „אמונת־השניות"... * מען וועט זיך איינלעבן צוזאַמען, וועלן זיך ביסלעכווייז בייטן די כאַראַקטערן...

— דו רעדסט שטותים, שלמה! דוד המלך האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל געשטעלט דעם דיאַגנאָז: אשר אין חליפות למו, ולא יראו אלהים! דאָרט ווו ס'איז נישטאָ קיין יראת־שמים, קען אויך נישט פאָרקומען קיין ממשותדיקער בייט... און ווידער, צו וואָס דאַרפן מיר זיך פשטלען און דרייען מיטן גראָבן פינגער, ווען מיר זעען באַשיינפערלעך, ווער פון די צדדים ס'איז דער „סיני" ** און ווער דער „עוקר הרים". *** דער גרויסער „מזומן" האָט זיך נישט צוגעשאַרט אפילו קיין פרישע ד' על ד' און וואַנ־קעלע־סערדצע האָט געכאַפט און האָט צעהאַנגען זיין ליבהאַרציקע שמחת־תורה־פאַן אויף אַ האַלב טוץ מלוכות, כמעט אויף גאַנץ אייראָפּע! וואָס זשע איז נאָך דאָ פאַראַן וואָס זיך צו פשטלען, וואָס?

שלמה וויל עפּעס ענטפערן, נאָר מנשה שלאָגט אים איבער:

— נישט מער, גוטער ברודער, וועגן דעם דאָזיקן „צושאַרעניש" קען מען דערווייל נאָך נישט רעדן, דאָס יאָ! ס'איז נאָך אַ ביסל פּ־יצייטיק צו אורטיילן, ווער פון זיי עס האָט בעסער געמאַכט: די צושאַרערס, צי די וואָס האָבן זיך נישט געאײלט מכנים צו זיין פרעמדע פעלקער תחת כנפי השכינה —

און כאָטש שלמה האָט שוין אַ פול מויל מיט ענטפער, לאָזט אים נאָך מנשה נישט אויסרעדן קיין וואָרט און פרעגט אים מיט אַ שמייכל:

— דו האָסט קיין מאָל נישט געהערט פון די צוויי „מאן דאמרס" וועגן די לאָקשן און די פאַרפל?

שלמה קוועטשט מיט די אַקסלען און איז בייז, וואָס זיין בר־פלוגתא רעדט און רעדט און וויל גאָר נישט אויפהערן צו רעדן, און פון זיין ציל איז ער נאָך ווייטער, ווי ער איז געווען תחילת־נאַכט. מנשה לאַכט זיך פריער אַליין גוט אויס אין דער באָרד אריין און ערשט דערנאָך זאָגט ער:

— הערסט דאָך, אין אַ שטעטל, דערציילט מען, זענען אַ מאָל געווען צוויי יידן, וואָס זענען געגאַנגען מיט צוויי פאַרקערטע שיטות: איינער פון

* דער גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון צוויי היפכדיקע רעזשימען.

** דאָ געמיינט: סטאַטעטשנע, סאָליד.

*** דאָ געמיינט: אַ בונטאַר, אַן אויפברויזער.

זיי האָט ליב געהאַט נאָר לאָקשן און דער צווייטער — נאָר פאַרפל. און יעדער איינער פון זיי — טעמו ונמוקו עמו! האָבן די שכנישע יידן — וואָס האָבן דורך זייערע ווייבער געוווּסט פון די שכנימס שוואַכקייטן — זיי אַ מאָל געפרעגט וועגן דעם:

— זאָגט אונדז, למאי נפקא מינה? אָט די ביידע מינים טייגעכץ זענען דאָך געמאַכט געוואָרן בבת־אחת און אין איינער און דער זעלבער מולטער?

ענטפערט זיי דער לאָקשן־ייד בזה הלשון:

— פאַרשטייט איר מיך, מיינע ליבע יידן, די זאַך איז אַזוי דערפון: ווען איך נעם אָן פונעם טעלער אַ לעפל מיט לאָקשן, איז כאָטש עס קומט מיר אָן אַ ביסל שווערלעך אים צו פאַרטראָגן פונעם טעלער צום מויל; אויך מיט דעם זופּעניש איז נישט לייכט: מען דאַרף דרייען מיט דער צונג טאָ אַהער, טאָ אַהין; און דער עיקר מען דאַרף גוט, גוט האַלטן קאָפּ, אַז די יותרת'ן זאָלן זיך נישט אַרויסגליטשען פונעם לעפל... אָבער דערפאַר, אַז גאָט העלפט מיר, אַז איך דערטראָג שוין דעם לעפל צום מויל און איך צי מיר אַריין דאָס גאַנצע טייגעכטס אין מויל אַריין — ווער איז צו מיר גלייך? דאַן האָב איך אַריינבאַקומען כפלים קעגן דעם, וויפל בלויז אין אַ לעפל קען אַריין... אָבער ביי פאַרפל וואָס? קענסט אויפאַכלען נאָר דאָס, וואָס דו האָסט אָנגענומען און מער נישט אַ לעק. אָט דאָס איז דאָס... האָב איך אייך, הייסט עס, מסביר געווען דעם טעם...

דער פאַרפלדיקער ייד גיט די שכנים צו פאַרשטיין זיין דרך אויך מיט אַ מילתא בטעמא, נאָר פונקט דעם היפך:

— איך, זאָגט ער, אַז איך נעם אָן פונעם טעלער אַ לעפל מיט פאַרפל, ווייס איך פון דער לכתחילה, אַז מער פון דעם וואָס ס'איז דאָ אין לעפל האָב איך נישט, דערפאַר אָבער בין איך זיכער, אַז וויפל איך האָב אָנגענומען אין לעפל, אַזוי פיל וועל איך פאַרטראָגן צום מויל; דאַקעגן ביי לאָקשן, להבדיל באלף הבדלות, לאָ די, וואָס איך בין נישט זיכער, אַז איך וועל די סטרעמפּ פאַרטראָגן צו זיך אין מויל אַריין, איז נאָך די סכנה גרויס, אַז אָט די קליינטשיקע סטרעמפּעלעך זאָלן מיר נאָך מפסיד זיין דעם קרן אויך און איך זאָל פאַרטראָגן צום מויל אַ ליידיקן לעפל... דו פאַרשטייסט שוין מסתמא אַליין דעם נמשל, האָ? סיי דער לאָקשנדיקער מזרח, סיי דער פאַרפלדיקער מערב, ביידע לטעמייהו אזלא און קיינער קען נאָך נישט וויסן יד מי על העליונה: צי די לאָקשנשלינגערס וועלן טאַקע פאַרטראָגן צום מויל דעם פולן לעפל מיט אַלע „ציצית", וואָס הענגען זיך אים נאָך ביי די ברעגן, און די פאַרפלדיקע בטלנים וועלן זיך דאַרפן באַגראָבן אין דער ערד פאַר שאַנדע; צי אָט די נעבעכדיקע „ציצית", וואָס דער זולל וסובאדיקער לעפלטרעגער האָט זיי בחינם ולא דבר דן געווען לתליה, וועלן מיטן וועג אַרויסשלעפּן פונעם לעפל דעם גאַנצן „טלית" און דער לאָקשנפרעסער וועט בלייבן זיצן מיט אַן אָפן מויל און מיט אַ ליידיקן מאַגן... און אין אַזאַ פאַל, לא יעלה ולא יבוא — אויב די פאַרפלדיקע „חכמי־

אתונא" וועלן אָנהייבן צו לאַכן פון זייערע גראַבקעפּיקע, אויסגעלאָקשנטע קאָנקורענטן דאָס גרעסטע געלעכטער — קען ווערן אומרואיק אין גאַס, ווייל איוואַן איוואַנאָוויטש האָט נישט ליב, אַז מען לאַכט פון אים... ער קען שוין גיכער באַשטייען צו לאַכן פון יענעם...

שלמה, כמעט שעפּטשנדיק:

— גלייבט איר טאַקע באמת, אַז עס קען נאָך אַ מאָל אויסברעכן אַ שטורעם ביי אונדזערע ברעגעס, כ'מיין — ביי אייערע ברעגעס?

מנשה, אַליין נישט ווייסנדיק פאַר וואָס, אויך מיט אַ שטילן פליס־טער:

— איך ווייס, צי איך גלייב? אַלטע שווימערס, ים־וועלף, דערציילן, אַז עס טרעפט אַ מאָל אויך אַזעלכעס: ווען פאַר דעם שטורעם ווערט ענג דער שטח פונעם ים און ער וואַרפט זיך אַריבער אויף דער יבשה, כאַטש ביידע: אי דער ים, אי די יבשה, געדענקען זייער גוט דעם פסוק: גבול שמת בל יעבורון, בל ישובון לכסות את הארץ. דו פרעגסט, צי איך גלייב? פאַר וואָס עפּעס זאָל איך נישט גלייבן? כלל זה נקוט בידך: החרב אין שמירתה, אלא תיקה! * כל זמן די רעזערוון זענען נאָך נישט צעלאָזט און די אַרמיי איז נאָך אַלץ צען מאָל גרעסער, ווי זי איז געווען אין פרידנסצייט —

— מנשה, איר ווייסט וואָס? וואָס ס'איז געווען האָבן מיר געזען? און אפילו געפילט אויך? און וואָס עס וועט ווייטער זיין, וועלן מיר ווידער זען... סוף כל סוף, וואָס גייט עס אונדז אָן? וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו אונדז? זאָלן זיי זיך אפילו קלאַפּן דעם קאָפּ אין דער וואַנט, מלכים מדינים אלו עם אלו — אנו מה איכפת לנו?

— עפּעס איך האָב אָנגעהויבן דעם שמועס, וואָס דו האָסט צו מיר אַזוי ווי פּרעטענזיעס? איך זאָג דיר שטענדיק: זאָלסט נישט אַריינקריכן אין קיין: דברים שאתה כסיל בהם...

שלמה, אַ ביסל אַ פאַרשעמטער:

— מנע! און איך, לפי ענית דעתי, האָב געלערנט דעם פשט פאַר־קערט, אַז איצט נאָך אַזאַ לאַנגן זמן לעבן אָפּגעשפּאַרט פון ד'ער גאַנצער וועלט, אַז מען האָט שוין יאָ אויסגעזעצט אַ פענצטער אין דער גרויסער וועלט אַריין —

— וואָס זאָגט איר נאָר אויף אים? אַ פענצטער האָט מען אים אויס־געזעצט... אוי לבית שחלונותיו פתוחים לתוך חושך, כלומר: וווהין ער זעצט נאָר אויס אַ פענצטער, דאָרט ווערט חושך ואפלה... וווהין זיי טרעטן נאָר אַריין מיט אַ פוס, דאָרט ברעכט זיך די פּאָדלאָגע, שיט זיך דער סופיט און עס פאַלן איין די ווענט, טאַקע: ווי די גמרא זאָגט ערגעץ: אבן, כל מקום שנופלת, משברת.

* די שווערד איז נאָר דאַמאָלסט נישט געפערלעך, ווען זי ליגט אין שיידל.

— וואָס זשע, איר האַלט, אַז ערשט איצט, אחרי המבול, וועט די ראַטנמאַכט ווערן עפּעס אַ מין: קו אדום שמקיף את כל העולם? *

— „קו” און „מקיף” איז אַ ביסעלע צו פּאָעטיש פאַר זיי... זיי וועלן פשוט ווערן אַ מקל־חובלים־אדום שמכה את כל העולם... ** און ביי דיר, הייסט עס, איז דאָס נאָך אַ ספק?

— אַ ספק־ספקא...

— נו, אויב אַזוי, ביסטו טאַקע אַ שוטה מסיני!

— הם! היינט וואָס וועט שוין זיין, אַז עס וועט אויף אים מקוים ווערן: וירד מים עד ים? אַז אָט דער נפש וועט אָנהייבן געוועלטיקן פון דעם ים־הקרח ביז דעם ים־התיכון? דאַמאָלסט, קומט אויס, וועט דאָך שוין די גאַנצע וועלט זיין שמאָל פאַר זיין גאוות! ער וועט דאָך דאַן פּונקט ווי נמרוד; ווי פּרעה; ווי אנטיוכס און נירון און ווי חירם מלך צור מיט זיינע זיבן הימלען פאָדערן, אַז מען זאָל פאַר אים קניען און מען זאָל צו אים דינען ווי צו גאָט... יעדער אונטערטאַן וועט אים דאַרפן דאַנקען און לויבן בשכבו ובקומו... ויתפלל בעדו תמיד, כל היום יברכנהו...

— יאָ, יאָ, יאָ...

— ...איז דאָס, הייסט עס, נישט קיין מכת־מדינה, נאָר אַ מכה מהלכת —

— יאָ, יאָ, יאָ... מידה מהלכת על פני כל הדורות...

אין די צוויי בלעכענע שיסעלעך מיט „קאָדע”, *** ווו עס זענען אויף פאַרזשאַווערטע האָרקלעמערס געווען אויפגעהאַנגען כלאָפּקאָווע, אָנגעפּעטעטע קנייטלעך און האָבן בין־השמשותדיק באַלויכטן דאָס צימער פון אונטער אַ גראָב בלאָלעך סלויאיקל, האָט זיך עפּעס מיט אַ מאָל צעזשושעט, צעשפּריצט און צעפּינעט און איידער מען האָט נאָך באַוויזן אָראָפּצונעמען די בלאָלעכע יאַרמלקע האָבן ביידע קנייטלעך מיט אַ מאָל אָנגעלייגט מיט די קעפּלעך און אין צימער איז געוואָרן שטאָק פינצטער. די שטילקייט האָט ממלא געווען דאָס פינצטערניש און דאָס פינצטערניש האָט מגדש **** געווען די שטילקייט. די גאַנצע שטאָט איז שוין אַ פּנים לאַנג געשלאָפן. פון ערגעץ האָט זיך נישט דערטראָגן קיין מינדסטער שאָרך. אויף יענער זייט פענצטער איז אויך געווען ימש־חושך. שיינע־צירל האָט אין דער פינצטער געזוכט די שוועבעלעך, און גאָלדע, פאָרזיכטיק טאַפּנדיק מיט די הענט, האָט אין הייזל אין אַ ווינקל אויפגעזוכט אַ קענדעלע, און האָט מיט אַ ביסעלע אייל געשמירט די קעפּלעך פון די קנייטלעך,

---

* אַ רויטע ליניע, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט. פון דער גמרא.

** אַ רויטער מלקות־שטעקן, וואָס שלאָגט די גאַנצע וועלט. אַן אימפּראָוויזאַציע פון דעם פריערדיקן מאמר־החכם.

*** די גראָבע שמאַלץ, וואָס היינגט זיך נאָך ביי אַ באַראַן פון הינטן. לייכט כמעט אַזוי גוט, ווי חלב און וואַקס.

**** אָנגעהויפנט, פאַרפילפאַכט.

ווי מען באַשמירט דעם קאָפּ מיט אַן איי, ביי אַ בר־מינן, להבדיל. אין דריקנדיקן חשכות האָבן אַרומגעשוועבט: פונקען פון גדאַנקען; קלאָץ־קשיות און בליץ־ענטפערס; דיבורים ושברי־דיבורים פון דעם אומענדלעכן וויכוח, אין וועלכן שלמה מיט מנשהן האָבן, אַליין דאָס נישט וועלנדיק, זיך אַריינגעלאָזט. ווען די כלאָפּקאָווע קנייטל־קעפּלעך זענען שוין געווען גוט־גוט אָנגעווייקט אין כלאָפּקאָווע־אייל און האָבן שוין פון דאָס ניי באַלויכטן דאָס פּאַרסאַזשעטע צימער דורך דעם דיקווענטלדיקן בלאָלעכן סלוי־איקל, האָט זיך שלמה אָנגערופן:

— מנשה, איר ווייסט, וואָס מיר איז נאָר וואָס איינגעפאַלן? מיר האָבן, דאַכט זיך, ווידער אַ מאָל אַראָפּגעבלאָנדזעט פונעם דרך־הישר... ברוב דברים לא יחדל פשע... איר זענט פאַרקראָכן אין די עולמות העליונים און מיין קאָפּ איז איצט גאָר נישט סובל אַזוינע הויכע דרכים. ועל המדינות — שטייט דאָרט — בו יאמר! נישט איך מיט אייך האָבן זיך צו קנייטשן די שטערנס אויף אַזעלכע ענינים העומדים ברומו של עולם... איך האָב איצט נאָר איין און איינציקע תשוקה — אייך מיטצונעמען מיט זיך! און חוץ דעם מעג זיך אפילו די גאַנצע וועלט איבערקערן, האָב איך נישט קיין כח דאָס צו באַוואָרענען...

— ניין שלמה, איך האַלט נישט דערביי... דו ווייסט דאָך גוט, וואָס פאַר אַ בריה אַ יונגערמאַן איך בין... טאָמער האָט מיר שוין גאָט געהאָלפן און איך האָב זיך קוים מיט צרות דערשלאָגן צו אַן אייגן ווינקעלע, זאָל איך זיך ערשט פון דאָס ניי צעבערעכן און פאָרן טאַפּן אַ וואַנט אין אָט דעם באַנדיטסקע פּוילן... אין אָט דעם ארץ אוכלת יושביה... אַזוי לייכט, מיינסטו, איז מיר אָנגעקומען צו קריגן אָט די קיביטקע... אָט דאָס שטיקל טישל מיט די עטלעכע בענקלעך... ווי בידנע אָט די נחלה זאָל נישט זיין, האָט זי ביי מיר אין די אויגן דעם זיבעטן חן... אין מיינע אויגן האָט זי אַ מלכותדיקע צורה, ווייל זי איז מיר זייער, זייער שווער אָנגעקומען...

— יאָ, אַ מלכותדיקע צורה, אָבער מי יודע אם לעת כזאת הגעת למלכות?...

— זאָג מיר, וואָס מיינט דער שוואַרצער פסוק דיינער מיט דעם: „לעת כזאת”? כעת חיה?

— יאָ, לאָמיר אפילו זאָגן — איבער אַ יאָר אין דער צייט... הלואי איך זאָל בעסער בלייבן אַ ליגנער, נאָר אָט וועט איר אומיסטן זען: ווי נאָר די פּוילישע אורחים וועלן זיך צעפאָרן, טיר און טויער וועלן צוריק ווערן צוגעמאַכט, עס וועלן איבערבלייבן בלויז היימישע מענטשן, אַזוי גלייך וועלן די טייוולאָנישע באַהעלפערס אין די רויט־גרינע קאַשקעטלעך ווידער אָנהייבן צו קלאַפּן איבער די שוועלן און וועקן דעם עולם צו סליחות: — עורו ישנים! הקיצו מתרדמתכם! גענוג געשלאָפן... שטייט אויף צו סליחות... יידעלעך אין חדר אַריין! ברענגט צו טראָגן דעם קאַנטשיק! ציט זיך אויס אויף דער באַנק! לאָזט מחילה אַראָפּ די הייזעלעך! יידעלעך, בואו חשבון: על חטא שחטאתם מיט גייען אין שול אַריין; על חטא

שחטאתם מיט אויפשטעלן אויפן אַלטן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן שטייגער: מקואות, ישיבות און תלמוד־תורהס; על חטא שחטאתם מיט „בראַטאַ־יען"* זיך מיט אויסלענדישע דיווערסאַנטן און אונטערצינדער, וואָס זע־נען אַהער אַריינגעשיקט געוואָרן דורך די אימפּעריאַליסטן אונטער דער מאַסקע פון פּליטים; און נאָך צענדליקער און הונדערטער חטאים עוונות ופשעים שחטאתם ושעוויתם ושפשעתם, און אַלץ אַזעלכע הארבע, וואָס אַלע ארבע מיתות בית־דין זענען נאָך צו ווייניק פאַר זיי... און דאַן, לעבן מיינס, וועט מען מוזן צאָלן אָט די וועקסעלעך... „אשר לא גזלתי — אז אשיב"... איי, ברודערקע, ברודערקע, מי יודע מה ילד יום? ווער קען זיין אַ נביא און פּאָרויסזאָגן, וויפל מיליאָנען קעפּ דאָ קענען נאָך אַראָפּפאַלן, ביז עס וועט זיך זיי אַ מאָל איינגעבן אויפצושטעלן די צוגעזאָגטע אָן־קלאַסישע געזעלשאַפט...

— איז פאַרפאַלן! אויב מען וועט שמייסן, וועט מען שמייסן! וואָס עס וועט זיין מיט אַלע יידן, וועט זיין אויך מיט מיר! האָסט דאָך אַליין פריער געזאָגט, אַז מיין בלוט איז נישט רויטער פונעם בלוט פון אַנדערע יידן —

— ס'איז אַ ליגן! איצט איז דאָס יאָ רויטער! איר ווילט מיך שוין שלאָגן מיט מיין אייגענעם שטעקן? דאָס נישט! אייער בלוט איז בזו השעה דערפאַר רויטער ווי דאָס בלוט פון עמעצן אַנדערש, ווייל יענער עמעצער האָט נעבעך טאַקע נישט קיין מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען און איר האָט זי יאָ! איך געב אייך די דאָזיקע מעגלעכקייט! אפילו שוין! מיט הכל בכל מכל כל!

— שלמהניו, עס זענען אַרויסגעוואָרפן די רייד, איך האָב —

— מנשה, באַדענקט זיך! דאָס זענען די לעצטע רגעים פאַר נעילת־השער... מה לך פה ומי לך פה כי חצבת לך פה קבר?

דער דאָזיקער וועג דיינער איז אַ קאַפּעטשקעלע מערער בחזקת קבר! מה־דאָך: כל הדרכים בחזקת־סכנה הם, על אחת כמה וכמה — אַזאַ וועג!

— ס'איז נישט אמת! ס'איז אַ גראָבער ליגן! דאָ צו בלייבן איז איצט פיל מער סכנה... אַ סכנה שאין לה סוף... בבוקר תאמר: מי יתן ערב, ובערב תאמר: מי יתן בוקר...

און איבערגייענדיק אויף אַ בעטנדיקן טאָן, מיט אַ קול וואָס איז דורכגעווייקט מיט צער און האָפענונגסלאָזער בענקעניש:

— מנשה, געדענקט, היינט איז דער יום־הקהל; עס פאָרט אַ וועלט מיט מענטשן; קען מען זיך דורכשמוגלען בין הבאים... עס פאָרן פּוילישע יידן: אי מיט בערד, אי אָן בערד; ביי נאַכט זענען אַלע קעץ גרוי, צו גאָט אַ האָפענונג, אַז די שומרי־הגבול וועלן זיך נישט אָנהייבן דערקברן צו יעדן איינעמס נשמה; אַלע יוונים וועלן ביי זיי האָבן איין פּנים... אָבער דאָס אַלץ, מנשה, איז נאָר עד יעבור עמך... און דערנאָך, ממחרת־החג, וועט

* זיך ברודערן.

אַלץ צוריק ווערן „פּאַ סטאַראַמו"... עולם כמנהגו נוהג... אוי, ווען אייך דאַמאָלסט שרעקלעך באַנג טון אייער איבערבלייבן דאַ, אָבער איר וועט דאַמאָלסט זיין אַ צועק לשעבר... דאָס נישט אַרויסכאַפּן זיך פון דאַנען ביי צייטנס וועט זיין אַ מעוות לא יוכל לתקון... עס איז איצט אַ שעת־הכושר, אַזוי צו זאָגן: אַ סעזאָן־זאַך. האָט שכל, מנשה, און פאַרשלאָפט אים נישט, דעם סעזאָן! אפילו ביים אייבערשטן כביכול, כאָטש ער „אַמ־טירט", דאַכט זיך, בכל יום ובכל עת ובכל שעה, פון דעסט וועגן איז אפילו לגבו אויך שייך אַ סעזאָן: דרשו ד' בהמצאו, קראוהו בהיותו קרוב! טוט גוט אַ טראַכט און באַרעכנט זיך — שוין נישט רעדנדיק פון דעם נאַריש־קייט פון איבערבלייבן דאָ און פון דעם גלייכקייט פון פאַרן ·קיין ארץ־ישראל — ביי וואָס און מיט וועמען בלייבט איר דאָ איבער? איר וועט דאָ זיין עלנט, דער עלנט וועט אייך אויפפרעסן, ווי זשאַווער פרעסט אויף אייזן. אדרבה, נעמט אַליין אַ חשבון: דעם זיידן שלומען האָט מען אויפגעהאַנ־גען; דער טאַטע — אים צו לענגערע יאָרן — פאָרט אַוועק מיט דער גאַנ־צער פאַמיליע, און אַזוי אַלע... כמעט אַלע... יעדער איינער פון אונדזער משפחה איז אָדער בין ההולכים, אָדער בין אלו שהלכו לעולמם... און אפילו די, וואָס וועלן אפשר יאָ איבערבלייבן דאָ, צעקריכן זיך אויך לארבע פינות־העולם. זה בכה וזה בכה, דער אַהער און דער אַהין, מען ווערט צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע שבעה ימען... איר בלייבט דאָ איבער אַן אָפּגעבראָכענע צווייג; אַן ענף־המדולדל פון אַן עץ־עבות; אַן אָפּגעזעגע־טער פון אַזאַ געזונטן שטאַם... ווען איר וועט זיך אומקערן קיין קיעוו מיט אייערע נשים, וועט אייך יעדער איינער באַגעגענען מיט דעם זעלבן „בתמיה": למי אתה, ואנה תלך, ולמי אלה לפניך? איר וועט דאָ בלייבן עלנט ווי אַ שטיין, פאַריתומט און פאַרוואָגלט איינזאַם און עלנט... און עלנט, גוטער ברודער, איז די ערגסטע פּלאָג פון דער מענטשהייט, די געפער־לעכסטע רעה חולה... איר געדענקט? — ...„והיה כערער בערבה, ולא יראה כי יבוא טוב... ושכן חררים במדבר, ארץ מלחה ולא תשב"... נישט ווייל איך בין אייך אַ שונא — איר פאַרשטייט דאָך! — נאָר עס וועט ביי אייך זיין, ווי איך האָב אייך געזאָגט תחילת־נאַכט, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן: יגון בלבבי יומם... ולילה ולא דומיה לי... איך האַלט, אַז כמעט אַלע פאַרברעכנס, וואָס מענטשן באַגיין ביי פאַרשידענע אומשטענדן, נעמען זייער מקור פונעם וויסטן עלנט. למשל: אַ מענטש וואַרפט זיך אַריין אין שכרות, נאָר דערפאַר, ווייל ער איז עלנט; דער כוס, מיינט ער, וועט אים אין אַ געוויסער מאָס פאַרבייטן די פאַרלוירענע סביבה; אַ מענטש באַגייט די שווערסטע זינד קעגן גאָט און לייט — ער באַגייט זעלבסטמאָרד! איז דאָס אַלע מאָל איבער איינער פון די צוויי סיבות: אָדער דערפאַר, ווייל ער קען שוין נישט פאַרטראָגן דעם עלנט, אָדער עס שרעקט אים דער קו־מענדיקער עלנט; אַ סאָלידער מענטש, אַ ווירדיקער מיטגליד פון דער גע־זעלשאַפט, גייט אויף דועלן און אויף פאַרשידענע מינים רציחה צוליב אַ פרוי, דאָס איז בלויז דערפאַר, ווייל עס דאַכט זיך אים, אַז אָן „איר" וועט

ער נישט איבערטראָגן דעם עלנט; דער עלנט שפּאַנט נאָך דעם גליק פוס־טריט, ווי אַ שאָטן. ווי נאָר דאָס גליק קערט זיך פון עמעצן אָפּ, אַזוי ווערט ער גלייך איינגעשלונגען פון זיין שוואַרצן באַגלייטער — פונעם עלנט; מענטשן טוען נישט קיין גלייכע שידוכים און ווערן אַזוי אַרומער אומ־גליקלעך אויפן גאַנצן לעבן, וואָס איז? — זיי האָבן שוין נישט געקענט פאַרטראָגן דעם עלנט; השעמום מביא לידי זמה! * אַ מענטש וואַרפט זיך אַ מאָל אין די אָרעמס פון אַזעלכע פרויען וואָס האַנדלען מיט ליבע, נישט אַזוי ווייט, כדי למלא תאותו, ווי דאָס וואָס ער האָפט — כאָטש אויף אַן אָפּגענאַרטן אופן — אַ ביסל צו פאַרטרייבן, אָדער כאָטש עטוואָס צו ליג־דערן דעם עסעריקן עלנט... מנשה, טייערער, וועלכער קלאָרער מענטש נעמט דאָס בידים און טוקט זיך אונטער אין אַ מקוה פון עלנט? אין אַן עלנט שאין לו סוף? און איר טוט דאָס! וואָס שווייגט איר, מנשה? וואָס זיצט איר כאלם לא יפתח פיו? וואָס, איר ווילט טאַקע נישט ענטפערן? נעמט איר, הייסט עס, און זענט מיך מכבד מיט אַ פּאַרציע שווייגעניש?... האומנם: אלם — צדק תדברון? ** פריער האָט די משפּחה צענדליקער יאָרן געהאַט מיט אייך צו זינגען און צו זאָגן מכח דער „סטרא דנוקבא"; *** אַ „שאָק" מיט יאָרן האָט מען געהאַט מתפּלל צו זיין אויף אייך: ויגער ביצר־הרע מן „הנשואים" **** און איצט הייבט זיך אָן מיט אייך אַ סדרה: ויגער ביצר־הרע מן „הנסיעה"... גוואַלד, וואָס טראַכט איר זיך, האַ? וואָס האָט איר זיך אויסגעריסן אויף אונדזער קאָפּ? איר שווייגט שוין ווידער, האַ? נישטאָ וואָס צו ענטפערן? בקיצור מנשה, איר גיט מיר אייערע פּאָ־טאָס? מיר פאָרן צוזאַמען זיך אויסבאָדן אין די חמי־טבריה?

— קוים האָב איך געזאָגט, אַז ניין, זאָלסטו מיך מער נישט איבער־פרעגן!

— רזי לי, רזי לי... ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז אַזאַ יונגערמאַן ווי איר, ווען עס וועט זיך ווייזן אַ מבוא אויף צו קומען קיין ארץ־ישראל, וועט איר שטייען מן הצד קאַלט ווי אייז... קאַלט און פאַרפרוירן, אַז ממש — לפני קרתו מי יעמוד? דאָס הייסט דאָך שוין באַלד... אין אייער גראַד, זאָג איך, הייסט עס דאָך: אשר ידע אותי ופשע בי! מי מלל, מי מלל... ווער וואָלט זיך גאָר געגלייבט, אַז ביי אַזאַ זאַך וועט איר, מנשה כאָדראָוו, מנשה דער כמעלניקער רב, זיין אַזוי פּעדאַנטיש־אויסגערעכנט ומלא עינים כמלאך־המות... קוקן אויף דער זאַך אָן אַ טראָפּן אמונה און אָן אַ רמז אויף „השלך על ד' יהבך"... היאומן כי יסופר?

— ס'איז פאַראַן אמונה און ס'איז פאַראַן אמונה־טפלה; ס'איז פאַראַן אַ חסיד און ס'איז פאַראַן אַ חסיד־שוטה; קיין חסיד־שוטה דאַרף מען קיין

---

* איינזאַמקייט, עלנט, ברענגט צו אויסגעלאַסנקייט. מסכת כתובות.

** „שוין זשע מיינט איר, אַז שווייגן הייסט — גערעכט זיין"? פון תהילים.

*** געמיינט: נעמען זיך אַ פרוי.

**** בדרך הלצה געמיינט: דער יצר־הרע, וואָס דערלאָזט נישט חתונה צו האָבן.

מאָל נישט זיין! און אפילו קיין ארץ־ישראל טאָר מען אויך נישט לויפן איבער מינירטע פעלדער... וחי בהם — דרשענען די חז״ל — ולא שימות בהם!

א פאַרצווייפלטער קוקט זיך שלמה אום אויף אַלע זייטן, ווי איינער רעדט: „גוואַלד, מאין יבוא עזרי?״... זיין בליק פאַרטשעפּעט זיך אין דעם מיליץ־בלויען, פאַרגליווערטן געזיכט פון מנשהם שוועסטער און ער כאַפּט זיך אָן אין איר, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי:

— גאָלדע, איר זענט דאָך עפּעס פון אַלע יאָרן אַ חכמה, כאָטש איר זענט אַ שלאַק פון זיין ליבן נאָמען... זאָגט איר אים, ווי אַזוי איז אייער מיינונג? איך ברענג אייך אין שטוב אַריין פּאַרטיקע דאָקומענטן און נעם אייך מיט מיט זיך... אכילה שתיה ולוויה... אפילו מיט שיינע וואַליזעס, ווי פּאַר „אויסלענדער״ פּאַסט... אפילו מיט פלאַצקאַרטנע * ערטער אין צוג... מיט איין וואָרט: אויף אַלעם גרייטן! האַ, וואָס זאָגט איר?

— איך וואָלט אודאי געוואָלט, נאָר מנשה פרעגט דען ביי עמעצן דעות? און אפילו ביי דעם אייגענעם ווייב, פרעגט ער דען? און איך אָן אים וועל נישט פאָרן —

— אָן אים וועל איך אייך גאָרנישט נעמען אויך... מנשה, ס'איז שוין אַ פּאָר שעה נאָך האַלבער נאַכט. פאָלגט מיך, זייט נישט קיין איינגע־שפּאַרטער און זאָגט, אַז איר פאָרט... גיט אַ שפּיי אויף אַלע אייערע טע־אָריעס און פילאָזאָפיעס, וואָס איר האָט דאָ היינט אויף דער נאַכט אָנגע־הויפנט און הייסט זיך אויספּאַרטיקן דאָקומענטן... נו, איר פאָרט?

— שוטה דו, דו וועסט זיך נאָך אַליין אויך אומקערן —

— בייסט זיך אָפּ אַ האַלבע צונג!

— אַ דאַנק פאַר אַ גוט וואָרט, און מיך זאָלסטו מער נישט פרעגן! איך האָב דיר שוין געזאָגט נישט איין מאָל: איך פאָר נישט! און איך הייס דיר אויך נישט פאָרן!

— איך, אויף זיך, בין דאָך נישט געקומען צו אייך פרעגן קיין מיי־נונג —

— נישט געקומען פרעגן, איז נישט געקומען פרעגן! דאַרף מען נישט!

שלמה איז שוין געשטאַנען אַ פאַרשפּיליעטער אויף אַלע קנעפּ. זיינע אויגן גיבן אַ גלאַנץ מיט אַ פיינטלעך פייערל:

— אָבער דערויף זענט איר מסכים מיט מיר, אַז חרטה זאָלט איר האָבן, נישט איך...

מנשה האָט שלמהן אַרומגענומען און אים פעסט צוגעדריקט צום האַרצן:

— דאָס אודאי, דאָס אודאי... וואָס בין איך דיר עפּעס, אַ שונא?

* ערטער אויף צו שלאָפן. באַזונדערע פּלאַצעס.

פון שלמהס אויגן האָבן מיט א מאָל א יאָג געטון טרערן פון פאַר־דראָס:

— גזלן, רוצח, פאַר וואָס רויבט איר ביי מיר צו דעם בעסטן טעם, וואָס איך האָב געזאָלט פילן אין דעם שיבת־ציון? איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז פון זינט איך האָב אייער געלע צורה דערקענט האָב איך אייך ליב. איצט, אויב איר פאָרט נישט, וואָס האָב איך דאָרטן צו טון אָן אייך? וואָס פאַר א טעם קען איך שוין פילן אין ארץ־ישראל אָן אייך? באַקלערט זיך נאָך א מאָל: דער טאַטע פאָרט מיט דער גאַנצער פאַמיליע... נח פאָרט...

שלמה האָט אין עקסטאַז אַנגעכאַפּט מנשהן פאַר די אַקסלען און האָט מיט אים געקלאַפּט אין דער וואַנט:

— פאָלגט מיך: פאָרט... פאָלגט מיך: פאָרט... עס פאָרן אַצינד אָן א שיעור רוסישע יידן; ווער עס האָט נאָר גאָט אין הארצן; ווערמען דער נאָמען ירושלים איז נאָר נאָענט... נו, באַשליסט זיך... איר פאָרט?

— איך האָב שוין געזאָגט —

— הייסט עס, האָבן מיר א גאַנצע נאַכט אומזיסט און אומנישט גע־גלעקלט מיט די צונגען, האַ? דאָס איינטענהן, דאָס אויסברייען, דאָס דער־ווייזן באותות ובמופתים — אַלץ איז אַוועק מיטן ווינט? כמוץ אשר תדפנו רוח, האַ?

— פאַר וואָס עפּעס אומזיסט, שוטה דו? האָסט פאַרגעסן: אין הקדוש־ברוך־הוא מקפח אפילו שכר שיחה נאה —

שלמה האָט אים מיט האַסט א שטופּ אָפּ געטון פון זיך:

— גייט צו אַל די רוחות, געבראָטענער עקשן! הוא על עצמו לא חס, איך יחוסו עליו אחרים? איר ווילט בלייבן? — בלייבט! ידי לא שפכו את הדם הזה — אני את נפשי הצלתי...

ער האָט א זעץ געטון מיט דער טיר און איז אַוועק אומגעזעגנט. מנשה האָט אָבער באַוויזן אים אָנצוכאַפּן ביי דער פּאָטקע:

— משוגענער, ווהין לויפסטו אַזוי שפּעט?

שלמה, פון דער שוועל, אויסרייסנדיק די פּאָטקע ביי מנשהן פון דער האַנט:

— גייט! איך וויל אין אייערע ד׳ אמות נישט שטיין! אַן עקשן, זאָגט די וועלט, איז ערגער פון א משומד, איצט זע איך, אַז ס׳איז טאַקע באמת אַזוי... און זיך געזעגענען מיט אייך וועל איך אויך נישט קומען —

— צעדרייטער, וואָס דו ביסט! קער זיך אום, ס׳איז דאָך שוין באַלד טאָג... ווהין טראָגט עס דיך?

נאָר מנשהס לעצטע רייד זענען שוין געווען בקול קורא במדבר. שלמה האָט פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך, דאַן האָט זיך נאָך אויף א פּאָר רגעים צעקלונגען דער שווערער טויער מיט זיינע קופּערנע רינגען און אַלץ איז פּלוצלינג פאַרזונקען געוואָרן אין א שטילשוויגעניש. אויף די אויס־געמאָגערטע און פאַררויכערטע פּנימער פון די צוויי פריינט האָט געהויערט א פאַרגליווערטער וואָלקן, ווי ביי אַזעלכע יורדי־הים באניות, וואָס ווייסן,

אַז אין דער שיף, אויף וועלכער זיי געפינען זיך, איז דאָ אַ לאָך און עס רינט היפּשלעך אריין, אָבער העלפן דערצו קענען זיי מיט גאָרנישט...

מנשה, מיט אַ צעשויבערטער באָרד און מיט אַ צעקנייטשטן פּנים פון דער „שבועותדיקער" נאַכט, איז לאַנג געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכער הארט לעבן דער טיר מיט אַ מינע פון אַן אָפּגענאַרטן חתן. דער אויס־דרוק אויף זיין תמימותדיק פּנים האָט געזאָגט:

— וואָס איז דאָס, וואָס? מען האָט דאַכט זיך די גאַנצע צייט גע־רעדט ווי לייטישע און סאָלידע מענטשן... און פּלוצלינג, גיי, ריכט זיך, אַז אָט דער ווילדער גאַנער וועט פון דער העלער הויט משוגע ווערן, אין מיטן דערינען אַ פּאַטש טון מיט זיינע גאַנערישע פליגלען און — ס'איז געוועזן אזעלכער —

# קאפיטל XXXV

אין חודש מאי 1944, איז אונטערגעקומען שלמהס ריי טועם צו זיין, וואָס עס הייסט אַזוינס: מאַליאַריע. זי האָט אים אונטערגעשניטן און אומגעוואַלגערט, ווי אַ געזונטער גוי וואָרפט אום אַ חרוב ביידל. דריי חדשים נאָך אַנאַנד האָט זי אים געטאָטשעט און געעקבערט און אויסגעזויגן דעם מאַרך פון די ביינער. די פרנסה איז אַפילו געגאַנגען נאָרמאַל. דער אַרטעל זיינער, וועלכן ער האָט פאַרזאָרגט מיט רויוואַרג אַריבער און אַריבער, האָט בפירוש געאַרבעט אויף אַלע שרויפן, אָבער די קרענק האָט אים נמאס געמאַכט דאָס לעבן. ער האָט אויסגעזען: הויט און ביין, ממש ווי אין דער טשאַכאָטקע. ווען ער האָט זיך ענדלעך אַראָפּגעקאַראַטשקעוועט פונעם בעט, האָט ער נישט געקענט אַרומגיין איבער דער שטוב, ער האָט, ווי אַ קליין קינד, זיך געדאַרפט אָנהאַלטן ביים ראַנד פונעם טיש, ביי די בענקלעך...

אַ חודש נאָך שלמהס אַרויסקריכן פון דער מאַליאַריע איז יוכבד פּלוצלינג קראַנק געוואָרן אויף אַ אינערלעכער קרענק און מען האָט זי געמוזט אָפּפירן און אַריינגעבן אין שפּיטאָל אַריין. שלמה איז פאַרבליבן איינער אַליין מיט דריי פּיצלעך קינדער און האָט געמוזט דאָס פּראָבלעם פונעם פאָרן צייטווייליק אַרויסוואַרפן פונעם קאָפּ, זיך לחלוטין מסיח־דעת זיין דערפון. יוכבדס קרענק האָט זיך פאַרצויגן ביזן טיפן אָסיען. אין גאַס איז געוואָרן קענטיק שיטערער. די גרויסע פּליטים־רעשטע האָט זיך צו ביסלעך געזופּט לצד מערב. נישט קוקנדיק אויף די ביטערע זכרונות, וואָס די אַלט־איינגעזעסענע שטעט האָבן דערוועקט ביי יעדן איינעם אין הארצן, דאָך האָט שטאַרק געצויגן „אַהיים"... אַליין אַ קוק טון, אַליין אַ זוך טון, זען אַלץ מיט די אייגענע אויגן און זיך ענדגילטיק איבערצייגן, אַז דאָס אַלטע איז אַוועק מיטן רויך... מאָסקווער האָבן זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע; לענינגראַדער קיין לענינגראַד; אוקראַינער אויף דער אוקראַינע; און פיל משפחות נאָך ווייטער פון דער אוקראַינע... שלמה איז געווען געבונדן פאַר די הענט און פאַר די פיס, און צוליב אים — די גאַנצע משפחה פּיאַטיגאָרסקי. מען האָט גאָרנישט געקענט אויפטון, מען האָט געדולדיק געמוזט וואַרטן, עד יעבור זעם...

אַן אויסגעמוטשעטע, מיט אַ פּנים פון אַ מת, האָט זיך יוכבד ענדלעך אומגעקערט אַהיים צו איר מאַן און קינדער. שלמה האָט ווידער אָנגעהויבן עוסק צו זיין מכח דער „נסיעה", אָבער די „מאַכערס" האָבן אים גלייך מגלה־סוד געווען, אַז דעם „צרי וצפּורן" פון די „אַחד־עשר סממנים" — פּראָפּוסקן איז איצט אוממעגלעך צו מאַכן אַפילו בעד כל הון דעלמא, און אויף מערב־אוקראַינע — אודאי און אודאי נישט! מאָסקווע האָט אַ פּנים עפּעס אָנגעשמעקט און האָט דערלאַנגט איבער די הענט...

דערווייל איז פאַר די בעזשענצעס אָנגעקומען דער פּערטער אוזבע־

קישער ווינטער. די פּיאַטיגאָרסקים זענען געהאַנגען אין דער לופטן: נישט אַהער, נישט אַהין. מען איז געזעסן אויף די טשעמאָדאַנעס און מען האָט אפילו נישט געוווסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען גייט אַרום.

אין חודש דעצעמבער האָט זיך פון טשעסוואַיאַ ביי סווערדלאָווסק באַקומען אַ בריוו פון די ראַדיעצקים:

„טייערער ברודער און שוועסטער!

דאָס שרייבן מיר אייך דעם לעצטן בריוו פון אוראַל. איבערמאָרגן פאָרן מיר אַפּ „אַהיים", קיין קיעוו. אָך און ווי איז צו דער היים, אָך און ווי איז צו דעם קיעוו. נאָר אַזוי איז דאָס, עס ציט ווי אַ מאַגנעט... גלייך ווי מיר וואָלטן נאָך דאָרט עמעצן געהאַט... מיר האָבן באַקומען אַן אָפיציעלן בריוו פונעם קיעווער פּראָקוראָר. ער שרייבט אונדז, אַז מיר קענען גלייך פאַרפאָרן צו זיך אַהיים, און דעם „מלחמה־שכן" אַרויסוואַרפן אויף דריי שפּענדלעך. אומשטיינס געזאָגט, אַז ווי איז צו דער גדולה — נאָך דאָס אויך נישט? איר מעגט אונדז מקנא זיין אויף די גרויסע תענוגים און אויף דער גרויסער שמחה: זיך אומקערן ווינען אין די זעלבע צימערן, וווּ מיר האָבן איבערגעלאָזט אונדזערע טייערע עלטערן; אויף דעם זיך זעצן עסן ביי דעם זעלבן טיש; זען פאַר זיך די זעלבע געבעטע שטולן — נאָר ליידיקע... וווּ יעדעם ווינקעלע, יעדעם פלעקל, יעדעם לאַסטל דערמאָנט אונדז די אבדות שאינן חוזרות לעולם... איר מעגט אונדז הייליק גלייבן, אַז מיר זענען אייך מקנא דערויף, וואָס אייער שטוב איז פאַרברענט געוואָרן. בעסער וואָלט פון אונדזער שטוב אויך קיין זכר נישט געווען געבליבן, און פון קיעוו אויך נישט, און פון דער גאַנצער וועלט אויך נישט! אָבער אַז די דירה איז שוין יאָ געבליבן, גלוסט זיך שוין זי אָפּצונעמען. פאַר וואָס זאָלן דאָרט נאָך וווינען פרעמדע? מיט וועלכע רעכט?

וועגן שלמהס פּראָיעקט פון אוועקפאָרן ערגעץ אין אויסרייסעניש, ווילן מיר אפילו נישט הערן. מיר האַלטן דאָס פאַר אַ גרויסער עוולה אויך פון אייך. מיר זאָגן אייך קורץ: איר פאַרראַט אונדזער שטוב! איר פאַרשטייט דאָך אַליין: צי מען וועט דוד'ן דעמאָביליזירן, צי ניין, קען מען נאָך נישט וויסן. אמת, דער טערמין פון זיין נאָרמאַלער מיליטער־דינסט איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען, קיין קאָמאַנדיר איז ער אויך נישט, אָבער ביי היינטיקע צייטן קען מען עפּעס אויסרעכענען? איז ווען מיר ווילן נאָכגיין אייערע נאַרישע עצות, דאַרף שוין דוד בלייבן דאָ. ווייטער: פון אַלע זעקס שוועגערינס וועט אפילו איינע אויך נישט פאָרן. נישט אַזוי גיך איז מען זיך מיאש פון אַ מאַן. טאָמער לעבט נאָך יאָ עמעצער ערגעץ, אין געפאַנגענשאַפט, צי אין די וועלדער, וווהין וועט ער זיך יאָגן? קיין קיעוו! ער וועט קומען קיין קיעוו — אַ בוידעם! די פייגעלעך זענען אוועקגעפלויגן. זיך אָפּגעטראָגן אין די וואַרעמע לענדער. אמת, אויב ס'איז שוין פון זיי דריי יאָר קיין ידיעה נישטאָ, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן די גרייס פון דער האָפענונג, אָבער איר ווייסט נישט, אַ טרינקענדיקער

כאַפּט זיך אָן אפילו אין אַ שטרוי: טאָמער אַזוי, טאָמער אַנדערש. טאָמער איז עמעצער פון זיי ביי די פּאַרטיזאַנער; אפשר אין דייטשלאַנד אין געפאַנ־גענשאַפט. אפשר האָט מען קיין קריגס־געפאַנגענע נישט אומגעבראַכט; אפשר האָבן זיי זיך אָנגעגעבן פאַר קריסטן... אָבער אויב מען פאָרט אוועק, איז דאָך שוין אַלץ פאַרפאַלן... וואָס דען, נאָר מיר אַליין זאָלן פאָרן? אָן דוד'ן און אָן די שוועגערינס מיט די ברידערס קינדער — וואָלט מען דאָך אונדז פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט געדאַרפט אָפּהאַקן די קעפּ. וואָס זשע איז שוין די נפקא־מינה פון אונדז ביז היטלערן? טאָמער זענען מיר נאָך וויניק צעבראָכן, זאָלן מיר זיך ערשט אַליין צעברעכן צום איבעריקן? און מיר האָבן נאָך גערעכנט, אַז איר, שלמה מיט יוכבדן, וועט אונדז אויף וויפל מעגלעך פאַרבייטן די טאַטע־מאַמע... איר וועט פירן די שוועס־טער צו דער חופה; איר וועט ביי אונדז פּראַווען די שבתים; שבת צו נאַכטס וואָלטן מיר זיך ווידער אַלע פאַרזאַמלט... אמת, סאיז נאָר נאָכגע־קרימט זיך, אָבער כאָטש דערמאָנען דעם געוועזענעם גן־עדן. איר זענט דאָך איצט פאָרט די גדולי־הבית: די עלטסטע שוועסטער און דער עלטסטער שוואָגער. איצט, אַז איר וואַרפט אונדז אויך אַוועק, וועט מען זיך שוין זיכער צעקריכן ווי די מייז. עס וועט ווערן אַ טייך אויך פון דעם, וואָס ס'איז יאָ געבליבן. מיר גייען אייך נישט זאָגן קיין מוסר, מיר גייען אייך נישט זאָגן קיין דעות, און מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז נישט שלמהן זאָגט מען דעות... מיר געדענקען נאָך זיין פריייוויליק גיין אויפן פראָנט... אָבער איין זאַך זאָגן מיר אייך: גיט נאָך אַ מאָל אַ קלער וועגן אייער באַשלוס און נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. נאָך אַזאַ גוואַלדיקן נצחון, ווי מיר האָבן געהאַט, וועט זיך ביי אונדז זיכער לעבן בעסער, ווי אויף דער גאַנצער וועלט. ס'איז נישט קיין קונץ נעמען און צעברעכן אַ יידישע שטוב, וואָס איז אָן דעם אויך געגוג צעבראָכן, איבער אַ נאַרישן און פאַנטאַסטישן קאַפּריז — פון וועלכן עס קען זיך נאָך אויסלאָזן אַ בוידעם, אַ ווינטמיל — און איר גייט דאָס טון... און ווידער, טוט ווי איר פאַרשטייט אַליין, ווי דער יושר זאָגט אייך אונטער. יעדער איינער לעבט היינט מיט זיין אייגענעם פאַר־שטאַנד. מיט גוואַלד וועט אייך קיינער נישט אָפּהאַלטן..."

דער דאָזיקער פאַרצווייפלטער בריוו האָט דעם יונגן פּאָרפאָלק דער־לאַנגט „ביז אין דער זיבעטער ריפּ"; יעדעס וואָרט, יעדע נקודה האָט זייער וויי געטון. עס האָט פון דעם בריוו אַרויסגעשריגן דער: „את אחי אנכי מבקש"; דער: „אל תשליכני מלפניך" — אָבער דעם ענין גופא האָבן שוין אָט די גניחות ואנחות, יללות ויבבות גאָר—נישט נישט געקענט בייטן...

דער גורל איז שוין געפאַלן —

*

ענדע יאַנואַר, יאָר 1945, האָט שלמה צווישן אַנדערן געלייענט אין דעם לייט־אַרטיקל פון דער „פּראַוודאַ":

...„און אַט אַזוי זענען די טעג פון דער פאַשיסטישער דריטער אימ־פּעריע געציילטע. וואַרשע איז גענומען! ריכטיקער געזאָגט — אָפּגעווישט און פאַרגלייכט מיט דער ערד. ברעסלאַו רויכערט זיך אין אירע האַלע־וועשקעס! בערלין ברענט! מינכען ברענט! האַמבורג ברענט! פראַנקפורט ברענט! גאַנץ דייטשלאַנד ברענט!!! דער לעצטער אַקט פון דער גרעסטער וועלט־טראַגעדיע דערנענטערט זיך צו זיין סוף. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש — און די זיגערישע, פאַרבלוטיקטע און נישט איין מאָל דורכגע־שאָסענע רויטע פאָן וועט טריאומפירנדיק פלאַטערן אויפן רייכסטאַג. דאָס איז דער גערעכטער אורטייל פון דער געשיכטע. דאָס וועט זיין דער כשר־פאַרדינטער עפּילאָג פון היטלערס בלוטיקער אַוואַנטורע. דער דערפרישנ־דיקער ריח פון אונדזער לאַנג־דערוואַרטן פרילינג דערגייט שוין צו אונ־דזער נאָז פון אומעטום, אפילו פון די העכסטע מלוכה־אָרגאַנען. לאָמיר אפילו נעמען דעם דאָזיקן פאַל: פאַר די קאַרגע פיר יאָר פון דער מלחמה האָט אונדזער מלוכה היינטיקע וואָך אַרויסגעגעבן דעם ערשטן אָרדען פאַר אַ ציווילער דערגרייכונג. דער פּרעזידיום פון העכסטן ראַט פון ס. ס. ס. ר. האָט דעקאָרירט דעם לאַנגיעריקן מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע פאַר וויסנ־שאַפטן פון או. ס. ס. ר., ביעלסקי סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, פאַר אַ מייס־טעריש קאָמפּאָנירטער און אידעאָלאָגיש אויסגעהאַלטענער אָפּערע, מיט דער העכסטער אויסצייכענונג פונעם ראַטנפאַרבאַנד — מיטן **לענין־אָר־דען**. איז אויב עס גייט שוין אין קאָפּ אַריין צו באַלוינען מיט אַן אָרדען, אויך אַ קאָמפּאָזיטאָר, איז דען דאָס נישט קיין באַוויז, אַז עס קערן זיך שוין אום יענע גוטע טעג..."

שלמה האָט זיך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איינגעקוקט אינעם נאָ־מען פון דעם פּריש־געבאַקענעם אָרדענטרעגער, דאַן האָט ער אַריינגעלייגט די צייטונג אין טאַש און האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער וועלט־באַרימטער, קיעווער אָפּערע־טעאַטער איז פון דער פאַר־ניכטנדיקער מלחמה געשווינט געוואָרן. אָט די ריזיקע מויער, וואָס פאַר־נעמט אין האַרץ פון דער שטאָט, אַ גאַנצן קוואַרטאַל פון אַלע פיר זייטן, איז צו יעדנס ווונדער און צופרידנקייט געבליבן גאַנץ און אומבאַרירט. אפילו דער פאַשיסטישער חיה איז אויך געווען אַ שאָד אומצוברענגען אַזאַ זעלטענע געביידע. פאַרן אַנטלויפן פון קיעוו, איז שוין די פּאַניק געווען אַזוי גרויס, די רויטע חיילות האָבן זיי אַזוי געיאָגט אין האַלדז און נאַקן, אַז זיי האָבן נישט באַוויזן אויפצורייסן פיל אָנגעמערקטע אָביעקטן, און צווישן זיי אויך דעם — מלוכהשן, אַקאַדעמישן, אָרדענטרעגערישן, קיע־ווער טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט.

דעם 22טן פעברואַר, יאָר 1945, אין אַ פאַסמורנע פאַרנאַכטיקער שעה, איז אין די קולוארן פונעם אָפּערע־טעאַטער געווען רוישיק און פריילעך. עס זענען געווען פאַרזאַמלט אָפיציעלע געסט: פון דעם **צ. ק.** פון דער פאַרטיי פון אוקראַינע; פון דעם מיניסטעריום פאַר בילדונג, און

פון דער מיליטערישער מאכט. ס'איז אויך געווען דער גאַנצער אַפּערע־קאָלעקטיוו: אַרטיסטן, זינגער און מוזיקער. די ביעלסקיס, וועלכע האָבן זיך אין דעם זעלבן טאָג אומגעקערט פון מאָסקווע, ווו סאַמואיל לאַזאַ־ראָוויטש האָט אין קרעמל באַקומען דעם אָרדען, האָבן זיך מיט שיינענ־דיקע געזיכטער אַרומגעדרייט צווישן דעם המון באַגריסנדיקע, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. זיי האָבן אויסגעזען, ווי חתן־כלה, וואָס מען האָט זיי ערשט געבראַכט צו פירן פון אונטער דער חופּה. זיי האָבן געענטפערט אויף האַנטדריקן, געדאַנקט פאַר באַגריסונגען און זענען בכלל געווען איבערגליקלעך.

ווען דער ערשטער טומל איז פאַריבער, און די צעהיצטע געמיטער האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שושקעריי צווישן די אַרטיסטן און די מוזיקער. דאָס „געהיימניס" האָט פאַרכאַפּט דעם עולם אַלץ מער און מער. מען האָט איינער דעם צווייטן דייטלעך געטייטלט אויף דעם בעל־שמחה, און מיט ערנסטע פּנימער אָנגעוויזן מיט די פינ־גער אויף די העלדזער. ענדלעך איז דער דירעקטאָר פונעם טעאַטער צו־געגאַנגען צו ביעלסקין און אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל:

— הער, טייערער סאַמואיל לאַזאַראָוויטש! די חברה איז גערעכט. דעם אָרדען דאַרף מען באַנעצן. דאָס איז אַ רוסישע טראַדיציע. און באמת טאַקע, ווו איז יושר? נאָך אַ מאָל קיין לענין־אָרדען וועסטו שוין אַזוי גיך נישט באַקומען. די חברה־לייט ווילן, אַז דו זאָלסט זיי איינלאַדן צו זיך אַהיים. עס קומט טאַקע פון דיר אַ קידוש — גערעכט!

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש קוקט זיך איבער מיט סעסיל פּעטראָוונע. דאָס אומפאַרגלייכלעכע גליק, וואָס האָט זיי געטראָפן, שיינט זיי אַראָפּ פון די געזיכטער. ער בייגט זיך אָן צו איר קליין אויערל און רירט לייכט אָן מיט די ליפּן דאָס ראָזעווע לעפּל:

— וואָס זאָגסטו, סעסיל? ווי אַזוי דו וועסט זאָגן, אַזוי וועט זיין. דאָס זענען דאָך אַזעלכע ווייסע־חברהניקעס... זיי, אַז זיי זשלי[illegible]קען זיך אָן, איז: הימל עפן זיך... איך וואָלט זייער נישט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן זען זייערע אויסגעלאַסענע שטיק —

— אויב עס גייט דיר נאָר אין דעם, קען איך אָנקלינגען אַהיים, אַז די קינדער זאָלן אַוועקגיין נעכטיקן צו דייניקע... כ'ווייס? מיר דאַכט... איך זע נישט קיין שום ערנסטע סיבה אויף זיי אָפּצוזאָגן. דו ביסט דאָך פּאָרט אַן אימעניניק —

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש גיט אַ דורכנעמענדיקן קוק אויף דעם קאָ־כעדיקן און באַרוישטן יונגוואַרג. ער גיט זיי אַ גוטמוטיק־בייזלעכן דראָ מיטן פינגער:

— חברה, איך קען דאָך אייך גוט! ווי נאָר איר האַקט אַריין עט־לעכע גלעזלעך, אַזוי פאַרגעסט איר גלייך: ווו איר זענט אין דער וועלט און וואָס מיט אייך טוט זיך...

עס דערהערן זיך פּראָטעסט־געשרייען פון די אַרטיסטן, פון די מוזיקער:

— היינט מעג מען! היינט מעג מען, סאַמואיל לאַזאַראָוויטש... אונדזער טעאַטער האָט באַקומען אַן אָרדען, און איר טראָגט אים... גיט אים איבער אַ צווייטן, וועט יענער שטעלן משקה —

אַלע לאַכן... די ביעלסקים שאָקלען נאָכגעבנדיק מיט די קעפּ:

— מסכים, מסכים... מען גייט צו אונדז...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געווען איינס ביי נאַכט...

די אשמורה פון טיפער פאַרגעסנקייט און קברדיקער שטילקייט...

דער האָראָפּאַשנע קיעוו איז שוין לאַנג געשלאָפן. אויף דער גאַס האָט געהויערט אַ קלעפּיק חשכות און עס האָט געווילדעוועט אַ געוויטער. דער אויפגעריסענער קרעשטשאַטיק האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויפן גאַנצן אַרום מיט זיין פּוסטקייט, ווי אַ שאַרבן פון אַ סקעלעט מיט זיינע אויסגעליידיקטע אויגנלעכער. די אַרויסשטאַרטשנדיקע שפּיצן פון אַמאָליקע ווענט און די הויכע קופּעס מיט צעקאַליעטשעטע שטיינער האָבן געגרוילט דאָס לייב, ווי משונהדיקע ציינער און אָנגעהויפנטע רוקנביינער פון אומגעלומפּערט־גרויסע, העסלעכע, פאַרמבולדיקע חיות. די דאָזיקע האַרצרייסנדיקע חורבות האָבן זיך דאָ פאַנטאַסטיש צעלייגט איבער די שטחים, וווּ אַ מאָל איז געווען: אוריצקי־גאַס; מאַרקס־גאַס; פּראָריעזנאַיאַ־גאַס; אינסטיטוטסקע־גאַס; ליוואָשאָווסקע־גאַס און טריאָכסוויאַטיטעלסקאַיאַ־גאַס. די דורכגייער פלעגט זיך דאַכטן, אַז דאָס גייט מען אויף אַן אַלטן, אַלטן בית־עולם, פון וועלכן די מתים האָבן שוין לאַנג אויסגעוואַנדערט, און אַוועקגייענדיק זיך זוכן אַ נייעם רו־פּלאַץ, האָבן זיי אַליין פאַרוואַנדלט זייערע דירות אין „סדום ועמורה”... און די צעשויבערטע זאַוויערוכע האָט אַלץ געוואָלט איינוויקלען אין ווייסן, צודעקן, אויסגלייכן, והיה כלא היה...

ביי די ביעלסקים, אין זייער גרוימער, פּרעכטיקער וווינונג, איז פון תחילת־נאַכט אָן געווען שטאַרק ליכטיק און שטאַרק פריילעך און זייער, זייער יומטובדיק. די האָניקזיסע באַגריסונגען און ווינטשעוואַניעס פון די קאָלעגן און פריינד; די רעדעס — פול מיט פּאַטאָס, מיט ענטוזיאַזם און מיט עקסטאַז — פון די הויכגעשטעלטע פאַרשטייער פון דער פּאַרטיי און פון די מלוכה־אָרגאַנען האָבן ווי גוטער וויין אָנגעפילט די הערצער פון די באַלעבאַטים מיט פרייד, מיט שכרות — מיט גליק! זייערע פּנימער האָבן געפלאַמט ווי אַ כלה צום באַדעקנס; די אויגן האָבן געשטראַלט; דאָס מילדע שמייכעלע, וואָס האָט זיך דעם גאַנצן אויפדערנאַכט נישט אָפּגעטון פון זייערע ליפּן, האָט בקול רם מכריז ומודיע געווען דער גאַנצער וועלט, אַז דאָס דאָזיקע פּאָרפּאָלק וואָלט זיך איצט נישט געביטן מיט קיין שום קעניג, מיט קיין שום מיליאַרדער...

די אָפיציעלע געסט האָבן פייערלעך באַגריסט דעם פרישן אָרדענטרעגער. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי אים פאַרזיכערט, אַז די מלוכה

און די פּאַרטיי וועלן אויך אויף ווייטער נישט אַראָפּנעמען קיין אויג פון אים און פון זיינע שאַפונגען, און דער דאָזיקער אָרדען איז נאָר אַן אָנ־הייב פון אַ גאַנצער ריי אָרדענס און אַנדערע אויסצייכענונגען, וואָס וועלן קומען שפּעטער.

דער „העלד פונעם טאָג", סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, האָט געענטפערט, אַז כאָטש ער לעבט איצט איבער דעם גליקלעכסטן מאָמענט אין זיין לעבן — און כאָטש דער אָרדען איז ביי אים טייערער פון אַלץ אויף דער וועלט — אָבער פון דעסט וועגן מוז ער זיך מודה זיין, אַז די אַנערקענונג פון־נעם פאָלק איז ביי אים נאָך אָנגעלייגטער... דאָס איז געווען זיין ציל, זיין אידייע, און איצט איז זי פאַרווירקלעכט געוואָרן, דאָס איז פאַר אים דער עיקר העיקרים! אַרבעטנדיק יומם ולילה איבער זיין ווערק, האָט ער אויף קיין איין סעקונדע נישט קיין טראַכט געטון וועגן קיין אָרדען. נאָך שע־נער — ס'איז אים אפילו אויפן געדאַנק קיין מאָל נישט געקומען, אַז פאַר זיין אַרבעט קען מען אים אַ מאָל באַשענקען. ער האָט געטון זיין אַרבעט „לשמה", בלויז פאַרן פאָלק און ער איז איבערגליקלעך, וואָס דאָס פאָלק האָט אַזוי הויך אָפּגעשאַצט זיין ענערגיע און זיין האָרעוואַניע. דאָס איז פאַר אים די בעסטע טובת־הנאה און אויך אויף ווייטער וועט ער די־נען אויסשליסלעך דעם פאָלק —

דער גאַנצער זאַל האָט געפּאַטשט „בראַוואָ", געשריגן „הורראַ" און אונטערגעוואָרפן סאַמואיל לאַזאַראָוויטשן אין דער לופטן, ווי מען טוט מיט אַן אימעניניק. דערנאָך האָט מען געטאַנצט. פּאַרלעכווייז און צוזאַ־מען. אפילו דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין האָט אויך געטאַנצט אַ „קאָזאַטשאָק" קעגן זיין צויבערנדיקער סעסיל פּעטראָוונען. די זינגערס און די פּליעס־קערס האָבן דאָס פּאָרל הויפּט־מחותנים גאָר נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון דער „אַרענע" און נישט אַרויסלאָזן פון דער ראָד, ביז סעסיל פּעטראָוו־נאַ, אַן אויסגעשעפּטע, האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט געמאָלדן:

— זי זאָל אפילו וויסן, אַז מען נעמט ביי זיי צו דעם אָרדען אויף צוריק — טאַנצט זי מער נישט! זי קען שוין נישט אָטעמען...

דער עולם האָט באַגלייט אירע רייד מיט פריילעכע געלעכטערס און פּליעסקערייען...

אָט די אַלע „בנימוסדיקע גענג" האָבן אָבער נאָר אָנגעהאַלטן תחילת־נאַכט. איצט, ווייט נאָך חצות, האָט די „פּאָפּאָיקע" * דערגרייכט איר ברענפּונקט. די שמחה האָט שוין אריבערגעשטיגן אַלע גרענעצן. די „וויעל־מאָזשנע" געסט און אויך: דער דירעקטאָר פונעם טעאַטער, דער רעזשי־סאָר, דער דיריזשאָר, זיי אַלע זענען שוין פון לאַנג אוועקגעגאַנגען יעדער צו זיך אַהיים; די קינדער זענען נאָך פון תחילת־נאַכט אַן אוועקגעשיקט געוואָרן צו אַ מומע; וואָס דען, דאָס יונגוואַרג פון די אַרטיסטן און אַר־טיסטקעס — האָבן זיי געווילדעוועט; זיי האָבן זיך איצט אָפּגעגעבן קאָנטעט

---

* כמו: קערמעשל. בוכשטעבלעכע טייטש: דאָס אָנזשליאָקען זיך ביז שכרות.

פאַר אַלע ביטערע, פּאַראומערטע מלחמה־יאָרן. די ביעלסקים האָבן זיך געד
האַלטן פון דער וויטנס פון אָט דער פּריילעכער קאָמפּאַניע. זיי האָבן זיי
נישט געשטערט, אָבער אַליין קיין אָנטייל נישט גענומען אין דער דאָזיקער
משוגענער אָרגיע. דער מתמיד: סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, איז געזעסן ביי
זיך אין קאַבינעט און האָט זיך באַמיט צו קאָנצענטרירן דעם געדאַנק
אויף דער נייער „זאַך", וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו שאַפן. סעסיל פּעד
טראָוונאַ, דערזעענדיק וואָס עס קומט פאָר ביי איר אין זאַל, איז זי גלייכ־
צייטיק געוועזן: אי דערשראָקן, אי פאַרשעמט, אי אַנטוישט. צוזאַמען מיט
אַן עלטערער אַרטיסטקע האָט זי זיך פאַרשפּאַרט אין דעם קינדערצימער,
און האָט איר באַוויזן איר גאַרדעראָב פונעם קאָפּ ביז די פיס. דער גרויסער
זאַל מיט די פול־אָנגעשטעלטע טישן האָט זיך איצט אין גאַנצן געפונען
אינעם רשות פון דער שכורער יוגנט. די אַטמאָספערע אין זאַל האָט זיך
אַלץ מער אָנגעגליט. דאָס יונגוואַרג האָט בשום אופן נישט געוואָלט טראָגן
אויפן קאָפּ: נישט ווו מען געפינט זיך, און נישט ביי וועמען מען געפינט
זיך. אַבי מען איז פּטור געוואָרן פון די „קאַרפּן" מיט די פּאַרריסענע נעד
זער, און ווער שמועסט, אַז גאָט האָט נאָך געהאָלפן און די באַלעבאַטים
האָבן זיך אויך אָפּגעטראָגן אין זייער רו אריין, — דאָ האָבן די יונגע־
לייט און די יונגעלייטקעס זיך דערפילט פריי ווי די פייגעלעך אין וואַלד.
אויפן דיוואַן איז אויסגעוואַקסן אַ באַרג מיט פּידזשאַקלעך, מיט סוור־
טערס; ס'איז געוואָרן אַ מישמאַש פון פּוכענע שאַרפעלעך מיט פעטערנע
היטעלעך; אַ געפלעכט און אַ געפּלאָנטער פון קרעפּ־דע־שינענע שאַליקלעך
און שרייענדיקע זיידענע שניפּסן. די טענאָרלעך, די פּליטיסטן, מיט צעד
בראַסטעטע העמדלעך און נאַכגעלאָזטע הויזן־פּאַסיקלעך האָבן גענאַשט פון
די טישן, וואָס עס האָט זיך זיי נאָר געפּאַקט אונטער די הענט, און האָבן
געבראָמטשעט אויףביידע באַקן ווי נאָך אַ טיפוס; די סאָליסטקעס —
יענע זענען גאָר „אַרויס פון די האָלאַבליעס". אין דער לינקער האַנט האָט
מען געהאַלטן די אויסגעלײדיקטע קעלישקעס, און מיט דער רעכטער —
ווי פשוטע, פאַרשייטע גאַסנמיידלעך — האָט מען געגולגעט די בוימל־
דיקע ליקערן און שאַמפּאַניער פון דער פלאַש גלייך אין מויל אריין... אַנ־
דערע, נאָך מער אָנגעזויפּענע, האָבן „אומגערן" פאַרבלאָנדזעט צו זייערע
חברים אויף די קניעס, געטרונקען מיט זיי פון איין בעכער — ער אַ זופּ
און זי אַ זופּ; געוויכערט מיט זיי פון איין פּאַפּיראָס — ער אַ ציִ און זי
אַ ציִ.

אין טיפסטן און טונקלסטן ווינקל פונעם צימער איז געשטאַנען אַ
נידעריק, פּרעכטיק דיוואַנטשיקל באַקלאַפּט מיט געשווירענעם פּליוש. דער
דאָזיקער פּליוש האָט געקוויקט דאָס אויג מיט די צעשויבערטע בוקעטן
פון: העלראָזע, בלוטרויטע און שלעפּעריק־ליליאָווע קוויטן. אויף דעם
דאָזיקן דיוואַנטשיקל איז פון איין זייט געזעסן אַ שוואַרצער, מאָגערער
באַריסט, טאַליאַ דער ביינערנער. זיינע גרויסע, קאַלטע אויגן האָבן אויס־
געזען ווי ביי אַ ניכטערן מענטש, נאָר עפּעס מיט אַן אָפּשרעקנדיקן גלאַנץ,

ווי ביי א פאַרשווערער. און אויף דער צווייטער זייט פונעם דיוואַנטשיקל איז געזעסן דער זיבן־פּודיקער פּעטיאַ — דער דריטער באַריטאָן פון דער מלוכהשער מוזיקאַלישער קאָמעדיע. דאָס איז געווען אַ קורצינק מענטשל מיט פּוכקע ידים און רויטע אייגעלעך. ביי טאָליאַ׳ס פיס, אויף אַן איבער־געקערטער טומבעטשקע, איז מיט אַ מעלאַנכאָלישער מינע געזעסן סאָפּיאַ די גרימירערין, אַ מיטלוווקסיקע, אַ יונגע און אַ סימפּאַטישע. ביי פּעטיאַס פיס, אויף אַן אויפגעשטעלטער פּאַטעפאָן־וואַליזקע, האָט זיך צעזעצט וואַ־ליאַ די קאָסטיומערין, אַ קליינינקע ברונעטקע, זייער אַ שיין מיידל. צווישן דעם טיש און דעם שפּיגל, פּראָסט פּשוט אויפן טעפּיך, האָבן זיך איינגע־מאָסטעט: אָליאַ די דעקאָראַטאָרשע, אַ שלאַנקע און אַ רויטע מויד, און נאַטאַשקע די פריזירערין, אַ דינע בלאָנדינקע. יעדער איינער פון דער פריי־לעכער קאָמפּאַניע האָט עפּעס געמאָנט ביים עולם און מיט היץ געפּאָדערט, אַז מען זאָל עפּעס טון, כאָטש אין תוך גענומען האָט קיינער פון זיי נישט געוווּסט וואָס ער וויל און וואָס אַזוינס ער פּאָדערט פון זיינע חברים.

אַ גאַנץ היפּשער אַנטאָשאַ, די „פּערטע פידל" אין אָפּערע־טעאַטער, האָט זיך אַוועקגעזעצט צו דער פּיאַנינע און האָט אָנגעהויבן אויסצושפּילן די אוווערטיורע פון ביעלסקים לעצטער אָפּערע. עס האָט זיך ביי אים בפירוש באַקומען גאָר נישט שלעכט, נאָר וואַדים טראָפימאָוויטש, אַ לאַנגגאָרנדיקער בחור פון אַ יאָר פערציק, אָדער פינף און פערציק, וואָס האָט אַן אַלט ווי ביי אַן אַכטיעריק יינגעלע, האָט אים צוזאַמען מיטן בענקל אַוועקגעטראָגן פון דער פּיאַנינע.

ער האָט זיך אויף אים צערעוועט ווי אַ נישט־דערקוילעטער אָקס:

— וואָס האָסטו זיך צעלאָזט ווי אַ טעלעצע אויף דער לאָנקע? ווע־מען פעלט איצט ערנסטע מוזיק? נאַ דיר גאָר אַ קאָנצערט אין מיטן דערי־נען! עפּעס אַ לייכטס גיט אַהער! אַ לייכטס! אַ פרישנקס! אַ צאַפּלדיקס! מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן... עס זאָל פּיבערן און פלאַטערן ווי אַ מאַיסקע זשוקל... שאַ! ווייסט איר גאָר וואָס? — דאַוואַי טשאַסטושקעס!!! *

לאַריסאַ די נמאסע, אַ ברייטביינערדיקע מויד מיט פלאַקסענע האָר און מיט אַ זויערער צורה, כאַפּט אונטער דעם רוף און טאַראַלייקעט אי־בערן גאַנצן צימער מיט איר סקריפּענדיק פאַלצעטל:

— טשאַסטושקעס! נאָר טשאַסטושקעס! קאָליאַ! אַנדריי! מיטיאַ! ווו זענט איר ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן? וואָס קלעפּט איר אַזוי צו די מייד־לעך, כ׳מיין — צו די קליידלעך? עך, איר, ווייבערשע פּאָדכאַלימען! זיי וועט איר נישט אָנווערן אויך מאָרגן — קיינער וועט ביי אייך די מציאות נישט אויסכאַפּן — און היינט איז ביי אונדז אַ פּראַזדניק! און נאָר היינט!!

די קאָליאַס און די אַנדרייס און די מיטיאַס זענען שוין געווען גרייט

* אויף שנעל אימפּראָוויזירטע קופּלעטן. אויף פּראָסט יידיש גערעדט — בדחנישע שטיקלעך.

צו עפענען זייערע מיילעכלעך, ווי די זעלבע לאַריסאַ האָט זיי מיט אַ ווונק אָפּגעשטעלט:

— און ווו זענען ערגעץ די בעלי־שמחה? פאַר וואָס עפּעס האָבן זיי געמאַכט די פּליטה? אפשר שעמען זיי זיך מיט די „ניזשנע טשינעס״?

קולות פונעם דיוואַנטשיקל:

— לאָמיר זיי אויפשפּילן אַ סערענאַדע, וועלן זיי זיך מוזן באַווייזן צו אונדז —

לאַריסאַ, מיט אַ שכורן גרימצאָרן:

— וואָס פאַר אַ סערענאַדעס אין מיטן דערינען? לאָמיר זיי פּשוט אָנהייבן צו רופן. נו, געמומען! אַלע צוזאַמען — היידאַ: סעסיל פּעטראָוו־נאַ, הונדערט רוחות אייך אין אייער פּיצינק פּיסקעלע און איין מכשפה אין בייכעלע! האַ, סעסיל פּעטראָווונאַ!! סע—סיל פּעט—ראָוו—נאַ... סע... סע... פּעטראָ—אָ—אָ... ניין, זיי גייען נישט. קומט לאָמיר זיי שוין בעסער אַליין אָפּזוכן! * Айда за мной, ребята!

און נישט לאַנג געטראַכט האָט זי אָנגעכאַפּט אַנטאָשאַ׳ן פאַר די לאַצן און מען האָט זיך צעלאָזט איבער די צימערן אויפזוכן די באַלע־באַטים. ערשט ווען די ביעלסקים, מיט פאַרפלאָמטע פּנימער פונעם אַמ־פערן זיך מיט דעם צעווילדעוועטן יונגוואַרג, זענען שוין געזעסן גאַנץ אויבנאָן, איז מיטיאַ, דער „מזיק אויף גראַמען״ אַרויפגעקראָכן אויף אַ בענקל און וואַקלענדיק זיך אויף די פיס האָט ער מיט אַ הייזעריקער שטי־מע אַרויסגעכאָרכלט:

מיטן נאָמען פון אונדזער דיריגענט,
לאַזאַראָוויטש סאַמואיל —
זאָל קלינגען די גאַנצע וועלט,
פונעם דניעפּר ביזן ניל...
און אונדזער רייצנדיקע דיריגענטשע,
פּעטראָוונאַ סעסיל —
זאָל זיך אָנהייבן באַציען צו די אָרעמע כאָריסטן,
מיט אַ ביסעלע מער געפיל...
זי זאָל פון זיך נישט בלאָזן,
און זאָל זיך נישט פאַרקוקן —
און זאָל זיך צו אונדז שוין מער —
נישט אויסדרייען מיטן רוקן...

---

* היידאַ, נאָך מיר, חברה!

דער באַס האָט דעם בדחן מיט אײן פּאַך אָראָפּגעשאַרט פונעם בענקל און האָט אַרויסגעהודעט אויף דעם גאַנצן זאַל:

— וואָס הערט איר זיך צו צו אָט דעם גראַגער? דאָס איז אַ שאַנ־טאַזשיסט! אַ אינטריגאַנט! ער דאַרף זיך פריער אויסשלאָפן און דערנאָך ערשט אָפּווישן דאָס נעזעלע און דערנאָך... און דערנאָך... נו־נו, אַזאַ מאַ־לאָקאָסאָס"* הייבט שוין אויך אויף די אויגן אויף דער דיריגענטשע...

דער באַס איז פון זײַנע אײגענע רייד אַלץ מער און מער אַרײַן אין קוראַזש. ער האָט אָנגעהויבן צו פּינטלען מיט זײַנע שכורע אויגן:

— מײַנע ליבע ביעלסקים! אין נאָמען פון דער גאַנצער קאַפּעלע ווינטש איך אײַך, אַז אײַער דערפאָלג זאָל זיך לאָזן הערן אין אַלע ווײַטסטע, אין אַלע עקסטע און פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון אונדזער ריזיק לאַנד! עס זאָלן פון אײַך רעדן די טשוקטשן און די מולאַטן; די טיורקן און די עסקי־מאָסן; אײַערע קאָמפּאָזיציעס זאָלן נאָכזינגען אוקראַאינער מיידלעך און גרוזינישע; סיביריאַטשקעס און טורקמענקעס; טאַדזשיטשקעס און באַש־קירקעס און... און סטאַלין אַליין זאָל אײַך דריקן די האַנט —

פון אַלע זײַטן האָט זיך צעטראָגן אַ מעכטיקער „הורראַ".

— ...און אַז מען וועט אײַך אײַנלאַדן אויף אַ טורנע קיין אַמעריקע, זאָל דער פּרעזידענט אַליין אײַך באַגעגענען ביים אַוויאָן —

עמעצער, מן הצד:

— אָ־אָ! ** !Губа не дура נישט קיין קליינע השגה...

— ...העי... העי... נישט וואָגן איבערשלאָגן — שאַנטראַפּאַ! זאָג איך, הייסט עס: דער פּרעזידענט און די פּרעזידענטשע זאָלן אַרויספאָרן אויפן אַעראָדראָם אײַך באַגעגענען, און ער אַליין מיט זײַן פּרעזידענטישן כבוד זאָל אײַך נעמען אויף זײַנע עקספּלאָאַטאַטאָרישע הענטעלעך אין די אימפּעריאַליסטיש־קאַפּיטאַליסטיש־טראָצקיסטישע מאַנזשעטן און זאָל אײַך בכבודו ובעצמו אַליין אַראָפּטראָגן פונעם אַוויאָן —

פלאָראַ, דער „צווײַטער פידל", האָט אָפּגעשטופּט דעם באַס מיט איר־רע שוואַכינקע, אויסגעבאַליעטע הענטעלעך:

— גייט אײַך... איר דאַרפט זיך אויך אויסשלאָפן... באַטש זיבן טעג מיט זיבן נעכט...

אויף מיטיאַס בענקל איז שוין געשטאַנען אַנאַטאָלי דער סופלער און האָט געפּאָכעט מיט די הענט אין אַלע ווינקלען פון דעם זאַל:

— אַלע זאָלט איר אונטערהאַלטן, הונדערט מכשפות אײַך אין בויך און אײנע אין בוזעמקעשענע! האַלט די לייצעס און שמייסט, אַז אַ רויך זאָל אַזש גיין:

---

* בוכשטעבלעך: זויגקינד. אַ ביטול־וואָרט אין רוסלאַנד.

** „די ליפּ איז נישט קיין נאַרישע". אַ רוסיש ווערטל. געמיינט: דער דאָזיקער מענטש האָט אַ געשמאַק.

לאָמיר טרינקען אַ „לחיים" —

אַלע: אוי, אוי, אוי־אוי...

פאַר דעם אָרדען, פאַר דעם נייעם —

אַלע: אוי, אוי, אוי־אוי...

פאַר דעם אָרדען, פאַר דעם נייעם...

אַלע: אוי, אוי, אוי־אוי...

און לאָמיר טרינקען —

און לאָמיר גיסן —

און לאָמיר זשליאָקען —

און לאָמיר זויפן —

און לאָמיר פרעסן —

און לאָמיר —

ווידער האָט פלאָרא זיך אַ וואָרף געטון אויפן זינגער:

— אַן עק זאָל נעמען! גענוג שוין צו לאָמיר'ן! רעד ווערטער, אָדער גיי אַראָפּ פונעם בענקל!

פון אַלע זייטן דערהערן זיך שכורע אויסגעשרייען:

— מירקע, גיב לשון! אָדער רעד ווי אַ מענטש, אָדער גיי פּאַשאָל וואָן, וועט צוגיין אַן אַנדערער אויף דיין פּלאַץ —

דער סופלער צעפּאָכעט זיך מיט זיין מאָגער קולעקל:

— איך וועל אייך געבן „אַן אַנדערער", וועט אייך סטייען אויף זיבן וועטשערעס און אויף איין מאָל צו חלשן —

— דול זשע נישט דעם קאָפּ און זינג ווי עס דאַרף צו זיין!

— טאָ רעד איך דאָך... טאָ זינג איך דאָך... און איר אַלע האָלט אונטער — הונדערט שלענגלעך אייך אין די געדערים און אַנדערטהאַלבן אונטערן לעפעלע —

...און לאָמיר טרינקען אַ „לחיים" —

לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר...

פאַר די אָפּערעס, וואָס קומען נאָך אונטער —

לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר...

און פאַר די אָרדענס, וואָס קומען ווידער —

לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר...

און פאַר די קראַסאַווצעס

וואָס די דיריגענטשע ברענגט נאָך —

לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר...

סעסיל פעטראָוונאַ שפּרינגט אויף פון איר בענקל אַן אָנגעצונדענע פון כעס:

— אַראָפּ! באָלוואַן!

צענדליקער פּאָר הענט האָבן אַראָפּגעשלעפּט דעם שלימזלדיקן סופ־לער פון זיין בימה און מען האָט אָנגעהויבן צונויפצושטעלן אַ שטול פון פּלייצעס, אויף וועלכער מען וועט אַרויפזעצן דעם פּריש־געבאַקענעם אָר־דענטרעגער און מען וועט אים בתופים ובמחולות אַרומטראָגן איבער דער שטוב. די הכנות האָבן זיך פאַרצויגן. די פּלייצעס, ווי אויף צו להכעיס, זענען נישט געווען צוגעפּאַסט איינע צו דער צווייטער. מען האָט געדאַרפט אונטערבעטן, אויסגלייכן. בינו לבינו האָבן זיך די באַלעבאַטים ווידער אַרויסגעגליטשט ביי דער צעפורימטער חבריא פון אונטער די הענט און האָבן — יעדער פון זיי מיט זיין קאָמפּאַניאָן — זיך שטיל פאַרקייטלט אין די צימערן: סעסיל פעטראָוונאַ מיט דער עלטערער אַרטיסטקע און סאַ־מויל לאַזאַראָוויטש מיט זיינע נאָטן. די בגילופינדיקע חברה האָט כלל נישט באַמערקט די פרישע „גנבה" און האָט שוין גאָר באַוויזן צו פאַר־געסן, וואָס אַזעלכעס זיי האָבן געוואָלט בויען, ווייל —

...ווייל דאָס געבעקס איז געווען שמעקנדיק און געשמאַק; די פיש זענען געווען געשמאַק און שמעקנדיק; און ועל כולם איז די משקה געווען: אי זיס, אי שטאַרק און טאַקע אַ ים, אַ ים... עלעהיי וואַסער...

# קאַפּיטל XXXVI

מיט אַ מאָל האָט אַ פּלייץ געטון איבער דער גאַנצער שטוב אַ שאַר־פער קלונג. כאָטש די פריילעכע כאַליאַסטרע איז, פונעם עלטסטן ביזן יונגסטן, געווען שכור ווי לוט און שטאַרק צע„חד־גדיא׳ט", פון דעסט וועגן, דערהערנדיק אַזאַ שפּעטן און אומגעריכטן קלונג, האָט יעדער איי־נער פון זיי, פינטלענדיק מיט די אויגן, אַ קוק געטון אויפן גרויסן וואַנט־זייגער: ס׳איז געווען צוואַנציק מינוט צו צוויי! עמעצער פון די הוליאַקעס האָט אויפגעשלאָסן די טיר. אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן אַ פרעמ־דער יונגערמאַן און האָט נייגעריק באַטראַכט: די פריילעכע קאָמפּאַניע, די פרעכע פּאָזעס פון דעם יונגוואַרג, און דעם ביד רחבה צעגאָסענעם ווייַן אויף די טישטעכער. אַלע האָבן אומהיימלעך געשוויגן. אויף דער שוועל פון זיין קאַבינעט האָט זיך אינעם זשילעט און אין די שטעקשיך באַוויזן סאַמואיל לאַזאַראָוויטש. אינעם צווייטן עק פונעם זאַל זענען געשטאַנען סע־סיל פּעטראָוונאַ מיט איר באַגלייטערין. נאָך אַ לאַנגן, פּיינלעכן שווייגן פרעגט דער פרעמדער, אַ פאַרלוירענער:

— אַנטשולדיקט, דאָ וווינען די ביעלסקים?

אַנטאָשקאַ איז שוין „געקומען צו זיך". ער שטרעקט אויס דעם אריינ־געקומענעם צוויי פייגן און שרייט צו אים מיט אַ קול, וואָס איז שטאַרק ענלעך אויף אַ הירזשען פון אַ צערייצטן „זשערעביעץ": *

— הער! ער פרעגט ערשט... ער זעט אַליין נישט... ווער דען האָט דאָ צו וווינען אַ חוץ די ביעלסקים? דו—דו—דו—דוראַק —

דער פרעמדער יונגערמאַן קוקט אפילו נישט אין זיין זייט. ער פרעגט ביי די מער סאָלידע:

— ווער איז דאָ די באַלעבאָסטע — סעסיל פּעטראָוונאַ ביעלסקאַיאַ?

פרוי ביעלסקי באַוויזט נאָך נישט צו מאַכן קיין איין שריט צו דער טיר, ווי פון דעם סאַמעטענעם קינדער־בענקעלע שפּרינגט אויף לאַריסאַ, די סאָליסטקע פון דער פילהאַרמאָניע, זי לויפט צו האַרט צום אריינגע־קומענעם און, פאַרשלאָגנדיק אים דעם אָטעם מיט דעם ביטערלעכן גערוך פון שאַרפער משקה, שרייט זי אים אריין גלייך אין פנים אריין:

— איך בין סעסיל פּעטראָוונאַ! איך!! לייגט אַרויס שנעלער — וואָס האָט איר צו זאָגן?

אַ קורצע ווײַלע הערשט אין זאַל אַ טויטע שטילקייט. פאַרדעכטיק און פאַרזיכטיק באַטראַכט דער פרעמדער די צעווירערנע בתולה מיט די צע־בלאָזענע נאָזלעפלעך. כמורע און זייער ערנסט פרעגט ער איבער נאָך אַ מאָל:

— אויף אַן אמת, אַז דאָס זענט איר?

---

* אַ היפּשער לאָשעק.

לאַריסאַ גיט אַ טופּע מיטן פֿוס:

— מיט וועלכע רעכט פֿרעגט איר מיך איבער? איך האָב געזאָגט, אַז איך, איז איך!

דער פֿרעמדער קווינקלט זיך אַ ווײַלע, דאַן זאָגט ער מיט אַ גע־בראָכענער שטימע:

— איך האָב פֿאַר אײַך אַ בריוו —

— פֿון וועמען איז אַ בריוו?

— נאָט אײַך דעם בריוו, וועט איר שוין אַליין זען פֿון וועמען ער איז.

ווי אַן אונטערגעשאָסענער פֿויגל שפּרינגט צו סעסיל פּעטראָוונאַ צו איר און מיט אָנגעצונדענע אויגן פֿאַרקוקט זי צו לאַריסען אין די הענט. ווי נאָר זי באַמערקט, פֿון וועמען ס'איז דער בריוו, גיט זי אים מיט כּח אַ ריס אויס פֿון אירע הענט:

— ווי אַזוי וואַגט איר אַרײַנצושטעקן אײַער נעזל אין פֿרעמדער אינ־טימער קאָרעספּאָנדענץ?

לאַריסאַ שנײַדט איר איבער דעם וועג און גרײַפֿט זי אָן מיט אַ שכורער אײַנגעשפּאַרטקייט:

— פֿאַר אַ סאָוויעטישער געזעלשאַפֿט — סודות? פֿאַר חברים און קאָלעגן — אַ געהיימנים?

— איך בין נישט מחויב אײַך אָפּצוגעבן קיין חשבון וועגן מײַן פּרי־וואַט... אַ פֿרוי אין מײַנע יאָרן קען זיך נאָך דערלויבן קליינע אינטרי־געס... ס'איז נישט אײַער עסק. לאָזט מיך דורכגיין, איר!

אומגעריכט, מיט אַ פֿלינקייט פֿון אַ קאַץ, גיט לאַריסאַ אַ ריס אויס דעם בריוו אויף צוריק, מיט איין פֿליק רײַסט זי אויף דעם קאָנווערט און שלעפּט אַרויס פֿון דאָרטן צוויי געדיכט־באַשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר, און נישט סתם געלעזן: באַשריבענע, נאָר טאַקע ווי אָפּגעשאָטן מיט מאָן, און אַזוי פּנים ואחור. מיט אַ טריאומפֿירנדיקן בליק, ווי זי וואָלט דאָ ערשט אײַנגענומען פּאָרט־אַרטור, באַקוקט זי אירע שכורע חברים, וואָס זיצן ווי די געליימטע, און שיפּעט אַרויס מיט אַ שכורן סווישטש:

— ...טאַקע אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס אין אַ בײַנאַכטיקן בריוו קען אַזוינס שטיין —

זי שטעלט זיך אַוועק אין אַ טעאַטראַלער פּאָזע, זי דעקלאַמירט מיט אַ ברען, מאַכנדיק בשעת־מעשה מיט די הענט ענערגישע זשעסטן און קאָרטשענדיק איר שכורע צורה אין קאָמישע העוויות און גרימאַסן. זי לייי־ענט איבער אויף אַ קול:

„ליבע מײַנע, טײַערע מײַנע, האַרציקע פֿרײַנד מײַנע!
אַך, ווי מיר גייט אויס דאָס חיות נאָך אײַך..."

לאַריסאַ האַלט זיך פֿאַר די באָקעם און קאַטשעט זיך פֿון געלעכטער:

— כאַ—כאַ—כאַ... וואָס זאָגט איר עפּעס אויף די סענטימענטן...
„האַר—צי—קע פֿר—ר—ר—אַינט"... כאַ—כאַ—כאַ...

סעסיל פעטראָוונאַ זאַמלט אין זיך צונויף אַלע אירע כוחות און דער־לאַנגט לאַריסען אַ האַק איבער דער האַנט. דער בריוו פאַלט מאָמענטאַל אַרויס פון אירע הענט. סעסיל פעטראָוונאַ כאַפּט אים ריזעוודיק אויף און געפלי און באַהאַלט אים טיף אין בוזעם. לאַריסאַ, וואָס איז פונעם זעץ מיט אַ מאָל אויסגעניכטערט געוואָרן, האַלט זיך שטאַרק ביי דער האַנט, נאָר זי לאַכט. כלומרשט, הייסט עס, איז איר פריילעך. ס'איז קענטיק פון איר שמערצלעך שמייכעלע, אַז זי וואָלט אַ בעלן געווען דעם גאַנצן קאָנ־פליקט מהפך זיין אין אַ שפּאַס, נאָר עס גיט זיך איר נישט איין. איר פּנים, וואָס איז אַזש איינגעשרומפּן געוואָרן פון ווייטיק ווייזט, אַז דאָ איז נישט געווען קיין שפּאַס. אויך סעסיל פעטראָוונעס ערנסט געזיכט לאָזט נישט האָבן אַזאַ גראָבן טעות. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש גייט צו צו זיין פרוי און פרעגט זי שטיל:

— פון וועמען איז דער בריוו?

די קאָמפּאָזיטאָרשע, נישט הויך, נאָר אַז אַלע זאָלן הערן:

— פון מיין געוועזענעם חתן, שלמהן —

— אַזוי־וי־וי?

דאָס פּאָרפּאָלק קוקט זיך איבער פילדייטיק. זייערע אויגן בייטן זיך מיט די פריידיקע שטראַלן. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש קומט דער ערשטער צו זיך. ער באַמערקט דעם פרעמדן מענטשן, ווי ער שטייט אויף דעם זעלבן אָרט, ווו ער איז שטיין געבליבן בשעת ער איז אַריינגעקומען, און קוקט אַלץ צו מיט פאַרוווּנדערטע אויגן, און ער רופט זיך אָן צום ווייב:

— סעסיל, ווו איז דיין העפלעכקייט? אַנטשולדיק זיך כאָטש פאַר דעם אומבאַקאַנטן חבר, פאַר וואָס דו לאָזסט אים אַזוי לאַנג וואַרטן —

סעסיל פעטראָוונאַ, צום פרעמדן, מיט אַ שולדיק שמייכעלע:

— אָ! אַנטשולדיקט מיר. מען האָט זיך דאָ אַזוי שטאַרק פאַררעדט, אַז איך האָב אייך גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן. זאָגט מיר ביטע, איך דאַרף אייך געבן אַן ענטפער?

— דערווייל נאָך נישט. היינט פאַר טאָג פאָר איך אָפּ קיין לעמבערג. אין אייניקע טעג אַרום וועל איך זיך אומקערן אַהיים. זאָל איך דאַמאָלסט אַריינקומען נאָך ענטפער?

— אומבאַדינגט, אומבאַדינגט, חבר. וואָס פרעגט איר? איך בין אייך אַזוי דאַנקבאַר פאַר דעם בריוו, אַזוי דאַנקבאַר —

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש אינטערעסירט זיך:

— ווי אַזוי זענט איר געפאַלן אויף דעם שכל צו קומען אַהער אַזוי שפּעט? מיר זענען ערשט היינט אָנגעקומען פון מאָסקווע —

— איך האָב טאַקע אַזוי פאַרשטאַנען, אַז איר זענט מן הסתם נישט־טאָ הי. איך וואַלגער זיך שוין אַרום אין קיעוו דריי טעג, אַלץ טאַקע צו־ליב דעם דאָזיקן בריוו. איך האָב שוין געפּרוווט קומען אי פאַר טאָג, אי ביי נאַכט, אי זיבעצן מאָל דורכן טאָג — איין מאָל: ניין! איך קלינג, אַז דאָס גלעקל צעשפּרינגט זיך שיר נישט, און קיינער רופט זיך נישט אָן.

אזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיין געדולד האָט געפּלאַצט. האָב איך באַ־שלאָסן: היינט ביי נאַכט צוגיין צו אייך אויף ספּק נאָך דאָס לעצטע מאָל, און צי איך טרעף אייך יאָ, צי איך טרעף אייך נישט, היינט פאַר טאָג אוועק־פאָרן קיין לעמבערג. איצט, אַז איך האָב שוין, גאָט צו דאַנקען געטראָפן די בעלי־בתים אין דער היים, איז דאָך אודאי גוט. נאָר איין זאַך וויל איך אייך פון דעסט וועגן פרעגן, איר דאַרפט אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן —

— זאָגט, זאָגט חבר... איר קענט אַלץ זאָגן...

— איך וויל וויסן... איך בעט אייך נאָך אַ מאָל, אַז איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן... איך וויל וויסן, צי איצט איז דער בריוו שוין אָנגעקומען אין די הענט פון דער אמתער סעסיל פּעטראָוונאַ?

— אָך, וואָס פרעגט איר? סעסיל פּעטראָוונאַ דאָס איז מיין פרוי... אפשר ווילט איר, זי זאָל אייך ווייזן איר פּאַספּאָרט, — קען זי אייך ווייזן מיטן גרעסטן פאַרגעניגן...

— ניין, ניין, האָט נישט קיין פאַראיבל. איך גליייב אייך, איך גלייב אייך... איך האָב נאָר דערפאַר געפרעגט, ווייל... ווייל יענע חברטע... האָט זיך אַ ביסל אַמוזירט... געוואָלט משמח זיין דעם עולם... אָבער איצט זע איך שוין אַליין אויך, אַז די איז נישט יענע... כ׳מיין: נישט אַזאַ לוסטיקע ווי יענע... אַנטשולדיקט.

נאָכן פרעמדנס אַוועקגיין האָבן נאָך די געסט לאַנג פאַרבראַכט. די גאַנצע מעשה מיט דעם בריוו האָט זיך גאָר פאַרגעסן. מען האָט נאָך גע־טאַנצט און זיך געבאַלעוועט, און ערשט אַ מין שעה פאַר טאָג איז מען זיך צעקראָכן איבער די היימען. די ביעלסקים האָבן אומגעדולדיק פאַר־שלאָסן די טיר, אויסגעלאָשן אין זאַל דעם קאַנדעלאַבער, אויפגעמאַכט אין שלאָפצימער דאָס ראָזעווע נאַכטלעמפּעלע, זיי האָבן מיט אַ מאָל אַ קוק געטון איינס אויפן אַנדערן און זענען זיך געפאַלן אויפן האַלדז:

— דאַנקען גאָט! דאַנקען גאָט! אַבי ער לעבט...

סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט טרערן פון פרייד אין די אויגן, האָט אַרויס־געכאַפּט דעם בריוו פון אַ געהיים קעשענקעלע:

— נעם, לייען, סאַמואיל. איך גיי ממש אויס, אַזוי נייגעריק בין איך. קום, לאָמיר לייענען. און אָט דער פאַרשיווע לאַריסען דיינער, וועט מען מן־הסתם מוזן אַריינלייגן די האַנט אין גיפּס. איך האָב איר גוט דער־לאַנגט. זי וועט מיך לאַנג האָבן צו געדענקען. אַזאַ אויסגעלאַסענע מויד! אַזאַ פאַסקודניצע! אַן עק, נעם לייען שוין, וואָס מאַכסטו אַזוי פיל הכנות?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביידע יונגעלייט האָבן זיך אַריינגעזעצט אין בעט אַריין, זיי האָבן אַראָפּגעצויגן דעם נאַכטלאָמפּ נאָענט צו זיך און האָבן געלייענט:

„ליבע מיינע, טייערע מיינע, האַרציקע פריינד מיינע!

אָך, ווי מיר גייט אויס דאָס חיות נאָך אייך! זינט מיר האָבן זיך צונויפגעשמועסט זיך צו טרעפן אויף דער דערעפענונג פונעם סטאַדיאָן,

האָבן מיר גאָרנישט נישט געהערט און גאָרנישט נישט געוווסט איינער פונעם צווייטן. דער שרעקלעכער שטורעם האָט אונדז צעריסן און צעשמיסן אין פאַרשידענע עקן וועלט. צופעליק האָט זיך מיר געפּאַקט אין די הענט אַריין אַ מאָסקווער „פּראַוודאַ" — איך זאָג: געפּאַקט, ווייל ביי אונדז אין אַזיע איז דאָס אַ זעלטנקייט — און איך בין געוווּיר געוואָרן, אַז סאַמואיל לאַזאַראָוויטש איז געוואָרן אַן אָרדענטרעגער — און נאָך — וועלכן אָרדען? דעם טייערסטן! דעם געהויבנסטן! איז ערשטנס: באַגריס איך אייך מיטן גרויסן טריאומף! טראָגן לעגינעץ אויפן האַרצן — אָ! נישט יעדן איז דאָס באַשערט. איצט וויל איך טאַקע וויסן: ווו זענט איר געוועזן ווען עס האָט געדונערט און געבליצט? ווען עס זענען געפלויגן קעפּ? ווו זענט איר געוועזן עוואַקואירט? און וואָס מאַכן עפּעס אייערע טייערע קינדערלעך נאָך וועלכע איך בענק אַזוי שטאַרק? וואַדיק מוז שוין אודאי זיין אַ גרוי—סער... און ראַאיסאַ? טאָמער איז זי מיטן פּנימל געראָטן אין דער מוטער, זאָלסט איר זי נישט לאָזן גיין אַליין אין ערגעץ, ווייל... ווייל מען קען זי נאָך אויסכאַפּן! איך בענק נאָך זיי און נאָך אייך ביידע אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב גאָר קיין ווערטער נישט. איך מיט מיין פאַמיליע, מיט מיינע עלטערן וווינען די גאַנצע צייט אין סאַמאַרקאַנד. דאָ איז אין די מלחמה־יאָרן געוועזן דער גרעסטער קיבוץ יידן אין לאַנד. איצט צעפּאָרט זיך דער עולם צו ביסלעך. דער אַהער, דער אַהין — מען צעקריכט זיך ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק... מיין טאַטע האָט אין קיעוו פאַרלוירן זיין פאָטער, און מיין יוכבד אירע עלטערן מיט זעקס ברידער. בינו לבינה איז ביי מיר דאָ געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. זי רעדט שוין נאָך יעדעס וואָרט און זאָגט צו צו זיין אַ קראַסאַוויצע מיט אַ קאַרפּאַטע נעזעלע, מיט העלע הערעלעך און מיט איר מוטערס אויגן. מיינע שוועסטער האָבן דאָ חתונה געהאַט. אָט דאָס זענען אַלע געוויינלעכע נייעסן —

איצט וועלן מיר „אויף אַ מינוטקעלע" איבערגיין צו די אויסערגעוויינלעכע:

דער דאָזיקער בריוו וועט זיין אַ ביסל נישט אָנגעמאָסטן פאַר דער צענזור, דערפאַר האָב איך געוואַרט העכער אַ וואָך צייט אויף דער דאָזיקער געלעגנהייט, אָדער ווי די פּוילישע יידן רופן דאָס אָן: אויף אָט דער „אָקאַזיע", אַז מען זאָל אים אייך איבערגעבן מיד ליד. איך האָב אַדרעסירט דעם בריוו צו סעסיל פּעטראָוונען. דאָס איז טאַקע אַ ביסל נישט עטיש פון מיין זייט, אַ מאַן, און נאָך אַן אָרדענטרעגער דערצו, קומט פריער גיין מיט דער הקפה, אָבער איך האָב ביי זיך אַ טראַכט געטון: ווי באַלד, אַז סאַמואיל לאַזאַראָוויטש איז שוין געוואָרן אַ מלוכה־מענטש, אפשר לאָזט מען אים שוין אין דער היים נישט איינזיצן? אפשר „צערייסט מען אים אויף שטיקער"? דאָס איז דאָך אַזוי נאַטירלעך ביי זיין איצטיקן ראַנג... ווייטער האָב איך דעם מענטשן אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך באַמיען צו קומען צו אייך נאָך האַלבער נאַכט, ווי ווייט מעגלעך שפּעטער, מחמת טאָמער זאָמט איר זיך שטאַרק אין דער אָפּערע נאָך דער פאָרשטעלונג,

זאָל ער אייך פון דעסט וועגן קענען טרעפן. צי ער וועט טאַקע אַלץ מקיים זיין, ווי איך האָב אים געהייסן — ווייס איך נישט. איך ווייס נישט מער, נאָר אַז ער האָט מיר שטאַרק, שטאַרק צוגעזאָגט.

איצט, מיינע פריינד, וועל איך אייך זאָגן עפּעס אַזוינס ווי אַזעלכעס. כמעט: אויסטערלישעס. כאָטש זייט דאַמאָלסט זענען שוין פאַריבער העכער עלף יאָר, דאָך רעכן איך, אַז איר מוזט נאָך געדענקען אונדזער פלאַמענדיקן שמועס וועגן ציון, אויף אינסטיטוטסקע, הויז נומער 16, וווינונג 6, ביי די ווייסבלאַטס. דאַמאָלסט, אויב איר דערמאָנט זיך, איז געשמועסט געוואָרן וועגן דער בענקענדיקער מוטער רחל, וואָס וואַרט אויף אונדז און וואַרט און קען זיך אַלץ נישט דערוואַרטן. ס'איז גערעדט געוואָרן וועגן דעם לאַנד, וואָס שמאַכט און צאַנקט אָן זיינע קינדער, און דער עיקר איז גערעדט געוואָרן דאַמאָלסט און אַלע מאָל וועגן דעם גרויסן ווילן, וואָס מען דאַרף אים גוט־גוט אויסהיטן און אויסבאַהאַלטן, אַז עס זאָל זיך צו אים נישט צוטשעפּען: נישט קיין שימל, נישט קיין זשאַווער, נישט קיין אַנדערע שלעק. מען האָט דאַן גערעדט, אַז מען דאַרף אַזוי לעבן, אַז דער גרויסער ווילן זאָל זיך אין דער טרוקן און אין דער וואַרעם קענען אויסוואַרטן אויף בעסערע צייטן. אויב איר האָט געפאָלגט מיין עצה, און דער גרויסער, פלאַמענדיקער, אַלץ־פאַרשלינגענדיקער ווילן איז אין אייך פריש און געזונט און פול מיט לעבן, איז היינט דער טאָג אים אַרויסצונעמען פון דער באַהעלטעניש, פון די גנזי־נסתרות, און אים אָנהייבן אויסצונוצן אינעם לעבן.

— קאָנקרעט

היינט צו טאָג איז פאַר אונדז דער וועג קיין ארץ־ישראל אָפן! עס פאַרשטייט זיך, איר דאַרפט נישט מיינען, אַז ער איז פונקט אַזוי אָפן ווי די טיר אין אָפּערע אריין... אַזוי זיך אָפּנאַרן וואָלט געווען נאַריש, נאָר אויב מיר זאָלן מפקיר זיין אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן און נאָך דערצו זיך גוט־גוט אָנמוטשען, קענען מיר, אין אַן אומבאַשטימטן זמן ארום, קומען אין יענעם לאַנד. די זאַך באַשטייט אָט אין וואָס: אין אונדזערע קאַנטן ווויינען פיל צענער טויזנטער פּוילישע יידן. דעם קומענדיקן זומער וועט מען זיי אָנהייבן אָפּצושיקן צוריק קיין פּוילן. באַשטייט די אָפּעראַציע אין דעם, וואָס מען מאַכט זיך פּוילישע דאָקומענטן, (דאָס איז נישט זייער שווער) און מען פאָרט אין כלל פון אַלע געהאָלפענע. אָט אין דעם שטעקט דער גאַנצער קונץ. נאָך שפּעטער: כדי מען זאָל נישט דאַרפן ריזיקירן אויף פרעמדע נעמען אַזאַ לאַנגן וועג פון אַזיע אָן, וועלן מיר ביז לעמבערג פאָרן אויף ענקאַוועדעוווסקע פּראָפּוסקן ווי אמתע רוסישע בירגער, און ערשט דאָרט, וועט זיך יעדער פון אונדז פאַרוואַנדלען אין אַ „פּשעפּראַשאַם"... עס פאָרט מיין טאַטע מיט אַלע קינדער. איך מיט מיין פאַמיליע, נח סוקאָלסקי — אויב איר געדענקט נאָך אַזאַ נאָמען — און נאָך פיל באַקאַנטע.

מיינע ליבע פריינד!

איך רעד, און ווייס נישט צו וועמען איך רעד. פאַר דער מלחמה, ווייס איך, זענט איר געווען מיינע! אייערע נשמות האָבן פאַר מיר גע־לויכטן ווי קרישטאָל, אָבער איצט — ווער ווייסט, ווי אַזוי איר זעט איצט אויס? ווער ווייסט, צי דער אָרדען האָט אייך נישט פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ? אפשר רעד איך שוין גאָר על אוזן לא שומעת? עס פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ איינס בלייבט איר מיינע פריינד. דאָס וואָס איך בין אייך שולדיק, וועל איך אייביק נישט אומשטאַנד זיין אייך צו באַצאָלן. אָבער ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, און איך האַלט, אַז אויך איר, ווען מיר פאָרן אַהין צו־זאַמען: צוזאַמען האָבן אַ דאַטשע אויפן כרמל; צוזאַמען זיך בויען אַ ווילע אין עמק יזרעאל; צוזאַמען זיך שיפן אויף אַ יאַכטע איבערן ירדן, אויפן ים, לענגויים דעם ליבן, אויסגעוויינטן ברעג פון ציון. איך זאָג: מיר... דאָס איז אַ ביסל לעכערלעך. אַזעלכע אַנטיקלעך ווי איך זענען דאָרט מן הסתם דאָ לאלפים ולרבבות, אָבער איר, מאַעסטראָ אָרדענטרעגער, מיט אייער אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט, וועט — איך בין אייך ערוב — אויך דאָרטן אַרויפשווימען און וועט לעבן אַ גוטן טאָג אין ווילטאָג און אין לוקסוס... און אַז מען עסט אַ שטיקעלע צייט נאָר שוואַרץ ברויט מיט אַ ציבעלע, בלייבט מען אויך לעבן! פון אַזעלכע זאַכן איז נאָך קיינער נישט אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט. סעסיל פעטראָוונאַ, דערמאָנט זיך אין אייערע הייליקע טרערן, וואָס איר האָט פאַרגאָסן דאַמאָלסט, אין דער נאַכט פון די אימענינעס ביי די ווייסבלאַטס. עלף יאָר איז דער מקור פון אָט די הייליקע טרערן ביי אייך געווען אויסגעטריקנט, איצט איז געקומען דער טאָג פון לאָזן אַ פרישע טרער, זיך געזעגענען מיט דער פראַכטפולער דירה, מיט דער פיאַנינע און מיט די ניקעלנע בעטן, נעמען די וואַליזע אין איין האַנט און דאָס קינד אין דער צווייטער האַנט, און ווי אַן אמתע יידישע טאָכטער, ווי אַ געטריי קינד פון דעם וואַנדערנדיקן פאָלק, זיך לאָזן אין ווייטן וועג אַריין צום פאָטערלאַנד. געדענקט נאָך אַ מאָל: אָט דעם נייעם „לך לך", אָט דעם „ויסעו—ויחנו" שטעל איך אייך נישט פאָר פאַר קיין לייכטן עטאַפּ. איר פאַרשפּאָרט גאָר קלערן: לייכטער איז אודאי צו ווו־נען אויף קיראָווא־גאַס; לייכטער איז אודאי צו זיין קאָמפּאָזיטאָר אין דער אַלאוקראַאינישער אָפּערע און צו פאָרן אין קרעמל אַריין נאָך אָרדענס. אַ וועג, איז אַ וועג! און ווער שמועסט נאָך — אַזאַ מין זיגזאַגישער וועג! עס וועלן זיכער זיין שוועריקייטן, איך וויל אפילו נישט זאָגן: „אל אפתח פה לשטן", ווייל איך האַלט, אַז דאָס מויל זיינס, איז שוין לאַנג אָפן, און ס'איז אַן אומזיסטיקער ווונטש, אַז עס זאָל גיין גאָלע גלאַט. עס וועלן זי־כער זיין שטערונגען, אָבער סוף כל סוף וועלן מיר דאָך אַ מאָל דערזען אונדזער לאַנד, נישט אויף קיין בילד, נאָר מיט פלייש און ביינער; מיט ערד און גראָז; מיט ארץ־ישראלדיקע הימלען; מיט הייליקע ירדנדיקע כוואַ־ליעס; מיט יענער צערטלעך מילדער לופט... יאָ! אָט דאָס איז דער כלל: אויב מיר וועלן גיין, וועלן מיר קומען! פריער, צי שפּעטער — אָבער מיר

וועלן אָנקומען. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, מיין טייערער זשעני! זאָל אייך נישט באַנג טון אייער פּאָסטן! אין ארץ־ישראל דאַרף מען אויך מוזיק. אויף דער גאַנצער וועלט זענען נישט בנמצא נאָך אַזוינע ליבהאָבערס פון מוזיק, ווי יידן. צו האָבן אַ לענין־אָרדען איז אודאי אַ גרויסע ערע — כמעט אַזאַ גרויסע, ווי אַ כמעלניצקי־אָרדען — אָבער איר וועט אים קענען טראָגן אויך דאָרטן! קיינער וועט אים ביי אייך נישט טשעפּען. לענין — אפילו נישט אין רוסלאַנד — בלייבט אַלץ לענין! לענין געהערט נישט מער בלויז רוסלאַנד — לענין איז אינטערנאַציאָנאַל! און לעבן דעם דאָזיקן אָרדען וועט הענגען אַ ווייס־בלויער אָרדען: „ארץ מולדת". דער ערשטער — אַן אָרדען פונעם געבורטסלאַנד, דער צווייטער — פונעם פאָטערלאַנד. אייערע קינדער וועלן שוין אויסוואַקסן אין אַ נייעם גייסט. אין דעם גייסט פון אַ בעל־הבית אין אַן אייגן לאַנד, מיט אַן אייגענער שפּראַך, מיט אַן אייגענער תורה, מיט אַן אייגענער היסטאָריע, מיט אַן אייגענער ליטעראַ־טור... און מיט קיין גוים וועלן זיי זיך שוין זיכער נישט משדך זיין, דאָס האָט אויך עפּעס די ווערט...

אָט דאָס האָב איך אייך צו זאָגן, און איך ווייס, מיינע ליבע, אַז אָננעמען אויף איין פּוס אַזאַ באַשלוס איז גאָרנישט אַזוי לייכט. דער דאָ־זיקער מענטש, וואָס האָט אייך געבראַכט דעם בריוו, וועט זיך אין לעמ־בערג אַ ביסל פאַרזאַמען. על כן, באַטראַכט זיך גוט פאַר דער צייט. אויב איר באַשליסט צו בלייבן קיעווער — זאָל אייך גאָט דאָרט העלפן; טאָ־מער אָבער באַשליסט איר מיטצופאָרן מיט אונדז, דאַרפט איר מיר צו־שיקן אייערע בילדער צו דריי, פיר שטיק, מער גאָר—נישט. דאָס איבע־ריקע איז שוין מיין זאַך. אַלע אייערע דאָקומענטן, וואָס איר האָט ניי־טיק, וועל איך שוין ברענגען מיט זיך פאַרטיקע.

אזוי צי אזוי, פאַרבלייבט געזונט און גליקלעך, אייער — שלמה.

נאָך איין וואָרט:

איך בעט אַזוי ביי גאָט, אַז ער זאָל עפענען אייערע אויגן און אייערע הערצער, אַז איר זאָלט דערזען און דערפילן דעם ריכטיקן וועג... צו פאָרן מיט אייך צוזאַמען, וואָלט דאָך פאַר אונדז געווען אַזאַ גליק, אַזאַ גליק... ליבער סאַמואיל לאַזאַראָוויטש! — מקצה הארץ אליך אקרא — די יאָרן לויפן איבער ווי אַ חלום; ווי אַ סעאַנס אין קינאָ — באַטראַכט זיך גוט־גוט... לאָמיר זיך דאָס מאָל נישט צעשיידן אויף תמיד און אייביק..."

— — — — — — — — — — — — — — — —

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט נאָך נישט געענדיקט דאָס לייענען, ווי סעסיל פּעטראָוונאַ האָט מיט אַ יאָמערלעכן געוויין באַגראָבן דעם קאָפּ אין קישן. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט זיך אַ דערשראָקענער אַריבערגעבויגן איבער איר, ער האָט זי צערטלעך געקושט אין די באַק:

— נו, שאַ, טייערע מיינע... צו וואָס דאַרפסטו וויינען? מיר פאָרן!

זי האָט אים ווייטיקלעך אַרומגעכאַפּט און האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט —

*

ווייניקער ווי אין צוויי וואָכן אַרום האָט דער זעלבער מענטש, וואָס האָט אָפּגעפּירט שלמהס בריוו צו די ביעלסקיס, אַריינגעטראָגן צו שלמהן אַן ענטפער. יוכבד האָט צוגעשלאָסן די טיר אויף אַלע קייטלען, אַז עס זאָל קיינער נישט שטערן און נישט אונטערהערן. זיי האָבן קודם געכאַפּט אַ קוק איינער אויפן אַנדערן. יעדער פון זיי האָט געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ פאַרגעפיל האָט דער צווייטער. אויף וועמענס ענטפער וועט זיין ענלעך דער קיעווער ענטפער? אויף טשעסוואַיער ענטפער, צי אויף דזשאַמבו־לער? מיט ציטערנדיקע הענט האָט שלמה אופגעריסן דעם קאָנווערט: דאָס ערשטע האָט זיך אים געפּאַקט צו דער האַנט אַ שמאָל פּאַסיקל פּאַפּיר. ס'איז דערויף נישט געווען אָנגעשריבן נישט קיין: צו וועמען, און נישט קיין: פון וועמען —

„סאָלאָמאָן, איר זענט אַ מערזאַוויעץ, אַ גרוביאַן, אַן אומדאַנקבאַ־רער און בכלל אַ שלעכטער מענטש. איר זענט אַן אַזיאַט, אַ וואַלד־גזלן, אַ... ניין! איך וויל מיט אייך מער נישט רעדן — "

איבערגעלייענט דאָס ערשטע „בריוול", האָט זיך דאָס בלייך־געוואָ־רענע פּאָרפּאָלק איבערגעקוקט. זיי האָבן עס וואָרט ביי וואָרט נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט און שלמה האָט זיך באַמיט אַ שמייכל צו טון:

— איך דערקען סעסיל פּעטראָוונעס האַנטשריפט. פאַר אַ הקדמה איז עס שוין באַלד געגנוג. ניין, דאָ איז עפּעס נישט פּראָסט! אַז זי זאָל שרייבן אויף מיר: מערזאַוויעץ און גזלן, איז עק וועלט —

יוכבדס ליפּן קרימען זיך ווי צום וויינען:

— יאָ, דאָ מוז עפּעס שטעקן. וואָס זאָגסטו דו? איידער מיר לייענען ווייטער, וואָס זאָגסט דו, אַ שטייגער, קען באַטייטן אַזאַ וויסטער מענה־לשון? אַזאַ טיטול קיין עין־הרע —

שלמה שמייכלט מיטן גאַנצן פּנים:

— הרב ביאַליק, זכרונו לברכה, האָט מיר אַ מאָל געשריבן, אַז אַ רבי האָט אַ מאָל געזאָגט: „אויף תהילים דאַרף מען קיין פּירוש נישט האָבן, ווייל אויף תהילים האָט יעדער ייד זיין אייגענעם פּירוש"... איך דאַרף אויף דעם בריוועלע נישט קיין פּירוש, מיר איז שוין אין דעם גאָרנישט קשה... בקיצור, צו וואָס טויג אונדז זיך ברעכן די קעפּ, לאָמיר לייענען ווייטער, וועלן מיר קליגער ווערן. וואָס ביסטו אַזוי צעקאָכט, נאַרעלע?

אין אמת גערעדט, איז שלמה געווען נישט ווייניקער צערודערט ווי יוכבד. דאָס האָט ער נאָר לפּנים זיך געמאַכט האַרץ. מיט ציטערנדיקע פינ־גער האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסן בריוו פון סאַמואיל לאַזאַראָ־וויטשן. אין דעם בריוו זענען געווען אַריינגעלייגט פיר מאָל צו פיר פאָ־טאָגראַפיעס. ביי דעם איבערראַשטן פּאָרפּאָלק האָבן זיך די פּנימער מאָ־מענטאַל איבערגעביטן. שלמה האָט פאַר פרייד אַרומגעכאַפּט יוכבדן און האָט זי אַזוי שטורמיש געקושט, אַז ער האָט זי שיר נישט דערשטיקט. ווען זיי האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָבן זיי געלייענט:

„טייערע פריינד שלמה, יוכבד און ליבע קינדערלעך!

ווי אַזוי מיר האָבן זיך דערפרייט מיט אייער בריוו, וועט איר זיך גאָר נישט קענען פאָרשטעלן. מיר האָבן פאַר יסורים נישט געוווּסט פון קיין מנוחה. מיר האָבן בסוד איינער פאַר דעם צווייטן איבערגעקלערט פאַר אייער לעבן. טייערער שלמה! האָט נישט קיין פאַראיבל אויף סעסילן פאַר איר נאַריש קוויטעלע. איר קענט זי דאָך, וואָס פאַר אַ מין משוגענע זי איז. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי נישט אויפגעהערט צו וויינען. איך פאַרזיכער אייך, ווען זי האָט אייך דאָ אויפן אָרט, וואָלט זי אייך געשלאָגן אויך... מיך האָט זי שוין אַ ביסל געשאַנעוועט, — פאָרט אַן אָרדענטרעגער! — האָט זיך מיך נאָר געביסן. עס שטייען נאָך די סיניאַקעס ביז היינטיקן טאָג. און אייך, האָב איך מורא, וואָלט זי טאַקע געהרגעט, געשלאָגן... און אַ ביסל, מוז איך אייך זאָגן, איז זי בפירוש גערעכט. אפילו איך אַליין, בין אויף אייך אויך געווען ברוגז גאָר נישט אויף קיין קאַטאָוועס. עפּעס אַגיטירט איר אונדז אַזוי שטאַרק צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, גלייך ווי נאָר איר איינער זענט אַ ייד און מיר זענען גוים... ווי אַזוי האָט אייך גאָר גע־קענט איינפאַלן אַזאַ געפערלעכער חשד אויף מיר, אַז דער אָרדען וועט מיר אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ, אַז איך וועל פאַרגעסן אין ציון? און ווו איז דער „אם אשכחך”? דער אָרדען, איז טאַקע אַן אָרדען. זאָל ער זיך הענגען אויף דער לאַץ געזונטערהייט. און ציון איז אונדזער לעבן! אונ־דזער האָפענונג!! אונדזער שטענדיקע תפילה!!! היינט, דאָס פאָרן מיט אייך צוזאַמען! עפּעס אַ קלייניקייט אויסצורעדן: אַזאַ קאָמפּאַניאָן! איר רעדט אויס סעסילן דאָס הארץ, וואָס מען וועט זיך נעבעך מוזן צעשיידן מיט דער פּיאַנינע און מיט די ניקעלנע בעטן. זי האָט שוין היינט שענע־רע זאַכן, וואָס עס קען איר זיין אַ שאָד איבערצולאָזן. זי איז היינט די־רעקטאָר און הויפּט־דאָקטער אין דער גינעקאָלאָגישער קליניק, וואָס גע־פינט זיך אויף בולוואַר שעווטשענקאָ נומער 17. נאָר איך מוז אייך זאָגן אָפנהאַרציק, אַז נישט איר קליניק, און נישט מיין אָרדען, קומען אפילו נישט אין באַטראַכט דאַמאָלסט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונדזער ציון. דאָ האָט איר אַזוי פיל פאָטאָגראַפיעס, וויפל איר האָט געפאָדערט. געלט האָב איך נישט געוווּסט, וויפל צו שיקן. לייגט שוין אויס אייערס. אַז איר וועט קומען קיין קיעוו, וועלן מיר זיך שוין צערעכענען. און כאָטש, ווי געזאָגט, האָט אייער האַלטן אונדז פאַר לייכטזיניקע אויך מיך שטאַרק פאַרקאָכט ביים הארצן, אָבער פון דעסט וועגן בין איך נאָך פאָרט לייטי־שער פון מיין דירעקטאָרשע. איך האָב זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל אַרויסנעמען פונעם קאָנווערט איר זידל־בריוועלע, אָדער עס איבערשרייבן. מען שיקט נישט אַזאַ ידידות־בריוועלע — אַזאַ פּאַמעניצע, כ׳בעט איבער אייער כבוד — פאַר טוויזנטער קילאָמעטער! נאָר מיט סעסילן רעדט מען? איין מאָל ניין! נאָר עס זאָל אַוועקגיין. מער האָט זי אייך נישט, וואָס צו שרייבן, און דאָס, וואָס זי האָט אָנגעוואָרפן אויף דער הייסער מינוט, זאָל אומבאַדינגט אַוועקגיין. און ערשט נאָך אַלע „היומס” האָט זי מיר גע־

מאָלדן, אַז זי פאַרגלייבט מיר נישט — זי וועט אים אַליין אָפּשיקן, כ'מיין איבערגעבן אייער „איש עתי"...* איר הערט, עד היכן הדברים מגיעים? האָט איר שוין אויף אייער לעבן געזען אַזעלכעס? זי מיינט, אַז איר זענט איר איך, וואָס איך מוז אַלץ ליידן פון איר... איך בעט אייך, האָט שוין אויף איר נישט קיין פאַראיבל — איר קענט זי נישט, וואָס פאַר אַ שווע־בעלע דאָס איז?"

שלמה האָט מיט טרערן אין די אויגן געקושט טאַ דאָס בריוועלע, טאַ יענץ. באַזונדערס האָט ער איבערגעקושט יעדעס זידלוואָרט אין סעסיל פעטראָוונעס בריוו:

— טייערע נשמות, זאָג איך דיר, יוכבדל. טייערע נשמות! הייליקע יידן! צוליב ארץ־ישראל איז מען אַלץ מפקיר. און דאָס זענען דאָך נישט קיין קאַבצעדראַליעס, ווי איך מיט דיר, וואָס מען נעמט דאָס שטעטל מיטן פעקל און — הלך משה־מרדכי! זה כל האדם! ווי אַזוי שטייט דאָרטן אין חומש: „ואברם כבד מאד, במקנה, בכסף ובזהב"... דאָס זענען מענטשן מיט היפּשע נחלות; מיט טייערע חפצים; נישט סתם גערעדט: „מטלטלין" — נאָר מענטשן מיט שווערע נכסים. מענטשן מיט אָנגעזעענע פּאָסטנס. מענטשן, וואָס ווייסן גאָר נישט: וואָס הייסט אַזוינס נויט? און דאָך... און דאָך גיט מען אַ שפּיי אויף אַלץ, מען נעמט דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט און מען זאָגט: שמחתי באומרים לי בית ד' נלך... איך שעם זיך פאַר זיי, זאָג איך דיר! אויף מיין וואָרט, איך שעם זיך פאַר זיי. אָט דאָס הייסט אמתע אהבת־ציון —

---

* אַ ספּעציעלער שליח. פון חומש.

# קאפיטל XXXVII

ענדע אַפּריל, דאָס זעלבע יאָר.

אויף דעם שטאָק־אַלטן, ביינערדיקן, און היפּשלעך־אויסגעדברטן קער־פּער פונעם פּריסעק־הייסן, דרום־מזרחדיקן אזיאַטישן קאָנטינענט האָט האַסטיק פּולסירט אַ גרינער אָדער...

דער צוג איז געלאָפן פון טאַשקענט — דאָס האַרץ פון סאָוויעטישן מיטל־אַזיע — אין דעם ווייטסטן, וויכטיקן פּונקט פון דער סאָוויעטישער טעריטאָריע אין יענער געגנט — סטאַלינאַבאַד. דער מאַרשרוט פון דעם דאָזיקן שנעלצוג איז געווען זייער אַ לאַנגער און האָט געדויערט ביי דריי מעת־לעת. דער דאָזיקער צוג האָט ווי אַן ענגער קאַרסעט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע טאַליע פון יענעם לאַנד־שטח, און האָט ביי יעדער קנופּ־סטאַנציע אויסגעשטרעקט אַ פינגער אין דער טיף פון יענעם ווינקל. אין אורסאַט־יעווסק, למשל, האָט ער פון זיך אָפּגעשיקט צוויי וואַגאָנען אין דער ריכ־טונג פון: אַנדיזשאַן, דזשאַלאַלאַבאַד, קאָקאַנד און פערגאַנאַ; אין קאַגאַן האָט ער געלאָזט פון זיך אָפּקנעפּלען אַ קימאַ־לן פון גאַנצע פיר וואַגאָנען, וואָס צוויי פון זיי זענען אוועק קיין אשכאַבאַד, איינער קיין בוכאַרא און איינער גלייך צום ים, קיין קראַסנאַוואָדסק; אַרויף צו; טיפער אין דער מדבר; אין קירקיטשי האָט ער אוועקגעשיקט צוויי וואַגאָנען צו די ווייַ־טע טייכן: סער־דאַריאַ און אַמו־דאַריאַ; איין וואַגאָן פלעגט אָפּשטיין פון־נעם צוג אין קערמינע, וווּ ס'האָט זיך אין די יאָרן פון דער קריג געפונען איינער פון די שטאַבן פון דער ניי־געשאַפענער פּוילישער אַרמיי; נאָך איין וואַגאָן פלעגט מען אָפּטשעפּען אין טערמעס, האַרט ביי דער אַפגאַני־שער גרענעץ; מיט איין וואָרט: דער דאָזיקער שנעלצוג — וואָס האָט זיג־זאַגיש דורכגעשניטן די גאַנצע לענג פון אוזבעקיסטאַן; פאַרטשעפּעט אַ קלין פון קאַזאַכסטאַן; היפּשלעך אָנגערירט טורקמעניסטאַן; און געדיכט דורכגעשטעפּט גאַנץ טאַדזשיקיסטאַן, — איז געווען דער הויפּט־נערוו אין יענע האַלב־ווייסטע מקומות.

איבער אוזבעקישע פעלדער און גערטנער האָט געשוועבט דער זיסער, צאַפּלדיקער פרילינג. ס'איז געווען נאָך האַלבער נאַכט, לילה שהקיץ נושק את החורף...* אין מיטן טונקל־בלויען הימל איז געהאַנגען די לבנה, אַן אויסגעוויקלטע פון אַלע אירע שלייערן, אַ ראָמאַנטישע, אַ נאָענטע. אַ לבנה פאַר הייס־געליבטע; אַ לבנה, וואָס רעגט אָן אויף זיך צו געבן הייליקע שבועות און זי שטעלן פאַר אַן עדות; אַ לבנה, וואָס איז ווי באַשאַפן גע־וואָרן פאַר יונגע פאַר־לעך מיט פלאַמענדיקע הערצער, וואָס זענען אין אַזעל־כע מלא־כשופדיקע נעכט גרייט אויסצוגיין איינער אין דעם צווייטנס

---

* אַ נאַכט, ווען דער זומער קושט זיך מיטן ווינטער. (געמיינט: ווען זיי צעשיידן זיך). פון דער גמרא.

אָרעמס: פון מתיקות; פון כלות־הנפש; פון נישט זיין מער צוגעבונדן צו דער גראָבער ערד מיט אירע מגושמדיקע און נאַרישע אינטערעסן; אַ לבנה, וואָס רופט אַרויס ביי דערוואַקסענע קינדער אומדערוואַרטע, צערטלעכע רייד; גלעטנדיקע בליקן, בריענדיקע פינגער־באַגעגענישן; און מעכטיקע שטראָמען טרערן... זודיקע, אומשולדיקע טרערן, וואָס קומען צו פליסן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען...

אַ דופטיק ווינטעלע — וואָס איז דורכגעשמעקט מיט זאַפט פון פרישן גרינס; מיט צעפּאַרעטע ריחות פון פּאַראַיאָריקע, צעפּוילטע תבואות; און מיט דעם פּריקרע־זיסן טעם פון די פּוילע דיניעס, מיט וועלכע עס זע־נען דאָ געווען באַמיסטיקט די פעלדער — בערשטלט די האָר; גלעט צאַרט דאָס פּנים; וועקט אויף אין פאַרוואָכעדיקטן האַרצן גאַנצע מטייעס מיט סודותפולע חלומות פון דער ווייטער יוגנט; מישט אויף אין זכרון לאַנג־פאַרגעסענע טרוימען; און רוימט איין זוניקע פאַנטאַזיעס.

אין יענער דמיונות־פולער זומערנאַכט איז אויף דער סטאַנציע קאַר־שי, פון דער לאַנגער גאַס מיט וואַגאָנען, — חוץ עטלעכע אָרטיקע איינ־וווינער, — אויסגעשטיגן איין און איינציקער פּרעמדער פּאַסאַזשיר — שלמה פּיאַטיגאָרסקי. אויף דער גאַנץ גרויסער פּלאַטפאָרמע האָט זיך מער קיינער נישט געפונען, נאָר דער רויט־אָנגעמיצלטער דיזשורנע פון דער סטאַנציע מיט אַ גרין פענדל און מיט אַ לאַמטערנדל, און ווייט אין אַ ווינקל — אַ פאַרשלייערטע אַלטיטשקע מיט אַ גראָזענעם בעזעם אין דער האַנט. דער לאָקאָמאָטיוו האָט, אָפּרוענדיק זיך נאָך אַזאַ לאַנגן און שווערן וועג, גיריק אָנגענומען לופט אין די לונגען. די שלמותדיקע שטילקייט האָט פאַרשלונגען די גאַנצע בריאה. עס האָט זיך געגלוסט גלייבן, אַז אָט די שלאָפנדיקע סטאַנציע; אָט די שערענגע גרינע הייזער מיט די באַלויכטענע פענצטער ביים פּעראָן, די עטלעכע קעפּ מיט צעשויבערטע האָר, וואָס הענ־גען זיך אַריבער פונעם פענצטער; — אַז דאָס אַלץ איז אַ דמיון, אַ המשך פון אַ שיינעם חלום... נאָר אָט האָט דער „חלום בהקיץ” גערירט, און האָט זיך — יומטובדיק צופּליעסקענדיק מיט די טאַצן, און צוקלאַפּנדיק מיט די „פּיס” צום טאַקט — רירעוודיק אַוועקגעטענצלט אויף דעם משונה־הויכן אָנשיט. די לבנה האָט בחפזון בודק געווען די שאַרף פון די רעלסן און געפינענדיק, אַז זיי זענען חד וחלק — דורכגעלאָזט אויף זיי דעם צוג.

שאַ־שטיל — אַז ער זאָל חלילה קיינעם נישט אויפוועקן — האָט זיך שלמה אַרויסגעשליכט פון דער כמורער וואָקזאַל־געביידע און איז אַרויס־געקומען אויף דעם היפּשן, רונדיקן וואָקזאַלפּלאַץ. דאָרט, ביים שיטערן סקווער, איז שלמה שטיין געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט. די נאַכט האָט במהירות־הבזק * געפּאַכעט על ימין ועל שמאל מיט אירע קאַלטע כלי־זין און עס איז שווער געווען זיך צו באַפרייען פון איר כשוף־ראָד. דער אָפּגייענדיקער צוג אויף דעם משופּעדיקן אָנשיט האָט אויסגעזען פאַנ־

---

* מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ. פון יחזקאל.

טאַסטיש, עפּעס ווי אַן אילוזיע. פּלוצלינג האָט דער אָנשיט זיך פאַרנומען אין אַ זייט, שיף באַרג־אַראָפּ, פון דער „באַלויכטענער גאַס" איז קיין שפור נישט געבליבן, נאָר די רויך־בוקעטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אַרויסשפּראָצן פון הינטערן אָנשיט מיט אַלץ גרעסערע הפסקות, און דער ווייטער אָפּקלאַנג פון די אימפּעטפולע „העמערלעך" האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ איז ערשט נישט לאַנג געשטאַנען אַ צוג מיט אַ סך הונדערטער שלאָפנדיקע מענטשן.

שלמה גייט פונעם צוג. אַלע אָנגעקומענע פאַרשווינען יאָגן אים אַרי־בער, אָבער אים אַרט דאָס כלל נישט. ער איילט זיך נישט. ערגעץ הינטער זיינע פּלייצעס רייסט זיך פּלוצלינג אַרויס אַ שניידנדיקער פייף און גלייך נאָך אים אַ הייזעריקער רעווע פון אַ איינזאַמען לאָקאָמאָטיוו, וואָס רופט זיך אָפּ אין האַרצן, ווי אַ האַרצרייסנדיקער „מ־מו־ו־ר־ו" פון אַ פאַרבענקטער קו. די געטרייע שטילקייט, די באַלעבאָסטע פון דער נאַכט, וואָס גיט אַכ־טונג, אַז מען זאָל חלילה נישט אויפוועקן די קינדער, כאַפּט אויף מיט אַ ציטער דעם הוצפּהדיקן רעווע, און צעפּיצלט אים אויף דראָבנע ווידער־קולעכלעך. ווען דער עכאָ שטאַרבט אָפּ אין די פאַרשלייערטע מרחקים, ווערט די שטילקייט פון דער נאַכט נאָך געדיכטער, נאָך באַרוישנדיקער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערגעץ אין דער ווייט קלאַפּן רעדער —

— פון וואַנען? וווהין?

...צי אפשר איז דאָס גאָר נישט קיין אופנים וגלגלים? אפשר רוקן עס נאָך ענגער צונויף זייערע שטולן די משטינים ומקטריגים אויף יידן — „היודעים לכוין את השעה שבה הקדוש־ברוך־הוא כועס"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אַ שטאָק העכער פון דער מגושמדיקער ערד, וויינט זיך אַ די־נער געוויין. עס פאַלן אויף דער ערד גליענדיקע טרערעלעך שיורדות ונוקבות עד התהום. די נאַרישע, צווייפיסיקע ברואים דאָרטן אין קעלער, רופן אָט די טרערעלעך: טל —

— וואָס איז די סיבה פון אָט דעם געוויין? ווער באַוויינט עס? ווע־מען באַוויינט מען עס?

...צי אפשר וויינט עס דער בורא־עולם: „אוי לבנים שבעונותיהם החרבתי את ביתי ושרפתי את היכלי והגליתים לבין האומות"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מארבע פינות־העולם דערטראָגט זיך אַ ביטער קלאָגן פון אַ טויב... בת־קול מנהמת כיונה —

— ווי קומט אַהער צו אַ טויב? פון וואַנען האָט זי זיך דאָ גענומען?

...צי אפשר וויינט דאָס די כנסת־ישראל: „נפשי לד' משומרים לבוקר, שומרים לבוקר"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון די טיפסטע טיפענישן; פון די תהומות, ווו עס ליגן באַהאַלטן

די יסודי־עולם, טראָגט זיך אַ גרוילנדיקער קרעכץ; אָן אנחה המשברת את כל הגוף —

— ווער קרעכצט עס? וואָס איז די סיבה פונעם קרעכץ? מיט וואָס קען מען דעם קרעכצנדיקן פאַרלייכטערן?

...צי אפשר קרעכצט עס דער עתיק־יומין: „מה לו לאב שהגלה את בניו ואוי להם לבנים שגלו מעל שלחן אביהם"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון פאַרבאָרגענע ליפּן טראָגט זיך אין חלל־העולם אַ פליסטער און אַ סוד —

— וועגן וועמען איז דער געמורמל? אין וואָס שטעקט דאָ דער סוד?

...צי אפשר קומט בזו הרגע פאַר דער: „חידוש בכל יום תמיד מעשה־בראשית", און דאָס זינדיקע וועלטל איז איצט: „פושט צורה ולובש צורה"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שלמהס „חלומען", זיין „פליען אין די עולמות און באַפּן מלאכים", האָט אַ פּנים געדויערט אַ שפּאָר ביסל צייט. די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אָנגעקומען מיט דעם זעלבן צוג וואָס ער, זענען שוין פון לאַנג פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פאַררעטערישער לבנה־שיין. שלמה קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן און ווערט דערשטוינט: נאָך דעם וואָקזאַל מיט דעם סקווער הייבט זיך ערשט פון דאָס ניי אָן געאַקערט פעלד. די שטאָט אַליין איז אַ פּנים גענוג ווייט פון דאַנען. דער גאַנצער הימל איז דורכזיכטיק ווי זשעַ־לאַנטין; ווי צעלולאָיד, נאָר דער צפון־האָריזאָנט זעט אויס ווי איינגעדעקט מיט אַ גרויען פעלץ. אָט דאָרט אַ פּנים, הינטער יענעם פעלץ, ליגט אָט דאָס קאַרשי. הם! פּוליאַקעס! נישט געקענט צופירן קיין „ארבל" אין שטאָט אריין. שלמה וואַרפט נאָך אַ מאָל אַ בליק אַרום זיך און ווערט נבהל ונשתומם: אַ בית־עולם! דער „גרויסער" וואָקזאַל — פון וועלכן ער האָט זיך ביסלעכווייז היפּשלעך דערווייטערט — אַבי ער האָט משלח גע־ווען דעם צוג, האָט ער אויסגעלאָשן אַלע אויסערלעכע לאָמפּן און ליגט אַצינד פון דער ווייטנס ווי אַ טינטפלעק, אָדער ווי אַ קופּע מיסט. אין ער־געץ זעט מען נישט: נישט קיין מענטשן, נישט קיין פייגל, נישט קיין משוגענעם הונט — קיי—נעם! אַ געטלעכע שטילקייט באַהערשט דעם גאַנצן אַרום. אַזאַ הרת־עולמדיקע שטילקייט איז שכיח נאָר ביי אַ פאַרליב־טער פּאָר, בעת דער מקור פון רייד איז שוין ביי זיי אויסגעשעפּט און עס זוכן זיך שוין נישט אָפּ קיין דיבורים פאַר זייערע געפילן, און נאָך איז אַזאַ שטילקייט שכיח אום פרילינג, בעת עס קושט זיך דער הימל מיט דער ערד, און די ערד ווערט טראָגנדיק פון איר געליבטן. פריידיקער אָטעמט דאַן די ערד; פאַרמח'טער זעען דאַן אויס די הימלען; פרייער שפּילט זיך דאַן דאָס ווינטעלע...

...עס שלאָפט די גאַנצע נאַטור, דער גאַנצער מין בני־אדם, די גאַנצע וועלט — אַלע עולמות! זיי זענען געבליבן נאָר צוויי: די לבנה אויפן הימל, און דער מענטש אויף דער ערד. און דער מענטש מאַכט קליינע טריטע־לעך, ווי אַ קינד וואָס לערנט זיך ערשט גיין —

— וואָס האָט ער קיין צייט נישט?

ער כאַפּט די לופט מיט די הענט, ער וואַשט זיך מיט איר דאָס פּנים, ער נעמט אָן מיט איר פולע לונגען —

— פאַר וואָס נישט? לא נברא העולם אלא בשבילי!

ער רעדט צו איר, זי רעדט צו אים —

— פאַר וועמען האָט ער זיך דאָ צו שעמען?

ער גייט אַ ריקודל קעגן דער לבנה —

— ער מיינט עס ערנסט: פאַר וועמען האָט ער זיך דאָ צו שעמען?

...טוט ער טאַקע אויס פון זיך דעם לייכטן מאַנטל, דאָס פּידזשאַקל, און פאַרוואַרפט זיי צוזאַמען מיטן בייכיקן פּאָרטפעל אַרונטער, אויף די פּלייצעס. די צווייטע האַנט שטעקט ער רחבותדיק אַריין אין טאַש, מעשה בעל־הבית, און גייט זיך אַ קאַזאַקל קעגן גאָטס וועסנע —

דער יונגערמאַן האָט געזונגען און האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז ער זינגט; ער האָט געטאַנצט און האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז ער טאַנצט; דאָס איז געווען עפּעס אַ מין שמחה־פּנימית; עפּעס אַ מין תפיסה־פּנימית, וואָס האָט נאָך אַ לאַנג יווירעניש זיך דורכגעבראָכן אַ וועג בזרם שוטף... בזרם שאין לו תחילה ואין לו סוף... דאָס פּנים פון דעם דאָזיקן מאָדנעם יונגנמאַן האָט באותה־שעה געלויכטן באור־יקרות; די ברענענדיקע אויגן זיינע האָבן פאַרשעמטע זיך פאַרענטפערט פאַר דער בריאה:

— נו, וואָס בין איך שולדיק, אויב פאָרט: לבי ובשרי ירננו אל אל חי?...

און צו זיך אַליין, מיט דעם זעלבן בישנותדיקן שמייכעלע:

— וואָס איז? פאַר וואָס עפּעס נישט? פאַר וועמען האָט ער זיך איצט צו שעמען? מה יאמרו הבריות? וועלכע בריות? די גאַנצע וועלט שלאָפט. כראַפּעט אַזש! געבליבן זענען דאָך נאָר זיי אין דרייען: גאָט, ער און די לבנה. פאַר וועמען זשע איז דאָס שעמען זיך? אמת, עפּעס אַרום בערלין שפּילן זיך נאָך קינדער אין פייערווערק... נישט קיין אָנגענעמע שפּיל... אָבער יענץ איז דאָך אַזוי ווייט... ער וויל אַצינד פון יענעם נישט קלערן! ס'איז גאָר אַ חרפה, אַ וויסטער בזיון פאַר דער צניעותדיקער לבנה צו דערמאָנען בקול רם אַזאַ העסלעך וואָרט ווי: בלוט. דערמאָנט ער עס טאַקע נישט. אָנשטאָט דעם דערמאָנט ער זיך גאָר אין זיין קינדהייט, אין זיין אייגענער וועסנע... כלאחר־יד גליטשט זיך ביי אים אַראָפּ פון די אַקס־לען אַ פערטל מאה יאָרן, און אָט זעט ער זיך, ווי ער איז נאָך גאָר אַ קליין יינגעלע. טאַקע גאָר־גאָר אַ קליינינקער — אַ פּיסקליאַ! און בכפיפה אחת מיט אים זיצן אין די פאַרחושכטע צימערן נאָך פיל אַזוינע קליינינ־קע יינגעלעך ווי ער, און פון זייערע פּיצינקע מיילעכלעך גיסט זיך אין

ערב־פסחדיקן דרויסן אריין א געטלעך געזאנג, וואס איז דורכגעווייקט מיט שמערצלעכן ווייטיק; וואס איז דורכגעזאפט מיט א נאגנדיקער בענקשאפט:

„כי הנה — ווארעם אט, הסתיו — דער הארבסט, עבר — איז פאר־ריבער, הגשם — דער רעגן, חלף הלך לו — איז אוועק און איז פאר־שוונדן. הנצנים — די שפראצונגען, נראו — האבן זיך שוין באוויזן, בארץ — אין לאנד, עת הזמיר הגיע — באלד קערט זיך שוין אום צו אונדז דער סאלאוויי, וקול התור נשמע בארצנו —

דער מענטש הייבט אויף די אויגן צום הימל:

— טאטע זיסער אין הימל! ס׳איז דאך טאקע אמת... קול התור נשמע בארצנו...

אין האלדז כאפט אים אן א שוין פון לאנג פארגעסענער קראמף. ער לאזט זיך אראפ ביים שליאך אויף א צעאקערט פעלד און וויינט לאנג, לאנג. ער וויינט מיט הארץ, מיט געשמאק און מיט א ניגון, ווי א קליין, געפעסטעט יינגעלע. א ווייטער קריי פון א האן קערט אים אום צו דערווירקלעכקייט. ער הייבט זיך שווער אויף און טרייסלט זיך ארום. „אויף דער גאס" איז פארטאג צו קילער געווארן, טוט ער זיך צוריק אן, ווארפט נאך א מאל א פארליבטן בליק אויף דער ארומיקער לאנדשאפט, אויף דער תמעוואטע לבנה, וואס כלומרשט דערקענט זי אים שוין גארנישט; וואס כלומרשט איז היינטיקע נאכט צווישן זיי גארנישט נישט פארגעקומען, און גייט האסטיק אוועק אין שטאט אריין.

קארשי זינקט טיף אין בעסטן פארטאגיקן שלאף. ס׳איז אין ערגעץ נישט צו באמערקן נישט קיין דורכגייער, נישט קיין מיליציאנער, נישט קיין באלויכטן פענצטער — אן אויסגעשטארבענע שטאט! די לבנה האט זיך ערגעץ באהאלטן הינטער די הייזלעך. אזא שטיפערקע: שטענדיק איז ביי איר גלייך. דער פרעמדער זוכט מיט אן עלעקטריש לעמפל אויף די ראג־הייזער די נעמען פון די גאסן. ער זעט: בוכארסקע־גאס; דונאיעווסקע־גאס; גוזארסקע־גאס. ער, דער פרעמדער, דארף אבער האבן די גאס אויפן נאמען פון אכון־באבאיעוו נומער 37. גוואלד — אכון־באבאיעוו, באוויז זיך! ניין, ער זעט, אז דאס נישטערן מיטן לעמפל וועט אים דא גארנישט העלפן. דא פלעכטן זיך און פלאנטערן זיך גאסן מיט געסלעך; געסלעך מיט טופיקן, אזוי ווי די ווערעם אין א נבלה־גרוב... דער אשמדאי אליין קען זיך דא א פוס צעברעכן... יא, אזוי בלייבט עס. ער מוז אנקלאפן אין א פענצטער און פרעגן, ווו דאס איז ערגעץ. ער וועט דאך נישט ארומ־גיין ביז טאג און זוכן.

ער קלאפט אן מיט דעם שטענדיקן אייזערנעם רינג אין א טויער און מאמענטאל רופן זיך אן אלע הינט פון דער גאס. דער אייגנארטיקער קאנ־צערט ווערט געגעבן אויף פארשידענע קולעכלעך, אבער אין אלגעמיין איז ער א גאנץ פיינער. די הינט זעט ער נישט, זיי זענען פארשפארט הינטער די מאסיווע טויערן, אבער זייער בייזן ניגון הערט ער גוט. וואס ס׳איז

שייך צו די בעלי־בתים, שלאָפן זיי וויטער רואיק. דער גאַנצער געפּילדער האָט ביי זיי אַ ווערט, ווי „דער הונט האַווקעט". יאָ, דאָס איז נישט קיין נייעס: אַן אוזבעק איז שווער צו רירן פון זיינע קאָלדרעס. דער אָנגעקאָ־מענער הייבט אויף אַ שטיין פון דער ערד און קלאַפּט שוין אין טויער אַריין מיט פאַרדראָס: בארעכן נאָר, די הינט זענען שוין באַלד הייזעריק, און זיי מאַכן זיך גאָר נישט הערנדיק. אַ שיינער הכנסת־אורחים! אַבי מען זאָגט אויף זיי, אַז זיי זענען אברהם־אבינוס אייניקלעך. ער קלאַפּט אַזוי לאַנג, אַזוי בייז, ביז ער דערהערט קולות פון אַ פרוי. קיין איין וואָרט פאַרשטייט ער נישט. זי רעדט אוזבעקיש אָדער טאַדזשיקיש. ער פאַרשטייט נישט די שפּראַך, און פאַרשטייט נישט יענע שפּראַך. פון אַ קליין טירעלע, וואָס מען דאַרף זיך צעבערעכן דעם רוקן, איידער מען שטופּט זיך דורך דורך דעם, באַווייזן זיך מיט אַ מאָל צוויי קעפּ: איינער פון אַ צעפּאַטלטער אוזבעטשקע און דער צווייטער פון אַן אויסגעהאָדעוועטן הונט. כאָטש די באַלעבאָסטע פונעם כלב איז בכבודה ובעצמה אויך דאָ דערביי, פון דעסט וועגן, אויף יעדן פאַל האַלט דער פרעמדער גרייט אַ פּאָר שטיינדלעך אין די הענט. אַזוי איז עפּעס פאַרט היימלעכער. דער כלב באַמערקט דאָס, און באַקומט אָפּשיי פאַרן גאַסט. ער גיורעט דעם קודלאַטע קאָפּ אין דער באַ־לעבאָסטעס אַרבל און רירט זיך נישט פונעם אָרט.

— אורוס, * וואָס קלאַפּסטו דאָ? נישט געלאָזט אַן אוזבעק שלאָפן... איי, איי, איי —

— אַפּאַ! ** אוי, אַפּאַ... פאַרמאַך דיין פּיסק און זאָג מיר בעסער: ווו איז דאָ ערגעץ די גאַס פון אַכון־באַבאַיעוו?

— מיינער ווייסט נישט... מיינער שטענדיק קיביטקע... מיינער האָבן אַ ברעקעלע קינד... יאַמאָן, *** אורוס, שאַיטאַן. ****

דאָס טירל פאַרקלאַפּט זיך הינטער דעם צעקאָשמעטן באָרג האָר און דער הונט האַווקעט דאָרט אויס, וויפל האַווקעניש עס האָט זיך אין אים פאַר דער צייט אָנגעקליבן. דער פרעמדער איז אָבער אויך אַן איינגעשפּאַר־טער בחור. ער זעצט מיטן שטיין אין טויער, אויף וואָס די וועלט שטייט. דאָס מאָל באַווייזט זיך שוין דער מאַן. ער איז אָנגעטון אין ווייסע גאַט־קעס און אין קאַלאָשן אויפן באָרוועסן פוס. מיט זיינע אומבאַוועגלעכע, באַראַנענע אויגן באַטראַכט ער דעם פרעמדן מיטן פּאָרטפעל און פרעגט רואיק:

— וואָס איז?

— איך פרעג זיך נאָך אויף דער גאַס פון אַכון־באַבאַיעוו —

— דאָ איז קיטאַפּסקע.

* רוסישער.

** שוועסטער, חברטע, בירגערין.

*** אַ שלעכטער.

**** שד, רוח.

— אַ שיינעם דאַנק דיר פאַר דער בשורה־טובה. איך דאַרף אָבער נישט קיטאַפּסקע, נאָר אַכון־באַבאַיעוו —

— אַכון־באַבאַיעוו איז די צווייטע גאַס פון קיטאַפּסקע.

— האָט ער קוים אויסגערעדט... פאַר וואָס זשע האָסטו זיך געדאַרפט אַזוי לאַנג קוועטשן, האַ? און ווו סאַמע וועט אויסקומען דער נומער 37?

— דאָס וועסטו דאָרטן זוכן.

— פון דעם שכל וויים איך אַליין. איך וויל שוין אָבער מער נישט זוכן. אייך איז דאָך זייער לייכט צו דערוועקן. פון אַ מינדסטן שאָרך כאַפּט איר זיך אויף —

— רעד נישט אַזוי פיל, אורוס! אַלע אורוסן רעדן צו פיל. וועלכן נומער זוכסטו?

— 37. נומער 37 —

— צום שוסטער דאַרפסטו?

— אָט־אָט־אָ! צום שוסטער טאַקע.

דער אוזבעק באַטראַכט שלמהס שטיוועלעך און שאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— שוין באַלד זומער... טוטאָוונִיק * אוריוק... ** נאָך גאַנצע שטיוול ביים אורוס —

— אַ דאַנק דיר פאַר דער געטריישאַפט. ווו זשע וווינט דער שוסטער?

— דו וועסט גיין גלייך, דערנאָך אויף רעכטס, די פערטע שטוב. קיין הינט זענען דאָרט נישטאָ. אַהער צו זאָלסטו מער נישט קלאַפּן. אוזבעק שלאָפן דאַרף... שאַיטאַן...

אויף שלמהס קלאַפּ אין טויער האָט אים באַלד אויפגעעפנט אַ מאַנס־ביל פון מיטעלער וווקס. די פּאַרטאַגיקע פּינצטערניש איז געווען אַזוי גע־דיכט, אַז איינער האָט נישט געקענט באַמערקן דעם צווייטן. יענער האָט געפרעגט אויף טאַדזשיקיש:

— צו וועמען דאַרפסטו?

דער פרעמדער, אויף אַ צעבראָכענעם אוזבעקיש:

— דאָ וווינט פּינכאַסאָוו?

דאָס קול אין דער פינצטער, אויף אַ שלעכטן רוסיש:

— יאָ, דאָ; וואָס דאַרפט איר?

— לאָזט מיך אַריין.

— ווער זענט איר?

— ביי דער ליכט וועט איר זען, ווער איך בין. לאָזט אַריין, האָט קיין מורא נישט.

אין שטוב האָט געברענט אַ שטינקענדיק, חלבן ליכטל, פון וועלכן ס'האָט אין צימער אַרומגעשוועבט אַ לייכטער, שמאַלציקער טשאַד. מרים,

* האָזשעניצעס, שאַלקאָוויצעס.

** אַזיאַטישע פּערעשקעס, שאַפּטאַלן, אַבריקאָזן.

זועלכע איז געווען אָנגעטון אין אַ לייכט, אוזבעקיש כאַלאַטל, האָט פונעם ערשטן קוק דערקענט דעם אַריינגעקומענעם:

— שלמה! גאַטעניו, וואָס פאַר אַ גאַסט —

שלמה און דער באַלעבאָס האָבן זיך אַ ווײַלע באַטראַכט איינס דאָס אַנדערע, דאַן האָבן זיי זיך אַרומגעכאַפּט און זיך עטלעכע מאָל צעקושט.

— דערקענסט מיך, עובדיה? איך וועל דיר זאָגן „דו”, כאָטש דו ביסט דאַן געווען מיין פּאָרזיצער... און דו מיר — אודאי. וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי? שוין זשע איז מיך טאַקע אַזוי שווער צו דערקענען?

— בפירוש שווער... דאַמאָלסט זענט איר געווען נאָך גאָר אַ קינד, און איצט —

— און איצט — וואָס?

— איצט — אַן אורוס... אַן אמתער אורוס! נאָר וואָס די יידישע אויגן גיבן אייך אויס. ווען מרים רופט אייך נישט אָן ביים נאָמען, וואָלט איך אייך בשום אופן נישט דערקענט.

— מיר האָבן דאָך גערעדט, אַז דו זאָלסט מיר זאָגן „דו”?

— איך קען נישט! איר זענט אַ ייד אַ תלמיד־חכם, איר מעגט... דער־צו נאָך אַ פּראָסטן שוסטער, מעגט איר אודאי. אָבער איך? ניין! איך קען נישט —

שלמה נעמט אים אַרום, גיט אים אַ קלינגענדיקן קוש און זאָגט צו אים מיט פייער:

— איי, עובדיה, עובדיה... דיין עלטערער ברודער ריכט אָפּ גלות אין די פאַרשאָלטענע קאָנצלאַגערן, צי אפשר אפילו שמאַכט ער איצט אין קאַ־זעמאַט, און אַלץ איבער מיר און פאַר מיר, און דו ווילסט מיך נישט אַנערקענען פאַר קיין ברודער אויף זיין אָרט? די מלחמה האָט ביי מיר צוגערויבט זעקס שוואָגערס. איצט ביסט דו ביי מיר ווי אַן אייגענער שוואָ־גער. מרים — אַ שוועסטער, און דו — אַ שוואָגער.

שלמה דרייט זיך אויס צו מרימען. זי איז שוין אין גאַנצן אָנגעטון. זי וויל אַרויסשלעפּן די ברוסט ביים קינד פונעם מויל, נאָר דאָס שלאָפנ־דיקע קינד האַלט זי פעסט צו מיט אַלע צען פינגערלעך, און סמאָקעט און סמאָקעט...

— מרים, נאָך זויגסטו זי?

מרים לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן:

— דאָס איז נישט קיין „זי”, דאָס איז שוין אַ ייִנגעלע —

— אַזוי? מזל טוב דיר!

— אַ גדולה אויף דער באָבען, עלף פון זיבן געבליבן...

עובדיה גיט אַ וואָרף אין איר זייט אַ בייזן בליק. ער קען נישט ליידן, אַז מען רעדט אַזוי וועגן זיינע קינדער. שלמה קוקט זי אָן פאַרוואונדערט:

— איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, מיט וואָס דו שעמסט זיך דאָ... וואָס מער איז דאָך בעסער... אין תהילים שטייט: אשרי הגבר אשר מלא את אשפתו מהם... דו ווייסט דעם טייטש?

מרים ווערט נאָך רוימער. זי שטאַמלט אַ פאַרלוירענע:

— אָבער יעדע זאַך מוז דאָך האָבן אַ גרענעץ, אַ שיעור. און איך שיט מיט קליינינקע, ווי אַ קוואָטשקע —

— דו רעדסט ווי אַ שוטה, מרים. קינדער — דאָס איז מאלו הדברים שאין להם שיעור... שכר ד׳ פרי הבטן, שטייט געשריבן. דאָס איז אַ סימן, אַז גאָט האָט דיך ליב —

— נישט — אַז דער מאַן האָט מיך ליב?

אַלע צעלאַכן זיך. פון אונטער די קאָלדרעס באַווייזן זיך: שוואַרצע קעפּעלעך; בלאָנדע קעפּעלעך; מיט צעפּעלעך און אָן צעפּעלעך.

אין ווינקל ביי דער טיר שטייט די אַלטע זלפה און ווישט די אויגן מיט אַ פאַררויכערט שמאַטקעלע. אויך זי האָט שוין דערקענט דעם גאַסט. איבער אירע באַקן יאָגט זיך אַ טרער נאָך אַ טרער. די געזאַלצענע טראָפּנדלעך פאַרשווינדן אין די טיפע קנייטשן פון איר פנים און מאַכן עס גלאַנצנדיק. אַ פנים, אַז שלמהס באַוויזן זיך האָט אין איר האַרצן אויפגעוועקט שווערע זכרונות. מרימס באַבע איז שטאַרק געעלטערט, און זעט עפּעס אויס פיל נידעריקער, ווי זי איז אַ מאָל געווען. שלמה גיט אַ טראַכט:

— אפילו אַ וואַנט זעצט זיך אויך... מען ווערט נישט יינגער... און דערצו נאָך פאַרלירן אַזאַ קרוין פונעם קאָפּ, און אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן... אפילו נישט קענען אים ברענגען צו קבר־ישראל...

ער דערנעענטערט זיך צו איר און נעמט צערטלעך איר געקנייטשטע האַנט אין זיינעביידע הענט:

— שלום, זלפה־אַפּאַ... שלום, זלפה־דזשאַן...

די אַלטע ווישט אָפּ די לויפנדיקע טרערן און זי ענטפערט שטיל:

— שלום, חכם־שלמה... שלום, שלמה־דזשאַן...

און פּלוצלינג קומט פאַר אַ זאַך, וואָס האָט אַלעמען איבערראַשט. די זקנה גיט אַ פאַר מיט איר פאַרמעטענער האַנט איבער זיין פנים, און דערנאָך טראָגט זי צו די האַנט צו די ליפּן און גיט אַ קוש. שלמה ווערט ממש דערשיטערט פון איר הכנעה פאַר אים. ער נעמט אירע הענט אין זיינע, גלעט אויס די געפאַלדעוועטע הויט און קושט איר אויס יעדן פינגער באַזונדער. מיט אַ מאָל רייסט ער זיך ראַש אָפּ פון איר, לויפט צו צום פענצטער, און קוקט זיך עפּעס שטאַרק איין אין פינצטערן הייפל אַריין. ער שטייט לאַנג. ער פּויקט אויס אין דער שויב אַ האַלב־פאַרגעסענעם מאָטיוו... דער ניגון דערמאָנט שטאַרק אין אַן „אל מלא רחמים”...

עס זענען פאַריבער עטלעכע שווערע מינוט. קיינער האָט דווקא נישט דערמאָנט דעם נאָמען: ר׳ אבא־חלקיה, נאָר אַלע איינס איז דער דאָזיקער נאָמען געהאַנגען ביי יעדן איינעם אויף די ליפּן. זיין שלאַנקע פיגור, זיינע שטרענגע אויגן, זיינע שאַרפע ברעמען און זיינע שטייף־פאַרשלאָסענע ליפּן האָבן דורכדרינגענדיק און אייפערדיק אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקעלע; האָבן אָנגעיאָגט אַן אימה, ווי די מידת־הדין. אפילו אויף די קינדער אונטער די קאָלדרעס, האָט אויך שווער געווירקט די שטיקנדיקע שטיל־

קיים. זיי זענען מיט אָפענע אייגעלעך געלעגן איינגעניורעט אין די וואַ־טענע צודעקן, האָבן געפירט די בליקן פון איינעם אויפן צווייטן, און האָבן אפילו נישט געוואָגט קיין אָטעם צו טון. שלמה האָט זיך לאַנגזאַם אומ־געדרייט פונעם פענצטער. ער באַמערקט דעם אומעט, וואָס ער האָט נישט ווילנדיק אָנגעיאָגט אויף זיינע פריינד; ער דערמאָנט זיך אין דעם ציל פון זיין קומען אַהער און נעמט זיך אין די הענט אריין. אַלעמענס אויגן זע־נען איצט געווענדעט בלויז אויף אים.

שלמה שליסט אויף דעם פּאָרטפעל און שיט אויס פאַר די קינדער אויף די געלעגערס: צוקערלעקעכלעך, קאָנפעקטן, כאַלוואַ און אומגעלומ־פּערט־גרויסן און פלייִשיקן פערגאַנער אוריוק.

מרים איז שטאַרק נישט צופרידן מיט דער עובדא:

— שלמה, צו וואָס דאַרף מען דאָס? וואָס טוט איר?

— וואָס איך טו? גיי, איך בין בייז אויף דיר —

— אויף מיר? וואָס האָב איך אייך שלעכטס געטון?

שלמה ווענדעט זיך צו עובדיהן מיט אַ פּאַרדריסלעך שמייכעלע, און טייטלט אויף איר מיטן פינגער:

— נו, זאָג שוין דו אַליין, האַ? די גאַנצע צייט זאָגט זי מיר: „איר", און האָט נאָך אַ העזה צו פרעגן, „וואָס האָט זי מיר געטון"? עובדיה, הייס דו איר מיך אויפהערן צו „אירצן". נו, באַפעל איר —

— איך? מיטן גרעסטן כבוד! פאַר וואָס נישט?

— נו, דו הערסט, מרים? דו ביסט דאָך עפּעס אַן ערלעך ווייבל. דו ווייסט דאָך, אַז אַ מאַן דאַרף מען פאָלגן. מער זאָל דאָ נישט דערמאָנט ווערן קיין „איר". איצט, מיינע פריינד, לאָמיר זיך אַ קאַפּעטשקע צוזעצן. מרים, דיין קאַנאַריק שלאָפט שוין, דו קענסט אים אָוועקלייגן. און מיר וועלן זיך אַ ביסעלע צושפּאַרן, ס'איז שוין נישט די יאָרן פון קענען שטיין לאַנג אויף די פיס. מען דאַרף נישט קיין בענקל, מען דאַרף נישט. איך האָב זיך שוין פאַר די לעצטע עטלעכע יאָרן אויסגעלערנט צו זיצן מיט די פיס אונטער זיך, ווי אַ געבוירענער אוזבעק. איצט גיסט מיר אָן אַ פּיאַלקע גרינע טיי, איצט גיט מיר נאָך אַ שטיקעלע גראָז אויף אַ שמעק צו טון, — וועלכעס ס'איז ווערצעלע, מיר איז דאָס לעת־עתה אַלץ איינס — וועלן מיר שוין זיין פּאָלנע אַזיאַטן. אַזוי, אַזוי... זאָגסטו, הייסט עס, עובדיה, אַז מיך איז שווער צו דערקענען?

— ווער זאָגט דען, אַז שווער? אום—מעגלעך! ס'איז שוין טאַקע פּאַוואָלינקע דרייצן יאָר... דו ביסט געוואָרן לחלוטין אַן אַנדער מענטש.

— וואָס ווילסטו, ברודערקע... דרייצן יאָר איז אַ היפּשער שטיק פּו־נעם לעבן... וויפל מאָל דרייצן לעבט מען אין גאַנצן?

— אָבער פון דעסט וועגן: אַזוי זיך בייטן, אַזוי זיך בייטן...

— פון דעסט וועגן זעסטו דאָך, אַז מרים האָט מיך דאַמאָלסט גלייך דערקענט —

— אַו־וואַ! אַ שיינע חכמה! אַז דו האָסט זיך צו איר געלאָזט דערקע־

נען מיט אַלע סימנים, איר דערמאָנט אפילו דעם פידל... און ווידער, זי האָט דיך טאַקע אויך דאַמאָלסט נעענטער געקענט... נו און איך — האָב זיך אויך שטאַרק געענדערט אויפן פנים?

— דיך, מיין טייערער, האָב איך, דאַכט זיך, אין מאַרי אויך רעכט נישט געקענט. נו, דערציילט עפּעס, מיינע פריינד, צי אפשר זענט איר שלעפעריק? איך האָב אייך דאָך איבערגעשלאָגן אין מיטן ד׳עם בעסטן שלאָף —

מרים ווערט בייז:

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, עס גייט דיר נישט צום פּנים. דו זאָג מיר בעסער, פון וואַנען האָסטו זיך גענומען אַהער אין אַזאַ פריער שעה?

— וואָס הייסט פון וואַנען? פונעם צוג.

— ווו זשע ביסטו געווען די גאַנצע נאַכט?

— איך האָב זיך געשלעפּט פונעם וואָקזאַל —

— אַזוי פיל שעהן?

— עס זאָל מיר צו קיין שאַנדע נישט זיין, איך האָב זיך פשוט און פּראָסט אַ ביסל פאַרהוליעט...

— אין קאַרשי — זיך פאַרהוליעט? מיט וועמען?

— וואָס הייסט, מיט וועמען? מיט דער לבנה, מיט דער וועסנע... עס קען דען נאָך זיין יינגערע און שענערע קראַסאַוויצעס פון אָט דעם פּאָרל?

— איך זע, אַז דו ביסט נאָך עד היום דער זעלבער מתבודד, וואָס דו ביסט געווען אַ מאָל... דאַמאָלסט די מעשה מיטן באַרג, און איצט — מיט דער לבנה, מיט דער וועסנע... די יאָרן אַ פּנים ווירקן גאָר אויף דיר נישט... זיי האָבן, ווייזט אויס, אויף דיר קיין שליטה נישט...

— איז דאָס דען אַזוי שלעכט?

— פאַרקערט, דאָס איז גראָד זייער, זייער גוט. אָט איך למשל בין שוין אַן אַלטע יידענע. אַ מאַמע פון אַכט קינדער, זאָלן לעבן... מיט גרויע האָר... מיט נאָך פאַרשידענע גוטע מעלות...

— און דאָך ביסטו יינגער פון מיר, געדענק איך, אויף גאַנצע צוויי יאָר.

— דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל... היינט בין איך עלטער פון דיר אויף צוואַנציק... לויטן אויסזען קען מען מיר, דאַכט זיך, געבן אויך פופציק —

— רעד שוין נישט קיין נאַרישקייטן, איך בעט דיך! צי דו קוקסט ערשט אַרויס מען זאָל דיר מאַכן קאָמפּלימענטן? אויף וויפל איך געדענק פון אַמאָל, האָסטו נישט זייער געהאַלטן דערפון... איך קען דיר נאָר זאָגן איין זאַך: איך בין דיר ערוב מיט וואָס דו ווילסט אַליין, אַז ווען עמעצער זאָל דיך אויף אַ שטיקל צייט קענען באַפרייען פונעם עול פון די קינדערלעך זאָלן לעבן, אַז נישט דו זאָלסט זיי מוזן טראָגן אויפן קאָפּ; אַז דו זאָלסט זיי נישט מוזן זען, נאָר נאָכן עסן און פאַרן שלאָף; ווען עס זאָל זיך אָפּזוכן אַזאַ עמעצער, וואָס זאָל פאַר דיר אָפּטון אַלע שטובאַרבעט, ווי: קאָכן, באַקן, וואַשן, און בכלל אַלץ, אַז דו זאָלסט

נישט דאַרפֿן, ווי מען זאָגט: „טון קיין האַנט אין קאַלט וואַסער", און אפֿילו, אפֿילו — גאָט זאָל מיך נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד — זאָלסט נישט דאַרפֿן לויפֿן מיטן לעצטן אָטעם אין דער האַלב־נאַכטיקער זאַוויע־רוכע אויפֿן וואָקזאַל אַרויף מיט די: „ווייסע, פּוכקע, פֿרישע, וואַרעמע ליע־פּיאָשקעס"... ווייטער: אַכטונג געבן אויף זיך ווי גהעריק איז, אָפּהיטן דאָס געזונט: זיך גוט שפּייזן; עסן און טרינקען לויט דיין געשמאַק; פֿיל שפּאַצירן אויף דער פֿרישער לופֿט; נישט וויסן פֿון קיינע זאָרגן; און בכלל קענען אויספֿירן, אַז זאָלסט אויף אַ שטיקל צייט נישט וויסן פֿון גאָרנישט, וואָס איז נוגע דער עקאָנאָמישער לאַגע, און אין זינען האָבן נאָר זיך און זיך און זיך, דערנאָך, האַלטנדיק אַזאַ רעזשים געציילטע עטלעכע חדשים — אָבער אים שטערנגג האַלטן! נישט מיד ווערן אויף האַלבן וועג — וואָלסטו שוין אַליין געזען, ווי קיינער וואָלט נישט געוואַגט דיר צו געבן אפֿילו קיין פֿאַלנע פֿינף און צוואַנציק יאָר...

אויף מרימס פּנים זעצט זיך אַ שווערער וואָלקן. זי באַטראַכט מיט אַ ווייטיקלעכן קוק אירע אויסגעדבּרטע און אויסגעאַרבעטע פֿינגער פֿון די הענט און שטאַמלט שטיל אַרויס מיט אַן אומגליקלעך שמייכעלע:

— אָבער עפּעס האַלט עס, דאַכט זיך, נישט ביי אַזעלכע עטלעכע חדשים, ווי דו מאָלסט אויס. איך האָב נאָך אויף מיין לעבסטאָג קיין איין חודש אַזעלכן נישט געהאַט.

— ווייסט דו, אַז עס האַלט נישט, און איך ווייס, אַז עס האַלט יאָ! דערציילט מיר, קינדער, ווי אַזוי לעבט זיך אייך?

מרים טוט אַ טיפֿן קרעכץ:

— זייער שלעכט, שלמה! זייער שלעכט... אַזוי ביטער, ווי איצט, איז אונדז נאָך קיין מאָל נישט געווען. כאַטש נעם די קינדערלעך אויף די הענט און וואַרף זיך מיט זיי אין וואַסער אַריין —

— טע־טע־טע... דו ביסט שוין אויך געוואָרן, זע איך, אַ שטיקל פּאָע־טעסע און אַ בעל־גוזמאַניצע. שטענדיק, זאָגט די וועלט, קומט דאָס גוטע, ווען אָרום און אָרום איז שוין שטאַרק פֿינצטער. בין איך, הייסט עס, גע־קומען פּונקט צו דער געהעריקער צייט! דערציילט זשע מיר געניו: וואָס קוועטשט אייך אַזוי? ווו דריקט אייך אַזוי שטאַרק דער שוך?

מרים גיט אַ טיפֿן זיפֿץ:

— פֿאַרשטייסטו מיך שלמה, קודם־כּל איז שוסטעריי אין אונדזערע מקומות, נאָר אַ ווינטערדיקע אַרבעט. זומער גייען דאָ אַלע באָרוועס. דאָ איז דיר נישט אייראָפּע. איז שוין טאַקע פּאַוואָלינקע העכער אַ חודש צייט, אַז עובדיה האָט נישט פֿאַרדינט קיין צעבראָכענעם גראָשן. דו קענסט דער־פֿון אַליין פֿאַרשטיין: ווי אַזוי דער שווער איז דאָרט אויך אַ גוטער קבצן, אַ קאָלכאָזנע באַטראַק, פֿון דעסט וועגן האָט ער אונדז געמוזט צושיקן צוויי הונדערט רובל. ווען נישט ער... ווייס איך טאַקע נישט, וואָס עס וואָלט געווען... ווייטער, בין איך אַליין שטאַרק נישט מיט אַלעמען. איך האָב דאָס לעצטע מאָל געהאַט אַ שרעקלעך שווער טראָגן. דאָס קינד האָט

ביי מיר נישט וואָס צו זויגן. די ברוסטן — אַזוי ווי ליידיקע בייטעלעך. נאָר איך דערצייל דיר אַלץ נאַרישקייטן. ס'איז נאָך דאָ אַ ביסל ערגערס. איובֿס צרות האָבן זיך אויף אונדז אויסגעגאָסן! מיר האָבן אויף זיך אַ גרויסן, גרויסן אומגליק —

— וואָס איז שוין ווידער פאַר אַ נייעס?

— די מיליץ האָט פאַר עפּעס געטראָגן אַ שנאה אויף עובדיהן. קענס־טו דאָך מיינען: מי יודע פאַר וואָס פאַר אַ פאַרברעכן? טאָ הער זשע: זיי האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל זיי אויף נייַ־יאָר מאַכן אַכט פּאָר שטיוול — פאַר דער גאַנצער נאַטשאַלסטווע — אויף קרעדיט. דו פאַרשטייסט דאָך, ווי אַזוי מיליץ וועט אַ מאָל אָפּגעבן — אייביק נישט! און ווי פאַרמאָגן מיר זיי צו געבן אַזאַ אומברחמנותדיקע קאָנטריבוציע? האָט ער זיי אָפּגע־זאָגט... נו־נו, פרעג שוין ניט, ווי זיי האָבן עס געפייערט... ווי די עכטע באַסמאַטשן! * בקיצור: איז מען אָנגעפלויגן מיט אַ רעוויזיע. עס דאַרף שוין אודאי זיין אין דער מעשה אַ וואָכן זעקס. נו, וואָס האָסטו צו קלערן? מיר זענען רעכט אין דער אַרבעט! מען האָט ביי אונדז געפונען פינף פּאָר מיליטערישע שטיוול. עס פאַרשטייט זיך, נישט חלילה קיין נייע — האַלב צעריסענע, אָבער מיליטערישע, בלייבט פאָרט מיליטערישע. עובדיהן האָט מען אויפן אָרט אַרעסטירט. ער איז אָפּגעזעסן זעקס טעג מיט זעקס נעכט. האָב איך גענומען די באַבע מיט מיין ביסל קליינוואַרג און איך בין מיט זיי אַוועקגעגאַנגען צום פּראָקוראָר און מיר האָבן זיך אַלע אַוועק־געזעצט ביי אים אין קאַבינעט. דער שטאַטראַט האָט זיך אויך אָנגענומען פאַר מיר ** Многодетная мать! דער סוף איז געווען: מען האָט אים אונטער אַ חתימה, אַז ער וועט נישט פאַרלאָזן די שטאָט, אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי ביזן געריכט. הלוואי איך זאָל בעסער ליגן זאָגן: ער וועט מן־הסתם אַריינכאַפּן פינף יאָר, אויב נישט מער —

שלמה, אַ דערשטוינטער:

— איך פאַרשטיי נישט, פאַר וואָס זשע אַנטלויפט ער נישט וווהין עס איז?

— וווהין זאָל ער לויפן? און ווידער, אין מלחמה־צייט קען מען ער־גען אַנטלויפן? דאָ גייט ער נאָך אָן פאַר אַ שטיקל אינוואַליד, אָבער אין דער וועלט? און ווידער, אויף וועמען וועט ער מיך איבערלאָזן? עפּעס האָט ער דאָך קיין עין־הרע אַ פאַמיליע פון צען נפשות! אָן אים, זענען מיר דאָך גאָר אין גאַנצן הפקר. אויף ברויט אַליין דאַרף מען דאָך האָבן אַן עשרות, איך רעד שוין נישט פון עפּעס צום ברויט. וואָס האָסטו צו קלערן? דו מעגסט אונדז מקנא זיין... ס'איז אונדז ניין מאָל גוט —

* אין די אַזיאַטישע שפּראַכן: באַנדיטן, רוצחים.

** אַ מוטער פון פיל קינדער.

# קאַפּיטל XXXVIII

דער סאַנדאַל שטייט אָפּגעדעקט — צו יציאת־נשמה דעקט מען אים שוין אָפּ — און אין זיין גסיסה־צושטאַנד זעט ער אויס ווי אַן אָפענע ווונד, אין וועלכער עס באַוועגט זיך — נישט קיין נוטה־למותדיק פלעמעלע, נאָר — אַ קאַליווזשקעלע פון געל־בלאָען אייטער.

דער „סאַנדאַל" — דאָס איז דער איינציקער טיפּ אויוון, אָדער הרובע, אין די דרום־מזרחדיקע אַזיאַטישע לענדער, אויף צו באַוואַרעמען דאָס ווינצימער. דאָס דאָזיקע אייוועלע שטעלט מיט זיך פאָר אַ פיר־עקיקן גרוב פון אַ מין האַלבן מעטער די טיף, וואָס געפינט זיך אין מיטן דער שטוב, אין וועלכן — עס פאַרשטייט זיך, אַז בלויז ווינטערצייט — עס „הייצט זיך" בלי הפסק: ביי טאָג און ביי נאַכט, תמיד און שטענדיק. דאָס „הייצן זיך" מיינט: אָדער עס רויכערן זיך דאָרט אַליין־געמאַכטע קניילעכלעך פון שטיינקוילן־שטויב; אָדער משונה־אויסגעקרומטע וואָרצלען פון סאַקסאַול; * אָדער אויסגעטריקנטע קיזיאַקעס פון קעמלען, פון אייזלען, פון שאָף און רינדער און — אפילו פון הינט...

ווען דאָס גרוימע, ליימענע חדר ווערט פול מיט רויך, נאָר אויף דערשטיקט צו ווערן, דאַן צעעפנט מען די פענצטער אין פּראַסטיקן דרויסן אַרויס און עס שפּאַרט אַרויס אויף דער גאַס אַ שוואַרץ־גראָער וואָלקן רויך. אין די שמאָלע געסלעך פלעכטן זיך צוזאַמען און קנוידערן זיך צונויף אָן אַ שיעור אַזעלכע שוואַרץ־גראָע וואָלקנס, וועלכע וואַלגערן אַרויס פון די אָפענע פענצטער און פאַרשטינקען דעם גאַנצן קוואַרטאַל מיט די גיפטיקע גאַזן: פון איבערגעברענטן אַנטראַציט; פון פאַרקריפּלטע מדבר־וואָרצלען; און ועל כלם — מיט די שאַרפע, אומדערטרעגלעכע ריחות פון ברענענדיקער צואה —

אויף אָט דעם פייערגרוב ווערט ביי זיי אַרויפגעשטעלט אַ ספּעציעל, נידעריק טישעלע, וואָס איז ענלעך אויף אַ שוסטערטישל אין אונדזערע מקומות, דאָס דאָזיקע טישל ווערט איינגעדעקט מיט וואַטענע קאָלדרעס, די בני־בית זעצן זיך אויס אַרום דעם אויף דער ערד, מען רוקט אַרונטער די באָרוועסע פיס אונטער די וואַרעמע קאָלדרעס און מען וואַרעמט זיי קעגן די ברענענדיקע קוילן. אין די פּלייצעס שניידט די קעלט מיט סכנת־נפשות; אין די פיס ברינט די היץ מיט סכנת־נפשות, און דער אוזבעק פילט אין אָט דעם זיצעניש ביים סאַנדאַל דעם טעם פון דעם גן־עדן. דאָס זיצן איינגעוויקלט אין זיין בעשמעט ** און האַלטן די פיס „אויף די קוילן" איז ביי אים פּונקט אַזוי טייער און ליב ווי ביים פראַנצויז למשל, דאָס זיצן ביים טייך מיט דער ווענטקע אין דער האַנט און חלומען מיט אָפענע אויגן.

---

* אַזאַ האָלץ, וואָס וואַקסט אין דער מדבר, און איז האַרט ווי שטיין.

** אַ וואַטענער כאַלאַט.

דאָס אונטערהאַלטן דעם „אש־תמיד" אין סאַנדאַל, איז ביים אַזיאַט איינער פון די הויפּט־סעיפים פון זיין אייגנאַרטיקן הכנסת־אורחים שולחן־ערוכל. און אָט דאָס „כסדרדיקע ברענעניש" קומט טאַקע צו נוץ אויך. לויט זייער עטיק איז דער אורח, וואָס איז אַריינגעקומען צו אים אין דער קיביטקע, קודם כל מחויב אָראָפּצושלעפּן די שטיוול אָדער אויסטון די קאַלאָשן, פאַרנעמען אַ פּלאַץ אַרום פּירעקיקן „שולחן" און אַרונטערדרוקן די פיס אונטער די קאָלדרעס, וואָס ליגן צעשפּרייטע אויפן סאַנדאַל. ווען דער אורח טוט דאָס נישט, האָט ער דערמיט בלוטיק באַליידיקט דעם בעל־הבית, און דאָס איז שוין ביי אים ערגער ווי אין טאָטן אַריין געשאָלטן... אַזאַ פלעק איז שוין ביי זיי שווער אָפּצוּוואַשן...

---

שלמהס פינגער טאַנצן נערוועז אויף זיינע קני. דאָס ליכטל, וואָס די באַלעבאָסטעס האָבן אַליין אויסגעקנעטן פון דעם פסולת פון באַראַנען־שמאַלץ, צאַנקט און צאַנקט און קען זיך בשום אופן מיט דעם עולם נישט צעשיידן. דאָס פייערל אין סאַנדאַל זויגט און לעקט אַרום פון אַלע זייטן אַ סאַקסאַולענעם סענק, וואָס איז „פון שטאָל און פון אייזן". דאָס מידע פלעמעלע הוידעט זיך פאַריאושט אויף רעכטס און אויף לינקס. מיט אַ מאָל גיט עס אַ שוואַכן צאַפּל און לעשט זיך אויס. דורכן פענצטער קוקט אַריין אַ ווייס־בלויער פרימאָרגן. די ווייטע שנייבערג רויטלען זיך שעמעוודיק פון דער אויפגייענדיקער זון.

שלמה וואַכט אויף פון זיין וואַכנדיקן שלאָף, ער כאַפּט אַ קוק אויף די פאַראומערטע פנימער פון זיינע פריינד און דערלאַנגט זיי אַ לייכט פעטשל איבער די הענט:

— פאַר וואָס קוקט איר נישט, ווי שיין גאָטס וועלטל שטייט אויף פון איר שלאָף? איר זעט דעם דאָזיקן גינגאָלדענעם פרימאָרגן? קוקט זיך אין אים גוט איין, און פאַרגעדענקט מיינע רייד! פונקט אַזוי העל און אַזוי פריידיק הייבט היינט אָן צו שיינען אייער מזל. אנו טרעפט אומיסטן, נאָך וואָס איך בין איצט געקומען אַהער?

ביידע פינכאַסאָווס קוקן אים אָן פאַרוואונדערט און ווייסן נישט, וואָס צו ענטפערן.

שלמה ציילט ווערטער:

— איך בין געקומען אַהער צו, כדי אייך מיטצונעמען מיט זיך קיין ארץ־ישראל —

די אויגן ווערן ביי זיי גרויס, זיי קריכן שיר נישט אַרויס אויפן שטערן, אָבער ענטפערן קענען זיי אים נאָך אַלץ גאָרנישט.

— יאָ, יאָ, מיינע פריינד... קיין ארץ־ישראל, קיין ארץ־ישראל... קורץ גערעדט: די מלחמה ענדיקט זיך. נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך, העכסטנס — נאָך אַ חודש, מער וועט זי שוין זיכער נישט געדויערן. די פּוילישע יידן קערט מען אום צוריק אין זייער לאַנד אַריין. קויפט מען זיך אַ פּוילישן דאָקומענט און מען פאָרט גלייך מיט זיי. און דאָרט איז שוין אַן אָפענע

וועלט. דאָרט איז אָפן טיר און טויער, אָדער — כמעט אָפן. מיר וועלן אַזוי לאַנג וואָגלען און וואַנדערן, ביז מיר וועלן מיט גאָטס הילף אָנקלאַפּן אין אַזאַ טיר, וווּ עס ווינט אָט דאָס געגאַרטע און אויסגעטרוימטע ארץ־ישראל. אמת, עס קען אונדז אויסקומען אַרומצוקרייזן איבער אַ האַלבער וועלט, זיין נע ונד היפּשע עטלעכע יאָר, אָבער דאָס, מיין איך, איז נאָך אַלץ בעסער, ווי צו פאָרן אַהין מיט גבריאַלקען, ימח שמו וזכרו! וואָס פאַר אַ בעל־עגלה, אַזאַ יאַריד... עס פאָרט אויך מיין טאַטע מיט אַלע אונדזערע קינדער, איך פאַר מיט מיין פאַמיליע, נאָך פיל באַקאַנטע מענטשן פאָרן, און סתם היימישע יידן — אָן אַ שיעור! עס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי: אָן אַ שיעור... עס פאָרן נאָר אַזעלכע, וואָס זענען גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר קענען בלייבן אַ ייד, און דערצו — די וואָס פילן זיך פעסט אויפן פלאַץ. די וואָס האָבן כאָטש אויף זעקס חדשים צו לעבן מן המוכן, אַנדערש איז דאָך אַ פּחד זיך אַוועקצולאָזן בלאָנדזען אין יענע ווינסטע מדבריות, ווי דאָס פוילן מיט די איבעריקע מדינות זענען איצט. און באמת טאַקע, אַריבערפאָרנדיק די גרענעץ — אנה אני בא? די קהילות, וואָס זענען דאָרט געבליבן וועלן שטיצן די גרים? די גרויסע יידישע מאַגנאַטן וועלן נישט לאָזן פאַלן? אומשטיינס געזאָגט: מה אנו, מה חיינו? וואָס דען, ווער עס האָט די גראַצערס, דער זאָגט: יעבור עלי מה — און פאָרט, און ווער עס האָט נישט אַזוי צו זאָגן קיין צידה לדרך, דער האָט טאַקע מורא אַ פוס אַרויסצושטעלן... איך אַליין קען צענדליקער יונגעלייט, דימענטענע יידן, תכשיטים! זיי וויינען בדמעות־שליש, אַזוי גייט זיי אוים דאָס חיות אַוועקצופאָרן פון דאַנען, אָבער ס'איז אַ פּחד! פאָרן אין דער פרעמד אויסגיין פון הונגער? המבלי אין קברים במצרים, וואָס? עס וואָלטן אודאי געפאָרן יידן אָן אַ שיעור, לאַלפים ולרבבות, אָבער ווען זשע? ווען עס זאָל נישט זיין דער פּחד אַזוי גרויס: מה נאכל? מה נשתה? ווו וועט מען אַוועקלייגן דעם מידן קאָפּ נאָך אַ שווערן גלותדיקן טאָג? ווען מען זאָל וויסן, אַז מען וועט דאָרט האָבן כאָטש אַוועלכן עס איז אָנשפּאַר, ביז מען וועט זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס, ביז מען וועט אָנהייבן צו פאַרדינען דעם ביסן ברויט מיט די אייגענע צען פינגער. אָבער די מסירת־נפש־מענטשן, וואָס פאָרן אויף הפקר, נישט וועלנדיק זיך אָפּגעבן קיין דין וחשבון, וואָס דאָרטן וועט זיין, און די „יש לאל ידי" יידן, וואָס קענען זיך איבערמוטשען אַ שטיקל צייט, די פאָרן יאָ, אַ דאַנק גאָט פאַר דעם ביסל. הצלה פורתא, נמי הצלה הוי. לאָמיר זאָגן, עלעהיי: אַ קליינינקער יציאת־מצרים...

עובדיהס קאָפּ קען נאָך אָבער אַלץ נישט באַנעמען:

— איך פאַרשטיי נישט... וואָס זשע פאַר אַ שייכות האָט אָט די גאַנצע מעשה צו אונדז? מיר דערציילן דיר דאַכט זיך גוט, אַז מיר לעבן מיט אַ געציילטן ביסן, קומסטו גאָר צו גיין מיט פּראָיעקטן פון אַרומוואַנדערן יאָרנלאַנג — מיט וואָס? מיט ווען? מיט די נאַקעטע צען פינגער?

— וואָס איז דיין עסק? איך נעם אייך אויף מיינע הוצאות! איך בין

אַ ייִד אַ גביר... איך שטעל דיר צו דיין געזינדל קיין עין־הרע פראַנקאָ ירושלים —

מרים כאַפּט אָן שלמהס האַנט און פּאַליעט אַרויס אין איין אָטעם:

— נו, און דער פּראָצעס?

שלמה, טיף נאָכדענקענדיק:

— מיר וועלן דערצו אויך צוטראַכטן אַן עצה, נאָר נישט געזאָרגט.

מרימס אויגן ברענען ווי די פּאַקעלן. פאַר גרויס התפּעלות פאַרגעסט זי אַפילו אָפּצולאָזן שלמהס האַנט. אָבער עובדיהס פּנים איז פינצטער ווי די נאַכט. שלמה מונטערט אים פריילעך:

— נו, עובדיה, פאַר וואָס האָסטו אַראָפּגעלאָזט די נאָז? דו ביסט דען אַזוי שטאַרק פאַרליבט אין קאַרשי? צי אפשר האָלטסטו בכלל נישט פון ציון?

אין עובדיהס אויגן שטייען גרויסע טרערן פון ווייטיק, פון אומבאַ־האָלפנקייט. אַ פאַרצווייפלטער שטאַמלט ער אַרויס מיט אַ קאַליע שטימע:

— איך וועל דאָ נישט איבערלאָזן מיינע עלטערן —

— שוטה, ווער הייסט דיר זיי איבערלאָזן? און ווען דו ווילסט זיי יאָ איבערלאָזן, וואָלט איך דיך דען געהערט? איך האָב גאָר אַנדערש אפילו נישט געקלערט, ווי מיטצונעמען די גאַנצע משפחה אייערע...

עובדיה האָט שלמהן שיר נישט דערשטיקט, אַזוי האַסטיק האָט ער אים אַרומגעכאַפּט קושן. ער איז שיר נישט משוגע געוואָרן פאַר פרייד: ער האָט אונטערגעלייגט זיין קאָפּ אונטער שלמהס קני; ער האָט אים נאָר געוואָלט אָוועקזעצן צו זיך אויף די הענט; ער האָט אים לייכט געגלעט די באַקן און אומאויפהערלעך געקושט די ברעגן פון זיין קלייד. עס האָט גע־נומען אַ זמן רב ביז דער שטורעם פון דאַנקבאַרקייט האָט אָנגעהויבן איינ־געשטילט צו ווערן. מרים האָט געוויינט פאַר גליק. דאָס קליינע קינד האָט זיך אויפגעכאַפּט. זי האָט דעם געשטופּט די איינגעשרומפּענע ברוסט אין מיילעכל אַריין, און גרויסע, הייסע טרערן האָבן אומאויפהערלעך געקאַפּעט אויף אירע אָפּגעצערטע באַקן; אויף דער ברוסט; אויפן ייִנגעלעס פּנימל...

שלמה האָט געשעפּטלעך באַפוילן:

— אַצינד מיינע פריינד, זעצט זיך אַוועק צוריק אויף אייערע ערטער, און לאָמיר געגנוי אַרומשמועסן יעדע מינדסטע זאַך. דאָס פאָרן וועט אם ירצה השם אויסקומען נאָך היינטיקס יאָר, אָבער עס קען זיין — אין אַ חודש אַרום, און עס קען זיין — אין זיבן חדשים אַרום. על כן, מוז אַלץ געטון ווערן מיט אַ פּלאַן. יעדער שריט, וואָס מיר מאַכן, מוז זיין שטרענג באַקלערט און באַרעכנט. קודם כל עובדיה, נאַ דיר צען טויזנט רובל —

— ווי—פל?

— הער זיך גוט צו צו דעם, וואָס איך זאָג דיר, און שלאָג מיר נישט איבער. אין דעם פּעקעלע האָסטו צען טויזנט רובל. פון דעם געלט דאַרפסטו דערווייל לעבן. און לעבן ווי מענטשן. אויב עס וועט אייך אויספעלן,

דארפט איר מיר נאר צושרייבן עטלעכע ווערטער, וועל איך אייך גלייך צו־שיקן וויפל איר וועט דארפן. דאס שפילט נישט קיין שום ראלע. ווייטער: טאמער קענסטו בעסער פאר עטלעכע רובל צערייבן דיין ענין, איז אודאי גוט! און אויב נישט, זאלסטו מיט אלע כוחות זען אפשטופן די זאך. אויף שפעטער, אויף שפעטער... א שמיר טון איין מאל און צוויי מאל דעם סע־קרעטאר פונעם געריכט, אז ער זאל דיין ענין פארליגן אויף דער שאפע וואס ווייטער; אז נישט, איז אפשר א פלאן דערלאנגען א ספראווקע פון א דאקטער, אז דו ביסט קראנק, אדער אז דיין פרוי איז קראנק. מיט איין ווארט: זאלסט זיך מיט אלע כוחות באמיען אפשטופן דעם ענין אזוי לאנג, ביז אונדזער אפפאר וועט מעגלעך ווערן. פארשטאנען?

— פארשטאנען. נו, און —

— אן קשיות! צו לעצט, אז איך וועל ענדיקן, איז וואס עס וועט דיר בלייבן קשה, וועל איך דיר פארענטפערן. איך האב דאכט זיך אלץ באַ־ווארנט. בקיצור, נחזור לענייננו: טאמער אבער זעסטו, אז עס העלפט נישט קיין שום סגולה און דאס געריכט מוז שוין פארקומען, דאן אנטלויפסטו צו מיר קיין סאמארקאנד. איך וועל דיך דארט אויסבאהאלטן ביז צום פארן, און עמעצער פון דייניקע וועט שוין ברענגען מרימן מיט די קינ־דער אויך צו מיר, וועלן מיר וווינען צוזאמען א שטיקל צייט.

— און ווי אזוי —

— ווארט, איך האב נאך נישט געענדיקט. היינטיקן טאג וועל איך איבערזיצן ביי אייך אין שטוב. איך וועל אין ערגעץ נישט ארויסגיין, כדי איך זאל זיך קיינעם נישט ווארפן אין די אויגן. ביי נאכט פאר איך אפ צוריק אהיים. א פאטאגראף איז פאראן ביי אייך אין קארשי?

— יא, ס׳איז דא —

— אין עטלעכע שעה ארום דארפט איר זאלבעדריט מיט דער גאנ־צער כאליאסטרע קיין עין־הרע צוגיין צום פאטאגראף און מאכן צו פיר מאמענטאלע בילדער פון יעדן איינעם! טאמער פרעגט מען דיך: מה היום מיומים? זאלסטו זאגן, אז דער טאטע דיינער האט שטארק געבעטן, אז דו זאלסט צושיקן. ער וויל קענען די אייניקלעך, ער וויל א קוק טון אויף דער שנור. און דאס אלץ מוז געבוירן ווערן על אתר! תיכף ומיד! געדענק, די בילדער דארף איך מיטנעמען מיט זיך. איצט זאג מיר אזא זאך: פון וויפל מענטשן באשטייט דיין פאטערס משפחה?

— דער טאטע מיט דער מאמען, זאלן לעבן און געזונט זיין, פיר זין און דריי טעכטער. איין שוועסטער האב איך אן אויסגעגעבענע, נאר דער מאן אירער איז געהרגעט געווארן אין דער מלחמה. און נאך איין זון, אן אויסגעגעבענער... די איבעריקע שוין — יינגלעך און מיידלעך...

— און אלע זענען זיי שוין עלטער פון זעכצן יאר, קיין עין־הרע?

— וואס פרעגסטו? וואס איז, אליין געדענקסטו נישט?

— נו, און די אייניקלעך — אלע יינגער פון זעכצן יאר?

— אָ־אָ! פיל יינגער!

— און ביי די אַליין איז דאָס עלטסטע נאָך אויך קיין זעכצן יאָר נישט אַלט?

מרים איז אויסער זיך פון זיין לעצטער פראַגע:

— וואָס פרעגסטו אַזעלכע נאַרישקייטן? וויפל איז ערשט אין גאַנצן דאָ זינט... וואָס רעדסטו?

שלמה באַדענקט זיך:

— הם! איך רעד טאַקע נאַרישקייטן. וואָס ווילסטו? דער קאָפּ איז היינט קאַרג פּריטשמעליעט? ס׳איז מיט ניסים, אַז מען גייט נישט אַראָפּ פונעם זינען. ביי מיין יוכבדן איז די גאַנצע משפּחה אירע אויסגעשניטן געוואָרן... זעקס ברידער ווי די טאָפּאָלן... וואָרט זשע: דריי זין, דריי טעכ־טער און דריי פּאָרפּאָלקן — צוועלף, הייסט עס. היינט, די באַבושקע זלפּה, איז שוין דרייצן... אַן ערך פון: צוויי הונדערט טויזנט —

עובדיה, אַ בלייכער, בייגט זיך צו:

— וואָס האָסטו עפּעס געזאָגט צוויי הונדערט טויזנט?

— גאָרנישט. נאַרישקייטן. עס שפּילט נישט קיין שום ראָלע. פּאַר אַ נויט איז דאָ דזשאַמבול... דאָרט — וויפל איך וועל דאַרפן...

כאַפּנדיק זיך דערוויף, אַז ער רעדט צו זיך אַליין, און די פינכאַסאָווס פאַרשטייען נישט אפילו קיין איין וואָרט, גיט ער זיך אַ כאַפּ:

— איך זאָג, דו דאַרפסט נאָך היינט אויפליינגן אַ טעלעגראַמע קיין מאַרי, אַרויסרופן עמעצן פון דייניקע, דערציילן אים פון דעם נייעס, און אים גלייך אָפּשיקן צוריק אַהיים נאָך פאָטאָגראַפיעס, און די פאָטאָגראַ־פיעס ברענגען צו מיר נישט געזאַמט. מיין אַדרעס לאָז איך אייך דאָ אי־בער... און מיט דיין „דיעלע”, זאָג איך דיר ווידער אָן: זאָלסט נישט קוקן אויף קיין מטבע, און אויב ס׳איז נישט מעגלעך זי אין גאַנצן מקבר צו זיין, על כל פנים: אָפּשלעפּן, אָפּשלעפּן, ווי ווייט מעגלעך אָפּשלעפּן... דאָן איז במילא: בת דינא, בטל דינא... * קיין שום בן־אדם, קיי—נער חוץ די פּאָרערס, טאָר נישט וויסן פון אונדזער פּלאַן, אַז נישט, זענען מיר אַלע פאַרפאַלן. פאַרטיק, אָט דאָס איז דאָס! נו, איצט קענסטו פרעגן, וואָס דיין האַרץ גלוסט... זאָג, וואָס האָסטו געוואָלט פרעגן?

עובדיה איז געשטאַנען און האָט נאַריש געפּינטלט מיט די אויגן:

— איך האָב שוין פאַרגעסן... אַלץ איז פאַרשטענדלעך...

שלמה דרייט זיך אויס צו מרימען:

— נו, און אַצינד באַווייז זיך מיט דיינע ליליפּוטלעך. ווי אַזוי רופט מען אָט דעם? אבנר? קיין עין־הרע אַ העלד! און אָט דעם? גדעון? פיין, פיין... און אָט די? פנינה? ס׳איז שיין צו קוקן אויף איר! נו, און אָט די בת־מלכה? שולמית? אַ קיסרישע צורה! זי שיינט קיין עין־הרע ווי דער מאָרגנשטערן... און אָט דאָס מיידעלע? אבישג? מאַמע האַרציקע — וואָס

---

* קוים האָט מען דעם דין נאָר אָפּגעלייגט איבער נאַכט, איז ער שוין בטל.

פאַר אַ נעמען עס באַהאַלטן זיך צווישן אַט די פיר ווענט. אַ גייענדיקער תנ"ך! און אַט דעם פּעמפּיק? יונתן? אַ פּרינץ, הייסט עס... און אַט דעם? גמליאל? גזלן, וואָס זשע שווייגסטו? אַזעלכע נעמען ווי דו האָסט זיך אויס־געקליבן איז דאָך צוקער־זיס צו נעמען אין מויל אַריין... נו, און ווער איז דאָ ביי דיר — אבא־חלקיה? אַט דער? אָך, קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַטן, וואָס פאַר אַ קראַסאַוויצע!

מרים צעוויינט זיך פּלוצלינג אויף אַ קול:

— האָבן מיר, הייסט עס, טאַקע דערלעבט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און דער זיידע נישט... האַ, שלמה, וואָס שווייגסטו? מיר האָבן יאָ דעם זכות און ער נישט...

שלמה האָט מיט אַ מאָל פאַרלוירן זיין לוסטיקייט. אַ היפּשע ווײַלע שטייט ער אומבאַוועגלעך, ווי אַ גיפּסענע סטאַטוע, דאַן רופט ער זיך אָן בלבֿ נשבר ונדכה:

— שוועסטער מיינע, ווער קען עס גיין קעגן הימל? נתבקש לישיבה של מעלה — און לאָד זיי צום „ונתנה תוקף"... מען האָט זיך דאָרט אַ פּנים שטאַרק מתקנא געווען אין אונדז, פאַר וואָס מיר פאַרמאָגן דאָ אַזאַ תכשיט; אַזאַ אבן־טוב; אַזאַ זעלטענעם צירונג און מען האָט אים ביי אונדז צוגענומען... כל דאלים — גבר... און מיר קענען נאָר זאָגן: גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט...

---

אין דער זעלבער נאַכט, מיט אַ ליידיקן פּאָרטפעל אונטערן אָרעם און מיט פאָטאָגראַפיעס אין בוזעמטאַש, האָט שלמה איינער אַליין געשפּאַנט צום וואָקזאַל. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל אים באַגלייטן...

ווידער האָט די לבנה געזילבערט די גאַנצע אַרומיקע געגנט; ווידער האָט דאָס ווינטעלע אָנגעשטעקט שלמהן מיט פרייד, מיט לוסטיקייט, מיט יונגן פייער; ווידער האָט אים בקול העוגב זיס געקלונגען אין די אויערן דער ערבֿ־פּסחדיקער ניגון:

„אתי מלבנון, כלה — מיט מיר פון לבנון, מיין כלה; אתי מלבנון תבואי — מיט מיר פון לבנון וועסטו קומען; תשורי מראש אמנה — דו וועסט אַראָפּקוקן פונעם שפּיץ פון אמנה; מראש שניר וחרמון — פונעם שפּיץ פון שניר און חרמון; ממעונות אריות — פון די וווינונגען פון די לייבן; מהררי נמרים — פון די בערג פון די לעמפּערטן...

און די שטערנדלעך האָבן שטיפעריש צוגעוווּנקען:

— וואָס דען האָסט דו געמיינט, שלמה? ווי לאַנג ערשט האָסטו גע־זונגען אַט דעם „געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען"? ס'איז ביי אייך — דאָרט אין טאָל — זענען עטלעכע צענדליק יאָר אַ גאַנצע מעצאָצע, אָבער ביי אונדז אויפן דאַך, לאַכט מען פון דרייסיק יאָר און פון דרייסיק טויזנט יאָר...

*

ס'איז פאַריבער אַ וואָך.

אין אַ שיינעם, וועסנעדיקן פרימאָרגן איז צו שלמהן אין שטוב אַריין אַריינגעקומען אַ הויכע, גראַציעזע שאַטענקע מיט גרויסע מאַנדל־אויגן:

— דאָ וווינט פּיאַטיגאָרסקי?

— דאָ וווינט פּיאַטיגאָרסקי.

— ווער איז דאָ שלמה?

— איך בין שלמה, און ווער זענט איר?

— און איך בין אביגיל! דערלויבט זיך מיט אייך צו באַקענען.

אויף שלמהן האָט עפּעס אַ ווייע געטון מיט דוד המלכס צייטן: אביגיל — אַ קליינִיקייט? ער האָט אַ דריק געטון אַ צאַרט הענטל מיט לענגלעכע פינגער און איז פון דעסט וועגן געבליבן נישט ווייסנדיק:

— אַנטשולדיקט, איר מיינט, אַז אויב איר זאָגט: אביגיל — ווייס איך שוין, ווער איר זענט? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן...

— איר קענט זיך נישט דערמאָנען? אביגיל פּינכאַסאָוו. רבי חזקיהס טאָכטער.

— אָך! אַזוי זשע רעדט! וואָס זשע שווייגט איר? קומט אַריין נעענטער. יוכבד, אָט דאָס מיידל איז דער מרימס אַ שוועגערין, אונדזערע אַ מיטרייזנדיקע. זייט באַקאַנט, אביגיל.

די פרויען האָבן זיך דערלאַנגט די הענט, זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און האָבן זיך אומגעריכט צעקושט. מען האָט אַלע צוזאַמען איבער־געקוקט די בילדער. איין בילד איז געווען שענער פון דעם אַנדערן. באַזונדערס האָבן אַלע פּיאַטיגאָרסקיס — וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן זיך באַקענען מיט יענער ווונדערלעכער מרימס שוועגערין — באַוווּנדערט דאָס שיינקייט פון די אייניקלעך: די אַלמנה האָט געהאַט צוויי מיידעלעך און דער אויסגעגעבענער זון — דריי ייִנגעלעך און איין מיידעלע.

שלמה האָט אַ פליעסק געטון מיט די הענט:

— איך זאָג אייך, מען וועט מיר אין ארץ־ישראל געבן אַן אָרדען פאַר די קראַסאַוועצעס, וואָס איך פיר זיי אַהין צו. טאַקע איינס און איינס. אַנו, עס זאָל כאָטש זיין איינער אַ בראַקאָווע. וואָס זאָגסטו, טאַטע? ניין, אפשר? אחד מהם לא נותר — אָן מותרות! פּערווע סאָרט! האַ? אביגיל, גיט איבער אייער טאַטן... יאָ, מחשבותן! פון זבולונען הערט מען גאָרנישט?

— פונעם ערשטן טאָג אָן, אַז מען הערט נישט קיין איין וואָרט. נאָר אין אַשכאַבאַד האָט דאַמאָלסט דער פּראָקוראָר געזאָגט, אַז ער איז פאַר־שיקט געוואָרן — און שוין... נישט: ווהין, נישט: אויף וויפל...

נאָך אַ קורצער פּויזע טוט אביגיל אַ רייצנדיקן שמייכל:

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, רבי שלמה? מיר דאַכט זיך, אַז איך געדענק נאָך, ווען איר מיט מרימען זענט דאַמאָלסט ביי נאַכט

געקומען צו אונדז זיך געזעגענען. כאָטש איך בין נאָך דאַן גאָר אַ ברעקל געווען, אָבער יענער פינצטערער אָוונט האָט זיך מיר טיף פאַרקריצט אין זכרון, און מיר דאַכט זיך אפילו, אַז ווען איר זענט דאַמאָלסט געקומען, האָב איך אייך אויפגעעפנט די טיר. אָ! ס'איז שוין לאַנג אין דער מעשה... אַ גאַנצע אייביקייט...

— יאָ... זאָג איך, הייסט עס, איר זאָלט איבערגעבן אייער טאַטן, אַז אין זינען פון פאָרן איז דערווייל עפּעס שטיל געוואָרן, אָבער איינס האָט נישט מיטן צווייטן. ער זאָל זען ווי ווייט מעגלעך צו זיין גרייט מיט אַלע־מען. זאָל ער אויספאַרקויפן — בסוד־סודות, פאַרשטייט זיך — ליקווידירן, וואָס ער האָט דאַרטן. טאָמער פאַרפּלאָנטערטע ענינים. מיט איין וואָרט, זיין גרייט, ווי אין דער הגדה שטייט — מיט אַלעמען! ווייל דאָס פאָרן קען אויסגעפּיקט ווערן אפילו אין מיטן דער נאַכט, אַזוי ווי אין מצרים. איר האָט אַ מאָל געלערנט חומש? איר געדענקט — „כה אמר ד': כחצות הלילה אני יוצא בתוך מצרים... ותחזק מצרים על העם למהר לשלחם מן הארץ"... קורץ דערפון, לאָמיר בעסער רעדן עיקר: אַלע פּאַרמאַליטעטן, דאָקומענטן, פּראָפּוסקן — אַלץ וועל איך שוין דאָ צוגרייטן. וואָס נאָך? — דאָס פאַרשטייט איר מן הסתם אַליין אויך — קיינעם אַ וואָרט נישט! ווייטער... יאָ, איר וועט דאָ אַ ביסל פאַרברענגען מיט אונדז?

— איך האָב שוין אפילו אַ בילעט אויף צוריק. איר פאַרשטייט? אַ קאָלכאָז... סאַמע אַרבעטסצייט... מען איז דאָך פאַרקויפט... פריער מיט עט־לעכע טעג בין איך געפאָרן קיין קאַרשי, איצט אַהער. ניין, דאָ זיך פאַר־זאַמען קען איך נישט...

— וואָס מאַכן אייערע עלטערן אין געזונט?

— אַזוי, נישקשה. דאַנקען גאָט. נישט מער, וואָס די מאַמע הערט נישט אויף צו וויינען פון דאַמאָלסט אָן... גליך ווי דאָס זאָל האָבן גע־טראָפן ערשט נעכטן, נישט צוריק מיט דרייצן יאָר... אָבער וואָס ווילט איר, פאָרט דער עלצטער זון —

שלמה טרייסלט אָפּ אומבאַמערקט אַ פּלוצלינג אָנגעלאָפענע טרער און זאָגט טרוקן ביז גאָר:

— קומט צום טיש. ווי מיר עסן נאָר אָפּ מיטאָג, פּאַקט אייך מיין פרוי איין שפּייז אויפן וועג, און איר גייט שוין צום צוג, מען דאַרף דאָרטן זיין פאַר פרי...

# קאפיטל XXXIX

אין עטלעכע טעג ארום, נאָך אביגילס אוועקפאָרן, האָט זיך אויף דער גאַנצער וועלט צעריסן אַ פריידנס־באָמבע:

— אוים מלחמה!

ווייסע מלאכים, מלאכי־השלום, האָבן צעטראָגן די בשורה־טובה אַל ארבע פנות־העולם:

— שלום אויף דער וועלט! שלום אויף די מענטשן! ולא יהיה עוד בהם נגף!

אַלטע לייט האָבן מיט שיינענדיקע אויגן זיך אָנגעזאָגט די בשורה איי־נער דעם אַנדערן, און ברוגז צוגעגעבן:

— זיך שוין גענוג אָנגעשאָסן! מען מעג שוין אויפהערן! שוין צייט אַן עק צו מאַכן!

אוזבעקישע אָרקעסטערס פון: פייפאָלן, פויקערס און צימבאַליסטן האָבן אַרומגעשמייעט איבער אַלע גאַסן און האָבן פאַרלייגט די אויערן מיט זייער הארמידער, מיט זייער גרילצנדיקן קלאַפּערגעצייג.

מען האָט זיך געקושט אין די גאַסן. לחלוטין פרעמדע מענטשן האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, זיך געקושט און געטאַנצט און געוויינט... געוויינט, גע־וויינט, געוויינט... ביי יעדן איינעם האָט זיך מיט אַ מאָל אויפגעעפנט אַ קוואַל פון טרערן; פון זודיקע, בלוטיקע טרערן... די ידיעה, אַז דאָס „פּאַ־לעניש" האָט שוין אויפגעהערט, האָט ערשט פון דאָס ניי אויפגערודערט אַלע וווּנדן... ערשט איצט האָט שמערצלעך באַנג געטון, פאַר וואָס די נאָענטע האָבן נישט דערלעבט די ישועה; פאַר וואָס זיי איז שוין אַלץ איינס: יאָ מלחמה, צי נישט מלחמה... דאָס געוויין האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַלע טאַנצנדיקע; דאָס טאַנצעניש האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַלע וויינענדיקע און עס וואָלט קיינער נישט געקענט ענטפערן: צי איז דאָ אַ חתונה? צי איז דאָ אַ לוויה? צי עפּעס אַ מין תערובות פון אַ חתונה מיט אַ לוויה צוזאַמען?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין אויף צו מאָרגנס, „אסרו חג", האָט זיך די פראַגע וועגן דער אָפּטאַציע אַ רוק געטון פאָרויס, און אין דער סגור ומסוגרדיקער ביוראָ פון די פראָפּוסקן, איז אויך דערמעגלעכט געוואָרן דער אַריינטריט. אוים מורא טאָמער דערקענט אים עמעצער אויף דער גרענעץ, אָדער אפילו פון יענער זייט גרענעץ און דעמאַסקירט אים, — קיין מוסרים האָבן נישט געפעלט נישט דאָ, און נישט דאָרטן, — האָט שלמה זיך אויפגעהערט צו

שערן די באָרד. דאָס איז געווען די עצה היעוצה פאַר אַלע יונגעלייט, וואָס האָבן געמאַכט דעם זעלבן קונץ, וואָס ער. גאָר אין אַ קורץ שטיקל צייט האָבן זיך זיינע באַקן אָנגעטון אין אַ רונד, שוואַרץ בערדעלע, וועלכעס האָט אים געמאַכט נישט צו דערקענען.

אין חודש יולי איז עובדיה, נישט טויט, נישט לעבעדיק, געקומען צו לויפן קיין סאַמאַרקאַנד. דאָס געריכט איז באַשטימט געוואָרן אויף דער זעל־בער וואָך. שלמה האָט אים געטרייסט, אַז ס'איז שוין מיט גאָטס הילף גע־בליבן נישט לאַנג צו וואַרטן. נאָך אַ חודש, נאָך צוויי, וועט מען שוין מן הסתם קענען פאָרן.

דער זומער איז געגאַנגען זיין הייסן וועג. מסחרים האָבן זיך אָפּגע־שטעלט — דער עולם איז געלאָפן „אהיים", אויף מערב, מיט אַלע וועגן און אומוועגן. אוזבעקיסטאַן — וועלכעס האָט אין דער קריג אויסגעזען ווי אַן אייראָפּעאיש לאַנד — האָט צוריק אָנגעהויבן ווערן אוזבעקיסטאַן. פון די שפּיטעלער האָבן אָנגעהויבן אויסצורונען די „ווייסע" דאָקטוירים; פון די פאַבריקן — די אינזשיניערן; פון די הויכשולן — די פּראָפעסאָרן; נאָר אַ גרויסער רוב פון די רעליגיעזע יידן האָבן זיך נישט גערירט פון די ערטער, ווייל... ווייל קיין טראַנספּאָרטן מיט פּוילישע יידן זענען נאָך נישט געגאַנגען...

---

...ס'איז אונטערגעלאָפן תשעה־באב... ס'איז אָנגעלאָפן אלול...

דאָס איז געווען אין אַ שפּעטער אויפדערנאַכטיקער שעה. ביי שלמהן אין שטוב האָט זיך אויפגעעפנט די טיר, אויף דער שוועל האָט זיך באַ־וויזן דאָס שיינע קעפּל פון אביגיל פינכאַסאָוו און הינטער איר — אַ פרעמ־דער מאַנסביל. אביגיל איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי שיין, ווי אין דער דאָזיקער מינוט. אירע אויגן האָבן ממש באַשטראַלט דאָס גאַנצע צי־מער. דאָס פרישע פּנים אירס האָט געאָטעמט מיט גליק, מיט פרייד און מיט אַן איינגעהאַלטענעם פייער — זי האָט פאַרשיינט די גאַנצע וועלט. שלמה, יוכבד און עובדיה זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און האָבן מיט איין קול אויסגעשריגן:

— אביגיל, וואָס האָט געטראָפן? ווי קומסטו אהער?

— איך האָב אייך געבראַכט אַן אומגעריכטן גאַסט —

שלמה האָט באַטראַכט דעם פרעמדן יונגנמאַן און האָט העפלעך גע־פרעגט:

— ווער זענען זיי? איך קען זיי נישט —

אביגיל האָט אָבער געשוויגן. איר ליכטיקער „מינדאַל" האָט זיך צווי־בערנדיק געזשמורעט פון דעם „צוועלפער" לאָמפּ, און זי האָט געשמייכלט צו זיך אַליין. שלמה האָט אַ פאַרלוירענער געפירט מיט די אויגן פון אביגילן אויפן אורח און פון אים אויף איר און האָט ענדלעך געזאָגט צום פרעמדן:

— מילא, ווער איר זאָלט נישט זיין, אָבער אַלץ איינס שלום־עליכם קומט דאָך אייך. פון וואַנען זענט איר?

— פון סאַלאָווקי,* חכם שלמה —

שלמה איז פאַר שרעק אַזש אָפּגעשפּרונגען צו דער וואַנט, אַלע זיינע רמ"ח אברים האָבן זיך געקליבן אַרויסשרייען אַ שרעקלעכן נאָמען, נאָר עובדיה האָט ביי אים אויסגעכאַפּט:

— גוואַלד, ס'איז זבולון!

— ברודער מיינער!

אומאַרמונגען... טרערן... קושערייען... אַלע האָבן גערעדט. אַלע האָבן געשריגן. נחומל איז געלאָפן נאָכן זיידן. עס זענען געקומען צו לויפן שלמהס עלטערן מיט די קינדער. יוכבד מיט אירע שוועגערינס האָבן זיך גענומען גרייטן אַ רייכע סעודה, גאָר־גאָר אויף אַן אַנדער מין אופן. די שוואָגערס האָבן זיך צעלאָזט לויפן איבער דער שטאָט קריגן לייטישע משקה. די אוזבעקן: די בעלי־בתים, די שכנים, דערזעענדיק, אַז ביי דער רוסישער משפחה איז פּלוצלינג געוואָרן אַזאַ גרויסע שמחה, האָבן זיי אָנ־געהויבן צונויפצוטראָגן זייער חלק משלוח־מנות: ווער — אוריוק; ווער — קישמיש; ווער — אינזשיר, דיניעס, קאַווענעס, וויינטרויבן, און נאָך פאַרשידענערליי זיסקייטן, מזמרת־הארץ.

אין מיטן דעם גרויסן רעש האָט זבולון פאַרנומען עובדיהן אויף אַ זייט:

— איך זע, ברודערל, אַז דו ביסט מיט שלמהן אויף „דו", טאָ זאָג אים, איך בעט דיך, אַז אויך איך וויל טון דאָס זעלבע, וואָס איר אַלע... וואָס וועל איך זיך דאָ אַרומוואַלגערן איינער אַליין? אָט דאָס האָב איך זיך אַזוי געיאָגט אַהיים, אַז איר זאָלט אַוועקפאָרן און איך זאָל דאָ בלייבן אַן עלנטער? וועסטו אים זאָגן? ווי מיינסטו, ער וועט מיך אויך קענען מיט־נעמען? שאַ! ווייסטו וואָס? קודם כל פרעג אים, צי עס וועט אים נישט אַרן, אַז איך מיט אים זאָלן אויך איבערגיין אויף „דו"... פרעג אים, וואָס אַרט דיך?

— אָ, ברודער, דאָס וועסטו ביי אים לייכט פועלן! שלמה, קום נאָר אַהער. זבולון וויל אויך זיין מיט דיר אויף „דו", זאָג איך אים, דעם שוטה —

שלמה האָט אַן ווערטער אַרומגענומען זבולונען און זיי האָבן זיך שטאַרק צעקושט. שלמה זאָגט אים דורך טרערן פון פרייד:

— ווי אַזוי האָסטו אַזוי פּונקט צוגעטראָפן, ווען צו קומען? ס'איז אַן אצבע אלקים, אויף מיין וואָרט! ווען נאָך אַ ביסעלע, טרעפסטו אַ שלעסל אויף דער טיר... פאַרלירט מען זיך לעולם ועד...

— אָבער זאָג מיר, חכם שלמה, איך האָב נאָך נישט פאַרשפּעטיקט? איך האָב אויף ספק מיטגענומען מיט זיך פּאַטאָגראַפיעס —

---

* אַ פאַרשיקונגס־אינדזל אויפן ווייטן צפון. דאָס אינדזל איז אין ראַטנפאַרבאַנד אַן אָרט פאַר שווערסטע פאַרברעכער, ווי אַ מאָל דאָס אינדזל קאַיענע — ביי פראַנקרייך. אַז אַ מענטש זאָל זיך פון דאָרטן אומקערן, איז אַ זעלטענע דערשיינונג.

— איז גוט! זייער גלייך האָסטו געטון! אזא פראַגע גאָר... וואָס הייסט עפּעס פאַרשפּעטיקט? אונדזערע אַלעמענס דאָקומענטן ליגן שוין דווקא אין דער נ. ק. וו. ד. אויף צו מאַכן די פּראָפּוסקן, אָבער פאַר איין איבעריקן טויזנטער, אָדער צוויי, וועט גלייך ווערן צוגעלייגט אויך דיינער.

זבולון קוקט אויף אים אַ דערשטוינטער:

— איך האָב אים שוין דען, דעם דאָקומענט? מען דאַרף דאָך האָבן אַ פּוילישן —

— גלייב מיר, אַז איך ווייס אויך, וואָס מען דאַרף. אין דער פרי, מיט גאָטס הילף, וועט געבוירן ווערן אַ פּוילישער. נאָר נישט געזאָרגט!

— אָבער איך האָב דאָך נישט קיין געלט?

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, איך בעט דיך! ער רעדט פון געלט... זאָג בעסער, וואָס האָבן זיי דיך געהאַלטן אַ יובל מיט יאָרן? ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג?

— פאַר וואָס עפּעס — לאַנג? צען יאָר האָב איך דאָך באַקומען גלייך פונעם ערשטן אַרויספאָר און אַ תוספת־כתובה פון נאָך דריי — שוין שפּעטער, פאַר אַ קלאַפּ טון אַ וועכטער...

— פאַר וואָס האָסטו אים אַ קלאַפּ געטון?

— ווייל ער האָט מיך פריער אַ קלאַפּ געטון! איי, דו ווייסט וואָס? לאָמיר בעסער נישט אויפמישן קיין אַלטע געשיכטעס! איך וויל איצט אַלץ פאַרגעסן. דעם גאַנצן קאָשמאַר. איין זאַך נאָר קען איך נישט פאַרגעסן: ר׳ אבא־חלקיהן, זכרונו לברכה. איי, איז דאָס אַן אבדה! אוי, אַ שאָדן! אוי, אַ בראָך! אָך, ווען איך פּאַק איצט ערגעץ גבריאלן —

— דו וועסט אים שוין קיין מאָל נישט פּאַקן, זבולון. זיין פינצטערע נשמה איז שוין לאַנג אין גיהנום. נאָר דו ווייסט וואָס? לאָמיר נישט אויפמישן קיין אַלטע געשיכטעס... קום צום טיש. אָך, אַ שטייגער, ווען מרים ווייסט פון אונדזער גדולה —

— זי ווייסט שוין! מיין יינגער שוועסטערל איז ספּעציעל אַוועקגעפאָרן איר אָנזאָגן די בשורה. און פאַר איין וועגס וועט זי שוין דאָרט בלייבן, איר אַ ביסל צוהעלפן ביי די קינדער.

די אַלולדיקע פּורים־סעודה האָט געדויערט ביז אינדערפרי, און נאָך אין זעלבן טאָג זענען זבולון מיט אביגילן אָפּגעפאָרן אַהיים.

---

עס זענען איבערגעלאָפן אַלע ימים־טובים... שבת־בראשית...

די פּראָפּוסקן האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אין מאַכן. זיך אַריבערפּעקלען קיין מערב־אוקראַינע איז געווען פיל שווערער ווי אין אַן אַנדער אָרט פון די באַפרייטע געביטן, למשל: בוקאָווינע, ליטע, אָדער מערב־ווייסרוסלאַנד.

אין אָקטאָבער האָט אביגיל געבראַכט צו פירן מרימען מיט די קינדער צו שלמהן אין שטוב אַריין.

די שכנים אין קאַרשי, האָט מען געזאָגט:

— אזוי ווי דער מאַן איז ערגעץ אַנטרונען געוואָרן און האָט זי מיט די קינדער איבערגעלאָזט ווי אויפן וואַסער, האָט איר שווער און שוויגער באַשלאָסן זי צונעמען צו זיך, אפשר וועט זיך נאָך אַ מאָל דער זון אויך אָפּזוכן און עס וועט נאָך צווישן זיי זיין אַ לעבן. ווי קען מען דאָס מפקיר זיין אייגענע קינדער און דערצו נאָך אַזוינע ברעקעלעך... זיי וועלן דאָך אומקומען צוזאַמען מיט דער מוטער...

מרים איז געוועזן געל, און מיט פאַרדעכטיקע פלעקן אויפן פנים. זי האָט ווידער געהאַט אַ שווער טראָגן. ביי שלמהן אין שכנות איז גראָד באַפרייט געוואָרן אַ דירה פון אַן עוואַקואירטן, וואָס האָט זיך שוין אומגעקערט אַהיים. די אַנטלאָפענע פינכאַסאָווס האָבן זי פאַרנומען. מרים איז מער געלעגן צו בעט, ווי אַרומגעגאַנגען. די אַלטע זלפה האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די קינדער און יוכבד מיט די שוועגערינס האָבן פון זייער זייט געטון אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, אַבי מרימען לייכטער צו מאַכן. גאַנצע טעג פלעגן זיך די דאָזיקע צוויי פאַמיליעס געפינען צוזאַמען, נאָר צום שלאָפן — זיך צעגיין אין זייערע באַזונדערע וווינונגען. מרים מיט יוכבדן זענען געוואָרן נפש־אחת; עובדיה מיט שלמהן — ווי לייבלעכע ברידער. אביגיל מיט זבולונען האָבן פון דער היים איבערגעגעבן, אַז זיי זענען שוין מיט אַלץ גרייט צום פאָרן. אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, הכל כאשר לכל, ליגט שוין פאַרפּאַקט און פאַרבונדן. און דער עיקר — קיינער פון די אָרטיקע איינוווינער איז זיי אין גאָרנישט נישט חושד. די שכנים האָבן זיי געזאָגט, אַז זייער שנור איז אין די הויכע חדשים, און ווי נאָר זיי וועלן באַקומען אַ ידיעה, אַז זי איז שוין אין אַ גוטער שעה איבערגעקומען, אַזוי פאָרן זיי אַלע צו איר ביז איבערן קימפּעט. אַז מען האָט ברוך־השם איבערגעלעבט אַזאַ קריג, און בכלל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט זיך נישט זען, קומט דאָס איר שוין...

דעם דריטן דעצעמבער האָט מען אַלע דאָקומענטן מיט אַלע פּראָפּוסקן געבראַכט פאַרטיקע צו שלמהן אין שטוב אַריין. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת צווישן די פּיאַטיגאָרסקיס און די פּינכאַסאָווס, איז ביי זיי באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען וועט בעסער פאָרן דורך קראַסנאָוואָדסק, נישט דורך מאָסקווע. ערשטנס, כדי מען זאָל פאַרשפּאָרן אַראָפּבריענגען חזקיהס משפחה קיין סאַמאַרקאַנד. פאָרנדיק צום ים, שטעלט מען זיך אָפּ אויף עטלעכע שעה אין מאַרי, און מען נעמט זיי מיט. צווייטנס, איז דער וועג אויף מאָסקווע פיל שווערער מיט קריגן ערטער אין צוג, ווער שמועסט — מיט אַזאַ כאַליאַסטרע, קיין עין־הרע... און דריטנס, האָט מרים צום לעצטן מאָל אין איר לעבן נאָך געוואָלט אַ קוק טון אויף מאַרי, וווּ עס איז אַזוי אָן פרייד, אַזוי איינזאַם און טרויעריק איבערגעלאָפן איר קינדהייט; וווּ עס האָט געלעבט איר הייליקער זיידע. שלמה אַליין האָט אויך זייער חשק געהאַט נאָך איין מאָל אין זיין לעבן צו זען דאָס שטעטעלע מאַרי. ווו מען איז איין מאָל — מוז מען דאָך זיין נאָך אַ מאָל, עס העלפט נישט! ער האָט מיט אַ באַגלייבטן מענטשן אָפּגעשיקט קיין טאַשקענט די פּראָפּוסקן פאַר די סור־

קאַלסקים און האָט זיי אַ חוץ דעם טעלעגראַפיש איבערגעגעבן דעם קיעווער
אַדרעס פון די ראַדיעצקים. אַליין האָט זיך נאָך שלמה אויך אַ ביסל געמוזט
פאַרהאַלטן כדי ענדגילטיק צו ליקווידירן די געשעפטן, און איבער דעם ענד־
גילטיקן אויספאַרקויפן דאָס אין סאַמאַרקאַנד דעראָבערטע באַלעבאַטיש־
קייט, — אפילו פכים־קטנים איז דאָך אויך אַ שאָד איבערצולאָזן אויף
הפקר! מעשה אבות, סימן לבנים...

פאַר דער גאַנצער שטאָט — חוץ ליודעי־חן — האָט עס געהייסן,
אַז די פּיאַטיגאָרסקים קערן זיך אום צוריק קיין קיעוו...

*

דעם 28טן דעצעמבער, אין אַ פראָסטיקער, בין־השמשותדיקער שעה,
האָבן די פּיאַטיגאָרסקים צוזאַמען מיט די יונגע פינכאַסאָווס ענדלעך פאַר־
לאָזט דאָס איינגעזעסענע סאַמאַרקאַנד און זענען אָפּגעפאָרן אין דער ריכ־
טונג צום קאַספּישן ים. אויפן דריטן טאָג, נאָך מיטאָג, זענען זיי אָנגעקו־
מען אויף דער סטאַנציע מארי. די היפשע שיירא האָט זיך אויסגעלאָדן
מיטן גאַנצן געפּעק אין וואָקזאַל אַריין. ניין אַ זייגער אויף דער נאַכט האָבן
זיי געהאַט אַ צווייטן צוג צום ים צו. עובדיה איז אַוועקגעלאָפן צום פאָ־
טער: ראשית, כדי ביי ציַיטנס זיי צו וואָרענען בכל לשונות של התראה,
זהיר וזהיר, זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן אַרומגיין איבערן שטעטל זיך גע־
זעגענען, און נישט פאַרשלעפן אויפן וואָקזאַל קיין געזעגענערס, וואָס ווײַ־
ניקער אויגן איז אַלץ געזונטער. והשנית, כדי זיי טאַקע העלפן זיך דער־
שלעפן צום וואָקזאַל מיט זייערע בעבעכעס. מרים, וועלכע האָט פונקט גע־
האַט אַ ליכטן טאָג, איז אַוועקגעגאַנגען אַ קוק צו טון אויף איר זיידנס
הייזל. זי האָט זיך אַזוי פאַרשלייערט און פאַרוויקלט, אַז קיינעם פון די
שטעטלדיקע איינוווינער זאָל נישט איינפאַלן זי צו דערקענען. באַגלייטן זי
אויף איר „קבר אבות" זענען געגאַנגען: שלמה, זיין שוועסטער דינה און
יוכבד.

ביז אין שטאָט אַריין, גוטע זעקס, זיבן קילאָמעטער, איז מען געגאַנ־
גען אין דער ברייט פונעם שליאַך, מען האָט געשמועסט וועגן פאַרשידע־
נע קאָמישע געשעענישן, זיך געחכמעט און געוויצלט. דינה האָט געזאָגט,
אַז מרים מיט איר דרייגאָרנדיק בייכל און נאָך מיט דעם שאַל ביז די
אויגן דערמאָנט איר אַ קאָמישע סצענע. די אָדעסער מוזיקאַלישע קאָמע־
דיע, האָט אַ מאָל אין קיעוו געשטעלט די „קאָלכאָזנע חתונה". זענען אויף
אָט דער חתונה געווען דריי גלאַוונע „סוואַכעס":* סטעפּאַנידאַ סיליסט־
ראָוונאַ טשערעפּיטשנאַיאַ; סעקלעטיאַ פּאַראַמאָנאָוונאַ דלינאָשיעיעוואַ און
אַנאַסטאַסיאַ ניקיפאָראָוונאַ טשערעוויטשקי. זיי אַליין, די מחותנתטעס, זע־
נען אויך געווען אַזוי אָנגעפּעלצט, ווי זייערע נעמען. און זי, מרים, איז
איצט זייער ענלעך אויף יעדער איינציקער באַזונדער פון אָט דער קוואַ־

* מחותנתטעס.

דראַטנער „טראַיקע״. יוכבד האָט געזאָגט, אַז ווען אַ סקולפּטאָר וואָלט זיך איצט פאַרגלוסט קלעפּן פון איר פיגור אַ סטאַטוע, וואָלט ער געהאַט פאַר זיך דריי באַזונדערע פּרשות: פּרשת־קאָפּ; פּרשת־בויך און פּרשת „שאר־ירקות״...

נאָר אָט האָט זיך צו זיי ביסלעכווייז אָנגעהויבן צורוקן די שטאָט מיט אירע שמאָלע, פלאַכע געסלעך. מרימס פּנים האָט אויסגעדריקט באַהאַל־טענעם ווייטיק און טיפן צער. נישט האַבנדיק גערעדט צווישן זיך קיין איין און איינציק וואָרט, האָבן די צוויי „זייטיקע״ באַגלייטערינס דערפילט מיט זייער גאַנצן מהות, אַז זייער אָנוועזנהייט איז אַצינד שטאַרק איבע־ריק. ביי זיי אין די אויגן האָט דאָס ליימענע שטעטל מאַרי דעם זעלבן חן, אָדער אומחן, וואָס אַלע אָריענטאַלישע שטעטלעך פון דעם דאָזיקן מין. זיי פאַרבינדט נישט מיט מרימען קיין שום בשותפותדיקע זכרונות פון איר גע־בורטס־שטעטל, פון אירע קינדער־יאָרן, און גאַנץ אַנדערש איז די זאַך מיט שלמהן... הכרת פניו תענה בו, אַז ער איז איצט כלל נישט בהאי עלמא...

זיי זענען תיכף ומיד אָפּגעשטאַנען פון די צוויי „אַלטע מאַריער״ אויף עטלעכע צענדליק טריט, און האָבן זיך שוין די גאַנצע צייט געהאַלטן פון דער ווייטנס.

שלמה איז געגאַנגען נאָענט לעבן מרימען. אפילו קיין איין און איינ־ציק וואָרט איז צווישן זיי די גאַנצע צייט נישט אויסגערעדט געוואָרן. איי־בערן קאָפּ איז נידעריק געהאַנגען אַ גאָרנישט זאָגנדיקער, בלייענער הימל. די קרומע, ענגע געסלעך זענען געווען פוסט און פאַרשנייט. די הילצערנע טויערן פון די ליימענע הייזלעך — שטום פאַרמאַכט און פאַרריגלט אויף אַלע ריגלען. די בערג זענען געלעגן נאָענטע, קוויטיקע און ביז גאָר וואָכע־דיקע, אָן אַ שמץ פון זייער אַמאָליקער קדושה. זיי האָבן געמאַכט אַ היפּשן בויגן, בכיוון אויסגעמיטן די צענטראַלע גאַסן און זענען דורך אויסגע־קאָרטשעוועטע און פאַרשנייטע סאַקסאַול־פעלדער, דורך דאָ און דאָרט צע־וואָרפענע ליימבערגלעך פון צעוואַלגערטע קיביטקעס אָנגעקומען פון דער לינקער זייט צו ר׳ אבא־חלקיהס הייפל. דאָס ערשטע, וואָס עס האָט זיך זיי געוואָרפן אין די אויגן: דער טויער איז געשטאַנען ברייט צעפּראַלט און די טירן זענען געווען אַראָפּגענומען פון די זאַוויעסעס. אין מיטל־אַזיע, אַז אַ הויף זאָל שטיין מיט הפקרדיק־צעעפענטע טויערן — משל למה הדבר דומה? — צו אַזאַ איינעם, וואָס גייט אַרויס אין גאַס אַריין, ווען ער איז אָנגעטון נאָר ביז האַלב... זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין הויף אַריין און זענען גלייך אַריינגעקראָכן אין טיפן שניי. אַ פּנים, אַז קיינער רייניקט אים דאָ נישט. איבער דעם גאַנצן הויף זענען געווען אָנגעשטעלט גרויסע וויינ־פעסער, נידעריקע געפלאַכטענע קוישלעך און עפּעס משונהדיקע, אומגעהייער־גרויסע סקעלעטן פון הילצערנע מאַשינען. מרים, וועלכע איז לכתחילה שטיין געבליבן אַ דערשטוינטע, האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז עובדיה האָט טאַקע דערציילט: דער ווינזאַוואָד האָט צוגענומען דאָס הייפל אויף צו האַלטן דאָרטן: טאַרע, ליידיקע פעסער, קוישלעך, קאַסטנס, זעקלעך און

פֿאַרשידענע מינים אַלטוואַרג. די טיר, וואָס האָט געפּירט אין שטוב אַרײַן, איז דווקא געווען פֿאַרמאַכט, אָבער נישט פֿאַרשלאָסן. אין דער האַלבער שטוב, וואָס אויף רעכטס, זענען געלעגן: פֿאַרפֿרוירענע טעקוועס * און אָפּ־פֿאַל פֿון גרינע ציבעלעס. דער גאַנצער קאָרידאָר איז געווען פֿאַרלייגט ביז דער סטעליע מיט שטאָק־אַלטע קוקורוזע־שטעקנס און מיט רעשטלעך פֿון סאַקסאַול. אין דער צווייטער האַלבער שטוב זענען געשטאַנען צונויפֿגע־שטעלט איינע אויף דער אַנדערער: צינקענע טשאַנען, ** פֿון דעם זעלבן מאַטעריאַל אַזעלכע מינים וואַנעס און היפּשלעך פֿאַרזשאַווערטע רערן. אין ווינקל, אין עטלעכע ווירייקעס, *** זענען געלעגן פֿאַרשימלטע פּערסיקעס, צעיווירענע מאַנדאַרינקעס און צעפּריעטע דיניעס. די שויבן פֿון די פֿענצ־טער זענען געווען אַרויסגענומען. פֿון דעם חורבן הייפֿל און פֿון די האַלב־איינגעפֿאַלענע ווענט פֿון דעם אַ מאָל אַזוי ליבן הייזל האָט איצט געווייעט מיט אומנוצלעכן אומקום, מיט בית־הקברות.

ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען צוריק אויפֿן הויף, האָט מרים קוים־באַוועגנדיק מיט די ליפּן געזאָגט:

— שלמה, מיר איז שווער, הייב דו זיך אויף אויף דער לייטער און גיב שוין אויך אַ קוק, וואָס פֿון אויבן טוט זיך. קוים האָבן מיר זיך שוין פֿאַרשלעפּט אַהער צו, טאַ לאָמיר כאָטש גאָרנישט נישט דורכלאָזן... טאָמער פּאָקט זיך דיר צו דער האַנט עפּעס פֿון דאַמאָלסט — נעם עס מיט זיך...

זינקענדיק אין שנײ ביזן גאַרטל, האָט זיך שלמה דערשלעפּט ביז צו דער לייטער און האָט — שטעלנדיק די פֿיס אויף משקולת — זיך קוים מיט צרות אַרויפֿגעקאַראַבקעוועט אויף איר. דאָרט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר אַ יוצא דופֿן, האָט מיט כּח אויפֿגעריסן דאָס צוגעפֿרוירענע טירל און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין אייבערשטן קאָרידאָר. די דרײַ פֿרויען זענען שווײַגנדיק און גדעולדיק געשטאַנען אין שנײ ביז די קניעס און האָבן גע־וואַרט. אין אַ צען מינוט אַרום האָט זיך שלמה באַוויזן אויף די טרעפּ פֿון דער לייטער, ער האָט הינטער זיך צוריק צוגעמאַכט די טירלעך, דאַן האָט ער אומפּאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט דעם פֿוס אויף אַ שנײ־קאַרניזל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טרעפּ, האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אַראָפּ־געפֿאָרן ווי אַ קלומעק פֿון אַלע טרעפּ. ער האָט זיך אַרומגעטרייסלט פֿונעם שנײ און איז צוגעגאַנגען צו די פֿרויען:

— נישטאָ שוין דאָרט, וואָס צו זען, מרים. זייער גלייך האָסטו גע־טון, וואָס דו האָסט מיך געשיקט, און נישט אַליין געקראָכן אויף משקולת. ס'איז מיט סכּנת־נפֿשות. און וואָס זעט מען דאָרט? אין דער סטעליע — גרויסע לעכער; שנײ אָנגעשאָטן... אַ פּנים, קיינער האָט דאָרט נישט גע־

* רויטע אַרבוזן מיט ווײַסע סיעמעטשקעס.

** קעסלען, רעזערוואַרן, ציסטערנעס.

*** פּלאַכע קוישלעך. די דאָזיקע ווערן אַממייניסטנס באַנוצט אויף איבערצוטראָגן ערדפּרוכטן.

ווינט. אין דער באַבעס האַלבער שטוב ליגן אַ סך סטרוזשקעס און אַ סך אַלטע וואַטע. אָדער אפשר איז דאָס כלאָפּאָק. איך בין אַ קנאַפּער מבין אויף די זאַכן און האָב זיך נישט שטאַרק צוגעקוקט אויך. אין דעם ציידנס האַלבער שטוב איז אין גאַנצן גאָרנישט נישטאָ. די וואַנט, וואָס גייט אַרויס צו דער גאַס צו, וועט מן הסתם דעם הײַנטיקן ווינטער נישט איבער־לעבן, זי איז שוין היפּשלעך לעבעריק און לייכט זיך דורך ווי אַ רעשעטע. מיט איין וואָרט: אַלץ איז חרוב ונחרב... נישט מער ווי... נאַ, אָט דאָס האָב איך געפונען... כאָטש אַ זכר למקדש...

אויף שלמהס דלאָניע האָט זיך באַוויזן אַ פאַרזשאַווערטער האַטשאָק, * וועלכער איז ביז האַלב געווען אַרומגעקלעפּט מיט געלער ליים.

— ...אויף אָט דעם האַטשאָק פלעגט דיין זיידע, זכרונו לברכה, אויפ־הענגען דעם ראָק, דו געדענקסט? ער האָט געשטעקט ביי אים צו קאָפּנס. איך האָב אים קוים אַרויסגעריסן פון דער וואַנט, שיר אין אַ גרוב נישט אַריינגעפאַלן. באַהאַלט אים, כאָטש עפּעס אַן אָנדענק פון אונדזער —

מרימס ליכטיקע אויגן האָבן אים געשענקט אַ דאַנקבאַרן קוק. זי האָט באַהאַלטן דעם האַטשאָק אין טאַש. נישט זוכנדיק קיין שטעג אין אָט דער פאַרוואָרלאָזטער חורבה, זענען זיי אַלע אַרומגעקראָכן אין שניי איבער אַלע ווינקעלעך פונעם הויף. צו זייער גרויסן וווּנדער איז די סוכה דווקא גע־שטאַנען גאַנץ. זי האָט אויסגעזען אַקוראַט ווי דאַמאָלסט, נישט מער, וואָס זי איז איצט געווען פאַרשאָטן מיט שניי.

— מרים, נאָך וואָס ביסטו מיר דאַמאָלסט ביי נאַכט נאָכגעלאָפן אַהער צו אין סוכה אַריין?

— איך האָב געמיינט, אַז דיין זיידע, דער צדיק, קומט צו דיר, האָב איך אים אויך געוואָלט זען.

— נו, האָסטו זיך דאַן איבערצייגט, אַז דו ביסט געווען אַ משוגענע?

— אין גאָרנישט האָב איך זיך נישט איבערצייגט. דאָס וואָס איך האָב דאַמאָלסט יאָ געזען, איז פאַר מיר אויך געווען געגנוג... אַריבער און אַריבער... און אפילו איצט וועסטו ביי מיר נישט אויסרייסן פונעם האַרצן... איך גלייב היינט פונקט ווי דאַמאָלסט... נאָך הונדערט מאָל שטאַרקער... קום, קומט לאָמיר גיין. נישטאָ דאָ מער וואָס צו טון. איך מעג שוין אַוועק־פאָרן. איך לאָז דאָ גאָרנישט איבער. מער וועט מיך שוין קיין מאָל נישט ציען אַהער. מיין זיידנס נשמה איז שוין דאָ נישטאָ. איצט איז מיר שוין דאָ אַלץ פרעמד און אומדערטערעגלעך־שווער. אי דאָס הייפל; אי דער באַרג; אי די הימלען; אי דער שניי — אַלץ, אַלץ קוקט דאָ אויף מיר פיינטלעך. פון אומעטום קוקט אויף מיר אַראָפּ נאָר אומעט און טרויער; טרויער און אומעט. קומט, איך וויל דאָ מער נישט זיין אפילו קיין איין מינוט —

צוריק זענען זיי געגאַנגען שווייגנדיקע און דערדריקטע. מרים האָט

---

* אַזאַ לענגלעכער, גראָבער, אייזערנער טשוואָק מיט אַ פאַרקיילעכדיקט קעפּל, אויף וועלכן מען הענגט אויף מלבושים, אָדער אַ האַנטעך.

עטלעכע מאָל אַרויסגענומען פון טאַש דעם האַטשאַק, געקוקט אויף אים, ווידער אַ מאָל געקוקט, נאָר קיין איין וואָרט נישט פאַרלוירן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען די פיר יונגעלייט האָבן זיך אומגעקערט צוריק אויפן וואָקזאַל, האָבן זיי שוין דאָרטן געטראָפן מרימס שווער און שוויגער מיט דער גאַנצער משפחה. לויט שלמהס פאַראָרדענונג און אונטער עובדיהס שטרענגן אויפזיכט האָבן זיך די צוויי היפשע פאַמיליעס — די אָנגעקומענע פון סאַמאַרקאַנד און די אָנגעקומענע פון מאַרי גופא — געהאַלטן פון דער ווייטנס, ווי לחלוטין פרעמדע. אפילו דער אַלטער זלפהן איז פאַרזאָגט געוואָרן מיט דעם האַרבן וואָרט, אַז זי טאָר זיך אפילו נישט אומקוקן אויף יענעם ווינקל, וווּ עס שטייען אירע קרובים. ביז מען וועט נישט דערלאַנגען דעם צוג, מוז איינער צום צווייטן זיין טויב און שטום. ערשט ווען מען האָט דערלאַנגט דעם צוג צו דער פּלאַטפאָרמע, און דער עקסטער וואַגאָן — אַ שטיקל סגולה פון אַ בייז אויג — האָט אין זיך איינגעשלונגען אַלע פּיאַטיגאָרסקים און אַלע פינכאַסאָווס, איז מרים אַרויפגעפאַלן זבולונען אויפן האַלדז מיט אַ יאָמערלעך געוויין. שלמה איז געשטאַנען פון דער ווייטנס, ער האָט מיט אַ בלוטנדיק האַרץ צוגעקוקט, ווי די צוויי יונגעלייט — וועלכע האָבן אָן אַ פקפוק כל־שהוא * מקריב געווען זייער מנוחה פאַר זיינער, דעם פרעמדנס מנוחה, און האָבן באַוווסטזיניק באַצאָלט מיט זייערע אייגענע לעבנס פאַר זיין לעבן — האָבן פאַרוואָרפן די קעפּ, איינער אויף דעם צווייטנס אַקסל, און ווערן ממש צעגאַנגען פון געוויין, און האָט אַליין אויך אָפּגעווישט אַ טרער נאָך אַ טרער. קיינער פון דעם סאַמאַרקאַנדער עולם האָט נישט געקענט פילן דעם טיפן ווייטיק, וואָס ווערט דאָ אויסגעוויינט, און פון דעם מאַריער עולם — אויך נישט יעדער. פאַרקערט גאָר, אַלע אָנגעקומענע האָבן זיך גאַנץ געמיטלעך באַקענט מיט יעדן באַזונדער פון די נייע חברים, און האָבן גלייך באַקומען וועגן וואָס צו רעדן. אביגיל האָט קאָמאַנדעוועט מיטן גאַנצן פּאַראַד. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ מיליטערישער טשומערקע, דאָס צויבערנדיקע קעפּל — אין אַ ווייס וואָלענעם שאַלעכל, און האָט געשיינט, ווי דער מאָרגנשטערן נאָך אַ פינצטערער מאַינאַכט.

ניין אַ זייגער אין אָוונט האָט זיך דאָס וואָקזאַלעכל: מאַרי, אַ וואַקל געטון אויף די פיס און האָט אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן אַלץ גיכער און גיכער אין דער שנייאיקער נאַכט אַריין, אַלץ נעענטער און נעענטער צו די בערג, צו יענע היימישע, האַרציקע און אומפאַרגעסלעכע בערג. אַקעגן דעם צוג האָבן זיך געשפּרייט די וויסטע קאַראַ־קומער סטעפּעס. עס האָבן זיך אָנגערוקט צו אַלץ גלייכגילטיקע הימלען און נאָך מער גלייכגילטיקער שניי — אַן אומענדלעכער אָקעאַן פון שניי...

* וועלכער ס'איז ישוב־הדעת; אַ קווייקלעניש; אַ דעה־וואַקלעניש.

שלמהס „עקספּעדיציע" האָט זיך אין גאַנג פונעם צוג געמוזט צע־שפּרייטן איבער עטלעכע וואַגאָנען, ווייל אין איין וואַגאָן איז נישט געווען אַזוי פיל פרייער פּלאַץ. ס'איז דאָך אַ נסיעה נישט אויף איין טאָג. מרימען איז ווידער שלעכט געוואָרן. זי האָט געבראָכן מיט דער גרינער גאַל, זי איז געווען געל ווי וואַקס, און האָט קיין טראָפּן וואַסער נישט גענומען אין מויל אַריין —

...מען האָט איר דעם לעצטן שבת געבענטשט דעם ניינטן חודש...

די „פּוילישע געניידעמלעך" האָבן דווקא געפּרוווט „אַרויסוואַרפן אַ חכמהלע", אַז אָט די מרים איז דאַכט זיך פון יענעם מין „יעזוּדאָקעס",* וואָס: „אַז דער וואָגן הייבט זיך אָן אַנצובייגן אויף דער רעכטער זייט, וואַרפט ער גיך אַריבער דעם צונג אויף דער לינקער זייט — אפשר וועט דערפון עפּעס זיין אַ פּעולה?", אָבער זייערע פּרוּוען האָבן זיי תוך כדי דיבור „פאַרמאַכט די פּיסקעס", און זיי האָבן געמוזט „אַננעמען אַ מויל מיט וואַסער" און שווייגן.

אין קראַסנאָוואָדסק, אין פּאָרט, האָט מען זיי געמאָלדן, אַז ס'איז מעגלעך, אַז דאָס גייט איצט אָפּ די לעצטע שיף קיין באַקו. העכסטנס — וועט אָפּגיין נאָך איין שיף, און די נאַוויגאַציע ווערט אָפּגעשטעלט איבער דעם ווינטערדיקן פּעריאָד.

אַרויפגייענדיק אויף דער שיף האָט מען מרימען גלייך אָפּגעפירט אין שיף־שפּיטאָל. די באָבע אירע, שלמהס שוועסטערלעך און עובדיהס שוועס־טער זענען פון איר נישט אָפּגעטראָטן אויף קיין שפּאַן. קעגן נאַכט האָט זיך אויפגעהויבן אַ מעכטיקער שטורעם, אַ דערשיינונג, וואָס אויפן קאַס־פּישן ים און נאָך אין יענע צייטן פונעם יאָר טרעפט זי זיך זייער אָפט. אַנשטאָט דעם, וואָס אין אַ גינסטיקן, זומערדיקן וועטער, געדויערט דער וועג פון קראַסנאָוואָדסק ביז באַקו ווייניקער פון זעכצן שעה, האָט זיך איצט די שיף געשלעפּט כמעט צוויי און פערציק שעה. אַלע פּאַסאַזשירן זענען געווען צעבראָכן און אויסגעמאַטערט, חוץ דעם קליינוואַרג, וואָס האָט זיך אין דער סטיכיע געפּילט אויסגעצייכנט.

ווען מען האָט מרימען אַראָפּגעטראָגן אויף אַ טראָגבעטל פון דער שיף און זי אַריינגעטראָגן אין סאַניטאַרנע פּונקט אַריין פון באַקוער ים־וואָקזאַל, איז זי אוממעגלעך געווען צו דערקענען. די אויגן — פאַרגלי־ווערט; דאָס פּנים — שוואַרץ ווי די ערד; די ליפּן — בלאָ, ווי מילץ. חוץ דער ים־קרענק, פון וועלכער זי האָט געפּערלעך געליטן, איז ביי איר נאָך געווען עפּעס נישט אין אָרדענונג מיטן טראָגן. ס'איז געווען קענטיק אויף איר, אַז זי ליידט שרעקלעכע שמערצן. די ווייבער האָבן זיך וועגן איר עפּעס געהיימניספול געסודעט, און האָבן מיט שרעק אין די אויגן געשמו־צערט מיט די ליפּן. צוויי מעת־לעת האָט מען זיך געמוזט וואַלגערן אויף די טרוקענע בענק פון באַקוער וואָקזאַל, ביז מרים האָט צו וויסן געגעבן,

* פּאָרערס, פּאַסאַזשירן.

אַז זי פֿילט זיך שוין בכח צו פֿאָרן ווייטער. שלמה מיט זיינע שוואָגערס זענען זיך דורכגעגאַנגען אין דער „אָנפֿירונג פֿון דער אייזנבאַן", דאָרט האָבן זיי געוויזן זייערע פּראָפּוסקן, אויף וועלכע ס'איז דייטלעך געווען אָנ־געגעבן, אַז זיי האָבן אין זייער גרופּע: אַ פּאָר צענדליק קינדערלעך; איינע אַ געפֿערלעך קראַנקע; און עטלעכע עלטערע מענטשן. צום נאַטשאַלניק אין שופֿלאַד אַריין האָט זיך כּלאַחר יד אַראָפּגעגליטשט אַ באַנקנאָווע פּעקל מיט פֿופֿציק דרייסיקערס, און מען האָט גלייך אָנגעקלונגען אויפֿן וואָק־זאַל, אַז מען זאָל אַרויסגעבן פֿאַר דער גרויסער משפּחה: פּיאַטיגאָרסקי—פֿינכאַסאָוו בילעטן אין אַ ווייכן וואַגאָן אויפֿן שנעלצוג נומער 33: באַקו — שעפּעטאָווקע.

אין אַ פּראַקטיקער, פֿאַרנאַכטיקער שעה האָט די גרויסע משפּחה פֿאַר־לאָזט באַקו — די רוסישע רעזידענץ פֿונעם שוואַרצן גאָלד. אינעם גאַנצן וואַגאָן זענען קיין פֿרעמדע פּאַסאַזשירן נישט געווען, בלויז היימישע. ס'איז געווען ליכטיק, וואַרעם און באַקוועם: געוועזענע טעפּיכער אונטער די פֿיס; פּליושענע טעפּיכלעך אויף די סאָפֿעס; צווייִשטאָקיקע טישעלעך, שפּיג־לען און קישעלעך פֿון געפּליקטע פֿעדערן, וועלכע זיי האָבן אין פֿאַרלויף פֿון דער גאַנצער צייט פֿון דער מלחמה פֿאַר די אויגן נישט געזען. מרים האָט זיך שוין געפֿילט אַ סך בעסער. די אַלטע זלפּה האָט יעדע קלייניקייט איבערגעטאַפּט מיט די הענט, פֿאַרחידושט און עפּעס חושד זייענדיק געדרייט מיטן קאָפּ, און דערנאָך גערעדט מיט חזקיהס ווייב, אויף גיך, אויף גיך, און מיט אַ ניגון. זבולון איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרחלומטער, און איז עפּעס געווען נישט אויף דעם עולם. ער האָט געהאַלטן אין איין פֿרעגן ביי אביגילן: צי איז דאָס אַלץ, וואָס קומט פֿאַר אַרום אים און מיט אים אַליין אויך, נישט קיין חלום? פֿאַר אַן אָנגעקומענעם פֿון סאַלאָווקי — האָט ער גע־זאָגט — איז דאָס אַפֿילו אַ חלום אויך צו אַ רייצנדיקער. נאָר אביגיל האָט נישט געהאַט ווען מיט אים צו שמועסן, ווייל זי, מיט זיין יינגסטער שוועסטער: שיינדל, האָט שלמה באַשטימט פֿאַר קאָמענדאַנטשעס אין וואַ־גאָן אויף דעם גאַנצן וועג. אין זייערע פֿונקציעס איז אַריינגעגאַנגען: אַכ־טונג געבן אויף דער ריינקייט; שטיין אין פֿאַרבינדונג מיטן באַגלייטער פֿונעם וואַגאָן; פֿאַרזאָרגן דעם עולם מיט טיי; זיך קאָנסולטירן מיט די עלטערע באַלעבאָסטעס, וועגן דעם מעניו צו יעדער סעודה. אין אַ מיטלסט־דיקער קופּע האָט דריי מאָל אין טאָג געדאַוונט אַ מנין. חזקיה האָט מיט זיך געפֿירט זיין זיידנס אַ ספֿר־תּורה, וואָס איז געווען געשריבן אין ירושלים. ווען מען האָט צום ערשטן מאָל געלייענט אין ספֿר, האָט זבולון עולה־תּורה געווען „במקום כּהן", ער האָט ריטשענדיק אויף אַ קול גע־בענטשט גומל און מען האָט — קיינער האָט שפּעטער נישט געקענט זאָגן, וועמענס איינפֿאַל דאָס איז געווען — געמאַכט אַן „אל מלא רחמים" ר' אבא־חלקיהן, זכר צדיק לברכה —

# קאפיטל XL

דער צוג האָט זיך שנעל געטראָגן פאָרויס.

גראָזנע — דאָס צווייטע באַקו! אהער, אהער האָט זיך היטלער גע־ריסן מיט אַלע כּוחות. אוי האָט ער זיך געריסן צו אָט די מקומות מיט אַלע זיינע קרעפטן. ס'איז אים נעבעך געווען איבערגעטריקנט אין האַלדז. ער האָט געלעכצט נאָך אַ ביסעלע נאַפט אויף צו דערקוויקן זיך, כאָטש אַ טראָפּנדל... אוי האָט ער געשמייכלט צום גראָזנער נאַפט...

בעסלאַן — אַ גרוס פון וולאַדי־קאַווקאַז; פון דער מיליטעריש־גרוזי־נישער מאַגיסטראַל; פון דער זעלטענער בראַשקע מיט די פּופּצן קאַראַט, „וואָס די פוגאַסקע האָט זי צעשמעטערט"... זיי געזונט, בייזער טיערעק! שטילער גן־עדן, פּאַסאַנאַורי, און שרעקלעכע „דאַריאַלסקע אושטשעליע"! וויל יאָ, וויל נישט — שלמה וועט שוין מער נישט קומען זיך קוויקן מיט דיינע זעלטענע בילדער; צו פאָרן אין אַ קויש אויף דיינע קאַנאַטן און זיך גליטשן אויף דיינע קאַזבעקן; אַ סוף צו דעם אַלעמען! אָבער פאַרגעסן אייך — וועט ער אויך נישט! ער האָט אייך ליב געהאַט. איר האָט אויפ־געהאָדעוועט זיין נשמה, געמאַכט זי פילבאַר... זייט געזונט, און זאָלן די אייביקע שנייען אויפן קאַזבעק און אויפן עלברוס זיך לייכטן אויף ווייטע שטרעקעס און קוויקן דאָס אויג פונעם וואַנדערער...

מען איז איבערגעפלויגן ווינאָגראַדנאַיאַ, סיעוויערנאַיאַ. דאָ גייט אַוועק דער וועג אויף נאַלטשיק. דאָ איז שוין געווען דער דייטש. דאָ האָט זיך שוין געגאָסן יידיש בלוט...

מינוואָדע, נאָווינקאַ, קאַווקאַזסקאַיאַ, טיכאָריעצקאַיאַ, באַטאַיסק — ראָסטאָוו! אָט דאָ איז געווען דער רעכטער גיהנום. דאָ און אין דער אומ־געגנט: אין וואָראָניעזש, אין וואָראָשילאָווסק און אין קראַסנאָדאַר. אָט דאָ האָט היטלער באַלעבאַטעוועט מיט דער ווילדסטער רציחה, וואָס מען קען זיך דאָס גאָר נישט פאָרשטעלן, ווען ער איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט...

טאַגאַנראָג — אַ שטיינער, ווו איז איצט רייזל? ווו איז שאַיע? אסנתל? ווו זענען זיי, די טייערע? אפשר זענען זיי גאָר אומגעקומען ביים דייטש?

לאָזאָוואַיאַ — עס לעבן נאָך ערגעץ די ווינערס, אָדער היטלער האָט זיי אומגעבראַכט?

כאַרקאָוו! אָט דאָ שטייט דער צוג אַ גאַנצע שעה מיט פערציק מינוט. ער וואַרט דאָ אויף אַ מאָסקווער צוג, בייט איבער דעם לאָקאָמאָטיוו און נעמט אָן וואַסער אין זיין היפּשן טרעלבויך אַריין. די פאַרשווינען פּונעם ווייכן וואַגאָן האָבן אויסגעשאָטן אויף דער פּלאַטפאָרמע זיך אַ ביסל אויס־גלייכן די ביינער און פּאַר איין וועגס טאָקע אַ פּרווו טון, צי מען האָט נאָך נישט פאַרגעסן די חכמה פון גיין מיט די אייגענע פיס נאָך אַזאַ לאַנג פאָרעניש. זיי זענען אַרומגעגאַנגען צו צוויי צו דריי. דאָס וועטער איז גע־ווען שיין און פּראָסטיק. קעגן דער זון האָט זיך דאָס אייז געשמאָלצן,

קוים אָבער האָט די זון נאָר אַוועקגעקוקט, אַזוי איז דאָס מאָמענטאַל צו־ריק געפּרווירן געוואָרן. זבולון, שלמה און זיין עלטערער שוואָגער האָבן, פּירנדיק זיך אונטער די אָרעמס, אַרומגעשפּאַצירט צווישן די קיאָסקן, צווישן די בופעטן, זיי האָבן איינגעקויפט אין וועג אַריין לימאָנאַד, ציי־טונגען און פרישע בייגל.

צום קיאָסק פון די צייטונגען זענען צוגעקומען צוויי מיליטער־לייט: אַ מאַיאָר, און אַ פרוי אין טשין פון אַ קאַפּיטאַן. די פרוי האָט מיט אַן אָנגענעמער שטימע העפלעך געזאָגט:

— גיט מיר, ביטע, אַ היינטיקע „פּראַוודאַ".

דער מאַיאָר האָט זיך אָנגערופן קורץ און מיט אַ נידעריקן באַס:

— און מיר — אַן „איזוויעסטיע". גיט אויך אַ „קראָקאָדיל". *

דאָס מיליטערישע פּאָרל האָט אַ קוק געטון אויף שלמהס שיינער באָרד; שלמה — אויף זייערע עפּאָלעטן: טאַנקיסטן! ביידע טאַנקיסטן. איין עקיפּאַזש, הייסט עס; און מען איז זיך צעגאַנגען אין פאַרשידענע זייטן.

שלמה איז נאָכגעגאַנגען זיינע חברים אַ פאַרטראַכטער. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט, זיך עפּעס אומרואיק איינגעהערט אין אַ אינער־לעך קול. ער האָט זיך נאָך אַ מאָל אומגעקוקט, און האָט געזען דאָס מי־ליטערישע פּאָרל זיך לאָזן גיין צום אַרויסגאַנג. מיט אַ מאָל האָט ער אַ וואָרף געטון דעם פאַרקויפער פון אַ קליינטל אַ פינפערל, האָט געכאַפּט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגן דעם פּאָרל. ווען ער האָט זיי דעריאָגט ביים סאַמע אַרויסגאַנג, האָט ער אויפגעריסן דאָס שאַכטל, גענומען אַ פּאַפּיראָס צווישן די פינגער, און האָט לייכט אַ צי געטון דעם מאַיאָר פאַר דער פּלאַנשעטקע: **

— דערלויבט צורויכערן, חבר מאַיאָר —

דאָס פּאָרל האָט זיך פאַרוווּנדערט אומגעדרייט, און האָבן איין אויגנ־בליק שטאַר באַטראַכט דעם שלאַנקן ברונעט מיט די ציגיינער־אויגן און מיט דער ציגיינער־באָרד. דער מאַיאָר האָט אים העפלעך אויסגעשטרעקט זיין פּאַפּיראָס:

— ביטע, רויכערט צו.

שלמה האָט ביי אים פון די הענט גענומען דעם פּאַפּיראָס, אָבער ער האָט אפילו נישט געקלערט צוצורויכערן. זיין דורכנעמענדיקער בליק האָט אויפמערקזאַם און אייפערדיק אַרומגעטאַפּט די געזיכטס־שטריכן פונעם הויכן קאָמאַנדיר, און האָט אַלץ אומאַנטשלאָסן געבלאָנדזעט אַרום דעם ברייטן שראַם, וואָס האָט זיך צעלייגט אין דער ברייט איבער דעם מאַ־יאָרס באַק און אַ שטיק האַלדז, און האָט אים געמאַכט פרעמד...

— אַנטשולדיקט מיר, חבר מאַיאָר, איר זענט נישט —

* אַ פּאָפּולערער סאַטירישער זשורנאַל אין ראַטנפאַרבאַנד.

** אַזאַ מיליטעריש טעשל, ווו מען האַלט די פּלאַנען און אַנדערע וויכטיקע דאָקו־מענטן.

— עפּעס זעט איר מיר אויך אוים קענטלעך, נאָר איך קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען —

— געצי!

— ווער זשע זענט איר? זאָגט שוין —

— ווען נישט דאָס, וואָס מיין צוג דאַרף באַלד אָפּגיין, וואָלט איך דיר שוין דווקא נישט געזאָגט! דו ביסט טאַקע, זע איך, געוואָרן אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם", אָבער פון דעסט וועגן ביסט דו נישט קליין אַליין צו דערקענען אַ מענטשן —

דער אָפיציער מיטן שראַם האָט זיך מיט אַ מאָל צוגעבויגן צום שוואַרצנס פּנים און פּלוצלינג האָט ער אויסגעשריגן איבער דער גאַנצער פּלאַטפאָרמע:

— שטיי נאָר, ס'איז דאָך שלמה —

דער מאַיאָר און דער „ציגיינער" זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און האָבן זיך שטאַרק געקושט. דורכגייער האָבן זיך פאַרהאַלטן, געדרייט מיט די קעפּ, געסמאַצקעט מיט די ליפּן, געשמייכלט, און נישט שעמענדיק זיך, אַליין אויך געלאָזט אַ טרער. אין יענע טעג איז אַזאַ סצענע פון קושן זיך אין מיטן גאַס כלל נישט געווען קיין חידוש־נפלא. אין דעם פאַל איז פאַר יעדן איינעם געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז דאָ האָבן זיך אומגעריכט גע־טראָפן אַ פאָטער מיט אַ זון...

שלמה האָט קוים אַוועקגעשלעפּט דעם מאַיאָר פון דעם רעדל נייגע־ריקע צוקוקערס, און איז מיט אים אַנטרונען געוואָרן אינעם צווייטן עק פון דער פּלאַטפאָרמע, ווו זיי האָבן זיך פאַרשטעקט אין אַ פּוסטן ווינקל. דאָ האָבן זיי זיך ערשט פון דאָס ניי באַטראַכט, און האָבן זיך נאָך אַ מאָל אַרומגענומען.

געצי פרעגט:

— שלמה, פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אָט די באָרד?

— טאַקע פון מיינע אייגענע באַקן —

— ניין, איך פרעג דיך ערנסט. דו ווייסט כאַטש, וואָס אויף דער אוק־ראַינע טוט זיך אַצינד? וואָס פאַר אַ מין אַנטיסעמיטיזם עס פלאַקערט דאָרט אויף יעדן טריט און שריט? דו וועסט דאָך אפילו נישט קענען אויף דער גאַס אַרויסגיין —

— איך פאָר אָבער נישט אויף דער אוקראַינע —

— וווהין דען פאָרסטו?

— איך פאָר קיין ארץ־ישראל.

— ווו—הין?

— אָן קשיות! אַז איך זאָג ארץ־ישראל, איז — ארץ־ישראל! געצי, מיר האָבן נאָך אין גאַנצן אַ שעה מיט עפּעס ביזן אָפּגיין פון מיין צוג. זאָג נאָר ברודערקע, ווער האָט עס דיך אַזאַ געשמאַקן קוש געטון אין דער באַק?

— אַ גראַנאַט האָט זיך אַריינגעשניטן אין טאַנק אַריין און האָט מיך

אזוי גַעלונגען אַ קיצל געטון... אַ פיינער דראַפּע, האַ? ווי מיט אַ גסה־חלף, האַ? דו הערסט, איך קוק אַלץ אויף דיין באָרד, אויף מיין ערנוואָרט — אָטטאָ יוליעוויטש שמידט, * אַ האָר נישט געמינערט!

— זאָג כאָטש: דאָקטאָר הערצל — דו גויאישער קאָפּ —

— טאַקע נאָר דאָס קול און די אויגן גיבן דיך אויס. ווען נישט דאָס, איז דיך אום—מעגלעך צו דערקענען! צו וואָס נוצט זי דיר, די באָרד? צוליב שיינקייט?

— מילא שיינקייט וואָלט איך דיר שוין מוחל געווען. אַז דאָס ווייב איז אַ שיינע, איז שוין דער מאַן אויך יוצא. דאָ גייט טאַקע אין דעם, אַז עס זאָל מיך זיין אום—מעגלעך צו דעמאַסקירן. טאַקע צוליב דעם איז דאָס געמאַכט געוואָרן, אַז אַנדערע געצעלעך, אַ ביסל שרעקלעכערע פון דיר, זאָלן מיך אויך נישט קענען דערקענען. זאָג מיר נאָר, דו ביסט נאָך אַלץ אַ בחור?

— כאַ! ער האָט זיך דערמאָנט אַ מעשה. איך האָב שוין אפילו אַ יינגעלע פון פיר יאָר. יענעם זומער, אין וועלכן עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, האָב איך חתונה געהאַט.

— אפשר טאַקע — אָט דער קאַפּיטאַן, מיט וועלכער איך האָב דיך געזען?

— טאַק טאָטשנאָ, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק! די זעלבע.

— זי איז כאָטש אַ יידיש קינד?

— פאַר וועמען האַלטסטו מיך? איר זיידע איז לאַנגע יאָרן געווען אַ מנקר אין זשלאָבין.

— האָסטו ביי דיין יינגעלע געפּראַוועט אַ ברית? אים מכניס געווען בבריתו של אברהם־אבינו, כדת משה וישראל?

— זעסטו — דאָס דווקא נישט.

— שלעכט! געצי, ס'איז שלעכט! דו דערווייטערסט זיך פון אונדז... דו ווערסט גלייך מיט אַלע אַנדערע פאַרכאַפּט פונעם שטראָם... על זה ידוו הדווים... ** מען דאַרף טאַקע צו דיר האָבן, זעט אויס, דעם רבי שמעיהם קאַנטשיק מיט די נאַסע רימענדלעך. עפּעם אַ שפּילעכל אויסצורעדן — חלל בריתו... דו ווייסט, ווו ביי יידן ווערט אַוועקגעשטעלט אַ „מפר בריתו של אברהם־אבינו״, האַ? ברודערקע טייערער, קער דיך אום צו דיין פאָלק. יעדער איינציקער פון אונדז איז אַציִנד געוויגן קעגן גאָלד. אין פּוילן האָט מען אומגעבראַכט אַלע יידן! אנשים, נשים וטף! אויף דער אוקראַינע — אומגעבראַכט! אין רומעניע — אומגעבראַכט! אין ווייס־רוסלאַנד —

---

* דער באַרימט־געוואָרענער, לעגענדאַרער נאַטשאַלניק פון דער פאָרשונגס־עקספּע־דיציע אויפן ווייטן צפון, וואָס איז געפאָרן אויף דער שיף „טשעליוסקין״, וועלכע איז דערנאָך אונטערגעגאַנגען אין ים־הקרח. די מאַנשאַפט פון דער שיף — איידער זי איז געראַטעוועט געוואָרן דורך די דרייסטע סאָוויעטישע פליערס — שפּעטערדיקע: העלדן פונעם ראַטנפאַרבאַנד — האָט אויפן אייז אויפגעשטעלט אַ לאַגער אויף שמידטס נאָמען.

** אַלע די, וואָס האָבן אַ פילנדיק האַרץ, ווייטיקן דערויף.

אומגעבראכט! אין דייטשלאַנד, אין עסטרייך, אין אונגאַרן, אין טשעכן, אין פראַנקרייך — אומעטום: אומגעבראַכט! אומגעבראַכט!! אומגע־בראַכט!!! אויף דער גאַנצער וועלט איז צעשפּריצט און צערינען אונדזער בלוט. קער דיך אום, געצי, חזור בך! דו ווילסט זיין אַ מאַיאָר? מיטן גרעסטן כבוד! דו שטייסט מיר אָן אפילו פאַר אַ גענעראַל־מאַיאָר, אָבער — אין אונדזער לאַנד! זיי מל דיין ייִנגעלע. איצט איז נאָך אָפן טיר און טויער. רעד זיך צונויף מיט גוטע חברים, בעלי־סוד; שאַפט אייך איין וועלכע עס איז קאָמאַנדיראַוווקעס; און שאַרט אייך אַרויס פון דאַנען ביי ציי‌טנס. מיר וועלן זיין סאָוויעטישע פּאַטריאָטן פון ארץ־ישראל. געצעלע מיינס! פאָלג אַ קליגערן פון זיך... מיר זענען איצט אַזוי ווייניק פאַרבליבן, ויאכל חצי בשרו, געדענקסט? לאָמיר כאָטש איצט, פאַר נעילת־השער, צו־נויפזאַמלען אין אונדזער אייגענעם לאַנד אַריין אַ קהל־רב, אַ היפּשן טייל פון דעם לעבן געבליבענעם פאָלק... געצי, היינט איז נישט קיין טאָג פון דרימלען... ער, כביכול, דרימלט שוין איצט אויך נישט — הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל! — פון יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, ועד היום הזה איז פאַר ייִדן געוועזן אַ „יום המוכן לפורעניות" און מהיום הזה והלאה הייבט זיך פאַר אונדז אָן אַ יום המוכן לישועה כללית! מען טאָר זיך איצט נישט פאַרשטעלן די אויגן און זאָגן, אַז מען זעט נישט, ווייל ער זעט אַלץ און אַלעמען! כי רם ד' — ושפל יראה... איך זע אין דיינע אויגן, אַז דו פאַרשטייסט גוט, וואָס מען רעדט צו דיר... נו, דו זאָגסט מיר צו עפּעס צו טון אין דעם ענין, צי ניין?

— דו! היצקאָפּ! נו און ענגלאַנד, האַלטסטו, וועט צוקוקן ווי מיר גייען — און שווייגן? און די אַראַבער וועלן שווייגן?

— שוטה, מיר פייפן אויף זיי! עס הייסט, אויב עס וועט קומען דער־צו, וועלן מיר פייפן אויף זיי... אונדזער מרירות איז עד אין ערוך געפער־לעכער פון זייער גאַנצן וואָפן... פון די שרעקלעכסטע מינים געווער...

— רופסטו מיך, הייסט עס, אין אַ פריש שלאַכטהויז? פון דאָס ניי „נאַ קולאַטשקי"? די צווייטע באַק אונטערטראָגן אונטער דעם קצבס האַק, האַ? און עפּעס האָב איך דאָך אַ ווייב... און אַ קינד... מען לעבט דאָך נאָר איין מאָל... ווען וועל איך שוין אויך האָבן אַ חיי־שעה? שווייגסט, האַ? וואָס זשע, דו מיינסט טאַקע, אַז עס גלוסט זיך אַזוי שטאַרק פון דאָס ניי גיין בלוט פאַרגיסן? און ווער ווייסט נאָך, צי עס וועט נישט זיין אַרויסגע־וואָרפן די אַרבעט —

— ניין, ניין! איך שווער דיר ביים הייליקן אָנדענק פון אונדזער אומפאַרגעסלעכן רבי שמעיה ז"ל, אַז דאָס מאָל וועט די אַרבעט נישט זיין אַרויסגעוואָרפן... איצט מוז דאָס אָפּגעבאַקן ווערן! און וואָס דו זאָגסט: „פון דאָס ניי בלוט פאַרגיסן" — גוטער ברודער, וואָס דען וואָלסט דו געוואָלט, אַז דיין מאַמעס „קלאָרוויים ציגעלע, וואָס איז געפּאָרן האַנד־לען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" זאָל דיר ברענגען אויף די ציכטיקע הער־נערלעך אַ גרייט ארץ־ישראליקל? די הייליקע שבהייליקע ראַטנמאַכט דיינע

איז אויך געבראַכט געוואָרן אויף דעם עולם דורך דעם קלאָרווײסן ציגעלע אין אַ שקאַרמוצל פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען?... אמת, אונדזער קוי־לעטש באַקט זיך שוין זײער לאַנג, שוין אפילו אַ ביסעלע צו לאַנג, אָבער איצט מוז ער שוין אָפּגעבאַקן װערן... אַלע געבעקסן פון דעם דאָזיקן מין מוזן געקנעטן װערן אויף בלוט, אויף דם ממש! דם־ברית; דם־נקם און סתם דם! אָן שפיכת־דמים הײבט זיך בײ אַזױנע זאַכן נישט אָן! װאַראָך מתבוססת בדמיך, — ערשט דאַן — ואומר לך: בדמיך חיי! דײן נאָבעלע אָקטאָבער־רעװאָלוציע איז אויך נישט אָן קײן הענטשקעס געמאַכט געװאָרן; אויך דאַמאָלסט — צען מאָל נישט הײנט געדאַכט — האָט זיך פון מאָל צו מאָל „געטראָפן", אַז מען האָט זיך געמוזט אײנריכטן די הענטעלעך... אַזוי איז דער דרך העולם: דער יונגער דור, דער קאַמפּס־פּעאיקער, אַזוי צו זאָגן: „דער צװײט פון דער נאַציע", איז געגליכן צו די זאַפּטיקע ראָזשינ־קעלעך מיט װעלכע מען באַשטעקט און מען באַפּוצט דעם פּורים־קוילעטש; צום שמעקנדיקן צימרינג מיט װעלכן מען באַשיט אים. לכתחילה, װען מען דערלאַנגט דעם פילגאָרנדיקן פּורים־קוילעטש צום טיש, קען מען מײנען, אַז דער גאַנצער קוילעטש איז געמאַכט געװאָרן נישט מער בלויז צוליב דעם צימרינג מיט די ראָזשינקעלעך, אַזוי שײנענדיק, אַזוי עטרהדיק באַ־צירן זײ אָט די יומטובדיקע חלה... אָבער שפּעטער, װען דער עולם לאָזט זיך װױלגײן, דאַן שפּאַלט מען דעם פּורים־קוילעטש אין דער לענג און אין דער ברײט, אַז עס גײט אַזש אַ רויך; דאַמאָלסט קוקט זיך גאָר אפילו קײנער נישט אום דערויף, װאָס בינו לבינו שיט זיך אָפּ דער צימרינג און עס רינען אויס די ראָזשינקעלעך... װער איז בשעת־חדוה נותן־לב אויף אַזױנע קלײניקײטן? אַזאַ מעשה גאָר! דערויף זענען דאָס ראָזשינקעס, אַז אונטערן מעסער זאָלן זײ אָפּגײן מיט בלוט און דערויף איז דאָס צימרינג, אַז אונטערן מעסער זאָל ער זיך אָפּשיטן. אַזוי איז דאָס, בראַטיעץ! נישטאָ הײנט קײן: פּסיק רישא ולא ימות! * בקיצור, װאָס הערט זיך? װוּ האַלט איך מיט דיר?

— איך װעל אַ טראַכט טון... אַזאַ זאַך טוט זיך נישט אויף שנעל —

— גוט, איך פאַרלאָז זיך אויף דײן טראַכטן... איצט קום באַקען מיך מיט דײן זשלאָבינער מנקרטע. זאָג איר, אַז זי זאָל זיך נישט דערשרעקן פאַר אָט דעם „דיעד מאָראָז". ** גישקשה, אונטער דער באָרד, — מעגסטו איר זאָגן — קלאַפּט אַ יונג האַרץ. יאָ, איך האָב דיר גאָר פאַרגעסן צו זאָגן: מײן טאַטע פאָרט דאָך אויך, די מאַמע אויך, און אַלע אונדזערע קינדער... אָט װעסטו זען, דו װעסט זײ בשום אופן נישט דערקענען —

— עט, נו! מאָל דיר, אַז דײן טאַטן װעל איך שוין דװקא יאָ דער־קענען!

* האַק אָפּ דעם קאָפּ און ער זאָל בלײבן לעבן. געמײנט: אַ זאַך, װאָס קען נישט געמאָלט זײן.

** בוכשטעבלעך: „זײדע פראָסט". צו נײ־יאָר הענגען די קריסטן אויס אויף זײערע „יאָלקעס" באַבערדעטע אַלטיטשקע און מען רופט זײ מיט דעם דאָזיקן נאָמען.

— גיי איך מיט דיר אין א געוועט, אז ניין —
— נו־נו, מיר'ן שוין זען!
— יאָ, געצי, דו ווייסט? מען האָט דאָך מיך דאַמאָלסט אויף קיראָוואַ טאַקע אויסגעשפּירט... טאַקע דערשנאַפּט מיט זייערע הינטישע נעזער... איך בין מיט ניסים אַנטרונען געוואָרן... כ'בין קוים אַרוים אַ לעבעדיקער פון זייערע באַנדיטסקע הענט... און דו האָסט גאָר—נישט געוווּסט?
— צי איך האָב געוווּסט, פרעגסטו? שיינע יאָרן... נאָר פאָלג מיך, לאָז עס איצט אָפּ. ס'איז נישט קיין מעשה, וואָס מען קען זי דערציילן אויף איין פוס. וואַרט, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, וועל איך דיר דערציילן פון „אלף" ביז „תיו", וואָס אַרום דיר האָט זיך דאַמאָלסט אָפּגעטון... דאָס קלינגט ווי אַן אַראַביש מעשהלע; ווי אַ מעשה פון טויזנט און איין נאַכט... אָבער נישט איצט! אַז דו ביסט געבונדן מיט אַ צוג קען איך נישט —
— ווען זשע וועט זי שוין זיין די „אַנדערע געלעגנהייט" דיינע? ווען און ווו? צי דו קלערסט טאַקע נאָכקומען?
— מיט גאָטס הילף... ביי דער ערשטער מעגלעכקייט... וואָס דען מיינסט דו, אַז איך וועל דיר אַליין צולאָזן די גאַנצע ירושה? אמת, איך בין מסכים, אַז דו האָסט אַ דין־קדימה; אַז דו ביסט דער בכור לנחלה, אָבער איך בין דאָך אויך אַ ייד, בין איך דאָך אויך אַ געזעצלעכער יורש פון אונדזער לאַנד, צי ניין אפשר?
— נאָך אַ מין יורש... נאָך אַ מין יורש... אַלץ הייסט אַ יורש —
די הויכראַנגיקע טאַנקיסטן האָבן באַזוכט דעם „ספּעציעלן וואַגאָן", זיך פאַרגעשטעלט פאַר יעדן באַזונדער. נאָר נישט אפרים־אהרון, נישט צפורה האָבן טאַקע נישט געקענט טרעפן: וועלכער פון אָט די צוויי מיליטער־לייט איז אַ באַקאַנטער. איין דינה האָט יאָ געזאָגט, אַז דאָס איז אויף געוויס עמעצער פון שלמהס חברים פונעם חדר, אָבער קיין נאָמען האָט זי פון דעסט וועגן נישט אָנגערופן. געצי לייגט אַרויף שלמהן אַ האַנט אויפן אַקסל, פּירט אים אָפּ אויף אַ זייט, און גיט אַ ווונק אויף די אומבאַקאַנטע:
— איצט זאָג מיר, ווער איז אָט די גאַנצע קאָמאַנדע?
— דאָס איז מיין טאַנקעווע דיוויזיע! אין קיעוו דערוואַרט איך נאָך אַ פאַרשטאַרקונג. דו קוקסט אָן אָט דאָס קליינוואַרג? דאָס זענען צוקינפטיקע העלדן: גאַסטעלאָס, קאַראַצופּאַס, זשוקאָווס, ראָקאָסאָווסקיס * און אַזוי ווייטער און ווייטער —

* גאַסטעלאָ — אַ לעגענדאַרער העלד פון דער לעצטער קריג. אַ פּליער, וואָס, אָנשטאָט זיך אַראָפּוואַרפן מיטן פּאַראַשוט, האָט ער זיך אַריינגעשניטן מיט זיין ברענענדיקן אַעראָפּלאַן אין אַן עסקאַדריליע דייטשע אַוויאָנען און, אַליין אומקומענדיק פון אָט דעם געפערלעכן שריט, האָט ער זיי אַלע אויפגעריסן.
קאַראַצופּאַ — אַ באַרימטער גרענעץ־וועכטער אויפן ווייטן מזרח. ער האָט זיך יאָרןלאַנג אויסגעצייכנט אין קאַמף מיט די יאַפּאַנישע שפּיאָנען און דיווערסאַנטן.
די איבעריקע צוויי זענען וועלט־באַרימטע מאַרשאַלן פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

— שלמה, זאָג מיר נאָר, שוין זשע פאַלט דיר אפילו נישט איין, אַז אַט דאָס אַרויספירן אַזוי פיל בירגער פונעם לאַנד איז אמתע קאָנטער־רעוואָלוציע?

— שוטה דו! דאָס איז רעוואָלוציע, נישט קיין קאָנטער־רעוואָלוציע... דער קאָמוניזם אַליין מאַכט דאָך פּראָפּאַגאַנדע פאַר נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. סטאַלין אַליין — באַלד נאָך דער רעוואָלוציע — איז געווען דער נאַרקאָם פאַר נאַציאָנאַלע פראַגן. דאָס ייִדישע פאָלק — דאָס הייסט: דאָס וואָס עס איז נאָך איבערגעבליבן פונעם ייִדישן פאָלק — מוז זיך איצט פעסט אַוועק־שטעלן מיט ביידע פיס אויפן באָדן; דאָס פאָלק מוז איצט אויסשמידן אַ כח, וואָס זאָל אַרויסרופן אָנזען און רעספּעקט ביי דער וועלט. „יורה־דעה־דיק" געדערט — מען דאַרף ווייזן דער וועלט: אַ חתיכה הראויה להתכבד! און דערצו מוז מען האָבן וואָס מער ייִדן! גלייב מיר, עס קען נאָך זייער שיין געמאָלט זיין, אַז די ראַטנמאַכט אַליין זאָל אַ מאָל אויך חשק האָבן צוליינגן אַ פינגער צו דעם דאָזיקן גראַנדיעזן בנין. זיי זיכער, קיין פעס־טערן באַסטיאָן פאַרן סאָציאַליזם אויפן נאָענטן מזרח, ווי אַריבערפלאַנצן קיין ארץ־ישראל אַ מחנה פון עטלעכע הונדערט טויזנט סאָוויעטישע ייִדן, וועט דער ראַטנפאַרבאַנד קיין מאָל נישט צוטראַכטן. ס'איז נאָר אַ ספק, ווען אונדזער מלוכה וועט פאַלן אויף דעם דאָזיקן פשוטן שכל: באַלד, איצט, אחרי המגפה, צי ערשט אין עטלעכע צענדליק יאָר אַרום. דו ווייסט דאָך — אַ בער, ביז ער טאַפּט אַרום מיט די לאַפּעס, ביז ער שמעקט אַרום מיט זיין נעזל, ביז ער לעקט אַרום מיטן צינגל — דערווייל איז דאָס אַ בער, נישט קיין אילה שלוחה. אונדזער מלוכה, לגבי ייִדישע ענינים, מאַכט בער־רישע תנועות. אָבער סוף־כל־סוף וועט איר נישט העלפן; מיט דער צייט וועט זי דאָס פאַרשטיין. אַ ייִד — דאָס איז דאָך פון דער טבע אַ קערנדל פון אַ רעוואָלוציאָנער, פון דער מאַמעס בויך אַ פּאַרטיקער בונטאַר, און דו זאָגסט גאָר — קאָנטער־רעוואָלוציע... שוטה דו, מען וועט אונדז נאָך אַ מאָל אָפּשיקן אַהין צו אָרדענס פאַר אונדזער אַוועקפאָרן... בקיצור, מאַך דאָ נישט קיין שהיות און קום וואָס גיכער צו פאָרן. נאָר געדענק, פאַר־געם נישט: דאָס שפּיציקל פון דיין ייִנגעלע, דעם „קוצו של יוד", זאָלסטו פאַרלירן אויפן וועג! קיין ערלים עקספּאָרטירן אַהין דאַרף מען נישט. מיר האָבן פון זיי גענוג געהאַט דאָ, אויפן אָרט. טאָמער טוסטו דאָס נישט, וועט דיין קינד זיין אַ „לא יבא בקהלניק", קיין שום ייִנגל וועט זיך מיט אים נישט חברן, קיין שום מיידל וועט פאַר אים נישט וועלן חתונה האָבן, עפּעס אַ שפּילעכל — הוציא את עצמו מן הכלל...

ס'איז אַריינגעקומען דער וואַגאָן־באַגלייטער און האָט די אָפיציערן העפלעך געמאָלדן, אַז אין צוויי מינוט אַרום גייט אָפּ דער צוג. דער עולם האָט זיך וואַרעם געזעגנט. געצי האָט שלמהן צוגעזאָגט ערנסט אַ טראַכט צו טון מכח זיין פּלאַן. דער צוג האָט גערירט. די מיליטער־לייט האָבן האַסטיק נאָכגעפּאָכעט מיט די היטלען און כאַרקאָוו איז פאַרשוווּנדן גע־וואָרן פונעם אויג.

# קאפיטל XLI

מיט יעדן קילאָמעטער, וואָס דער צוג האָט זיך אריינגעשניטן אין דער אוקראַינע, האָט זיך אויף שלמהן אַלץ מער אָנגערוקט דער טרויערי־קער עבר. מען איז דורכגעפאָרן פּאָלטאַווע; — ווו זענען ערגעץ די לי־בערמאַנס? גאָט ווייסט, צי זיי לעבן... לעבעדין; — ווו זענען איצט ער־געץ הרב פרידמאַנס טעכטער? ראָמאָדאַן; — ווו איז דאָ ערגעץ יענער פּאַרטאָגיקער וואַלד? יענע ליבע סטאָראָזשקע? דאַרניצע; דער קאָרידאָר פון קיעוו! דער בריק איבערן דניעפּר!

— שלום־עליכם — פּעטשערסק! שלמה איז געקומען זיך מיט דיר געזעגענען... דו דערקענסט דיין אַלטן קאַטאָרזשניק? ער איז געקומען נע־מען אַפּשיד פון דיר אויף אימער און אייביק... ער איז געקומען ארויפ־לייגן אַ קראַנץ בלוטרויטע רויזן אויפן קבר פון זיינע בעסטע יאָרן; פון זיין האַלבער וועלט, וואָס ער האָט פאַרלוירן אין שכנות מיט דיינע בלוט־טיקע צלמים; אין די גרויל־נדיקע, אַכצנטע קאַמערן פון יעליזאַוויעטינסקער אונטערערדישן קעניגרייך...

— שלום־עליכם — דימייעווקע! שלמה איז געקומען ביי דיר אויס־מאָנען אַן אַלטן חוב. די לעצטע שול פון קיעווער פיר הונדערט בתי־כנסיות ובתי־מדרשות, איז מגולגל געוואָרן צו דיר אין אַ פּאָדוואַל. אויף קראַסנאָאַרמייסקע־גאַס, 158. אָט דאָרט, אין יענעם מיט נאַפּט דורכגע־זאַפּטן ווינקל, פינצטערן לאָך, האָבן יידן אין זייערע ביטערע מינוטן — און אַזעלכע זענען געווען בכל יום ובכל עת ובכל שעה — אַריינגעוויינט זייערע בלוטיקע טרערן; דאָרט האָבן יידן אויסגעהויכט זייער לעצטן נשמה־צאַפּל. איז שלמה געקומען אָפּנעמען ביי דיר אָט די הייליקע אוצרות. ער וועט זוכן און נישטערן אין אַלע שפּאַלטן, אין אַלע נאָרעס, ער וועט בודק זיין בחורין ובסדקין, ער וועט צונויפקלייבן איינס נאָך איינס אַלע יידישע טרערן און זיפצן, זיי מיטנעמען מיט זיך קיין ארץ־ישראל און זיי בקדושה ובטהרה אַנידערלייגן צו פוסנס פונעם הר־המוריה כאפרו של יצחק.

— שלום־עליכם — סאָלאָמינקע! שלמה האָט ביי זיך נישט געקענט פועלן אַוועקצופאָרן מיט די עשאַלאָנען פון די פּוילישע יידן און נישט אַ קוק טון אויף דיר צום לעצטן מאָל... ער האָט דאָך פאָרט אין דיין שויס פאַרבראַכט זיין יוגנט... ביי דיר און אין כמעלניק — ווו נאָך? ער איז געקומען נאָך איין מאָל אין זיין לעבן איבערלייענען אויף דיינע ראָגן דעם אין האַרצן־איינגעבאַקענעם נאָמען: סאָ—לאָ—מינ—קאַ, און אַ קוש טון דיין מזוזה, אויב... אויב דו האָסט זי נאָך... אויב היטלער האָט זי נישט אויסגעריסן מיטן שורש...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ענדלעך, ענדלעך האָט זיך ווי כּלאחר יד, עפּעס ווי בהסח־הדעת צוגערוקט דער קיעווער חרובער וואָקזאַל —

מרים האָט זיך אַזש געקאָרטשעט פון ווייטיקן. ס'איז שוין פאַריבער אַ גאַנצער טאָג, אַז זי האָט נישט אַראָפּגעשטעלט קיין פוס פון דער סאָפע. נישט קוקנדיק אויף איר זעלטענער אויסגעהאַלטנקייט; אויף איר איבער־מענטשלעכן געדולד — האָט אָבער איר פּנים זי אויסגעגעבן. אויף דעם געזיכט איז דייטלעך געווען אָנגעשריבן, וויפל אַט די דאָזיקע פרוי לײַדט איצט. זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַרביסן די ליפּן, כּדי נישט אַרויסצושרייען דעם שוידערלעכן ווײ־געשריי, וואָס האָט זיך געריסן פון איר גאַנצן אָרגאַניזם. פונעם וואַגאָן האָט מען זי אַרויסגעטראָגן אויף די הענט —

די אָנקומענדיקע האָבן באַגעגנט אַלע ראַדיעצקיס צוזאַמען מיט זייער יונגסטן ברודער: דוד, וועלכער איז שוין געווען דעמאָביליזירט, און איז גלײַך אויפגענומען געוואָרן אויף אַ ציווילן פּאָסטן. עס זענען געקו־מען די ביעלסקים און די סוקאָלסקים. די ערשטע עטלעכע מינוט האָט זיך אין דער גאַנצער מחנה געטון אַן איבערקערעניש. דאָס איז געווען אַ מיש־מאַש: פון קושערייען; געוויינען; היסטעריקעס; פאַרחידושטע בליקן אויף שלמהס באָרד. שלמה, אויף שנעל זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די קבלת־פּנימס, האָט גענומען פרוי ביעלסקי אונטערן אָרעם, זי אָפּגעפירט אין אַ זייט, און ציילנדיק יעדעס וואָרט, געזאָגט:

— סעסיל פּעטראָוונאַ, באַמערקט, איך פרעג אײַך אפילו נישט אויף די קינדערלעך. מיט דעם, מיין איך, איז אַלץ געזאָגט... הערט מיך אויס: מיט אונדז איז אַהער געקומען אַ פרוי. זי איז אין נײַנטן חודש. און עפּעס איז ביי איר אינעווייניק קאַליע געוואָרן אַ שרייפעלע. די דאָזיקע מרים האָט מיך אַ מאָל געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. איר זענט אַ גינעקאָ־לאָג, איר האָט אַן אייגענע קליניק, טאָ ווייסט, וואָס איר האָט צו טון, מער זאָג איך אײַך גאָרנישט...

— אַ האַלב לעבן מיינס פאַר איר לעבן בין איך שוין גרייט אָוועק־צוגעבן. דאָקומענטן פאַר אונדז אַלע האָט איר?

— אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג טייערע, אָבער דאָס ערשטע איז: מרימס לעבן —

איבער סעסילס יונגן און שיינעם פּנים האָט זיך דורכגעטראָגן אַ פריידנס־כוואַליע, ווי אַ פרימאָרגן רעגנדל אויף אַ בייט מאַי־רויזן. זי האָט נאָר צוגעדריקט שלמהס האַנט צו איר ברוסט און האָט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט —

...דאָקומענטן אויף צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל זענען דאָ... שלמה, איר שלמה, האָט איר ערשט געזאָגט „טייערע”, — וואָס נאָך קען זי פאַר־לאַנגען פון גאָט?

מען האָט אַלאַרמירט עטלעכע גאַראַזשן מיט אַ מאָל, ס'איז געקו־

מען צו לויפן אַ קאַרעטע פון „גיכער הילף" און סעסיל פּעטראָוונאַ האָט אָפּגעפירט מרימען אויף דעם בולוואַר שעווטשענקאָ, צו זיך אין דער קליניק. יוכבד מיט אביגילן זענען מיטגעפאָרן. די ראַדיעצקים האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן עולם צו זיך אַהיים, נאָר אפרים־אהרון, שלמה און דער אַלטער חזקיה זענען נישט פאַרפאָרן אויף לוואָווסקע־גאַס, נאָר אין צענטער שטאָט צו אַ גוטער באַקאַנטער, וואָס האָט אין סאַמאַרקאַנד געוווינט מיט זיי אין שכנות. דער טעם פון זייער אָפּשיידן זיך פון דער חבריא איז געווען אַ פּשוטער בתכלית־הפשיטות: מענטשן וועלן דאָך מן הסתם קומען זיך זען, וועלן זיי זיך אָנהייבן דערפרעגן: פאַר וואָס איז מען פאַרפאָרן אין אַ פרעמדער שטוב? פאַר וואָס נעמט מען נישט אָפּ די אייגענע הייזער? ווהין פאָרט מען? נאָך וואָס פאָרט מען? ווער זענען עס אָט די פרעמדע מענטשן? מוז מען זיי דאָך עפּעס ענטפערן. וואָס ענטפערט מען זיי? ווער שמועסט, אַז זיי וועלן נאָך דערזען שלמהס באָרד, — איז דאָך שוין אַלץ ברור כצהרים! וועלן זיי זיך שוין אַליין אָנשטויסן. וועט די שטאָט אָנהייבן צו רעדן פון דעם נייעס, קען נאָך דערפון חלילה אַרויס אַן אומגליק. אָבער אַזוי, אַז מען איז נישטאָ אין די אויגן, איז גאָרנישט. שריי חי וקים — מען איז נישטאָ און קיינער ווייסט נישט, ווען מען וועט זיין. קורצע דיבורים און רעד צום לאָמפּ! ווי זאָגט מען עס: שווייגן איז גאָלד. על כל פנים אויף דער ערשטער צייט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז שלמה זאָל זיך בשום אופן ואופן פאַר קיינעם נישט ווייזן, יהיה מי שיהיה —

אויפן דריטן טאָג נאָכן אָנקומען קיין קיעוו, האָט זיך ביי מרימען אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע בלוט־פּלייצונג. סעסיל פּעטראָוונאַ האָט דרינגענדיק צונויפגערופן אַ קאָנסיליום פון די גרעסטע ספּעציאַליסטן. אַליין איז זי נישט אָפּגעטראָטן פון מרימס בעט. פון די קרובים האָט זי קיינעם נישט צוגעלאָזט צו איר אין פּאַלאַטע. נאָר אויף שלמהס פערזענלעכער בקשה האָט זי געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר דער אַלטער זלפהן און האָט איר דערלויבט זיך שטענדיק צו געפינען לעבן איר קראַנק אייניקל. אַלע די, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער „גרויסער נסיעה", זענען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ. די פּיאַטיגאָרסקים האָבן געטיילט גרויסע צדקות; אין די בתי־מדרשים האָבן געדונגענע „מנינים" געזאָגט תהילים פאַר דעם יונגן לעבן, וואָס האָט זיך נאָר געוואָלט אויסלעשן; עובדיה אַליין האָט זיך געקלאַפּט קאָפּ אין וואַנט; עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן — מרימס לעבן איז געווען אין אַ גרויסער סכנה. די פּיאַטיגאָרסקים, די ראַדיעצקים, די פינכאַסאָווס זענען נישט אָפּגעטראָטן פונעם בולוואַר. קיילעכדיקע מעת־לעתן איז מען געזעסן אַקעגן דער פּאַראַדנע טיר און מען האָט אַלץ אַרויסגעקוקט אויף אַ גוטער בשורה, אַז מרים איז שוין אַרויס פון דער סכנה; אַז דער מלאך־המות האָט שוין אויף איר קיין שליטה נישט און זי איז ענדגילטיק אומגעקערט צום לעבן. סעסיל פּעטראָוונען האָט מען גאַנצע מעת־לעתן נישט אָנגעקוקט פאַר די אויגן, זי פלעגט אַפילו אַהיים נישט גיין.

נאָר מרימס באָבע פלעגט יאָ אַ מאָל אַרויסגיין צו אירע קרובים. זי פלעגט אויף זיך רייסן די האָר, וויינען און קלאָגן, אַז עס האָט ממש צעריסן די הערצער פון די צוקוקערס.

דעם דריי און צוואַנציקסטן יאַנואַר האָבן זיך ביי מרימען אָנגעהויבן די ריכטיקע ווייען. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש פלעגט אויך קומען צו גיין אויפן בולוואַר און דאָרט אַוועקזיצן לאַנגע שעהן צוזאַמען מיט אַלע. ער פלעגט, גליך מיט יעדן, זיין פרוי נישט זען צו עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד. צייטנווייז איז זי דאָרט אַ פּנים געווען אַזוי פאַרביטערט און פאַרצווייפלט פון מרימס לאַחר־יאושדיקן מצב, אַז אפילו צום טעלעפאָן האָט זי אָפּט מאָל נישט געוואָלט צוגיין, זי האָט געשיקט אַ שוועסטער זאָגן, אַז זי איז פאַרנומען. וויפל סאַמואיל לאַזאַראָוויטש און שלמה האָבן נישט געבעטן ביי איר זי זאָל זיי אויפנעמען כאָטש אויף עטלעכע מינוט — איין מאָל ניין! זי האָט נישט דערלויבט מען זאָל עמעצן צו איר אַריינלאָזן און איז אַליין אויך נישט אַראָפּגעגאַנגען צו די וואַרטנדיקע. נאָר די אַלטע זלפּה פלעגט פון מאָל צו מאָל אַראָפּברענגען בריוועלעך פון סעסיל פעטראָוונען:

„בעט גאָט! מען דאַרף פיל רחמים...״

אין אַ צווייטן:

סאַלאָמאָן אַראָנאָוויטש! היינט האָבן מיר מיט דעם פּראָפעסאָר קרופּ־סקי, מיט דעם דאָצענט מאַרגאָלין געשטעלט דעם דיאַגנאָז, אַז די פרוי פּינכאַסאָוו טראָגט אַ צווילינג... פון די קינדערס לעבן איז אָפּגערעדט, אַז ס׳איז לאַחר יאוש, נאָר מיט דער מוטער אַליין איז אויך שלעכט. שטור־רעמט דעם הימל! דאָס איז דער איינציקער אויסוועג...״

אין אַ דריטן:

„ס׳איז קלאָר: אַליין וועט זי שוין נישט געבוירן. אויב ביז נאַכט וועט נישט פאָרקומען קיין ראַדיקאַלע ענדערונג צו בעסער, מאַכט מען איר אַ קאַיסערשניט״.

אין אַ פערטן:

„די קינדער מוז מען אָפּטויטן ביי דער מוטער אין בויך. היינט איז שוין דער פינפטער טאָג, אַז זי גייט צו קינד. אין די נאָענטסטע שעהן וועלן מיר האָבן נייעס. אָדער אַהער אָדער אַהין. זייט מתפלל, איך אַליין טו אויך דאָס זעלבע. דאָס, וואָס מענטשן קענען נישט, קען גאָט יאָ...״

די דאָזיקע זיסע בריוועלעך פלעגט אַראָפּטראָגן די אומגליקלעכע זלפּה. ס׳איז געווען גענוג אַ קוק צו טון אויף דער אַלטיטשקער, איר פּנים האָט שוין אַלץ דערציילט. מען האָט שוין גאָר פאַרשפּאָרט צו לייענען, וואָס דאָרטן שטייט געשריבן.

און אומגעריכט איז געקומען דער פינאַל —

דאָס איז געווען פאַר טאָג, דעם 29טן יאַנואַר. אין בולוואַר, אַקעגן דער קליניק, האָבן אין יענער נאַכט געהאַלטן די וואַכטע אָפּוואַרטנדיק אַ גוטע ידיעה: שלמה, לאַהקע און עובדיה. דער פראָסט האָט ממש אויסגע־

ריסן שטיקער לייב; די אויגן האָבן געטרערט; די פיס זענען געווען ווי געליימט פון קעלט. די דריי יונגעליט, כדי זיך א ביסל צו דערוואַרעמען די איבערגעפרוירענע אברים, האָבן שמיידיק ארומגעשפּאַנט איבער דעם בולוואַר אַהין און צוריק און האָבן נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון די קליניק־פענצטער. מיט א מאָל האָט זיך דערהערט א ווילדער קוויטש:

— שלמה!

סעסיל פעטראָוונא, אין א ווייסן כאַלאַט, איז ממש אויף צעשיט צו ווערן געלאָפן פון די גליטשיקע טרעפּ. שלמה האָט א פלי געטון צו איר. עובדיה האָט זיך מער טויט ווי לעבעדיק אָנגעכאַפּט ביים הארצן. שלמה האָט נישט באַוויזן אַרויסצוברענגען קיין איין וואָרט, ווי סעסיל פעטראָוונא איז מיט א געשריי אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז:

— מזל טוב... בשלום... א צווילינג... ביידע יינגעלעך... מרים פילט זיך גאַנץ גוט... זי שלאָפט איצט... סאַמואילן האָב איך שוין אָנגעקלונגען... טאַקע נאָר גאָט... און אייער זכות, שלמה... דער עיקר, אין אייער זכות, טייערער שלמה...

עובדיה איז אומגעפאַלן פאַר איר אויף די קני, ווי פאַר א מלאך, און האָט געקושט אירע הענט.

מיט ציטערנדיקע ליפּן האָט שלמה באַטראַכט אירע געשוואָלענע אויגן פון נישט דערשלאָפן; ער האָט געזען, ווי זי שטייט אין איין קאָפּטל אויפן פראָסט, און זי פילט אפילו נישט. ער האָט פלינק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין פוטער, איינגעוויקלט אין אים סעסיל פעטראָוונען, ווי מען וויקלט אַרום א קליין קינד, און וויינענדיק פאַר פרייד האָט ער צונויפגעדריקט אירע אַקסלען:

— איצט סעסיל פעטראָוונא, בין איך שוין אַן אייביקער בעל־חוב קעגן אייך. אָט דאָס שטיקל ארבעט איז נישט אויף אָפּצוצאָלן. זאָל אייך גאָט באַצאָלן... טייערע... רעטערין...

אויפן דריטן טאָג פון מרימס געלעגן ווערן, איז די שמחה פאַרשטערט געוואָרן. מרימס צושטאַנד האָט זיך אַלץ מער פאַרבעסערט, אָבער די צוויי עופעלעך האָבן קענטיק געצאַנקט. די אַלטע זלפה — נישט קוקנדיק אויף איר גרויס גליק פון מרימס געזונט ווערן — האָט פון דעסט וועגן יאָמערלעך באַוויינט די גוססנדיקע צוויי יינגעלעך...

און די יינגעלעך האָבן ווירקלעך געגוססט —

אין זייערע מיילעכלעך האָט זיך באַוויזן א „מילך־פּלוס". דאָס גאַנצע מיילעכל איז געוואָרן ווי איין אויסגוס, ווי איין אייטערדיקער בלאָטער. זיי האָבן נישט געקענט: נישט זויגן, נישט טרינקען. וואָס מען האָט זיי נישט געפּרוווט טון — איז אַלץ געווען אַרויסגעוואָרפן די טרחה. די וועלט איז א פּנים די פריש־אָנגעקומענע יונגעלייטלעך שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן. זיי האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין אויף צוריק —

און האָבן זיך אייליק געקליבן...

דעם פערטן פעברואַר איז יוכבד גראָד געווען ביי סעסיל פּעטראָוו־נען.

אגב אורחא זאָגט זי איר:

— איר הערט, יוכבד, עס זענען נעבעך געווען אומזיסט מרימס לײדן. דאָס קלײנוואַרג וועט שוין אודאי מער ווי אַ מעת־לעת נישט דערציען, העכסטנס — צוויי. ס'איז אודאי זײער טרויעריק, — זי האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן — מען טאָר אָבער אויך נישט זײן קײן כפוי־טובה. מען דאַרף דאַנקען גאָט פאַר דער מוטער. זי איז שוין געשטאַנען מיט בײדע פיס אין קבר. איך גלייב באמונה־שלמה, אַז ווען נישט דאָס, וואָס אײער שלמה האָט פאַר איר אַזוי היים מתפלל געווען —

שלמה האָט אויסגעהערט דעם פרישן גרוס און האָט גאָרנישט גע־זאָגט.

# קאַפּיטל XLII

אין יענעם אויפֿדערנאַכט איז געווען, ווי מען זאָגט: „אַ רחמנות אַ הונט אויף דער גאַס אַרויסצולאָזן". פֿון דאַרניצער זייט, פֿון בראָווארי, פֿון יאַגאָטינער כוטאָרעס האָט געהאָגלט און געשלײַדערט מיט שטעכיקע גרײַפּעלעך. דער פֿראָסטיקער ווינט האָט זיי צוגעפֿרוירן, צוגעשלײַפֿט און מיט אַ קאַלטער רציחה געשאָסן מיט זיי גלײַך אין פּנים אַרײַן. די גאַנץ־געבליבענע צענטראַלע גאַסן זענען שוין געווען באַלויכטן; די פֿאָרשטעט, די אַרבעטער־ראַיאָנען — נאָך נישט. דער „געס" * האָט געאַרבעט; אויך דער „טעץ" ** האָט געאַרבעט; אָבער דער „צעס" *** — נאָך נישט. שלמה שלעפּט זיך אַרום שלינג און שלאַנג אויפֿן געוועזענעם קרעשטשאַטיק און אויף די דערבײַ־ליגנדיקע גאַסן, וווּ אַ מאָל האָט געקאָכט און געזאָטן ווי אין אַ קעסל דאָס לעבן פֿון דער אוקראַיִנישער רעזידענץ — די דריטע שטאָט אין ראַטנפֿאַרבאַנד; וווּ ביז איינס אַ זייגער בײַ נאַכט האָט זיך — ווי לויט אַ געזעץ — קיין איין מאַגאַזין נישט צוגעמאַכט, און אַנדערע — אפֿילו קיילעכדיקע מעת־לעתן; דאָ דער האָטעל „קאָנטינענטאַל" מיט זײַן פֿילפֿאַרביקער, זיך אָנגיסנדיקער און אויסגיסנדיקער עלעקטרישער כוואַליע אויפֿן קאַרניז אונטערן דאַך:

Континенталь — добро пожаловать, ****

דאָ די מלוכה־באַנק מיט איר אומפֿאַרגלײַכלעכער אַרכיטעקטור; דאָ דער נײַער הויפּט־פּאָסטאַמט מיט זײַן גראַניטענעם פּאַסאַד, מיט זײַנע גראַניטענע זײַלן און הונדערטער פֿענצטער; דאָ די ערשטע מלוכה־קינאָ, וועלכע האָט געהאַט אַ שם ווײַט אויסער די גרענעצן פֿונעם לאַנד: מיט אירע הונדערטער שטולן, וואָס זענען געווען באַצויגן מיט פּיאָלעטן פּליוש; מיט איר פּרעכטיקער קאָלאָנאַדע; מיט אירע קרישטאָלענע קאַנדעלאַברעס. דאָ דאָס גראַנדיעזע פֿיל־שטאָקיקע הויז פֿונעם סאָוונאַרקאָם, וועלכעס גאַנץ קיעוו האָט אויפֿגעצויגן מיט הייסער ליבע, שטיין נאָך שטיין. דאָ דער ייִדישער טעאַטער; דאָ די פֿילהאַרמאָניע; דאָ די ריזיקע געבײַדע פֿון דער אַפּטייק פֿון דער נ. ק. וו. ד. און דאָ די ריזיקע ביזאַנטישע געבײַדע פֿון בעסאַראַבקער רינאָק; און די צוויי אַכט־שטאָקיקע אוניווערמאַגן; און די אַקאַדעמישע ביבליאָטעק; און דער קונסט־מוזיי, און דאָס טרעסטן־הויז... אָט דאָס אַלץ איז לעולמי־עד געוואָרן איבערגעגעבן אין אַרכיוו פֿון דער געשיכטע... צווישן די ליבע חורבות האָבן זיך אומאויפֿהערלעך אַרומגעטראָגן וויברירנדיקע שנורן פֿון: שטאַבנע, ***** «Малолитражки» מיליטערישע „ווילליסן" און אויך פֿיל אַנדערע, שוין ציווילע אויטאָס.

---

* אַ ראַשי־תיבות: מלוכהשע עלעקטראָ־סטאַנציע.

** באַהייצונגס־עלעקטראָ־סטאַנציע.

*** די צענטראַלע עלעקטראָ־סטאַנציע.

**** קאָנטינענטאַל. ברוכים הבאים.

***** „ווייניק־ליטראָווע". אַזוי האָט מען גערופֿן די אויטאָס, ווײַל זיי ברענען נישט אויס קיין סך בענזין.

אויף דער גאַנצער אַרומיקער געגנט האָט איצט געקיניגט בלויז אָט דער „דריילינג": פאַרשנייטע, פאַרמלאָזע ציגלבערג; צעקאַליעטשעטע אָבע־ליסקן — מצבות פון די אַמאָליקע מיניאַטורע „וואָלקנקראַצערס"; און דאָס אכזריות־פולע געוויטער פון אייז געמישט מיט פייער...

שלמהן האָט זיך געדאַכט, אַז ער געפינט זיך אין די אויסגעברענטע עגיפּטישע מדבריות, צווישן סודות־פולע פּיראַמידן, אָדער אין דער שרעק־לעכער סאַכאַראַ, און דאָס טראָגן זיך אַרום אים קאַראַוואַנען מיט באַאומ־רואיקטע גייסטער, געטריבענע פון אַן אומבאַגרייפלעכן כח. אָט איז דורכ־געפלויגן אַ פילאָויניקע מחנה און האָט איבערגעלאָזט די וויסטע נאָך גרוילנדיקער, נאָך שווידערנדיקער. און ווידער פאַרכלינעט זיך די זאַוויע־רוכע מיט איר טייוולאָנישן געלעכטער. זי לייקנט אין דעם גאַנצן עבר: ס'איז דאָ גאָר קיין מאָל נישט געוועזן קיין דופק פון לעבן! „קאָנטינענ־טאַל"; באַנק; פּאָסטאַמט — אויסגעקלערט! צוגעטראַכט! שקר וכזב!!! ס'איז איר קעניגרייך, דער זאַוויערוכעס! און די ציגלבערג זענען אירע! און די אָפּגעברענטע, בעטאָנירטע ווענט־שפּיצן, און די לויפנדיקע אויטאָמאָ־בילן — אירס, אירס, אַלץ איז אירס! זי לייקנט שטיין און ביין. זי אַנער־קענט קיינעם נישט...

שלמה האָט אַרומגעבלאָנקעט איבער דעם פּראָסטיקן, רואינירטן קיעוו נאָך פון פאַרנאַכט אָן. אין זיין קאָנספּירירטער וווינונג איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן עובדיה ביי זיין פּאָטער און האָט מער גאָרנישט געטון, נאָר גע־יאָמערט און געוויינט. ס'איז שווער געווען ביי אים צו דערגיין דעם תמצית פון זיין קלאָגן: צי דאָס האָבן אים אַזוי וויי געטון מרימס אומזיסטיקע לײדן; צי עס האָבן אים אַזוי שטאַרק באַנג געטון די צוויי יינגעלעך; אָדער אפשר גאָר ביידע זאַכן צוזאַמען, אַזוי, צי אַזוי, נאָר שלמה האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זיינע יללות, ער איז אַנטלאָפן פון דער שטוב און האָט זיך אַרומגעשליאָעט איבער די אויסגעשטאָרבענע, פאַרוויסטע גאַסן מיט איין ציל און מיט איין כוונה — אַבי אין דער היים נישט זיין! ער האָט אויסגעמיטן בעסאַראַבקער אָפּגעסמאַליעטע סקעלעטן, פּראָזאָראָווסקע־גאַס, זשעליאַנסקע־גאַס — אָט דאָ נישט ווייט האָט דער אַלטער דובנער אָפּגע־לעבט אַלע זיינע יאָרן. אַ שטייגער וואָס איז געוואָרן פון דעם אַלטן זאַוולס אוצרות? פון די פאַרגראָבענע הונדערטער קאַראַטן? האָט ער כאָטש שכל געהאַט זיי אָפּצוגעבן זיינע קינדער? צי זיי וועלן טאַקע בכבוד גדול פוילן אין דער ערד ביז משיח וועט קומען? ער האָט זיך דאַמאָלסט מסוכן־שטאַרק געדונגען פאַר צוואַנציק דאָלאַר... אַן אַלטער נאַר! אָבער פאַר וואָס עפּעס נאָר ער? דאָס רוב מענטשן זענען דאָך אַזוי. געבן גלוסט זיך נישט...

שלמה קומט אָן אויף טראַאיצקע־גאַס און — מאַכנדיק פון די דלאָ־ניעס דעכלעך איבער די אויגן, אַז מען זאָל זיי כאָטש קענען עפּענען — קוקט ער זיך איין אין דעם פאַרחתמעטן איינגאַנג פון דעם נישט־באַנייטן סטאַדיאָן. די זאַוויערוכע פאַרשלאָגט דעם אָטעם און וואַרפט ממש פון די פּיס. דערצו נאָך איז דער סטאַדיאָן נישט באַלויכטן. אָבער עס מאַכט

נישט אויס! איצט וועט מען אים שוין עפענען. אמת, דאָס „אָפּליינען" האָט זיך אַ ביסעלע פאַרצויגן, אָבער די „אומבאַשטימטע צייט" — ווי ס'איז געווען אָנגעגעבן אין דער מעלדונג, וואָס איז דאָ אויפגעקלעפּט געוואָרן אין „יענעם זונטיק" — איז שוין פאַריבער. דער סטאַדיאָן וועט שוין איצט כמקודם טראָגן סטאַלינס נאָמען, און ניקיטאַ סערגייעוויטש כרושטשאָוו, — ווי ס'איז דאַמאָלסט אָנגעזאָגט געוואָרן — וועט טאַקע איבערשניידן דעם שנור מיט אַ גאָלדן שערעלע. זיך טאַקע דערוואַרט, הייסט עס. נו, דאַנקען גאָט.

מיט אַ מאָל פאַלט אים איין אַ מאָדנע „שאלת־חכם":

— אינטערעסאַנט: אויב ביי עמעצן האָבן זיך על־פּי נס פאַרוואַלגערט בילעטן „פון דאַמאָלסט", פון יענעם 22טן יוני — וועלן זיי זיין גילטיק אויף דער קומענדיקער דערעפענונג, צי ניין?

שלמה גיט אַ שמייכל צו זיך אַליין פון דעם נאַרישן געדאַנק און גייט ווייטער.

דעם וועג שניידן אים איבער: העל־באַלויכטענע פענצטער מיט אַ רויטן קרייץ, משמעות — אַן אַפּטייק. ער דערמאָנט זיך, אַז ר' חזקיה האָט זיך היינט ביים מיטאָג צעשניטן אַ פינגער, און גייט אַריין קויפן אַ פלעשעלע יאָד. צו דער קאַסע שטייט אַ היפּשע ריי, שטעלט ער זיך אויך אַוועק, שלמה, און — אַבי וואָס עס איז צו טון — בלעטערט ער מעכאַניש דעם דאָקטוירים־קאַטאַלאָג. פּלוצלינג האָט אַ מעכטיקער עלעקטרישער שטראָם אַ פלייץ געטון אין אים פונעם קאָפּ ביז די פיס:

„ווינאָגראַדאָוו, סערגיי טימאָפיעיעוויטש. קינדער־קראַנקהייטן. פּראָפעסאָר. גאָרקי־גאַס, הויז נומער 62, וווינונג 7".

ער פליט אַריין ווי אַ באָמבע צום פאַרוואַלטער אין קאַבינעט אַריין:

— אַנטשולדיקט מיר, חבר פאַרוואַלטער, בלויז איין פראַגע —

— ביטע, פרעגט.

— זאָגט מיר, דער פּראָפעסאָר פאַר קינדער־קראַנקהייטן: ווינאָגראַדאָוו סערגיי טימאָפיעיעוויטש לעבט נאָך, צי דער דאָקטוירים־קאַטאַלאָג איז אַ פאַרמלחמהדיקער?

— ניין, אַ נאָכמלחמהדיקער. אודאי לעבט ער.

— און וווינט נאָך אין זיין אַלטער דירה?

— ווו ער וווינט, קען איך אייך נישט זאָגן, נאָר ער איז נאָך אַלץ דירעקטאָר אין זיין קינדערקליניק.

— אפשר וועט איר מיר דערלויבן אים אָנקלינגען?

— איך דערלויב אייך אים אָנקלינגען, פאַר וואָס נישט? וואָס קאָכט איר זיך אַזוי?

— דער טעלעפאָן־נומער פון דער קליניק איז —

— אויף דער וואַנט הענגט אַ טאַבעלע פון די טעלעפאָנען פון אַלע קליניקעס, אויסנווייניק געדענק איך נישט אויף אַקוראַט.

שלמה האָט אָנגעקלונגען:

— האַללאָ! קינדערקליניק? זייט אַזוי פֿיל גוט און רופֿט צו צום טע־לעפֿאָן דעם פּראָפֿעסאָר ווינאָגראַדאָוו... וואָס? ער איז שוין נישטאָ? וווּ־הין? אַך, אַהיים... זיין אַדרעס איז דער אַלטער? זייט אַזוי פֿיל גוט. גאָר־קי־גאַס? כ׳ווייס, אַ דאַנק.

אויף דער גאַס איז מיט דער מאַקסימאַלסטער שנעלקייט געגאַנגען אַ טראַמוויי נומער 1. ביידע טירן זענען געווען באַהאַנגען מיט פּאַסאַזשירן ווי אַ קינדער־יאַלקע מיט שפּילצייג. נישט פֿאַרלירנדיק קיין איין סעקונדע האָט זיך שלמה אַרויפֿגעכאַפּט אויף אַ בופֿער און צוהאַלטנדיק זיך מיט איין האַנט פֿאַר דעם שטריק פֿונעם עלעקטרי־בויגן און מיט דער צווייטער פֿאַר דער גליטשיקער ראַם פֿונעם פֿענצטער, האָט ער זיך געטראָגן איבער דער רויטאַרמייסקע־גאַס.

געעפֿנט האָט אים אַ שיקסל פֿון אַ יאָר צוועלף.

— דער פּראָפֿעסאָר איז דאָ אין דער היים, מיידעלע?

— ער איז דאָ אין דער היים, אָבער אַזוי שפּעט נעמט ער נישט אויף קיינעם.

— מיך וועט ער יאָ אויפֿנעמען. לאָז אַריין.

— איך זאָג דאָך אייך, אַז ער דערלויבט נישט —

— מיר וועט ער יאָ דערלויבן. לאָז אַריין, האָב קיין מורא נישט.

— ווער, זאָל איך אים זאָגן, פֿרעגט זיך אויף אים?

— מען דאַרף נישט. איך וועל אים שוין אַליין זאָגן —

מיט קעציש̈ע טריט האָט זיך שלמה דורכגעשלייכט איבער דעם קאָ־רידאָר און האָט געעפֿנט די טיר אין קאַבינעט אַריין. אויף דער שוועל איז שלמה שטיין געבליבן אַ פֿאַרשטיינערטער. דעם באַרימטן, גרויסאַרטיק־דעקאָרירטן קאַבינעט פֿון פּראָפֿעסאָר ווינאָגראַדאָוו איז נישט געווען צו דערקענען. ער איז געווען שרעקלעך פֿאַרוויסט און כמעט ליידיק. עס זע־נען פֿאַרשוווּנדן: די געקווייטלטע, מאַרמאָרנע טישלעך; די פֿיין־געשניצ־טע עטאַזשערקעס; די וואַנטשפּיגלען אין ניקעל געפֿאַסט; די רייכע ביבליאָ־טעק, און אַפֿילו די שטולן, און אַפֿילו דער בלויער אַבאַזשור פֿונעם טיש־לאָמפּ, און אַפֿילו דער גרויסער, אָנגעשטאָפּטער פֿוקס פֿונעם ווינקל — אַלץ, אַלץ, אַלץ...

ביים טיש איז געזעסן סערגיי טימאָפֿיעוויטש און האָט געלייענט אַ זשורנאַל. ווען שלמה דערזעט אים אין גאַס, נישט ביי זיך אין שטוב, וואָלט ער אים אויף זיכער נישט דערקענט. אום ווינטער איז ביי אים דער קאָפּ אָפּגעגאָלט, ווי ביי אַ קאַטאָרזשניק. די באַקן הענגען זיך ביי אים נאָך, ווי אויסגעסמאָקעטע פֿייגן. די אָפּשרעקנדיקע ברעמען — נאָך מער פֿאַר־שאַרפֿט, פֿאַרשפּיצט. דעם אויסדרוק פֿון זיינע אויגן האָט שלמה נישט גע־קענט באַמערקן, מחמת זיי זענען געווען פֿאַרשטעלט מיט דער דלאָניע און אַריינגעגראָבן אין זשורנאַל.

שלמה האָט זיך אויף די שפּיץ פֿינגער אונטערגעגנבעט הינטער זיין פּלייצע, און האָט אַרויפֿגעלייגט ביידע הענט אויף זיינע אַקסלען. דער זקן

האָט אַ פּלאַטער געטון מיטן גאַנצן קערפּער. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אַרומגעפּליקטער שטול און איז אָן לשון שטיין געבליבן קעגן דעם אומבאַקאַנטן. אַ היפּשע ווײַלע האָבן זיי זיך שווייגנדיקע באַטראַכט און זענען זיך אָן ווערטער געפאַלן איינער דעם צווייטן אויפן האַלדז. שלמה האָט אויף זיין לייב געפילט דאָס קאָנוולסיווע ציטערן פון דעם אַלטן גע־לערנטנס קערפּער און האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס נעמט זיך ביי אים פון פריידיקער אויפרעגונג; פון גרויס פרייד פון דער אומגעריכטער באַ־געגעניש.

ווען זיי האָבן זיך נאָר אָפּגעלאָזט, האָט שלמה תיכּף ומיד געפרעגט:

— וואָס מאַכט עפּעס טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ? ווו איז זי אַזוי שפּעט?

דער געגאַלטער קאָפּ האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט, און דער פּראָפע־סאָר איז אַנטשוויגן געוואָרן.

שלמה, אויסער זיך פון זיין שווייגן, האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר ביי־דע אַקסלען:

— סערגיי טימאָפיעיעוויטש, דערבאַרעמט זיך, זאָגט: וואָס איז מיט טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונען?

נישטאָ קיין ענטפער.

שלמה, אַ בלאַס געוואָרענער פון אַ שלעכטן פאָרגעפיל, האָט מיט אַן איינגעפאַלן הארץ אויסגעשריגן:

— גוואַלד, סערגיי טימאָפיעיעוויטש, זאָגט שוין, וואָס האָט געטראָפן? ענטפערט —

— וואָס זי מאַכט, פרעגסטו? זי מאַכט שוין נישט... זי האָט שוין אירס אָפּגעמאַכט... זי איז שוין נישטאָ...

— געשטאָרבן?

— געשאָסן...

— פאַר וואָס?

— פאַר דיר —

— פאַר מיר?

— פאַר דיר, פאַר דיר!

— ???

— שפּאַר זיך צו אויף אַ בענקל, ס'איז אַ לאַנגע מעשה און איך האָב נישט קיין כח צו שטיין אויף די פיס... זיץ, וועל איך דיר דערציילן, פאַר וואָס איך זאָג, אַז זי איז אומגעקומען איבער דיר —

שלמה האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ צעהוידעט בענקל וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, און האָט מיט אַ מוטנע בליק אַ קוק געטון אויפן אַלטן —

— אַז די היטלעראָוצעס זענען אַריין אין שטאָט אַריין, האָבן מיר באַהאַלטן צוויי יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געוווינט ביי מיר אין הויף. איין פאַמיליע פון פינף פאַרשוין האָב איך באַהאַלטן אין דער אָפּטיילונג פון דער צענטראַל באַהייצונג אין מיין קליניק. ביזן סוף אַזוי. די גאַנצע

צוויי יאָר אַזוי. זעקס און צוואַנציק חדשים. איצט האָבן זיי זיך גוט איינ־געאָרדנט. זיי האָבן דאָרט אַ פּרעכטיקע דירה אויף פּעטשערסק, נישט ווייט פונעם זאַוואָד: „אַרסענאַל". זיי לעבן גליקלעך. די צווייטע פאַמיליע איז שוין באַשטאַנען פון גאַנצע ניין פּאַרשוין: אַן עלטער פּאָרפּאָלק, זייר־דע־באָבע; אַ יינגער פּאָרפּאָלק; און פינף קינדערלעך: צוויי יינגעלעך און דריי מיידעלעך. טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ — אַ הימלשן קעניגרייך איר — האָט זיי באַהאַלטן אין אונדזער לעצטן צימער. איך מיט איר מיט די נייע שכנים — אַלע צוזאַמען האָבן מיר מיט די אייגענע כוחות אויפגעשטעלט אַ וואַנט, אַן אמתע וואַנט. וואָרעם ווען מען האָט אין יענע טעג געקענט פאַרגלייבן אַזאַ געפערלעכן סוד? טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ — פריד צו איר אָנדענק — האָט מיט אירע אייגענע הענט פאַרקנעטן ליים, ליים מיט קי־זיאַקעס. זי האָט, אָרעמע, נעבעך געקנעטן מיט די הענט און מיט די פיס. מען האָט אָנגעוואָרפן די וואַנט מיט ליים, פאַרשטוקאַטורעוועט, דאַן פאַר־ריבן מיט קאַלך, איבערגעקלעפּט דאָס גאַנצע צימער מיט נייעם שפּאַליער, און — זיי זענען געבליבן לעבן. נישט געגאַנגען צו דער שחיטה, אַזוי ווי אַלע איבעריקע...

לכתחילה האָבן מיר זיי איינגעקויפט שפּייז פאַר זייערע אייגענע מיט־לען. זיי האָבן געהאַט אַ ביסל מזומן געלט — די ערשטע צייט האָט מען דאָך נאָך גענומען סאָוויעטיש געלט — אַ פּאָר אוירינגלעך, עטלעכע אַלטמאָדישע, גאָלדענע רינגלעך, אַ שנורל פּערל, עטלעכע זילבערנע חפצים, נישקשהדיקע קליידער, עפּעס אַן אַלטמאָדישן בורנעס, געדענק איך, — צי אַ רעטאָנדע אַזאַ — פון טכוירענע פעלעכלעך מיט אַ מאַרדערנעם קאָלנער, און אַנדערע ווערטזאַכן. אָבער אויף ווי לאַנג האָט דאָס געקענט קלעקן? אַ ווערטעלע אויסצורעדן — ניין מענטשן! און נאָך אין אַזאַ מוראַדיקן יקרות! ביזן סוף פון יאָר 1941, האָבן זיי שוין נישט געהאַט קיין אייגנס גאָרנישט. טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ — אַ הימלשן קעניגרייך איר — האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרקויפן אונדזערע אייגענע חפצים. און דער יקרות האָט אַלץ געשטיגן. מיר אַליין האָבן אויך שטילערהייט אונטערגע־הונגערט. זי האָט אָנגעהויבן פון אַרויסטראָגן איר צירונג, דאַן פון קליי־דער, דערנאָך שוין: בילדער, מעבל, אַפּאַראַטורע פון מיין קאַבינעט... אָבער וואָס איז געווען די פעולה? אַז מען האָט פאַר אַלצדינג אָפּגענומען גראָשנס. פאַר צוויי וואַזשנע, ניקעלנע בעטן, און פאַר אַ צוגאָב נאָך אַ קליינס — פּאָוולושעס; אויך אַ ניקעלנס, — האָבן מיר קוים־קוים אָפּגע־נומען פינף און פערציק קילאָ מעל און פינף זעקלעך מיט געפרוירענע קאַרטאָפל. מיין גרויסן מיקראָסקאָפּ געדענקסטו? ער איז געווען דער בעס־טער אין קיעוו. פאַר דער מלחמה האָט די לענינגראַדער וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע באַצאָלט פונקט פאַר אַזעלכן העכער ניין הונדערט דאָלאַר... האָבן מיר אים פאַרקויפט צו אַ פּריץ פאַר צוויי קלימקעס הירזש און צען ליטער קעראָסין. און אַזוי אַלץ... אַלץ איז געגאַנגען אין דער ערד אַריין פאַר נאַרישקייטן, פאַר דערכאַפּן זיך די נשמה. טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ —

דער שלאָף זאָל איר זיין זיס — האָט אומברחמנותדיק אומגעבראַכט איין חפץ נאָכן צווייטן און האָט זיך אפילו נישט פאַרקרימט. מיינע רייד זאָלן איר נישט זיין שווער — זי איז אין יענע גורלדיקע טעג געווען זייער שטרענג; נישט ווי איר טבע — טרוקן און זאַכלעך. זי האָט אויסגעזען ווי אַ זעלנער, וועלכן מען האָט אַרויסגעשטעלט אויף דער ערשטער פּאָזי־ציע און אים באַפוילן: נישט קיין טריט צוריק! אָט אַזוי האָט מען פון זיך געצויגן די קליי דאָס גאַנצע יאָר 1942, אָבער אין יאָר 1943 איז שוין אין שטוב נישט געווען וואָס צו פאַרקויפן. דו שטעלסט זיך פאָר, וואָס דאָס הייסט: אין אַזאַ געפערלעכן הונגער, זעכצן פאַרשווין? פינף ביי מיר דאָרטן, אין קליניק; ניין — הינטער דער וואַנט, און אַליין מוז מען זיך אויך אונטערהאַלטן די נשמה. קענסט זיך פאָרשטעלן: מען האָט געקאַרגט, געהונגערט, געשניטן זיך די פינגער פאַר אַ ביסן, אָבער עס העלפט נישט! עס גייט אַוועק. אַנדערש ווילן די פיס נישט טראָגן. דאַן האָט טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ זיך איבערגעטון אין קליידער פון אַ מאָנאַשקע — די דאָזי־קע בגדים האָט זי געהאַט ביי זיך באַהאַלטן נאָך פון די מיידלשע יאָרן, ווען זי האָט זיך ביי זיי דאָרטן אויפגעצויגן — און איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט בעטן נדבות פאַר אָרעמעלייט... דו מיינסט — געלט? שוטה, ווער האָט דאַמאָלסט געהאַט געלט? קיינער האָט דאַמאָלסט קיין געלט נישט געהאַט, ווער שמועסט נאָך אויף נדבות. מיר האָבן אויפן וואָק־זאַל אויסגעביטן מיינע שוואַרצע שטיוול אויף אַן אייזערן שליטעלע. שפּעטער שוין — זומער צייט — האָבן מיר אונטער דעם צוגעפּראַוועט רעדלעך, איז דאָס געוואָרן אַ װעגעלע. אויפן שליטעלע, אָדער אויפן װע־געלע, האָבן מיר צוגעבונדן אַזאַ פּלאַטשיק פעסעלע מיט אַ דעקל, און ווען זי פלעגט זיך אומקערן פון דער שטאָט נאָכן טאָג „אַרבעט", זענען שוין אין דעם דאָזיקן געווען: שטיקלעך ברויט; פאַרפוילטע בורעקעס; נישט קיין אויסגעסמאָקעטע ביינער פון פיש; שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, און פון צייט צו צייט אויך אַ ביסל געלט אין טאַש. מיר פלעגן אין צווייען אַראָפּ־טראָגן דאָס דייזשקעלע אין שטוב אריין, און דאַן ערשט אָנהייבן צעטראָגן די אָפּפאַלן איבער די באַהעלטעניש — אָבער מיר זענען געווען איבער־גליקלעך. אונדזערע באַהאַלטענע יידן האָבן געהאַט וואָס צו עסן.

אָט די גאָלדענע צייט האָט אָבער לײַדער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. טאַ־טיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ — אַ ליכטיקער גן־עדן איר — האָט אָנגעהויבן דער וועלט צוגעגעסן צו ווערן. מען האָט אָנגעהויבן נישט אַרויפלאָזן זי אויף דער שוועל, די אַלטע בעטלערקע... און נישט איין מאָל — אַראָפּשליידערן פון אַלע טרעפּ... מענטשן זענען געווען פאַרביטערט... מענטשן זענען דאַן געווען געגליכן צו חיות־טורפות... דאַן האָט זיך פאַר אונדז געשטעלט די פראַגע: וואָס טוט מען? ווי אַזוי ציט מען ווייטער די עקזיסטענץ? ווי אַזוי שטופּט מען נאָך אַ ביסל אָפּ דעם אומפאַרמיידלעכן סוף? די לאַגע איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל. דאַן האָט זי זיך באַשלאָסן — עס זאָל איר דאָרט נאָר פאַר קיין זינד נישט פאַררעכנט ווערן — און האָט אָנגעהויבן

צו גנבענען חפצים פונעם קלויסטער: אַ מאָל אַ קאַדילע; * אַ מאָל אַן אַלטע ריאַסע.** זי האָט נישט געקוקט אויף קיין כבוד. זי האָט זיך שוין געקענט מיט אַלע חברות פון גנבים און הענדלערס פון געגנבעטע זאַכן און פלעגט ביי זיי אָפּשטעקן אירע הייליקע טראָפּייען פאַר אַ דבר־שיבוש. ווען דאָס איז שוין אויך געוואָרן אוממעגלעך, זי האָט שוין אָנגעהויבן צו פיל זיך צו וואַרפן אין די אויגן; דער „דיאַטשאָק", *** ביי איר אַריינ־קומען, פלעגט שוין פון איר קיין אויג נישט אַראָפּנעמען; די גאַנצע צייט פון דער „מאָליטווע" **** איר „קוקן אויף די פינגער"; דאַן — ווידער אי־בער די הייזער! דאַכט זיך, יענעם שוין געגנוג נמאס געוואָרן, אויך סטוסאַ־קעס געכאַפּט נישט זעלטן און פון דעסט וועגן ווייטער געקראָכן... אַז דאָס איינעסן זיך יענעם אין די ביינער האָט שוין אויך גאָרנישט געגעבן, דאַן — דעם גאָלדענעם צלם פונעם האַלדז; נישט נאָר אירן, אויך מיינעם; דאַן — דאָס לעצטע איבערבעט פון דער שטוב; דאַן — דעם קריש־טאָלענעם קאַנדעלאַבער; דאַן — מיין זונס פידל! מיין פּאַוולושינקאַ איז נאָך געפאַלן אין לעמבערג, אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה — דאַרף מען שוין זיין פידל אויך נישט. אָט אַזוי האָבן מיר זיך מיט די לעצטע כוחות געמאַטערט די גאַנצע צוויי יאָר ביזן צענטן אָקטאָבער, 1943. ס'איז שוין דאַן געבליבן ווייניקער פון אַ חודש פאַרן אָנקומען פון דער רויִ־טער אַרמיי, ווען עמעצער האָט אַ פּנים געוואָרפן אַ חשד אויף אונדזער דירה. דריי עסעסאָווצעס האָבן זיך אַריינגעריסן צו אונדז אין שטוב אַריין גלייך פונעם פרימאָרגן, זיי האָבן איבערגעקערט די גאַנצע שטוב מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און האָבן זיך טאַקע דערקליבן צו די אומגליקלעכע באַהאַלטענע. מיר ביידע זענען דאַמאָלסט גראָד נישט גע־ווען אין דער היים. ערשט ווען מען האָט זיי שוין גענומען אַרויספירן מיט געבונדענע הענט אַרונטער, איז אָנגעלאָפן טאַטיאַנאַ. נאָך אויפן ראָג, דערזעענדיק, ווי עס רעדלט זיך פאַר אונדזער שטוב, האָט זי שוין דער־שמעקט, אַז עפּעס איז דאָ פאָרגעקומען... אויף די טרעפּ האָט זי שוין דערהערט פרעמדע קולות און פאַרצווייפלטע קוויטשן... עס האָט זיך איר אָבער אַ פּנים נאָך אַלץ נישט געגלייבט, אַז מען האָט צעוואַלגערט די וואַנט און אויפגעדעקט אונדזער סוד. נישט טויט נישט לעבעדיק איז זי אַריינגעלאָפן אין קיך אַריין און ביים סאַמע פענצטער, אַקעגן דעם קאַמין, איז זי דערשאָסן געוואָרן. די קויל האָט איר געלעכערט די לונגען אויף דורך און דורך. קענסט זיך אויף זיי פאַרלאָזן, זיי האָבן געקענט שיסן, די רוצחים. ווען איך בין אָנגעקומען, האָב איך שוין געטראָפן די שטוב הפקר, אַלע טירן צעעפנט, און טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונע — אַ פּאַרקילטע.

* אַזאַ מין זילבערנע כלי, אין וועלכער די גלחים רויכערן זייער ווייערעך.

** אַ גלחישע קאַפּאָטע.

*** אַ שמש אין קלויסטער.

**** תפילה.

אויף צו מאַרגנס האָב איך אָפּגעבונדן דאָס דייזשקעלע און — אויף דעם זעלבן וועגעלע, מיט וועלכן זי האָט אַזוי לאַנג נדבות געקליבן — האָב איך זי אָפּגעפירט אין איר אייביקער רו, און האָב זי אַליין, מיט מיינע אייגענע הענט באַגראָבן אין באַבי־יאַר, אין שכנות מיט יענעם פאָלק, פאַר וועמען זי האָט איר שיינעם קאָפּ געלייגט אויף דער פּלאַכע —

אַ דערשלאָגענער פון די שווערע דעראינערונגען ווערט דער גרייז אַנטשוויגן. צו אַ שווערע משא פאַר זיינע יאָרן; פאַר זיינע אויסגעהאַ־רעוועטע פּלייצעס. גלייך אָבער כאַפּט ער זיך דערויף, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער מיט, און פאַרענדיקט מיט אַ הייזעריקלעך קול, ווי עס וואָלט זיך אים פּלוצלינג געשטעלט אַ ביינדל אין האַלדז:

...און יענע ניין אומשולדיקע נפשות האָט מען אויף יעווּבאַז * טאַקע נאָך אין דעם זעלבן טאָג אויפגעהאַנגען. עלף טעג און עלף נעכט זענען זיי געהאַנגען. זיי זענען שוין געווען שוואַרץ ווי קויל, מען האָט שוין נישט געקענט צוגיין נאָענט, אַזוי האָט פון זיי געטראָגן מיט נבלה, און זיי זענען נאָך אַלץ געהאַנגען. ווען נישט דער סאָלדאַט, וואָס איז שטענ־דיק געשטאַנען און האָט זיי געהיט, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז מען האָט גאָר פאַרגעסן אין זיי. דער מאַרק האָט געקוקט און האָט געלאַכט. אַלע טאָג, פאָרנדיק צו דער אַרבעט, פלעגט מיר אויסקומען דורכצופאָרן הארט פאַרביי דער תליה און עס פלעגט פון מיר פאַלן שטיקער פלייש צו־קוקנדיק אָט די העסלעכע סצענע. אַלע, סיי די יונגע, סיי די עלטערע, זע־נען זיי געווען ווילע מענטשן, זייער סימפּאַטישע. און די גאַנצע פּלאָג — איבער איין חודש. ווען אונדזער אויפּטו זאָל געווען אויסהאַלטן נאָך איין חודש, וואָלט טאַטיאַנאַ איצט געזעסן מיט אונדז. זי איז געווען אַ הייַ־ליקע נשמה, זאָג איך דיר. זי האָט זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט אויף איר לאַגע; זי האָט געבעטן נדבות ווי אַ געבוירענע בעטלערקע און האָט קיין מאָל נישט פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט; עס האָט ביי איר קיין מאָל נישט געפּלאַצט דאָס געדולד. זי האָט שטענדיק ליב געהאַט דיך צו דער־מאָנען: ווו קער איצט זיין סאָלאָמאָן? אונדזער ליבער סאָלאָמאָנטשיק... וואָס וואָלט דערויף געזאָגט סאָלאָמאָן? סאָלאָמאָן וואָלט אודאי עפּעס שע־נערס צוגעקלערט... שטענדיק און אייביק האָט מען פון איר מער גאָרנישט געהערט, נאָר: סאָלאָמאָן און נאָך אַ מאָל סאָלאָמאָן און ווידער אַ מאָל סאָ־לאָמאָן... מען האָט געקענט מיינען, אַז דו ביסט עס דער בן־יחיד, נישט פּאַוולושאַ... דערפאַר זאָג איך, אַז זי איז געגאַנגען פון דער וועלט איבער דיר...

שלמה כאַפּט אים קראַמפּיק אָן ביי דער האַנט:

— סערגיי טימאָפיעוויטש, איך בעט אייך זייער, ווייזט מיר דאָס אָרט, ווו זי איז געפאַלן?

דאָס פּנים ביים גרייז ווערט ערנסט, סודותפול:

---

* דער גרעסטער מאַרקפּלאַץ אין קיעוו.

— פּאַוואָליע! פּלי נישט! דאָרט איז ביי מיר היינט אַ שטיקל בית־המקדש. אַ מין מערת־המכפּלה. איך האָב אָפּגעצאַמט דאָס ווינקל ווו זי איז געפאַלן, די פלעקן פון איר בלוט האָב איך איינגעדעקט מיט אַ זויבערן ליילעך און איך דערלויב קיינעם נישט אַריינצוגיין אַהין צו. נאָר דו ביסט עפּעס אַנדערש. קום, וועל איך דיר ווייזן מיין מקום־קדוש, נאָר איין זאַך... האָב נישט קיין פּאַראיבל... די שיך... ווען איך אַליין גיי אַריין אַהין, איז אויך — אָן די שיך...

סערגיי טימאָפיעיעוויטש האָט אַרויסגערוקט אַ שופלאָד, אַרויסבאַקומען אַ ליכט און האָט עס אָנגעצונדן.ביידע האָבן שטיל אויסגעטון די שיך. אין קיך האָט דער זקן פאָרזיכטיק אויפגעשלאָסן אַ דיקטן טירל; מיט צוויי פינגער, ווי בשעת מען דעקט אָפּ אַ שלאָפנדיק קינד, האָט ער אונטערגעהויבן אַ שנייוויסן ליילעך און אַליין, מיט אַן אויסדרוק פון יראת־הרוממות אויפן געזיכט, איז ער אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט. אין די אויגן האָט באַלד אַ שניט געטון אַ גרויסער, כמעט פרישער, בלוטיקער פלעק. אַ שמאָל, טונקל־ברוין שנירעלע האָט געפירט נאָך צו עטלעכע פלעקן, שוין קלענערע. שלמה האָט זיך אַ דערשיטערטער אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, בחרדת־קודש האָט ער זיך משתטח געווען אויף איר „קבר", ער האָט מיט ברענענדיקע ליפּן געקושט די פּאָדלאָגע און האָט שטאַרק געכליפּעט. סערגיי טימאָפיעיעוויטש האָט אים אַ דערשראָקענער אָנגערירט ביי דער פּלייצע:

— סאָלאָמאָן, פּאַוואָליע דאָרט, וואַש מיר נישט אָפּ די בלוטשפּורן. דאָס דאָזיקע הייליקע ערטעלע איז איצט מיין איינציקע טרייסט. טאָמער ווערט מיר אַ מאָל אומדערטרעגלעך אומעטיק אויף דער נשמה — און דאָס טרעפט לעצטנס מיט מיר כמעט אַלע טאָג — דאַן פאַרקלייב איך זיך אַהער צו אונטער דעם ווייסן ליילעך; איך רעד מיט מיין טאַניושען, גלייך ווי זי וואָלט דאָ געזעסן לעבן מיר און וואָלט מיר געקרייזלט די האָר... אַזאַ געוווינהייט האָט זי שוין געהאַט: טאָמער האָט זי דערקענט אין מיר, אַז איך בין איצט גערן אַ צערטל, אַ לאַסקע, אַזוי פלעגט זי אַוועקלייגן מיין קאָפּ אויף אירע קניעס און שויבערן מיינע האָר... אַזוי יונגערהייט, אַזוי אַלטערהייט... און אַז נישט אונטערן ליילעך — זיץ איך אָפּ לאַנגע שעהן אויפן בערגעלע, דאָרט אין יאַר, ביים פּירקאַנטיקן דערמאָנונגסברעטל; איך אָטעם איין אין זיך דעם נאָר מיר באַקענטן ריח פון איר פלאַכן קבר; איך גיב אַ שמעק דעם גן־עדנדיקן ריח פון דעם צאַרטן עפּלביימעלע, וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט צו קאָפּנס פון איר געלעגער...

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין צימער אַריין. אַ היפּש שטיקל צייט האָט געהערשט אַ שטיקנדיקע און אַ דערדריקנדיקע שטילקייט. קוים באַוועגנדיק מיט די איבערגעטרוקנטע ליפּן, האָט שלמה געפרעגט:

— ווען זאָגט איר, איז דאָס געשען?

— דעם צענטן אָקטאָבער.

— איך וועל איר הייליקן יאָרצייט קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

— נו, מיינע גליקן האָסטו שוין אויסגעהערט, איצט ד׳ערצייל דו, וואָס הערט זיך עפּעס ביי דיר? וואָס באַטייט אָט די באָרד? דו ביסט פרו־מער געוואָרן?

— אַ ביסל פרומער ווערן, וואָלט אודאי אויך נישט אויסגעמאַכט. ס׳איז שוין טאַקע צייט אויך. אָבער דאָס מאָל איז די באָרד לחלוטין אַ־בער אַן אַנדער טעם.

דעם אַלמנס געדיכטע פאַרהענגלעך אַנטפּלעקן אַ דערשטוינטן בליק:

— כ׳פאַרשטיי נישט! וואָס פאַר אַן אַנדער טעם קען דערביי זיין?

— איך האָף, אַז איך דאַרף זיך פאַר אייך נישט היטן מיט קיין וואָרט —

אויף די גרויע ווייעס פון דעם געלערנטן איז געבליבן הענגען אַ טרער פון ווייטיקלעכן פאַרדראָס. שלמה האָט זיך פאַרכאַפּט:

— אַנטשולדיקט מיר, איך האָב זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, וואָס און וועמען איך האָב געזאָגט אַזעלכע ווערטער. די דאָזיקע באָרד האָב איך זיך געלאָזט וואַקסן, כדי קיינער פון מיינע הונדערטער באַקענטע זאָל מיך נישט קענען דערקענען. און דאָס איז איצט פאַר מיר לעבנסוויכטיק, ווייל איך פאָר קיין ארץ־ישראל —

— קיין פּאַלעסטינאַ? ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווי אַזוי קען דאָס מעגלעך זיין?

— אַלס אַ פּוילישער ייד. ווי אַ בעזשעניעץ.

— אַ—האַ! אָ, מאַלאַדיעץ! זאָל דיר גאָט העלפן! זאָל דיר גאָט העלפן! דו קוקסט מיך אָן? כאָטש אין אָט דער דירה וווין איך פון זינט איך האָב באַקומען מיין ערשטן דיפּלאָם, ביי פינף און צוואַנציק יאָר. דאָס הייסט: שוין באַלד זעכציק יאָר — יענעם חודש בין איך אַלט גע־וואָרן פיר און אַכציק יאָר; — כאָטש מיין קליניק איז מיין הוים, יעדער חולה — אַ קינד; כאָטש אונטערן לייכלעך דאָרטן געפינט זיך יענער בלו־טיקער צייכן, וואָס פאַרבייט מיר איצט טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונען; — דאָך, ווען איך וואָלט געקענט אָראָפּוואַרפן צו צוואַנציק יאָר פון יעדן אַקסל, וואָלט איך אויך מיט דיר מיטגעפאָרן. נאָר מילא, פאָרט איר שוין, יונגע מענטשן! טאָמער קומט דיר דאָרטן אויס צו זיין אין חברון אָדער אין ירושלים, פאַרגעס דאָרט נישט צו דערמאָנען פאַר די הייליקע אמהות מיט אַ גוט וואָרט מיין טאַניושעס עלנטע נשמה, גוט?

שלמה האָט וויינענדיק צוגעפּרעסט דעם אַלטן צו זיין ברוסט:

— טייערער סערגיי טימאָפיעיעוויטש, איך גלייב באמונה שלמה, אַז די אמהות אין ליכטיקן גן־עדן האָבן זיך שוין דאָרט לאַנג אַ ביסל צונויפ־גערוקט און געמאַכט פּלאַץ פאַר דער הייליקער נשמה פון אייער טאַטיאַ־נען... נישט איך דאַרף וועגן איר דערמאָנען, נאָר בעט איר ביי איר, אַז זי זאָל דאָרט וועגן מיר דערמאָנען... איך מיט מיין חבריא, וואָס איך פיר מיט זיך, דאַרפן פיל רחמים... איך פאָר איצט אויף אַזאַ גליטשיקן וועג...

טאָמער חלילה פּאַקט מען אונדז ביים אַריבערפאָרן דעם גרענעץ, זענען מיר פאַרפאַלן אויף אייביק און תמיד...

— שלמה, דיינע מעשים־טובים וואָס דו האָסט אויף דיין לעבן אָפּ־געטון, וועלן גיין פאַר דיר ווי דער עמוד־הענן מיט דעם עמוד־האש און בלינד מאַכן אַלע פּאָסטנס... אַלע די יעניקע, וואָס קענען דיר שלעכטס טון... דערמאָן זיך נאָר: סלאַוווטע און טאַגאַנראָג —

— ווייס איך, נאַרישקייטן... איר האָט געפונען וועגן וואָס צו רעדן... אונטער דעם דאָזיקן דאַך, וווּ ס'איז געפאַלן אַזאַ קרבן־עולה, ווי אייער הייליקע פרוי, ווערן בלאָס אַלע מעשים־טובים, איז גאָר אַ בזיון אפילו נאָר צו רעדן וועגן מיינע קינדערשע שטותערייען...

דער פּראָפעסאָר האָט אים געדראָט מיטן פינגער ביי דער נאָז:

— דו רעדסט נישט אַזוי! אַזעלכע מענטשן ווי דו, זענען היינט דאָ ווייניק. ווו זענען זיי היינט, די גורעוויטשעס? זיי האָבן איבערגעלעבט די קריג?

— איך ווייס גלייך מיט אייך, סערגיי טימאָפּייעוויטש. איך האָב מיט זיי נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט. עד היום ווייסן זיי נישט, ווער עס האָט זיי... אין זינען געהאַט, אַ קליין שטיקעלע צייט...

— אַך, ביסטו אַ געפערלעכער פּאַרשוין! אַ פּאָלנע אַזיאַט! זיי, זאָגס־טו ווייסן נישט, אָבער איך ווייס אַלץ! פּאַוולושאַ האָט מיר דערנאָך אַלץ דערציילט... פון אַרכאַנגעלסק, און פון צוויי אַנדערע קאָנצלאַגערן... נאָר זאָג מיר, פון דיין טאַגאַנראָגער שטיקל אַרבעט ווייסט שוין כאָטש עמעצער? פון דייניקע, מיין איך... פון די קיעווער... צי ס'איז ביי דיר נאָך ביז היינ־טיקן טאָג: „כאַטאַ פּאָקרישקאַ"?

— איי, אַנטשולדיקט מיר פאַר אַ גראָב וואָרט, נאָר וואָס קריכן אייך פאַר אַ נאַרישקייטן אין קאָפּ אַריין? סערגיי טימאָפּייעוויטש, איר ווייסט נאָך וואָס איך בין געקומען צו אייך?

— הייסט עס, אַז דו ביסט נישט געקומען בלויז כדי זיך צו זען מיט אונדז, נאָר צוליב עפּעס אַנדערש?

— סערגיי טימאָפּייעוויטש, איר ווייסט דאָך, אַז קיין ליגנער בין איך נישט. צו מיין גרויסער שאַנדע מוז איך זיך מודה זיין, אַז דאָס מאָל איז דאָס אַזוי ווי איר זאָגט. איך האָב צו אייך אַ דרינגענדיקע בקשה —

— זאָג, וועלן מיר הערן.

— נישט זייער ווייט פון דאַנען, געפינט זיך איצט אַ פרוי, וועלכע האָט מיך מיט פיל יאָרן צוריק געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט...

— נאָך אַ סוליקאָ?

— נישט קיין סוליקאָ... אָדער לאָמיר זאָגן: יאָ אַ סוליקאָ! די דאָזי־קע סוליקאָ רופט מען: מרים. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זי געבוירן אַ צווילינג. זי האָט געהאַט אַ שווער געבוירן. זי איז געווען מער אויף יענער וועלט, ווי אויף דער וועלט. איצט איז איר שוין ברוך־השם בעסער, נאָר די קינדערלעך גוססן... ביידע צוזאַמען, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפ־

גערעדט... עפּעס איז דאָרט ביי זיי אַ פּנים נישט אַלץ אין אָרדענונג...
קינדער — דאָס איז אייער פּאַך... וואָס נאָך זאָל איך אייך זאָגן?
— ווו געפינען זיך די דאָזיקע קינדערלעך? אין טאַגאַנראָג?
שלמה באַמיט זיך אַ שמייכל צו טון:
— ניין, דערווייל אין קיעוו. אויף בולוואַר שעווטשענקאָ, נומער 17.
— זי האָט דיר אַ מאָל געראַטעוועט דאָס לעבן, זאָגסטו? אויב אַזוי
טאָ קום, לאָמיך זען, וואָס איז דאָרט...
— שוין גאָר? אַזוי שפּעט? און איך האָב גערעכנט, אַז ערשט אין
דער פרי... ביי אייער עלטער, קיין עין־הרע —
— זאָגסט אַ גראָבן ליגן, סאָלאָמאָן, דו האָסט נישט גערעכנט, „אַז
ערשט אין דער פרי"... ווען ווילסטו עס איינרעדן?
און וועלנדיק פאַרגלעטן דעם רושם פון זיינע באַליידיקנדיקע ווער־
טער, האָט ער ארויפגעלייגט שלמהן אַ האַנט אויפן אַקסל:
— ניין, ניין, קום שוין! ביי די דאָזיקע ווערעמלעך שפּילט אַ מאָל
אפילו איין מינוט אַ גרויסע ראָלע. קום, פּראַווע נישט קיין ענוות. איך
ווייס דאָך יאָ, אַז דו האָסט דווקא געמיינט, אַז איך זאָל שוין מיטגיין.
מיך ווערסטו דאָך נישט אָפּנאַרן. אַן עק, געגאַנגען זאָל ווערן!
דער זקן האָט גענומען דאָס רענצעלע מיט זיינע מכשירים, מיט וועלכן
ער האָט זיך קיין מאָל נישט צעשיידט און זיי זענען ארויסגעגאַנגען אויף
דער גאַס. די שעה איז געווען אַ שפּעטע. דאָס וועטער — אַן אומקומע־
ניש. שלמה האָט מורא געהאַט, אַז דער פּראָפעסאָר, דערזעענדיק דאָס „פּאָ־
גאָדקעלע", וועט כאַפּן אַ חרטה און וועט אָפּלייגן זיין וויזיט אויף אינ־
דערפרי, נאָר ער האָט אַ טעות געהאַט. דער אַלטער איז געווען שטאָל און
אייזן: נאָר שוין! פּאַר אַ היפּשער מטבע האָט זיך שלמהן איינגעגעבן צו
קריגן אַן אויטאָ אויף אַ האַלבער שעה. מען איז צוגעפאָרן אויף קיראָ־
וואַ, אַראָפּגענומען סעסיל פּעטראָוונען פון איר געלעגער און זאַלבעדריט
איז מען אַוועקגעפאָרן צו דער גינעקאָלאָגישער קליניק. שלמהן האָט מען
אויך געהייסן אָנטון אַ כאַלאַט. די צוויי דאָקטוירים האָבן פאַרבייגייענדיק
געכאַפּט אַ קוק אויף דער מוטער. שלמה האָט אַ ביסל באַרואיקט די אַל־
טע זלפה, געזאָגט אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער דער קימפּעטאָרין און מען
איז אַלע אַוועק צו די קינדער.
ווייניקער ווי אין אַ האַלבער שעה אַרום איז פונעם גרויסן טויער
אויף בולוואַר שעווטשענקאָ 17 ארויסגעפאָרן די גרויסע שפּיטאָל־קאַרעטע.
אין איר האָבן זיך געפונען: מרים מיט ביידע האַלב־טויטע קינדער; איר
באָבע; סערגיי טימאָפייעוויטש, און שלמה. אין דער קינדערקליניק האָט
שלמה געהאָלפן ארויסטראָגן די חולאים, דערנאָך האָט ער זיך וואַרעם
געזעגנט מיטן פּראָפעסאָר, וועלכער איז שוין אהיים נישט געגאַנגען, דאַן
האָט ער זיך אומגעקערט נאָך סעסיל פּעטראָוונען און האָט זי צוריק אָפּ־
געפירט אהיים.
— אַליין איז ער ערשט געקומען אהיים אַרום צוויי נאָך האַלבער נאַכט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין משך פון צוויי טעג צייט איז אין דעם צושטאַנד פון די קראַנ־קע יינגעלעך פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג לטובה. ס'איז זיי קענ־טיק לייכטער געוואָרן. סערגיי טימאָפּיעיעוויטש האָט שלמהן געזאָגט, אַז עס וועט אודאי דויערן גאַנצע צוויי וואָכן, ביז ער וועט דאָס קליינוואַרג קענען אויסשרייבן אַהיים, און אפשר נאָך מער... סעסיל פּעטראָוונאַ פלעגט באַזוכן מרימען צו צוויי מאָל טאָג־טעגלעך. זי איז פון איר געוועזן שטאַרק צופרידן. די אַלטע זלפה — אין דער קינדערקליניק, פּונקט אַזוי ווי אין דער גינעקאָלאָגישער — האָט זיך שטענדיק געפונען לעבן איר אייניקלס בעט. קיינעם פון דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל האָט זי נישט געלאָזט, מען זאָל איר ברענגען די קינדער צום אָנזויגן, נאָר זי אַליין האָט דאָס געמוזט טון. ביי די מיטגלידער פון דער עקספּעדיציע האָט מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו בלייבן אָן אַ שיעור פרייע צייט, און יעדער איינער האָט מיט איר גע־טון, וואָס אים איז געווען געפעלן.

# קאַפּיטל XLIII

אין שטילן גאַנג פון מאָנאָטאָנע טעג — פולע מיט דערוואַרטעניש אויף דעם געזונט ווערן פון די קליינע פּינכאַסאָווס, כדי מען זאָל שוין ענדלעך קענען פאָרן ווייטער — איז געווען אַזאַ פאַל:

שלמה מיט זיין נחומלען זענען אין יענעם פרימאָרגן געגאַנגען אויף דעם כמעט חרובן בעסאַראַבקער רינאָק איינקויפן פּראָדוקטן. ווען זיי זענען אָנגעקומען אין דער באַקאַליינע שורה, האָט שלמה מיט אַ מאָל דערזען פּאָלי טולטשינסקי—ראַכלין שטיין אין אַ קלייטל פון גאַסטראָנאָמישע סחורות, אָנגעטון אין אַ בלויען כאַלאַט, און „אָפּלאָזן" די קונים. די איינקויפערס האָבן זי אַרומגעשטעלט פון אַלע זייטן, זי איז געווען שטאַרק פאַרנומען און האָט אים נישט באַמערקט. לעבן איר איז געשטאַנען אַ מיידעלע פון אַ יאָר ניין, צען און האָט צוגעהאָלפן דער מוטער. שלמה האָט זיך פאַרטייעט הינטער אַ יוצא־דופן פון אַ שכניש קלייטל, און האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם באַטראַכט די אַמאָליקע „נשמה פון זיין נשמה".
דאָס לעצטע מאָל, דערמאָנט ער זיך, האָט ער זי געזען, ווען זי איז געשטאַנען מיטן מאַן אין סקווער ביי דער געגנט־פּראָקוראַטור. זייט דאַמאָלסט זענען שוין פאַרוואָלינקע פאַריבער צען יאָר. שוין זשע האָט ער זיך אויך אַזוי איבערגעביטן פאַר די עטלעכע יאָרן, ווי זי? כאָטש דעם אמת גערעדט איז זי גאָר נישט אַזוי שווער צו דערקענען, אָבער פון דעסט וועגן איז אין איר געבליבן זייער ווייניק געמיינזאַמס מיט יענער אויסערגעוויינלעכער קראַסאַוויצע: פּאָלינאַ יאַקאָוונאַ טולטשינסקי. זייער ווייניק... מיטן שקאַרמיצל אין די הענט שטייט אַ פולע פרוי מיט פאַרפּלאַמטע באַקן פון נעם פראָסט. פונעם וייסן, וואָלענעם שאַלעכל שפּאַרן זיך אַרויס עטלעכע צעשויבערטע לאָקן. אַ ביסעלע אָפּגעבליאַקעוועט, אָבער כמעט די זעלבע שיינע האָר. אויף איר פּאַמפּושקעוואַטע * פּנים איז נישט געבליבן אפילו קיין סימן פון יענעם משוגע־מאַכנדיקן רייץ; פון יענעם גוואַלדיקן צויבער, וואָס פלעגט אים אַראָפּפירן פונעם זינען. ער זעט, ווי די קונים פאַרלאַנגען פון איר, אַז זי זאָל זיי אָפּוועגן די סחורה נעטאָ, ווי דאָס געזעץ פאָדערט, און לייגן אַקעגן אַ שקאַרמיצל. ס'איז אָבער אַרויסגעוואָרפן די רייד. זיי רעדן צעזעצטערהייט און זי טוט זיך ווייטער אירס. פאַרקערט, זי איז נאָך אש להבה אויף דער „איינגעגעסענער" קונהטע פאַר איר „גראָשנדיקייט"; פאַר דעם „פּאַטעפּאָלנאָסט" אַריינצוקריכן צו יענעם מיט די שטיוול אין הארצן אַריין —

— יאָ! אַ פראָסטע הענדלערקע מיט בלויע, געשוואָלענע הענט און מיט גיריקע, נישט־פאַרגינערישע אייגעלעך, ווי ביי אַ שוואַך חיהלע. וווּהין איז אַהינגעקומען איר רואיקייט? איר נישט צוטריטלעכקייט? איר

---

* אָנגעשוואָלן, אָנגעדראָלן, מגושם.

קוקן אויף א מענטשן „פון אויבן אראָפ”? איר באַפעלערישער טאָן? איר בטולדיק שמייכעלע? ניין, ניין, א פנים, אז פאָלי ראַכלין איז כלל נישט דאָס זעלבע, וואָס פאָלי טולטשינסקי...

שלמה בייגט זיך אָן צו נחומלס אויערל און חזרט מיט אים עפּעס איין. נחומל גייט צו צו פאָלים קלייטל, דערלאַנגט איר געלט און זאָגט איר מיט זיין קלינגענדיק קולכל:

— חברטע טולטשינסקאַיאַ, וועגט מיר ביטע אָפּ צוויי קילאָגראַם צוקער.

פאַר גרויס איבערראַשונג פאַלט ביי פאָלין אַרויס דאָס געוויכטל פון דער האַנט:

— יינגעלע, פון וואַנען ווייסטו מיין מיידלשן פאַמיליע־נאָמען?

— פאַר וואָס רעכנט איר, אז מען ווייסט נישט? מען ווייסט, מען ווייסט...

דאָס מיידעלע האָט נייגעריק באַטראַכט דאָס שיינע יינגעלע מיט די קלוגע אייגעלעך. ווען דאָס יינגעלע לאָזט זיך אַוועקגיין מיטן צוקער, שיקט אים פאָלי נאָך איר טעכטערל:

— גיי ריטוניאַ, קוק נאָך: וווהין גייט אָט דאָס יינגעלע?

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך ריטאַ אומגעקערט אויף צוריק.

— נו, טאָכטער —

— ער איז אַרויסגעגאַנגען פונעם רינאָק צוזאַמען מיט א הויכן, שיינעם מאַנסביל, מיט א ברייטער, שוואַרצער באָרד, אַזוי ווי אין קינאָ ביי פאָזשאַרסקין... אויף מיין ערן פיאָנעריש וואָרט!

— אַזוי ווי פאָזשאַרסקי, זאָגסטו? ווער זשע קען דאָס זיין?

— מאַמאַ, דאָס ווייס איך שוין נישט...

שטייענדיק אין צעשאָסענעם טויער פון דעם מאַרק האָט שלמה באַמערקט מאַטוויייען, ווי ער שטופּט פאַר זיך א וועגעלע מיט צוויי פולע פעסלעך. פּלוצלינג איז דאָס וועגעלע מיט איין ראָד אַריין אין א גרוב אַריין און איין היפּש פעסל האָט זיך מיט א טראַסק אַראָפּגעקייקלט אויף דער ערד. מאַטוויי האָט זיך אומבאַהאָלפן אַרומגעקוקט און האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי טוט מען זיך דאָ אַן עצה, איין מענטש אַליין. נישט וואַרטנדיק, אַז מען זאָל אים בעטן איז שלמה צוגעגאַנגען, נישט אויסטוענדיק דעם מאָליעווע מאַנטל און אפילו נישט אַראָפּשלעפּנדיק פריער די געלע, לעדערנע הענטשקעס, האָט ער אים געהאָלפן צוריק אַרויפקאַטשען דאָס פעסל אויפן וועגעלע און אַרויסהייבן די ראָד פונעם גרוב. מאַטוויי האָט נייגעריק אָנגעקוקט דעם „מלאך פונעם הימל”, אָבער ער האָט אים נישט דערקענט. ווען דאָס וועגעלע איז שוין געווען אַרויסגעשלעפּט און דאָס פעסל צוריק אָנגעלאָדן, האָט אים מאַטוויי וואַרעם אָפּגעדאַנקט און איז אַוועקגעפאָרן ווייטער.

שפּעטער א ביסל, שוין שטייענדיק ביים קלייטל, און וואַרעמענדיק זיך די הענט ביי דער עלעקטרישער פּליטקע, זאָגט אים פאָלי:

— מאַטוויי, אַ יינגעלע האָט מיך דאָ אָנגערופן טולטשינסקאיאַ און איז דערנאָך אַוועקגעגאַנגען מיט אַ מענטשן מיט אַ שוואַרצער באָרד.

— אין אַ בלויען פּאַלטאָ?

— איך האָב דעם מענטשן נישט געזען, ריטאַ האָט מיר דערציילט —

— אָבער דאָס יינגעלע איז געווען אין אונטערגענייטע פּוישטעלעך?

— יאָ... דאַכט זיך... כ'האָב זיך נישט צוגעקוקט... ס'איז מיר נישט איינגעפאַלן —

— כ'האָב דעם דאָזיקן מענטשן באַגעגנט אין טויער פון עם מאַרק, ער האָט מיר אַפילו געהאָלפן די ראָד אַרויסהייבן פון אַ „טינטערל" און אַ פּעסל אַרויפקאַטשען.

— אָבער ווער קען דאָס זיין?

— וואָס פרעגסטו ביי מיר? וואָס בין איך — אַ נביא? איך זע דעם מענטשן באַגלייך מיט דיר צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן —

אין מיטן דעם דאָזיקן שמועס איז גראָד אָנגעקומען יאַני. די טאָכטער מיטן איידעם האָבן אים אויך דערציילט וועגן דער מאָדנער געשעעניש מיט איר מיידלשן פאַמיליע־נאָמען און מיט דער באָרד. יאַני האָט קיין איין מינוט נישט געטראַכט און האָט אַ פּליעסק געטון מיט די הענט:

— קינדער! בהמות פינצטערע!! דאָס איז דאָך געווען שלמה!!! ס'איז שוין עטלעכע וואָכן, אַז ער געפינט זיך אין קיעוו און איך קען נאָך אַלץ נישט אָנשמעקן, ווו מען קען אים טרעפן. איין מאָל גיין, מען וויל נישט אויסזאָגן! מען האַלט דאָס שטאַרק בסוד —

דאָס פאַרפאַלק איז פון דער ידיעה געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. פאַר־וווּנדערטע האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. מאַטוויי גיט זיך — ווי אַן עכ־טער מאַטראָס — אַ זעץ מיטן קולאַק אין האַרצן אַריין:

— עך, טשאָרט! ווו איז געווען מיין סאָלדאַטסקע קאָפּ? איך זע אָבער: טשטאָ זאַ משערטאַוושטשינאַ! דער פאַרשוין קוקט אויף מיר אַזוי פאַראינטערעסירט... אַנו עס זאָל מיר עפּעס איינפאַלן... באַרעבן נאָר — שלמה!

יאַני איז באמת געווען אויסער זיך. מיט וועמען ער רעדט נישט — יעדער איינער האָט שוין געזען שלמהן מיט אפרים־אהרונען. דער — אין שול; דער — אין גאַס; דער — אין טראַמוויי... נאָר אים, יאַנין, אַזוי ווי אויף צו להכעיס, ווייל עס גייט אים אַזוי אויס דאָס חיות זיך צו זען מיט זיי, טרעפט זיך נישט אַזאַ געלעגנהייט, כאָטש צעריים זיך... מען דער־ציילט זיך אָן וועגן שלמהן מיט זיין הדרת־פּנים — דאָקטאָר הערצל! זיי־ער אַדרעס ווייסט קיינער נישט. אַ ווינט אין פעלד: היינט דאָ, מאָרגן דאָרט. עפּעס עמעצן טויג דאָ נישט, אַז מען זאָל וויסן, ווו זיי געפינען זיך. עמעצן גייט ווי אין לעבן, אַז מען זאָל וואָס ווייניקער רעדן פון זיי. אָבער וועמען? פאַר וואָס? אויף ווי לאַנג? — קיינער ווייסט נישט! עפּעס אַ סוד באַגלייט זיי, אָט די פּיאַטיגאָרסקים. מיטן שפּיץ אויער האָט ער גע־כאַפּט אַ שמועהלע, אַז אפרים־אהרון קלערט אפילו נישט אָפּצונעמען זיין

דירה אויף סאָלאָמינקע... זיי פאָרן ערגעץ ווייטער... קיעוו געפעלט זיי שוין נישט... ביי וועמען ער פרעגט נאָר — קיינער דערדערט נישט. דאָס האָט ער נישט געהערט, יענץ נישט געפרעגט. אָך, ווי אַזוי פּאַקט מען אים אַליין, זיין ליבלינג, זיין איינציקן, זיין געטרייען, זיין שלמהקען —

*

קיעוו האָט זיך געפונען אין קלעם פון אומברחמנותדיקע פרעסט. זקנים און זקנות האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי געדענקען נישט אַזאַ „סיבי־רער" ווינטער. די קעלט האָט דערגרייכט אומגעהערטע גראַדן. זי האָט מיט אַנגעגליטע צוואַנגען גענומען די וועלט ביים גאָרגל און געשטיקט, גע־שטיקט... דאָס עפנטלעכע לעבן אין שטאָט איז טיילווייז געווען פּאַראַלי־זירט. אַזוי למשל זענען אין דער טראַנספּאָרט־באַוועגונג געווען אָפטע אי־בערשלאָגן; די קינדערשולן זענען געווען האַלב ליידיק; די שפּיטאָלן זע־נען געווען באַלעגערט מיט צוגעקילטע; קיין גלאָז מילך האָט מען נישט געקענט קריגן — די דאַטשניצעס פירן נישט, עס ווערט פאַרפרוירן...

אַזוי ווי פון גרויסער היץ, אַזוי אויך פון שטאַרקער קעלט האָט זיך די שטאָט געקאָרטשעט פון ווייטיק און האָט מוראַדיק געקרעכצט. די תושבים האָבן צווישן זיך גערעדט:

— די מלחמה האָט אַנגעמאַכט אַן איבערקערעניש אין דער וועלט, אָבער זי האָט זיך געענדיקט. איצט קומען ערשט די נאָכווייעניש, וועל־כע וועלן זיך קיין מאָל נישט ענדיקן: די ווייסטע עוואַקואַציעס האָבן מיט זיך געבראַכט צו פירן אַהיים אַ מתנה: די קלימאַטן פון די לענדער, ווו זיי האָבן זיך אָפּגעמאַטערט די עטלעכע יאָרן. אָט וועט איר אומיסטן זען: איצט האָבן מיר סיבירער קעלטן, אַז עס וועט קומען דער זומער, וועלן מיר דאָ האָבן צו גאַסט די מיטל־אַזיאַטישע היצן... אַנשטאָט דעם מעסיקן און אָנגענעמען קלימאַט פון קיעוו, וועלן מיר שוין פון היינט אָן כסדר האָבן: אָדער טאַשקענטער טראָפּישע היצן, אָדער פרעסט פון טשיטאַ...

עס איז דאַן געווען אַ פריע אָוונט־שעה. די פּיאַטיגאָרסקים זענען זאַלבעפינפט: שלמה מיט יוכבדן, דינה מיטן מאַן, און אפרים־אהרון, צו־געפאָרן אויף סאָלאָמינקע, אַ קוק צו טון אויף זייער דירה. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אויפן גאַניק פון דער וווינונג נומער 4, אויף ענגעלס־גאַס 72, און האָבן געעפנט די טיר.

אַריבערטרעטנדיק די שוועל האָבן זיי אין דער ערשטער מינוט אַ טראַכט געטון: אפשר האָבן זיי פאַרבלאָנדזשעט, און זענען אַריינגעקומען נישט אין זייער שטוב אַריין. פון די פיר ווענט האָט אויף זיי אַראָפּגע־קוקט: אַ פרעמדער צימער; פרעמד אויסגעפּאַרבט; פרעמד אויסמעבלירט; און וואָס ס'איז געווען שמערצלעכער פון אַלץ — פרעמדע, פיינטלעכע פנימער ביים טיש. דערזעענדיק ביי זיך אין שטוב צוויי „בערד", איז ביי די באַלעבאַטים געבליבן שטעקן דער ביסן אין האַלדז. פון הינטערן טיש האָט זיך זיי אַקעגן אויפגעהויבן אַ לייטענאַנט, אַ ברייט־פּלייציקער

„דיאַדיאַ" פון מיטעלן וווקס. הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען אַ מוטער אָדער אַ שוויגער: אַ „פּאַראַסקע"* פון אַ יאָר זעכציק, מיט אַ טיפּיש, חזיריש פּנים: אַ שמאָלער נידעריקער שטערן; קליינע, וואַסערדיקע אייגעלעך; פּאַמפּושקעוואַטע בלוילעכע באַקן, ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעשטאָפּט מיט מאַמעליגע; אַ קורץ דיק נעזל, וואָס איז ווי אָפּגעהאַקט פון פאָרנט; אַ געלבלעכע, שיטערע שטשיטינע אויף דער אייבערשטער ליפּ; און די אונטערשטע — אין גאַנצן אַרויסגעקאַטשעט אויף פאָרנט. און פון אָט דעם דאָזיקן מלא־חנעוודיקן פּנימל האָט זיך ערשט נאָכגעהאַנגען אַ דרייגאָרנדיקער גוידער, ווי אַ „שלשלת".

שלמה איז זיי געגאַנגען אַקעגן און האָט העפלעך געפרעגט:

— איר זענט עס דער איצטיקער בעל־הבית פון דער דירה, חבר לייטענאַנט?

— וואָס פאַר אַ חבר בין איך דיר — באָרד? דו ביסט צוזאַמען מיט מיר אין אָקאָפּ געלעגן?

— ווי אַזוי דען זאָל איך אייך טיטולירן, אויב מיר זענען נישט אין איין אָקאָפּ געלעגן? וואַשע וועסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ?**

— מען בעט דיך בכלל נישט, אַז דו זאָלסט מיך ווי עס איז אָנרופן... און פאַרנעם זיך פון דאַנען: וואָן... איך בין דאָ אין שטוב נישט דער איצטיקער בעל־הבית, נאָר דער שטענדיקער —

— אַנטשולדיקט! גאַנצע עלף יאָר פאַר דער מלחמה איז דער בעל־הבית פון דער דאָזיקער דירה געווען מיין פאָטער, וועלכער שטייט דאָ הינטער מיר.

— פאַר דער מלחמה ווייס איך נישט און עס אינטערעסירט מיך נישט —

— עלף יאָר זאָגט מען אייך, איר האָט געהערט, צי ניין? מ־מ־מ... ווי אַזוי רופט מען דאָס? ע־ע־ע... לייטענאַנט —

— עלף, צי איין און פערציק, צי איין און ניינציק, מיר איז דאָס לחלוטין אַלץ איינס! איצט בין איך דאָ דער פאָלנע בעל־הבית, און איך באַפעל אייך, בערדיטשעווער לייז, די מינוט צו פאַרלאָזן מיין שטוב. נו, מאַרש־מאַרש!

שלמה האָט זיך אַ פאַרלוירענער אומגעקוקט אויף אַלע זייטן:

— וואָס איז דאָס? וווּהין זענען מיר דאָס אַריינגעפאַלן? איר זענט סאָוויעטישע בירגער, צי אפשר —

דער לייטענאַנט האָט זיך אַ ריס געטון צו דער קאַבורע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט:

---

* אַן אוקראַאינישער פרויען־נאָמען. געמיינט: אַ פּאַרגרעבטער נפש, אַ פּראָסטע דאָרפסשיקסע.

** אייער הויכער ווילגעבוירן — אַ ווענדונג צו אַ צאַרישן גענעראַל.

— אָט וועל איך אייך שוין ווייזן, וואָס פאַר אַ בירגער מיר זענען... וואַרט איין סעקונדעלע —

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, מיט וואָס דער דאָזיקער אינצידענט וואָלט זיך געוווען געענדיקט, ווען עס זאָל זיך פּלוצלינג נישט געווען אַריינמישן עפּעס אַ יונגע גויקע: אַ ווייב אָדער אַ שוועסטער. זי האָט האַסטיק אַראָפּגעכאַפּט די קאָבורע פון דער וואַנט און האָט זי באַהאַלטן אונטערן קאַפּטל:

— וואַסיאַ! פּאַטשקע זיך נישט די הענט! האָב קיין דאגה נישט, עס וועט נאָך אויף זיי זיכער קומען אַ צווייטער היטלער... האָב צייט —

די אַלטע איז אויך אַרויס מיט לשון:

— שוין אָנגעפּאָרן זיך... שוין אָפּגעבאַזאַרעוועט...* זיך שוין אָנגעקעמפט: אין טאַשקענט, אין טיפליס, אין פרונזע... זיך אָנגעזויפט ווי די חזירים מיט ווײַנטרויבן און מיט פערסיקעס און אַצינד איז מען געקומען... גיב זיי דירות, גיב זיי מאַגאַזינען, ווילן זיי פון דאָס ניי קענען האַנדלען און וואַנדלען אויפן יעוובאַז... אויסשניידן די טאַשן ביים פּראָוואָסלאַוונעם מענטשן... טפו! אַנטיקריסטן! בלוטזויגערס!

שלמה האָט זיך צוגערוקט נענטער צום דרייאָרנדיקן גוידער:

— הער נאָר דו, מומע... עפּעס זעט מען נישט אויף דיר, אַז דו זאָלסט האָבן אַזוי שטאַרק אָפּגעפאַלן פאַר היטלערס צייטן... אַ פּנים, אַז עס האָט זיך דיר פאַר אים גאָרנישט אַזוי שלעכט געלעבט... מען זעט אויף אייך אַלע, אַז פאַול בלאַבעל האָט אייך פיל בעסער געשמעקט, איידער ניקיטאַ כרושטשאָוו...

דער לייטענאַנט האָט מיט אַ פאַרדעכטיקער רואיקייט אַ נעם געטון דאָס מעסער פונעם טיש:

— איר פאַרנעמט זיך פון דאַנען, פאַרשיווע זשידעס, צי ניין?

אויף איין אויגנבליק, וואָס האָט געדויערט אַן אייביקייט, איז אין צימער געבליבן הענגען אַ שווידערלעכע שטילקייט. דער לייטענאַנט האָט מיט מוטנע אויגן קאַלטבלוטיק באַקוקט די שאַרף פונעם מעסער, פונקט ווי אַ קצב באַקוקט זיין האַק, איידער ער נעמט זיך „צעלאָזן" אַ „זייטל" פלייש...

די פיר ווענט; דאָס פרעמדע מעבל; די קלויסטערדיקע איקאָנע מיט דער צאַנקענדיקער „לאַמפּאַדקע"; די וויינענדיקע שויבן הינטער די פאָרהענגלעך — אַלע האָבן זיי אומאויפהערלעך געהאַלטן אין איין איבערחזרן די לעצטע התראה, וואָס האָט מיט זיך אָנגעפילט דעם גאַנצן חלל פונעם צימער:

— איר פאַרנעמט זיך פון דאַנען? איר פאַרנעמט זיך פון דאַנען? לעת־עתה איז נאָך די ברירה ביי אייך, אָבער באַלד וועט שוין זיין צו שפּעט... האָט שכל! איר שפּילט זיך מיט פייער —

יוכבד האָט שלמהן אַ שלעפּ געטון פאַר דער פּאָלע:

* אָפּגעיאַרידעוועט.

— קום, שלמה! צינדט ער זיך אָן מיט דער כאַטע צוזאַמען! ווערט ער פאַרברענט און פאַרקוילט אָן ידישן שאָדן! זאָל ער איינגעמען אַ מיתה־משונה פאַר אונדז און פאַר אַלע ייִדן... אַפילו מיט זיין מלוכה צו־זאַמען, וואָס האָט אויסגעפּאַשעט אַזעלכע טייערע קינדערלעך... קום שוין, דו זעסט דאָך, ווער דאָס איז! קום שוין, אַן עק! אָבער אויב איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט בלייבן געראַכט —

דער לייטענאַנט איז נאָך אַלץ געשטאַנען מלא־גזלן מיטן מעסער אין דער האַנט.

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי גייענדיק פון אַ לויה, האָבן זיך די פּיאַ־טיגאָרסקים אַראָפּגעשלייכט פונעם גאַניק. מיט אַ טיפן טרויער, מיט אַ פּרעסנדיקן ווייטיק האָבן זיי צום לעצטן מאָל אין זייער לעבן באַטראַכט די באַלויכטעטע פענצטער. זיי האָבן בשעת־מעשה איבערגעוואָרפן אין זכרון אַלע גוטע און שלעכטע מאָמענטן, וואָס מען האָט איבערגעלעבט אונטער דעם דאָזיקן דאָך, ווו איצט איז פאַר זיי אַ פאַרבאָטענע זאָנע. יעדער איינער פאַר זיך האָט זיך דערמאָנט אין דעם הייליקן סקווירער רבינס פּאָרטרעט, מיט וועלכן עס זענען פאַרבונדן אַזוי פיל אינטימע און סענטימענטאַלע זכרונות; אין שלמהס חתונה; אין דעם פאָטערס אַרעסט; אין דעם וויסטן אָנהייב פון דער מלחמה. וויל יאָ, צי וויל נישט — דער זכרון האָט אונטערגעטראָגן מער טרויעריקס ווי פרײדיקס. יאָ, מען מעג שוין אוועקפאָרן. אפרים־אהרונס הויז האָט זיך אויסגעפּיינט נישט ער־גער ווי יאַגודאַיעווס הײזל דאָרט אין די בערג, אַלץ איין תכלית —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָן ענלעכע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויך אויף מאַלאָ־וואַסיל־קאָווסקע־גאַס, נומער 27, אין דינהס איינגענעם צימער...

...און דאָרטן האָבן שוין דווקא געוווינט בלויז יונגע סטודענטקעס —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אייגנטלעך האָט קיינער פון די פּיאַטיגאָרסקים אַפילו נישט געקלערט אויפצומאָנען די דירות. מיט פּראָפּוסקן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן ביז לוואָוו, — נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די פּאַספּאָרטן ווייזן קלאָר און דייטלעך, אַז דאָס זענען שטענדיקע קיעווער איינוווינער — קען מען זיך אין קיעוו נישט צושרייבן אַפילו אויף קיין איין טאָג. ניין, נישט בלייבן וווינען, עס האָט זיך זיי נאָר געוואָלט ווידער אַלץ באַקוקן, באַטאַפּן, טאָ־מער האָט זיך ערגעץ בנס פאַרוואַלגערט וואָס עס איז פון די תשמישי־קדושה, וואָס זאָל דינען למזכרת־נצח; טאָמער עפּעס אַ רעליקוויע; אַ זכר למקדש... נאָר די פריש געבאַקענע היטלעראָווצעס האָבן דאָס אויך נישט געלאָזט טון. צו פיל האָבן זיי זיך שוין אָנגעזען מיט ייִדיש בלוט, מיט ייִדישע תליות; צו פיל האָבן זיי זיך שוין אָנגעלייענט מיט געבעלסעס אויפרופן, מיט ראָזנבערגס פּאַמפלעטן. אַ! ס'איז שטאַרק גליטשיק געוואָרן די אוקראַינישע ערד אונטער ייִדישע פיס. עס וועלן דאַרפן דורכגיין פיל, פיל יאָרן ביז דאָס אוקראַינישע קינד וועט פאַרגעסן, אַז ייִדישע מאַמעס,

אויב מען שלעפּט זיי איבער די גאַסן פאַר די האָר; און אַז יידישע קינ־דערלעך, אויב מען טראָגט זיי פאַר די פיסלעך, ווי עופות אין בית־השחיטה אַריין — מאַכט דאָס אויך נישט אויס!

...אדרבה, אַזוי איז נאָך גאָר פרייעלעכער...

*

אַז ער וועט, זייענדיק אין קיעוו, צוגיין כאָטש אַ קוק טון אויף דעם שרעקלעכן גיא־ההרגה — באַבי־יאַר; כאָטש אַ ווײַלע שטיין צו פוסנס פון אָט דעם נייעם מין „הר המוריה" — דאָס איז ביי שלמהן קיין ספק נישט געווען. אָבער אַז עס וועט אים אויך אויסקומען צו זיין אויף דעם לוקיאַנאָווקער „אַלטמאָדישן" בית־עלמין, און דערצו נאָך — שוין באַלד אַזוי ווי אין די „גוטע צייטן" — אויף פיר לוויות מיט איין מאָל — דאָס איז שוין שלמהן בשום אופן נישט איינגעפאַלן.

און געגאַנגען אויף אָט די לוויות איז נישט שלמה אַליין, נאָר ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע יידישע איינוווינער פון דער שטאָט...

ומעשה שהיה, כך היה —

אַ קיעווער יידישער יונגערמאַן, לעאָניד זאַכאַראָוויטש זאַסלאַווסקי, אַ טאַנקיסט, אַ „צווייפאַכיקער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד", איז פון בודאַ־פעשט געקומען צו פליען אויף עטלעכע טעג צו זיין פאַמיליע. פאַר דער קריג איז זאַסלאַווסקי געווען אַ אינזשעניער אויפן פינפטן צוקערזאַוואָד, און האָט אויך געוווינט בשכנות פון דעם צוקערזאַוואָד, אויף דימייעווקע, נישט ווייט פונעם מאַרקפּלאַץ.

מיטאָג צייט, איז זאַסלאַווסקי אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפע־רעסטאָראַן טרינקען אַ גלעזל ביר. דער רעסטאָראַן איז געווען איבערפולט מיט מילי־טער־לייט, וועלכע זענען רחבותדיק געזעסן ביי די טישלעך און האָבן זיך געלאָזט וווילגיין. ווען זאַסלאַווסקי האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל פו־נעם רעסטאָראַן איז ווי אַ שווידער דורכגעלאָפן איבער אַלעמענס ליפּן:

...אַ העלד...

...אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד...

...„אַ צווייפאַכיקער העלד"...

זאַסלאַווסקי, לחלוטין אַ גלייכגילטיקער צו די באַוווּנדערונגס־אויס־רופן, איז קאַלטבלוטיק דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן זאַל, ער איז צוגעגאַנ־גען צום בופעט און האָט זיך געהייסן אָנגיסן אַ קופּל ביר. די לכתחילה־דיקע איבעראַשונג האָט זיך ביסלעכוויז אויסגעוועפּט און דאָס געדערע־ריי מיט די וווילינגערישע געלעכטערס האָבן ווידער פאַרשלונגען דעם גרויסן זאַל און פאַרטויבט די אויערן.

נישט ווייט פונעם בופעט איז ביי אַ טישל געזעסן אַ גרופּע לחלוטין ניכטערע אָפיציערן: קאַפּיטאַנען, מאַיאָרן, און איינער אַפילו — אַ פּאָד־פּאָלקאָווניק. איינער פון די קאַפּיטאַנען, אַ יונגער אוקראַינישער **שייגעץ**, האָט געדרשנט אויפן קול:

— ...און איר, נאַאיווע מענטשן, גלייבט טאַקע, אַז אָט דער זשידעק, וואָס האָט אַן אויסגעבאָליעט פּנימל ווי אַ באַרישניע, איז אַן אמתער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד? פאָלגט מיך, אָט די שטערנס, וואָס ער האָט זיך אָנגעטשעפּעט אויף דער ברוסט, האָט ער זיך איינגעהאַנדלט אין טאַש־קענט אויף דער טאָלקוטשקע פאַר עטלעכע הונדערטערס... שאַ! ווייסט איר וואָס? שווייגט אַ ווײַלע —

און מיט אַ פרעך שמייכעלע ווענדעט ער זיך צו זאַסלאַווסקין:

— העי, דו, זשידעק מיט די בלעכלעך!

אין אָנגערויכערטן צימער איז מיט אַ מאָל געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר. פון די ווערטער „זשידעק" און „בלעכלעך" האָט זיך אין צימער צע־טראָגן אַ ריח פון שוועבל און נבלה. דער קאַפּיטאַן איז פון דער אַלגע־מיינער אויפמערקזאַמקייט געוואָרן נאָך חוצפּהדיקער. מיט אַ שעלמיש גע־לעכטערל פרעגט ער איבער נאָך אַ מאָל:

— העי, סטאָי! זאָג נאָר, יאַנקעל דו, וויפל האָסטו באַצאָלט פאַר אָט די צאַצקעס, וואָס דו האָסט זיך אָנגעקנעפּלט? נאָר דעם אמת זאָג —

דער יידישער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד האָט רואיק אוועקגעשטעלט דעם קופל ביר אויפן טיש, ער האָט זיך קאַלטבלוטיק אויסגעדרייט צום שפּעטנדיקן קאַפּיטאַן, און נישט ענטפערנדיק אים קיין איין וואָרט האָט ער אַרײַנגעשאָסן אין אים זעקס קוילן נאָך אַנאַנד...

צום גליק פון דעם יונגן העלד איז אין דער זעלבער מינוט פאַרבײַ דעם רעסטאָראַן דורכגעפאָרן אַ מיליטערישער אויטאָ פון דעם „קאָמענ־דאַנטסקי נאַדזאָר". * דערהערט אַ שיסערײַ, האָבן פינף חברה־לייט ווי אַ בליץ זיך אַרײַנגעשניטן אין רעסטאָראַן אַרײַן און האָבן בסקירה אחת ** תופס געווען, וואָס דאָ איז אַזוינס פאָרגעקומען. זיי האָבן גלייך איינגעזען, אַז טאָמער בלײַבט דאָ נאָך דער העלד אפילו איין מינוט, וועלן אים די צערייצטע מיליטער־לייט צערייסן אויף שטיקער. און זיי האָבן אָט די איינ־מינוט אויסגענוצט... אַלע אָנוועזנדיקע האָבן נאָך נישט באַוויזן צו באַ־מערקן, אַז זייער חבר וואַלגערט זיך מיט אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן אין אַ קאַליוזשע בלוט, ווי דער „קאָמענדאַנטסקע נאַדזאָר" האָט אַרויסגעכאַפּט דעם יידישן העלד און איז מיט אים פאַרשוווּנדן געוואָרן.

דערווײַל איז געוואָרן אַן אָנלויף — ערדציטערניש! מענטשן זענען צעקוועטשט געוואָרן, צעריבן געוואָרן, צעטרעטן מיט די פיס. דער „גאַנ־צער מאַרק" האָט זיך געשפּאַרט אַ קוק צו טון מיט די אייגענע אויגן אויף דעם קאַפּיטאַן, וואָס אַ ייד האָט אים געהרגעט. די אויפרעגונג פון דער גרויסער מאַסע איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. פון דעם צעקאָכטן המון האָבן זיך געטראָגן ווילדע אויסגעשרייען:

---

* די שטאָט־שמירה, דער העכסטער קאָנטראָל פון דער מיליטערישער קאָמענדאַטור.

** מיט איין בליק.

— Смерть жидам! *
— На виселицу их! **

און דאָ האָט עמעצער ווי כלאחר־יד אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז נישט ווייט פון דאַנען, אויף דער צווייטער גאַס, וווינט די פאַמיליע פונעם יידישן רוצח. די דאָזיקע ידיעה האָט זיך אין איין הרף־עין פאַרשפּרייט צווישן המון און האָט אויפגעריסן די צערייצטע געמיטער, ווי אַ ברענענ־דיקע האָלעוועשקע, וואָס איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ פּאַס בענ־זין. דאָ האָט שוין נישט געהאָלפן די מיליץ־אָפּטיילונג, וואָס איז צוגע־שיקט געוואָרן אויף איינצושטעלן די אָרדענונג; דאָ האָבן שוין נישט גע־האָלפן די עטלעכע צענדליק איבערגעטונענע אַגענטן פון דער נ. ק. וו. ד. און נ. ק. ג. ב., וואָס האָבן דער צעיושעטער מאַסע געדראָט מיט די רע־וואָלווערן אין די הענט; קיין שום באַריקאַדע, קיין שום פעסטונג האָט שוין איצט נישט געקענט איינהאַלטן דעם פינצטערן שטורעם און איינ־צוימען זיינע ליידנשאַפטן. דער נקמה־דאָרשטיקער המון האָט זיך ווי אַ דונער אַריינגעריסן צו די זאַסלאַווסקים אין שטוב אַריין, און אין עטלע־כע מינוט אַרום זענען שוין געליגן אויף איין קופּע פיר צעריסענע קער־פּערס: די מוטער פונעם העלד — אַליין מיט אַן אָרדען פאַר פּאַרטיזאַ־נישער אַקטיווקייט; אַ שוועסטער זיינע פון ניינצן יאָר; זיין פרוי; און זייערס אַ מיידעלע פון פינף יאָר.

עס איז געווען ווי אַ האָר פון דער מילך, אַז אויף גאַנץ דימייעווקע — אויב נישט אויף גאַנץ קיעוו — זאָל אויסברעכן אַ שרעקלעכער פּאָ־גראָם אויף יידן, נאָר דאָ איז אונטערגעקומען אַ היפּשע אָפּטיילונג מילי־טער מיט אויטאָמאַטיש געווער, מען האָט אַרעסטירט העכער צוויי הונ־דערט מאַן — כאָטש מען האָט שפּעטער דערציילט אין שטאָט, אַז נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען זיי געזען אַרומשפּאַצירן אויף דער פריי — און די אָרדענונג איז „איינגעשטעלט" געוואָרן.

אין אַנאַטאָמישן אַמפי־טעאַטער, וווהין מען האָט אַוועקגעפירט די פיר געהרגעטע פרויען, האָט מען די צעריסענע אברים אַריינגעלייגט אין דריי ווייסע, לייוונטענע טאָרבעס, — דאָס יונגע ווייבל מיטן קינד צוזאַמען. צו וואָס זאָל מען אומזיסט קאַליע מאַכן אַן איבעריקע טאָרבע? — די טאָר־בעס האָט מען פאַרנייט און מען האָט זיי איבערגעגעבן דער אויף שנעל געשאַפענער חברה־קדישא, אַז מען זאָל זיי ברענגען צו קבורה.

טויזנטער און טויזנטער יידן זענען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ נאָכגע־גאַנגען דעם שוואַרצן קברות־פורל. שווער זענען געווען די הערצער. די אויגן האָבן נישט געזען דעם וועג פאַר זיך. עפּעס האָט דער חשבון גע־וויזן פּדרוך. ס'איז עפּעס שווער געווען ביי זיך אַליין צו באַשליסן: צו וועלכער קאַטעגאָריע הרוגים מען דאַרף צורעכענען אָט די פיר געשאָכטע־נע יידישע קינדער, וואָס צאַפּלען נאָך, דאַכט זיך...

* אַ טויט די יידן!
** אויף דער תליה זיי אַלע!

ביי דער לוויה זענען געווען אויך פיל קריסטן. נישט מער, וואָס אַלע זענען זיי געגאַנגען האָפערדיק, און מיט חוצפהדיק־אויפגעהויבענע קעפּ. אויף זייערע רוצחישע פּנימער איז געווען אָנגעשריבן: געשטילטע נקמה; אָנגעזעטיקטקייט; און בכלל — אַ טיפע צופרידנקייט, וואָס מען קען שוין פאַר די סאָוויעטן אויך — פּונקט ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן — אָנ־לערנען די פאַרשיווע זשידעניאַטעס, וואָס האַלטן זיך פאַר גאַנצע באַלע־באַטים אין לאַנד. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מען האָט גוט געוווּסט, אַז אויף יעדן טריט און שריט ווימלט דאָ מיט איבערגעטוענענע אַגענטן פון די זיכערקייט־אָרגאַנען, האָבן די קריגס־אינוואַלידן, די אָן־הענטיקע און אָן־פיסיקע, — די וואָס מעגן שוין אַלץ, ווייל זיי האָבן שוין במילא נישט, וואָס צו פאַרלירן — אַריבערגעשריגן צו די יידן:

— בוסורמאַנעס! * אַנטיקריסטן! באַגאַכולניקעס! ** אַלע וועט איר האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס דעם רוצחס ווייבער...

— פאַרנעמט אייך וואָן פון דאַנען, *** !Висельники אַנטלויפט, וווהין אייערע פיס טראָגן אייך —

— פאַר וואָס, פּאַראַזיטן, זענט איר נישט פאַרבליבן אין טאַשקענט? אין אַלמאַ־אַטאַ?

— ווער האָט געשיקט נאָך אייך, קרעציקע זשידעס? איר ווילט ווי־דער פאַרלייזיקן די אוקראַינע, אַזוי ווי ביז היטלערן?

יעדער איינער פון די, „וואָס מעגן שוין", אָפּגעזאָגט זיין מאמר, איז ער „דערטרונקען" געוואָרן אין דעם פּילקעפּיקן המון און די „שפּיצלעך" האָבן נאָר געקענט גלאָצן מיט די אויגן.

און יידן, אנשים נשים וטף, האָבן זיך מיט שרעק אומגעקוקט אויף דער פינצטערער מאַסע מיט פּנימער פון חיות־רעות, און האָבן מיט פּלאָ־טערנדיקע הערצער געטראַכט:

...כי סבבוני כלבים, עדת מרעים הקיפוני...

...והכלבים עזי נפש, לא ידעו שבעה...

...אנה אלך מרוחך, ואנה מפניך אברח?

---

* אומגלויביקע, אפּיקורסים.

** גאָט־לעסטערנדיקע.

*** מענטשן, וואָס זענען אָנגעברייט פאַר דער תליה.

# קאפיטל XLIV

עפּעס איין מאָל האָבן אפרים־אהרון מיט שלמהן זיך אָנגעגומען מיט האַרץ און זענען איין מאָל פאַר אַלע מאָל צוגעפאָרן אויף קראַסנאָאַרמייסקע־גאַס 158, אין שול אַריין. דאָס איז געווען דער זעלבער טיף־געזונקענער פּאָדוואַל, מיט פיל צעבראָכענע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט „ניין איילן" אין דער ערד אַריין. נאָך אַכט יאָר צייט, וואָס זענען פאַריבער, פון זינט דער פּאָדוואַל איז געקרוינט געוואָרן פאַר אַ שול, האָט נאָך פון די ווענט אַליץ געשטונקען מיט נאַפט, מיט פוילע פיש, מיט איבערגעזייערטער קרויט און מיט נאָך אַזוינע „שמעקעכטסן". אין שול האָבן די פּיאַטיגאָרסקים באַגעגנט פיל נייע פּנימער און דאָקעגן זייער וויניק פון די אַלטע. פיל פון די פאַרמלחמהדיקע יידן זענען אומגעקומען; פיל פון זיי האָבן נאָך געשטעקט הינטער די „הרי חושך", אין די ערטער וווהין מען האָט זיי מלחמה־צייט עוואַקואירט; און פיל פון זיי זענען געוואָרן מאָסקווער אָדער לענינגראַדער. אין די שטעט — האָבן יידן מסביר געווען זייער „משנה אושפּיזא" * זיין — ווו די דייטשן זענען נישט געווען, איז עפּעס פאָרט די לופט ריינער; האָט זיך די באַפעלקערונג נישט אַזוי פיל אָנגעזען מיט יידיש בלוט. און טאַקע מהאי טעמא האָבן זיך די יידן פון דער פּראָווינץ געשטופּט קיין קיעוו: אין קליינעם שטעטל איז דער פּחד נאָך גרעסער; קיעוו איז פאָרט אַ רעזידענץ! אַן עיר־הבירה! אָבער די געציילטע יידן, פון די אַלטע באַלעבאַטים, וואָס זענען יאָ געבליבן, האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט די געסט. ווי נאָר מען האָט אַ קוק געטון אויף שלמהס באָרד, אַזוי האָט מען שוין נישט פאַרגעבן די געוויינלעכע פראַגן, וואָס גוטע־ברידער פלעגן אין יענע טעג פרעגן איינער ביים צווייטן:

— וואָס טוט איר?

— וואָס קלערט איר אָנהייבן צו טון?

— צי האָט איר שוין אַ דירה?

ניין, די פּיאַטיגאָרסקים האָט מען גאָרנישט געפרעגט, אין דעם פאַל האָט מען פאַרשפּאָרט צו פרעגן. שול־יידן זענען נישט קיין נאַראָנים, זיי פאַרשטייען ווו איין און ווו אויס. די לחכימא ברמיזא, זאָגט די וועלט, און שלמהס „והדרת פני זקן" איז געווען אַ גאַנץ גענוגער רמז: ווהין דאָס ווינטעלע בלאָזט... דאָ איז גאָר אוממעגלעך געווען אַ טעות צו האָבן. און טאַקע מהאי טעמא האָט מען דערפון נישט געמאַכט קיין איבעריקע פּירושים; מען האָט זיך גאָר געמאַכט נישט זעענדיק און מען האָט געמאַכט מיט אַ שווייג — עת לדבר ועת לחשות! דערפאַר אָבער האָט מען פיל גערעדט פון די קדושים: פון אפרים־אהרונס פאָטער און פון שלמהס שווער. ווען מען איז מיד געוואָרן פון קרעכצן, האָט זיך צווישן גאָר נאָענטע גוטע־ברידער פון דעסט ווענן יאָ אויפגעהויבן אַ שמועס וועגן דעם, ווי אַזוי שלמה זעט אויס מיט דער באָרד —

---

* איבערבייטן די אכסניא, טוישן דאָס ווינאָרט.

איינער פרעגט:

— וואָס זאָגט איר נאָר אויף אונדזער שלמהס הדרת־פּנים? אַן אמתער קאַרל מאַרקס —

רופט זיך אָן אַ צווייטער:

— נאַ דיר גאָר קאַרל מאַרקס... יענער איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך אויף הלל צייטלין, זאָגט ער גאָר — מאַרקס...

וויל נישט ליידן אַ דריטער:

— וואָס נאָך עפּעס וועט איר צוטראַכטן? זיין באָרד איז אַ געניוע קאָפּיע פון מאַקס נאָרדאו׳ס באָרד! דאַכט זיך, אפילו אַ בלינדער קען דאָס אויך זען...

בייזערט זיך אַ פערטער:

— וואָס האַקט איר אַ טשייניק: נאָרדאו, צייטלין, מאַרקס... יענער איז אין קיינעם נישט געראָטן, נאָר אין אפרים־אהרונען... אפרים־אהרון מיט די ביינער! דער זעלבער וווקס; די זעלבע אויגן; דאָס זעלבע קול און די זעלבע באָרד! ער האָט זי פּשוט צוגעגנבעט ביי זיין טאַטן און זיין טאַ־טע ווידער האָט ערגעץ צוגעשלעפּט אַ באָרד ביי אַן אַלטן יידן. אַזוי איז דאָס...

דער פאָטער מיטן זון האָבן שטאַר אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן. עס האָט זיך זיי געוואָלט דערגיין דעם אמת, צי איז טאַקע דער לעצטער בעל־סברא גערעכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גייענדיק פון דער שול האָט די אָנגעלייגטע געסט באַגלייט כמעט דער גאַנצער עולם, פּונקט ווי מען פלעגט אַ מאָל באַגלייטן אַ גומן־יידן, ווען ער איז געגאַנגען אַהיים פון קידוש־לבנה אָדער פון תשליך. אַז מען איז צוגעקומען צום טויערל, וואָס גייט שוין אַרוים אויף דער גרויסער גאַס, האָט אפרים־אהרון שטאַרק געבעטן דעם עולם, מען זאָל אַ ביסל אָפּוואַרטן פון דער זייט טויער; מען דאַרף נישט אַרויסגיין אויף דער גאַס ברוב עם... מען דאַרף דער וועלט נישט אויפרייסן די אויגן, דאַרף מען נישט... היינט איז די חקירה: הסתר דבר! הצנע לכת...

תפילה עושה מחצה — דער גאַנצער עולם איז זיי שוין טאַקע נישט נאָכגעגאַנגען, אָבער פיר עלטערע שול־בעלי־בתים זענען זיי פון דעסט וועגן יאָ נאָכגעגאַנגען. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס מונע זיין זיי דערפון; זיי מסביר זיין — זיי קענען זיך נישט רעכענען מיט גאָרנישט. טעמם ונמוקם עמם. זיי דאַרפן עפּעס פרעגן ביי די אורחים פון די „דברים שבצנעה״...

די פּיאַטיגאָרסקים האָבן אָט די עלטערע יידן גוט געקענט. דאָס זע־נען געווען אַלטע בעלי־בתים נאָך פון דער קופּיעטשעסקע־שול און פון בראָצקים —

ר׳ יאַנקל מאירס פון אוכרימאָווע איז געווען אַ ייד אַ זעכציקער מיט אַ סך קינדער און מיט אַ סך אייניקלעך. גלייך נאָך דער „ראַסקולאַ־טשעוואַניע״ האָט ער עוקר געווען פון אוכרימאָווע און האָט זיך איין קיעוו

לפי שעה, ביז מען וועט זיך א ביסל ארומקוקן: ווו מען איז אין דער וועלט, „געשטעלט" מיט א קלייטל פון סאָדע־וואַסער. „ומן היאור עולות שבע" — פון איין יאָר איז געוואָרן זיבן; פון דעם קלייטל איז מיט דער צייט געוואָרן א היפשע קלייט, א גרויסאַרטיקע קלייט, און פון דער קלייט איז צו ביסעלעך געוואָרן א זאַוואָדל, און כאָטש דער זאַוואָד מיטן גאַנצן „רעמאָנענט" * מיט אַלע, אַלע מטלטלין האָט שוין כתוב וחתום פון לאַנג געהערט צו דער „פּראָמקאָאָפּעראַציע", פון דעסט וועגן איז ער, יאַנקל מאירס, דאָרטן גע־ווען דער „שני למלך": קודם כל האָט ער דאָרטן געאַרבעט מיט אַלע קינ־דער; כמעט, הייסט עס, ווי ביי זיך; והשנית: האָט ער טאַקע פון דער אַר־בעט געהאַט „נישט צו פאַרזינדיקן אי ברויט, אי קוילעטש". ס'איז געווען א קרענטל, וואָס האָט זיך געצאַפּט און געצאַפּט און וואָלט זיך זיכער נישט אויפגעהערט צו צאַפּן עד היום הזה, ווען נישט דער גרויסער צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דער וועלט...

איצט, אחרי המבול, זעט ביי אים אַזוי אויס „די אונטערשטע שורה": העכער האַלב קינדער האָט ער אָנגעווירן אויף די פראָנטן, דער זאַוואָד מיט הכל כאשר לכל איז פון א גרויס־קאַליבערנער פוגאַסנע באָמבע איינגע־זונקען געוואָרן ניין איילן אין דער ערד אַן... און ער איז אויף געהאַקטע צרות גלייך מיט אַלע יידן...

ר' ברוך־גד דער אייעריקער האָט אַזוי געהייסן, ווייל זיינע עלטערן און זיינע זיידעס און ער אַליין אויך ביז די באָלשעוויקעס האָבן געהאַנדלט מיט אייער און נישט סתם געהאַנדלט, נאָר טאַקע „געגאַנגען" מיט גאַנצע וואַ־גאָנען אויף „זאַגראַניצע". פאַר די סאָוויעטן איז ער געוואָרן א בעקער, און א ספּעציאַליסט א בעקער. לעצטנס, זינט ער האָט זיך אָפּגעברענט די פינגער פון דער רעכטער האַנט ביים עלעקטרישן אויוון, האָט ער מיט זיין אַלטיטשקער געלעבט אויף דער „איזשדיווועניע" ** פון זיינע קינדער, וועל־כע זענען אַלע געווען גאָלדענע קינדער און זענען אַלע ברוך־השם געווען „געענדיקטע"...

פון דער קריג איז ר' ברוך־גד אַרויס בשן ועין, ריכטיקער געזאָגט — בלא שן ובלא עין. פון אַלע זיינע זין און פון אַלע דערוואַקסענע איי־ניקלעך איז נישט געבליבן אפילו איינער אויף א „שהחינו". ווער פון זיי ס'איז אַריינגעפאַלן צום דייטש, ווער ס'איז אומגעקומען אין דער קריג און וועמען ער האָט מקבר געווען „אונטערוועגנס": פון אַן אוזבעקיש מעסער אונטערן האַרצן; פון מאַליאַריע, און איינעם — פשוט פון בויכטיפוס... איצט — אַז די דירה זיינע האָט צוגענומען אַן אוקראַאינישע משפחה, א פאָלקאָווניקס א פאַמיליע, און ס'איז פאַר—פאַלן! — וואַלגערט ער זיך מיט דער קראַנקער פרוי, מיט די שנורן און מיט די פּיצלעך אייניקלעך

---

* געמיינט: „אויסראַד"; כלי־מכשירים; בכלל — באַלעבאַטישקייט.

** אויסהאַלטונג, תמיכה, קיצבה.

אין א נאַסן, א פינצטערן פּאַדוואַל און... און פון טאָג צו טאָג ווערט ער געוווּיר אַלץ מער, אַז ער איז „אין דער ערד מיט די זאַקן"...

חיים־זיידל טעטיעווער איז נאָך גאַר א יונגערמאַן, נאָך ווייט צו די פופציק. ס'איז שוין א שיינע פּאָר יאָרן, אַז ער זיצט אַן אַלמן. ער האָט נישט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן פאַרפרעמדט ווערן, זיי זאָלן איבערגיין אויף פרעמדע הענט. אַרום און אַרום פאַרמאָגט ער בסך הכל איין זון און איין טאָכטער. ביידע זענען זיי נישט קיין אויסגעגעבענע. בימי יעזשאָוו האָבן זיי זיך אַלע אויסגעבאַהאַלטן אויף די ביידעמער און אין די קעלערס. כאָטש עס האָט אויף זיי די גאַנצע צייט חלילה קיינער נישט געפרעגט, אָבער זיי האָבן געהאַט א פאַרגעפיל, אַז „מען איז מחויב זיי צו זוכן"... אַז ס'האָט אויסגעבראָכן די קריג, האָט מען גלייך, טאַקע בו ביום, מאָביליזירט אי דעם בן־יחיד, אי די בת־יחידה און ביידע זענען דווקא ברוך־השם געבליבן לעבן, נישט מער: ביידע זענען זיי געוואָרן אינוואַלידן און ביידע פון דער ערשטער קאַטעגאָריע: דער זון האָט פאַרלוירן דעם לינקן פוס און דאָס רעכטע אויג, און וועגן דער טאָכטער — גיסט אויס דער אומגליקלעכער פאָטער פאַר גוטע־ברידער זיין ביטער האַרץ: „די רשעים האָבן דאָס קינד „צעקאַרדאַשעט" אויף טויט... זיי האָבן זי גע־מאַכט „חרוב ונחרב"... ווער און וואָס און ווען און ווי אַזוי — וועגן דעם דערציילט ער נישט... און אַז יענער שווייגט אונטער, פאַר'שטייט מען שוין, אַז... אַז דאָרט ווו ביי יענעם גיסן זיך ריטשקעס בלוט, דאַרף מען נישט וועלן וויסן מער פון דעם, וואָס יענער דערציילט אַליין...

איצט וואַלגערט ער זיך שוין אַרום אין קיעוו גאַנצע זעקס חדשים; ער לויפט אַרום איבער דער שטאָט ווי א פאַרסמטע מויז פונעם פרימאָרגן ביז אין דער זינקענדיקער נאַכט; ער וויל אָפּזוכן פאַר זיך און פאַר זיינע קאַליקעס כאָטש וועלכן עס איז מעמד־פרנסה און... און צום סוף — ווער? וואָס? ווען? ער איז בטל ומבוטל... הפקר כעפרא דארעא...

לייזער־אַנשל טעפּליקער איז שוין אַן עלטערער ייד. לפני הרעש האָט ער אויך קיין גרויסע פאַמיליע נישט געהאַט — די אַלטיטשקע זיינע, א טאָכטער, אַן אלמנה מיט פיצלעך קינדער, און איין אויסגעגעבענעם זון. אַז ס'האָט אויסגעבראָכן די קריג און מען האָט דעם זון צוגענומען, האָט די טאָכטער מיט דער שנור זיך אָנגעזעצט אויפן אַלטן פּאַרפאָלק: נאָר אַז מען מוז ערגעץ אַנטלויפן, „אַזוי ווי די וועלט טוט". און ער, לייזער־אַנשל, האָט פון אָט דעם „פאַרגעניש" אפילו נישט געוואָלט הערן: — „וואָס איז דאָס לויפעניש און וווהין איז דאָס לויפעניש? סדנא דארעא חד הוא!" *
אָבער ווייבער, אַז זיי שפּאַרן זיך איין... האָבן זיי ביידע גענומען די קינ־דערלעך — אַזעלכע גאָלדענע קינדערלעך, איינס און איינס — צונויפגע־שטופּט אין די רוקזעק דאָס ביסל דאָברע־מזל און... ס'איז זיי נאָך אָנגעקומען מיט גענוג שפיכת־דמים, ביז זיי האָבן זיך אַרויפגעפּאַקעוועט אויף א באַר־

* כמעט ווי: ס'איז אומעטום דאָס זעלבע.

זשע — אַזוי ווי די וועלט טוט... אויף האַלב וועג קיין רזשישטשעוו האָבן די רוצחים פון דער לופט דערשנאַפּט די באַרזשע — מן הסתם האָט מען זיי שווין אַ ידיעה געגעבן — און מען האָט זיי באַהאָגלט מיט קוילן, אַז קיין שריד ופליט איז פון די פּאַסאַזשירן נישט איבערגעבליבן, נאָר דער גוי, דער פירער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט אונטערן וואַסער, ער איינער האָט זיך אומגעקערט קיין קיעוו און האָט צו וויסן געטון פונעם גרויסן בראָך. דערהערט, וואָס פאַר אַ תכלית פון זיינע קינדער איז געוואָרן, האָט לייזער־אַנשל נאָך מער זיך געשטאַרקט אין זיין דעה — איין מאָל: ניין, ער פּאָרט נישט אין ערגעץ! המבלי אין קברים בקיעוו? מלאך־המות — מה לי הכא, מה לי התם? ס׳איז אָבער געקומען אַ פרימאָרגן, ווען זיין עקשנות איז פון זיך אַליין געבראָכן געוואָרן, פּונקט ווי די שטאַרקסטע אייז־קריע צעשפּאָלט זיך קעגן דער זון פון זיך אַליין. דאָס איז געווען אין יענעם פרימאָרגן, ווען דער שכן זיינער איז עטלעכע שפּאַן פון דער שטוב צעריסן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל אויף פּיצפּיצלעך. דאַן האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן און — אַזוי ווי די וועלט טוט — גולה זיין פון אַט דער הפקר־שטאָט. ער האָט זיך דאַמאָלסט אָנגערופן צו זיין יידענע: טו וואָס דו ווילסט, נאָר אַבי פיר מיך אַרויס פון אַט דעם גיהנום, פון אַט דעם כבשן האש... און ס׳איז זיי גראָד געגאַנגען מיט דער האַנט: זייערע אַ באַקאַנטע פאַמיליע, פון די „פּאַרבראַנירטע", האָט זיך דאַן עוואַקואירט אויף אוראַל, קיין אָמסק, צוזאַמען מיטן זאַוואָד, האָבן זיי דאָס עלטערע פּאָרפּאָלק אויך צוגעשריבן צו זיך — אַז מען קען ראַטעווען צוויי יידישע נפשות פון אַ זיכערן טויט, פאַר וואָס זאָל מען דאָס נישט טון?

דאָרט, אין דער ווייסטער עוואַקואַציע, אַז זיין אשת־נעורים, אַן אויסגעהונגערטע, אַן איבערגעפּרווירענע, האָט זיך מיישב געווען און איז אוועקגעגאַנגען אויפן עולם־האמת, האָט ער זיך באַטראַכט: וואָס וועט ער דאָרט זיצן איינער אַליין אין דעם „גויאישקן אָמסק"? האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין באַרנאַול. דאָרט, אין דער רעזידענץ פון אַלטאַיער געביט, האָבן דאַן געוווינט פיל פּוילישע און רומענישע יידן, האָט ער זיך דאָרט באַזעצט. גוט, צי שלעכט, על כל פנים — בתוך עמי אנכי יושב. ער האָט דאָרט צו ביסלעך אונטערגעקנעלט מיט קינדער; אַ מאָל מן הצד געכאַפּט עטלעכע גראָשן, און ווי עס איז „געצויגן די ליאַמקע"...* אחרי הרעש, אַז די אויסלענדישע בעזשענצעס האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן אָנגעהויבן צו צעפאָרן אין זייערע אַמאָליקע היימען, האָט ער זיך אויך אויפגעהויבן און האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין קיעוו. סטייטש, ער איז דאָך עפּעס אַן אַלטער קיעווער איינוווינער, פאַר וואָס זשע זאָל ער זיך וואַלגערן אין דער פרעמד? ס׳איז נאָך נישט צייט? וויפל איז דער שיעור? און דאָ אין קיעוו, נאָך פיל חדשים זיך אַרומבלאָנקען „נישט אַהער, נישט אַהין" ווי אַ שיפל אָן אַ רודער, זעט ער ערשט איין, אַז ער

* געמיינט: די בידנע עקזיסטענץ.

איז נישט קיינעמס און קיינער איז נישט זיין און ער איז געבליבן ווי אויפן וואסער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַט די אַלע „היסטאָריעס" זייערע פון פאַר דער קריג האָבן די פּיאַ־טיגאָרסקים געוווסט מקדמת דנא, און די „תכליתים", וואָס פון זיי איז געוואָרן, האָבן זיי דערציילט אין שול על רגל אחת, און איצט גייען זיי זיי נאָך: איין מאָל איבער אַלע מאָל, זיי מוזן מיט זיי עפּעס איבעררעדן מכח „דברים שבצנעה"...

ווען זיי זענען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר קוואַרטאַלן און די פּיאַטיגאָרסקים האָבן זיך שוין געדאַרפט זעצן אויף זייער טראַמוויי, האָט זיך אָנגערופן חיים־זיידל טעטיעווער, — אַ פּנים, ווייל ער איז דער זעירא דמן חבריא, * האָבן זיי אים אַרויסגעשטעלט פאַר דעם ראש־המדברים —

— ר' אפרים־אהרון, מיר זאַלבעפערט האָבן זיך צונויפגערעדט, געקו־מען צו דער הסכמה, הייסט עס, אַז מיר מוזן בעטן ביי אייך, איר זאָלט זיין אויף אַזוי פיל גוט און אונדז געבן דעם אַדרעס, ווו איר שטייט איין אויף אכסניא... דעם ענין, וואָס מיר ווילן מיט אייך איבערשמועסן און געגוי אַרומרעדן, קען מען נישט אָראָפּפּטרן על רגל אחת... דאָס קען מען נישט מאַכן אין מיטן דער גאַס אַזוי ווי מען שטייט און מען גייט, צו אַזאַ סוגיא דאַרף מען זיך צוזעצן מתוך כובד־ראש —

ווי יענער האָט נאָר אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „אַדרעס", האָט אפרים־אהרון ביי זיך גלייך באַשלאָסן, אַז — דאָס נישט! קוים וועט עמעצער פון די שול־יידן שוין וויסן: „איה מקום כבודו", איז חברא חברא אית ליה — ער וועט שוין קיין געסט נישט זשעדנע זיין! ער וועט שוין פון קיין מנוחה נישט וויסן און דער סוף וועט נאָך זיין, אַז די סאַמאַרקאַנדער שכנטע — וואָס האָט מיט אַזאַ סבר פנים יפות אַריינגענומען די „בעלי־צורה" פון דער קאָמפּאַניע און האַלט זיי בכבודו של עולם — וועט זיי אַלע געבן דעם וועג פון דער שטוב... אַט דאָס וועט זיין די פּעולה פון דעם אַדרעסן־געבעניש... ניין, ניין, פאַר קיין שום געלט — קיין אַדרעס גיט ער נישט! אויך אין שלמהס אויגן האָט ער איבערגעלייענט דעם זעלבן משקל־ראשון. ער האָט זיך אַן אַנטשלאָסענער אָנגערופן:

— הערט אויס, מיינע ליבע יידן, טוט מיר אַ טובה און שטעלט מיר נישט קיין קשיות ואבעיות — קיין אַדרעס אייך געבן קען איך נישט אפילו בעד כל הון דעלמא! אויב איר ווילט אַזוי שטאַרק עפּעס רעדן מיט מיר, איז דאָס איינציקע פּלאַץ — אַט דאָ־אָ! אַט דאָ ווו מיר שטייען איצט!

אַלע פיר יידן האָבן „פאַרוואָרפן מיט הענט און מיט פיס" און האָבן זיך אָנגערופן פה אחד:

* דער יינגסטער פון דער חברה.

— ניין! ניין!! ניין!!! פשוט אויף דער גאַס איז עס אומ—מעגלעך, אומ—מעגלעך...

אַ היפּשע ווײַלע זענען זיי אַזוי געשטאַנען אײנער קעגן דעם צווייטן אובדי־עצות. ענדלעך האָט שלמה זיך אָנגערופן:

— הערט זשע, אויב אָט אַזוי־אָ, אונטערן פרייען הימל, קענט איר טאַקע בשום אופן נישט זאָגן וואָס איר דאַרפט, טאָ בלײַבט זשע וואַרטן אויף אונדז אין שול מאָרגן אויף דער נאַכט, נאָך מעריב. דאַן וועט שוין דער טאַטע ספּעציעל צופאָרן און אויסהערן, וואָס איר האָט אים דאָרט צו זאָגן. צי איר ווילט נאָך אפשר, אַז איך זאָל אויך מיט אים קומען?

— אודאי! אודאי! אודאי איז גלײַכער, אַז דו זאָלסט אויך קומען! הער נאָר! פאַר וואָס נישט? עס קאָסט דיך טייער אין קראָם? אדרבה, תשועה ברוב יועץ —

ר׳ ברוך־גד גיט זיך אַ קראַץ אין דער נאָז:

— פאַר וואָס זשע עפּעס ערשט מאָרגן, פאַר וואָס? פאַר וואָס נישט הײַנט?

אפרים־אהרון גייט אַרײַן אין דער קפידה פון אַזאַ קלאָץ־קשיא און ענטפערט אים כמעט מיט אַ בייזער:

— אַז מען זאָגט אײַך „מאָרגן״, זאָלט איר נישט האָבן קיין בטלני־שע טבע איבערצופרעגן: פאַר וואָס און פאַר ווען? הײַנט קען מען מסתמא נישט! מיר זענען שוין הײַנט געניג געוועזן אויף דער פרייער לופט... איר פרעגט קשיות, פרעגט איר... על מה און למה און סטייטש און היתכן —

שלמה וויל אַ ביסל פאַרגלעטן דעם שווערן רושם פון זײַן פאָטערס שטרענגן טאָן. ער איז מסיים דעם פאָטערס רייד בניחותא:

— בלײַבט עס אָפּגערעדט אויף מאָרגן, הייסט עס... פאַר אײַך, מיין איך, איז אויך גלײַכער ערשט מאָרגן. וועט איר זיך קענען מסדר זײַן כדבעי די ענינים, וואָס איר ווילט אַרומרעדן... און וועט ביים שמש צו־נעמען דעם שליסל פון דער שול; איר וועט אים זאָגן, אַז איר בלײַבט איבער עפּעס לערנען; אַז איר זאָלבעפערט האָט זיך קובע געווען אַ „שיעור״... לקיים מה שנאמר: כנגד ארבעה בנים דברה תורה —

— וואָס דען, געפּאַקט דאָס װאָרט! פאַר אַזאַ שוטה האַלטסטו אים, דעם שמש אונדזערן, אַז ער זאָל אונדז גיין גלייבן, אַז פּלוצעם, פון דער העלער הויט, זענען מיר זיך געגאַנגען מאַכן „שיעורים״... נאָר גאָרנישט! מיר׳ן שוין ביי אים ווי עס איז די שליסלען אויסנאַרן... הייסט עס, מאָרגן, בלי נדר ומסקנא, אַ מין שעה נאָך מעריב?

אָנשטאָט אַן ענטפער וואָרנט זיי אפרים־אהרון מיטן האַרבן וואָרט:

— געדענקט זשע, רבותי, איר קענט דאָך מיט זיך פאַרשלעפּן נאָך עמעצן... מאַלע, וואָס אײַך קען אײַנפאַלן... זאָלט איר וויסן זײַן: אין עונשין אלא אם כן מזהירין, זאָג איך אײַך בעסער פריער, אַז —

— מיט וועמען רעדט איר? וואָס זענען מיר, קינדער? חדר־ייִנגלעך?

*

קיין חדר־יינגלעך זענען די פיר יידן שוין טאקע נישט געווען, אָבער וואַרטן אַרום „שולחן" האָבן די פּיאַטיגאָרסקים געטראָפן מער פון צען פּאַרשוין, נישט בלויז פיר. ר' יאַנקל אוכרימאָווער, יאַנקל מאירס, האָט מיט זיך געבראַכט צו פירן אַ בלינדלעכן זון און אַן אייניקל פון אַ יאָר אַכצן; ר' ברוך־גד דער אייעריקער האָט מיט זיך געבראַכט די עלטסטע שנור, וועלכע איז ביי אים געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב — בלעדה לא ירים איש את ידו ואת רגלו; חיים־זיידל טעטיעווער האָט מיט־גענומען אויפן סאָוויעט זיין טאָכטער, וואָס — לויט זיינע אייגענע רייד — די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד האָבן זי אַזוי „צו רעכט געמאַכט", אַז נאָר אויסהערנדיק איר ספּור־המעשה, שטעלן זיך די האָר קאַפּויר און דאָס בלוט ווערט פאַרקילט אין די אָדערן; ר' לייזער־אַנשל טעפּליקער האָט מיט זיך סתם מיטגעבראַכט אַ פּאָר יונגעלייט, וואָס „ער איז פאַר זיי ערוב מיטן קאָפּ"...

אַ פּנים, אַז דאָס איז ביי זיי געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך: „נישט שטעלן אויף זיך אַליין", נאָר יעדער איינער זאָל ברענגען מיט זיך אַ מיט־גליד פון דער פאַמיליע פאַר אַן עד־ראיה און פאַר אַן עד־שמיעה...

דערזעענדיק פאַר זיך אָט די פאַרשידנפאַרביקע געזעלשאַפט, זענען די פּיאַטיגאָרסקים נבהל ונשתומם געוואָרן, נאָר יאַנקל מאירס איז גלייך אַרויס מיט לשון און האָט זיי באַרואיקט:

— איר קוקט נישט דערויף, וואָס דאָ זענען דאָ יונגע מענטשן, דאָס זענען אונדזערע קינדער! דאָס איז איין מאָל אַוועק; און צווייטנס, איז שוין היינט בכלל נישט דאָס, וואָס פאַר היטלערן... גרויס און קליין ווייסן שוין היינט, מיט וועמען מיר בלייבן דאָ איבער לעבן אין שכנות... ווי אַזוי די אוקראַינער קאָמוניסטלעך האָבן פון אונדז געשניטן שטיקלעך — ווען היטלער איז דאָ געווען — נאָך פיל מאָל ערגער, ווי די דייטשן אַליין... מען ווייסט שוין, מען ווייסט שוין... ס'איז שוין ברוך־השם פאַר קיינעם נישט קיין סוד —

די פּיאַטיגאָרסקים האָבן שוין קיין ברירה נישט געהאַט, מען האָט זיך געמוזט זעצן צום טיש מיט אַלע געבעטענע און אומגעבעטענע געסט. נישט מער, אפרים־אהרון האָט זיך אָנגערופן:

— ניין, רבותי! ביי אַזאַ בליצלאָמפּ און דערצו נאָך אויסגעזעצט אַרום „שולחן" כחצי גורן עגולה, ווי די אנשי־כנסת־הגדולה — דאָס טויג נישט! דאָס איז דאָך שוין עפּעס באַלד ווי די פּאָליטביוראָ, להבדיל... עס קען זיך נאָך עמעצן וואַרפן אין די אויגן, וואָס אין שול לייכט זיך אַזוי שפּעט —

חיים־זיידל פרעגט אַ דערשטוינטער:

— איך פאַרשטיי נישט, צו וואָס איז דאָס היטן זיך? היינט איז דאָך

שוין ברוך־השם נישט דאָס, וואָס ס'איז געווען בימי יעזשאָוו... היינט קוקט דאָך קיינער נישט אויף אַזעלכע זאַכן...

אפרים־אהרון קרימט זיך אים איבער מיט אַ שפּאָטיש געלעכטערל:

— היינט, זאָגט ער, קוקט דאָך קיינער נישט... מען ווייסט די מעשה, אַז מען קוקט נישט... נאָר עס זאָלן זיי אַזוי אַרויס די אויגן, ווי זיי קוקן שוין דווקא יאָ... זיי וואַרטן נאָר אויס אויף אַ יום המוכן לפּורעניות... וואָס זשע, זיי האָבן אפשר קיין צייט נישט? עס רעגנט אויף זיי?

מען האָט אויסגעלאָשן די עלעקטרי, גענומען מיט זיך אַ לייכטער מיט אַ יאָרצייט־ליכט און מען איז אַלע אַריבערגעגאַנגען אין דער אַזוי גערופענער „ווייבערשער שול". אין דער דאָזיקער נאָרע האָט נאָך שטאַרקער ווי אין דער מאַנסבילשער שול געשטונקען מיט נישט קיין אויסגעאַרבעטן נאַפט; מיט איבערגעברענטן אַנטראַציט; מיט כלאָרע און מיט פאַרפוילט און איבערגעזייערט גרינוואַרג. מיט אַן אַלטן פּרוכת האָט מען פאַרהאַנגען דעם לאָך, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף במקום אַ פענצטער; דאָס ליכט האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף אַ נידעריק סטענדערל און מען האָט זיך צונויפגעקוועטשט אויף די שמאָלע בענק. דאָס שוואַך־באַלויכטענע קעלערל האָט גלייך פאַרלוירן די רעאַלע מציאות; אויך די קוים־באַלויכטענע פּנימער האָבן לחלוטין פאַרלוירן זייער טאָג־טעגלעכן אויסזען. מיט אַ פלאַטערנדיק האַרץ האָט יעדער איינער געקוקט אויפן צווייטן און אַלע צוזאַמען אויף די סאַמאַרקאַנדער „בעלי־הדרת־הפּנים" און עס האָט עפּעס אַ ווייע געטון אויפן עולם מיט אונטערערדישע מאַראַנישע סדר־נעכט בימי האינקוויזיציע; פון דער „גרויסער שול", האָט זיך געדאַכט, פון הינטערן ארון־קודש, ווו די דאַווענערס פאַרשטעקן די אָפּגעריסענע „שמות", האָבן זיך אין זייער האַלב־טונקעלער מחיצה אַ וואַלגער געטון די נשמות פון די לעצטנס אומגעבראַכטע דאַווענערס; פון יידן, וואָס האָבן זיך דאָ זייערע אויגן אויסגעוויינט; עס האָבן זיך אין דער „צורת־הפתח" אַ שפּאַר געטון נשמות פון ווייבער, וואָס האָבן דאָ ערשט נישט לאַנג „איינגעריסן וועלטן": צו „זכור ברית", צו „ונתנה תוקף" און הושענא־רבה צום „ותטיב לנו החתימה"... די פאַרזאַמלטע האָבן גאָר באותה־שעה פאַרגעסן, אַז עפּעס דאַרף מען דאָ איבעררעדן און אַרומרעדן און סתם רעדן און דער עיקר שואל־עצה זיין ביי די אורחים, זיך מיט זיי אַן עצה האַלטן פון „אלף" ביז „תיו": ווי אַזוי און וואָס און ווען און ווער און ווּעמען און טאַקע מברר זיין יעדעס פּיצעלע און יעדעס ברעקעלע... אָט דאָס אַלץ איז עפּעס מיט אַ מאָל אויסגערונען פונעם זכרון, עס האָט גאָר עפּעס געהאַט אַ פּנים, ווי אַלץ איז שוין פון לאַנג אָפּגערעדט; אַלץ איז שוין פון לאַנג אָפּגעטון און איצט דאַרף מען נאָר זיך צוהערן צו די רייד און צו די סברות פון די אומגעזעענע אורחים... איז טאַקע דער עולם געזעסן, באימה וביראה געקוקט אויף דעם זיך שאָקלענדיקן פלעמעלע פון דעם חלבנעם ליכטל און מען האָט זיך איינגעהערט אין דער מלא־סודותדיקער, „פון יענער וועלטיקער" דממה דקה...

איבערגעריסן דאָס שווייגעניש האָט חיים־זיידלס שוואַר־געפּרוווטע טאָכטער:

— נו טאַטע, וואָס זשע שווייגסטו? דו האָסט דאָך געוואָלט עפּעס פרעגן ביי אָט די פרעמדע יידן —

האָט זיך חיים־זיידל אָנגערופן צו זיין טאָכטער מיט פאַרוואָרף:

— וואָס פאַר אַ פרעמדע מענטשן זענען זיי? אפרים־אהרון הייסט ביי דיר אַ פרעמדער? שלמהקע הייסט ביי דיר אַ פרעמדער? דאָס זענען קיעווער באַלעבאַטים פון ווייס איך ווען אָן, דאַכט זיך, נאָך פאַר אונדז —

און צו די פּיאַטיגאָרסקים מיט אַן ערנסטן טאָן:

— זי איז געדעכט, איז זי. פון דעם שווייגן וועט גאָרנישט אַרויס־קומען. הערט מיך אויס, ר' אפרים־אהרון... איך וועל שוין רעדן פאַר אַלע... זיין דער שליח־ציבור, הייסט עס... ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז איר פאָרט מיט גאַנצס הילך קיין אויסלאַנד... דאַכט זיך, אפילו אַ בלינ־דער קען דאָס זען און אַ קינד קען דאָס פאַרשטיין... וואָס זשע: דאָס נישט באַווייזן זיך אין גאַס... דאָס נישט פּרווון אָפּנעמען די דירות... שלמהס באָרד, וואָס ענדערט אים לגמרי... און נאָך און נאָך סימנים מיט סימנימדלעך... ווילן מיר, הייסט עס, אַז איר זאָלט אונדז מגלה זיין... מיר זענען דאָך היימישע מענטשן, איר דאַרפט דאָך פאַר אונדז זיך נישט היטן מיט קיין וואָרט... ווילן מיר, איר זאָלט אונדז זאָגן... כ'מיין, איר זאָלט אונדז עצה'ן... ווייזן אַ דרך, הייסט עס... אונדז אויסמאָלן און געבן צו פאַרשטיין...

יאַנקל מאירס, וועלכער איז ביז איצט געזעסן און זיך געצופּט די וואָנסע, איז אים אַריינגעפאַלן אין די רייד:

— וואָס שטאַמלסטו, וואָס? וואָס דרייסטו מיט דער צונג, וואָס? וואָס איז ער, אפרים־אהרון — גענעראַל־גובערנאַטאָר, צי נאַטשאַלניק פון דער נ. ק. וו. ד.? רעד צו אים קלאָרע דיבורים, רעד: מיר ווילן, אַז איר זאָלט אונדז זאָגן, אפשר איז עפּעס דאָ אַן אופן, אַז מיר מיט אונדזערע פאַמיליעס — עס הייסט, מיט די „אָפּשניצלעך", וואָס זענען פאַרבליבן פון אונדזערע פאַמיליעס — זאָלן אויך קענען אַרויספאָרן קיין... קיין... וווהין ס'איז נישט איז, אַבי קיין „זאַגראַניצע"... אָט דאָס ווילן מיר פון אייך... צוליב דעם האָבן מיר געשלעפּט אַהער אונדזערע קינדער...

לאַנג האָט זיך דאָס מאָל געצויגן די הפסקה. די ערשטע ווערטער האָבן נישט געקענט אַראָפּ פון דער צונג. אפרים־אהרון האָט טעמפּ גע־שוויגן. ענדלעך האָט אים שלמה אַ פרעג געטון מיטן ווונק, אפשר זאָל ער זיי ענטפערן. דער פאָטער האָט מסכים זייענדיק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. שלמה האָט אָנגענומען פולע לונגען מיט נאַפטיקער לופט:

— יאָ, מיינע ליבע יידן... מיר האָבן בדעה צו פאָרן קיין אויסלאַנד... קיין ארץ־ישראל אפילו, אויב עס וועט נאָר מעגלעך זיין... גאָר אין גיכן, האָפן מיר, וועלן מיר אָפּפאָרן קיין מערב־אוקראַינע אָדער קיין מערב־ווייסרוסלאַנד, — געגוי די שטאָט, וווהין זיי פאָרן, האָט ער פון דעסט

וועגן מורא געהאַט זיי אָנצורופן ביים נאָמען. דער אינסטינקטיווער פּחד האָט זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט קיין שום לאָגישע מסקנות — אָבער אייך עפּעס צו זאָגן איז מיר באמת שווער... דער וועג, וואָס מיר לאָזן זיך אויף אים, איז אַזאַ שווערער, אַזאַ נאָך נישט אויסגעפּאַרענער, אַז ס'איז אַ פּחד מיט אַ מורא צו נעמען אויף זיך אַזאַ גוואַלדאָוונע אחריות און זאָגן עמעצן: גיי מיר נאָך...

— אָבער פון דעסט וועגן... שווער, שווער... און דאָ איז דאָס לעבן גרינג? צווישן אַזעלכע היטלעראָוועצעס... גיי זיך דורך אין גאַס, וועסטו זען — היטלער אַליין, ימח שמו, מעג גיין הייצן ביי זיי אין הרובע, אַזעלכע שלענג זענען דאָס געוואָרן פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר... זאָג אונדז פון דעסט וועגן: וואָס דאַרף מען טון, אַז מען זאָל קענען פאָרן?

שלמה האָט זיך אַ פאַרלוירענער איבערגעקוקט מיטן פאָטער און נישט זעענדיק אויף זיין פּנים קיין איבעריקן חשק אַליין צו ענטפערן, האָט ער זיך ווידער אָנגערופן:

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן? וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אָט דער גאַנצער ענין איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַזוי קאָמפּליצירט, ממש — אין בו מתום! קודם כל: דער פּחד! דער פּחד: טאָמער חלילה וחס דערקענט דיך עמעצער! ר' חיים־זיידל האָט דאָ פריער געזאָגט, אַז מיך איז אוממעגלעך צו דערקענען... רבונו־של־עולם — הלואי וואָלט דאָס אמת געווען! ס'איז אָבער ליידער נישט אַזוי... ווייט־ווייט נישט אַזוי! דווקא מיט דער באָרד האָבן מיך שוין דערקענט צענדליקער מענטשן און פון אָט דעם דערקענעניש גרווילט מיר אַזש דאָס לייב... חלילה וחלילה, טאָמער האָט אַ פּראָסטער שייגעץ אויך אַזאַ תביעת־עין: צי דאָס איז אויף דער גרענעץ, צי אפילו שוין אין פּוילן — דאַן בין איך דאָך אַ פאַרפאַלענער... וואַרט, שלאָגט מיר נישט איבער, דאָס איז ערשט די „אלף", און דער „אלף־בית" איז אַ לאַנגער, אַ לאַנגער... פיל מער פון כ"ב אותיות... און פון ע"ב אויך... ווייטער: אַז איר נעמט אויפן געדאַנק אַזאַ גורלדיקע, אַזאַ געפערלעכע נסיעה, איז דאָך לא ימלט, אַז איר זאָלט זיך פאַר עמעצן אויסרעדן; עמעצן בסוד סודות איינרוימען אויפן אויער — געשיקט זיך, אַז ניין? און דאַן שווימט שוין אַרום די סכנה, טאָמער איז אייער „תוקעין בלחש" דערגאַנגען צו נישט קיין „געטובלטע אויערן", דאַן קען מען אייך חלילה פאַרמסרן, נאָך איידער איר האָט איינגעטונקען אַ פינגער אין קאַלט וואַסער... און איר שטעלט זיך יאָ פאַר, מיט וואָס אַזאַ חשד שמעקט? אפילו בלויז אַ ספק־ספקא; אַן אבק כל שהוא; אַ שמץ־חשד? — סקילה, שרפה, הרג וחנק — דאָס אַלץ איז נישט גענוג פאַר אַזאַ חטא! האָט איר ערשט צוויי מאָל אוועק! היינט —

דער פאָטער פאַרט אים אַריין אין די רייד:

— פאַר וואָס עפּעס רעדסטו אַלץ וועגן ענינים־רוחניים? נו, און געלט? געלט איז שמעלט? געלט וואַלגערט זיך אויפן „סמיטניק"? * איר

* מיסטקופּע.

שטעלט זיך דען פאַר, וויפל עס קאָסטן אַפּ יענע צענערליי „אשר יצרלעך״, וואָס מען האָט זיך געמוזט איינשאַפן? קודם: די לאַנגערנע „ספּראַווקע״ — דער ערשטער עדות, אַז מען איז אַ פּוילישער ביעזשעניץ; דערנאָך גייען די זיבנערליי שטעמפּעלעך פון זייער אַפּגעשמיילקטער מאַכערייקע: „ז. פּ. פּ.״; און ערשט דערנאָך, אחרי ככלות הכל, דאָס „אַפּטירן״ אָט דעם גאַנצן „פּאַפּירענעם בריק״ אין דער נ. ק. וו. ד. עפּעס אַ ווערטעלע אויס־צורעדן: איידער מען האָט דערלעבט צו זען שוואַרץ אויף ווייס זייערן אַן אויפשריפט, אַז זיי באַשטעטיקן די אויטענטישקייט פון דעם דאָזיקן דאָ־קומענט און, אַז דער אינהאַבער פון דעם דאָזיקן דאָקומענט איז ווי גע־העריק פאַרהערט געוואָרן און קאָנטראָלירט געוואָרן און ס׳איז פעסטגע־שטעלט געוואָרן זיין אידענטיטעט —

אפרים־אהרון האָט זיך אַזוי איינגעמידט פון אָט די „פּראַנצימירי־שע״ ווערטער, אַז ער האָט זיך אַזש פאַרהוסט און איז אַנטשוויגן געוואָרן. שלמה האָט נישט געוואָלט, אַז דער עולם זאָל אָנהייבן שטעלן קשיות, האָט ער אָן איבעריקע שהיות ממשיך געווען דעם שמועס:

— ...היינט קען מען זיך דאָך אין אַזאַ ווייטן און שווערן וועג נישט ארויסלאָזן מיט קיין ח״י פּרוטות נחושת... מען מוז דאָך כאָטש פאַרמאָגן אַזאַ סכום, וואָס זאָל קלעקן מינדערסטנס אויף זעקס חדשים... מען קען זיך דאָך נישט לאָזן אין אַזאַ וועג אויף הפקר... ווער ווייסט, ווען מען קען ערשט אַ מאָל קומען אויף אַן אָרט? ווען מען קען ערשט צושווימען צו אַ ברעג?

דאָ האָט זיך שוין אָנגערופן ר׳ ברוך־גדס שנור — אַ יונג, שיין ווייבל, וואָס איז נעבעך נאָר פאַרפינצטערט פון איר זיס לעבן, וואָס דער גורל אירער האָט איר צוגעטיילט... שלמה קוקט אויף איר קלוגן שמייכל און טראַכט ביי זיך: מה גדולים דברי־חכמים: בנות־ישראל נאות הן, אלא שעניותן מנוולתן...

זי זאָגט צו אים:

— איר הערט, חבר... כ׳מיין רעב... אַנטשולדיקט, איך ווייס נישט ווי אַזוי מען רופט אייך... קעגן דעם וואָס איר זאָגט: געלט... אויף זעקס חדשים... דאָס זענט איר שוין דווקא נישט גערעכט... ביי אונדז איז נאָר די זאָרג: ווי אַזוי קומט מען דאָרט אויס דעם ערשטן חודש... מיין מאַמע, עליה השלום, האָט צוויי שוועסטער אין בוענאָס־איירעס... נאָך פון יענער קריג... אמת, זייערע אַדרעסן ווייסן מיר נישט, אָבער... לאָמיר נאָר אַרי־בערשטעלן אַ פוס אויף יענער זייט, דערפרעגט מען זיך שוין!... דערפאַר האָבן מיר אַ קליינע דאגה... עס זוכן זיך שוין מן הסתם אַפּ גוטע מענטשן, וואָס העלפן זוכן... וואָס ווייזן אַ דרך... איר פאַרשטייט — צוויי מומעס! זיי זענען דאָרט מיליאָנערשעס! און דער שוואָגער אַליין האָט אויך איין קוזין אין האָלאַנד און אַ צווייטן אין אורוגוויי... וואָס אמת איז — זיי זענען טאַקע נישט קיין ראָטשילדס, אָבער אין אַזאַ נויט וואָלטן זיי זיך

זיכער אָפּגערופן... זיי וואָלטן דאַכט זיך, צוליב אונדז מרעיש־עולם גע־
ווען —

חיים־זיידלס מיידל האָט זיך געווענדעט צו ברוך־גדם שנור:

— איר הערט, חבֿרטע, איר קענט מיר גלייבן אויפן וואָרט, ווי אַ
פּאַרטייאישער, אַז איר האָט ביי מיר ממש אויסגעבאַפּט די ווערטער פונעם
מויל. ווען איר זאָלט דאָס נישט געווען זאָגן, וואָלט איך די זעלבע ווער־
טער געזאָגט.

און ווענדנדיק זיך צו שלמהן:

— מיר ווילן אפילו אויפן קאָפּ נישט נעמען קיין געדאַנק פון זעקס
חדשים, ווי איר האָט געזאָגט... מיר גלייבן, אַז פון יענער זייט גרענעץ איז
אַן אָפּענע וועלט... מיין טאַטע — טאַטע, פאַר וואָס שווייגסטו? פאַר וואָס
זאָגסטו נישט אָט דעם חבֿר אַלץ, אַלץ? — מיין טאַטע האָט אין קאַלי־
פּאָרניע אַן אייגענעם ברודער! איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט? און אין
בראַזיליע, דאַכט זיך, האָט ער אויך עמעצן... — טאַטע, זאָג, וועמען האָסטו
דאָרט, האַ? — זאָגט מיר ביטע, איר שטעלט זיך יאָ פאָר... אַ שטייגער,
ווען זיי דערהערן, אַז מיר זענען שוין נישט אין... שוין נישט אין... כ'מיין,
אַז זיי קענען אונדז שוין געבן שטיצע... זיי וואָלטן, דאַכט זיך, אין מיטן
דער נאַכט באַוואָרנט געקומען צו לויפן... כ'ווייס? אַזוי מיין איך... אפשר
איז דאָס נאָר אַן אילוזיע... זאָגט מיר, חבֿר... כ'מיין, רעב... איר ווייסט
נישט? דאָרטן... אויף יענער זייט... איז דאָ ווער עס זאָל געבן אויף די
ערשטע עטלעכע וואָכן, אָדער כאָטש אויף די ערשטע עטלעכע טעג וועלכע
ס'איז תמיכה? ביז מען וועט זיך אַרומקוקן... איר פאַרשטייט, ס'איז דאָך
עפּעס אַ פּחד נאָך אַלעמען ערשט גיין אַרבעטן צום פּאָליאַק אין דער אי־
מעניע... * מען קען דאָך דאָרט אַוועקקוילען... ביי אונדז צעלויפט מען זיך
אויך פון די קליינע שטעטלעך, מחמת מען האָט מורא פאַר די גויאישע
שכנים... זיי קענען אָנפאַלן אויף די יידישע איינוווינער, זיי אויסשעכטן
ביז איינעם, אַז קיין האָן זאָל אפילו נישט קרייען... זיי האָבן זיך די לעצ־
טע יאָרן געוווינט טרעגירט אין דעם דאָזיקן ספּאָרט... ס'איז דאָך אַן אַלטער
כלל: אַ געוווינהייט ווערט אַ צווייטע נאַטור —

שלמה האָט פולע אויגן מיט טרערן. אָט דאָס איידעלע פּנימל, איר מע־
לאַדיש שטימעלע און דער עיקר אירע טיפע, טרויעריקע אויגן האָבן אין זיין
האַרצן אויפגערירט אַלע סטרונעס. ער באַטראַכט אָט דאָס יונגע קינד, וואָס
מען האָט שיר פון דער וועלט נישט פאַרטריבן בעת זי האָט געקעמפּט
קעגן פרעמדן שונא און וועלכע ווינטשט זיך ערשט איצט צו אַנטלויפן פון
איר געבורטסלאַנד מחמת־המציק פון דעם אינערלעכן שונא, און ער זאָגט
איר מיט אַ קול פול מיטלייד:

— ניין, חבֿרטע, וואָס פון יענער זייט גרענעץ טוט זיך, ווייס איך נישט
און קיינער, דאַכט זיך, ווייסט נישט... כאָטש עס זענען היינט דאָ אַזוי פיל

* גוט; מאַיאָנטעק.

עוברים ושבים און דווקא אַ שיין ביסל אויך מאחינו בני־ישראל, פון דעסט וועגן ווייסט מען גאָר—נישט... עס קען זיין, אַז עמעצער גיט דאָרט מיטלען צום לעבן אויף די ערשטע עטלעכע וואָכן, ביז מען וועט זיך אַרומקוקן, ווו מען איז אין דער וועלט, און עס קען ווידער זיין, אַז ווער עס ברענגט נישט מיט זיך קיין פת בסלו, מוז גלייך פונעם צוג אַוועקגיין צום „פריץ" אַר־בעטן פּאַנשטשינע, כדי ער זאָל האָבן מיט וואָס אַ טאָג איבער־צוקומען... ס'איז אודאי זייער טרויעריק, נאָר לײדער אַזוי איז דאָס... מיר טאַפּן דעם וועג אין דער פינצטער... מען פאָרט אויף הפקר... אויף גאָטס באַראָט...

און מיט אַ לײדנדיקער שטימע צו דער זעלבער:

— איר זענט אַ קאָמוניסטקע?

דאָס מײדל, אַ בלייך־געוואָרענע, לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן:

— יאָ... און דער ברודער אויך... אין דער אַרמיי האָט מען אַנדערש נישט געקענט...

— און ס'איז אייך גאָר נישט פריקרע דער געדאַנק —

אין אירע אויגן בליצט פּלוצעם אויף אַ פייערל:

— ניין, ס'איז מיר נישט פריקרע! נאָך דעם וואָס איך האָב זיך אָנ־געזען, ווי אַזוי דער אוקראַינער פּאַרטיזאַנער האָט זיך באַצויגן צו יידן; נאָך דעם ווי אונדזערע שכנים פונעם הויז האָבן אַליין אָפּגעפירט זייערע ייִדישע שכנים צו דער גרויסער שחיטה אין באַבי־יאַר; נאָך דעם ווי מען קען איצט נישט דורכגיין די גאַס, אַז מען זאָל נישט אַריינכאַפּן קיין: „זשיד", „טאַשקענט", „בערדיטשעוו" — נאָך דעם אַלעמען איז מיר דער דאָזיקער פּראָיעקט נישט פריקרע... איך וויל דאָס, איך באַגער דאָס און איך ווינטש זיך דאָס פונעם גאַנצן האַרצן...

שלמה האָט געקוקט אויף אָט דעם אומגליקלעכן דערוואַקסענעם קינד און ווען ער שעמט זיך נישט פאַר זיין פאָטער און פאַר די פרעמדע מענטשן, וואָלט ער אָט דאָס צעקאָליעטשעטע שוועסטערל זיינס מיט אַלע כוחות צוגעדריקט צו זיין ברוסט, אַז זייערע טרערן זאָלן זיך אויסמישן...

אַ היפּשע ווײלע האָט אין פאַרדומפּענעם קעלערלאָך, וואָס רופט זיך: „ווייבערשע שול", געהערשט אַ פרעסנדיקע שטילקייט. דאָס זיך באַוועגנ־דיקע פלעמעלע האָט עפּעס ווי געמינטערט דעם עולם:

— נו! נו! וואָס שווייגט איר? איר מיינט, אַז איך וועל וואַרטן אויף אייך? איך וועל אין גיכן אויסגיין... נו, שווייגט זשע נישט — רעדט! רעדט!! רעדט!!!

לייזער־אַנשל רייסט איבער די שטילקייט:

— וואָס זאָגט איר, ר' אפרים־אהרון, אַ שטיינער, אַז מען זאָל נאָך איצט פּרוּוון אַריינפאָרן אין די גרענעץ־שטעט פון מערב־אוקראַינע אָדער פון מערב־ווייסרוסלאַנד, כ'ווייס? — קיין לוצק אָדער קיין טאַרנאָפּאָל; קיין ביאַלאָסטאָק אָדער קיין באַראַנאָוויטש; אָדער אפשר גאָר קיין קעשע־ניעוו אָדער קיין טשערנאָוויץ; איז ווי מיינט איר? מען וואָלט זיך נאָך דאָרט געקענט איינקויפן אָט די לאַגערנע ספּראַווקעס?

— איך ווײס אײך נישט וואָס צו זאָגן... אפשר יאָ און אפשר נײן... דער שכל־הישר זאָגט אונטער, אַז דער, וואָס האָט געהאַט אַן איבעריק פּאַפּירל אַזאַ, האָט עס מן הסתם נישט אַוועקגעוואָרפן... און קוים האָט ער עס מיט זיך, וועט ער אודאי וועלן פון דעם פּטור ווערן; וועט ער עס אָפּגעבן פאַר אַ דבר־שיבוש, ווײל — צו וואָס נוצט עס אים, אַז ער אַלײן פאָרט שוין במילא... אַזוי דאַכט זיך איז דער שטײגער פון דער זאַך, די סברא נכונה, אָבער ווידער צוריק גערעדט — איר קענט דען די פּוילישע סוחרימלעך? דער ים וואָרפט אַזעלכעס נישט אַרויס! צווישן זײ זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע אַפּעריסטן, וואָס קענען אַ מענטשן ברענגען אויפן פײער; וואָס קענען אײך פאַרהאַנדלען אַ ספּראַוזקע, וואָס איז שוין אײן מאָל דורכגעגאַנגען די רעגיסטראַציע און דער אמתער באַלעבאָס אירער איז שוין לאַנג אויף יענער זײט... פאַר אַזאַ „אויפּטו" גײט מען גלײך אין „קאָטשומענט" * אַרײן אָן טענות ומענות... אַז נישט קענען זײ אײך ווײזן אַן אמתע לאַגערנע ספּראַוזקע און נאָכן באַצאָלן זאָלן זײ אײך בלחש אַרײנשטעקן: אַ „סוכה שער", אַ שטיקל פאַראַיאָריקן שנײ אָדער אַן אָפּגענוצט „אשר יצרל" —

שלמה רירט לײכט אָן דעם פאָטער בײם אָרבל:

— דו רעדסט עפּעס נאָר וועגן דעם נישט ריאַעלקײט פון די פּוילישע מעקלערס. נו און ווען זײ זאָלן שוין אפילו זײן כשר וישר, איז דאָך זײער פּאַפּירל גאָרנישט ווערט אָן דער אָפּטאַציע. דאָס איז דאָך דער עיקר־העיקרים! אָן דעם שטעמפּל פון דער נ. ק. וו. ד. טויג דאָך דאָס לאַגערנע פּאַפּירל נאָר לצור על פּי צלוחית —

— טאַקע גערעכט, שלמה! אויף מײן וואָרט — גערעכט!

אָבער לײזער־אַנשל האַלט קאָפּ און לאָזט זיך נישט אַראָפּפירן פונעם וועג:

— נו און אַ שטײגער, אַז מען זאָל אין לעמבערג אָדער אין טשערנאָוויץ אײנהאַנדלען די דאָזיקע שפּאַרגאַלקעס און אַוועקפאָרן מיט זײ קײן מיטל־אַזיע דאָרטן דורכפירן די אָפּטאַציע, האַ?

אפרים־אהרון כאַפּט זיך אָן בײם קאָפּ:

— אוי, ייד אײנער! וואָס רעדט איר זיך אײן פײגעלעך אין בוזעם? ס'איז אַ דרך ארוכה וארוכה! איר וועט זיך נאָר דעם קאָפּ פאַרדרײען און מער גאָרנישט... ער פאַרגעסט גאָר, אַז אפילו קײן ניעזשין אָדער קײן בעלאַצערקאָוו קען מען נישט צופאָרן אָן קײן פּראָפּוסק... ווער וועט אײך געבן פּראָפּוסקן קײן מערב־אוקראַינע? ווער וועט אײך געבן פּראָפּוסקן קײן מיטל־אַזיע? און וויפל אוצרות מען דאַרף האָבן אויף צו קענען מאַכן אַזוינע שטרעקעס, ווײסט איר? און ווען מען טרעפט איר שוין איצט דאָרטן? עס קער שוין אין יענע מקומות פון לאַנג קײן אײן פּוילישער ייד נישט זײן... אַז מיר זענען פון דאָרטן אַוועקגעפאָרן, זענען זײ שוין אַלע גע־

* אין דער פאָלקסשפּראַך: אַ צונאָמען אויף דער טורמע.

שטאַנען מיט איין פוס אין צוג... שוויצער, וואָס איר זענט! וווהין פליט דער קאָפּ אייערער? איר מיינט, אַז ביי די רויטע שלעק איבערגיין אַ גרעניעץ, איז אייך מעביר סדרה זיין על רגל אחת?

אַלע קיעווער פּאַרזאַמלטע האָבן געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און האָבן שווער געשוויגן. איין יאַנקל מאירס האָט נאָך געפונען אין זיך מוט אויף צו פרעגן:

— איז וואָס זשע עצה'ט איר אונדז, ר' אפרים־אהרון? שלמה, וואָס שווייגסטו? דאָס חיות עקט זיך אונדז אַוועקצופאָרן פון דאַנען, און ער שווייגט... דאָס בלוט, מיינע שונאים, גייט אונדז פונעם האַלדז... האָב רחמנות, שלמה, ווייז אונדז אַ דרך... משכני — אחריך נרוצה... דו ביסט דאָך פון תמיד אָן עפּעס... עפּעס...

אין אפרים־אהרונס קול האָבן זיך אומגעריכט דערהערט טרערן:

— וואָס זאָל איך אייך עצה'ן, טייערע ברידער מיינע — עצת ד' היא תקום! און איר מיינט, אויב מיר פאָרן שוין יאָ, ווייסן מיר, ווו מיר זענען אין דער וועלט? פּלאָטערט מען נישט פאַר שרעק ווי אַ בלאַט?

— און אייער מנשה דער רב, דערציילט איר, האָט אויך נישט געוואָלט פאָרן איבער דער סכנה?

— וואָס דאַרפט איר פרעגן ביי מיר, אַמער פרעגט בעסער ביי שלמהן! ער האָט איבער אים „אָפּגעהאַקט האַלץ" אַ גאַנצע נאַכט ווי אַ גויאישער האַלצהעקער, נישט ווי קיין יידישער און... און איין מאָל ניין און ניין און נאָך אַ מאָל ניין און כאָטש טו זיך אָן אַ מעשה! „ישיבת־ארץ־ישראל — טענהט ער — איז נישט ביהרג ואל יעבור!"

— הם! אַזאַ שוטה! נו, און ווו איז הצלת־נפשות?

— ...זאָגט ער, אַז דאָס פאָרן הייסט גיכער: השחתת־נפשות און גיי טו אים עפּעס! ער האָט אויף אונדזער פאָרן געזאָגט דעם באַוווסטן משל: אומרים לו לחמור: טול כור של שעורים ונחתוך את ראשך... *

איינציקווייז האָט מען זיך אויפגעהויבן פון די ערטער. דאָס פּלעמעלע האָט איצט געטייטלט צו דער טיר צו:

— גייט שוין, גייט שוין, און לאָמיך אויך האָבן אַ שעה מנוחה... אַבי מען האָט געקלאַפּט מיט די צונגען... געקלאַפּט, געקלאַפּט און גאָרנישט אויסגעקלאַפּט...

עמעצער פון די אומבאַקאַנטע יונגעלייטלעך האָט מיט זיך מיטגענומען דעם פאַרקאַפּעטן מעשענעם לייכטער מיט דעם צאַנקנדיקן יאָרצייט־ליכט און האָט אים אַוועקגעשטעלט אויפן „שולחן" אין דער מאַנסבילשער

---

* מען זאָגט דעם אייזל: מיר געבן דיר אַ מעסטל גערשטן (אַנשטאָט דעם שטענדיקן גראָז) און דערפאַר וועלן מיר דיר נאָכן עסן אַראָפּנעמען דעם קאָפּ.

אויספיר: איז דאָך דאָס אַן אייזל, שטייט עס און ברעכט זיך דעם אייזלשן קאָפּ אויף דעם געמאַכטן פאָרשלאַג — אפשר לוינט זיך דער מסחר. פון „ספרי" אויף פרשת „בהעלותך".

שול. אויף די חושכדיקע ווענט האָבן זיך ווי פון אונטער דער ערד אַ צי אַרויף געטון אומגעלומפּערט־ברייטע שאָטנס. די אימהדיקע שאָטנס האָבן זיך עפּעס כמו ווי באַוועגט און דאָך שטיין געבליבן אויף דעם זעלבן אָרט, וואָס ביז אַהער. אויף איין אויגנבליק האָט זיך אַ דאַכט געטון, אַז אָט די פאַרוויסטע שול געפינט זיך איצט אין רשות פון די „נפטרים", וועלכע האָבן דאָ אַמאָל געדאַוונט — ווי עס פלעגט זיך דערציילן אין די ווייטע, בין־השמשותדיקע חדר־מעשהלעך — און דאָס זענען זיי אַהערגעקומען זיך צוריק אַוועקזעצן אויף זייערע אַמאָליקע פּלעצער און עד קריאת־הגבר אָפּריכטן „חצות". נאָר אָט האָט אַ סקריפּע געטון די קאָרידאָר־טיר און דער מתים־מיראַזש איז פאַרשוווּנדן. שלמה האָט אויף זיך געטראָפן די גרויסע, אין עפּעס באַשולדיקנדיקע אויגן פון חיים־זיידלס מיידל. ער איז במעט צוגעלאָפן צו איר. אַליין נישט ווייסנדיק פאַר וואָס, האָט ער זי פּלוצ־לינג אָנגענומען פאַר דער האַנט און האָט איר האַרציק געזאָגט:

— הערט, חברטע, איר זעט דאָך, אַז אייער פאָרן איז לעת־עתה אומ־מעגלעך, טאָ זייט נישט אַזוי אַראָפּגעפאַלן ביי זיך... איר זענט דאָך געווען אַ זעלנערין, דאַרפט איר זיך שטענדיק האַלטן ווי אַ זעלנערין... נאָך נישט אַלע האָפענונגען זענען אַוועק מיטן רויך... אפשר וועט גאָט אויף אונדז רחמנות האָבן און מען וועט איצט דערלויבן, אַז יידן זאָלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, דאַן וועט מען צום אַלעם ערשטן אייך אַרויסנעמען אַהין... אייך און נאָך אַזעלכע ווי איר, טייערע שוועסטער...

ווייטע און אומגלויבלעכע זענען געווען שלמהס רייד. זיי האָבן נישט אַריינגעטראָגן קיין טרייסט אין האַרצן, נאָר גיכער פאַרקערט — נאָך אַ גרעסערן אומעט און נאָך אַ טיפערן יאוש...

שטייענדיק אין הויקערדיקן קאָרידאָרל האָט מען זיך מיט ביטערע טרערן געזעגנט איינער מיטן צווייטן און דערשלאָגענע און דערדריקטע איז מען זיך איינציקווייז און צו צוויי צעגאַנגען אין דער האַלב־שלאָפנ־דיקער שטאָט אַריין.

*

אין איינעם אַ טריבן אויפדערנאַכט — ווען נישט־ווילנדיק קריכן אין קאָפּ אַריין פינצטערע רעיונות; און עס נאָגט אַ בענקעניש; און דאָס האַרץ ווערט צונויפגעפּרעסט און צונויפגעקלעמט; און עס ווילט זיך כאָטש אונ־טערטוקן אין דעם עבר, אויב דאָס זעלבע איז אוממעגלעך צו טון אין דעם עתיד — האָבן זיך איניקע מיטגלידער פון די צוויי פאַמיליעס, וואָס האָבן איצט געוווינט צוזאַמען, די פּיאַטיגאָרסקים און די ראַדיעצקים, זיך צונויפגערעדט צו באַזוכן דעם „באַבי־יאַר". אויף צו מאָרגנס זענען: אפרים־אהרון מיט דינהן, שלמה מיט יוכבדן און לאהקע אַוועקגעפאָרן מיטן טראַמוויי נומער 4, ביז דעם קאַבעלנע זאַוואָד און פון דאָרטן זע־נען זיי שוין צוגעגאַנגען צו פוס אַן ערך פון אַ קילאָמעטער, אָדער אַנ־דערטהאַלבן ביזן רעכטן אָרט. דער באַבי־יאַר האָט זיי אויפגענומען פיל

פריינטלעכער ווי די נייע באלעבאטים פון זייערע דירות. פאר זיי איז געלעגן א גלאטער, פלאכער שיכט קויטיקער שניי. א קורצזיכטיקע, טרערנדיקע זון האט גלייכגילטיק באלויכטן דעם דאזיקן גיא־ההרגה, אט דעם שרעקלעכן קבר פון זעכציק טויזנט יידישע נפשות: פרויען און מענער, אלטע און קראנקע, און מוטערס מיט קינדער ביי די ברוסטן... איצט איז פון אט דעם אומגעהערטן שווידער און גרויל קיין מינדסטער סימן נישט געבליבן. תהום כלבוש כסיתו...* ס'איז שוין העכער פיר יאר, אז אויף דעם פלאץ הערשט רו און פרידן. גייענדיק באזוכן דעם גיא־התופת,** האבן די פיאטיגארסקים אליין אויך געוווסט, אז זיי גייען זען גארנישט... אבער אויף אזא מין גארנישט, האבן זיי זיך בשום אופן נישט געריכט! טאקע ממש: בענן כלה, כאבק פורח וכחלום יעוף... פאר די צוועלף יאר, וואס שלמה האט ביז דער קריג געוווינט אין קיעוו, איז אים פיל, פיל מאל אויסגעקומען דורכצוגיין פארביי דעם דאזיקן יאר, און ער האט, צו זיין גרויסער שטוינונג, איצט אויסגעזען פונקט אזוי ווי אלע מאל: צווישן פלאכע בערגלעך און פארוואַרלאזטע פלויטן פון פארזשאווערטן שטעכלדראט — א משופעדיקע, אומגעלומפערט־ברייטע, געבערגלטע מולטער — אט דאס איז דער גאנצער „באבי־יאר"! אונטער אט דעם שטיקל ערד האבן זיך צונויפגעדריקט און צונויפגעקארטשעט: זעכציק טויזנט פאר הענט; זעכציק טויזנט פאר פיס; אויך אזוי פיל רוקנס, אזוי פיל קעפ, און אזוי פיל צאפלדיקע לעבנס...

יוכבד ברעכט אוים מיט א פארשפעטיקט געוויין. לאהקע העלפט איר צו. שלמה אבער האט טרוקענע אויגן. דאס הארץ איז קאלט און פארשטיינערט. ווי א לונאטיקער שפאנט ער גלייך אין שניי אריין, נעמט אן פולע קאלאשן, פולע שקארפעטקעס, פולע קעשענעס — ער שווימט אין שניי, ווי אין א באסיין... די קעלט און די נעץ דערגייען ביזן ביין, מאכן קלאפן די ציין און ציטערן די קינבאקן, אבער ער פילט גארנישט. אין קאפ פיקט אים גאר א האלב־משוגענער געדאנק:

— אויף וואס האב איך איצט ארויפגעטראטן? אויף א בויך? אויף א נאז? צי אפשר גאר אויף פינף נעזער שנזדמנו למקום אחד?

מיט א מאל באמערקט ער אין דעם צווייטן עק פונעם יאר אויף לינקס, א מאגער ביימל און הארט לעבן דעם, א סטויפטשיקל מיט א שווארץ ברעטל. שלמה שניידט האסטיק דורך דעם היפשן שטח אין אלכסון, צוקומענדיק צו דעם עלנטן סטויפטשיקל, פאכעט ער לייכט אפ מיטן טיכעלע דאס פעדערדיקע שניי־פארהענגל פונעם ברעטל און לייענט איבער מיט א קלאפנדיק הארץ:

---

* ווי מיט א קלייד האסטו צוגעדעקט דעם אפגרונט. (דא די כוונה: אז ער זאל נישט אפשרעקן די לעבן־געבליבענע). פון „ברכי נפשי".

** דער טאל פון דער גרויסער הריגה. דאס ארט פון די שרעקלעכע שייטערהויפנס פון נביאים.

„דאָ רוט מיין טייערע טאַניושאַ און וואַרט אויף איר סעריאָזשען, וועלכער בלאָנקעט זיך נאָך אַרום אויף דער רשעותדיקער וועלט, כאָטש קיינער דאַרף אים נישט און קיינעם נוצט ער נישט״.

אונטן אַ דאַטע:

„על־פטער אָקטאָבער, 1943.״

אין מח פיקסירט אַן אומגעבעטענער געדאַנק:

...ערב דעם 7טן נאָוועמבער, אַקוראַט צו די גרויסע „חגאות״, האָט די רויטע אַרמיי צוריקגענומען קיעוו...

...יאָ! דער חשבון שטימט! ווייניקער פון אַ חודש פאַר דער באַפרייאונג...

שלמה לאָזט זיך אַראָפּ אויפן שניי ווי אַ קלימעק. די פינגער גריבלען זיך, זיי ווילן אַ פנים צוריק אַרויסבאַקומען דעם טייערן בר־מינן, דערנאָך ווערן זיי שלאַבעריק און הערן אויף. זיין קאָפּ ליגט אין די הענט און איז פול מיט רעיונות, שווערע ווי בליי... ווי לעבעדיק שטייט זי פאַר אים, טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ. אָט שטייט זי פאַר זיינע אויגן אין דעם געשטאַלט, ווי ער האָט זי דאָס ערשטע מאָל דערזען אין וואַגאָן, פאַרנדיק קיין סלאַוווטע: אַ גרויע ווי אַ טויב מיט אַ יונגן פנים און מיט אַ גראַציעזער פיגור. האָט ער זיך אַ שטייגער דאַמאָלסט געקענט פאַרשטעלן, אַז פון דאַנקבאַרקייט צו אים, שלמהן, וועט אָט די שטאָלצע פּראָפעסאָרשע זיך יאָרן לאַנג מפקיר זיין פאַר יידן, עובר זיין אויף „לא תגנוב״ ביי „גאָט״ אַליין, אָפּרייסן פונעם מויל דעם לעצטן ביסן, און אים אָפּגעבן די לעבעדיק־באַגראָבענע יידן, און סוף־כל־סוף טאַקע באַצאָלן פאַר דער דאָזיקער מצוה דעם גרויסן פּרייז — איר אייגן לעבן?

פונעם צווייטן עק יאַר האָט מען אים גערופן, געשריגן צו אים, אָבער ער איז געווען נישט הי. ער האָט גאָרנישט געהערט. זיינע באַגלייטערס, נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, זענען צוגעקומען צו אים:

— וואָס האָסטו זיך דאָ אָוועקגעזעצט? דו ווילסט זיך חלילה צוקילן? ווער ליגט עס דאָ? ווער איז אָט דאָס ברעטל?

לאַהקע לייענט דעם אויפשריפט מיט אַן אַלץ וואַקסנדיקער שטוינונג:

— ...„טאַניושאַ״... „סעריאָזשאַ״... דאָס זענען דען יידן?

— יאָ... יידן...

— פאַר וואָס זשע עפּעס ליגן זיי גאָר דאָ? דאָ איז דען אַ הייליק־אָרט?

— וואָס דען איז דאָ איצט?

— אָבער פון ווען אָן —

— קומט, לאָמיר גיין —

זיי זיינען שוין געהאַט אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצן באַבי־יאַר פון דער צווייטער זייט — פון אַ בית־הקברות איז דאָך אַ סכנה צו גיין אויף צוריק מיט דעם זעלבן וועג, וואָס מען איז געגאַנגען אַהין צו — און האָבן

זיך מיטן אויסגעשליטלטן שליאך געלאָזט גיין צום טראַמוויי, ווען שלמה האָט זיך פּלוצלינג אין עפּעס דערמאָנט און האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— טאַטע, מיר פאָרן דאָך שוין אוועק פון דאַנען אויף אייביק, קום צו, לאָמיר זיך צום לעצטן מאָל געזעגענען מיט דער מומע טייבלען —

— דו ווייסט דען, וווּ דאָס געפינט זיך ערגעץ?

— דאַכט זיך, אַז איך ווייס... כאָטש ס'איז שוין אין דער מעשה גאַנצע דרייצן יאָר, אָבער איך וועל מן הסתם געפינען.

— דו ביסט דאָך גאָר דאַמאָלסט געזעסן —

— איך בין דערנאָך אַרויפגעגאַנגען אויף איר „ציון"...

אַרויפקומענדיק אויף דער צענטראַלער אַלייע פונעם סטאַבילן בית־עלמין, האָבן זיי דאָרטן געטראָפן אַן איבערקערעניש. ווהין מען האָט נישט קיין וואָרף געטון מיט קיין אויג איז געווען: אַך תוהו ובוהו וחושך... די שענסטע און אָנגעזעענסטע מצבות, די וועלט־אַנטיקלעך, וואָס האָבן דאָ פאַרנומען די מזרח־שטעט פון קיעווער פיל־הונדערט יעריקן הייליקן אָרט, זענען געווען אַראָפּגעשטופּט פון זייערע ערטער, צעקלאַפּט און צע־שטויסן, אַז ס'איז שווער געווען דורכצוגיין די „גאַס". פלעגט מען טאַקע — טראָגנדיק אַ בר־מינן צום טהרה־שטיבל — אויסמיידן דעם רואינירטן „הויפּט פּראָספּעקט", און גיין דורך די דערבייאיקע געסלעך, ווו די היל־צערנע מצבות זענען אין גאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן — מסתם אויף אויס־הייצן — און די שטיינערנע זענען נאָר געווען איבערגעקערט.

די פּיאַטיגאָרסקים זענען אויך געגאַנגען מיט די הינטערוועגן. פאַר־בייגייענדיק נישט ווייט פון יענעם קוואַרטאַל, פאַרקערעוועט זיי שוין אויך צום סקווירער רבינס שטיבל. אויך אין דעם דאָזיקן הינטערגעסל האָט מען פּאָגראָמירט די מתים. און אַז ס'איז נישט געווען, וואָס איבערצוקערן און וואָס צו צעשטויסן, האָט מען פאַרשוועכט דעם כבוד פון די מתים אויף דעם סאַמע אומווירדיקסטן אופן... תשעה־באב און חודש אלול פלעגן צענ־דליקער טויזנטער יידן — וועלכע פלעגן ספּעציעל צוליב דעם זיך צונויפ־פאָרן פון גאַנץ אוקראַינע — קומען אויסגיסן זייער פאַרביטערט האַרץ אויף דעם דאָזיקן קבר, און איצט: די טיר איז אַראָפּגענומען; אַ האַלבער דאַך — אַרומגעפּליקט; און אינעווייניק... אַז מען טאָר קיין יידיש וואָרט נישט זאָגן... אין דעם זעלבן אוהל געפינען זיך דריי קברים: ר' דודל סקווירערס, ר' משה־דן סקווירערס, און אַ הייליקער קבר פון געשענדעטע ספרי־תורות. ביי די רביים צו קאָפּנס וואַלגערן זיך משנים קדמוניות פיל קוויטלעך פון חסידים. די קוויטלעך זענען שוין אַלט כמה וכמה יאָרן. שלמה שאַרט מיט די פינגער אין דעם הויפן קוויטלעך, ער קעמט זיי כלאחר־יד, איינציקווייז און זשמעניעסווייז און פּלוצלינג גיט אים אַזש אַ ברי אין די פינגער: זיין זיידנס כתב! ער מיטן פאָטער, מיט ט־ערן אין די אויגן, לייענען איבער דאָס פאַרעלטערטע קוויטל עטלעכע מאָל. שלמה וויל דאָס מיטנעמען מיט זיך פאַר אַ זכר, נאָר דער פאָטער זאָגט, אַז פון קיין בית־עלמין טאָר מען מיט זיך קיין זאַך נישט מיטנעמען, נאָר דעם מוסר־

השכל אין הארצן; נאָר דעם „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר"... אָן חשק לײגט שלמה אװעק דאָס קװיטל אױפן פריערדיקן אָרט, נאָר װען זײן פאַר־מער פארקוקט זיך לצדדין, קען שלמה נישט גובר זײן דעם „יצר־הרע", ער כאַפּט עס צו אויף צוריק און באַהאַלט עס אין אַרבל. אפרים־אהרון שרײבט אָן קװיטלעך אױפן רבינס „ציון" פאַר אַלע פּיאַטיגאָרסקיס און פאַר די לעבן געבליבענע ראַדיעצקיס.

זיך געזעגנט מיטן סקװירער רבין, לאָזן זײ זיך גײן אויף רעכטס, אַראָפּ צום פּאַרקן צו. פאַר די לעצטע רײען קברים האָט זיך שלמה אָפּגע־שטעלט:

— ערגעץ אָט דאָ דאַרף דאָס זײן! קײן גאַס, קײן נומער געדענק איך נישט, אָבער אַזױ אױפן אויג, דאַכט זיך מיר... אַנו, לאָמיר אַ זוך טון —

מען האָט זיך לאַנג אַרומגעדרײט, געזוכט, געגנישטערט, אָבער ענד־לעך האָט מען טאַקע געפונען:

„פ"נ האשה הצנועה מרת טײבל בת ר' משולם־יוחנן"...

דער ימח־שמוניק האָט זיך אָממײנסטן פאַרנומען מיט לעבעדיקע, דערפאַר טרעפט זיך, אַז בײ די טױטע געפינט מען נאָך אַ מאָל עפּעס אױפן אָרט. און דװקא אױף הרב ביאַליקס קבר איז שױן די מצבה נישט געװען! אָבער דאָס אָרט מיט די שכנישע בערגלעך האָבן שלמה מיטן פאַ־טער גלײך דערקענט: אַ בײנאַכטיקע לויה; די „גאַנצע" שטאָט אױפן פעלד; האָט זיך זײ דאָס אָרט גוט אײנגעקריצט אין זכרון. אױפן קבר פון רײזל ליבערמאַנס מוטער איז די מצבה גראָד יאָ געשטאַנען —

צעבראָכענע װי דער ים און דערדריקטע ביז גאָר האָבן זײ זיך אומ־געקערט אין שטאָט אַרײן צו לאָמפּן־צינדן פון דעם „לוסטיקן" באַזוך „אױף יענער װעלט".

# קאפיטל XLV

דעם פיר און צוואנציקסטן פעברואר האָט מען אין אַן אויטאָ פונעם רויטן קרייץ צונעשטעלט מרימען מיט ביידע יינגעלעך אויף לוואָוועסקע, צו די ראַדיעצקיס. נישט האָבנדיק זיך פריער צונויפגערעדט, האָבן אַלע בני־בית און בכלל די גאַנצע משפחה מער נישט גערעדט ווי נאָר פונעם ברית, וואָס מען דאַרף פּראַווען. פון וואָס מען זאָל נישט האָבן געשמועסט, האָט מען געמוזט אַרויסקומען אויפן ברית און אויפן געזונט־צושטאַנד פונעם קליינוואַרג. אפרים־אהרון האָט געפּרוווט אַרויסזאָגן אַ סברא: אפשר וואָלט מען די קיעווער יונגעלייטלעך נאָך געלאָזט אַ ביסל קומען צו זיך; אַז ס'איז שוין געווען גוט אַזוי פיל, וועט שוין זיין גוט נאָך אַ ביסל. ס'איז דאָך שוין במילא נישט „בזמנו"... דערהערט אַזעלכע דיבורים פונעם „אבי שלמה" אַליין, האָט חזקיה מיטן ווייב פון „חתנס צד" און די באָבע זלפה פון „כלהס צד", אים ממש געוואָלט דורס זיין: סטייטש, נאָך ווייניק זע־נען די צוויי יינגעלעך געווען ערלים? מרים מיט עובדיהן האָבן אויך נוטה געווען צו זייערע עלטערנס דעה: דער ברית — דאָס איז די רפואה־שלמה! דערזען אַזאַ „שיטה מקובצת"* האָט שוין קיינער נישט געזאָגט קיין קרום וואָרט, און טאַקע גלייך אויף צו מאָרגנס האָט מען געמאַכט דעם ברית.

כאָטש קיעווער יידן זענען שוין געווען גוט־גוט אויסגעהונגערט נאָך אַ שמחה של מצוה, פון דעסט וועגן האָט מען קיינעם נישט פאַרבעטן אויפן ברית, חוץ: דעם מוהל, דעם חזן פון דער שול און דעם שמש — אַלץ מענטשן בעלי־סוד, וואָס מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן אפילו בדברים הנוגעים אל הנשמה. דאָס מאַכן פון אַזאַ אַנגעלייגטן ברית — אַ „שטילע חופּה", איז געווען מכמה טעמים. קודם: די ראַדיעצקיס וואָלטן בשום אופן ואופן נישט דערלויבט, אַז ביי זיי אין שטוב, ווו די נשמות פון זייערע עשרה הרוגי־היטלער שוועבן נאָך אַרום אין יעדן ווינקעלע, זאָל מען פּראַווען אַן אמתע שמחה, בריקודים ובמחולות; והשנית: האָט מען זיך געהיט, מען זאָל נישט קיין איבעריקס נתפרסם ווערן... און דאָ, ביי אַ ביסל משקה, טאָמער כאַפּט מען זיך חלילה אַרויס מיט אַ וואָרט... און דריטנס: פון בלויז אייגענע מענטשן איז אויך געווען אַ גאַנץ פיינער עולם, צו וואָס זשע דאַרף מען נאָך האָבן פרעמדע?

מיט קוואַטערשאַפט האָט מען מכבד געווען די ראַבינאָוויטשעס: סאַ־לאָמאָן איסאַיעוויטשן מיט ראַזאַליאַ דאַווידאָווונען. סערגיי טימאָפיעיע־וויטש און סעסיל פּעטראָוונאַ, ביידע אָנגעטון אין שעמערירנדיקע כאַלאַטן, זענען נישט אָפּגעטראָטן פונעם מוהל אויף קיין שריט.

---

* דאָ געמיינט: אַלגעמיינע מיינונג, ענדגילטיקער באַשלוס.

סערגיי טימאָפיעיעוויטש נעמט אָן דעם מוהלס קאָפּ מיטביידע הענט און דרייט אויס זיין פּנים צו זיך:

— הער נאָר דו, טאָמער מאַכסטו מיר קאַליע מיינע קאָזאַקלעך, זאָלסטו וויסן, אַז דו האָסט אָן עסק מיט מיר! דו זעסט דיין בריטווע —

...און ער ווייזט אים אָן אויפן האַלדז. דער מוהל לאַכט: ס'איז דאָס ערשטע מאָל ביי אים אַרויספּאַרטיקן אַזאַ שטיקל אַרבעט? נו, און דרייצניעריקע „לאָפּאַקעס" האָט ער נישט געשניטן? און פערציקיעריקע גיבורים האָט ער נישט געבראַכט? בקיצור, דאָס היינטיקע שטיקל אַרבעט איז ביי אים „קיי און שפּיי", ביי אַזאַ אומן־יד, ווי ער איז, עלעהיי — אַ פּשוט אָפּבייסן...

אַזוי ענטפערט דער מוהל דעם ביזן פּראָפעסאָר, און אַזוי ענטפערט ער יעדן איינעם, נאָר דאַך איז ער עטוואָס בלאַסלעך: קינדער פון אַ חודש איז פאַרט נישט דאָס זעלבע, וואָס פון אַ וואָך, און דערצו נאָך איינס נאָכן אַנדערן...

שלמה רופט אַריין מרימען מיט עובדיהן אין שלאָפצימער אַריין:

— נו, עובדיה, מרים, וועלכע נעמען קלערט איר געבן די חברה־ליים?

עובדיה קוועטשט מיט די אַקסלען: זיי זענען נאָך עד היום נישט געקומען צו קיין הסכם. מרים זאָגט אין פאַרלעגנהייט:

— נאָך מיין פאָטער אַ נאָמען — האָב איך שוין; די מוטער לעבט; דעם זיידן האָב איך שוין אויך; עובדיה האָט שוין אויך אַלע זיידעס מיט אַלע באָבעס... ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן, שלמה? נאָך וועמען דו אַליין פאַרשטייסט, נאָך דעם גיב אַ נאָמען. איך פאַרלאָז זיך אין גאַנצן אויף דיר, טראַכט דו אַליין עפּעס צו —

שלמה גיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— מען דאַרף דאָ לאַנג נישט טראַכטן. ברוך־השם, אין וואָס, אין וואָס — נאָר אין קיין נעמען איז איצט נישט קיין מאַנגל...

שלמה האָט אָנגערופן דאָס ערשטע ייִנגעלע: שלום, נאָך זיין זיידן, שלום כמעלניקער; און דאָס צווייטע — יעקב, נאָך דעם לעבעדינער רב. דער פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו איז געווען שטאַרק צופרידן מיט דעם מוהלס אַרבעט, ער האָט אים אפילו דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

— אַרטיסט, יעי באָגו!

די וויינענדיקע קינדערלעך האָבן די קוואַטערס אָפּגעטראָגן צו דער וויינענדיקער קימפּעטאָרין אין שלאָפצימער אַריין און זי האָט זיי געגעבן זויגן פון ביידע ברוסטן.

אין שטוב האָט געהערשט אַ טרויעריק־פייערלעכע שטימונג. אַלע ראַדיעצקים מיט זייערע שנורן, די עגונות, זענען געווען אין דער היים. אַלע האָבן געמאַכט אָן אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן געווען מיט עפּעס שטאַרק באַשעפטיקט, אָבער אין דער אמתן האָט קיינער גאָרנישט געטון. מען האָט זיך געדרייט פון איין אָרט אויפן אַנדערן און מען האָט נישט געוווּסט,

וווהין זיך אהינצוטון. סערגיי טימאָפּיעיעוויטש און סעסיל פּעטראָוונא האָבן פון זיך אראָפּגעוואָרפן די דאָקטערסקע כאַלאַטן און האָבן פּארנומען ערטער ביים טיש. די אַטמאָספערע איז בפירוש געווען אַ יומטובדיקע: מען האָט געטרונקען „לחיים"; זיך עפּעס וואָס אָנגעווונטשעוועט; אָבער די בילדער, וואָס זענען געהאַנגען אויף דער מזרח־וואַנט: ר' נחמן ראַ־דיעצקי מיט זיין סאָסין, האָבן אויפן שטרענגסטן אופן געהאַלטן אין איין דערמאָנען דעם עולם, אַז ס'איז דער וועלט אָפּגעטון געוואָרן אַ מעוות לא יוכל לתקון; אַז עפּעס איז געשען אַזוינס, וואָס פּאַרריכטן דאָס, איז שוין אויף אייביק אוממעגלעך... דער עולם האָט זיך געוואַשן צו דער סעודה; דער חזן האָט געזונגען די שטענדיקע „הרחמנס"; עמעצער האָט אפילו געפּרוווט פּארציען אַ ניגון אויף משמח צו זיין די אם הבנים, נאָר ביי אַלע פאַרזאַמלטע קינדער זענען די אויגן געווען אָנגעגאָסן מיט טרערן ווי די גלעזער. אין דעם דאָזיקן צימער האָט דער ניגון געקלונגען ווי אַ לעס־טערונג, ווי אַ חילול־השם ברבים.

שלמה האָקט איבער דאָס זינגען:

— זאָל זיין שטיל! סערגיי טימאָפּיעיעוויטש וועט אונדז זאָגן עטלע־כע ווערטער.

מרים גייט אויך אריין פונעם שלאָפצימער. די פרישע יידעלעך שלאָפן שוין.

סערגיי טימאָפּיעיעוויטש שטעלט זיך אויף:

— פאַר וואָס האָט ער עפּעס אויסגעקליבן דווקא מיך? וואָס בין איך אים — אַן אָראַטאָר? איך בין אַ ספּעץ אויף היילן קינדער, נישט אויף צו האַלטן דרשות! נאָר ווידער די אייגענע מעשה: מיט שלמהן דינגט מען זיך נישט. האָט ער געזאָגט — איז פאַרפאַלן! דאַרף מען פאָלגן.

דעם זקנס אָפּגעצערט פּנים ווערט נאָך אויסגעצויגענער און מאָגע־רער. זיינע ברעמען, געדיכטע און אָפּשטאַרטשנדיקע, זענען איצט אויס־געצויגן ווי די פיילן — אָט, אָט שיסן זיי אויס! אַ היפּשע ווײַלע שטייט ער אוּמבאַוועגלעך. ס'איז קענטיק, אַז ער זוכט איצט אין זיין צעבראָכע־נעם הארצן: וואָס וואָרעמערע ווערטער; וואָס מער צערטלעכע; וואָס מער אַלטמאָדישע... ענדלעך עפנט ער אויף די אויגן: זיי זענען איצט רויט, ווי זיי וואָלטן זיך לאַנג געווייקט אין שטאַרקן עסיק. ער גיט אַ פאָר מיט די דלאָניעס איבער דעם געגאָלטן קאָפּ, וואָס דערמאָנט אין אַ קאַטאָרזשניק, אָדער אין אַ טיפוס־קראַנקן, און רופט זיך אָן:

— פריינד מיינע טייערע! אין אַזאַ געזעלשאַפט צו האָבן אַ וואָרט, איז ביי מיר שוין נישט דאָס ערשטע מאָל... שוין דאָס צווייטע מאָל... מיט דרייצן יאָר צוריק, אויף סאָלאָמינקע איז דאָס געווען, האָב איך שוין גע־האַט אַזאַ ערע. אָבער, קינדערלעך, פון דאַמאָלסט ביז היינט האָט זיך דער צוזאַמענשטעל פון דער אוידיטאָריע שטאַרק געענדערט. אַ סך פּנימער פעלן מיר דאָ אויס, און אַ סך פּנימער זע איך נייע. באַזונדערס פעלט דאָ

אונדזער שלמהס זיידע, מיין בן גיל* לויט די יאָרן. היטלער האָט ביי אים צוגערויבט די יאָרן און ביי זיינע יאָרן האָט ער צוגערויבט... אָבער איצט לעבט ער שוין ווידער... ער שלאָפט רואיק דאָרט אין צווייטן צי־מער... און נאָך פעלט דאָ יענער גרויסער ראַבינער, וואָס האָט געטראָגן אַ פאַמיליע־נאָמען פון אַ פּאָעט... וואָס איז דאָס? ווי אַזוי האָט מען אים גערופן? איי־איי־איי, סעריאָזשאַ, ווי אַזוי קען מען דאָס גאָר פאַרגעסן אַזאַ זאַך, האַ?

שלמה זאָגט אים אונטער אין דער שטיל:

— ביאַליק —

— אַך, יאָ! ביאַליק! טאַקע גערעכט. געטראָפן מיין געדאַנק. איז אים זע איך דאָ אויך נישט. ווידער זע איך דאָ נישט פיל יונגעלייטלעך, וועל־כע זענען דאַמאָלסט געווען, קיין איינעם פון זיי זע איך איצט נישט. יאָ, מיינע ליבע, נישט קיין נאָרמאַלע דרייצן יאָר זענען דאָס געווען, שטאַרק, שטאַרק נישט קיין נאָרמאַלע... און דען נאָר אין שלמהס קרייז באַקאַנטע איז געוואָרן אַ לאָך? און ביי וועמען פעלט היינט נישט עמעצער? אָט למשל זע איך דאָ יונגע מענטשן און די אויגן זענען ביי זיי פול מיט טרערן; האָב איך דעם איינדרוק, אַז אויך זיי פעלט עמעצער —

אַ פאַרשטיקטער געוויין לויפט דורך ביים טיש, ווי אַ פּאַך פון אַ בייטש מיט אַ סך רימענדלעך.

— ...אָט קוקן אויף מיר פון דער וואַנט אַ פּאָר בילדער, און ביים טיש דאָס דאָזיקע פאַרפאַלק זעט מען נישט, האָב איך טאַקע ווידער אַ חשד... אַז דאָס זענען פּריצייטיק אונטערגעזעגנטעביימער... איך זע אויף אייערע פּנימער, אַז איך בין נישט ווייט פונעם אמת... מעג מען זיי דאָך טאַקע איצט דערמאָנען... זיי איינלאַדן צו דער שמחה... קען מען דאָך טאַקע איצט אַ וויין טון... יעדער איינער נאָך זיינעם... וואָס זאָגט איר? נאָך וויינען אויך נישט?

פאַרענדיקן האָט ער נישט געקענט. דאָס גאַנצע צימער איז אויפגעג־טרייסלט געוואָרן פון אַ מעכטיקן יאָמער. אָט אַזוי קראַכט אויף אַ מאָל דאָס אייז, און דאָס ערב־פּסחדיקע געוויסער, נאָכן צערייסן די קייטן פון די „הענט און פיס", פאַרפלייצט דעם גאַנצן ישוב. עס האָבן מיטגעוויינט אַלע היימישע און אַלע געסט. פון זינט די סאַמאַרקאַנדער געסט זענען גע־קומען צו פאָרן, האָט מען זיך עפּעס אַליין איינגעהאַלטן. די געמיטער זע־נען אַזוי אויך געווען דערשלאָגן; די מוחות — דערהרגעט; קיינער האָט זיך נישט איינגעשטעלט אויפצורודערן די וווּנדן. מען איז אַליין געגרן געווען זיך איינצובילדן, אַז אויף דער אייטערנדיקער וווּנד האָט זיך שוין כמעט פאַרצויגן אַ הייטל. במילא איז מען דעם שמועס וועגן די אומגע־קומענע עלטערן, וועגן די ברידער, אַרומגעגאַנגען מיט אַ זייט. מען איז עפּעס אַליין געווען פאַרטאַראַראַמט מיט דער געווינערין, מיט די קינדער־

* כמו ווי: אַ צווילינג.

לעך. איצט האָט דאָס איינגעהאַלטנקייט געפּלאַצט! די טיפֿע ווונד האָט זיך אויפֿגעעפֿנט און האָט פֿאַרשווענקען מיט קאָכעדיק בלוט דאָס צימער, די גאַס, די שטאָט — די וועלט! אַלץ וואָס האָט זיך פֿאַר דער גאַנצער צייט אָנגעזאַמלט אויף די הערצער, איז איצט צעשווומען געוואָרן אין געוויין און אין טרערן. דאָ האָבן זיך אויסגעמישט כלערליי טרערן: טרערן נאָך אַן אויפֿגעהאַנגענעם טאַטן; טרערן נאָך געשאָסענע עלטערן; ברידער; טרערן פֿון יונגע ווייבלעך, וואָס האָבן פֿאַרלוירן זייערע מאַנען אויף די פֿראָנטן, און זייערע קינדער אין די צונגן, אין די מדבריותדיקע קאָלכאָזן, אין די אוראַלער „פּאָסיאָלקעס"; אין קלאָגנדיקן געוויין האָבן זיך אַריינ־געגאָסן טרערן פֿון אַ באָבען מיט אַן אייניקל נאָך זייער אַלטן מאַן און זיידן, וואָס איז נאָך מיט פֿיל יאָרן צוריק פֿאַרמוטשעט געוואָרן דורך די רויטע היטלעראָווצעס אין טאַשקענטער טורמע ביז ער האָט זיי אָפּגעגעבן דאָס איינציקע, וואָס ער איז געווען ביכולת זיי אָפּצוגעבן — די נשמה... עס האָבן זיך אויך צוגעמישט טרערן פֿון אַ יונגנמאַן, וואָס האָט זיינע בעסטע יאָרן איבערגעלאָזט אויף סאָלאָווקי — דאָס שרעקלעכסטע אָרט פֿון דעם גאַנצן ראַטנפֿאַרבאַנד... דאָס געוויין איז געוואָרן אַלץ יאָמערלע־כער און שוידערנדיקער... טרערן האָבן זיך געמישט; הערצער האָבן זיך געוואָרפֿן, ווי נישט־דערקוויקלעטע הענער; ווי פֿאַראורטיילטע, וועמענס קאָפּ עס שטעקט שוין אין דער תליה און דער שטריק איז נאָך נישט פֿאַרצויגן...

ווען דער שטורעם איז אַ ביסל איינגעשטילט געוואָרן, האָט דער זקן אויסגעווישט די אויגן און האָט מיט אַ ווייט, פֿאַרדומפּן קול געזאָגט:

— מיינע פֿריינד, ווי איר קוקט מיך אָן, גיי איך שוין אויף דעם פֿינף און אַכציקסטן יאָר, און דאָך האָב איך מיט מיין קליין, אָרעם שיפֿל געליטן, דאַכט זיך, פֿיל מער פֿון דער גאַנצער וועלט. דער שרעקלעכער מבול, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט די וועלט, האָט אויסגעריסן פֿון מיינע הענט ביידע רו־דערס... איינעם נאָכן אַנדערן... קודם כל: אַ בן־יחיד! און אַן אויסגע־שפּילטן בן־יחיד... שלמה האָט אים גוט געקענט. פּאַוועל סערגייעוויטש, האָט מען אים גערופֿן, אַ הימלשן קעניגרייך אים. האָט איר אייך איינס. און דאָן די פֿרוי... קערט איר דאָך אודאי טראַכטן: זע נאָר, אַ מענטש ביי די יאָרן, און שעמט זיך גאָר נישט צו רעדן פֿון דער פֿרוי... האָט איר קינדערלעך אַ גרויסן, גרויסן טעות! נישט נאָר אין די יונגע יאָרן דאַרף אַ מאַן האָבן די פֿרוי, אומגעקערט! אויף דער עלטער איז זי נאָך פֿיל נייטיקער ווי אין דער יוגנט. נישט גוט צו בלייבן אַ איינזאַמער. דער עלנט עסט מיך ממש אויף, ווי זשאַווער עסט אייזן. איין שטיקל טרייסט האָב איך יאָ: איך וועל זיך שוין דאָ לאַנג נישט זאַמען... איך בענק נאָך איר און גיי צו איר... ביי זיך אין שטוב איז זי דערשאָסן געוואָרן. איר בלוט לעבט נאָך, ווי ערשט נעכטן פֿאַרגאָסן. — עך, לאָמיר בעסער רעדן פֿון פֿריילעכערע זאַכן. ס'איז דאָך היינט עפּעס אַ שמחה ביי אונדז. איך מוז אייך זאָגן, מיינע פֿריינד, אַז מיט די ייִנגעלעך האָט עס געהאַלטן גאָר־גאָר שמאָל... סעסיל פּעטראָוונאַ ווייסט, ווי שלים ס'איז געווען... נאָר איצט

וועלן זיי שוין וואַקסן מיט גאָטס הילף און לעבן נאָך מער פון מיר... שלמה, אַלע זענען דאָ אייגענע מענטשן? מען קען וועגן אַלץ רעדן אָפן?

— רעדט, סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, רעדט וועגן וואָס איר ווילט. קיין „פרעמדע אויערן” האָבן מיר אַהער צו נישט פאַרבעטן —

— מיינע פריינד, אונדזער שלמה פירט דאָך אייך קיין פּאַלעסטינאַ... זאָלט איר וויסן זיין, אַז איר זענט גליקלעכע מענטשן... איר וועט מיט גאָטס הילף פאָרן און דערפאָרן... שלמה, אַז ער נעמט זיך עפּעס אונטער, מאַכט ער עס שוין קיילעכדיק פון אַלע זייטן... גלייבט מיר, איך קען אים בעסער פון אייך אַלע... אפילו פון זיין אייגן ווייב און פון זיינע אייגענע עלטערן... סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, שלמה האָט מיר דערציילט, אַז איר פאָרט אויך מיט אים, ס'איז אמת?

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט אַ צעטראָגענער געפינטלט מיט די אויגן און איז מיט אַ מאָל בלייך געוואָרן.

סערגיי טימאָפּיעיעוויטש גיט זיך אַ ריס פון זיין אָרט:

— נאַרעלע וואָס דו ביסט, וואָס שעמסטו זיך? הלואי וויל ער מיך מיטנעמען... איך וואָלט, דאַכט זיך, אַ באָרוועסער געלאָפן אַהין, אין יענע הייליקע ערטער, אַ ביסל אויסרוען מיין מידן און קראַנקן קאָפּ; אַ ביסל אָפּפרישן מיינע פאַרסמטע בלוטן. נאָר ניין! פאָרן דאַרפן יינגערע מענטשן פון מיר. איך בין שוין פאַר אַזאַ נסיעה צו אַלט. איך דאַרף שוין באַלד באַפרייען מיין פּלאַץ... און שוין טאַקע צייט אויך... וויפל דען לעבט מען? הונדערט יאָר? און מיין טאַטיאַנאַ וואַרט דאָרט אויף מיר...

שלמה, מיט אַ געוויין:

— סערגיי טימאָפּיעיעוויטש, פאַר וואָס רעדט איר אַזעלכע רייד? פאָלגט מיך, פאָרט מיט מיר! מיר אַלע וועלן אייך באַדינען ווי אייגענע קינדער... איך וועל אייך אויפן קאָפּ טראָגן —

— ניין, ניין, דאָס נישט! אַלצדינג יאָ, נאָר דאָס נישט! דו רעדסט ווי אַ קינד, סאָלאָמאָן. און פּאַוועל סערגייעוויטש, וואָס וואָלט געזאָגט? און טאַנקע, וואָס וואָלט געזאָגט? און דער ליילעך אין מיין אָפּגעצוימט בית־המקדשל? און דער באַבי־יאַר? און מיין קליניק מיט די קינדערלעך? וואָס בין איך דיר, אַ גאַסן־יינגל? איך בין דאָך עפּעס אַ טאַטע פון הונדערטער קינדערלעך! דו מיינסט אויף אַן אמת, אַז איך קום שוין אויף גאָרנישט נישט צו נוץ? אָט זענען שוין איצט אָט דער שלומל מיט אָט דעם יאַנקעלען אויך מיינע קינדערלעך. ניין, ניין... איך פאָרן קען שוין נישט אין ערגעץ. פאָרט איר, קינדערלעך מיינע. פאָרט און זייט מצליח. וואָס פאַר אונדז ראָסייאַ, איז פאַר אייך פּאַלעסטינאַ, ס'איז אַלץ איינס! סעסיל פּעטראָוונאַ! קאָלעגאַ! מיר האָבן אַ ביסל צוזאַמען צוגעהאָרעוועט, האַ? לאָזט, וועל איך אייך אַ קוש טון אין אייערע שיינע אויגן. דאָס האָט איר אייך פאַר אייער מוטערלעכער געטריישאַפט צו פרעמדע מענטשן. פאָרט! מיט שלמהן מעגט איר פאָרן! פאָרט און בענקט נישט אַהער. קוקט זיך אפילו נישט אום! אָבער מיט דעם באַבי־יאַר פאַרגעסט נישט זיך צו

געזעגענען... אַ גרויסער עולם ליגט דאָרט, אַוועקגעלייגט ווי די שאָף, אומ־זיסט און אומנישט... גאַנץ אומשולדיק... מאַריאַ! פריער האָט איר גע־האַט אַכט שעפעלעך, איצט האָט איר שוין צען! אין פּאַלעסטינאַ וועט איר האָבן נאָך אַכט, וועט זיין אַכצן, און איר מיטן מאַן — אַקוראַט צוואַנציק! אַ קיילעכדיקע ציפער... און טאַקע דו אויך, שלמה... דריי האָט ער... וואָס איז דאָס פאַר אַ חשבון — דריי? אַזעלכע קראַסאַוועצעס, ווי דיין מאַלאָדאַיקאַ * שענקט דיר, קען מען זיך פאַרגינען צו האָבן זיבן מאָל מער... דו קוק נישט אויף מיר, וואָס איך, שוטה, האָב געהאַט נאָר איי־נעם, אַזאַ פּנים האָב איך איצט טאַקע... דו קוק בעסער אויף מאַריען... און אייך, פּאַפּאַשאַ פּיאַטיגאָרסקי, ווינטש איך —

זיין קול האָט פּאַרדעכטיק אַ ציטער געטון און האָט זיך איבערגע־ריסן. איבער זיין צונויפגעקאָרטשעטע פּנים האָבן זיך אַ יאָג געטון צוויי אָפּטע, געדיכטע ריטשקעלעך. ער האָט געמאַכט איבער זיך אַן אָנשטרענ־גונג צו ענדיקן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, און האָט אַלץ נישט גע־קענט אַרויסברענגען אפילו קיין איין וואָרט...

— ...איך ווינטש אייך, אַז איר... אַז איר...

די טרערן האָבן אים אַלץ געשטיקט אין האַלדז:

— ...אַז איר זאָלט האָבן נחת פון אייערע קינדער מער פון מיר... מער ווי איך פון מיין זון... און מער פון אַט דעם יידן, וואָס קוקט אויף אונדז אַראָפּ פון דער וואַנט... אייער שלמה ווייסט, ווו איין און ווו אויס. גלייבט מיר, מיר איז אַזאַ שאָד זיך צו צעשיידן מיט אים, אַזוי ווי מיט אַן אייגן קינד. פאָרט און דערגרייכט ארץ־ישראל. אָרדנט זיך דאָרט איין ווי אייך קומט, און גלייכט זיך שוין אַ ביסל אויס די ביינער. טאָמער טרעפט אַ מאָל, אַז געפינענדיק זיך ביי דער מוטער רחלס קבר, דערמאָנט איר זיך צופעליק אין אָט דעם אַלטיטשקן, וואָס רעדט איצט צו אייך, פאַרוואַרפט דאָרטן אַ גוט וואָרט פאַר מיר, פאַר מיין דערהרגעטן זון, און דער עיקר: פאַר מיין הייליק־אומגעקומענער טאַטיאַנען. זי איז געווען אַ גרויסע פריינדין פון יידן. זי האָט געטריי געדינט דעם יידישן פאָלק די משוגענערווייז־לאַנגע צוויי יאָר פון דער אָקופּאַציע און צום סוף, פאַר אַ צוגאָב — באַצאָלט מיטן קאָפּ פאַר דעם פאַרגעניגן! גאָר אַ גרויסע וויר־קונג האָט אויף איר געהאַט אייער שלמה, אייער טייערער שלמה. זי האָט שטענדיק נאָר געטראַכט: צי איז זי שוין יוצא פאַר אים; צי וואָלט ער שוין געווען צופרידן מיט איר אַרבעט, צי נאָך נישט? איי, איז זי געווען פאַרקאָכט אין אים! מיר, מענטשן, זענען בלינדע באַשעפענישן. מיר זעען נישט ווייטער פון אונדזער נאָז. איך בין זיכער, אַז זי איז איצט דאָ אויך פאַראַן, מיין טאַנקע. זי הערט זיך צו צו מיינע רייד און צו שלמהס גע־דאַנקען... נו, זאָל שוין זיין גענוג! פאָרט אַלע געזונט און זייט קיין מאָל

* אויף אוקראַיִניש, בלשון חיבה: אַ יונג ווייבעלע, פאַרצויגן פון: „מאָלאָדאַיאַ" — אַ יונגע.

נישט מוחל דעם דייטש זיינע רציחות. אזעלכע אומגעהערטע שחיטות קען מען מיט קיין זאך נישט קאמפּענסירן. און אהער, אויף דער אוקראי־נע, האט איר אויך נישט וואס צו בענקען. זייער פיל האט זיך דאס אוק־ראינישע פאלק נוקם געווען אין די אומגליקלעכע יידן. אוך! ווי די בייזע וועלף... שרעקלעך בייזע... געננוג שוין זיך געוואלגערט אין דער פרעמד. פּאלעסטינא איז אייער אייגן לאנד, דארט וועט איר נישט מורא האבן פאר קיין שלעכטע שכנים. דארט וועט די וועלט דרך־ארץ האבן פאר אייך ווי עס געהער צו זיין. דארט וועט איר קענען אומגעשטערט שאפן אייער קול־טור און היטן אייער רעליגיע. ביי אייערע דארטיקע ברידער, בין איך זי־כער, וועט איר אויך זיין אנגעלייגטע געסט, איר — רעשטלעך פון יע־זשאוון און היטלערן... איך טרינק פאר דעם, אז מאריע מיט אירע ביידע יינגעלעך זאלן אין גיכן פולקאם געזונט ווערן... לחיים, לחיים...

# קאפיטל XLVI

דעם דריטן מערץ, אין שול ביי מעריב, איז יאַני טולטשינסקי — נאָך פיל אויסטאַפּעניש און נאָכפרעגעכטסן — סוף כל סוף פּאָרט געלונגען געוואויר צו ווערן, אַז שלמה געפינט זיך דעם לעצטן מעת־לעת אויף באַלשאַיאַ־פּאָדוואַלנאַיאַ נומער 27, וווינונג 2, און אַז נאָך היינטיקן אוונט פּאָרט ער אוועק מיט זיין גאַנצער משפחה קיין לעמבערג, און אַז דער צוג גייט אָפּ 25 מינוט אויף 2, נאָך האַלבער נאַכט. מאַטוויי האָט דווקא אויך חשק געהאַט מיטגיין מיט אים, נאָר יאַני האָט אים נישט געוואָלט מיטנעמען. אַרום צוועלף אַ זייגער איז יאַני צוגעקומען צו דעם אָנגערופענעם הויז. ביי דער פּאַראַדנע זענען געשטאַנען צוויי פינף־טאָניקע לאַסטמאַשינעס און פיל אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן אויף זיי אָנגעלאָדן אָן אַ שיעור וואַליזעס מיט פּעק. שטייענדיק ביי דער זייט, האָט ער געהערט, אַז די, וואָס שטייען אויף דער מאַשין און מאַסטען איין דעם באַגאַזש, רופט מען: נח, אבנר, גאָדל, זבולון; און די וואָס דערלאַנגען צו דעם באַגאַזש פונעם טראָטואַר — שבנא, דוד, עובדיה, אביגיל. קיין איין נאָמען פון אָט די אַלע אָנגערופענע איז אים נישט געווען באַקאַנט. פרעמדע מענטשן. אַ פרעמדע וועלט... און ווער טראָגט עס היינט אַזעלכע אין האַרצן־איינגעבאַקענע נעמען? אָט די עטלעכע נעמען מישן דאָך אויף אין זכרון כמעט גאַנץ תנ״ך... גאַנץ ארץ־ישׂראל... עורי צפון ובואי תימן... וועלכער ווינט האָט עס פאַרטראָגן ארץ־ישׂראל־ריחות און שיר־השירים־טרעלן אין אָט דעם רוצחישן קיעוו? אויף דער פאַרבלוטיקטער באַלשאַיאַ־פּאָדוואַלנעגאַס?

ענדלעך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט, ער איז צוגעגאַנגען צו איינעם אַ שוואַרצחנעוודיקן יונגנמאַן, וואָס אַלע מתעסקים ביי דער מאַשין, הערט ער, רופן אים דוד, און האָט אים נישט דרייסט געפרעגט:

— אַנטשולדיקט, חבר, וואָס איך שטער אייך אין מיטן דער אַרבעט, שלמה איז איצט אין שטוב?

— שלמה? יאָ! ער דאַרף שוין מן הסתם באַלד אַרויסגיין.

יאַני האָט זיך ווידער אָפּגערוקט אין אַ זייט. ס'איז אַ געלעכטער, ער וועט דאָך נישט גיין אין שטוב אַריין! מיט וועלכע רעכט? מיט וועמען קער ער זיך דאָרט אָן? שטייענדיק אין דער פּאַראַדנע, זעט ער די טיר פון דער 2טער וווינונג ווי אויף דער דלאָניע. קיין עין־הרע זאָל זי נאָר נישט שולט זיין — די טיר מאַכט זיך גאָר נישט צו... אָן אַ שיעור מענטשן שמייען אַרום אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, מען לויפט, מען פליט פון איין טיר אין דער צווייטער, ממש ווי אויף אַ וואָקזאַל. אַלע האָבן זיי עפּעס פייערלעכע פּנימער און אויגן, ברענענדיקע און פייכטע, ווי אום ראש־השנה צו דער „לשנה טובה”. אָט זעט ער, קומט אָן מיט אַ בחפזונדיק געגעלע אַן אַלטיטשקער קריסט צוזאַמען מיט אַ יונג שיקסל, וואָס טראָגט

אים נאָך עפּעס אַ פּעקעלע. ער מעג שווערן ביי אַ ספר־תורה, אַז ער האָט שוין ערגעץ געזען אָט דעם אַלטיטשקן, אָבער — וווּ? ווער קען דאָס זיין? שוין זשע ווינט ער צופעליק אין דעם דאָזיקן הויז, צי דאָס גייט ער אויך צו שלמהן? אָט, זעט ער, גייט אַ מאַן מיט אַ פרוי מיט צוויי דערוואַקסענע קינדער. יאַני קוקט זיך גוט איין אין זייערע פּנימער:

— די ביעלסקים!

ער גיט זיך מיט אַן אומגעלומפּערטן שפּרונג אַ וואָרף צו זיי:

—שלום־עליכם, חברים ביעלסקים!

די גאַס איז העל באַלויכטן. זיי דערקענען אים גלייך.

— שלום־עליכם, עליכם־שלום, חבר טולטשינסקי! וואָס טוט איר דאָ?

— איך, ווי איך, וואָס טוט איר דאָ?

— מיר גייען פאָרן... מיר פאָרן באַלד אוועק —

— אויך קיין לעמבערג, קיין ארץ־ישראל, מיין איך?

— יאָ, קיין לעמבערג, קיין ארץ־ישראל, מיין איך.

— מיט שלמהן?

— מיט שלמהן...

— נו, און די אָפּערע?

ביעלסקי גיט אַ מעלאַנכאָלישן שמייכל:

— די אָפּערע, איז אַן אָפּערע —

— און די דירה?

— וואָס — די דירה? זי איז איצט הפקר ומופקר כעפרא דארעא...

אויב מען וועט אייך נאָר לאָזן, קענט איר זיך אין איר אַריינציען אפילו שוין. מיר האָבן זי איבערגעלאָזט פול מיט אַל דאָס גוטס. מיר האָבן נאָר אַרויסגעכאַפּט די לייכטע זאַכן, וואָס מען קען אַרויסטראָגן אין אַ קוישל, אָבער עפּעס צו פאַרקויפן פון אונדזערע מטלטלין — הס מלהזכיר! מיר האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט אַרויסרופן קיין חשד... איר האָט דאָרטן פון דער פּיאַנינע, ביז די פּליושענע טעפּיכער; ביז דעם קרישטאָ־לענעם קאַנדעלאַבער; ביז צוויי טייערע גאַרניטורן מעבל; ביז ניי בעטגע־וואַנט פון ריינעם פוך; ביז... ביז... ביז... מיט איין וואָרט, וואָס איז שייך אויסצורעכענען? אַלץ, וואָס דאָס מויל קען נאָר אויסרעדן! אַלץ, אויף וואָס מען האָט אָפּגעהאָרעוועט אַ וועלט... איצט נעמען מיר דעם שטעקן אין דער האַנט, דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס און גייען אוועק פון אונדזער האָב און גוטס אַזוי ווי די מאַמע האָט אונדז געהאַט... נאָר גאָרנישט! ווי האָט לענין אַ מאָל געזאָגט: Революция в перчатках не делалась!* קיין שום ערנסטע רעוואָלוציע קען נישט געמאַכט ווערן אָן בלוטפאַרגי־סונג. דאָס היינטיקע אַוועקפאָרן איז אונדזער לעבנס־רעוואָלוציע, און ווי באַלד אַזוי, איז אַ כפרה אַלץ! די שטוב; דאָס פאַרמעגן; דאָס אָנגעזעענע

* די רעוואָלוציע איז נישט געמאַכט געוואָרן אין קיין הענטשקעס. געמיינט: מיט איידעלע מיטלען, נאָר מען האָט זיך געמוזט איינשמירן די הענט אין בלוט.

אָרט אין דער געזעלשאַפט; דער הויכער פּאָסטן; דער אָרדען — אַלץ! אַלץ!! אַלץ!!! מיטן קאָפּ אין דער ערד! מיר הייבן אָן בויען אונדזער לעבן פון „בראשית”... אָבער פון דעסט וועגן איז אַ גרויסער שאָד, אַז אַזאַ דירה־מלוכה מיט אַזאַ קיסרישער אויסשטאַטונג זאָל אַריינפאַלן אין גויאישע הענט. באמת טאַקע, חבר טולטשינסקי, איר ווילט די שליסלען? נעמט זיי אייך —

יאַני איז גאָר נישט אויף דעם עולם. ער האָט גאָר דאַכט זיך נישט געהערט אפילו קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס מען האָט צו אים דאָ גע־רעדט. ער פרעגט גאָר:

— נו, און די קינדער ווילן אויך —

— אונדזערע קינדער ווילן שטענדיק דאָס זעלבע, וואָס מיר אַליין ווילן. דערצו זענען זיי דאָך אַזוי צוגעבונדן צו שלמהן, פון זינט ער האָט געוווינט ביי אונדז —

יאַני שטאַמלט אַרויס, ווי ער זאָל רעדן פונעם שלאָף:

— פון זינט שלמה האָט געוווינט ביי אייך?

— אָה! איר ווייסט נישט? אין די יאָרן, ווען אין לאַנד האָט געבור־שעוועט די יעזשאָוושטשינע, האָט ער זיך אויסגעבאַהאַלטן ביי אונדז... דאָ־מאָלסט איז ער אַ שטיקל צייט געווען אונדזער אורח, און איצט ווערן מיר — גאָט ווייסט אויף ווי לאַנג — זיינע אורחים... ער איז דאָך דער גאַנצער מנהיג, ער איז די נשמה פון אָט דעם גאַנצן אויפטו... אַזוי איז דאָס, מיר זענען אים צו נוץ געקומען גאַנץ צופעליק, כמעט בהסח־הדעת, און ער פאַר אונדז לייגט זיך ממש אַוועק... פּונקט ווי פאַר זיין אייגן ווייב און קינדער... יאָ, גוטער ברודער, די וועלט איז אַ ראָד, עס דרייט זיך... היינט: איך — דיר, און מאָרגן: דו מיר... גלגל הוא החוזר בעולם...

יאַני נעמט אָן לופט אין דער ברוסט:

— הייסט עס, אַזוי פיל יאָרן האָט איר אויסגעוואַרעמט דעם „גרויסן ווילן”, און איצט איז געקומען די גומע שעה און איר פאָרט טאַקע?

סעסיל פּעטראָוונעס צוויבערנדיקע אויגן גיבן אַ פייכטן גלאַנץ:

— אַזוי קומט אויס —

— אַך, איר זענט גליקלעכע מענטשן! אַך, איר ווייסט גאָר אַליין נישט —

— חבר טולטשינסקי, גאָט איז מיט אייך! הערט אויף צו וויינען! וואָס זענט איר, אַ פּיצל קינד, צי וואָס?

יאַני האַלט ביידע הענט אויפן האַרצן און וויינט אויפן קול.

דער קאָמפּאָזיטאָר לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן אַקסל:

— הערט אויף, טולטשינסקי... ווי אַזוי שעמט איר זיך נישט?

— איר זאָגט — שעמען זיך? ווען איר דערלויבט מיר נאָר, וואָלט איך ווי אַ הינטל נאָכגעלאָפן דעם צוג, אַבי זיין צוזאַמען מיט אייך, מיט שלמהן —

— נאָך וואָס רעדט איר אַזעלכע מאָדנע רייד? איר האָט דאָך אַ ווייב און קינדער —

יאַני גיט יאָושדיק אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט:

— ווייס איך... איך האָב, איך האָב... גאָרנישט האָב איך נישט... גאָט איז מיין עדות, אַז פון זינט איך האָב פאַרלוירן מיין שלמהן, איז מיר דאָס לעבן נמאס... נמאס ומאוס ווי די בלאָטע —

אַ שווערע פויזע.

מיט אַ מאָל גיט זיך יאַני אַ כאַפּ, ווי עמעצער זאָל וועלן ביי אים עפּעס אויסרייסן:

— פריינד מיינע, איר גייט דאָך אין שטוב אַריין, בעט איך אייך, שיקט מיר אַרויס שלמהן... נאָר ווער עס רופט אים, זאָלט איר אים זאָגן אויפן אויער שטילערהייט, כ'בעט אייך זייער... ווי גאָט איז אייך ליב: זאָגט נישט אַזוי, אַז אַלע זאָלן הערן —

קוים אַרויפכאַפּנדיק דעם פּאַלטאָ אויף די אַקסלען, איז שלמה אַראָפּ־געלאָפן פון די טרעפּ אויף צעשיט צו ווערן:

— יאַ—ני!

— של—מה!

אָן אַן אָטעם זענען זיי זיך געפאַלן אויף דעם האַלדז. אָפּבריענדיק אים דעם אויער, ווי מיט פריסעק, האָט יאַני דורך טרערן געפּליסטערט:

— קינד מיינס...

— טייערער יאַני... איך בין אַזוי גליקלעך דערמיט, וואָס איך קען זיך מיט אייך געזעגענען...

— אוי, שלמה... אוי, שלמה... אוי, שלמה...

— יאַני... ליבער יאַני... נעמט זיך אין די הענט אַריין... מען טאָר נישט אַזוי...

— אוי, שלמה —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דער גאַנצער עולם האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער מאַשין, רופט זיך אָן סערגיי טימאָפּיעיעוויטש:

— שלמה, אָט דאָס פּעקעלע איז פאַר דיר, מיין קינד. נאַ, נעם עס און האַלט עס טייער. דאָ אין פּעקעלע האָסטו מיין טאַניושעס פערזענ־לעכן סערוויס. איר טיי און עס־געפעס: איר קריגעלע מיטן שעלעכל מיטן קאָפּעיניקל מיטן טעצעלע מיטן איבעריקן געשיר; איר טעלער; איר גלאָז; אירע לעפל־גאָפּל; אפילו איר סאַלפעטקע. נעמט, נעמט מיט, זאָל דאָס שטיין ביי אייך אויפן בופעט. דיין טייער ווייבעלע וועט מיט אירע צאַר־טע הענטעלעך אַלע טאָג איבערווישן די דאָזיקע אָפּגעציטערטע זאַכעלעך, וועט איר זי טאָקע אַ דאַנק דעם נישט פאַרגעסן...

שטייענדיק אויף דער מאַשין, צונויפגעפּרעסט, ווי די הערינג אין פאַס, האָבן יאַני מיט ווינאָגראַדאָוון זיך דערלאַנגט די הענט. זיי האָבן זיך שוין דערקענט. אויך סאָלאָמאָן איסאַיעוויטש האָט דערקענט אין נח

סוקאַלסקי אַן אַלטן גוטן ברודער, נאָך פֿון פֿיל יאָרן איידער דער „טאָרגסין״ איז אויף דער וועלט געקומען.

אויף די ליידיק־געוואָרענע גאַסן האָט זיך גאָרנישט אויף קאַטאָוועס צעשפּילט אַ מאַרטאָווסקע זאַוויערוכע. דער ווינט האָט מיט אַ ווילדער רציחה געריסן די דורכגייער פֿאַר די פּאָלעס און מיט אַ „קאַלטבלוטיקער״ אכזריות זיך פֿאַרקליבן צום נאַקעטן לייב. די גאַנצע צייט, וואָס די מאַ־שינעס זענען געפֿאָרן קעגן דעם ווינט, האָט מען נישט געקענט אָפּטוליען די הענט פֿונעם פּנים, אַזוי ווייטיקלעך האָט דער שניי געשמיסן פֿון אַלע זייטן און איז געקראָכן אין די אויערן, אין דער נאָז, און אפֿילו אין די אויגן אַריין.

אויף דער פּלאַטפֿאָרמע און אַרום איר, איז געווען פֿינצטער פּונקט, ווי אין מיטן פֿעלד. דער „טעץ״, וועלכער האָט באַזאָרגט דעם וואָקזאַל און די סביבה מיט עלעקטראָ־ענערגיע, איז עפּעס גראָד קאַליע געוואָרן. עס האָט נאָר געבליאַסקעט דער פֿליענדיקער שניי, וועלכער האָט זיך געלייגט אויפֿן פּעראָן, און אויף די וואַגאָנען־דעכער ווי אַ בלאַנקנדיקע איבערבעט צו דער „הסבה״; עס האָבן געשטאָכן די פֿינצטערניש די באַלויכטענע פֿענצטער פֿון די וואַגאָנען, און די פּראָזשעקטאָרן פֿונעם שפּיץ דאַך, האָבן אויך צו־געוואָרפֿן אַ שוואַכע, בלוילעכע שיין צו די וואַגאָנעס.

די בוכאַרישע משפּחה מיט אַלע קינדערלעך האָט מען באַלד אַריינ־געפֿירט אין וואַגאָן אַריין. גאָדל מיט דודן, די איינציקע צוויי ברידער, וואָס זענען יוכבדן איבערגעבליבן פֿון די אַכט, האָבן געהאָלפֿן אויסבעטן אַלע „פּלאַצקאַרטנע * ערטער״ פֿאַר די פֿרויען מיט די קינדער. די פּיאַטי־גאָרסקים, די ביעלסקים, די סוקאַלסקים האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין געזעגענען מיט די ראַדיעצקים, מיט די ראַבינאָוויטשעס, מיטן פּראָפֿעסאָר, מיט יאַנין. מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט צוויי קלונג און דער נאַטשאַלניק פֿונעם צוג האָט אַ קאָמאַנדעווע געטון:

— אַריינגיין אין די וואַגאָנען! באַלד רירט דער צוג —

אָן ווערטער האָט מען זיך ווידער צוגעדריקט איינער צום צווייטן. כאָטש בקול רם האָט דאָס קיינער נישט געזאָגט, אָבער מען האָט גוט גע־פֿילט, אַז דאָס געזעגנט מען זיך אויף אייביק. מען האָט זיך נאָך אַ מאָל איינגעקוקט אין די הייסגעליבטע פּנימער. מען האָט געוואָלט זיי איינקריצן אין האַרצן אויף לאַנג, לאַנג. פּלוצלינג האָט מעכטיק אַ שטראָם געטון די עלעקטרי. אַן אַלץ־פֿאַרשלינגענדיקע ליכט־כוואַליע האָט אַ שווענק גע־טון דעם גרויסן עולם און האָט פֿאַרפֿלייצט דעם גאַנצן אַרום. יעדער איי־נער האָט מיט ברענענדיקע ליפּן זיך נאָך אַ מאָל גיריק צוגעפּרעסט צו דעם צווייטנס נאַסע אויגן. עפּעס אומגעריכט האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַרויס־געלאָזט אַן הייזעריקע תקיעה־גדולה, די פּלאַטפֿאָרמע האָט אַ ציטער געטון און האָט אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן אויף צוריקוועגס. נישט קוקנדיק אויף דער

---

* אַן אָרט אויף צו שלאָפֿן אין אַ געוויינלעכן וואַגאָן.

ווי אויף צו להכעיסדיקער זאוויערוכע, האָבן זיך אין דעם דאָזיקן וואגאָן מאָמענטאַל אַראָפּגעלאָזט אַלע פענצטער און עס האָבן זיך אין די העל־באַלויכטענע פירעקן געדיכט צעפּאָכעט: הענט, טיכעלעך, היטלען —
מרים האָט געשריגן:
— אַ דאַנק פאַר אַלעס, סער—גיי טי—מאָ—פיע—יע—וויטש...
יאַני האָט אַריינגעשטעקט ביידע הענט אין גרויען קאָפּ האָר און איז אַזוי געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער —
לאהקע איז געלעגן אויף דודס הענט אין חלשות —
דער צוג האָט אָנגענומען גיכקייט, דאָס עקסטע לאָמטערנדל האָט שעלמיש אַ פינטל געטון מיטן רויטן אייגל און אַלץ איז מיט אַ מאָל פאַרשווונדן געוואָרן פונקט ווי אַ חלום...
די זאוויערוכע האָט גיך־גיך דורכגעטריבן דעם עולם באַגלייטערס פון דער פּלאַטפאָרמע און האָט רירעוודיק פאַרווישט אַלע שפּורן.

*

שלמה, נח און סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָבן אַריינגעשטעקט דעם וואַגאָן־באַגלייטער אין דער יד אַריין אַ לאַ־יחרץ־מטבע, דערפאַר, אַז ער זאָל זיך מאכן נישט זעענדיק, וואָס זיי האַלטן אָפן אַ פענצטער. מיט פאַרקלעמטע הערצער האָבן זיך אָט די דריי קיעווער יונגעלייט געזעגנט: מיט קיעווער פאָרשטעט; מיט די אַרומיקע דאַטשעס. הינטער זייערע פּלייצעס זענען, נישט אויסערעדנדיק קיין איין וואָרט, אויסגעוואַקסן: יוכבד מיט סעסיל פעטראָווגען; אפרים־אהרון מיט דינהן. קיינער האָט נישט איבערגעריסן די שטילקייט. אַלע האָבן געפילט די ערנסטקייט פון דער דאָזיקער מינוט. יעדן איינעם פון זיי האָט געקלונגען אין די אויערן די געטלעכע הבטחה: „לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם". מען איז געשטאַנען שטיל און טרויעריק, ווי איבער אַ נאָענטן בר־מינן. דערנאָך איז שטאַרק קאַלט געוואָרן. מען האָט פאַרמאַכט דאָס פענצטער, און מען איז זיך מיט בלוטיקנדיקע הערצער צעגאַנגען איבער די ערטער. די צוויי קיעווער יינגעלעך האָבן שטאַרק געוויינט, איבערשרייענדיק איינער דעם אַנדערן. איינעם פון זיי האָט מרים אַליין געפּרוווט איינצושטילן, און אַרום דעם צווייטן האָבן אַרומגעפּאַראַדקעוועט אַזש דריי דערפאַרענע מאַמעס: די אַלטע זלפה, מרימס שוויגער, און צפורה. שלמה מיטן פאָטער האָבן ביז עפּעס וואָס אָפּגעשמועסט, ווען דער מנין זאָל זיך אין דער פרי שטעלן דאַווענען...
אונטערן סאַמע דאַך, אויף צוויי פּאָליצעס, איינע אַקעגן דער אַנדערער, זענען געלעגן: נח סוקאָלסקי, און אפרים־אהרונס עלטסטער איידעם, און האָבן צווישן זיך געפירט אַן „ערנסטן" שמועס:
— איך זאָג, נח, גאָט זאָל העלפן, דער וועג זאָל נאָר זיין בשלום, אָבער ער איז דאָך אַזאַ לאַנגער, זייער אַ לאַנגער! אונדזער כאָליאַסטרע ווידער, ציילט קיין עין־הרע איבער פופציק נפשות און אַזאַ עקספּעדיציע, וואָס באַשטייט פון אַ האַלבער מאה מענטשן, מוז שוין האָבן אַ נאָמען,

אזוי ווי עס האָבן געהאַט אין זייער צייט: די „טשעליוסקינצעס"; די „פּאַ־פּאַנינצעס", * ווייל דאָס הייסט שוין אַ מחנה! אַ שבט!!! וואָס זאָגט איר? ניין?

— נו, נו, זאָג שוין! דו האָסט דאָך שוין מן הסתם צוגעטראַכט עפּעס אַ נאָמען —

נח האָט יעדן איינעם געזאָגט „דו". אזא קרענק האָט ער שוין גע־האַט — אַ נאָכווייעניש פון יענע יאָרן, ווען ער האָט געאַרבעט אין שאַכ־טע, און איז דערנאָך מגולגל געוואָרן אין אַ מאַטראָס אויף גאַנצע דריט־האַלבן יאָר.

— מיין מיינונג איז, אַז אונדזער קאָלעקטיוו קען מען אָנרופן: „די רויטע יידעלעך".

— אר־וואַ! און איך האָב געמיינט: גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ „באָמ־בע" ער האָט דאָרטן צוגעגרייט. ניין, ברודערקע, גאָר אַ קנאַפּער אויפטו שטעקט אין דעם דאָזיקן נאָמען. ערשטנס, זענען איצט פאַראַן אין יענע מקומות אַ סך רויטע יידעלעך, צי דו מיינסט אפשר, אַז מיר זענען די איינציקע ביי גאָט, וואָס מאַכן אַצינד דעם דאָזיקן קונץ? צווייטנס, איז דאָס אַ ביסל אַ ריזיקע אויך זיך אַזוי אָנצורופן... און חוץ אַלעמען, איז דאָס פּשוט אַ צו לאַנגער נאָמען. אַ נאָמען אויף אלפים אמה. ניין, מיר געפעלט שוין בעסער: „בני־משה". אגב, דאָס איז אויך אַ נאָמען פון די רויטע יידעלעך. דו ווייסט דאָך מן הסתם, אַז די יידן פון הינטער די הרי־חושך רופט מען אָן בני־משה, טאָ פאַר וואָס זאָלן מיר אונדזערע יוצאי־מצרים אויך אַזוי נישט אָנרופן? אין תהילים איז מען מבטיח: יודיע דרכיו למשה, און ביי אונדז וועט זיין — יודיע דרכיו לבני־משה! אדרבה, זכותא דרבים עדיף...

— איי, גוט! בני־משה... אויסגעצייכנט! ויקרא שמם בישראל: בני־משה! איינשטימיק אָנגענומען! אין דער פרי, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועלן מיר וועגן דעם וויכטיקן נייעם מודיע זיין דעם „פאָלק", און איצט לאָמיר שלאָפן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער שנייאיקער נאַכט האָבן זיך, פאַרשלייערטע און אָנגעפּעלצ־טע, דורכגעטראָגן ווי אַ דמיון: פּאַסטאָוו און קאַזיאַטין. פון דער אומרו־איקער פינצטערניש איז זיי אַקעגנגעלאָפן וויניצע, מיט אירע טויזנטער לעמפּעלעך. פאַר טאָג צו, ווען די אויגן קלעפּן זיך פון שלאָף, כאָטש רייס זיי אויף מיט צוואַנגען, איז מען אָנגעקומען קיין זשמערינקע. זשמערינקע — דאָס איז אַ גרויסע קנופּ־סטאַנציע. דער שיידוועג אויף: אָדעס, אומאַן,

* איוואַן פּאַפּאַנין — אַ באַוווסטער אַרקטיק־פאָרשער. נאָך דער עפּאָפּייע מיט דעם אייזברעכער „טשעליוסקין" האָט די ראַטנמאַכט אָפּגעשיקט אויף דעם אַרקטישן ים אַ גרופּע געלערנטע אונטער זיין קאָמאַנדע, וו זיי האָבן — אויספאָרשנדיק די דערשיי־נונגען פון יענער געגנט — פאַרבראַכט אַ גאַנצן ווינטער אויף אַ שטיק אייז.

וואפניארקא, קיעוו און קאמיניעץ־פאדאלסק. פון דער ביינאכטיקער זאוויע־רוכע איז קיין סימן נישט געבליבן. אמת, ס'איז געווען שטארק קאלט, אבער לויטער־לויטער. אויפן אומענדלעך־בלויען הימל האט זיך מלכותדיק געשיפט א שמייכלענדיקע זון. דער פרישער, צוגעפרוירענער שניי האט פריילעך געסקריפעט אונטער די פיס.

מען איז נאך א לאנג „שטייעניש" דורכגעפארן זשמערינקער באַוווסטן טונעל און עס האבן זיך אויף פיל צענדליקער קילאמעטערס אוועק־געצויגן, בלענדנדיקע מיט זייער ווייסקייט, אוקראינער פעלדער און מרה־שחורהדיקע, פארגליווערטע וועלדער.

# קאפיטל XLVII

אין וואגאָן האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט אַן אייגנאַרטיקער קאָלאָריט אינעם לעבן פון דעם קאָנגלאָמעראַט פון אַט די פאַרשידענע משפחות. אין איין ווינקל האָט אפרים־אהרון געלערנט דעם „חק" מיטן אַלטן חזקיהן. בכלל האָבן זיך די בוכאַרישע יידן אַרויסגעוויזן פאַר זייער פעאיקע שי־לערס. פאַר די צוויי חדשים, וואָס זיי האָבן זיך געפונען אין וועג, האָבן זיי אַזוי גרינטלעך באַהערשט די יידישע שפּראַך, אַז נאָר איבער דעם מזרחדיקן אַקצענט האָט מען געקענט אונטערשיידן זייער אָפּשטאַם, אָבער בכלל איז אין זייער הברה כמעט נישט געווען צו דערקענען, אַז זיי זענען נישט קיין „בערדיטשעווער". נאָר ביי איין זלפהן איז עפּעס צוגעגאַנגען שווערלעך מיטן „יידיש". סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט שוין באַוויזן צווישן זיינע „פאַרשווינען" צו שאַפן אַ שטיקל כאָר. נחם טעכטערל האָט געהאַט אַ שיי־נעם סאָפּראַן; נחומל און וואַדיק — זילבערנע אַלטלעך; און גאַנץ אומ־געריכט האָט מען אַנטדעקט ביי עובדיהן — אַ זעלטענעם טענאָר. סאַמו־איל לאַזאַראָוויטש האָט דיריגירט און אין וואַגאָן איז געווען ששון ושמחה. אביגיל מיט שיינדלען זענען פאַר דעם קורצן שטיקל צייט, וואָס מען האָט געוואַנדערט צוזאַמען, געוואָרן נפש־אחת. עס האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן אַן אַ שיעור זאַכן, וועגן וואָס איבערצורעדן און וועגן וואָס צו דערציילן איינע דער אַנדערער. מען האָט זיי גאָר נישט געקענט אָפּרייסן איינע פון דער צווייטער אפילו אויף קיין איין מינוט. די עלטערע באַלע־באָסטעס האָבן ביי זיך אין קופּע אומאויפהערלעך וועגן עפּעס שטיל געשמו־עסט, און האָבן בשעת־מעשה געהאַט אַזעלכע שרעקלעך־ערנסטע פּנימער, פּונקט ווי זיי וואָלטן דאָ אָנגענומען, מי יודע וועלכע היסטאָרישע באַשלוסן. אין דער צענטראַלער קופּע האָבן די יונגע ווייבלעך זיך אַרומגעזעצט אַרום סעסיל פּעטראָוונען מיט יוכבדן, ווי די ווייבער אין שול „באַלעגערן" די פירזאָגערין. גערעדט צווישן זיך האָט מען דווקא שטיל, אָבער געלאַכט האָט מען אַזוי הויך און אַזוי קלינגענדיק, אַז אפרים־אהרון מיט חזקיהן האָבן אַזש געקריצט אויף זיי מיט די ציין: זיי האָבן נישט באַנעמען קיין איין וואָרט, פון דעם, וואָס זיי לערנען. קליינוואַרג האָט געשפּילט אין דאַמקע און אין דאָמינאָ „פאַר פייער און פאַר וואַסער". אין שמאָלן קאָ־רידאָר ביים פענצטער זענען געשטאַנען: נח, סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, עובדיה, שלמה מיט זיינע ברידערלעך און מיט די שוואָגערס, און זבולון — רויכערנדיק איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן — האָט זיי דערציילט עפּי־זאָדן פון סאָלאָווקי —

צי דאָס פענצטער איז געהאַנגען אין דער זון, צי די זון איז געהאַנ־גען אין פענצטער, איז שוין במילא געווען אַלץ איינס — זיי ביידע האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שטיק גאָלדענעם זילבער, אָדער זילבערנעם גאָלד! דער אומענדלעכער דרויסן, וועלכער האָט זיך דורך די פענצטער

געריסן אין וואגאָן אריין מיט קולי־קולות, האָט געפלאַקערט מיט אַ ווייסן פייער. מילי־מיליאָסן אייז־פונקען, ווי בריליאַנטן־שפּליטערלעך, האָבן אַרומ־געשוועבט צווישן הימל און ערד, געזונגען: „מה טוב ומה נעים, מה נעים ומה טוב" און האָבן מיט זייער מציאות, מיט זייער געבליאַסק און גע־זאַנג, אָנגעפילט דעם חלל־העולם מיט לעבנספרייד און מיט לעבנסלוסט...

די קינדער אויף די פּאָליצעס, באַזונדערס די קליינע אַזיאַטלעך, האָבן זיך אַזוי הילכיק געקריגט פּאַר אַ „ציגל", אַז די עלטערע ווייבער האָבן אַזש געמוזט איבעררייסן זייער „זיצונג" און מיט דער לעצטער נשמה קו־מען צו לויפן צענעמען די „רוצחים"...

אפרים־אהרון האָט געטייטלט חזקיהן אין „חק לישראל" און האָט גע־לערנט מיט אים אויף אַ קול — עס העלפט נישט, מען מוז דאָך איבער־שרייען די „מזיקים"! דער אור־אַלטער „אמר אביי" ניגון איז איצט גע־ווען אַזוי זיס, אַז ער איז זיך ממש צעגאַנגען אין אַלע אברים...

די יונגע מיידלעך אין זייער באַזונדערער קופּע האָבן אַזוי מלא־טעמ־דיק איבערגעזונגען דעם קאָמפּאָזיטאָרס „ניגונים"; זייערע ברוסטיקע, מיידלשע שטימען האָבן זיך אַזוי בוימלדיק געגאָסן איבער אַלע ווינקעלעך פונעם וואַגאָן, אַז צומאַכנדיק די אויגן, האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז דאָס זיצט מען ערגעץ אין אַן אָפּערע־טעאַטער און מען הערט דאָס זיסע געזאַנג פון: * «Лебединое озеро».

אין דער גרויסער קופּע, וווּ עס האָט פון אָנהייב אָן קונה־שביתה געווען דער „מנין" יונגע ווייבלעך, איז געווען צו באַמערקן: „שני הפכים בנושא אחד". וואָס שטילער זיי האָבן זיך געשושקעט, אַלץ הילכיקער האָבן זיי זיך דערנאָך צעלאַכט. פון מאָל צו מאָל פלעגט אין זייער אָפּטייַ־לונג פּלאַצן אַזאַ געלעכטער־באָמבע, אַז די שויבן האָבן אַזש געציטערט...

*

שיינדעלע פּיאַטיגאָרסקי, שלמהס יונגסטע שוועסטערל, איז שוין גע־ווען אַ מיידל צו לייטן; אַ מיידל — אַ טאַפּאָל; אַ בליענדיקע רויז; אַ חכמה; אַ חרוצה — אַ מיניסטערשער קאָפּ! אַ חוץ דעם האָט זי געענדיקט די „דיע־סיאַטיליעטקע" — גימנאַזיע בלע"ז; און אַ חוץ דעם אַלעמען איז זי גע־ווען אָנגעלייענט ווי אַ פּויק, אַ גייענדיקע ביבליאָטעק! אָבער עס האָט נישט איינס צום אַנדערן: אין הלכות „חשקה נפשו" איז זי געווען אַן עם־הארץ דאוריתא. זי האָט לחלוטין נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס „קריכט" ער צו זיי, איר יצחק, ווען זי שטייט און רעדט מיט אביגילן? ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט ער דיר אויס און שטעלט אַריין אַ וואָרט און נאָך אַ וואָרט און... און לאָזט בכלל קיינעם נישט אויסרעדן קיין וואָרט. נאָר ער איינער האָט אַ מויל און נאָר ער איינער האָט אַ צונג און נאָר ער איינער האָט וואָס צו רעדן און וואָס צו דערציילן...

* „די שוואַנען־אָזערע". אַ וועלט־באַרימטע אָפּערע.

זי האָט אים שוין בפירוש עטלעכע מאָל פירגעהאַלטן:

— אפשר, טייערער, וואָלסטו זיך אַ ביסל דורכגעגאַנגען אין מענערשן קלייזל? איאָ מיר שטערן אייך נישט? שטערט איר אונדז אויך נישט!

נאָר וויים איך וואָס, רעד צו אים טאַטעריש, רעד צו אים טערקיש — עס שטייט צו אים צו ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט; קוים הייבט זי אים אָן צו זייפן, אַזוי ווערט ער טויב און שטום. און אַז זי טריט אים שוין גאָר שטאַרק אָן און איז אים בקול רם משלח „אין זייער רו אַריין", דאַן גיט ער אַן אומפאַרשטענדלעכן שמייכל און גייט אַוועק. און נאָך איידער דו קוקסט זיך אום איז ער שוין ווידער דאָ! און טראָגט אויפן פנימל אַזאַ תמימותדיקע מינע, גלייך ווי ס'איז גאָרנישט געווען; גלייך ווי ערשט צוריק מיט צען מינוט האָט מען אים נישט „געגעבן דעם וועג" פון דאַנען —

ביז איין מאָל, נאָך אַזאַ מין „גירוש", האָט איר אביגיל פירגעהאַלטן:

— שיינדעלע, פאַר וואָס טרייבסטו שטענדיק אַוועק דיין יצחקן, ווען ער קומט נאָר צו צו אונדז? ער איז דאָך אַזאַ ווויל יינגל און דערציילט אַזוי אינטערעסאַנט...

אין שיינדלס הארצן איז פון איר״ע עטלעכע ווערטער אַריינגעפאַלן אַ קערנדל פון חשד. זי האָט מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו באַמערקן ווי בלאַס יצחק זעט אויס ווען ער דערנענטערט זיך צו זיי, און ווי שטאַרק אביגיל רויטלט זיך, ווען ער רופט זי אָן ביים נאָמען; דערנאָך האָט זי שוין אויפמערקזאַם אַכטונג געגעבן, ווי אַזוי זי קוקט אים כסדר נאָך, ווען ער דערווייטערט זיך פון זיי; ווי אַזוי בשעת דעם עסן זוכט זיך יצחק אויס אַן אָרט ווי ווייט מעגלעך נעענטער צו אביגילס פּלאַץ. און נאָך פאַרשידענע סימנים און „כמעט סימנים"... איר מיידלשע נשמה האָט איר מיט אַ מאָל איינגערוימט אין אויער אַ „געפערלעכן" סוד. פון יענער מינוט אָן האָט זיך איר באַציאונג צו אָט די צוויי לעכצנדיקע נשמות איבערגעביטן מן הקצה אל הקצה. נישט נאָר דאָס, וואָס זי פּלעגט אים שוין מער נישט „געבן דעם וועג"; אים שוין מער נישט אָפּשיקן „אויף אַ ווייל־עטשקע" אין מענערשן קלייזל אַריין, נאָר פונקט פאַרקערט! זי פּלעגט קריכן פון דער הויט, פאַלן אויף משונה־מאָדנע המצאות, — וואָס טאָקע נאָר אַ געפּילפּול, יונג מיידל קען אויף זיי פאַלן — אַז אין אָט דעם שמאָלן, ענגן און רשות־הרבימדיקן וואַגאָן, זאָל איר יצחק וואָס מער און וואָס לייכטער זיך קענען געפינען אין אביגילס געזעלשאַפט. אויספּילנדיק צוזאַמען מיט אביגילן זייערע פונקציעס, וואָס שלמה האָט פונעם ערשטן טאָג אָן אויף זיי אַרויפגעלייגט אַלס קאָמענדאַנטשעס פון זייער „עקספּעדיציע", האָט זי אָפּט מאָל, אונטער פאַרשידענע אויסרעדן, שוין געמאַכט אַזוי, אַז זי איז פּלוצלינג נייטיק געדאַרפט געוואָרן אין אַן אַנדער אָרט און איז געווען גע־צוווּנגען צו מאָביליזירן אויף איר אָרט דעם ליידיקגייער יצחקן, וואָס „דרייט זיך במילא אַרום פּוסט און פּאַס און קוקט אַרויס „ווי פייגעלעך פליען". און דער „במילאַדיקער פּוסטאונפּאַסניק" יצחק, וואָס האָט פאַר פרייד געוואָלט זיין שוועסטער אויסקושן אַלע אברים, האָט זיך מיט אַ

אונטערטעניק שמייכעלע נעבעך געלאָזט מאָביליזירן און האָט אויף שיינ־דלס אָרט געאַרבעט צוזאַמען מיט אביגילן. דאָס הייסט: אביגיל האָט גע־אַרבעט און ער האָט אומאויפהערלעך גערעדט און דערציילט און געגעבן צו פאַרשטיין און געוואָלט אין איר אַריינבלאָזן די גאַנצע אייראָפּעאישע תורה על רגל אחת; זי מאַכן פאַר אַ למדנית אין איין „שמע ישראל".

יצחק פּיאַטיגאָרסקי איז אַ בחור פון — ווי זיין פאָטער פלעגט זיך וועגן אים אויסדריקן בעידנא דריתחא * — אַ פּאָר יאָר ווייניקער פון „שלושים". פאַר דער קריג האָט ער נאָך באַוויזן צו ענדיקן דעם קיעווער מאַשינבוי־אינסטיטוט, האָט באַקומען אַ דיפּלאָם געשריבן מיט גאָלדענע אותיות און איז געווען צווישן די גליקלעכע זעקס סטודענטן אויפן פינף־טויזנט־קעפּיקן אינסטיטוט, וואָס האָבן באַקומען אַ פּערזענלעכן דאַנק פאַר־נעם נאַרקאָם פאַר דעם אויסצייכענען זיך אין לערנען. דאַן האָט ער נאָך באַוויזן צוזאַמען מיט דער מוטער — און אַלץ אויף מלוכהשע הוצאות, עד פרוטה אחת — צו פאַרברענגען אין יאַלטע אַ גאַנצן חודש און דאַן קומען אהיים, זיך געזעגענען מיט דער פאַמיליע און מיט דער גאַנצער משפחה און אַוועקפאָרן קיין טשעליאַבינסק אין ** Ч. Т. З. צו פאַרנעמען זיין פּאָסטן אַלס געהילפס־אינזשיניער פונעם אינסטרומענטאַלן צעך. ער האָט שוין אפילו באַוויזן צו באַקומען צוגעטיילט אַ צימער אין אַ קאָמו־נאַלן בלאָק, וואָס מען האָט ערשט געהאַלטן אין אויספּאַרטיקן אין זאַ־וואָדישן הויף, אָבער אָנצוקוקן זיין צימער פנים אל פנים האָט ער נישט זוכה געווען. עס האָט אַ דונער געטון דער „22טער יוני 1941" און ער איז פון טשעליאַבינסק מגולגל געוואָרן גלייך קיין טאַרנאָפּאָל... שפּעטער זשיטאָמיר... דערנאָך כאַרקאָוו — אַרויסגנבענענדיק זיך פונעם אָפיציער־סקע וואַגאָן אויף עטלעכע מינוט, זיך אַגב־אורחא צו געזעגענען מיט זיינע עלטערן... דערנאָך טולע... און נאָך שפּעטער וואָראָניעזש, באַטאַיסק און מאָזדאָק... פונעם ערשטן טאָג אָן האָט ער קאָמאַנדעוועט מיט אַ היפּ־שער גרופּע טאַנקן. ער איז געווען קאַפּיטאַן. געהאַט דריי אָרדענס. און נאָך דער קריג, — אויסנוצנדיק דעם צוויי־חדשימדיקן אורלויב אויף אַ רייזע קיין מיטל־אַזיע צו די עלטערן — האָט ער „אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שינעל" און איז „על חשבון" צוגעשטאַנען צו די „בני־משה"...

...און איצט, ווען ער שטייט און טענהט עפּעס איין מיט אָט דעם ווילד־זיסן אַזיאַטישן מיידל, זעט ער נישט אויס: נישט ווי קיין גרויסער אינזשיניער; נישט ווי קיין שטרענגער קאָמאַנדיר; און אַ פּשיטא שוין, אַז נישט ווי קיין קאַפּיטאַן מיט דריי מלוכה־אָרדענס! איצט זעט ער אויס ווי אַ פּופּצניעריק גימנאַזיסטל, וואָס דעקלאַמירט לערמאָנטאָוון פאַר זיין קלאַסנע חברטע... און אביגיל פרעגט אים נישט איבער קיין זאַך; זי

* אין אַ צאָרנדיקן מאָמענט.

** ראשי־תיבות פון: טשעליאַבינסקער טראַקטאָר־זאַוואָד.

שפּאַרט זיך נישט מיט אים; זי ענטפערט אים בכלל גאָרנישט, נאָר פון צייט צו צייט, צווישן איין שטיקל אַרבעט און דעם אַנדערן, גיט זי אים אַ קוק גלייך אין די אויגן אַריין — אָבער אַזאַ קוק, אַז ביי יצחקן נעמט פּלוצלינג אָפּ דאָס לשון און ער פאַרגעסט לחלוטין ווו ער האַלט —

— — — — — — — — — — — — — — —

אפרים־אהרן ליגט אויף זיין פּאָליצע אַ ברוגזער. ער איז חלילה נישט ברוגז אויף קיינעם באַזונדער, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט מיט אַ מאָל. ער זעט גוט ווי זיין מיטלסטער „תכשיט" פאַראַדקעוועט אַרום און פּראַוועט בשתיקה ז' הקפות אַרום אָט דער מזרחדיקער קראַסאַוויצע מיט די שרפענדיקע אויגן און איז בייז פאַר אַזאַ אויפפירעכטס. אָן אַ פאַר־וואָס און אָן אַ פאַרווען — ער קוקט אויף איר קרום און שוין! אמת, אביגיל איז חלילה נישט פּאָלי; זי איז אַליין אַ לייטיש קינד און שטאַמט פון לייטישע עלטערן, אָבער ס'איז עפּעס פרעמד... טאַקע כרחוק מזרח ממערב... קודם „רעדט עס" בלויז אויף רוסיש... אַז נישט הייבט זי אָן צו פּלעכטן מיט די פינגער און פּלאָנטערן מיט דער צונג אויף זייער „גע־האַקעטן"* לשון־קודש שאין מלאכי־השרת נזקקין לו... און דאָס יידיש, וואָס זי רעדט נאָך צו ביסלעך, — קען דען אָנגערופן ווערן „יידיש"? אַזוי האָט דען זיין מאַמע לשלום גערעדט? און אַז עס פאַרגלוסט זיך איר גאָר, צערעדט זי זיך מיט אירע עלטערן אויף זייער „ציגיינערשן" לשון, דאַן קערן זיך אים שוין ממש איבער די קישקעס אין בויך... נאָר נישט דאָס איז דער גלאַוונע עיקר... דאָס דברן, וואָלט ער איר נאָך מוחל געווען... אָבער בכלל איז די גאַנצע מעשה אַ חוכא וטלולא! זיין יצחק איז אַזאַ ערנסטער בחור, אַזאַ מלא וגדוש אין אַלע שבעה חכמות שבעולם, און זי... און זי וואָס איז? וואָס שטעקט אין איר אַזוינס? אַ גאַנצן טאָג הערט מען פון איר נישט מער, נאָר: כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי... ווייטער: אַז זי גייט, טאַנצט זי; אַז זי רעדט, זינגט זי; שטענדיק איז זי דיר דאָ מיטן לאַך און מיטן טאַנץ און מיטן זינג... רחמנא ליצלן — עפּעס אַ מין סאָרט קנויל פון: גילה, רינה, דיצה וחדוה... נו, איז אָט דאָס אַ תכלית פאַר זיין יצחקן? פאַר אַזאַ „שיר נישט קיין פּראָפעסאָר", ווי זיין יצחק איז? וואָלט זי כאָטש מיט עפּעס וואָס געווען ענלעך אויף דער ערשטער שנור, אויף יוכבדן... איי, יוכבדס סטאַטעטשנעקייט אפילו ווען זי איז נאָך געווען בנעוריה בבית אביה... איר סאָלידער אַרט רעדן; איר בנעימותדיק שמייכעלע; איר אַראָפּלאָזן די אויגן ווען עס רעדט אַן עלטערער פון איר; איר אונטערטעניקער: „גוט, שווער, איך וועל טון ווי איר זאָגט". וואָס דען? האָפּ־טשוק־טשאַק אַזוי ווי אָט דאָס אַזיאַטישע ציגל? וואָלט זי כאָטש געהאַט אַ צענטל פון דעם ערנסט, פון דעם צניעותדיקן, טרויעריקן חן, וואָס איר שוועגערין מרים פאַרמאָגט... אָט יענץ הייסט: „כבודה בת מלך

* געמיינט: די הברה הספרדית, אין וועלכער מען באַנוצט אומעטום פתח'ן אַנשטאָט קמצ'ן.

פנימה"... אָט יענץ הייסט: „גן נעול אחותי כלה"... אין פלוג, דאַכט זיך, איין משפחה, עצמה ובשרה, אָבער ווי באַלד נאָר אַ ביסעלע יינגער — איז דאָס שוין: לא זה הדרך...

און נאָך אַ מחשבה־קלה קומט ביי אים גאָר אויס „פּדרוך":

— כ'ווייס? און אפשר איז זי גערעכט... וואָס לאה האָט געמאַכט וויינענדיק, האָט רחל געמאַכט טאַנצנדיק —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אַלטער חזקיה פּינכאַסאָוו ליגט אויך אויף זיין פּאָליצע קעגנ־איבער אפרים־אהרונען און איז אויך שטאַרק אָנגעדרודלט. ער קוקט אויך צו פון דער ווייטנס ווי די קינדער „שפּילן" זיך און גיט זיך אָפּ אַ חשבון מיט וואָס אַזאַ שפּיל קען זיך ענדיקן. אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פּאַרוועןָ, נאָר ער קוקט קרום אויף אָט דעם „אורוס", וואָס מען רופט אים: יצחק; ער קען נישט שלום מאַכן מיט זיין „סאָלדאַטסקע וויפּראַווקע",* ווי ער זאָל כסדר גיין אויף „סמאָטר"...** און בכלל איז ער שוין נישט דאָס וואָס שלמה... אָ, ניין! אפילו קיין אָנהייב אויך נישט! אָט יענץ הייסט: אַן „איש תם וישר"... אָט יענץ הייסט: אַ „גבור־חיל"... דאַכט זיך, אין פלוג: איין פאַמיליע, עצמו ובשרו, אָבער ווי באַלד נאָר אַ ביסעלע יינגער — איז דאָס שוין: לא זה הדרך...

און נאָך אַ מחשבה־קלה קומט ביי אים גאָר אויס „פּדרוך":

— כ'ווייס? און אפשר איז ער גערעכט... „דאָרטן", וווהין מיר פאָרן, דאַרף מען האָבן אינזשיניערן און קאָמאַנדירן — און שלמה וואָס איז? מיט אַלע זיינע גוואַלדאָוונע מעלות איז ער פון דעסט וועגן נישט דאָס ער־שטע און נישט דאָס צווייטע —

*

נאָך צוויי יונגעלייט האָבן זיך אין אָט דעם ענגן וואַגאָן „געפּאָרלט": יונהלע פּיאַטיגאָרסקי, אפרים־אהרונס מיזיניק, און וויעראָטשקאַ, נח סו־קאָלסקיס טעכטערל. וויעראַ איז געווען עלטער פון אים כמעט אויף גאַנצע צוויי יאָר. יונה איז געווען אַ בחור פון צוואַנציק יאָר און זי איז שוין לאַ—אַנג געוואָרן איין און צוואַנציק. יונהן האָט מען גלייך פונעם צענטן קלאַס צוגענומען אין אַ מיליטער־שול און מיט איין יאָר שפּעטער — ווען די דייטשן האָבן אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל: אי מאָסקווע; אי לעניני־גראַד; אי סטאַלינגראַד און האָבן שוין אַוועקגעשטעלט זייערע געקאָוועטע שטיוול אויף די שוועלן פון באַקו — איז ער, האַלטנדיק די נשמה אין דער זשמעניע, שוין געליגן באַהאַלטן ביי די דייטשן אין טיל מיט אַ ראַ־דיאָ־אַפּאַראַט אויף די פּלייצעס און האָט פון זיין געפערלעכער באַהעלטע־ניש קאָאָרדינירט דאָס פייער פון די רויטאַרמייאישע אַרטילערישע באַטאַ־

---

* זעלנערישע אויסשטאַטונג.

** אינספּעקטירן דאָס מיליטער; דאָס אויפנעמען אַ מיליטערישן פּאַראַד.

רייען. איין מאָל, באַהאַלטנדיק זיך מיט זיין קליינינקער ראַדיאָ־סטאַנציע אין אַ נאַסער קלעפּיקער ליימגרוב, האָט ער שוין אפילו ווידוי אָפּגעזאָגט. דאָס איז געווען דאַמאָלסט, ווען אַ דייטשער אויסשפּיר־הונט איז אַרויפ־געשפּרונגען אויף אים און האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער ברוסט. האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז זיין פּינקע * האָט דעם הונט איבערגעשניטן דעם האַלדז, נאָך איידער זיינע ליפּן האָבן געענדיקט דעם ווידוי, און ביז די דייטשן האָבן זיך אויסגעקראַצט אויפצוזוכן די'פאַרפאַלן געוואָרענע אָוו־טשאַרקע, איז שוין דער רויטער דיוויזיאָן אַריין אין דאָרף אַריין און די געשיקטע כלאָפּצעס האָבן גלייך אויפגעזוכט דעם חלשנדיקן ראַדיסט...

און אָט אַזוי האָט ער שוין מיטגעמאַכט מיט דער רויטער אַרמיי דעם גאַנצן „דרך ארוכה וקצרה" קיין טיף רוסלאַנד און דערנאָך דעם גרויסן „השיבנו נאַזאַד" ביז... ביז קיין טיף דייטשלאַנד...

וויערא האָט נאָך געהאַט אין גאַנצן צוויי יאָר אויף צו ענדיקן די קאָנסערוואַטאָריע, ווען מען האָט דעם גאַנצן „קורס" אָנגעטון אין גרינע העמדלעך און זיי אַוועקגעשיקט קיין ניזשנעי־נאָווגאָראָד אויף אַ שנעלן קורס פון קראַנקן־שוועסטער. אין קאַרגע דריי חדשים אַרום, אין די האַרבס־טיקע רעגנס און בלאָטעס, איז זי שוין אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ „מעד־סאַנבאַט" ** פון דרום־מערבדיקן פראָנט און איז אַרומגעקראָכן אויף די ערשטע פייער־ליניעס צווישן די טויטע קערפּערס, טאָמער געפינט זיך נאָך דאָרטן אַ זיפּענדיקער...

...און איצט, קוקנדיק אויף אָט די יונגע צוויי קעפּלעך, וואָס שטייען אַריינגעקוועטשט אין איין אָפּענעם פענצטער, איז שווער צו גלייבן, אַז „ער", דאָס איז דער באַרימטער אויפן גאַנצן פראָנט, עלטערער לייטענאַנט: יאָניאַ אַראָנאָוויטש פּיאַטיגאָרסקי; און „זי" — די העלדישע סערזשאַנטין: וויערא נאָיעווגאַ סוקאַלסקאַיאַ. דאָ לאָזט זיך ווידער מערקן, אַז: „דעם דאָזיקן נח'ס בתולה איז טאַקע קיין עין־הרע אַזאַ „פּאַרשוין" — ממש, אַז ס'איז איר אין דער ליכטיקער צורה נישט אַריינצוקוקן אַזוי ווי אין דער זון"... „אַזאַ פּנימל, אַזאַ קולכל — מען זאָל דאַכט זיך אויספאָרן אַ האַל־בע אימפּעריע, וועט מען אַזעלכעס נישט געפינען"... דאָ לאָזט זיך ווידער מערקן, אַז „דעם דאָזיקן שלמהס יינגער ברודערל איז דאָך אַ חוץ אַלע מעלות־טובות, טאַקע עפּעס אַ העלד, וואָס עין לא ראתה... צווישן העלדן אַ העלד... ס'איז גאָר אַ חידוש, וואָס ער האָט דאַמאָלסט, צום הונט, זיך געדאַרפט באַנוצן מיט אַ מעסער"... יונה מיט וויעראַ'ן האָבן איינער פאַר דעם צווייטן גאַנצע זעק מיט רייד; גאַנצע פּעק מיט נייעס; יאָרן וועלן פאַריבער און די דאָזיקע קוואַלן וועלן נישט זיין אויסגעשעפּט... קודם כל ווייזט אים וויעראַ דאָס אָרט אויף איר רעכטן אויער, ווו אַ שראַפּנעל האָט זי אַ קיצל געטון און גראָד אַזוי שטאַרק, אַז... אַז ס'איז אַזש געגאַנגען

---

* אַ פּינישער קינזשאַל.

** אַ קירצונג פון: מעדיצינישער סאַניטאַרנע באַטאַליאָן.

בלוט... יונהן פאַרקלעמט שטאַרק ביים האַרצן דאָס, וואָס ס'איז ביי איר געגאַנגען בלוט, נאָר קוקן קוקט ער נישט אויף דעם ראַצעלע פון יענער זייט אויערל, וואָס זי ווייזט אים מיט אַזאַ צוויבערנדיק שמייכעלע, ער קוקט גאָר אויף די שיינע, שמעקנדיקע כוואַליעס האָר, וואָס פאַרשטעלן צו־להכעיסדיק אָט די פיצעלעך אויערלעך און זעען אויס ווי פאַסמעס העל־ראָזע, זיידענע פאָדעם, וואָס זענען צעהאַנגען קעגן אַ בלוטיקן זונפאַר־גאַנג... ער באַמערקט דאָס קליינע גנעטאָקטע מיילעכל אירס: „ווי ביי אַ פייגעלע", און טראַכט בשעת־מעשה, אַז דורך אַזאַ „ברעקעלע פּיסקעלע" וואָלט ער זיך קיין מאָל צו דער זעט נישט געקענט אָנעסן... ער זעט אירע רונדע אַקסלען; אירע שיינע, שטענדיק פאַרוווּנדערטע אויגן; אירע צוויי־בערנדיקע, עפּעס באַהאַלטנדיקע ברעמען און עס גלוסט זיך אים... ער ווייסט אַליין נישט אויף אַקוראַט, וואָס אַזעלכעס עס גלוסט זיך אים... אויך זי, טרעפנדיק אויף זיך זיין צוגעשמידטן בליק, באַמערקט זי פּלוצלינג, וואָס פאַר אַן עכטער מאַנספאַרשוין אָט דער יאָניאַ איז... וואָס פאַר אַ בערג מיט מוסקולן עס הויפענען זיך ביי אים... און דערצו איז ער דאָך נאָך גאָר אַ קינד — מיט פולע צוואַנציק חדשים יינגער פון איר... און עס פאַרגלוסט זיך איר... אָבער אויך זי ווייסט אַליין נישט אויף אַקוראַט, וואָס אַזעלכעס עס גלוסט זיך איר... אָבער עד לחשבון, אָט אַזוי, אַליין נישט וויסנדיק אויף אַקוראַט וואָס אַזוינס עס מאַכט זיך ביי זיי, דריקן זיך די יונגע קעפּלעך אין דער פענצטער־ראַם נאָך שטאַרקער צו איינס צום צווייטן און עס פליסן רייד ווי טייכן וויין מיין המשומר, רייד פון גאָר דער וועלט...

...און בין־הזמנים, צווישן: „יאָ זון" און „נישט זון", האָט די „מיל־כיקע קאַשע", וואָס איז געפאַלן פונעם הימל, געוואַלגערט מיט אַזאַ שפע, אַז ס'האָט זיך אַלעמען געדאַכט, נישט אַנדערש נאָר, אַז דער שניי וועט מקבר זיין אָט דעם לאַנגן צוג מיט אַלע זיינע נושאי־כלים אין מיטן הוילן פעלד און אָנשיטן אַרום אים אַזאַ „הר ההר", אַז עס וועט פון אים אפילו קיין שפּור נישט בלייבן...

*

די קופּע, ווו עס האָבן „צעלייגט זייער געצעלט" יוכבד און סעסיל פּעטראָוונאַ, איז פון דער ערשטער שעה אָן געקרוינט געוואָרן פאַר דעם שטאַב פון דעם „פּרויען באַטאַליאָן", פון די יונגע ווייבלעך פון די „בני־משה". דאָרט ווערט אַראָפּגערעדט פון די הערצער און דאָרט ווערט אָפּגעע־לעצעוועט פון דער גאַנצער וועלט. כאַפּט איינע פון די יונגע ווייבעלעך אַ קוק דורך דער טיר און דערזעט די צוויי „חלילה גאָרנישט מיינענדיקע" פּאָרלעך, גיט זי אַ גאָטספאַרכטיקן גלאָץ מיט די ממזרישע אייגעלעך:

— מיר זאָלן שוין אַזוי אַ דאגה האָבן מיט אַ גרינגער נסיעה, גאָטעניו, ווי מיר האָבן שוין אַ דאגה מיט לעקעך און בראָנפן... איר זעט גאָר נישט, וואָס אויפן קאָרידאָר טוט זיך... איר זענט גאָר קיין מבינים נישט, וואָס דאָרטן קומט פאָר... עס ברענט אַ פייער, זאָג איך אייך! איך גיב אייך

ביידע הענט תקיעת־כף — ווי נאָר מיר וועלן מיט גאָטס הילף אראָפּ־שטעלן אַ פוס אויף אַ פעסטן באָדן, וועט זיך אין אונדזער געזינדל קיין עין־הרע אָנהייבן ברעכן טעלער, אַז אַ רויך וועט אַזש גיין... געדענקט מיין וואָרט!

די יונגע ווייבלעך לאַכן ברייטלעך פון די דאָזיקע דערפרייענדיקע נביאות. כאָטש דער וועג איז אַזאַ לאַנגער און אַזוי פול מיט סכנות, פון דעסט וועגן, אַז מען הייבט נאָר אָן צו רעדן פון שמחות, ווערט שוין עפּעס שמחהדיק אויפן הארצן. דערפילט זיך אָבער די מאַדאַם סוקאַלסקי שטאַרק געטראָפן פון אָט דעם „וויסטן גלעלנדער". זי האַלט, אַז אָט דאָס גאַנצע לאַכעניש איז בלויז אין איר גאָרטן אַריין; אויף איר וויערקעס חשבון, און זי גיט סעסיל פּעטראָוונען אויסגאָב:

— סעסיל־פּעטראָוונאַ־לעבן, וואָס קוועלט איר אַזוי געשמאַק. גייט, כאַפּט בעסער אַ קוק ווי אַזוי אייער וואַדיק טרעט נישט אָפּ אויף קיין שפּאַן פון מרימס עלטער מיידעלע... ער גייט איר נאָך פוס־טריט ווי אַ שאָטן און וויל אפילו נישט ליידן, אַז עמעצער אַנדערש, חוץ אים, זאָל אויסרעדן צו איר אַ וואָרט...

און אין יוכבדס זייט אַריין:

— און איר יוכבדל, מאַכט זיך אויך נישט תמעוואָטע! גייט אַרויס „אויף דער גאַס" וועט איר זען, ווי אַזוי אייער פּיצעלע נחומל קלעפּט צו ראַאיסינקען... ער „שפּאַנאַיעט" איר נאָך ווי אַ אָנגעדונגענער... אים, אַ פּנים, מאַכט כלל נישט אויס, וואָס זי איז מיט עטלעכע יאָר עלטער פון אים, ער טרעט נישט אָפּ פון איר אויף קיין וווערשאַק. מיטן פּיסקעלע רעדט ער דווקא ווייניק, נאָך אַ ביסעלע צו פרי, אָבער די ציגיינערשע אייגעלעך רעדן שוין ווערטער... דאָס וואַקסט אַ פלאָם־פייער... דער פּאָטער מיט די ביינער —

די יונגע ווייבלעך צעלאַכן זיך נאָך שטאַרקער, אָבער דאָס איז נאָר אַ לפנימדיקער געלעכטער. „אונטערן לעפּעלע" גראַבלט עפּעס. יעדע באַזונדער פון די יונגע מוטערס פרעגט זיך אין הארצן:

— גאָט מיינער! גאָט מיינער! אַזוי אַלט בין איך שוין? מיין פּיס־קליאַ, וואָס איז ערשט נעכטן אַרומגעקראָכן אונטערן טיש און האָט זיך געשפּילט מיט דער קאַץ — קוקט שוין און קלעפּט שוין און גייט שוין נאָך ווי אַ שאָטן? דאַרף איך זיך שוין גאָר אפשר קלייבן אין מושב־זקנים אַריין?? ווען זשע האָב איך עס געלעבט???

דער פאַרשיידנפאַרביקער געטומל אין וואַגאָן איז געוווען זייער גרויס. דער הו־האַ און דער געפּילדער האָט זיך געטראָגן: פון אַלע ווינקעלעך; פון אַלע „אייבערשטע פּאָליצעס"; פון אַלע „אונטער די בענק"; ער האָט זיך געקאַלויצעט, געפּלאָכטן, פאַרוואַנדלט אַלע קלאַנגען צוזאַמען מיט דעם שלעפּערנדיקן סקריפּ פון די רעסאָרן, מיט דעם ריטמישן „טשיק־טשאַק" פון די רעדער אין איין אַלץ פאַרטויבנדיקן אָבער יומטובדיקן געפּלאָנטער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...און דאָס, וואָס זבולון האָט דאָ דערציילט פון סאָלאָווקיער גיהנום, איז עפּעס געווען אַזוי משונהדיק־אַנדערש... אַזוי פריקרע־אַנדערש... אַזוי וואָכעדיק און גרוילנדיק און אומגלויבלעך —

— ...און די הימלען זענען דאָרט נישט די זעלבע וואָס דאָ, און די מענטשן זענען דאָרט נישט די זעלבע, און די קולות זענען דאָרט נישט די זעלבע, וואָס ביי די היגע מענטשן, און אפילו דער שניי — דאַכט זיך, וואָס איז אַזוינס שניי? אין פּלוג, דאַכט זיך, וואָס איז אים פאַר אַ נפקא־מינה, וווהין ער פאַלט? — ניין! אפילו דער שניי איז אויך נישט דער זעלבער! סאָלאָווקיער שניי שמעקט מיט סאָלאָווקי, מיט לעבעדיקן טויט...

אונטער דער אַקאָמפּאַנירונג פון דעם געזאַנג מיט דעם געלעכטער, וואָס האָט זיך געריסן אין קאָרידאָר אַריין פון די פעסט צוגעמאַכטע קו־פּען, האָט אָט דער זבולון מיט זיינע שוידערלעכע „נאַרישקייטן", וואָס ער האָט איבערגעגעבן אַזוי קאַלטבלוטיק, געהאַט אַ פּנים, ווי איינער, וואָס קומט צו גיין אויף אַ חופה־וועטשערע, און אַנשטאָט צו גיין אַ ריקודל און זינגען אַ זמרל, הייבט ער גאָר אָן צו זאָגן: „איכה ישבה בדד"...

# קאפיטל XLVIII

די אוקראַינע איז אַלץ אָפּגעטראָטן, אָפּגעטראָטן אויף צוריק, דורכ־לאָזנדיק דעם צוג מיט די „בני־משה" אַראָפּ, אַראָפּ אויף מערב.

אַרום עלף אין דער פרי האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט אין פּראָסקור־ראָוו. דאָ בייט מען איבער דעם לאָקאָמאָטיוו און מען פּילט אָן דעם זאַפּאַס פון וואַסער. בכלל איז אין פּראָסקוראָוו דער גרעסטער אָפּשטעל אויף דעם גאַנצן מאַרשרוט: קיעוו — לוואָוו. דהיינו: אַ שעה מיט 15 מינוט. אַלע פּאַרשוינען האָבן אויסגעשאָטן אויף דער סטאַנציע. יעדן איינעם באַזונדער האָט מיט אַ מאָל צוגעשלאָגן צום האַרצן אַ הייסער שטראָם פון ליבשאַפט: צו דער אוקראַינער ערד; צו אירע וועלדער; טייכן; הימלען; סטאַנציעס... יעדן איינעם האָט זיך געוואָלט כאָטש נאָך אַ ביסעלע זיך דורכשפּאַצירן אויף דער דאָזיקער ערד, וואָס שווימט אָפּ פון זיי אויף אייביק... אויף דער דאָזיקער ערד, וואָס טרייבט זיי אַראָפּ פון זיך... וואָס פאַרשליסט אירע טויערן הינטער זיי...

אויף דער לעצטער ליניע, ביים סאַמע פּלויט, איז געשטאַנען אַן אומענדלעך־לאַנגער לאַסטצוג, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן: מיט קליינע נאַפט־ציסטערנעס, מיט קוילן, אָבער אַממערסטן — מיט צעבראָכענע אויטאָס און מיט צעקאַליעטשעטע עסקאַוואַטאָרס — רעשטלעך פון דער קריג. דער לאָקאָמאָטיוו איז געשטאַנען מיטן קאָפּ צו מזרח — אין דער טיף פונעם לאַנד, און אומגעדולדיק לאָזנדיק פון זיך די פּאַרע, האָט ער שווער געסאָפּעט. פונעם וואָקזאַל איז אַרויסגעגאַנגען אַ פרוי אין אַ רויט היטל — דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע. זי איז געווען אָנגעטון אין מענערישע שטיוול, און אין אַ קורץ, שנייוויים פּעלצעלע מיט אָפּגעגילדעטע קנעפּ. זי איז אַ פּנים געגאַנגען אָפּשיקן דעם לאַסטצוג. שלמה מיט אַ גאַנצער כאַפּטע באַגלייטערס און באַגלייטערינס האָבן, פאַרנעמענדיק די גאַנצע ברייט פון די פּלאַטפאָרמעס, אַרומגעשפּאַצירט אַהין און צוריק. דער נאַטשאַלניק איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַקעגן, זיי האָבן איר מיט אָפּשיי געמאַכט אַ וועג און האָבן זי דורכגעלאָזט. אויף איין אויגנבליק האָט שלמה באַמערקט איר פּראָפיל און עס האָט זיך אים עפּעס אַ דאַכט געטון, אַז ערגעץ ווו האָט ער שוין אַ מאָל געזען אָט די פרוי. אָט דאָס שוועבנדיקע גענגעלע; אָט די מאַטע באַקן; און אָט דער צעשויבערטער לאָק הינטערן אויער האָבן אים זיכער אין עמעצן דערמאָנט, אָבער גיי זיי אַ נביא — אין וועמען? אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער אומגעלומפּערט־ברייטער קוימענפּיסק פונעם לאָקאָמאָטיוו מיט אַ כריפּע אויסגעשפּיגן אין הימל אַריין אַ וואָלקן מיט קוילנשטויב. אַלע לאַסטוואַגאָנעס, מן הקצה אל הקצה, האָבן זיך ווי פון אַ שטויס אַ וואָרף געטון און האָבן קלינגענדיק מיט די בופערס, און אונטערהעצקענדיק זיך מחמת די ווייניק־נאָכגעלאָזטע טאָרמאָזן, אַוועקגעטאַנצט אין דעם שנייאיקן רחבות אַריין. דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנ־

ציע איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע און האָט נאָכגעקוקט דעם אַפּגייענדיקן צוג, דאַן האָט זי זיך געלאָזט גיין צוריק אין וואָקזאַל אַריין. שלמה האָט זיך אינסטינקטיוו אומגעקוקט אויף איר און ווידער האָט זיך אים אַ דאַכט געטון, אַז זי איז אים ביז גאָר קענטלעך.

ווען זי האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט די שפּאַצירנדיקע, האָט ער זיך מער נישט געקענט גובר זײַן און האָט זי אָפּגעשטעלט:

— אַנטשולדיקט, חברטע —

זײַי האָבן זיך שטום געקוקט אין די אויגן. שלמהס באַגלייטערס האָבן נישט פאַרשטאַנען: וואָס וויל ער פון איר?

זי האָט אים שטרענג געפרעגט:

— חבר, וואָס דאַרפט איר?

— מאַרינקאַ קריוואָרוטשקאָ, איר דערקענט מיך נישט?

דאָס „רויטע היטל" האָט געמאַכט אַ שפּאַן אויף צוריק און פאַרלוירן אַרויסגעשטאַמלט:

— איר ווייסט מײַן נאָמען?

און אין אַ ווײַלע אַרום, זיך רויטלענדיק:

— עפּעס קומט בײַ מיר אויס, אַז איך האָב אײַך אַ מאָל אויך ערגעץ געזען, נאָר ווו — געדענק איך נישט... כאָטש נעמט מיר אַראָפּ דעם קאָפּ, קען איך זיך נישט דערמאָנען...

— יעוובאַז... סלאַוומע... ניט שוין זשע קענט איר זיך טאַקע נישט דערמאָנען?

די פרוי, מיט אַן אומבאַגרײַפלעכן דערשרעק אין די אויגן:

— שטייט! איר זענט צופעליק נישט — סאָלאָמאָן? יאָ! בײַ גאָט, ס'איז סאָלאָמאָן... גאָט מײַנער! פּאָזשאַרסקי — אויף מײַן וואָרט! זדראַוו, סאָלאָמאָנטשיק... די צונג לייגט זיך מיר גאָר נישט דיר צו זאָגן „דו"... נו־נו, אַ מאַסקאַראַד! קום, טײַערער, איך דאַרף נאָר אויפנעמען אַ צוג פון לוואָוו, דאַן גיב איך גלײַך איבער די וואַכטע און בין אין גאַנצן אין דײַן רשות... און ווער זענען אָט די אַלע?

אַלע האָבן געמוזט מיטגיין מיט איר אין איר קאַבינעט. דאָס ערשטע האָט זי אַראָפּגעכאַפּט דאָס טרייבל:

— סטאַנציע? פאַרבינדט מיך מיט דעם שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט! ווער רעדט? גיט מיר דעם קאַבינעט פון ניקאָלאַי זאַכאַראָוויטש. יאָ, דאָס ווײַב... ניקאָלאַי? גיכער צו מיר! דו שטעלסט זיך גאָר נישט פאָר, וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבן. נ־נ־ניין, איך זאָג נישט. איך וויל נישט זאָגן. דו ביסט נישט קליין אַליין צו דערקענען. קום זשע גלײַך —

זי האָט אָן אַ „זײַ געזונט" אָנגעטון דאָס טרייבל אויפן אַפּאַראַט און האָט תיכף אויפגעהויבן אַן אַנדערס:

— קאָמוטאַטאָר? * ביטע, גיט מיר דעם דעפּאָ. ווער איז דאָרט? סאַ־

---

* אַ טעלעפאָן־קנופּ־סטאַנציע, דורך וועלכער מען פאַרבינדט זיך מיט דער הויפּט־טעלעפאָן־נעץ.

וויעליטש? גאווריליא דעניסאָוויטש! דעם קיעווער צוג קיין לאָקאָמאָטיוו נישט דערלאַנגען! גיט שוין איבער דעם דיספּעטשער מיין באַפעל.

זי האָט איבערגעלאָזט די געסט ביי זיך אין קאַבינעט און איז גע־לאָפן אויפנעמען דעם אָנקומענדיקן שנעלצוג. אין עטלעכע מינוט ארום האָט זיך דער לוואָווער צוג ווידער אָפּגעטראָגן מיט אַן אימפּעט אין דער ריכטונג קיין קיעוו, קיין מאָסקווע. ביני וביני איז פון דער שטאָט אָנגע־קומען איר פּאַרטרעטער און זי האָט אים איבערגעגעבן דאָס „רויטע היטל". תוך כדי דיבור איז „נישט טויט, נישט לעבעדיק" אָנגעלאָפן ני־קאָלאַי: אַ הויכער, אַ שיינער, מיט צוויי מיליטערישע אָרדענס אויף דער ברוסט. מאַרינקע כאַפּט אים האַסטיק אָן פאַר אַ האַנט:

— ניקאָלאַי, אנו פּרוווּ דערקענען צווישן אָט די חברים אונדזערן אַן אַלטן „זיעמליאַק"... *

ניקאָלאַי קוקט אויפמערקזאַם יעדן איינעם באַזונדער אין די אויגן אריין און ווערט ברוגז אויפן ווייב:

— דו האָסט אַ פּנים נישט פון וועמען צו לאַכן, האַ? איך זע אָט די אַלע חברים צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן —

— קוק נאָך אַ מאָל... קוק זיך בעסער צו...

ער קוקט נאָך אַ מאָל, ער קוקט זיך בעסער צו... ער שמייכלט אַ פאַר־לוירענער און קוועטשט מיט די אַקסלען. שלמה קען מער נישט פאַרטראָגן אָט די שפּיל אין באַהעלטעניש. ער גייט האַסטיק צו צו אים:

— זדראַוו, ניקאָלאַי, ברודער מיינער —

ניקאָלאַי קוקט טאָ אויף שלמהן, טאָ אויף מאַרינקען; ער וואַרפט מיט די אויגן פון אים אויף איר און פון איר אויף אים; ער פאַרשטייט נישט; ער שטאַמלט:

— וואָס? קיעוו? לאָמאָוואַצקי?

— יאָ, יאָ... קיעוו... לאָמאָוואַצקי...

— סאָלאָמאָן!

— ניקאָלאַי!

זיי האָבן זיך שטאַרק ארומגענומען און האָבן זיך צעקושט גלייך אין די ליפּן. ניקאָלאַי, טייטלענדיק אויף שלמהס באָרד:

— וואָס איז דאָס?

— דאָס זענען האָר —

— אָבער —

— אַזוי ווי דו זעסט... אָן אָן אָבער... אָן אַקסיאָמע!

— אָן עק! קומט. קומט אַלע! קום, מאַרינקע. נו, און דו האָסט אים גלייך דערקענט?

— דערקענט? ווי אַזוי איז דען מעגלעך אים צו דערקענען, אָט דעם טערקישן שייך?

---

* אַ חבר, אַ פריינד, אַ לאַנדסמאַן.

שלמה גיט אַ ווונק צו זיינע באַגלייטערס:

— נו, חברה, מיר ווען גיין.

מאַרינקע טאַראַשטשעט אויס אויף אים אַ פּאָר אויגן:

— וווהין איז דאָס גייעניש?

— דער צוג —

— האָב נישט קיין מורא, דער צוג וועט נישט אַוועקגיין אָן אייך...

זי ווענדעט זיך צום נייעם נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע:

— פאַמיטש, גאָלובטשיק, גיי זיך דורך אין דעפּאָ, און שמועס איבער מיטן מאַשיניסט פונעם קיעווער לאָקאָמאָטיוו, — איך וועל אים דאָ אַ ביסל פאַרהאַלטן — אַז ער זאָל זיך דערנאָך אַ ביסעלע צואיילן און אומבאַדינגט אַריינשפּרינגען צוריק אין גראַפיק.

שלמה שטעלט זי אָפּ:

— אפשר דאַרף מען נישט? צו וואָס טויג דאָס דיר? פאָלג מיך, ס'איז נישט כדאי —

זי ענטפערט בייז:

— שווייג! איך פרעג ביי דיר נישט! דאָ בין איך נאַטשאַלניק! דו קענסט זיך האַלטן דיסציפּלינירט?

אין ניקאָלאַיס גרויסאַרטיקן „זים״ האָבן זיך אַריינגעזעצט: אפרים־אהרון, שלמה מיט יוכבדן, סאַמויל לאַזאַראָוויטש מיט סעסיל פּעטראָוונען, די סוקאָלסקיס, דינה מיט מרימען, זבולון און דער אַלטער חזקיה. מאַרינקע האָט נישט געקענט איינזיצן אויף איין אָרט. זי איז געפאָרן שטייענדיק. ניקאָלאַי האָט אַליין געפירט דעם אויטאָ. אין שטוב האָבן די געסט זיך באַקענט מיט זייערע יינגערע קינדער, באַקוקט זייער וווינונג, און זייער געלויבט מאַרינקעס געשמאַק אין באַלעבאַטישקייט. שלמה שלאָגט איבער די „עקסקורסיע״:

— וואָס טויג מיר די גדולה מיט דער דירה? די צייט איז ביי אונדז באַגרענעצט. ניקאָלאַי, דערצייל בעסער: ווער זענט איר היינט, וואָס זענט איר היינט און ווי אַזוי קומט איר אַהער?

ניקאָלאַי גיט אַ שמייכל:

— וואָס איז דען דאָ צו דערציילן? קיין שום אויסערגעוויינלעכס! אַ געשיכטע גלייך מיט אַלע איצטיקע געשיכטעס. מיך האָט מען אין יוני גלייך מאָביליזירט. כמעט דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה. איך האָב נאָר באַוויזן מאַרינקען מיט די קינדער אָפּצושיקן קיין סווערדלאָווסק. אין דער מלחמה בין איך געווען דריי מאָל פאַרוווּנדעט און אַלע דריי מאָל — שווער פאַרוווּנדעט: אין בויך, אין קאָפּ, אָבער דאָך, ווי דו זעסט, בין איך געבליבן לעבן. מאַרינקע — ווי אַ פרוי פון אַ „פּאַרטייאַישן״ — איז אין סווערדלאָווסק באַלד אָפּגעשיקט געוואָרן אויף זעקס־חדשימדיקע אייזנבאַן־קורסן און פון דאַמאָלסט אָן טוט זי שוין נישט אויס דאָס „רויטע היטל״. צום אַלעם ערשטן איז זי געווען נאַטשאַלניק סטאַנציע ערגעץ אויף אוראַל, און דערנאָך — אין טיכאָריעצקאַיאַ, וואָס ביים דאָן. און פון נאָך דער

מלחמה, ווידער אויף דער אוקראַינע, אין פּראָסקוראָוו. דו ווייסט נישט? אין דער פרעמד מעג דיר זיין ווי גוט, דאָך ציט דאָס האַרץ — אַ היים! אויף דער אייגענער ערד!

— דו דאַרפסט מיר לאַנג נישט געבן צו פאַרשטיין... מיר איז גוט באַקאַנט דאָס דאָזיקע געפיל...

— נו, אַט דאָס איז עס! איך בין איצט דער ערשטער סעקרעטאַר פון דעם שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און זי איז נאַטשאַלניק סטאַנציע. די קינדער אַרבעטן און לערנען. איצט ווייסטו שוין אַלץ ביזן לעצטן פּאָדעם. אָן עק, דערציילט שוין דו! וווהין פאָרסטו דאָס?

— דאַכט זיך, אַז פאַר אייך מוז איך נישט מאַכן דערפון קיין סוד? מאַרינקע צינדט זיך אָן ווי אַ שוועבעלע:

— ווי אַזוי וואַגסטו גאָר אַזוינס צו פרעגן?

שלמה ענטפערט איר מיט אַ שמייכל:

— איך פאָר קיין פּאַלעסטינאַ —

— קיין פּאַלעסטינאַ?

— יאָ, קיין פּאַלעסטינאַ... וואָס זשע איז דאָ דער ווונדער אַזוי גרויס? פאַר וואָס ווונדער איך זיך נישט אויף דיין אומקערן זיך קיין פּראָסקוראָוו?

— נאָר איינער, איך ווונדער זיך נישט! פּונקט פאַרקערט, איך וויל אויך...

— דו גאָר? וואָס פעלט דיר דאָ? קדחת, מיינע שונאים?

— איי, רעד נישט אַזוי. ס'איז אַ קאַפּעטשקעלע נישט אַזוי יומטובדיק, ווי דו מיינסט. עס פעלט אַ סך, אַ סך... פרייהייט פעלט... און דאָס, ליבער, איז ערגער פון אַלץ... איך פיל דאָס נישט אַזוי שטאַרק, ווי ניקאָלאַי... צייטנווייז דערגייט אים אַזוי צום האַרצן, אַז עס ווערט אים נמאס דאָס לעבן... בקיצור, סאָלאָמאָן, דו נעמסט אונדז מיט? ניקאָלאַי, מיר פאָרן?

שלמה, לאַכנדיק:

— ס'איז געמאַכט! אויב דו קענסט אונדז געבן אַ צוג דירעקט ביז מאַרסעל אָדער ביז טריעסט — דאַן נעם איך אייך מיט...

ניקאָלאַי שלאָגט זיי איבער דעם שפּילעוודיקן פלירט:

— שלמה, צו וואָס טויגן דיר נאַרישע רייד? זי קען דיר אַזוי געבן אַ צוג ביז טריעסט, פּונקט ווי דו קענסט זי מיטנעמען קיין ירושלים. איר זענט ביידע גוטע פאַנטאַזיאָרן... וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? אַ—האַ! באַקען מיך בעסער מיט די געסט, מיט יעדן איינעם באַזונדער: אַט דער פּאַטריאַרך, איז דיין פאָטער?

— יאָ, מיין פאָטער.

— זייער אָנגענעם זיך מיט אייך צו באַקענען, פאָטער פּיאַטיגאָרסקי. איר האָט אַ העלדישן זון! און אָט דער, סאָלאָמאָן, איז דיין זיידע?

— ניין ברודער, איך האָב נישט זוכה געווען, אַז מיין זיידע זאָל מיט

אונדז אויך מיטפאָרן. אים האָט היטלער אויפגעהאַנגען. דאָס איז מיינער א פריינד, אן אזיאַטישער ייד —

— און אָט דער טונקעלער יונגערמאַן?

— זיינער א זון. ער האָט זיך ערשט אומגעקערט פון סאַלאָווקי — ביידע קריוואָרוטשקעס טאַראַשטשען אויס אויף אים די אויגן:

— פון סאָ—לאָוו—קי? פון סאַלאָווקי זיך אומגעקערט?

— יאָ, פון סאַלאָווקי. אומגעקערט. איר קענט אָפּנעמען א גרוס, אויב איר האָט דאָרט עמעצן...

— און אָט דער יונגערמאַן, ווער איז?

— מיינער א גוטער ברודער, א בוכהאַלטער. און דאָס איז זיין פרוי.

— נו, און אָט די באַרישניע?

— דאָס איז שוין נישט קיין באַרישניע, נאָר א דאַמעטשקע. מיין שוועסטער.

— זייער אָנגענעם. און אָט די חברטע?

— אונדזערע א נאָענטע פריינדין, א דאָקטער.

— ...און פאָרט אויך?

— און פאָרט אויך —

— מאַרינקאַ, אפשר אויף אן אמת, וואָלטן מיר אויך געפאָרן? און אָט די דאָזיקע חברטע ווער איז?

— מיין פרוי...

מאַרינקע בייגט זיך צו און פרעגט שלמהן אויפן אויער:

— נישט יענע? איאָ ניין?

יוכבד רופט זיך אָן מיט א שמייכעלע:

— מאַרינקאַ, איר מעגט פרעגן העכער. נישט יענע, ניין.

ניקאָלאַי וויל טאַקע אַלע קענען. ער פרעגט שלמהן ווייטער:

— און אָט די חברטע איז —

— אן אזיאַטיש ווייבל, אונדזערע אן אַלטע חברטע.

מאַרינקע איז נייגעריק אַלץ צו וויסן:

— אפשר יענע?

שלמה פאַרקנייטשט דעם שטערן:

— וועלכע יענע? א—הא! יאָ... יענע, יענע... די זעלבע. אויך א מאַרינקאַ. איך האָב שוין גאָר פאַרגעסן, אז דו ווייסט די גאַנצע מעשה. און דו געדענקסט טאַקע אַלץ...

— פאַרוואָס זאָל איך נישט געדענקען?

ניקאָלאַי איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק:

— און אָט דער חבר, ווער איז?

— א וועלטבאַרימטער קאָמפּאָזיטאָר, אן אָרדענטרעגער...

— ...און פאָרט אויך?

— וואָס פרעגסטו? אודאי פאָרט ער אויך... ווי דען, ער בלייבט דאָ?

משוגע איז ער? חברים קריוואָרוטשקאָ, עס זענען נאָך בסך־הכל געבליבן צוועלף מינוט צום אָפּגאַנג פון צוג —

מאַרינקע שטעלט אַריין קאַלטבלוטיק:

— ביזן אָפּגיין פונעם צוג איז נאָך געבליבן אַ שעה מיט צוועלף מי־נוט! אויף אַ גאַנצער שעה האָב איך אים געהייסן פאַרהאַלטן. אַך, אַזעל־כע געסט! אַזעלכע געסט! ניקאָלאַי, העלף זיי זיך אויסטון און איך וועל גרייטן צום טיש.

שלמה פאַרהאַלט זי:

— מאַרינקע, דו ווייסט דאָך, אַז מיר עסן נישט —

— שווייג, דו, אַז נישט פאַרסטו ביי מיר אין גאַנצן נישט... ווידער אַ מאָל דיין לידל: אייער, טרוקענע בארן?

מאַרינקע האָט פלינק פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שטיוול מיטן פעלצל, זי איז אַריין אין איר ציווילן קלייד און האָט גלייך באַקומען דעם זעלבן אויסזען, וואָס צוריק מיט אַכצן יאָר אויף יעוובאַז, כאָטש זי איז שוין איצט אַלט געוועזן כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפל דאַמאָלסט. עס זענען אָנגעקומען די עלטערע קינדער פון דער אַרבעט, פון די שולן און האָבן זיך מיט אַלעמען באַקענט. די געסט האָט גאַרנישט געהאָלפן, יעדער איי־נער האָט עפּעס געמוזט טועם זיין פונעם כיבוד. ענדלעך האָט ניקאָלאַי פאַרנומען זיין אָרט אַלס שאָפער און אַלע צוזאַמען מיט די באַלעבאַטימס קינדער זענען אָפּגעפאָרן צום וואָקזאַל. אין וואַגאָן האָט מאַרינקע יעדן באַזונדער געדריקט די האַנט; די „אוקראַינער אַזיאַטלעך”, אָדער די „אַזיאַ־טישע אוקראַינצעס” — ווי זי האָט אָנגערופן די פריש געבוירענע ייִנגעלעך — האָט זי אַ קוש געטון: דעם אין בייכעלע, דעם אין הינטנדל; דאַן האָט זי ערשט אָנגעזאָגט מרימען ווי אַזוי זיי אויסצוציען די ביינדעלעך בשעתן באָדן. דער אַלטער זלפהן האָט זי געשענקט דעם פּוכענעם שאַרף פונעם האַלדז. די יונגע קריוואָרוטשקאָס האָבן געלערנט די קינדער עפּעס אַ נייַ־עם פּאָקוס מיט שוועבעלעך. ניקאָלאַי, שלמה און ביעלסקי האָבן מיט ערנסטע פּנימער עפּעס געשמועסט אין ווייטסטן ווינקל פונעם וואַגאָן...

און גערעדט האָט ניקאָלאַי שיטער־שיטער, מגלה טפח ומכסה טפחים, ווי פּאַר אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאַרטיי־אַרבעטער פּאַסט צו רעדן. ער האָט געזיפט זיינע רייד ווי דורך אַ געדיכט זיפּל — אַ וואָרט זאָגט ער און צען פאַרשלינגט ער:

— דאָס וואָס מאַרינקע האָט פאַרזשוזשעט די אויערן: לאָמיר פאָרן, לאָמיר פאָרן — דאָס איז געפּלוידערט סתם אין דער וועלט אַריין! אַ רוס פאָרט קיין מאָל נישט אַוועק פון רוסלאַנד, פּונקט אַזוי גוט ווי אַ ייִד פאָרט קיין מאָל נישט אַוועק פון פּאַלעסטינאַ. צי עס לעבט זיך גוט, צי עס לעבט שלעכט — איז מען אָבער פאָרט ביי זיך אין לאַנד, נישט אין דער פרעמד. וואָס, ניין אפשר? ביי זיך אין לאַנד לעבט מען ביז מען שטאַרבט און מען פאָרט נישט אין ערגעץ. אָבער איר... יידן... איר טוט נישט נאַריש, וואָס איר פאָרט אַוועק פון דאַנען...

שלמה, הייזעריקלעך:

— וואָס זשע, וואָס?

— וואָס הייסט — וואָס? די אוקראַינע איז שטאַרק פאַרסמט מיט אַנטיסעמיטיזם... אין דער צייט פון היטלערן האָבן זיי דאָ געטרונקען יידיש בלוט פאַר וואַסער...

שלמה, נאָך הייזעריקער:

— איז דאָך פאַר היטלערן! איצט איז דאָך דאָ אַ ראַטנמאַכט אויף דער וועלט —

ניקאָלאַי האָט פאַנורע אַרויסגעבורטשעט:

— יאָ... ס'איז דאָ אַ ראַטנמאַכט... אודאי איז דאָ אַ ראַטנמאַכט! וואָס דען, ס'איז נישטאָ? אָבער נישט נאָר די אוקראַינע איז פאַרסמט... דער דאָזיקער גיפט האָט אין זיך אַ געפערלעכע אייגנשאַפט: ער גיט זיך זייער לייכט איבער... ער איז אויסערגעוויינלעך אַנשטעקנדיק...

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, אַ בלאַס געוואָרענער, פרעגט מיט אַ כריפּלע ביי־קול:

— חבר קריוואָרוטשקאָ, זאָגט, מאַטערט נישט: איר ווייסט עפּעס קאָנקרעטס? איך לאָז דאָ איבער אַ שוועסטער... אַ גאַנצע משפּחה...

ניקאָלאַי ברומט אַרויס אומצופרידן:

— געערטער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס דאַרפט איר מיך איבערפרעגן: קאָנ־קרעטס, קאָנקרעטס... איר דאַרפט וויסן, אַז איך קום גאַנץ אָפּט אַריין צו ניקיטאַ כרושטשאָוו... פּראָסקוראָוו איז אַן אָנגעזעענער צענטער און דער־צו נאָך — אַ גרענעץ־זאָנע... איך, אַז איך זאָג עפּעס, זויג איך עס נישט אויס פונעם פינגער... און נעם עס נישט פון דער סטעליע... מיינע רייד האָבן שטענדיק אַ יסוד... דאָס קאַפּיטל „יידן" איז נאָך ביי אונדז נישט פאַרענדיקט... עס וועט נאָך דאָ מיט זיי פאָרקומען פאַרשידנס... מיט איין וואָרט, מיינע פריינד, וואָס איז דאָ פאַראַן פיל צו רעדן? איך בין אייך ערוב, אַז עס וועט אייך קיין מאָל נישט באַנג טון, פאַר וואָס איר זענט אוועקגעפאָרן... איך גיב אייך דערויף מיין ערנוואָרט...

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט מען דעם פאַרהאַלטענעם צוג דער־לאַנגט אַ לאָקאָמאָטיוו. מאַרינקע האָט פערזענלעך באַדאַנקט דעם מאַשי־ניסט, פאַר דער טובה, וואָס ער האָט איר געטון, און יענער איז געווען העכסט גליקלעך דערמיט, וואָס ער האָט צופרידנגעשטעלט די שטרענגע, אָבער זייער שיינע נאַטשאַלניצע.

מיט אַ פאַרשפּעטיקונג ריכטיק אויף אַ שעה, איז דער צוג אָפּגעגאַנ־גען צו דער אַלטער גרענעץ.

די בלענדנדיקע זון און דער נאָך מער בלענדנדיקער שניי, האָבן כהרף־עין אויסגעכאַפּט ביי די פּאַסאַזשירן די שטאָט פּראָסקוראָוו צוזא־מען מיטן וואָקזאַל —

---

און ווידער זענען די פאַרשנייטע פעלצער מיט דער זון געוואָרן: מקשה אחת... אַ צונויפשמעלץ פון: זהב וכסף ונחושת...

# קאפיטל XLIX

לעמבערג!
די אַלטע יידישע שטאָט — לעמבערג!
לעמבערג — די שטאָט פונעם: „טורי־זהב"!
די שטאָט פונעם: „ישועות־יעקב"!
די שטאָט פונעם „שואל ומשיב" — ר' יוסף שאול נאַטאַנזאָן!
לעמבערג — די ערשטע „זאַגראַניטשנע"* שטאָט נאָך רוסלאַנד, אַראָפּ צו, אויף מערב.

דער נאָמען לעמבערג האָט אָנגעוויעט אויף שלמהן סטייעס און סטייעס מיט יוגנט־זכרונות. אַלץ פון אַמאָל־אַמאָל, פון צוריק מיט פיל, פיל יאָרן — כד הוי טליא... בר בי רב...**

דער דאָזיקער ברייטביינערדיקער, הדרת־פּנימדיקער, מיוחסדיקער נאָמען — לעמבערג — רופט אַרויס ביי שלמהן די, שוין לאַנג מיט אַש פון צענדליקער יאָרן פאַרשאָטענע, געפילן פון די חדר־יאָרן — לעמבערגער ש"ס!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נעמט אַ ייִנגל אַ ווילנער ש"ס־גמרא אין דער האַנט, כאַפּט אים אָן אַן אימה ופחד, ווי מען וואָלט אים אַריינגעפירט אין פּאַלאַץ צו אַ גרויסן מלך און מען וואָלט אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין אין אַ זאַל, וואָס איז באַהאַנגען און באַקלאַנגען מיט גאָלד און מיט זילבער און מיט בריליאַנטן פון די געוויסע מינים: אודם פטדה וברקת און שהם און ישפה און כל המינים אבנים טובות ומרגליות. אַרום אים ליגן אויסגעלייגט אַלע אוצרות פון דער מלכת־שבא און פון אַלעקסאַנדער מוקדון און פון אַלע איבעריקע בעלי־אוצרות שבעולם — מטמונים מיט מטמונים, וואָס עין לא ראתה! די מאַסיווע, לעדערנע, גאָלדענע טאָוולען מיט די פייער־רויטע שער־בלעטער, וואָס זענען אויסגעפּוצט מיט פאַרשידענע מינים חיות ועופות; כפתורים ופרחים, פעמונים ורמונים וגביעים משוקדים — אַ שרעק! די קנאַקנדיקע בלעטער און די צענדליקער גערדיכטע מפרשימלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום און אַרום ביים רבינס טיש, ווי די גרויסע חסידים מיט די זיידענע גאַרטלען, מיט די סאַמעטענע היטעלעך און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס... אָט דאָס אַלץ מאַכט דאָס ייִנגעלע ציטערן און פּלאָטערן, אַז ער ווייסט נישט אַ וואָרט פון דעם, וואָס ער לערנט. הלל ושמאי הערן אויף צו זיין צוויי שול־יידן, וואָס האַלטן זיך איינער דעם צווייטן ביי די לאַצן און יעדער פון זיי טענהט אַריין אין זיין בר־פּלוגתא זיינע סברות ונימוקים — זיי ווערן מיט אַ מאָל שרים ורוזנים! ס'איז צו זיי נישט צוצוטרעטן, ווי צום קיסר! רב אמי ורב אסי — מיניסטאָרן! יושבים ראשונה במלכות! רבה ורב יוסף — גרויסע גענערעלער, פעלד־

---

* אויסלענדישע.

** ווען ער איז נאָך געווען אַ בחורל... אַ חדר־ייִנגל...

מאַרשאַלן! אויף זייערן אַ ווונק „גיסט זיך בלוט אין די גאַסן"; דאָס גאַנ־צע חייל שטייט פאַר זיי כעבדא קמא מרא! רב נחמן ורב ששת — פון די ערשטע יועצים! די „רעכטע האַנט" ביי „אים" אַליין, כביכול...

...זיצנדיק פאַר אָט דער פּריצישער גמרא, וועלכע איז אויסגעפּוצט „אין עסיק און אין האָניק" ווי אַ כלה צום באַדעקנס, האָט זיך דעם חדר־יינגל געבענקט נאָך דעם צעקנייטשטן חומש מיט די פאַרשמאַלצעוועטע און פאַרטאַבעקטע ברעגן, פּונקט ווי יום־כפּור — אין גרויסן טאַראַראַם פון די כפּול־שמונהדיקע, הימל־שרייענדיקע, האַרצרייסנדיקע, „על־חטא'דיקע" און „שמע־קולנו'דיקע" שמונה־עשרהס — פאַרבענקט זיך שטאַרק דעם פּשוטן יידן נאָך דער שטיל־שווייגנדיקער, ליבהאַרציקער, וואָכעדיקער שמונה־עשרה... אין יענע „עטלעכע בלעטלעך" איז ער עפּעס ווי ביי זיך אין דער היים; דאָרטן ווייסט ער שוין, וו וואָס עס ליגט און וו וואָס מען דאַרף זוכן... ביי „רפאנו", ווייסט ער, בעט ער אַ רפואה פאַר זיין קראַנקער יידענע; ביי „ברך עלינו" בעט ער אויף פּרנסה, אַז די חיונה זאָל אָנקור־מען אַ ביסל גרינגער און אַ ביסעלע בכבודיקער, עס זאָל נישט זיין קיין מחיה־בזויה, ווי ביז אַהער... ביי „תקע בשופר" בעט ער, אַז משיח זאָל שוין קומען, מען זאָל שוין אויפהערן אַזוי פאַרשוואַרצט ווערן... ביי „ולמלשינים" בעט ער בדמעות־שליש, אַז דער פּריסטאַוו און דער איס־פּראַווניק, די המנס, די צוררי־היהודים זאָלן אָנלייגן מיט די קעפּ... און דערנאָך גייט „ולירושלים" און דערנאָך „אב הרחמן" און „שים שלום" איז אויך אַ נייטיקע בקשה, אָבער אַלץ: אין דריי ווערטער און אויף אַ היימישן לשון און שאַ־שטיל, אָן רעש, אָן געפּילדער, נישט מיט אַזאַ האַרמידער, און נישט מיט אַזאַ „הימל עפן זיך"... דאָ ווייסט ער נישט פון זיין חיות, וואָס מען וויל פון אים און וואָס ער דאַרף וועלן... ס'איז צו אַ גרויסער יאַריד פאַר אים, ער פילט זיך דאָ ווי אויף אַ פרעמדער פור... אַ פּנים, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע — לא ברעש ד'! ולא ברוח!! ולא באש!!! כי אם בקול דממה דקה —

ניין, ניין! דאָס חדר־יינגל האָט נישט געקענט היימיש ווערן מיט דער ווילנער גמרא, ער האָט נישט געקענט ווערן מיט איר „נפש אחת", פון אירע בלאַנקנדיק־ווייסע, „פאַרמעטענע" בלעטער, האָט אויף אים געטראָגן מיט אַ קעלט, מיט — דע לפני מי אתה עומד!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נעמט אַ יינגל אין דער האַנט אַריין אַ זשיטאָמירער ש"ס־גמרא, פילט ער זיך נאָך אויך נישט איבעריק היימיש, אויך פרעמדלעך, אָבער פון דעסט וועגן — שוין פיל דרייסטער ווי מיט אַ ווילנער גמרא. זשיטאָמי־רער ש"ס איז שוין נישט בחינת מלך און אפילו נישט בחינת שני למלך! זשיטאָמירער ש"ס איז ביים יינגעלע אין די אויגן בבחינת דוכס ונסיך.* אויך: אזור עור אזור במתניו; אויך אָנגעטון אין לעדער פונעם קאָפּ ביז די פיס — אָבער שוין נישט אַזאַ עכטער! אויף די שער־בלעטער — אויך

* אַ פּרינץ, אַ הערצאָג, אַ פירשט.

גרויסע, שיינע אותיות מיט פאַרשידענע „דריידלעך“, אָבער שוין נישט מיט קיין גאָלד! שוין נישט מיט אַזוי פיל: שרפים וחיות ואופני־הקודש... פּאַפּיר — אויך „קנאַקנדיקס“, אָבער שוין נישט מיט אַזאַ קנאַק! די מסיבה „אַרום טיש“ — אויך אָנגעפּיקעוועט מיט מפרשים און מיט הגהות; אויך באַלעגערט מיט „מראה מקום׳ס“ און מיט „עיין שם׳ס“, ווי עס איז באַלעגערט מיט פּושטי־ייִד דער צוטריט צו דער „שיסל“ אין שול, ערב יום־כפּור פאַרנאַכט; אָבער ס׳איז שוין פאָרט נישט אַזאַ גרויס גיים, ווי אין די „הענט־אָפּרייסנדיקע“ ווילנער גמרות —

זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס ביי דער אָפענער מסכת פון זשיטאָמירער ש״ס, האָט דאָס ייִנגעלע דעם געפיל, ווי מען וואָלט אים מזמין געווען אויף אַ סעודה צו די ראָטשילדס אָדער צו די בראָצקיס. דער בעל־הבית איז טאַקע אַ פיינער ייִד און ער וויל בפירוש מיטן גאַנצן הארצן, אַז די אורחים, וואָס זענען פאַרבעטן צום טיש, זאָלן ביי אים עסן און טרינקען און זיך לאָזן ווילגיין, און אויפן טיש איז אָנגעגרייט פון כל טוב — כיד המלך! נאָר וואָס דען? — עס גייט עפּעס נישט! דער ביסן קריכט עפּעס נישט אין האַלדז אַריין! די זילבערנע לעפל־גאָפּל; די אַכצנערליי טעצעלעך און שעלעכלעך; דער טעסטנייער טישטעך מיט די שעמערירנדיקע סאַלפעטקעלעך — ניין, ס׳איז נישט צוגעפּאַסט פאַר קיין חדר־ייִנגל! ס׳איז לא ימלט, אַז ער זאָל עפּעס נישט פאַרפלעקן, עפּעס צעקנייטשן, עפּעס וואָס עס איז טון נישט כדבעי למהוי... אַט די פּריצישע מאַניערן בשעת דער אכילה, דאָס שטומע איבערווינקען זיך, דער שטרענגער „אין מסיחין בסעודה“* — ניין! עס עסט זיך נישט! ס׳איז עפּעס צו יומטובדיק!

—— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— —— ——

נעמט אַ ייִנגל אַ סלאַוויטער גמרא אין די הענט, ווערט אים עפּעס אומהיימלעך אויף דער נשמה, אַזוי ווי בשעת מען גייט אַרויף צו אַ גרויסן צדיק אויפן „ציון“.** פון די דאָזיקע פאַרעלטערטע גמרות ווייעט אויף דעם בחורל מיט דער בעלשמסקע קדושה פון ר׳ פנחס קאָריצער ז״ל, דער זיידע פון די „בעלי דפוס סלאַוויטע“; פון די געשמיסענע שאַפּיראָס; פון די זעלבע, וואָס מיט פיל יאָרן שפּעטער האָבן זיי אַליין טאַקע מיסד געווען די הייליקע סלאַוויטער דרוק. די פאַרגעלטע און פאַרגרינטע בלעטער דערציילן, אַז די פּאַרצייטישע דרוקערס, חסידים ואנשי־מעשה, זענען געגאַנגען טבילה פאַר יעדן בלאַט באַזונדער. דאָס איבערגעטרוקנטע, ערטערווייז צעשפּאַלטענע פּעלעכל, דערמאָנט עפּעס זייער שטאַרק אין מעשה־הקרבנות:

...ועורם מעליהם הפשיטו... *** ...עורות אילים מאדמים... ****

---

* מען טאָר נישט רעדן בשעת דעם עסן, אַנדערש פאַרדייעט נישט גוט דער מאָגן די שפּייז. פון דער גמרא. ** קבר, אוהל.

*** ...און מען האָט פון זיי אַראָפּגעשונדן די הויט... פון נביאים.

**** דאָ געמיינט: די הויט פון די גרויסע מענטשן, וואָס איז געווען איינגעטונקען אין רויטן (בלוט). פון חומש.

דעם חדר־ייִנגל איז עפּעס געווען פריקרע פון אַט די גמרות צו לער־נען אַזעלכע טאָג־טעגלעכע ענינים ווי: שור שנגח את הפרה... במה מדליקין ובמה אין מדליקין... שנים אוחזין בטלית... פון די דאָזיקע הונדערטיע־ריקע גמרות האָט געוויייעט מיט דער קדושה פון דער מערה פון ר׳ שמעון בן יוחאי; פון דער מערה, ווו אליהו־הנביא איז נתגלה געוואָרן צום בעל־שם־טוב; מיט דעם חדרל, ווו דער מהר״ל הקדוש האָט אריינגעבלאָזן לעבן אין דעם גולם... ניין! פאַר דעם קינדס פילנדיק הערצעלע איז שווער געווען צו פאַרוואָכעדיקן אַט די מיט קדושים־בלוט דורכגעווייקטע גמרות מיט אַזעלכע „חמור—אייזל״ שמועסן ווי: האשה ניקנית בשלשה דרכים... נערה שנתפתתה... בתולה שבגרה... בת־כהן שזינתה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גיט אַ חדר־ייִנגל אַ מיש די פאַרחושכטע בלעטער פון אַן אַמסטער־דאַמער ש״ס־גמרא, שטייען אויף פאַר זיינע אויגן אַלע גרוילנדיקע מעשות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין די טונקעלע בין־השמשות־שעה׳ן פון די עלטערע ייִנגלעך, וואָס לייענען שוין אין די מעשה־ביכלעך עד קריאת־הגבר. פון די ספורים נוראים, וואָס עס געבן איבער די בחורימלעך פון דער עלטערער כתה, ווייסט דער גאַנצער חדר אַלע מעשים אשר לא יעשו פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אויך ווייסן זיי, אַז דער „גירוש״ האָט אַזוי לאַנג געוואַנדערט און געוואָגלט איבער די מדינות־הים, ביז כמעט אַלע גולי ספרד זענען מגולגל געוואָרן אין דער מלכות־החסד פון האָלאַנד, ירום הודה, און האָבן זיך באַזעצט בקביעות אין אַמסטערדאַם.

מישנדיק די כמורע בלעטער פון דער אַמסטערדאַמער גמרא, דאַכט זיך דעם גמרא־ייִנגל, אַז ער רירט אָן מיט די הענט די פייכטע ווענט פון די טיפע קעלערס, ווו די מאַראַנען פלעגן פראַווען זייערע סדרים, אָדער ער רירט אָן די פאַרבלוטיקטע ווענט פון די אינקוויזיציע־מערות. צווישן די שורות פלאַנטערן זיך אים שווידערלעכע צורות פון: געשחטענע, צע־ריסענע, פאַרשרפעטע — אָן אַ שיעור פנימער! בחורים וגם בתולות, זקנים עם נערים, קינדערלעך, ערשט אויסגעפּיקטע עופעלעך — אַ המון רב! דאָס קינד כאַפּט צו די פינגערלעך פון דער גמרא מיט אַן אימה ופחד... ער האָט נישט די העזה צו זינגען זיין געוויינלעך גמרא־ניגונדל בשכנות מיט אַט די „געברענטע״ ייִדן —

— מעשי־ידי טובעים בים — ואתם אומרים שירה?

ווי אַזוי ער זאָל נישט נוהג־כבוד זיין מיט דער דאָזיקער גמרא: נישט קנייטשן די ברעגן פון די בלעטער; נישט באַהאַלטן צווישן די בלע־טער פאַר אַן „עין־הרע״ קיין שום טריף־פסול; נישט איבערלאָזן די גמרא קיין אָפענע אָן אַ טיכעלע פון אויבן, ווען ער גייט אַרויס אויף אַ באַדער־פעניש — דאָך דאַכט זיך אים נאָך אַלץ, אַז ער פאַרשוועכט מיט עפּעס די הייליקייט פון יענע טויזנטער צדיקים, שמסרו נפשם על קדושת־השם...

נעמט דאָס גמרא־ייִנגל אין די הענט אריין אַ פּיעטרקאָווער גמרא, אפילו אַ יוזעפאָווער, צי אַ לובלינער, ווער שמועסט — אַ ווארשעווער, טאַקע באַזונדערס: אַ ווארשעווער, דאכט זיך אים אויס, אַז פארקערט: אַז די דברים העומדים ברומו של עולם פון דער הייליקער גמרא זענען דאָ עפּעס ווי אריינגענומען געוואָרן אין שותפות פון די ווארשעווער גרויסע סוחרים. די גמרא כשהיא לעצמה איז אויפן אויסזען: אַ דיקלעכע, אַ קור־צינקע, ווי אַ נישט דערוואַקסענער גרויסער בחור, אָדער ווי אַ צו הויך געוואַקסן קליין ייִנגל; די טאָוולען — באַצויגן מיט שווארצער, שטייפער לייוונט — אי עס זאָל זיין שטארק, אי עס זאָל זיך אַזוי גיך נישט פּאַטש־קען — תכליתדיק פּארזאָרגט, מעשה בעל־הבית; די שער־בלעטער — אָן איין צאַצקע! מעשה־נערות? — פע! די אותיות — גרויסע, שווארצע, פּירעקיקע, ווי די ציפערן אויף דער בערזע! אַ רענדל ארויף, אַ רענדל אראָפּ — אַבי דאָס מסחר איז געמאַכט... דאָס פּאַפּיר — ווייסלעך, נישט צו גראָב, אָבער נישט סתם דינינקס, נאָר טאַקע אַזוי דורכזיכטיק, אַז מען קען כמעט לייענען אויף דער זייט, וואָס ס'איז אָנגעדרוקט אויף דער צווייטער זייט... דער גאַנצער געשטעל: פונעם פאָרמאַט מיטן אויס־זען ביזן פּאַפּיר מיט די אותיות, איז געמאַכט געוואָרן אָן אַ ברעקעלע פאַנטאַזיע, אָן אַ שמץ פון הלך־נפש, פון יופי והוד, אויף אָפּצורוען דע־רויף דאָס אויג... על מי־מנוחות ינהלני... מנע! אַזוי האָט אַ פּנים דעם „מוציא לאור" בעסער געלוינט דער עסק... דער עיקר איז פּענוסע —

דאָס ייִנגעלע האַלט די גמרא אין די הענט און... און איז עפּעס נישט „ביי זיך אין דער היים". זיין קינדערשע שפּירעוודיקייט זאָגט אים אונטער, איז דאָ איז עפּעס פארשוועכט געוואָרן אַ דבר שבקדושה. דער מדפיס פון די דאָזיקע גמרות — פילט דאָס צאַרטע הערצעלע — האָט מהחל ועד כלה אין זינען געהאַט בלויז זיינע אייגענע אינטערעסן און האָט אפילו אויף קיין איין רגע נישט קיין טראַכט געטון וועגן אים, דעם בחורל, וועלכער דאַרף אָפּזיצן איבער אָט דעם ספר הונדערטער און טויזנ־טער שעה'ן; וועלכער דאַרף זיך אָפּשפּאַרן פון דעם גאַנצן עולם־החיצון און בלייבן מיט אָט דער גמרא פּנים אל פּנים אויף טעג און נעכט, אויף ימים ושנים...

דאָס ייִנגעלע האַלט די קורצע און בייכיקע גמרא מיטביידע הענט און הייבט אָן „אריינצוקריכן" אין דער סוגיא פון „חזקת־הבתים" —

„אי זו היא חלון המצרית, כל שאין ראשו של אדם יכול ליכנס לתוכה" — *

אביי ורבא ווערן מיט אַ מאָל פרעמדע ייִדן, שוין נישט אָט די גוט־ברודערישע יונגעלייטלעך, וואָס אין די ווינטערנעכט פירן זיי אָפּ דאָס ייִנגע־לע פונעם חדר אַהיים; רב ושמואל האָבן דאָ אַ פּנים ווי צוויי מעקלערס,

* „וועלכעס ווערט אָנגערופן: „אַן עגיפּטיש פענצטער"? — אַ פענצטער, וואָס ס'איז אַזוי שמאָל, אַז דער מענטש קען נישט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ דורך דעם".

ביידע ביטערע אביונים, אָדער שדכנים־דלפנים, וואָס פאַר אַ פּחות משוה־פּרוטה וועט איינער דעם צווייטן יורד זיין עד לחיינו; ר׳ יוחנן וריש לקיש זעען דאָ אוים ווי בייזע קרעמערם, וואָס קריגן זיך און קריכן איינער דעם צווייטן אין די גרגרת אריין פאַר אַ דבר־שיבוש; דאָס זענען אַזעלכע בעלי־מחלוקת, וואָס זענען קאַפּאַבל אַריינצופּאַרן איינער דעם צווייטן אין דער באָרד אריין, אָדער וואַרפן איינער דעם צווייטן אַ געוויכטל אין קאָפּ אריין...

ניין, ניין, דאָס חדר־ייִנגל איז נישט צונויפגעוואַקסן געוואָרן מיט די גמרות פון די נאַליעווקעס...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווער שמועסט, טאָמער האָט זיך נאָך גראָד געפּאַקט צו דער האַנט אַ גמרא, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין איינער פון די דריי „אינס״: שטעטין, ווין, אָדער בערלין — דאַן איז שוין דאָס בחורל לחלוטין געווען ווי „אויף אַ פערעמדער פּור״. דעם אמת געזעדט, האָט מען דווקא די ארויס־געבערס פון די דאָזיקע שס׳ן קיין שום באַזונדערע חסרונות נישט געקענט פאָרוואַרפן: אי די פאָרמאַטן זענען געווען „מיט אַ גאַנג״; אי די לעדערנע „מאַנטלען״ זענען געווען „ראוי לאותו דבר״; אי דאָס פּאַפּיר, אי די דרוק, מיט איין וואָרט — הכל מוכן לסעודה. אָבער די „סעודה״ אַליין איז געווען דעם אוקראַאינישן ייִנגעלע נישט באַטעמט. עפּעס האָבן די דאָזיקע גמרות געשמעקט מיט דייטש, מיט נוסח אשכנז — עפּעס האָבן זיי אויסגעזען, ווי אַ גוטער־ייִד אין אַ קאָזאַצקע פּאַפּאַכע! * די צורה פון די אותיות איז געווען אַ פרעמדע; דאָס מסדר זיין פון די מפרשים — אַ נישט געוווינטע; די ציורים אויף די שער־בלעטער — נישט קיין היימישע, עפּעס כמו ווי קאַטעדראַלע... פון אָט די אַלע אין פּלוג געגומען: „שטותים״, האָט געוויינט אויף דעם פרומען חדר־ייִנגל מיט טעמפּל; מיט גאָטעס־דינסט; מיט קאַנטאָר; מיט אָרגל; און — מיטן „ביאור״... **

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אַן אמתן עונג־רוחני, אַן אמתן הרחבת־הדעת האָט דאָס חדר־ייִנגל געהאַט, ווען דער פאָטער האָט ערגעץ געפּאַקט פאַר זיינעט וועגן אַ לעמבערגער ש״ס־גמרא. יעדעס מאָל, ווען דאָס ייִנגעלע פלעגט זי אויפעפענען, האָט זיך אים געדאַכט: ער איז געקומען צו דער מאַמען אין שטוב אריין! די גמרא האָט געהאַט די געהעריקע לענג און די געהעריקע ברייט — „פּונקט אויף צו נעמען אונטערן אָרעם״. ווייטער איז זי געווען אַ לייכטע! זי האָט געהאַט אין זיך בלויז אָט די: זעקס־זיבן־אַכט מפרשים,

* אַ שמויסן היטל.

** אַ פּירוש אויף חמשה חומשי תורה פון משה מענדעלסאָן. פרומע ייִדן לאָזן אַזאַ חומש נישט אַריינטראָגן אין שטוב אַריין, מאָטיווירנדיק דאָס מיט: ספר־תורה שכתבה מין — תשרף.

וואָס מען האָט געלערנט אין חדר, און טאַקע נישט מער! די אותיות האָבן זיך עפּעס ווי געלאַשטשעט צו דער נשמה, געגלעט די אויגן ווי דאָס פּליושענע קעפּעלע פון אַ טייבעלע. זיי זענען עפּעס געווען אַזעלכע נאָענטע, אַזעלכע היימישע, כמעט ווי אין דער מאַמעס „קרבן מנחה". די „מענטשעלעך" און די „קוויטעלעך" אויף די שער־בלעטער — כמעט ווי אויפן „מזרח", וואָס הענגט אין שטוב אויף דער וואַנט. דאָס פּאַפּיר — נישט אַזוי שניידנדיק־ווייס, ווי אין די ווילנער גמרות; נישט אַזוי ליאַרע־מענדיק, ווי אין די זשיטאָמירער; נישט אַזאַ פאַרעלטערטס און פאַרגעלטס, ווי אין די סלאַוווטער; נישט אַזאַ פאַרחושכטס און פאַר׳יגונ׳דיקטס ווי אין די אַמסטערדאַמער; עס שרייט נישט אַראָפּ פון דעם דער „אדמת־נכר", ווי פון די דייטשע ש"ס׳ן; עס איז אויך נישט אַזוי דין און דורכזיכטיק, ווי ביי די „אויסגערויכערטע ליוולעס" פון וואַרשע; נאָר ס׳איז מחיה־נפשות עס אָנצונעמען אין דער האַנט; מחיה צו לערנען פון דעם; מחיה אַ בלעטער צו טון: גלאַט ווי פּליוש; דער קאָליר — געלבלעך, אתרוגדיק, ממש עס דערקוויקט דאָס אויג! און צו אָט די אַלע מעלות — עפּעס כמו ווי פּאַר אַ „קנות־סעודה", אָדער אַזאַ מין „פרפראות לחכמה" — נאָך אַ שיידל אויף אַריינצוליייגן די גמרא, עלעהיי — „בתים" אויף די תפילין.

דעם דאָזיקן בחורל, וואָס ס׳האָט אָפּגעגליקט צו קריגן אַ לעמבערגער ש"ס־גמרא, דער איז געווען דער גליקלעכסטער אין חדר! שיר נישט בלויז אַ דאַנק דער גמרא, האָט דאָס דאָזיקע ייִנגל געקענט בעסער פון אַלע זיינע חברים...

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

— לעמבערג, לעמבערג! וויפל טויזנטער און צענער טויזנטער: משה־לעך און שלמהלעך, אברהמעלעך און יאַנקעלעך האָבן זיך בימים ההם געקוויקט מיט דיינע פּרעכטיקע גמרות... וויפל נעכט, „בלילי טבת הארוכים", אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון דער רוסישער אימפּעריע, זענען ייִדישע קינדערלעך מיט שוואַרצע אייגעלעך, מיט הויכע שטערנדלעך און מיט געקרייזלטע קעפּעלעך איבערגעזעסן איבער דיינע שיינע גמרות, זיך געשאָקלט, זיך שיין צוגעזונגען און געשעפּט חכמה־אלהית פונעם ערשטן מקור...

— עיר ואם בישראל — לעמבערג! צי איז נאָך אין דיר כאָטש פאַרבליבן אַ זכר פון דעם אַלעמען?

— כאָטש ד׳ אמות?

— כאָטש אַ טפח על טפח?

— כאָטש אַ זכר לחורבן?

— צי האָט זיך אין דיר נאָך פאַרוואַלגערט, ערגעץ אונטער אַ סטריכע, אין אַ קעלער־ווינקל, בחורין ובסדקין — כאָטש אַ רמז דרמיזא אויף דיין אַמאָליקער קדושה???

# קאפיטל L

די ערשטע בשורות־טובות, וואָס די „בני משה" האָבן דערהערט אויפֿן לעמבערגער וואָקזאַל זענען געווען:

— עמך, היט זיך די ביינער, ווי גאָט איז אייך ליב. ס'איז געפּער־לעך אויף דער גאַס ארויסצוגיין —

— די בענדעראָווצעס זענען פֿול אומעטום... און וואַנקעס אַגענטן — אויף יעדן טריט און שריט —

— אַן עשאַלאָן, זאָגט מען, וועט ערשט זיין אין צוועלף טעג ארום —

— ער האַלט שוין ביים עשאַלאָן, האַלט ער שוין! דאָס ערשטע איז, גיין זיך רעגיסטרירן אין יידישן קאָמיטעט —

— וואָס האַקט ער אַ טשייניק, וואָס... קאָמיטעט, קאָמיטעט, נאַ דיר אַ ציבעלע פֿאַרן גאַנצן קאָמיטעט... קאָמי — טעט, איז דיר נישט דאָס זעלבע, וואָס: קאָמי — אַ. ס. ס. ר. די גאַנצע מעשה מיטן קאָמיטעט האָט די ווערט אַ פּעטרישקע, אַ ציבעלע־שאָלעכץ! דער עיקר איז — דאָס איבערקומען אין אַ גוטער שעה די שוויצבאָד פֿון דער נ. ק. ג. ב. *

— אוי וויי! אין נ. ק. ג. ב. איז טאַקע אַ פּחד צו גיין... מיט סכנת־נפשות... אַ פּאָלקאָווניק. אַ קריסט —

— ...און יעדער איינער מוז אַליין גיין... איינער פֿאַר דעם צווייטן — דאָס נישט! צום קאָמיסאַר — נאָר אַליין —

— זעט איר, אין קאָמיטעט קען יאָ איינער אָפּטון פֿאַר אַלע. פּכע! אויך מיר אַ אינסטיטוציע — קאָמיטעט! אַ יידישע מלוה־מלכה... מען קען דאָרט מאַכן, וואָס מען וויל...

אָנגעהערט זיך מיט אָט די אַלע זיסע ידיעות, האָבן די ראשי־המדברים פֿון די „בני משה" פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט די יידישע מעקלער־לעך מכח דינגען אַ גרויסע דירה, נישט ווייט פֿונעם שטאָטצענטער. ווי אַזוי גאָט וועט פֿירן, אָבער אויף דער גאַס קען מען דאָך נישט בלייבן ליגן. דאָס וואַרפֿט זיך דער וועלט נאָך מער אין די אויגן. בלויז דאָס אַליין: דאָס נישט האָבן קיין מקום־מקלט און זיך וואַלגערן ביים וואָקזאַל מיט פּיצלעך קינדער, זאָגט צו דער מיליץ: „נעם מיך!"; „איך בין עס די ווערט!"... לאַנג זוכן קיין משולחים האָט מען נישט געדאַרפֿט. בעלנים אויף צו כאַפּן מזומנע עטלעכע רובל מעקלעריי, האָבן זיך דאָרטן געפֿונען איבער געגנוג. פּוילישע יונגעלייטלעך, פּוילישע ווייבלעך, זענען מיט די טראַמווייען זיך צעפֿאָרן איבער אַלע עקן פֿון דער שטאָט, אויפֿ־צוזוכן אַ פּאַסיקע דירה פֿאַר „די דריי בערד מיט דעם קינדערהיים". אין עטלעכע שעה ארום האָבן זיך שוין די אַזוי־גערופֿענע „בני משה" געפֿור־

---

* נ. ק. ג. ב. — פֿאָלקס־קאָמיסאַריאַט פֿאַר מלוכהשער זיכערקייט. דאָס זעלבע וואָס ג. ק. וו. ד., נאָר פֿאַר אויסערן־ענינים.

נען אין אַ גרויסאַרטיקער וווינונג פון זעקס צימערן. דאָס איז געווען אַ ליכטיקע דירה, אַ וואַרעמע, מיט פּאַרקעטנע פּאָדלאָגעס, מיט פּאָלירטן מעבל. פאַר דער דאָזיקער דירה־נאה האָבן זיי געצאָלט אַ קייל־עכדיקע סו־מע: טויזנט רובל אַ מעת־לעת! נישט מער, נישט ווייניקער. און אַ דאָ־לאַר האָט צו יענעם טאָג געקאָסט בלויז 100 רובל. דאָס האָט אויסגע־מאַכט אַ הון רב...

וואָקאַ־בויגנס * פאַר אַלעמען, האָבן אין קאָמיטעט אויסגעפּועלט און באַקומען אויף דער האַנט: יוכבד, סעסיל פּעטראָוונאַ און דינה, אָבער צום קאָמיסאַר פון דער נ. ק. ג. ב. נאָכן רויטן שטעמפּעלע, האָט טאַקע געמוזט גיין יעדער איינער באַזונדער. עס פאַרשטייט זיך — חוץ קינדער, וואָס זענען נאָך נישט אַלט געווען קיין זעכצן יאָר —

די אימה און דער פּחד זענען געווען גרויס עד אין לשער —

עס האָבן געפּרוווט גיין די יונגע פרויען און זענען אַלע אַריבערגע־גאַנגען בשלום דעם פּאַפּירענעם בריק; די צוויי עלטערע יידן — אויך בשלום; איצט איז געקומען די ריי אויף דעם דריטן „עלטערן יידן" —

ווען שלמה איז אַריינגעקומען אין דעם אויפנאַם־צימער, האָט ער געטראָפן וואַרטן צום נאַטשאַלניק אין קאַבינעט אַריין אַ ריי פון אַכט מענטשן. אין וואַרטצימער איז געזעסן אַן עלטערער מענטש, אַ לייטענאַנט. לויטן אויסזען — אַ קאַלט פאַרשווינדל; אַ שטרענגער און אַ שווייגער. ער האָט ביי יעדן באַזונדער צוגענומען דעם פּוילישן דאָקומענט צוזאַמען מיטן אויסגעפילטן וואָקאַ־בויגן. דאַן האָט ער אין אַ לאַנגער ליסטע פונעם קאָ־מיטעט אָפּגעזוכט דעם זעלבן נאָמען; צוגעגלייכט די נומערן פונעם דאָקו־מענט; דורכקאָנטראָלירט די אָפּטאַציע; די אידענטישקייט פון ד'עם מענטשן מיטן בילד — און ערשט דאַן האָט ער אָפּגעטראָגן די גאַנצע דאָקומענ־טאַציע צום נאַטשאַלניק אין קאַבינעט אַריין. ווען מען איז ענדלעך אַריינ־גערופן געוואָרן „לפני ולפנים", האָט זיך דאָרט יעדער איינער פון די באַ־זוכערס געזאַמט נישט מער ווי פון דריי ביז פינף מינוט...

שלמה האָט אויסערלעך אויסגעזען גאַנץ רואיק, אָבער אונטערן הארצן האָט אים אַזש געקילט דאָס בלוט אין די אָדערן פאַר שרעק. די קניען האָבן מאָדנע געציטערט, אין מח האָבן געקלאַפּט אָן אַ שיעור העמערלעך — די ערשטע און די לעצטע ערנסטע באַגעגעניש מיט דער ו'אַטנמאַכט... במראה אליו אתודע... במראה ולא בחידות... פנים אל פנים... אַ גרויל גייט אים דורך איבערן לייב: אַז מיט קיין שום זאַך איז ער נישט צו־געגרייט צום פאַרהער: קיין וואָרט פּויליש קען ער נישט; קיין נאָמען פון קיין גאַס ווייסט ער נישט; טאַקע נאָר איין גאָט זאָל אויף אים רחמנות האָבן...

אַריבערטרעטנדיק די שוועל פונעם קאַבינעט, האָט זיך שלמה אַ וואַקל געטון אויף די פיס, ווי פון אַ מעכטיקן שטויס אין דער ברוסט: הינטערן

---

* אַזאַ מין אַנקעטע פאַר יעדן מענטשן, וואָס ווערט רעפּאַטריאירט.

טיש איז געזעסן זשוראַוולִיאָוו — דער עלטערער לייטענאַנט פון דער געפּעאו אין יאָר 1932, איצט אַ פּאָלקאָווניק פון דער נ. ק. ג. ב. מיט אַ פאַר־שטאָרבן האַרץ, זאַגנדיק ודוי אין געדאַנק, איז שלמה צוגעגאַנגען צום טיש און איז שטיין געבליבן ווי אַן איינגעגראָבענער. יענער, אָן וועלכן ס'איז אויסדרוק אויפן פּנים, האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים. אין אַ ווײַלע אַרום, ווען דער „מאַגנעט" האָט אָפּגעלאָזט, האָט ער אַראָפּ־געלאָזט די אויגן. די אומרואיקע קנייטשן אונטער די אויגן און אויפן שטערן, זענען מנוחהדיק פאַרגלעט געוואָרן. משמעות — ער ווייסט שוין, וואָס ער דאַרף צו וויסן. מיט אַ ווונק האָט ער אים געהייסן זיך אוועק־זעצן. שלמה האָט זיך מעכאַניש צוגעזעצט. זשוראַוולִיאָוו האָט נאָך עט־לעכע מאָל געכאַפּט אַ קוק טאָ אין דעם עוואַקאָ־בויגן, טאָ אויף אים, און האָט קאַלט געפרעגט:

— אייער פאַמיליע־נאָמען?

— כאַזאַן!

— דער ערשטער נאָמען?

— שמואל.

— וווּ זענט איר געבוירן?

— אין ראָוונאָ.

מיט אַ מאָל האָט דער נאַטשאַלניק האַסטיק זיך אַ הייב געטון פון זיין שטול, מיט צוויי ריזיקע שפּאַן איז ער שוין געווען ביי דער טיר און האָט עטלעכע מאָל איבערגעדרייט דעם שליסל. ווען ער האָט זיך אומגע־דרייט פון דער טיר, האָט אַן אומפאַרשטענדלעך שמייכעלע אַ ווײַלע גע־קרימט זיינע ליפּן. אַליין דאָס נישט פילנדיק, האָט שלמה זיך אויך אויפ־געהויבן פון זיין בענקל. דערזעען שלמהן אַ שטייענדיקן, איז דער פּאָלקאָוו־ניק צו אים צוגעלאָפן, האָט אים אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף די אַקס־לען און קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן האָט ער מיט אַ פריינדלעך שמייכעלע געפרעגט:

— שלמה, דו דערקענסט מיך?

— יאָ, חבר זשוראַוולִיאָוו —

— אָט אַזוי האָב איך ליב! אָפנהאַרציק ווי אַ באָלשעוויק! גיב מיר דיין האַנט. דאַרפסט פאַר מיר נישט קיין מורא האָבן, איך בין דיין פריינד.

— כאָטש איך פאַרראַט מיין פאָטערלאַנד?

— ס'איז נישט אמת, דו פאַרראַטסט עס נישט! דו מאַכסט אויף זיך אַליין אַ בלבול. דאָס הייסט נישט קיין פאַרראַט. פּשוט דו האָסט זיך שוין אין דיין לעבן גענוג אָנגעליטן, און ווילסט שוין מער נישט ליידן. און זייער גלייך טוסטו. עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן פון דיין זייט, ווען דו נוצסט נישט אויס אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט... אָדנים סלאָוואָם * — דו ביסט אַ מאָלאָדיעץ! אַזוי דאַרף טאָקע זיין!

---

* מיט איין וואָרט.

שלמה האָט זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן. מיט הייסע טרערן האָט ער געדריקט זשוראַוווליאָווס אויסגעשטרעקטע האַנט.

— די פרוי כּאַזאַן, וועלכע איז דאָ געווען פריער מיט אַ שעה, אָדער צוויי, דאָס איז דיין פרוי?

— יאָ, מיינע.

— זייער אַ סימפּאַטישע פרוי. ווער נאָך פאָרט מיט דיר?

אויף שלמהס געזיכט צעשפּרייט זיך פּלוצלינג אַ טויטע בלאַסקייט. פאַר זיינע אויגן גיבן זיך אַ יאָג פייערדיקע קאַרעטעס, נאָר ער רופט זיך אָן געלאַסן און רואיק:

— בירגער פּאָלקאָווניק נ. ק. ג. ב., מיט מיר און מיט מיין פרוי קענט איר טון, וואָס איר ווילט, אָבער קיין פרעמדע מענטשן וועל איך נישט אויסגעבן... איר קענט דאָך מיך אַ ביסל... איך האָב שוין געשמעקט פּולווער...

— ע, שלמה, איך זע, אַז דו האָסט נאָך אַלץ צו מיר נישט קיין צוטרוי... מענטש איינער, איך בין דאָמאָלסט געווען דיין בעסטער פריינד און בין עס אויך היינט... גוואַלד, ווי אַזוי איבערצייגט מען דיך אין דער ריכטי־קייט פון מיינע רייד? ווי אַזוי מאַכט מען עס, אַז דו זאָלסט זיך אויפהערן צו קווענקלען?

שלמה גיט אים שאַרף אַ קוק אין די אויגן:

— איך גלייב אייך! חבר זשוראַוווליאָוו, פון דער מינוט אָן גלייב איך אייך —

— שלמה, מיין צייט דאָ איז זייער באַגרענעצט... איך וויל קומען צו אייך... איך מיט מיין פרוי... פאַרבעטן אייך צו זיך, טאָר איך נישט... עס רינגלען אונדז אַרום טויזנטער נישט קיין געוווּנטשענע אויגן... דערלויב זשע אונדז צופאָרן צו אייך. מיר וועלן פריילעך פאַרברענגען אַ שעה, צוויי...

— ווער איז דאָס — אונדז?

— זאָג איך דיר דאָך, ווער... מיר מיט מיין פרוי... אַ—האַ! איך האָב דיר פאַרגעסן דערציילן: איך האָב דאָך חתונה געהאַט. דו מוזסט זי געדענקען —

— איך — אייער פרוי?

— כ'בעט דיך, הער מיך אויף „אירצן". יאָ, דו — מיין פרוי. עס קען נישט זיין, אַז דו זאָלסט זי שוין האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן. איידער מען האָט דיך אָפּגעשיקט אין טורמע אריין, אַז מען האָט דיך נאָך גע־האַלטן אויף יעליזאַוועטינסקע, ווען דו ביסט דאָרט געלעגן אין שפּיטאָל, איז דאָרטן געווען אַ קראַנקן־שוועסטער אין משין פון אַ סערזשאַנט — קלאַווא ליסניצקאַיאַ —

— קלאַ—ווא?

— אַיאָ דו געדענקסט זי? זעסטו שוין?! איז זי, די זעלבע קלאַווא, מיין פרוי, נאָך פונעם יאָר 1934. מיר האָבן שוין פיר קינדערלעך. זי איז ביי מיר אַ מאַלאָדיעץ. נאָך פאַר דער מלחמה האָט זי געענדיקט אויף

דאָקטער. זי איז ביי מיר אַ כירורג. געווען אויף אַלע פראָנטן. באַלד נאָך דער קריג האָט זי געאַרבעט אין ראָסטאָוו, איצט אַרבעט זי אין לעמבערג. זי איז: דירעקטאָר פון דער צווייטער קליניק. זי וועט זיך זייער דערפרייען מיט דיר. נאָך דעם איבערפירן דיך אויף לוקיאַנאָווקע, פלעגט זי נאָך לאַנג, לאַנג דיך דערמאָנען. איך ווייס אפילו פון די בריוועלעך, וואָס זי פלעגט טראָגן צו דיינע עלטערן אויף סאָלאָמינקע. אָ! דו ביסט איר, געדענק איך, געווען שטאַרק געפעלן, און אויך מיר — דו ביסט אַ העלד! נאָר איך פאַרזיכער דיך, אַז זי וועט דיך נישט דערקענען. די באָרד ענדערט דיך אַזוי שטאַרק, אַז דו ביסט גאָר אַן אַנדער מענטש! זי ענדערט דיך שרעקלעך, זאָג איך דיר! איך האָב דיך שוין גיכער דערקענט אין קול, איידער אינעם פּנים. נו, דו האָסט שוין נישט קיין מורא פאַר מיר?

שלמה האָט אים אויפגעגעבן זיין אַדרעס און די נייטיקע „פאַר ווער־טער", וואָס מען דאַרף זאָגן ביים אַריינקומען, ער האָט צוגענומען דעם געשטעמפּלטן עוואַקאָ־בויגן און איז אַרויסגעגאַנגען פונעם קאַבינעט.

אַלע מענער און פרויען, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי אין פעד־דערשטן צימער, האָבן אים נאָכגעקוקט מיט גרויס מיטלייד, וואָס מען האָט אים דאָרט אַזוי לאַנג געטרייבערט די אָדערן...

*

אין דעם זעלבן טאָג, קרוב צו צען אַ זייגער ביי נאַכט —

שוואַרץ ווי טינט, געדיכט ווי סמאָלע און קלעפּיק ווי סאַזשע האָט גע־הויערט דאָס חשכות אויף דער ביי־גרענעצדיקער שטאָט. אַ יונגערמאַן מיט אַ פרוי האָבן לאַנגזאַם אַרומגעשפּאַצירט איבער איינער פון די לעמ־בערגער צענטראַלע גאַסן. זיי האָבן אומאויפהערלעך געמאָסטן די גאַס: אַרויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף, און האָבן זיך אַלץ נישט געקענט באַ־פרייען פון דעם געפיל, אַז ערגעץ פון אַ געהיימען שפּאַלט האָט עמעצער אויף זיי אַן אויג. זעענדיק, אַז דער קאָשמאַר וויל זיך נישט אָפּטון פון זיי; דער חשד, אַז עמעצער גיט אויף זיי אַכטונג וועט זיי שוין נישט לאָזן רוען אַ גאַנצע נאַכט, זענען זיי געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: זיי האָבן זיך האַסטיק געלאָזט גיין אין קאָכיקן צענטער פון דער שטאָט. דעם הויפּט־פּלאַץ האָבן זיי דורכגעשניטן מיט שמיידיקע שפּאַן. דאַן, צוקומענדיק צו אַ שטילערן קוואַרטאַל, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך אָפּצושטעלן ביי יעדער קינאָ און איבערקוקן די אַפישן; ביי יעדער רעקלאַמנע־בודקע און איבער־קוקן אַלע פאַרשידענע אַנאָנסן און סתם מודעות. ווען זיי האָבן צופעליק באַמערקט דעם נאָמען פון דער גאַס לעבן וועלכער זיי געפינען זיך, זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין דער ערשטער קינאָ, וואָס האָט זיך זיי געטראָפן אין וועג; בסקירה אחת האָבן זיי כלומרשט געכאַפּט אַ קוק אויף די בילד־לעך, וואָס זענען געווען אַרויסגעשטעלט אויף אַ דיקטענעם טאָוול; דאַן האָבן זיי געקויפט בילעטן אויף דער ווייטסטער ריי און זענען גלייך דורכ־געגאַנגען אין זאַל אַריין. איצט — זענען זיי געווען זיכער — אויב עמעצער

האָט זיי אפילו יאָ נאָכגעקוקט, איז ער שוין אויך אוועקגעגאַנגען. על־כל־פנים — אויף צוויי, דריי שעה. אָפּגעזעסן אַ ביסל, משום מראית־עין; דער פילם איז נאָך אפילו נישט געגאַנגען קיין פערטל שעה, ווי זיי — זיצנדיק כמעט סאַמע ביים אַרויסגאַנג — האָבן זיך שטיל אויפגעהויבן פון די ערטער און האָבן, טרעטנדיק אויף די שפּיץ פינגער, פאַרלאָזט דעם זאַל. אַרויסגייענדיק אין פּאָיע זענען זייערע פּנימער געווען שטאַרק פאַרצאָרנט. אויפן שטויננענדיקן בליק פונעם פאַרוואַלטער האָט דער מאַן געענטפערט מיט פאַרדראָס אויף זיך אַליין:

— עך, טשאָרט פּאָביערי! * מיר האָבן שוין געזען דעם דאָזיקן פילם... זעען צוויי מאָל די זעלבע זאַך איז נישט אינטערעסאַנט... אומזיסט דאָס געלט אַרויסגעוואָרפן... וואָלט כאָטש געווען וועמען אוועקצושענקען די בילעטן, איז ווי אויף צו להכעיס נישטאָ קיינער —

און ווירקלעך: נישט ביי דער קאַסע, נישט אויף דער גאַס ביי די בילדער מיט די אַנאָנסן איז נישט געווען קיין „משוגענער הונט"... און וואָס איז די רבותא? אַז דער פילם גייט שוין אַזוי לאַנג — צו וואָס זשע איז שוין דאָס קוקן?

און דערויף האָט דאָס פּאָרפאָלק אַרויסגעקוקט, אַז עס זאָל קיינער נישט זיין —

אויף דער גאַס האָבן זיי מיט די אויגן ווידער דורכגעזיפּט די זעלטענע דורכגייער, און ערשט ווען זיי האָבן זיך אויף פעסט איבערצייגט, אַז קיינער שפּירט זיי נישט נאָך, האָבן זיי מיט אַנטשלאָסענע טריט זיך אוועקגעלאָזט אויף דער פריער באַמערקטער גאַס. אין איין הרף־עין האָבן זיי זיך געפונען אין די טונקעלע שאָטנס פון די שלאָפנדיקע מויערן. נישט האָבנדיק לאַנג צו גיין, זענען זיי פלינק פאַרשוווּנדן געוואָרן אין איינע פון די פּאַראַדנעס. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט מען אין דער וווינונג נומער 2, פון דעם הויז נומער 29, אויף מיצקעוויטש־גאַס, אָנגעקלאַפּט פיר מאָל און גלייך נאָך דעם — צוויי מאָל. רבקה האָט אויפגעשלאָסן די טיר און האָט אַריינגעלאָזט אַ מאַן מיט אַ פרוי. ביידע זענען געווען ציוויל געקליידט. לויט דער הלבשה איז געווען צו זען, אַז אָט די מענטשן פעלט נישט קיין זאַך. דער מאַן האָט געזאָגט דעם אָפּגעשמועסטן „פּאַראָל" און זי האָט זיי דורכגעפירט אין די אינעווייניקסטע צימערן צו די „בני משה". ווי נאָר די געסט האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל, איז שלמה זיי אַקעגנגעלאָפן און איז מיט ברענענדיקע אויגן שטיין געבליבן פאַר קלאָ־ווען. פאַר אים איז געשטאַנען די זעלבע קלאַווא, וואָס מיט פערצן יאָר צוריק. נישט מער, וואָס איצט האָט זי אויסגעזען עפּעס ערנסטער און פרויאישער. אין דער היים, אַז סערגיי האָט זי געבעטן גיין מיט אים, האָט ער איר געזאָגט געציילטע עטלעכע ווערטער:

— מיר גייען זיך זען מיט דיינעם אַן אַלטן „זיעמליאַק" —

---

* דער רוח זאָל דאָס נעמען!

און כאָטש האָק אים און בראָק אים האָט ער מער נישט געוואָלט זאָגן קיין איין וואָרט:

— מיר וועלן קומען אַהין, וועסטו אַליין זען —

איצט איז זי שוין געקומען און זעט און ווייסט נישט, וואָס זי זעט...

קלאַווא איז געשטאַנען אַ דערשטוינטע און אַ פאַרלוירענע. זי האָט געקוקט, געקוקט און האָט זיך אויסגעדרייט צום מאַן מיט אַ שולדיק שמייכעלע:

— בקיצור, סטיאָפּאַ, זאָג שוין, ווער דער דאָזיקער חבר איז, איך קען בשום אופן נישט טרעפן —

פון שלמהס האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי:

— קלאַווא, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז איר זאָלט מיך נישט דערקענען?

אין דער זעלבער רגע האָט זיך ביי איר פונעם האַלדז אַרויסגעריסן אַ פריידיקער געשריי:

— של—מה!

זי האָט מיט ביידע הענט אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ און האָט אים אַ שטאַרקן קוש געטון. שלמה האָט זי אַ קוש געטון אין דער האַנט. עס זענען צוגעגאַנגען שלמהס עלטערן; זיינע ברידער און שוועסטער, איצט האָט זי זיי שוין אַלע דערקענט, און האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט זיי. שלמה האָט פאַר זיי פאָרגעשמעלט יעדן איינעם באַזונדער, און צו לעצט, מיט אַ כיטרע שמייכעלע אין קלאַוועס ווינקל:

— און דאָס איז מיין פרוי — יוכבד...

— זייער, זייער אָנגענעם. הייסט עס, טאַקע נישט יענע?

— וואָס זשע איז דאָ דער: „טאַקע"?

— אַזוי! מיר פאַרזענלעך, איז זי פון דער ערשטער מינוט אָן נישט געפעלן געוואָרן, כאָטש זי איז געווען אַ זעלטענע שיינהייט. און וועלכע צווישן דעם קליינוואַרג זענען אייערע קינדערלעך? איך זע דאָ קיין עין־הרע אַ גאַנצן יאַריד מיט פּעמפּיקלעך און מיט צעפּעלעך, און אַלע אַזעלכע זיסינקע, אַזעלכע טייערע — קוקלעס, אויף מיין וואָרט! קוקלעס אַרויסגענומען פון דער וויטרינע! נישט אמת, סטיאָפּאַ?

דער עולם האָט אַראָפּגענומען פון די געסט די פּאַלטעס, מען האָט דערלאַנגט צום טיש טיי, עטלעכע מינים איינגעמאַכטס פון אַזיאַטישע פירות — אייגן געפּרעגלעכטס — און סאַמאַרקאַנדער געבעקס, פון דער היימישער מולטער. די געסט האָבן שטאַרק געלויבט די בריה'ש אויסגעפּאַטשטע האָניקלעקעכער, די מלא־טעמדיקע וואַרעניע, מען האָט געדרייט מיט די לעפעלעך אין די גלעזער, און עס האָט זיך פּאַוואָלינקע פאַרבונדן אַן אַלגעמיינער שמועס. סעסיל פּעטראָוונאַ, ווי אַ קאָלעגע, האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט פּרטי־פּרטים פון קלאַוועס קליניק; קלאַווע ווידער, ווי אַ יונגע פרוי, וואָס האָט נאָך דערצו געקענט שלמהן בחורוויז, און „יענע"

אויך, האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט, ווי אַזוי ער האָט איבערגעריסן זיין אַלטן ראָמאַן, און האָט זיך באַקענט מיט יוכבדן.

סטעפאַן פרעגט:

— איז וואָס, שלמה, מאַכט איר טאַקע, הייסט עס, די פליטה?

— וואָס דען זאָל מען טון? אַן אַנדער ברירה האָט מען? עס גלוסט זיך פאַרט שטאַרבן צווישן אייגענע —

— שטאַרבן גאָר? פאַר וואָס נישט — לעבן? דאַכט זיך, אַז אייך אַלע איז נאָך אַ ביסעלע צו פרי צו רעדן פונעם טויט —

— איך שפּאַס... עס רעדט זיך נאָר אַזוי. מיר פאָרן דאָך קיין פּאַלעסטינאַ און אַמאַליקע יאָרן פלעגן יידן פאָרן אַהין צו נאָר פאָרן שטאַרבן. דאָס איז אָבער געווען נאָר אַמאָל־אַמאָל, הײנט לעבט מען שוין דאָרט, נישט מען שטאַרבט —

— קיין פּאַלעסטינאַ? אַ גלענצנדיקע אידייע! דאָס איז דאָך דער יידישער לאַנגיאָריקער טרוים... קלאַווא, דו הערסט, וווהין זיי פאָרן? קיין פּאַלעסטינאַ!

— נאָך וואָס זשע אַזש אַזוי ווייט?

— איי, דו הערסט זיך אַליין נישט צו צו דעם, וואָס דו רעדסט... פּאַלעסטינאַ, דאָס איז דאָך אַ יידיש לאַנד! נאָך פון פאַר דעם געבוירן פון קריסטוס. פון סאַמע אָנהייב אָן. מאָלאַדיעץ, שלמה! גיב, וועל איך דיר נאָך אַ מאָל אַ דריק טון די האַנט! דאָס איז ווייט, ווייט נישט דאָס זעלבע, וואָס פאָרן צו ווערן אַ פּאַניטש אין די „וואַרשעס", אָדער אין די „קראַקאָווס", דאָס שמעקט מיט פּאַטריאָטיזם! מיט העלדישקייט! קלוג טוט איר, זייער קלוג. ווייל איז דעם פּאַסטעך, וואָס באַווייזט צו ברענגען די טשערעדע אין שטאַל אַריין, איידער עס ברעכט אויס דער שטורעם! איר האַנדלט ווי דערפאַרענע מענטשן. איר דאַרפט זיך ביי ציטנס פאַרנעמען פון דאַנען —

— פאַר וואָס זשע דאַרפן מיר זיך פאַרנעמען, חבר זשוראַווליאָוו?

— ווייל דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר אייך —

— פאַר וואָס זשע איז דאָ נישט קיין אָרט פאַר אונדז?

זשוראַווליאָוו בלאָזט זיך אָן און גייט אַזש איבער אויף „איר":

— און דאָס פרעגט איר? איר, שלמה, וואָס איר זענט דורכגעגאַנגען דעם גיהנום אויף דער וועלט, איר פרעגט ערשט „פאַר וואָס"? איר, וואָס זענט ביי אונדז אין די „שטיינערנע זעקלעך" דורכגעגאַנגען דורך „פייער און וואַסער און מעשענע רערן", פאַרשטייט איר גאָר נישט דעם שכל דערפון?

— אָבער איצט איז דאָך שוין פיל לייכטער געוואָרן אויף דעם געביט? מען לאָזט דאָך שוין האַלטן אָפן: שולן, קלויסטערס...

זשוראַווליאָוו קען אים אַזש נישט ענטפערן, אַזוי קאַטשעט ער זיך פאַר געלעכטער פון זיינע רייד.

שלמה זיצט מכלומרשט אַ פאַרלוירענער. ער רויטלט זיך פאַר בושה.

ער ווייסט נישט: וואָס האָט ער דאָ געזאָגט פאַר אַזאַ ווילדע נאַרישקייט, וואָס יענער קען זיך גאָר נישט אָנלאַכן. זשוראַווליאָוו ווערט מיט אַ מאָל ערנסט. ער באַטראַכט שלמהן מיט אַן איראָניש שמייכעלע:

— און איך האָב דאַמאָלסט, ביי סאָקאָלאָוון אין קאַבינעט, געהאַט דעם איינדרוק, אַז דו ביסט אַ קלוגער בחור... צום סוף, זע איך, אַז איך האָב אין דיר אַ שטיקל טעות געהאַט... און דו גלייבסט טאַקע, אַז אָט די גאַנצע קאָמעדיע מיט די: מיטראָפּאָליטן, ראַבינאַטן, שולן און קלויסטערס איז געמאַכט געוואָרן אויף לאַנגע, לעבעדיקע יאָרן? וואָס זשע, דו ביסט דען אויף אַזוי פיל נאַריש צו גלייבן, אַז דאָס איז אַן ערנסטער ווענדעפּונקט אין דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע? דיר איז קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו זיין אין אַזאַ סביבה? דו האָסט קיין מאָל נישט געזען, ווי אַזוי מאַן און ווייב, וואָס האַלטן זיך שטענדיק אין איין אַרומרייסן און אין איין פּאַטשן, ווען עס קומען צו זיי צו גיין געסט, ווערן זיי לפנים איינס צום צווייטן צערטלעך, ווי די טייבעלעך: מען פאַרציט זיך די נעמען; מען זאָגט זיך: „זיי זשע מוחל", און מען פלאַטערט איינער איבערן צווייטן מיט סכנת־נפשות! מיט איין וואָרט — זיי פירן זיך אויף ווי סאָלידע מענטשן; לויט אַלע כללים, וואָס זענען פאָרגעשריבן פאַר אַ פאַמיליע פון גוטן טאָן: „כאַטאַ פּאָקרישקאַ"! „אַ קניפּ אין דער באַק, אַז די פאַרב זאָל שטיין!" „מען טאָר נישט אויסזאָגן פונעם חדר!" „אַ מכה זאָל די וועלט וויסן, וואָס אין שטוב קאָכט זיך!" „קיין פרעמד אויג זאָל נישט זען דיין קויטיק וועש!" און נאָך כדומה אַזעלכע קלוגע אָנזאָגעכטסן. אָבער דאָס אַלץ איז נאָר פאַר לייטן! ווי נאָר עס מאַכט זיך צו די טיר הינטער די געסט און מען הערט, אַז זיי זענען שוין אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, אַזוי פליען שוין פון דאָס ניי: טעפּ און טעלער און גאָפּלען און קישנס און סטוסאַקעס, און וואָס נישט? מען פליקט זיך די פעדערן, אַז עס גייט אַזש אַ רויך... איצט פרעג איך דיך נישט מער: מען דאַרף דען זיין אַזאַ קלוגער, כדי צו פאַרשטיין, אַז דאָ ביי אונדז קומט איצט פאָר פּונקט אַזאַ סצענע, ווי די וואָס איך האָב דיר ערשט אויסגעמאָלט? מען דאַרף דאָך, דאַכט זיך, זיין אָן געהירן, אַז מען זאָל נישט פאַרשטיין אַזאַ פּשוטע זאַך. ס'איז שוין עטלעכע יאָר, אַז אין לאַנד ווימלט מיט אויסלענדער; פול און פול; מיט מענטשן וואָס ווען זיך סוף־כל־סוף אומקערן אין דער גרויסער וועלט אריין, אין דער פיינטלעכער, קאַפּיטאַליסטישער וועלט. וויל מען פאַר פרעמדע מענטשן נישט ווייזן, ווי אַזוי מען דריטשקעוועט* זיך מיטן ווייב; מען ווייסט פונעם כלל, אַז אַ גאַסט קומט אויף אַ ווייל און זעט אויף אַ מייל, דעריבער וויל מען פאַר זייטיקע מענטשן נישט ווייזן דעם אמתן פרצוף. עס טויג נישט פאַר זיי און עס פּאַסט נישט פאַר זיי! און באמת טאַקע, צו וואָס זאָל מען זיי נאָך אַליין געבן שטאָף אויף צו זידלען און באַוואַרפן מיט שמוץ דעם ראַטנפאַרבאַנד?

* געמיינט: זיך שלאָגן מיט דרוקעס, מיט דרענגלעך.

דעריבער האָט מען אויף אַ שטיקל צייט אַ ביסל נאָכגעלאָזט דאָס שטריקל. ווו ביסטו דורכגעגאַנגען די אָפּטאַציע? דאכט זיך, אין מיטל־אַזיע, איאָ? האָט איר אייך דאָרטן געפּראַוועט וואָס איר האָט נאָר געוואָלט: ישיבות, חדרים, איך וויים, וואָס נאָך דאָרטן? וואָס אייער הארץ האָט געגלוסט! איז וואָס? מיינסטו אפשר, אַז אָט דאָס איז דאָס שוין? האָ? פּאַוואָליע ברודערל, וואַרט אוי—וי—וי—ויס! אָט וועלן זיך צעפּאָרן די פרעמדע געסט; די טיר וועט זיך הינטער זיי צומאַכן; די אייזערנע פּרענטעס, די ריגלען, די שווערע שלעסער מיט די פּודיקע שליסלען, די אייזערנע קייטן, די געדיכטע נעצן פון שטעכלדראָט — אָט דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג וועט זיך צוריק אַראָפּלאָזן אויף די פריער־דיקע ערטער; און דער באַטע וועלן ווידער איבערבלייבן בלויז אייגענע מענטשן, דאַן וועט זיך ווייטער אָנ־הייבן גיסן בלוט: פאַר רעליגיע; פאַר נאַציאָנאַליסטישע נייגונגען; פאַר פּאָליטישן סאַבאָטאַזש, אָדער פאַר סימפּאַטיע־אויסדרוקן פאַר אונדזערע מי־ליטערישע פאַרבינדעטע — אַנדערש קען דאָס נישט זיין! דו פאַרשטייסט?

ניין, שלמה פאַרשטייט נישט און איז נישט מסכים מיט אים:

— ווי אַזוי קענט איר זאָגן, חבר זשוראַווליאָוו, אַז נאָך דעם אַרויס־פאָרן פון די פּוילישע בעזשענצעס וועלן זיך צוריק אומקערן די פינצטע־רע צייטן פון די יאָרן: 1937 — 1938, אָט איז דאָך, אַ דאַנק דעם, וואָס בעריאַ איז געקומען צו דער מאַכט, לייכטער געוואָרן מיט רעליגיע נאָך אַ פּאָר יאָר פאַר די „מלחמה־געסט”? דאָס איז דאָך אַ פאַקט!

— אַ פאַקט איז דאָס טאַקע, דאָס איז אמת, מען דאַרף אָבער פאַר־שטיין די סיבה פון דעם דאָזיקן פאַקט. די דערשיינונג פון בעריאַ'ן, דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכע רעאַקציע נאָך יעזשאָווס טעראָר. נאָך אַזאַ שרעק־לעכן מבול מוז זיך אויף אַ געוויסן זמן באַווייזן די זון! אַנדערש האָט עס נישט געקענט זיין! מען האָט געדאַרפט געבן דער באַפעלקערונג אַ מעגלעכקייט זיך אַ ביסל אויסטשאַדען פון די לעצטע צוויי יאָר. און ווי־דער שלמה, אין וואָס, זאָג מיר, איז דאָ באַשטאַנען די פאַרלייכטערונג? וואָס מען האָט עטלעכע אַלטע אָפּגעסמאַליעטע האָלעוועשקעס, וועלכע שמעקן שוין מיטן בית־הקברות, געלאָזט פריי דאַווענען? קיין לערן־אַנ־שטאַלטן — אַזוי ווי איר האָט זיך אַליין געמאַכט אַ התר אין די מלחמה־יאָרן אין אַזיע — האָט מען אייך נישט דערלויבט; פאַר אָנפירן מיט אַ ישיבה, אָדער מיט אַ מקוה, וואָלט דיר בעריאַ פאַר דער קריג אויך געוועזן געגעבן צען יאָר, אַז עס וואָלט אַזש געגאַנגען אַ רויך, און היינט — אודאי און אודאי! דו פאַרשטייסט דאָך אַליין: ס'איז אַ קיימעלע מיט אַ סך רינגעלעך. אויב מען זאָל פאַר די ברייטע מאַסן צוריק אומקערן די רעליגיע מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס און אַקאַדעמיעס, טאָ פאַר וואָס זשע זאָל מען שוין אויך נישט געבן קיין פרייען האַנדל? ווידער, ווען מען גיט שוין פרייען האַנדל, דאַרף מען שוין אויך צעלאָזן די קאָלכאָזן! און אויב צעלאָזן די קאָלכאָזן — וואָס זשע פאַר אַ פּנים וועט שוין האָבן די גאַנצע מלוכה? אַזוי, אַזוי, ברודערקע, דו טייטלסט מיר מיט דעם פינגער:

סטייטש, אָט זעען מיר דאָך: שולן... קלויסטערס... דאָס איז אַלץ געמאַכט געוואָרן פאַר אויסלאַנד! דאָס איז אַלץ אַ קינדערשפּיל, נישט מער. מענטשן פון דיין גלייכן דאַרפן אַנטלויפן פון דאַנען ווי לויט פון סדום און זיך אפילו קיין איין מאָל נישט אומקוקן —

ביים טיש האָט געהערשט אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. לכתחילה האָבן די מאַנסבלין געפירט זייער שמועס באַזונדער, און די ווייבער האָבן זיך געשמועסט באַזונדער, ביסלעכווייז אָבער זענען אַלע פאַרכאַפּט געוואָרן פון זשוראַווליאָווס רייד. קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין איין וואָרט און ער האָט ווייטער גערעדט:

— און ווייסטו, וואָס איך וועל דיר גאָר דערציילן? מיר אַליין דאַרפן אייך דאָ אויך נישט האָבן! ניין, כ׳מיין באמת — וועמען נוצט איר דאָ? וואָס טוט איר אונדז אויף? אָט ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך אַ הייסער קאָמוניסט! אַן ערלעכער קאָמוניסט! נישט מיך, נישט קלאַווען וועט קיינער פאַר קיין געלט נישט קויפן! איר, פּאַפּאַשאַ פּיאַטיגאָרסקי, דאַרפט דאָך דאָס געדענקען... איר האָט דאָך איר שוין אַ מאָל געפּרוווט געבן אַ „לעקעכל״ — *

אפרים־אהרון מיט צפורהן שאָקלען צו מיט די קעפּ. זיי געדענקען דאָס גוט. זיי האָבן אודאי געפּרוווט, אָבער צי האָט זיי דאָס עפּעס געהאָלפן?

— ...איך האָב אין מיין לעבן איין אָריענטאַציע: אויפריכטיקייט! דער אמת! ווען איך זאָל האָבן אַ דעה ביי דער מלוכה, וואָלט איך איר געראָטן, מען זאָל אייך אַרויסשטעלן פונעם לאַנד אויף יענער זייט טיר, פּונקט אַזוי ווי מיר האָבן אַ מאָל אַרויסגעוואָרפן טראָצקין; אַזוי ווי היטלער — איידער ער איז געוואָרן אַזאַ רוצח — האָט אַ מאָל אַרויסגעלאָזט דימיטראָוון! וויפל זענט איר דען אין גאַנצן פאַראַן אַזעלכע שלמהס? מענטשן, וואָס זענען גרייט צו קעמפן פאַר זייער גלויבן? לאָמיר זאָגן: עטלעכע טויזנט... ווייסט איר וואָס? לאָמיר זאָגן: עטלעכע צענדליק טויזנט! מער אודאי נישט! איז — פאָרט אייך... ווּעמען פעלט איר דאָ אויס? ווער בענקט דאָ נאָך אייך? עס געפעלט אייך נישט ביי אונדז? מאַרש אויף אַלע פיר זייטן! ** Скатертью дорога! מיר האָבן אַ אינטערעס נאָר אין אַזעלכע בירגער, וואָס האָבן אין אונדז אויך אַ אינטערעס. פאַר מענטשן, וואָס ווילן נישט — אָדער אפשר קענען זיי נישט — גייען מיט אונדז טריט ביי טריט, האָבן מיר נישט קיין פּלאַץ אין לאַנד. קיין בלוטיקע שונאים ביי זיך אין שטוב דאַרפן מיר נישט! אַרויפפליענדיק די האַנט אויפן האַרצן, קען איך דיר זאָגן: אַזעלכע ווי דו וואָלט איך דורכגעלאָזט דורך מיין שטעמפּעלע מיט פאַרמאַכטע אויגן, נאָך פיל גיכער ווי די פּוי־

---

* נעמט זיך פונעם וואָרט: לקיחה — נעמען. געמיינט: כאַבאַר.

** דער וועג ווי אַ טישטעך. די כוונה איז כמו: פאָר געזונט און פאַרגעס מיין אַדרעס.

לישע יידן. אויב דו ווילסט, פאר זיך דורך צוריק אין לאנד אריין, און הייב אויף אויף די פיס אלע די, וואס ווילן זיך ארויסכאפן פון אונדזער לאנד. אזוי לאנג, ווי איך בין אויף מיין פאסטן, דארפן זיי נישט האבן קיין מינדסטע מורא! פאר קיין שום זאך! איך שיק זיי אויף מיינע אחריות! קענסט זיי זאגן מיט די ווערטער —

— ...פאר אייך איז דער טויער אפן! איר קענט אייך פארן אויף אלע פיר זייטן פראנק און פריי —

— הערט, טייערער חבר סטעפאן, איך בין אזוי טיף איבערראשט פון אייער שטעלונג צו דער דאזיקער פראגע, אז איר קענט זיך גאר נישט פארשטעלן... איך האב גאר נישט קיין ווערטער... וויפל טייערע און ליבע, קרובים און פריינד, האב איך איבערגעלאזט: אין מיטל־אזיע; אין קיעוו; אין אלע עקן פונעם לאנד — בלויז אוים מורא זיי צוצורעדן צו אזא גע־פערלעכן שריט. אך, ווען איך זאל געווען זיין א נביא, און וויסן מיט וועמען איך וועל זיך דא באגעגענען און וואס ער וועט זאגן... אבער איך, טייערער, אומקערן זיך קען נישט און טאר נישט. איך פיר מיט זיך אל־טע לייט; קליינע קינדער; א גאנצן שבט קיין עין־הרע! זיי וועלן מיך נישט אפלאזן פון זיך. און בכלל, פאר א יידן מיט א בארד איז זיכער נישט אנגעמאסטן ארומצושפאצירן איבערן לאנד. דאס איז שוין צו א גע־צייכנטע פערזענלעכקייט... קינם צייכן אויפן שטערן... זיך צו פיל ווארפן אין די אויגן, טויג אויך נישט. און ארויסרופן ביי די איינוווינער בייז בלוט — אודאי נישט! וואס דען, איך האב דא איינעם פון מיינע לייט: נפתלי ליניעצקי, זייער א געראטענער בחור און ער וועט מיך קענען פאר־טרעטן. ווען איר דערלויבט מיר, וואלט איך מארגן געקומען צו גיין צוזא־מען מיט אים צו אייך אין אייער ביורא, כדי אים פארצושטעלן פאר אייך. דאס איז א יונגער מענטש, אויף וועלכן ס'איז אפילו שווער צו דערקענען, אז ער איז א ייד. ער איז א קלוגער יאט, א רירעוודיקער יונגאטש, זייער א דרייסטער און גלייכצייטיק — זייער און זייער א פארזיכטיקע־. נאר ער, איינער, וואלט מיט אייך געשטאנען אין פארבינדונג, און פון זיין האנט וועלן שוין אפפארן מענטשן צוריק אין לאנד אריין, צו ארגאניזירן א מאַ־סעווע עוואקואציע: מיט פאפירן, צי אן פאפירן. איך בין מער ווי זיכער, אז ליניעצקי וועט אייך געפעלן ווערן — מיט זיין אויסזען; מיט זיין גלייכן פארשטאנד און מיט זיין זעלטענער ערלעכקייט. קענט איר איינגיין אויף מיין פארשלאג?

— צוליב דיר גיי איך איין אויף דעם פארשלאג —

שלמה האט מיטביידע הענט געדריקט זיין האנט:

— איצט, חבר זשוראוווליאוו, וואלט איר נאך געדארפט אויסשרייבן א פראפוסק פאר מיר מיט ליניעצקין. אנדערש וועט אונדז דער לייטע־נאנט, וואס זיצט פון פארנט אין אויפנעם־צימער, נישט ארייַנלאזן צו אייך.

זשוראַוולִיאָוו האָט אָנגעשריבן און האָט דערלאַנגט שלמהן דעם פּראָ־פּוסק:

— איך האָב אויסגעשריבן דעם פּראָפּוסק אויפן נאָמען פון: פּיאַטי־גאָרסקי און לִיניעצקי. גייענדיק צו מיר, זאָלסטו מיטנעמען דיין סאָוויע־טישן פּאַספּאָרט. דער לייטענאַנט וועט דיך נישט דערקענען, אַז דו ביסט דער נעכטיקער „כאַזאַן". עס זענען דאָ פיל פּוילישע יידן מיט בערד, וואָס זענען ענלעך אויף דיר. און בסך הכל — דו קוקסט אָן אָט דעם פינצטערן טיפּ? — ליגט אים גאָר דער קאָפּ ביי די באַרישניעס... און דעסט גלייכן דיין לִיניעצקי, ער זאָל אויך האָבן ביי זיך אַ סאָוויעטישן דאָקומענט. איך באַטאָן דאָס דערפאַר, ווייל אַז איך זאָל אַרויסגעבן פאַר אויסלענדער פּראָ־פּוסקן צו זיך, איז דאָס אַ ביסל פאַרדעכטיק. כאָטש איך פאַרנעם צו אַ הויכן פּאָסטן, אַז עס זאָל עמעצן איינפאַלן אַ חשד אויף מיר, אָבער דאָך דאַרף מען נישט צו פיל בויען אויף לאָגיק. ביי אונדזער משפחה איז לאָ־גיק, אַ זאַמדיקער באָדן —

— חבר זשוראַוולִיאָוו, איך דאַנק אייך זייער... איך ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי אייך אָפּצודאַנקען —

— טשודאַק, וואָס דו ביסט! וואָס דאַנקסטו מיר? איך בין כּלל נישט אויסן דיר אַ טובה צו טון. איך האַלט, אַז איך טו דערמיט דער רעוואָלו־ציע אַ גרויסע טובה. איך באַפריי זי פון אַ „באָליאַטשקע",* וואָס קען נאָך אייטערן און אייטערן יאָרן מיט יאָרן... אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך...

— ליבער סטעפּאַן! איר קענט אייך האַלטן ווי אַזוי איר ווילט, אָבער איך מעג מיר האָבן וועגן דער גאַנצער זאַך מיין אייגענע מיינונג. איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל: איך וועל אייך אייביק נישט פאַרגעסן! און דאָס יידישע פאָלק וועט אייך אויך אייביק נישט פאַרגעסן! אין דעם זי־נען קענט איר זיך שוין פאַרלאָזן אויף מיר... פאַר דעם וועל איך שוין זאָרגן... איר זענט אַ מלאך, נישט קיין מענטש. אָט פּונקט אַזוי ווי איר איצט, איז פאַר מיר אייער קלאַוואַ דערשינען אין שפּיטאָל פון דער געפּעאו. ער זיצט אויבן, זאָגט מען, און פאָרט אונטן. איר זענט אַ פאַר פון גאָט. מיר וועלן נישט אויפהערן צו בעטן גאָט פאַר אייך. און איצט, טייַ־ערער סטעפּאַן, אפשר קענט מיר אָפּגעבן אַ גרוס פון מיינע אַלטע „גוטע־ברידער"?

— וועלכע גוטע־ברידער אייערע קען איך?

— אָ! איר קענט זיי זייער גוט! דערציילט עפּעס וועגן אייערע אַמאָ־ליקע קאָלעגן. ווו, און וואָס איז היינט קירסט?

— קירסט? אָ! דער דאָזיקער בלוטיקער טיגער האָט געהאַט אַ מיאוסן סוף. נאָך אין יאָר 1940 האָט ער באַקומען אַ פּאַראַליטש אויפן גאַנצן קערפּער און איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין סימפעראָפּאָל אין אַ שפּי־טאָל אַריין. אין דער צייט פון דער מלחמה האָט מען דעם שפּיטאָל עוואַ־

* אַ מכּה, אַ טשיריק.

קוואירט קיין באַטום, ליגט ער דאָרטן ביז היינטיקן טאָג און פּוילט לעבע־דיקערהייט —
— כן יאבדו! ביי מיין בעסטן ווילן, קען איך אים נאָר ווינטשן לאַנגע, לעבעדיקע פּאַראַליזירטע יאָרן און דערנאָך — אַ גוטן שליטוועגס אין דער אדמה אריין...
— אָך, איז דאָס אַ רוצח! דו האָסט גאָר קיין פאָרשטעלונג נישט —
— למשל, לאָמיר זאָגן, אַז איך האָב יאָ אַ פאָרשטעלונג. נו, און סאָקאָלאָוו?
— ווער? סאָקאָלאָוו? אַ־אָ! ער איז היינט אין די פעדערן! ער איז איצט דער נאָענטסטער פּאַרטרעטער פון נ. ק. ג. ב. ס. ס. ס. ר. און טראָגט אַ גענעראַלסקע טשין.
— אויך אַ גוטער באַנדיט. איינס איז בעסער פונעם אַנדערן. נו, און מאָסקאַליענקאָ?
— ער איז געהרגעט געוואָרן אויף דעם לענינגראַדער פראָנט, פירנ־דיק אַ צוג מיט פּראָוויאַנט דורך דער לאַדוגע.
שלמה, צום פּאָטער:
— ...ואת בלעם הרגו בחרב! דו געדענקסט נאָך דעם שייגעץ, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אָטריאַד, ווען מען איז מיך געקומען זוכן? טאַקע פון אים רעדט מען דאָך! דו געדענקסט, ווי אַזוי ער האָט מיט דיר גע־טרייסלט, און געקלאַפּט מיט דיין קאָפּ אין דער וואַנט? דמו בראשו!
און צו זשוראַוולי‌אָוון:
— נו, און וואָס איז געוואָרן מיט קאָזאַקאָוון?
— קאָזאַקאָוו? אָ! יענער האָט שטאַרק עולה לגדולה געווען! פונעם ערשטן טאָג אָן, ווי די קריג איז נאָר אויסגעבראָכן, האָט ער געאַרבעט ביי די פּאַרטיזאַנער. ער איז פיל מאָל געפלויגן קיין מאָסקווע אין דער „סטאַווקע" * נאָך באַפעלן, און איין מאָל איז ער אַפילו אויפגענומען גע־וואָרן פון סטאַלינען אַליין. איצט איז ער אַ גענעראַל, אַ קאָמקאָר, ** אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד און איז דער ערשטער פאַרטרעטער פונעם מילי־טער־קאָמענדאַנט אין בודאַפּעשט.
— יאָ, אַזוי איז דאָס... כל המיצר לישראל נעשה ראש... נו, און אומאַנסקי?
— ווער? כאַ! ער האָט זיך דערמאָנט אַ מעשה! נאָך אין יאָר 1938, האָט מען אים געשאָסן! אויף יעליזאַוועטינסקע אין הויף, ביי דער וואַנט פונעם קלאָזעט, ווי אַ קרעציקן הונט.
— אַה! ס'איז אַ מחיה צו הערן... פאַר וואָס זשע האָט מען עס אים —
— ס'איז אויף אים געווען אַ חשד, אַז ער האָט זיך אַ מאָל, נאָך

---

* די העכסטע אָנפירונג פון דער אַרמיי.

** אַ קאָמאַנדיר פון אַ קאָרפּוס.

אין די קינדעריאָרן, געחברט מיט טראַצקיסטן... ריכטיקער געזאָגט: מיט מענטשן, וועלכע זענען מיט פיל יאָרן שפּעטער געוואָרן טראַצקיסטן. און נישט נאָר איבער דעם —

— איבער וואָס נאָך?

— מ־מ־מ... פאַרשטייסטו מיך, ער האָט געוווסט צו פיל סודות פון נעם חדר... די באַלעבאַטים האָבן זיך מזרז געווען אים צו רעכט מאַכן, איידער מאָסקווע וועט זיך כאַפּן אים אַרויסרופן צו זיך. און איך קען דיר נאָר זאָגן, אַז זיי האָבן זייער גלייך געטון. ווען אומאַנסקי קומט אָן אין נאַרקאָמאַט מיט אַ פרייער צונג, וואָלטן געפלויגן קעפּ אויף אַלע זייטן, ווי די קאַשטאַנען אין הארבסט. און אַזוי האָט ער שאַ־שטיל אַריינגע־שטעקט די נאָז זיינע אין טינופת־גרוב, און אַ דאַנק דעם זענען אַ סך מענטשן געבליבן לעבן... טאַקע סאַקאַלאָוו אַליין האָט אים באַגראָבן... מיט דער ברכה פון קירסטן... מען האָט זיך מיט אים לאַנג נישט געבאַב־רעט. גראָד בין איך דאַמאָלסט געווען אין דער אָנפירונג. ביי טאָג האָט מען דאָס פאַרטראַכט; פאַר נאַכט איז ער שוין געלעגן אין קאַמער, און נאָך פאַר האַלבער נאַכט איז ער שוין געווען אַ פאַרטיקער... האָט ער שוין נישט געלעבט...

שלמה, צום פאָטער:

— ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, זאָג איך דיר! הכל בחשבון נעשה. בקדרה שבשל, בה התבשל! *

און צו זשוראַווליאָוון:

— סטיאָפּאַ, ברודער, וואָס ווייסטו? וואָס ווייסטו? אוי, איז דאָס געווען אַ שלאַנג, אוי, אַ פּראָוואָקאַטאָר — דער ים וואַרפט אַזעלכעס נישט אַרויס.

— ס'איז שוין שיינע יאָרן, אַז דו דאַרפסט מיר ערשט אָפּמשלען, וואָס פאַר אַ מענטשנפרעסער אָט דער אומאַנסקי איז געווען... דו ביסט נאָך צו יונג צו וויסן אפילו אַ צענטל פון דעם, וואָס איך ווייס וועגן אים —

— היינט, אפשר האָסטו געקענט איינעם אַ מיכאַילאָוו?

— כאַ־כאַ־כאַ... קלאָווא, פאַר וואָס לאַכסטו נישט? ער פרעגט, צי איך האָב געקענט מיכאַילאָוון? צי איך האָב געקענט דעם שרעקלעכסטן הענקער, וואָס עס האָט ווען עס איז פאַרמאָגט די גאַנצע אוקראַאינישע נ. ק. וו. ד. — אַרקאַדי פּאַוולאָוויטש, מיכאַילאָוו? ווי אַזוי איז דען מעג־לעך געווען אים נישט צו קענען, אַז ער איז געווען דער געפערלעכסטער באַנדיט פון די, וואָס רוסלאַנד האָט פון זיך אַרויסגעגעבן פון זינט דאָס לאַנד איז געוואָרן אַ לאַנד און דאָס פאָלק אַ פאָלק —

— שטיי נאָר! פאַר וואָס זאָגסטו עפּעס געווען? און ווו איז ער היינט?

— ער איז אומגעקומען מיט אַזאַ טויט, ווי ער האָט פאַרדינט —

---

* געמיינט: אויף דעם זעלבן אופן, וואָס ער פלעגט באַשטראָפן אַנדערע, איז ער אַליין באַשטראָפט געוואָרן.

— אוי, דערצייל, איך בעט דיך... איך בין בלוטיק פאראינטערע־סירט צו וויסן וועגן אים אַלץ, אַלץ, אַלץ...

— ער האָט אויף יעליזאַוועטינסקע געהאַדעוועט מייז, אויף צו פּיי־ניקן מיט זיי די פאַרהאַלטענע, און אַליין איז ער אויך אומגעבראַכט גע־וואָרן, ווי אַ מויז —

שלמה, צום פאָטער מיט ברענענדיקע אויגן:

— טאַטע, דו הערסט כאָטש? לפי מה שהיתה ערמתו של נחש — כך היתה מכתו!

און צו זשוראַוואוּליאָוון מיט געבעט:

— דערצייל זשע, איך וויל אומבאַדינגט וויסן אַלע איינצלהייטן...

— ווען דער דייטש איז געשטאַנען הינטער זשיטאָמיר, איז אָט דער אויבער־באַנדיט צוזאַמען מיט עטלעכע פון זיינע געשוווירענע באַהעלפערס אַריבערגעלאָפן צום שונא מיט דעם פּלאַן פון די מינירטע פעלדער אַרום קיעוו... די „ראַזוויעדקע" * האָט אונדז שפּעטער צו וויסן געגעבן, אַז ווען אַ דייטשע עסקאַדריליע האָט אין דאַרניצע צעשמעטערט און פאַרוואַנדלט אין אַש און אין שטויב די דריי עשאַלאָנען מיט מיליטער, וואָס זענען אָנגעקומען פון דער באַזונדערער ווייט־מזרחדיקער אַרמיי, איז אָט דער אויסוואָרף מי־כאַילאָוו געפלויגן אין פלאַגמאַן, ** און האָט אַליין אָנגעפירט מיט אָט דער בעסטיאַלישער אָפּעראַציע. פאַר אָט דעם דערפאָלג — האָט פאַרענ־דיקט איר ראַפּאָרט די „ראַזוויעדקע" — האָט ער באַקומען אַן אָרדען פון הימלערס הענט אַליין...

ביי שלמהן האָבן געפלאַקערט די אויגן מיט נקמה־דאַרשט און די קו־לאַקעס זענען שטייף פאַרקוועטשטע געלעגן אויפן טיש:

— און אָט דער וואַמפּיר האָט יאָרן לאַנג געצאַפּט דאָס בלוט פו־נעם יידישן פאָלק... אומגעבראַכט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון דעם, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט... יוסף, טאַני, ר' אברהם שאַרפשטיין, עד —

— ...ווען דער דייטש איז פאַרויסגעגאַנגען טיף אין לאַנד אַריין, האָט מען אים פאַר זיין אַקטיווער אַרבעט געמאַכט פאַר בירגערמייסטער אין וואָראָניעזש. קיינער האָט נישט געקענט אַזוי טיכטיק אויסראָטן מיטן שורש אַלץ, וואָס האָט נאָך דערמאָנט אין דער ראַטנמאַכט, ווי אָט דער פאַררעטער מיכאַילאָוו. ער האָט גוט געוווּסט, דער כלב, ווי פיינט די באַ־פעלקערונג האָט אים, און האָט שטענדיק געהאַלטן אין זיין שלאָס אַ וואַך פון אַ האַלבער מאה זעלנער. דער פּאַלאַץ זיינער איז געווען אַרומגענומען מיט עלעקטרישע דראָטן און מיט אַליאַרמירנדיקע סיגנאַלן. אַרויספאָרן פלעגט ער נאָר אין אַ געפּאַנצערטן אויטאָ, און אַ חוץ באַגלייט מיט דייטשע מאָטאָציקליסטן. זיין מלוכה האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ביז איין מאָל האָט מען אויף זיין פּערזענלעכן באַפעל אויפגעהאַנגען אַכט פרויען, וואָס זייער

---

* אויסשפיר־אַמט.

** פירנדיקע שיף.

הטא איז געווען: למאי זייערע מענער ארבעטן מעשים אין דער פּאַרטיי־זאַנקע. דאָן האָבן זיך פּאַראייניקט עטלעכע גרופּעס פּאַרטיזאַנער, מיט מסירת־נפש האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין זיין פעסטונג, זיי האָבן אויס־געשאָכטן אַלע דייטשן, וואָס האָבן אים באַוואַכט, און אים אַליין האָט מען פאַרבונדן אין אַ זאַק, באַגאָסן מיט נאַפט און אָנגעצונדן ווי אַ שטשור —

— אַ ברכה אויף זייער קאָפּ! געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס האָבן דאָס געטון! וואָס האָבן אויפגערוימט אַזאַ חיה־רעה פון דער וועלט! אַזאַ בעסטיע ווערט געבוירן איין מאָל אין אַ גאַנצן דור. איין טויט איז גאָר ווייניק פאַר אַזאַ שלאַנג —

— נו, און הונדערט טויטן איז דען גענוג פאַר אים? און טויזנט?

שלמה פאַרטראַכט זיך אויף אַ ווײַלע און גיט אַ בלאָזן שמייכל:

— פון דעסט וועגן איז דאָ איין מענטש, וואָס וועט זיין זייער נישט צופרידן פון מיכאַילאָווס טויט —

— ???

— ...אין אַ קאָנצלאַגער, נישט ווייט פון מאָסקווע, שמאַכט אַ יונ־גער בחור, וואָס מיכאַילאָוו האָט אים מכבד געווען מיט אַ צענדליק לע־בעדיקע חיהלעך... יענער בחור האָט מיכאַילאָוון געגעבן דאָס וואָרט, אַז ווען ער וועט זיך אַ מאָל אומקערן אַהיים, וועט ער אים דערווארגן מיט זיינע אייגענע הענט... איצט איז דאָס שוין אוממעגלעך...

אין צימער הערשט אַ דריקנדיקע שטילקייט. שלמה וויל צעטרייבן דעם אָנגעלאָפּענעם אומעט און רייבט זיך די הענט פאַר הנאה:

— נאָר דאָס מאַכט נישט אויס... לדינא איז נישט קיין גרויסע נפקא־מינה: שרפה, צי חנק — אַבי די זאַך איז אָפּגעטון געוואָרן... הייסט עס: אומאַנסקי, מיכאַילאָוו — פיוואיט! צו גאַסט צו דער עלטער־באַבושקע? אַך, וואָס פאַר אַ גוטע נייעס! וואָס פאַר אַ אינטערעסאַנטע נייעס... נאָך אַ ביסל וואָלט איך געווען אַוועקגעפאָרן פון רוסלאַנד, און נישט געווען געהערט אַזעלכע ממש אויסטערלישע ישועות ונחמות...

אַ פאַרזונקענער אין מחשבות, נאָר מיט אַ פורימדיק פנים, זיצט שלמה און באַראַבאַניעט מיט די פינגער אין טיש. די מחשבות זיינע שוועבן איצט ווייט פון דאַנען. ער טראַכט: מי יתן לי אבר כיונה, וואָלט איך אַוועקגעפלויגן צו טאַנין און צו יוספן און וואָלט זיי אָנגעזאָגט אָט די גרויסע בשורה; אָט די אומפאַרגלייכלעכע בשורה, אַז די פּיאַווקע, וואָס האָט פון זיי אויסגעזויגן אַזוי פיל בלוט האָט ענדלעך איינגענומען אַ מיתה־משונה... די שטילקייט, וואָס הערשט אין צימער, שלעפּט אים אַרויס פון זיינע געדאַנקען. ער וואַרפט איבער אין געדאַנק אַלע באַקענ־טע נעמען פון יעליזאַוועטינסקער „אימפּעריע" און פרעגט זשוראַווליאָוון:

— נו, און זאַכאַרין וווהין איז מגולגל געוואָרן?

— אין ערגעץ איז ער נישט מגולגל געוואָרן. ער איז היינט אויך דער נאַטשאַלניק פון דער נ. ק. וו. ד. אין קיעוו. גיי, וואָס גלייכסטו? ער איז שוין נישט אַזאַ רוצח. ער איז אַ געוועזענער שאַכטיאָר, מיט אים קען מען

נאָך אויסקומען. נאָר ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן? כאַפּט זיי אַלע דער רוח! ס׳איז אַ גוטע שאַיקע! מען קען זיך מיט זיי אַלע איבערנעמען. דערציילֿ דו בעסער —

ערשט העט־העט נאָך האַלבער נאַכט האָבן זיך די זשוראַווליאָווס גע־זעגנט מיט די „בני־משה". שלמה מיט סטעפּאַנען האָבן זיך צעקושט אויפֿן רוסישן שטייגער: צו דריי מאָל אין יעדער באַק. קלאַווא האָט זיך איינ־געשפּאַרט: נאָר שלמה זאָל זיך מיט איר אויך צעקושן! נישקשה, זי האָט דאָס ביי אים פאַרדינט! שלמה האָט זי אַ קוש געטון אין שטערן און זי האָט זיך געמוזט מיט דעם באַנוגענען.

*

אויף צו מאָרגנס זענען שלמה מיט ליניעצקין געווען ביי זשוראַוו־ליאָוון און זענען דאָרטן אָפּגעזעסן געשוואָלענע צוויי שעה. עס זענען געגנוי און קלאָר אַרומגערעדט געוואָרן: אַלע מעגלעכע וואַריאַנטן; כּל המינים שטעגן און שטעגעלעך, פאַרשידענע קאָמבינאַציעס און דריידלעך, על כּל צרה שלא תבוא; אַלע נישט פאָרויסגעזעענע מניעות און שטערונ־גען, וואָס קענען נולד ווערן בנוגע צו דער פאַרשטייענדיקער, וויכטיקער אונטערנעמונג. יעדע איינצלהייט איז באַלויכטן געוואָרן פון אַלע זייטן. עס זענען פאָרויסגעזען געוואָרן אַלע סיורפּריזן, וואָס דער צופאַל קען זיי אונטערטראָגן; וואָס קענען, מעשה־שטן, אַרויסשפּרינגען פון דער העלער הויט.

אַרויסגייענדיק דערנאָך אויף דער גאַס, האָט שלמה אָנגענומען לי־ניעצקין פאַר ביידע לאַצן און האָט, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט, אים גע־זאָגט:

— געדענק זשע, גוטער ברודער, וואָס איך זאָג דיר אָן: מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון די פריש־אָנגעקומענע זאָלסטו מיר אָפּשיקן מנשה כאַדאַראָוו מיט זיין משפּחה. און טאָמער טוסטו נישט אַזוי, גלייב זשע מיר, אַז דיין לעבן האָט אַ האַרטן דרייער נישט די ווערט...

# קאפיטל LI

דעם אכצנטן מערץ האָט מען דערלאַנגט אַן עשאַלאָן לאַסטוואַגאָנען צו אַ ווייטער, פאַרלאָזטער ראַמפּע, אויסער דער שטאָט. פון גאַנץ פרי אָן האָבן די וואַגאָנען געהאַלטן אין איין אַריינשלינגען אין זייערע רויטע בייכער אַנקומענדיקע אויטאָס מיט פּאַסאַזשירן. על פּי רוב זענען דאָס געווען יחידים אָדער יחידות. פּאַרפּינצטערטע און פאַרוויסטע רעשטלעך פון גרויסע פאַמיליעס, פון צעצווייגטע משפּחות און פון גאַנצע שטעט, ווו קיין יידישער פּוס איז שוין פון לאַנג נישט געבליבן. אמת, עס זענען אפילו געווען אויך משפּחות, אָבער פּראָפּאָרציאָנעל — זייער, זייער ווייניק. מערסטן טייל זענען דאָס געווען איינצלנע מענטשן, פאַריתומטע, עלנטע. דאָס ענגשאַפט אין די וואַגאָנען איז געווען עד אין לשער, מחמת דער דאָזיקער טראַנספּאָרט מיט רעפּאַטריאַנטן איז באַשטאַנען פון העכער ניין הונדערט נפשות. אַלע „בני משה" האָבן זיך אַריינגעקוועטשט אין איין פּולמאַן־וואַגאָן, און ס'איז נאָך „געבליבן" פּלאַץ פאַר אַ פּאָר מנינים פּוילישע יידן.

באַלד נאָך מיטאָג האָט דער עשאַלאָן גערירט.

פאַר נאַכט צו זענען זיי אָנגעקומען צו דער גרענעץ. די „גרענעץ" — דאָס איז געווען אַ נאַקעט שטיק פעלד. שניי און הימל און — צוויי דאָרפישע הייזלעך. איין הייזל — די זאַסטאַווע; * דאָס צווייטע — אַ מין קליין קאַזאַרמעלע פאַר דעם גרענעץ־אָטריאַד. פון דער ווייטנס, אין מיטן פעלד — אַ שמאָל, הויך ביידל, לעבן וועלכן עס שטייען צוויין: אַ זעלנער מיט אַ ביקס און אַ גרענעץ־סטויפּמשיקל מיט משופּעדיקע, קאָלירטע פּאַסן. אַן אמתדיק מקום המוכן לפּורעניות. אויף אָט דעם הוילן מרחב, טאָמער חלילה וחס — אַ דורכפאַל, איז דער געדאַנק פון אַנטלויפן — אַ משוגעת! אַז אַרום און אַרום זעט מען נאָר: הימל און ערד און אָנגעלאָדענע ביקסן! און בכלל — אין ראַטנפאַרבאַנד אַנטלויפט עמעצער? ס'איז דיר ביי פּאָני־לעמעשקע, וואָס אפילו אַזאַ געפּערלעכער וואָלף, ווי דער גרויזין דזשוגאַשווילי איז געווען, האָט געקענט „שטעלן פּיס" אפשר אַ צענדליק מאָל? ב־נ־ניין! דאָ לויפט מען נישט. דאָ גייט מען פּאַוואָליע. דאָ וועט זיין: אָדער „ילך למיתה", אָדער „יכנס וילך לחיים טובים ארוכים ולשלום". און בכלל: ווער איז דאָס לויפן? וווהין איז דאָס לויפן? מיט קינדער ביי דער ברוסט — לויפט מען? אָן אַ זכר פון אַ דאָקומענט — לויפט מען? ניין, דאָ לויפט מען נישט. דאָ זיצט מען כאבן שאין לו הופכין, און מען וואַרט אויף דעם אייבערשטנס ניסים אַזוי ווי די יידן דאָרטן: „על־פּי החירות, לפני בעל־צפון", פאַר קריעת־ים־סוף, און איינס פון די ביידע: אָדער דער ים וועט זיך שפּאַלטן אָדער קעפּ וועלן זיך שפּאַלטן. קיין דרך הממוצע איז דאָ נישטאָ. אָדער — „יעמד חי לפני ד'", אָדער — לעזאזל!

---

* דער גרענעץ־פּאָסטן.

דאָס וואַרטעניש האָט זיך פאַרצויגן. דעם לאַקאָמאָטיוו האָט מען נישט געזען און נישט געהערט. ער איז אַ פּנים ערגעץ איינגעשלאָפן. ס'איז שוין געווען אַרום האַלבער נאַכט. קיינער איז נישט געקומען קאָנ־טראָלירן די פּאַסאַזשירן, נאָר פון יענער זייט טיר פון יעדער וואַגאָן באַ־זונדער איז געשטאַנען אַ וואַך. די זעלנער האָבן קיינעם נישט געלאָזט אַראָפּשטעלן קיין פוס אויף דער ערד, אפילו ווען דאָס איז געווען זייער נייטיק. דער פּחד איז ביי אַלעמען געווען זייער גרויס. אפילו די פּוילישע יידן האָבן אויך געציטערט אימת־מות. די „בני־משה" האָבן בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין: וואָס האָבן יענע צו ציטערן?... פון אַלע ווינק־לען פונעם וואַגאָן האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער פליסטער: ווער עס האָט געזאָגט תהילים, און ווער עס האָט מתפּלל געווען מיט אייגענע ווערטער. צווישן זיך האָט מען נישט גערעדט. דער האַלדז האָט נישט דורכגעלאָזט קיין ווערטער. די הערצער זענען געווען פאַרשטיינערט. און צו וואָס איז דאָס רעדן? מען האָט אַזוי אויך געוווסט, אַז דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר. יעדער איינער האָט ביי זיך אין האַרצן געמאַכט אַ קורצן חשבון־הנפש. אין די לעצטע מינוטן, — איידער עס פאַלט אויס דער גורל, צי מען טרעט אַריבער אויף דער „ארץ־ישראלדיקער" זייט, אָדער חלילה מען שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין דער פּעטליע — איז יעדער איינער, פּונקט ווי פאַר כל־נדרי, פאַרטון נאָר מיט זיך. די אויגן מאַכן זיך צו פון זיך אַליין; דאָס פאַרשטויבטע בינטל זכרונות צעבינדט זיך פון זיך אַליין; די שטאָק־אַלטע יריעות ווערן פון אַ אינערלעכן שטורעמווינט צעוויקלט; און עס לייענט זיך פון זיך אַליין, ווי אין יענעם „בלילה ההוא". פאַר די צו־געמאַכטע אויגן טראָגן זיך אין אַליור, ווי אין קינאָמאַטאָגראַף, בילדער און שברי־בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיי גייען נישט מיט קיין סדר, זה בתר זה,* אין אַזאַ הרת־עולמדיקער שעה איז נישטאָ קיין סדר! אין אַזעלכע רגעים איז דער מענטש העכער פון מקום און זיינע זכרונות — העכער פון זמן. זיי וואַלגערן זיך אָן אויף אים אַלע מיט אַ מאָל, ווי ביי אַ גוסס פאַר יציאת־נשמה; ווי די קליינע קינדער אויף זייער לאַחר־יאוש־דיקער מוטער, ווען זי הייבט אָן „אָפּצוגיין"... די אויפגערודערטע גע־דאַנקען האָבן זיך אומאויפהערלעך געקלאַמערט אין דעם סודותפולן: אָדער — אָדער; אהער, צי אהין; מען האָט מיט פאַרשטאַרבענע הערצער גע־טראַכט פון דעם אַזוי וויטן ארץ־ישראל; מען האָט געטראַכט פון דעם אַזוי נאָענטן סאָלאָווקי...

---

* איינער נאָכן צווייטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שווערע און טריבע הויערן די ביינאַכטיקע הימלען אויף די געוועזע־נע יידישע געגנטן פון דער אוקראַינע. אויף די אַמאָליקע יידישע שטעט און שטעטלעך פאַלט צו דאָס חשכות פון תחילת־נאַכט אָן און בלייבט שוין דאָרט הענגען עצבותדיק און יאושדיק עד עלות־השחר.

נאָך דער לעצטער מלחמה, נאָך דעם ווי דאָס אוקראַינישע פאָלק האָט יאָרן לאַנג צוגעקוקט, ווי מען קוילעט יידן אין די גאַסן און קיינער פאַרקרימט זיך אפילו נישט; נאָך דעם ווי גאָר אַ היפשער טייל פון דעם דאָזיקן „קולטורעלן" פאָלק האָט מיט הונדערט מאָל אַזוי פיל חשק ווי אין כמעלניצקים צייטן געוואָרגן און געשאָכטן יידישע קינדערלעך און גע־וואָרפן זייערע נאָך וואַרעמע קערפּערלעך פאַר די הינט; נאָך אָט דער גרוי־סער פּלאָג האָבן זיך יידן אויף הפקר אַריינגעוואָרפן אין די גרויסע יידי־שע ישובים: קיעוו, כאַרקאָוו, אָדעס, דניעפּראָפּעטראָווסק און נאָך אַזעל־כע אָנגעזעענע צענטרן. כאָטש אין אמת גערעדט, ביום עברה, אַז גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די קעפּ פון די קינדער פון ישראל, האָט דאָס ווינען קאָפּ אויף קאָפּ אין די כרכים ווייניק וואָס געהאָלפן. מען האָט דאָרט בשלום ובשלוה אויסגעקוילעט אָדער לעבעדיק באַגראָבן גאַנ־צע קהילות, אחד מהם לא נותר, און קיין האָן האָט אפילו נישט געקריי־עט... אָבער דאָך איז עפּעס פּאַרט היימלעכער אויף דער נשמה, אַז מען וווינט צווישן יידן. אפילו, רחמנא ליצלן, לא יעלה ולא יבוא... ווי אַ זאַך מאַכט זיך, על כל פנים — בתוך עמי אנכי יושב! איז טאַקע מהאי טעמא האָבן אַלע לעבן־געבליבענע יידן, — וואָס זיי און זייערע עלטער־עלטער זיידעס האָבן פון דורי־דורות געלעבט אין דער פּראָווינץ, — זיך איצט אויף מסירת־נפש אַריינגעקוועטשט בחורין ובסדקין פון די גרויסע שטעט. זאָל זיין אין אַ מייזנלאָך, נאָר אַבי צווישן יידן. אָט די מאַסאָווע יציאת־פּראָווינץ פון יידן האָט שטאַרק געענדערט דעם פּרצוף פון די אוקראַינער מערב־געביטן. אין דעם גרויסן תחום־המושב — ווו יידן האָבן זיך אין משך פון פיל הונדערטער יאָרן געפּרוכפּערט און געמערט און היינט איז דאָרט נישט צו געפינען קיין יידיש־קינד אויף קיין רפואה — איז מיט בלוטיקע אותיות געווען אָנגעשריבן אויף יעדן פרשת־דרכים:

...המבדיל בין קודש לחול... בין אור לחושך... בין ישראל לעמים...

יידישע טראַקטן זענען פאַרוואַקסן געוואָרן, יידישע ישובימלעך פאַר־וויסט געוואָרן, זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אומגעהייער־גרויסע קאָלכאָזנע־הויפן; אין סאָווכאָזנע באַזעס; אין קאָמונאַלע דרעשפּלעצער; אין פאַרשידענע פערמעס און סטאַנציעס, אָדער אין סתם דאָרפישע סלאָ־באָדקעס... קיינער וועקט דאָרט היינט נישט צו סליחות; קיינער פעדערט זיך היינט נישט צו כפרות; קיינער פּראַוועט דאָרט היינט נישט קיין שמחת

בית־השואבה; קיינער פארשפילט זיך היינט נישט אין קיין קוויטלעך; קיי־
נער „שענקט" היינט נישט קיין מלוה־מלכה'ס ביז האַנען־קרייען און עס
קנאַלן שוין נישט מער אויף דער גאַנצער גאַס די דערמוטיקנדיקע
„אליהו'ס" און ס'איז בחרפה פארשטומט געוואָרן דער לעבעדיקער און
לוסטיקער ניגון פון: „אל תירא עבדי יעקב"; קיינער פראַוועט נישט קיין
קנסמאָלס; קיינער שטייט נישט אויף צו „חצות"; קיינער לענערט דאָרט
היינט נישט די האַלב־נאַכטיקע שטילקייט מיט דעם וויינענדיקן גמרא־
ניגון; קיינער פראַוועט נישט קיין חסידישע קערמעשלעך; עס לייכט זיך
שוין נישט מער אין די פענצטער פון די הינטער־געסלעך, ווו פאַרהאָרע־
וועטע, אָרעמע נייטאָרינס, אויסגעמאַרכעוועטע יונגע מאַמעס אָדער פאַר־
ליבטע דינסטמיידלעך פלעגן שלינגען די ראָמאַנען פון שמ"ר'ן, פון דינע־
זאָנען אָדער פון שלום־עליכמען, און זיך נישט קענען אָפּרייסן פון זיי
עד קריאת־הגבר; עס האָבן אויפגעהערט די בוררותן „ביז טאָג"; עס זע־
נען אַוועק מיטן ווינט אָדער מיטן לאַנגן חלף די שווער צו־קינד גייענדי־
קע ווייבער; עס זענען פאַרשטומט געוואָרן די זיך רייסנדיקע קינדערלעך,
וואָס עס שניידן זיך ביי זיי שווער די ציינדעלעך; עס זענען אַוועק אין
דער אייביקייט די ראָמאַנטישע סדר־נעכט און הקפות־נעכט; נישטאָ שוין
די „טיף אין דער נאַכטיקע" שפּאַצירן פון די יידישע פּאָרלעך; די שפּעט־
פּאַרזעסענע ווייבער אויף די גאַנקעס, אויף די פריזבעס אָדער אויף די
מיט גראָז־באַוואַקסענע קעלערס — דאָס אַלץ איז אויסגעשטאָרבן, אומ־
געבראַכט, פאַרטיליקט און אָפּגעווישט אָן אַ זכר; דאָס אַלץ איז פאַר־
שוווּנדן געוואָרן פון די אַמאָליקע יידישע תחומין לעולמי עד ולנצח
נצחים... דער פויער אַרבעט היינט שווער און ביטער, ער פּראַוועט נישט
קיין „געהויבענע יאָרצייטן" און פאַרזיצט זיך נישט אויף קיין שכנישע
גאַנקעס, ער שלאָפט! די סטאַכאַנאָווסקע נאַרמעס לאָזן נישט הוליען דורך
די נעכט, צוויי מאָל אין יאָר בייט מען איבער די מלבושים: זומער און
ווינטער; דעסט גלייכן צוויי מאָל אין יאָר רוט מען זיך גוט אָפּ און מען
גיט נאָך אַ הוליע: די מאַי־טעג און די אָקטאָבער־טעג, און המותר מוז
מען אַרבעטן: יאָגן, דעריאָגן און אַריבעריאָגן! נאָכן שווערן אַרבעטסטאָג
ווערט דער קאָלכאָזניק אַנטפאַלן גלייך מיט די הינער, ווייל ער דאַרף
אויפשטיין גלייך מיט די הענער...

...העגנט טאַקע די שטומע נאַכט אין יענע מקומות אַ גאַנצע, אַן
אומבאַרירטע, און טאָמער גיט ערגעץ צופעליק אַ סקריפּ אַ סאָווכאָזנע
טויער אָדער עס „פּאָרט אַראָפּ" אַ שוואַך צוגעבונדענער פליגל פון אַ
ווינטמיל, צעשרייט זיך אויף זיי די שטילקייט מיט קולי־קולות:

— שטיל זאָל דאָרט זיין! אשמעה, מה ידבר האל ד'...

*

אָבער פון דעסט וועגן איז נאָך דאָס יידישקייט נישט אין גאַנצן פאַר־שוואונדן פון יענע מקומות. אמת, דאָס יידישע לעבן האָט טאַקע אויפגע־הערט, ס'איז נאָך אָבער געבליבן דער יידישער טויט —

...די שטאָק־אַלטע יידישע בית־עלמינס...

אויף די אומצאָליקע אָנפראַגעס, וואָס זענען פון די דאָרפסראַטן און אויספיר־קאָמיטעטן אָפּגעשיקט געוואָרן „אהין, וווהין מען דאַרף", מכח איבעראַקערן אָט די אומפּראָדוקטיווע שטחים, וואָס די אויסגעוואַנדערטע איינוווינער האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט, איז נאָך לעת־עתה קיין ענט־פער נישט געקומען, די אדונים ישובן זיך נאָך, און די „שארית־ישראל" פון די הונדערטער בית־החיימס האָט געלעבט מיט אַ „שטורמיש", אומ־רואיק „לעבן". און שטורמיש און אומרואיק איז זייער לעבן די לעצטע יאָרן געווען דערפאַר, ווייל פון זינט גאָט האָט באַשאַפן די נאַרישע וועלט, איז נאָך קיין איין מאָל נישט געווען אַזאַ וויסטע גערעטעניש אויף געסט פון „דאָרטן", ווי אין די לעצטע עטלעכע יאָר. עס האָבן זיך מיט אַ מאָל אַ לאָז געטון גאַנצע עדה'ס, גאַנצע קהילות, אַלט און יונג, אנשים נשים וטף... עס האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז דער עולם־השקר קלייבט זיך אי־בער מיט האַק און פּאַק אויף דעם עולם־האמת. פון מויל צו מויל איז אַרומגעגאַנגען אַ סברא, אַז דער באַשעפער האָט בחרון אפו אָפּגעשאַפט דעם רעגנבויגן און האָט צום צווייטן מאָל געזאָגט:

...קץ כל בשר בא לפני!

*

כמעלניקער „הייליק אָרט" איז אָנגעפּעלצט מיט שניי עד הטבור. דאָס גרויסע פעלד מיט די כמעט פאַרשאָטענע מצבות זעט אויס, ווי אַן אויס־געשניטענער וואַלד, וווּ דער שניי האָט זיך געזעצט אויף די אָפּגעזעגטע שטאַמען. די נאַכט — ימש חושך, די פּוסטקייט — מדבר שמם, פונעם סודותפולן חושך האָט באַלכסון געשמיסן אַ געדיכטער, געפרוירענער רעגן —

...ליל סגריר וערפל...

דער ווינט האָט בעים רוחו אַלע מאָל אויסגעריסן פון דער ערד פּו־לע זשמעניעס מיט שניי, אויף איין פּוס אויסגעפּאַרטיקט פון זיי פּחדימ־דיקע שופרות, און האָט דורך זיי געבלאָזן לאַנגע און קורצע יבבות אין דער שאול־תחתיתדיק שוואַרצער נאַכט אריין —

...ליל ישימון...

אין טאָלעכל, סאַמע אונטער דעם מאָגערן ביימל פון די כל־נדרי באַר־לעך, האָט זיך אונטערגעהויבן אַ הילצערנע מצבה ווי אַ דעק פון אַ קאַסטן און איז אַזוי שטיין געבליבן. פונעם שוואַרצן מצבה־חלל האָט זיך באַ־

וויזן אַ בר־מינן. דאָס ווייסקייט פון די תכריכים האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן ווייסקייט פון דעם שניי. דאָס סקעלעטישע פּנים האָט דערמאָנט אין זעלדע דער שניטקרעמערין, שלום כמעלניקערס ווייב. דער מת האָט מיט אַ געניט אויג זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטן און נישט פילנדיק זיך געשטערט פונעם ווינט, וואָס „ווארפט אום פון די פיס", האָט זי געמאַכט נישט קיין גרויסע הקפה און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די פּאָר ברעטלעך פון איר שוועגערינס קבר, דעם קבר פון זלאַטע, מנשה דעם רבס מוטער. זעלדע האָט אַ קוק געטון אויפן הימל, ווי זי וואָלט פון אים געוואָלט גע־וויר ווערן, וו די נאַכט האַלט און האָט אָנגעקלאַפּט אין ברעטל:

— נו, זלאַטע, ביסט גרייט? קום, עס ווערט שפּעט —

פון דאָרטן האָט זיך דערטראָגן אַ וויינענדיקע שטימע:

— איך בין גרייט, וואָס דען, איך בין נישט גרייט? אָך און ווי איז צו מיר מיט מיין גרייטקייט...

— שטענדיק, נאָר דו קלאָגסט זיך... פון תמיד אָן, פון זינט איך גע־דענק דיך, ביסטו אַ פלאַקסיווע * יידענע, שטענדיק מיט פייכטע אויגן און מיט אַ רויטער „באַראַבאָליע", ** ווי ביי אַ שכור...

— שווייג, דו! דו דאַרפסט שווייגן! דו טאָרסט איצט קיין איין וואָרט נישט רעדן!

— פאַר וואָס עפּעס מוז איך שווייגן?

— ווייל אַזוי! ווייל דיין אפרים־אהרון פאָרט אוועק מיטו אַלע זיינע קינדער, קיין עין־הרע, און מיין מנשה... מיין איינציק אויג אין קאָפּ —

— איז דאָך דיינה אויך אוועקגעפאָרן, צי ניין?

— אודאי איז כאָטש דאָס אַ שטיקל נחמה... כאָטש איין קינד ארויס־געריסן ביי די הינט פון די ציין... אָבער מנשה... אַזאַ געראָטענער מנשה... אוי, טוט ער מיר ווי אָט דער עקשן־משומד... וויפל דיין שלמה האָט עס אין אים אריינגעלייגט דיבורים — און ווי אַן ארבעס אין דער וואַנט! און בלייבט טאַקע ביי די גזלנים! איצט פארשטייסטו שוין, פאַר וואָס דו דאַרפסט שווייגן? ווייל דיין אפרים־אהרון נעמט טאַקע מיט אַלע קינדער מיט זיך —

— דו פאַרגינסט מיר נישט... האָסט אפילו נישט געזאָגט: „קיין עין־הרע"...

— איך האָב פריער געזאָגט... עי, דו אַלטער נאַר, וואָס דו ביסט, דו שעמסט זיך גאָר נישט צו זאָגן, אַז איך פאַרגין דיר נישט? וואָס זשע, מיין שלומס קינדער זענען דען ביי מיר נישט פונקט אַזוי טייער ווי מיינע אייגענע? איך זאָג נאָר, אַז מנשהם בלייבן אין יענעם סדום ועמורה מאַכט מיר „קיצור־ימים", אָט דאָס זאָג איך... אַזוי בעטן ווי מען האָט אים גע־בעטן... דאָס ארבעט נאָך אין אים זיין פאָטערס גיפט... דעם ימח־שמו־

---

* אַ מענטש, וואָס וויינט תמיד.

** אַ קאַרטאָפליע. געמיינט: אַ אָנגעדראָלענע נאָז.

ניקס טריפהנע השכלה איז אים דאַ ביינעשטאַנען... אַט וועסטו אומיסטן זען אַ שיינס, אַז איך וועל זיך היינט באַגעגענען מיט ליבן, וועל איך אים אויסדראַפּען די אויגן פאַר מנשהס איבערבלייבן דאָרטן —

— הערסטו, זלאַטע, אויף מיין וואָרט, דו האָסט זיך גאָרנישט געביטן. נישט מער, וואָס נאָכן פסק, וואָס דו האָסט אַריינגעכאַפּט, האָסטו אַרויסגעלאָזט ר׳ מיכעלע זלאַטשעווער פונעם מויל, אָבער חוץ דעם חזרסטו אַלץ איבער די זעלבע פּזמונות, וואָס „דאָרטן", אַ האָר נישט גערינגערט... אַ שטייגער, וואָס איז דיין ליב נעבעך שולדיק, אויב מנשה האָט זיך איינגעעקשנט: איין מאָל ניין און ניין און ניין —

— דו פרעג מיך נישט קיין קשיות, איך ווייס וואָס איך רעד! אוי, ווייס איך... דאָס איז ליבס סם אַרבעט אין מנשהן... ליבס טריף־פּסול־דיקער סם־המות... איך וועל אים דאָרט —

— ...און ווידער, מנשה איז דאָך נישט איינער, וואָס בלייבט אַיבער... עס פאָרן דאָך נאָר געציילטע מענטשן —

— יאָ, אודאי אַזוי, דיר איז גוט צו רעדן, אַז דיין עלטערער זון פאָרט מיט אַלע קינדער און קינדסקינדער, און דער צווייטער זון אויך —

— זלאַטע, לייג אָפּ דיינע טענות אויף אַן אַנדער מאָל און קליב זיך דאָרט אַ ביסל וויניקער, ווייל מיר קענען נאָך אָנווערן די קאָמפּאַניע...

— זעלדע, גאָט איז מיט דיר, ס׳איז דאָך ערשט נאַכט געוואָרן און זייער צוג גייט ערשט אָפּ —

— דו האָסט אַ פּנים פאַרגעסן, אַז מיר דאַרפן זיך נאָך אָפּשטעלן אין זוועניגאָראָדקע? דו האָסט, דאַכט זיך, גוט געהערט, אַז איך האָב צוגעזאָגט דעם מלמד זייערן, ר׳ שמעיה פּאָקוטילאָווער —

— זאָג מיר, אפשר וואָלט דאָס מאָל געווען גוט אָן אים? איך בין גאָרנישט אַזוי אויפגעלייגט, אַז איך זאָל נאָך איינלאַדעווען געסט...

— ניין, ניין! צוגעזאָגט, איז צוגעזאָגט! ער האָט אַזוי געבעטן, אַז מען זאָל נישט פאַרגעסן אים מיטנעמען... ביידע האָבן זיי דאָך ביי אים געלערנט, אי שלמה, אי אפרים־אהרון. ער, אַז ער רעדט פון שלמהן —

— נו ,קום, נו, קום שוין, וואָס טו איך דען דאַ, אָך און ווי איז צו מיר... הייסט עס, אין באַבי־יאַר זאַמלט מען זיך צונויף?

— וו דען? דאָרט איז דאָך היינט דער גרעסטער כרך געוואָרן...

— נו, טאַ קום זשע. שטיי, וווהין פליסטו? האָסט פאַרגעסן אַראָפּלאָזן דיין אוהל, ביז מיר וועלן זיך אומקערן וועט אָנשיטן פול, וועסטו זיך מוזן אַרומבלאָנקען ביז וועסנע...

דער צונויפגעקאָרטשעטער ר׳ שמעיה מלמד האָט שוין אויף זיי לאַנג געוואַרט ביי זיין פלאַכן בערגל, ער איז אָבער נישט געווען אַליין. צוזאַמען מיט אים האָבן אָפּגעוואַרט די כמעלניקער שוכן־עפרטעס נאָך צוויי זקנים: ר׳ מאָטל, דער זוועניגאָראָדקער דיין, און דער הייליקער לאָמעדוואָווניק פון יענע געגנטן — משהלע מיטן טשייניק. די פאַרגאַנגענע נאַכט, נאָכן אָפּפּראַווען „חצות", ווען מען זעט זיך מיט אַ מענטשן און

מען הערט א וואָרט נייעס, האָבן זיי בײדע געכאַפּט א צונג, וווהין דער אַלטער מלמד קלייבט זיך היינט „עולה־רגל" זיין, און האָבן אָנגעהויבן צושטיין צו אים: אַזוי ווי ער האָט שוין „רשות", זאָל ער זיי אויך מיט־נעמען מיט זיך. דער פּאַקוטילאָוועד מלמד, דערהערנדיק זייער בקשה, איז ער אַזש פאַרצאַפּלט געוואָרן:

— וואָס האָט איר צו מיר? וואָס האָט איר זיך גענומען אויף מיין לעבן? איר מאַכט מיך אומגליקלעך! האָט אויף מיר רחמנות און גייט אייך אין אייער רו אַריין. עס פאָרט אַוועק מיינער א תלמיד... א תלמיד־מובהק... א תלמיד ששקול כנגד כל התלמידים... דער ארי שבחבורה! כ'בעט אייך, טרעט אָפּ פון מיר... וואָס קוילעט איר מיך? אָט וועט איר זען: דער סוף וועט זיין, אַז איבער אייך וועלן זיי שוין מיך אַליין אויך נישט וועלן מיטנעמען.

איז אָבער מאָטל דער דיין א גאַנצער בא בטענה:

— סטייטש, היתכן? אפרים־אהרון האָט ביי מיר אין שטוב גע־לערנט זעקס יאָר צייט; ער האָט מיט מיר פון איין טיש געגעסן; מיר זע־נען צו מאָל אפילו אין איין צימער געשלאָפן — זאָל איך אַצינד נישט פאָרן אים נאָכזאָגן דעם לעצטן „יברכך"? ער וועט שוין דען ווען עס איז נאָך א מאָל פאָרן קיין ארץ־ישראל?

דער „נסתר" מיטן צונאָמען „טשייניק" האָט געטענהט:

— מיך ווילט איר נישט מיטנעמען? שעמט אייך, ר' שמעיה... ווו איז אייער „ונותנים באהבה רשות זה לזה", וואָס איר האָט איבערגע־חזרט טאָג־טעגלעך אפשר הונדערט יאָר? אַז בסך־הכל בין איך מיט אָט דער משפחה כמעט ווי א קרוב: דורך מיר האָט זיך א מאָל מיט שלמהן שיר נישט אויסגעפּיקט קיין שידוך; איך בין געווען א גאַנצער בן־בית ביי אָט די אַלע דריי טאַטעס: ביים זיידן, ביים זון און ביים אייניקל, ווילט איר, אַז איצט, ווען זיי פאָרן אַוועק קיין ארץ־ישראל... ווייסט איר, ר' שמעיה, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך וועל זיי נאָך אַצינד אויך צו נוץ קומען... אמת, זיי האָבן שוין „צדדים" אין די „הויכע פענצטער" נעענטערע פון מיר, אָבער דאָרט ווו דער „טשייניק" קען אונטערשטעלן א פּלייצע, וועט זיך קיינער נישט אונטערגאַרטלען... אפילו נישט זייער אייגענער זיידע... און „פּלייצעס" וועלן זיי נאָך דאַרפן געגוג, געגוג... דער וועג, וואָס זיי פאַרנעמען זיך אויף אים, איז א לאַנגער, א לאַנגער... ארוכה מארץ מדה... און איז פול און פול מיט שטרויכלונגען... בקיצור, איר נעמט אונדז מיט?

האָט זיי דער מלמד נישט געענטפערט „יאָ", און האָט זיי נישט גע־ענטפערט „ניין" — ער האָט זיי גאָרנישט געענטפערט! איז מען שוויינג־דיק געשטאַנען זאַלבעדריט און מען האָט זיך אויסגעקוקט די אויגן אין דער ריכטונג פון יענעם ווינקל ווו כמעלניק ליגט, צו זען: אפשר פליען זיי שוין!

ווען די צוויי נשים האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם מלמדס „הייזל",

האָבן זיך אַלע דריי בעלי־דברים אַ וואָרף געטון צו זיי, יעדער מיט זיין טענה. העכער פון אַלע האָט נעבעך געשריגן דער איינגעשרומפּענער מלמד. ער האָט פאַרזיכערט זיינע בעל־טובהניצעס מיט כל הפאַרזיכערונגען שבעולם, אַז ס'איז נישט זיין שטיקל אַרבעט; נישט ער האָט זיי אויפגע־וועקט; און נישט ער וויל עס, אַז מען זאָל זיי דייקא און דווקא יאָ מיט־נעמען. ידו מסולקת! זיי קענען טאָן, ווי זיי געפעלט...

די ווייבער, צעחושטע פון די טענות ומענות און דער עיקר: מורא האָבנדיק אָנצוווערן צו דער שיירא פון באַבי־יאַר, האָבן זיי זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן מיט זיי אין קיין לאַנגן ויכוח: צי עס קומט זיי יאָ „רשות", צי עס קומט זיי נישט; זיי האָבן אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט:

— מיין דאגה? פּליט יאָ, פּליט נישט, וואָס איך קען שוין דאָ אָנ־ווערן?

און די פינף אַלטע לייט האָבן גלייך גערירט אין וויטן וועג אַריין.

*

זיי זענען נאָך געווען וויט כמטחוי קשת * פון דעם שרעקלעכן בלוט־בעקן, וואָס די אכזריותדיקע מענטשן רופן אים אָן אַזוי פּשוט און וואָ־כעדיק: „באַבי־יאַר", ווען צו זייערע אויערן האָט זיך דערטראָגן אַ גע־טומל פון הונדערטער, אָדער טויזנטער נשמות. תחילת האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס קען זיין די סיבה פון אַזאַ קהלישן אומרו, שפּע־טער זענען זיי געוווּיר געוואָרן. לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז אפשר אַ האַלבער עולם פון די קיעווער יידן, וואָס האָבן דאָ געפונען זייער אייִ־ביקע רו, האָט מער אָדער ווייניקער געקענט עמעצן פון די אַזוי גערופענע: „בני־משה". ווער עס האָט געקענט אפרים־אהרונען, ווער שלמהן, און ווער עמעצן פון די איבעריקע בני־החבורה, און דערהערנדיק, אַז די קרובים זייערע קלייבן זיך גיין אַרויסבאַגלייטן די שיירא, וואָס פאָרט קיין חוץ־לאָרץ, האָט מען פאַרלאָזט די אָנגעוואַרעמטע געלעגערס און מען איז אַרויס באַגלייטן די באַגלייטערס און טאַקע פאַר איין וועגס כאַפּן אַ קוק אויף פנים־חדשות...

די פינף אָנגעקומענע נשמות האָבן דערשטוינטע אַרומגעבלאָנקעט צווישן דעם פרעמדן עולם, זיי האָבן יעדן איינעם פאַרקוקט אין די סקע־לעטישע אויגנלעכער און אַלץ נישט באַמערקט קיין איין באַקאַנטע נשמה. די פרעמדע געסט האָבן זיך אין דער נייער סביבה געפילט זייער שלעכט. פון אַלע זייטן האָט מען אויף זיי געקוקט בשאט־נפש, מען האָט זיי באַ־גלייט מיט בליקן פול מיט אָפענעם שפּאָט, נאָך ערגער ווי מען קוקט נאָך די לעבעדיקע:

— זעט נאָר, וועמען דער משוגענער ווינט האָט אַהער געבראַכט צו

* דער מרחק, וואָס אַ פייל קען פליען.

טראַגן! דאָס זענען דאָך גאָר נישט קיין קדושים, דאָס זענען דאָך פשוטע נפטרים... מן הסתם האָבן זיי צוגעמאַכט די אייגעלעך און אויסגעצויגן די פיסעלעך אויף די נדן־איבערבעטן ווי אמתע בעל־הביתשע קינד־ערלעך...

און די אָנגעקומענע נשמות האָבן זיך ווירקלעך געפילט ווי שולדיק אין עפּעס. עס האָט זיי געברענט דאָס פּנים פאַר בושה פאַר זייער באַ־לײדיקנדיקער גאַנצקייט. אַלע ארומיקע האָבן אַנדערש אויסגעזען: צעזעצ־טע קעפּ, צעבראָכענע שאַרבנס, דורכגעשאָסענע בייכער, צעקרישלטע הענט און פיס... די קאַליקעס האָבן מיט אָפענער שנאה אָנגעגריפן די פינף „באַלעבאַטישע נפטרים" אין די תכריכים. יענע אָבער האָבן שוין פון דער ווייטנס דערזען אַ רעדל פון עלטערע נשמות, צווישן וועלכע זיי האָבן באַמערקט היימישע פּנימער. ראַטעווענדיק זיך פון די פייַנטלעכע בליקן און פון די צונויפגעדריקטע רעשטלעך הענט, האָט זיך זעלדע צעלאָזט לויפן;

— מוזי! לאה! גרשון!

און דער רבי שמעיה און נאָך אים זיינע איינגעבעטענע אורחים מיט זייערע אויסגעמאַרכעוועטע פּיס זענען איר פאַרסאָפּעטע נאָכגעלאָפן.

מאַכנדיק די פּליטה פון יענע נישט פאַרגינערס, האָט זיך זלאַטע צע־לאָזט לויפן:

— לייב! לייב!

אָבער צוקומענדיק נאָענט איז זלאַטע אָנגעפאַלן אויף איר מאַן:

— דו רשע מרושע, דו עוכר־ישראל, דער גיפט פון דיינע אפּיקורסי־שע ביכלעך האָט טאַקע חרוב געמאַכט די גאַנצע פאַמיליע... פינף יונגע קינדער ווי די טאָפּאָליעס באַגראָבן פאַרן לעבן און איצט מנשה... אַזאַ גאָלדענער מנשה און האָט נישט געוואָלט אַנטלויפן... דאָס איז דיין סם־המות! דיינער, דיינער...

זי האָט זיך שוין געוואָלט וואַרפן אויף אים מיט די קולאַקעס, ווען צווישן זיי האָט זיך אַריינגערוקט אַ בכבודיקער, עלטערער בר־מינן:

— ר' יידענע, זייט זשע מוחל, באַהאַלט אייערע הענט אויף שבת, דאָ שלאָגט מען זיך נישט —

— מען פרעגט ביי אייך קיין דעות נישט! ס'איז מיין מאַן! מיין עכן בן כרמי!

— שווייגט, זידלט זיך נישט אַזוי שטאַרק... דרך־ארץ ווייסט איר? קודם — אַ מאַן! והשנית, זענט איר אַ פשוטע נפטרת און ער — אַ קדוש! והשלישית, איז אייער לייב דאָ מיט גאָרנישט שולדיק... מען האָט אין אייער מנשהן געגנוג דיבורים אַדיינגעלייגט און — רעד צום באַליק! איי־ער זונדעלע איז אַ געברענטער, אַ געבראָטענער עקשן —

— קודם, ווער זענט איר דאָס, וואָס איר מישט זיך אַריין אין פרעמ־דע געשעפטן?

— איך בין שלמה אפרים־אהרונס שווער —

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָבן געווירקט ווי אַ שפּרונג.

— ...און אַט די דאָזיקע יידענע איז זיין שוויגער...

זלאַטע איז אין גאַנצן געבליבן אַפּהענטיק. זעלדע, דערהערט, אַז אַט דאָס עלטערע פּאָרפאָלק זענען אירע מחותנים, האָט זי זיך אַ וואָרף געטון צו זיי:

— רעב... ר׳ מחותן, פאַר וואָס זעט מען עפּעס נישט מיין שלומען?

— אייער ר׳ שלום, מחותנתטע, ווינט דאָך נישט דאָ מיט אונדז... די רשעים האָבן אים דאָך גלייך פון דער תליה אַרויסגעפירט ערגעץ אויף אַ סוואָלקע און דאָרט פאַרשיט... איר האָט עפּעס אַ השגה וויפל טויזנטער אַזעלכע סוואַלקעס קיעוו פאַרמאָגט איצט אַרום זיך? ס׳איז שוין היפּשע עטלעכע שעה, אַז איך האָב אַוועקגעשיקט אַ פּאָר יונגעלייטלעך אים אויפצוזוכן און מען הערט נישט פון זיי און מען זעט נישט —

— ווי איז מיר, עס ווערט דאָך שפּעט —

— קרעכצט נישט אַזוי, מחותנתטע־לעבן, איך האָב געשיקט אַזעלכע חברה־לייט, וואָס וועלן זיך מיט קיין לייזיקע הענט נישט אומקערן. און וואָס איר זאָגט, אַז עס ווערט שפּעט, איז דאָס שטותים! דער צוג גייט אָפּ איינס אַ זייגער ביי נאַכט, און אַז זיי זאָגן איינס אַ זייגער, וועט ער נאָך מן הסתם פינף אַ זייגער אויך נישט האָבן אַוועקגעגאַנגען... זייט זיכער, מיר וועלן אָן דעם מחותן ר׳ שלומען זיך נישט רירן פונעם אָרט...

— איר זאָלט מאריך ימים זיין, מחותן... ע־ע־ע... וואָס רעד איך?

— עס מאַכט נישט... עס מאַכט נישט אויס... איר מיינט, אַז נאָר דער מחותן איז נאָך נישטאָ? עס פעלט נאָך אַ גרויסער עולם אויך חוץ אים...

דער פעטער מוזי האָט זיי איבערגעשלאָגן דעם שמועס:

— וואָס קלערט איר, ר׳ נחמן, קען דאָס זיין, וואָס די שליחים נאָך דעם לעבעדינער רב זאַמען זיך אַזוי לאַנג?

— וואָס איז אייך דאָ אַזוי קשה, ר׳ מוזי? לעבעדין איז אייך נישט אָלשאַנע און נישט כמעלניק, לעבעדין איז גאָר אַ היפּשע שטאָט... „פּאַר מיקאָלקען", געדענק איך, איז דאָרט געווען אַן „אויעזדנע גאָראָד"... אמת, עס זענען דאָרט נישטאָ אַזוי פיל סוואָלקעס, וויפל אין קיעוו, דערפאַר אָבער איז אַכט יאָר, נישט דאָס זעלבע וואָס פיר יאָר... נישקשה, איר קענט זיך אויף די היימישע רוצחים אויך פאַרלאָזן, די רויטע מחבלים, אַז זיי באַגראָבן עמעצן, אַז אים אויך גענוג שווער אויפצוגראָבן...

— נו, און זיין משה האָט דאָך שוין יאָ זיינע אייגענע ד׳ אמות? וואָס זאַמט ער זיך אַזוי לאַנג?

— פּכע... זיין משה... ווער רעדט פון זיין משהן? יענער איז דאָך אַ געוויינלעכער... כ׳מיין אַ געוויינלעכער קדוש... אים האָבן די שליחים אודאי גלייך אויפגעהויבן פונעם געלעגער און אים מיטגענומען מיט זיך ער זאָל זיי העלפן זוכן זיין פאָטער... שאַ! אויף אַ טויטן דערוואָרט מען זיך טאַקע! אָט גייט שוין דער מחותן ר׳ שלום! יישר כח, יונגעלייט, טאַקע אָפּגעזוכט, האַ? יישר כח, יישר כח...

דער אַלטער שלום במעלניקער איז איצט נאָך געווען שלאַנקער, דער טראַט — פעסטער און דרייסטער ווי בחייו, נישט מער זיין קלסתר־פּנים איז געווען שטאַרק פאַרענדערט: די נאָז איז געווען אויסגעריסן מיטן שורש, די אויערן אָפּגעהאַקט, דער שאַרבן איז אין איניקע ערטער געווען צעשפּאָלטן, און אויפן האַלדז האָט ער געטראָגן אַ שטריק מיט אַ שלייף. דער שטריק איז ביים עק געווען באַלכסון אָפּגעהאַקט מיט אַ שווערד. ער האָט זיך נאָכגעבאָמבלט אויף דער ערד און האָט זיך שטאַרק געפּלאָנטערט פאַר די פיס. ביים באַווייזן זיך פון אַט דעם הייליקן ישיש איז אין דעם ריזיקן הנום־טאָל, וואָס בלע״ז* רופט מען אים: באַבי יאַר,** געוואָרן טויט־שטיל ווי אויף אַן אמתן בית־הקברות. נאָר איין זעלדע איז אַ פאַרצאַפּלטע צוגעלאָפן צו אים:

— שלום, פאַר וואָס נעמסטו נישט אַראָפּ דעם שטריק פונעם האַלדז? וויפל איז דער שיעור? „קריעה" טוט מען אוים פון זיך נאָך איין יאָר, און דאָ איז שוין פאַוואַלינקע פיר יאָר...

דער אַ מאָל געהאַנגענער קוקט אויף זיין תליה־שטריק מיטן זיך נאָכשלעפנדיקן סרח־העודף און שאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— ניין, זעלדע, איך קען אים נאָך נישט אַראָפּנעמען... ס'איז נאָך צו פרי אויסצוטון דעם שטריק... קיינער האָט נאָך נישט אויסגעקויפט דעם צער, ער איז נאָך גאַנץ בתכלית הגאַנצקייט...

און זיך ווענדנדיק צו די גברים:

— נו, רבותי, אויף וועמען נאָך וואַרטן מיר? דאַכט זיך, אַז אַלע זענען דאָ בעין?

ר' נחמן האָט אים אָפּגעשטעלט מיט זיין סקעלעטישער האַנט:

— האָט נישט קיין פאַראיבל, מחותן, איר זעט דאָ דערווייל בלויז אייעריקע, און ווו זענען עפּעס מייניקע? קודם וואַרטן מיר אויפן לעבעדינער רב מיט זיין זון, און דאַן דאַרפן זיך באַלד צונויפזאַמלען מיינע זין... וואָס זשע, ס'איז ביי אייך עפּעס אַ קליינינקייט: נאָכזאָגן דעם לעצטן „יברכך", ווען עס פאָרט אַוועק אַ שוועסטער מיט מאַן און קינדער...

— וואָס זשע קלייבן זיי זיך דאָרט אַזוי לאַנג? די נאַכט שטייט דאָך נישט —

— איר פאַרגעסט אַ פּנים, מחותן, אַז דעם לעבעדינער רב דאַרף מען דערקברן פון די פאַראַכטיאַריקע מיסטגריבער, נאָך פון יעזשאָוום צייטן, ימח שמו וזכרו! און אַז מיינע זין זענען צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע שבעה ימען: דריי זין — די עלטערע דריי זין — ליגן דורכגעלעבערטע פון קוילן און צעפרעסענע פון די פיש אויפן דנאָ פונעם דניעפּר; איין זון איז געפאַלן הינטער וואָראָניעזש; איינער אָפּטריטנדיק פון סמאָלענסק; איינער אין קראַסנאָדאַר גופא; איינער ליגט סאַמע אונטן

* אויף גויאיש.

** דער טאָל פון די באָבעשים.

אין א ברודער־קבר צווישן אַריאַל און טולע; א שוואָגער מיינער איז צו־זאַמען מיט זיין טאַנק דערטרונקען געוואָרן אין דער לאַדוגאַ, דאָס איז אַזאַ טייך ביי זיי, איבער וועלכן מען האָט צוגעשטעלט פּראָוויאַנט אין דעם באַלאַגערטן לענינגראַד; איין איידעם איז געפאַלן הינטער סטאַלינ־גראַד, נאָך איין איידעם אין לאָזאָוואַיאַ, ערגעץ צווישן כאַרקאָוו און ראָס־טאָוו; א פּלימעניק מיינער איז אומגעקומען אין נאָוואָגראַד־וואָלינסק; און נאָך איינער — אַזש אויף דער יאַפּאַנישער גרענעץ, ערגעץ נישט ווייט פון מאַנדזשוריע; און נאָך איין איידעם, דער יינגסטער, אויף די נאַפט־פעלדער פון גראָזנע —

די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין טאָל, בשעת ר׳ נחמנס לייע־נען דאָס לאַנגע צעטל פון אומגעקומענע זין און איידעמס, האָט פאַרטויבט די אויערן אַזוי ווי די הונדערטער פויקן בעת דער גרויסער שחיטה, טאַ־קע דאָ אין יאַר. דער אומגליקלעכער פאָטער וואָלט נאָך אפשר לאַנג גע־ווען געצויגן דאָס צעטל פון זיינע קברים, נאָר ר׳ שלום האָט אים איבער־געשלאָגן:

— גו, גוט, גו, גוט... עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן וואַרטן... און לעת־עתה, ביז דער עולם וועט זיך צונויפקלייבן, וועל איך א גיי־טון אויפן היגן בית־עולם און וועל ברענגען אהער מיין טייבלען... מיינע קינ־דער זענען ביי איר געוווען טייער ווי דאָס גאַנצע לעבן... קום, גרשון, אַליין איז דיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז טייבל האָט אויך א שטיקל שייכות צו די יוצאים־לדרך?

דער פעטער מוזי האָט זיך א פּאַטש געטון אין ביינערנעם שטערן:

— אוי־וואַ, אוי־וואַ, ווי אַזוי האָב איך געקענט פאַרגעסן אַזאַ זאַך? און דו, לאה, האָסט מיר נישט געקענט דערמאָנען, האָ? וויפל יאָרן איך טענה צו דיר: לאה, האַלט קאָפּ —

און צום שוואָגער:

— קום, שלום, איך גיי אויך מיט דיר אהין צו... איך וויל רופן הרב ביאַליק... ער איז דאָך כל ימיו געווען א ידיד־נאמן פון דיינע קינדער —

— הער נאָר, פאַר וואָס נישט? פאַרענטפערט זיך גאָר... פאַר וואָס נישט? אדרבה, ברוב עם —

דער מלמד, ר׳ שמעיה פּאָקוטילאָוועד, איז צוגעלאָפן צום פעטער מו־זין:

— אויב איר גייט רופן ר׳ משה ביאַליק, דעם קיעווער רב, וויל איך אויך מיט אייך מיטגיין... א קליין שטיקל צייט איז ער געווען מיין תלמיד...

— קומט אויך, וועמען אַרט דאָס? איר מאַכט מיר דען עפּעס קאַליע? אָבער צי וועט איר נישט אָפּשטיין פון אונדז? איר וועט קענען נאָכהאַלטן? מיר וועלן גייען שמיידיק, ווייל עס ווערט שפּעט —

ר׳ שלום, דערזעענדיק דעם זוועניגאָראָדקער מלמד, באַמערקט שוין אויך שטיין לעבן אים די איבעריקע צוויי דאָרטיקע יידן. אויף זיין צע־קאַליעטשעט, סקעלעטיש פּנים צעלייגט זיך א ניחא׳דיקע מינע:

— אָ! זעט נאָר, ר׳ משה מיטן טשייניק! איר זענט אויך געקומען צום געזעגענען זיך? טאַקע זייער שיין פון אייער זייט! וואָס זאָגט איר נאָר דערצו, — ר׳ מאָטל דער דיין איז אויך דאָ? נו, זעט איר שוין, סדנא דארעא חד הוא! אז מען לעבט באַגעגנט מען זיך —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין באַבי־יאַר האָט זיך שטאַרק געטומלט. דער גאַנצער עולם האָט ברייט אַרומגערעדט דעם ענין, וואָס אַ גרויסער טייל פון די געצײַלטע גלוי־ביקע יידן אין לאַנד, מאַכן די פּליטה קיין חוץ־לארץ. פון אַלע זייטן זע־נען געפלויגן דעות מדעות שונות. מען איז געווען שטאַרק מחולק אין דעם עצם־הענין פון דעם „נעמען דעם וועג".

— דאָס איז אַ שרעקלעכער חטא און אַ מעוות לא יכול לתקון, — האָט אויף אַ קול געטענהט אַ מת מיט אַ לאַנגן גאָרגל און מיט אַן אָפּ־געשאָסענעם האַלבן פּנים, — אַט דאָס, וואָס די חסידים ואנשי־מעשה גנבענען זיך אַרויס פונעם לאַנד, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס גאַנ־צע פאָלק בלײַבט דאָ איבער, איז אַן אומגעהערטער חילול־השם! משה רבנו עליו־השלום איז נאָך געווען אַזאַ צדיק, וואָס ער האָט בכח געהאַט מבטל צו זיין דעם אייבערשטנס גזרה און יאָ אַרײַנקומען קיין ארץ־ישראל, נאָר ער האָט זיין גרויסן כח נישט אויסגענוצט און איז געבליבן ליגן אין דער וויסטע, — וואָס איז? די מתי־מדבר זאָלן נישט בלייבן עלנט! און דאָ — לעבעדיקע יידן, לאלפים ולרבבות, און איבערלאָזן זיי אָן אַ פונק יידישקייט... אַבי מען נעמט מיט מיט זיך דאָס אייגענע בינטל ביינער... ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז מען זאָל לחלוטין מפקיר זיין אַזאַ הייליקן שבט פונעם יידישן פאָלק? אַ שבט, וואָס האָט פון זיך אַרויס־געגעבן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס יידן פאַרמאָגן... ווער וועט שוין איצט אין זינען האָבן אַ יידישן ענין? ווער וועט זאָרגן פאַר הרבצת־תורה? פאַר טהרת־המשפחה? פאַר אַ לולב מיט אַן אתרוג אויף סוכות? פאַר מצות אויף פסח? פאַר אַ פּאָר תפילין? פאַר אַ בינטל ציצית?... ווער וועט אויסחזרן מיט אַ קינד „שמע ישראל" און „תורה צוה לנו משה"? און סוף־כל־סוף — ווער וועט אפילו מסדר־קידושין זיין? דאָס איז דאָך אַ הפקרות שאין כמוה! דאָס זענען פּשוטע דעזערטירן, וואָס אַנטלויפן פונעם פראָנט, לאָזן אַרײַנפאַלן די פאָן צום שונא אין די הענט, — וואָס איז? אַבי ראַטעווען דאָס אייגענע פעלעכל; אַבי אַריבערטאַסקען דאָס אייד־גענע קערפערל... און אַז מען זאָל אפילו מוזן אומקומען על קדושת־התורה ועל קידוש־השם —

— שווייגט שטיל, ר׳ ייד — האָט זיך אים אַקעגנגעשטעלט אַ סקע־לעט אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ גאָונישן שטערן און מיט אַראָפּגעהאַק־טע אַקסלען; — ווערט שוין אַ מאָל אַנטשוויגן! וואָס האָט איר זיך אַזוי צעלאָזט? ס׳איז אייך דאָ נישט קיין גבאים־שטיבל... דאָ גייט אין הצלת־נפשות... ווען ר׳ יוחנן בן זכאי עליו־השלום האָט זיך איינער אַליין גע־ראַטעוועט פון ירושלים, האָט אויף אים קיינער נישט געזאָגט, אַז ער איז

א דעזערטיר! אדרבה, זייער גלייך האט ער געטון, הצלה פורתא, נמי הצלה הוי! א ברכה אויף זיין קאפ פאר אים אליין, און פאר יבנה וחכמיה... און הלואי וואלטן הונדערט מאל אזוי פיל יידן זיך ארויסגע־כאפט פון דעם רויטן עמק־הבכא אזוי לאנג ווי ס'איז נאך תרעין פתיחין, איידער מען פארריגלט צוריק די שרעקלעכע טויערן און מען נעמט זיך ווידער פאר דעם כפול־שמונהדיקן קאנטשיק... איידער מען לאזט ווידער אין גאנג די גוט־באקאנטע להט החרב המתהפכת... הלואי וואלטן די, וואס בלייבן, געווען א ביסל קלענערע מרא דחושבנא'ס, הלואי וואלטן זיי א ביסל ווייניקער אריינגעחקירהט אין דער סוגיא: ווו ווען מען דארט נע־מען אויף חיונה, הלואי וואלטן זיי זיך א ביסל ווייניקער געקלאמערט אין די היגע שומים ובצלים, און וואלטן בעסער מיט אמונה־פשוטה זיך געלאזט אהין צו, וווהין עס פארט אוועק די היינטיקע שיירא, דאן, זייט זיכער, וואלט דאס יידישע פאלק פיל גיכער געקומען צו א תכלית...

די צדדים האבן זיך צעטיילט, דאס מחלוקת איז געוואקסן, דער גאנ־צער באבי־יאר האט געקאכט ווי א קעסל. עס האבן זיך געהויבן ביינער־נע, שווארץ־געווארענע עלנבויגנס און עס האבן זיך געהויפנט סברות אויף סברות, שאלות ותשובות אויף טענות ומענות:

— יענער חכם־מדינה, וואס איז דא פריער אריינגעפארן מיט דעם משל פון משה רבינו, איז פשוט א משוגענער... איך האב אים „דארטן" גוט געקענט. ער איז בחייו געווען א ייד מיט א „בינעלע" און איז אזעל־כער פארבליבן עד היום הזה... נא דיר גאר קוקן איינער אויפן אנדערן! מען דארף זיך ראטעווען ווי פון א שרפה, ווי פון א אונטערגייענדיקער שיף, זאגט ער גאר —

א יונגערמאן, וואס האלט צוויי יינגעלעך ביי די הענטעלעך, נעמט זיך אן די קריוודע פון יענעם יידן מיטן „בינעלע":

— מאלט אייך, מענטשן מיט אמתער אהבת־אחים געבן א קלער וועגן דעם צווייטן אפילו בשעת מען ראטעוועט זיך פון א שרפה, אדער פון א שיף־אונטערגאנג... אין וואס דען פאר א פאל גייט שוין אן דער כלל: „או חברותא, או מיתותא"? און די דאזיקע פארשווינדלעך, וואס פארן היינט אוועק, ליגט זיי די גאנצע חברותא אפילו נישט אין דער לינ־קער פאה, זיי טראכטן זיך: הפח נשבר ואנחנו נמלטנו... נאך אונדז — אפילו א מבול!

א בר־מינן אין די פופציקער מיט אן אויפגעשפאלטענער פלייצע און מיט א צעפראלטן בויך, וויל אבער נישט ליידן אזעלכע קאפוירדיקע דיבורים:

— זייט זשע מוחל, יונגערמאן, איר זעט אייערע יינגעלעך? איר האט נאך ווייניקער שכל פון זיי... מען דארף דאך זיין א מאבד את עצמו לדעת, אז מען זאל זיך איצט נישט ארויסכאפן משעבוד לגאולה... א מומר להכעיס דארף מען זיין... מען זעט דאך בחוש, אז אונדזער מלכות־הרשעה קוקט איצטער צווישן די פינגער אויף דעם, וואס אחינו בני־

ישראל מאַכן די פּליטה... וואָס זשע, עס קען דען זיין אַזאַ נאַרישע הוי אמינא, אַז די רויטע שלעק וויסן נישט, וואָס אויף דער גרענעץ טוט זיך? אַז עס גייט זיי גאָרנישט אָן: מי ומי ההולכים? אדרבה, לגבי זיי איז אַ כלל גדול: אַז איינער הייבט זיך נאָר אָן צו פּאַקעווען אין וועג אַריין, ווייסט מען שוין ווהין ער האָט בדעה זיך איבערצוציען, נאָר דאָ איז עפּעס געשען אַ נס מן השמים, אַז דאָס, צוליב וואָס הונדערטער מענטשן האָבן זיך יאָרנוויז געוואַלגערט אויף די טרעפּ און אויף די שוועלן פון זייערע גדולים און האָבן נישט געפּועלט, איז אַצינד פּתוח לרוחה... כל דכפין... צי דאָס איז טאַקע — ווי מען דרשנט דאָרט „אויף יענער זייט" — ווייל די רויטע זענען זייער גערן כלאחר־יד פּטור צו ווערן פון די אומצופרידענע עלעמענטן; צי, ווי דער צווייטער מאן דאמר זאָגט, אַז ס'איז זיי ניחא דער ענין, אַז מיט סאָוויעטישע יידן זאָל אַ ביסל פאַרלייגט ווערן דער שרעקלעכער לאָך, וואָס איז ביי זיי געוואָרן אין די פּוילישע יידן, צי איבער אַנדערע טעמים־כמוסים, ווייסט דער רוח די נשמה זייערע, אָבער למאי נפקא־מינה? מלכים מדיינים אלו עם אלו — אנו מה איכפּת לנו? ס'איז אונדזער באָבעס דאגה, צי די מעשה איז אַזוי צי אַנדערש? קוים האָט די השגחה אויפגעעפנט אַזאַ וווּנדערלעך טירעלע, און מען גייט דורך דעם נישט דורך, הייסט מען אַ בועט בטובת השם־יתברך, הייסט מען, רחמנא ליצלן, אַ שופך קיתון —

— איר זאָגט גאָר דאָס — מישט זיך אַריין אַ בר־מינן אין די דרייסיקער מיט אַן אָפענעם ברוסט־קאַסטן; — איר זענט זיך אַלע מתוכח וועגן די דאָזיקע צוויי בעלי־השיטות: די אַוועקפאָרערס און די בלייבערס, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אויף זיין שטייגער גערעכט, און טעמו ונימוקו עמו...* פאַר וואָס רעדט איר בעסער נישט פון די אמתע חייבים שעתידים ליתן את הדין, — פון די יידן פון חוץ־לארץ? פון עבר לים? מילא, צי זיי האָבן געטון אַלץ, וואָס מעגלעך אויף אָפּצוּווענדן פון אונדז דעם גרויסן צאָרן, צי נישט, וויל איך איצט נישט אַריינקלערן... דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז זיי האָבן גאָר ווייניק כוחות מיט מוחות צוגעלייגט דערצו... אַזוי איז דאָס שוין: ווייט פון די אויגן, ווייט פונעם האַרצן — פאַרפאַלן! געשטאָרבן, באַגראָבן און — אָפּגעמעקט! אָבער די מוסדות־הצדקה זייערע, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט סאַמע ביי אונדזערע גרענעצן, זיי האָבן דאָך געלט ווי מיסט, שלמה המלכס אוצרות, און קענען נישט אַריינשיקן אין אונדזער מדינה, — בגלוי, צי בסתר, — כאָטש עטלעכע מענטשן, וועלכע זאָלן ברענגען דעם כלל־ישראל די בשורה־טובה, אַז זיי מעגן פאָרן קיין חוץ־לארץ, ווייס ס'איז ביידע זאַכן: אי עס שמעקט חלילה נישט מיט קיין גרויסער סכנה, אי אַז מען וועט זיי דאָרט שטיצן דאָס ערשטע שטיקל צייט נאָך זייער קומען. איז ניין! טוען זיי דאָס נישט! זיצן זיי בעסער דאָרטן אין זייערע פּאַלאַצן און גנעיצן און כאַפּן פליגן און זוכן לעכער, ווהין אַהינצוטון די שווערע געלטער, וואָס האַלטן אין

* ער האָט דערויף וויכטיקע אַרגומענטן.

איין אָנקומען, און דאָ ציטערט דער עולם צו פאַרן, וואָס איז? טאָמער דאַרף מען שוין מאָרגן גיין אַרבעטן אויף דעם שטיקל ברויט צו דעם בלו־טיקן פּאַליאַק... וואָרעם אַ שטייגער, ווען עמעצער וואַרפט דאָ אַרויס אַזאַ כרוז: יידן, מען גיט אייך אַ דירה מיט קעסט אויף דער ערשטער צייט, נאָר אַבי קומט אַריבער צו אונדז! נאָר אַבי ראַטעוועט זיך! איר שטעלט זיך דען פאָר, וויפל הונדערטער טויזנטער יידן עס וואָלטן זיך אַ לאָז געטון אויף יענער זייט גרענעץ?

אַ טיפער זקן, וואָס איז גאַנץ אויף אַלע אברים — וואָס האָט מן הסתם אָפּגעגעבן די נשמה בלויז פאַר שרעק, נאָך פאַר דעם ערשטן שאָס, — זאָגט מיט אַ ביינערנעם שמייכל:

— וואָס דאַרפט איר טענות האָבן צו יענע פרעמדע, צילינדרירטע אדון־בפקדכם, אַמער האָט שוין בעסער טענות צו אונדזערע אייגענע יידישע זעלנער, וואָס פאָרן איצט אַרום קיין חוץ־לארץ און פון חוץ־לארץ אויף און אָפּ. דער קאָפּ ליגט זיי ביי ברענגען מציאות: נאָך אַ זייגערל און נאָך אַ שניט סחורה אויף אַ מלבוש, אנו כאָטש איינער פון זיי זאָל מגלה זיין צו עטלעכע יידישע יונגעלייט דעם סוד, אַז פון יענער זייט גרענעץ וואַרטן אויף זיי תמיכות; אנו איינער כאָטש זאָל זיך מטריח זיין אויסזאָגן אַ מנין יידן, אַז פון יענער זייט גבול איז מען נישט עלנט און נישט הפקר, אַז מען דאַרף גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך, נאָר אַנטלויפן וואָס גיכער... אַז די יידן מעבר לים שרייען שוין איצט בקול אחד: תן לי הנפש והרכוש קח לך... איר שטעלט זיך דען פאָר, וואָס דאָ וואָלט זיך אָפּגעטון? אַ האַלב פאָלק וואָלט דאָך אַנטלאָפן! אַ מי—לי—אָן!

עמעצער האָט פון הינטער די פּלייצעס אויסגעשריגן:

— איז דאָך טאַקע יענער ייד געווען גערעכט! וואָס זשע האָט איר אים אַזוי פאַרשריגן? ווען עס וואָלט טאַקע אַנטלאָפן אַ מיליאָן, דאַן וואָלטן אַלע געמעגט פאָרן, בכבוד גדול! נאָר אַזוי ווי דער מיליאָן בלייבט לעת־עתה דאָ, און עס פאָרן נאָר אַוועק יחידים שביחידים, טאָרן די שיינע יידן אויך נישט אַוועקפאָרן, סטייטש — הככה אתה עושה לבני־חבורה?

פון אַלע זייטן האָט מען זיך צעשריגן אויף דעם אומגעזעענעם בעל־מדבר:

— מאַך צו דאָס מויל, שטן מקטרג! עס שלאָגט צו דער גרינער גאַל דיך אויסהערן... זאָלן זיי פאָרן געזונטערהייט און קומען אַהין געזונטערהייט און זיך שוין אויך אַ ביסל אויסרוען די מידע ביינער...

אַ לאַנגער, שמאָלער סקעלעט מיט אַן אויסערגעוויינלעך ברייט שיידל פונעם מת, און מיט אַ „קערפּער", וואָס איז צעבראָכן און צעקרישלט, ווי אַ וואָלף זאָל אים געווען צעגריזען און אויסנאָגן, האָט קוקנדיק מיט ביטול צו די טענה־האָבערס, געזאָגט צו די, וואָס זענען מצדד בזכותם פון די אוועקפאָרערס:

— איך פרעג אייך נישט מער, מיט וועמען רעדט איר וועגן אַזעל־

כע זאכן? אַט די קליינע מענטשעלעך האָבן בחייהם גאָרנישט פאַרשטאַ־נען אין דעם אייבערשטנס דרכים, און אפילו דאָ, ווו אַלץ איז, דאַכט זיך, קלאָר און דייטלעך ווי אויף דער דלאָניע, האָבן זיי אויך אַזוי פיל שכל וויפל די קאַץ... מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך, אַז אַנדערש האָבן יידן נישט געקענט נאָענט צום הארצן, ביז א האַלב פאָלק איז נישט אָוועקגעגאַנגען אין די באַבי־יאַר׳ן, ווי אין פסוק שטייט דאָרטן: ויאכל חצי בשרו... איז איין מאָל אָוועק! ווייטער: אַנ־דערש האָט ביי אונדזער מלכות־הרשעה נישט געקענט געמאָלט זיין, אַז טויזנט נפשות זאָלן אַרויסגיין לאויר העולם, ביז טויזנט מאָל טויזנט זע־נען אומגעקומען דאָ ביי אונדזערע משחיתים מקושי־השעבוד, און דאָרט ביי יענע מחבלים פון מכת חרב והרג ואבדן... איז איצט, אַז די קלעפּ האָבן מיר שוין אויסגעכאַפּט, די שעירים לעזאזל — אָפּגעשיקט מיט א משוגענעם עודף און עס האַלט שוין, ברוך־השם, ביי בדמיך חיי, זאָלן מיר זיך ערשט אָפּשטעלן אין מיטן פסוק, זאָלן מיר בלייבן שטיין ביים „בדמיך", און זיי, די שרידים מן השרידים, זאָלן ערשט נאָך אַלעמען בלייבן שטעקן אין דעם דאָזיקן פינצטערן לאָך —

— ווייס איך וואָס, אַז נישט ווייסן זיי, וואָס זיי רעדן...

*

ווען ר׳ שלום כמעלניקער מיט זיינע באַגלייטערס האָבן זיך אומגע־קערט פון קיעווער „אַלטמאַדישן" הייליקן אָרט, ברענגענדיק מיט זיך די מומע טייבל און ביאַליק דעם רב, זענען שוין פון לאַנג געווען צונויפגע־בראַכט אַלע אובדים ונדחים: פון לעבעדין, פון ניעזשין און פון אַלע פּראָנטן. מען האָט זיך נאָך א מאָל אַרומגעקוקט, צי קיינער פעלט נישט און מען האָט שוין געוואָלט רירן אין וועג אַריין, ווען פּלוצלינג באַווייזט זיך פון דער ווייטנס א הדרתדיקע געשטאַלט, וועלכע איז גלייכצייטיק פול מיט אימה: א הויכער, אַלטער מאַן, מיט א סוקעוואַטע מאַנדלשטעקן אין דער רעכטער האַנט. זיין ווייסער קיטל, די לאַנגע זילבערנע באָרד — אַלץ איז באַשפּריצט מיט בלוט, זיינע פיס זענען באָרוועס, זיי טרעטן אויף שפּיציקע שטיינדעלעך און פילן אפילו נישט. ער גייט גיך, כלל נישט ווי פאַר אַזא זקן פאַסט. ער קוקט זיך נישט אום אויף די צענגער טויזנטער פּאָר אויגן, וואָס באַגלייטן אים מיט נישט קיין באַהאַלטענעם יראת־הכבוד. ער גייט צו גלייך צו ר׳ שלום כמעלניקער און פרעגט אים:

— איר גייט צו דער גרענעץ באַגלייטן די „בני־משה"? איר זענט שלמהס זיידע? קומט, איך גיי אויך מיט אייך...

— בכבוד גדול, פאַר וואָס נישט? איר קענט גיין מיט אונדז... איר מאַכט קיינעם נישט קאַליע... אָבער צי קענט איר מיר נישט זאָגן, פון וואַנען איר קענט מיין שלמהן? וואָס פאַר א שייכות איר האָט צו די „בני־משה"?

— אָ! צו די „בני־משה" האָב איך גאָר א גרויסע שייכות... מיין

פרוי, מײנע אײניקלעך און אור־אײניקלעך, און בכלל מײן גאַנצע משפּחה, אַלע, אַלע פאַרן זײ אַװעק צוזאַמען מיט די אַזױ גערופענע: „בני־משה״. און אײער שלמהן פֿון װאַנען איך קען? ער איז צוריק מיט פיל יאָרן געװען בײ מיר אין שטוב אַ װאָך אָדער צװײ —

— אין װעלכער שטאָט איז דאָס געװען?

— איר װעט נישט װיסן... איך האָב געװױנט אין אַ קלײן שטעטל האַרט בײ דער פּערסישער גרענעץ —

— זענט איר צופעליק נישט יענער בוכאַרישער ישיש... ר׳ אבא... ר׳ אבא...

— יאָ, יאָ, דער זעלבער... נו, קומט שױן, טאָמער פאַרגלוסט זיך זײ גראָד הײנט אָפּשיקן דעם צוג צו דער צײט, דאַן קענען מיר נאָך פאַר־שפּעטיקן...

די נשמות האָבן אַרױסגעשװעבט פונעם באַבי־יאַר, זײ האָבן גע־מאַכט אַ ברײטע הקפה איבער דעם אָרט פון זײער „אײביקער רו״ און האָבן גלײך פאַרלױרן די שטאָט פון די אױגן.

זײ זענען נאָך געװען גאָר נישט װײט אָפּגעפלױגן, װען עמעצער פון דער שײרא האָט פלוצלינג אַ זאָג געטון:

— זעט נאָר, װער פליט עס אונדז נאָך?

אַלע מיט אַ מאָל האָבן אױסגעדרײט די קעפּ אױף צוריק און האָבן גלײך באַמערקט אַן אײן און אײנציקע נשמה, קענטיק פון אַ פרױ, װאָס פליט זײ נאָך פון דער װײטנס. דערזעענדיק, אַז די שײרא האָט זי שױן באַמערקט, האָט די נשמה פאַרלאַנגזאַמערט איר פליען, אַלץ פּאַװאָליער, פּאַװאָליער, ביז זי איז אין גאַנצן שטײן געבליבן אױף אַ בכבודיקן מרחק.

ר׳ שלום כמעלניקער האָט אַ װוּנק געטון צו די נשים:

— גײט, גיט זי אַ פרעג: װער איז זי און װאָס דאַרף זי?

סאָסי ר׳ נחמנס האָט זיך דערנעענטערט צו דער נישט דרײסט קוקנ־דיקער נשמה:

— װער זענט איר, פרוי?

— איך בין טאַטיאַנאַ —

— פע, װי שעמט איר זיך נישט אױף דעם עולם זיך אָנצורופן מיט אַ גױאישן נאָמען? איך פרעג: װי אַזױ איז אײער ײדישער נאָמען?

— איך האָב נישט קײן ײדישן —

— װאָס הײסט, איר האָט נישט קײן ײדישן? איר זענט חלילה נישט קײן ײדיש קינד?

— איך בין נישט קײן ײדישע —

אַלע בני־החבורה, װאָס האָבן זיך אײנציקװײז אױך דערנעענטערט, האָבן זיך ביז גאָר דערשטױנטע איבערגעקוקט צװישן זיך. די מומע לאה פרעגט זי װײך:

— װי באַלד, אַז איר זענט נישט קײן ײדישע, װי אַזױ זשע זענט איר מגולגל געװאָרן אױף אַ ײדישן בית־הקברות?

— איך בין אומגעקומען, ווייל איך האָב ביי זיך אין שטוב אויס־געבאַהאַלטן יידישע קינדער, דעריבער האָט מען מיך מקבר געווען מיט אייך אין שכנות... ביי אייך צו פוסנס...

די נשמות דערנענטערן זיך נאָך אויף אַ טפח און קוקן אויף דער עלנטער נשמה מיט גרויס דרך־ארץ. די מומע לאה פרעגט זי נאָך ווייכער:

— איז וואָס זשע ווילט איר פון אונדז?

— איך האָב די גאַנצע צייט געשפּירט נאָך אייך... איך האָב גע־הערט, ווען איר גייט דאָ באַגלייטן, וויל איך, אַז איר זאָלט מיך אויך מיטנעמען... איך קען אייער שלמהן זייער גוט... איך האָב אויסגעהויכט די נשמה מיט זיין נאָמען אויף די ליפּן —

משה פרידמאַן דערנענטערט זיך צו דער איינזאַמער פרוי, קוקט זיך איין אין אירע אויגנלעכער און זאָגט צום עולם:

— די פרוי זאָגט אמת... איך געדענק זי פון יענעם אָוונט, ווען מען האָט אויף סאַלאַמינקע געיומטובט שמואליק דעם באַנדעריס באַפרייט ווערן פון דער טורמע —

און צו דער פרוי:

— אייער מאַן איז דאָך דער פּראָפעסאָר —

— ...ווינאָגראַדאָוו...

— ער איז אויך —

— ניין, ער איז נאָך „דאָרטן”... ער האָט דאָרט באַגלייט שלמהן און איך וויל אים פון דאָנען באַגלייטן...

הרב ביאַליק האָט זיך אָנגערופן:

— איך דערקען אויך די דאָזיקע פרוי... טאַקע אויך פון יענעם אָוונט אויף סאַלאַמינקע...

די מומע טייבל לויפט האַפערדיק צו און כאַפּט אָן טאַטיאַנען אונ־טערן אָרעם:

— אַ נפקא־מינה אַ גרויסע: יאָ דערקענט, צי נישט דערקענט, איר האָט, זאָגט איר, פאַרגאָסן אייער בלוט, ווייל איר האָט געוואָלט ראַטע־ווען יידן?

— נישט ווייל איך האָב געוואָלט, נאָר ווייל איך האָב טאַקע גע־ראַטעוועט —

— הערסט, שווייגט זי! טאָ קומט זשע מיט אונדז, וואָס פאַר אַ קלער איז דאָ דערביי? איר זענט בלתי־ספק די חשובסטע צווישן אונדז... איר שטייט אָן אַ שיעור העכער פון אונדז אַלע דאָ... וואָס האָבן מיר דען, אומשטיינס געזאָגט, אַזוינס אויפגעטון אויף יענעם עולם?

די שיירא איז האַסטיק אָפּגעפלויגן צו דער גרענעץ —

— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

ארום דריי ביי נאַכט האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן די רעוויזיע אין עשאַלאָן —

דער וואַגאָן איז נישט געווען באַלויכטן, אָבער קיינעם האָט איצט די שיין נישט געפעלט. מען האָט זיך גוט געזען איינס דאָס אַנדערע. מיט פאַרמאַכטע אויגן געזען. יעדע פאַמיליע, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט, האָט זיך געהאַלטן באַזונדער. יעדע משפחה האָט מיט זיך איצט פאַרגע־שטעלט אַ מין אינדזל. דעם נביא'ס רייד זענען אַראָפּגעקראָכן פון די פּאַ־פּירענע בלעטער און האָבן אַריינגעשריגן דורך אַלע שפּאַלטן: וספדה הארץ משפחות, משפחות לבד... אין דער שוידערלעכער טויט־סכנה, וואָס האָט זיך אַזוי נידעריק אָנגערוקט אויף אָט די אומבאַהאָלפענע מענטשן, איז זיי שווער געווען איינצוהאַלטן אין זיך די ווייטיקלעך־צערטלעכע געפילן, וואָס האָבן מיט אַן איבערמענטשלעכער קראַפט צוגעשלאָגן צום האַרצן. די פרוי האָט דעם מאַן אירן כלומרשט פאַררייכט דעם קאָלנער פונעם העמדל, נאָר בשעת־מעשה האָט די האַנט אירע אומגערן זיך אויסגעגליטשט אויף דער גלאַטקייט פון זיין האַלדז און האָט, „ווי אין די ערשטע יאָרן", נישט אויפגעהערט צו גלעטן און צו צערטלען... דער מאַן דערפילט טרערן אין די אויגן פון זיין פרוים צערטלעכקייט; ער דערפילט אַ קלעם אויף דער נשמה דערפון, וואָס אויף זיין האַלדז זענען שוין אַראָפּגעפאַלן עטלעכע קוילעכלעך פון זיין פרוים אויגן; דערפון, וואָס זי קען נישט אָפּרייסן אי־רע פלאַטערנדיקע פינגער פון זיין לייב; עס פּלאַצט אין אים שיר נישט דאָס האַרץ דערפון, וואָס זי האָט זיך אין גאַנצן צוגעפּרעסט צו אים, אָט פּונקט ווי אַ יונג, שוואַך שעפּסעלע פּרעסט זיך צו צום פאַסטעכס פּיס, דערשמעקנדיק אין דער לופט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ שטורעם... כאַטש, אומשטיינס געזאָגט, וואָס איז ער פאַר אַ פאַסטעך? איז ער דען נישט פּונקט אַזוי אומבאַהאָלפן און אומבאַשיצט ווי זי אַליין? ווי די קינדער־לעך, וואָס זיצן נעבעך איינגעהויקערט ווי די סטאַטקעס און ציטערן אַרומ־צולאָזן אַ זילב פונעם מויל? עס שטיקן אים טרערן פון פאַרדראָס און פון ווייטיק, פאַר וואָס אַלע זיינע ליבע מעאָגן איבער אַזוי שווער אָט די גורלדיקע שעה... ער נעמט איין קינד אויף די הענט, דאָס צווייטע זעצט ער אוועק אויף די קני, דאָס דריטע נעמט ער אַריין צווישן די פיס און באַ־האַלט דאָס פּנים צווישן זייערע שלאַבעריקע פליטשקעלעך...

...קיין ווערטער זענען נישטאָ, ווערטער האָבן דאָ קיין פּלאַץ נישט...

אין וואַגאָן, דאַכט זיך, טראָגט זיך אַרום אַ כרוז:

...ישב בדד וידום כי נטל עליו...

אין שלמהס פנים איז נישטאָ קיין איין טראָפּן בלוט —

...נפל פור הוא הגורל!

מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ, קוקט ער צו, ווי זיין פאָטער האָט צו זיך צוגעטוליעט דאָס עלטסטע אייניקל, זיין קליין נחומל, און פליסטערט עפּעס מיט די ליפּן איבער זיין קעפּעלע... דאָס האַרץ גיט אין אים אַ צאַפּל:

— פאָטער אין הימל! אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד...

און מיט אַ ווייטן פאַרגעפיל, וואָס האָט נאָך אין יענע טעג נישט געהאַט: נישט קיין גידים ועצמות, נישט קיין לייב און לעבן:

— אַלמעכטיקער גאָט! לא אמות, כי אחיה, ואספר מעשי יה...

און די ליפּן כשהם לעצמם, אָן קיין שום קאָנטאַקט מיטן מח, פליסטערן שוין אַליין ווייטער:

— וגם עד זקנה ושיבה אלהים אל תעזבני, עד אגיד זרועך לדור, לכל יבוא גבורתך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...צום סוף איז די שרעק געווען אַן אומזיסטיקע. אויפן חשבון פון מי־רוק־עוונות. דער אָפיציר מיט זיינע פיר באַגלייטערס האָבן נישט „געוואָרפן מיט קיין אויגן" אויף אַלע זייטן ווי מען האָט זיך פאַרגעשטעלט. זיי האָבן אין ערגעץ נישט געזוכט און אין ערגעץ נישט געגנישטערט. זיי האָבן זיך בכלל מיט קיין זאַך נישט אינטערעסירט, נאָר מיט די דאָקומענטן. זיי האָבן שווייגנדיק, נאָר אויפמערקזאַם דורכגעקוקט ביי יעדן איינעם דעם וואָקאַ־בויגן; דעם רויטן שטעמפּל פון דער נ. ק. וו. ד.; האָבן געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף דער פאָטאָגראַפיע און אויפן מענטשן, און זעענדיק, אַז ער איז ענלעך צום בילד, וואָס אויפן דאָקומענט, האָבן זיי גלייך גענומען דעם צווייטן, דעם דריטן און אַזוי ווייטער און ווייטער. אין דעם לאַנגן וואַגאָן פון די „בני־משה", האָבן זיי זיך בסך־הכל געזאַמט אַוועלכע פופצן מינוט, און זענען אַריבערגעגאַנגען אין דעם צווייטן וואַגאָן. אַזעלכע גרופּעס פון גרענעץ־מיליטער זענען איבערן טראַנספּאָרט אַרומגעגאַנגען דריי: צוויי פון זיי האָבן אָנגעהויבן דורכפירן די רעוויזיע פון די עקן, און איינע — פון דער מיט פונעם עשאַלאָן.

קרוב צו זונאויפגאַנג האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט דאָס בשורה־טובהדיקע סאַפּן פון דעם לאָקאָמאָטיוו. די וואַך וואָס איז אַוועק־געשטעלט געוואָרן ביי די טירן, איז אָפּגעטראָטן פון די ליניעס און דער צוג האָט לאַנגזאַם גערירט. ביי די „בני־משה" האָט מען זיך אָן ווערטער באַגריסט איינס דאָס אַנדערע, מען איז זיך געפאַלן אויפן האַלדז, זיך געדריקט הייס די הענט. פון אַלע ווינקלען האָבן זיך דערטראָגן: היסטערישע געוויינען, קושערייען, ווינטשעוואַניעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די טויטע קרובים און פריינד האָבן נאָכגעשאָקלט מיט זייערע סקע־לעטישע הענט:

— ...פאַרט געזונט —

— ...יברכך... יברכך... יברכך ד׳ וישמרך... ווייסט איר כאָטש פון אַ לעבן צו זאָגן —

— ...צאתכם לשלום... בואכם לשלום... פאַרגעסט נישט לחלוטין אין אונדז —

— ...פאַרגעסט נישט אין אייערע ברידער און שוועסטער, וואָס זע־נען נעבעך געבליבן אויף דער בלוטיקער ערד —

— ...פאַרגעסט נישט, אַז הונדערטער דורות זענען אוועקגעגאַנגען פון דעם עולם מיטן נאָמען „ציון" אויף די ליפּן, און איר... איר האָט זוכה געווען צו פאָרן אהין בחיים חיתכם... אייך באַצאָלט מען פאַר זיי אַלע... עד שבא נח וקבל שכר כלם —

— ...פאָרט קינדערלעך, פאָרט און דער באַשעפער זאָל אייך נאָכ־שיקן: שלום ושלוה והשקט ובטח... איר האָט גאָר קיין השגה נישט, וואָס פאַר אַ גליק ס'איז פאַר אייך, וואָס איר כאַפּט זיך אַרויס פון דאַנען מיט גאַנצע ביינער, דאָס איז נישט סתם אַזוי אַ גאולה, נאָר אַלע ד׳ לשונות של גאולה —

— ...פאָרט געזונט און קומט אויפן אָרט געזונט, דערמאָנט די גע־פאַלענע אויף די הייליקע קברים... זייט אונדז מזכיר פאַר די אבות און פאַר די אמהות...

— ...פאָרט, טייערע, און קוקט זיך אפילו נישט אום אויף צוריק, אַזוי ווי אויף סדום ועמורה... קיין פוס אייערער זאָל דאָ מער קיין מאָל נישט טרעטן... גענוג מזבחות געבויט! גענוג קרבנות געבראַכט! איבערגע־זאַלצן, איבערגעפּעפּערט — עס וועט שוין קלעקן עד סוף כל הדורות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# קאפיטל LII

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שלמה איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר און לעבן אים סעסיל פּעטראָוונאַ און מרים. דאָס רויטע שלענגל פון וואַגאָנען האָט געפּויזעט איבער די פּאַרטאַגיקע אין תכריכים אָנגעטונענע פעלדער ווי אַ שוואַכער וואָרעם. פון הינטער דער ווייסער פּוכענער קאָלדרע האָט זיך אונטערגע־הויבן די זון מיט אַ רויט, פלאַמענדיק פּנים ווי ביי אַ קצב, און האָט באַ־גאָסן דעם בלייכן שניי מיט שרייענדיקן בלוט. איבער שלמהס באַקן האָבן אומאויפהערלעך געפלאָסן טרערן. מרים האָט אים מוטערלעך אַ גלעט געטון איבער דער האַנט:

— שלמה, וואָס ווייסטו?

— עך, מרים, מרים... וואָס האָב איך מיט דיר צו רעדן? דו וועסט מיך דען פאַרשטיין? דו וועסט עס דען משיג זיין? איך זע, אַז דו באַ־נעמסט כּלל נישט דאָס ערנסטקייט פון דער איצטיקער מינוט. דיינע קינ־דער, זיי זיכער, וועלן דאָס אַ מאָל טיפער באַגרייפן, ווי דו... אַזוי לאַנג, ווי דער לאָקאָמאָטיוו האָט נישט גערירט, זענען מיר נאָך — נישט קוקנ־דיק אויף די פרעמדע דאָקומענטן — געוועזן סאָוויעטישע בירגער, אָבער איצט — שוין נישט! אוים! אויף אייביק אוים! דו זעסט אָט יענע סטויפּ־טשיקל מיטן קאָלירטן ברעטעלע?

— וועלכעס מיינסטו? דאָרט, וווּ דער זעלנער שטייט?

— יאָ, יאָ, דאָס זעלבע! דאָס איז דער לעצטער מעטער ערד פון רוס־לאַנד... פון אָט דעם אומגעהייער־גרויסן ראַטנפאַרבאַנד... דיין פאָטער־לאַנד האָט זיך פאַר דיר געזעגנט מיט מארי, און פאַר מיר — אָט דאָ, לעבן יענעם סאָלדאַטיק... דו זעסט אָט די זון? דאָס איז נאָך אַן אוקראַי־נישע זון, אָבער וויפל איך וועל לעבן, וועל איך זי שוין מער קיין מאָל נישט זען! אַלערליי זונען אויף דער וועלט קען איך נאָך זען, אָבער — נישט קיין אוקראַינישע...

איינציקווייז, און עפּעס אַזוי ווי כּלאחר־יד האָבן זיך הינטער שלמהס פּלייצעס צוגעשאַרט אַלע דערוואַקסענע מיטגלידער פון די „בני־משה״. יוכבד, אַ מידע פון ווייגען האָט שווער אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל. ער האָט זי צערטלעך אַרומגענומען און האָט זי שטאַרק צוגעפּרעסט צו זיך. דער צוג האָט זיך ווי פריער לאַנגזאַם געשלעפּט, עקב בצד אגודל, * ווי ער זאָל זיך ערשט לערנען גיין. דאָס סטויפּטשיקל מיט דעם גורלדיקן ברעטעלע האָט מען נאָך אַלץ דייטלעך אַרויסגעזען. די „זאַסטאַווע״ —

---

* כמעט דאָס זעלבע, וואָס: פוס טריט. פון דער גמרא.

נישט, און דאָס סטויפּטשיקל — יאָ, ווייל עס איז געשטאַנען אויף אַ בערגל. איבער שלמהס באַקן האָבן די גאַנצע צייט אומאויפהערלעך זיך געשנירלט צוויי הייסע ריטשקעלעך און זענען אראָפּגערונען גלייך צו יוכבדן אויפן פּנים. שלמה, ווי עס וואָלט דאָ חוץ אים קיינער נישט געווען, האָט אויפן קול גערעדט צו זיך אליין, און אַלע דערביישטייענדיקע האָבן זיך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם צוגעהערט צו זיין אין טרערן אויסגעוויקטער „ברכת־פרידה”:

— רוסלאַנד, רוסלאַנד... זיי געזונט, רוסלאַנד! מיר וועלן זיך שוין מער קיין מאָל נישט זען מיט דיר... אַ האַלב לעבן האָסטו ביי מיר צוגענומען... די בעסטע יאָרן... האָסט אומברחמנותדיק צוגערויבט און צעטאָפּטשעט מיט דיינע בלאָטיקע שטיוול מיין יוגנט; מיין פייער; האָסט אויסגענאָגט דעם גאַנצן מאַרך פון מיינע ביינער... ווען איך בין געקומען צו דיר בין איך געווען פול מיט לעבן: אַ יונגער, אַ געזונטער, מיט די בעסטע האָפענונגען אויפן אומבאַוווסטן מאָרגן; איצט פאָר איך אוועק פון דיר: אַ מידער, אַן איינגעבויגענער, אַ צעבראָכענער, דאָס פּנים — ווי מען וואָלט זיך אויף דעם דורכגעפאָרן מיט אַ שווערן אַקעראייזן... לבי סחרחר, עזבני כחי ואור עיני גם הם אין אתי... — האָסט שיר לחלוטין נישט פאַרלאָשן מיין „נר תמיד”... גאָר, גאָר נישט פריינדלעך האָסטו מיך באַהאַנדלט... איך האָב דיך ליב געהאַט ווי אַ מאַמע, און דו האָסט מיך מבזה געווען, מיר געשפּיגן אין פּנים אריין... און פון דעסט וועגן בין איך צוגעבונדן צו דיר... און דאָך ביסטו מיר ליב... און דאָך בענק איך: נאָך דיינע בערג און טאָלן; נאָך דיינע שטעט און שטעטלעך; נאָך דיינע דאַטשעס, טייכן און זאַמדיקע סטעפּעס. דו ווייסט פאַר וואָס דאָס איז אַזוי? ווייל איך האָב פאַרבראַכט אין זיי פינף און דרייסיק יאָר! די בעסערע האַלב פון מיין לעבן... Прощай матушка Русь! * נאָך אַלע מעשות טראָג איך אויף דיר נישט קיין פאַרדראָס, און טו דו אויך דאָס זעלבע. גיב נאָך איין מאָל אַ קוק אויף מיר און לאָמיר בלייבן גוטע פריינד... איך לאָז דיר דאָ איבער בתורת פּקדון אַזוי פיל אוצרות: דער מומע טייבלס קבר... דעם זיידן שלומס תליה... שוועער און שוויגער אין דעם באַבי־יאַר... היינט טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונאַ... היינט יוסף גאָרדאָן... זיינע פאַרוויסטע עלטערן... היינט מיין טייערע טאַני אין דעם ווייטן קאַראַגאַנדאַ... היינט קלאַדניצקי, ראַפּאָפּאָרט, שאַרפּשטיין... היינט די פרידמאַנס — אותו ואת בנו... היינט מיינע שוואָגערס... היינט... וויים איך, ס'איז צו פיל אויסצורעכענען. נאָר איצט, בזו הרגע, טראָג איך אויף דיר נישט קיין פאַרדראָס... איך בענק שוין נאָך דיר און וועל נאָך לאַנג, לאַנג בענקען — ראַסיאַ־מאַטושקאַ... מיינע טייערע קברים, וואָס דו לאָזסט איבער ביי זיך, וועלן מיר שטענדיק דערמאָנען אין דיר און ציען צו דיר...

סעסיל פּעטראָוונאַ כאַפּט פיבערדיק אָן שלמהס האַנט און מיט טרערן אין קול פרעגט זי:

---

* בלייב געזונט, מאַמע רוסלאַנד!

— שלמה, מיר פֿאָרן דאָך קיין ארץ־ישראל, ווי אזוי זשע מעג מען דאָס בענקען ווהין עס איז ערגעץ אנדערש?

— יאָ, סעסיל פּעטראָוונאַ... אודאי איז דאָס אזוי ווי איר זאָגט, אָבער אַ מענטש איז דאָך פֿאָרט נישט פֿון אייזן, נאָר פֿון פֿלייש מיט בלוט... צו טיף זיצט מיר אָט דאָס לאַנד אין הארצן, צו איינגעבאַקן און איינגעוואַקסן איז דאָס דאָרטן, אַז איך זאָל דאָס אַ מאָל קענען פֿארגעסן. ארץ־ישראל האָט פֿאַר זיך אַ שווערע אויפֿגאַבע: אויסרייסן רוסלאַנד פֿון מיין הארצן! דאָס איז נישט קיין לייכט שטיקל ארבעט, דאָס איז אַ לאַנג־דויערנדיקער פּראָצעס...

מען האָט זיך אַ ביסל צוגעשפּאָרט נאָך אזאַ שווערער נאַכט, און דערנאָך האָט מען געפֿרישטיקט.

*

צו שלמהן האָט זיך מיט קעציש טריט צוגעשאַרט אַ פּוילישער ייד פֿון די צוגאָב־פּאַסאַזשירן און זאָגט צו אים שטיל:

— איר זענט דאָ, זע איך, דער ראש פֿון גאַנץ קעקעלע־קהל, האַ?

— אויך שלעכט? יהי רצון שנהיה לראש ולא לזנב...

— און זענט, זע איך, אַן איידעלער יונגערמאַן —

— איידל צו איידל איז נישט גלייך... אָבער קעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד?

— קעגן דעם, וואָס איך וויל ביי אייך פֿרעגן אַ פֿראַגע... נישט סתם אזוי אַ פֿראַגע אין דער וועלט אריין, נאָר געשעפֿטלעך! וואָס זשע זאָגט איר?

— וואָס האָב איך שוין צו זאָגן? פֿרעגט, ווער לאָזט אייך נישט?

דער „פּאָליאַק" גיט זיך אַ קראַץ אונטער דער פּאַכווע און זאָגט כמעט מיט אַ שעפּטשע:

— איך האָב געזען, ר' ייד, אַז אויף דער גרענעץ האָט איר אויך גוט געציטערט —

— וועלכער ייד ציטערט עס נישט ביי אזאַ שטיקל ארבעט?

— און ס'איז דאָ פֿון וואָס צו ציטערן! אַנומלטן איז אויף דעם דאָזיקן וועג געפֿאָרן מיינער אַ פּלימעניק, — ער פֿאָרט טאַקע אָפּטלעך אויף די דאָזיקע וועגן, וואָס אמת, איז אמת, — נו־נו, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? מען האָט אים דאָ געמאַכט יבש, וואָס יבש הייסט! כאַפּט נעם די טאָרבע און גיי זיך דורך איבער די הייזער —

— רחמנא יצילנו! עס הייבן מיר אזש אָן צו ציטערן הענט און פֿיס —

— ...און קומענדיקע וואָך מאַכט ער ווידער אַ „נסיעהלע"...

— ביי אזוינע פּחדים־נוראים? דאָס הייסט דאָך: איינגעשטעלט דעם נפש —

— טע־טע־טע... דעם נפש... ס'איז נישט אזוי געפערלעך, ווי איר מיינט... און ווידער: אז מען שטעלט נישט איין, נעמט מען נישט אויס... ווי זאָגט מען דאָרט ביי אייך: טאָמער האָסטו מורא פאַר א וואָלף, טאָ גיי נישט אין וואַלד אריין! קוים ביסטו „דער מאַמעס יינגעלע" — זיץ אין שטוב און פליק פעדערן! אָבער עס געהער זיך נישט אָן, גערעכט זענט איר, ס'איז טאַקע א ביסעלע ריזיקאַליש, אָבער פון דעסט וועגן איז נאָך געוווּנדערט אין דעם, וואָס פאַר א פעקל מען פירט... אָט נעמט מיך למשל, פיר איך מיט זיך בלויז „האַרטע", איז וואָס זשע מיינט איר? איז מיר טאַקע בשעת דער רעוויזיע אנטרונען געוואָרן דער מאַמעס מילך... איך קען אייך גאָר נישט איבערגעבן מיינע פחדים... די נשמה איז ביי מיר אַראָפּגעפאַלן אינעם שפּיץ פּיאַטע. וואָרעם, צווישן אונדז גערעדט, ווו קען מען דען באַהאַלטן האַרטע קראָם? איר וועט דאָך דעם בויך נישט צעשניידן און אַריינלייגן. אָט זעט איר, ווייכע — דאָס איז שוין גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש... ווייכע קען מען באַהאַלטן אומעטום — אפילו אין אויער... וואָס איז ביי אייך פאַר א פעקל: האַרטע צי ווייכע?

— ווייכע... בלויז ווייכע —

— עפּעס היפּשע באַנקנאָטן?

— פאַראַן ברוך־השם אַלערליי! עטלעכע זענען פאַראַן טאַקע גאָר היפּשע. און דערנאָך גייען שוין: היפּשינקע; און דאַן נאָך קלענערע און דאַן גאָר־קליינינקע — ממש ערשט פונעם קימפּעט —

דער ייד צעשמייכלט זיך אין דער גאַנצער ברייט פונעם פּנים פון שלמהס געווירצטער שפּראַך. ער גיט שלמהן א קלאַפּ אין דער קני:

— פּעטער, איר האָט מזל. איר האָט גלייך געטראָפן דאָס פּלאַץ! איך קען זיין א בעלן אויף דער גאַנצער קראָם אייערער. מיר דאַרפן זיך איינס דאָס אַנדערע. אַלערליי קאַפּיורעס, זאָגט איר? מען קען אויף זיי א בליק טון? דאָ האָט איר שוין נישט פאַר וואָס מורא צו האָבן. דאָ קענט איר זיך שוין צעלייגן מיט אייער קראָם אין דער לענג און אין דער ברייט ווי א פּורים־קוילעטש... שעמט זיך נישט! ווייזט, ווייזט —

— איך שעם זיך נישט... איך ווייס נישט, וואָס איך צו ווייזן —

— די קראָם... דאָס קרעמל... „היפּשע, היפּשינקע, קלענערע און גאָר קליינינקע" —

שלמה, תמימותדיק פאַרוווּנדערט, ווייזט אָן מיט דער האַנט אויף די „בני־משה":

— איר זעט זיי, דאַכט זיך, אַלע פאַר זיך... איך האָב זיי נישט באַהאַלטן אין קיין פּושקעלע...

דער ייד, א צעטומלטער:

— ר' ייד, פון וואָס רעדט איר?

— וואָס הייסט, פון וואָס איך רעד? און פון וואָס רעדט איר?

זיי האָבן זיך געקוקט גלייך אין די אויגן.

— איך רעד דאָך פון אַ קאָנטראַבאַנדע־פּעקעלע וואַלוטע, פון „לאָקשן"... *

— איך רעד טאַקע אויך פון אַ קאָנטראַבאַנדע־פּעקעלע... נישט פון קיין פּעקעלע, נאָר קיין עין־הרע פון אַ היפּש פּעקל. ריכטיקער געזאָגט: אַ ריזיקער פּאַק, ער זאָל מאריך ימים ושנים זיין...

דער פּוילישער ייד קוקט אָן שלמהן האַלב דערשטוינט, האַלב דער־שראָקן, ווי עפּעס אַ נישט נאָרמאַלן:

— הייסט עס, האָט איר נישט קיין „חזירימלעך"? **

— וואָס הייסט — חזירימלעך? דאָס איז דאָך אסור מן התורה...

דער ייד האָט שוין מער גאָרנישט געענטפערט. ער האָט מיט אַ בלאַס שמייכעלע אָפּגעווישט די ליפּן און האָט זיך אומגעקערט אין זיין ווינקל.

*

אין עטלעכע שעה אַרום איז מען אָנגעקומען קיין פּשעמישל.

דער עשאַלאָן איז געשטאַנען אַ פּאָר שעה. ער האָט זיך אַ פּנים אין ערגעץ נישט געאיילט. צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן די „בני־משה" דערפילט אונטער זייערע פיס אדמת־נכר, אדמת־אויסלאַנד. דאָס ערשטע, וואָס זיי זענען געוואויר געוואָרן פון זייערע עשאַלאָן־שכנים איז געווען:

— די רעוויזיע האָט נישט געאַרבעט אומזיסט. פּטור בלא כלום — אי אפשר!

לאָזט זיך אויס אַזאַ מעשה: אין עשאַלאָן זענען נישט געפאָרן בלויז יידישע בעזשענצעס. עס זענען געפאָרן אויך פיל אמתע פּאָליאַקן. די דאָזיקע זענען געפאָרן מיט זייער גאַנצן האָב און גוטס אויפן סמך פון דעם אָפּמאַך צווישן דיביידע לענדער, וועגן אָפּבייטן זיך מיט דער „פאַרשלעפּ־טער" באַפעלקערונג. סאָוויעטישע בירגער, וואָס די דייטשן האָבן פאַר־שלעפּט קיין פּוילן זענען אומגעקערט געוואָרן אין זייער היים, און בתור חלוף, זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פּוילן,* פאַרשלעפּטע פּוילישע איינ־וווינער. די דאָזיקע „אָפּגעביטענע", האָבן געפירט מיט זיך באַלעבאַטיש־קייט פון הערן און זען און גדענקען: פון מעבל, ביז אַקער־אייזנס ביז קאַסטנס מיט שטוב־חפצים, ביז פערד, שאָף און רינדער, זיימאַשינעס, דרעשמאַשינעס, פּיאַנינעס, שאַפעס מיט פאַרשידן געשיר, מיט איין וואָרט — פּאַרטיקע באַלעבאַטים! כאָטש בלייב וווינען אין וואַגאָן.

איז אָבער די נרענעצוואַך אויך נישט קיין מלופם־קינד', זי ווייסט: וואָס צו זוכן, ביי וועמען צו זוכן און ווו צו זוכן. ביי אָט די פּוילישע באַלעבאַטימלעך, וואָס מוזן זיך נעבעך אומזיסט און אומנישט העצקען

---

* געמיינט: דאָלאַרן.

** אויפן סוחרישן זשאַרגאָן: ניקאָלאַיעווסקע גאָלדענע צענערלעך.

אהין און צוריק האָט מען אויסגעגראָבן זעקס לעבעדיקע באַנדיטן. צוויי פון זיי זענען געווען גרויסע מענער ביי די וולאַסאָווצעס, וועגן וועלכע די אויסשפּיר־דינסט האָט צוגעשיקט פּינקטלעכע ידיעות, אַז זיי דאַרפן די טעג אַריבערגעשמועלט ווערן די גרענעץ. די איבעריקע פיר זענען אָנגע־קומען אומגעריכט, אָבער זיי זענען געווען נישט קיין קלענערע שישקעס פון די ערשטע צוויי. דאָס זענען געווען רוסן, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט דעם דייטש, און זענען פאַר זיין ממשלה געווען: בורגמייסטערס, ס. ס.־אַגענטן און מיליטערישע שפּיאָנען. באַהאַלטן האָט מען אָט די נפשות אין פאַרשידענערליי ערטער: איינעם האָט מען אַרויסגעשלעפּט פונעם בויך פון אַ פּיאַנינע; נאָך איינעם — פון אַן איבערבעט, אויף וועלכער ס׳איז געלעגן אַ פרוי און איז געגאַנגען צו קינד. איינער איז געווען פאַרמאַס־קירט אין אַן אַלטער באָבעשי, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל און האָט געלויזט איר אייניקל. צוויי האָט מען אַרויסגעטאַסקעט פאַר די אויערן פון די קאַסטנס מיט הלבשה און דער זעקסטער — דער בלוטיקער בורג־מייסטער פון טשערניגאָוו — איז געווען פאַרמאַסקירט פּראָסט פשוט אין... אין אַ קעלבל, וועלכעס איז תמימותדיק געשטאַנען צווישן די קי און האָט מיט דער מאָרדע אַרומגעשמעקט די קאָרעטע. די זעלנער האָבן מיט גרויס פאַראַד אַראָפּגעפירט די באַהאַלטענע צוזאַמען מיט די באַהאַלטערס און האָבן אָפּגעשיקט דעם צוג מיט זייער פאַרמעגן אויף גאָטס באַראָט... ווער עס וועט נעמען, צו דעם וועט עס געהערן...

צו די וואַגאָנען האָבן אויסגעשאָטן פאַרשידענע סוחרימלעך:

— פעטער, וואָס האָט איר? וואָס דאַרפט איר?

— ווי טייער לייזט איר דעם דאָלאַר? ווי טייער ווילט איר פאַר אַ „חזירל״? נו, און אַ „פערדל״? * אפשר האָט איר אַ האַרטן צוואַנציקער? ** איך דאַרף פונקט זייער נייטיק האָבן אַזאַ מטבע. אַ שטיינדעלע *** ווער האָט? קיין שטיינדעלע איז צופעליק נישטאָ ביי קיינעם?

— יידן! אויף קורצע „לאָקשן״, און אויף דער קיסרעניעס לייל־כער **** בין איך דער בעסטער קונה אין גאַנצן לאַנד —

— סאָוויעטיש געלט! סאָוויעטיש געלט! סאָוויעטיש געלט ווער האָט? פאַר איין רובל — דריי זלאָטעס...

בלב נשבר ונדכה קוקט זיך שלמה איין אין אָט די פאַרדאַלערטע און

---

* געמיינט: אַ גאָלדענער פונט סטערלינג.

** געמיינט: אַ גאָלדענע מטבע פון צוואַנציק דאָלאַר.

*** געמיינט: אַ בריליאַנט.

**** געמיינט: ענגלישע פּאַפּירענע פונטן. זיי זענען: ווייסע, דינע און האָבן אין דער „וואַסער״ דאָס בילד פון דער מלכה. קעגן אַסיגנאַציעס פון אַנדערע לענדער זעען זיי אויס ווי „ליילעכער״.

פארחזירטע * יידעלעך, ער באטראכט די פרצופים פון אָט די געלטגייציקע סוחרימלעך און טראכט מיט א טיפן ווייטיק אין הארצן:

— אָט די ברידערלעך האָבן זיך שוין, דאכט זיך, מסיח־דעת געווען דערפון, וואָס ערשט נעכטן האָט מען אויף דעם זעלבן אָרט, וווּ זיי שטייען איצט, געקוילעט יידישע קינדערלעך, געהאנגען זקנים און גע־פערטלט יידישע טעכטער... אים שיינט, אַז אָט די „חזירים־הענדלערס" וועלן זיך נאָך אַזוי גיך נישט צעלאָזן לויפן קיין ארץ־ישראל; דער כח פון די פכים־קטנים, ** וואָס האָט א מאָל אריינגעפירט אונדזער פאָטער יעקב אין א געפערלעכער סכנה, איז נאָך איצט אויך גענוג שטארק, ער קען חלילה איצט אויך אריינפירן א גרויסן חלק פון דעם פאָלק ישראל אין דער זעלבער סכנה, און שפּעטער זאָל זיי אויך אויסקומען זיך צו ראנגלען מיט די שרים של אדום, און דאן חלילה, איז די סכנה זייער גרויס... היינט זענען נישטאָ קיין יעקב־אבינו'ס, וואָס קענען בדורון ובתפילה באשטייען קעגן אלע אלופי־אדום; היינט זענען נישטאָ קיין משה־רבינו'ס, וואָס קענען בלויז מיט אויפהייבן א האנט מנצח זיין דעם שונא, היינט קען חלילה זיין — וגבר עמלק... און די מענטשן זענען בלינד: עינים להם — ולא יראו, אזנים להם ולא ישמעו, אף להם ולא יריחון...

פון דער ווייטנס, זעען די „בני־משה", שטייען פוילישע פּאָליציאנטן: זיי זעען אלץ, הערן אלץ, און... קוקן זיך אפילו נישט אום אין דער זייט אריין —

שלמה פרעגט ביי עטלעכע פון זיינע פוילישע עשאלאָן־שכנים:

— איך פארשטיי נישט, ווי אַזוי רעדן דאָס אייערע לייט אַזוי אָפן: וועגן סאָוויעטיש געלט; וועגן וואלוטע; וועגן אבנים טובות ומרגליות — ס'איז דאָך מיט פייער...

ארום די „בני־משה" זאמלט זיך צונויף א היפּש רעדל, פון ערשט־געקומענע, פון שוין לאנג געקומענע. פוילישע יידן לאכן פון זיי דאָס גרעסטע געלעכטער:

— שוטים, וואָס איר זענט! וואָס ציטערט איר אַזוי? דאָ איז שוין נישטאָ וואניושא! אהער צו דערגרייכן — זענען זיינע הענט צו קורץ. דאָ איז נאָך לעת־עתה דעמאָקראטיע! נישט אייער „יאָסעלעס": „פּאָדפּישי דעמאָקראטיע", *** נאָר אמתע דעמאָקראטיע! אָן קאָנצלאגערן און אָן פּאָ־סיאָלקעס. דאָ קענסטו רעדן: וואָס דו ווילסט און ווי אַזוי דו ווילסט —

נאָך אנדערע האָבן געשלעפּט דעם פריש אָנגעקומענעם עולם אין די פּארטייען אריין; אין די קיבוצים; האָבן צוגעזאָגט די זיך לאנג־ישובנדי־קע, אַז נאָך ביז פסח וועט מען עולה זיין „נאָך ארץ".

---

* געמיינט: וואָס האַנדלען מיט די אַזוי גערופענע: „חזירים".

** קליינע קריגלעך. געמיינט: מינדערווערטיקע זאַכן, קלייניקייטן.

*** פּאָדפּישי — שרייב אונטער! געמיינט: וואָס מען מוז דאָרט אונטערשרייבן אַלץ, וואָס דער אויספּאָרשער הייסט.

נאָך אַנדערע וווילינגערישע בחורימלעך האָבן זיך אויסגעגעבן, אַז זיי זענען פון דער „בריחה"; אַז זיי קענען פאַר אַ „קורץ מאה׳לע" * צושטעלן גלייך צו דער שיף און פאַר צוויי „קורצע מאה׳לעך" גלייך קיין תל־אביב, אָדער קיין ירושלים. עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען די „בני־משה" זענען עלטער געוואָרן מיט אַ פּאָר טעג, זענען זיי שוין געוויר געוואָרן, אַז יענע פּיפּיקע חברה־לייט זענען פשוט געווען שווינדלערס, נישט קיין בריחהניקעס — ווייל די „בריחה" האָט ביי פּליטים קיין מאָל קיין געלט נישט גענומען! יענע פלעגן זיך מפקיר זיין פאַר יידישע קינדער בלויז פון אהבת־ישראל.

„בריחה" — דאָס איז געווען דער נאָמען פון אַ גוט אָרגאַניזירטער גרופּע יידישע יינגלעך און מיידלעך, — מערסטן טייל: חיילים און חיילות פון דער יידישער בריגאַדע — וואָס האָבן אין די ערשטע עטלעכע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געאַרבעט מיט אומגעהערטן מסירת־נפש אויף צו ראַטעווען זייערע געפּלאָגטע ברידער און שוועסטער. דער הויפּטציל פון זייער עבודת־הקודש, פאַר וועלכער זיי האָבן זיך מקריב געווען בכל יום תמיד, איז געווען: וואָס גיכער אַרויסצופירן די נצול־געוואָרענע יידן און ווי נאָר מעגלעך ווייטער פון די לענדער, וועלכע געפּינען זיך אונטער דער השפעה פון זייער רויטן שכן. די דאָזיקע בחורים ובתולות, אויסמעסטנדיק כמעט אַלע לענדער פון אייראָפּע לארכן ולרחבן, האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו באַטראַכטן, ווי זעלנער אויפן פראָנט, אויף דער ערשטער פּאָזיציע! מען האָט כמעט קיין מאָל נישט געזען אויף זייער פנים: נישט קיין שמייכל, נישט קיין פרייע מינע. צו זיך זענען זיי געווען ביז גאָר שטרענג און פאָדערנדיק, דאַקעגן צו זייערע „קליענטן" זענען זיי געווען ביז גאָר צערטלעך און שפּירעוודיק.

ביידע מאַכטן — סיי די, ביי וועלכער מען האָט פון „אונטער דער נאָז" אויסגעכאַפּט די צוריקגעבראַכטע פּליטים, סיי די, וווהין מען האָט אַריינגעבראַכט די פּליטים — האָבן ממש געגראָבן די ערד נאָך אָט די יידישע העלדן און האָבן זיי אַרומגעזוכט איבערן לאַנד מיט ליכט. טאָמער איז אויף עמעצן געפאַלן אַ מינדסטער חשד, אַז ער געהערט צו אָט דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, אָדער אפילו נאָר, אַז ער שטייט מיט איר אין פאַרבינדונג, — פאַר אַזאַ פאַרדאַכט האָט מען פון דעם יעניקן — משני הצדדים — געשניטן שטיקער לעבעדיקערהייט. פאַר קומען אין קאָנטאַקט מיט די געהיימע כוחות פון דער „בריחה" האָט מען דעם חשוד געשלאָגן מכות־רצח און פאַרזעצט אין איינצלקאַמערן. דאָס האָט אָבער שטענדיק געהאַט אַ פאַרקערטע פעולה: אויפן פּלאַץ פון דעם איינגעשפּאַרטן זענען צוגעשיקט געוואָרן אַנדערע דריי יידישע גיבורים און די הצלה־אַרבעט איז אָנגעגאַנגען נאָך אינטענסיווער און נאָך מיט מער געוואַגטע שריט.

---

* געמיינט: אַ הונדערט־דאָלאַר־אַסיגנאַציע, אין אַ קליינעם פאָרמאַט.

דאָס אַלץ זענען די „בני־משה” געוויר געוואָרן שפּעטער, ווען זיי זענען שוין געוואָרן שטיקלעך תושבים, און האָבן שוין נישט אַזוי מורא געהאַט אויסצורעדן אַ וואָרט מיט אַ מענטשן, אָבער ווען זיי האָבן צום ערשטן מאָל דערהערט „מפורש יוצא מפי כהן גדול” דאָס לעגענדאַרע וואָרט: „תל אביב”; דעם הייליק־אָפּגעציטערטן נאָמען: „ירושלים”, האָבן זיי אַזש אַ פּלאַטער געטון מיט אַלע אברים פאַר איבעראַשונג און פאַר אומגעריכטקייט...

מען איז דורכגעפאָרן טאַרנאָוו, לאַנצוט, קראָקע —

שלעפּנדיק זיך איבער פּוילן, איז זיך דער יידישער עולם ביסלעכווייז צעקראָכן פון אונטער די הענט: ווער דאָ, ווער דאָרט. ענדלעך איז מען אָנגעקומען קיין קאַטאָוויץ.

ווייטער איז דער עשאַלאָן נישט געגאַנגען —

# קאפיטל LIII

אין קאטאָוויץ זענען די „בני־משה" אַריינגעטראָטן אין אַ קיבוץ פון „פּועלי־אגודת־ישראל". אמת, די אַטמאָספּערע צווישן בלויז איינצלנע יונגעלייט, צווישן מענטשן, וועלכע האָבן אין דער קריג אָנגעווירן אַלע זייערע נאָענטע, איז פּאַר יונגעלייט מיט ווייב און קינדער געווען זייער אַ פּיינלעכע; אויך דער איינגעשטעלטער רעזשים איז געווען נישט צוגעפּאַסט צו זייער געשמאַק; אויף זייער מזל זענען די ראשי־הקיבוץ — אונטער־וועלט־מענטשן, וואָס „במקום שאין איש" האָבן זיי פאַרכאַפּט די בענק־לעך — געווען גרויסע דעספּאָטן. זיי זענען גרייט געווען אויסצושניידן ביים קיבוצניק די קעשענע, אים באַרויבן פונעם קאָפּ ביז די פיס און ערשט דערנאָך אים אַרויסוואַרפן אויף „דריי שפּענדלעך". ביי אָט דער שבתי־צבי'דיקער כנופיא, איז רעכט געווען צוצורויבן האַלב פּראָדוקטן, פון די, וואָס מען פלעגט צושיקן אויפן קיבוץ, און זיך אָנלייגן דעם בייטל מיט דאָלאַרן. אין קיבוץ גופא האָבן זיי איינגעפירט אינקוויזיטאָרישע מע־טאָדן: נאָך דעם, ווי מען האָט גאַנצע טעג געלערנט איין שיעור נאָכן צווייטן, האָט מען אין די אָוונטן נישט געטאָרט קיין זינג טון; עס האָט נישט געטאָרט קומען אויף דער שוועל קיין שאַך, ווער שמועסט גאָר צו־שיקן נאָך אַ „פּראַוודאַ" — מאן דכר שמיה! אָט די אַלע חפציות זענען נישט „אגודה'דיק"... די „בני־משה" האָבן פון אָט די רעפּרעסיעס שטאַרק געליטן, אָבער דערפאַר זענען זיי כאָטש געווען בטוח, אַז דער ביסן איז אַ כשרער. נישט האָבנדיק קיין אייגענע היים, איז דאָס געווען אַן עיקר־גדול. דעריבער האָט מען פאַרשטיקט אין זיך דאָס בייזע בלוט, וואָס פלעגט פון מאָל צו מאָל אויפברויזן אין זיי בנוגע צו אייניקע פאַרקריפּל־טע און אכזריותדיקע מעטאָדן און מנהגים, און מען האָט געדולדיק זיך צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן.

די פרויען מיט די קינדער האָבן געוווינט אין אַ פּריוואַטער וווינונג.

און עס האָבן זיך פאַר די „בני־משה" אָוועקגעצויגן פּיינלעכע מיט זייער איינטאָניקייט וואָכן און חדשים... די מענער האָבן ווי די מאָנאַכן געלעבט אָפּגעשפּאַרט פון דער גאַנצער וועלט אין זייער מרה־שחורההדיקן „מאָנאַסטיר", און די פרויען זייערע — ווי די פאַרפינצטערטע מאָנאַשקעס אין זייער פאַרוואָרלאָזטן הינטערהויף. דאָס מאָנאָטאָנע לעבן צווישן די גרויע ווענט פונעם קיבוץ, האָט אָוועקגעלייגט זיין אומעטיקן חותם אויף דער מאַנסבילשער טייל פון דער „עקספּעדיציע"; די פיינטלעכע אַטמאָס־פערע פאַר יידישע פיזיאָנאָמיעס: אין גאַס, אין קלייט, אין מאַרק, — האָט שווער און דערדריקנדיק געווירקט אויף די פרויען פון דער עקספּע־דיציע. אויף דער וועלט איז געווען פרילינג; די נאַטור האָט אויפגעלעבט; גערטנער האָבן זיך צעבליט; הימל און ערד האָבן טריאומפירט זייער ניי־עם נצחון איבער דעם אכזריותדיקן ווינטער; אַלע מענטשן, אַלע לעבע־

דיקע באַשעפענישן האָבן אויסגעשאָטן אויף דער גאַס, אונטערן פרייען הימל, איבערבייטן די לופט אין די לונגען, זיך אויסגלייכן די ביינער פאַר דעם גאַנצן ווינטער, אָבער דאָס קליינוואַרג פון די „בני־משה" האָבן אפילו נישט געטאָרט אַרויסגיין פון דער שטוב. די שכנים פונעם הויף, די דורכגייער און אפילו די פּאָליציאַנטן אָדער די מיליטער־לייט, וועלכע האָבן פאַרפּלייצט אַלע גאַסן, האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף זיי מיט גרויס פאַרוווּנדערונג. זיי האָבן זיי ממש אויפגעגעסן מיט די אויגן. זיי האָבן גאָרנישט געקענט פאַרשטיין:

— פון וואַנען האָבן זיך פּלוצלינג אַהער גענומען יידישע קינדער־לעך? ווער האָט עס אויסגעבאַהאַלטן אָט די קאָנטראַבאַנדע און צוליב וואָס? עס קלערט דען נאָך עמעצער פון דאָס ניי צו צעפּלאָדען אָט די פון גאָט פאַרשאָלטענע זשידעניאַטעס? ווער גייט עס טון אַזאַ נאַרישקייט? האָט, הייסט עס, דער „קאָכאַנעי היטלער" זיי אָפּגענאַרט! ער האָט נישט ענדגילטיק אויפגערוימט אָט די וואַנצן! אָט די שטשורעס! עס באַזעצן זיך, הייסט עס, ווידער זשידעס אין פּוילן! זייער, זייער נישט לייטיש פון זיין זייט... אַזוי מיאוס זיי אָפּנאַרן — פאַר וואָס? פאַר ווען?

אָפט מאָל איז זייער פאַרוווּנדערונג געווען אַזוי שטאַרק, אַז פון גרויס התפעלות האָט זי זיך אויסגעדריקט: דורך אַ סטוסאַק אין פּלייצע; דורך אַ זעץ אין האַרצן; דורך אַ בוכנציע אין דער זייט; אַז נישט, איז כאָטש דורך אַ שטיינדעלע אין קאָפּ. אַזוי איין מאָל און נאָך אַ מאָל, דער פּועל־יוצא פון אָט דעם המן־קלאַפּעניש איז געווען, אַז די קינדער פלעגן טאַקע נישט אָנקוקן די ליכטיקע שיין. מען האָט זיי געהאַלטן אונטערן שלאָס, ווי די קראָליקעס, און זיי האָבן נעבעך געפירט אַ שמאָל, פאַרשפּאַרט לעבן. זייערע מוטערס האָבן געהאַט אַן אָפּגעשטעלטע האַלבע שעה אין טאָג, ווען ס'איז זיי געווען דערלויבט אַרויפצוגיין צו זייערע מענער אין קיבוץ אַריין. זיי פלעגן זיך שטענדיק אומקערן פון דאָרטן פאַרוויינטע און פאַר־חושכטע: די מענער זענען געווען אַפּאַטיש געשטימט און עפּעס ווי אויס־געלאָשן. דאָס גרויע, נמאס ומאוסדיקע לעבן פונעם קיבוץ האָט אומ־ברחמנותדיק צעווייעט אַלע זייערע אילוזיעס, אַלע זייערע פאַרשידנפאַר־ביקע טרוימען און פאַנטאַזיעס, אויף שטויב חרוב געמאַכט אַלע זייערע לופט־שלעסער, וואָס זיי האָבן אַ מאָל געבויט און האָט אָנגעפילט זייערע הערצער מיט ביטערניש און מיט אַנטוישונג. ס'איז זייער ווייטיקלעך גע־ווען זיך אין דעם מודה צו זיין, נאָר נישט ווילנדיק האָט זיך שטאַרק גע־בענקט צוריק אין דעם פרייען רוסלאַנד; אין דעם פאַרמלחמהדיקן רוס־לאַנד, ווו בלויז פאַר דעם וואָרט „זשיד", פלעגט מען באַשטראָפן מיט פינף יאָר קאָנצלאַגער; ווו אַ ייד איז געווען דער זעלבער בעל־הבית אין לאַנד ווי דער אוקראַינער...

די צייט איז דערווייל געלאָפן. די „בני־משה" האָבן זיך נאָך אַלץ געוואַלגערט אין קיבוץ און האָבן אַרויסגעקוקט אויף אויסלענדישע פּאַס־פּאָרטן. אַ גרויסע וועלט מיט יידן האָבן נישט אַרויסגעקוקט אויף קיין ניסים,

מען איז געפאָרן „אויף שוואַרץ": דורך טעשין; דורך קליאַצק; דורך ריכבאַך; וואַלבזשיך; שטעטין... אָבער מיט פּיצלעך קינדער און מיט עלטערע מענטשן, האָט די „בריחה" אויף דעם דאָזיקן וועג נישט געוואָלט נעמען. אַזעלכע „מעפּילים" קענען נישט קלעטערן אויף די בערג און נאָך מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס; מיט אַזאַ „קרעמל" איז קיין אַנדער ברירה נישטאָ, נאָר וואַרטן אויף לעגאַלע פּאַספּאָרטן.

פאַר דער צייט פון דעם געצווונגענעם אויפהאַלט אין דעם טרויעריק־באַרימטן פּוילן האָבן זיך די „בני־משה" גענוג אָנגעזען מיט פריש פאַרגאָסן יידיש בלוט. די „אַקאָווצעס"* זענען נישט געשלאָפן. די „בעזפּעטשענסטוואָ"** האָט זיך וויניק וואָס גענומען צום האַרצן פון זייער פאַגראָמנע סדר־העבודה; אַפילו לפנים האָט מען זיי אויך נישט גערודפט; נישט געזוכט זייערע צענטרן; זייער אָנפירערשאַפט; און זיי האָבן דאָס גוט אויסגענוצט: זיי האָבן געשאָסן און געשאָכטן יעדן יידן, וואָס זיי האָבן געפּאַקט אויף אַ פּאַסיק אָרט און אין אַ פּאַסיקן מאָמענט... אַרויסוואַרפן אַ יידן פונעם וואַגאָן־פענצטער; זיך אַריינכאַפּן אין אַ יידישער שטוב און אויסקוילען די איינוווינער פון גרויס ביז קליין; ווער שמועסט צעממיתן אַ יידן אָדער אַ יידישע פרוי ביז צו טויט — דאָס איז געוואָרן אַ וואָכעדיקער גאַנג... דאָס איז ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג געוואָרן אַ „מצוה קלה שאדם דש בעקביו" —

...יידיש בלוט האָט זיך כמעט כבשנים קדמוניות, בימי היטלער הרשע ימח שמו, געגאָסן איבערן גאַנצן לאַנד ווי וואַסער...

די „בני־משה" האָבן זיך אָנגעזען צו דער זאַט דעם ביטערן נערוון־קריג, וואָס ווערט אומאויפהערלעך געפירט צווישן די פאַרשידענע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך; דעם אומגעהערטן שמוץ, וואָס די פּאַרטייען וואַרפן איינע אויף די אַנדערע; זיי האָבן געזען אָרגאַניזירטע כנופיות פון פריש־געבאַקענע: „מרכזניקעס", „פּרעזעסן" און „קאָמיטעטשיקעס" און סתם יידישע „כלל־טוער", וואָס באַרויבן דעם אָרעמען „שארית" פונעם קאָפּ ביז די פיס; לאָזן אַראָפּ טיף אין קעשענע אַריין די גרויסע סומעס געלט, וואָס דער דזשאָינט, „ועד הצלה" און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס שיקן צו פאַר די פּליטים; וואָס מאַכן זיך אַ קלייטל פון דעם גאַנצן יידישן חורבן, פאַרקויפן פאַר אַ שיינעם „בעבור שנדר" די אָנגעקומענע וויזעס קיין אויסלאַנד, שיקן אַריבער די אָנגערויבטע מטמונים קיין פּאַריז, קיין ניו־יאָרק, און מען פייפט זיך אויס אויף די הונדערטער פאַמיליעס מיט זקנים, אָדער מיט ווייבער און קינדער, וואָס קוקן אַרויס אויף אָט די וויזעס, אַז די אויגן קריכן זיי אַזש אַרויס...

---

* ראשי־תיבות פון: „אַרמיאַ קראַיאָוואַ". דעמאָראַליזירטע רעשטלעך פון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פּשוטע באַנדעס פון געפערלעכע רוצחים; אין אַנטיסעמיטישע און אַנטיסאָוויעטישע אַקטיווע שאַיקעס.

** די נאָכמלחמהדיקע פּוילישע זשאַנדאַרמעריע.

שלמה האָט זיך גוט צוגעקוקט צו דעם דאָזיקן הפקרות, ער האָט זיך באמיט „להכנס בעובי־הקורה", * ער האָט אַלץ געוואָלט תופס זיין די באַהאַלטענע כוונה פון אַזאַ אומפּאַראַנטוואָרטלעכער האַנדלונג, פון אַזאַ „לית דיינ'דיקער" גנבה וגזלה לגבי די אָפּגעראַטעוועטע האָלעוועשקעס פון די דייטשע קאַלבאַוויוונס; דער סוף איז געווען: ער האָט געקלערט און גע־טראַכט און האָט זיך צו גאָרנישט נישט געקענט דערטראַכטן און איז גע־בליבן זיצן אַ דערצערנטער און אַן אַנטוישטער. גאַנצע טעג איז ער גע־זעסן אַ פאַרשפּאַרטער אין די וויסטע חדרים פונעם קיבוץ, האָט מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז אויף יענער זייט טיר. דאָס וואָס ער האָט אויף זיך אַליין גענומען אָט דעם שטוביקן אַרעסט, איז געווען מכמה וכמה טעמים: ערשטנס, איז אין פּוילן בכלל, און אין קאַטאָוויץ בפרט, האַלט מען נישט זייער פון קיין בערד. פיל פּוילישע — לויטן אויסזען: אינטעליגענטע מענטשן — האָבן זיך כלל וכלל נישט געשעמט אַ שפּיי צו טון דעם טרעגער פון אַ באָרד גלייך אין פּנים אַריין, און נישט זייער זעלטן — אים אויך אַריינפאָרן אין די ציין אַריין; צווייטנס, ווייל ער האָט נישט געקענט קיין איין וואָרט פּויליש; דריטנס, האָט ער שטאַרק מורא געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט אַ רוסישן זעלנער. ווייל טאָמער איז דאָס חלילה גראָד אַ באַקאַנטער שייגעץ, קען זיך נאָך מיט אים טרעפן פּונקט אַזאַ צופאַל, ווי מיט לייב טולטשינסקי אין אירקוטסק, און ער זאָל דאַמאָלסט נאָר זיין אַ צועק לשעבר...

*

אין יענע פינצטערע טעג פון פאַרשלאָסענע טירן; פון מאָגערע קיבוצישע זופּן און קינזשאַלן פון „אַקאָוועצעס"; אין יענער געדיכטעניש, אין יענעם אויסזיכטלאָזן תהום פון אומעט און טרויער האָט שלמה באַקומען אַ פאַרזענלעכן גרוס פון... פון זיין אַנאַניעווער מומע טייבל. ריכטיקער געזאָגט: נישט ער האָט באַקומען אַ גרוס פון איר, נאָר ער האָט זיך גע־טראָפן מיט אַ גלגול פון דער מומע טייבל — מיט דער מומע טייבל אַליין! אמת, אין איר איצטיקן אויסזען איז „די מומע" געווען פיל ייני־גער ווי דאַמאָלסט, און אויב אפילו נישט שענער — אָבער פיל פריצי־שער און אייראָפּעאישער. דאָס איז אָבער נאָר גערעדט געוואָרן בנוגע איר אויסערלעכן אויסזען, די נשמה אָבער — די זעלבע! די גוטע נשמה, די הייליקע מומע טייבל פון אַנאַניעוו, ווי צוויי טראָפּן וואַסער: אירע לויטערע אויגן; איר זאַמשעווע שטימע, וואָס גלעט ביי דער נשמה כקול הכנור; איר אומבאַגרענעצטער מיטלייד מיט מענטשן — אַלץ אירס! און די אויפפירונג — אירע! און די אויפטועון — אויך אירע! דער איינציקער חילוק איז געווען, וואָס דער אַרבעטס־קרייז פון דער דאַמאָלסטדיקער מומע

* כמו: אַריינדרינגען אין דער זאַך און זי באַנעמען אויף דורך און דורך. פון דער גמרא.

טייבל האָט ארומגעכאַפּט בלויז אַנאַניעוו און וואָלאָכאָנסק, און דער טעמי־קייט־ראַדיוס פון דער איצטיקער מומע טייבל — אַ גאַנץ לאַנד! אין איר ערשטן גלגול האָט זי געקענט העלפן נאָר געציילטע משפחות, און אין איר איצטיקן גלגול האָט זי זיך פאַרנומען מיט אַ גרויסן טייל פון דער „שארית הפליטה". יענע האָט מתפלל געווען צום אַלמעכטיקן אין די ווייַ־בערשע שולן, און די אין די מיניסטעריומס, צווישן איין אוידיענץ און דעם צווייטן. יענע האָט „געאַרבעט מעשים" מיט די בידנע עטלעכע רובל, פון וועלכע ס'איז באַשטאַנען איר „קניפּל", און די האָט אָפּערירט מיט הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן. בלויז אין אָט דעם נאַרישן פּרט איז צווישן זיי געווען דער אונטערשיד, אָבער אין זייער פּריוואַטן לעבן זענען זיי גע־ווען ענלעך איינע אויף דער צווייטער ווי צוויי טראָפּן וואַסער: ביידע גלייך שעמעוודיק, צניעותדיק און מלא־חן; ביידע גלייך נזהר אין יידיש־קייט אפילו אויף אַ נדנוד כל שהוא מדרבנן. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן דער פאַל, אַז די „איצטיקע" זאָל פאַרגעסן אויסטון דאָס פינ־גערל בשעת דעם וואַשן זיך צום עסן, אָדער חלילה וחס נישט באַהאַלטן דאָס מעסער אונטערן טישטעך בשעתן בענטשן. פּונקט אַזוי ווי די ערשטע בשעתה, אַזוי איז אויך די „איצטיקע" געווען נזהר, אַז קיין האָרעלע זאָל זיך ביי איר חס ושלום נישט אַרויסזען פון אונטערן טיכל; פאַרן שלאָפן גיין — לייענען די לאַנגע קריאת־שמע מיטן „אשמנו". טאָמער איז דער „איצטיקער" מומע טייבל אויסגעקומען צו באַזוכן דעם מיניסטעריום אום שבת. אָדער עפּעס אַן אַנדער פּלוצעמדיקע איינלאַדונג, איז אַהין צו וועגס פלעגט זי פאָרן מיטן אויטאָ — פּקוח נפש! און צוריק קומען צו פוס. פאָרנדיק אַהין פלעגט זי אָנטון דעם שיינעם הוט מיט דער פעדער, און אין דער היים, — אין האָטעל, הייסט עס — צוריק אָנטון דאָס שטרענ־גע טיכל, אַז קיין זכר פון קיין האָרעלע זאָל זיך נישט אַרויסזען...

אָט אַזוי האָט די „איצטיקע" מומע טייבל נאָכגעטון דער דאַמאָלסט־דיקער מומע טייבל: יעדעס פּיצעלע, אות באות. און גערופן האָט מען די מומע טייבל אַנאַניעווער אין איר איצטיקן גלגול — רחל שטערנבוך, די באַפּולמעכטיקטע פון דעם „ועד ההצלה" אין פּוילן —

פון דער היים איז זי געווען דעם אַנטוועפּענער רבס אַ טאָכטער. איצט איז זי געווען אַ שווייצאַרישע גבירנטע, געהאַט אין מאָנטרוי אַ מאַן מיט קינדער, און נישט קוקנדיק דערויף, האָט זי פון דער „ערשטער שעה" נאָך דער מלחמה זיך געפונען אין אָט דעם אַזוי נישט־זיכערן פּוילן. זי איז דאָ נישט געווען קיין יידישע מיניסטערשע; זי איז נישט אַרומגע־פאָרן אין קיין עקיפּאַזשן; זי האָט זיך נישט געוואַלגערט ביז האַלבן טאָג אין בעט, האָט נישט געמאַכט פאַר קיינעם קיין פייערלעכע אויפנאַמעס — ניין! נישט דאָס איז געווען איר אַרבעט. זי איז געווען אין פּוילן נישט מער ווי אַ יאַרידניצע: זי פלעגט נישט דערשלאָפן; נישט דערעסן; ווו זי האָט געטאָגט, האָט זי נישט גענעכטיקט... אין איר טעשל האָט מען געקענט געפינען „אַפּגעפּאָרענע" בילעטן פון אַלע עקן פון: פּוילן, טשעכיע

און פראַנקרייך. אירער אַ מאַרשרוט האָט אין איין טור געקענט אַרומ־כאַפּן: לאָדזש, וואַרשע, קאַטאָוויץ, פּראָג, וואַרשע, פּאַריז, מינכען, וואַר־שע, לאָדזש, קאַטאָוויץ... דאָס איז געווען אַן אומענדלעכע קייט פון וואָג־לעניש, פון פאַרשוואַרצט ווערן אין עושר און אין כבוד...

עפּעס איין מאָל איז „געגאַנגען" דורך „טשעכאַי" אַ טראַנספּאָרט פון פינף און אַכציק מענטשן. שוואַרצן די גרענעץ האָט מען געדאַרפט ער־געץ הינטער קליאַצק. די „פּוילישע זייט", וואָס איז געווען אָנפאַרטרויט דער פרוי שטערנבוך, איז געווען גוט „באַוואָרנט" און אַלץ איז אָפּגע־לאָפן גלאַטיק, אָבער די „טשעכישע זייט", ווו עס האָבן שוין געאַרבעט „קלינגערע" און מאָדערנערע פאַרשווינדלעך פון איר, איז די „מלאכת־הבאַוואָרעניש" פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן און מען האָט טאַקע דעם טראַנס־פּאָרט זייער שיין פאַרהאַלטן. עס האָט שוין דאַמאָלסט נישט געהאָלפן קיין שום אינטערווענירן, קיינע אַפּעלאַציעס — מען האָט די מענטשן מיט גרוים פאַראַד פאַרקערעוועט אויף צוריק... און דאָ איז אין אַן אויטאָ אָנ־געלאָפן די פרוי שטערנבוך! דערזעענדיק, ווי אַזוי מען טרייבט די גע־פּלאָגטע וואַנדערער מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס צוריק אויף דער בלוטיקער, פּוילישער ערד, האָט זי זיך אַזש געריסן די האָר פונעם קאָפּ פאַר ווייטיק. זי איז מיט אַ געוויין אַריינגעלאָפן צווישן די אומגעקערטע, האָט מוטערלעך געקושט זייערע פאַרוואָגלטע פנימער, זי האָט זיי גע־שווירן, אַז זי וועט נישט רוען, ביז זיי וועלן נישט צוגעשטעלט ווערן קיין פּראָג. נישט וועלנדיק זיי אָפּציען צוריק פון דער גרענעץ, האָט זי פאַר זיי טאַקע אין קליאַצק גופא באַשטאַטן וווינונגען, עסן און טרינקען און אַליין איז זי גלייך אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. פון דאָרט איז זי מיט אַ ספּעציעלן אַעראָפּלאַן אָפּגעפלויגן קיין פּראָג, דאַן ווידער קיין וואַרשע און נאָך אַ מאָל קיין פּראָג. אויפן דריטן טאָג זענען די פינף און אַכציק מענטשן, צוזאַמען מיט נאָך זעכציק פאַרשוין, פּריש־אונטערגעקומענע, שוין געווען אין טשעכן און זענען פון דאָרט גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מינכען.

אָט אַזוי אומדערמידלעך, און נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיינע מכשולים און הינטערפּיסלעך, האָט געאַרבעט בלי הפסק כל שהוא די מומע טייבל אין איר איצטיקן גלגול — רחל שטערנבוך.

*

עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז זי האָט געדאַרפט האָבן מיט זיך אין וואַרשע אַן איבערגעגעבענעם מענטשן אויף צו שיקן אים, אויב עס וועט נייטיק זיין, קיין לאָדזש אָדער קיין קראָקע — די צוויי גרעסטע יידישע צענטרן אין יענע טעג, און זי האָט פונעם אגודה־קיבוץ מיטגע־נומען מיט זיך שמואל כאַזאַן, דעם אַמאָליקן: שלמה פּיאַטיגאָרסקי.

דאָס איז געווען אין אַ שפּעטער נאָכמיטאָגדיקער שעה, אין האָטעל „בריסטאָל", אין וואַרשע.

אין חלל־העולם איז געשטאַנען אַ צעגליטער יולי־טאָג. די וואַרשע־ווער חורבות האָבן זיך אָנגעגליט ווי שוויצבאָד־שטיינער. דער צעשפּלי־טערטער בעטאָן, וואָס איז צעוואָרפן אויפן גאַנצן שטח, וואָס דאָס אויג קען נאָר פאַרכאַפּן, אָטעמט אויף דער וועלט מיט אַ פריסעקדיקן אָטעם. נישט ווילנדיק דערמאָנען זיך די אבני־המזבח —

...אש תמיד תוקד על המזבח — לא תכבה!

דער אויפגעריסענער אספאַלט, וואָס הויפּנט זיך און בערגלט זיך טאָ דאָ, טאָ דאָרט, האָט זיך איצט געשמאָלצן פון די קינזשאַלנע זונשטראַלן, עס האָט פון אים געקאַפּעט אויף דער ערד ווי פון אַ פולן טעלער וואַקס; עס האָט פון אים געטריפט און געשפּריצט אויף אַלע זייטן, ווי עס טריפט און עס שפּריצט פון יום־כפּורדיקע נשמה־ליכט... די צעפּיצלטע באַלקנס און סטויפּטשיקלעך, וואָס טאָרטשען אַרוים זעיר שם, זעיר שם, זעען אוים ווי שרידי־מצבות אויף אַ צעפּאָגראָמירטן בית־הקברות... עס לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל, אַז אָט דאָ, אין אָט דעם שטיינערנעם מדבר, האָבן ערשט נישט לאַנג געלעבט מענטשן מיט אַלע פיבערן פון אַ מענטש־לעך לעבן... ניין! דער שכל־האנושי זאָגט זיך אָפּ פון אַזאַ אומוואַרשיינ־לעכער ווערסיע! וואָס דען קען מען יאָ גלייבן? אַ בית־עולם! אויף אָט דעם ריזיקן מרחב איז געווען אַ בית־עולם, אַ וועלט בית־עולם, זענען גע־קומען כוליגאַנעס, און האָבן אים איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ...

שלמה איז אומבאַוועגלעך געזעסן אויפן ענגענדיקן גאַניקל פון זיין צימער, ער האָט פון דעם הויכן שטאָק באַטראַכט די חרוב געוואָרענע שטאָט און האָט זיך באַמיט זיך פאָרצושטעלן: ווי אַזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע וואַרשע פאַר דער מלחמה? צי איז דאָס געווען עפּעס אַ מין סאַלאָמינקע; צי עפּעס אַ מין מאַלאַ־וואַסילקאָווסקע־גאַס; צי אפשר גאָר, ווי דער ראַיאָן, וווּ עס געפינט זיך אין מאָסקווע די גרויסע שול — אַ מין מאַראָסייקע? צי אפשר עפּעס נאָך גרעסערס? ווערליק די פּוילישע יידן דערציילן, איז דאָס געווען גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש... איז דאָס געווען כמו נהרדעא, צי פּומבדיתא; יבנה, אָדער קליין ירושלים, און איצט —

פאַר זיינע אויגן האָבן זיך אויף לאַנגע קילאָמעטערס געשפּרייט די הייסע שפּורן פון דער אַזוי מוראדיק רואינירטער שטאָט. אין דער לענג און אין דער ברייט, וווהין מען האָט נישט קיין וואָרף געטון מיט קיין בליק, האָבן זיך געצויגן: קופּעס און קופּקעלעך מיט שטיינער, מיט דראָטן פון אויפגעריסענעם בעטאָן, מיט שטיקער אָפּגעקראָכענער שטוקאַטורקע, און מער ווי אַלץ — מיט שטיקער ציגל אַרומגעקלעפּטע מיט געלער ליים, מיט אָפּגעלאָשענעם קאַלך און מיט צעמענט. זעלטן־ווו צווישן די מפּולת'ן,* איז אין זיין גאַנצער אומגעלומפּערטער לענג — ווי אַ חזן ביי „עלינו", בעת דער גאַנצער עולם פאַלט כורעים — געשטאַנען אַ גאַנץ־געבליבענער קוימען, אָדער עס האָבן גערופן צו זיך, ווי שדישע פינגער

* מפּולת — אַ לחלוטין צעוואַלגערטער בנין, אַ קופּע שטיינער.

— שטאַרטשנדיקע דראַנקע־אָדערן * אין אַ שטיקל פּליִיצע פון אַ טויב שטומער וואַנט... און אָט דאָ ערגעץ איז געווען אַ געטאָ... אָט דאָ ער־געץ האָבן געקעמפט מיטן שונא און זיך געראַנגלט מיטן טויט העלדישע מכבים... פּלוצלינג לויפט שלמהן דורך אַ מאָדנער געדאַנק: אַ שטייגער ווען גאָט טוט אַ נס און שיקט אַראָפּ אין אָט דער דאָזיקער היסטאָרישער שטאָט אַ צווייטן יחזקאל און ער שטעלט אויף פון אונטער די חורבות אַלע אומגעקומענע יידן — וויי־וויי, וואָס פאַר אַ גרויסער עולם דאָס וואָלט געווען! וויפל סעסיל פּעטראָוונעס און אביגילס, וויפל נחומלעך און וואַדיקס, וויפל זבולונס און נח׳ס וואָלטן זיך דאַן אויפגעהויבן פון זייער אייביקן געלעגער... אָ! דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע מחנה! אפשר נאָך אַ גרעסערע, ווי אין באַבי־יאַר?... צענער טויזנטער ר׳ עקיבאס... מיליאָ־נען הרוגי־מלכות...

זיינע געדאַנקען רייסט איבער דאָס ווייטע קלינגען פון אַ טראַמוויי־וואַגאָן. ער וואַרפט אַ קוק אין יענער ריכטונג, פון וואַנען עס קומט אָן דער וואַגאָן און באַמערקט, אַז די פרוי שטערנבוך גייט „אַהיים" פונעם טראַמוויי. זי איז נאָך גאַנץ ווייט פון דעם האָטעל, האָט ער די מעגלעכ־קייט אומגעשטערט זי צו באַטראַכטן, די איצטיקע מאָנטעפּיאָרעכע. זי איז איצט זייער מיד. דאָס איז גלייך קענטיק פון איר גאַנג, פון איר פּנים. די פרוי שטערנבוך איז זייער אַ סימפּאַטישע, און איז ערשט אין גאַנצן אַלט אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק. צו דינגען זיך אַן אויטאָ בעת זי פאָרט פון דער „אַרבעט", פאַרגינט זי זיך נישט. וואָס איז? — אַ פאָר־טון קאָסט פינף הונדערט זלאָטעס! קוועטשט זי זיך בעסער אָפּ די זייטן, כאַפּט אַריין פאַר איין וועגס נישט איין: „פּשאַקרעוו" — און שפּאָרט טאָקע איין די פינף הונדערט זלאָטעס!

איין מאָל האָט זיך שלמה אפילו אָנגענומען מיט מוט און האָט זי וועגן דעם געפרעגט:

— סטייטש, היתכן? ווי מעג זי אַזוי נישט שאַנעווען איר געזונט? ווי מעג זי אַזוי מקיל זיין בכבודה? און צוליב וואָס? וואָס איז היינט 500 זלאָטעס? אַ פּחות משתות!

איז זי אַזש, געדענקט ער, בייז געוואָרן פאַר אַזעלכע רייד:

— וואָס רעדט איר, הער כאַזאַן —

— כ׳בעט אייך, פרוי שטערנבוך, טוט מיר אַ טובה און רופט מיך „חבר", נישט „הער"... איך בין נישט קיין „הער", איך בין אַ פּשוטער קיבוצניק...

— ווענען ווילט איר עס איינרעדן, אַז „אַ פּשוטער"? און בכלל, וואָס הייסט אַזוינס — אַ פּשוטער?

— פאַר וואָס ווילט איר מיך נישט פאַרשטיין? מיינע אויערן זענען

* דראַנקע — די דינע ברעטעלעך, וואָס אויף זיי ווערט אָנגעוואָרפן די שטוקאַ־טורקע.

נישט צוגעווינט צו אָט דעם טיטל... עס דאַכט זיך מיר שטענדיק, אַז דאָס מיינט מען נישט מיך —

— ווייסט איר וואָס? זאָל זיין ווי איר ווילט! וואָס איז דאָס מיין דאגה? רצונו של אדם — זה הוא כבודו...

— אָט אַזוי זשע רעדט! איצט זאָגט זשע מיר טאַקע, פאַר וואָס זע־נען ביי אייך אייערע כוחות ביליקער פון אַזאַ דבר־שיבוש, פון אַזאַ „פּחות משוה פּרוטה" ווי היינט זענען 500 זלאָטעס—שמאָטעס?

— ווידער אַ מאָל דאָס אייגענע! וואָס רעדט איר, חבר כאַזאַן? צוליב מיין פּערזענלעכן פאַרגעניגן זאָל איך אויסברענגען קהלישע פינף הונדערט זלאָטעס? דאָס וואָלט פון מיין זייט געווען אַ פאַרברעכן —

— פאָרט מען אויף אייגענע פינף הונדערט זלאָטעס... וואָס איז, איר פאַרמאָגט נישט? איר קענט זיך דאָס נישט דערלויבן?

אירע אויגן גיבן אַ „טייבלשן" פינקל, און זי ענטפערט אים מיט אַ צוויבערנדיק שמייכעלע:

— אָבער אַז מען וויל, קענען דאָך מיינע אייגענע זלאָטעס אויך ווערן קהלישע, איז דאָך שוין ווידער אַ שאָד... היינט, באַרעכנט איר נישט, צי איך מעג דאָס טון משום מראית־עין... אַ מענטש, וועמען מען האָט אָנפאַרטרויט צדקה־געלטער, דאַרף זיך שטאַרק היטן פון בייזע צונ־גען... אויף יענעם נישט מכשיל צו זיין... און וואָס איז, מיינט איר, אַז מען ווערט אַ ביסל צעקוועטשט, שטאַרבט מען דערפון, צי וואָס?

...דער מומע טייבלס סברות, דער מומע טייבלס קול, און אפילו דאָס שולדיקע שמייכעלע — אויך דער מומע טייבלס...

אויף אָט דעם תירוץ איז שוין שלמה געבליבן אָן לשון. און באמת טאַקע — וואָס קען ער איר דערויף ענטפערן? איז זי דען נישט גערעכט?

קיין אייער, אָדער קיין פּוטער, פאַרגינט זי זיך נישט. בחינת: עמו אנכי בצרה... אַ פּאָר מאָל האָט זי שלמה געטראָפן פרישטיקן: הערינג, פּאָמידאָרן, שוואַרץ ברויט און אויף קינוח־סעודה * — אַ האַלב פונט וויינשל. קודם ווערט געמאַכט מיט כוונה אַ ברכה, אָדער אַ „שהחיינו", דאַן ווערט יעדער וויינשל באַזונדער אויפגעעפנט און אויפמערקזאַם באַ־טראַכט, צי ער איז ריין. שלמה פרעגט שוין מער קיין קשיות נישט. שוין אָפּגעפרעגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל. אַז אַ מיליאָנערשע עסט שוואַרץ ברויט מיט הערינג און פאַרטרינקט מיט לימאָנאַד, איז דאָס אַן „עבודה", וואָס מען דאַרף אויף איר זיין אַ מבין, וואָס מען דאַרף זי משיג זיין...

און שלמהן דאַכט זיך, אַז ער איז זי כמעט משיג —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פרוי שטערנבוך איז פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן פונעם אויג. אַ פּנים, אַז זי איז שוין אַריינגעגאַנגען אין פּאַראַדנע. שלמה האָט צוגע־וואַרט אַ מין האַלבע שעה ביז זי וועט זיך איבערטון און אָפּעסן, דאַן

* פאַרבייסן, דעסערט.

האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון איר צימער. פון ערגעץ ווייט האָט זיך נישט דייטלעך דערטראָגן:

— מען קען, בימע.

ער האָט זי געטראָפן זיצן אויף איר לופטגאַניקל אַ מידע און אַ צע־בראָכענע, מיט צוגעמאַכטע אויגן איינאָטעמען אין זיך די מחיהדיק־קילע, דורכזיכטיקע, פאַרנאַכטיקע לופט.

— ס'איז איר, חבר כאַזאַן? זייער גלייך האָט איר געטון, וואָס איר זענט אַריינגעקומען. נעמט זיך אַ בענקל און זיצט אַ ביסל. האָט נישט קיין פאַראיבל, וואָס איך שאַף זיך מיט אייך, דאָס איז חלילה נישט פון אומכבוד, איך בין נאָר זייער, זייער מיד —

— פרוי שטערנבוך, ווי שעמט איר זיך נישט זיך פאַר מיר צו פאַר־ענטפערן? הלואי קענט איר זיך שוין מיט מיר שאַפן! גלייבט מיר, ס'איז מיר שוין נמאס ומאוס דאָס וואַלגערן זיך גאַנצע טעג אין בעט און קוקן אויף דער סטעליע...

— מאָרגן דאַכט זיך, וועט איר זיך ענדלעך צעשיידן מיט אייער נמאסער סטעליע. איך האָב מאָרגן אַן אודיענץ ביי אָסובקאָ־מאָראַווסקי; * אויב איך וועל נאָר מצליח זיין כדבעי, וועט איר נאָך מאָרגן ביי נאַכט אָפּפאָרן קיין לאָדזש אין דער „אגודה" און מיר פון דאָרטן בו־ענגען פאָ־טאָגראַפיעס פון אַלע משפחות, וואָס האָבן קינדער ייִנגער פון צוועלף יאָר, און פון אַלע עלטערע מענטשן, וואָס זענען אַלט העכער פון פינף און פופציק יאָר. איצט איז די גאַנצע זאַך נאָר אָפּהענגיק פון מיין דער־פאָלג ביי דעם דאָזיקן גרויסן מלוכה־מאַן...

— זאָל אייך גאָט העלפן, פרוי שטערנבוך! זאָל אייך גאָט העלפן...

— זאָגט מיר, חבר כאַזאַן, פאַר וואָס זאָל איך נישט האָבן די זכיה, אַז איר זאָלט מיך אויך רופן חברטע, נאָר — פרוי? צי אפשר גאָר רעכנט איר, אַז דאָס וואָלט פאַר מיר געווען אַ פחיתות־הכבוד?

— ווי אַזוי זאָל איך עס אייך זאָגן, פרוי שטערנבוך? פאַרשטייט איר מיך, אַלע די, וואָס קענען אייך גייען אַרויס פון כלים פון אייך און פון אייער התנהגות... סיי בין אדם לחבירו, סיי בין אדם למקום... און איר זאָגט גאָר: „איך האָב נישט דעם זכות"... מיין רופן אייך: „פרוי", און נישט: „חברטע", נעמט זיך פון טיפן רעספּעקט צו אייך, פון פילן מיין נישטיקייט קעגן אייך... מיין התבטלות —

— איר רעדט דאָס ערנסט, ר' שמואל, צי איר שפּאַסט פון מיר? טאָמער מיינט איר דאָס טאַקע ערנסט, איז מיר אַ גרויסער, גרויסער שאָד. איך האָב אייך געהאַלטן פאַר אַ קלוגן יונגנמאַן און צום סוף... און דער עיקר: וואָלט דאָס נאָך געזאָגט אַ פּוילישער ייִד, איז נאָך אַ האַלבער פאַר־דראָס... וואָלט נאָך פאָרט געווען צו דערליידן... אָבער איר זענט דאָך אַ סאָוויעטישער ייִד... איר זענט דרייסיק יאָר אויסגעשטאַנען אברהם־אבינוס

* נאָך דער קריג — פּרעמיער־מיניסטער פון פּוילן.

נסיונות, איבערגעטראָגן געברענטע און געבראָטענע לײדן און דאָך זענט איר פאַרבליבן דאָס, וואָס איר זענט פאַרבליבן... און — איך וואָס? איך בין אַלע מײנע יאָרן אַרומגעפאָרן: איבער די ריוויערעס; איבער די נעאַ־פּאָלס; איבער די ווענעציעס, קומט איר גאָר און זאָגט: „נישטיקייט״! ווי אַזוי שעמט איר זיך נישט, אין די אויגן אַזוי נישט צווײדײטיק חוזק צו מאַכן פון מיר?

— חברטע שטערנבוך! חוזק גאָר? גאָט באַוואָר! אָבער איר ווײסט דאָך גוט דעם כלל: אין לו לדיין, אלא מה שעיניו רואות. אדרבה, באַ־רעכנט אַלײן און פּרוווט זאָגט, ווי איז מעגלעך צו אורטײלן אַנדערש: אַ יונגע פרוי; האָט אַ מאַן מיט קלײנע קינדער; פאַרמאָגט ערגעץ אַ גוט, אַן עשרות; דאָס אַלץ האָט זי איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט! זי וואַלגערט זיך אַרום אין עלנטע איבער די חרובע ווארשעס; איבער די אַנטיסעמיטי־שע קאַטאָוויצעס, עסט הערינג און פאַרבײסט מיט ווײנשל, קוועטשט זיך אָפּ די זײטן אין די געפּאַקטע טראַמווײען, אַלץ איז כדאי, אַלץ געפּועלט בײ זיך, — וואָס איז? אבי וואָס גיכער ברענגען די געראַטעוועטע ברידער קײן ארץ־ישראל. איצט, זאָגט אַלײן: ווער קען זיך גלײכן צו אײך?

— איי, רעדט נישט אַזוי... איר זאָגט: „אין עלנטע״... פונקט פאַר־קערט! דאָ, צווישן די לײדנדיקע, צווישן די בנס־אָפּגעלאָשענע האַלעוועש־קעס בין איך נישט קײן עלנטע. ערשט דאָרט, אין דער היים, צווישן מײ־ניקע, ערשט דאָרט בין איך עלנט! מער ווי אַלץ שטיקט מיך איצט דאָרטן דאָס אײגנטום און דער משוגענער ווױלטאָג... צײטנווײז דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַזוי לאַנג ווי איך וועל נאָך קענען ברענגען נוצן מײנע אָרעמע ברידער — וועל איך לעבן, און אַז די דאָזיקע עבודה וועט זײן פאַרענ־דיקט, וועט זיך דאַן אויך מײן לעבן ענדיקן... וועט זיך גלײכצײטיק ענ־דיקן מײן אינטערעס צו דעם...

— חברטע שטערנבוך! טײערע חברטע שטערנבוך! ווי מעג דאָס אַ גלײביקער ייד רעדן אַזוי יאושדיק? איך זע שוין אָבער פון לאַנג, אַז איר טראָגט אַרום אַ ביטערע מרה־שחורה אין הארצן. דערצײלט מיר אַ ביסל וועגן זיך. פּאָלגט מיך, רעדט אַ ביסל אַראָפּ פונעם האַרצן. אין דער גמרא ווערט אויך געבראַכט: דאגה בלבו איש — ישיחנה לאחרים...* דערצײלט וואָס עס איז —

— וואָס קען איך אײך דערצײלן, ר' שמואל?

— איך האָב אײך שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז מײן ריכטיקער נאָמען איז: שלמה. איך בעט אײך, רופט מיך נישט שמואל, און „רעב״ — אודאי און אודאי נישט! איך בין נישט עלטער פון אײך. ס'איז נאָר די באָרד מאַכט מיך פאַר אַ זײדן. איך בעט אײך, חברטע שטערנבוך, דערצײלט עפּעס פון אײער לעבן —

---

* ווען אַ מענטש האָט אַ פאַרבאָרגענע זאָרג, אַ גרימעניש, זאָל ער זי דערצײלן פאַר גוטע פרײנד.

— פון מיין לעבן... איך האב דען איצט א לעבן? א מאל האב איך
געהאט א לעבן. ביז היטלערן. אבער היינט — אוים! פון אלץ איז גע־
ווארן אש און שטויב און מער קיין זאך —

די פרוי שטערנבוך ווערט פארזונקען אין פיינלעכע זכרונות, ווי א
שווערער חולה ווערט אין מיטן רעדן באפאלן פון א קלעפיקן דרימל.
שלמה זיצט מיט א קלאפנדיק הארץ. ער היט זיך נישט צו מאכן קיין
מינדסטע באוועגונג. נאר די פרוי שטערנבוך הייבט מיט א מאל אליין
אן צו רעדן. זי רעדט הייזעריק און פארדומפן, מען קען מיינען, אז דאס
קול גייט פון א טיפן קעלער —

— ...מיין פאטער איז געווען דער אנטווערפענער רב. א צדיק, א ייד
געווען. עס זענען נישט געבליבן מער אזעלכע. האט ער נישט איבערגע־
לעבט די צרות פון דער דעפארטאציע... ווייטער האב איך געהאט א שוועס־
טער — א הייליקע, זאג איך אייך! א מלאך! בין איך אין דער קריג גע־
ווויר געווארן, אז זי איז אין דייטשלאנד, אין א קאצעט. וואס זאל איך
אייך זאגן? איך האב געשטורעמט דעם הימל און די ערד. איך האב אויפ־
געהויבן די גאנצע וועלט אויף די פיס. עס האבן פאר איר אינטערוועע־
נירט ביים דייטש: שוועדן, שווייצאריע, שפאניע, און לאוואל בכבודו
ובעצמו! און שטעלט אייך פאר, אז איך האב פון הימלערן אליין באקו־
מען א «Sauf-Conduit»... איר ווייסט, וואס דאס איז אזוינס? איר
ווייסט נישט? וועל איך אייך זאגן. דאס איז אזא מין דורכלאז־שיין פאר
א פריווילעגירטער פערזענלעכקייט מיט א פולקאמער גאראנטיע — לויט
אן אינטערנאציאנאלן געזעץ — אז פון דעם מענטשן וועט קיין האר נישט
געמינערט ווערן. אין דעם דאזיקן אומגעוויינלעכן « Sauf-Conduit »
איז בפירוש געשטאנען, אז איך מעג ארומפארן איבער אלע קאצעטן פון
פוילן און דייטשלאנד, אויפזוכן מיין שוועסטער און זי צונעמען מיט זיך.
ווען אזא אויסטערלישער דערלויבעניש איז כמעט נישט געהערט גע־
ווארן אין ערגעץ און ביי קיינעם. אבער ווו זי געפינט זיך, האט אפילו
הימלער ימח־שמו, אויך נישט געוווסט. מענטשן האבן ביי זיי נאר גע־
האט נומערן, נישט קיין נעמען. איך בין שוין געווען גרייט צו פארן.
שוין אפילו געהאט גרייט ביי זיך א גרויסן קאפיטאל אין דאלארן און אין
דייטשע מארקן. אלע מיינע אייגענע פריינד און באקאנטע האבן אבער
אויפגעהויבן א שרעקלעכן שטורעם: — וואס הייסט, א יונגע פרוי, א
מאמע פון קליינע קינדער, וועט זיך איינשטעלן צו פארן צווישן יענע
ווילדע חיות? און דערצו נאך א יידישע... בקיצור, אלע האבן אנגעהויבן
אין איין קול: „איך פאר אויף א זיכערן טויט. איך וועל זיך פון דארטן
נישט אומקערן". די קינדער האבן אויפגעהויבן א יאמערלעך געוויין...
מיט איין ווארט: מען האט ווידער אינטערווענירט ביי הימלערן: צי איז
ער מיר ערוב פאר דעם לעבן? אבער צו יענער צייט זענען שוין זייערע
„געשעפטן" אויף אסטן געגאנגען בארג־אראפ: די רויטע האבן זיי שוין
געיאגט אין האלדז און נאקן פון פוילן; ענגלאנד צוזאמען מיט אמערי־

קע האָבן זיי שוין אויך אָנגעגריפן. אויף דער פרישער אינטערווענץ האָט שוין געענטפערט עפּעס אַן אַנדער באַאַמטער — נישט הימלער, אַז קיין שום גאַראַנטיעס גיבן זיי מיר נישט אַרויס! בכלל אַזעלכע ספּעציעלע דער־לויבענישן, קיין «Sauf-Conduit», הייסט עס, גיט מען שוין איצט נישט קיינעם, נאָר ווייל איך האָב אים שוין פון פריער, קען איך זיך נאָך מיט אים איצט אויך באַנוצן. אָבער זיי זענען מיר נישט ערוב פאַר גאָר־נישט. ווי אַזוי איך וויל... דער גוואַלד אין דער היים האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. דאָס פּאָרן מיינס האָט ביי זיי געהייסן, עלעהיי ווי איך וואָלט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. און אפשר איז דאָס טאַקע אַזוי געווען... דער סוף איז געווען — איך בין נישט געפאָרן... נאָך דער מלחמה בין איך ביי איינער אַ פריילין, אַ געוועזענער קאַצעטניטשקע, געוווירן געוואָרן, אַז מיין שוועסטער האָט זיך ביזן לעצטן טאָג געפונען אין דאַכאַו... אַזוי נאָענט פון מאָנטרוי... ווען מען האָט זי אַרויסגערופן צום הענגען, האָט זי אפילו קיין איין טרער נישט געלאָזט... אַז איך זאָג אייך — אַ הייליקע... זי האָט אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן מיך אויפזוכן און מיר איי־בערגעבן אַ גרוס. אָפּגעזאָגט — איז זי רואיק אַוועקגעגאַנגען צו דער תליה קעגן דעם טויט. און דאָס איז געשען קורץ פאַרן סוף פון דער מלחמה. און בסך הכל האָב איך נאָך אַ חשד, אַז טאַקע דערפאַר האָט מען זי איינע געהאַנגען, ווייל מען האָט אינטערוועניר פאַר איר. ווי באַלד אַזוי הייסט עס שוין, אַז נישט גענוג, וואָס איך האָב איר נישט געהאָלפן, נאָך פאַרקערט... לאָ די, וואָס איך האָב זי נישט געראַטעוועט, האָב איך נאָך מיט מיינע אייגענע הענט דערנעענטערט איר טויט... אַליין אויפגע־שטעלט איר תליה... פון דאַמאָלסט אָן, ר׳ שמואל — ר׳ שלמה, מיין איך — איז מיר נמאס דאָס לעבן... איז מיר פרעמד מיין היים... וואָס איך קען, טו איך פאַר מיינע אומגליקלעכע ברידער. אַז די אַקציע וועט זיך ענדיקן, ווייס איך נישט, וואָס איך וועל טון... פון דאַמאָלסט אָן דערוועג איך זיך נישט זיך צו זעצן ביי מיין טיש; איך דערוועג זיך נישט זיך צו לייגן אין מיין בעט; איך וואָג נישט צו לעבן אויף דער וועלט! אַ קליינ־קייט אויסצורעדן, איך, איינע פון מיליאָנען, פון צענדליקער מיליאָנען האָב געהאַט די אומגלויבלעכע מעגלעכקייט צו ראַטעווען מיין שוועסטער, וואָס איך האָב נישט די ווערט אפילו די פּיאַטע אירע, און איך האָב דאָס נישט געטון... איצט, זאָגט אַליין, ווי אַזוי קען איך שוין לעבן נאָך דעם? ווי אַזוי וואָג איך צו פירן אַ נאָרמאַל פאַמיליע־לעבן און זיך צו פרייען מיט מיין מאַן און מיט מיינע קינדערלעך?

— פרוי שטערנבוך, מה נאמר ומה נדבר, אייער אומגליק איז זייער גרויס און אייער ווייטיק נאָך גרעסער — אָבער איר זענט דאָך אין כלל פון דעם גאַנצן פאָלק! אַלע זענען מיר דאָך איצט אבלים, אין בית אשר אין שם מת, ווי אין פסוק שטייט: וכל בני ישראל יבכו את השרפה אשר שרף ד׳ —

— איי, חבר כאַזאַן, אַ שטייגער, וואָס טרייסט איר מיך? קיינעמס

ווייטיק איז נישט געגליכן צו מיינעם! קיינער האָט נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיינע קרובים און איך — יאָ...

— האָט איר שוין דווקא אַ גרויסן טעות, חברטע שטערנבוך! פונקט אַזוי גוט ווי איר, אָדער אפשר נאָך גיכער, האָבן נאָך צענדליקער טויזנ־טער מענטשן געקענט ראַטעווען זייערע נאָענטע, און האָבן דאָס נישט געטון. אַ שטייגער, וויפל פּוילישע יידן זענען שוין געווען אויף דער סאָ־וויעטישער טעריטאָריע און זענען אַנטלאָפן צוריק צום דייטש? וויפל יידי־שע יונגעלייט פון מערב־אוקראַינע האָבן, אַנטלויפנדיק קיין רוסלאַנד, גע־קענט מיטנעמען מיט זיך זייערע עלטערן, פרויען און קינדער, ברידער און שוועסטער — און האָבן עס נישט געטון? וואָס דאַרפט איר מער? ווען איך אַליין זאָל אויף קיעווער וואָקזאַל געווען אַ ביסל מער שכל האָבן און זאָל געווען מיט גוואַלד אַריינזעצן מיין זיידן און מיין שוועסטער און שווי־גער אין וואַגאָן אַריין, וואָלטן זיי אויך איצט געפאָרן מיט אונדז קיין ארץ־ישראל. נאָר דער שכל איז געקומען צו שפּעט... ווען מען האָט זיי שוין אומגעבראַכט... ווען — אויפגעהאַנגען, און ווען — צעשאָסן... מיר, קורצזיכטיקע מענטשעלעך קענען בשום אופן נישט אַריינדרינגען אין די מסתורין פון דעם, וואָס איז לעצטנס געשען. קודשא־בריך־הוא וישראל ואוריתא חד הוא. דער אייבערשטער כביכול און דאָס יידישע פאָלק, איז איין ענין. בחינת: חתן וכלה. ער איז ביי אונדז איינער און מיר זענען ביי אים איינע. איינער אָן דעם צווייטן האָט נישט קיין שלימות. דער שכל איז מחייב און די אמונה איז מחייב, אַז ווען עס פאַרשטעכט זיך דאָס מינד־סטע פינגערל פון אַ יידיש קינד, פון אַ תינוק בן יומו, טוט עס דעם אַלמעכ־טיקן ווי, אַקוראַט ווי מיר טוט ווי מיין נחומל, אָדער מיין שמחהלע. און צוגעזאָגט האָט ער: רחם ארחמנו... וכלה לא אעשה אתכם... און דאָ — זעקס מיליאָן... יעדן דריטן קאָפּ פונעם פאָלק. דער מח האַלט דען אויס אַזעלכע רייד? ניין! ליכא מוחא דסביל דא! וואָס דען, ס'איז אַ סוד דער־ביי! כבשי דרחמנא! פונקט אַזוי ווי מיר פאַרשטייען נישט, פאַר וואָס די זון גייט אויף אַלע טאָג אין מזרח און פאַרגייט אין מערב, אַזוי פאַר־שטייען מיר נישט אָט די דאָזיקע לעצטע פעולה. דאָס, וואָס איז ערשט פאָרגעקומען, איז פיל גרויזאַמער פון חורבן בית־המקדש! פון גלות בבל מיט גלות רומא צוזאַמענגענומען! דאַמאָלסט זענען איבערגעבליבן די „עיני־הדור"; די מנהיגי־הדור; די „ראשי־הגולה"; די אבות־העולם! * אָבער היינט — וואָס? יתומים היינו, אין אב... מען האָט ביי אונדז אומ־געבראַכט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. עס איז געבליבן בלויז די סאָ־ראָוועטקע, ** די שאָלעכץ, דאָס פסולת. די אבדה איז אַזוי גרויס, אַזוי אומבאַגרייפלעך גרויס, אַז אפילו אין הונדערט יאָר וועלן מיר נישט אומ־

---

* אַזוי ווערן אין תלמוד טיטולירט: שמאי והלל.

** דאָס מילכיקע ביסל וואַסער, וואָס רינט אָפּ פון דער זויערמילך נאָך דעם, ווי פון איר איז שוין געוואָרן קעז.

קערן דאָס אומגעקומענע... געדענקט, וואָס איך זאָג אייך, איר טאָרט זיך נישט נעמען צום הארצן מער פון יעדן אַנדערן יידן. אייער אומגעקומע־נע שוועסטער איז געווען נישט נאָר אייער שוועסטער, נאָר אויך מיין שוועסטער! יעדן יידנס שוועסטער! איצט זענען נישטאָ קיין יחידישע טראַ־געדיעס. דער בראָך, דער חורבן וואָס איז אויף אונדז געקומען, איז אַזוי אומגעהייער גרויס, אַז מען טאָר אים נישט ברעקלען: „שה לבית־אבות, שה לבית". יעדער איינציקער פון אונדז דאַרף טרויערן נאָך אַלע אומגע־קומענע, און אַלע — נאָך יעדן איינציקן. פאָלגט מיך, ווען עס וועט זיך ענדיקן די יידישע רעפּאַטריאַציע פון רוסלאַנד און מען וועט שוין מער נישט דאַרפן קיין פּאַספּאָרטן, דאַן קערט זיך אום אַהיים קיין מאָנטרוי, נעמט דעם מאַן און די קינדערלעך; די פאַבריקן מיט די זאַוואָדן, וואָס איר האָט דאָרט, און פאָרט אַריבער מיט האָק און פּאָק קיין ארץ־ישראל. דווקא דאָס געפּלאָגטע און דאָס שווער־געפּרוווטע פאָלק ישראל איז דער איינציקער דאָקטער צו אייער צעבראָכענער נשמה, און נאָר דאָס לאַנד, אונדזער הייליק לאַנד, — ...ארץ אשר ד' אלהיך דורש אותה... ארץ אשר תמיד עיני ד' אלהיך בה... מראשית השנה ועד אחרית שנה... — נאָר דאָרט וועט איר געפינען אַ טרייסט צו אייער גרויסן שאָדן... נאָר דאָס איז די איינציקע רפואה צו אייער פאַרוווּנדעטע הארץ...

די שקיעה איז ווי אַ ים פון בלוט געהאַנגען איבערן האָריזאָנט. די זון אַליין איז שוין לאַנג נסתלק געוואָרן, נאָר דער אָפּשיין אירער האָט דראָענדיק ארומגעטאַפּט די חורבות. פרוי שטערנבוך האָט שאַרף אַ קוק געטון שלמהן אין די אויגן אריין און האָט געפרעגט, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— זאָגט מיר, חבר כּאַזאַן, איר רעדט עס ערנסט וועגן פּאַלעסטינע, צי נאָר ווייל אַזעלכע רייד זענען אַצינד אין דער מאָדע?

שלמה האָט זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט. זי אים — אויך. ער האָט נישט געוווּסט, צי פרעגט זי דאָס ערנסט אָדער זי שפּאַסט:

— חברטע שטערנבוך, איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך פאַר־שטיי נישט אייער פראַגע —

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? אין קאַטאָוויץ, אין האָטעל „פּאָ־לאָניאַ", האָב איך אייך געהערט רעדן וועגן פּאַלעסטינע, דערנאָך אויך ביים דאָרטיקן רב, און אויך איצט... וויל איך וויסן, צי גלייבט איר טאַ־קע באמת, אַז ס'איז אַ תכלית פאַר אָט די אָנגעליטענע יידן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל...

איבער שלמהס פנים שפּרייט זיך אַ וואָלקן, נאָר ער פרעגט העפלעך:

— וווּהין דען, האַלט איר, איז יאָ אַ תכלית?

— קיין אַמעריקע! אַהין, האַלט איך, איז פאַר זיי דער בעסטער תכלית. מיר דאַכט זיך, אַז פאַר זיי איז דאָ בלויז איין וועג, נישט קיין צוויי — נאָר קיין אַמעריקע!

— פאַר וואָס עפּעס — נאָר קיין אַמעריקע?

— ווייל אַמעריקע איז אַ רייך לאַנד מיט רייכע יידן. יעדער איינער פון די פּליטים וועט זיך צוקלעפּן צו וועמען עס איז און וועט זיך דאָרטן ווי עס איז איינאָרדענען. אָבער פּאַלעסטינע — דאָס איז דאָך אַ וויסטע און דערצו וווינען דאָרטן בלויז קבצנים! און טאַקע די פאַנאַטישע שכנים, די אַראַבער, מיין איך; און טאַקע די ענגלענדער... ווער איז איצט בכח זיך ערשט גיין שלאָגן פאַר אַ לאַנד, אָפּגעבן פרישע קרבנות פאַר אַ ווייטן אידעאַל, און ערשט דערנאָך נישט האָבן פון וואָס צו לעבן. איידער צו זיצן דאָרטן און וואַרטן אויף אַמעריקאַנער קיצבה, איז דאָך שוין גלייכער צו פאָרן צו זיי אַהין צו... פון דער נאָענט גיט מען מער און דעם נעמער קומט אָן פיל מער, ווייל עס מוז נישט דורכגיין דורך אַזוי פיל הענט. אַזוי, דאַכט מיר, איז לאָגיש. און איר אַ פנים, קלערט אַנדערש?

— הערט, פרוי שטערנבוך, צו אַמעריקע האָב איך גאָרנישט. דאָרטי־קע יידן זענען זייער טייערע יידן. זיי שיקן גאַנץ ברייטע שטיצע; זיי פילן מיט דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן און אַזוי ווייטער און ווייטער — אָבער קיין היים איז דאָרטן פאַר אונדז נישט... ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר בעסער איבערבייטן די טעמע. איך וויל נישט פאַר־לירן מיין אַכטונג צו אייך. קוים רופט איר אָן ארץ־ישראל — וויסטע, און איר זאָגט אונדז נביאות, אַז מיר וועלן דאָרט לעבן פון אַמעריקאַנער קיצבה, גיט זיך מיין דרך־ארץ פאַר אייך אַ וואַקל. ווערט ער בכלל אַ דבר המוטל בספק... כ'בעט אייך, לאָמיר בעסער איבערררייסן דעם דאָזיקן שמו־עס. און בכלל שאַדט נישט, איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אַ שטיקל וויל־דער... צייטנווייז בין איך פעאיק צו הרגענען דעם יעניקן, וואָס רעדט שלעכטס אויף ציון... דאָס איז ביי מיר אַזאַ קרענק... נאָך פון רוסלאַנד געבראַכט...

אויף דעם צווייטן טאָג אין אָוונט איז שלמה אָפּגעפאָרן קיין לאָדזש אין אַ שליחות פון דער פרוי שטערנבוך —

# קאַפּיטל LIV

אויף צו מאָרגנס נאָך זיין אָנקומען קיין לאָדזש, זיצנדיק אין דער „אגודה" און איבערקוקנדיק די פאָטאָגראַפיעס פון די משפחות, וואָס זע־נען געווען מטופל מיט קליינע קינדער, האָט זיך אין שלמהן אַזש אַ וואָרף געטון דאָס האַרץ פאַר פרייד: כאָטש דער מאַן אויפן בילד האָט איצט געטראָגן אַ קיילעכדיק, בלאָנד בערדל, פון דעסט וועגן האָט שלמה אין אים גלייך דערקענט: שאַיע גורעוויטש. רייזל איז געווען שטאַרק געעל־טערט, ווייט נישט ווי אויף יענער פאָטאָגראַפיע, וואָס סערגיי טימאָפיע־יעוויטש האָט פון זיינעט וועגן צוגעגנבעט ביי איר. און על אחת כמה וכמה — נישט ווי זי האָט אויסגעזען מיידלוויז, בנעוריה בית אביה. שווער, זייער שווער איז געווען צו דערקענען אין אַט דער טונקעלער, מיטליעריקער פרוי, יענע שיינע הינדין, יענע שטאָלצע אָדלערין, יענע בלי־ענדיקע רייזל ליבערמאַן, מיט וועלכער מען האָט אים מיט פופצן יאָר צו־ריק באַקאַנט געמאַכט ביי די פייגנבוימס און וועלכע ער האָט אין אַ וואָך אַרום איבערגעלאָזט אַ קניענדיקע אין פּאַלטאַוואָער וועלדל קעגן דער מיל, און איז אַנטלאָפן ווי פון אַ שרפה... אָבער דאָך איז דאָס געווען רייזל: רייזלס גרויסע, שוואַרצע אויגן; רייזלס הויכער, געווינקלטער שטערן; רייזלס חנעוודיק פנים! אסנתל איז שוין געווען אַ דערוואַקסן קינד פון אַ יאָר צוועלף. זי איז ווי צוויי טראָפן וואַסער געווען ענלעך אויף דער מו־טער. און נאָך אַ קליין מיידעלע האָט היינט געהערט צו זייער משפחה, אַ קינד פון אַ יאָר פיר — לאהלע. אויף דער לינקער זייט פון די פאָטאָ־גראַפיעס זענען די גורעוויטשעס געווען פאַרשריבן: — וועקסלער. ער — בנימין וועקסלער, זי — שרה וועקסלער, און די קינדערלעך — אויף זיי־ערע אייגענע נעמען: אסנת און לאה.

אין שלמהן הייבט זיך אויף אַ געראַנגל צווישן די צוויי „יצרים": צווישן דעם יצר־טוב און דעם יצר־הרע.

איינער טענהט:

— אנא לא חילק ידענא ולא בילק ידענא, * אָן טענות — איך וויל זען רייזלען! זינט „יענער מעשה" זענען שוין פאַריבער פופצן יאָר! נאָך אַזאַ אָנגעזעענעם שטיק לעבן, ווי פופצן יאָר זענען ביי אַ מענטשן, מעג ער זיך דאָס שוין דערלויבן. ס'איז בלתי כל ספק, אַז אַלע די יעניקע סיבות, צוליב וועלכע ער האָט עד היום אויסגעמיטן זיך מיט איר צו באַגעגענען פנים אל פנים, זענען שוין פון גאַנץ לאַנג בטל ומבוטל...

דער צד שכנגדו האָט געטענהט:

— מען קען נישט אוועקמאַכן מיט דער האַנט קיין אומגליקלעכע

* כמעט דאָס זעלבע, וואָס: איך וויל פון קיין זאַך נישט וויסן, אָדער: עס גייט מיך קיין זאַך נישט אָן.

ליבע פון אַ מיידל, וואָס האָט גוט געוווּסט, וואָס זי וויל... פופצן יאָר און אפילו צוויי מאָל פופצן זענען גאָרנישט אַזוי פיל... מה גדולים דברי־חכמים: הזהרו בגחלתן — היט אייך פאַר אַ טליענדיק קוילעכל! קוקט נישט דערויף, וואָס אויף דעם איז אָנגעהויפנט אַ קופּע אַש! אַ קויל בלייבט טאַקע אַ קויל און אַש איז שטענדיק בלויז אַש... סטייטש, וועלכע מאָראַלישע רעכט האָט ער אויפצושטורעמען אַן אָנגעוויייטיקט האַרץ פון אַ פרעמד ווייבל?

נאָך אַ לאַנגן משא ומתן, נאָך אַ שקלא וטריא מתוך כובד־ראש האָט פון דעסט וועגן מנצח געווען דער ערשטער בעל־טענה:

— וואָס פאַר אַ שטורעמס חלומען זיך דיר? שטורעם, שמורעם! רייזל ליבערמאַן איז אַ פרום ווייבל! אַ רבנישע טאָכטער און אַ יידישע טאָכטער... די אַמאָליקע קאַפּריזן האָט זי שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפן פון־נעם קאָפּ... אַ מענטש איז אַ הולך, נישט קיין עומד... אַ פרוי פון פינף, זעקס און דרייסיק יאָר, וואָס האָט אַ מאַן מיט צוויי קינדערלעך, ליגן איר שוין נישט אין קאָפּ אַזעלכע שטותים. און אויב דו ווילסט שוין גאָר — נעם עמעצן מיט זיך פאַר אַ „שומר", אַזוי ווי יהונתן האָט מיט זיך גע־נומען אַ ייִנגעלע, ווען ער איז געגאַנגען אויף אַ פאַרבאָטענער באַגעג־ניש מיט דודן...

שלמה האָט שוין מער אפילו נישט געוואָלט קלערן אין דער זאַך — ...ס'איז אַ כלל גדול בתורה: תתאה גבר...*

שלמה גייט אַריין צום גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „אגודה":

— זאָגט מיר, זייט מוחל, פון וואַנען זענען זיי, אָט די וועקסלערס?

דער סעקרעטאַר גיט אַ זוך אין קאַרטאָטעקע און לייענט אַרויס:

— בנימין וועקסלער, געבוירן אין יאָר 1903, אין גאַליציִשן בעלז.

— און ווו וווינט ער איצט, אָט דער בעלזער חסיד?

— איצט וווינט ער אין קראָקע.

— איר קענט מיר אפשר געבן זיין אַדרעס?

— פאַר וואָס נישט? מיטן גרעסטן כבוד! אָט דאָ טאַקע שטייט פאַר־שריבן זיין אַדרעס: סיענקעוויטש־גאַס 37, וווינונג 6.

— אַ דאַנק. איצט זייט זשע מוחל און שרייבט מיר אָן אַ צעטעלע צו דעם פּרעזעס פון דער „אגודה" אין קראָקע, אַז איך בין דער פרוי שטערנבוכס אַ שליח, דעריבער זאָל ער מיר באַהילפיק זיין מיט וואָס ער וועט נאָר קענען.

שלמה האָט צונויפגעזאַמלט אַלע נייטיקע ידיעות, נאָך וועלכע עס האָט אים געשיקט די פרוי שטערנבוך, ער האָט אָנגעפּאַקט זיין פּאָרטפעל מיט פאַרשידענערליי נאָשערייען און איז אַוועקגעגאַנגען אין קיבוץ פון דער „אגודה". דאָרט האָט ער זיך געווענדעט צום ראש־הקיבוץ:

---

** דאָ געמיינט: אַממייִנסטנס איז ביי אַ מענטשן גובר דאָס ערדישע, דאָס גשמיות־דיקע.

— איך האָב צו אייך אַ שטיקל בקשה. גיט מיר עמעצן פון אייערע חברה־לייט. איך דאַרף, אַז ער זאָל מיט מיר ערגעץ צופאָרן אויף איין נאַכט. טון דאַרף ער גאָר—נישט, נאָר פאָרן מיט מיר צוזאַמען. פאַר דעם וועג, כ'מיין: פאַר דער טרחה וועל איך אים באַפרידיקן מיט אַ פאָר הונ־דערט זלאָטעס.

— ר' שמואל, אָבער געדענקט אייער וואָרט: נאָר אויף איין טאָג! ווייל טאָמער דאַרפט איר אים האָבן אויף עטלעכע טעג, דאַן מוז איך זיך שוין אָנפרעגן אין „מרכז". אַליין האָב איך נישט קיין רשות. אַליין בין איך אַ קליינער בעל־הבית אויף די קיבוצניקעס...

— האָט נישט קיין יסורים, מאָרגן אין דער צייט וועט איר אים שוין האָבן אויף צוריק.

— אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש. פּיוויש, קום אַהער! פאָר צו מיט אָט דעם יידן וווהין ער וועט דיר זאָגן. פאָר, פאָר, מאַך נישט קיין שהיות. פאָר, עס וועט נישט זיין אומזיסט —

קיין קראָקע זענען זיי אָנגעקומען אַרום צען אַ זייגער ביי נאַכט. שלמה איז גלייך פונעם וואָקזאַל אַוועקגעפאָרן צו דעם דאָרטיקן פּרעזעס פון דער „אגודה" און האָט אים דערלאַנגט דאָס בריוועלע פון דעם גע־נעראַל־סעקרעטאַר אין לאָדזש —

— מיט וואָס קען איך אייך נוצלעך זיין, חבר כאַזאַן? קודם־כל נאָט אייך שלום־עליכם.

— עליכם־שלום. איך דאַרף פון אייך בלויז אַ קלייניקייט: איר זאָלט מיר אָנשרייבן אַ צעטעלע צו ר' בנימין וועקסלער, אַז אַזוי ווי ס'איז איצט גראָד אין ערגעץ נישטאָ קיין פרייער פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן, בעט איר אים זייער, ער זאָל באַשטאַטן אונדז ביידע מיט אַ געלעגער, מיר מיט אָט דעם בחור'ל — מער גאָרנישט!

— צו בנימין וועקסלער גאָר? פאַר וואָס זשע עפּעס דאַרפט איר גאָר צו אים? ער ווױנט דאַכט זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק בהרחבהדיק. איך קען דאָך אייך בעסער שיקן אין קיבוץ אַריין —

— איך ווייס, אַז איר קענט, אָבער איך וויל נאָר צו אָט דעם ר' בנימינען —

— אויב אַזוי פאָלגט זשע מיך בעסער. איך וועל אייך ביי זיך אין שטוב מאַכן צוויי געלעגערס, אַז איר וועט זיך ממש מחיה זיין.

— ניין, פאָלגט איר שוין מיך בעסער! גיט מיר דאָס צעטעלע, וואָס איך בעט ביי אייך, און האָט אַ גוטע נאַכט.

— אוי, זענט איר אַן איינגעשפּאַרטער ייד, ר' כאַזאַן... ווען איר זאָלט כאָטש געוועזן קומען פריער מיט אַ פערטל שעה... מיר זענען זיך ערשט צעגאַנגען פון מעריב, איז ער אַליין דאָרט אויך געווען... איר ווייסט נישט, וואָס מיך קוועטשט. אייך איז גרינג אויסצורעדן: אַ צעטע־לע! שטעלט אייך פאָר, אַז איך ווייס אפילו נישט אויף אַקוראַט זיין אַדרעס —

— נעמט זיך נישט צום הארצן, זיין אדרעס ווייס איך אליין: סיענ־קעוויטש־גאס 37, ווינונג 6.

— הערסט א מעשה! וואס זשע שווייגט איר? נאט זשע אייך דאס צעטעלע מיטן גרעסטן כבוד... נאר איך זאג אייך פון דעסט וועגן נאך א מאל, אז אזעלכע געלעגערס ווי ביי מיר אין שטוב וועט איר ביי ווערס־לערן זיכער נישט האבן. ער ווינט נישט אזוי גרוים און נישט אזוי באַ־קוועם און בכלל... מיט פיצלעך קינדער... גלייבט מיר, איר וועט חרטה האבן —

— מילא, וואס קען דארטן זיין? חרטה האבן און תשובה טון איז א יידישע זאך. נאר „ער" איינער ווייסט נישט, וואס מיינט חרטה האבן... שרייבט אן, שרייבט אן... טראכט נישט אריין אזוי טיף...

אויף סיענקעוויטש־גאס האט מען די לאדזשער געסט נישט אזוי גיך געעפנט. פון יענער זייט טיר האט מען זיך אלץ דערפרעגט:

— ווער קלאפט עס? רופט אן אייער נאמען —

— מיין נאמען וועט אייך גארנישט זאגן. איך האב צו אייך א בריוו פון אייער פרעזעס.

— זאגט, ווי אזוי מען רופט מיין פרעזעס?

שלמה האט אנגערופן יענעמס נאמען.

— פאר וואס זשע האט ער אייך געשיקט גראד צו מיר? און פאר וואס עפעס אזוי שפעט?

— וועגן דעם אלעמען שרייבט ער אייך אין דעם בריוו. האט נישט אזוי מורא, ר' בנימין. ניט שוין זשע דערקענט איר נישט אין מיין קול, אז איך בין נישט קיין גזלן?

דער לעצטער ארגומענט האט א פנים געווירקט. פון יענער זייט טיר האט מען זיך נאך אויף שנעל א סוד'ע געטון און מען האט ענדלעך אויפ־געעפנט. פונעם לענגלעכן קארידאר האבן געפירט דריי טירן: איינע אויף רעכטס, אין שלאפצימער אריין; די צווייטע, קעגנאיבער, אויף לינקס, אין קיך אריין. די טיר וואס אקעגן דעם אריינגאנג, האט געפירט אין עסצימער אריין. אהין טאקע האט מען אריינגעפירט די ביינאכטיקע געסט. שלמה האט דערלאנגט דעם בעל־הבית „שלום־עליכם" און האט אים אפגעגעבן דאס בריוועלע. פאר דער צייט, וואס שאיע איז געווען פארנומען מיטן לייענען, האט שלמה דערוויילע באטראכט רייזלען, די געוועזענע רייזל לי־בערמאן, און דאס שיינע מיידעלע, וואס איז געשטאנען לעבן איר. א קלע־נער קינד פון דעם מיידעלע, איז שוין, טאקע אין דעם זעלבן צימער, גע־שלאפן אין א בעטעלע. אויך רייזל האט נייגעריק באטראכט דעם גאסט. שטייענדיק הינטער דער טיר, איז געווען אזא אויגנבליק, ווען איר האט זיך אויסגעדאכט, אז דאס קול איז פון א באקאנטן מענטשן. איצט אבער האט זי איינגעזען, אז זי האט א טעות געהאט. דאס איז לחלוטין א פרעמ־דער ייד — אודאי עפעס א רבי! ס'רוב פראסטע יידן האבן נישט אזעלכע „הדרת'ן". און דער קליינער איז אודאי א שטיקל משמש בקודש...

שאַיע גורעוויטש האָט צוויי מאָל איבערגעלייענט דאָס בריוועלע און איז שטיין געבליבן אין פאַרלעגנהייט. נאָכקלערנדיק אַ ווײַלע האָט ער נישט פאַרשטייענדיק אַ קוועטש געטון מיט די אַקסלען און האָט מיט אַ צעטראָגן שמייכעלע זיך געווענדעט צו זיין פרוי:

— הערסט דאָך, מיר דאַרפן פאַר ר׳ שמואלן מיט זיין בחורל מאַכן געלעגערס. ערגעץ אַנדערש איז פאַר זיי נישט געווען קיין פּלאַץ. וואָס זאָגסטו דערצו, שרה?

— וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו זאָגן? אַז מען דאַרף, דאַרף מען. מיר וועלן אַריבערנעמען די קינדער צו זיך אין צימער אַריין און פאַר זיי ביידע דאָ אויסבעטן. מילא, מיר וועלן זיך שוין ווי עס איז אַן עצה געבן.

שלמה וויל נישט ליידן:

— אַזוי טויג נישט, חברים וועקסלער. אויב מיר מאַכן אייך ענג, וועלן מיר —

שאַיע, בקול רם, ווי אַן „איש שורר בביתו”:

— עס האָט נישט צו אייך, ר׳ שמואל. מיר זענען ביי זיך אין שטוב און וויסן, וואָס מיר האָבן צו טון. טוט זיך אויס און גייט צום טיש. איר ווילט שוין דען שלאָפן אַזוי פרי? און איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן נאָך אַ ביסל שמועסן —

— ווער קלערט דען אַנדערש? וואָס דען, שלאָפן? איך וויל לחלוטין נישט שלאָפן.

פּיוויש בייגט זיך אָן צו שלמהס אויער:

— למאַי זאָל איך זאָגן? און איך בין דווקא שרעקלעך מיד, קוים וואָס איך האַלט זיך אויף די פיס.

— איר הערט, ר׳ בנימין? מיין פּיוויש איז יאָ שלעפעריק... אפשר איז מעגלעך... ווו עס איז נישט איז...

— פאַר וואָס איז נישט מעגלעך? וואָס פרעגט איר?

אין עקסטן ווינקל, פאַרהאַנגען מיט אַ געקווייטלטן פאַרטעך, איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל. פון ערגעץ ווו איז אויסגעוואַקסן אַ מאַטראַצל, אַ קישעלע. פּיוויש איז אַרונטער אונטער דער קאָלדרע, האָט זיך צונויפגעקנוילט ווי אַ „יאָזשיק”,* און טאַקע באַלד האָט זיך אין צימער דערהערט אַ פאָנפאַטע ניגון פון זיין צעפּלעטשטער נאָז. די בעלי־בתים מיטן גאַסט האָבן זיך מתוך הרחבת־הדעת אַוועקגעזעצט צום טיש. רייזל האָט דערלאַנגט טיי. דאָס עלטערע מיידעלע האָט מיט די געטאָקטע הענטעלעך אונטערגעשפּאַרט איר שיין קעפּל און האָט געשוויגן, מעשה דערוואַקסענע.

— זענט איר הייסט עס, אַ בעלזער, ר׳ בנימין?

שאַיע, העכסט דערשטוינט:

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

---

* אַזאַ מין חיהלע, וואָס איז באַדעקט מיט נאָדלען.

— איך בין אַ שליח מיוחד פון דער פרוי שטערנבוך, במילא בין איך מער ווייניקער באַקאַנט מיט אַלע „אגודהניקעס”.

שאַיע אָטעמט אָפּ פרייער:

— יאָ, איך בין אַ בעלזער.

— און אייער... און אייער פרוי איז אויך אַ בעלזער?

— יאָ... ביידע זענען מיר בעלזער... טאַקע דאָרטיקע געבוירענע...

— זענט איר טאַקע אויך אַ בעלזער חסיד?

— אַ שאלה אַ ביסל! וועלכער בעלזער ייד איז עס נישט געגאַנגען צום בעלזער רב, זאָל לעבן?

— מיט וואָס האָט איר זיך באַשעפטיקט פאַר דער מלחמה?

— איך האָב צוזאַמען מיט אַ שותף געהאַט אַ פאַבריקל אין ביליץ... דערפון האָט מען געצויגן די חיונה...

— זענט איר, הייסט עס, אַ טעקסטילשטשיק? וועט איר טאַקע אין ארץ־ישראל אם ירצה השם מצליח זיין. און ווו זענט איר געווען אין די יאָרן פון דער מלחמה?

— אין פרונזע.

— פונעם אָנהייב ביזן סוף מלחמה?

— גלייך פון די לאַגערן — פון פעטשאָרא, אויב איר האָט געהערט אַזאַ נאָמען — זענען מיר פון דאָרטן געפאָרן דירעקט קיין פרונזע. אַ גאַנצער טראַנספּאָרט איז געפאָרן.

— און דאָרט האָט איר אודאי אויך געאַרבעט אַלס וועבער? אין יענע מקומות איז דאָך אייער פּראָפעסיע געווען אין דער מאָדע —

— איך בין געווען אַ אינסטרוקטאָר אין אַ צעך. די גאַנצע צייט פון דער מלחמה בין איך געווען אַ אינסטרוקטאָר.

— אין וועלכע נאָך אַנדערע שטעט זענט איר דאָרט געווען, לעבנדיק אין מיטלאַזיע, צי פרונזע רעכנט זיך שוין אפשר נישט מיטלאַזיע —

— כמעט אין ערגעץ נישט. עס איז מיר נישט אויסגעקומען אַרויסצופאָרן אין ערגעץ.

— אין פרונזע זענען עפּעס געווען פיל אָרטיקע יידן, סאָוויעטישע?

— געציילטע. עטלעכע בערג־יידן, עטלעכע בוכאַרישע און, דאַכט זיך, אפילו גרוזינישע, צי אַרמענישע, אָבער וואָס פאַר אַ יידן זענען דאָס?

— ניין, ר׳ בנימין, איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך האָב געמיינט: אַנגעפאָרענע יידן, עוואַקואירטע פון דער צענטראַלער טייל רוסלאַנד —

— אָ־אָ! אַזעלכע זענען געווען אַ סך, אַ סך, אָבער איך בין מיט זיי כמעט נישט געווען באַקאַנט. איר ווייסט נישט, מיט יענעם מין יידן איז גלייכער, אַז מען האַלט זיך ווי ווייט מעגלעך פון דער ווייטנס.

— פאַר וואָס זשע?

— ווייל ביי זיי אין די אויגן זענען מיר אַלע: פּילסודטשיקעס, טעלער־לעקערס, פּוילישע דריפּקעס...

— למאי זאָל איך זאָגן, איך האָב פון זיי אַזעלכע רייד נישט גע־הערט! אין דער קריג האָב איך זיך געגנוג אָנגעזען מיט סאָוויעטישע יידן, אפילו געהאַנדלט מיט זיי, און — גאָרנישט... מען קען מיט זיי אויסקו־מען: אַ ייד איז אַ ייד אומעטום...

— עס קען זיין... עס קען זיין... איך וועל זיך מיט אייך נישט שפּאַרן... איך האָב מיט זיי כמעט קיין מגע ומשא נישט געהאַט, ווייס איך נישט... האָב איך אייך שוין וועגן זיך אַלץ דערציילט, איצט לאָמיך שוין הערן: מיט וואָס פאַר אַ מין אורח האָט מיך דער אייבערשטער היינט מזכה געווען? „כד זכי בר־נש" — זאָגט דער זוהר־הקדוש — אַז דער מענטש האָט אַ זכות, שיקט מען אים צו אורחים הגונים... ווייל איך, הייסט עס, דורך אייך אויסמעסטן די גרייס פון מיינע זכותים... דערציילט, דער־ציילט: פון וואַנען זענט איר? צו וועלכן רבין זענט איר געפאָרן?

— צו קיין שום רבין נישט. איך געהער צו דער מתנגדישער וועלט.

— אַזוי גאָר? פון וואַנען זשע זענט איר?

— פון ווילנע.

— טאַקע פון ווילנע גופא, צי ערגעץ פון יענער געגנט?

— ניין, טאַקע פון ווילנע גופא.

— אָט ווי! זענט איר דאָך טאַקע, הייסט עס, פונעם רעכטן מקור —

— טאַקע פונעם רעכטן מקור. ווער זאָגט אייך דען, אַז ניין?

— מהם?!

— מהם!!

רייזל זיצט אויךביים טיש. פון צייט צו צייט כאַפּט זי אַ פאַרדעכ־טיקן קוק אויפן גאַסט. פון זינט ער איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין האָט זי אָנגעוווירן איר רואיקייט. זי ערגערט זיך שטילערהייט: ווער איז אָט דער מענטש? ווו האָט זי געהערט אָט די שטימע? אָט די אינטאָנאַ־ציע? שאַיע איז אויך געזעסן אַ צעטראָגענער. שאַרפע נעגל האָבן גע־שקראַבעט אין זיין נשמה. אויך אים האָט זיך געדאַכט, אַז ערגעץ ווו האָט ער שוין געהערט די דאָזיקע שטימע, געזען די דאָזיקע אויגן — אָבער ווו איז דאָס געווען? ווען איז דאָס געווען?

שלמה ציט צו דאָס מיידעלע צו זיך און לאָזט נישט אַרויס איר הענטל:

— מיידעלע, ווי אַזוי רופט מען דיך?

— אסנת.

— זייער אַ שיינער נאָמען! און פאַר ארץ־ישראל — ווי אָנגעמאָסטן. נו, מאַדמואַזעל אסנתל, זאָג דעם אמת, ווו איז דיר בעסער געפעלן דאָס לעבן: אין קראָקע צי אין פּרונזע?

— אין פּרונזע!

— אַזוי גאָר? וואָס איז די מעשה?

— ווייל דאָרט איז געווען בעסער.

— מיט וואָס זשע איז דאָרט געווען בעסער? דאָרט האָט מען גע־האַט בעסערס צו עסן?

— דווקא פאַרקערט די מעשה! דאָרט האָט זיך די מאַמע אָפּטער געקלאָגט, אַז דאָס לעבן איז שווער, איידער דאָ —

— נאָר וואָס דען?

— נאָר וואָס דען? נאָר דאָרט האָט זי קיין מורא נישט געהאַט אַרויס־צולאָזן דעם טאַטן אויף דער גאַס, אַזוי ווי זי ציטערט דאָ. אָדער למשל, אַז איך מיט לאהלען פלעגן אַרויסגיין אַ ביסל זיך דורכשפּאַצירן אויפן טראָ־טואַר, האָט זי נישט געדאַרפט אַכטונג צו געבן דורכן פענצטער, אַלע רגע כאַפּן אַ קוק, צי מען האָט אונדז חלילה נישט צוגעגנבעט. אָט דער שטענ־דיקער פחד איז אין פּרונזע נישט געווען...

— אין דעם זינען ביסטו זייער גערעכט. דו רעדסט באמת ווי אַ קלוג מיידעלע. אָבער איין קליניקייט האָסטו פאַרגעסן צו רעכענען: פון רוסלאַנד האָט מען נישט געקענט פאָרן קיין ארץ־ישראל און פון דאַנען — יאָ... דאָס, מיין איך, האָט דאָך אויך עפּעס די ווערט, צי ניין אפשר?

— הערסטו אַ מעשה! וואָס זאָגסטו נאָר צו אים? אַ שטומער וואָלט עס אין קיין יאָר נישט אויסגערעדט! וואָס דען וואָלט איר געוואָלט? נאָך דאָס אויך נישט?

די לעצטע ווערטער האָט דאָס מיידעלע אַרויסגערעדט מיט אַזאַ נישט־געמאַכטן גרימצאָרן, אַז זי האָט זיך אַזש אַליין פאַרשעמט. אַלע ביים טיש לאַכן גוטמוטיק. אסנת זעט, אַז אירע ענטפערס געפעלן דעם עולם און זי ווערט ביי זיך דרייסטער. זי ווענדעט זיך שוין אַליין צום גאַסט:

— רעטענישן קענט איר טרעפן?

— מילא, וואָס קען דאָרטן זיין? פרעג, וועל איך פּרוּוון טרעפן.

דער פאָטער גיט אַ גלעט דאָס מיידעלע איבערן קעפּל:

— אסנתל, לאָז איצט דעם פעטער געמאַך מיט דיינע רעטענישן. זיי זענען מן הסתם מיד פונעם וועג און ווילן זיכער שלאָפן.

דער גאַסט באַרואיקט אים:

— עס שאַט נישט, ר' בנימין. נעמט זיך נישט צום האַרצן פון מיין מידקייט. איך האָב פון שטענדיק אָן ליב קליינע קינדער און שלאָפן וויל איך נישט.

און צו אסנתן:

— נו, היידא! פרעג!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג פון שאלות ותשובות, אַז די צונגען האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט: אַ פראַגע — אַן ענטפער! אַ פראַגע — אַן ענטפער! אַזוי איז פאַריבער אַ זמן. אסנת איז אויסער זיך: זי האָט נישט קיין מזל צום נייעם „פעטער". וואָס זי פרעגט אים נישט, טרעפט ער. זי רויטלט זיך, זי ערגערט זיך און פילט זיך זייער, זייער נישט אויפגעלייגט.

ווען די קליינע איז שוין מיד און פארשוויצט, זאָגט איר שלמה לאַכנ־דיק:

— איצט וועל איך דיך שוין פרעגן און דו פּרווו צו טרעפן מיינע רעטענישן —

אסנת גיט אַזש אַ טאַנץ אונטער פאַר פרייד:

— גוט! פרעגט! איך וועל אַלץ טרעפן. אַלץ אין דער וועלט —

— מיר ווען זען, מיר וועלן זען, צי אַלץ אין דער וועלט, צי נישט אַלץ אין דער וועלט... באַרימען זיך קען יעדער, דאָס איז נישט קיין קונץ... זאָג מיר אַזאַ מין זאַך: וואָס דאַרף מען ליב האָבן אַמשטאַרקסטן אויף דער וועלט?

— די מאַמע —

שלמה לאַכט. די עלטערן לאַכן. אסנת, שוין נישט אַזוי האָפּערדיק:

— האָב איך, הייסט עס, נישט געטראָפן?

— אדרבה! אַ מאַמע און אַ טאַטע, דאָס איז דאָך ביי יעדן מענטשן דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע! אָבער איך האָב געמיינט: חוץ טאַטע־מאַמע, וואָס דאַרף אַ מענטש ליב צו האָבן ווי אַמשטאַרקסטן?

אסנת טריט איבער פון איין פיסל אויפן צווייטן און צוריק אויפן ערשטן און קיין ענטפער ווערט אַלץ נישט געבוירן. זי בייסט די נעגל, קראַצט זיך אין קעפּל, און ערשט דאַן ווענדעט זי זיך צו דער מוטער מיט אַ פלאַקסיווע * קולכל פון אַ צעפּעסטעט טעכטערל:

— מאַמע, זאָג — וואָס?

— דו ענטפער! ביי דיר פרעגט מען דאָך, נישט ביי מיר. אויב איך וועל ענטפערן, וואָס זשע וועט זיין די רבותא?

— טאַטע, זאָג דו... דו ביסט דאָך אַזאַ גוטער...

דער פאָטער פאַרזשמורעט איין אויג און מיטן צווייטן באַמיט ער זיך צו מאַכן אַ שטרענגע מינע:

— איז די מאַמע, הייסט עס, נישט קיין גוטע?

דאָס קינד גיט אַ קאַפּריזנע טופּע מיטן פּיסעלע אין פּאָל:

— וואָס טראַכסטו אוים אויף מיר? די מאַמע איז אויך אַ גוטע, נאָר דו... איי, זאָג!

— גיב בעסער אַליין אַ טראַכט, חכמה מיינע. אַ מיידעלע אין דיינע יאָרן מעג שוין אַליין —

שלמה קען שוין נישט פאַרליידן איר עגמת־נפש און גלעט זי איבערן קעפּל:

— שאַ! ווייסטו וואָס? איך וועל דיר אַ ביסל לייכטער מאַכן די אויפגאַבע. אין דעם ענטפער, וואָס דו דאַרפסט מיר געבן, דאַרפסטו אָנ־רופן דריי באַזונדערע זאַכן. קענסטו דערווייל אָנרופן נאָר איינע פון די דריי! נאָר געדענק מיין באַדינג: אויב דו טרעפסט אַלע דריי זאַכן מיט

---

* וויינענדיק.

איין קלאַפּ, באַקומסטו פון מיר אַ גאַנצע קילאָ שאָקאָלאַד און אַ קעסטל קאָנפעקטן מיט ראָם — עס פאַרשטייט זיך, שוין פאַר לאַהלען אויך! און נישט מיט איין מאָל אַריינפּאַקעווען אין די „טשעמאָדאַנטשיקלעך", נאָר ווען די מאַמע וועט דערלויבן. אויב אָבער דו טרעפסט נאָר איינע פון די דריי, דאַן באַקומסטו נאָר אַ בייטל פיסטאַשקעס, אַ פּעקעלע טייטלען און אַ שאַכטל איריסלעך.*

דאָס מיידעלע, מיט אַ פאַרשטאַרבן הערצל:

— און טאָמער טרעף איך אין גאַנצן נישט?

שלמה וואַרפט אַרויס אַ האַנט אין דער לופטן:

— אָ! דאַן באַקומסטו: אי שאָקאָלאַד, אי פיסטאַשקעס, אי קאָנ־פעקטן, אי טייטלען, אי איריסן —

די קליינע בלאָזט אָן די ליפּעלעך:

— איי, גייט אייך, איר שפּאַסט גאָר פון מיר...

— חס וחלילה! ביי מיר איז קלאַפּ און צייל. דו פּרוּוו נאָר טרעפן, וועסטו שוין אַליין זען...

— שאַ, ווייסט איר וואָס? אָט די איינע רעטעניש זאָגט מיר נאָך אויס און דערנאָך וועל איך שוין אַליין טרעפן אַלץ, אַלץ, אַלץ...

— מסכים! דאָס מאָל — איך, און דערנאָך — דו! אָט איז דער ענטפער אויף מיין פראַגע: די דריי זאַכן, וואָס אַ מענטש דאַרף ליב האָבן מער פון זיין לעבן זענען: ערשטנס: זיין פאָלק; צווייטנס: זיין לאַנד; און דריטנס: זיין שפּראַך...

אסנתלס פּנימל ווערט מאָמענטאַל אָנגעכמורעט. ערנסט און אָנגע־בלאָזן רופט זי זיך אָן:

— אַ חכמה! אַזוינע רעטענישן קען איך נישט טרעפן. ווי געפעלט דיר דער איינפאַל? דאָס איז אָן אַרבעט פאַר גרויסע!

— און דו האַלטסט זיך נאָך פאַר אַ קליינינקער?

— אודאי בין איך נאָך אַ קליינינקע! פרעגט אפילו דעם טאַטן, אין צוג האָט מען פאַר מיר נישט געדאַרפט נעמען קיין גאַנצן בילעט —

— און איך האָב אַ יינגעלע, ער איז נאָך אַ ביסעלע יינגער פון דיר, לערנט ער שוין גמרא מיט תוספות.

— כאַ! אויך מיר אַן אַנטיק. איז דאָך דאָס אַ יינגל —

— איז וואָס זשע, אַז אַ יינגל? דו קומסט דאָך איצט אָן פון רוס־לאַנד, און דאָרטן, דערציילט מען דאָך, לערנען מיידלעך גלייך מיט ייִנג־לעך. דאָרטן קען מען טרעפן הויכע אָפיציערן — פרויען; און פּראָפעסאָרן און אַקאַדעמיקער און קאָמפּאָזיטאָרס און שרייבערס — אַלץ: פרויען. גלייך מיט מענער. שאַ! און וואָס האָסט דו געוואָלט טרעפן? זאָג —

— איך האָב גאָרנישט געוואָלט טרעפן... איך האָב געוואָלט טרעפן נאָר, נאָר עפּעס אַנדערש —

---

** אַזעלכע שאָקאָלאַדנע קאָנפעקטלעך.

— זאָג, זאָג, שעם זיך נישט —
— איך האָב געמיינט צו זאָגן, אַז אַ מענטש דאַרף נאָך חוץ טאַטע־מאַמע מער פון אַלץ ליב האָבן: זיינע ברידער און שוועסטער. אָט די דריי זאַכן האָב איך גערעכנט: עלטערן, ברידער און שוועסטער...
— הערסט אַ מעשה! האָסטו דאָך טאַקע יאָ געטראָפן! מאַלאַדיעץ! אָט דאָס מיינט דאָך דער פסוק: „זיין פאָלק”. אַלע יידן זענען דאָך ברי־דער און שוועסטער. צוזאַמען ווערן זיי געשלאָגן און נאָך די פּאָגראָמען מיט די שחיטות שלעפּן זיי זיך צוזאַמען אַרום איבער דער גרויסער וועלט, ווי די ציגיינערס. אָט למשל: נעם מיך מיט דיין טאַטן, דאַכט זיך, גאַנץ פרעמדע מענטשן — נישט אַזוי? און פון דעסט וועגן קוק זיך נאָר צו: בשעת דער עוואַקואַציע האָבן מיר זיך ביידע עוואַקואירט; בשעת דער „רעעוואַקואַציע” האָבן מיר זיך ביידע „רעעוואַקואירט”; און אַזוי דאָס גאַנצע פאָלק, ווי אמתע ברידער און שוועסטער. האָסטו דאָך יאָ געטראָפן! ביסטו דאָך טאַקע אַ מאַלאַדיעץ! טאָ באַקום זשע די צוגעזאָגטע פרעמיע און לאָז איבער לאהלען איר חלק אויף אינדערפרי.

שלמה נעמט פונעם ווינקל זיין פּאָרטפעל, מאַכט אים אויף און שיט אויס פאַר דער קליינינקער אַלע אָנגערופענע גוטע זאַכן. רייזל פּראָטעס־טירט. זי וועט דעם קינד נישט דערלויבן נעמען קיין מתנות ביי קיין פרעמדן מענטשן:
— וואָס פאַר אַ שאָקאָלאַדן? וואָס פאַר אַ טאַרבעס מיט נאַשעריי־ען? וואָס איז? אַז מען טרינקט אויס ביי יענעם אַ גלעזל טיי, מוז מען אים שוין אָנשיטן אַ פולע שטוב מיט לאַקאָמקעס? *
שלמה ענטפערט איר געלאַסן, נאָר באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:
— פרוי וועקסלער... פאַרשטערט נישט דעם קינד די פרייד. ווען איר וואָלט געזען, אַז איך טו דאָס מחמת דאַנקבאַרקייט פאַר דער אכסניא, דאַ־מאָלסט איז אייער זאַך: דערלויבן, אָדער נישט דערלויבן. איר זעט דאָך אָבער, אַז איך טו דאָס נישט מחמת דעם, נאָר ווייל דאָס קינד איז מיר גע־פעלן. פאַר וואָס זשע זאָלט איר דאָס מיר פאַרווערן? וואָס איז אונדז נאָך אַזוי דערלויבט ליב צו האָבן ווי אַ קינד? און דערצו נאָך דערמאָנט מיך אייער מיידעלע אין איינער אַ באַקאַנטער... שוין פון זייער לאַנג... שוין אַ שאָק מיט יאָרן... איז אין אָנדענק פון יענער באַקאַנטער וועט מיר זיין זייער אָנגענעם, ווען דאָס קינד וועט זיך קוויקן מיט די נאַשערייען. וואָס דען, טאָמער האָט איר מורא, אַז זי נעמט צו ביי מיינע קינדער, זאָלט איר גאָר קיין יסורים נישט האָבן. זיי וועלן חלילה נישט פאַרטיילט ווערן. נאָר אויף מיטצונעמען אהיים, וועל איך מאָרגן קריגן אַן אַנדער קראָם. דאָס מין סחורה פעלט דאָ נישט. נעם, אסנתל, נעם. וואָס קוקסטו אויף אַלע זייטן ווי אַ מייזעלע? די מאַמע דערלויבט דיר. אַז איך זאָג דיר, אַז זי דערלויבט —

* זיסקייטן, נאַשערייען.

רייזל האָט אַ פאַרלוירענע געשווינגן. זי האָט נאָר אַ קוק געטון אויפֿן מאַן און האָט גאָרנישט געזאָגט.

ביי דער קליינינקער צעלויפֿן זיך אַזש די אויגן... זי רוקט אין פּיסקל אַריין פֿון אַלע „מעדני־מלכים" מיט אַ מאָל און כראָמטשעט מיט די ציינדעלעך מיט גרויס אַפּעטיט, ווי אַ ביעלקע,* ווען זי גריזעט ניסלעך. שלמה קוועלט נאָר אָן קוקנדיק אויף אירע צעפּלאָמטע און אָנגעשטאָפּטע בעקעלעך. ער לאָזט זי איבערכאַפּן דעם „ערשטן הונגער" און זאָגט:

— נו, און אַצינד, אַז איין רעטעניש האָסטו שוין ברוך־השם געטראָפֿן, וועל איך דיך פֿרעגן נאָך איינס.

אסנת, קייענדיק אויף ביידע באַקן, איז שוין דרייסטער ביי זיך:

— פֿרעגט, פֿרעגט, אפֿילו נאָך צען!

— אפֿשר זאָל איך בעסער אויסוואַרטן ביז דו וועסט אָפּעסן?

— ווייס איך וואָס, איר וועט אַזוי גיך זיך נישט דערוואַרטן. בעסער פֿרעגט דערווייל.

די מוטער רופֿט זיך אָן:

— דו צעלאָז זיך נאָר נישט, דו! צאַפּיקל! דו מיינסט, אַז איך וועל דיך לאָזן אויפֿנאַשן אָט דעם גאַנצן גאַסטראָנאָמישן מאַגאַזין מיט איין מאָל? לאַהלע האָט אויך אַ נשמה, נישט נאָר דו... און בכלל, יעדע זאַך איז גוט מיט אַ מאָס —

— אָבער דערווייל איז דאָך נאָך נישטאָ די מאָס —

און צום „פּעטער", מיט אַ זוניק שמייכעלע:

— נו, זאָגט שוין, זאָגט שוין, וואָס איז די צווייטע רעטעניש?

— גיב אַ טראַכט און ענטפֿער: וואָס דאַרף אַ מענטש אָפּהיטן מער פֿון אַלץ?

אין צימער ווערט מיט אַ מאָל שטיל. אסנת שטייט מיט פֿול־אָנגעפּאַקעוועטע באַקן, נאָר זי קייעט שוין נישט.

דער אורח צעלאַכט זיך:

— דו עס דערווייל. איינס מיטן דריטן איז נישט קיין מחותן —

נישט דרייסט דערקייעט אסנת פֿונעם מויל און אַ פֿאַרקלעמטע רוקט זי אָפּ פֿון זיך די שקאַרמיצלעך.

שלמה גלעט זי פֿאָטערלעך איבער די האָר:

— וואָס פֿאַר אַ שייכות האָבן אַהער די שקאַרמיצלעך, וואָס דו רוקסט זיי אָפּ פֿון זיך? דו האָסט זיי דאָך כשר פֿאַרדינט פֿאַר יענעם מאָל טרעפֿן. און איצט גיב גוט אַ טראַכט פֿון דאָס ניי. דער דאָזיקער ענטפֿער דאַרף אויך באַשטיין פֿון דריי זאַכן —

אסנת, טראַכטנדיק אויפֿן קול:

— וואָס אַ מענטש דאַרף שטאַרק אָפּהיטן? מען קען דערויף געבן

---

* אַ קליין, שיין חיהלע, וואָס וווינט אין די וועלדער און באַהאַלט זיך תמיד צווישן די צווייגן.

פאַרשידענע ענטפערן. איך ווייס, וואָס איר מיינט דאָרט? דאָס ערשטע איז זיכער אַלץ, וואָס שטייט אין דער תורה! ניין? דאָס צווייטע — שבת! וואָס זשע לאַכט איר? און דאָס דריטע איז, מיין איך, ווען מען האַלט אַ ספר־תורה, דאַרף מען עס גוט אָפּהיטן, אַז עס זאָל חלילה וחס נישט אַראָפּפאַלן —

— כאַ־כאַ־כאַ...

שלמה האָט הנאהדיק געלאַכט מיטן פולן מויל. אויך פאָטער און מו־טער האָבן געלאַכט. אסנת איז עפּעס געשטאַנען ווי פאַרשעמט. זי האָט מיט איין אייגל קרום געקוקט אויף די נאַשערייען. שלמה, דערזעענדיק ווי אַזוי דאָס קינד איז ביי זיך נעבעך געפאַלן, האָט ער זי אַרויפגעזעצט צו זיך אויף די קני, זי אַ קוש געטון אינעם רייזלדיקן שטערנדל און האָט איר דערלאַנגט אַלע זיסע זאַכן אין דער האַנט אַריין.

אסנת, אויפשטראַלנדיק:

— הייסט עס, אַז איך האָב יאָ געטראָפן?

מען האָט ממש געקענט הערן, ווי איר הערצל טאַנצט פאַר פרייד. און אַז דער „פעטער" ענטפערט נישט אַזוי שנעל, פרעגט זי איבער נאָך אַ מאָל:

— הייסט עס, אַז איך האָב יאָ געטראָפן, האַ? וואָס שווייגט איר?

— הלמאי זאָל איך זאָגן? דווקא נישט!

— ניין גאָר? וואָס דען דאַרף מען אָפּהיטן?

— די דאָזיקע זאַכן, וואָס דו האָסט פריער אויסגערעכנט, אסנתל, זענען דאָך נישט קיין רעטעניש. דאָס ווייסט דאָך אַ ליאַדע קינד, און איך וועל דאָך נישט נעמען פרעגן אַזוינס, וואָס יעדער איינער ווייסט.

— איז וואָס דען? זאָגט איר —

— אַ מענטש דאַרף היטן ווי זיין לעבן אָט וואָס! ערשטנס: זיין ערע; צווייטנס: זיין וואָרט און דריטנס: זיין געזונט!

אסנת, מיט אַ קינדערשן קאַפּריז:

— זיין געזונט... זיין געזונט... אויך מיר אַ תוך, דאָס איז דאָך נישט הייליק —

— פונקט פאַרקערט, מיידעלע, דאָס הייליקסטע פונעם הייליקסטן איז דאָס געזונט, וויל ווען דער מענטש פאַרלירט חלילה דאָס געזונט, איז פאַרפאַלן „די קו צוזאַמען מיטן שטריק". דו ביסט נאָך אַ קליינינקע, פאַר־שטייסטו דאָס נישט, און זאָלסט טאַקע נישט וויסן אויך, וואָס עס הייסט אַזוינס קראַנק זיין.

רייזל מישט זיך אַריין:

— איר מעגט זיך מיט איר אויך נישט שעמען, הער כאַזאַן. זי האָט שוין אירס אָפּגעקרענקט פאַר אַלע יאָרן. איר קוקט אָן אָט דאָס פּיצל, איז זי שוין איין מאָל געווען מיט אַ פוס אויף יענער וועלט, ממש ביי אַלע לעצט... זי האָט שוין געאָטעמט בלויז מיט זויערשטאָף...

— וואָס רעדט איר? ס'איז שוין לאַנג אין דער מעשה?

— יאָ, ס׳איז שוין לאַנג. שוין גאָר היפּשלעך. זי איז נאָך דאַמאָלסט קיין גאַנצע זעקס יאָר נישט אַלט געווען. איר מיינט, נאָר דאָס? ס׳איז ביי אונדז דאַמאָלסט, נישט היינט געדאַכט, געווען אַלץ צום רעמל. זי האָט געהאַט צו טון מיט די לונגעלעך, געהאַט פּליעווריט און נאָך עפּעס ער־גערס... מען זאָל דאָס שוין נישט הערן ביי קיין שום יידן, וואָס איך האָב געזען ביי דעם דאָזיקן קינד. טאַקע נאָר מיט אַ נס איז אָט דאָס קינד געראַטעוועט געוואָרן. רפאל המלאך אַליין האָט איר געבראַכט אַ רפואה, אַזוי ווי איך דערצייל אייך. און צו אָט דער גאַנצער הזתונה איז נאָך דער פֿאָטער אירער דאַמאָלסט געזעסן אין תפיסה מיט אַ שיין פּעקל אויף זיך —

— אַ בעלזער חסיד — מיט אַ שיין פּעקל? און דער רב, זאָל לעבן, האָט געשוויגן?

אויף רייזלס פּנים בייטן זיך אַלערליי קאָלירן:

— מיין בנימין האָט געהאַט אויף זיך אַ שקר־בלבול. אַ מעשה מיט קאָנטראַבאַנדע. וואָס ווילט איר קלערן? ס׳איז באַשערט געווען אַן אומ־גליק —

— און דאָס אַלץ אין יענעם וויסטן בעלז?

— אוודאי אין בעלז...

— כ׳פֿאַרשטיי שוין, כ׳פֿאַרשטיי שוין... אַ שטיקל פֿאַבריקל אין בילין... מן הסתם האָט ר׳ בנימין איינגעהאַנדלט אַ ביסל ענגלישן „אינדיגאָ”,* וואָס איז נישט דורכגעגאַנגען די טאַמאָזשנע...** האָ?

— איי, וואָס פֿרעגט איר? אַז ס׳איז באַשערט צרות, קומען זיי אין שטוב אריין...

— און איר זענט אוודאי אָפּגעקומען מיט אַ געלט־שטראָף...

— וואָס טויג אייך, מען איז גוט פֿאַרשוואַרצט געוואָרן... גלייך מיט אַלע יידן... עס זאָל גאָר די שעה נישט זיין, אַז מען פּאַקט זיך אריין מיט אַזאַ שטיקל אַרבעט, שוויצט מען...

שלמה זעט, ווי רייזל קוועלט זיך מיט אירע תשובות, כדי וואָס וויי־ניקער צו האַקן שקרים, און וויל איבערבייטן די טעמע. ער פֿרעגט ביי אסנתן:

— און זינגען קענסטו?

— אוודאי קען איך!

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז דו קענסט?

— ווער דאַרף מיר זאָגן? איך וויים אַליין.

— און ווער זאָגט דיר, אַז דאָס הייסט גוט?

— וואָס הייסט — ווער? די מאַמע...

— דאַרף מען דאָך וויסן, צי די מאַמע דיינע איז אַ מבין —

---

* בלויע פֿאַרב פֿאַר טעקסטיל־סחורות. דער בעסטער מין אין ענגלאַנד.

** צאָל־אַמט.

— מיין מאַמע איז אויף אַלץ אַ מבין —

— אַזוי די מעשה? דו ווייסט עס אויף געוויס?

און צו רייזלען:

— אייער טעכטערל, זע איך, איז נישט אויף קאַטאָוועס איינגעגליבט אין אייך.

רייזל, מיט אַ שמייכל:

— וואָס זשע קען איך העלפן? איך קען זיך טאַקע פון אַלצדינג נעמען צום האַרצן?

— נו, טאָ זינג זשע עפּעס, אסנתל. אויב דו יכולסט טאַקע, וועל איך דיך דערנאָך אויך עפּעס אויסלערנען. וואָס קוקסטו אויף אַלע זייטן? לאָחלע וועט זיך נישט אויפכאַפּן. אמת, אַז ניין, ע־ע־ע... מאַדאַם שרה?

— ניין, ניין. דו מעגסט זינגען, אסנתל. זינג עפּעס —

אסנת זינגט אַפּ עטלעכע לידעלעך. שלמה לערנט זי אויס אַנדערע, וועלכע זי קען נאָך נישט, און חזרט זיי מיט איר איין. רייזל זיצט ווי אויף הייסע קוילן. זי איז בלייך ווי די וואַנט. זי קען זיך נישט באַהערשן:

— גוואַלד, ווער איז אָט דער גאַסט? ער האָט אַזאַ באַקאַנט קול... ווו האָט זי אָט דאָס קול געהערט? ווו האָט זי דאָס שוין געקענט הערן?

שלמה לערנט אַלץ איר טעכטערל דעקלאַמירן:

„אם יש את נפשך לדעת את המעין,

ממנו שאבו אחינו המומתים”...

שפּעטער נאָך אַ לידעלע:

„אל טל ואל מטר —

דמעי ירטיבו את הרריך, ציון”...

פּלוצלינג פאַלט ביי רייזלען אַרויס די גלאָז טיי פון דער האַנט. שאַיע שפּרינגט אויף אַ דערשראָקענער:

— וואָס איז, שרה? וואָס האָט געטראָפן?

— גאָרנישט, גאָרנישט... איך בין אַ פּנים אַנטדרימלט געוואָרן מיט דער גלאָז אין דער האַנט... אַ שיינע ריינע כפרה... אַז גלאָז ברעכט זיך, זאָגט די וועלט, קומט אַ חתן...

און זי איז אַ פאַרפּלאָנטע אַרויסגעלאָפן אין הויף אַריין —

# קאפיטל LV

אין חלל־העולם איז געשטאַנען אַ דושנע, געדיכט־פינצטמערע נאַכט, אַקוראַט ווי יענע סאַזשע־שוואַרצע נאַכט אין ראַמאַדאַנער וואַלד... רייזל שפּאַנט אַרום איבערן הויף ווי אַן אַנגעדונגענע; זי וואַקלט זיך אויף די פיס ווי אַ שכורה אָדער ווי אַ חולה מיט גרויס היץ, וואָס האָט זיך אַראָפּ־געגנבעט פונעם בעט און איז אַרויס זיך דורכשפּאַצירן. איר שוין פון לאַנג פאַרשטומטער מלאך־הזכרונות האָט זי מערדעריש אַ כאַפּ אָן געטון פאַר אירע מיט זילבערשטויב דורכגעשאָטענע האָר, ווי „אַ רוח כאַפּט אָן אַ מלמד פאַרן טלית־קטן". דער אַכזריותדיקער מלאך האָט זי אומברחמנות־דיק אַריינגעשליידערט אין כף־הקלע פון איר טרויעריקן עבר; ער האָט זי איינגעטונקען ביזן מויל אין דעם פאַרגרינטן און פאַרשימלטן קעסל פון אירע ביטערע דעראינערונגען און דאַן, מיט איין שטויס, זי אַראָפּגע־וואָרפן ביז צום אָפּגרונט פון אירע קוים פאַרהייטלטע ווונדן. אירע באַ־געגענישן מיט שלמהן הייבן זיך מיט אַ מאָל אויף פון זייערע קברים, שטייען אויף תחית־המתים און שטעלן זיך אויס פאַר אירע אויגן — בהקיץ! כמו חי!

זי זעט זיך שבת נאָך מיטאָג ביי די פייגנבוימס, ווען טאַני פירט שלמהן צו צו איר און זי דערזעט אים צום ערשטן מאָל... און תוך כדי דיבור זעט זי אים אָן אַנטלויפנדיקן פון איר אין יענעם בלוטיקן פרי־מאָרגן הינטער פּאָלטאַווע... זי זעט ווי ער פאַרשווינדט צווישן די הויכע תבואות ווי אַ זומער־פייגעלע... ניין, נישט ווי אַ זומער־פייגעלע, נאָר ווי אַ נפטר אין ווייסע תכריכים, וועלכער קומט נאָך האַלבער נאַכט אָנזאָגן דער ווייסטער אלמנה, אַז ער וועט שוין מער נישט קומען... יאָ! ס'איז דער זעלבער שלמה, וואָס דאַמאָלסט! אַפילו די שוואַרצע באָרד, אין וועל־כער ער האָט משום מראית־עין פאַרשלייערט זיין ליב פּנים, ענדערט אים כלל נישט! „כי נבהלו מפניו" — טייטשט עמעצער — יוספס ברידער זע־נען אָפּגעשפּרונגען דערשיטערטע: זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי האָבן זיי געקענט נישט דערקענען זייער פאָטערס פּנים? דער „דמות דיוקן"* פון אָט דעם מצרישן משנה־למלך איז דאָך דער זעלבער, וואָס ביי זייער פאָטער... גרויסער גאָט אין הימל! דו ביסט דאָך דער „יוצר־אור ובורא חושך" — ווו זענען געווען אירע אויגן? אָט דאָס הייסט: טחו עיניהם מראות... אָט דאָס הייסט: עינים להם ולא יראו... גוואַלד, ווו זענען געווען אירע אויגן? נישט אַנדערש, נאָר זי איז היינטיקע נאַכט פּשוט געשלאָגן געוואָרן מיט „הינערשער בלינדקייט". אויב זי, רייזל, האָט געקענט אַזאַ לאַנגע צייט נישט דערקענען שלמהן, איר שלמהן, וואָס זיין בילד איז יאָרנלאַנג נישט אָפּגעטראָטן פון אירע אויגן, איז דאָס נאָר דער־

---

* צורה, פיזיאָגנאָמיע.

פאַר, ווייל עפּעס אַ נישט־גוטער האָט איר פאַרשטעלט די ראיה... אויב אי זי, אי שאיע, האָבן זיך אַ גאַנצן אָוונט געבראָכן דעם קאָפּ אויף דעם „מדרש־פּליאה" מיט אָט דעם מאָדנעם אורח און מיט אָט דער מאָדנער אכסניא, וואָס ער האָט זיך אויסגעזוכט און האָבן טאַקע נישט געפונען קיין שום שליסל צו דער רעטעניש, איז דאָס ממש ווי ביי דער מעשה מיט לוט'ן —

...ואת האנשים... הכו בסנורים... וילאו למצא הפתח... *

און איצט איז ער, דער אויסדערוויילטער פון איר הארצן, דער גאָל־דענער חלום פון איר אַזוי פרי פאַרשניטענער יוגנט, איצט איז ער ווידער מיט איר אונטער איין דאַך... דער זעלבער, וועמען זי, די שטאָלצע רייזל, האָט געוואָרפן צו די פיס איר גאַנצן יש, איר גאַנצן מהות, אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט אין איר אָרעם לעבן: איר יוגנט־ליבע; אירע שענסטע טרוי־מען; איר בענקענדיקע נשמה מיט איר גאַנצן פייער — און ער האָט זיך אָפּגעקערט פון איר, אָפּגעשטויסן זי, רייזלען, מיט ביידע הענט צוליב אַ פאַרשייטער שיקסע... צוליב אַ מרשעת, וואָס האָט אים טאַקע סוף כל סוף אַוועקגעוואָרפן ככלי אין חפץ בו... עס זענען געווען מאָמענטן אין איר לעבן, ווען זי האָט זיך אַליין געגעבן דאָס וואָרט אים דאָס קיין מאָל נישט מוחל זיין; אַז זי זאָל קיינעם נישט דערלויבן צו דערמאָנען זיין נאָמען אין איר אָנוועזנהייט... עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער מענטש איז נישט קיין פשוטער בשר ודם. ער האָט צו נישט גע־מאַכט אַלע אירע פּיל־מאַליקע באשלוסן. די השגחה האָט אים געגעבן דעם כח צו שאַפן איבער מענטשן און — אפילו איבער מלאכים! איבער דעם שרעקלעכסטן פון די מלאכים — איבער דעם מלאך־המות... ער האָט איינציקוויַיז אָפּגעראַטעוועט פונעם טויט איר גאַנץ הויזגעזינד: פריער זי אַליין; שפּעטער אסנתלען און דערנאָך שאיען... אויב זיי אַלע לעבן איצט און זענען ברוך־השם געזונט אויף אַלע אברים, איז דאָס נאָר בחסד אל ובחסד שלמה... אָ, יאָ! דעם צער, וואָס ער האָט איר פאַרשאַפט מיידל־וויַיז, האָט ער אויסגעקויפט פי שבעה! שבעים ושבעה!! אָ, ניין! זי טראָגט אויף אים נישט קיין מינדסטן פאַרדראָס... זי איז איצט פּונקט ווי דאַמאָלסט זיין איבערגעגעבנסטער קנעכט און איז גרייט אָן אַ מינדסטן ישוב־הדעת אָפּצוגעבן דאָס לעבן פאַר זיין מינדסט פינגערל... זי איז איצט פּונקט ווי דאַמאָלסט פאַרליבט אין אים... אַנדערש פאַרליבט, אָן אַ שמץ פון אַ מחשבה־זרה, אָבער פאַרליבט! פאַרליבט ביז משוגעת... ביז... ביז... אָן אַ ביז! בלי ערך ובלי גבול... ער פאָרט אויך קיין ארץ־ישראל... זיי וועלן זיך נאָך אפשר אַ מאָל באַגעגענען... טאַקע דאָרט... בשדמות בית־לחם... בכרמי עין־גדי... מקום שם האביב והתכלת...

---

* ...און די מענטשן זענען געשלאָגן געוואָרן מיט בלענדעניש און זיי האָבן זיך אומ־זיסט באַמיט אָפּצוזוכן די טיר. פון חומש.

...במקום שם ארזים ועבים ישקו,
וגלי הירדן בשטף יצקו —
מקום עצמות אבותי נקברו שמה,
ודמי המכבים רוו אדמה...

און איצט געפינט ער זיך אונטער איר דאַך... ער זיצט ווי אַ פּשוטער בשר ודם ביי איר טיש און חזרט איין זיינע צויבערנדיקע לידעלעך מיט איר געשענקט טעכטערל... און ווי שיין ער איז! מאַיעסטעטיש שיין! נאָך טויזנט מאָל שענער ווי ער איז געווען בחורווייז... און האָט שוין אַ דער־וואַקסן זונדעלע... אַ קליין שלמהלע... און זי, רייזל, טויג שוין אויף זיבן און זיבעציק כפּרות... זי איז שוין אַלט און אָפּגענוצט... נאָך ערגער ווי אַלט — גולמעוואַטע! אַן אמתער גולם־איש: עינים להם — ולא יראו; אזנים להם — ולא ישמעו; אף להם — ולא יריחון... והראיה — אַט האָט זי שלמהן נישט דערקענט! דעם מענטשן, וועלכן זי האָט יאָרן לאַנג געטראָגן אין האַרצן און אין מח און וועמענס פּנים איז נישט אָפּגעטראָטן פון אירע אויגן — אפילו אין שלאָף — און נישט דערקענט! ניין, ניין, זי איז שוין אוים מענטש... אין גאַנצן, אין גאַנצן אוים מענטש... אַן אָפּ־געשלאָגענע הושענא און מער גאָרנישט...

רייזל טאַפּט אָן אין דער פינצטער די טרעפּ פונעם גאַניק, לאָזט זיך אַראָפּ אויף זיי און וויינט שטילערהייט לאַנג־לאַנג, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיך אומגעקערט פונעם הויף אין שטוב אַריין, באַהאַלט זי פון יעדן איינעם די אויגן... קיינער דאַרף נישט זען, ווי זיי זענען רויט פון וויי־נען. נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם, שלעפּט זי אַרוים פון אונטערן בעט אַן אומגעלומפּערט־לאַנגן טשעמאָדאַן און מיט ציטערנדיקע פינגער הייבט זי אָן אויפצוקניפּן די כפול־שמונהדיקע שטריק.

שאַיע וווּנדערט זיך ביז גאָר:

— שרה, וואָס טוסטו?

— איך דאַרף עפּעס אַרויסנעמען —

— איז דיר אָנגעקומען דווקא איצט, אום האַלבער נאַכט? וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס, אָנמאַכן אַ מושב בעת אין שטוב איז דאָ אַ פרעמדער מענטש? פּאָלג מיך, זאָל זיך דיר נישט גלוסטן... לאָז עס אָפּ, זאָג איך דיר! דער טשעמאָדאַן שטייט דאָך אַ פאַרפּאַקטער נאָך פון פרונזע... איך פאַרשטיי דיך נישט! וואָס טוסטו? ס'איז דאָך אַ טרחה מיט סכנת־נפשות —

— האָב קיין מורא נישט, דיך וועל איך חלילה נישט מטריח זיין. איך וועל אים אַליין צוריק פאַרפּאַקן.

— וואָס פאַר אַ משל איז אַהער: מורא, צי נישט מורא? איך פרעג נאָר: וואָס ברענט אויף דיר אַזוי די הויט תיכף ומיד אַרויסצונעמען, וואָס דו דאַרפסט דאָרטן? מיר האָבן דאַכט זיך אָפּגעקליבן און אַריינגע־

ליגט אין אַט דעם ארון בלויז אַזעלכע זאַכן, אַן וועלכע מען קען זיך פריי באַגיין ביז מען וועט קומען אויף אַן אָרט —

— נו־נו, אַן אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ!

— ...און ווידער, וואָס דאַרפסטו זיך אַליין רייסן מיט אַזאַ פּגר? ווילסט זיך חלילה אונטעררייסן? האָסט דאָך געקענט זאָגן מיר —

— כ׳וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס ביסטו מיר פּלוצלינג אַזוי געטריי געוואָרן? ווער הייסט דיר קוקן אַהער צו? טו דיר דיינס!

רייזל הייבט אָן ארויסצוליינן פונעם ריזיקן קאַסטן: וועש, קליידער; דאָס מיידעלע איז צוגעלאָפן זען, וואָס די מאַמע טוט; שאַיע האָט מיטן לעפעלע עפּעס געשריבן אויפן טיש; און שלמה האָט געלאָסן געטרונקען אַ קאַלט־געוואָרענע גלאָז טיי. אַז רייזל האָט אים שוין „צעיאָדערט און צעגלידערט" — דאָס האָט ער פאַרשטאַנען פון איר: „אַז גלאָז ברעכט זיך, קומט אַ חתן", און פון איר פּלוצעמדיקן אַרויסלויפן פונעם צימער. אָבער וואָס פאַר אַ מחותן ס׳איז דאָ דער טשעמאָדאַן אין מיטן דעריי־נען, דאָס האָט ער נישט געקענט באַנעמען. מיט אַ ווינקל אויג כאַפּט ער אַ קוק אין איר זייט אַריין און זעט, ווי רייזל ליינט נערוועז אַרויס פונעם טשעמאָדאַן אַלץ, וואָס אין אים געפינט זיך. אָט זעט ער ווי זי נעמט פון דאָרטן אַרויס עפּעס אַ מלבוש, צעשפּרייט עס אויף דעם ווענטל פונעם בעט, אַזוי ווי זי וואָלט דאָס צעהאַנגען צום טרוקענען, און אַלע איבע־ריקע זאַכן הייבט זי אָן, שוין רואיקער אַ ביסל, אַריינצוליינן צוריק אין טשעמאָדאַן אַריין. שלמה באַנעמט נאָך אַלץ נישט, וואָס עס באַטייט אָט דאָס אַלץ. ער קוקט זיך איין פון דער ווייטנס אין דעם צעהאַנגענעם קלייד און באַמערקט, אַז עס איז פון שוואַרצן פּליוש מיט רויטע, קרומע בליצן־פיילן. זיינע אויגן מאַכן זיך אויף אַ ווײַלע צו. ער טאָר די רואי־קייט נישט פאַרלירן — עס זיצט אַ פרעמדער מענטש ביים טיש. צוריק אויפעפענענדיק זיי כאַפּט ער איבער רייזלס נישט אין גאַנצן זיכערן בליק און גיט ווי נישט אומיסטן אַ נויג דעם קאָפּ:

— דו האָסט געטראָפן!

דער אומשולדיקער נויג איז פאַרשטאַנען געוואָרן און אירע שוואַר־צע אויגן זענען געוואָרן נאָך טונקעלער און נאָך ברענענדיקער...

שאַיע שרייבט נאָך אַלץ עפּעס מיטן לעפעלע אויפן טיש, נאָר ס׳איז קענטיק פון זיינע באַוועגונגען, אַז ער איז עפּעס שטאַרק צעשטערט. ער כאַפּט פון מאָל צו מאָל אַ קוק אויף שלמהן און לאָזט אַראָפּ די אויגן; נאָך אַ מאָל אַ קוק און זיי נאָך אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט. מען זעט גלייך, אַז עפּעס אַן אומקלאָרער געדאַנק רויבט ביי אים צו זיין רו.

שלמה וויל וויסן, וואָס עס קוועטשט אים:

— וואָס איז ר׳ בנימין? וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי?

— פרעגט מיך בחרם: וואָס איז דאָס קוקעניש? איך קוק... איך ווייס אַליין אויך נישט, וואָס איך קוק. איך קוק, ווייל איך קען זיך אַלץ נישט

באפרייען פון דעם געדאַנק, אַז איך האָב אייך שוין אַ מאָל ערגעץ גע־זען. זענט איר, הייסט עס, אַ ווילנער?

— יאָ, אַ ווילנער.

— און אין דער מלחמה־צייט זענט איר געווען אין רוסלאַנד?

— יאָ, אין רוסלאַנד.

— אין וועלכע געגנטן האָט איר געוווינט?

— סטאַביל האָב איך געוווינט אין סאַמאַרקאַנד, נאָר איך פֿלעג אַרומפֿאָרן איבער אוזבעקיסטאַן, איבער טורקמעניע, און בכלל איבער אַלע יענע מקומות...

— און אין קירגיזיע, זענט איר קיין מאָל נישט געווען?

— אין לעבן נישט!

— ווו זשע דען האָב איך אייך פֿאָרט געקענט זען?

— איך האַלט, אַז עס דאַכט זיך אייך נאָר אויס, ר׳ בנימין. וואָרעם באמת טאַקע: ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געמאָלט זיין? ביז דער מלחמה — איז דאָך אויסגעשלאָסן! איר זענט אַ בעלזער, און איך אַ ווילנער. גאַ־ליציע און ליטע — גראַם, שטראַם — צוויי עקן וועלט! אַלא וואָס דען, אין גלות? זאָגט איר דאָך אַליין, אַז איר זענט פֿון פֿרונזע קיין מאָל נישט אַרויסגעפֿאָרן. איך ווידער בין נאָר אַרומגעפֿאָרן אין די ראַיאָנען: סאַמאַר־קאַנד, טאַשקענט, סטאַלינאַבאַד, אַשכאַבאַד און אין די סביבות. היינט ווי אַזוי האָט געקענט קומען די קאַץ איבערן וואַסער?

— טאַקע פּלאַי־פּלאַים, זאָג איך אייך. דער חשבון ווייזט דאָך טאַ־קע באמת, אַז עס קען נישט געמאָלט זיין, אָבער מיר דאַכט זיך פֿאָרט... מילא, בע! אַ רעטעניש, אַ חידה. זאָגט מיר, ר׳ שמואל, ווי אַזוי איז ביי אייך אין קאַטאָוויץ? שטיל?

— וואָס הייסט — שטיל? נאָך „קעלץ" איז שייך צו זאָגן שטיל? אַ פּאָגראָם, וואָס הענגט אין דער לופֿטן, איז אויך אַ פּאָגראָם! און דאָס איז, ברוך־השם, אין גאַנץ פּוילן אָן אַן אויסנאַם. אפֿילו אין אייער קראָ־קע אויך.

— נאַ דיר גאָר „אפֿילו"! דאָ איז לויטער שליאַכטע. יענע קוקן נאָר אַרויס — אַז עס זאָל גאָר די שעה נישט זיין — אויף אַ סיגנאַל, וואָלט מען גלייך אָנגעהויבן... נו, און וואָס הערט זיך ביי אייך פּערזענלעך מכח פֿאָרן? איר זענט דאָך עפּעס, זאָגט איר, אַ שטיקל קרוב למלכות — איר טוט עפּעס וועגן דעם?

— איר פֿרעגט אַזעלכע תמעוואַטע פֿראַגן, ר׳ בנימין, אַז עס חידושט מיך אַזש אויף אייך. וועלכער ייד טוט אַצינד נישט אין דעם ענין פֿון אָוועקפֿאָרן? וואָס איז ביי דעם מענטשן נאָך טייערער פֿונעם לעבן? מיי־נע פּאַפּירן ליגן אין וואַרשע גלייך מיט אַלעמענס, און ווען עס וועט זיך שוין דערפֿון עפּעס אויספּיקן — ווער קען דאָס וויסן? דאָס ווייסט נאָר גאָט —

— די וועלט זאָגט דאָך, אַז נאָך שבת פּאַרטיקט מען אויס אַלע פּאַ־פּירן —

— איי, איך בעט אייך, לאָזט מיך געמאַך מיט די „זאָגענישן". מען זאָגט, מען זאָגט... זינט די וועלט האָט אָנגעהויבן צו זאָגן, זענען שוין אוועקגעגאַנגען מער פון דרייצן „נאָך שבתן", און מען שטייט נאָך אַלץ אויף איין אָרט... און ווידער, ווער ווייסט? דער אייבערשטער מוז זיך דאָך אַ מאָל מרחם זיין איבער אונדז. אפשר אויף אַן אמת וועט איצטי־קער „נאָך שבת" זיין מזלדיקער פון די פריערדיקע.

— און וווהין קלערט איר צו פאָרן?

— וואָס הייסט — וווהין?

— איך מיין: קיין אַמעריקע, צי קיין ארץ־ישראל?

— איך, ר' בנימין — האָט שלמה געענטפערט מיט גאַל — לייד פון שטענדיק אָן אויף אַזאַ מין משונה־מאָדנע מיחוש: פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, איז נאָך נישט געווען דער פאַל, אַז עס זאָל מיך ערגעץ ווו נישט ציען; אַז איך זאָל ערגעץ ווו נישט בענקען... אָבער ווי אַזוי מיינט איר בענקען? אַזוי שמערצלעך בענקען, אַז עס ווערט ממש אוממעגלעך צו אָטעמען און דאָס האַרץ פאַרלויפט אַזש מיט בלוט פאַר ווייטיק. מיט איין וואָרט: אַז דאָס לעבן איז מיר נישט ניחא! דעריבער רעכן איך שוין איצט צו פאָרן אין אַזאַ אָרט, פון וואַנען ס'איז שוין נישטאָ וווהין צו בענקען...

— איר זענט אַ ציוניסט?

— אַ ציוניסט גאָר? נ־נ־ניין, דאַכט זיך...

רייזל ווענדעט זיך כלומרשט צום מאַן, נאָר זי רעדט צו שלמהן:

— אַ יידן, וואָס רעדט פון „מסירת־נפש", דאַרף מען ערשט פרעגן, צי ער איז אַ ציוניסט?

שלמה ווענדעט זיך כלומרשט צום בעל־הבית, נאָר ער רעדט צו דער בעל־הביתטע:

— איך מוז אייך זאָגן, פרוי וועקסלער, אַז לײדער נישט יעדער, וואָס רעדט וועגן דעם דאָזיקן באַגריף, האָט טאַקע אַ דירעקטע שייכות צו מסירת־נפש... ס'איז גיכער אַ כלל אויף פאַרקערט: דער וואָס רעדט דער טוט נישט, און דער וואָס טוט דער רעדט נישט... איינס איז שטענ־דיק סותר דאָס צווייטע —

רייזל פאַרגעסט אין גאַנצן אין פאָרזיכטיקייט און רעדט שוין גלייך צו שלמהן:

— אָבער אין דעם איצטיקן פאַל, וועט איר זיכער מודה זיין, קען מען זיך באַגיין אָן דעם דאָזיקן כלל —

שלמה כאַפּט זיך גלייך דערויף, אַז זייער שמועס נעמט אָן אַ אינדי־ווידועלן כאַראַקטער; ער זעט איין, אַז זייער וויכוח האָט זיך שטאַרק פאַרשמאָלט און איז אַריבער אויף אַ פעלד, וואָס איז באַקענט נאָר זיי ביידע: אים און איר. גיין אַזאַ קאָן איז שוין פאַר אים צו ריזיקאַליש;

אין אזא שפּיל קענען נאָך אויפגעדעקט ווערן זיינע קאָרטן אומגעריכט און אומגעוואָלט. ער מאַכט זיך כלאָ־ידע, ענטפערט נישט רייזלען לא דיבור ולא חצי דיבור, און ווענדעט זיך גלייך צו שאיען:

— און איר, ר׳ בנימין, קלערט גאָר פאָרן קיין אַמעריקע?

— איך גראָד קלער פאָרן נאָר קיין ארץ־ישראל, ווייל איך האָב דאָרט געשוועסטער־קינדער און אויך מיין שרהס עלטער־פעטערס.

— אַזוי גאָר? הערסט אַ מעשה! זענט איר דאָך גאָר אַ בעל־משפּחה, קיין עין־הרע! עפּעס גאָר אַ קליינינקייט אויסצורעדן; האָט איר דאָך טאַקע צו ווען צוצופאָרן. איך זאָג עס קעגן דעם, וואָס ביי דער איצטיקער סיטואַציע, ווען עס פּלייצט אַהין צו קיין עין־הרע אַזאַ שטראָם מיט עולים, איז גאָרנישט איבעריק, אַז מען האָט דאָרט עמעצן... דאָס הייסט, אַז מען האָט שוין דאָרט אַ דריסת־הרגל, אַז מען איז נישט קיין קיילעכדיקער גר —

— אודאי הייסט עס שוין נישט עלנט... נאָר איך מיין קעגן דעם, וואָס איר זאָגט — אַמעריקע! מיט וואָס, לויט אייער מיינונג, טוען נישט גלייך יענע, וואָס פאָרן יאָ קיין אַמעריקע?

— ווער האָט דען עפּעס צו זיי? — זיי פאָרן? זאָלן זיי פאָרן געזונטערהייט און זאָל זיי ווויל באַקומען! ס׳איז דאָך נישט קיין נסיעה אויף אייביק, ס׳איז דאָך נאָר ביז נאָך גלגול־מחילות. איך ווייס? וואָס זאָל איך אייך זאָגן? מיר פּערזענלעך איז שטאַרק נישט צום האַרצן אָט דאָס גאַנצע אַמעריקע מיט די גאָלדענע ביזנעס. מיך עקלט פון אַזאַ אַרט לעבן ווי מען קען דאָרטן מאַכן. אַ לעבן פון בלויז מרבה־בשר זיין... אי דאָס — אויב עס „מרבהט" זיך נאָך... קיינער נעמט נישט אַרויס קיין שטר ביים אייבערשטן, אַז דאָרט מוז ער אים אַקעגנטראָגן פון כל טוב... נאָר לאָמיר אפילו זאָגן, אַז יאָ, איז דאָס גאַנצע לעבן טוט מען נאָר אַריינבראָקן אין בייכל אַריין: נאָך אַ קילאָ שאָקאָלאַד; נאָך אַ פונטל ווורשט... דערמיט האָוועט מען אָפּ דאָס גאַנצע שטיקל וועלט. אַזאַ מאָדע לעבן, ווו דער צילינדער מיטן פראַק זענען, להבדיל, אַזוי ווי די „בגדי־הקודש"; אַז אָן זיי איז מען גאָר נישט פאַררעכנט פאַר קיין מענטשן. אַזאַ שטייגער לעבן, ווו דער מענטש, נישט ער: „פאַרמאָגט אַזוי פיל און אַזוי פיל", נאָר: „ער איז די ווערט אַזוי פיל און אַזוי פיל"... אַזאַ סאָרט מדינה, ווו אַ מענטשן: אָן „קאַפּיטאַל", אָן „ביזנעס" און אָן „פּראָספּעריטי" — האַלט מען גאָר כלל נישט פאַר קיין מענטשן... און אַזעלכע „נאַרישקייטן" ווי: **גיין** שחרית וערבית אין שול אַריין; צי למשל שיקן אַ קינד אין דער ישיבה אַריין; אָדער זיך חלילה נישט אָנקערן שבת מיט דער גאַס; צי גאָר זאָגן אַ „יום" תהילים אין דער פרי נאָכן דאַווענען — דאָס איז שוין ווילד! ווייל: ווער האָט צייט דערויף? ווער קען זיך אָפּגעבן מיט אַזעלכע „שמאָנצעס"?? ווּעמען פעלן זיי אויס??? און דער עיקר־העיקרים, וואָס עס פעלט ביי זיי; וואָס אין זייער סידורל שטייט אויסגעריסן דער „נכספה וגם כלתה נפשי לחצרות ד'"... דער: „מי יתן לי אבר כיונה, אעופה ואשכונה"... און דאָס

איז דען דאָרט נאָר די מחלה פון די פרייע? אפילו ביי די דאָרטיקע, אַזוי צו זאָגן, רעליגיעזע יידן, הייסט מן הסתם אַזאַ הנהגה: אָפּגעשטאַנען פון דער פאַרגעשריטענער וועלט. הייסט, צו וואָס זשע נוצט מיר אַזאַ סביבה? און וואָס פאַר אַ גייסט קענען שוין דערצויגן ווערן מיינע קינדער? און אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס פאַר אַ ממשות קענען שוין האָבן די שטובי־קע ד׳ אמות קעגן דעם אַלץ פאַרשלינגענדיקן שטראָם פון דער גאַס? קעגן דעם קאָלאָסאַלן איינדרוק פון דער דאָרטיקער געזעלשאַפט? ווער האָט עס בכח צו גיין נגד הזרם? און בכלל, איצט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע... איצט, ווען דאָס אכזריותדיקע ענגלאַנד שטייט ווי אַן עמוד־הענן און לאָזט נישט קיין איין יידן פון די שרידים ופליטים אַרויפשטעלן קיין פוס אויפן ארץ־ישראל־ברעג, ולעומתם שטייען די יידישע גיבורים ווי אַן עמוד־האש און מאַכן צו נישט כמעט אַלע זייערע גזרות; בשעת אַזאַ אומגעוויינלעכער התּ־עוררות, ווען די יידישע יוגנט, ייִנגלעך און מיידלעך, יונגע קינדערלעך, נאָך מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, כלם כאחד שטייען מיט געווער אין דער האַנט און פאַרטיידיקן דעם קיום, דעם עצם עקזיסטענץ פון דעם ישוב, אוודזערע בלוטיקע אינטערעסן, — דאָס הייסט: באַגיין אַ פאַר־ברעכן! כאלו הורג נפש! דאָס הייסט: למפרע מבטל זיין זייערע אַלע אָנ־שטרענגונגען, זייער גאַנצן מסירת־נפש! דאָס הייסט: פון לכתחילה אָן זיך מיאש זיין פון דערפאָלג! דאָס הייסט: באַגראָבן זייערע האָפענונגען לע־בעדיקערהייט! יעדער ייד, וואָס קערט זיך איצט אָפּ פון די דרכי ציון האבֿ־לות, דערלאַנגט דערמיט אַ פאַטש אין באַק די דרייסטע קעמפער; וואַרפט דערמיט אַ שטיק בלאָטע אין פנים אַריין דעם גאַנצן קאַמף, וואָס גייט דאָרט אָן אין לאַנד. יעדער איינציקער ייד, וואָס טוט דאָס יאָ, איז דאָס פון זיין זייט אַ מעוות לא יוכל לתקון! נאָך יענע שרעקלעכע שטורעמס, וואָס דאָס יידישע שיפל האָט לעצטנס געהאַט אויסצושטיין, איז ארץ־ישראל דער איינציקער ברעג — דער לעצטער ברעג אויפן ערדקיילעך — וווהין דאָס שיפל קען נאָך צושטיין! וווהין עס מוז קענען צושטיין און דאָרט אַראָפּ־לאָזן די עטלעכע לעבן געבליבענע פאַרשווינע. אַזוי, אַז איצט, אין אַזאַ אַנטשיידנדיקן מאָמענט, זיך פאַרשטעלן די אויגן און נישט וועלן זען די ווירקלעכקייט און זאָגן: „מיין קישקע איז בילעכער! שישו בני מעי, שישו! איר זענט ביי מיר אויפן ערשטן פּלאַן. וועמען עס פעלט אַזוי שטאַרק ארץ־ישראל, דער זאָל זיך גיין שלאָגן מיט די ענגלענדער, צי מיט די אַראַ־בער, צי כ׳ווייס מיט וועמען נאָך דאָרטן — און איך קען נישט זיין זאַט מיט קיין „מאָרגנס". איך מוז שוין האָבן אַ ווייך געלעגער, אַ פעטן ביסן און — חלילה נישט קיין צעקנייטשטן שניפּס"... מיר דאַכט, אַז דער וואָס זאָגט אַזוי, איז נישט ווערט צו טראָגן דעם נאָמען: ייד...

שלמה איז אַ מידער אַנטשוויגן געוואָרן. נאָך אַ היפּשער ווײַלע שטיל־שווייגעניש האָט ער אַ רייב געטון דעם שטערן אַהין און צוריק און האָט צוגעגעבן, שוין געלאַשענער אַ ביסל:

— ...און ווידער, איך ווייס? יעדער איינער האַנדלט לויט זיין השגה

און וואָס עס דיקטירט אים דער דראַנג פון זיינע אייגענע געפילן. אפשר פאַרשטייט עמעצער בעסער פון מיר, נאָר איך... ברצח בעצמותי הער איך אויס אַזוינע רייד: דער האָט בדעה צו פאָרן קיין אַמעריקע, דער קיין אַרגענ־טינע, דער קיין אַפריקע, דער קיין אויסטראַליע — אַ שפּאָגל נייער „מפוזר ומפורד בין העמים"... איך זאָג אייך דברים כהוויתן: מיר דאַכט, אַז איך זע ווי דוד המלך, דער נעים־זמירות־ישראל, באַגלייט זיי מיט צאָרנדיקע בליקן און קריצט אויף זיי מיט די ציין:

— הוי, דור סורר ומורה! הוי, דור לא הכין לבו! — מי ירפא לך?

שאַיע קוקט אויף שלמהן מיט אויסגעטראַשטשעטע אויגן און רופט זיך ענדלעך אָן:

— מיר איז אַ גרויס חידוש אויף אייך, ר' שמואל! אויב איר זענט שוין יאָ אַזאַ פאַרברענטער חובב־ציון, טאָ פאַר וואָס זשע האָט איר פאַר דער מלחמה נישט געזען אַריבערצופאָרן אַהין צו? מענטשן זענען דאָך געפאָרן —

— גלייבט מיר, ר' בנימין, עס זענען געווען דערצו פאַרשידענע מניעות. און ווידער — די השגחה, מיינט איר, האָט שוין גאָר קיין דעה נישט? ס'איז מיר אַ פּנים באַשערט געווען צו פאַרזוכן אויך דעם „מאַיכל־רוסלאַנד" אויף אַוועלכע פיר יאָר; זיך דורכגיין צו פוס פון לעמבערג ביז לאָזאָוואַיאַ — דאָס איז אַזאַ סטאַנציע צווישן כאַרקאָוו און ראָסטאָוו... און פון דאָרטן ביז טאַגאַנראָג — דאָס איז אַזאַ שטאָט אויך ערגעץ אין יענע מקומות...

— אין וועלכן יאָר איז דאָס געווען?

— גלייך ווי די קריג איז אויסגעבראָכן.

— זענט איר איינער אַליין געגאַנגען אַזאַ ווייטע שטרעקע?

— פאַר וואָס עפּעס איינער אַליין? מיר זענען דווקא געגאַנגען עט־לעכע אַרבעטס־באַטאַליאָנען. הינטער קיעוו זענען מיר געשטאַנען גאַנצע פיר טעג. דאָרט איז פאַראַן אַ דאָרף אַזאַ: פושטשע־וואָדיצע, זענען מיר דאָרטן, אויף דער פינפטער פּראָסיעקע, * געשטאַנען גאַנצע פיר טעג, זיך גוט אָפּגערוט, און דערנאָך זענען מיר שוין אָן אָן אָפּשטעל געגאַנגען ביז כאַרקאָוו. איך געדענק למשל אַזאַ עפּיזאָד — איר ווייסט נישט? פון יענע ביטערע יאָרן איז יעדעס פּיצעלע אײַנגעקריצט געוואָרן אין זכרון, ווי מען וואָלט מיט אַ שטאָלענער פּעדער אײַנגעקאַרבט יעדעס אות באַזונדער — איז שטייט מיר טאַקע דאָס דאָזיקע בילד פאַר די אויגן אַזוי ווי לעבע־דיק: דאָס איז געווען אויפן וואָקזאַל אין פּאָלטאַווע — איר האָט אַ מאָל געהערט פון אַ שטאָט מיט אַזאַ נאָמען אויף דער אוקראַינע?

— וואָס דען, איך האָב נישט געהערט? פּאָלטאַווע! אַ באַוווסטע שטאָט... מען האָט זיך דאָרט אַ מאָל אַפילו געשלאָגן, אויב איך האָב קיין טעות נישט...

---

* אַ מין אַלייע, אַ גאַס.

— ...איז הינטער דעם זעלבן פּאָלטאַווע „ווו מען האָט זיך אַ מאָל אפילו געשלאָגן", געפינט זיך אַ סטאַנציע מיטן נאָמען ראָמאָדאַן. דער דאָזיקער נאָמען האָט זיך מיר באַזונדערס טיף איינגעקריצט אין זכרון. בין איך אין אָט דעם ראָמאָדאַן צופעליק אָפּגעשטאַנען פון מיין אָפּטיי־לונג. מלחמה־צייט, פאַרלוירן גיין פון מיליטער שמעקט מיט פּולווער. האָב איך שוין געמוזט איינער אַליין אָניאָגן מיין אָפּטיילונג ביז פּאָלטאַווע. צווישן די דאָזיקע צוויי שטעט ליגט אַ שטרעקע פון גוטע פופצן קילאָ־מעטער וועג, און מיט סאַמע וואַלד! ס'איז דאָן, געדענק איך, געווען: אַ קילע זומערנאַכט; אַ טונקעלער וואַלד; אַ סטאָראָזשקע; * אַ טייכל... און ווידער אַ מאָל וואַלד! און אַ פינצטערניש איז דאַן געווען — כאָטש טאַפּ זי אָן מיט די הענט! קוקסט פאַר זיך; קוקסט הינטער זיך; אויף רעכטס; אויף לינקס — ענן וערפל סביביו! און דו האָסט דאָס געפיל, אַז די גאַנ־צע וועלט איז נאָר אַ דמיון, לא היה ולא נברא, אלא משל היה... דער עבר ווערט נעלם, דער עתיד ווערט אַ דבר המוטל בספק; און דער וואָס פילט דאָס, ווערט אַרויסגעהייבן פונעם מגושמדיקן וועלטל... ימיו כצל עובר... ער ווערט איצט ניזון פון דעם ריח־הניחוח, וואָס דער אומפאַר־שוועכטער וואַלד גיט פון זיך אַרויס... דער הלך גייט, עס גייט זיך גאָר אַליין. נישט ער גייט — די ערד גייט! קפצה לו הדרך... און דאָס חשכות גליט ביי דער נשמה, און די ביימער גיבן פון זיך אַרויס פאַרשכורנדיקע ריחות... אַך, איז דאָס געווען אַ פּרעכטיק ערטעלע! ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך יענע נאַכט נישט פאַרגעסן —

— איר ווייסט, ר' שמואל, איר זענט זייער סענטימענטאַל! פּונקט ווי איר וואָלט געווען אַן אַבצניעריק בחורל. נו, און ווו האָט איר זיך גע־טראָפן מיט אייער פאַמיליע? איר האָט דאָך אַ פאַמיליע, האָט איר גע־זאָגט —

— יאָ, איך האָב, ברוך־השם, אַ ווייב מיט דריי קינדערלעך. זיי זע־נען צוזאַמען מיט אַ רוסישער משפּחה געפאָרן פון לעמבערג גלייך קיין טאַשקענט, און טאַקע דאָרטן האָב איך זיך מיט זיי געטראָפן. זאָגט מיר בעסער יונגעלייט, מילא דעם מיידעלע אייערן וועלן זיך שוין הייגטיקע נאַכט חלומען ציגיינערס, אָבער איר אַליין, פאַר וואָס גייט איר נישט עסן? שוין זשע שטער איך אייך?

שאַיע ענטפערט דערשטוינט:

— פאַר וואָס עפּעס זאָלט איר אונדז שטערן? אַמער וועט איר מיט אונדז מיטעסן, וועט איר פאַרשפּאָרן צו שטערן —

— ניין, איך דאַנק אייך זייער, נאָר איך האָב ערשט נישט לאַנג גע־געסן.

— וואָס רעדט איר, ר' שמואל? מאַמער גייט איר זיך נישט וואַשן, באַליידיקט איר אונדז אויפן ערגסטן אופן. זענט איר אַ משלם רעה תחת

---

* אַ וועכטערהייזל.

טובה. קומט און וועקט אויך אויף אייער חברה־מאַן. וואָס געהער ער אייך אָן, אָט דער בחור, אַ קרוב, צי וואָס?

— ניין, נישט קיין שום קרוב, נאָר פּשוט אַ באַגלייטער. איך בין אין לאָדזש געוווּיר געוואָרן, אַז מיינע אַ קרובה וווינט אין קראָקע, האָב איך אים מיט זיך מיטגענומען פונעם קיבוץ, סתם אַזוי... כּדי צו ברענגען איר צוויי געסט אָנשטאָט איינעם... און מאָרגן שיק איך אים אָפּ אויף צוריק קיין לאָדזש... מען דאַרף אים נישט וועקן. אויב ער שלאָפט — זאָל ער שלאָפן.

שלמה האָט זיך אָנגעבויגן, כּדי אויפצוהייבן דאָס נאָזטיכעלע, וואָס איז בײַ אים גראָד אַראָפּגעפאַלן, און האָט זיך צופעליק באַגעגנט מיט רייזלס אויגן. רייזל האָט אים לאַנג און שאַרף באַטראַכט. ער האָט אויף גיך צוגעכאַפּט זיינע אויגן פון אונטער איר דורכדרינגענדיקן בליק, אָבער אַלץ איינס האָט דאָס פּנים בײַ אים געפלאַמט אונטער די שטראַלן פון אירע גליענדיקע קאַרשנאויגן, ווי בײַ אַ כּלה צום באַדעקנס.

שאַיע האָט מיט אַ שולדיקן שמייכל געפרעגט:

— אַנטשולדיקט מיר, ר׳ שמואל, ווי זשע קומט עס, וואָס די קרובה אייערע האָט אייך אָפּגעלאָזט פון נעכטיקן? איר באַליידיקט זיך נישט אויף מיר, איך פרעג נישט חלילה דערפאַר, ווייל איר מאַכט מיר קאַליע, אדרבה —

— כ׳פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי, ר׳ בנימין... איר דאַרפט זיך נישט אַזוי אָפּעסן דאָס האַרץ און זיך אַזוי פיל מאָל אַנטשולדיקן... איך זע דען נישט, אַז בײַ אייך אַ גאַסט פילט זיך ווי אַ בן־בית —

שאַיע האָט שעמעוודיק אַ שמייכל געטון:

— נאָך נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס איך האָב אייך געגעבן אַ בענקל זיך צו זעצן. איך האָב בדעה לחלוטין אַן אַנדער זאַך! איר זענט בײַ מיר נאָך איבער עפּעס זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. אָט זענט איר אַ ליטווישער ייד, און איך — אַ גאַליציאַנער! איך וואָלט זיך גאָר קיין מאָל נישט געריכט, אַז איך וועל זיך קענען אַזוי האַרציק צונויפרעדן און אַזוי גיך באַפריינדעט ווערן מיט אַ ליטוואַק אַזוי ווי איצט מיט אייך. איך האָב איצט אַ געפיל: ממש ווי איך וואָלט אייך שוין געקענט — כ׳ווייס? כּאָטש אַ יאָר צוואַנציק...

שלמה האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט אויפן קול. ער האָט זיך מיט אַלע כּוחות באַמיט אָפּצוהאַלטן, עס האָט אים אָבער נישט געהאָלפן. די ספּאַזמע פון לאַכן האָט אים אַזוי גיך נישט אָפּגעלאָזט. שאַיע האָט לכתחילה אויך געפּרווט אַ שמייכל טון, אָבער זעענדיק יענעמס „וויסטן געלעכטער", האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ טאָן פון אַ באַליידיקטן:

— פון וואָס לאַכט איר עס אַזוי, ר׳ שמואל? וואָס האָב איך דען אַזוינס געזאָגט?

— ווייס איך, פון אַ נאַרישקייט... אַזוי לאַכן דען קלוגע מענטשן? איך האָב געלאַכט דערפון, וואָס אונדז, אין דער ליטע, האָט מען איינגע־

רעדט, אַז אַ בעלזער חסיד איז שיר נישט אַ מענטשנפרעסער — האָבן מיר געמיינט, אַז ס'איז טאַקע אַזוי אין דער אמתן; מיט אייך, אין דעם גאַ־ליציע, האָט מען אויך איינגעחזרט, אַז אַ ליטוואַק האָט אַ צלם־קאָפּ — האָט איר אויך געמיינט, אַז אָט דאָס איז דאָס! צום סוף, ווי איר זעט, לאָזט זיך אויס פון דער גאַנצער מעשה־נורא אַ ווינטמיל. עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! נישט ר' בנימין פרעסט אויף ר' שמואלן; נישט ר' שמואל שמדט אָפּ ר' בנימינען; וגר זאב עם כבש ושלום על ישראל! וואָס? אפשר נישט אמת? כאַ־כאַ־כאַ...

שאַיע שאָקלט צו מיטן קאָפּ. ער איז מסכים: קיינער פרעסט נישט, קיינער שמדט נישט.

שלמה דערמאָנט זיך:

— יאָ, מחשבותן! איר האָט מיך דאָך געפרעגט, פאַר וואָס איך בין נישט געבליבן נעכטיקן ביי מיין קרובה? איז ערשטנס וווינט זי זייער ענג, האָב איך נישט געהאַט קיין האַרץ זיי נאָך מער צונויפצודריקן; צווייטנס גייט אָפּ מיין צוג קיין וואַרשע אַרום זעקס אַ זייגער אין דער פרי און זי וווינט זייער ווייט פונעם וואָקזאַל; און דריטנס — עס איז אַ פּנים אַזוי באַשערט געווען, אַז איך זאָל זיין ביי אייך היינטיקן אָוונט —

— אודאי, אודאי... ס'איז אַ באַשערטע זאַך... אייער קרובה האָט דאָ עמעצן?

— זי האָט אַ מאַן מיט צוויי קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין. איך האָב זיך שוין מיט איר נישט געזען פון דעם יאָר 1932. לכתחילה האָט זי מיך גאָר אין גאַנצן נישט דערקענט, נאָר דערנאָך, ווען זי האָט זיך געכאַפּט דערויף, אַז איך בין איך, איז איר איבעררואַשונג געווען אַזוי גרויס, זי האָט אַזוי געוויינט, אַ שעה צייט האָט מען ביי איר קיין אויגן נישט אַרויסגעזען... גייט, גייט זיך וואַשן. און איך בין טאַקע באמת נישט הונגעריק —

רייזל האָט אַ שווייגנדיקע געגרייט צום טיש. דורכגייענדיק פאַרביי שלמהן, האָט זי אויף אים אַ וואָרף געטון אַזאַ בעטנדיקן קוק, אַז שלמה האָט אָן טענות זיך אויפגעהויבן פונעם בענקל און איז, דאָס מאָל שוין דווקא אומגעבעטן, אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַריין זיך וואַשן.

*

שלמהס צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין זעקס אַ זייגער. דערפאַר איז רייזל אויפגעשטאַנען פאַר פינף, כדי זי זאָל באַוויזן צו מאַכן טיי. שאַיע איז נאָך געשמאַק געשלאָפן און די גאַנצע שטוב האָט געזונקען אין זיסן, פרי־מאָרגנדיקן דרימל. שלמה וויל קיינעם נישט אויפוועקן. טרעטנדיק אויף די שפּיץ פינגער גייט ער אַריין אין קיך אַריין זיך וואַשן און טרעפט רייזלען שטיין ביים קראַן און זיך שפּילן מיט דער קוואָרט —

זי האָט אַ פּנים דערקענט זיינע טריט...

אַ פאַרגליווערטער בלייבט ער שטיין אויף דער שוועל. דאָס דאָזיקע

בילד וועקט אין אים עפעס אויף ווייטע זכרונות, שוין פון לאנג פארגע־סענע: קאראוואיעוווסקע 67... שבת ביי די פייגנבוימס... ער איילט זיך צו פאלין און טרעפט רייזלען אין קיך ביים קראן דערוואַרטן אים... אויך דאמאלסט האט זי זיך געשפילט מיט דער קוואַרט...

— דאס איז ווירקלעך א מאל געווען, צי דאס אלץ האט זיך אים נאר געחלומט?

ער מאכט א שריט פארויס. זי מאכט א שריט פארויס. ביידע בלייבן שטיין איינער קעגן אנדערן. פונעם הויף דערטראגט זיך א קרייען פון העד נער. פון דעם קעגנאיבערדיקן צימער דערטראגט זיך דאס רעגלמעסיקע שנארכען פון די בני־בית. די צוויי יונגע מענטשן באטראכטן זיך איינס דאס צווייטע מיט ברייט צעעפנטע, בריענדיקע אויגן. אין זייערע בליקן ליגט א תהום מיט נישט דערזאגטע רייד; מיט פארשטיקטע געפילן, ביי וועלכע די צייט האט צוגערויבט דאס לשון. איצט שטייען זיי ווידער ווי צוריק מיט אנדערטהאלבן צענדליק יאר לעבן פאלטאווער מיל, נאר שווייגנ־דיקע. קיינער פון זיי ווייסט נישט וואס צו זאגן.

ענדלעך נעמט זיך שלמה אן מיט מוט:

— רייזל ליבערמאן, איך האב אין אייך א גוטן פריינד, צי פאר־קערט? —

— שלמה, איר זענט א מלאך —

— צום אלעם ערשטן ענטפערט מיר אויף מיין פראגע: צי זענט איר מיר אויך אזא גוטער פריינד, ווי איך אייך?

— ווען איך וואלט געקענט ארויסנעמען מיין הארץ און דאס אייך אוועקלייגן אונטער די פיס, וואלט דאס נאך אלץ געווען נישט דער שלמות־דיקער אויסדרוק פון דעם, וואס איך פיל צו אייך, שלמהקע אפרים־אהרונס... שלמה פיאטיגארסקי...

— ארויסנעמען דאס הארץ צוליב אזא קלייניקייט איז נישט כדאי. אייער הארץ וועט נאך לאנג צו נוץ קומען אין דעם זעלבן ארט, וווּ איי־ער מאמע האט עס אייך אריינגעלייגט...

און נאך א קליינער פויזע מיט א בלייכן שמייכל:

— איצט זעט איר, ווי גוט עס האט זיך באקומען... אמתע חברישע געפילן ווערן נישט קאליע, אפילו אין משך פון פופצן יאר...

— שלמה, מיין אסנתל איז אייערע... אין גאנצן אייערע...

— ???

— ווייל זי איז שוין געווען מער טויט ווי לעבעדיק, ווען איר זענט אנגעלאפן מיט דעם פראפעסאר און מיט די טויזנטערס. היינט, דאס ראַ־טעווען מיך אין יענעם זומער... היינט, דאס ראטעווען שאיען פון ארכאנ־געלסק... שלמה, צו וואס טראגט איר די מאסקע פון א מענטשן?

— סוליקא, איר רעדט נארישקייטן! ווער גייט עס נאך אזא לאנגן זמן דערמאנען אזעלכע פוסטע מעשות? נו, רייזל, — רייזל ליבערמאן; רייזל גורעוויטש; שרה וועקסלער; — קיין טיי וויל איך נישט, איך וועל

גיין צו דער באַן. דאַנקען גאָט וואָס מען האָט זוכה געווען זיך צו זען. איך בין ספּעציעל צוליב דעם געקומען קיין קראָקע. ווי עס איז זענען פון דאַמאָלסט אָן אַוועקגעשוווּמען פערצן יאָר! נאָך אין פערצן יאָר אַרום וועלן מיר שוין זיין עלטערע מענטשן, זיידע־באָבע... און נאָך אין פערצן יאָר אַרום... ווער ווייסט, צי מיר וועלן גאָר דערלעבן אַזאַ עלטער... נו, רייזל, זייט געזונט און גליקלעך... אין ארץ־ישראל וועלן מיר זען, אַז אונ־דזערע קינדער זאָלן זיך חברן איינס מיטן אַנדערן... אוי־אוי־אוי, מאָלע וואָס אין לעבן קען זיך טרעפן... דאָס, וואָס דעם פּאָטער איז נישט גע־ווען באַשערט, פאַלט אַ מאָל דעם זון אַריין גלייך אין מויל אַריין, ווי אַ ציטיק עפּעלע... ווי אַ קאָנפעקט, „וואָס דער מלאך וואַרפט אַראָפּ פונעם הימל"... אַזוי איז דאָס: יעדן זיינס... גריסט אייער מאַן. אים אויפוועקן וויל איך נישט. איך בין העכסט צופרידן, וואָס ער האָט מיך נישט דער־קענט. איך האָב דערויף אויסגערעכנט. און כ'בעט אייך, פון ווען טאָקע זאָל ער מיך אַזוי גוט געדענקען? ער האָט שוין מסתמא אפילו פאַרגעסן דעם נאָמען פון כאַסקל שניצער... קושט אייערע קינדערלעך פאַר מיר און באַזונדערס אייער קליינע רייזעלע, די שוואַרצחנעוודיקע אַקסיניושקאַ...

רייזל איז געשטאַנען אָן לשון. זי האָט נישט געקענט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט, נאָר טרערן, גרויסע זילבערנע טרערן, האָבן געקאַפּעט פון אירע אויגן, איינע נאָך דער צווייטער... איינע איבער דער צווייטער... זוי־דיקע, ברענענדיקע, האָבן זיי שלמהן געגנוי דערציילט וועגן דעם אַלעמען, וואָס דאָס ווייבל האָט פאַרשוויגן...

שלמה האָט איר דערלאַנגט צוויי הונדערט זלאָטעס:

— ווען אָט דער פּיוואַיש, וואָס שלאָפט ביי אייך, וועט זיך אויפ־כאַפּן, וועט איר זיין אַזוי פיל גוט, אים דאָס אָפּגעבן, און אים זאָגן אין מיין נאָמען, אַז ער זאָל זיך פאָרן צוריק קיין לאָדזש. זיין שליחות איז שוין אויסגעפירט. און איר, רייזל, זייט געזונט. צום ווידערזען אין דעם ארץ־ישראלדיקן „פּושטשע־וואָדיצע": אויפן „כרמל", אָדער ביים „כנרת". האָט נישט קיין פאַראיבל, וואָס איך האָב אייך אַזוי פיל אָנגעדערקוטשעט און וואָס איר האָט איבער מיר געמוזט אויפשטיין אַזוי פרי —

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך שוין שלמהס צוג געטראָגן אי־בער נאָך פאַרשלאָפענע סטעפּעס קיין וואַרשע —

# קאפיטל LVI

זעקס חדשים האָבן זיך די אַזוי גערופענע: „בני־משה" געמאַטערט אין דעם וויסטן פּוילן: די מענער מיט די דערוואַקסענע יינגלעך — אין אַ קיבוץ, און די פרויען מיט די קינדער — אין די „שטוביקע טורמעס".

ענדע סעפּטעמבער יאָר 1946, האָבן זיי ענדלעך אַלע באַקומען די לאַנג־דערוואַרטע פּאַספּאָרטן און זענען אָן קיינע שהיות אָפּגעפאָרן מיטן עקספּרעס קיין פּראָג. דאָרטן האָט מען זיי פאַרפירט אין דעם לאַגער: „דיאַבליצע", ווו עס האָט זיך איצט אויף זייער מזל פאַרמירט אַ גרויסער עשאַלאָן פון פליטים פון פאַרשידענע לענדער. דאָס דאָזיקע „דיאַבליצע" איז געווען דאָס איינציקע אָרט אין טשעכיע, ווו עס פלעגן זיך צונויפזאַמלען יידישע פליטים מכל פנות־העולם, זיך דאָרטן קאָנצענטרירן אויף אַ גרעסערן זמן און דערנאָך טראַנספּאָרטנווייז אָפּגעשיקט ווערן קיין בייערן, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. אַממיינסטן האָט מען דאָרט געקענט טרעפן: יידן פון פּוילן, פון עסטרייך, פון רומעניע און... פונעם ראַטנפאַרבאַנד. צוזאַמען מיט די איבעריקע „לאַגערניקעס" האָבן די „בני־משה" באַקוקט די היסטאָרישע יידישע שטאָט; באַזוכט דעם קבר פון דעם הייליקן מהר"ל; פון דעם רבי ר' יהונתן; פון ר' יחזקאל לאַנדאָ — דעם וועלט־באַרימטן בעל „נודע ביהודה" — און נאָך היסטאָרישע אַנטיקן. זיי האָבן אויך נישט פאַרגעסן אַ פּאָר מאָל צו דאַווענען אין דער הייליקער מהר"לס שול, אין וועלכער, לויט דער מסורה, עס ליגט נאָך אויפן בוידעם דער חומר פון דעם „גולם". אין עטלעכע טעג אַרום זענען זיי צוזאַמען מיט אַ גרויסן טראַנספּאָרט פליטים אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אַש.

אַש — דאָס איז אַ טשעכיש שטעטל, נישט ווייט פון קאַרלסבאַד, וואָס ליגט סאַמע אויף דער גרענעץ פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

צו דער גרענעץ זענען זיי אָנגעקומען פאַר נאַכט. דעם גאַנצן עולם האָט מען איינגעקוואַרטירט אין איין גרויסער קאַזאַרמע. דער „שטאַב" פון דער „בריחה" האָט דעם עולם אָנגעזאָגט די שלעכטע בשורה, אַז ס'איז ערשט אין גאַנצן עטלעכע טעג זינט דער וועג קיין „אַמעריקע" איז קאַליע געוואָרן. מען מוז אַ ביסל צווואַרטן. אויף „יענער זייט" שלאָפט מען נישט, מען זוכט עצות. משפחות מיט קליינע קינדער האָבן געוואַרט, און יונגע מענטשן, וואָס זענען לייכט אויף די פיס, האָט מען נאָך די זעלבע נאַכט אָפּגעפירט „אויף שוואַרץ". אין דער פרי האָט מען אַלע ביינאַכטיקע „שוואַרצערס" מיט גרויס פאַראַד צוגעשטעלט צוריק אין דער אַשער קאַזאַרמע. די עמפּי * און די גרענעצוואַך האָבן די פליטים בפירוש גאָרנישט געטון, זיי האָבן זיי נאָר אויפגעזעצט אויף מיליטערישע אויטאָס און

---

* אַמעריקאַנער מיליטער־פּאָליציי.

האָבן זיי אָפּגעפירט גלייך צו זיי „אהיים". דער טראַנספּאָרט איז באַ־שטאַנען פון העכער צוויי הונדערט מענטשן. מען האָט זיך געוואַלגערט ביי דער גרענעץ הפקר און פאַרגעסן פון ביידע צדדים: פּראָגער צענטראַ־לע האָט זיך שוין נישט געזאָרגט וועגן זיי; מינכענער צענטראַלע האָט זיך נאָך נישט געזאָרגט וועגן זיי. זיי זענען איצט געווען דאָס, וואָס מען רופט אָן: „קיינעמס נישט". זיי זענען איצט אין גאַנצן געווען אויסגע־שטעלט אויף דעם אחריות פון די ייִנגלעך מיט די מיידלעך פון דער „בריחה", און די אומבאַקאַנטע יונגעלייט האָבן זיך טאַקע ממש אוועק־געלייגט פאַר זיי. זיי זענען געקראָכן פון דער הויט אַריבערצושטעלן זיי־ערע ברידער און שוועסטער אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. נאַכט ביי נאַכט האָט מען געפירט אויף שוואַרץ גרעסערע און קלענערע פּאַרטיעס פון דער „קאַוואַליעריע" און אַלע אינדערפרי, פּינקטלעך ווי אַ זייגער, איז צוגע־פאָרן אַן אַמעריקאַנער לאַסטמאַשין און די זעלנער האָבן אָן דיבורים אויסגעלאָדן די ביינאַכטיקע פּאַסאַזשירן.

אין אַזוינע אפיסות־הכוחותדיקע און אָן תכליתדיקע „הולכות והובאות" זענען פאַריבער אויסמאַטערנדיקע צוויי וואָכן. פּופּצן טעג אין: ענגשאַפט, הונגער און נויט. דאָס דאָזיקע „אש" האָט שוין פון זיי אַלעמען געמאַכט אַש און פּאָרעך. די אויגן זענען זיי שיר נישט אַרויסגעקראָכן וואַרטנדיק אויף וועלכן ס'איז מבוא, אַבי פּטור צו ווערן פון אָט דער „פּסיחה על שתי הסעיפים": נאָך צוואַרטן אַ ביסל, פּאָרט — אולי ירחם? צי ס'איז אומזיסט? אַ היפּשע טייל מענטשן פונעם טראַנספּאָרט האָבן זיך אומגעקערט צוריק קיין פּראָג, כדי פון דאָרטן צו פאָרן קיין בראַטיסלאַווע, אָדער קיין ווין, און פון דאָרטן אין די באַוווּסטע לאַגערן: שטייער, זאַלצבורג, — וווהין עס איז, אַבי נישט ליגן הפקר ביי דער גרע־נעץ און שמאַכטן פון הונגער. דאָס איז אָבער געווען אַ דרך נאָר פאַר גרינגע פאַרשווינדלעך, נישט פאַר פאַמיליעס, וואָס זענען געווען מטופל מיט קינדער. און ווער האָט נאָך געהאַט אַזוי פיל קליינוואַרג, ווי די „בני־משה"?

*

דאָס איז געווען נאָך אַ צוויי מעת־לעתדיקן, אומאויפהערלעכן רעגן. אָן אַ רמז דרמיזא אויף אַ בין־השמשות איז צוגעפאַלן די נאַכט. דער רעגן — אַליין שוין אויך אַ מידער — האָט זיך אַ נמאַסער געזופּט, געפּרעסן דאָס לייב: מיט נעץ; מיט קעלט; מיט שוידער. מיט אַ מאָל האָט זיך אין יעדער טיר פון דער גרויסער קאַזאַרמע באַוויזן אַ ליבהאַרציק פּנים פון אַ בריחה־מאַן אָדער פון אַ בריחה־מיידל. זייערע אָפּגעצערטע פּנימער, וואָס אמת איז, זענען דאָס מאָל געווען בלאַסער ווי שטענדיק, נאָר זיי האָבן רואיק און געלאַסן געמאָלדן:

— טייערע ברידערלעך, הערט אונדז אויס, נאָר בבקשה: אָן פּאַניק! מיר גייען היינט איבער דער גרענעץ —

די אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פעלד. די בלאָטע האָט
דערגרייכט ביז די קלעצלעך פון די רעדער. די פאַרעס זענען געווען אויס־
געלאָשן. רעדן איז געווען פאַרווערט. קינדער פון פיר, פינף יאָר זענען
שוין געגאַנגען מיט די פיסעלעך גלייך מיט די דערוואַקסענע. יעדער איינער
איז געווען אָנגעלאָדן: מיט פעק, מיט קוישלעך און מיט וואַליזעס. מען האָט
זיך מיט זיי געטאַסקעט: אי פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס; אי אַריבערגע־
האַנגען אויף פאָרנט; אי אין די הענט. פונעם הימל האָט אַלץ געטריפט מיט
קאַלטע, שטעכיקע טראָפּנס. די אָפּטע זומפּן האָבן פרעסעריש געריסן די
שיך פון די פיס, געוואָלט זיי איינשלינגען צוזאַמען מיט די פיס, צוזאַ־
מען מיט די מענטשן... און די שיירא פון זיבן און אַכציק אומגליקלעכע
נפשות און צוועלף בריחה־לייט האָבן אַלץ טיפער געשפּאַלטן די פעך־
שוואַרצע פינצטערניש און געשפּאַנט אַלץ פאַרעקשנטער און הרף־נפש־
דיקער. די בראשיתדיקע נישט דורכגאַנגבאַרע וועלדער האָבן פאַררעטע־
ריש געפליקט שטיקער פון דער עלנטער עקספּעדיציע. מענטשן האָבן גע־
זונקען אין דער בלאָטע ביז די קניעס, אַנדערע האָבן אין אָט דער מצרים־
דיקער אפלה פאַרלוירן די שיירא און אַוועקגעבלאָנדזעט אין אַ זייט. אָפּ־
רופן זיך האָט מען נישט געטאָרט, נאָר דער: „פּס־פּס... פּס־פּס..." פון די
דורכפירערס האָט רעגולירט דעם גאַנג פון אָט דער לעבנסגעפערלעכער
אָפּעראַציע: „פּס־פּס" — זיך פאַרהאַלטן, אָדער: „פּס־פּס" — זיך אונ־
טעריאָגן! אַלע פנימער זענען געווען צעבלוטיקט פון די שאַרפע צווייגן;
די קליידער זענען געווען צעפליקט אויף שטיק־שטיקלעך. פיל פּעקלעך
האָט מען אַוועקגעוואָרפן צווישן די קוסטעס. דאָס קליינוואַרג האָט, פאַר־
שטייענדיק די לאַגע, געשוויגן. געפאַלן, אָן אַ פּיפּס אַליין זיך אויפגעהויבן
און ווייטער געגאַנגען. אין מיטן וואַלד איז אויסגעקומען צו גיין דורך
אייביקע זומפּן. דאָ איז פאַר די קליינע קינדער געווען אַ סכנה, אַז זיי
זאָלן נישט איינגעזונקען ווערן אויף אייביק. ערשט דאָ האָט זיך אַרויס־
געוויזן דאָס העלדישקייט מיטן מסירת־נפש פון די בריחה־לייט — די
יידישע גיבורים און פּאַטריאָטן. זיי האָבן אָפּגעשטעלט די גאַנצע שיירא
און ביי דער אָפּנאַרערישער און פאַרפירערישער שיין פון די זומפּיקע
נאַכט־פּלעמעלעך האָבן זיי אויף די פּלייצעס אַריבערגעטראָגן: פריער די
אַלטע לייט; דערנאָך די קינדער; און דאַן האָבן זיי זיך ערשט ווידער אומ־
געקערט נאָך די פּעקלעך! ביז ס'איז נישט אַריבערגעטראָגן געוואָרן דאָס
לעצטע קוישעלע, איז מען ווייטער נישט געגאַנגען. און ווידער האָט מען
מיט די צעקאַליעטשעטע הענט געהאַלטן אין איין צענעמען דעם ווילדן
צווייגן־געפלעכט פון די ששת ימי בראשיתדיקע וועלדער. דער רעגן האָט
אָנגעהויבן צו גיין נאָך געדיכטער, נאָך האַסטיקער. די אָפּגעפאַלענע בלע־
טער זענען געווען גליטשיק ווי גלאָז. דער אימהדיקער „פּס־פּס... פּס־פּס..."
האָט געשניטן דעם אויער און האָט געמאַכט ציטערן די נשמה. אין יע־
דער מינוט און אין יעדער רגע האָט ביי דער שיירא אומבאַדינגט גע־
טראָפן וועלכע עס איז קאַטאַסטראָפע: אָדער אַ קינד איז אומגעפאַלן,

אָדער אַ רוקזאַק האָט געפּלאַצט, און אַז נישט האָט יאַנקעלע, אָדער שלומל, מרימס קיעווער יינגעלעך, אַ פּיפּס געטון.

מיט אַ מאָל האָט עס צוזאַמען מיטן ווינטיקן רעגן געבראַכט צו טראָגן אַ סיגנאַל:

— ליגן! רואיק! נישט רירן זיך. ס׳איז שלעכט! מיר זענען שלעכט פאַרקראָכן...

די בריחה־לייט זענען מאָמענטאַל ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן. אויב אַלע פּליטים, האָט געדראָט, מען זאָל זיי אומקערן אין זייערע לענדער, פון וואַנען זיי האָבן זיך קוים אַרויסגעריסן מיטן לעבן, האָבן אָט די וועגווייזערס, „די אויגן און די פיס" פון דער גאַנצער מחנה, געקענט „בשעת חדוה" כאַפּן אַ קויל אין קאָפּ און עס זאָל זיין: פאַר—פאַלן! לאָד זיי צום „ונתנה תוקף"... ערגעץ גאָר נאָענט האָבן אומרואיק טאַראַכקעט מאָטאָרן. אַלע האָבן דערקענט דעם טרוקענעם גערויש פון לייכטע טאַנקן. זייערע בייזע אויגן האָבן לאַנגזאַם און באַשובט געקעמט דעם וואַלד ישר והפוך, פון אויבן ביז אַראָפּ. די שטילקייט האָט געקלונגען אין די אויערן ווי קלויסטערגלאָקן. ערגעץ אויף די שפּיץביימער האָט דער ווינט מיטן רעגן געצויגן בלי הפסק זייער נודנעם ניגון. עס זענען פאַריבער פיינלעכע פופצן, צוואַנציק מינוט. די דורכפירערס — אַזוי ווי אין דער ערד אַריין, נעלם געוואָרן — און שוין! און מיט אַ מאָל זענען זיי אַלע אויסגעוואַקסן ווי די ריזן פאַר די אויגן פון דער פאַרשטאָרבענער מחנה. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף דער ערד און האָבן קורץ באַפוילן:

— שטיל! נישט קיין מינדסטן שאָרך! קומט צוריק! מיר זענען פאַר־קראָכן צו די „וואַנקעס". שוין אַ פיר — פינף קילאָמעטער. אויב דאָס לעבן איז אייך ליב, זאָלט איר זיין שטיל! איר האָט געהערט דעם גערויש פון די מאָטאָרן? דאָס זענען „זיי". בעט גאָט, אַז מיר זאָלן זיך בשלום אַרויסגליטשן פון זייערע רוצחישע הענט, וואָרעם ווען נישט — איז שלעכט! שטיל זאָל זיין! קיין שאָרך! גיכער אַ ביסעלע מאַכט מיט די פיסעלעך...

מיט די נשמות אין די זשמעניעס האָט מען זיך אַרויסגעשלייכט פון דער „רויטער זאָנע" און מען האָט ווייטער אויף אַלע פיר געפּויזעט אין אַ צווייטער ריכטונג...

נאָכן דורכמאַכן זעקס און צוואַנציק קילאָמעטער צו פוס, נאָכשלע־פנדיק די קינדער פאַר די הענט און זיך טאַסקענדיק מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, איז מען אויפן צווייטן פרימאָרגן אָנגעקומען בשלום קיין רעאַו —

דאָס דאָזיקע שטעטל איז — ווען מען קומט אָן פון טשעכיען — דער ערשטער ישוב פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן די „בני־משה" דערזען פלאַ־טערן הויך אין הימל אַריין ביידע פריינדלעכע פענער: די ארץ־ישראלדיקע ווייס־בלויע פאָן און די אַמעריקאַנער באַשטערנטע פאָן. די אויסגעמאַ־

טערטע וואַנדערער האָבן — ווי אַזוי זיי האָבן געקענט, אויף וויפל זייער אויסגעשעפּטע כּוחות האָבן געקלעקט — אויסגעדריקט די בריחה־לייט זייער דאַנקבאַרקייט. די דאָזיקע אומפאַרגלייכלעכע העלדן האָבן איצט אַליין אויך געוויינט פאַר פרייד, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבן דורכצוברייכן די „מאַנערהיים־ליניע" מיט אַזאַ עולם קיין עין־הרע. די „אונרא" האָט זייער גאַסטפריינדלעך אויפגענומען די פרישע „שוואַרצערס" און האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלע ערשטע באַדערפעניש. אַזוי זענען פאַריבער דריי טעג. ווי נאָר די „בני־משה" האָבן זיך אַ ביסל אויסגערוט און זענען ווי עס איז געקומען צו זיך, האָט זיך פאַר זיי אָנגעהויבן אַ פרישע קייט פון מסעות איבער דייטשלאַנד —

...ויסעו ויחנו... ויסעו ויחנו...

...געקומען אין לאַגער האָף — אוועקגעפאָרן פון לאַגער האָף... — די „בני־משה": נמנו וגמרו, אַז — ולמלשינים אל תהי „תקוה"! * אַזוי האָבן זיי געפּסקנט און אַזוי האָבן זיי געטון — אַ שפּיי געטון און אוועקגעפאָרן! — געקומען קיין מיכעלסדאָרף ביי קאַם — אוועקגעפאָרן פון מיכעלסדאָרף... געקומען קיין שוואַבהאַל — אוועקגעפאָרן פון שוואַבהאַל... געקומען קיין באַדרייכענהאַל — אוועקגעפאָרן פון באַדרייכענהאַל... ענדלעך, נאָך ימים־טובים זענען די „בני־משה" אָנגעקומען אין אַ סטאַבילן לאַגער — וואַלדשטאַט ביי פאָקינג.

דאָ האָבן די בני־השיירא אַ שמעק געטון די ערד, די לופט; זיי האָבן זיך אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט אויף דעם שכנישן עולם; ווי ביי קידוש־לבנה געזאָגט איינער דעם צווייטן: „שלום עליכם", „עליכם שלום"; גאַנץ אומגעריכט האָבן זיך אָפּגעזוכט באַקאַנטע מענטשן און באַקאַנטע פון באַקאַנטע; עפּעס פון דער העלער הויט האָבן זיי זיך דערזען אין אַ משפּחהדיקער סביבה; צווישן אַ היימישן, געמיטלעכן עולם... מיט איין וואָרט: אַ ביסל איבער דעם, אַ ביסל איבער יענעם — עיקר הדבר: דאָס דאָזיקע מקום איז זיי כּמעט געפעלן געוואָרן! דאָ האָבן זיי אוועקגעלייגט דעם „מקלו ותרמילו" פון דער האַנט און האָבן געזאָגט איינער צום צווייטן: „עד כאן אומרים בשבת הגדול" — שוין גענוג אַרומגעוואַנדערט איבערן לאַנד ווי די ציגיינער! עס וועט זיין גענוג!! עפּעס שטייט דאָך ביי יידן: „גבול שמת — בל יעבורון!" יעדע עובדא מוז דאָך זיין געטון מיט אַ דרגא; יעדע זאַך אויף דער וועלט מוז דאָך האָבן אַ שיעור מיט אַ מאָס!

זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן און האָבן זיי פאַרפּלעקלט אויף אַ זמן רב... ביז דער אייבערשטער וועט ווייזן אַן אופן ווי אַזוי צו פאָרן ווייטער —

* תקוה — האָפענונג. דאָ געמיינט: ביי די דייטשן דאַרף נישט זיין קיין „האָף".

*

פּאָקינג — דאָס איז געווען דער גרעסטער אָדער איינער פון די גרעסטע יידישע לאַגערן אין בייערן —

דער לאַגער־קאָמיטעט האָט דעם קאָלעקטיוו: „בני־משה" אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן קליינעם „בלאָק" פון צוועלף צימערן, וועלכער איז געשטאַנען אין עק פונעם לאַגער און דאָ האָט מען זיך באַזעצט אויף אַ לענגערער צייט. די פּעקלעך זענען געוואָרן אויפגעפּאַקט; אויף טישן, צונויפגעקלאַפּטע פון ברעטער, האָבן זיך באַוויזן טישטעכער; אויף די ברעזענטענע, מיליטערישע בעטלעך, זענען אָנגעבעט געוואָרן גרינע, וואַטאָווע „אונרא"־קאָלדרעס; אויף זיי זענען ארויפגעצויגן געוואָרן ליילעכער; אויף די פענצטער האָבן זיך באַוויזן פאָרהאַנגען — דאָס לעבן איז ביסלעכווייז אריינגעגאַנגען אין די נאָרמאַלע ראַמען. די „אונרא" האָט געגעבן כמעט גענוג אייער־פּולווער; מילך־פּולווער; האָבער־פלאָקן, סוראָגאַטן פון קאַווע און אפילו, אויפן שפּיץ מעסער — נוסן־פּעטס. אויך הלבשה האָט אַמעריקע נישט געזשאַלעוועט: רעקלעך פון כמעלניצקים צייטן, סאָלדאַטסקע שיך לרוב און „בלעבענע" הויזן יעדן איינעם אַ גאַנצע פּאָר. און טאָמער אפילו איז מיט צרכי יום יום געווען אַ ביסעלע בקימוץ, דערפאַר אָבער זענען געווען צייטונגען לרוב! רעפעראַטן אויף רעפעראַטן! דרשנים און מטיפים פון דער גאָרער וועלט האָבן זיך אַ לאָז געטון צו דער אָפּגעפּליקטער „שארית־הפליטה", זיי מזכה צו זיין: מיט „גלייכע געדאַנקען"; מיט הייליקע אידייען, מיט ליכטיקע פּערספּעקטיוון און מיט זיסע „מאַרגנס". אַלע טאָג האָט מען געקענט הערן, אַז אַן אַנדער „שטערן" פון „מעבר לים" פליט ווי אַ מעטעאָר צו דער „שארית־הפליטה" מיט אַ גוטער בשורה! קאָרעספּאָנדענטן, טוריסטן, עקסקורסאַנטן און סתם געסט האָבן ווי די אויסגעהונגערטע היישעריקן באַפאַלן די אַזוי אויך פאַרטומלטע „קאַצעטניקעס" און „סיביריאַקעס", און זיי, די „שטומע צונגען", האָבן נעבעך אַלץ אָנגענומען פאַר ליב: אַז ס'איז אַזוי — מן הסתם דאַרף דאָך אַזוי זיין... אויסגעהערט אַ דרשה, האָט מען פאַרזופּט מיט זאַפט פון גרייפּ־פרוכט, אריינגעוואָרפן אין מויל אריין אַ קיי־גומי און מען איז געגאַנגען שלאָפן אויפן זינגענדיקן ברעזענטענעם בעטל.

ענגלאַנד האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די טויערן פון ארץ־ישראל אויפן שלאָס. עס האָט נישט געהאָלפן גאָרנישט: נישט די באַשלוסן פון די פאַרשידענע קאָמיסיעס; נישט דעם פּרעזידענט טרומאַנס פאָדערונגען; נישט דער העלדישער קאַמף פון דער „הגנה" און פונעם „אירגון" קעגן די אָקופּאַנטן. מען האָט געשמיסן אירע מאַיאָרן; געהאַנגען אירע סערזשאַנטן; געצונדן אירע באַזעס; אויפגעריסן אירע בריקן; געצונדן אירע נאַפט־רערן, די ערד האָט דאָרט געברענט אונטער די פיס פון יעדן ענגלישן זעלנער, און זי האָט זיך געטון, אירס: נישט דורכגעלאָזט קיין איין און איינציקע שיף, אַז זי זאָל זי נישט אָפּפירן קיין ציפּערן...

דער לאַנגער פּאַקינג — אָדער ריכטיקער געזאָגט: וואַלדשטאַט — האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסן סאַסנעוואַלד, וואָס איז געווען פאַר־בויט מיט צענדליקער גאַסן פון לאַנגע באַראַקן. אויף ווינטער האָט מען פונעם קאָמיטעט געבראַכט געגוג האָלץ און אַ גרויסע צאָל וואַטענע קאָל־דרעס, מען האָט געבראַכט קאַרטאָפל לרוב און אַפילו מייערן און בורע־קעס. נאָך אַ קיילעכדיק יאָר פון וואַגלעניש האָבן זיך די „בני־משה" אויפן באַלעבאַטישן שטייגער איינגעמאָסטעט און האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי זענען, און וואָס קען מען דאָ עפּעס אויפטון...

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט איבערגענומען די אָנפירונג מיטן לאַ־גער־טעאַטער. דער צ. ק. פון מינכען האָט אים דווקא פיל מאָל איינגע־לאַדן אין צענטער אַריין, אים צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט די „בני־משה". זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ משפחה קיין עין־הרע איבער אַ „סיר־הבשר" — האָט ער געהאַט „אין דער היים" אַ שענערן סיר־הבשר און אפשר נאָך עפּעס... און האָט נישט פאַרקלערנדיק זיך, אויף אַלץ אַ שפּיי געטון, וועט ער איצט, צוליב אַ דזשווינטעוועסקע פּעקל... פּע! נישט געטראָפן דאָס פּלאַץ.

ער האָט שוין פון לאַנג צוריק געטראָגן זיין פאַמיליע־נאָמען — ביעלסקי און שלמה — פּיאַטיגאָרסקי. נאָך קומענדיק קיין רעאַאו האָט זיי דער נאַטשאַלניק פון דער „בריחה" געזאָגט:

— אַצינד, חברים, שפּייט זיך אויס אויף אַלע קונצן און אויף אַלע שקרים וכזבים, דאָ איז אַמעריקע! רופט זיך ווי איר ווילט... ס'איז נישט קיינעמס עסק...

אַלע האָבן אים געפאָלגט און האָבן זיך צוריק צוגעאייגנט זייערע פריערדיקע פאַמיליע־נעמען.

סעסיל פּעטראָוונאַ איז געוואָרן פרויען־דאָקטער אין וואַלדשטאַטער שפּיטאָל. זי איז זייער גיך באַליבט געוואָרן ביי דער באַפעלקערונג פאַר איר געטריישאַפט, איר איבערגעגעבנקייט און איר אָפּנהאַרציקייט.

מרים איז אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ קינדער־גאָרטן.

דינה און יצחק האָבן געגעבן לעקציעס אין אַ פאַכשולע פון „אָרט" און האָבן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יונגעלייט און ווייבלעך פון די „בני־משה" זיך געדונגען אַ „טיטשער"* און אַ „מורה" און שטודירט ענג־ליש און עברית.

נח סוקאַלסקי איז געוואָרן הויפּט־בוכהאַלטער אין דער אַפּראָוויזאַציע.

זבולון מיט עובדיהן האָבן אויפגעעפנט אַ שוסטעריי פון עטלעכע צעכן מיט אַ גרויסער צאָל בעלי־מלאכות און לערן־ייִנגלעך.

צפורה מיט זלפהן האָבן געפירט די שטוב, דאָס קליינוואַרג האָט געלערנט אין די חדרים, אין די ישיבות, אין די שולן.

---

* אַ לערער פון דער ענגלישער שפּראַך.

אפרים־אהרון האָט זיך מתדבק געווען אין די רוסישע ליובאַוויטשער חסידים, און איז געוואָרן ביי זיי אַ גאַנצער מקורב. האַלבע טעג פלעגט ער אָפּזיצן איבער דעם „תניא" און די איבעריקע צייט זאָגן תהילים און לייענען צייטונגען. שרייבן בריוו קיין רוסלאַנד איז געווען אַ פּחד און אַ מורא, האָט מען נאָר געזוכט קרובים אין ארץ־ישראל און אין אַמעריקע.

שלמהן האָט מען כמעט נישט געזען אין לאַגער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייט פונעם לאַגער, אין אַ חרובן האַנגאַר * האָט ער אויסגעזוכט אַ ענג בוידעם־שטיבל; אַ שמאָלע ברעט האָט אים געדינט פאַר אַ טישל; אַ בידאָן פון בענזין פאַר אַ בענקל, און ער האָט געשריבן... נאָך פופצן יאָר נישט נעמען קיין פען אין דער האַנט אריין, האָט זיך אים פאַרוואָלט זיך אומקערן דעם שאַדן, וואָס ער האָט געהאַט אין דעם האָטעל „מאָס־קווע"... דאָרט, אויפן בוידעם, האָט ער שוין געהאַט אַ נאַפּטלעמפּל און אַן אייוועלע מיט קוילן, און האָט דאָרט פאַרבראַכט גאַנצע טעג און האַל־בע נעכט. שבת אין שול פלעגט מען אים אַלע מאָל שטעקן „שלום עליכמס", מען האָט געמיינט, אַז ער איז נישט הי געווען. גאָר נאָענטע שכנים, — וואָס ס'איז געווען מן הנמנע, אַז זיי זאָלן נישט וויסן בשכבו ובקומו — האָבן אפילו געפּרווט פרעגן ביי אים: וואָס אַזוינס שרייבט ער דאָרט? נאָר זעענדיק, אַז פון דער פראַגע ווערט ער עפּעס ווי מטושטש און ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן, האָט מען אים געלאָזט צו רו און האָבן זיך שוין מער נישט אינטערעסירט מיט זיינע „מגילות־סתרים"...

יוכבד, וועלכע האָט שלמהס פאַרטורמעדיק „ווערק" נישט געזען און נישט געהערט; זי האָט נאָך „בימים ההם" אים אַליין אויך נישט געקענט און אפילו נישט געוווסט, אַז אַזעלכער איז פאַראַן אויף דער וועלט; יוכבד, וואָס האָט וועגן דעם „מאָסקווער נשרף" געוווסט נאָר מפּי השמועה — פלעגט ברענגענדיק אים עסן אין זיין צעלע אויפן גאַראַזש־ביידעמל, מיט אַ נשמה־ציטער לייענען „פון אונטער זיינע הענט" און שלינגען איין העפט נאָך דעם צווייטן, חלילה נישט פאַרלירן קיין איין שורהלע, און זי האָט עפּעס מורא געהאַט זיך אַליין מודה צו זיין; פאַר אירע אייגענע אויערן אויסצוזאָגן דעם סוד — פון זאָגן דאָס שלמהן — הס מלהזכיר! — אַז ס'איז דאַכט זיך ענלעך... אַז ס'איז דאַכט זיך גוט... אַז ס'איז מלא־חן און מלא־כישוף און ממש „זיך נישט אָפּצורייסן"... שלמהן דאָס צו זאָגן, איז געווען אַ סכנה גדולה. ווייס איך, חיות נישט זיכער! ער האָט בכלל געקוקט קרום אויף אָט דעם גאַנצן „לייענעכטס"... לפי דעתו איז אויף אַ גולם נישטאָ וואָס צו קוקן, ביז עס וועט אין אים נישט אריינ־געבלאָזן ווערן די נשמה, און די נשמה איז אין זיינע העפטן נאָך נישטאָ... זי וועט ערשט אריינגעבלאָזן ווערן מאָרגן... אָדער איבער אַ סך מאָרגנס... על־כל־פּנים — היינט איז זי נאָך נישטאָ! היינט איז נאָך אַלץ בבחינת

* אַ מין גאַראַזש פאַר עראָפּלאַנען.

ליים אויף צו קלעפּן כלים; בבחינת קלאַטשע אויף צו דרייען שטריק, פון וועלכע „מען זאָל זיך טאַקע אויף אַן אמת נישט קענען אָפּרייסן", אָבער — נאָך נישט היינט! נאָך נישט היינט!! נאָך נישט היינט!!!

און בכלל, וואָס איז דאָס איילעניש מיטן לייענען, וואָס? וואָס פאַר אַ פאַרלויפן די קלעזמער אויף פאָרנט, וואָס? ביי שלמהן איז עפּעס אויסגעקומען, אַז זיינע כתבים ווערן נישט געשריבן, כדי עמעצער זאָל זיי לייענען אָדער — ווי זיין זיידע שלום, ד' ינקום דמו, האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט וועגן זיין ערשטן בוך, וועלכער איז „אויף צו מאָרגנס" נאָכן סיום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גווילים נשרפים, — כדי יאָקל בן פלעקל אָדער זרח בן גימפּל זאָל וויסן נאָך אַ מעשה איום ונורא, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן בשנת כך וכך באותו ובאותו מקום... ניין, ניין! בעבור זה לא אמרתי! כלל נישט צוליב דעם פטרט ער אין אָט דעם קברל זיינע יאָרן און טעג... דער גאַנצער ענין באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס אַלץ, וואָס ווערט דאָ פאַרשריבן, דאַרף אַרויפגעכאַפּט ווערן אויף פּאַפּיר... למען ידעו דור אחרון, בנים יולדו, יקומו ויספרו לבניהם... דאָס אַלץ איז נישט פאַר איצט, דאָס אַלץ איז לעם נולד... יאָ! אויף צו לייענען אין זיינע העפטן שוין! על אתרו איז נישטאָ וואָס. נישט זיין יצירה איז שוין ראוי לברכה, נישט ס'איז אַזוי כדאי זיך מיט איר משמש צו זיין... אין לנו רשות להשתמש בהם, אלא לראותם בלבד! לא נבראה אשה אלא לנוי...* זיינע כתבים, דאַכט זיך אים, זענען אויך נישט באַשאַפן געוואָרן אויף אָנצוטאַפּן זיי מיט די הענט אָדער מאַכן פון זיי אַ קלימעקל און פאַרוואַרפן עס אויף די פּלייצעס... עס דאַכט זיך אים, ניין! ער איז כמעט ווי זיכער, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע — לא נבראו אלא לנוי... לשמח בהם בני־אדם... ויין ישמח לבב אנוש... ויין ישמח חיים... און ווי באַלד אַזוי, צו וואָס זשע איז דאָס לייענען זיי, ווען זיי זענען נאָך אין דער שאָלעכץ? איידער זיי ווערן איבערגעזיפּט און איבערגעפּערלט? ווער גייט עס טרינקען וויין, איידער ער ווערט אַראָפּגענומען פון די הייוון? ווער גייט עס זאָגן „לחיים" אויף אַזאַ משקה, וואָס איז נישט אָפּגעשטעלט און נישט אָפּגעלייטערט?

צוריק געדעדט, לויפט אים אָפּט מאָל דורך אַ געדאַנק:

— און אפשר, שלמה, איז אָט דאָס גאַנצע דאַכטעניש, וואָס דיר דאַכט זיך, בלויז אַ נישט געזונטע איינרעדעניש? נשיאים ורוח — וגשם אין? יעדע פרוי ווען זי פאַרשוואַנגערט, מיינט זי, אַז זי איז עס די אויסדערוויילטע פון גאָט; אַז זי גייט עס ברענגען אויף דער וועלט דעם אמתן אויסלייזער... און נישט זי מיינט אַזוי — נאָר זי איז אין דעם זיכער! זי פילט דאָס אַרויס פון יעדן שטורך, וואָס דאָס קינד גיט איר אונטערן

---

* דעם אייבערשטנס עיקר הכוונה ביים באַשאַפן די פרוי איז געווען, אַז דער מאַן אירער זאָל קענען אָנזעטיקן דאָס אויג מיט איר שיינקייט. (געמיינט: כדי ער זאָל נישט האָבן קיין הרהורים רעים; כדי ער זאָל נישט קומען לידי מחשבות־זרות און לא כל שכן — לידי: חטא, עבירה ועוון). פון דער גמרא.

הארצן... און אין דער אמתן, וואס? — גארנישט! אך הבל יהמיון... זײ זשע נישט, שלמה, קײן נארישע יידענע, און מײן נישט... װעסטו פאר־שפארן דערנאך זיך אויסצומיינען... יעדער „פיסאקא", * װען ער האט דאס „אנפאלעניש", מיינט ער מן הסתם, אז ער גייט גליקלעך מאכן די וועלט; אז ווי נאר זיין בוך וועט דערזען די ליכטיקע שיין, וועט גלייך די גאנצע מענטשהייט ווערן גוט און ווייל און וועט שוין מער גארנישט טון, נאר... נאר האלטן אין איין לייענען זיין בוך... טא זײ זשע כאטש דו נישט פון אט די וויסטע נאראנים און ניכטער זיך אוים ביי צייטנס...

אט די אלע „דעות ישרות" און „סברות נכונות" האבן אבער גאר־נישט געהאלפן: ער האט פארט געפילט, אז אים איז אראפגעגעבן געווארן עפעס: „א באזונדערע מתנה גנוזה"; אן „אראפגעבעכטס", וואס „לאו בכל יומא איתרחיש"... **

יוכבד — די איינציקע פון דער גאנצער חבריא, וואס האט געהאט די „הורמנא" *** אויף ארייבצוקומען אין שלמהס לאבאראטאריע; די אויס־דערוויילטע, וואס איז בכל עת ובכל שעה אריינגעלאזט געווארן אין זיין „לפני ולפנים" — האט גוט איינגעזען, אז דאס התלהבות און דער ברען און די סטיכיע און דער שטורעם מיט וועלכן איר מאן ארבעט יומם ולילה איז נישט „פון הי"... זי האט געזען, אז דאס איז א ברענענדיקער פאקעל! א פלאם־פייער!! א שייטערהויפן!!! זי פלעגט פארבלייבן אין זיין מחיצה ווי מעגלעך לענגער; זי פלעגט שטייען מן הצד, וואס ווייטער זיך אפרוקן פון „שלמהס קוזניע"; און אזוי שטייען און זיך צוקוקן... זי האט געהאט דאס געפיל, ווי זי וואלט צו זיך אליין געזאגט:

...אסורה נא ואראה את המראה הגדול הזה... הסנה בוער באש והסנה איננו אוכל...

און כאטש זי האט זיך בשום אופן נישט פארגעשטעלט און נישט געקענט „איינמאסטען אין מח": וואס אזוינס עס קען דערפון ארויסקו־מען און ווי אזוי קען דערפון עפעס נולד ווערן — פון דעסט וועגן האט זי גוט געזען און טיף געפילט, אז דא איז עפעס „נישט פשוט"; נישט סתם: א מענטש האט זיך צוגעזעצט „אנווארפן א פאר שורות" — ניין! דא, זעט זי, איז גאר־גאר אן אנדער ענין און גאר־גאר אן אנדער סדר... איר שלמה איז משכמו ומעלה גבוה מכל בני־גילו... מתחילתו ועד סופו זעט ער אוים אנדערש פון א פשוטן „אנווארפער"... דאס הארץ זאגט איר, אז דא, אין אט דעם שמאלן שטייגל, ווערט געבוירן א בריאה־חדשה, וואס ס'איז אפשר א זכיה צו שטייען „ביציאתה לאויר העולם"; וואס מען וועט אפשר שפעטער זיך נאכדערציילן ניסים ונפלאות: „ווי אזוי אט דאס קינד איז אויף דער וועלט געקומען"...

---

* כמו: שרייבערל.

** נישט יעדן טאג טרעפט זיך אזעלכעס.

*** רשות, א דערלויבעניש.

...און חוץ אַלע מסקנות, וואָס זי האָט געמאַכט ביי זיך פון דעם, וואָס זי האָט געזען מיט די אייגענע אויגן, איז זי נאָך געווען שטאַרק פאַר־גלייבט אין שלמהן, אַז ער וועט נישט לאָזן אונטערהונגערן זיין פאַמיליע און זיך פאַרנעמען מיט שטותים, מיט מעשה־נערות... אָ! ניין, זי איז געווען גאַנץ ווייט פון מהרהר זיין אחרי מדותיו...

אפרים־אהרון האָט דווקא לכתחילה אַ פּאָר מאָל יאָ געפּרוּווט שלמהן פירהאַלטן:

— וואָס טוט זיך עס מיט דיר, שלמה? וואָס פאַר אַ שרייבן אין מיטן דערינען, וואָס? אַלס קינד, געדענק איך, פלעגט אונדז דער מלמד אָפט איבערחזרן איינס און דאָס זעלבע: „קינדער, עס זענען דאָ דריי אופנים, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט דער פּען. דריי רמזים. פאַרגעדענקט זיי גוט! ערשטנס: ס׳איז אַ מאָל בעסער צו זיין אַ כבד־פּען, איידער זיך שפּעטער נישט קענען אַרויסדרייען פון דעם, וואָס מען האָט אַליין אָנגע־טענטלט; צווייטנס: „השמר לך פּען!" — היט זיך פון אַ טעות מיט דער פּען". טאָמער פאַרשרייבסטו עפּעס נישט ריכטיק, קען דער טעות ביי דיר איינגעוואָרצלט ווערן אויפן גאַנצן לעבן; דריטנס, און דאָס איז דער עיקר: „וקנה לך חבר!" — די פּען זאָל זיין דיין חבר! יעדעס שווער וואָרט זאָלסטו ביי זיך פאַרשרייבן און דערנאָך אויסחזרן, אַז עס זאָל ביי דיר בלייבן כמונח בקופסא"... אָט אַזוי פלעגט אין אונדז אַריינרעדן אברהם־יודל דער מלמד השכם ודבר, השכם ודבר, עס פלעגט אים גאָר נישט נמאס ווערן. אָבער דאָס זענען דאָך אַלץ געווען מעשה־נערות. יאָ שרייבן, נישט שרייבן — אויך אַ געשעפט! אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט דאָס פאַר דיר, ביי דיינע יאָרן קיין עין־הרע, אַ ייד מיט אַ ווייב און קינדער, זאָל זיך ערשט נעמען שפּילן אין מענטשעלעך... דו ביסט דאָך קיין מאָל קיין בטלן נישט געווען און מיט אַ מאָל — נאָ דיר גאָר שרייבן ספרים! קורח שפּקח היה, מה ראה לשטות זה? דו זאָלסט הערן, וואָס מען דערציילט זיך אָן פון בערלין, פון פראַנקפורט־אַם־מיין, און אפילו פון מינכען, — ביי אונדז אונטער דער נאָז, — כל מי שיש לו מח בקדקדו, ווער עס האָט נאָר געהירן אין קאָפּ, ליאַדע סוחרימלעך קערן איבער וועלטן, מען איז מאסף ממון מלא־חפנים, מען ווערט נתעשר, זאָג איך דיר! און דו האָסט זיך אַריינגעלאָזט אין אָט דער נאַרישער סופרעריי, וואָס? ווער? וועמען? כלפּי ליאָ?! ווער ווייסט, צי דיין גאַנצע האָרעוואַניע וועט נישט זיין אַרויס־געוואָרפן? צי וועט עס אויף עפּעס טויגן? און אויב עס זאָל שוין גאָר עמעצן יאָ געפעלן ווערן, איז וואָס מיינסטו, וואָס? אַז מען וועט דיר פאַר דיין פּנקס שטעלן אַ גאָלדענע מצבה? דו ווייסט נישט, אַז אָט די שרייַ־בערוקעס זענען קטלנים, רוצחים, „אני ואפסיניקעס", טאָמער כאַפּט ער זיך אַרויף אויף דער אייבערשטער באַנק — צי ער קען טאַקע עפּעס, צי ער קען אפילו נישט „דער קאַץ דעם ווידל צובינדן" — אַזוי מיינט ער, אַז אויף זיין פּאַטשקעריי שטייט שוין די גאַנצע וועלט, אַז נאָר אים איי־נעם איז באַוווסט דער סוד־הבריאה פון אַן אַרטיקל, צי פון אַ ביכל דאָרט...

אויב דיין גאנצע „פיסאנינע" טויג אפילו יא אויף עפּעס; אויב זי איז אפילו יאָ ראוי לברכה — אין וואָס איך בין, פאַרשטייסטו מסתם אַליין, נאָך שטאַרק מסופק, ווייל: לא יגעתי ומצאתי אל תאמן! פון וואַנען זאָל זיך דאָס צו דיר נעמען? פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן? מלאכים האָבן מיט דיר געלערנט? — האָב איך אויך שטאַרק מורא, אַז אָט די „חברה־קדישא־שמשים"; אָט די „סטראַזשניקעס" מיט די „פּריסטאַוועס" זייערע; כ'מיין די יונגאַטשעס פון די „גאַזעטן" וועלן דיך נישט „צולאָזן צום עמוד"... ווי לאַנג שמייסט מען זיי, אָט די שטשיגוטערם — אפילו די קטלא־קניא'ס שבהן — צי אַזאַ איינער איז מסוגל מודה צו זיין, אַז נאָך עמעצער חוץ אים יכולט אויך עפּעס... און איך בעט דיך זייער: פאַר וואָס זאָלן זיי דיך יאָ אַנערקענען? וואָס פאַר אַ מחותן ביסטו מיט זיי? מה לכהן בבית־הקברות? און צוריק גערעדט: אפשר וועלן זיי גאָר זיין גערעכט אויך... ווייל פון וואַנען איז גערדונגען, אַז ס'האָט טאַקע עפּעס די ווערט? אָט דאָס איז אַן עובדה פאַר אַ יונגנמאַן אַ סוחר? פאַר אַ יונגנמאַן מיט אַ פאַמיליע? פאַרקערט, איך און די מאַמע זאָגן דיר נישט: „זוננו — פרנסנו וכלכלנו",* ווי דאָס זאָגן אַנדערע טאַטע־מאַמע אין אונדזערע יאָרן. איך האָף צו זיין ליבן נאָמען, אַז ער וועט אונדז נישט פאַרלאָזן אויך אָן דער הילף פון די קינדער, — דעם דריטן טאָג אַ שטיקל ברויט, נאָר נישט אָנקומען צו קיין קינד, אפילו צום בעסטן קינד! — אָבער דו האָסט דאָך אַ ווייב מיט דריי קינדערלעך, זאָלן זיין געזונט און שטאַרק, ווי מעג מען זיך אַריינטון אין חלומי־חלומות? אדרבה, זאָג אַליין, וואָס קלערסטו זיך?

שלמה האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט געשוויגן. — וואָס האָט ער געהאַט צו ענטפערן? ער האָט אַליין אויך נישט געוווסט, צי זיין „מלאכה" וועט אויף עפּעס טויגן; אפשר וועט טאַקע אויף זיינע „מענטשעלעך" קיינער נישט וועלן קוקן? אפשר פּטרט ער טאַקע זיין צייט אויף דברים־בטלים? אָבער ס'איז ביי אים נישט קיין בחירה־זאַך. ער מוז! כאלו כופאו שד! ער קען זיך שוין איצט אויף קיין איין רגע נישט באַפרייען פון דעם דאָזיקן מיראַזש; פון זיינע האַלוצינאַציעס... און חוץ דעם, וואָס — וואָס, נאָר דאָס „וועלטקערעניש" פון די בערלינער און פראַנקפורטער סוחרים האָט אים עפּעס נישט געצווינגן צו זיך. אמת, די קינדערלעך האָבן טאַקע צו ביסלעך אונטערגעהונגערט; די עלטערן זיינע האָבן אויך אָפּט מאָל „פאַרביסן מיט די ליפּן"; אויפצועסן דאָס שטיקל צוגעטיילטע שאָקאָלאַד, האָט זיך דער עולם נישט געקענט פאַרגינען, מען האָט עס געמוזט פאַרקויפן און קויפן אַ ברויזן פלייש אויף מיטאָג, אָבער ער איז איצט נישט געווען פעאיק זיי צו העלפן, ער איז געווען צוגעבונדן בכבלי־ברזל צו זייןביידעמל אין גאַראַזש און צו זיינע העפטן.

דער פאָטער, דערזעענדיק, אַז ביי זיין שלמהן איז דאָס שרייבן נישט

---

* בדרך מליצה געמיינט: זונעניו, גיב אונדז פרנסה.

קיין קאפּריז, נישט קיין: „אזוי וויל איך!”, נאָר — כי בנפשו הוא, האָט ער אים אויך .אויפגעהערט צו מוסרן —

און צפורהן מיט יוכבדן האָט ער כּפּעם בּפּעם אויסגערעדט דאָס האַרץ:

— הערט, וואָס איך רעד צו אייך, און נעמט עס אייך גוט אַריין אין קאָפּ אַריין! אויב מיין שלמה קען זיין אזוי פאַרקאָכט אין דעם עסק, מסתמא איז עס דאָך עפּעס אַן ענין! קיין בטלן איז ער דאָך נישט. היד ד׳ תקצר? אפשר וועט דערפון מיט דער צייט נולד ווערן עפּעס אַ שטיקל מעמד־פרנסה? עס טרעפט דען נישט, אַז „מעז יצא מתוק”?

# קאפיטל LVII

נאָך פּורים האָט זיך קיין וואַלדשטאַט אַראָפּגעכאַפּט אַ יונגערמאַן און האָט זיך אומעטום נאָכגעפרעגט, באַזונדערס אין די בתי־מדרשים, צי ווייסט מען פון איינעם אַ געוויסן: שמואל כּאַזאַן. אַלע אָנגעפרעגטע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— קיינער האָט נישט געהערט אַזאַ נאָמען... איר ווייסט דען אויף זיכער, אַז דווקא דאָ דאַרף ער זיין, אָט דער כּאַזאַן?

שבת ביים דאַווענען, האָט מען אין ליובאַוויטשער קלייזל, אין פּאַ־ליש, איבערגערעדט פון דער מעשה: ווער קען דאָס זיין אָט דער געהיימ־ניספולער: שמואל כּאַזאַן, וואָס מען פרעגט זיך נאָך אויף אים אַזוי שטאַרק?

שלמה, דערהערט זיין גלות־נאָמען, האָט זיך אין אים דאָס האַרץ אַ וואָרף געטון פאַר אומקלאָרער שרעק: אים מיינט מען דאָס, צי אפשר פרעגט מען גאָר אויף דעם אמתן בעל־הבית פונעם נאָמען — דעם גע־שטאָרבענעם פּוילישן יידן? ער האָט אַרויפגעצויגן אויפן פּנים אַ גלייכ־גילטיקע מינע און האָט זיך, מכלומרשט בלויז פון נייגעריקייט, אָנגע־הויבן דערפרעגן, ווער עס זוכט עס דעם דאָזיקן כּאַזאַן. מען האָט אים אָפּ־געשילדערט דעם יונגנמאַן מיט אַלע פּישטשעווקעס. שלמה האָט מאָמענטאַל אויסגעטון דעם טלית און איז אין איין אָטעם אַוועק איבער די צענדליקער שולן און מנינים אויפצוזוכן דעם, וואָס זוכט אים. נאָך אַ געשוואָלענער שעה פון אומנוצלעכע אַרומזוכענישן, האָט שלמה זיך אומגעקערט אַהיים בפּחי־נפש: ער האָט דעם „שואל ודורש" אין ערגעץ נישט געפונען. מנחה־צייט, ווען אין אַלע בתי־תפילה זעצן זיך יידן צום שלש־סעודות, איז ער ווידער אַרומגעלאָפן איבער די שולעכלעך ווי אַ פאַרסמטע מויז און ערשט העט, העט נאָך הבדלה האָט ער טאַקע געפּאַקט דעם אָפּגעמאַלטן „פּאַרשוין" אַרויסגייענדיק פון די „מזרחיסטן".

שלמה האָט אים בין הבאים דערלאַנגט „שלום־עליכם" און אים בדרך־אגב אַ פרעג געטון:

— נישט איר פרעגט זיך עס נאָך אויף איינעם: שמואל כּאַזאַן?

דער יונגערמאַן האָט זיך אַזש אַ וואָרף געטון פאַר אומגעריכטקייט:

— יאָ, איך. וואָס איז דען?

— צו וואָס דאַרפט איר דעם דאָזיקן מענטשן?

— דאָס קען איך זאָגן נאָר אים אַליין.

— איר מעגט אויך מיר זאָגן.

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך מעג?

— קומט מיט מיר, וועל איך אייך אָפּפירן צו דעם, וואָס איר זוכט.

אין דער היים האָט שלמה פעסט צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך און האָט זיך אָנגערופן צום פרעמדן יונגנמאַן:

— איר קענט מיר זאָגן, אַלץ וואָס איר דאַרפט. איך בין דאָס דער: שמואל כּאַזאַן.

— גיט מיר א באוויז, אז איר זענט עס —

שלמה מאכט אויף די עלעקטרי, שלעפט ארויס פון אונטערן בעט א צעפיצלטן, קארטאָנענעם טשעמאָדאַן, נעמט ארויס און ווייזט אים די פוי־לישע פאספּאָרטן מיט זיין פאָטאָגראַפיע. יענער קוקט פון שלמהן אויף דער פאָטאָגראַפיע און ווידער אויף שלמהן און לייענט פאר זיך:

— כאסאַן סאַמועל... כאסאַן סאַמועל...

ער ישובט זיך אַלץ און קען זיך בשום אופן נישט באַשליסן. שלמה זאָגט אומגעדולדיק:

— וואָס טראַכט איר אַזוי לאַנג? איך שווער אייך: ווי ס'איז היינט געווען שבת אויף דער גאַנצער וועלט, אז אין רוסלאַנד און אין פּוילן איז דאָס געווען מיין נאָמען. מענטש איינער, וואָס קווענקלט איר זיך נאָך? צו וואָס נוצט מיר אייך אָפּצונאַרן?

— גוט, איך גליב אייך! איך האָב פאַר אייך א בריוו —

— פון וועמען איז א בריוו?

— דאָס מוזסט איר אַליין טרעפן. ווען נישט, קען איך אים אייך נישט געבן.

— אָבער פון וואַנען?

— פון לעמבערג.

שלמה, מיט א מאָל א בלייך געוואָרענער, פאַרקייטלט די טיר און פרעגט אַזוי שטיל, אז מען קען קוים דערהערן זיין קול:

— פון סטעפּאַנען?

— זיין ערשטן נאָמען ווייס איך נישט. אַזוי ווייט היימיש בין איך מיט אים נישט געווען. איר מוזט מיר זאָגן זיין פאַמיליע־נאָמען —

שלמה, נאָך פאַרשטיקטער:

— פון זשוראַוווליאָוון?

— געלויבט דער אייבערשטער! דאָס מאָל האָב איך אים געפּאַקט —

דער פרעמדער האָט אַראָפּגעשלעפּט דעם לינקן שטיוול, און האָט פון א געהיימען פאַלד אין דער כאָליעווע ארויסגעשלעפּט א שטאַרק־צע־קנייטשטן, פאַרמאַכטן קאָנווערט. שלמה האָט מיט ציטערנדיקע הענט גע־נומען ביי אים דעם בריוו. ער האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, פאַר־זיכטיק אויפגעקלעפּט און האָט מיט א פאַרשטאָרבן האַרץ בקול דממה דקה געלייענט פאַר זיך:

„ליבער שלמה, אָדער „שמואל כאַזאַן"!

דער דאָזיקער מענטש, וואָס ברענגט דיר דעם בריוו, האָט מיר הייליק צוגעזאָגט, אז ווו דו זאָלסט נישט זיין וועט ער דיך אויפזוכן און דיר אָפּגעבן אָט דעם בריוו —

פאַר די צען חדשים, וואָס זענען פאַריבער פון זינט מיר האָבן זיך צעשיידט, זענען דורך מיינע הענט דורכגעגאַנגען פיל הונדערטער מענטשן אַזעלכע ווי דו (איך וויל זאָגן: וואָס האָבן זיך געפונען פּונקט אין אַזא דעליקאַטער לאַגע, ווי דו). און איך בין גליקלעך, וואָס זיי זענען שוין

אצינד געזיכערט מיט זייער לעבן. די לעצטע צייט איז מיר דאָס האַרץ עפּעס זייער שווער. איך פיל, אַז מען שפּירט מיר נאָך אויף יעדן טריט און שריט. ס'איז ביי מיר נישט אפילו קיין מינדסטער ספק, אַז דער שלייף אַרום מיין האַלדז פאַרציט זיך אַלץ ענגער און ענגער. איך פיל, אַז מיינע טעג זענען געציילטע. אַראָפּוואַרפן דעם מונדיר און אייך נאָכלויפן אַהין צו — דערביי האַלט איך נישט! איך בין אַ רוס. איך בין אַ קאָמוניסט. דאָ איז מיין פאָטערלאַנד. דאָ דאַרף איך לעבן אָדער שטאַרבן! מילא, זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך. כאַפּט עס דער רוח אין גאַנצן. זאָל מען מיך שיסן! איך וויים כאָטש פאַר וואָס איך גיי שטאַרבן. נאָר אויף די קינדערלעך אויף מיינע רייסט מיר דאָס האַרץ, וואָס וועט פון זיי ווערן אָן אונדז? און היינט, אויף קלאַוועז... זי וועט מן־הסתם טיילן מיין גורל... איך האָב אָבער שטענדיק געפילט, אַז דו און אַלע דייניקע, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דורך מיינע הענט, וועלן אַ מאָל לעבן אַ גוטן טאָג אין פּאַלעסטינע, און איך וועל פאַר אייך פּוילן אויף סאַכאַלין אָדער גאָר הענגען צווישן הימל און ערד. נאָר איך האָב דערויף קיין חרטה נישט. איך האָב אייך ליב, ווייל איר ליידט אומשולדיק. אַ סימן האָסטו, אַז אַזוי איז דאָס, אַז אַלץ, וואָס ליגט נאָר אין מיינע מעגלעכקייטן, טו איך נאָך אויך איצט, כאָטש... ממש עס ברענט אונטער מיר די ערד. וויים איך, כאַפּט עס דער רוח! אַלץ איינס דאַרף מען דאָך שטאַרבן... ווען דו וועסט אַ מאָל קומען אין יענע הייליקע ערטער, דערמאָן דאָרט אויך מיין זינדיקע נשמה. קיין גלייביקער בין איך אפילו קיין מאָל נישט געווען, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז יאָ דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. דאָס האָט זיך מיר אָנגעהויבן צו דאַכטן נאָך דאַמאָלסט, ווען דו ביסט אין 1932 אַרויס אַ לעבעדיקער פון „יעליזאַוועטינסקע״. ווי די זאַך איז, פאַרוואַרף דאָרט אַ גוט וואָרט פאַר מיר, פאַר קלאַוועז — זי האָט דאָך דיך אַזוי ליב... און אויך פאַר מיינע פיר עופעלעך.

זיי געזונט און לעב כאָטש דו גליקלעך. אַ גרוס פאַר אַלע דייניקע. איר ווייסט גאָר נישט ווי גליקלעך איר זענט, וואָס איר האָט זיך ביי צייטנס אַרויסגעכאַפּט פונעם היגן גן־עדן. די אַלטע סערענאַדע לאָזט זיך שוין ווידער הערן. איר ווייסט דאָס שוין נישט, אָבער דערפאַר וויים איך דאָס זייער גוט.

דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט מיר עטלעכע מאָל געשוווירן, אַז ער וועט אָפּגעבן דעם דאָזיקן בריוו נאָר דיר פּערזענלעך אין די הענט אַריין. גיב גאָט, אַז עס זאָל אים געלינגען צו האַלטן זיין וואָרט. איך פיל, אַז דאָס הערסטו איצט פון מיר צום לעצטן מאָל. נאָך אַ מאָל זיי געזונט!

מיט אַ באָלשעוויסטישן גרוס — זשוראַוואָליאָוו״.

עטלעכע מינוט איז שלמה געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָט געשוויגן. דאַן האָט ער מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע אַ פרעג געטון דעם פרעמדן יונגנמאַן:

— פון זינט איר זענט אריבערגעפאָרן דעם גרענעץ האָט איר מער גאָרנישט געהערט פון אים?

— פאַר וואָס עפּעס האָב איך נישט געהערט? איך האָב דווקא יאָ געהערט. ווען איך בין געווען אין בערלין, אין דער רוסישער זאָנע, האָט מען מיר דערציילט, אַז אַ דריי וואָכן נאָך מיין אַפּפאָרן פון לעמבערג האָט מען אַרעסטירט דעם פּאָלקאָווניק זשוראַווליאָוו מיט זיין פרוי — אַ דאָק־טערשע איז זי, צי אַ פּראָפעסאָרשע — האָט מען זיי צוזאַמען מיט אַלע זייערע קינדער אַרעסטירט און זיי תיכף אָפּגעשיקט מיט אַ ספּעציעלן עטאַפּ קיין מאָסקווע. איר ווייסט? ס'איז זייער אַ שאָד אַזאַ מענטש... איר ווייסט גאָר נישט, וואָס פאַר אַ דימענט דאָס איז געווען! ער האָט ביי מיר גע־נומען אַ שבועה, אַז איך זאָל איבערגעבן דעם בריוו נאָר אייך פּערזענ־לעך אין די הענט אריין. ווו האָב איך אייך דען שוין נישט ארומגעזוכט? אין לאָדזש האָט מען מיר געזאָגט, אַז אַזעלכער איז געווען אין קאַטאָוויץ. אין קאַטאָוויץ — אַז אַזעלכער איז אָפּגעפאָרן קיין טשעכן. אין טשעכן, אין פּראָג, הייסט עס, אין לאַגער „דיאַבליצע", האָט מען מיר געענטפערט, אַז אַזעלכער איז דאָ דווקא אַ מאָל געווען, נאָר ער איז ערגעץ אַוועקגע־פאָרן: אָדער קיין עסטרייך אָדער קיין דייטשלאַנד אָדער קיין פראַנקרייך. וואָס זאָל איך אייך דערציילן? איך האָב איבערגעזופּט גאַנץ עסטרייך. איך האָב געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן זיך: כאַזאַן, אַ קיעווער, מיט אַ שוואַר־צער באָרד — איין מאָל ניין! דערנאָך בין איך אריבער קיין דייטשלאַנד, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, און יעדער לאַגער זיך נאָכגעפרעגט, חוקר ודורש געווען — קיינער ווייסט נישט! ביז מען האָט מיר אין מינכען גע־זאָגט:

— יונגערמאַן, איר בלאָנדזעט. לא זה הדרך! אויב אייער כאַזאַן איז אַ רוסישער ייד, טאָ פּאָלגט זשע אונדז: כאַפּט זיך אַראָפּ קיין פּאָקינג, דאָרט זענען דאָ אַ סך רוסישע יידן, אפשר ווייסן זיי פון אַזאַ מענטשן...

בין איך שוין דאָ העכער אַ וואָך צייט. איך האָב שוין בפירוש גע־קלערט אַוועקצופאָרן. אַז איין מאָל ניין: נישטאָ און נישטאָ — כאָטש צע־רייס זיך! האָב איך צו זיך געזאָגט: גוטער ברודער, וואָס קענסטו דאָ העלפן? פון זיך זאָלסטו מאַכן אַ כאַזאַן, צי וואָס? דו האָסט דיין וואָרט הייליק געהאַלטן און דיין פליכט בשלמות אויסגעפילט און, אַז ער איז נישטאָ — ביסטו ריין! ווי אַזוי שטייט דאָרטן אין חומש: „ואם לא תאבה האשה ללכת אחריך, ונקית משבועתי זאת"... אַזוי האָב איך זיך אַליין גע־פּרוווט איינרעדן, אַז איך בין שוין יוצא און האָב שוין אפילו געוואָלט אויפהערן צו זוכן, אָבער איצט, אַ דאַנק גאָט, וואָס ער האָט זיך אויף מיר מרחם געווען און האָט מיך געפירט אויפן ריכטיקן וועג. געלויבט איז השם־יתברך, וואָס איך האָב מיין וואָרט מקיים געווען. אַ שבועה איז אַ שבועה...

— חבר, גייט אייך איצטער אויף אייער אכסניא, איר וועט מאָרגן אין דער פרי צו מיר אריינקומען.

ווען די טיר האָט זיך הינטער אים צוגעמאַכט, האָט שלמה פּאַרלאָשן

די עלעקטרי און האָט צעפּראַלט דאָס פענצטער, וואָס גייט אַרויס אין וואַלד אַריין. אַ הויפן שניי האָט אים אַ שמיים געטון גלייך אין פּנים אַריין. דער ווינט האָט כהרף־עין אַראָפּגעטראָגן דעם טישטעך פונעם טיש; אַראָפּגעוואָרפן די לייכטער און געהוידעט די הענגענדיקע פּאָליצע מיט ספרים. שלמה איז געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטער און האָט אַלץ גע־קוקט אין פאַרכמורעטן הימל אַריין, ווי ער זאָל וואַרטן אויף אַן ענטפער פון דאָרטן. הינטער אים האָט זיך שטיל אויפגעעפנט די טיר. יוכבד איז אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו אים, זי האָט צאַרט פאַרפּלאָכטן איר־רע שיינע הענט אַרום זיין האַלדז און זיס אַ שעפּטשע געטון:

— שלמהלע, לעבן מיינס, וואָס שטייסטו עפּעס אַזוי־אָ?

שלמה האָט זי פעסט צוגעדריקט צום האַרצן און האָט ווייטיקלעך אַרויסגעפּליסטערט:

— אוי, יוכבד, ס'איז מיר ענג אין דער נשמה... פריש בלוט וואַרגט מיך... פרישע, צאַפּלדיקע קרבנות... עס ווילט זיך שרייען, עס ווילט זיך עמעצן הרגענען, עס ווילט זיך נישט לעבן אויף דער וועלט און שוין!

די פרוי האָט אים צערטלעך געגלעט איבערן פּנים:

— דו האָסט באַקומען אַ ידיעה פון רוסלאַנד?

אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— איז, הייסט עס, ווידער אומרואיק אויף דער יידישער גאַס?

— וואָס פאַר אַ חילוק, אויף דער יידישער, צי נישט אויף דער יידי־שער, — דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס דאָס פאָלק פאַרמאָגט, ברענגט מען דאָרט אום... נאַ, לייען אַליין —

יוכבד האָט געמאַכט ליכטיק און האָט צעעפנט דעם בריוו. איבער־געלייענט, זאָגט זי:

— האָסטו, הייסט עס, ערשט נאָר אַ פאָרגעפיל?

— אַ געשעענער פאַקט, נישט קיין פאָרגעפיל! זיין האַרץ האָט אים נישט אָפּגענאַרט. אין דריי וואָכן אַרום נאָכן אָנשרייבן דעם בריוו האָט מען אים פאַרנומען צוזאַמען מיט קלאַוועץ און מיט די קינדער און זיי אַלע אָפּגעשיקט קיין מאָסקווע.

פון יוכבדס האַלדז האָט זיך קעגן איר ווילן אַרויסגעריסן אַ ווילדער קוויטש. שלמה האָט זי צוגעצויגן צו זיך, ער האָט זי איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס און זיי זענען לאַנג אַזוי געשטאַנען מיט פאַרקוועטשטע אויגן און מיט פאַרשטאָרבענע הערצער. דער שניי איז געפאַלן אַלץ געדיכטער; דער אומגעצוימטער ווינט האָט אַלץ צערייצטער געשמיסן אויף זיי; אָנ־געטון אין תכריכים דאָס גאַנצע צימער.

...און זיי האָבן אַלץ גאָרנישט געזען און גאָרנישט געפילט...

שלמהס טויטלעכע ליפּן האָבן מיט אַ ביטערן יאוש געשעפּטשעט:

— אָט אַזוי נעמט מען צו פון דער וועלט די בעסטע פון די בעס־טע... זיי, די צוררים, נעמען נישט אַבי וועמען! זיי נעמען נאָר משופרא דשופרא... פריער לאַבאָוון... דערנאָך טאַטיאַנאַ מיכאַילאָוונען... איצט

סטיאָפּעז מיט קלאָוועז... ס'איז שוין באַלד קיין איין ליטישער קריסט נישט איבערגעבליבן אויף דער אוקראַינע... נעם, יוכבד, לאָמיר זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים פאַר זשוראַווליאָוון מיט קלאָוועז... טאָמער לעבן זיי נאָך... פאַר זייערע עלנטע קינדערלעך... איאָ, מיר וואָלטן אָן אַ ישוב־הדעת אָפּ־געגעבן אַ האַלב לעבן פאַר דער מעגלעכקייט זיי מיט עפּעס צו העלפן?

— אַ האַלבס, זאָגסטו? איך וואָלט מיין גאַנץ לעבן פאַר זייערעט וועגן נישט געזשאַלעוועט —

— דערפאַר טאַקע האָב איך דיך ליב. נעם די תהילימס, נעם... לאָ־מיר טאַקע זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים פאַר זיי, פאַר אַט די קדושים וטהורים... פאַר אָט די חסידי־אומות־העולם שמסרו נפשם על קדושת־השם...

דער ווינט האָט זיי געהאָלפן אויפמישן; ער האָט יעדעס בלעטל באַ־זונדער צוגעזאָלצן מיט עטלעכע שנייעלעך; מאַן און ווייב זענען זיך צע־גאַנגען אין צוויי באַזונדערע ווינקלען: „זה עומד בזוית זו ומתפלל, וזו עומדת בזוית זו ומתפללת". זיי האָבן מתפלל געווען מיט צוויי פאַרשי־דענע שטימעס, נאָר בלב אחד ובנפש אחת; אין צימער האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט דער וויינענדיקער תהילים־ניגון:

— ...אלי, אלי, למה עזבתני...

*

די טעג זענען געלאָפן...

עס פלעגט אָפּט טרעפן, אַז גאַנצע וואָכן פלעגט שלמהן קיינער נישט זען חוץ איין יוכבדן. אין זיין בוידעם־קעמערל פלעגט ער פאַרברענגען גאַנצע טעג און אָפּט מאָל איבערבלייבן ביז האַלבער נאַכט און שרייבן: ביי אַ לאָמפּ אָדער ביי אַ ליכט. פון טאָג צו טאָג האָט זיך אים אַלץ מער געדאַכט, אַז ער געפינט צוריק זיין מאָסקווער אבדה. דאָס דאָמאָלסט צע־זייטע און צעשפּרייטע אַש איז ווידער מגולגל געוואָרן: אין בלעטער; אין העפטן; אין בענדער!

אין לאַגער האָט געווימלט מיט פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך. די רעכ־טע האָבן אויסגעגאָסן זייער גאַנצן גרימצאָרן אויף די לינקע. די לינקע האָבן געזידלט און געפּאַטשט די רעכטע. דאָס גאַנצע יידישע בייערן האָט געקרענקט אויף אַ געפּערלעכן פּאַרטיי־טיפּוס —

...אַן אגודה מיט אַ „תחת",* אַן אגודה אָן אַ „תחת"... און אַ חוץ: אגודת „חב"ד", און אַ חוץ: „פּועלי אגודת ישראל", און „צעירי אגודת ישראל", און „אגודת שלומי אמוני ישראל"...

...סתם „מזרחי" און „פּועלי מזרחי" און „צעירי מזרחי"...

...„בית"ר" און „בית"ר הצעירה" און „ברית הצה"ר", און „ברית ישורון", און „ברית לוחמים"...

* אין בייערן האָט אונטער דער אָנפירונג פון דעם קלויזנבערגער רב עקזיסטירט אַ באַזונדערע, עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע „אגודה". די אַזוי גערופענע: „אגודה־תחת". דאָס האָט געהייסן: תחת השגחת הרבנים הגאונים.

היינט: „איחוד", און „אחידה", און „פח"ח", און לינקע פועלי ציון, און רעכטע פועלי ציון, און אלגעמיינע ציוניסטן, און באראכאווצעס, און נח"ם, און גורדוניה, און עלית־הנוער און „העובד", און מחילה — קאמו־ניסטן, און נאך פארטייען און פארטייעלעך, מיט סעקציעס מיט פראק־ציעס מיט אפאזיציעס — אן אמתער ערב־רב...

שלמה האט זיך צוגעקוקט ווי מען פיצלט און מען ברעקלט דאס יידי־שע פאלק — ריכטיקער געזאגט: די אפגעסמאליעטע רעשטלעך פון דעם פארברענטן יידישן פאלק — און האט בשום אופן נישט געקענט משיג זיין: וו ליגט דא דער הונט באגראבן? צוליב וואס טוט מען דאס? צו וואס העלפט דאס און וועמען נוצט דאס? אליין האט ער אין קיין שום פארטיי נישט אריינגעשמעקט. אפילו בלויז דאס ווארט: „פארטיי", איז שוין פאר אים געווען ערגער ווי: „מוקצה", ממש — כחתיכה דאיסורא —

כמעט אלע לאגער־איינוווינער האבן צו עמעצן געהאט טענות. יע־דער איינער איז געווען א תולה קללתו באחרים. אייניקע האבן באווארפן מיט שקוצים וזלזולים די גאנצע הנהלה פון דער „שארית הבלאטע"; * מען האט מרעיש־עולם געווען: אויף די גנבישע שטיק פונעם „ועד הלצה"; ** אויף די געוועזענע „קאפאס", וואס האבן פארנומען אין די אמטן דעם גאנצן אויבן־אן און ליגן זיך אן פולע קעשענעס; אנדערע ווידער, זענען געווען אש־להבה אויף די „לינקע" חוצפהניקעס, וואס האבן די העזה צו שלאגן די פרומע יידן, ווען יענע לאזן נישט מחלל־שבת זיין בפרהסיא; נאך אנדערע האבן געהויצט אויף „גאטס סטראפטשעס" פון „אלעביידע, דריי, פיר, פינף אגודהס", וואס האבן נאר אין זינען די איי־גענע בייכלעך און מער גייט זיי קיין זאך נישט אן.

עס זענען געווען אויך אנדערע מינים טענות: ביי מענטשן, וואס האבן פארלאזט די לאגערן און האבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט אין די דייטשע שטעטלעך, — האט דער דזשאָינט צוגענומען די קיצבה. האט זיך אויפגעהויבן א „ויצעקו"; מען האט געמאכט גוואלדן עד לב השמים:

— סטייטש, למה נגרע? מיט וואס האבן מיר פארזינדיקט? וואס איז אייך זאלץ אין די אויגן, אויב מיר וווינען נישט אין הילצערנע ביידלעך? וואס איז אייך שטיינער אין הארצן, אויב דער ווינט טראגט נישט אראפ דעם דאך פון אונדזער קאפ?

האבן אבער יידן, יודעי־ספר, זיי איינגעשטילט אויך מיט א ראיה פונעם פסוק:

— ווען די יידן זענען פון דער מדבר אריינגעקומען אין א ישוב, שטייט דארט בפירוש געשריבן: „ויפסוק המן, ויאכלו מעבור הארץ"... ***

---

* געמיינט: שארית־הפליטה.

** געמיינט: ועד הצלה.

*** און עס האט אויפגעהערט דער מן (געמיינט: דאס אומזיסטיקע ברויט) און זיי האבן זיך אנגעהויבן צו שפייזן מיט דער תבואה פון דעם לאנד. (געמיינט: פון דער אייגענער הארעוואניע).

דער זעלבער דין איז חל אויך אויף אייך... ווייל דער לאַגער איז געגליכן צו אַ מדבר...

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט זיך אין לאַנד אָנגעהויבן אַן איבער־קערעניש. די ווערונג* האָט אָנגעמאַכט חורבנות. יידן האָבן געהאַט יסורים ממרקין,** ווער ס'איז ערשט נעכטן געווען אַ גביר, איז היינט געוואָרן גלייך מיטן גרעסטן אָרעמאַן; מענטשן זענען בן־לילה געוואָרן קבצנים, דלפנים. יעדער בשר ודם האָט באַקומען איבערגעביטן טויזנט מאַרק אויף אַ נייעם הונדערטער, והמותר — כאָטש קלעפּ מיט זיי אויס די ווענט אָנשטאָט שפּאַליער... כאָטש וואַרף זיי אַרויס אויף דער מיסט־קופּע...

אָט די דאָזיקע „אויפטרייסלענדיקע" טראַגעדיע, פּונקט אַזוי גוט ווי אַלע איבעריקע גוואַלדן און טראַגעדיעס פון די לאַגער־יידן, זענען צו שלמהס מח און צו שלמהס האַרצן נישט דערגאַנגען. ער איז גאָר נישט געווען בעלמא הדין. ער איז נאָך מיט אַלע זיינע חושים, מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים ושס"ה גידים געווען אין קיעוו, אין זיין ווייטן עבר, פון וואַנען ער האָט געשעפּט גאַנצע פּעק מיט זכרונות און זיי איבערגעגעבן דעם פּאַפּיר צו באַהאַלטן. ער איז קיין מאָל אין ערגעץ נישט געגאַנגען, קיינעם נישט געזען און גאָרנישט נישט געהערט. סגור ומסוגר אין זיין ענג בוידעם־קעמערל, איז ער דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע וואָכן און חדשים. נאָר דערפאַר פלעגן די שבתים ביי זיי זיין פרייִלעכע. אַלע „בני־משה" פלעגן עסן ביי אפרים־אהרונס טיש, אין דעם גרויסן עסצי־מער. דאָרטן פלעגט זיך יעדער איינער אַ ביסל אָראָפּרעדן פונעם האַרצן. פון דער ערשטער שעה, וואָס די „בני־משה" האָבן קונה־שביתה געווען אין דעם לאַגער „וואַלדשטאַט" — פון פריער איז דאָך אָפּגעשמועסט — האָט זיך ביי זיי געפירט אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפט — אַ קאָמונע! אַלץ וואָס עמעצער האָט באַקומען צוגעטיילט פאַר זיין אַרבעט האָט ער דאָס אַריינ־געבראַכט אין „קהלשן טאָפּ" צו צפורהן מיט זלפהן, און אַלע האָבן גע־געסן פון איין טיש. שבת צו נאַכטס — אויב ס'האָט דאַמאָלסט אין לאַ־גער נאָך נישט געשפּילט קיין טעאַטער אָדער קיין קינאָ, וועלכע דאָס יונג־וואַרג פלעגט קיין מאָל נישט דורכלאָזן — פלעגט שלמה נעמען דעם פריש־דעראָבערטן פידל און דעם גאַנצן עולם, יונג און אַלט, אַריבערגעטראָגן אויף מוזיקאַלישע פליגלען צוריק קיין רוסלאַנד, אין דער אַלטער היים...

דער דאָזיקער ניי דעראָבערטער פידל ביי די „בני־משה" האָט זיך געהאַט זיין אייגנאַרטיקע געשיכטע —

---

* געלט־רעפאָרם, דעוואַלואַציע.

** אַ ווערטערשפּיל. די ווערטער זענען גענומען פונעם מאמר: יסורים ממרקין עונותיו של אדם — דורך יסורים ווערן אָפּגעריבן (געמיינט: אַראָפּגענומען) דעם מענטשנס זינד. דאָ געמיינט אין אַ וויץ: יסורים פון די מאַרקן, וואָס האָבן אָנגעווירן זייער ווערט.

אין לאַגער אריין האָט אין אַ נאָכמיטאָגדיקער שעה פאַרבלאָנדזשעט אַ בלינדער בעטלער און אַ פרוי, וואָס האָט אים געפירט. ביידע דייטשן. זיי האָבן אַ פנים נישט געוווּסט, אַז וואַלדשטאַט איז איצט אַ יידיש שטעטל, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פידל אין מיטן דער גאַס און האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. ער האָט געשפּילט לאַנג, זייער לאַנג, אָבער קיינער האָט זיך אויף אים אפילו נישט אומגעקוקט. דאָס פּאָרפאָלק האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס מען פאַרשעמט זיי אַזוי, אָבער ער האָט ווייטער געשפּילט. נח סוקאַלסקי, וועלכער האָט אין יענעם טאָג גראָד נישט געאַרבעט, איז אַרויסגעגאַנגען צו אים, ער האָט אָפּגעשטעלט דעם סמיטשיק און זאָגט צו אים בזה הלשון:

— הער נאַר, אַלטער, דו ביסט פאַרקראָכן נישט ווו מען דאַרף. דאָ וווינען בלויז יידן. און יידן, ווייסטו דאָך גוט, האָבן אייך נישט גערן אפילו בלינדערהייט. נישט אייך, נישט אייער מוזיק. זאָג מיר, אפשר פאַר־האַנדלסטו מיר בעסער דיין אינסטרומענט? —

— יאָ, פאַר וואָס נישט? ער קען אים פאַרהאַנדלען. ער האָט אין דער היים נאָך איינעם... און ביי דער שוועסטער הענגט אויך אַ פידל... דער מאַן איז אומגעקומען אויף „אָסטן", הענגט ער שטום —

— אָבער נישט פאַר קיין געלט. קיין געלט האָבן מיר נישט, נאָר זאַכן... חפצים, אָדער פּראָדוקטן.

— גוט, עס וועט שוין רעכט זיין —

מען האָט די אַלטיטשקע אַריינגעפירט אין שטוב אריין און אָנגע־הויבן אַרויסלייגן פאַר זיי דאָס צוגעטיילטע עשרות... דער סוף איז געווען — מען איז מושווה געוואָרן אויף אַ בייט: זיי באַקומען פאַרן פידל עט־לעכע היפּש־געטראָגענע אַמעריקאַנער ווייבער־קליידלעך, איין פּאָר נייע שיך, און אַלס צוגאָב: אַ גאַנצע קילאָ אייער־פּולווער און זעקס קילאָ ערשט־קלאַסיקע „האַבערפלאָקן".

דער פידל איז אַריבערגעגאַנגען אין רשות פון דער „קאָמונע". אַ גאַנצע וואָך פלעגט דער פידל זיך אָפּרוען. אָבער במוצאי־שבתות פלעגט ער גוט צו נוץ קומען. די פענצטער פלעגן זיין באַלעגערט. אָבער אָך ורק אום שבת צו נאַכטס, און זונטיק אין דער פרי פלעגט מען זיך ווידער צעגיין, יעדערער אויף זיין פּאָסטן: סאַמואיל לאַזאַראָוויטש צו זיינע אַר־טיסטן; סעסיל פּעטראָוונאַ — אין שפּיטאָל אריין; דינה מיט יצחקן אין דער פאַכשולע; מרים אין קינדערגאָרטן; אפרים־אהרון — לערנען חסידות; דער אַלטער חזקיה — קנעלן מיט די אייניקלעך; נח — אין „פּאַרפלע־גונגס־אַמט" צו די ראַציאָנען מיט די „צוגאַבעס"; עובדיה מיט זבולונען — צו די שוסטערס; יוכבד, רבקה, שיינדל, אביגיל און אַלע איבעריקע — צו די לימודים; שלמהס שוואָגערס — אויף די שטעלעס אין די אַמטן; און שלמה — אויפן ביידעמל!

פון זונטיק ביז ליכטבענטשן האָט מען זיך שוין אַלע אין איינעם מער נישט פאַרזאַמלט —

# קאפיטל LVIII

ס'איז פאריבער פסח און שבועות און תשעה־באב —

שלמה האָט נאָך אַלץ געשריבן... ער האָט אין גאַנצן געלעבט אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט פון דאָס ניי געלעבט אין קיעוו. וואַלדשטאַט האָט פאַר אים לחלוטין נישט עקזיסטירט. אויב יאָ — איז נאָר אויפן „אינדעקס". *

ענדע זומער, יאָר 1947, איז ענדלעך אָנגעקומען אַ „גוטע עליה": מען האָט גענומען פאַמיליעס מיט קליינע קינדער, און אַלע „בני־משה" זענען אָפּגעפאָרן צום ים. שוין געפינענדיק זיך אין וועג האָט שלמה פאַר־ענדיקט זיין ווערק, אין וועלכן ער האָט אַריינגעלייגט כמעט אַ קיילעכדיק יאָר פון זיין לעבן. די אָפּגעציטערטע העפטן זענען זאָרגעוודיק איינגע־פּאַקט געוואָרן אין אַ טעקע, וועלכע ער האָט דעם גאַנצן וועג ממש נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט.

מיט אַ צעווייטיקט האַרץ פון דער אויפגערודערטער פאַרגאַנגענהייט; פול מיט האָפענונגען אויף דעם נאָענטן עתיד — איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף דער שיף.

ווען שלמה האָט זיך נאָך געפונען אויף דער דייטש־פראַנצויזישער גרענעץ, האָט דער קאָנטראָלירנדיקער „עמפּי", אָנווייזנדיק אויף דער טע־קע, אַ פרעג געטון ביי אים:

— וואָס האָסטו דאָ?

— דאָ געפינט זיך אַ מענטש —

דער פּאָליציאַנט האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער. שלמה האָט זיך פאַרריכט:

— איך מיין אַ מענטשנס לעבן... נאָר עס לעבט נאָך, עס צאַפּלט נאָך —

דער פּאָליציאַנט האָט געוואָרפן אויף אים אַ פאַרדעכטיקן קוק: אויבנ־אויפיק אַ טאַפּ געטון דעם פּאָרטפעל און האָט שוין מער גאָרנישט גע־פרעגט.

די שיף איז געווען אַן אַלטמאָדישע, זייער אַן אומבאַקוועמע און אַ שמאָלע ווי אַ קאַרעטע — צווישן אַלטוואַרג אַ שטיקל אַלטוואַרג! דאָס ענגשאַפט אויפן דעק און מחילה אין די אַזוי גערופענע קאַיוטעס איז גע־ווען עד אין לשער. כאָטש דער ים איז געווען מער ווייניקער רואיק, אָדער — ווי אפרים־אהרון האָט זיך אַ פּאָר מאָל אויסגעדריקט — ער האָט זיך געהאַלטן אין דער דרגא, פון דעסט וועגן האָבן כמעט אַלע פּאַרשוינען, יונג און אַלט, זייער שטאַרק געליטן פון דער מחלת־הים. כמעט אַלע אַן

---

* די לעגיטימאַציע פון אַ די. פּי.

אַן אויסנאַם האָבן געבראַכן מיט דער גרינגער גאַל, און זיצנדיק צונויפֿ־געדריקט ווי די הערינג אין פֿאַס, האָבן זיי געבראַכן אײנער אויפֿן צווײטן.

סעסיל פּעטראָוונאַ, אַלײן אַ טויט־אויסגעמאַטערטע פֿון דער „קאַטש־קע", * האָט אַ חוץ די שטענדיקע צוויי קאָמענדאַנטשעס: שײנדל פּיאַטי־גאָרסקי און אביגיל פֿינקאַסאָוו, מאָביליזירט נאָך אַ האַלב צענדליק יונגע װײבלעך פֿון די „בני־משה" און צוזאַמען מיט זײ האָט זי געהאַלטן די גאַנצע שיף אונטער איר אויפֿזיכט: אַרויסגעפֿירט די „שטאַרק־צעהוידעטע און צעשרויפֿטע" אויף דער לופֿט, תחת כיפּת־השמים, און די „מאַלאָד־צעס" האָט זי אַראָפּגעשיקט אַראָפּ, אין שכנות מיט דער מאַשין־אָפּטײ־לונג; זי האָט ביי אַלעמען קאָנפֿיסקירט װעלכע מינים „דערקוויקענישן" עמעצער האָט נאָר געהאַט, און האָט מיט זײ „געראַטעוועט" נאָר די „מסוכנים", און ווען עס האָבן שוין אויסגעפֿעלט אָט די גוטע זאַכן, פֿלעגן די דאָזיקע יונגע װײבלעך פֿון די „בני־משה", װאָס האָבן זיך נאָך ווי עס איז געהאַלטן אויף די פֿיס, דערקוויקן די עלנטע, האַלב חלשנדיקע פֿאַרשווינען מיט אַ װאַרעם וואָרט, מיט אַ מאַמעשן צערטל און דאָס דאָ־זיקע מיטל פֿלעגט האָבן נישט קײן שוואַכערע פּעולה פֿון די פּאַטענטיר־טע „קעגן ים־קרענק" מיטלען.

אפרים־אהרון, װעלכער האָט זיך די גאַנצע צייט פֿון דער נסיעה גע־פֿילט ווי דער שושבין ראשון ** פֿון חתנס צד, האָט דעם קראַנקן עולם מסביר געווען דעם „ענין הברעכעניש" על פּי שכל:

— עס שטייט אין פּסוק: „כי לא ינוח שבט הרשע על גורל הצדיקים!" מען קען נישט מאַכן קײן תערובות פֿון צדקות און רשעות. און כּהאי גוונא, פּונקט ווי בײ רוחניות, אַזוי איז אויך בײ גשמיות. מען קען נישט אַרײַנברענגען אין אונדזער זינדיקן טרעלבויך אַרײַן קײן ארץ־ישׂראלדיקן ביסן — בלשון הכתוב וועט עס הייסן: „מעבור הארץ" — ביז מען מקיא'ט פֿריער נישט אויס אַלע חוץ־לאַרצדיקע עסעכצן! הדא הוא דכתיב: הכון לקראת אלהיך, ישׂראל. פֿריער, הייסט עס, מוז מען זיך גוט, גוט אויסליידיקן פֿון די „חולין", װאָס ליגן נאָך בײ אונדז אין די טיפֿע פּאָד־וואַלן פֿון אונדזערע בײכער און געדערים און ערשט דערנאָך קומט דער „וזרקתי עליכם מים טהורים"... און אמתע, כּשרע שטיפּה והדחה הייסט, אָט ווי דער ים שווענקט אונדז איצט... און ערשט דערנאָך, אחרי בכלות הכל, װעלן מיר כלנו יחדיו זוכה זײן... װאָס קוקט איר מיך אָן ווי אַ בײז־װוּנדער? װאָס דען האָט איר געמיינט? הכל בחכמה נעשׂה...

דער עלטערער אײדעם אפרים־אהרונס, װעלכער האָט זיך נאָך גע־האַלטן בײם האַרצן פֿונעם ברעכן, האָט דאָס מאָל נישט געקענט אַזוי לײַכט אַראָפּשלינגען זײן געשעצטן שווערס „סומך זײן זיך אויף אַ פּסוק" און זײן זוכה צו אָט דעם וויסטן ברעכעניש, װאָס האָט שוין אַלעמען אי־

---

* דאָס וואַקלעניש, וואָס די כוואַליעס וואַקלען די שיף.

** כּמו: דער הויפּט־מחותן.

בערגעקערט די קישקעס אין בויך, אַז „אסמכתא דקרא” און ער האָט זיך אָנגערופן מיט גאַל:

— שווער לעבן, האָט אויף מיר נישט קיין פּאַראיבל, וואָס איך בין חולק אויף אייערע רייד. נאָר ווי אַזוי ווילט איר אונדז איינטענהן, אַז דאָס ברעכן אונדזערס מיטן אונטערשטן פונעם אונטערשטן איז מיט אַ שכל און מיט חכמה, אַז ביי די „יורדי הים באניות” שטייט בפירוש געשריבן: „וכל חכמתם תתבלע”...

אפרים־אהרון האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן פון דעם פּלוצלעכן ווידעראַנאַנד. צווישן די „צעקאַטשעטע” עולים האָט אויסגעבראָכן אַ נצחון־געלעכטער. אַלע קרעכצנדיקע האָבן זיך געפריייט, וואָס דער „טעאָרעטיקער און באַגרינדער” פון אָט דעם אָנשיקעניש האָט פאַרלוירן דעם רודער פון דער האַנט. אפרים־אהרון האָט זיך אָבער גלייך געפונען. ער האָט אַ פיר געטון מיט די געדיכט־באַברעמטע אויגן אויף זיין „צעיאָכמערטן געניידעם”, וואָס נעמט נעבעך נישט אַראָפּ די האַנט פונעם האַרצן און האָט זיך אָנגערופן:

— מיין קינד, דאַרטן טאַקע ווו דו האָסט אויסגעקראַצט דעם פּסוק דיינעם, שטייט ווייטער מיט אַ פּסוק: „וישמחו כי ישתוקו”... פּרווו דו אַנטשוויגן ווערן מיט דיינע קרומע גלייכווערטלעך, אפשר וועט דערפון אויך ווערן שמחות אויף יידן... אולי יעמוד הים מזעפו? *

דער געלעכטער האָט אַרויסגעפּלאַצט נאָך מיט מער האַסט... מען האָט געבראָכן און געלאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אין צוג, אַזוי אויך אויף דער שיף, האָט זיך שלמה נישט צעשיידט מיט זיינע העפטן. אָפט מאָל פלעגט ער באַטראַכטן זיין טעקע, וועלכע ער האָט געהאַלטן לעבן זיך, און זיך פאַרטראַכטן:

— וואָסילי לאַבאַוו האָט מיר אין קאַמער ביי דער ברכת־פרידה אָנגעזאָגט צו שרייבן אַ בוך... ווער ווייסט, צי איך האָב אויסגעפילט מיין מיסיע „פּאַ לאַבאַווסקי”?

אָדער אַן אַנדער געדאַנק:

— איך אַליין האָב צוגעזאָגט קאָזאַקאָוון אָנצושרייבן עפּעס אַ רעכטע זאַך... ווידער דאָס זעלבע: ווער ווייסט, צי איך האָב מקיים געווען מיין צוזאָג כדבעי למהוי? כהלכות גוברין יהודאין?

אין אים האָט ערשט איצט אויפגעלעבט אַן אומבאַגרענעצטע ליבע צו זיין שאַפונג, פונקט ווי מיט פיל יאָרן צוריק אויף מאַלאָ־וואַסילקאָווסקאַיאַ, אין דער „באַקוווייטלטער טורמע” — צו יענעם אומגליקלעכן בוך. כאָטש אָפט מאָל פלעגט זיך אין זיין האַרצן פאַרגנבענען אַ בימערער ספק:

— צי האָט ער טאַקע באמת באַשאַפן אַ זרע של קימא? אַ חתיכה הראויה להתכבד?

---

* טאָמער וועט דער ים אויפהערן צו צערענען.

אַן אַנדער מאָל פלעגט אים גאָר זיין געוויסן תובע זיין לדין:

— אַט דאָס קלערסטו דו, מיט דיין דריבנע פּעקל העפטן איבערגעבן אין די תפוצות־הגולה אַ געהעריקן גרוס פון דעם גרויסן צבור רוסישע יידן? דו ווייסט דען נישט, אַז —

...אילו פינו מלא שירה כים; ולשוננו רנה כהמון גליו; ושפתותינו שבח כמרחבי רקיע; ועינינו מאירות כשמש וכירח; וידינו פרושות כנשרי שמים, ורגלינו קלות כאילות; אין אנחנו מספיקים —

שלמה קען זיך איצט לאַנג נישט פאַרהאַלטן אויף איין געדאַנק. ער פילט זיך עפּעס ווי אַ מין שליח־צבור... ער איז איצט כמו ווי אַ רשות־הרבים... איין אויגנבליק און — ער איז שוין אין כמעלניק! ער מאַכט צו די אויגן און דערזעט פאַר זיך זיין זיידן שלומען, ווי ער זיצט אין כמעלניקער פּאַרוואָרלאָזטן בית־המדרש און וויינט אַרויס דעם פּסוק:

— ...צמאה נפשי לאלהים, לאל חי... מתי אבוא ואראה פני אלהים...

שלמהס האַרץ ווערט צונויפגעקלעמט מיט אַן אָנגעגליטער צוואַנג. ער שעפּטשעט אַרויס, וואַרגנדיק זיך מיט טרערן:

— זיידע שלום, זיידע שלום! מי יגלה עפר מעיניך, וואָלסטו געזען, אַז די צוואה, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן אַ מינוט פאַרן טויט, ווערט אויסגעפירט דורך דיינע קינדער און אייניקלעך וכל הנלוים עליהם, און האַלטנדיק די נשמה אין דער זשמעניע פאַרן מיר „להראות פני אלהים"...

אַלע טעג פון דער נסיעה האָט שלמה אפילו נישט געוואָלט אַריינגיין אין זיין קאַיוטע. ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון די שטאַכעטן אויף דעם העכסטן אָרט פון דער פּאַלובע. עס האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז ער הערט אַ קול גדול:

...על הר גבוה עלי לך, מבשרת ציון —

...הרימי בכח קולך, מבשרת ירושלים!

ביי טאָג און ביי נאַכט האָט ער מיט זיין פיבערדיקן בליק אַלץ געהאַלטן אין איין עקבערן דעם האָריזאָנט. ער האָט אַלץ געזוכט יענעם ברעג, צו וועלכן ער ציט זיך פון זינט ער איז צו זיין שכל געקומען. יומם ולילה איז ער נישט אָפּגעטראָטן פון זיין „באַלעמער". עס האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז ער הערט אַ קול גדול:

...לא יבוא עוד שמשך וירחך לא יאסף...

...והביאו את כל אחיכם מכל הגוים —

מיט קיינעם פון די פּאַסאַזשירן האָט ער זיך נישט דערנעענטערט, מיט קיינעם קיין געשפּרעכן נישט געפירט. האָט מען אים צוגעטראָגן עסן — האָט ער אָפּגעגעסן, באַדאַנקט און האָט ווייטער אייפערדיק געהיט דעם האָריזאָנט...

*

...ויהי ערב, ויהי בוקר —

די זון הענגט באַלכסון איבער דעם עטוואָס משופּעדיקן שיף־דעק און ברענט און שרפעט כיד ד׳ הטובה עליה — כי לכך נוצרה! אַלע פּאַ־סאַזשירן זענען זיך צעלאָפן פון דער פּאַלובע און האָבן זיך באַהאַלטן אין די קאַיוטעס, נאָר איין שלמה איז פון שטאָל און פון אייזן. צו אים שטייט נישט צו נישט קיין היץ, און נישט קיין קעלט. ס׳איז גאָר גישטאָ דער כח, וואָס זאָל אים קענען אַראָפּטרייבן פון זיין שטענדיק אָרט. ער נויגט צו דעם אויער צום געדויש פון די כוואַליעס, והקשיב קשב, רב־קשב. * אים דאַכט זיך אַלץ, אַז ער הערט ווי דער ים זאָגט אים:

— איז וואָס זשע קומט אויס, שלמהקע אפרים־אהרונס? פאַרסטו טאַקע, הייסט עס, קיין ארץ־ישראל? און ס׳איז דיר גאָר קיין בזיון נישט פאַר זיך אַליין? אַזעלכע הייליקע זיידעס, ווי דו האָסט געהאַט, זענען אומגעקומען על אדמת־נכר; דעם זיידן יעקב־יוסף פּיאַטערער האָט מען מיט אַ שווערד צעשפּאַלטן אויף צווייען ווי אַ פיש; דעם זיידן שלום כמעלניקער האָט מען אויפגעהאַנגען אויף אַ לאַמטערן־סלופּ; זיי האָבן נישט זוכה געווען צו באַטרעטן די הייליקע ערד; אָן אָטעם צו טון מיט אוירא דארץ־ישראל; און דו... דו, הייסט עס, ביסט יאָ דער דאָזיקער זוכה, דו פאָרסט קיין ארץ־ישראל להראות את פני האדון ד׳ צבאות...

פונעם תהום האָבן זיך אַ יאָג געטון גרויסע חיילות פון ים־באַשעפע־נישן. זיי האָבן זיך ארויפגעוואָרפן אויפן מוסר־זאָגער מיט אַ גרויסן גרימ־צאָרן. זייערע באַוואָנסעטע פּיסקעס האָבן געפּינעט ווי די פאַנטאַנען:

— וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אונדזער שלמהקען, דו אַלטער מקונן? דו זעסט דאָך גוט, אַז אַזוי איז דער רצון הבורא... כה אמר ד׳ הנותן בים דרך ובמים עזים נתיבה! אָן זיין ווילן ווערט דאָך קיין זאַך נישט געטון... דו ווייסט דאָך גלייך מיט אונדז, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך... די „געבייטלטע מעל״ פונעם יידישן פאָלק האָט מען אומגע־בראַכט; גאָר אַ היפּשן טייל האָט מען דערשטיקט אין רוסלאַנד; נאָך אַ גרעסערן האָבן דערשטיקט די דייטשן; געבליבן זענען נאָר די קלייען... די גראָבע קלייען... די קלייען מיט די שטיינדעלעך מיט דעם גאַנצן פסולת! און פון די דאָזיקע „עצמות היבשות״ וויל דער באַשעפער צוריק אויפ־שטעלן זיין צעבראָכענע דינאַסטיע... הייגט, וואָס האָסטו זיך אָנגעטשע־פּעט גראָד אין שלמהן? שלמה איז נישט בעסער און נישט ערגער פון אַלע די יעניקע, וואָס שיפן זיך איצט המונים, המונים, אויף די דאָזיקע משנים קדמוניות אויסגעפּאָרענע שליאַכעס...

די זון וויקלט זיך בנימוסדיק אויס פון אירע בלענדנדיקע בגדי־זהב, זי איז זיך בדחילו ורחימו מכין צו טבילה פאַר דעם הסתלקות. זיידענע שטראַ־

---

* און האָט זיך שטאַרק, שטאַרק צוגעהערט.

לעכלעך זינגען בקול דממה דקה מן הדקה און שפּילן שטיל צו אויף זיל־בערנע סטרונעס פון גינגאָלדענע האַרפעס:

פשטתי את כתנתי —

איככה אלבשנה?

רחצתי את רגלי —

איככה אטנפם?

הימל און וואַסער פליסטערן מיט הכנעה:

— שערי שמים פתח... כי פנה יום...

דער מערב ווערט מרה־שחורהדיק, עס פאַרקליבט זיך אויף זיין פנים דאָס עצבות פון דער חרוב־געוואָרענער וועלט. דער ים ווערט לאַנגזאַם אויסגעלאָשן. די כוואַליעס הייבן אָן מתוך כובד־ראש זייער תפילת־ערבית. קיין איין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט אויפן אומענדלעכן ים־שטח, בלויז די ריזיקע שיף שניידט אומברחמנותדיק דעם רוקן פונעם אוקינוס איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ ברייזנדיקן מילכוועג —

*

...ויהי בחצי הלילה —

די סודותפולע שיין פון דער וויטער, פאַרחלומטער לבנה און פון די מיריאַדן בלינצלענדיקע שטערנדלעך ציטערט מיט אַ הייליקן ציטער אויף די כוואַליעס, וואָס באַגלייטן דעם נייעם מין ארץ־ישראל־יידן. צום ערשטן מאָל זינט דעם חורבן בית־שני זעען די כוואַליעס פון די דאָזיקע ים־שטחים קיין עין־הרע אַזאַ המון מיט יידן, אָבער דאָ האָט ערגעץ געמוזט געשען אַ טעות — נישט אַנדערש! די יידן האָבן מן הסתם פשוט פאַר־בלאָנדזעט אַהער אָדער זיי ווייסן אַליין נישט וווהין זיי פאָרן. ס'איז נישט צו געפינען צווישן זיי אויף קיין רפואה קיין איין און איינציקן יידן, וואָס זאָל כאָטש מיט עפּעס וואָס זיין ענלעך; וואָס זאָל כאָטש מיט עפּעס וואָס דערמאָנען אין די שטענדיקע, „הלכה למשה מסיני'דיקע" ארץ־ישראל־יידן —

— ווו זענען די יידן מיט די צעסיטשעטע, אָלפּאַגענע קאַפּאָטעס, און מיט די „משולחדיקע" רויט־געקעסטלטע האַלדז־פאַטשיילעס?

— ווו זענען די פאַרדביקה'טע, סאַמעטענע „זשיפּיצעס", מיט די אין טרערן אויסגעווייקטע „שערי־ציון'דלעך" אין די הענט?

— ווו זענען די בלייכע יידן מיט די פאַרבענקטע אויגן, וואָס האָבן זיך, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, געלאָזט אין וועג אַריין אויף הפקר?

— ווו זענען די פּארמלאָכ'טע חסידים ופרושים, מיט די ירושלים־תהילימלעך פאַרשטעקט אין ברייטן גאַרטל, מיט זייער התלהבותדיקן אי־בערחזרן: „על נהרות בבל", אָדער: „ציון, הלא תשאלי"?

— ווו זענען זיי, ווו?

— ווו איז דער מסירת־נפשדיקער „מי יבנה הגליל" פון די טעמפּע־ראַמענטפולע חלוצים און חלוצות?

— ווו איז דער שטורמישער „תחזקנה" פון דער צעכראַסטעטער און צעפלאַמטער ציוניסטישער יוגנט?

— ווו איז זייער „וגילו ברעדה'דיק" השתפכות־הנפש בשעת דעם זינגען: „עוד לא אבדה"?

ניין, ניין, די רעגולערע ים־חיילות — די כוואַליעס — איז אוממעג־לעך אָפּצונאַרן! עפּעס האָט דאָרטן, אויף דער גרויסער ערד, געמוזט גע־שען אַזוינס, אויסערגעוויינלעכס... עפּעס גאָר־גאָר וואָכעדיקע מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטון אויף אָט די פּאַרוואַקסענע שליאַכן, און קענטיק — נישט פון ווילטאָג! כמעט יעדער איינער פון די דאָזיקע בייזוואַנדער־פּאַסאַזשירן זעט אויס ווי אַן אוד מוצל מאש, ווי אַ האַלעוועשקע, וואָס אַ צופּעליק ווינטעלע, אַ רוח שאינה מצויה, האָט זי אָוועקגעשאַרט פונעם שייטערהויפן און זי איז בנס נישט פאַרברענט געוואָרן, נאָר אַרומגעסמאַ־ליעט געוואָרן. וווהין דו גיסט אַ וואָרף מיט אַן אויג — יתום ואלמנה... שכול ואלמן... אַלץ אָפּגעזעגנטע צווייגן; הוילע און נאַקעטע שטאַמען, ערום ועריה, אָן איין בלעטעלע, אָן איין גרעזעלע, אָדער — אויב מען זעט שוין יאָ ווו נישט ווו אַ ביימעלע, אויף וועלכן עס באַווייזן זיך גרינע קנאָספּעלעך — איז דאָס בלויז מורכבים! * בלויז מורכבים! עפּל גע־מישט מיט באַרן; וויינשל געמישט מיט קאַרשן; פלוימען געמישט מיט פּערעשקעס... נו, קען דען פון אַזאַ הרכבה ווערן אַ הרכבה־אמתית? אחרי בלותי — היתה לי עדנה? איז דאָס נישט בלויז אַ פּורים־שפּיל, אַ פאַר־שטעלעניש — ותו לא מידי? אַז מען איז מרכיב אנשים כשהם צעירים למה הדבר דומה? — לדיו כתובה על ניר חדש; אָבער אַז מען איז מרכיב אנשים כשהם זקנים, אָדער חצאי־זקנים, למה הדבר דומה? — לדיו כתובה על ניר מחוק... און אָט די אַלע רעשטלעך, שיריים ושיריים דשיריים, אחד מעיר ושנים ממשפחה, האָבן זיך איצט גענומען פאַר די הענט, האָבן פאַרקאַטשעט די פּאָלעס, ובאו עד הלום...** רזי לי, רזי לי, עפּעס האָט דאָרט געמוזט געשען אַזוינס ווי אַזעלכעס, אויף אָט דער וויי־טער, פאַרדאַרבענער יבשה...

---

* הרכבה — אַ צונויפפּאָר, אַ צונויפשטעל פון צוויי פאַרשידענע קעגנשטאַנדן; אַ צוזאַמענפלאַנצונג פון צוויי מיני צמחים.

** און זענען געקומען ביז אַהער.

*

און שלמה איז אין יענע טעג, וואָס ער איז געשטאַנען צוגעשמידט צו זיין „דוכן" אויף דער פּאַלובע, געוואָרן אַ יודע שיחת חיות ועופות; שיח דקלים ועשבים; המית ימים ונהרות... קולות מים רבים אדירים ומשברי ים... נשאו נהרות קולם; ישאו נהרות דכים — אַלץ האָט ער פאַר־שטאַנען, אַלץ דורכגעפילט און אַלץ איינגעזאַפּט אין זיך, למען יעמוד ימים רבים... חוץ דעם האָבן אים באותו מעמד אָנגעיאָגט אָן אַ שיעור פּסוקים ושברי־פּסוקים פון די חדר־יאָרן. זיי האָבן אים אָנגעגריפן פון אַלע זייטן —

פון מזרח:

...ושמתי כל הרי לדרך ומסילותי ירומון... הנה אלה מרחוק יבואו, והנה אלה מצפון ומים ואלה מארץ סינים —

פון מערב:

...ממזרח אביא זרעך וממערב אקבצך, אומר לצפון: תני! ולתימן: אל תכלמי!

פון דרום:

...והביאו בניך בחוצן ובנותיך על כתף תנשאנה —

פון צפון:

...הביאי בני מרחוק, ובנותי מקצה הארץ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די שיף איז דערווייל געשווומען אַלץ נעענטער און נעענטער צו יענער געגלוסטער ערד —

# קאַפּיטל LIX

שלמה קוקט שטאַר אין די געקרייזלטע גרינבלעכע כוואַליעס. די האַרבסטיקע זון פֿליוסקעט זיך מעלאַנכאָליש אויף די ווייסלעכע זיגזאַגן. פּרשה נאָך פּרשה, עטאַפּ נאָך עטאַפּ, לאַנגזאַם און געלאַסן, שווימט דורך פֿאַר שלמהס אויגן זיין פּילפּאַרביקע פֿאַרגאַנגענהייט. פֿונעם טיפֿן אָפּגרונט, דאַכט זיך אים, קוקן אויף אים מענטשלעכע פּנימער. ביז גאָר באַקאַנטע פּנימער. דאָס גערויש פֿון די צעבאַלעוועטע כוואַליעס זינגט אים אַ ליד וועגן זייער אַמאָליקן און איצטיקן לעבן. דאָס ליד ווערט אַלץ מעכטי־קער און דורכדרינגענדיקער. עס קלינגט אים שוין דערפֿון אין די אויערן; עס פֿילט זיך אָן מיט דעם זיין האַרץ! דאָס ליד גייט איבער אין אַ מחזה, אין אַ זעאונג! ער זעט אַלץ אַזוי שניידיק און אַזוי בולט; ער לייענט יעדן איינעמס גורל אַזוי קלאָר און אַזוי דייטלעך, ווי ער וואָלט דאָ געלייענט פֿון אַ מגילת־סתרים... ניין, פֿון אַ מגילה הפּתוחה מכּל עבר... הפּתוחה לרווחה —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...זיין פֿאָטערס ברודער: מיכאל, מיט זיין ווייב און קינדערלעך, זע־נען שוין גאַנץ לאַנג אין ארץ־ישראל. צוזאַמען מיט נאָך צוויי שותּפֿים — איינער אַ רומענישער ייד און דער צווייטער אַ אונגאַרישער — האָט ער שוין דאָרט פֿאַרלייגט אַ היפּש פֿאַבריקל פֿון קינסטלערישן זיידנשטאָף, און לעבט אַ משוגענעם טאָג —

— — — — — — — — — — — — — — — —

...מיכאלס ברודער, יחיאל, האָט זיך שוין דערדינט צו אַ טשין פֿון אַ פּאָדפּאָלקאָווניק. ער איז אַ מיטגליד פֿון דער סאָוויעטישער מיליטער־מיסיע אין ענגלאַנד; ער פֿאַרנעמט דאָרט אָן אַמט אַלס צווייטער פֿאַר־טרעטער פֿונעם מיליטער־אַטאַשע; ער לעבט „ווי אַ גראַף”, גייט שטענדיק אויסגעפּוצט „ווי אַ פּרינץ” און לאַכט פֿון דער גאַנצער וועלט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...זיין פֿאָטערס, אפרים־אהרונס שוועסטער: יוכבד, ברכה און גיטל — אַלע האָבן זיי שוין אויסגעגעבענע קינדער און ווער פֿון זיי — אפילו איייניקלעך. נאָך דער קריג האָבן זיי זיך אַלע דריי מיט זייערע פֿאַמיליעס בקביעות באַזעצט אין סמאָלענסק און האָבן אויסגעבטלט חלומות אויף זייער — אַ פּנים נישט־נאָרמאַלן — ברודער, וואָס פֿאַרשלאָגט זיך נע־בעך אַזוי ווייט פֿון דער אַלטער היים... וואָס רייסט זיך אויס מיטן שורש פֿון דעם אָרט, ווו ער האָט אָפּגעלעבט אַלע זיינע יאָרן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די אינזשיניערן, די גאָלדינס — אפרים־אהרונס „שוואָגערוקעס”, די „געברענטע און געבראָטענע קאָמוניסטלעך” — האָבן איבערגעלעבט די

גאַנצע קריג טיף אין טיל, שטייענדיק אין די קאַבינעטן איבער די צייכע־נונגען מצפרא עד רמשא. * אין יאָר 1938, האָט לאַזאַר געהאַט אויף זיך אַ רעכט פּעקל: „פאַר וואָס האָט ער ביז דער רעוואָלוציע געלערנט אין לידער ישיבה?" עס האָט שוין אפילו געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל אים „מאַכן" פאַר אַ פּוילישן שפּיאָן נאָך פון די קינדעריאָרן, נאָר זיין נאַרקאָם אַליין, דער נאַרקאָם פאַר שווערער אינדוסטריע, האָט זיך בכבודו ובעצמו מטריח געווען אין סאַמע „לפני ולפנים". וואָס דאָרטן איז גערעדט גע־וואָרן ווייסט קיין בן־אדם נישט, נאָר די גזרה האָט ער אָפּגעשריגן און... און מען האָט אים געלאָזט צו רו. ווער ווייסט, אָדער וואָלאָדיאַ, האָט אין דער קריג געמאַכט אַ דערפינדונג, וועלכע גיט דעם פליער די מעגלעכקייט זיך אַראָפּצולאָזן אין אַ ווערטיקאַלער ליניע — אויף דעם זעלבן שטח, איבער וועלכן דער אַעראָפּלאַן געפינט זיך. ער האָט דערפאַר באַקומען פון דער מלוכה גאַנצע צוויי אָרדענס מיט איין מאָל: לענינס אָרדען און דעם אָרדען: „אָטיעטשעסטווענאַי וואָינע". **

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...מנשה כאַדאָראָוו, דער געוועזענער כמעלניקער רב, האַלט זייער שטאַרק פון זיין רומעניש ווייבל, די מלומדת, און זי אים פאַרגעטערט פשוטו! און ביידע, בסוד איינער פאַרן אַנדערן, זענען בבכי ובתחנונים מתפלל אויף אַ „קדיש" —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...גאָלדע כאַדאָראָוו, דער „נחש הקדמוני" פון דער מומע זלאַטעס שטוב, האָט באַוויזן אין דער מלחמה חתונה צו האָבן מיט אַ פּוילישן יידן, אַן אַלמן, און זיך מיט אים צוריק גטן. מאי טעמאַ? — ער האָט גאָר געהאַט אין זיך „אַן עזות מיט אַ חוצפּה" צו וועלן זי מיטנעמען מיט זיך קיין פּוילן, אלא נישט איז „אינו מקודש". און זי קען אָן מנשהן נישט לעבן! דעריבער האָט זי זיך מיט אים געגט און וווינט איצט אין באַרקאָוו צוזאַמען מיט מנשהן און מיט זיין רומענישער קענערקע —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דינה כאַדאָראָוו איז אַ רביצין אין בערגען־בעלזען. איר מאַן איז דאָרט רב און פיגורירט אויף דער ערשטער ליסטע אויף צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל. זי האָט שוין דריי קינדערלעך, וואָס שמ'ן אויפן גאַנצן לאַגער מיט זייער שיינקייט. איר מאַן איז אַן אויסערגעוויינ־לעך־שיינער ברונעט. ער געדענקט, וואָס עס באַטייט צו האָבן מנשה דעם רבס שוועסטער פאַר אַ ווייב און גיט איר אָפּ גרוים כבוד. — און זי? עס הייבט איר אפילו נישט אָן באַנג צו טון, וואָס שלמה האָט זי אַ מאָל

* פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט.

** „קריג פאַר דעם פאָטערלאַנד". דער העכסטער סאָוויעטיש־מיליטערישער אָרדען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

נישט געוואָלט פאַר קיין כלה. פונקט פאַרקערט: איר שמערל שטייט ביי איר פיל, פיל העכער פון דעם „גרלנ'יוק ר' שלמה" —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער מומע טייבלס קינדער זענען ברוך־השם אַלע געבליבן גאַנץ. גלייך ווי מען האָט די שטאָט אָפּגענומען ביים דייטש, האָבן זיי זיך פון טאַשקענט אומגעקערט קיין קיעוו, אָפּגענומען צוריק זייערע דירות און מאַכן זיך אַ לעבן ווי עס איז —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...רחלע דער מומע טייבלס האָט צוויי קינדערלעך און דער מאַן איר־רער בלאָזט איר ממש אָפּ די טריט. אין די פרייע שעהן, ווען עס גיט אַ נאָג דאָס האַרץ נאָך די אַזוי נאַריש פאַרשוווּנדענע קינדעריאָר'ן, זינגט זי איבער נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, פונקט ווי מיידלווייז אין אַנאַ־ניעוו, אַליין איינס און דאָס זעלבע לידעלע:

אוי וויי, מאַמע,
דער קאָפּ טוט מיר וויי —
שיק מיר נאָך אַ דאָקטער,
אָדער נאָך צוויי —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...פייגע צימעס — די איינציקע קרובה פון די פּיאַטיגאָרסקיס אין ארץ־ישראל — וווינט נאָך עד היום אין ארץ־ישראל און טאַקע אין ירושלים און טאַקע אין מאה־שערים! זי עלטערט זיך גאָר נישט. די יאָרן האָבן גאָר צו איר פּנים קיין שליטה נישט. מלחמה־צייט פלעגט זי אָפּט דערמאָנען אירע זווענינאָראָדקער קרובים, וואָס האָבן זיך נעבעך מיט אַזאַ מסירת־נפש געריסן קיין ארץ־ישראל... זיך געריסן, געריסן און איבער איר קאַלטן פאַרשטאַנד טאַקע פאַרבליבן דאָרטן... אָבער צי זאָגט זי דאָס מיט אַ חרטה־געפיל, צי סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין — דאָס איז שווער צו דערגיין. איר פּנים איז נישט קיין מסור, עס זאָגט נישט אויס קיין סודות פונעם חדר —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער זווענינאָראָדקער אַדוואָקאַט, טאַדעאוש זאַרעמבאַ, וווינט היינט אין סוכום. פון זינט זיין שוועסטער וואַנדאַ איז אים אָפּגעשטאָרבן, האָט ער נישט געוואָלט מער בלייבן אין זווענינאָראָדקע. די אַלטע מאַרפאַ איז נאָך געזונט און שטאַרק. זייער גרויע קאַץ איז מיט זיי אויך מיטגעפאָרן אויף קאַווקאַז. נאָר ווען נישט דאָס, וואָס „מוציקס" אכזריות האָט זי אַ ביסל אָפּגעשראָקן, וואָלט זי באַלד אויפן צווייטן טאָג נאָכן אָנקומען אַהין, געוועז אָפּגעשוווּמען צוריק אַהיים. נאָר אַזוי ווי קיין היים איז שוין פאַר איר אין זווענינאָראָדקע נישט געווען, האָט זי נישט געמאַכט קיין לאַנגע טענות און האָט שאַ־שטיל אויסגעצויגן די פיסלעך —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער זקן פּאָלאַניעצקי האָט איבערגעלעבט אַלע זיינע חברים פון דער היים. ס'איז אַ סברא, אַז ס'האָט אים שוין קנאַפּ וואָס געפעלט צו דער „מאה". יונגוואַרג פּלעגט קומען צו אים אַהיים און ער פּלעגט זיי מגלה זיין די סודות פון דער שאַכשפּיל. און נאָר אין יאָר 1939, דער־הערנדיק, וואָס ס'איז געוואָרן דער תכלית פון זיין געליבט פּאָטערלאַנד: פּוילן, האָט ער זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן און איז געשטאָרבן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...וויאַטשעסלאַוו קאַרלאָוויטש דאָמבראָווסקי, דער סאָלאָמינקער בעל־הבית, ביי וועלכן די פּיאַטיגאָרסקים האָבן אַ מאָל געקויפט זייער דירה, האָט בחייו קובר געווען אַלע זיינע קינדער. אַז דער דייטש איז אַריין קיין קיעוו, האָט זיך אין אים דערוועקט דער יצר־הרע צוריק צו ווערן בעל־הבית אין דער „גרויסער" דירה. כאָטש ער איז שוין געווען אָנגע־שטאָפּט מיט יאָרן, ווי אַ זאַק מיט שטרוי, פון דעסט וועגן האָט ער נישט געקענט גובר זיין די דאָזיקע תאוה זיינע און, איינער אַליין, עלנט ווי אַ שטיין, האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין אפרים־אהרונס דירה און איז בן־לילה געוואָרן אַ בעל־הבית אויף אַלעם גרייטן.

אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן אויף צוריק, האָט ער אָנגעהויבן צו בעטן און צו קליאַנטשען ביי אַ דייטשער פאַמיליע, אַז מען זאָל אים אויך מיטנעמען מיט זיך, ווייל די זשידעס, די יודן, וועלן זיך אין אים נוקם זיין פאַר זיין אַריינקלייבן זיך אין זייער דירה... בקיצור: זיי האָבן אים מיטגענומען. אין די לאַנגוועריסטיקע אומאַניער וועלדער, אַז די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן פאַרצווימט דעם וועג מיט קלעצער, האָבן אַראָפּגעבעטן די דייטשע פאַמיליע טיפער אַ ביסל אין וואַלד אַריין און האָבן זיך אומגעקערט נאָכן אַלטן, איז ער פון דערשרעק שוין געלעגן אַ פּאַרטיקער מיט פאַרגלאָצטע אויגן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...גדליה דער מרה־שחורהניק — דער זעלבער, ביי וועלכן שלמה האָט גענאַשט זיין ערשטע פּאָרציע השכלה — לעבט נאָך עד היום. ער איז שוין אַ טיפער, טיפער זקן. פון גרויס מרה־שחורה האָט ער צוריק מיט יאָרן חתונה געהאַט מיט אַ פאַרזעסענער בתולה. אין דער לעצטער קריג איז ער פון זווענינאָראָדקע מגולגל געוואָרן גלייך קיין אַלמאַ־אַטאַ, וווּ ער וווינט נאָך עד היום. אמת, קיין גרויסע זאַכן טוט ער שוין דאָרט נישט אויף, נישט ער, נישט די פאַרזעסענע... און אין דעם קניפּל טאָגט שוין... און הכנסה איז דאָ נאָר אויפן שפּיץ מעסער, אָבער — וויפל דאַרפן עס האָבן צוויי אַלטע מענטשן אָן אַ קינד, אָן אַ רינד? —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...קלמן דער ליוועראַנטעבעס — דער ערשטער כמעלניקער קאָמסאָ־מאָליעץ — אָדער, ווי ער האָט ליב געהאַט מען זאָל אים רופן: „חבר לאַזעבניק" — האָט זיך פאַרשריבן אין „זאַגס" מיט דער יינגסטער שוועס־

גערין פון בנימין בעקער, דעם געוועזענעם אנארכיסט.ביידע האָבן זיי אין די לעצטע יאָרן געאַרבעט אין מיל, אין יאַנים מיל. האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק און דער „משוגענער דיזעל" האָט אראָפּגעכאַפּט קלמנען די רעכטע האַנט ביזן עלנבויגן. דאַן האָט שוין בנימין געהאַט אויף זיך דעם רעכטן קלימעק: דעם קרוב, דעם אינוואַליד מיטן געזינדל...

אָבער צום סוף האָט זיך זיין טרחה אָפּגעצאָלט בכפלים: קלמן איז אין אינוואַלידן־פּאַריין געוואָרן אַ גאַנצער קנאַקער און בימי היטלער, אַז בנימין האָט פאַרנדיק אין עשאַלאָן „אָפּגעגעבן די קאַפּאָטע", האָט שוין קלמן געמוזט אַריינגעמען די פינצטערע אלמנה צו זיך און ער איז זי מפרנס גלייך ווי זיין אייגן ווייב און קינדער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...עלעק און ברוך — די געוועזענע כמעלניקער בעלי־עגלות — זענען פון די לעצטע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך פאַרפּלעקלט אין דעם וויסטן ביראָבידזשאַן און האַלטן זיך דאָרט. זיי וווינען אין טיכאָנקע * סאַמע ביי דער באַן, האָבן צו איינציקע פערד און טוען דאָרט דאָס זעלבע, וואָס אַ מאָל אין כמעלניק — באַלעגאָלעווען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...חנה, דעם רבין שמעיה פּאָקוטילאָווערס טאָכטער פון זווענינאָראָדקע, איז געוואָרן אַן אַלטע, גרויע יידענע. איר חוהלע איז אין דניעפּראָפּעטראָווסק געהרגעט געוואָרן פון אַ דייטשן שפּיאָן. זי איז שפּעט ביי נאַכט געגאַנגען הינטער אים, האָט ער אַ פּנים געמיינט, אַז זי שפּירט אים נאָך און האָט איר מיטן הענטל פונעם נאַגאַן צעשפּאָלטן דעם קאָפּ אויף צווייען. וווינט זי, חנה, ביים איידעם, טאַקע אין דניעפּראָפּעטראָווסק, און איז אַ מאַמע פאַר די פיר קינדערלעך, וואָס חוה, עליה השלום, האָט איבערגעלאָזט אויף אירע הענט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ירחמיאל דער ווענעראָדער רב, שלמהס ערשטער „מחותן", דערזעענדיק אין די דרייסיקער יאָרן, אַז פונעם שטעטל איז געוואָרן אַ פּאָסטקע; אַז פון די קינדער ווערט „אַש און פאָרעך"; האָט ער זיך מיט זיין גאַנץ געזינדל פאַרשריבן אין אַ יידישן קאָלכאָז ערגעץ אויף דער כערסאָנשטשינע. גאָר אין קורצן האָט ער מיט זיך פאַרנומען זיין זון יוחנן און זיין טאָכטער ציפּע; אַלע: יהושיקעלער, נחמנדלעך, עלעקלעך, זרחלעך, געצעלעך; אַלע: כייקעלעך, רייזעלעך, חוהלעך, דוואָסקעלעך און — מאַרש אין וועג אַריין! וישא רגליו וילך. ער איז געפאָרן פול מיט התלהבות און מיט בטחון צו „זיין היילקן נאָמען". און דערפאַר, ווען אין מיטן וועג האָט דער טראַנספּאָרט־פירער באַקומען אַ ידיעה: באשר בכן די כערסאָנשטשינע איז שוין אָנגעשטאָפּט מיט פריש־געבאַקענע קאָלווירטניקעס,

* די ערשטע אייזנבאַן־סטאַנציע, וואָס מען באַגעגנט אָנקומענדיק פון גרויס־רוסלאַנד אין ביראָבידזשאַנער געביט.

אז עס קריכט שוין אויף צוריק, און דעריבער פארקערעוועט מען דעם עשאלאן אויף דזשאנקוי — איז ירחמיאל מיט זיין קאפעלע געפארן קיין דזשאנקוי! למאי נפקא מינה, דא, צי דארט? מה לו הכא? מה לו התם? — סדנא דארעא חד הוא! *

א שמיטה מיט יארן זענען אוועק בשלום. דער אלטער ירחמיאל איז געווארן אוים בטלן. ער איז געווארן אן אמתער גערטנער; יוחנן — א בריגאדיר, א טראקטאריסט, א סטאכאנאוויעץ! אלע קינדער — קאלכאז־ניקעס־שלאגלערס. דאס האט זיך געצויגן אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז —

ביז יעזשאוו האט זיך דערגראבן צום אמת, אז סיי דער פאטער, סיי דער זון,ביידע זענען זיי געוועזענע רבנים...

פון דאמאלסט אן האט זיך דער גלגל־החוזר אויסגעדרייט צו זייער שטוב מיטן רוקן: דער פאטער מיטן זון זענען ערגעץ פארשיקט געווארן; פונעם קאלכאז האט מען זיי ארויסגעווארפן; די מוטער זייערע איז קורץ נאך דעם געשטארבן; די קינדער זענען זיך צעקראכן איבער דער וועלט: דער „או ליסי", און דער „או סטריסי"... א טייל פון זיי האט היטלער אומגעבראכט, א טייל לעבן נאך ערגעץ, נישט ווייסנדיק איינער פונעם צווייטן...

געוועזן א בנין, האט מען משגי הצדדים פון אים געמאכט תל־עולם —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער טערליצער רב, ר' אליקום, — שלמהס צווייטער „מחותן" — איז שוין לאנג א שוכן־עפר. און די רביצן, די מיוחסת, אויך. זיין „בכור'טע", חיה־דוואסיע האט מיט אירע צען פינגער אויפגעצויגן און דערנערט דעם פאטערס „מנין" קינדער. איצט זענען זיי שוין אלע שטיקלעך באלע־באטים פאר זיך. אין דער שרעקלעכער מלחמה איז ביי זיי חלילה קיינער נישט געמינערט געווארן. אלע וווינען זיי צוזאמען, אין אומאן, הארעווען איבער די כוחות און לעבן ווי עס איז —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער רבי, ר' וועלוועלע ראכמעסטריווקער, וואס איז נאך אין די דרייסיקער יארן אוועקגעפארן קיין ארץ־ישראל, איז שוין לאנג נסתלק גע־ווארן. דאס גאנצע לאנד האט זייער געטרויערט נאך דער גרויסער אבדה. נאך ר' וועלוועלען זצ"ל, זענען שוין אויף דער גאנצער וועלט קיין איי־גענע אייניקלעך פון דעם טשערנאבעליער מגיד זצ"ל נישט געבליבן. יידן האבן ביי דער לויה מקונן געווען:

— ...חבל על דאבדין ולא משתכחין! היינט, אז עס גייט פון אונדז אוועק עפעס רעכטס, בלייבט נישט איבער מיט וואס עס צו פארבייטן. אזא ארעמער דור ווי דער איצטיקער, איז נאך קיין מאל נישט געווען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אברהם שארפשטיין האט מען דאס לעצטע יאר פון דער מלחמה

---

* וואס איז אים דא? וואס איז אים דארט? ס'איז די זעלבע וועלט אומעטום.

אקטירט און באפרייט, נאָר אין יאָר 1946, אין קיעוו שוין, האָט מען אים פאַר מאַכן אַ מנין אָן אַ דערלויבעניש פון דאָס ניי איינגעזעצט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...קלאַדניצקי, ראַפּאָפּאָרט און אַלע איבעריקע זענען אויך פאַרבליבן אין די לאַגערן און ווער ווייסט אויף ווי לאַנג? —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ביידע ברידער ליבערמאַן זענען אויך פאַרזונקען געוואָרן אין די לאַגערן! ווו דען האָבן זיי צו זיין? קיין יאָרן האָט מען זיי נישט געזשאַ־לעוועט, מען האָט זיי געגעבן בעין־יפה. דאָס רוב וואַלגערן זיי זיך דאָרטן אין די לאַזאַרעטן און אין די „איזאָליאַטאָרס", * און אין די בין־הזמנימס — רייניקן זיי די קלאָזעטן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דעם רב פון לעבעדין, הרב יעקב פרידמאַנס טעכטער מיט זייערע פאַמיליעס זענען געבליבן שטעקן אין רוסלאַנד. פון דעם מאָדנעם, חוץ מדרך הטבעדיקן יציאת־רוסלאַנד זענען זיי ערשט געוווּיר געוואָרן אחרי ככלות הכל — ווען ס'איז שוין געווען לאחר־המעשה. די אַמוניציע־זאַ־וואָדן, אין וועלכע זייערע מאַנען האָבן געאַרבעט, זענען געווען עוואַקו־אירט אין אַ טויב־שטום סיבירער שטעטל, זיי האָבן די גאַנצע צייט קיין איין פוילישן יידן פאַר די אויגן נישט געזען — און אפילו סאָוויעטישע יידן אויך זייער ווייניק. דעריבער האָבן זיי נישט געוווּסט פון דער גאַנ־צער גדולה, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער יידישער גאַס אַ דאַנק די פוילישע יידנס „צו גאַסט" קומען. אָבער אפילו אויך אָן דעם ווייסן זייערע קינדער, אַז זיי זענען נישט אַבי ווער, נאָר „פרידמאַנס". די יינגלעך קענען שיין אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא; די מיידלעך קענען גוט תנ"ך. די בילדער פונעם זיידן יעקב און פונעם פעטער משה הענגען סאַמע איבערן טיש און געבן גוט אַכטונג, אַז זיי זאָלן נישט „שטעלן אין דער בלאָטע" זייער מיוחסדיקע משפחה און זאָלן גיין בדרך־הישר —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...נחום אַדלער וווינט היינט אין אַנטווערפּן און קוואַליפיצירט זיך אין דעם פאַך פון שליפן בריליאַנטן, כדי צו פאָרן קיין ארץ־ישראל אַ פאַרטיקער ספּעציאַליסט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...מאיר סעגאַל איז שוין לאַנג אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך אַרויס־געכאַפּט פון רוסלאַנד פון די ערשטע און איז אָנגעקומען קיין „ארץ" אויך פון די ערשטע, ער איז דאָרט אַ רעדאַקטאָר פון אַ גרויסן זשורנאַל און איז שטאַרק באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער געוועזענער „פּאַנטאָפּעליעץ", ר' יואל קאַמינקער, לעבט נאָך

* אַן איזאָלירטער טורמע־שפּיטאָל פאַר אינפעקציע־חולים.

עד היום. אַזש קיין באַקו איז ער מגולגל געוואָרן. זיין שרהלע האָט שוין דריי קינדערלעך. איר מאַן איז אַ שלאָסער. דער פֿאָטער אירער גייט נאָך אַלע טאָג אין שול אַריין. האַלב אויף זייער לשון, האַלב אויף רוסיש באַמיט ער זיך געבן צו פֿאַרשטיין אָט די „בערג־יידן", אָט די גראָבע קעפּ, דעם גרוי—סן „מוראַנדיקן" חילוק פֿון אַ סטאָלענער חסיד ביז אַן אַנדער מין חסיד. יענע הערן אים אויס, הערן אים אויס, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זיי געבן אויף אים אַ מאַך מיט דער האַנט און לאָזן אים איבער רעדן צו דער וואַנט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...פֿערלמאַן, דער ערשטער פֿאָרזיצער פֿונעם „פֿאַנטאָפֿל", האָט שוין לאַנג אַ שפּיי געטון אויף אַלע מינים פֿאַראַזיטישע „פֿאָרזיצערשאַפֿטן". באַלד נאָכן „פֿאַנטאָפֿל" האָט ער פֿאַרקאַטשעט די אַרבל און האָט זיך אין זאַוואָד „באָלשעוויק" אַוועקגעשטעלט צום סטאַנאָק. פֿאַר דער קריג איז ער שוין פֿאַוואָלינקע געווען: טעכנישער דירעקטאָר פֿון דעם אינסטרומענטאַלן צעך. צוזאַמען מיטן „באָלשעוויק" איז ער עוואַקואירט געוואָרן קיין טאָמסק און צוזאַמען מיט אים האָט ער זיך אומגעקערט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...סטעלמאַך — וועלכער איז אַ מאָל צוגעשיקט געוואָרן פֿון דער מאַכט צו באַגראָבן דעם „פֿאַנטאָפֿל" קבורת־חמור, און ער האָט זיין אויפֿגאַבע מיט „כבוד" אויסגעפֿילט — איז אין יאָר 1937 אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט אויף אים אויסגעוויזן מיט עדות, אַז ער האָט זיך געקענט פּערזענלעך מיט פּיאַטאַקאָוון * און איז אפֿילו אַ פּאָר מאָל געווען ביי אים אין מאָסקווע. די „באַזונדערע אָפּטיילונג" האָט אים פֿאַראורטיילט און מען האָט אים אויפֿגערוימט... אַ דאַנק זיינע פֿאַרברעכנס געפֿינט זיך זיין משפּחה עד היום אין אַ וויטן לאַגער און מען קלערט אפֿילו נישט זיי אָפּצולאָזן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער אינסטרוקטאָר פֿונעם שוסטערשן, „שומרי־שבתדיקן" אַרטעל „פֿאַנטאָפֿל", קאַמיניעצקי, איז היינט „נאַטשאַלניק פּראָאיזוואָדסטוואָ" ** אין אַ שוכפֿאַבריק אין קיעוו. ער כאַפּט זיך אַ מאָל בגנבה אַריין אין שול אַריין, און גיט אָפּט אַ שיינע נדבה —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...יעמצאָוו איז היינט איינער פֿון די גרויסע מענטשן אין לאַנד. די מלוכה־ליפֿערונגען פֿון אַלע מינים טעקסטיל־רויוואַרג גייען דורך דורך זיינע הענט. צו אים צוצוקומען איז אַזוי שווער, ווי צו אַ נאַרקאָם —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* פֿאָרזיצער פֿון סאָוונאַרקאָם נאָך ריקאָוון. (ריקאָוו — נאָך לענינען). דערשאָסן געוואָרן נאָך די פּאָליטישע פּראָצעסן.

** עפּעס ענלעכס אויף: טעכנישער דירעקטאָר; שעף פֿון פּראָדוקציע־אָפּטיילונג.

...זאַכאַר אָסיפּאָוויטש שטיין — שלמהס „מלאך־המות” אין יאָר 1932 — האָט זיך אומגעקערט פון דעם פאַרשיקונגס־לאַגער אַ יאָר פאַר דער קריג. זיין ליזע איז פון דעם ערשטן טאָג נאָכן געריכט זיך צונויפּ־געגאַנגען מיט דעם עלעקטראָ־מעכאַניקער פון זיין טיטון־פאַבריק און צו זיין אָנקומען האָט זי שוין געהאַט מיט אים דריי קינדערלעך. דאָס עלטס־טע טעכטערל זיינס, בעטיטשקע, איז אַוועק קיין מאַגניטאָגאָרסק אין אַ טעכניקום און רעכנט זיך ביי זיי פאַר איינער פון די בעסטע קורסאַנט־קעס. אַראָנטשיק מיט קלאַראַן לעבן אַ גוטן טאָג. ער איז דירעקטאָר פון אַ פּאָווידלע־פאַבריק און זי אַ מעטאַלורגיע־אינזשיניער. פון דער קריג האָט זאַכאַר אָסיפּאָוויטש געבראַכט אַן אָרדען פון „רויטן שטערן”, און אַראָנ־טשיק אַן אַמפּוטירטן פוס און אַן אומבאַוועגלעך שטיקל ווייסלעכל — אַ זכר פון אַן אויג. ליזע האָט פאַרלוירן איר מאַן אין דער ערשטער וואָך פון דער מלחמה. ס'איז אַ סברא, אַז זאַכאַר איז שוין ווידער חבר מיט קלאַרען און אַראָנטשיקן האָט מען ביי נאַכט געזען אַרויסהינקען פון ליי־זעס הינטערטיר —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די ברידערלעך וויינער, ווי נאָר ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, זענען זיי פריוויליק אַריינגעטראָטן אין דער אַרמיי און האָבן העלדיש גע־קעמפט קעגן היטלערן אין דעם סעקטאָר קאַלינין — וועליקי־לוקי. ביידע האָבן זיי זיך געפונען אין איין טאַנק און ביידע זענען זיי אויפגעריסן גע־וואָרן פון איין מינע. זייער פאָטער רעדט זיך נאָך איין עד היום, אַז זיי מוזן זיין ערגעץ אין געפאַנגענשאַפט. ס'איז אוממעגלעך, טענהט ער, אַז צוויי ברידער, איינציקע צוויי קינדער, — וואָרעם מער האָט ער דאָך נישט — זאָלן אומקומען אין איין טאַנק און מיט איין מאָל! ניין, ניין, ער קען גאָר נישט צולאָזן אַזאַ געדאַנק צום מח —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...טאַניס מלאך־המות — פּראָסיאַ, אָדער שינדערמאַן, אָז'ער — ווי זי האָט זיך אַ מאָל אָנגעגעבן: בתיה פלאַקסמאַן — האָט מלחמה־צייט געדינט אין דער אַרמיי אַלס פאַרבינדונגס־אָפיציער. הינטער אָדעס האָט מען זי גענומען אין געפאַנגענשאַפט און נאָך פיל גלגולים איז זי אָנגע־קומען קיין בוכענוואַלד. ווען מען איז דאָרט על־פי צופאַל געוואויר גע־וואָרן, אַז זי שטאַמט פון יודן, האָט מען זי אַזוי לאַנג געקאַטעוועט און געשלאָגן, ביז מען האָט זי דערשלאָגן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער שרייבער מאַרגאָלים איז נאָך אין יאָר 1935 געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק, געפינענדיק זיך גראָד דאַמאָלסט אין סווערדלאָווסק. זיין רעוועקאַ איז היינט זייער באַפריינדעט מיט וואַנדאַ וואַסיליעווסקאַ, ממש נפש אחת. זי פּרוווט צו ביסלעך נאָכמאַכן דעם פאָטער און עס באַקומט זיך ביי איר גאָרנישט שלעכט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ר׳ אפרים, דער חסידישער „חכם״ פון סאמארקאנד, דער זעלבער, וואָס האָט מיט פיל יאָרן צוריק צונויפגעפירט שלמהן מיט די יאגודאַ־יעווס, לעבט נאָך עד־היום, אָבער ער איז שוין אַ טיפער, טיפער זקן. דריי אייניקלעך זיינע, — בחורים „ווי די טאָפּאָלן״ — וואָס די קריג האָט ביי אים צוגערויבט, האָבן מיט זיך מיטגענומען אין ברודער־קבר אריין זיין גאַנצן הדרת־פּנים. כאָטש אָנוועזן אַ קינד איז ביי אים נישט קיין „נאָווינע״; ער האָט פאר זיין לעבן פיל קינדער באַגראָבן; סיי אין קרעמענטשוג — ווו ער האָט געוווינט ביז דער רבי האָט אים געשיקט צו די אזיאַטישע יידן, זיי מכניס צו זיין תחת כנפי־החסידות — סיי אפילו אין אזיע גופא, אָבער — תתאה גבר! די שווערע, ווייטיקלעכע אבדה פון די דריי געראָטענע אייניקלעך האָט אויף אים אָנגעוואָרפן די זקנה עפּעס מיט אַ מאָל, ווי מען וואָלט אים אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָפּ אַ זאַק פון קוילן...

נאָך דער קריג האָט ער ביי זיך געמאַכט אַ החלטה: זיך אומקערן אויף דער אוקראַינע! — שוין גענוג זיך אָנגעאַזיעט, יוצא! זיין עדה־קדושה, דערהערט פון דער מעשה, איז מען אים ממש געפאַלן צו די פיס, אַז ער זאָל זיי נישט פאַרלאָזן. — נישט גענוג, וואָס אַלע אָנגעפּאָרענע יידן צעלויפן זיך פון דאַנען ווי די מייז, וויל ער זיי נאָך אויך איבער־לאָזן כצאן בלא רועה?...

עס האָט אָבער גאָרנישט נישט געהאָלפן: ער האָט געזאָגט, אַז ער פאָרט — פאָרט ער! קודם: נאָך דעם ווי ער האָט זיך פּינף יאָר נאָך אַנאַנד ווידער געפונען אין דער סביבה פון אוקראַינישע יידן, איז אים שווער זיך צוריק אָפּגעוווינען פון זיי; והשנית — און דאָס איז טאַקע געווען דער טעם־נכון — האָט אים דאָ יעדעס ווינקעלע דערמאָנט אין די אזוי יונג פאַרשניטענע געליבטע אייניקלעך און דאָס האָט אים צו שטאַרק וויי געטון...

די עדה האָט זיך אזוי לייכט נישט אונטערגעגעבן. עס זענען געווען טענות ומענות עד אין מספר. סוף־כל־סוף איז מען מושווה געוואָרן בזה האופן: ר׳ אפרימס עלטערער זון איז אויף אַ שטיקל צייט, ביז זיי וועלן זיך צוזוכן אַ ממלא־מקום הגון, געבליבן אין סאַמאַרקאַנד אויפן אָרט פונעם פאָטער, און ר׳ אפרים מיט די יינגערע קינדער זענען אוועקגעפאָרן אַראָפּ אויף מערב, וואָס נעענטער צו די אומבאַוווסטע קברים פון זייערע „דריי ריזן, ווי די שטאַלטנע טאָפּאָלן״ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...וואַניושאַ — שלמהס באַשיצער אין דער קאַמער נומער 13, אין קיעווער נ. ק. וו. ד. אויף יעליזאַוועטינסקע־גאַס — איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, נאָך יענער אפּוטרופּסות, באַפרייט געוואָרן. ער האָט זיך אוועק־געלאָזט אויף דאָנבאַס און איז דאָרט געוואָרן אַ שאַכטיאָר. ווי נאָך די דירעקציע האָט אים געמאַכט פאַר אַ „דיעסיאַטניק״, * אזוי האָט ער זיך

* אַן עלטסטער אויף צען אַרבעטער.

גלייך צוגעקליבן אַ קאַזאַטשקע נאָך זיין געשמאַק און האָט אָנגעהויבן לעבן מיט לייטן צו גלייך.

אין דער קריג איז אים באַשערט געווען זיך צוריק נעמען צו זיין אַל־טער פּראָפעסיע, וועלכע ער האָט זיין גאַנץ לעבן אַזוי ליב געהאַט — שניידן קעפּ! ער האָט קאָמאַנדעוועט מיט אַ גאַנצן עסקאַדראָן קאָזאַצקע קאַוואַליעריע. נאָך דער סאָלידער „צוגרייטונג" פון דער אַרטילעריע פלעגט ער מיט זיינע העלדישע אָדלערס, רייטנדיק אויף די טורקמענער' און קובאַ־ניער ברענענדיקע סוסים אָנפליען אויף די פריצן און קאָסען קעפּ, ווי מען קאָסעט איבערגעטרוקנטע זאַנגען...

איצט וווינט ער אין מאַקיעיעווקע, ער איז דאָרט איינער פון די אָנ־געזעענסטע שאַכטיאָרן און דאָס יונגוואַרג, וואָס האָט נאָך נישט „גע־שמעקט קיין פולווער", קוקט אויף אים מיט גרויס אָפּשיי —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אַשכאַקאַדזע, שלמהס קאַמערע־שכן אין לוקיאַנאָווקער „ספּעץ־קאָר־פּוס", ווי נאָר עס האָט אויסגעבראָכן די קריג, איז ער אַרויסגערופן גע־וואָרן פון דער קאָמאַנדירונג קיין מאָסקווע און מען האָט אים געגעבן אַ פּאָלק. אין דער סביבה פון קורסק איז ער אַריינגעפאַלן אין אַרומרינגלונג און איז פאַרבליבן „זיצן" אין וואַלד. דאָרט, אויף יענעם גרויסן אם־הדרך * האָט ער געאַרבעט מעשים און האָט אָנגעטון דעם דייטש שרעק־לעכע שאָדנס. זיין פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד האָט זיך צעוואַקסן אין אַ גאַנ־צער אַרמיי און איז געווען דער אויסגעצייכנטסטער אין די דרום־געביטן פון לאַנד. עטלעכע מאָל איז אַשכאַקאַדזע געפלויגן אין דער „סטאַוו־קע" ** און איין מאָל איז ער אפילו געווען אויפגענומען פון סטאַלינען אַליין. איצט וווינט ער צוריק אין טיפליס, ער איז אַ דעפּוטאַט פונעם העכסטן ראַט און איז אין שטאָטראַט דער גאַנצער דעה־זאָגער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...וואַסיוק, שלמהס שכן אין לוקיאַנאָווקער טורמע, האָט ביי דער נאַ־טשאַלסטווע פון דעם קאָנצלאַגער שטאַרק נושא חן געווען. פאַר אַקטיווער אַרבעט, פאַר אַרויסווייזן גוטן ווילן, איבערגעגעבנקייט און פאַכמענישע אי־ניציאַטיוו, האָט אים מאָסקווע אַראָפּגענומען פינף יאָר פון די צען. דער־הערט פון אַזאַ ישועה, האָט ער גלייך אָנגעשריבן צו זיין געליבטער לע־רערין אין דאָרף אַריין, אַז זי זאָל וואַרטן אויף אים; אַז אָן איר קען ער נישט לעבן. האָט זי זיך מיישב געווען: אויב ס'איז יאָ אַזוי די מעשה, צו וואָס זשע דאַרף זי מאַטערן אי זיך, אי יענעם? האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפאָרן צו אים אַהין צו... איז זי דאָרט, אין שכנות מיט איר געליבטן, געוואָרן אַ לערערין...

היינט האָבן זיי שוין אַ האַלב טוץ קינדערלעך. קיין דייטשן פּרצוף

---

* פרשת־דרכים, שיידוועג.

** דאָס זיצאָרט פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון אַלע אַרמיי־כוחות.

האָט וואַסיוק קיין מאָל פאַר די אויגן נישט געזען. אין דער קריג האָט ער געאַרבעט אויף אַ מיליטערישן זאַוואָד און איז געווען „פאַרבראָנירט". *
זיי וווינען איצט אין מורמאַנסק און הייבן אפילו נישט אָן צו בענקען נאָך דער „ליבהאַרציקער" אוקראַינע —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ניקיפאָר לוקיאַנאָוויטש קאַליוזשנעי, אָדער ווי מען האָט אים אין קיעווער טורמע גערופן פשוט: דער אַלטער לוקיטש, איז לויטן ערשטן פסק-דין אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף פינף יאָר. דאָרטן — פאַר זיך אָפּ־זאָגן אויסצופילן דעם באַפעל פון דער נאַטשאַלסטווע — האָט מען אים אַריינגעהאַקט נאָך פינף יאָר. פון דעסט וועגן האָט ער נאָך באַוויזן אָנ־צוציען אויף דער אוקראַינע צום אָפּטרעטן פון די דייטשן. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט ער זיך, ביי זיין עלטער, אַריבערגעפּעקלט קיין פּוילן. דאָרט האָט ער אָפּגעזוכט אַן אייניקל פון אַ פּריץ, ביי וועלכן ער איז צוריק מיט יאָרן געווען אַ באַטראַק, און יענער האָט אים ווי עס איז צוגע־טוליעט ביי זיך אין הויף. איצט איז ער אַ סטאָראָזש ביי אַ דאָרף־קלוים־טערל, ער זיצט איבער גאַנצע טעג אויף די פּריזבעס צוזאַמען מיט די אי־בעריקע זקנים פונעם דאָרף, און דערציילט זיי אוים מיט אַלע פּישטשעווו־קעס וועגן זיינע שוידערלעכע איבערלעבענישן אין די טורמעס און אין די קאָנצלאַגערן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...איסאַק אַבראַמאָוויטש שטיינבערג, דער געוועזענער קיעווער דירעק־טאָר פונעם „טאָרגסין", איז היינט אין איראַן. ער געהערט צו דער עקאָ־נאָמישער סעקציע און איז פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן אין דער „פּאָלפּרעדסטוואָ" — **

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...לעוויטין, דער געוועזענער קיעווער נאַטשאַלניק פון דער מיליץ, איז היינט דער קיעווער מיליטערישער קאָמענדאַנט און האָט אַ זון אַ באַ־רימטן גענעראַל —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די ראַבינאָוויטשעס, סאָלאָמאָן איסאַיעוויטש און ראַזאַליאַ דאַווי־דאָוונאַ, וווינען אין זייער פאַרמלחמהדיקער דירה און אַרבעטן אויף זייער פאַרמלחמהדיקער אַרבעט, אַלץ כבשנים קדמוניות, נישט מער דער קרייז באַקאַנטע זייערע האָט זיך שטאַרק פאַרשמעלערט און פאַרמינערט. זיצן זיי טאַקע אָפּט, דער יורים-קאָנסולט מיט זיין דאָקטערשע, אין די אוּ־מעטיקע אָוונט-שעהן, און דערמאָנען מיט בענקעניש זייערע אַמאָליקע פריינד —

...די שטיינבערגס, די ביעלסקים און שלמה פּיאַטיגאָרסקי —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* פאַרזיכערט קעגן געשיקט ווערן אויפן פראָנט.
** אַמבאַסאַדע. קאָנסולאַט.

...סעמיאָן, דער סטאַבילער שאָפער פונעם טאָרגסין, האָט אין דער מלחמה זיך אריינגעריסן מיט זיין טאַנק אין א דייטשן אמוניציע־לאַגער און האָט אים אָנגעצונדן. פאַר דעם דאָזיקן „חנדעלע" האָט מען אים גע־געבן דעם לענין־אָרדען. איצט וווינט ער אין מאָסקווע, סאַמע אויף דער טווערסקאַיאַ־גאַס; פאַרוואַלטעט מיט א גאַראַזש פון הונדערטער אויטאָס, לעבט א גוטן טאָג און — חוץ ווי צום שלאָף — נעמט ער קיין מאָל נישט אראָפּ דעם אָרדען פון דער ברוסט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ליעוו מאָיסיעיעוויטש ווישניפּאָלסקי, דער לאַנגיעריקער דירעקטאָר פון קיעווער „גאַסטראָנאָם", האָט אזוי לאַנג ביי זיך נישט געקענט פועלן איבערצולאָזן מלוכה־פאַרמעגן אויף הפקר, ביז די דייטשן זענען אריין אין שטאָט אריין. זיין פרוי און קינדער האָבן זיך שוין זייט א פּאָר חדשים געפונען אין אַסטראַכאַן. זיי האָבן פון טאָג צו טאָג געוואַרט אויף אים, צוזאַמען האָבן זיי זיך געדאַרפט אריבערשיפן דעם קאַספּישן ים און דאָרטן לעבן גלייך מיט אַלע יידן...

...אזוי האָבן ווייב און קינדער געפלאָנעוועט זיצנדיק אין געהאַקטע ווונדן אין אַסטראַכאַן; אזוי האָט אויך דער מאַן געפלאָנעוועט זיצנדיק אויף הייסע קוילן אין דעם וויסטן קיעוו; האָט אָבער דער דייטש זיי איי־בערגעשניטן דעם וועג און האָט צווישן דעם פּאָרפאָלק געמאַכט — „יחלוקו"...

די אַלטע אויפרוימערין פונעם „גאַסטראָנאָם" האָט אויסגעבאַהאַלטן איר דירעקטאָר אזוי לאַנג, ווי זי האָט נאָר געקענט, און ווען דאָס איז גע־וואָרן אוממעגלעך, האָט זי אים מיט סכנת־נפשות אריבערגעפּעקלט אין וואַלד אריין צו די פּאַרטיזאַנער.

נאָך דער קריג האָבן זיך מאַן און ווייב אָפּגעזוכט איינס דאָס אַנדע־רע. ער האָט געבראַכט אַן אָנדענק פון די פּאַרטיזאַנער: אַן אויסגעזעצט אויג און אַן אראָפּגעשאָסענעם אקסל; און זי פון סטאַלינאַבאַד — צוויי מעכטער עגונות. — וואָס איז די מעשה? — זיי, די טעכטער אירע, האָבן נישט געוואָלט פּאַרבלייבן אויף אייביק אין די אַפגאַנישע מדבריות, און זייערע בוכאַרישע מאַנען — געבוירענע סטאַלינאַבאַדער — האָבן נישט געוואָלט מיטפּאָרן מיט זייערע ווייבער צו די „אורוסן" אין די חרובע אָדעסן און בערדיטשעווס. און אזוי וויביידע צדדים זענען געווען איינ־געעקשנט ביז גאָר, איז מען זיך צעפּאָרן ווי די שיפן אין מיטן ים. די פרוי ווישניפּאָלסקי — פון דער היים א חסידישע טאָכטער — איז פון אָנהייב אָן געווען קעגן אָט די „טאַנדעטנע מלחמה־שידוכים", און איצט איז זי געווען מלא־דאגה: וווהין וועט זי זיך אהינטון מיט אירע אזוי יונג צוגעוואָרפענע טעכטער? אָבער נאָך פיל מער ווי די פאַר'עגונה'טע טעכ־טער האָט די פרוי ווישניפּאָלסקי באַוויינט די צוויי קליינע יינגעלעך, וואָס זי האָט אָנגעווירן אין וועג, איין קבֿרל האָט זי איבערגעלאָזט אין טאַש־קענט, און איין קינד — אויפן צווייטן טאָג נאָכן טויט — איז ארויסגע־

שליידערט געוואָרן פונעם וואַגאָן, ווען זייער עשאַלאָן האָט זיך געשלעפּט איבער די קאַראַ־קומער סטעפּעס...

איצט וווינען זיי צוריק אין קיעוו. ער איז קאַסיר אין אַ קינאָ און זי מיט אירע יונגע עגונות זענען, ביי לית ברירה, געוואָרן פּשוטע קאָנ־דוקטאָרשעס אין די טראַמווייען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...שמואליק לאַמאָוואַצקי וווינט היינט מיט זיין פאַמיליע אין לענינ־גראַד אויפן סאַמע ניעווסקי־פּראָספּעקט. ער האָט שוין כמעט פאַרגעסן: ווו עס שטעקט ערגעץ דאָס וויסטע סלאַוווטע, און ווער ס'איז געווען דער שלמה... זיין גיטעלע איז אַ קאַפּיטאַן — אַ פּליערן. איר מאַן איז אַ מי־ליטערישער אינזשעניער און זיי וווינען אין מאַנדזשוריע —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...סערגיי טימאָפעיעוויטש ווינאָגראַדאָוו איז לעצטנס שטאַרק פאַר־ענדערט געוואָרן. ער קוקט נישט אויף קיין מענטשן און האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף זיין גאַנצער אַרבעט. דער פּערסאָנאַל אין שפּיטאַל ווייסט שוין פון דער „שוואַרצער כמאַרע", וואָס הויערט אויף אים און מען היט זיך אויסרעדן צו אים אַן איבעריק וואָרט.

אין זיין ווייבס „אוהל", וואָס ער האָט אויפגעשטעלט ביי זיך אין שטוב, האָט ער נאָך אוועקגעשטעלט עפּעס אַ מין שטיקל מצבה פאַר זיין פּאַוועלן — עס זאָל „איר" אַ גאַנצן טאָג נישט זיין לאַנגווייליק — און ער זיצט אוועק לאַנגע שעהן פאַרשפּאַרט הינטערן שלאָס מיט זיין טויטער פאַמיליע. דאָס מיידל, וואָס האָט אים באַדינט, איז פון אים אַנטלאָפן גע־וואָרן. זי האָט לעצטנס מורא באַקומען צו בלייבן מיט אים איינס אויף איינס. פון זינט זי האָט אים פאַרלאָזט, וווינט ער איינער אַליין אין זיין פיל־צימערדיקער וווינונג, ער און זיינע „נישט היגע" בני־בית. גאַנץ אָפט אַנטפּלעקט ער זיי דעם סוד פון זיין הארצן, אַז עס טוט אים שטאַרק באַנג, פאַר וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט איבעררעדן און איז נישט גע־פאָרן מיט סאָלאָמאָנס עקספּעדיציע קיין פּאַלעסטינאַ. אפילו זיי אַליין, די טייערע מתים זיינע, וואָלטן אים דאָרטן אויך געווען פיל נעענטער און צוטריטלעכער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...וולאַדימיר וויסבלאַט וווינט היינט אין מאָסקווע נאָך אין אַ גרעַ־סערן פּאַלאַץ, ווי ס'איז געווען גינצבורגס הויז אויף אינסטיטוטסקע־גאַס, און פאַרנעמט זייער אַ וויכטיקן פּאָסטן אין „נאַרקאָמוניעשטאָרג" * —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...לייב טולטשינסקי האָט אין קיעוו חתונה געהאַט מיט אַ יונגער אַלמנה פון קורסק, וואָס האָט געהאַט צוויי קינדערלעך פונעם ערשטן מאַן. ביז דער קריג האָט ער אַליין אויך באַוויזן צו האָבן דריי קינדערלעך.

---

* פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן־האַנדל.

באַטש אַ פֿאַמיליע פֿון זיבן נפשות איז נישט לייכט מפרנס צו זיין, פֿון דעסט וועגן האָט ער שטענדיק פֿאַרדינט אויפֿן לעבן די והותר. עוואַקואירנ־דיק זיך אויף אַ באַרזשע איבערן דניעפּער, האָט אים אַ שראַפּנעל פֿון אַ זע־ניטנע סנאַריאַד אויסגעריסן דאָס רעכטע אויג צוזאַמען מיט אַ שטיק פּנים. איצט וווינט ער אין סאַראַטאָוו. דער אינוואַלידן־פּאַריין האָט אים „אַוועק־געשטעלט" אין אַ קיאָסק פֿון צייטונגען. בסוד־סודות האַנדלט ער אונטער אויך מיט פּאַפּיראָסן, מיטן ביטערן טראָפּן, און מיט אַלטע אָבליגאַציעס. ווען נישט דאָס, וואָס ער האָט אין אַסטראַכאַן באַגראָבן איין קינד און אין אַ יאָר אַרום אין בוכאַרא דאָס צווייטע, וואָלט ער זיך בפירוש אויף גאָרנישט נישט געקלאָגט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש טולטשינסקי וווינט היינט אין קויבישעוו. ער איז דאָרט דער רעדאַקטאָר פֿון דער געגנט־צייטונג, נאָר בעלא אָראָ־נאָוונא דערגייט אים די יאָרן: זי זאָגט, אַז ער איז געוואָרן אַ פּראָווינ־ציאַל. דער היפּשינקער וואָרעם אירער איז פֿאַרזונקען געוואָרן אין בלאָטע, דאָרט דרימלט זיך אים גאַנץ געשמאַק און דעריבער טוט ער אַזוי ווייניק וועגן זייער אומקערן זיך קיין קיעוו מיט לייטן צו גלייך —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...מאַרוסיאַ וווינט היינט אין מאַראַזאָווס הויז אינעם צענטער פֿון קיעוו. זי פֿאַרנעמט אַ גרויסאַרטיקע וווינונג. זי פֿאַרמאָגט איר אייגנס צוויי יינגלעך מיט איין מיידל. אַלע אַזוינע העסלעך־מיאוסע ווי זי אַליין. איר מאַן, דער פֿאַבריקמאַכער, איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין דער מלחמה, און וואָלאָדקאַ, דער זעלבער, וואָס האָט אַ מאָל געלערנט צוזאַמען מיט פֿאָלין און איז היינט אַן עלטערער לייטענאַנט, איז אַן אָפּטער אַריינגייער צו איר... ס'איז קענטיק פֿון זיין אויפֿגעבונדן צינגל, אַז ער איז מיט איר גאָר, גאָר אַ נאָענטער שמעלקע —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...געניאַ שוסטערמאַן, משה פֿרידמאַנס ווייבל, נישט וואַרטנדיק אפֿילו, ביז עס וועט זיך ענדיקן די „שבעה" נאָך איר אומגעקומענעם מאַן, האָט זיך אומגעקערט קיין כאַרקאָוו און איז ווידער אַריינגעטראָטן אַרבעטן אין „כ. ט. ז."* ס'איז נישט פֿאַריבער קיין איין יאָר, ווי זי איז געוואָרן בריג־גאַדיר פֿון אַ צעך און מען האָט זי אויף צוויי יאָר אָפּגעשיקט לערנען קיין לענינגראַד. פֿאַר דעם אומקערן זיך קיין כאַרקאָוו האָט זי געמוזט אַוועקגיין אין שפּיטאָל אַריין זיך מאַכן אַן „אָפּוואַרפֿעכטס" און האָט בשעת־חדוה געכאַפּט אַ בלוט־פֿאַרגיפֿטונג. גאַנצע עלף חדשים איז זי אָפּ־געלעגן אין שפּיטאָל. ווען מען האָט זי ענדלעך אויסגעשריבן פֿון דאָרטן, האָט זי געהאַט אַ גראָען קאָפּ האָר; אַ שטאַרק קאַליע ראיה און וואָס ס'איז געווען ערגער פֿון אַלץ — וואָס זי האָט נאָכגעשלעפּט אַ פֿוס —

---

* ראשי־תיבות פֿון: כאַרקאָווער טראַקטאָר־זאַוואָד.

א נאָכווייעניש פון איר קרענק. זי האָט זיך שוין אויפן זאָוואָד נישט אומגעקערט. קיין בלינדע און קיין קרומע — האָט זי פארשטאַנען — דאַרף מען דאָרט נישט האָבן זייער נייטיק. זי האָט זיך איינגעבעטן אויף ארבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער אין דעם זעלבן שפּיטאָל און אַזוי ארבעט זי דאָרט ביז היינטיקן טאָג —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די קריוואָרוטשקעס האָבן לעצטנס גאָר־גאָר עולה לגדולה געווען: ניקאָלאַיען האָט מען איבערגעפירט ארבעטן קיין קיעוו אין צענטראַל־קאָ־מיטעט פון דער פּאַרטיי. א דירה האָט מען זיי אָפּגעגעבן סאַמע אין צענ־טער שטאָט. מיט פּרנסה האָט מען זיי פארזאָרגט כיד־המלכות. מארינקע — פון נישט האָבן עפּעס אַנדערש, וואָס צו טון — האָט ערשט אָנגע־הויבן שטודירן. די עלטערע קינדער אירע האָבן שוין לאַנג געענדיקט די אינסטיטוטן און זענען זיך צעפאָרן אין דער וועלט אריין אויף פּראַקטיק, לערנט זי — די יונגע אַלטיטשקע — גלייך מיט איר פּופּצניעריק מיידל. דערפאַר אָבער, ווען עס קומט נאָר זומערלעב, דאַן, ווי לויט א געזעץ, פאָרט זי ארויס קיין סלאַוווטע אויף אָפּרו: קיעוו איז טאַקע קיעוו, אָבער סלאַוווטע איז פאָרט אייגנס —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...בערטאַ לאַזאַראָוונאַ ביעלסקאַיאַ — דעם קאָמפּאָזיטאָר ביעלסקיס שוועסטער — איז שוין היינט נישט קיין ביעלסקאַיאַ, נאָר פרוי ווינאַראָוו. איר מאַן איז א בארג־אינזשיניער און זי ארבעט אין א שול, גיט לעקציעס אויף פּיאַנינע. זי האָט שוין צוויי קינדערלעך. די גאַנצע צייט פון דער קריג האָט זי געלעבט אין לענינגראַד. זי האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט. אַלע קרובים אירע זענען געווען עוואַקואירט אין פארשידענע עקן פונעם לאַנד און אַצינד זענען זיי צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע שבעה ימען... ווען עס פאַלט אויף איר אָן דאָס בענקעניש נאָך איר געליבטן ברודער סאַמואיל, און נאָך איר שוועגערין סעסיל, וועלכע איז פאַר איר שטענדיק געווען ווי אַן עלטערע שוועסטער, דאַן — ווען זי האָט אָט דעם שלמהן צו דער האַנט — וואָלט זי אים צעריסן אויף שטיקלעך דערפאַר, וואָס ער האָט ביי איר צוגערויבט איר ברודער און האָט צעבראָכן זייער משפחה אויף אייביק —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...יעפים דאָלינסקי — דער זעלבער, ביי וועמען שלמה האָט „בימים ההם" מקבר געווען זיינע ביכער און הרב ביאַליקס כתבים — איז היינט דער דירעקטאָר פון בעסאַראַבקער רינאָק. ער נעמט רח"ש פון יעדן קלייטל, קלייבט א רובל צו א רובל און קען אפילו נישט קוקן אויף קיין שרייב־געצייג, אַז עס זאָל אים נישט אָנהייבן עקלען ביי דער נשמה —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ליאָליאַ האָט אָפּגעלעבט מיט איר באַשערטן דאָלינסקען גאַנצע דריטהאַלבן וואָכן און דערנאָך זענען זיי זיך צעגאַנגען: שאַ־שטיל, ווי ביי

די שענסטע מענטשן. פאר וואס די ליבע האט ביי זיי אויסגעברענט אזוי גיך? — ער האט אין איר אנטדעקט א לייבטזיניקן כאראקטער! גלייך אויף צו מארגנס, נאך זייער פארשרייבן זיך אין „זאגס", האט מען אים אפגעגעבן א גרוס, אז מען האט זי געזען זיצן אין בופעט מיט איר לעקטאר, וואס האט אזעלכע פרעכע מאניערן — א שרעק! און זי האט געמאכט אן אנטדעקונג, אז א פאעט — ער מעג אפילו זיין א צווייטער פושקין — איז נאר גוט צו האבן פאר א קאוואליער, אבער פאר קיין פאל נישט פאר קיין מאן. דאס פארפאלק — ווי נאר זיי האבן זיך ארומגעקוקט אויף וואס פאר א וועלט זיי זענען — האט מען זיך אפנהארציק דורכגעשמועסט און מען איז זיך אויף א סאלידן און העכסט דעמאקראטישן אופן — צעגאנגען, ווי די שיפן אין ים. אויף צו מארגנס נאכן „ריס", כדי זיך כאטש אין עפעס נוקם צו זיין, האט יעפים, אין שרייבערפארבאנד, פאר אלעמען אין די אויגן, צעריסן זיין מיטגלידס־קארטע אויף פיצ־פיצ־פיצלעך. ליאליא איז פאר גרויס הארצווייטיק אוועקגעפארן קיין מאסקווע, זי איז אריינגעטראטן אין „מאספילם", און ס'איז גאר א סברא, אז מיט דער צייט וועט פון איר ווערן א בארימטער פילם־שטערן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ישראל־יוסף, דער אלשאנער שוחט איז שוין אן אלטער ייד. דאס בייכל זיינס איז פאר די מלחמה־יארן קענטיק פלאכער געווארן; די בעקעלעך — נישט מער ראזע. ער וווינט אין בוכארא און האט אין בית־המדרש, במעמד כל העם, זיך געשווירן ביי זיין בארד און פיאות, אז אין ערגעץ וועט ער פון דארט נישט פארן. מילא, קיין גוט לעבן נישט, על כל פנים וויל ער כאטש ליגן אין די מקומות, וו א מאל איז געווען פרס ומדי, אין שכנות מיט דניאל הנביא —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...בנימין בערעלעס מיט זיין פראדלען האבן אלע יארן ביז דער קריג געלעבט אין אלשאנע. אפשר צען מאל אין טאג פלעגן זיי איינער דעם אנדערן דערמאנען פרטים פון דעם שלמהן, וואס האט בשעתו איבערגעקערט אלשאנע מיטן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף, דערנאך האט ער אויסגעכאפט דאס שענסטע מיידל פון דער שטאט און איז נעלם געווארן לעולמי־עד... דער דאזיקער שלמה איז שוין ביי זיי אזוי ארומגעוואקסן געווארן מיט מעשהלעך און מיט פאנטאזיעס, אז זיין נאמען האט שוין געקלונגען ביי זיי אין די אויערן ווי א לעגענדע. זיי אליין האבן שוין עפעס נישט געגליייבט, אז ס'איז א מאל טאקע ווירקלעך געווען אזא שלמה אויף דער וועלט און אז ער האט ביי זיי געהאלטן אכסניא...

אין אנהייב פון דער קריג האבן זיי עוקר געווען קיין טשערקאס. פון דארטן האבן זיי מיטן וואסער דערגרייכט דניעפראפעטראווסק און דארטן האבן זיי זיך מיט מסירת־נפש אריינגעשטופט אין אן עשאלאן, וואס איז געשטאנען גרייט אפצוגיין קיין סאראטאוו. ער איז אבער נישט אוועק קיין סאראטאוו, נאר אין אן אנדער ריכטונג... עטלעכע מינוט פארן אפגיין איז

ער דורך פאררעטערישע הענט אויפגעריסן געוואָרן... פון די הונדערטער יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין די וואַגאָנעס, איז קיין שריד ופליט נישט געבליבן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...בנימין בערעלעס שכנטעס: מנוחה און נחמה מיט זייערע פאַמיליעס האָבן זיך אַלע יאָרן געהאַלטן צוזאַמען: צוזאַמען געליטן הונגער אין די קאַלכאָזן ביז דער קריג; צוזאַמען עוואַקואירט געוואָרן אויף אוראַל און צו־זאַמען זיך אומגעקערט פון דער פינצטערער עוואַקואַציע קיין אַלשאַנע. אין דעם אוראַלער אַרבעטס־שטעטל, וווהין זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן, האָט זיך מנוחהס מאַן אויסגעלערנט שניידעריי און נחמהס — שוסטע־ריי. אין אַלשאַנער סאָווכאָז, אין וועלכן זיי זענען גלייך אַריינגעטראָטן, אַרבעטן זיי אויך ביי זייערע פאַכן: דער איז דער סאָווכאָזנע שניידער און דער איז דער סאָווכאָזנע שוסטער. די פּאָר ווייבלעך זענען געוואָרן אמתע זקנות. זיי זיצן נאָך היינט אויך איבער גאַנצע נאָכמיטאָגן אויף די פּריז־בעס און אויף די בענק, אָבער זיי שעלטן זיך שוין נישט אַזוי ווי אין די „יונגע" יאָרן און היצן זיך שוין נישט אַזוי ווי אַ מאָל. דאָס איז פון שטענדיק אָן אַ כּלל: אַז מען ווערט עלטער, ווערט מען קעלטער —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...וועלוול באַלצער — דער געפּאַטשטעטער מנהל פון דער קיעווער, אונ־טערערדישער תלמוד־תורה — איז היינט אין קיעווער אָבשטשינע * אַ גאַנצע „שישקע" און אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם". ** ער איז שוין אפילו איין מאָל געוועזן אויפגענומען ביי כרושטשאָוון אַליין —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ישראל בערעזניאַק, וואָס איז „בימי־הרעש" געוואָרן אַ „מת" מתוך אונסו, איז אַלע יאָרן פון דער אָקופּאַציע געווען אויסגעבאַהאַלטן אין טשערקאַס. היינט איז ער דאָרט אַ גאַנצער שטאָט־בעל־הבית. ער פירט דאָרט אַ גרויסן מנין און הייבט אפילו נישט אָן צו בענקען נאָך קיעוו —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...געצי, שלמהס חבר; דער מאיאָר געצי, האָט זיך צו לאַנג געשובט מיט זיין זשלאָבינער „מנקר'טע" מכח „איבערבייטן דאָס סאָוויעטישע רענדל", ווי שלמה האָט אים געעצהט. ווען זיי האָבן שוין ענדלעך אָנגענו־מען אַזאַ באַשלוס און געצי איז צוגעפאָרן קיין לוואָוו אַ שמעק טון די לופט, איז שוין טיר און טויער געווען פאַרשפּאַרט; זשוראַוווליאָווס אָרט איז שוין לאַנג פאַרקילט געוואָרן; זיין פּאָסטן האָט איצט פאַרנומען אַ יונגער סיביריאַק, אַ רשע מרושע. מיט אַ שטאַרקן פאַרדראָס אויף זיך אַליין איז געצי אַוועקגעפאָרן אויף צוריק, אָבער דעם ווייבל זיינעם האָט

---

* געמיינדע.

** אַ דעה־זאָגער, אַ תקיף.

ער געגעבן זיין קאָמוניסטיש ערנוואָרט, אַז ער וועט זיך אַזוי לייכט נישט מיאש זיין; ער מוז נאָך דורכברעכן אַ וועג און זיך אַרויסכאַפּן פונעם שטייגעלע... ער איז מער ווי זיכער, אַז ער וועט זיך נאָך ווען עס איז דער־שלאָגן זיינס, אַ סימן האָט ער — שלמה חלומט זיך אים כמעט יעדע נאַכט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...יוסף גאָרדאָן איז לאורך ימים געבליבן שטעקן אין סוליקאַמסק. אין יאָר 1940, ביי דער איינמאָליקער געלעגנהייט, וואָס ער האָט געהאַט צו זען זיינע אייגענע, האָט ער זיך געקלאָגט פאַר די עלטערן, אַז קיעוו איז פּוסט געוואָרן, ער האָט שוין באַלד נישט צו וועמען זיך אומצוקערן. היינט, וואָס וועט ער שוין זאָגן איצט, ווען ער וועט זיך אומקערן אין זיין חרובער היים נאָך דעם מבול פון אַלע מבלען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...הרב ביאַליקס אלמנה איז געבליבן אין קיעוו. אירע קינד׳ער זענען: קאָמוניסטן, און נישט סתם קאָמוניסטן, נאָר פלאַמפייערדיקע פּאַטריאָטן פונעם קאָמוניסטישן רעזשים, און זענען געווען קאַפּאַבל די מוטער דורס צו זיין, ווען זי האָט זיי מיט טרערן אין די אויגן דער׳ציילט, אַז מענטשן פאָרן איצט קיין ארץ־ישראל. זי קוקט אַרויס אויף אַלע וועגן, טאָמער וועט זיך פון ערגעץ באַווייזן שלמה פּיאַטיגאָרסקי, און איר אָפּ־ברענגען דעם מאַנס כתבים. דאַמאָלסט וואָלט זי זיך אַרומגעקוקט: טאָמער וועט זי זיי קענען מיט עמעצן אַריבערפעקלען קיין אויסלאַנד און דאָרט אפשר וועלן זיך אָפּזוכן בעלנים, וועלכע וועלן זיי וועלן אָפּדרוקן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער פאָלקאָווניק, סאַמסאָן לוואָוויטש יאַגודאַיעוו, דער הויפּט־מחותן אויף שאַיע גורעוויטשעס „חתונה״, האָט זיך פאַר די לעצטע יאָרן שטאַרק איבערגעביטן. בלאַ יודעים האָט זיך פון אים בהדרגהדיק אָפּגע־שיילט דער „גוי״, עס האָט זיך אָבער ביי אים נישט אויסגעשיילט דער „ייד״. דערצו האָבן געפעלט די נייטיקע געווירצן. איז ער טאַקע אַזוי פאַר־בליבן על פרשת־דרכים: נישט אהער, נישט אהין...

מיט דעם דערשיינען פון אָט דעם צויבערנדיקן, סודותפולן פּיאַטי־גאָרסקין, האָט זיך אין זיין האַרצן אויפגעהויבן אַ וויכער פון לאַנג פאַר־געסענע געפילן, ריכטיקער געזאָגט — פון אַזעלכע געפילן, וואָס ער אליין האָט זיך גאָר קיין מאָל נישט חושד געווען, אַז זיי געפינען זיך אין אים. משל למה הדבר דומה — צו איינעם, וואָס האָט זיך שפּעט אין דער נאַכט אריינגעכאַפּט אין אַ גאָרטן און מיט זיינע צו האַסטיקע טריט האָט ער אויפגעוועקט אַ סטייע שלאָפנדיקע פייגל... עס האָט אים אומדערטרעגלעך אָנגעהויבן ציען צוריק קיין טורקמעניע; אהיים צו זיין קראַנקן פאָטער; צו די איבעריקע קרובים, וואָס ער האָט דאָרטן ערגעץ... די צייט איז אָבער געווען ביז גאָר אַ שטורמישע: יעזשאָוו איז אַראָפּ — בעריאַ איז אַרויף.

אין דער לאַגער־וועלט — סיי פון דער נאַטשאַלסטווע, סיי פון די „קעפּ״ * — איז אין צוזאַמענהאַנג מיט אַט דעם „עולים ויורדים״ פאָרגעקומען אַ גענעראַלע איבערגרופּירונג. דער לאַגער, אין וועלכן ער, יאַגודאַיעוו, איז געווען הויפּטדאָקטער, איז זיך אַזוי צעוואַקסן לארכו ולרחבו, ווי אַ טאָל־קאָליוזשע נאָך אַ גאָסרעגן. און דאָס אַלץ האָט אַזוי צוגעקאָוועט און אַזוי פאַרשקלאַפט די לאַגער־נאַטשאַלסטווע און אפילו דעם ציווילן באַדינונגס־פּערסאָנאַל, אַז ס׳איז גאָר געווען אַ חוכא וטלולא ביי אַזאַ אָנגעצויגענער סיטואַציע צו בעטן אַ חודש אורלויב אויף צוצופאָרן ** .Ha родину ...

...און דאָ איז נאָך אונטערגעשפּרונגען די מלחמה...

ווען דער דייטש איז נאָך געשטאַנען הינטער נאָוואָגראַד־וואָלינסק, האָט מען אים שוין אָפּגעשיקט קיין סמאָלענסק צו העלפן דאָרט אָרגאַני־זירן די ווידערשטאַנדס־פעאיקייט פונעם גאַרניזאָן און נישט דערלאָזן צו קיין אַרומרינגלונג. שפּעטער — אין סאַמע ברען פון דער פּיליעריקער בלאָקאַדע — האָט מען אים אַריבערגעוואָרפן קיין לענינגראַד, וווּ ער האָט זיך שוין געפונען ביזן סוף פון דער קריג.

ערשט אַכט חדשים נאָך דעם, ווי מען האָט אין בערלין אונטערגע־שריבן דעם שלום, האָט ער דורך מאָסקווע אויסגעפּועלט, אַז מען זאָל אים איבערפירן צוריק אַהיים. אָבער געפאָרן איז ער נישט אַהיים צו זיין ווייב און קינדער, נאָר קיין אַשכאַבאַד. ס׳איז אים אויסגעגאַנגען דאָס חיות זיך צו זען מיט זיין קראַנקן פאָטער און אים פערזענלעך איבער־געבן, אַז ער, דער יינגסטער זון זיינער, האָט פון אים אָראָפּגענומען זיין פאָטערס קללה. דעם פאָטער זיינעם האָט ער שוין אָבער געטראָפן אויף דער „מטה״... זיך נישט דערוואַרט אויף דער בשורה־טובה, וואָס ער האָט אים געפירט... דאָן איז ער צוגעפאָרן צו זיין באַבע זלפּהס קרובים קיין מאַרי, אָבער ער האָט געטראָפן פאַרקלאַפּטע טירן און פאַרלאָדנטע פענצ־טער. אַ צעחושטער איז ער פון דאָרטן געפאָרן אויפזוכן זיין קוזינע מרים יאַגודאַיעוו — אָדער פינכאַסאָוו — מיט איר פאַמיליע, אָבער אויך פון זיי איז יעדער שפּור פאַרלוירן געוואָרן. ער איז בפירוש געפאָרן זי זוכן אי קיין קאַרשי, אין קיין קירקיטשי, אי נאָך אין אַ פּאָר נאָענטע שטעט, אָבער — אומזיסט! ווהין ער האָט זיך נישט געווענדעט, ביי ווע־מען ער האָט נישט געפרעגט, האָט קיינער אפילו נישט געוווסט, ווהין זייער געביין איז אַהינגעקומען...

דעם פּאָלקאָווניק יאַגודאַיעוו האָט אַט די מעשה שטאַרק פאַרקלעמט ביים הארצן:

— וואָס טוט זיך עס דאָ? קיי—נער נישט?! נישט דאָ און נישט דאָרטן?! אין ערגעץ נישט?! וואָס שטעקט אין אַט דער רעטעניש? וואָלט

---

* געמיינט: די אַרעסטאַנטן, וואָס ווערן אין די קאָנצלאַגערן געציילט אויף „קעפּ״, גלייך ווי שאָף און רינדער.

** געבורטס־לאַנד. דאָ געמיינט: געבורטס־רעפּובליק.

ער באַטש געהאַט צו די הענט אַט דעם שלמהן... יענער וואָלט זיך שוין מן הסתם פון אַנדער געקליבן אין אַט דעם פּלאָנטער, יענער וואָלט בלתי ספק שוין געפינען אַן אויסוועג פון אַט דער כשוף־ראָד...

דער מיט אַ מאָל עלנט געוואָרענער יאַגודאַיעוו, נאָך אַלע אומזיס־טיקע ארומזוכענישן, האָט זיך אומגעקערט קיין אַשכאַבאַד און איז אוועק־געגאַנגען אויפן בית־עולם. דאָרטן האָט ער זיך מיט ביידע עלנבויגנס אָנ־געשפּאַרט אין דעם פּאַטערס פרישער מצבה און איז עפּעס שטיין געבליבן אַ פריטשמעליעטער, „כאיש אשר שמטו את הכר מתחתיו". * ער האָט געפילט מיט אַלע זיינע חושים, אַז ער שטייט פאַר אַ גרויס רעטעניש; אַז עפּעס איז דאָ געשען אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרריכטן; עפּעס איז דאָ אַפּגעטון געוואָרן אַזוינס, וואָס וועט ווי אַ טיפער, נישט דורכגאַנגבאַרער אָפּגרונט אויף אייביק בלייבן ליגן צווישן אים און זיינע קרובים...

...אָבער וויסן דייטלעך, וואָס עס איז אַזוינס געשען, האָט ער פאָרט נישט געוווסט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...גבריאל סולימאַנאָוו — דער תלין פון ר' אבא־חלקיה יאַגודאַיעוו — האָט פאַר די ערשטע פּאָר חדשים פון דער קריג שטאַרק מצליח גע־ווען. פאַר אַ געלונגענער אָפּעראַציע, אין וועלכער עס האָט זיך אים איינ־געגעבן דורכצוריסן דעם שונאס ארומרינגלונג און ארויספירן פון אונ־טערן פייער זיין באַטאַליאָן מיט דער גאַנצער אַמוניציע, און נישט נאָר זיין באַטאַליאָן, נאָר נאָך „פּרעמדע", אָפּגעפליקטע אָפּטיילונגען — האָט מען אים געהעכערט דעם טשין פון קאַפּיטאַן אויף פּאָדפּאָלקאָווניק און גלייכצייטיק אים געגעבן אַן אָרדען פון דער „רויטער פאָן".

אָבער אין איין פינצטערער נאַכט — ווען זיין באַטאַליאָן האָט, צו־זאַמען מיטן גאַנצן קאָרפּוס, איבערגעלאָזט די פּאָזיציעס הינטער קאַניעוו און זיך אַ וואָרף געטון זיך פאַראייניקן מיט דער בריאַנסקער גרופּע — איז ער פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן ווי דורך אַ כשוף. קיינער האָט נישט געקענט דערקלערן אַזאַ פאַרדעכטיק נעלם ווערן. די סברא, אַז ער איז אַריבערגעלאָפן צום דייטש, האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל: קודם — אַ ייד! צווייטנס — אַ קאָמאַנדיר, אַן אָרדענטרעגער! זאָגן, אַז דער שונא האָט אים צוגעכאַפּט ווי אַ „צונג" האָט מען אויך נישט געקענט, ווייל גראָד אויף דעם פראָנט־אָפּשניט איז מען די לעצטע טעג נישט גע־קומען אין קאָנטאַקט מיטן שונא. אָט אַזוי איז דאָס טאַקע פאַר אַלעמען געבליבן אַ רעטעניש. אויף וויפל ס'איז אין יענער סיטואַציע געווען מעג־לעך — ווייל דער דייטש האָט דעם גאַנצן פראָנט געיאָגט אין האַלדז און נאַקן און איז אומאויפהערלעך געקראָכן אויפן קאָפּ — האָט מען געזוכט

---

* ווי אַ מענטש, וואָס מען האָט אַרויסגעשלעפּט דעם קישן פון אונטער אים. דאָ געמיינט: געמאַכט פאַר אויס בעל־משפּחה. פון דער גמרא.

און געגישטערט, דורכגעזופט די גאַנצע געגנט — אומזיסט און אומגישט! אויסגערונען געוואָרן!

...אפילו זײן שטענדיקער באַגלייטער — דער ביז גאָר צוגעבונדענער און איבערגעגעבענער אָרדינאַריעץ — אַראָן ראַדיעצקי, האָט אויך גאָר־נישט געקענט זאָגן וועגן דעם, וווהין זײן באַליבטער נאַטשאַלניק האָט גע־קענט אַהינקומען —

...און דער אומבערעכנגער פּון פּיל, פּיל יונגע, אומשולדיקע לעבנס האָט זיך אין אַ פינצטערער הייל געבאָדן אין זײן שוואַרצן בלוט —

דער „דן יחידי" — חק נתן ולא יעבור:

...שופך דם האדם, באדם דמו ישפך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער אַלטער רבֿ: ר׳ איצי גאָיסינסקי, אָדער ר׳ איצי האָראָדישטשער, האָט געלעבט און געלעבט און וואָלט נאָך אפשר איצט אויך געלעבט, ווען נישט היטלער... אין סאַמע אָנהייב פון דער מלחמה איז ער אַנטלאָפן קיין קאַניעוו צום זון. ווען די דייטשן האָבן פאַרסירט דעם דניעפּר, איז ער צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער ייִדן אַנטלאָפן אַראָפּ־וואַסער אויף אַ באַר־זשע. די דייטשע פליערס האָבן מיט זייערע רוצחישע שאַקאַלן־נעזער דער־שנאַפּט די באַרזשע און האָבן זי אָנגעהויבן צו באַשיסן פון פּוליעמיאָטן. אַלע די יעניקע, וועלכע זענען נישט געפאַלן טויט אויפן אָרט, האָבן זיך געוואָרפן אין וואַסער אַריין און איצי אויך. נישט מער — ייִנגערע מענטשן זענען נאָך טיילווייז צוגעשווומען צום ברעג, זיך מיט די לעצטע כוחות פאַרט דערקליבן, און ער — ווי קומט צו אים שווימען? ווען און ווו האָט ער זיך געקענט לערנען די מלאכה? אין מקוה איז שווער זיך אויסצולערנען שווימען, און חוץ ווי אין מקוה פלעגט אים אין קיין שום טייך נישט אויסקומען זיך צו באָדן. אָט אַזוי איז טאַקע פאַרבליבן אַ סוד: צי עס האָט אים געטראָפן אַ נאָכיאָגנדיקע קויל פון אַ דייטש, צי ער איז נאָך פריער דערטרונקען געוואָרן... דעם דאָזיקן סוד ווייסט נאָר גאָט און דער לויתן פונעם דניעפּר —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ביילקען, איצי גאָיסינסקיס אייניקל, האָט גאָר אָפּגעגליקט. זי האָט די שרעקלעכע מלחמה אפילו פאַר די אויגן נישט געזען. נאָך אין יאָר 1940, נאָך איר פאַרטיידיקן די דיסערטאַציעס אויף דאָקטאָר פון יורידי־שע און פילאָזאָפישע וויסנשאַפטן, האָט דער ניי באַשטימטער סאָוויעטישער קאָנסול, פאַר זײן ערשטן אָפּפאָר קיין אַמעריקע, זי מיטגענומען מיט זיך אַלס פּריוואַט־סעקרעטאַר. און כאָטש די קאָנסולן האָבן זיך שוין פון דאַ־מאָלסט אָן עטלעכע מאָל געביטן, שטייט זי נאָך אַלץ אויף דעם זעלבן פּאָסטן עד היום —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די פרויי שטערנבוך האָט שוין לאַנג פאַרענדיקט מיט איר הצלה־אַרבעט. די וואָס ס׳איז זיי געלונגען זיך אַרויסצוכאַפּן פונעם פּויליש־ן

„גן־עדן", דארפֿן שוין נישט איר הילף; די ווידער, וואָס האָבן דאָס נישט באַוויזן צו טון — צו זיי קען שוין נישט דערגרייכן איר הילף. פֿאַר זיי איז שוין דער ספּעקטאַקל פֿאַרענדיקט און דער פֿאָרהאַנג אַראָפּגעלאָזט... זי האָט אויסגעטון פֿון זיך די „מיניסטערסקע" טאָגע און איז צוריק גע־וואָרן אַ שטילע באַלעבאָסטע פֿאַר איר מאַן און קינדערלעך...

אין די אַמעריקאַנער יידישע הילפֿס־אָרגאַניזאַציעס דערמאָנט מען איר נאָמען מיט אַ יראת־הכבוד. דער לויבט מער איר פּיקחות, דער — איר פֿרומקייט, דער — איר אַרבעטסזאַמקייט, אָבער אלו ואלו מודים, אַז אַזעלכע מענטשן ווי זי און אַזאַ אומבאַגרעניצטן מסירת־נפֿש, ווי מען האָט געזען פֿון איר, דאָס איז נישט קיין מעשים בכל יום! אַזעלכעס קען טרעפֿן נאָר ביי כלו כל הקיצין...

אַזוי רעדן וועגן איר פֿרעמדע, ווייטע, וואָס קענען זי נאָר מפּי־השמועה; היינט, על אחת כמה וכמה, וואָס עס זאָגן שוין וועגן איר די פּליטים, וואָס זענען דורך אירע הענט געראַטעוועט געוואָרן — דערפֿון איז דאָך שוין אָפּגערעדט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די ראַדיעצקים מיט זייערע פּאַרוויסטע שוועגערינס קוקן נאָך אַלץ אַרויס אויף אַ נס, אַז עמעצער פֿון די פֿאַרלוירענע זאָל זיך אומקערן פֿון דער ווייטער וועלט. גאַנצע טעג איז מען פֿאַרטאַראַראַמט, יעדער איינער ביי זיין אַרבעט; פֿאַלט אָבער צו די נאַכט, מען באַגעגנט זיך ביי דער וועטשערע פֿון קאַרטאָפֿל אין די מונדירן מיט אַ טעלער קרופּניק, דאַן צערעדט מען זיך נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל: פֿון די ברידער, פֿון די אַזוי יונג־פֿאַרשניטענע מאַנען און מען פֿאַרגעסט אויך נישט צו דערמאָ־נען זייער עלטסטע שוועסטער יוכבד מיט שלמהן מיט זייערע ליבע קינ־דערלעך, וואָס האָבן זיך אויף הפֿקר אַוועקגעלאָזט למרחקים און ווער ווייסט, וווהין זייער געביין איז אַהינגעקומען? —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...פֿאָלי מיט מאַטווייען לעבן זיך דורך פֿונעם קלייטל גאַנץ נישקשה־דיק. דאָס עלטערע מיידעלע איז ביי זיי זייער אַ געראָטן קינד, זי באַווייזט צו זיין אומעטום: אין שול איז זי פֿון די בעסטע שילערינס; אין שטוב — די גאַנצע באַלעבאָסטע; אין קלייטל — אַ כוואַט אויף אַלצדינג: אויף עפּענען אַ זעקל צוקער; אויף אויסשטעלן די עקספּאָנאַטן פֿון דער סחורה אין דער וויטרינע, אַז עס זאָל ביי די קונים פֿאַרכאַפּן דאָס אויג, גלייך ווי דערביי וואָלט האָבן געאַרבעט אַ ספּעציעלער דעקאַראַטאָר; און אפֿילו אויף צו עפּענען אַ פֿאַס מיט זויערקרויט. און דערצו נאָך, אַז מען קומט אַהיים פֿונעם רינאָק, מוז זי צונויפֿשטעלן דעם פֿאָטער: די „סוואָדקעס" מיט די „אָפּרעכענונגען" מיט די „דעקאַדקעס" מיט די „אויספּילונגען פֿו־נעם פּלאַן", ווייל די מוטער, אַז זי פֿאַלט אַריין אין שטוב אַריין, איז זי טויט־מיד, און דער פֿאָטער אַליין מחילה, איז שטאַרק געכאַפּט אויף דער „עברי" —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אווראם טולטשינסקי האָט שוין צוויי קינדערלעך און לעבט גליק־לעך אין בודאפּעסט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...זיין יינגערער ברודער: ניומא, איז נאָך תחילת־קריג געהרגעט גע־וואָרן אין וואָראָניעזש —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...סאָנקע טולטשינסקי האָט נאָך פאַר דער קריג געהאַט אַ צווילינג, צוויי יינגעלעך, אוןביידע זענען אין דער עוואַקואַציע געשטאָרבן פון די־זענטעריע. איצט וווינט זי מיט איר מאַן, דעם עלעקטראָ־טעכניקער, אין טשערנאָוויץ און קיין קינדער האָבן זיי דערווייל מער נישט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דאָס עלטערע פּאָרפּאָלק: יאַני מיט אסתרן, האָבן אויף יעווּבאַז עפּעס אַ מין שטיקל קלייטל פון צעלניק. טרעפט אַן אומעטיקער בין־השמשות, דערמאָנט זיך דאָס פּאָרפּאָלק אין כמעלניק; אין זייערע צוויי מילן; אין דעם, ווי אַזוי שלמה אפרים־אהרונס פּלעגט, שוין אין קיעוו, אָפּשלאָגן ביי זיי די שוועל; נאָכגיין פּאָלין ווי אַ שאָטן, איבערטראָגן פון איר חרפות און בזיונות און חבוט־הקבר און וואָס נישט? און דאָך נישט אויפהערן נאָכצוגיין...

יאַני פאַרלירט אַ שווערע טרער. יאָושדיק גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט:

— הכל הבל... וויפל איז דען נאָך אין גאַנצן געבליבן ביזן גרוב? ביז דעם „וישם לדרך פעמיו״? *

פון נאָך ניומעס טויט — קפצה עליהם זקנה, און באַזונדערס — אויף יאַנין! ער זעט אויס שטאָק־אַלט, גרוי ווי אַ טויב און דאָס גאַנצע פּנים אין קנייטשן. יעדן טאָג, פאַרן לייגן זיך שלאָפן, לערנט ער אָפּ מתוך כובד־ראש צוויי פּרקים משניות: איינעם אויף אות נ׳ — נאָך זיין אומ־געקומענעם זון נחום, און דעם צווייטן אויף אות י׳ — נאָך זיך אַליין —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...זעליק פייגנבוים האָט שוין דווקא אין די מלחמה־יאָרן באַקומען קיילעכדיקע צען יאָר און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף סיביר —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די עלטסטע טאָכטער פייגנבוים — פּערל — וווינט מיט איר מאַן און קינדער אין פּאַריז. ביידע אַרבעטן זיי אויף אַ טריקאָטאַזש־מאַשין; זיי באַקומען נאָך לעת־עתה די דזשאָינט תמיכה, און גייען אָפּט אויפן אייפל־טורעם קוקן: „צי זעט מען נאָך טאַקע אַלץ נישט אַרויס דעם ברעג פון ארץ־ישראל״? —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* געמיינט: דער טויט, ווען מען שרייט פאַר דער „מטה״ דעם דאָזיקן פּסוק פון תהילים.

...די מיטלסטע טאָכטער פייגנבוים — מלכה — איז פון דער קריג איבערגעבליבן אַן אלמנה און געפינט זיך מיט די עלטערן און מיט איר ברודער ניסן, אין דער רעזידענץ פון טשעביע, אין פּראָג —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ניסן פייגנבוים איז אַן אמתער בן יכבד אב. ער לאָזט דעם אַלטן פּאָטער נישט אויפהייבן קיין שטרויעלע פון דער ערד. ער פּארלויפּט מלכהן אַלע וועגן. ער לייגט אוועק אַלע כוחות, אַז די מוטער זאָל וואָס ווייניקער פילן דאָס אויספעלן פון טאַנין לעבן איר קראַנקן בעט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער פּאָטער זייערער, ר׳ אברהם, איז שטאַרק געעלטערט געוואָרן און גייט איינגעבויגן ווי אַ דאַלעד. ער איז שוין טאַקע אויך אַ זקן מופלג און חוץ דעם — צרות קענען איינבייגן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די איידעלע פרוי פייגנבוים — נישט קוקנדיק אויף די אוממענטשלעכע ליידן, וואָס זי האָט איבערגעטראָגן; אויף איובס צרות, וואָס האָבן זי באַלעגערט — זעט נאָך אַלץ אויס יונג אויפן פּנים. זי רירט שוין אפילו צו ביסלעך מיט דער רעכטער האַנט און מען זאָגט איר גאָר צו, אַז אין פּאַריז, — ווּהין זיי קלייבן זיך פאָרן — אין ראָטשילדס שפּיטאָל, וועט מען זי נאָך אין גאַנצן שטעלן אויף די פיס. אָבער פון דעסט וועגן ליגן אויף איר שטערן דריי טיפע, טיפע קנייטשן, גלייך ווי מען וואָלט זיך דאָרט דורכגעפאָרן מיט אַ טראַקטאָר און איבערגעלאָזט לזכרון אַ רייזיקע „שלשלת". יעדער קנייטש האָט זיך זיין טרויעריקן „ויהי בימי"; זיין אומגליקלעכן „אלה תולדות": איינער האָט זיך אוועקגעלייגט עפּעס ווי אַ מין קריעה־רים נאָך איר מיטעלן איידעם; דער צווייטער — נאָך איר עלטערן זון — זעליק; און דער דריטער — נאָך איר ליבהאַרציקער, אויף אייביק אומפאַרגעסלעכער טאַנקען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...טאַני האָט אין איר לעצטן בריוו צו די עלטערן געשריבן:

— „פאָרט, פאָרט מיינע ליבע, פאָרט ווּהין די דאָקטוירים שיקן אייך... פאָרט און גאָט זאָל זיין מיט אייך, ווּהין איר וועט אָנקומען... דער קוראָרט זאָל אייך ווויל באַקומען. גלייכט זיך דאָרט אויס די ביינער פאַר אַלע יאָרן. עס זאָל אייך אויף קיין איין מינוט נישט אָפּהאַלטן מיין איבערבלייבן דאָ. די השגחה וויל אַזוי... קענען גאָט קען מען נישט גיין... כאָטש ס׳איז מיר שוין נישט קיין סך געבליבן צו זיצן, אָבער איך בין נישט זיכער, אַז מען וועט מיך אָפּלאָזן צום טערמין, און אפילו — צי מען וועט מיך בכלל אַ מאָל אָפּלאָזן... און אויב יאָ, איז דאָך אודאי גוט! וועט דאָך זיין יום־טוב אויף מיין גאַס... איי, דאָס וואָס איך בלייב דאָ איבער עלנט? בלייבט דאָך גאָרדאָן אויך ערגעץ. אפשר וועט ער נאָך אַ מאָל ארויסגיין... אפשר וועל איך נאָך אַ מאָל ארויסגיין... אפשר וועלן מיר זיך נאָך אַ מאָל באַגעגענען... דאַן... צוזאַמען וועלן מיר נישט זיין

אזוי עלנט... פאַר מיר קלערט נישט איבער, מיר איז דאָ גאַנץ גוט... איך אַרבעט... נישט שווער... עס הייסט: נישט זייער שווער... מיינע געדאַנ־קען זענען אויך שטענדיק פאַרנומען — איך טראַכט כסדר וועגן אייך... טאַמער באַגעגנט איר זיך ערגעץ מיט יוכבדס מאַן, ווינטשט אים אין מיין נאָמען אַ גליקלעכע רייזע... ער האָט טאַקע זוכה געווען... נישט יעדער האָט אַזוי פאַרדינט ביי גאָט, ווי ער" —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

די לא חמימא ולא קרירא'דיקע, האַרבסטיקע זון האָט שוין לאַנג אײ־בערגעגעבן די ממשלה איבער דעם כדור־העולם דער אייזקאַלטער, „ידי מסולקת'דיקער" לבנה, און די לבנה האָט דעם שרביט־הזהב שוין לאַנג צו־ריק איבערגעגעבן דער אויסגעשלאָפענער זון און דער ים, — דער ים הגדול, דער ים האחרון — האָט שלמהן נישט אויפגעהערט צו זינגען זיין אייביק ליד —

...על מעשי בני־אדם ועל מחשבותם...

דאָס ליד גייט מחיל אל חיל; כפעם בפעם ווערט עס נאָך מעכטיקער און נאָך דורכדרינגענדיקער... עס קלינגט אים שוין דערפון אין די אוי־ערן, אין האַרצן און אומעטום... דער גאַנצער יש זיינער איז איצט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ רשות־הרבים — איש כל הישר בעיניו יעשה... אנשים נשים וטף — כלם כאחד עוברין לפניו כבני־מרון... בקדושה ובטהרה בשירה ובזמרה... דאָס ליד איז איבערגעגאַנגען אין אַ מחזה, אין אַ זעאונג — ער איז איצט אין דער מדרגה פון: שומע את הנראה ורואה את הנשמע; ער איז איצט אין דער בחינה פון אַ „גלוי־עינים"...

שלמה קוקט און זעט און פאַרשטייט וואָס ער זעט און פאַרשטייט נאָך מער פון דעם וואָס ער זעט, ווייל ער איז איצט אין דער בחינה פון אַ דורש כתרי־אותיות... פון אַ מבין דבר מתוך דבר... אחת דבר אלהים — שתים זו שמעתי... ער זעט אַלץ אַזוי קלאָר און אַזוי דייטלעך, ווי עמעצער וואָלט פאַר אים האָבן אויסגעשפּרייט אויפן ים גווילים מיט קונטרסים, מגילות־סתרים עד אין מספר, ווו אין יעדן אויפשריפט איז מגולה אַ טפח און מכוסה טפחים... ווו אַלץ איז טמיר ונעלם... ער לייענט געגנוי יעדן איינעמס גורל און יעדן איינעמס „אחרית־הימים": הן בעבר, הן בעתיד; הן בעלמא הדין, הן בעלמא דאתי...

*

טעג האָבן זיך געכוואַליעט, נעכט האָבן זיך געשיפט... אין די פרי־מאָרגנס איז דער ים כסדר געווען דורכזיכטיק גרין, ווי דער זאַפט פון אַ לימאָן; אין די בייטאָגן האָט ער אין זיך אָפּגעשפּיגלט מילי מיליאָסן זונ־נען, אַזוי אַז קיין איינגענעם קאָליר האָט ער דאַמאָלסט כלל נישט געהאַט; פון די פריע פאַרנאַכטן ביז אין די טיפע בין־השמשות'ן פלעגט די מראה

פונעם ים האַלטן אין איין נשתנה ווערן, הלוך מגוון אַל גוון ביז ער פּלעגט פון העל־בלוי איבערגיין אין טונקל וויאָלעט; און אין די טיפע נעכט — שוואַרץ ווי טינט און געדיכט ווי סמאָלע.

גייט אַריין דער אלוהי הרוחות אין גרימצאָרן — ווערט אַ נחשול בים; גייט אַוועק פון אים דער צאָרן — ויעמוד הים מזעפו... גיט אַ שטאָ־קיק ווינטל אַ פּאַך מיט זיין בייטשל איבערן ים־פּלאַך, געבן זיך אַ כאַפּ־אויף די כוואַליעס מיט זייערע זילבערנע שרונטן; געבן זיך אַ שטעק אַרויס פונעם אָפּגרונט אָן אַ שיעור שלענגען־פּיסקלעך. כוואַליעס פון רעכטס פּאָרן אַרויף אויף כוואַליעס פון לינקס, וואַלגערן זיך אָן אויף רוקנס, אויף האָרבן, ציען זיך אויס צום הימל די שאַרפע באַוואָנסעטע כוואַליעס־פּיסקלעך; פאַרשפּיצן זיך די קרייזעלעך אַרום די בלישטשענדיקע שרונטן; און ווען דאָס פאַרקנסטע פּאָרל כוואַליעס טאַנצט אונטער אין דער לופטן: קדוש, קדוש, קדוש, און וואַרפט פון זיך אָפּ אַ זילבער־וויים מסוה׳לע — משום עין־הרע — דאַכט זיך אויס: אַ קהל רב פון אומגעזעענע מתפללים פאַרוואַרפן אויפן קאָפּ זייערע באַעטרה׳טע טליתימלעך און מאַכן די ברכה בקול רם: להתעטף בציצית... יעדער בוצקע פון צוויי פּרעמדע כוואַליעס וואַרפט פון זיך אַרויס אַ טליתל; יעדער טליתל — אור זרוע... כזרע גד לבן... און צוזאַמען מיטן טליתל — אַ וווּנדערלעכע זריקה: אחת למעלה, שלשה למטה ושבע לצדדין... נאָך אַ צוזאַמענשטויס פון פּרעמדע כוואַ־ליעס, ווידער אַ פּאַנטאַן מיט אַ רעגנבויגנדיקן באַלדאַכין; ווידער אַ זריקה נפלאה און מען זעט באַשיינפּערלעך, אַז —

...לא היה מתכון להזות לא למעלה ולא למטה אלא כמצליף...

און דער גאַנצער שטח פונעם ים איז פאַרזייט מיט אָט די זריקות, וואָס געבוירן טליתימלעך... קוקט מען דערויף און די שטימונג איז אַ פרידלעכע, דאַכט זיך אויס: מען שטייט אויף אַ פעלד אויף וועלכן עס בליען אָן אַ שיעור כמהין ופטריות... זיי רייסן זיך צו דער זון, נאָר זיי גליטשן זיך אויס... טאָמער אָבער שטייט הינטער די פּלייצעס דער נעכ־טיקער מלחמה־קאָשמאַר, דאַן זעט מען אויפן ים גאָר אַן אַנדער בילד: צענער טויזנטער פאַראַשוטן... אָן אַ צאָל אויפרייסן... און די וואַסער בערג־לעך — ברודער־קברים... דער גאַנצער אומענדלעכער שטח — איין שלאַכט־פעלד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די שיף שניידט די כוואַליעס מתוך כובד־ראש, מתוך כריעות והשתחויות, כהלכות גוברין יהודאין, ווען זיי זענען זיך טובל פאַר דעם יום־הדין. פאַר שלמהס אויגן שוועבן אַלץ מחנות, מחנות מיט פּנימער; פּיצלעך געשעענישן; שפּליטערלעך און זעמדעלעך פון הונדערטער לעבנס; פאַרשידענע תכליתים פון הייזער און פון מענטשן, פון משפחות און פון שטעט —

# קאפיטל LX

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו קלייבן צוריק אין איר נרתיק* אריין, ווען דער אָנפירער פון דער שיף, דער „שליח מיוחד", האָט גע־מאָלדן די עולים, אַז די ברעגן פונעם לאַנד זענען שוין דווקא זייער נאָ־ענט, נאָר זיי וועלן פּעטליען אויפן ים אַהין און צוריק ביז שפּעט אין דער נאַכט, כדי אויסצופּרוּוון דאָס מזל: אפשר וועט זיך זיי איינגעבן זיך אריינ־צושמוגלען אין לאַנד אריין אומבאַמערקט פון די ביטערע ענגלענדער, די „בעווינצעס". ווען מען פאַרשפּאָרן גולה צו זיין קיין ציפּערן. די „הגנה" — האָט ער פאַרענדיקט — האָט איבערגעגעבן דורכן ראַדיאָ, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג... מען וואַרט אויף זיי...

ביי יעדן איינעם האָט דאָס האַרץ האַסטיק געקלאַפּט ביי אָט די שרעקלעך־זיסע ווערטער:

...„ברעג"... „לאַנד"... „הגנה"...

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ביי דער פאַררעטערישער שיין פון אַ שמאָלן לבנה־סערפּ און עטלעכע קינזשאַלנע שטערנדלעך, האָט זיך די שיף שטיל און פּאַמעלעך דערנעענטערט צו אַ משונה־פלאַכער וויברירנדיקער מאַסע, וואָס איז געווען ספּעציעל — אָדער צופעליק — פאַרטונקלט. ווען אין דער לויזער, בין־השמשותדיקער טונקלקייט האָבן זיך אָנגעהויבן אויס־צושיילן נישט דייטלעכע קאָנטורן פון דער יבשה, האָט שלמה מיט ביידע הענט זיך צוגעהאַלטן דאָס האַרץ, אַז עס זאָל נישט אַרויסשפּרינגען פאַר פרייד. עס האָבן זיך אים אין יענער מינוט גראָד דערמאָנט די באַקאַנטע ווערטער, וואָס דער העלד ביי ראַבינדראַ נאַט טאַגאָרע, זאָגט צו זיין גע־ליבטער:

— מיין טייערע! ווען איך וואָלט פאַרמאָגט צען טויזנט הערצער, וואָלט איך זיי דיר אַלע אַוועקגעגעבן, אָבער אַזוי ווי איך פאַרמאָג נאָר איינס, טאָ נעם זשע עס צען טויזנט מאָל...

שלמהס ליפּן שעפּטשען ברחש סולד: **

— רבונו של עולם! גאָט פון ר' יהודה הלוי און פון אַלע בענקענ־דיקע נאָך ציון! קוים איז שוין דיין ווילן אַזוי געווען, אַז איך, שלמה בן צפורה פון פּיאַטער, — אחד מני אלף אלפים פון די אסירי־ציון, וואָס שמאַכטן אין רוסלאַנד, און הויכן אויס זייערע הייליקע נשמות בענקענ־דיק נאָך אונדזער לאַנד — זאָל יאָ זוכה זיין צו באַטרעטן דיין אויסדער־וויילטע ערד, טאָ העלף זשע מיר, אַז איך זאָל קענען זיין אַ כלי־שלמה אויף אויפצונעמען די גרויסע ליבע, וואָס שטראָמט אין מיין האַרץ אריין פון יענעם געגאַרטן ברעג; איך זאָל קענען סובל זיין און סופג זיין אין

---

* אַ שיידל, אַ פּושקעלע, ביי דער זון — „פּוטערפּאַס".

** כמו: אין עקסטאַז פון געבעט, מיט הייליקער התפּעלות.

זיך אַלע דיינע טייערע אוצרות, וואָס ליגן באַהאַלטן אין דעם געטלעכן וואָרט: ארץ־ישראל —

קוים־קוים, וואָס מען האָט צוגעשלייכט, כמעט גלייכצייטיק ווי די מאַשינען, אין בויך פון דער שיף, האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער טראַפּ.* ערשט דאָ האָט דער עולם דערזען, וואָס עס איז אַזוינס די באַוועגלעכע מאַסע, וועלכע זיי האָבן נאָך אויף דער שיף באַמערקט: שטילע ווי אין אַ חלום, האָבן זיך אויף דער סמאַלע־שוואַרצער גלאַטקייט פונעם ים געהוידעט אָן אַ שיעור שיפלעך. תוך כדי דיבור האָבן זיך אויף דער שיף אַרויף אַ שאָט געטון יונגע, געזונטע חברה־לייט, מיט ברוינע פּנימער ווי ביי די בוכאַרישע ייִדן. זיי האָבן שטיל געדריקט די הענט פון די אָנגעקומענע, גענומען זייערע פּעקלעך און זיי רירעוודיק און פאַרזיכטיק געטראָגן אין די שיפלעך אַריין. כהרף עין, ממש ווי דורך אַ כישוף, איז די שיף אויסגעליידיקט געוואָרן פון איר לעבעדי־קער קאָנטראַבאַנדע. אַ הויך וואָרט אויסרעדן האָט מען נישט געלאָזט; אויף קיין פראַגן האָט מען נישט געענטפערט, נאָר אַלץ איינס האָבן די עולים געשוויגן דערשיטערטע און פייערלעכע. יעדער איינער באַזונדער האָט מיט זיין גאַנצן מהות און מיט זיין גאַנצער נשמה געפילט און טיף איבערגעלעבט די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער מינוט אין זיין לעבן. די שיפלעך זענען אָנגעלאָדן געוואָרן און דער פרישער עולם איז דורך גע־היימע הענט שטיל צעפירט געוואָרן איבער פאַרשידענע הייזער און אויף פאַרשידענע גאַסן.

ווייניקער ווי אין אַ שעה אַרום איז די אויסגעליידיקטע שיף צערונען געוואָרן אין דעם נאַכטיקן נעפּל ווי אַ דמיון און די ברעג־כוואַליעס האָבן געטריי פאַרוואַשן יעדן שפּור פון דער האַרצרייסנדיקער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דאָ ערשט אָפּגעשפּילט ביי דער שוואַכער לבנה־שיין. נאָר די ני־דעריקע גראָזן, וואָס וואַקסן נישט ווייט פונעם ברעג, האָבן זיך סודותפול געשעפּטשעט וועגן דעם ערשט געזעענעם, ווי אַזוי אייגענע קינדער האָבן זיך בסוד־סודות קוים אַריינגעגנבעט צו זייער מוטער אין הויז אַריין...

אין דער סוף־נאַכטיקער טונקלקייט און מחמת גרויס איילעניש האָט מען די „בני־משה" צעשיידט.

אין אַ לאַנגן, נישט־אָנגעגלאָזטן קאָרידאָר זענען אַריינגעבראַכט גע־וואָרן: שלמה, יוכבד, עובדיה און סעסיל פּעטראָוונאַ. פון די קינדער זע־נען אַ טייל געוועזן מיט זיי, און אַ טייל מיט די איבעריקע דערוואַקסענע מיטגלידער פון דער חבריא. יונגע פרויען, וואָס זייערע פּנימער איז אי־בער דער געדיכט געוואָרענער טונקלקייט אוממעגלעך געווען צו זען, האָבן אַריינגעבראַכט פרישע חלות מיט וואַרעמער מילך און האָבן געזאָגט: „לילה טוב". די חברים זייערע האָבן געזאָגט: „שלום" און „עד הבוקר".

* דאָס בריקל, אויף וועלכן די פּאַסאַזשירן גייען אַראָפּ פון דער שיף.

קיין ליכט פאַר די אורחים האָט מען נישט אָנגעצונדן — דאָס האָט מען נישט געטאָרט! — און אַלץ איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן.

שעפּטשנדיק אויפן אויער האָט עמעצער עמעצן אַ פּליסטער געטון:

— ...הייסט עס, ווו געפינען מיר זיך איצט? אַך! עס גלייבט זיך אַזש נישט!

די אויסגעמאַטערטע פּאַרשוינען האָבן זיך צוגעלייגט אויף דער פּאַשע און אויף דער שטרוי, וואָס איז אויף דער ערד געווען אויסגעשפּרייט פאַר זייערע וועגן, זיי האָבן זיך צוגעדעקט מיט די אָנגעגרייטע רעדנעס און האָבן מיט הנאה אויסגעצויגן די צעבראָכענע ביינער. עס האָט גענומען אַ היפּש שטיקל צייט, ביז שלמה האָט זיך איבערצייגט, אַז זיינע חברים שלאָפן שוין. דאַן — פּאַרזיכטיק־פּאַרזיכטיק, כדי נישט אויפצוּוועקן די שלאָפנדיקע — האָט שלמה זיך אַרויסגעשאַרט פונעם קאָרידאָר אויף די שפּיץ פינגער. ער איז מיט קעציש טריט אַרויסגעגאַנגען פונעם קאָרידאָר־טירל, איז אַראָפּגעגאַנגען פון עטלעכע טרעפּלעך, האָט דורכגעשניטן אין אַלכסון אַ לאַנגן הויף און איז אַריינגעקומען אין אַ שיטער גערטנדל, איבער וועלכן עס איז משופּעדיק געהאַנגען דאָס שפּעטע לבנה־רייפל. ער האָט זיך מיט ציטערנדיקע קניעס אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, האָט אָנגענומען אַ זשמעניע מיט זאַמד, זי צעריבן אין די דלאָניעס, ווי מען טוט מיט בשמים איידער מען מאַכט אויף זיי אַ ברכה, און האָט אַ שמעק געטון —

— יאָ! דאָס זאַמד האָט געשמעקט מיט ארץ־ישראל...

דאַן האָט ער זיך אין זיין גאַנצער לענג אויסגעצויגן אויף דער ערד, מיט די נעגל האָט ער אויסגעגראַבלט אַ גריבל און האָט אין דעם אַריינגעלייגט דאָס פּנים. זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן האָבן געקושט די שוואַרצע פייכטע מאַסע און האָבן פון זיך אַליין פיבערדיק געשעפּטשעט:

— ציון... ציון... כי בחר ד׳ בציון... אוהב ד׳ שערי ציון... כרמל... ירדן... חברון... כותל מערבי... טבריה... צפת... קבר רחל... ציון, ציון — הלא תשאלי לשלום אסיריך!

אינעם מויל האָט זיך אָנגענומען ערד, נאָר ער האָט אין איר געפילט אַ טעם פון האָניק... טעם גן־עדן... מעין עולם־הבא...

ער האָט אויפגעהויבן צום הימל זיין משונה־בלייך פּנים מיט די אונטערגעשוואָלענע אויגן פון וויינען און האָט שטיל געשעפּטשעט:

— לבנה, לבנה... פרעג דאָרט ביים כסא־הכבוד: אַ שטייגער, וואָס האָט דעם בורא־עולם געאַרט, ווען איך זאָל געווען קומען אַהער צו אַ יונגער, אַ געזונטער, מיט פרישע כוחות, נישט ווי איך בין איצט געקומען: אַ צעבראָכענער, אַן אויסגעמאַרכעוועטער, מיט העכער זיבן און דרייסיק יאָר אויף די פּלייצעס... צו וואָס טויג איך שוין איצט? וואָס קען איך שוין אַצינד אויפטון?

ער האָט אַלץ שטאַרקער זיך געטרייסלט פון געוויין:

— לבנה טייערע! לבנה ארץ־ישראלדיקע! וואַרט, פרעג נאָך נישט! דאָס איז נאָך ווייט נישט אַלץ! דאָס איז ערשט אַ טיפה מן הים... און וויפל טייערע נפשות זענען דאָרט נאָך געבליבן? יוסף, טאַני, מנשה, שמעון, זעליק... און נאָך הונדערטער און טויזנטער... און אפשר צענדליקער טויזנטער... ווען וועלן זיי שוין קומען אַהער זיך דערקוויקן מיט דיין ערד? מיט דער זיסער, זיסער, ציונס ערד?...

שלמה האָט זיך געוואָרגן מיט זיינע רייד, זיין פליסטער איז אַריבערגעגאַנגען אין אַ כאָרכלעניש:

— ...דער מרא דחושבנא האָט זיך איצט אַליין געשטעלט צום צעטל... דער „מלך־עליון" איז אַצינד געוואָרן אַ „מלך־אביון"... די „עידית" האָט ער אָפּגעשיקט לעזאזל, און ביי די „זיבורית" טוט ער תשובה... מיט וועמען איז ער דאָ פאַרבליבן? מיט וועמען גייט ער צום טיש און וואָס וועט ער שוין מיט זיי אויפטון?

און פּלוצלינג דאַכט זיך שלמהן אויס, אַז צווישן די שטערן, וואָס זענען צעשטעלט אַרום דער לבנה רודערט זיך עפּעס: אָט לויפן זיי... אָט שטעלן זיי זיך אויס זה בתר זה, און אָט ווערן אין איין הרף־עין געבוירן שטערנדיקע אותיות, און פון די שטערנדיקע אותיות — שטערנדיקע ווערטער און שטערנדיקע שורות... און פלאַטערנדיק מיט אַלע אברים לייענט ער דעם ענטפער פון „דאָרטן" אויף זיינע טענות ומענות —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...הקדוש ברוך הוא בורא עולמות ומחריבן...

...מחריב עולמות ובוראן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אני ד׳ לא שניתי —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די לבנה האָט מאַיעסטעטיש געשפּאַצירט איבער דעם טיף־בלויען הימל. שלמה איז איר נאָכגעקראָכן איבערן גאָרטן ווי אַ וואָרעם... ער האָט געפּויזעט אויף אַלע פיר וויינענדיק און רעדנדיק... ער איז צוגעקראָכן צו אַ בוים, האָט אים שטאַרק אַרומגענומען, אַריינגעשטעקט די ציין אין דער קאָרע און... און האָט אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון פאַרגעניגן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ צייט אַרום האָט זיך פון ערגעץ גאָר נישט ווייט דערטראָגן אַ קול פון אַ פרוי. פריער שטיל, דערנאָך אַלץ העכער און העכער:

— שלמה... שלמה...

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן —

ערגעץ ווייט, אין דער נידער, האָט דער ים בלי הרף געזונגען זיין אייביק ליד. אויף זיינע ברייטע פלייצעס שיפן זיך דורך: תחיה וכליון, כליון ותחיה, און ער מאַכט זיך שטענדיק כלא ידע און זינגט זיך זיין מזמור בלי הרף... בלי הפסק...

ווידער האָבן אים גענומען רופן פרויען־קולות, איצט שוין צוויי מיט א מאָל: יוכבד מיט איר ביי־קול און סעסיל פּעטראָוונאַ מיט איר טיפער, ברוסטיקער שטימע:

— שלמה! שלמה!

— ווו ביסטו ערגעץ — שלמה?

— שלמה, רוף זיך אָן — של—מה!

נאָר אויך דאָס מאָל האָט זיי קיינער נישט געענטפערט.

א קורצער עכאָ האָט זיך זיי א קרום־נאָך געטון און די הייליקע, ארץ־ישראלדיקע נאַכט, א פולע מיט מסתורין משש ימי־בראשית און מיט רזין דרזין „שמאחורי־הפרגוד”, האָט זיך ווידער איינגעהילט אין דער הרת־עולמדיקער שטילקייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...שלמה איז געלעגן אין א כלות־הנפשדיקן חלשות —

ענדע פון צענטן און לעצטן באַנד

דער ראָמאַן „די אויסגעבענקטע היים" איז דער צענטער פון א ציקל פון צען בענדער, וואָס קומען ארויס אונטערן קעפּל:

„א זעקסטער וועלט־טייל".

די נעמען פון די בענדער זענען:

ערשטער באַנד — פאַראומערטע קינדהייט (348 זייטן)

צווייטער באַנד — קליינע שפּאַן אין א גרויסער שטאָט (376 זייטן)

דריטער באַנד — א צעטריבענע סטאַדע (424 זייטן)

פערטער באַנד — פאַרלאָשענע שייטערס (352 זייטן)

פינפטער באַנד — א גרוס פון יענער וועלט (356 זייטן)

זעקסטער באַנד — א פאַרגעסענע טובה (372 זייטן)

זיבעטער באַנד — דער לעצטער פּרווו (592 זייטן)

אכטער באַנד — א פאַרשפּעטיקטע חרטה (476 זייטן)

ניינטער באַנד — דם ואש ותמרות עשן (604 זייטן)

צענטער באַנד — די אויסגעבענקטע היים (754 זייטן)